

MAJOR FUNDING FOR THE
YIZKOR BOOK PROJECT WAS PROVIDED BY:

*Harry and Lillian Freedman Fund*
*David and Barbara B. Hirschhorn Foundation*
*David and Barbara Margulies*
*The Nash Family Foundation*
*Harris Rosen*
*David and Sylvia Steiner*
*Ruth Taubman*



*Original publication data*

| | |
|---|---|
| TITLE | Pinkes Hrubyeshov : tsum 20-tn yortog nakh dem groyzamen ḥurbn fun unzder geyezener heym / redagirt, Barukh Kaplinski. |
| IMPRINT | 880-02 Tel Aviv : Irgun Yots'e Hrubyeshov in Yisroel un in di fareynikte shtaten, 722 [1962] |
| DESCRIPT | 812 columns, xviii p. : ill., maps ; 34 cm. |
| SUBJECT | Jews -- Poland -- Hrubieszów.<br>Hrubieszów (Poland) -- Ethnic relations.<br>Holocaust, Jewish (1939-1945) -- Poland -- Hrubieszów. |
| ADD'L NAME | Kaplinski, Baruch. |
| ADD'L TITLE | Pinkas Hrubieshov : memorial to a Jewish community in Poland |

THIS BOOK MEETS A.N.S.I. STANDARDS FOR
PAPER PERMANENCE AND LIBRARY BINDING.

PRINTED IN THE U.S.A.

# פנקס-קאמיטעט אין ישראל

מאיר האפמאן
מרדכי הורביץ
העלמאן וואקערמאן
בליומע וואסער
ברוך יאנאווער
יעקב כהן
שמריהו מינץ
משה מאסקאַל

יוסף עפשטיין
צבי פאכטער
משה ציגעל
אברהם צימערמאן
חיים קליגער
יוסף שווארץ
אפרים שטיך

# פנקס קאמיטעט אין די פאראייניקטע שטאטן

הרב אברהם ווערטהיים
בעני קופער
טשארל פאכטער
יחזקאל קארן
מארים קראקאווער
צינע אויל
אליעזר גאלדבערג
שפרה האסטיג
אליהו היידנבליט
יהושע זאמער
אליהו זילבערבלער
חיים זעלצער
יעקב טשעכאוויטש

ראובן כץ
ישראל לאנדאו
יצחק קאם
אברהם קאם
חנה קאם
נתן קאם
מאקס קנאל
יעקב ראזענבלאט
יצחק שאפעל
מנוחה שטונדעל
פנחס שטונדעל
הארי שניידער

# פנקס קאמיטעט איז מעקסיקע

יצחק אייזן
א. מ. גאָלדהאַבער
גיטל גאָלדמאַן
שרה גאָלדפעדער
מלכה גרין
שפרינצע גרין
בן-ציון היידענבליט
נח וואַקסמאַן
צירל יאפע

אליהו פאכטער
הינדע פירשט קליינבוים
אברהם צימעט
הערש צימעט
חנה צימעט
ישראל צימעט
משה צימעט
יואל קאם
ד"ר ב. ראטניעווסקי

# פנקס הרוביעשאוו

## צום 20־טן יארטאג נאך דעם גרויזאמען חורבן פון אונזער געוועזענער היים

רעדאגירט: ברוך קאפלינסקי

ארויסגעגעבן דורך דעם ארגון יוצאי הרוביעשאוו אין ישראל און אין די פאריייניקטע שטאטן
מיט דער הילף פון די הרוביעשאווער לאנדסמאנשאפטן אין גאר דער וועלט

תשכ"ב • תל־אביב • 1962

# רשימה פון די פרקים אין פנקס הרוביעשאָוו

# פנקס הרובישוב

## למלאות 20 שנה לחורבן
## עיר הולדתנו

עורך: ברוך קפלינסקי

בהוצאת ארגון יוצאי הרובישוב בישראל ובארצות־הברית
ובהשתתפות בני עירנו בכל התפוצות
תשכ"ב • תל־אביב • 1962

# אַריינפיר

## 1962

צוואַנציק יאָר נאָכן חורבן פון יידישן הרוביעשאָוו און די ווונד איז נאָך נישט פאַרהיילט. ס׳ווייטיקט ס׳האַרץ און ס׳בלוטיקט דאָס געמיט. און קיין טרייסט איז נישטאָ.

די שטאָט הרוביעשאָוו לעבט, אַרבעט, ווייַלט זיך און פרייט זיך. מן הסתם, שלייכן נאָך אירע קאַיאַקן מיט יוגנטלעכע אויף די וואַסערן פון דער הוטשווע, כדי בייצוזיין די רעשיקע באַגעגעניש מיטן בוג. מן הסתם, טרעפן זיך פוילישע מיידלעך מיט בחורים אין בראַדיצער וועלדל, עסן סמעטענע און אָטעמען אַריין פרישע סאָסנע־ריחות.

און אונזער יוגנט, ווו איז זי?

ווו זיינען אונזערע משהלעך און שלמהלעך איין און אָן קאַשקעטקעלעך און קאַפּאָטקעלעך, מיט די לעבעדיקע מאַנדל־אויגעלעך, ווו זיינען זיי, די טייערע קינדערלעך? אַך, ווען מען קען זיי נאָך היינט זאָגן: אַ געזונט אייך אין אייערע, יידישע, קלוגע קעפּעלעך!

און ווו זיינען די עלטערע יוגנטלעכע? די, וואָס זיצן אין אלקיר און ציען אַ חסידישן ניגון און די וואָס פאָרן אויף הכשרה, האַקן האָלץ, זעגן קלעצער, שלעפּן משאות און וואַרטן מיט אומגעדולד אויף אַ סערטיפיקאַט פון א״י־אַמט?

אַך, היינט וואָלטן זיי דאָך אויף דעם נישט געדאַרפט וואַרטן.

איז עס מעגלעך, אַז אין הרוביעשאָוו טאַנצט מען מער נישט קיין הוירא, מען זינגט נישט „עוד לא אבדה״ און מען וואַרט נישט מער אויף קיין שליח פון קיבוץ?

און ווו זיינען די חסידישע יידן, די גרויסע לומדים, די פייערדיקע קעפּ, די וואָס טיילן קוויטלעך, פּראַווען שלוש־סעודות, און פילן אָן אַלע בתי־מדרשים, שולן און שטיבלעך?

איז עס מעגלעך, אַז זיי אַלע זיינען נישטאָ? אַז זיי קוקן צו אונז נישט אַרויס פון דער שול־גאַס מיט אירע שולן, בתי־מדרשים, חדרים און תלמוד־תורות? איז עס צו גלויבן, אַז אין טריסקער שטיבל פּראַוועט מען שוין מער נישט קיין מלוה־מלכה, און משה ראַלינעק אויף דער מיטלאווע קוקט שוין מער נישט אַריין אין יורה־דעה און יידן קומען שוין נישט פרעגן קיין שאלה?

און ווו זיינען די ציוניסטן פון אַלע פאַרבן און שאַטירונגען, די מינימאַליסטן און מאַקסימאַליסטן, די וואָס חלומען וועגן אַ סערטיפיקאַט און די וואָס טרוימען וועגן אַ יידישער מלוכה? און ווו זיינען די גרינ־דער פון דער התקוה און תל־חי־שול, פון די ציוניסטישע פּראַקציעס און יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, די וואָס זאַמלען פאַרן קרן־קימת און די וואָס שפּענדן פאַרן קרן־היסוד?

ווו זיינען זיי?

און ווו זיינען אונזערע רוישיק־ראַשיקע, באַבאָרדעטע און געגאָלטע, בכבודיקע יידן אין געפּוצטע שטיוול און אַטלאַסענע כאַלאַטן, די וואָס גייען געלאַסן, חשבונען און רעכענען פּרייזן, וואַגאָנעס און רווחים?

ווו זיינען די תבואה־סוחרים, מעל־שענקער, צושטעלער און אָפּנעמער, מעקלער און מאָנטשאַרעס, צעלניק־סוחרים און שפּיליטירער?

ווו זיינען די וואָס שיקן פון פּאָגוזשע און פּאָברעזשאַן וואַגאָנען מעל קיין לעמבערג און וואַרטן מיט אומגעדולד אין די מעל־קאַנטאָרן אויף אַ טעלעפּאָן פון דער בירזשע?

און ווו זיינען די פּשוטע יידן, עמך, שער און אייזן, די בעל־עגלות מיט די לייבן, די וואַסער־טרעגער מיטן קעראַ־מעסל, די קצבים מיט די אַרטשיקעס און די טרעגער מיטן שטריקל אויף די לענדן?

און ווו זיינען די טאַנדעטניקעס, וואָס גייען אַרום מיט געשוואָלענע הענט פון פּאַטשן די פּויערישע דלאָניעס, ווו זיינען די סאַדאָווניקעס וואָס נעכטיקן אַ גאַנצן זומער אין די בודקעס און ווו זיינען די מאַרק־הענדלער און מאַרק־גייער, וואָס טשאַטעווען פון פאַרטאָג אָן אויף די פּויערים, וואָס קומען צום מאַרק.

און ווו זיינען די סאָציאַליסטן פון אַלע פאַרבן און טעמפּעראַמענטן, די וואָס שמירן די רעדער פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און די וואָס פּרעדיקן מאַרקסיזם און לעניניזם?

און ווו זיינען די פאָלקיסטן און טעריטאָריאַליסטן, וואָס קעמפן פאַרן גלות און שפּעטן אָפּ פון ציון, די וואָס שטאָלצירן מיט יידיש און לאַכן פון לשון־קודש, די וואָס פּראָפּאַגירן דאָ־זיין און איראַניזירן פון פאָלקס־קאָנצענטראַציע אין ארץ־ישראל, ווו זיינען זיי?

זיי זיינען נישטאָ!

זיי זיינען נישטאָ אויף דער שול־גאַס און נישט אויפן רינעק, נישט אויף דער לובעלסקע און נישט אויף דער מיטלאַווע. געבליבן זיינען נאָר זייערע הייזער און געוועלבער.

צו ווייסן זיי, אַז פון זייערע טירן און פענצטער קוקן אַרויס אַנדערע אויגן און פּנימער! צו ווייסן זיי, ווו ס׳זיינען זייערע אמתע בעלי־בתים? צו פילן זיי, אַז אויף זייערע ווענט הענגען אפשר די זעלבע שילדן נאָר אַנדערע נעמען.

צו פילן זיי און צו ווייסן זיי, אַז אַ שרעקלעכער, גרויזאַמער צאָרן האָט זיך אויסגעגאָסן אויף דער יידישער קהילה מיט דעם זיבן טויזנט קעפּיקן קהל?

### נישט קיין דורכשניטלעכע קהילה

נישט קיין דורכשניטלעכע קהילה איז הרוביעשאָוו געווען און נישט קיין געוויינלעכן קהל האָט זי פאַרמאָגט. זי איז געווען אַ עיר ואם בישראל. רייך אין כמות און שטאָלץ מיט איר איכות.

אירע עסקנים אין אַלע צייטן און פון אַלע פאַרבן זיינען געווען אַ שם־דבר מיט זייער איניציאַטיוו און ענערגיע, נאַציאָנאַלן, רעליגיעזן און סאָציאַלן טעמפּעראַמענט.

אירע געזעלשאַפטלעכע, פילאַנטראָפּישע און קולטורעלע אינסטי־טוציעס האָבן אַרויסגעוויזן אַ סך רירעוודיקייט און נישט ווייניקער אונטערנעמערישקייט.

אירע פאָלקס־מענטשן האָבן פאַרמאָגט אַ סך חסידישע התלה־בות, יידישן האַרץ און מענטשלעכן געפיל.

וואָס האָבן זיי נישט געבויט און וואָס האָבן זיי נישט אויפגע־שטעלט?

זיי האָבן געבויט חדרים, תלמוד־תורות און מאָדערנע שולן.

זיי האָבן איניצירט חברות, געזעלשאַפטן, דראַמאַטישע קרייזן און קולטורעלע אונטערנעמונגען.

זיי האָבן געגרינדעט בתי־מדרשים, שולן, שטיבלעך, און להבדיל, פּאַרטייען און יוגנט־אָרגאַניזאַציעס.

זיי האָבן ענטוויקלט קליין־אינדוסטריע, מסחר, האַנדל און מלאכה.

זיי האָבן געאָטעמט מיטן אָטעם פון יידישן ישוב אין פּוילן. זייער האַרץ האָט געקלאַפּט מיטן האַרץ פון יידישן פאָלק. זיי האָבן זיך געפרייט מיט זיינע דערפאָלגן און געטרויערט אויף זיינע מפּלות.

זיי האָבן געפּרעדיקט: חסידות, השכלה, חיבת־ציון ציוניזם און סאָציאַ־ליזם.

זיי האָבן געגלויבט און געקעמפט פאַר אַ בעסערן מאָרגן. און ליידער, דעם מאָרגן נישט דערלעבט.

## מערץ 1962

טויזנטער קילאָמעטערס און צענדליקער יאָרן טיילן אונז אָפּ פון הרוביעשאָוו. מיר לעבן אין אַן אַנדער געאָגראַפישן און פּאָליטישן קלימאַט. אַנדערע מענטשן און אַנדערע פּראָבלעמען. אונזערע קינדער איז שוין אָפּטמאָל שווער אויסצורעדן ס'וואָרט הרוביעשאָוו. פרעמד איז זיי די שטאָט, איר יידישער ישוב און זיין גלותדיקער שטייגער.

אָבער די, וואָס האָבן זייער ערשטע ליכט געזען אין הרוביעשאָוו, די וואָס זייער וויגעלע איז געשטאַנען אויף דער שול־גאַס, כאָטש זיי לעבן מיט אַלע פּראָבלעמען פון היינט, דאָך קענען זיי אינגאַנצן נישט פאַרגעסן דעם נעכטן.

זכרונות בעטן זיך ביי זיי, מאָנען און פאָדערן: פאַר־געסט אונז נישט!

זאָל נישט גיין צו גרונד קיין איין פראַגמענט, קיין איין אָפּשניט פון יענעם, רייכן, יידישן לעבן, וואָס 20 דורות האָבן אים געבויט און נישט געוווסט, אַז זיי בויען אויף אַ ווולקאַן.

טריי דעם געבאָט, האָבן מיר יאָרן געזאַמלט, געקליבן, און ווי די בינען צענויפגעטראָטן אַן אות צו אַן אות, אַ וואָרט צו אַ וואָרט, אַ בילד צו אַ בילד, כדי פאַרשרייבן און פאַראייביקן, וואָס ס'איז געווען און וועט שוין קיינמאָל מער נישט זיין.

נישט לייכט איז עס אונז אָנגעקומען!

זאָלן מיר אויסרעכענען אַלע שוועריקייטן, שטערונגען און מיסערפאָלגן, וואָס האָבן פאַרשיבן דאָס דערשיינען פון פנקס פון וואָך צו וואָך און פון חודש צו חודש!

דאָך, ענדלעך, האָבן מיר גובר געווען אַלע שוועריקייטן און מיר ברייגגען אייך היינט, ליבע לעזער, דעם פנקס הרוביעשאָוו.

מיר ווילן ער זאָל זיין אַן אָנדענקונגס־טאָוול, אָדער פּראָסט פשוט אויף יידיש, אַ מצבה אויפן קבר פון 7000 הרוביעשאָווער יידן, וואָס האָבן געלעבט און נישט דערלעבט צו האָבן אַ ביסעלע נחת.

צו האָבן מיר אונזער ציל דערגרייכט? איר, ליבע לעזער, וועט אורטיילן.

אין אייער אורטייל זאָלט איר אונז פאַר שלעכט נישט נעמען: טעותן, פעלערן, סתירות, דאָפּל־שילדערונגען און אומפּינקט־לעכקייטן, וואָס האָבן זיך אומלעגאַל אַריינגג..בעט און „באַשיינען“ אַ שיין ביסל עמודים.

אין אַזאַ גרויסער, פאַרצווייגטער אַרבעט און ביי אירע ספּעציפישע באַדינגונגען איז עס נישט אַלע מאָל מעגלעך געווען אויסצומיידן.

אין אייער אורטייל זאָלט איר אונז אויך פאַר שלעכט נישט נעמען די פראַגמענטאַרישקייט פון פנקס. געוואָלט האָבן מיר עס זאָל זיין מאָנאָליט, איינהייטלעך און סטילמעסיק. דאָס איז אונז אָבער נישט שטענדיק געלונגען.

ווייל פנקס הרוביעשאָוו איז אַ זאַמל־בוך, אַ קאָלעקטיווע שאַפונג פון איניציאַטאָרן, מאַטעריאַל־זאַמלער, זכרונות־שרייבער, דאָקו־מענטן־קאָמענטאַרער און רעדאַקציע. פילפאַרביקע דעות און קאָנטראַסטן אין פעדער־ניוואָ האָבן זיך נישט תמיד אָרגאַניש פאַרבונדן. פראַג־מענטן האָבן זיך אָפּטמאָל נישט צוזאַמענגעקלעפּט. ווייל פון שפּליטערן איז נישט לייכט צו שאַפן אַ שלמות.

אָך, ווען אַלע מיטאַרבעטער פון פנקס־הרוביעשאָוו קענען צווישן זיך פאַרטיילן די אַרבעט לויט אַ פּלאַן. מיר וואָלטן פאַרשפּאָרט אַ סך דאָפּל־שילדערונגען און דאָס טראָץ דער שטרענגער, רעדאַקטאָרישער האַנט, וואָס האָט געשטראָכן, אָפּטמאָל, אָן רחמנות.

אין אייער אָפּשאַצונג זאָלט איר אויך, ליבע לעזער, נישט פאַראורטיילן אונזער באַשלוס צו דערמעגלעכן מאַקסימום הרוביעשאָווער, אָפּטמאָל זייערע פּרימיטיווע פעדערן, צו דערשיינען אין פנקס, דערציילן וועגן זיך און וועגן הרוביעשאָוו אין זייער סטיל און שפּראַך און דאָס כמעט אָן



ענדערונגען. אַלס פּועל־יוצא דערפון שטויסן מיר זיך אָן דאָ און דאָרטן אויף צעצויגנקייט, אָבער דערפאַר מיט אַ סך פשטות און נאָך מערער עכטקייט.

## שפּראַך

וואָס נוגע שפּראַך, זיינען מיר ווייט פון איינהייטלעכקייט. יידיש, עברית און אפילו ענגליש זיינען נאָענטע שכנים אויף די זייטלעך פון פנקס הרוביעשאָוו.

אייגנטלעך, האָבן מיר זיך געקענט באַנוגענען נאָר מיט יידיש, די שותפותע שפּראַך פון אַלע הרוביעשאָווער אין גאָר דער וועלט. מיר האָבן אָבער געוואָלט דערגרייכן נאָך צוויי צילן: דערמעגלעכן יעדן הרוביעשאָווער צו דערשיינען אין דער שפּראַך, וואָס איז אים יעצט אַמנאָנטסטן און גלייכצייטיק זאָלן אונזערע קינדער אין ישראל און אַמעריקע קענען אַריינקוקן, כאָטש אין געציילטע בלעטלעך פון פנקס.

זאָלן אונז דעריבער שטרענגע קריטיקער מוחל זיין און אידעלע פיינ־שמעקער זאָל אונז פאַר שלעכט נישט נעמען דעם מיש־מאַש פון לשונות. אַזעלכע זיינען מיר.

טראָץ זיין פאַרנעם און פילפאַרביקייט איז פנקס הרוביעשאָוו דאָך נישט אויסשעפּנד. אַ סך אינסטיטוציעס, פיל פערזענלעכקייטן, נישט וועניקער דערשיינונגען זיינען נישט געקומען צום אויסדרוק אין פנקס. און ס'פאַרדריסט, וואָס אַזויפיל ספּעציפישקייט איז דורך קיינעם נישט באַשריבן געוואָרן. זי וועט פאַרגעסן ווערן, און קיינער וועט איר נישט דערמאָנען.

זאָלן אונז דעריבער מוחל זיין די אַלע וועמענס נעמען און מעשים ס'ווערן אינגאַנצן נישט דערמאָנט אָדער מינימאַליזירט. אַ גוטער ווילן האָט מיט אונז רעגירט, אָבער נישט שטענדיק האָבן מיר געקענט איבערזעצן אונזער ווילן אין נאָטיצן. אַמאָל האָט געשטערט אונזער קורצער זכרון און אַמאָל איז נישט געווען ווער ס'זאָל געדענקען.

## יישר־כח

מי און אַרבעט, גוטן ווילן און מסירת־נפש האָבן מיר צו פאַרדאַנקען, אַז דער פנקס הרוביעשאָוו ליגט פאַר אונז. זאָל אונז, דעריבער, דערלויבט זיין פון די שורות אויסצודריקן אַ הערצלעכן דאַנק און אַ חברישן יישר־כח די אַלע בויער און שאַפער פון פנקס־הרוביעשאָוו.

יישר־כח אַלע חברים אין ישראל, אַמעריקע און גאָר דער וועלט, וואָס האָבן געזוכט, גענישטערט און נישט געזשאַלעוועט קיין צייט און קיין מי, כדי צו ברייגגען נאָך אַ רשימה און נאָך אַ בילד, וואָס זאָלן באַרייכערן דעם פנקס הרוביעשאָוו.

יישר־כח די עסקנים, וואָס האָבן אָפּגעשלאָגן שוועלן, געמאָנט און געפאָדערט און נישט מיד געוואָרן, ווען מען האָט זיי אפילו אָפּגעזאָגט.

יישר־כח די טאַלאַנטירטע פעדערן, די מייסטער פון וואָרט, די הערלעכע שטייגער־שילדערער פון הרוביעשאָווער לעבן.

יישר־כח די אַלע, וואָס האָבן מיט זייער האַרץ, און אינטערעס אונז דערמעגלעכט צו דערשיינען.

יישר־כח די אַלע, וואָס האָבן אידענטיפיצירט בילדער, צונויפגע־שטעלט די רשימה פון קדושים, סעגרעגירט אַדרעסן געזאַמלט און געשפּענ־דעט געלט.

זיי אַלעמען — אַ הערצלעכער דאַנק!

אַ דאַנק זיי ליגט פאַר אייך פנקס הרוביעשאָוו.

**רעדאַקטאָר**

תל־אביב, מערץ 1962.

# אל הקורא הצעיר!

אני מניח שלא פעם שמעת מפי אבא ואמא את השם: הרובישוב. שם פולני, אולי מוזר קצת בשביל אוזן עברית, אולם עם השם הזה גדלת, והתבגרת וְהזכרתו התכופה בבית השאירה ודאי עקבות.

לא כן הוריך, שעריסתם עמדה בבתיה של הרובישוב ואור יומם הראשון זרח להם בסימטאותיה. נפשם נרעדת ונפעמת לשמע השם הזה. הוא גם, לפעמים, מוזיל דמעה מעיניהם.

מה כחו של שם מסתורי זה, המרעיד ומתסיס נפש אבות ואמהות, השקועים בכל רמ״ח איבריהם בדאגות שוטפות של יום־יום?
הרבה סיבות לדבר.

בעיר הרובישוב — הוריכם נולדו. בבתיה — התחנכו. ברחובותיה — גדלו, בחייה הציבוריים — התבגרו, ובמוסדותיה — התנסו.

צעדים ראשונים בחיים וחויות־בראשית לא בנקל נשכחים. וזה בדיוק מה שאירע להוריכם ההרובישובאים. לאורך מסלול חייהם, על כל פתוליהם, הם מלווים על ידי חוויות ראשוניות אלה של נעוריהם בהרובישוב, על זהרם וערפלם. והחוויות אינן נותנות להם דמי, הן תובעות ומתחננות: אל תשכחונו!

התבין כעת מה מרעיד את נפשם של הוריך ההרובישובאים?

השם הרובישוב מעלה גם זכרונות של משפחות שלמות וענפות, לא שסועות ולא קטועות מלפני קרות הרצח הגדול של הצורר הנאצי.

וההווי המשפחתי וההגיגות, והעזרה והדאגה המשפחתית לנצרך ולחלש? העל כל זאת, שחלף ואיננו עוד, לא תבכה נפשם במסתרים?

התבין מה מפעים את רוחם של אבות ואמהות, בני הרובישוב?

השם הרובישוב מעלה גם ערכים שנרקמו בשחר נעוריהם.

כי זאת לדעת: הרובישוב היהודית לא היתה עיר שגרתית ורגילה. היא היתה עיר לוחמת, נאבקת ובונה. היא היתה ערה למתרחש ברחבי העולם היהודי. היא קלטה כל זרם תרבותי וחברתי במחשבה היהודית. בבתיה גדלו בני־תורה, משכילים, חובבי־ציון, ציונים וסוציאליסטים.

רבים מהם התפרסמו כבעלי־הלכה חריפים ומופלגים בתורה ובחסידות.

לא מעטים הטיפו להשכלה, קדמה ושדוד מערכות בחיי ישראל בגולה.

לא מתי מספר חלמו על ציון והגו את רעיון ישובה וקמומה.

בני בניהם התכשרו בקבוצי־הכשרה, חטבו עצים, שאבו מים, רעבו לפת לחם וחלמו על סרטיפיקט, שיזכה אותם בעליה לארץ־ישראל הנכספת.

היו גם חוגים, שסגדו לאלהי הסוציאליזם המהפכני, האמינו במהפכה החברתית, שתגאל את העולם מעוני ומאי־צדק ותפתר גם שאלת היהודים בגולה.

פסיפס רב־גוני זה הוה את הציבוריות היהודית בהרובישוב, שהתנגשה, נאבקה, לחמה ובחיקה התחנכו הורינו לאהבת־ישראל, למסירות, לנאמנות ולהתנדבות.

השם הרובישוב מעלה גם בזכרונם את העזרה ההדדית, את מוסדות הגמל והחסד, את מוסדות התרבות וכלכלה, ואת הערבות זה לזה במובנה הרחב והיפה, שפתחו בני הרובישוב במשך 20 דורות על גדות הבוג וההוצ׳בה, הסובב אותה במדינת פולין.

מי ימנה ומי יספר את המוסדות, שיזמו והקימו בני הרובישוב?

הם הקימו חדרים ובתי־מדרש, בתי־כנסת ושטיבלעך, ישיבות ובתי־ספר מודרניים וחילוניים.

הם יזמו חברות מסורתיות לעזרת הזולת כגון: גמילות־חסד, עזרת־חולים, סומך־נופלים, בית־לחם, בית־יתומים ובית־חולים.

הם יסדו מפלגות, תנועות־נוער, אגודות־מקצועיות, ספריות, חוגים דרמטיים וחוגים להשכלה.

הם בנו בנקים, קופות, התאגדויות של סוחרים, ובעלי־מלאכה.

הם פתחו תעשיה זעירה, מסחר ומלאכה.

הם התפרנסו בדוחק, אבל בכבוד וגדלו בנים ובנות לתורה, לחופה ולמעשים טובים.

הם האמינו ונאבקו לעתיד שכולו טוב ולא זכו ליום יבוא. מגף אכזר השפיל, דכא, רמס והפסיק את שירת חייהם.

**מרץ 1962**

אלפי קילומטרים ועשרות בשנים חוצים בינינו לבין הרובישוב שציירתי. זמנים חדשים פקדונו, וזמירות הדשות מושרות. אקלימנו הפוליטי, החברתי והכלכלי — שונה. ולכן, לכם, ילדינו, השם הרובישוב אולי איננו רב־משמעותי. לא כן, הוריכם. ההווה, ולו המזהיר ביותר — לא האפיל על עברם.

אישים ומאורעות, מעשים ומוסדות עולים בזכרונם, מתחננים וגם תובעים: אל תשכחונו!

נאמנים לצו זה לקטנו ידיעות, כנסנו זכרונות, צררנו מאורעות, צרפנו אות לאות, רשימה לרשימה, תמונה לתמונה, כדי להנציח מה שהיה — ולא יהיה עוד.

כתוצאה ממאמץ משולב זה הונח לפניך פנקס הרובישוב.

הוא כתוב ברובו יידיש. אולי זה יקשה עליך קריאתו. זאת צפינו מראש. ולכן, נאבקנו זמן רב על שפת הפנקס, אולם הכריע הרצון לפרסמו בשפה המשותפת לכל יוצאי הרובישוב בכל אתר, והם ברובם — קוראי יידיש:

אולם כדי לאפשר לך קריאתו — פזרנו בו רשימות ומאמרים, לא מעטים, כתובים בשפה העברית.

נצא נשכרים ועמלנו לא יחשב לשוא — אם יקוים בנו הפסוק: ושננת לבניך, ודברת בם!

שננו, רבותי הצעירים, את מסכת חייהם של 20 דורות שקדמוכם בעיר הפולנית־יהודית הרובישוב על שפת הבוג וההוצ׳בה, אשר במדינת פולין הקטנה.

ואל יקל בעיניכם הלקח, משנה היא ולמוד צריכה, מסכת חייהם של דורות הרובישובאים, שגלו כה התמדה, אי־רתיעה, כושר הסתגלות ורוח התנדבות.

יהיו אלה מצפן בחייך הפרטיים והצבוריים במדינת ישראל העצמאית.

**העורך**

# בילדער דערציילן*)

**דער וואָקזאַל אויף דער ליניע לודמיר—זאַמאָשץ—זאַוואַדע האָט זיך געפונען אַ 3—2 קילאָמעטער פון צענטער שטאָט.**



דראָזשקאַזשעס און בעלי־עגלות האָבן פונדאַנען געצויגן זייער חיונה. דער אָרט איז אויך פאַר אַ סך יידן געווען די ערשטע און לעצטע באַגעגעניש מיטן שטעטל. יום־טובדיק געקליידעטע יידן פלעגן אַהער קומען באַגעגענען אָדער באַגלייטן געסט און חלוצים, וואָס זיינען עולה קיין ארץ־ישראל. צו אונזער גרויסן ווייטיק, האָט דער וואקזאַל אויך געזען ווי יידן ווערן טראַנספּאָרטירט דורך די נאַצישע בעסטיעס קיין בעלזשעץ.

בית־הנתיבות של הרכבת המובילה ללודמיר—זמושץ—זודה נמצא 3—2 ק"מ מהרובישוב. מקושטים היו באים לכאן בני העיר ללוות את החלוצים העולים ארצה ולפגוש את אורחיהם. עגלונים ובעלי כרכרות מצאו כאן את פרנסתם.

**דאָ זעט מען איינע פון די בריקן אין שטאָט, די זאַמאָשצער בריק.**

הרוביעשאָוו האָט אַרומגערינגלט אַ וואַסער נאָך פון ששת ימי בראשית. צוקומען צום שטעטל האָט מען געקענט נאָר דורך אַ בריק. יעדע בריק האָט געטראָגן דעם נאָמען פון שטעטל, וווהין זי האָט געפירט: די זאַמאָשצער בריק, די כעלעמער, די סוויניטינער און די קרילאָווער. פון נאָענטע און ווייטע שטעטלעך זיינען געקומען יידן, וואָס זייער שלום־בית איז צעשטערט געוואָרן, אָפּצוגטן זייערע ווייבער אין שטעטל, וואָס איז געזעסן ביים טייך און אים איינגעשריבן אַלס עדות אין גט.

הרובישוב מים סביב לה והגישה לעיר רק דרך גשרים. על התמונה — גשר זמושץ.




**די סטאַשיצאַ גאַס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ חנוודיקן גאַנעק, פון וועלכן מען האָט געכאַפּט אַ בליק אויף עטלעכע גאַסן.**



אַרום גאַנעק האָט זיך שטענדיק געטומלט. דאָ איז געווען דער מקום פון די יידישע קצבים, וועלכע זיינען ביי יעדער עת־צרה געווען די ערשטע צו פאַר־טיידיקן יידישע לעבנס און יידישן כבוד. דאָ פלעגט אַרומשפּאַנען דער לאַנגער בעני מיטן פייפ אין מויל און אָנוואַרפן אַן אימה אויף די גויישע כוליגאַנעס. דאָ האָט זיך געפונען דער שטאָט־מאַגאַזאַל און אַהער פלעגן קומען פויערים דעם ביטערן טראָפּן איינקויפן. אַ גרויסער טייל פון די בראָנפן־קויפער פלעגט דעם בראָנפן אריינשלינגען זייענדיק נאָך אויף די מאַגאַזאַל־טרעפּלעך. פון דער סטאַשיצאַ גאַס האָט אַרויסגעקוקט דעם געלן לייזערס קאַמעניצע. דאָס איז געווען אַ גרויסער מויער מיט אַ לאַנגן אַריינפאָר און אָנגעפּאַקטע דירהלעך. דער געלער לייזער איז שוין לאַנג פון דער זינדיקער וועלט אַוועק, געבליבן איז נאָר לייזערעכע מיט אירע דערוואַקסענע זין. אין מיטן גאַס האָט זיך אַריינגעשניטן די הילצערנע בריק, דורך וועלכער די דראָזשקאַזשעס חיים אפרים און יעקב ישיעלעס קינדער פלעגן זייערע פאַרשוינען צו דער באַן פירן.

הרחוב ע"ש סטשיץ היה רחוב מרכזי. בקצהו בית בעל גזוזטרה אפיינית. לכאן היו מגיעים בעת צרה קצבי העיר להגן על אחיהם הנתקפים על ידי נוצרים.

**אויף דעם בילד זעען מיר צוויי אַריינפאָר־הייזער: פינקלשטיינס און הערשעלע נחס.**



*) געשריבן דורך: מאיר און יהודה האָפמאַן און נתן הדס.

הרוביעשאָוו האָט פאַרמאָגט עטלעכע, גרויסע אַריינפאָר־הייזער, אַ באַזונדער דרך־ארץ האָט אַרויסגערופן הערשעלע נחס מיט זיינע צוויי זין: אברהם יעקב און יאָסעלע. זיי זיינען געווען אַ צווייג פון דער ראַדזינער דינאַסטיע, באַוווסט אַלס למדנים, גרויסע שווייגערס און קיינמאָל זיך נישט געריסן נאָך כבוד. אין אַ יומא־דפגרא פלעגן ראַדזינער חסידים זיך פאַרזאַמלען ביים זיידן הערשעלע, ריידן פון חסידות און דערביי טרינקען מעד. אַז דער מעד האָט דעם עולם צעוואַרעמט, פלעגט מען אַ ווייכן ניגון פאַרציען. הערשעלע פלעגט ליב האָבן אין מיטן ניגון אַרויסכאַפּן זיך אויפן גאַנעק און אַ קוק טאָן אויף דער יום־טובדיקער שטאָט.

שניים היו בתי־המלון בעיר: של פינקלשטיין ושל הרשלי בנו של נח.

## דער נאָווי־רינעק האָט זיך אָנגעהויבן פון ווינקל, וועלכער שניידט זיך אַריין אין פאַנסקע און האָט זיך געצויגן, העט, העט, כמעט ביז דער לובעלסקע.



השוק החדש היה זרוע חנויות וקיוסקים. בערבים נפגשו כאן זוגות צעירים.

דער שטח איז געווען פאַרזייט מיט געשעפטן מכל המינים, וועלכע זיינען געעפנט געוואָרן שטיל און זיך פאַרמאַכט אָן אַ קלאַפעריי. אפילו די דריי סאָדע־בודקעס, וועלכע האָבן זיך מיט כח אריינגעשטופּט אינ־מיטן, האָבן מיט דרך־ארץ זייערע קונים אויפגענומען. בעסערע מענטשן פלעגן כאַפּן אַ טרונק אין דער מיטלסטער בודקע, ביי שאול אבעלעס, דאָס איז געווען אַ קינדערלאָזער ייד, וועלכער האָט געטראָגן מיט זיך אַ סך סודות. האַלטנדיק די גלאָז סאָדע־וואַסער אין האַנט, האָסטו געמוזט כאַפּן אַ בליק אויף זיין ברייט צעוואַקסענער אשה, ביי וועלכער די גרויסע אויערן־רינגען האָבן זיך שטענדיק געוויגט און געגלאַנצט. קיינער האָט נישט געוווסט ווער זי איז, און ווו שאול אבעלעס האָט דעם אוצר אויסגעפונען.

אין די אָוונטן איז די האַנדלס־גאַס פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שפּאַציר־גאַס, די בירזשע — האָט מען איר גערופן. דאָ האָבן זיך געטראָפן פאַרטיי־חברים און פאַרליבטע פאָרלעך, וועלכע פלעגן פאַרשעמטערהייט כאַפּן אין די בודקעס אַ ליאָדי.

## אַ ווינקל אין רינעק, דאָ איז שלמה בוטשעס גאָלדשמידעריי.

צווישן די ווענ־יקע אַרבעטס־וואַרשטאַטן אין די הויפּט־גאַסן איז געווען שלמהלע בוטשעס גאָלדשמידעריי. ביי די אַרבעטס־טישלעך איז געזעסן דער אַלטער בוטשע מיט זיינע זין און אייניקלעך, געשמאַק געאַרבעט און דערציילט נייעס. דאָ איז געווען אַ בית־ועד פאַר בעסערע דורכגייער, וועלכע פלעגן צולייגן אַן אויער צו די נייעס. אין דער גאָלדשמידעריי איז געווען אַ שטענדיקער איינגייער דער עלטערער בחור, מאָטל בענקל. אַז חברה פלעגן דערזען מאָטלען מיטן שטעקן, פלעגן זיי אים אַריינבעטן אינעווייניק, און אַז ס'איז אים געווען גוט אויפן האַרצן, פלעגט ער זיך צעזינגען. חברה פלעגט אונטערכאַפּן און ס'איז געווען ליהודים... דאָס זינגען פלעגט אויפרודערן די שכנים. דער ערשטער



פלעגט זיך אַריינכאַפּן דער שניט־סוחר, מרדכי אברהם, וועלכער איז אין יאָר 1905 געווען אַ נאָענטער מחותן מיט די חברה סטרייקער, פלעגט די רעוואָלוציע נישט אַרויסלאָזן פון מויל, און היינט איז ער געוואָרן אַ סוחרל, שטאַרק פרום, גייט נאָך בענטשעלע מלמד, און ווערט נתפעל פון זיינע דרשות. נאָך אים מ. י. מערנשטיין, דער ראש פון קרן־קימת, וועלכער רירט זיך נישט אָן אַ פסוק ציוניזם, שמואל זייד, דער בונדיסטישער סוחר, און די רעכטע האַנט פון יצחק שמעון פייפער.

אין וואַרשטאַט ווערט היימלעך, וואַרעמלעך, דער אַלטער בוטשע שעפּט נחת און באַטראַכט מיט לאַכענדיקע אויגן די גאַנצע חברותא.

פנה בשוק. כאן בית־המלאכה של שלמה בוצ'ה. כאן הוא יושב עם בניו ונכדיו ומספר חדשות. כאן בית־ועד להולכי־בטל הבאים לספר ולשמוע.

## אַ הויז אויפן רינעק.

דאָס הויז האָט זיך מיט קיין באַזונדערס נישט אויסגעצייכנט. דאָ האָט געוווינט דער באַוווסטער שניט־סוחר, אהרון לערנער. נישט ווייט פון אים האָט געהאַט זיין שטעפּער־וואַרשטאַט, שלמהקע חיים אפרימס. דאָ האָט זיך אויך געפונען זעליק לוקסעמבורגס בודקע, ווו פאַרטיי־חברה פלעגן נאָך וואַרעמע פאַרזאַמלונגען קומען אונטערהאַלטן די נשמה. אָפטמאָל פלעגט מען דאָ די וויכוחים פאַרענדיקן. דאָ האָט זיך אויך געפונען די שענק פון דער האָלצערעכע. איר מאַן איז שוין לאַנג געשטאָרבן און בלומע האָט אַליין געפירט די שענק, דאָ איז געווען איינע פון די פועלי־ציון־נעסטן. דאָ פלעגן זיי אַ חשובן גאַסט אויפנעמען און באַראַטונגען אָפּהאַלטן. די הייזער זיינען געווען אַרומגענומען פון אַ שטאָט־סעדל, אַרום וועלכן די שטעקעל־דרייערס פלעגן זייער פרנסה אויסחלומען.

בית בשוק. ההצטיין במשהו מיוחד? במסעדת בלומה הולצר היו מתכנסים חברי פועלי־ציון ובקיוסק של לוכסמבורג סעדו את לבם לאחר ויכוחים מיגעים.



**נאָך פוילנס באַפרייאונג האָט מען די גאַס גערופן די „דריטע מאַי גאַס". פריער איז זי געווען באַוווסט מיטן נאָמען „פאַנסקע".**

ביים אָנהויב האָסטו זיך אָנגעשטויסן אויף צוויי קלויסטערס. לינקס איז געזעסן טיף, אַרומגענומען מיט אַ סך גרינס, דער פוילישער קלויסטער. די תפילות באַגלייט פון קלויסטער־אָרגל און דער ים מיט ליכט האָבן אויפן יידישן דורכגייער ממש אַן אימה אָנגעוואָרפן. גיך, גיך האָט ער געוואָלט די גדלות, געמישט מיט חוצפה, אדורכלויפן. נישט איינמאָל פלעגט



זיך אויסדאַכטן, אַז די קלויסטער־שאָטנס לויפן דיר נאָך און ווילן דיך מינ צוואַנגן פאַרהאַלטן. פון דער רעכטער זייט האָט קאַלט אַריבערגעקוקט דעו רוסישער קלויסטער. שטענדיק איז ער געווען פאַרמאַכט, מען האָט, כמענ קיינמאָל, פון דאָרט קיין תפילה נישט געהערט. יידישע שפּאַצירער האָב געגישטערט מיט די אויגן, געוואָלט זען דעם פּעטן, רוסישן פּאָפּ, מיט ד' לאַנגע האָר, אָבער זעלטן האָט זיך פון יענער זייט ווער באַוויזן. די גאַ איז געווען אַן אויסגעפלאַסטערטע פוןביידע זייטן. געוואַקסן האָבן זייערנ גוטע ריחות געשיקט און די שפּאַצירנדע יוגנט האָט די ריחות געשלונגען חתן־כלה האָבן זייערע טרעפעכצן אויף דער גאַס באַשטימט. ביבליאָטעקן באַזוכער פלעגן זיך דאָ מיט די ביכער אונטער די אָרעמס באַוויזן. פּאַרטיי טוער און רעדנער פלעגן אַהער קומען כאַפּן לופט. אין אירע דריי קינאָס אַ אַ ז י ס, ר ו ס אַ ל ק אַ און אין ש ט אָ ט י ש ן פלעגט זיך הרוביעשאָו גוט פאַרווילן. יידישע היטעלעך האָבן אָבער די גאַס אויסגעמיטן, פאַר זי האָט די גאַנצע סביבה געשמעקט מיט טומאה.

רחוב פנסקה ?. זהו רחוב מרכזי. כאן נפגשים חתן־וכלה, כאן מטיילים עם הספר תח הזרוע קוראי הספריות. לכאן באים עסקני המפלגות לנשוב אויר צח.

**דינסטיק איז א יריד אין הרוביעשאָוו.**



דער יריד פלעגט פאָרקומען איינמאָל אַ וואָך — דינסטיק אויפן קלויסטער פלאַץ. אַ גאַנצע וואָך פלעגן יידן זיך גרייטן צו דעם טאָג. אַן אָוונט פאַר דעם יריד פלעגט דאָס מיידל זיך פרי געזעגענען מיט איר געליבטן:

— מאָרגן איז אַ יריד — פלעגט זי זאָגן.

ליום ג' בשבוע — הרובישוב מחכה בכליון־עיניים. ביום זה מתקיים היריד.

**אַ שווערער טאָג, אָבער אַ טאָג פון פרנסה.**



אין דעם טאָג פלעגן קומען קיין הרוביעשאָוו אויף זייערע וועגענער פויערים פון די אַרומיקע דערפער מיט זייער פּראָדוקציע. יידן פלעגן זיך אַרומדרייען צווישן די פורלעך, אויפקויפן הינער, גענז, קאַטשקעס אָדער אַ קעלבל. באַקומען די פּאָר זלאָטעס, האָבן די פויערים זיך אַוועקגעלאָזט, ווער אין די שענקען, ווער צווישן די געוועלבן. דאָרט האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אַ געיעג נאָכן קונה, אַ דינגעניש און אַ הענט־פּאַטשעניש.

יום קשה, אבל יום של פרנסה הוא היריד. האיכרים מביאים מתנובת השדה ואילו היהודים קונים מהעגלות ומוכרים בחנויות.

**האָט דער יידישער שפּיטאָל געשפּילט אַ ראָל?**

דער יידישער שפּיטאָל אין הרוביעשאָוו האָט, כמעט, קיין ראָל נישט געשפּילט. ווער האָט עס געלייגט אַכט אויף דער אָרימער יצירה. זעלטן ווער עס האָט אין דעם קויטיקן בנין אַריינגעקוקט. געציילטע האָבן זיך מיט אים באַנוצט. ס'געדענקט זיך אַ ייד פ א ל י ק  ו ו ע כ ט ע ר, אַ באַנקעס־שטעלער, וועלכער האָט זיך איבער דעם שטח אַרומגעדרייט, דערנאָך האָט זיך דאָרט אַרומגעפּאָרעט דער פ ע ל ד ש ע ר  ר י י ז. קיינמאָל האָט מען וועגן דער אינסטיטוציע קיין באַריכט נישט געהערט, אָבער אין דער צייט פון דער היטלער־בעסטיע איז דער בנין אויפגעריכט געוואָרן. אָרטיקע היטלער־רוצחים האָבן דעם מרה־שחורהדיקן בנין פאַרגרעסערט און אים פאַרוואַנדלט אין אַ שטאָטישן הייל־אָרט.



בית־החולים היהודי נחשב כל ימיו למוסד מוונח בעיר. עד ש„נתעלה“ בימי השואה, כשרוצחי עמנו הפכוהו למוסד „לרפוי“.

## ווער איז געזעסן אין דעם הויז?



דאָ איז געזעסן דער שטאָט מושל, דער סטאַראָסטע. אַלע מאַכט־פּעדעם האָבן זיך געצויגן פון דעם הויז. במשך פון יאָרן האָבן זיך די מושלים געביטן. מיט קיין באַזונדער יידן־שנאה האָבן זיך די מאַכט־האַלטער נישט אויסגעצייכנט. עס זיינען געווען אפילו צווישן זיי ליבעראַלן, וועלכע האָבן נישט געלאָזט פילן זייער יד־חזקה. אַ סך גזרות האָט מען געקענט ביי זיי אָפּשרייען. אויף איין סטאַראָסטע האָט מען געזאָגט, אַז ער איז געווען אַ משומד, געגאנגען פיין אויסגעפּוצט, געשוויגן מער ווי גערעדט, און פלעגט באַשטעלן אַלע פרימאָרגן יאנקעלע שערער אים דאָס פּנים אויפפרישן. אין שטאָט האָט מען אים שטאַרק מקנא געווען, „— אַ מזל פון אַ יידן“ — פלעגט מען זאָגן — „ער וועט שוין פון אים אַ ביינדל אָפּלעקן“. דער צווייטער סטאַראָסטע, האָט מען געזאָגט, אַז ער שטאַמט פון קיר׳הלאַנד, דאָרט ווו אַלע טראָגן דעם טיטל דאָקטאָר. זייער אַן איידעלער גוי, מען האָט אים כמעט נישט געזען, און ער האָט געוואָלט לעבן בשלום מיט אַלעמען. איינמאָל, אויף אַ זיצונג פון שטאָט־ראַט, האָבן די רעכטע פּועלי־ציון געפאָדערט קוילן פאַר דער אָרעמער באַפעלקערונג, און ווען נישט, האָבן זיי געסטראַשעט אַרויסצופירן דעם עולם אין די גאַסן. אויף מאָרגן האָט דער איידעלער סטאַראָסטע זיך אַריינגעמישט, געשיקט זיין קוטשער מיט דער קאָטש מיט די צוויי פערד נאַשפּיץ, אויפצוזוכן די ראַטמענער, העפלעך זיי אויפגענומען און צוגעזאָגט אַלץ צו דערלעדיקן, אבי עס זאָל זיין שלום אין שטאָט.

בבית הזה ישבו מושלי המחוז.

### דאָ, ווו די דריי מיידלעך שטייען, האָט אַ שמאָלער וואַסער פון דער ברייטער שליזשע זיך אַרויסגעגאָסן און אַריינגעפאַלן אין וואַנעם טייך



די סוויניטינער מיעשטשאַניעס האָבן איבערן וואַסער אַ בריקל איבער־געוואָרפן. אין די פּאַרנאַכטן, שבתים, און יום־טובים איז דאָס אָרט אויס־גענוצט געוואָרן דורך דער יוגנט.

נישט ווייט פון דאַנען האָט זיך געפונען קאָניוכעס סאָד, ווו מען פלעגט זיך אַריינכאַפּן פאַרזוכן אַ ביסל אויבס. דאָ פלעגט מען אַ שיפל דינגען, כדי מיט אַ סימפּאַטיש מיידל אַ שפּאַציר מאַכן. אין דער סביבה איז אויך געווען אַן אָפטער גאַסט חיימקע פישער, ביי וועלכן דער אַראָפּגערוקטער זאַשעק פלעגט פאַרשטעלן די בלויע פישער־אויגן. ענג איז אים, נעבעך, געווען אין זיין אהרון רעמיכעס קעלער „פּאַלאַץ“, אָבער אויפן וואַסער האָט ער זיך אַליין געפונען. דאָ האָט ער זיין גרויסן גאָט, וועלכער האָט צו אים פון הימל אַראָפּגעקוקט, גוט געזען און געפילט. פרומע ווייבער פלעגן זאָגן, אַז חיימקע פישער געהערט, אוודאי, צו די זעקס און דרייסיק צדיקים, וואָס אַדאַנק זיי האָט נאָך די זינדיקע וועלט אַ קיום. אין די ערשטע טעג פון דער וואָך פלעגט ער זיין פאַרטאָן מיט פאַריכטן די נעצן, מיטוואָך דאָנערשטיק פלעגט ער צום טייך אַרויסגיין אָנצוכאַפּן אַ ביסל פיש אויף שבת. ווען ס׳איז געווען ווייניק דער שפּאַציר אין רוסאַלקאַ־גאָרטן, פלעגט אים פאַרזעצן אויף דער קילינסקי־גאַס. פון דאָרט האָט געפירט אַ וועג אויף די לאָנקעס, וועלדער און פעלדער, ווו הרוביעשאָווער יידן פלעגן כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט. דאָ פלעגן פאָרקומען סקויטן־אויספלוגן און געהיימע פאַרזאַמלונגען פון די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען.

בערבים היה כאן נפגש הנוער, כדי לשוט בסירה.

### אַ סך שטיבלעך זיינען געווען אין שטעטל.
### איינע פון זיי — דאָס בעלזער.

דאָס בעלזער שטיבל, געמויערט פון געברענטע ציגל, איז געווען אַרומגערינגלט פון דריי זייטן מיט בתי־תפילה. פון צפון־מערב — דאָס ראַדזינער שטיבל, פון מערב — דער גרויסער בית־המדרש, פון דרום די — שול. דאָס שטיבל איז געשטאַנען אויף אַ בערגעלע, אַ ביסל העכער פון די אַרומיקע בתי־תפילה. אזוי האָבן זיך אויך די בעלזער חסידים געהאַלטן, אַ ביסעלע העכער. משכמם ומעלה. נאָר זייער רבי — איז א רבי. נאָר זיי זיינען ירא־שמימדיק, מאַכן מער העויות און זיינען מער מאריך ביי די תפילות. זיי זיינען אויך געווען פאנאטישער פון אנדערע חסידים. איז אַ בעלזער זינדל אַרויס לתרבות־רעה, אויסגעטאָן



## פון פאָבּרעזשאַן האָט דער וועג געפירט קיין זאַמאָשץ.



דאָס יידישע היטעלע, און געקומען שבת דאַוונען אין אַ שלאַפע, האָט ער געמעגט זיך אריינשאַרן אין אלקיר, חסידים האָבן אים אָבער גלייך דער־שמעקט דעם „מחוצף", מעכב געווען די קריאת־התורה ביז מ'האָט דעם עזות־פנים און עוכר־ישראל נישט אַרויסגעוואָרפן פון שטיבל. דאַן האָבן זיך די געמיטער צו ביסלעך באַרויקט. אין צפון־מערב פון גרויסן פירקאַנ־טיקן שטיבל איז געווען אַן אלקיר, אָפּגעצוימט דורך צוויי גרויסע טאָפּלטע אויוונס, ווו וואַנדערנדע קבצנים פלעגן אַדורכשלאָפן אַ נאַכט. דאָס שטיקל אלקיר פלעגט דינען שבת און יום־טוב פאַר קליינוואַרג, ווו מ'קען זיך אויסטאָן פון פאָטערס בליקן און אַ שטיף טאָן מיט אנדערע ייִנגלעך.

ישראל האלער, איינער פון די אָנגעזעענע בעלי־עגלות, וועלכער פלעגט פירן פאַרשוינען קיין זאַמאָשץ דורך פאָברעזשאַן, איז שוין לאַנג אויפן עולם־האמת. אויך פון זיינע פאָר „לייבן", די פרנסה־געבער, וועלכע ער פלעגט היטן ווי אַ בן־יחיד, איז שוין לאַנג קיין זכר נישטאָ. אפשר הענגט נאָך ביי איינעם פון זיינע אייניקלעך אין אַ ווינקל־קאַמער אַ ציימל פון זיידנס פערד? ישראל פלעגט דערציילן פון זיינע מלחמות מיט דער כת־לצים, וועלכע האָבן אים און זיינע פערד נישט געלאָזן רוען. אין עק פאָברעזשאַן, האַרט ביים וועלדל, ווו חדר־ייִנגלעך און שול־קינדער פראַוועז ל"ג־בעומר פייערונגען — פלעגן זיי זיך באַווייזן, פאַרשטעלן פאַר דייטשלעך מיט גרינע קאַפּעלושלעך און בעטן אונטערפאָרן. אָבער ישראל איז נישט קיין נאַר, ער נעמט די לייצעס גוט אין די הענט און מאַכט יענעם גאַלאָפּ, אַז די פערדס ביינער האָבן געצנומען קנאַקן. אַ צווייטן מאָל ליגט אויפן וועג אַ גרודע צוקער. אַז מען זעט צוקער, ווי גייט מען נישט צו אַ לעק טאָן, אָבער דו באַווייזט נישט דעם ערשטן לעק, און פון אַלע זייטן הערט זיך אַ מין שדים געלעכטער, וואָס קריכט דיר ממש אין די געדערעם אַריין. ישראל פאַרגעסט אָן צוקער און מאַכט יענעם ויברח. און נאָך און נאָך אַזעלכע מעשיות. שפּעטער איז דער פאָברעזשאַנער וועג פאַרלאָזן געוואָרן, קיין זאַמאָשץ איז מען געפאָרן מיט דער באַן. אויף די וועגן זיינען נאָר געפאָרן פויערישע פורלעך. אַ ייד פון נישט ווייטער קיר'ה, מיטן נאָמען פרידלענדער, האָט דאָ אַ ריזן־מיל אַוועקגעשטעלט. אַנדערע יידן האָבן די לעצטע יאָרן אויף פאָברעזשאַן שפייכלער פון תבואה געעפנט, אָבער איבער אַלעמען דיריגירט דוקא אַן אשה, דבורהלע זשאַרקי. זי איז די הערשערין אויף דעם שטח, און פויערים טראָגן איר אַ פריילעכן גוט־מאָרגן. די מיעשטשאַנעס זיינען דאָ שטענדיק געווען רואיקע, פאַרטאָן אין זייערע קליינע ווירטשאַפטן. נאָר אין די זונטיקן, אָנגעטאָן אין היטלען מיט גלאַנציקע דאַשיקעס, מיט אַ בינטל פעלד־בלומען אין די הענט, פלעגן זיי אין קלויסטער שפּאַנען און דעם גרויסן פעטן גלח אַ פאָברעזשאַנער גרוס ברענגען. אין די לעצטע פאַר־מלחמה־יאָרן איז די פאָברעזשאַנער רואיקייט פאַרשוווּנדן. פאַרנאַכט איז שוין געווען אַ סכנה דאָרט צו שפּאַצירן, פון די ווינקלען פלעגן שטיינער פליען, און די שפייכלער־יידן האָבן שוין אָנגעהויבן קלערן וועגן צוריקציען זיך אין שטאָט אַריין.

מפוברז'ן הדרך הובילה לזמושץ. בדרך זו היה נוהג בסוסיו האבירים ישראל הולר. בשנים האחרונות דרך זו נעזבה. רק סוחרי תבואה התמקמו כאן ומצאו את פרנסתם בריות.

## די שליזשע האָט הרוביעשאָווער אַ סך געזאָגט.



נאָך דער זאַמאָשטשער בריק — ביי דער שליזשע. אין הינטערגרונט קראַסנאָפּאָלסקיס הויז. אין לאָדקע: נישט באַקאַנט, חנה פייער, נישט באַקאַנט, לאָלעק פּרץ.
שיט בסירה מאחורי הגשר המוביל לזמושץ.

דער חלק טייך, וועלכן מען האָט גערופן „די שליזשע", האָט די שטאָט־איינוווינער אַ סך געזאָגט. דער נאָמען אליין האָט שוין אַ ביסל געשראָקן. נישט יעדער ארחי־פרחי האָט געוואַגט אין דעם טייל פון טייך צו מאַכן אַ געזונטן נעריק. די הייזלעך ארום — זיינען געווען דער שליזשעס שכנים. אין איינעם האָט געוווינט דער קריסט קראַסנאָפּאָלסקי, וועלכער האָט שטענדיק געטראָגן אַ פּעטן שמייכל אין זיינע גראָבע, פּוילישע וואָנצעס. דאָ האָט אויך געוווינט אהרון משה פאלסקי, וועלכער איז ביי די שטאָט כלי־זמר געווען אַ בעל־הבית און דערצו צוגעשפּילט אויף אַ קלאַרנעט. אויך דער פּאָלאַק קראַשקעוויטש האָט אין דעם ווינקל זיינע שיפלעך געהאַלטן. חברה פלעגן ביי אים שיפלעך דינגען און אויפן וואַסער זיך אַוועקלאָזן. גוטע שיפלעך־פירער האָבן אינמיטן שיפן אויך עפּעס טועם געווען. זיי פלעגן זיך צושאַרן צו די שאטענס גאַרטן, פאַרזוכן פרישע פּאָמידאָרן, און שלינגען בעטעמטע טרוסקאַווקעס. פאַר־שיידענע מעשיות זיינען אין שטאָט וועגן דער שליזשע אַרומגעגאַנגען. דאָרט, נישט ווייט פון באַרג, ווו די טיפקייט האָט אַ סך שווימערס פאַרצוקט, איז אמאָל געשטאַנען אַ גרויסע וואַסער־מיל. נישט אַלע דערטרונקענע דאָרט האָט מען באַוויזן אַרויסצונעמען. נישט איינמאָל האָבן שווימערס זיך אָנגעשטויסן אין אַ פּאָר פאַרשטייפטע דערטרונקענע פיס. וועגן סוויניטינער בריקל, ווו דאָס וואַסער פון אונטן פלעגט אין דער שליזשע אַריינפאַלן, איז דערציילט געוואָרן אַזאַ מעשה: דאָס איז געשען פאַר אַ סך יאָרן, בעת אין שטאָט האָט זיך אויפגעהאַלטן רוסיש מיליטער. (נאָך איידער ס'זיינען פאַר זיי קאַזאַרמעס אויפגעשטעלט געוואָרן). אַ רוסישער פּאָל־קאָווניק האָט זיך פונם בריקל אין וואַסער אַריינגעוואָרפן. דאָס וואַסער האָט אים גלייך פאַרשלעפּט צו די שליזשע־טיפענישן. פון יענער נאַכט אָן, ווען דער שטאָט־זייגער האָט גענומען אויסקלינגען צוועלף, פלעגט זיך באַלד לעבן בריקל באַווייזן אַ ווייסער הונט, וועלכער פלעגט שפּרינגען אהער און אהין. געזאָגט האָט מען, אַז דאָס איז געווען אַ גלגול פונם דערטרונקענעם פּאָלקאָווניק.

החלק הזה של הנהר הרתיע רבים מתושבי העיר. לא כל שחיין העיז כאן לשחות. הנוער היה משיט כאן סירות ונהנה מהפירות הגדלים בגנים הסמוכים.

## ליבער לעזער!

ביסט אודאי אוועק פון הרוביעשאָוו מיט 20, 30, 40 יאָר צוריק. און ווו דו זאָלסט נישט זיין, אין ישראל, אמעריקע אָדער אייראָפּע, האָבן דיר די בילדער אַ סך דערמאָנט. האָסט זיך דערמאָנט אָן דיין הויז, אָן דיין משפחה, וועמען היימען זיינען געווען היימען און משפחות זיינען געווען משפחות. היינט זיינען פון דעם אַלעמען געבליבן נאָר בילדער.

# פלאן פון הרוביעשאוו

# מפת הרובישוב




פלאַן פון אונזער היים־שטאָט הרוביעשאָוו געצייכנט פון זכרון דורך אברהם זילבערשטיין.

מפת הרובישוב — שורטטה מהזכרון על ידי אברהם זילברשטין.

# געשיכטע




הרובישוב וסביבתה הכפרית. הרוביעשאָוו און איר דאָרפישע סביבה.



הרוביעשאָוו אויף דער קאַרטע פון ועד ארבע הארצות (באַצייכנט אין אַ קרייז). הרובישוב על מפת ועד ארבע ארצות (מסומנת בעגול).

# לקורות
# יהודי הרובישוב

# ● אינהאַלט ● תכן ●

# ד"ר נ. מ. גלבר / לתולדות יהודי הרובישוב

### העיר הרובישוב

הרובישוב הידועה גם בשמה רובישוב (Rubieszów) היתה עד שנת 1400 כפר בחבל (Ziemia) חלם.

מניעים פוליטיים, שהכריחו את מלך פולין, ולדיסלב יאגיאלו, לנהל מאבק כלכלי נגד ערי רייסין, עודדו אותו להעניק לכפר מעמד של עיר.

בכתב־הקיום מיום 29 בספטמבר 1400 הוכרזה הרובישוב לעיר ואזרח העיר חלם, בארטלומיי, נתמנה למוכתר (wójt). הוא קבל טחנה עם זכויות מיוחדות, את ההכנסות מהאטליז, מחנויות הנחתומים, הסנדלרים, הדייגים וגם מבית־המרחץ.

כדי לאפשר לעיר את התפתחותה, הוענק לה החוק המאגדבורגי, שהיה בתקופה זו היסוד היחידי לערים.

העיר **לא** היתה כפופה לשיפוטו של הסטרוסטה, הקאשטלאן והוויבודה והוענק לה שיפוט אזרחי ופלילי ביחס לתושביה העירוניים.

הכומר שנתמנה קבל דירה, בית־מבשל בירה ותמד, 2 גנות, שדות, הכנסות מבית־המרזח ואת הזכות לחטוב עצים ביערות הסביבה.

בתקופה הראשונה היתה הרובישוב במסגרת מינהלתית של נסיכות בלז. מיד, אחרי פרסום כתב־הקיום, בנו בעיר את הארמון והודות לעזרתו של המלך התפתחה העיר בזמן קצר.

בשנת 1411 התוודעו בהרובישוב המלך יאגיאלו, הנסיך ויטולד ונציגו של המלך זיגמונט.

העיר נהנתה מתקופה קצרה של שלום ושקט.

בשנת 1433 — בימי מלחמת הנסיך הליטאי, שבידריגיאלו, נגד פולין —התנהל קרב קשה על־יד העיר, שגרם לה נזקים חמורים.

בשנת 1450 אישר המלך קאזימיר יאגיאלונצ׳יק את כתב־הקיום ונתן הוראה, שכל הסוחרים והעגלונים, המובילים סחורות מרייסין לראדום, פוזנאן, ברסלאו וערים אחרות, מוכרחים לעבור דרך הרובישוב ולשלם דמי־מכס, שהיו מיועדים לאמו של המלך.

בשנת 1459 קבל המלך מאת יאן קורופאטבה הלוואה בסך 500 זהובים ומשכן לו את הרובישוב וכפריה, בתנאי שאת ההכנסות מקבל קורופאטבה, כל זמן שהחוב לא ישולם בשלמותו.

בשנת 1473, לאחר הדליקה הגדולה בחלם, הפכה הרובישוב — עד לשנת 1490 — למרכזו של החשמן מחלם.

בשנים 1498—1500 סבלה העיר מפלישת טטרים, ששדדו ושרפו, כמעט, את כל העיר במידה כזו, שהסטרוסטה, יעקב בוצ׳אצקי, בקש את המלך אולברכט לשחרר את העיר למשך 10 שנים מכל המסים.

זמן קצר לאחר שיקומה בשנים: 1502, 1506, 1523, ו־1526 התנפלו עליה שוב טטרים, אך במחצית השניה של המאה ה־ט"ז פקדה את העיר תקופת שלום. העיר הפכה למבצר עם סוללות ושערים חזקים ונוספו לה בתים חדשים. גם מבחינה כלכלית התפתחה והכניסה לסטרוסטה בשנת 1554 עד 4092 זהובים.

בשנת 1576 העניק המלך סטפאן באטורי את העיר במתנה לאנדזיי טנצ׳ינסקי, שעשה רבות לביסוסה ולהתפתחותה.

בשנת 1588 העניק המלך זיגמונט ה־III את הסטרוסטבה לסטניסלב ז׳ולקיאבסקי לכל ימי חייו.

בשנת 1592 חתם ז׳ולקיאבסקי על הסכם עם העיר, לפיו קבל את האגם על־יד העיר תמורת שחרור התושבים מהתחיבות להוביל עצים מהיערות לארמון וכן מעבודת תקון גשרים. לפי הסכם זה, הוענקה גם לתושבים זכות־דייג. הסכם זה אושר ע"י המלך זיגמונט ה־III בורשה ב־23 במאי 1593.

בתקופה זו חלה התפתחות במלאכות. בעלי־המלאכה מתארגנים באומנויות הראשונות. בשנת 1605 אשר המלך את תקנות האומניה (Cech) של פרוונים, ב־1615 של החייטים והנחתומים, ב־1616 של הסנדלרים וב־1617 את תקנות האומנויות של נפחים, מסגרים, נגרים, נשקים (וואפענשמידע), סכרים (זאכדעקער) וצורפים. בשנת 1619 אשר ז׳ולקיאבסקי את תקנות האורגים. המספר הגדול של אומנויות מסמן את התפתחותה הכלכלית של העיר.

לפי דו"ח הלוסטראטורים (עורכי־סקר) נרשמו בתקופה זו 12 נחתומים, 26 סנדלרים. הכנסות העיר עלו ל־1111 זהובים ו־10 גרושים והכנסות הסטרוסטבה ל־11.318 זהובים.

עד שנת 1648 התנהלו החיים בהרובישוב על מי־מנוחות. בשנת 1648 סבלה העיר קשות מפלישת כנופיות חמילניצקי, שהחריבו את העיר וארמונה.

במאה הי"ז סבלה העיר לא מעט ממלחמת הקונפדרציות.

אף־על־פי, שהמלכים היו מאשרים ואפילו מרחיבים את הפריבילגיות של העיר, לא השתפר מצבה הכלכלי. לפי הסקר (lustracya) משנת 1765 היו בעיר 375 בתים, הכנסות הסטרוסטה והעיר הסתכמו בסך 60.045 זהובים.

בחלוקת פולין הראשונה עברה הרובישוב עם כל מחוז זאמושץ לאוסטריה. לפי הדו"חות הראשונים של פקידי אוסטריה, לא היתה להרובישוב צורת עיר. בתמיה מיוחדת קבעו, שראש־העיר וחברי המועצה העירונית לא ידעו קרוא וכתוב. בכל העיר קשה היה למצוא בן־אדם, שיהיה מסוגל למלא משרה עירונית.[1]

הרובישוב השתייכה למחוז זאמושץ. שר־המחוז הראשון (Kreishauptman) היה הפולני בויאקובסקי, אולם לאחר זמן קצר נתמנה לשר המחוז ברודי־זאמושץ — קאהלמאנהובר, אדמיניסטרטור כשרוני, אולם שונא פולנים וגרמניזטור קיצוני.

אחרי מותו של הסטרוסטה הפולני האחרון, סאלזי פוטוצקי, קבלה הממשלה האוסטרית את העיר עם כל כפריה והחליפה אותה עם הרוזן צטנר תמורת אחוזתו, בה היו מכרות־מלח.

לפי רשימה, שהוכנה ב־7 במרס 1788 להעברת האחוזות, חוייבה העיר הרובישוב לשלם: 1) את דמי־הושצא, מס שתושביה היו משלמים תמורת הובלת תבואה בשביל הארמון — 457 זה. 2) מס בעד הכביש ע"י בית־הקברות, בדרך לגרודק־58 זה. ו־20 גרוש 3) מס דגים מהיהודים־33 זה. 4) דמי־היהודים בעד חלב־216 זה. 5) דמי־דגים־58 זה. 6) שכר חנויות מהקצבים הנוצרים — 100 זה. 7) מנחתומים וסנדלרים־6 זה. 8) דמי־פיטור יהודים מהושצא־135 זה. 9) דמי בתי־מיבשל היהודים־12 זה. 10) דמי מסמרות, ששלמו היהודים־135 זה. 11) דמי־הגדר־40 זה.

כל המיסים האלה שולמו עד שנת 1866 ובוטלו רק אחרי הכרזת חוק־הערים החדש בפולין הקונגרסאית.

לפי הרשימה משנת 1788, היה עוד קיים בהרובישוב הארמון עם 12 חדרים, דירות שרד בעלות 6 חדרים, מאפיה, מחסני מזונות, אורוות, מחסני עגלות עם אורוה, מחסני תבואה, בית־מטבחים, טחנה ומנטרה.

ההכנסות השנתיות הסתכמו ב־20,010 זהובים ו־20 גרושים.

חילופי האחוזות בין האוצר הקיסרי והרוזן צטנר בוצעו ב־7 בדצמבר 1799 ואושרו בדקרט קיסרי מ־16 בפברואר 1802. ב־20 במאי 1803 נרשם הרוזן צטנר בספרי־הקרקעות, כבעלה הבלעדי של הרובישוב.

עוד לפני האישור הסופי מכר צטנר בחוזה פרטי מה־30 במרס 1803 שנחתם בלבוב, את העיר הרובישוב עם כפריה: פוברז׳אני, צחניצון, בורודיצה, דואקובו, יארוסלאביצה, בושיניא, וחלק מפוטנוביצה לנסיך אלכסנדר סאפיהא ולאשתו אנה לבית זאמויסקה, בסך 700,000 זהובים.

מצד סאפיהא חתם על החוזה סטניסלב סטאשיץ, כמיופה־כח הראשי של המשפחה.

לאחר זמן קצר התברר, שסאפיהא היה רק למראית־עין הקונה, למעשה קנה את העיר סטאשיץ בעצמו, שלא היה אציל, ולא היה יכול לקנות על שמו אחוזות באוסטריה.

בתעודה מ־20.2.1805 העביר סאפיהא את כל זכויותיו לידי סטאשיץ והוא שלם ב־28 במרס 1807 לאשתו של סאפיהא 700,000 זה' ותמורתם קבל יפוי־כח בלתי־מוגבל.

לאחר שהרובישוב עברה לנסיכות ורשה, היא נרשמה עם אחוזותיה על שמו של סטאשיץ. היה זה ב־19.8.1811.

בשנים 1801־1803 סבלה העיר מדליקות גדולות, שהשמידוה. שנוי לטובה חל בשנת 1806. חלק גדול מהרחובות שוקם.

גדול היה חלקו של סטניסלב וואוז'יניץ סטאשיץ, (1755—1826), שהיה ממוצא אזרחי, בן מעמד העירוניים ובן הדור של המתקנים, בפתוחה של העיר.

בתקופה האחרונה של עצמאות פולין, ביחוד בימי הסיים הגדול (1788־1792) ומרד קושצ'יושקה, הוא פעל למען שיפור מצבם של העירוניים והאכרים, ביחוד דרש לפתור את הבעיה האגררית. הוא רצה להגשים בהרובישוב את רעיונותיו לחסול הרכוש הפרטי על קרקעות על־ידי הגבלתו ל־100 צמדים (מורג).

בתקנון של הרובישוב הוא קבע, שהקרקעות מהוות קרן שיתופית־חברתית ומחולקות לחלקים שווים, כדי לאפשר עבודן. על הבעלים, שהם יצרנים פרטיים, חל איסור לקנות או למכור אדמות באופן חופשי, אולם הם זכאים להחליף ביניהם תוצרת חקלאית. בדרך זו רצה סטאשיץ למנוע ריכוז קרקעות, ונוסף לזאת התעשרות בעליהן. מצד שני, שאף להוציא את האדמות מהמחזור המסחרי ולעכב תהליך קאפיטליסטי בכפר.

למטרה זו הקים סטאשיץ את החברה החקלאית בהרובישוב, לה מסר את האחוזות כרכוש העיר. הוא היה משוכנע, שבאופן זה ייעל את החקלאות והמלאכה ויחנך את האוכלוסיה לעזרה הדדית במקרה של אסון.

ההסכם והחוזה אושרו בשנת 1822 על־ידי הצאר אלכסנדר ה־1, כמלך פולין. האדמות חולקו בין חברי החברה ואנשים, שרצו להתמסר לעבודה. כל אחד קבל רק 80 צמדים שדות. ההכנסות הצטברו בקרן רזרבה למתן הלוואות לשיפור החקלאות והמלאכה בעיר.

בשנת 1818 דרש סטאשיץ מהנציב להעניק להרובישוב זכויות מיוחדות להובלת סחורות מאודיסה עד הנהר בוג.

בעזרת הלוואה בסך 43,646 רובל ובריבית של 5½% למשך 20 שנה, שנתנו על ידי החברה החקלאית, נבנו 38 בתים. מזה בנו הנוצרים 13 בתים בהלוואה של 12,198 רובל והיהודים 25 בתים בהלוואה של 21,030 רובל.

בשנת 1827 היו בעיר — 634 בתים ו־3992 תושבים, בשנת 1849 — 6258 תושבים, בשנת 1862 — 600 בתים, מהם 57 בתי חומה ו־6181 תושבים, בשנת 1879 — 522 בתים ו־8208 תושבים, בשנת 1879 היו בידי נוצרים רק 8 חנויות.

החברה החקלאית העניקה תמיכות כספיות לעצוב בתי־הספר היסודיים.

בימי המרד הפולני בשנת 1863 פקדו זמנים קשים את העיר. בפרוץ המרד, כבשה פלוגת מורדים, בפיקודו של הרופא ד"ר נעצאי, פרבוסלבי ממוצא רותני מדויאנקה, בליל מ־22 ל־23 בינואר 1863 את העיר, פרקו מאת האינבלידים את הנשק ולקחו אתם את קופת המחוז. יחד עם ד"ר נעצאי פעל גם הקומיסר של הממשלה הלאומית, קוקיאל, תלמיד האוניברסיטה בורשה. הפקוד הצבאי היה בידי אוסבלד ראדזיאיובסקי, קצין לשעבר בצבא הפולני בשנת 1831.

בסוף המאה הי"ט היו בהרובישוב 2 בתי־חרושת למתכת, אחד — לנרות ולסבון, אחד — לשמן, בית־דפוס, 3 טחנות על הנהר Huczwa, 10 אומנויות של בעלי־מלאכה, רובן עוד מהמאה ה־י"ז והן של: נפחים, נגרים, מסגרים, פחחים, אורגים, סנדלרים, קצבים וחייטים.

למחוז הרובישוב היו מסונפות: 10 ערים ו־50 כפרים.
בשנת 1860 היה מספר התושבים בערים — 22,048. בכפרים — 80,325.
ביחד 102,373 נפשות. מהם:
קתולים — 39,174.
גרקו־אוניטים — 50,975.
פרבוסלבים — 19.
פרוטסטנטים — 31.
יהודים — 12,174.
69,895 תושבים התפרנסו מחקלאות.
7,503 — ממלאכות ותעשיה.
5,400 — ממסחר.
19,572 היו עסוקים במקצועות אחרים.
בכל המחוז עבדו 14 בתי־מבשל לבירה, ו־57 — משרפות יי"ש.
במחוז הרובישוב היה מספר התושבים בערים, פרט להרובישוב:
בשנת 1827 — 5247 תושבים, מהם 1180 יהודים.
בשנת 1859 — 6287 תושבים, מהם 2729 יהודים.
בשנת 1921 — 8217 תושבים, מהם 4100 יהודים.
בשנת 1921 התגוררו ב־380 כפרים — 3424 יהודים.

## הישוב היהודי מראשיתו עד הכיבוש האוסטרי

הידיעות הראשונות על יהודים בהרובישוב הן משנת 1440. לפני שנת 1445 יצא היהודי, אליהו מהרובישוב, דרך לוצק לקיוב ומשם הביא פרוות וסוסים[2].

יהודי אחר מהרובישוב, איזצקו (יצחק) סוקולוביץ, מישכן לביטוח חובו בסך 140 גרז'יבני אצל הוויבודה ברייסין, פיוטר אודרוואז, את כל נכסיו בהרובישוב וגם 10 עבדים[3]. באותו הזמן התנהל, בהשפעת התנאים במזרח־ברייסין סחר־עבדים, ובו היה ניכר חלקם של היהודים.

אחד מהם היה, כנראה, גם יצחק מהרובישוב. מלבד סחר זה התעסק גם כן בחכירת תחנות־מכס. בשנת 1447 הוא חוכר־מכס בסמבור ומכרות מלח ביאסיאניצא.

ליהודים מהרובישוב חלק ניכר בסחר־סחורות מזרחיות ובחכירת דמי־המכס.

בשנות החמישים נמנו בין ספקי החצר המלכותי מיכאל מהרובישוב ובנו, יהודה. הם קבלו בשנת 1456 מהמלך קאזימיר יאגיאלונצ'יק אגרת בטחון (glejt), המעניקה להם זכות נסיעות בכל הממלכה בלי תשלום מכס מסחורותיהם. פרט לסחורות שונות, הם מנהלים מסחר־יינות מעבר לים (vina per mare), כנראה מקרים. לשום בית־משפט במדינה לא היתה הסמכות לשפוט אותו, אלא רק למלך בעצמו[4].

מחוכרי דמי־המכס בהרובישוב ידועים לנו, פרט ליצחק, הנזכר לעיל: יוסקו מהרובישוב ואחיו, שך שכנאביץ, שחכרו בשנים 1484—1487 את המכס בהרובישוב, לובלין ובלז, בשנים 1493—1497[5] בהרובישוב ובלובלין ובשנת 1498 בלובאצ'וב.

בשנת 1500 חכר בנו של יוסקו, יעקב, את המכס בהרובישוב. ויוסקו בעצמו חכר בשנים 1503, 1505—1508 בלובלין, חלם, הרובישוב, לבוב, ואח"כ בגלילות פודוליה, לבוב, האליץ' סאנוק, פשמישל, בלז, למעשה הוא אחד מגדולי החוכרים בשנים אלה.

יוסקו מסלק לאוצר המלכותי בשנים 1484—1487 על חשבון דמי־חכירת המכס בלובלין, הרובישוב ובלז — 1146 גרז'יבני ו־319 פלורין. בשנת 1493 דמי־חכירה בלובלין — 320 גרז'יבני, בשנת 1504 דמי־חכירה בעד תחנות מכס בגליל לבוב ובלז — 500 גרז'יבני, בשנת 1505 משלם הוא למלך אלכסנדר על חשבון דמי־חכירה בלבוב ובלז — 769 גרז'יבני ובשנת 1508 שלם לידי מיקולאי לאנצקורונסקי על חשבון המכס בלבוב — 650 פלורין. בשנים 1502—1506 שלם יוסקו למלך אלכסנדר קרוב ל־168 גרז'יבני ומלבד סכום זה, נתן גם כמה עשרות אמות אריגים[6].

חלקם של יהודי הרובישוב ניכר בסחר עם ולכיה ותורכיה. הם מכרו בקר ושורים תמורת סחורות קולוניאליות ומזרחיות (שטיחים וכו').

מסחר זה הקשור בנסיעות רחוקות טמן בחובו גם סכנות, ולא פעם התנפלו שודדים על שיירות הסוחרים בדרכים וביערות.

כך, ידוע לנו משאלות־ותשובות, "מבהיר עיני חכמים" של ר' מאיר בר' גדליה מלובלין (1558—1616) מתוך עדות שנגבתה בקונסטאנצה, שיהודה בר' משה, תושב הרובישוב, נהרג על ידי ליסטים.

משני עדים שראוהו מת, העיד הראשון, שהשודד שלף חרבו על ראשו של ר' יהודה בר' משה, עד שנפל. העד השני מסר, שבראותו, שהגזלנים הכו את ר' יהודה, הוא קפץ מתוך העגלה וברח. אחר כך,

ווי אַזוי די זאַך זאָל נישט זיין, האַנדלט זיך דאָ אין איינצעלנע, לאָמיר זאָגן: צענדליקער יידן, נישט מער. ווען מ׳פאַרגלייכט דעריבער בלויז די ציפערן פאַרן יאָר 1931 (צי 1939) מיט דער צאָל פון יאָר 1945, זעט מען די גרויס פון אונזער נאַציאָנאַלן חורבן.

ווי אַזוי דער ישוב פון אַ זיבן־אַכט טויזנט יידן איז איינגעשרומפּן געוואָרן ביז צו קנאַפּע צוויי הונדערט נפשות, וועלן אונז דערציילן די ווייטערדיקע קאַפּיטלען.

## די איבערגאַנגס־צייט

דעם 1־טן סעפּטעמבער 1939 איז אויסגעבראָכן די מלחמה: דייטשלאַנד איז באַפאַלן פּוילן. דעם 7־טן טאָג פון דער מלחמה ווערט הרוביעשאָוו באָמבאַרדירט און עס פאַלן די ערשטע קרבנות, דעם 14־טן טאָג, ראש־השנה, באַזעצן די דייטשן די שטאָט.

דורך דער צייט איז דורך דער שטאָט דורכגעגאַנגען אַ שטראָם פּליטים, ס׳רוב יידן, יונגע לייט, וואָס זיינען געלאָפן פון מערב (וואַרשע) איבערן בוג, ווו, — ווי מ׳האָט געגלויבט — עס וועט זיך אָרגאַניזירן אַ נייע פּוילישע אַרמיי, כדי אָפּצושלאָגן דעם טייל פּוילן, וואָס איז באַזעצט געוואָרן דורך די דייטשע חיילות. אַ טייל פון די פּליטים איז געבליבן אין שטאָט און מיטגעמאַכט מיט די הרוביעשאָווער יידן דעם ביטערן גורל.

אין די ערשטע פּאָר טעג פון דער דייטשער אָקופּאַציע איז דער יידישער באַפעלקערונג אויסגעקומען נישט ווייניק צו ליידן. די זעלנער ראַבעווען, טראָגן אַרויס פון די געוועלבער, וואָס ס׳לאָזט זיך נאָר. טייל־מאָל זיינען זיי „נאָבל" און באַצאָלן מיט טשעכישע קראָנען, וואָס זיינען שוין לאַנג אַרויס פון קורס... און גיי פּרווו נישט נעמען דאָס געלט! עס זיינען אויך פאָרגעקומען עטלעכע פאַרגוואַלדיקונגען פון יונגע מיידלעך, הגם דאָס איז געווען פאַרבאָטן אין דריטן רייך צוליב ראַסנשאַנדע.

אָבער יידן טרייסטן זיך, עס וועט זיך באַרויקן, איינשטילן, ווען ס׳וועט קומען אַ ציווילע אַדמיניסטראַציע און איינפירן אָרדענונג.

צום גליק, האָט דער מצב דאָס מאָל לאַנג נישט געדויערט. צוליב דעם, וואָס די דעמאַרקאַציאָנס־ליניע צווישן דייטשלאַנד און ראַטנפאַרבאַנד איז צו דער צייט נאָך נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן (עס האָט זיך געהאַנדלט אין דעם, צי די גרענעץ אויף דעם אָפּשניט וועט זיין דער טייך וויעפּש אָדער דער בוג), ציען זיך די דייטשן צוריק ערב יום־כיפור און די שטאָט באַזעצט אַן הייפל דעמאָראַליזירטע, פּוילישע זעלנער, וואָס האָט זיך נאָך אַרומגעדרייט אין דער סביבה. זיי ראַבעווען און שלאָגן יידן.

מוצאי יום־כיפור (23.9.1939) באַזעצט די שטאָט די רויטע אַרמיי, נאָך אַ קורצן צוזאַמענשטויס מיט די פּאָלאַקן. זי בלייבט אין שטאָט בסך־הכל עלף טעג און דעם דריטן אָקטאָבער ציט זי זיך צוריק איבערן בוג (אַ פינף ק״מ פון הרוביעשאָוו), ווייל אינצווישנצייט, דעם 28.9.1939, האָט אַ סאָוויעטיש־דייטשע קאָמיסיע „ענדגילטיק" באַשטימט די גרענעצן צווישן דעם דייטשן און סאָוויעטישן „אינטערעסן־געביט", ווי עס זיינען אָמטלעך אָנגערופן געוואָרן די ביידע אָקופּירטע טיילן פון דער פּוילישער טעריטאָריע. קאַרגע צוויי יאָר האָט דער טייך בוג אָפּגעטיילט די טעריטאָריעס פון ביידע גרויסמאַכטן: ראַטנפאַרבאַנד און דייטשלאַנד.

עטלעכע יונגע לייט, וואָס זיינען באַקאַנט אין שטאָט מיט זייערע פּראָ־סאָוויעטישע סימפּאַטיעס, ווי אויך די, וואָס האָבן געדינט אין דער רויטער מיליץ און מיטגעאַרבעט מיט דער צייטווייליקער, סאָוויעטישער אַדמיניסטראַציע, זיינען אַוועק מיט דער אָפּטרעטנדיקער, סאָוויעטישער אַרמיי. צו זיי שטייען צו די, וואָס האָבן זיך שוין איבערצייגט, אין די טעג פון דער ערשטער דייטשער אָקופּאַציע, וואָס מ׳קען דערוואַרטן פון די דייטשן, צום באַדויערן, אַ קליין הייפל יידן.

צומאָרגנס, דעם 4.10.1939, האָבן די דייטשן צום צווייטן מאָל באַזעצט הרוביעשאָוו.

אָבער אויך נאָכדעם שמוגלען די גרענעץ סיי היימישע יידן, סיי געקומענע פון אַנדערע מקומות. די נאָענטקייט פון דער גרענעץ און די גוטע באַציונגען מיט די פּויערים, וואָס האָבן באַוווינט די ביידע ברעגעס פון גרענעץ־טייך, האָבן דאָס דערמעגלעכט, הגם דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט סכנות. די אָפיציעלע געמישטע סאָוויעטיש־דייטשע קאָמיסיע, וואָס האָט זיך פאַרנומען אין די חדשים דעצעמבער 1939 — פעברואַר 1940 מיטן איבערפירן בירגער פון איין מדינה אין דער צווייטער, זיינען אויסן געווען איבערצופירן אוקראַאינער פון דייטשן אינטערעסן־געביט קיין ראַטנפאַרבאַנד און דייטשן און פאָלקס־דייטשן אין דער פאַרקערטער ריכטונג. דערפון האָט אויך געניאָסן אַ הייפל יידן. דערביי זיינען אויך געווען פאַלן, ווען יידן זיינען צוריקגעקומען פון דער סאָוויעטן־טעריטאָריע. וואָס שייך הרוביעשאָוו, איז גאָר אַ קליינע צאָל יידן צוריקגעקומען. גרעסער איז געווען די צאָל יידן, וואָס זיינען אומלעגאַל אַריבער די גרענעץ קיין ראַטנפאַרבאַנד.

צום באַדויערן, האָט די צופרידנשטעלנדיקע עקאָנאָמישע לאַגע, וואָס האָט דאָ געהערשט אַ שטיק צייט נאָך דער ערשטער שחיטה און די האָפענונג, אַז עס וועט זיך איינשטעלן אַ געוויסע אָרדענונג, אָפּגעהאַלטן פיל יידן פון לאָזן זיך אין דער פרעמד. דער רוב מנין־ובנין פון די הרוביעשאָווער יידן איז געבליבן „אין דער היים".

ס׳זיינען אויך געווען פאַלן, ווען יידן זיינען ביים איבערגיין די גרענעץ, מיט כח צוריקגעשיקט געוואָרן. די האָבן שוין אַ צווייטן מאָל נישט געפּרוווט, בפרט, אַז דער גיהנום האָט זיך נאָך נישט געהאַט אָנגעהויבן.

## די דייטשן צום צווייטן מאָל

די דייטשע ווערמאַכט האָט איצט מיט מער אייפער פאַרגעזעצט איר פריערדיקע אַרבעט. קודם־כל, פירט מען דורך, דער עיקר ביי יידן, רעקוויזיציעס: מ׳זוכט געווער, דערביי נעמט מען צו אַלץ, וואָס מ׳געפינט און „וואָס מ׳האָט געוואָלט פאַרבאַהאַלטן פון דער דייטשער מאַכט". עס פעלן אויך נישט קיין קלעפּ. עס ווערט באַפוילן די יידן צו האַלטן אָפן זייערע געוועלבער, אפילו אום שבת, דערביי ווערט געוואָרנט, אַז די פּרייזן מוזן זיין פאַרמלחמהדיקע, הגם צוליב דער מלחמה איז אַלץ געשטיגן און עס האָט אויפגעהערט דער צופלוס פון נייע סחורות. פאַר סחורה צאָלט מען מיט דייטשע מאַרקן לויטן קורס איין מאַרק - צוויי זלאָטעס! אַזוי אַרום ווערן יידישע סוחרים געצוווּנגען אויסצופאַרקויפן זייערע סחורות פאַר אַ נידעריקן פּרייז.

פאַראַן אויך אַרטיקלען, וואָס די ווערמאַכט הייסט זיך ליפערן אָן געצאָלט, אַ מין קאָנטריבוציע. די מיליטער - מאַכט דערלויבט אויך כאַפּן יידן צו פאַרשיידענע אַרבעטן אויפן פאַרלאַנג פון יעדן דייטשן אַמט.

די פּוילישע פּאָליציי, וואָס איז זיך צעלאָפן ביים ערשטן אָנקומען פון די דייטשן, נעמט איצט איבער אירע פונקציעס. ווי פאַר דער מלחמה, אין אירע אַלטע גראַנאַט־מונדירן, און דערפון דער נייער נאָמען „גראַנאַטאָווע פּאָליציי", כדי זיי צו אונטערשיידן פון דער דייטשער פּאָליציי, ווי אויך פון דער ניי־געשאַפענער אוקראַאינישער פּאָליציי, וועלכע איז שוואַרץ מונדירט (דערפון דער נאָמען „טשאַרני" — „שוואַרצע"). די אוקראַאינישע מיליץ ווערט אָרגאַניזירט אפילו אין מקומות מיט אַ קליינעם פּראָצענט אוקראַאינער.

אַזוי אַרום אַנשטייען פאַרשיידענע אָרגאַנען פון דער אויפזיכטס־מאַכט, וואָס ריוואַליזירן צווישן זיך און פאַרשווערן דאָס לעבן פון בירגער, בפרט פון יידן.

אינצווישן־צייט ווערט מיטן דעקרעט פון פירער פון 12.10.1939, וואָס איז אַריין אין קראַפט דעם 26.10.1939, געשאַפן אויף אַ טייל פון באַזעצטן פּוילן דאָס אַזוי גערופענע: גענעראַל גוווערנעמענט (ג״ג) מיטן גענעראַל־גוווערנער, דר. האַנס פראַנק בראש, מיטן זיץ־אָרט אין קראָקע.

דער גאַנצער שטח פון ג״ג ווערט צעטיילט אויף פיר דיסטריקטן: קראָקע, ראַדאָם, לובלין און וואַרשע (הרוביעשאָוו געהערט צום לובלינער דיסטריקט). צוגלייך דערמיט גייט איבער די מאַכט אין ציווילע הענט.

## דער אָנהויב

הרוביעשאָוו איז דורך דער דייטשער מאַכט באַשטימט געוואָרן אַלס זיץ־אָרט פון איינע פון די 10 „קרייז־האויפטמאַנשאַפטן" אין לובלינער דיסטריקט. אַלס קרייז הויפטמאַן איז באַשטימט געוואָרן אַ רייכס־דייטש, דר. בעהרענד (Behrend) דערנאָך בוסע (Busse). דער הרוביעשאָווער קרייז איז געווען גרעסער, ווי דער פריערדיקער פּאוויאט, ווייל עס זיינען צו אים צוגעטיילט געוואָרן אַ ריי ישובים, וואָס האָבן פריער געהערט צו אַנדערע פּאוויאטן, וואָס זיינען דורך די דייטשן אויפגעלעזט געוואָרן, ווי אויך אַ טייל פון ראַווע־רוסקער פּאוויאט (בעלזשעץ) און סאָקאַלער (בעלז), וואָס האָבן פריער געהערט צו לוואָווער וואָיעוואָדשאַפט.

לויט דער דייטשער סטאַטיסטיק האָט דער נייער קרייז געציילט בערך 186.000 איינוווינער, דערפון 91.000 אוקראַינער, 83.000 פּאָלאַקן, 11.000 יידן, און 583 דייטשן. דאָס האָט שוין געגעבן דער דייטשער מאַכט אַ יסוד צו באַטראַכטן די שטאָט פאַר „אַן אייגענע", מ'האָט געעפנט דאָ אַ דייטשע שול פאַר דייטשע קינדער מיט אַ לערער פון רייך(7).

און ווי אומעטום אויף די באַזעצטע פּוילישע שטחים, האָבן אויך דאָ די דייטשן באַמיט זיך צו פאַוואָריזירן די אוקראַינער(8), געהאָלפן זיי אויפשטעלן קאָאָפּעראַטיוון, עפענען שולן מיט אוקראַיניש אַלס לערנשפּראַך, אָרגאַניזירן אַן אוקראַינישע מיליץ מיט דער כוונה אויסצושפּילן זיי קעגן די פּאָלאַקן, גלייכצייטיק העצן ביידע פעלקער קעגן די יידן.

זייער אינטערעסאַנט און כאַראַקטעריסטיש פאַרן דייטש־נאַציסטישן אופן פון דענקען זיינען די ציפערן, וואָס דער זעלבער דייטשער מחבר גיט אָן אין דער צווייטער אויפלאַגע פון זיין בוך (1942). די אַלגעמיינע צאָל באַפעלקערונג באַטרעפט שוין "רונד" 210.000 איינוווינער, דערפון פּאָלאַקן — 106.000, אוקראַינער — 94.000, דאַקעגן יידן — בלויז 11.000, אַזויפיל וויפל ס'איז געווען מיט צוויי יאָר צוריק (ז. 320/1). מיר פאַרשטייען פונוואַנען עס שטאַמט דער וווקס פון דער נישט־יידישער באַפעלקערונג — עס זיינען פאַרגרעסערט געוואָרן די גרענעצן פון דעם קרייז, דער נאַטירלעכער צוווקס און אַזוי ווייטער, אָבער פאַרוואָס איז די צאָל יידן געבליבן אויפן זעלבן, טויטן פונקט? דערמיט אַליין זאָגט דער היטלעריסטישער מחבר עדות, אַז עפּעס איז דאָ מיט די יידן נישט אין אָרדענונג. האָבן דאָך די דייטש־נאַציסטישע פּראָפּאַגאַנדעשרייבער כסדר זיך געקלאָגט אויף דעם גרויסן פּראָצענט יידן אין פּוילן און זייער גרויסן, נאַטירלעכן צוווקס, בפרט אויף די מזרח־געביטן פון פּוילן!

פאַקטיש, זיינען צו יענער צייט אין הרוביעשאָווער קרייזן געווען נאָך ווייניקער יידן, נאָר דער מחבר איז אין דעם ניט מודה, ווייל ער וואָלט דאָך געמוזט געבן אַ תשובה אויף דער פראַגע: ווו זיינען אַהינגעקומען די יידן?

און דעם ענטפער וויל, קענטיק, דער שעף פון דער אָפּטיילונג „פאָלקס־אויפקלערונג און פּראָפּאַגאַנדע" אין גענעראַל־גוווערנעמענט, דר. די־פּרעל, אויסמיידן.

הרוביעשאָוו האָט געהערט צו די גרענעץ־שטעט, ווו די דייטשן האָבן גערעכנט צו לייזן דאָס יידישע פּראָבלעם תיכף, נאָכן איינעמען דאָס אָרט, אויף אַ ראַדיקאַלן און פשוטן אופן, נעמלעך, דורך טרייבן די יידן צו דער מזרח־גרענעץ און צווינגען זיי בכח אַריבערצוגיין צו די סאָוויעטן, אָן צו פאַרשטענדיקן זיך וועגן דעם מיטן ראַטנפאַרבאַנד.

קודם, האָבן זיי אַזוי געהאַנדלט ביי די ברעגעס פון סאַן (ניסקא, פּשעמישל און אַזוי ווייטער), דערנאָך ביי די ברעגעס פון צווייטן גרענעץ־טייך: בוג (כעלם, הרוביעשאָוו א. א.)

לכתחילה, האָבן די דייטשן געפירט אַ מין פּראָפּאַגאַנדע צווישן די יידן, זיי זאָלן „פרייוויליק" פאַרלאָזן דאָס לאַנד און אַריבערגיין אויף אייגענער האַנט די גרענעץ. זיי גיבן אָן דער אַקציע די פאָרם פון אַ מין לעגאַלער האַנדלונג. זיי זיינען מודיע ברבים, אַז מ'קען פאַר אַ געוויסן אָפּצאָל באַקומען אַ דערלויבעניש אַריבערצוגיין די גרענעץ.

אַן אַנדערש מאָל „עפענען" זיי די גרענעץ אויף 24 שעה, אָן דער פאַרשטענדיקונג פון צווייטן צד, און דערלויבן יעדן, וואָס וויל נאָר, אַריבערצוגיין פראַנק און פריי אויף „יענער זייט". די יידן, וואָס מיינען דאָס ערנסט און שטעלן זיך צו מיט דער דייטשער דערלויבעניש צו דער גרענעץ, ווערן דורך די דייטשן באַראַבעוועט, דאַן ווערן זיי איבערגעלאָזט אויף אייגענעם באַראָט. געלינגט זיי אַריבערצוגיין די סאָוויעטישע גרענעץ - וואָך איז זייער גליק! אויב נישט, ווערן זיי געצוווּנגען צוריקצוגיין און פאַלן אַריין אין די הענט פון די דייטשע רוצחים, וואָס האָבן זיי „דערלויבט" אַריבערצוגיין די גרענעץ. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז נישט אַדורך אָן מענטשלעכע קרבנות. אָבער סוף־כל־סוף זיינען דאָס נאָך געווען „קליינע" זאַכן, ביז ס'איז געקומען דער ערשטער דעצעמבער 1939.

## דער מאַרש

אין דעם טאָג מעלדעט דער יודנראַט, אין נאָמען פון דער דייטשער מאַכט, אַז אַלע יידן פון 15 ביז 60 יאָר דאַרפן זיך שטעלן צומאָרגנס, שבת פרי, (אַלע פורעניות פלעגן געוויינלעך פאָרקומען שבת, אָדער אין אַן אַנדער יומא־דפגרא) צווישן זיבן און ניין אויפן „וויגאָן".

דאָ ווערט דורכגעפירט אַ סעלעקציע: ייִנגערע פון 15 יאָר און עלטערע פון 60 יאָר — ווערן אָפּגעשיקט אַהיים. באַפרייט ווערן אויך קוואַליפיצירטע אַרבעטער, וואָס אין זיי נויטיקן זיך די דייטשע אַרבעטשטעלעס, אויך דער דייטשער בירגערמייסטער באַפרייט זיינע מענטשן. די דייטשע זשאַנדאַרן שלעפּן אַרויס פון די רייען די, וואָס האָבן געקענט זיך אָפּבעטן, אָדער אויסקויפן. אַ פיר הונדערט יידן זיינען אַזוי אַרום באַפרייט געוואָרן, אַ פופצן הונדערט זיינען געבליבן. מ'נעמט ביי זיי אַלץ צו, דערנאָך שטעלט מען זיי אויס אין רייען, און מען טרייבט זיי אויסער דער שטאָט. אויפן וועג טרעפן זיי זיך מיט כעלמער יידן, וועלכע מ'האָט מיט אַ טאָג פריער אַרויסגעשיקט פון זייער היימשטאָט און מ'האָט זיי געטריבן אין דער ריכטונג פון הרוביעשאָוו.

דעם עולם האָט מען געטריבן מיט אומוועגן, דורך די דערפער מיעניאַני, (Mieniany) ציכאָוואָזע, דאָלביטשעוו (Dolhobyczów). ווער ס'איז געווען שוואַך און נישט געהאַט קיין כח צו גיין, ווער ס'האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ מינוט אָפּרוען, איז דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט; איינצעלנע געלינגט צו אַנטלויפן און אויסבאַהאַלטן זיך.

אין דאָלביטשעוו האָט מען די מחנה צעטיילט אויף צוויי גרופּן. איין גרופּע פון אַ 500 יידן האָט מען געטריבן קיין סאָקאַל, דאָ ווערן די יידן געצוווּנגען אַריבערצוגיין די בריק, אָדער דירעקט דורכן טייך, אויף דער סאָוויעטישער זייט. צוליבן געדראַנג אויף דער בריק און צוליב דעם טיפן וואַסער — קומען אַ סך אום. אַ דריי הונדערט זיינען פאָרט אַריבער די גרענעץ, זיי ווערן אָבער צוריקגעשטויסן דורך דער סאָוויעטישער גרענעץ־וואַך: זיי זיינען דאָך אומלעגאַל אַריבער די גרענעץ.

די צווייטע גרופּע פון 400 מאַן ווערט געטריבן קיין בעלז, וווהין זי קומט אָן ערשט מאָנטיק, דעם 4־טן דעצעמבער. אַ קליינע גרופּע פון זיי געלינגט אַריבערצוגיין די גרענעץ און צו פאַרבלייבן דאָרט, די רעשט בלייבט אויף דער דייטשער זייט.

בסך־הכל זיינען אין דעם „טויטן - מאַרש" אומגעקומען ביז אַ 15 הונדערט כעלמער און הרוביעשאָווער יידן. (די באַצייכענונג האָט זיך איינגעשטעלט נאָך אין יענע יאָרן פאַר אַזעלכע פּאַסירונגען, פאַרגלייך, למשל, דעם טויטן־מאַרש פון די יידישע קריגס־געפאַנגענע פון לובלין קיין ביאַלע־פּאָדלאַסק).

7. Dr. Max Freiher du Prel, Das Generalgouvernement — 1940, 171, 312 .ז

8. זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דער טענדענץ איז דער פאַקט, וואָס פון הרוביעשאָווער שווים־באַסיין און ספּאָרט־פּלאַץ האָבן געמעגט געניסן נאָר דייטשן און אוקראַינער, און די פאַראָרדענונג האָבן זיך די דייטשן אפילו נישט געשעמט אָפּצודרוקן אין דער צווייטער, פאַרגרעסערטער אויסגאַבע (1942) פון די־פּרעלס בוך וועגן גענעראַלגוווערנעמענט (ז. 326).

אין ספר הזוועות (ירושלים, תש״ה, ז. 15־112) ווערן אָנגעגעבן, אויפן סמך פון אַן עדות, די נעמען פון אַכציק הרוביעשאָווער יידן, וואָס זיינען בעתן מאַרש אומגעקומען. מער האָט דער עדות, וואָס איז נאָך אין יאָר 1940 געקומען אין לאַנד, נישט געדענקט.

אין דער אויסגאַבע פון דער פוילישער עמיגראַנטישער רעגירונג אין לאָנדאָן פון יאָר 1941 The German New Order in Poland (ז.220) ווערט אָנגעגעבן, אַז 83 יידן זיינען דערשאָסן געוואָרן צווישן כעלם און הרוביעשאָוו דערפאַר, ווייל זיי האָבן נישט געקענט גיך לויפן צו דער סאָוויעטישער גרענעץ.

אפילו די פוילישע רעגירונגס־קרייזן פון יענער צייט, וואָס זיינען געווען פאַראינטערעסירט צו שרייבן דעם אמת וועגן די דייטשע גרויל־טאַטן, פאַרקלענערן די צאָל געהרגטע יידן, אָנעמענדיק א פנים די ידיעות, וואָס זיינען געקומען פון לאַנד, פאַר גוזמאדיקע. די נאָרמאַלע, מענטשלע־כע פאַנטאַזיע האָט פון אָנהויב נישט געקענט אויפאַסן דעם גרויזאַמען אמת.

די צוריקגעקומענע פון גרענעץ האָבן די דייטשן געלאָזט אויף הפקר (אויך אַ טובה). אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע פון פיר טעג וואַנדערן איבער זומפּן און בלאָטעס, אויסגעהונגערטע און אויסגעמאַטערטע, אָן געלט־מיטלען און אָן זאַכן, בלייבן זיי הילפלאָז אויף די וועגן. צום גליק, האָבן די פויערים פון די אַרומיקע דערפער זיי געהאָלפן. עס האָבן דערצו גערופן עטלעכע קאַטוילישע גלחים. מ׳האָט די יידן געגעבן עסן, געלאָזט זיי זיך אויסרוען אין די וואַרעמע שטיבער, ווו נישט ווו אפילו אונ־טערגעפירט מיט פערד און וואָגן. מיט דער הילף פון די אַרומיקע פויערים זיינען די יידן צוריקגעקומען אַהיים.

צו דער צייט האָט די דייטשע פּראָפּאַגאַנדע נאָך נישט געהאַט אָפּגע־טעמפּט די מענטשלעכע געפילן פון די קריסטן צו די יידן. מיט צוויי יאָר שפּעטער, בעת דער ליקווידאַציע פון די יידן אין דעם קאַנט, איז די לאַגע געווען גאָר אַן אַנדערע. אַ יידן איז שוין דעמאָלט שווער גע־ווען צו געפינען הילף ביי אַ פויער, בפרט אַז אין דער שפּעטערדיקער תקופה האָט דעם פויער פאַר העלפן אַ יידן געדראָט טויט־שטראָף.

און ווער ווייסט, מיט וואָס עס וואָלט זיך געווען געענדיקט די „מעטאָד" פון לעזן די יידנפראַגע, ווען נישט די מורא פאַר דיפּלאָמאַטישע קאָמפּליקאַציעס, פאַר וועלכע די דייטשן האָבן נאָך צו יענער צייט זיך געשראָקן.

דעם פינפטן דעצעמבער 1939 האָט גענעראַל קייטעל, דער שעף פון דער הויפּט־קאָמאַנדע פון דער דייטשער ווערמאַכט, טעלעפאָנירט צום דייטשן אויסערן־מיניסטעריום, ער האָט זיך געקלאָגט, אַז דאָס וויל־קירלעכע אַריבערטרייבן יידן אויף דער סאָוויעטישער זייט, וואָס קומט לעצטנס פאָר, „זעט נישט אויס צו זיין אַזוי אומשולדיק און דעליקאַט, ווי מ׳האָט עס דערוואַרט" (! — נ.ב.). די אַרויסגעטריבענע יידן ווערן דורך די רוסן צוריקגעשטויסן און די רוסישע קאָמאַנדירן צווינגען די דייטשע וואַך־פּאָסטנס צוריק אַריינצולאָזן די יידן, די הויפּטקאָמאַנדע פון דער דייטשער ווערמאַכט קען דאָ גאָרנישט (! — נ.ב.) אויפטאָן, אַזוי ווי די אַרבעט פירט דורך די פּאָליציי, וואָס אונטערליגט איר נישט. קייטל בעט דעריבער, אַז דאָס אויסערן־מיניסטעריום זאָל די זאַך דער־ליידיקן.

דאָס אויסערן־מיניסטעריום, וואָס האָט צו יענער צייט געשטרעבט אָנ־צוהאַלטן גוטע באַציונגען מיטן ראַטנפאַרבאַנד, האָט זיך קענטיק באַ־מיט און דערגרייכט, אַז דאָס אַרויסשיקן איבער דער גרינער גרענעץ, קיין ראַטנפאַרבאַנד, איז אָפּגעשטעלט געוואָרן(9). דאָס מיניסטעריום האָט נישט געפּרוווט באַאיינפלוסן די סאָוויעטישע מאַכט, אַז זי זאָל אַריינ־לאָזן די יידן (אויף דעם האָבן מיר נישט קיין דאָקומענטן), נאָר זי האָט געווירקט אויף די דייטשע אינסטאַנצן (אויף דעם רייכספירער פון ס. ס. און פּאָליציי, היינריך הימלער, אויף דעם גענעראַל־גוווערנער דר. פראַנק) זיי זאָלן די אַקציע תיכף אָפּשטעלן. און אַזוי איז געשען!

אַנשטאָט דעם מעטאָד פון פּטרן די יידן האָבן די דייטשן צו־

(9) פאַרגלייך:
The Nazi-Soviet Relations — 1939-1941, Washington 1947, 1928 ז.



געקלערט אַן אַנדערן, מער ראַדיקאַלערן, וואָס איז נישט פאַרבונדן מיט דיפּלאָמאַטישע קאָמפּליקאַציעס. אָבער ביז די אידעע איז רייף גע־וואָרן, ביז מ׳האָט צוגעגרייט די טעכנישע מעגלעכקייטן כדי זי צו קענען פאַרווירקלעכן, זיינען דערווייל אַדורך אַ צוויי יאָר אונטערן דייטשן שטיוול.

אָבער כלפּי־חוץ, און אין דער ליכט פון די שפּעטערדיקע געשעע־נישן, זיינען די דאָזיקע צוויי יאָר געווען אַ רויקע, „גליקלעכע" תקופה.

## דער יודנראַט

ווי אין גאַנצן גענעראַל־גוווערנעמענט איז אויך אין הרוביעשאָוו גע־שאַפן געוואָרן אויף דער פאָדערונג פון די דייטשן אַ יודנראַט, וואָס האָט פון איין זייט געדאַרפט דורכפירן יעדע דייטשע פאַראָרדענונג ביז צום סוף, אויסליפערן אייגענע ברידער און שוועסטער צום אומקום; פון דער אַנדערער זייט איז ער געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן פאַרהאַלטן זיך און פאַר די מעשים פון אַלע, אים אונטערליגנדיקע יידן, פון אַלע אינאיינעם און יעדן באַזונדער. דערפון די שווערע ראָל פון יודנ־ראַט. גלייכצייטיק האָבן די דייטשן גענאַרט דעם יודנראַט מיט דער אילוזיע פון אויטאָנאָמיע און זעלבסרעגירן פון יידן איבער יידן.

און כדי אונטערצוהאַלטן די אילוזיע, און פון דער צווייטער זייט, כדי דעם יודנראַט צוגעבן דעם געהעריקן אויטאָריטעט, האָבן די דייטשן באַשטימט אַלס מיטגלידער פון יודנראַט דווקא אָנגעזעענע און באַקאַנטע עסקנים, ווייסנדיק, אַז סיי ווי וועט דער יודנראַט, אונטערן דרוק פון די דייטשע פאַראָרדענונגען, דראָונגען און שאַנטאַזשן, נישט וואַגן זיך אַנט־קעגנשטעלן דער „נייער אָרדענונג".

אַלס יודנעלסטער ווערט נאָמינירט דער געוועזענער ראש־הקהל, שמואל בראַנד, וועלכער גענעסט פון דער אָנערקענונג פון אַ גרויסן טייל פון קהל. אויסער אים געהערן צום יודנראַט: יואל ראַבינאָ־וויץ — פאַרטרעטער פון פּאָרזיצער, שמואל זייד — געוועזענער פּאָרזיצער פון דער גמילות־חסדים קאַסע, פישל זילבערשטיין, משה שטעכער, עזריאל פינקלשטיין, יוקל בראַנד, הערש זילבער, אייזיק פינגער, געצל וואַלדמאַן, ישראל שפּילער און יחזקאל דרוקער. אין ישובים ביז 10.000 יידן האָט — לויט די דייטשע פאָרשריפטן — דער יודנראַט גע־דאַרפט ציילן 12 מיטגלידער.

ווי ווייט די יידן האָבן זיך נישט אָריענטירט אין דער לאַגע און נישט אָפּגעגעבן זיך קיין רעכענונג, וואָס ס׳איז דער יודנראַט פאַר דער דייטשער מאַכט, איז צו זען פון דער פראַגע און דעם ענטפער, וואָס ס׳גיט אויף איר די איינציקע צייטונג פאַר יידן אין גענעראַל גוווערנע־מענט (אַרויסגעגעבן אין קראָקע אויף פויליש) „גאַזעטאַ זשי־דאָווסקאַ", דעם 25.2.1941. די פראַגע שטאַמט פון הרוביעשאָוו. דער אינטערפּעלאַנט וויל וויסן, צי דער יודנראַט האָט אַ רעכט אויסצוויילן אַליין פון צווישן זיך דעם פּאָרזיצנדן, און צו אים, דעם עלטסטן, פאַרפליכטעט אַ באַשלוס פון יודנראַט, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן מיט אַ מערהייט שטימען! די צייטונג ענטפערט, וואָס זי ענטפערט (אויך זי באַנוצט זיך מיט פאַר־מלחמה־אַרגומענטן), אָבער זי איז גענוג פּאָרזיכטיק און באַמערקט, אַז זי ווייסט נישט, צי די מאַכט האָט די זעלבע מיינונג, ווי די רעדאַקציע פון דער צייטונג!

ביידע האָבן פאַרגעסן, אַז אין דער היטלער־תקופה איז נישט געווען קיין פּלאַץ אויף פּאַרלאַמענטאַרישע אָפּשטימונגען, פרייע וואַלן און אַזוי ווייטער, בפרט וואָס נוגע יידן. צווייטנס, איז דער פּאָרזיצנדער געווען באַשטימט פון דער אויפזיכט־מאַכט, און גענאָסן פון איר פאַרטרויען. אויב נישט, האָט מען אים באַזייטיקט, הגם די געדרוקטע פאַראָרדענונג רעדט וועגן וואַלן און אַזוי ווייטער.

אויך אין יודנראַט האָט געדאַרפט הערשן דער פירער־פּרינציפּ; דאָס איבעריקע איז געווען נישט מער ווי אַ דעקאָראַציע, וואָס האָט גע־דאַרפט פאַרפירן די יידן, פונקט ווי זיי וואָלטן טאַקע געהאַט אין דריטן רייך רעכט אויף אַן אייגענער יידישער רעפּרעזענטאַנץ.

כדי נאָכצוקומען די דייטשע פאָדערונגען און ווי ניט איז איינשטעלן די

אַרבעט, אָרגאַניזירט דער יודנראַט פאַרשיידענע קאָמיסיעס, ווי דער אַרבעטס־אַמט, וואָס דאַרף צושטעלן יידן צו דער אַרבעט חוצן גע־טאָ, אויף יעדן פאַרלאַנג פון דער מאַכט. דער אָפּטייל זאָרגט אויך דער־פאַר, אַז יידן אין געטאָ זאָלן טאָן „נוצלעכע" אַרבעט, און דאָס לויט דער דייטשער פאַראָרדענונג פון 26.10.1939, וועלכע פאַרפּליכטעט אַלע יידן צו צוואַנגס־אַרבעט (דערנאָך איז דאָס באַגרענעצט געוואָרן צו די יאָרן 55־14. די איבעריקע האָבן, בכלל, נישט געהאַט קיין רעכט... אויף לעבן).

אַ צווייטע וויכטיקע קאָמיסיע איז די סאַניטאַרע. טענהן דאָך די דייטשן, אַז די יידן זיינען „באַצילן־טרעגער" און פאַרפּעסטן די לופט פון די „אַריער", דאַרף מען דעריבער אַכטונג געבן, ס'זאָל חלילה צווישן די יידן נישט אויסברעכן קיין עפּידעמיע, וואָס וואָלט געדראָט דעם געטאָ מיט אומקום. די קאָמיסיע האָט אַ ספּעציעלן „סאַניטעטס־דינסט", וואָס גיט אַכטונג אויף דער ריינקייט, פירט דורך דעזינפעקציעס א. א. וו.

די פינאַנץ־קאָמיסיע דאַרף זאָרגן דערפאַר, אַז דעם יודנראַט זאָל נישט אויספעלן קיין געלט אויף צו באַצאָלן די אַרויפגעלייגטע אויף יידן קאָנטריבוציעס, אויף מתנות כדי ווייכער צו מאַכן די הערצער פון די מאַכטהאָבער, וואָס פלעגן דאָס זייער גערן נעמען, צוזאַגנדיק פאַרשיידענע הנחות און באַפרייען פון פאַרשיידענע סכנות, און נישט תמיד געהאַלטן וואָרט.

דער יודנראַט צאָלט איין צום טערמין ביידע קאָנטריבוציעס. אַ ספּע־ציעלן אָפּצאָל דאַרף דער יודנראַט „לייסטן" לטובת דער אוקראַאינישער קאָאָפּעראַטיוו, לטובת דעם דייטשן קאַסינאָ און אַזוי ווייטער.

עס האָט זיך שוין אַזוי איינגעשטעלט דער סדר אין די באַזעצטע פּוילישע געביטן, אַז דאָס איינאָרדענען דייטשע באַאַמטן געהערט צום יודנ־ראַט. ער דאַרף ליפערן מעבל, געשיר, וועש און וואָס נישט? און דאָס אַלץ פון בעסטן קוואַליטעט, אויב נישט, אַ שטראָף פון אַ דאָפּלטער ליפערונג.

אַזעלכע פאָדערונגען קומען אָן צום יודנראַט טאָג־טעגלעך, ווייל פון טאָג צו טאָג וואַקסן די אַפּעטיטן פון די מושלים, וועלכע בייטן זיך זייער אָפט.

אַ קאָמיסיע פאַר סאָציאַלער הילף, מיט וועלכער די דייטשן האָבן זיך ווייניקער אינטערעסירט, וואָס האָט אָבער אַ טייל יידן נישט ווייניק געהאָלפן דורך אויסטיילן אומזיסטע מיטאָגן, מלבושים, מעדיקאַ־מענטן און אַזוי ווייטער. כדי דאָס אַלץ רעאַליזירן (איינמאָנען שטייערן, פאַרטיילן די צוואַנגס־אַרבעט, היטן „אָרדענונג" אין „אויטאָנאָמען" געטאָ און אַזוי ווייטער) האָט דער יודנראַט געמוזט האָבן אַן אויספיר־אָרגאַן און דאָס איז געווען דער יידישער אָרדענונגס־דינסט, וואָס איז טרויעריק־באַרימט געוואָרן אין דער תקופה.

די יידישע „מיליץ" (אָרדענונגס־דינסט O.D., בקיצור, אָדע), אָרגאַני־זירט אין מערץ 1941, איז „אוניפאָרמירט", טראָגט, א חוץ דעם גע־ווינלעכן אָרעמבאַנד, אַ ווייסן באַנד מיט אַ בלויען „מגן דוד" אויף דעם רעכטן אָרעם, וואָס פאַרפּליכטעט אַלע יידן אין ג"ג פון דעם זעקסטן לעבנס־יאָר אָן — נאָך אַ געלן אָרעמבאַנד מיט די אותיות O.D. , אַ ווייס בלעכל מיט אַ מגן־דוד אין לאַץ, אַ שטייענדיקן היטל מיט אַ מגן־דוד, און... אַ ראַפּניק.

ווי אומעטום, האָט אויך דאָ די אָדע זיך באַמיט אויסצוזען „מי־ליטעריש", געטראָגן הויכע שטיוול, אַ גאַרטל אַרום ראָק און אַזוי ווײ־טער.

אויסער די ראַמען פון יודנראַט — אָבער אונטער זיין קאָנטראָל — אַרבעט דער „טאַז", די יידישע סאָציאַלע אַליינהילף, ווי אַ פיליע פון דער געזעלשאַפט, וואָס האָט געפירט איר אַרבעט אין גאַנצן ג"ג (צענ־טראַלע אין קראָקע).

די ערשטע אַרבעט פון יודנראַט אויפן סאָציאַלן געביט איז געווען דאָס עפענען דעם בית־יתומים און שפּיטאָל. נאָך דעם טויטן־מאַרש זיינען אַ סך קינדער געבליבן יתומים, א סך פון די צוריקגעקומענע האָבן גע־מוזט אָנקומען אין שפּיטאָל.

דאָס שוואַרצן די גרענעץ אין די ווינטער־חדשים 1940, דאָס ליגן אין די גרעסטע פרעסט אויפן פעלד — האָט גורם געווען דאָס אָפּפרירן פון אבֿרים. געליטן דערפון האָבן דער עיקר די פרעמדע פליטים. מ'האָט גע־מוזט זיי אויסהאַלטן ביי פרעמדע אָדער אין שפּיטאָל.

עס קומען אויך באַלד אָן די, וואָס האָבן אַדורכגעמאַכט אַ דייטשן אַר־בעטס־לאַגער. אויסגעשעפּט קומען זיי צוריק, צעשלאָגענע, צעמזיקטע, מיט מומים אויפן גאַנצן לעבן. דער שפּיטאָל, אויסגעהאַלטן דורכן „טאַז", אַנטשפּרעכט נישט די באַדערפענישן: ער אַנטהאַלט בסך־הכל 36 בעטן, דערפון 12 פאַר אַנשטעקנדיקע קראַנקייטן.

דער שפּיטאָל ווערט געעפנט דעם 10־טן סעפּטעמבער 1940, עטלעכע וואָכן נאָכדעם ווי די יונגע בחורים זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרן אין די לאַגערן אויף אַרבעט. פיל פון זיי שטאַרבן אין שפּיטאָל, צי אויפן לאַנגן וועג, וואָס האָט געפירט פון לאַגער ביזן שפּיטאָל (געפאָרן מיט אַקס צענדליקער קילאָמעטער אין די גרעסטע פרעסט). דער טאַז אַרבעט נאָרמאַל זייט מערץ 1940[10].

## דער אַרבעטס־פּראָבלעם

נאָכן איינשטעלן פון דער „דייטשער אָרדענונג" אויף די פּוילישע גע־ביטן און נאָכן אָרגאַניזירן פון אַן אַלגעמיינער אַדמיניסטראַציע און אַ ספּעציעלן רעזשים פאַר די יידן אין דער פאָרם פון יודנראַט, הערן אויף די ווילקירלעכע גזירות פון יידן און זייער אַרט פאַרנעמען „לעגאַלע" פאַראָרדענונגען, וואָס האָבן אָבער געצילט בהדרגהדיק אומצוברענגען די יידן. אָבער דערוויל האָבן זיך יידן געפרייט, אַז עס וועט אַלץ נאָרמירט ווערן, אַז דאָס איינפירן פון אַן אַדמיניסטראַציע, געזעצן און פאַראָרדענונגען, הגם אַליין פאַר זיך שווערע, וועלן שיצן אין אַ געוויסער מאָס, אויך די יידישע באַפעלקערונג.

אין דעם זין האָט אויך פאַרזיכערט די דייטשע פּראָפּאַגאַנדע, אַז אין דייטשן געביט זיינען פּאָגראָמען אוממעגלעך, און אַז דאָס יידן־פּראָבלעם וועט געלעזט ווערן געזעצלעך און לעגאַל.

יידן איז נישט איינגעפאַלן, אַז דאָס געזעץ קאָן זיין ערגער ווי אַ גע־זעצלאָזיקייט.

דערוויל האָט מען אָנגעהויבן צו „דערציען" (לויט דער דייטשער טערמינאָלאָגיע) די יידן. דעם 26־טן אָקטאָבער 1939 איז דערשינען די פאַראָרדענונג פון גענעראַל־גוווערנער וועגן אַרבעטס־צוואַנג פאַר יידן. אויספיר־אינסטרוקציעס צו דער פאַראָרדענונג האָט אַרויסגעגעבן דער שעף פון דער עס. עס. און קאָמענדאַנט פון דער פּאָליציי; דערמיט איז אונטערגעשטראָכן געוואָרן, אַז מיט דער פראַגע פון אַרבעט וועט זיך פאַרנעמען די פּאָליציי.

די פאַראָרדענונג און די דייטשע פּראָפּאַגאַנדע האָט בפירוש אונטער־געשטראָכן, אַז זי איז אויסן צו דערציען די יידן צו אַרבעט, לערנען זיי טאָן אַ נוצלעכע אַרבעט. אַנשטאָט צו כאַפּן יידן פון דער גאַס, שטעלט איצט צו דער יודנראַט כּך־וכך אַרבעטער. אגב, איז כדאַי צו דערמאָנען, אַז לויט די דייטשע פאַראָרדענונגען, האָבן יידן געדאַרפט זיך צושטעלן מיט זייערע אייגענע אַרבעטס־מכשירים.

איצט האַנדלט זיך שוין נישט אין קיין קליינע אַרבעטן. די אָקופּאַציע־מאַכט שטעלט אויף גיגאַנטישע פּלענער פון בויען שאָסייען, בריקן, קאַ־נאַלן און רעגולאַציע פון טייכן. עס קומען אַראָפּ פון „רייך" אין ג"ג אַ דריי טויזנט דייטשע אינזשיניערן, אויפזעער, אַנגעשטעלטע פון אַ 25 דייטשע פירמעס — לויטן באַריכט פאַרן יאָר 1940 — וואָס נעמען זיך אונטער די אַרבעט אַדורכצופירן. די דייטשן אָנגאַזשירן פּוילישע הילפסאַרבעטער, אָבער די שוואַרצע אַרבעט טוען אָפּ די יידן, וועלכע זיינען לויטן „געזעץ" דאָס פאַרפּליכטעט צו טאָן. אגב, רעדנדיק וועגן דער גרויסער אָפּגעטוענער אַרבעט און וועגן די פּלענער להבא, און אָנגעבנ־דיק ציפערן, וואָס שייך די דייטשע און פּוילישע אַרבעטער, דערמאָנט נישט du Prel (1942) מיט קיין איין וואָרט, אַז דאָ זיינען אויך געווען באַשעפטיקט יידן!

און אַזוי ווי די אַרבעט קומט פאַר מערסטנטייל אויסער דער שטאָט, ווערן אויף די אַרבעטס־פּלעצער אויפגעשטעלט צייטווייליקע באַראַקן פאַר די אַרבעטנדיקע יידן.

די יידן ווערן אונטער אַ שמירה געבראַכט אין אַזאַ לאַגער, וואָס באַ־שטייט פון עטלעכע הילצערנע באַראַקן, ווערן געהיט בעת דער אַר־

10) Die Judenausrottung in Polen — Augenzeugenberichte, I Serie, Genf - 1944.

בעט, און נאָך דער אַרבעט זיינען זיי געצוווּנגען צו בלייבן אין די באַראַקן. די „מעלה" פון די אַרבעטס־לאַגערן — אין פאַרגלייך מיט דער שפּעטערדיקער תקופה — איז געווען דאָס, וואָס נאָך אַ פּאָר חדשים אַרבעט האָט מען די אַרבעטנדיקע אויסגעביטן אויף אַנדערע, ווייל די אַלטע אַרבעטער זיינען שוין צו קיין אַרבעט נישט געווען פּעיק...

אַלנספאַלס איז מען נאָך פון די ערשטע לאַגערן (1940) געקומען צוריק אַהיים, וועלכע האָט נאָך עקזיסטירט.

די אָרגאַניזירטע אַרבעטער־לאַגערן, וואָס זיינען געווען צעוואָרפן איבער צענדליקער קילאָמעטער אַרום הרוביעשאָוו, ווו ס'האָבן געאַרבעט אַחוץ די היימישע יידן אויך פרעמדע, זיינען געווען באַשעפטיקט ביים בויען וועגן צו דער נייער דייטש־סאָוויעטישער גרענעץ. אָנגעפירט מיט דער אַרבעט האָט די אָפּטיילונג: באַו־וועזן אין דער „רעגירונג" פון ג"ג.

אין דער לענג פון אַ 70 ק"מ ווערן אויפגעשטעלט די לאַגערן, ווו עס האַלטן זיך אויף אַרום 6000 יידן פון הרוביעשאָוו און דער סביבה (אויגוסט—סעפּטעמבער 1940).

די אַרבעט איז אַן איבערמענטשלעכע: נישט אייןמאָל פירט פון לאַגער צום אַרבעטס־אָרט אַ וועג פון אַ 10 ק"מ, וואָס מ'מוז אַדורכמאַכן יעדן טאָג צופוס, אַהין און צוריק.

די אַרבעט גופא דויערט ביז 12 שעה אַ טאָג, איז נישט קיין וווּנדער, וואָס די יידן זיינען גיך אַראָפּ פון די כוחות, בפרט אַז קיין נאָרמאַל עסן האָבן זיי נישט באַקומען.

פאַרן אַוועקגיין צו דער אַרבעט האָט מען באַקומען אַ שטיקל ברויט, נאָכן צוריקקומען — אַ וואַסער־זופּ און דאָס האָט געדאַרפט געניגן נאָך אַ שווערן אַרבעטס־טאָג.

און אויב דער יודנראַט שיקט שוין יאָ אַ מאָל צו עסנוואַרג, אָדער מלבושים פאַר די לאַגעריסטן, ווערט דאָס אין רוב פאַלן דורך דער לאַגער־פאַרוואַלטונג „קאָנפיסקירט".

אויב אַ לאַגעריסט שטעלט זיך אָפּ בעת דער אַרבעט, אויף אַ רגע אָפּצורוען זיך, ווערט ער דערשאָסן פאַר... פוילקייט.

לויט אַן אָפיציעלן דייטשן באַריכט האָט מען אין גאַנצן ג"ג ביז סוף אויגוסט 1940 פאַרטיק געמאַכט 498 בריקן, פאַרריכט 1000 ק"מ שאָסייען און מ'האָט אָנגעהויבן צו בויען נייע אָדער פאַריכטן אַלטע וועגן אויף אַ לענג פון 1600 ק"מ.

נישט בעסער האָבן אויסגעזען די אַרבעטס־באַדינגונגען אין די לאַגערן, וואָס זיינען אָנגעפירט געוואָרן דורך די „וואַסער - ווירטשאַפט - אינספּעקציאָן". די דייטשן האָבן אויסגעאַרבעט אַ גראַנדיעזן פּלאַן פון בויען קאַנאַלן, (וואָס זאָלן פאַראייניקן די טייכן ווייסל־דניעפּער דורכן בוג, ווייסל־אָדער א. א. ), מאַכן טייכן צוגענגלעך פאַר שיף־קאָמוניקאַציע, בויען טאַמעס און פאַרהיטן פון פאַרפלייצונגען, און ווידער — די יידן פירן אויס די שוואַרצע אַרבעט.

אין הרוביעשאָווער ראַיאָן ווערן צו דער אַרבעט אויפגעשטעלט פיר לאַגערן. די יידן אַרבעטן דאָ ביי דער רעגולאַציע פון טייך הוטשווא וואָס פליסט הינטער דער שטאָט. אָנגעפירט מיט דער אַרבעט האָבן 1,500 פוילישע פאַכמענער און מייסטערס, די וועכטער און אויפזעהער זיינען געווען דייטשן (זע: — Gazeta Żydowska 9.8.1940).

סוף יולי 1940 זיינען שוין די לאַגערן געווען טעטיק (אין לובלינער דיסטריקט זיינען געווען אַזעלכע 43 לאַגערן מיט אַ צען טויזנט באַשעפטיקטע יידן.)

אָבער דאָס אַלץ איז נאָך נישט געווען גענוג פאַר דער דייטשער מאַכט. מוצאי תשעה־באב ת"ש (13.8.1940) לאָזן זיך אַרויס איבער די גאַסן פון שטאָט דייטשע און פוילישע פּאָליציי און מ'הויבט אָן כאַפּן צו דער אַרבעט. עס ווערן געכאַפּט אפילו אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט באַשטעטיקונגען, אַז זיי אַרבעטן אין יודנראַט, אָדער באַפרייאונגס־שיינען פון קרייז־הויפטמאַן. דאָ האָט מען זיך געקענט איבערצייגן, וואָס פאַראַ ווערט ס'האָבן די דייטשע פאַראַגראַפן און די דייטשע „אָרדנונג". די געכאַפּטע פירט מען אָפּ אין שול. צוויי טעג און צוויי נעכט ווערן אין דער שול געהאַלטן ביי 800 מענטשן. מ'האָט אויך אַהער געבראַכט אַ ביסל יוגנט פון דער פּראָווינץ. זיי ווערן געשלאָגן און געפייניקט און מ'לאָזט צו זיי קיינעם נישט צו.

אויפן פערטן טאָג באַווייזט זיך דער קרייז־הויפטמאַן, ער באַפרייט 147 מענטשן (זע: Die Judenausrottung), די רעשט, אַ 600 מאַן, ווערן אויסגעשטעלט אין רייען און אָפּגעפירט קיין בעלזשעץ.

אין בעלזשעץ האָט זיך אָרגאַניזירט אַ נייע אַרבעט פאַר יידן. מ'האָט געבויט אויף דער גרענעץ מיט די סאָוויעטן אַ וואַל און אַ פּאָסע קעגן טאַנקען. משמעות, אַז שוין דעמאָלט האָט מען זיך געגרייט צו דער מלחמה מיטן ראַטנפאַרבאַנד, וואָס איז אויסגעבראָכן ערשט אין אַ יאָר אַרום.

אויך ביי דער אַרבעט ווערט אַ טייל בחורים פאַרפייניקט צום טויט, אַנדערע גייען אויס פון הונגער, און עפּידעמיעס, וואָס האָבן זיך אין דעם לאַגער פאַרשפּרייט. אָבער סוף־כל־סוף האָט זיך די אַרבעט געענדיקט און מער ווי אַ העלפט אַרבעטער ווערט אָפּגעשיקט צוריק קיין הרוביעשאָוו.

מיט צוויי יאָר שפּעטער ווערן אַהער, קיין בעלזשעץ, אָפּגעשיקט אַנדערע טראַנספּאָרטן יידן פון הרוביעשאָוו, אָבער די יידן קומען שוין נישט צוריק אַהיים, ווייל אינצווישנצייט איז דאָ אויפגעשטעלט געוואָרן אַ פאַרניכטונגס־לאַגער. די פאַסעס, וואָס ס'האָבן געבויט די הרוביעשאָווער יידן, און וואָס האָבן — ווי באַקאַנט — אין דער דייטש־סאָוויעטישער מלחמה קיין שום ראָל נישט געשפּילט, האָבן איצט באַקומען אַ פאַרווענדונג (דייטשע עקאָנאָמיע!), מ'האָט אין זיי באַגראָבן די פאַרגאַזטע. לכתחילה, האָט מען זיך באַנוגנט מיט דער מעטאָד, דערנאָך איז מען געפאַלן אויף דער המצאה און די קערפּערס אויסגעגראָבן און פאַרברענט.

הארבסט 1940 ווענדן זיך די אייגנטימער פון די אַרומיקע גיטער צום קרייז־הויפטמאַן, ער זאָל זיי צושטעלן יידישע אַרבעטער, אַזוי ווי די פוילישע ווערן געכאַפּט און געשיקט אין רייך אויף אַרבעט. יידן האָט מען אין דער צייט נאָך נישט געשיקט אין רייך, וואָס האָט געדאַרפט ווערן יודנריין. ערשט, ווען די סיטואַציע איז געוואָרן ערגער, און „פרעמדפעלקישע" אַרבעטער האָט מען שוין נישט געהאַט פונוואַנען צו נעמען, האָט מען אויך יידן, פון די לאַגערן אין פוילן, געשיקט אין רייך אויף אַרבעט.

דער קרייז־הויפטמאַן איז מסכים צו דער בקשה פון די גוטבאַזיצער. עס האָט דערצו, קאַנטיק, אויך צוגעהאָלפן די אינטערווענץ פון יודנראַט (מתנות), וואָס איז געווען פאַראינטערעסירט איינצואָרדענען יידן אויף לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעט אין שבנות, און ס'רוב ביי באַקאַנטע פּאָלאַקן איידער לאָזן זיי פאַרשיקן ערגעץ ווייט.

די אַרבעט איז געווען — לפי ערך — אַ לייכטערע; די באַהאַנדלונג — אַ בעסערע. די אַרבעטער האָבן באַקומען בעסער עסן און אַ געוויסן לוין. 14 אַזעלכע „לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטס־צענטראַלן" זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן אַרום הרוביעשאָוו, ווו ס'האָבן געאַרבעט אויך פּליטים, דערונטער אינטעלעקטועלע פון וואַרשע און קראָקע, וואָס זיינען שטעקן געבליבן אין הרוביעשאָוו און אין די דערבייאיקע שטעטלעך. אין די לאַגערן זיינען אויך באַשעפטיקט געוואָרן פרויען ביי קיך־אַרבעט, ווירטשאַפט און דאָס גלייכן.

דער יודנראַט האָט פון זיין זייט געשאַפן אַן אַמט פון אינספּעקטאָר, וואָס האָט די לאַגערן פון צייט צו צייט באַזוכט, געזאָרגט פאַר סאַניטאַרע באַדינגונגען און געווען דער פאַרמיטלער צווישן דער היים און די לאַגערן[11].

די אַרבעט ביי די פוילישע גוטבאַזיצערס איז געווען, אמת, אַ לייכטערע. זי איז אָבער געווען אַ סעזאָן־אַרבעט; האָט אויסגעפעלט אַרבעט נאָכן סעזאָן — האָט מען די יידן צוריקגעשיקט אין געטאָ.

ביי דעם אַלעמען דאַרף מען אונטערשטרייכן, אַז די אַלטע מעטאָד פון כאַפּן יידן צו דער אַרבעט, הגם זי איז אָפיציעל געווען פאַרווערט, פלעגט נאָך פון צייט צו צייט באַנוצט ווערן ווען, למשל, אַ דייטש האָט געהאַט אַ דרינגענדיקע, פיזישע אַרבעט אויסצופירן, און אים אַליין האָט זיך עס נישט געגלוסט צו טאָן. חוץ דעם, פאַרשטייט זיך, האָט דער יודנראַט געדאַרפט צושטעלן אַרבעטער צו ראַמען אַמטן, רייניקן שאָסייען פון שניי וכדומה.

[11]) זע, דאָס ציטירטע ביכל: Die Judenausrottung, דער אַנאָנימער מחבר פון דער עדות איז געווען דער אינספּעקטאָר, ביז ער איז אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד, בעת דער מלחמה.

אַרום הרוביעשאָוו איז געווען — ווי געזאָגט — אַ נעץ פון אַרבעטס־לאַגערן. עס האָבן דאָ געאַרבעט יידן נישט דוקא פון דער שטאָט, פאַרקערט, די צאָל אָרטיקע יידן איז געווען אַ קליינע. געשיקט אַהער האָט מען געזונטע בחורים פון וואַרשע, לובלין, ראדאם, טשענסטאָכאָוו און אַנדערע שטעט.

נישט אַלע יידן זיינען דורכגעגאַנגען הרוביעשאָוו, טייל האָט מען צוגעשיקט מיט דער באַן צו אַנדערע סטאַציעס און פון דאָרט האָט מען זיי געבראַכט אין די לאַגערן. טייל זיינען אָנגעקומען דירעקט קיין הרוביעשאָוו און פון דאַנען האָט מען זיי איבערגעפירט — טיילמאָל צו פוס — אין די דערבייִיקע לאַגערן. אַזוי, למשל, איז דער טראַנספּאָרט פון 500 יידן פון טשענסטאָכאָוו אָנגעקומען קיין הרוביעשאָוו דעם 15.8.1940[12].

אַזוי איז אויך געווען ביים ליקווידירן דעם אַרבעטס־לאַגער אין בעלזשעץ, אין אָקטאָבער 1940. אַ טייל צוגן מיט די באַפרייטע אַרבעטער זיינען געשיקט געוואָרן קיין הרוביעשאָוו און פונדאַנען האָט מען זיי צעשיקט אין דער נאָענטער סביבה.

וועגן אַזאַ טראַנספּאָרט דערציילט אונז אַן אַמטלעכער דייטשער דאָקומענט: „די רעגירונג" פון גענעראַל־גוווערנעמענט אין קראָקע פרעגט זיך אָן אין לובלינער דיסטריקט, צי דער „יודנלאַגער" אין בעלזשעץ איז שוין אויפגעלעזט געוואָרן, אָדער צי מען האַלט אים אין אויפלעזן. דערויף האָט מען פון לובלין דעם 21.10.1940 געענטפערט, אַז זיי קענען דאָס נישט פעסטשטעלן צוליבן מאַנגל פון געהעריקן קאָנטאַקט מיטן ס. ס. און פּאָליציי־פירער, גלאבאטשניק. אין פּרינציפּ — שרייבן זיי — דאַרף מען דעם לאַגער אויפלעזן, און די יידן באַשעפטיקן ביי אַנדערע אַרבעט. אָבער... מיר ברענגען דעם געהעריקן דייטשן טעקסט.

„עס שוועבט אַ סודות־פולע אומקלאָרקייט אין דער פראַגע, ווייל אין דער פּראַקטיק איז נישט תמיד מעגלעך אָנצוהאַלטן אַ קאָרעקטע מיטאַרבעט מיט די אָרגאַנען פון ס. ס. און פּאָליציי־פירער"!

און דער שרייבער פון דעם בריוו גיט צו, אַז דער ערשטער צוג פון בעלזשעץ איז אָפּגעגאַנגען קיין הרוביעשאָוו מיט 920 יידן, אונטער אַ שמירה פון 9 ס. ס. ־ מענער, אָנגעקומען זיינען אָבער בלויז אַרום 500 יידן. „ווו איז די רעשט, איז נישט געווען מעגלעך צו דערגיין". און דער מחבר, אַ הויכער באַאַמטער אין דיסטריקט, איז זיך משער, אַז אַזוי ווי ס'איז נישט מעגלעך, אַז אַזאַ גרויסע צאָל יידן זאָל מען האָבן אויסגעשאָסן, האָט מען אַ טייל באַפרייט פאַר געלט.

צוליב דעם זייער כאַראַקטעריסטישן אינהאַלט פון בריוו ברענגען מיר אין אָריגינאַל דעם לעצטן אָפּשניט: "Wo der Rest von 400 verblieben ist, war noch nicht zu ermitteln. Da sie in dieser grossen Zahl nicht gut alle erschossen worden sein können, hörte ich den Verdacht ausern, dass man sie vielleicht gegen Zahlung von irgendwelchen Geldern freigelassen hat.

דער מחבר פון בריוו באַצייכנט דעם גאַנצן פאַרגאַנג — מיט איין וואָרט — „ציר־קוס" און נישט מער[13].

דער דאָקומענט באַווייזט צווישן אַנדערן, ווי אַזוי די דייטשע העכערע מאַכט, נישט די פּשוטע שומרים, האָבן זיך באַצויגן צו יידן: דאָס שיסן פון 500 יידן רופט נישט אַרויס ביי זיי קיין ספּעציעלע עמפּערונג, עס גייט נאָר אין דעם, וואָס די אַדמיניסטראַטיווע מאַכט וויל זיין גענוי אינפאָרמירט און נישט זיין אויסגעשטעלט אויף השערות.

אין דער אַרבעט „מאַטעריאַלן וועגן די אַרבעטס־לאַגערן אין לובלינער וואָיעוואָדשאַפט ביי דער דייטשער אָקופּאַציע (1940—1941)", וואָס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אין וואַרשעווער געטאָ און געפינט זיך אין רינגעלבלום־אַרכיוו (1 נ"ר 4—3)[14] געפינען מיר פאָלגנדיקע נאָטיץ:

אויף 15 טראַנספּאָרטן מיט 4.118 פּערזאָן, וואָס זיינען זייט אויגוסט 1940 אָפּגעגאַנגען פון וואַרשע, זיינען דריי טראַנספּאָרטן מיט 735 פּערזאָן אין סעפּטעמבער 1940 אָפּגעגאַנגען דירעקט אין די לאַגערן פון הרוביעשאָווער קאַנט (אין די ערטער אטשאוו, ווערשין, וויטקאָוו, דאלהאביטשאָוו.)

12) Dr. J. Kermisz: Akcje i wysiedlenia, Łódź — 1947, st. 253

13) דער גאַנצער בריוו אין דייטש ווערט געבראַכט:
N. Blumental: Obozy, Łódź 1946, str. 220/1

14) זע: „בלעטער פאַר געשיכטע", וואַרשע 1949, ז. 272—242.

מיט דער אַרבעט האָט דאָ אָנגעפירט די פירמע י. מאַרינאָווסקי און אין די פיר לאַגערן האָבן זיך געפונען בערך 3500 יידן, דערונטער 1000 פון וואַרשע.

דעם 31.12.1940 זיינען אין די לאַגערן פון הרוביעשאָווער קאַנט געבליבן בס"ה 670 פּערזאָן פון וואַרשע.

אַחוץ דעם זיינען אין דער סביבה פון הרוביעשאָוו צו יענער צייט געווען לאַגערן, ווו ס'זיינען קיין וואַרשעווער יידן נישט געווען.

אָט איז זייער רשימה:

| | |
|---|---|
| מירטש | 750 פּערזאָן |
| וואַרענזש | — ? |
| מארישין | — ? |
| אבראוויעץ | — 200 " |
| טורקאוויץ | — 250 " |
| בושנע | — 100 " |
| אָבריאַנאָוו | — ? |

די לאַגערן פלעגן באַקומען הילף פון די שטעט, פון וועלכע די לאַגעריסטן זיינען געקומען, ווי אויך פון הרוביעשאָווער יודנראַט. די קראַנקע פון די לאַגערן פלעגט מען פירן, לויט דעם דאָקומענט, מיט פערד און וואָגן, נישט איינמאָל, אַ 10 ק"מ קיין הרוביעשאָוו אין יידישן שפּיטאָל.

אַ קראַנקן־שוועסטער, געשיקט פון וואַרשע, וואָס האָט זיך געפונען אין אטשאוו, האָט אין איר באַריכט פון 10.10.1940, א חודש נאָכן אָנקומען פון טראַנספּאָרט, געשריבן:

„מיט הרוביעשאָוו איז מיר שווער זיך צו קאָמוניקירן — דער מרחק אַ שרעקלעכער, ביז 8 שעה רייזע מיט אַ וואָגן אין איין זייט, און די וועגן שרעקלעכע. אויף רייזעס האָב איך נישט קיין צייט, ווייל די קראַנקע ליידן דעמאָלט און איך בין נויטיק אויפן אָרט אין אַמבולאַטאָריום און אין דער אַפּטייק — און די רייזע אַהין איז די איינציקע מעגלעכקייט עפּעס פּאָזיטיוועס צו דערליידיקן".

אין די לאַגערן הערשן שוידערלעכע אַרבעטס־באַדינגונגען, שלעכטע דערנערונג און „וווינונגען" אין סטאַדאָלעס מיט געלעכערטע דעכער. איז נישט קיין וווּנדער, וואָס ס'פאַרשפּרייט זיך פלעק־טיפוס. די קראַנקע האָט מען איבערגעפירט אין הרוביעשאָוו (פיר פון לאַגער אשטאוו).

און פון די געבראַכטע קראַנקע טראָגט זיך אַריבער די קרענק אויף די יעניקע, וואָס זיינען אין די לאַגערן נישט געווען.

## געטאָ

אין באַקאַנטן געהיימען צירקולאַר פון 21.9.1939, וואָס ס'האָט אַרויסגעגעבן דער שעף פון דער זיכערקייטס־פּאָליציי און אין וועלכן עס ווערן אָנגעצייכנט די מעטאָדן, וואָס דאַרפן פירן צום הויפּט־ציל, ד. ה. צו דער ענדגילטיקער לעזונג פון דער יודנפראַגע, (וואָס מיינט אין דעם סגי־נהור לשון פון די נאַציסטישע פירער — דאָס אויסראָטן פון אַלע יידן), ווערט צווישן אַנדערן אונטערגעשטראָכן, ווי אַ מיטל צום ציל, דאָס קאָנצענטרירן פון יידן אין פאַרשפּאַרטע, ענגע זיץ־ערטער (געטאָס); קלענערע קהילות ביז 500 נפשות דאַרף מען תיכּף ליקווידירן און די יידן אַריבערפירן אין גרעסערע ישובים, וואָס געפינען זיך נעבן אַ באַן־סטאַנציע. די אַלע פאַרשריפטן זיינען פּינקטלעך אויסגעפירט געוואָרן אויפן באַזעצטן, פּוילישן געביט פון אָנהויב אָקופּאַציע, אָבער ערשט שפּעטער, בעת די אַקציעס (1942/43) האָבן די יידן פאַרשטאַנען, צו וואָס די אַלע עטאַפּן האָבן געפירט.

אַזוי איז געווען אין גאַנצן ג"ג — אַזוי אויך אין אונזער שטאָט. קודם האָט מען איינגעזידלט אין הרוביעשאָוו — נאָכן טויטן־מאַרש אין יאָר 1940 — אַ 355 יידן פון דער נאָענטער סביבה (דערפער).

אין יאָר 1941 קומען אָן אַ 300 יידן פון קראָקע, אין שייכות מיט דער אַקציע פון מאַכן די הויפּשטאָט פון ג"ג יידנריין.

ווי מיר זעען, האָט מען געבראַכט יידן אפילו פון דערווייטן און באַזעצט זיי אין הרוביעשאָווער קרייז, פונוואַנען מ'האָט זיי דערנאָך אַריבערגעפירט קיין הרוביעשאָוו. פאַרשטייט זיך, אַז עס פעלן מקורות, וואָס זאָלן איבערגעבן, וויפל יידן און פון וואַנען זיי זיינען געקומען, ווו זיי

האָבן זיך באַזעצט, וויפל פון זיי זיינען בעת דער נסיעה, אָדער שפּעטער, אַנטלאָפן אין אַנדערע ערטער אָדער אומגעקומען.

מ׳דאַרף אויך געדענקען, אַז פון דער אויסגעזידלטער שטאָט שיקט מען אַרויס אויך די פרעמדע יידן, וואָס האָבן געזוכט אַ מקום־מקלט בעת די מלחמה־געשעענישן.

גרעסערע איינזידלונגען קומען פאָר אין יאָר 1942. אָנהויב יאַנואַר פון דעם יאָר פּלאַנט די „רעגירונג" פון ג"ג אויסצוזידלען די יידן פון מ י ע ־ ל ע ץ. זיי דאַרפן אַריבערגעשיקט ווערן אין לובלינער דיסטריקט, נעמ־לעך, קיין הרוביעשאָוו 1000, און 1000 קיין כעלם. פון אַ דייטשן דאָקו־מענט פון 21.1.42 ווערן מיר געוווירר, אַז די צאָל יידן, וואָס דאַרף אויס־געזידלט ווערן, איז פאַרגרעסערט געוואָרן אויף 4,500, און דערפון דאַרף קומען אין הרוביעשאָווער קרייז אנשטאט 1.000 — 1.500 יידן.

דעם 4.3.42 שיקט אַרויס דער גוווערנער פון לובלינער דיסטריקט צום קרייז־הויפּטמאַן פון הרוביעשאָוו אַ געהיימע אינפאָרמאַציע, אַז די אַנדערע וואָך וועלן מיטן צוג קיין הרוביעשאָוו אָנקומען די 1.500 יידן.

און ווירקלעך, די אָפּטיילונג „באַפעלקערונגס־וועזן און פירזאָרגע" אין קראָקע פאַרשטענדיקט טעלעפאָניש דעם גוווערנער פון לובלינער דיס־טריקט דעם 13.3.42, אַז דעם 15.3.42 גייט אָפּ אַ טראַנספּאָרט מיט צוויי טויזנט יידן פון מיעלעץ קיין הרוביעשאָוו. אין זאַמאָשטש דאַרף דער טראַנספּאָרט צעטיילט ווערן, און דער גרעסטער טייל מיט 1.500 יידן דאַרף אָנקומען קיין הרוביעשאָוו דעם 16.3.42 13.05 אַזייגער (דייטשע פּינקטלעכקייט!)[15].

דער טראַנספּאָרט איז פּינקטלעך אָנגעקומען...

פון אַ באַריכט, וואָס ס׳האָט אַרויסגעשיקט דעם 7.4.1942 דער לייטער פון דעם אָפּטייל פון „באַפעלקערונגס־וועזן און פירזאָרגע" אין דיסטריקט לובלין קיין קראָקע, ווערט איבערגעגעבן, אַז אָנגעקומען זיינען בלויז 1.343 יידן — ווו די רעשט איז אַהינגעקומען, זאָגט נישט דער באַריכט. און פון די אָנגעקומענע זיינען 843 איבערגעשיקט געוואָרן אין דוביענקע און 500 אין ב ע ל ז (נענטער צום טויטנלאַגער בעלזשעץ). ווי אַזוי די מענטשן האָבן זיך אין די פאַראָרעמטע, איבערפולטע געטאָס געקענט איינ־אָרדענען, זאָגט נישט דער לייטער פון „פירזאָרגע" (סאָציאַלע הילף), דער־פאַר אָבער האַלט ער פאַר נויטיק צוצוגעבן, אַז דער רוב זיינען פרויען און קינדער, דאַקעגן איז די צאָל אַרבעטספעאיקע מענער אַ קליינע[16].

וואָס דאָס האָט געהייסן אין יענער צייט „נישט־אַרבעטס־פעיק" האָבן שוין יידן געוווסט. זיי זיינען די ערשטע געווען באַשטימט „אויסגעזידלט" ד. ה. אומגעבראַכט צו ווערן. די געהעריקע הכנות דערצו זיינען שוין אין לובלינער דיסטריקט צו דער צייט פאַרענדיקט געוואָרן.

דעם יודנראַט אין הרוביעשאָוו באַפעלט מען צו פאַרנעמען זיך מיט די אָנגעקומענע יידן, גלייכצייטיק אָבער ווערן פאַר זיי געבויט אין דער נישט ווייטער סביבה טויט־לאַגערן אין ב ע ל ז ש ע ץ, ס א ב י ב א ר און מ אַ י ד אַ נ ע ק.

אַ טאָג נאָכן אָנקומען פון טראַנספּאָרט, דעם 17.3.42, דערקלערט דער שטאַב־שעף פון דער א. ג. שפּעטער „אַקציאָן ריינהאַרט", וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט ליקווידירן די יידן אין ג"ג (אַהער האָט מען אויך געשיקט יידן פון אַנדערע לענדער: פראַנקרייך, האָלאַנד א. א.), אַז בעלזשעץ קען ש ו י ן א ו י פ נ ע מ ע ן טאָג־טעגלעך 4—5 טראַנספּאָרטן צו 1.000 יידן יעדער. „די דאָזיקע יידן וועלן אַריבער די גרענעץ (?!) און קיינמאָל שוין נישט צוריקקומען אין ג"ג[17].

צו דער צייט שיקט מען נאָך נישט די יידן גלייך אין טויט־לאַגער; מ׳האַלט זיי קודם אַ פּאָר חדשים אין די געטאָס, אינאיינעם מיט די היי־מישע יידן. שפּעטער שיקט מען שוין דירעקט אין די לאַגערן. דערווייל פּרוווט מען אויס די גאַז־קאַמערן און מ׳זאַמלט אין דער סביבה דעם „רוי־שטאָף", איידער מ׳לאָזט אין פולן גאַנג די טויט־פאַבריק.

[15]) די דאָקומענטן אין אָריגינאַל ווערן געבראַכט: Dr. J. Kermisz: Akcje i wysiedlenia, Łódź 1947, str. 12-20.

[16]) דער דאָקומענט ווערט געבראַכט אין: Eksterminacja Żydów na ziemiach polskich, Warszawa 1957, str. 283

[17]) דער פולער טעקסט פון דאָקומענט ווערט געבראַכט אין: Rudolf Reder: Bełżec, Kraków, 1946, str. 29/30.



ווי די איינזידלונגען ווערן אויך די אויסזידלונגען גענוי אָרגאַניזירט. אין דערמאַנטן באַריכט פאַרן חודש מערץ 1942 שרייבט וועגן דעם דער דערמאַנטער לייטער פון דעם אָפּטיילונג פאַר סאָציאַלער הילף ביים דיס־טריקט־שעף אין לובלין, ט י ר ק, ווערטלעך:

„אויפן יסוד פון מיין פאָרשלאַג איז מען געקומען צו אַ פולשטענדיקן הסכם, אַז אין דער זעלבער מאָס, ווי ס׳קומען אָן יידן פון מערב, דאַרף מען אויסזידלען די היימישע יידן".

און ער גיט אָן, וויפל יידן זיינען פון דיסטריקט לובלין אויסגעזידלט געוואָרן אין חודש מערץ 1942 — ארום 25.500 יידן! דער עיקר זיינען דאָס געווען יידן פון לובלין. דאָס איז געווען דער ערשטער חודש פון אויסזידלונגען און דער ערשטער אַרבעטס־חודש פון פאַרניכטונגס־לאַגער אין בעלזשעץ. (שפּעטער אַ ביסל, האָט מען אויך אָנגעהויבן צו אַרבעטן אין דעם לאַגער סאָביבאָר).

אין הרוביעשאָוו גופא האָט זיך די אויסזידלונג אָנגעהויבן ערשט שפּע־טער, אין יוני 1942.

דעם 12־טן מאַי 1942 פרעגט אָן דער שעף פון דיסטריקט לובלין זיינע קרייז־הויפּטלייט, וויפל יידן פון זייער קרייז דאַרף מען, לויט זייער מיינונג, „אַרויסשיקן". דערויף האָט אים דער הרוביעשאָווער קרייז־הויפּטמאַן דעם 22.5.42 געענטפערט ווערטלעך (איבערזעצט):

די צאָל און וווינאָרט פון די יידן, וועמענס א ו י ס ז י ד ל ו נ ג א י ז ק ו ד ם ־ כ ל נ ו י ט ו ו ע נ ד י ק, שטעלט זיך פאָר פאָלגענדיק:

| | |
| --- | --- |
| אין הרוביעשאָוו | — 5.690 יידן |
| אין אוכאַניע | — 2.025 " |
| אין גראַבאָוויעץ | — 2.026 " |
| אין דוביענקאַ | — 2.907 " |
| אין בעלז | — 1.540 " |
| | 14.188 |

דאָס הייסט, דער קרייז־הויפּטמאַן לייגט פאָר אָפּצושיקן פון זיין קרייז אין די טויט־לאַגערן 14.188 יידן. מער ווייניקער, אַזויפיל יידן, וויפל ס׳איז געווען אין קרייז הרוביעשאָוו פאַר דער מלחמה.

ס׳האָבן געדאַרפט בלייבן אין שטאָט צ י י ט ו ו י י ל י ק דאָס ביסל בעל־מלאכות, אין וועלכע מ׳האָט זיך נ אָ ך געניטיקט. זייער אָרט האָבן מיט דער צייט געדאַרפט פאַרנעמען „אַריער", וואָס האָבן זיך דעט פאַך אויסגעלערנט.

נאָכן באַקומען די אַלע ענטפערס פון די קרייזן איז מען צוגעטראָטן אויסצואַרבעטן דעם פּלאַן פון דער אויסזידלונג פון די אַלע „איבעריקע" יידן אין גאַנצן דיסטריקט. (עס האָט זיך געהאַנדלט אין אָרגאַניזירן וואַכ־פּאָסטנס, ספּעציעלע צוגן, פעסטשטעלן די צייט ווען דער לאַגער קען די יידן אויפנעמען א. א. וו.)

די הכנות האָבן לאַנג נישט געדויערט, ווייל שוין דעם ערשטן יוני 1942, 8 טעג נאָכן אָפּשיקן דעם דערמאָנטן בריוו פון קרייזהויפּטמאַן, איז אין הרוביעשאָוו פאָרגעקומען די ערשטע אַקציע (זע: קאַפּיטל אַקציע).

און כדי נישט צו צעשפּליטערן די כוחות און כדי נישט צו לאָזן צע־לויפן זיך די יידן, כדי איינשפּאָרן זיך איבעריקע מאַטעריעש מיט די יידן, וואָס וווינען אין ערטער, ווו ס׳איז נישטאָ קיין באַן־ליניע, הייסט מען די יידן פון די קלענערע שטעטלעך אַריבערפאָרן סוף מאַי—אָנהויב יוני 1942, מיט אייגענע מיטלען קיין הרוביעשאָוו. דאָ ווערן זיי שוין פאַרכאַפּט אין דער אַלגעמיינער אַקציע און פאַרפולן די צוגן, זיי זאָלן נישט גיין האַלב־ליידיק.

צווישן 26.5 — 2.6.1942 ווערן געבראַכט, אַזוי אַרום, קיין הרוביעשאָוו פון פריערדיקן קרייז בעלז און סביבה, אַ 8—9.000 יידן.

אַזוי אויך פאַרן אַדורכפירן די לעצטע אַקציע אין אָקטאָבער 1942, ווערט אין הרוביעשאָוו איינגעזידלט די קליינע צאָל יידן, וואָס איז נאָך געבליבן אין די דערפער אוכאַן (Uchanie) ביאַלאָפּאָליע, מאַלאַדיאַטיטש, לעצו־בראָוויטש און אַנדערע דערפער.

אַן אַנדער פאָרם פון קאָנצענטראַציע איז דאָס שאַפן אַ געטאָ. דאָ האַנדלט זיך אין יידן פון איין ישוב, וואָס ווערן קאָנצענטרירט אין ערגסטן טייל פון שטאָט, אַרומגעבויט מיט אַ מויער צי אַרומגעצוימט מיט אַ פּאַרקאַן; כדי מ׳זאָל זיי בעסער קאָנטראָלירן און אָפּטיילן פון דער

אַרומיקער באַפעלקערונג. פאַרשטייט זיך, אַז די פאַרשפּאַרטע אין ענגן געטאָ האָבן שוין נישט די מעגלעכקייט צו פאַרשטענדיקן זיך מיט דער אויסערלעכער וועלט און זיינען נאָך אין אַ גרעסערער מאָס אָפּהענגיק פון די דייטשע מושלים.

דער געטאָ אין הרוביעשאָוו האָט אָבער נאָך איין באַטייט. נאָכדעם, ווי מ'האָט אַ גרויסן טייל יידן שוין געהאַט אַרויסגעשיקט פון שטאָט אויף אומקום (זע: קאַפּיטל אַקציעס), ווערט דעם 15־טן יוני 1942 אַרויסגעגעבן דער באַפעל צו שאַפן אַ געטאָ אין הרוביעשאָוו פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. דאָס האָט געהייסן, אַזוי ווי די „אומפּראָדוקטיווע" עלעמענטן, די נישט־אַרבעטספעיקע יידן זיינען שוין אויסגעזידלט געוואָרן, שאַפט מען איצט פאַר די נוציקע יידן — אַ ווינאַרט, כדי זיי זאָלן קענען רויק אַרבעטן פאַר דער דייטשער קריגס־פּראָדוקציע, און דערמיט זיך זיכערן דאָס לעבן און דעם קאַרגן אויסהאַלט ביז צום סוף פון דער מלחמה, ווען דער פירער וועט נאָכן נצחון באַשליסן, וואָס צו טאָן מיט די יידן. דער געטאָ אנשטייט, דעריבער, כדי צו שיצן די יידן. זיינען געווען צווישן יידן אַזעלכע, וואָס האָבן טאַקע אויף אַן אמת אין דער דייטשער טעאָריע געגלויבט און... רויק געגאַנגען אין געטאָ.

די „טעאָריע" האָט, פאַרשטייט זיך, אין אַ גרויסער מאָס אָפּגעשוואַכט דעם ווידערשטאַנדס־כח פון די יידן און דאָס טאַקע איז געווען דער ציל פון די דייטשן ביים שאַפן דעם געטאָ.

דער געטאָ אין הרוביעשאָוו איז געלעגן אין מזרח־טייל פון שטאָט און האָט אַרומגענומען די גאַסן: מעטאַלאָווע, נאַווירינעק, פּראַסטי, שעווסקי, יאַטקאָווע, וואַיטאַסטווא, און געגרענעצט זיך מיטן בית־עולם. דאָס האָט געהאַט זיין באַדייטונג: מ'האָט נישט באַדאַרפט פירן ווייט, בעת אַ לאָקאַלער אַקציע, דורך די אַרישע גאַסן, וואָס האָט געשטערט דעם נאָרמאַלן לעבן, געוועקט אויפמערקזאַמקייט א. א. וו.

נישט נאָר אין הרוביעשאָוו האָבן די דייטשן אַזוי געהאַנדלט. דער געטאָ האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן, ווייל אָט באַלד האָט זיך אָנגערוקט אָקטאָבער 1942 און מיט אים די ליקווידאַציע.

אויפן אָרט פון געטאָ איז געבליבן אַ לאַגער, אויף יאַטקע גאַס, וואָס די יידן האָבן גערופן מיטן פּוילישן נאָמען „דזיעלניצא", פאַר די יידן וואָס האָבן געדאַרפט פאַרווישן די שפּורן פון דער פריערדיקער יידישער קהלה און שפּעטערדיקן געטאָ.

## אַקציעס

ווי געזאָגט, האָבן די דייטשן אין ערגעץ־נישט, אחוץ אין דער ערשטער צייט, נישט דערלויבט אַדורכצופירן ווילדע, נישט־אָרגאַניזירטע פּאָגראָמען קעגן די יידן.

דאַקעגן האָבן זיי איינגעפירט נייע אינסטיטוציעס, מיט אַ נייעם באַגריף, וואָס איז באַקאַנט אין דער וועלט מיטן נאָמען: „אַקציאָן".

דאָס איז אַן אָרגאַניזירטע אונטערנעמונג פון גרויסער פּאָליטישער חשיבות, געפּלאַנט פון די צענטראַלע מלוכה־אינסטאַנצן און אַדורכגעפירט מיט דער הילף פון אַלע מלוכה־אַמטן, און באַזונדערס פון דער ס. ס. און דער פּאָליציי, כדי צו „באַפרייען דאָס לאַנד פון יידן" אויף אַן אָרגאַניזירטן און צענטראַליזירטן אופן.

די טערמינען פון די אַקציעס ווערן גענוי באַשטימט פון „אויבן", עס ווערט אויך פעסטגעשטעלט דער קאָנטינגענט נפשות, וואָס יעדע אַקציע דאַרף אַרומנעמען.

צו יעדער אַקציע ווערט נאָמינירט אַ קאָמענדאַנט מיט אַ שטאַב מענטשן. אין די אַקציעס באַטייליקן זיך אויך זעלנער פון דער ווערמאַכט מיט זייער כלי־זין, אויטאָס. דערהויפּט באַנוצט מען זיי צו עסקאָרטירן די טראַנספּאָרטן צו דער באַן־סטאַציע און דאָסגלייכן (זע: רינגעלבלום־אַרכיוו, 1130. ו).

דער ציל פון יעדער אַקציע איז אַרויספירן פון ישוב די פאָרגעשריבענע צאָל מענטשן, זיי ליקווידירן אויפן אָרט (הינטער דער שטאָט, אויפן בית־עולם וכדומה), אָדער צושטעלן זיי אין אַ טויטנלאַגער.

פאַרשטייט זיך, אַזוי ווי דאָס איז אַ מיליטערישע אונטערנעמונג — „קאַמף מיטן אינערלעכן שונא" — פאַרפליכטעט די אָנפירער פון דער אַקציע מיליטערישע סטראַטעגיע און טאַקטיק: באַפאַלן דעם שונא פלוצלונג, שאַפן פאַר אים זאַסאַדזקעס, נישט דערלאָזן אים אַנטלויפן, צונעמען ביי אים אַלע מעגלעכקייטן פון פאַרטיידיקונג. וועל־כולם, די אַקציע דאַרף אַדורכגעפירט ווערן עקאָנאָמיש: מ'זאָל קלענסטן פאַרלוסט פון אייגענע כוחות און מאַטעריאַל, שפּאָרן אפילו... קוילן, און צוליב דעם טאַקע האָט מען קינדער געהרגעט מיט די קאָלבעס פון די ביקסן א. א. וו. דערביי דאַרף מען „דעראָבערן" דאָס גאַנצע פאַרמעגן פון שונא.

ביי די ביז־איצטיקע רדיפות אויף יידן אין די אַרבעטס־לאַגערן, אָדער ביים עובר זיין אויף וואָס פאַראַ נישט איז „עבירה" — איז דאָס טויטן אַ יידן געווען אַ נעבן־זאַך. ביי די אַקציעס, דאַקעגן, איז דאָס דער עיקר. טיילמאָל האָט מען געלאָזט לעבן אַ קליינע גרופּע יידן, געכאַפּט בעת אַן אַקציע (כדי זיי זאָלן קובר זיין די הרוגים וכדומה), אָבער אויך די זיינען באַשטימט געווען צום אומקום, נאָכן אָפּטאָן זייער אַרבעט.

די ערשטע אַקציע אין הרוביעשאָוו איז פאָרגעקומען דעם 1־טן און 2־טן יוני 1942: מ'האָט פון די שטיבער געכאַפּט און אָפּגעפירט אויפן מאַרק אַלע יידן, וואָס ס'איז נאָר געלונגען צו כאַפּן. פּוילישע און יידישע פּאָליציאַנטן זיינען געגאַנגען איבער די הייזער און געזוכט די באַהאַלטענע. די דייטשע זשאַנדאַרן שיסן גלייך דעם יידן, וואָס מ'געפינט באַהאַלטן, אָדער ער איילט זיך נישט גיין צום זאַמלפּלאַץ.

40 יידן זיינען אַזוי אַרום דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט, אַלע אַנדערע האָט מען אָפּגעפירט צו דער באַן־סטאַציע און פון דאָרט אין טויט־לאַגער אין סאָביבאָר.

נאָך די צוויי טעג איז די אַקציע אָפּגעשטעלט געוואָרן. מ'האָט אין דער צייט געבראַכט אין שטאָט די יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער. עס זיינען אָנגעקומען אַ 9000 יידן פון בעלז, גראַבאָוויעץ, אוכאַניע, האַראַדלא, דוביענקא, שטשיזשעוו א. א.

זונטיק דעם 7־טן יוני האָט זיך ווידער אָנגעהויבן די אַקציע. זי האָט געדויערט ביזן 9־טן יוני. עס זיינען אַרויסגעפירט געוואָרן במשך פון דער צייט ביז אַ צען טויזנט יידן. די באַהאַלטענע, געכאַפּטע ווערן אָפּגעפירט אויפן בית־עולם און געשאָסן. אַ 400 יידן זיינען אַזוי אַרום דערשאָסן געוואָרן אין משך פון דער יוני־אַקציע.

דעם לעצטן טאָג פון דער אַקציע האָט דער קרייז־הויפּטמאַן אויסגעקליבן פון די אָנגעזאַמלטע אויפן פּלאַץ אַ 500 אַרבעטספעיקע מאַן. זיי באַקומען די געהעריקע אויסווייזן, די אַזוי גערופענע „לעבנסקאַרטן". די רעשט, אַ טויזנט יידן, האָט מען מיט משא־וואַגאָנען אָפּגעשיקט קיין סאָביבאָר.

ווי געוויינלעך האָבן די דייטשן גענאַרט די יידן און דעם יודנראַט, אַז מ'פירט די יידן אויף אַרבעט קיין פּינסק, אַן אַנדערש מאָל, קיין אוקראַינע. נאָכן אַרויסשיקן די יידן און אומברענגען זיי, זיינע אָנגעקומען בריוו פון די אַרויסגעשיקטע, אַז זיי געפינען זיך אין אוקראַינע און ס'גייט זיי גוט. אַזעלכע בריוו האָט מען געצוווּנגען אַ טייל יידן שרייבן פאַרן אומברענגען זיי. דערמיט האָט מען צוגעגרייט די איבערגעבליבענע יידן צו אַ נייער אויסזידלונג; זיי זאָלן גיין אָן שום ווידערשטאַנד. מ'פאָרט דאָך אויף אַרבעט!

אין רינגעלבלום־אַרכיוו געפינט זיך אַ באַשרייבונג פון דער אַקציע, וואָס איז פאָרגעקומען אין הרוביעשאָוו אין יוני 1942. צוויי שליחים פון וואַרשע זיינען אַהער אָנגעקומען דעם 7־טן יוני, בעת דער אַקציע. נאָכן צוריקקומען קיין וואַרשע האָבן זיי באַשריבן זייערע איינדרוקן. אָט וואָס זיי שרייבן:

„פון דערווייטנס האָבן מיר דערזען אַ גרויסע מחנה יידן, וועלכע זיינען געגאַנגען פון שטאָט צום וואָקזאַל. — עס איז מיר פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן; זיי זיינען געגאַנגען רייען־וויז צו פיר מאַן אין ריי. איבער 2000 יידן: מענער, פרויען און יוגנטלעכע. זייער ווייניק קינדער. איך האָב באַמערקט נאָר אַ 2—3 קינדער אויפן האַנט. זייערע פּנימער האָבן אויסגעדריקט אַ טיפן ערנסט; אין די רייען האָט געהערשט אַ טיף שטילשווייגן. די אויגן זייערע האָבן געקוקט, אָבער גאָרנישט געזען; פּונקט ווי זיי וואָלטן געקוקט צו אַ ציל, וואָס געפינט זיך שוין נישט אויף דער וועלט.

אויף די פּנימער האָט גערוט אַן אויסדרוק פון טיפער רעזיגנאַציע, אַ מין גלייכגילטיקייט צום אייגענעם גורל, מיט וועלכן מען קען סיי ווי סיי נישט קעמפן, אַ פאַרטעמפּטקייט.

איך האָב געזוכט צווישן די פּנימער עפּעס אַ מענטשלעכן אויסדרוק, וואָס זאָל באַווייזן, אַז זיי זיינען נאָך פעיק צו רעאַגירן; אָבער אויסער אַן אויסדרוק פון שרעקלעכער פאַרצווייפלונג — און דאָס ביי איינצעלנע — האָב איך גאָרנישט באַמערקט״.

די יידן זיינען שוין צו דער צייט געווען אַזוי אויסגעמאַטערט, אַזוי אַפּאַטיש, אַז ס׳האָט זיי שוין גאָרנישט אָנגעגאַנגען. זיי זיינען געווען גרייט אויף אַלעס.

דעם 28.10.42 קומט פאָר די צווייטע און לעצטע אַקציע, א. ג. „יודענריין״. נאָך דער אַקציע טאָר זיך שוין נישט געפינען קיין איין ייד אין שטאָט. דאָס געטאָ ווערט אויפגעלעזט און יעדער איינער האָט „רעכט״ צו הרגענען אַן אָנגעטראָפענעם ייד. די געכאַפּטע בעת דער אַקציע יידן, אין אַ צאָל פון 2000 נפשות, ווערן אַרויסגעשיקט קיין סאָביבאָר.

דעם 15־טן נאָוועמבער 1942 שיקט אַרויס די אָנפירונג פון דער יידישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע אין וואַרשע אַ ראַפּאָרט צו דער פּוילישער רעגירונג אין לאָנדאָן. אין דעם באַריכט לייענען מיר, אַז הרוביעשאָוו איז פולשטענדיק ליקווידירט געוואָרן.

ווען דעם 28.11.1942 דערשיינט די פאַרפירערישע פּאָליציי און ס.ס.־פאַראָרדענונג פון שעף פון זיכערקייטס־וועזן אין ג״ג, גענעראַל קריגער, וועגן שאַפן 8 געטאָס אין לובלינער דיסטריקט, געפינען מיר נישט, צווישן די אויסגערעכנטע שטעט, דעם נאָמען „הרוביעשאָוו״.

אָפיציעל זיינען שוין דאַן קיין יידן אין שטאָט נישטאָ, און ביים וואַקזאַל הענגט אַ שילדל „יודענריין״, ווי אַ פריידיקע בשורה פאַר די וואָס קומען פון דער פרעמד אין דער שטאָט.

מיט אַזעלכע אויפשריפטן האָבן זיך דייטשע געמיינדעס־קוראַרטן אין רייך באַרימט נאָך פאַר דער מלחמה, נאָכן איבערנעמען די מאַכט דורך היטלערן. איצט באַווייזן זיך די שילדן אין פּוילן. דער אונטערשייד צווישן דיביידע פאָרמען „יודענריין״ איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס פון די דייטשע שטעט האָט מען דעמאָלט די יידן פאַריאָגט אין אַנדערע שטעט — דאַקעגן מיט צען יאָר שפּעטער — האָט מען די יידן אין פּוילן „ליקווידירט״ אויפן אָרט, אָדער אין טויטנלאַגער.

כדאי צוצוגעבן, אַז דער קאָמענדאַנט פון דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע הענ יג, וואָס האָט אַמטלעך ביי די אַקציעס אַסיסטירט און בכלל זיך געלאָזט פילן דער יידישער באַפעלקערונג, איז דורך אַ יידישן זעלנער געכאַפּט געוואָרן אין אַ מיליטערישן, דייטשן שפּיטאָל, בעתן באַפרייען די שטאָט טשענסטאָכאָוו. דאָ האָט הענ יג, אַ לייכט־פאַרוווּנדעטער, געוואָלט אָנגיין ווי אַ פּשוטער, דייטשער סאָלדאַט פון דער ווערמאַכט...

### יידנרייין

בעת די אַקציעס און שפּעטער גיבן די דייטשן צו וויסן דער היימישער באַפעלקערונג, אַז אונטער טויט־שטראָף טאָר מען נישט געבן קיין שום הילף אַ ייד. פאַרקערט, ס׳איז די פליכט פון יעדן „אָרנטלעכן״ בירגער — אַן אָנגעטראָפענעם ייד איבערגעבן אין די הענט פון דער גערעכטיקייט.

כדי צוצוגעבן חשק צו דער אַרבעט, ווערט געמאָלדן אַז פאַר יעדן לעבעדיקן, צו געהרגעטן ייד, וועט מען באַצאָלן אַ סומע געלט און אַ ק״ג צוקער, אָדער דאָסגלייכן!

עס בלייבט נאָך אין הרוביעשאָוו אַ קליינע גרופּע, יונגע בחורים, 160 מאַן, וואָס ווערט געהאַלטן אונטער אַ שטאַרקער שמירה פון דער דייטשער פּאָליציי אין אַ לאַגער אויף יאַטקע־גאַס. זיי ווערן אָפּגעהיטן פון יעדן קאָנטאַקט מיט דער אויסנוועלט.

די אַרבעט פון דער גרופּע „אויפראַומונגס־קאָמאַנדע״ באַשטייט דער עיקר אין צונויפזאַמלען אַלץ, וואָס איז געבליבן אין געטאָ און אָפּלאַגערן אין מאַגאַזינען צום נוצן פון די דייטשן (Werterfassung). דער בית־עולם ווערט דורך זיי צעשטערט — אויסגעגלייכט מיטן פעלד. מיט די מצבות — מיט די אותיות צו דער ערד — ווערט געפּלאַסטערט אַ טראָטואַר.

צווישן די יידן געפינען זיך אויך פאַכמענער, וואָס גייען יעדן טאָג פון לאַגער („אַרבעטס־קאָלאָנעס״) צו דער אַרבעט אין די שטאָטישע וואַרשטאַטן. נאָך דער אַרבעט פלעגט מען זיי צוריקפירן אין לאַגער. איין קאָלאָנע האָט געאַרבעט ביי דער געסטאַפּאָ.

די צאָל יידן אין לאַגער פאַרקלענערט זיך: אייניקע אַנטלויפן צו די פּאַרטיזאַנער, אַנדערע ווערן ליקווידירט דורך די דייטשן, ווען ס׳פאַרפעלט פאַר זיי אַרבעט.

ביז סעפּטעמבער 1943 האָט דער לאַגער עקזיסטירט, דערנאָך האָט מען אים ליקווידירט און די יידן אַריבערגעפירט אין לאַגער אין בודזין און פון דאָרט, ביים דערנענטערן זיך פון פראָנט, ווייטער קיין מערב. אייניקע פון די יידן האָבן דערלעבט די באַפרייונג.

די גאַנצע צייט גייט אָן די אַרבעט פון די דייטשן און זייערע העלפער אויסצוגעפינען די פאַרשטעקטע אין די בונקערס יידן, ווי אויך די, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, ווי „אַריער״. די געכאַפּטע ווערן אָפּגעפירט אויפן בית־עולם און דערשאָסן.

יידן לויפן אין וואַלד, שטייען צו צו די פּאַרטיזאַנער־גרופּעס, בויען פאַר זיך בונקערס אין די וועלדער אָדער פאַרבאָרגנסטע ערטער. זעלטן ווען ס׳געלינגט זיי אָבער בלייבן לעבן ביזן סוף מלחמה.

וועגן איינער אַזאַ גרופּע דערציילט אונדז ד״ר עמנואל רינגעלבלום אין זיינע נאָטיצן פון הערבסט 1943, ווען ער אַליין האָט זיך געפונען אויף דער אַרישער זייט אין אַ בונקער:

„אין הרוביעשאָוו האָבן העכער אַ צענדליק משפחות, וואָס האָבן אויסגעמיטן כל מיני אַקציעס ווי אויסזידלונגען, געפונען זייער רו אין די דאָרטיקע שטיין־האַקערייען. פּראָדוקטן האָבן זיי געקויפט ביי די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער, וואָס האָבן זיי נישט אַרויסגעגעבן. אויך די דאָרפס־וואַך האָט וועגן זיי געוווּסט און געשוויגן. איינער פון די יידן איז דורך אַ פּויער אַרויסגעגעבן געוואָרן, און ער האָט בעת דער אויספאָרשונג דערציילט, אַז דער פּויער האָט אַ ראַדיאָ. דערפאַר האָט מען דעם פּויער אַרעסטירט. די דאָרפישע וואַך האָט געוואָלט דערפאַר נקמה נעמען אָן די יידן און האָט מודיע געווען וועגן זיי דער פּוילישער פּאָליציי, וואָס איז געקומען, אַלע יידן אַרעסטירט, באַראַבעוועט און ליקווידירט[18].

### ווידערשטאַנד

ווי אין אַלע איבעריקע ערטער האָבן זיך די יידן אין הרוביעשאָוו ניט לייכט אונטערגעגעבן דעם דרוק פון די דייטשן. אַ לאַנגע צייט, נישט קוקנדיק אויפן טויטנמאַרש, אויף די כסדרדיקע רדיפות, אויף דעם, וואָס אַ ייד האָט נישט געהאַט קיין פרייע מינוט און איז געווען אויסגעשטעלט געכאַפּט צו ווערן צו אַרבעט און צו באַקומען פון אַ דייטש „אין גוטן מוט״ לכל־הפּחות קלעפּ, האָבן די יידן זיך געפירט, ווי ס׳וואָלט זיי אַלץ נישט אָנגעגאַנגען. באַמיט זיך צו לעבן, ווי ס׳וואָלט גאָרנישט געשען. מ׳האָט אָנגעהאַלטן דעם פריערדיקן שטייגער לעבן, האָפנדיק, אַז דאָס וועט לאַנג נישט דויערן.

קודם־כל האָט מען זיך באַמיט, אַז די שווידערלעכע כוואַליע פון פאַרדאָרבנקייט זאָל נישט פּוגע זיין אין יונגן דור. מ׳האָט זיי געוואָלט אויסשיידן פון דער טאָג־טעגלעכקייט; קינדער האָבן זיך געלערנט. די עפנטלעכע שול איז געווען פאַר זיי פאַרמאַכט, האָט מען געשאַפן קאָמפּלעטן אינדערהיים און געלערנט באַהאַלטענערהייט. צו דעם ציל האָט מען זיך באַנוצט מיט די היימישע לערער, וואָס זיינען געוואָרן אַרבעטסלאָז, ווי אויך מיט די לערערס און אינטעלעקטועלע פּליטים, וואָס זיינען געקומען פון דער פרעמד און זיינען געבליבן שטעקן אָן שום מיטלען.

יידן פירן אויך אויס — ווי ווייט מעגלעך — זייער פריערדיקע מסחרים, וואַרשטאַטן, הגם דאָס איז פאַרווערט. נישט געקוקט אויף דעם פאַרבאָט צו פאָרן מיט דער באַן און צו פאַרלאָזן דעם וווינאָרט אָן ספּעציעלע דערלויבעניש, פאָרן יידן פון הרוביעשאָוו און קיין הרוביעשאָוו מיט אונטערוועגן, מיט געפעלשטע פּאַפּירן, אַליין געמאַכטע צו געקויפטע ביי... דייטשן.

די דייטשע אַדמיניסטראַציע פון די נידעריקסטע אָרגאַנען ביז די העכסטע שטופן איז גענוג קאָרומפּירט און איז להוט אַרויסצושלעפּן פון די יידן

[18]) Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego, Warszawa 1959, zeszyt I-III, str. 30/31.

געלט און ווערט־זאַכן און אָפּשיקן עס צו זיך אַהיים, קיין דייטשלאַנד, זיידער מקיים זיין די פאָרשריפטן פון פירער וועגן פאָטערלאַנד, גרויס־דייטשן־רייך א. א. וו.

די יידן נוצן דאָס אויס. זיי פירן ווייטער זייערע עסקים מיט דער „אַרישער" וועלט; און נישט געקוקט אויף די דייטשע באַגרענעצונגען, וואָס דאַרפן דעם יידן דערפירן צו אַ הונגער־טויט, צום אומקום פון קרענק און עפּידעמיעס — האַלטן זיי זיך אויפן אויבערפלאַך פון לעבן.

יידן פון הרוביעשאָוו דערגייען ביז וואַרשע, און אפילו אייניקע ביז איבער די גרענעצן פון רייך (שווייץ) און אויך פון וואַרשע קומען צו זיי שליחים פון דער יידישער אונטערערדישער באַוועגונג מיט ידיעות פון אויסלענדישן ראַדיאָ און מיט געדרוקטער ליטעראַטור (אונטערערדישער פרעסע אין פויליש און יידיש).

אָבער אויך אָפּן אָרט ווערן יידן געוויר נייעס פון די דייטשע ראַדיאָ־אַפּאַראַטן אין די וווינונגען, ווו זיי ווערן געשיקט אויף אַרבעט, הגם פאַר אַזאַ האַנדלונג איז „געזעצלעך" געקומען טויט־שטראָף.

יידן באַהאַלטן נישט די ידיעות ביי זיך, זיי גיבן זיי איבער ווייטער צו די פּאָלאַקן, און אפילו צו די בעסערע (אויך אַזעלכע זיינען געווען) דייטשן. נישט אומזיסט קלאָגט זיך אַ דאָקומענט, אַז יידן פאַרשפרייטן ידיעות וועגן דייטשע מפּלות און דערפאַר דאַרף מען זיי ליקווידירן. דאָס פאַרהאַלטן זיך פון יידן און זייער שטאַרקער גלויבן אין דער דייטשער מפּלה באַווייזט זייער גייסטיקע גבורה, וואָס איז נישט פאַרשוווּנדן, אפילו נישט אונטערן גרעסטן דייטשן טעראָר און גרויזאַמקייט.

איינע פון די אויסדרוקן פון גבורה: נישט געקוקט אויפן שטרענגן פאַרבאָט, דאַווענען יידן בציבור, אפילו אין די באַראַקן פון אַ טויטנלאַגער, ווען נאָר די אויסראָטונגס־מאַשין לאָזט זיי אַ פרייע מינוט.

און ווען עס קומען אָן די לעצטע מינוטן פאַרן טויט, גייען זיי רויק און מיט שטאָלץ. ווי עדות גיבן איבער, איז אפילו אַ טייל יידן מקדש השם אין זייערע טליתים, און קיטלען.

די דאָזיקע ווירדיקע האַלטונג האָט, ווי דייטשע עדות גיבן דאָס איבער היינט צו טאָג, געווירקט אויפן דייטשן מערדער. זי האָט דערשיטערט דעם גלויבן אין דער גערעכטיקייט פון זייער זאַך און דערוועקט די מורא פאַר דער צוקונפט. אין רעזולטאַט האָט דאָס אָפּגעשוואַכט די זעלבסטזיכערקייט פון דייטשן, מיליטערישן כוח...

עס האָבן אויך נישט געפעלט צווישן יידן קיין ערנסטע פרוון פון אָרגאַניזירן אַ דירעקטן ווידערשטאַנד דעם שונא.

אין הרוביעשאָוו — ווייסן מיר — האָט געוויילט יוסף קאַפּלאַן, איינער פון די גרינדער פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין וואַרשע. צום באַדויערן, איז ער אַליין בקרוב אומגעקומען אין סעפּטעמבער 1942 אין וואַרשע, ווי אויך אַלע הרוביעשאָווער, מיט וועלכע ער איז געשטאַנען אין קאָנטאַקט. אַזוי, אַז צו אונז זיינען נישט דערגאַנגען קיין שום פּרטים וועגן זייער טעטיקייט אין געטאָ הרוביעשאָוו. אויך קאַפּלאַנס טאָגבוך איז פאַרלוירן געגאַנגען.

מער פּרטים האָבן זיך אָפּגעהיט וועגן אַן אַנדער שליחות פון וואַרשעווער אונטערערד.

אין הרוביעשאָוו און אין דערפל ווערבקאָוויץ, אַ 10 ק"מ פון הרוביעשאָוו, געפינען זיך שטאַרקע סניפים פון החלוץ־דרור; אין הרוביעשאָוו באַשטייט ער פון היימישער יוגנט, אין ווערבקאָוויץ — פון געשיקטע אַהין חלוצים פון וואַרשעווער געטאָ.

אָנהויב יוני 1942 שיקט אַרויס דער וואַרשעווער מרכז (דזשעלנאַ 34) צום צווייטן מאָל צוויי דעלעגאַטן, „אַריערינס", פרומקאַ פּלאָטניצקאַ[19] און חוהקה פאָלמאַן, כדי זיי זאָלן זיך פאַרשטענדיקן מיט די חברים אין הרוביעשאָוו און סביבה, און אַרומרעדן מיט זיי די מעגלעכקייט פון ווייטערדיקער אַרבעט פון די סניפים, בעת ס'וועט איבערגעריסן ווערן דער קאָנטאַקט מיט וואַרשע. דער מרכז רעכנט זיך מיט אַזאַ מעגלעכקייט. די אינסטרוקציע פון וואַרשע איז: די יוגנט זאָל זיך באַוואָפענען און גיין אין די אַרומיקע וועלדער.

[19] זי איז וואַרשיינלעך די מחברטע פון דאָקומענט פון רינגעלבלום־אַרכיוו, וואָס מיר ציטירן אויבן.

די דעלעגאַטן קומען אָן קיין הרוביעשאָוו אַקוראַט אין דער צייט, ווען עס קומט דאָ פאָר אַן אַקציע, די יידן האַלט מען אין פאַרלאָדן אין די משא־וואַגאָנען, געקומען — הייסט דאָס — צו שפּעט.

די צוויי העלדישע מיידלעך קערן זיך אום קיין וואַרשע, גיבן אָפּ אַ ראַפּאָרט פון זייער נסיעה, אַז טויזנטער יידן פירט מען אויף אומקום אין אַ טויטן־לאַגער, אָבער מ'האָט זיי נישט געגלייבט[20].

און טאַקע אין „די ידיעות" (אונטערערדישער אָרגאַן פון החלוץ־דרור אין וואַרשעווער געטאָ) פון 9־טן יוני 1942 לייענען מיר:

„אין מאָמענט, ווען מיר שרייבן די שורות, פירט מען אַרויס טויזנטער יידן פון הרוביעשאָוו, גראַבאָוויעץ, אוכאַניע אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג"...

די שליחות פון די צוויי חלוצות האָט נישט דערגרייכט איר ציל. זי איז אָבער נישט געווען געענצלעך אָן דערפאָלג. זייער באַריכט האָט געוועקט די אויפמערקזאַמקייט פון די וואַרשעווער אָנפירערישע קרייזן, מאָביליזירט זיי צו אייניקייט און צום אַקטיוון קאַמף אין מאָמענט, ווען וואַרשע וועט זיך געפינען אין דער זעלבער לאַגע, ווי הרוביעשאָוו.

דער קאָנטאַקט מיט וואַרשע ווערט איבערגעריסן. נישטאָ מער קיין האָפענונג, אַז פון דרויסן וועט קומען די הילף. נעמען היימישע בחורים אויפן אָרט די איניציאַטיוו אין זייערע הענט.

אין דער העלפט פון יאָר 1942 הויבן אָן יוגנטלעכע צו אַנטלויפן אין די וועלדער צו די פאַרטיזאַנער. דער איבעריקער עולם, הערנדיק וועגן דער אויסראָטונגס־כוואַליע, וואָס כאַפּט אַרום דעם גאַנצן קרייז, הייבט אָן בויען בונקערס, אָדער גייט אַריבער אויף דער אַרישער זייט. בעת דער ערשטער אַקציע ווערן אַזוי אַרום אַ סך יידן אָפּגעראַטעוועט.

פאַרשטייט זיך, אַז די יידישע פאַרטיזאַנער האָבן אויסצושטיין אַ דאָפּלטן דרוק, סיי פון די דייטשן, סיי פון די נאַציאָנאַליסטישע פּוילישע צי אוקראַאינישע פאַרטיזאַנער־באַנדעס.

נישט איינמאָל ווערט ביי אַ יידישן פאַרטיזאַן אויסגענאָרט דאָס געווער דורך נישט־יידישע פאַרטיזאַנער און ער גופא, איבערגעלאָזט אויף הפקר; אַן אַנדערש מאָל ווערט ער דערהרגעט דורך זיין קאַמפּס־חבר.

אַ קאַפּיטל פאַר זיך איז דער קיבוץ אין ווערבקאָוויץ, וואָס עקזיסטירט אַ יאָר צייט (יוני 1941—1942). אַהער ווערן אויך געשיקט דריי גרופּן, בערך אַ 60 בחורים פון וואַרשע. עס אָרגאַניזירט זיך אַרום די צוויי פּונקטן: הרוביעשאָוו ־ ווערבקאָוויץ אַ באַזע פאַר פאַרטיזאַנער, וואָס דאַרפן אָפּגיין אין וואַלד.

צום באַדויערן, האָט די אויסראָטונגס־כוואַליע מקדים געווען די פּלענער. עס האָבן דאָ אויך געווירקט מסירות, אַזוי אַז די גרופּעס זיינען ליקווידירט געוואָרן[21].

עס רעדט וועגן דעם אַ יידישער דאָקומענט פון יענער צייט.

פרילינג 1944 שיקט די קאָמאַנדע פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע (אויף פּויליש: זשאָב — Zydowska Organizacja Bojowa — ŻOB) אַ באַריכט קיין לאָנדאָן, וואָס גיט איבער וועגן דער אַרבעט פון דער יידישער פאַרטיזאַנער ־ באַוועגונג אין די וועלדער פון הריביעשאָוו. געשיקט האָט מען אַהין פאַר דער גרויסער אויסזידלונג אין וואַרשע (פאַר דעם 22־טן יולי 1942) אַ גרופּע פון אַ 15 חלוצים, זיי זאָלן זיך אָרגאַניזירן אין אַ זעלבשטענדיקער פאַרטיזאַנער־גרופּע און אָנהויבן אַן אַקטיוון קאַמף קעגן די דייטשן. שפּעטער — אין אויגוסט 1942 — איז געשיקט געוואָרן אַ צווייטע גרופּע פון אַ 30 מאַן; אין סעפּטעמבער האָט מען געשיקט אַ דריטע גרופּע פון אַ 18 מאַן — זיי זיינען אַלע צוליבן פאַראַט פון אַ פּוילישן וועג־וויזער, וואָס איז באַשטימט געווען פון דער קאָמאַנדע פון דער פּוילישער „לאַנד־אַרמיי", אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די דייטשן און אומגעקומען. דאָס האָט אויך גורם געווען צום אומקום פון דער קבוצה, וואָס האָט פריער געאַרבעט אין טאַרטאַק אין שטעטל ווערבקאָוויץ[22].

[20] ספר מלחמות הגטאות ערוך בידי יצחק צוקרמן, משה בסוק, תל־אביב, 1954, חוה פולמן: „קשרים בדרכים" ע"ע 43־42.

[21] זע: ספר מלחמות, ז. 106.

[22] פאַרגלייך: ספר הפרטיזנים היהודים, מרחביה, 1958, באַנד 2, ז. 29, 61. דער דאָקומענט אין עברית און יידיש ווערט געבראַכט אין בוך פון מלך נוי (ניישטאַט): חורבן ומרד של יהודי ווארשה.

## סוף

נאָך דער „יידנריין" ־ אַקציע זיינען יידן פאַרשוווּנדן פון דער שטאָט. די פּאָר געבליבענע זיינען געווען פאַרשטעקט, אַ מענטשלעך אויג זאָל זיי נישט זען. ערשט ווען די שטאָט איז באַפרייט געוואָרן, זיינען זיי אַרויס אויף דער ליכטיקער שיין. עס זיינען אויך צוריקגעקומען די יידן פון די וועלדער, טיילווייז אויך די, וואָס זיינען געווען אין ראַטנפאַרבאַנד.

אָבער אויך דאָס ביסל יידן האָט זיך נישט געהאַלטן אין זייער היימ־שטאָט, קודם האָט מען זיך געלאָזט אין די גרעסערע שטעט (לאָדזש, וואַרשע) און אין די ניי דעראָבערטע געביטן (נידערשלעזיע), ווו די לעבנס־באַדינגונגען זיינען געווען בעסער און ווו מ'איז געווען ווייט פון דער... אַמאָליקער היים.

אָבער דאָס געשפּענסט פון נאָענטן עבר האָט ווייטער געטריבן די יידן; געלאָפן איז מען, צו ערשט, אומלעגאַל אין די דייטשע באַזעצטע מערב־געביטן און פון דאָרט געזוכט אַ וועג קיין ישראל, צי קיין אַמעריקע. באַלד האָט אויך גאַנץ פּוילן דורכגעמאַכט אַ לעגאַלע עליה־כוואַליע קיין ישראל, וווהין דער רוב פּוילישע יידן — און דערונטער אויך די הרוביעשאָווער — האָט זיך אַריבערגעטראָגן.

און די שטאָט הרוביעשאָוו איז ווידער געוואָרן יידן־ריין.....

לויט דער צווייטער אויסגאַבע פון דער גרויסער סאָוויעטישער ענצי־קלאָפּעדיע (פון יאָר 1957) האָבן אין דער שטאָט געלעבט אין יאָר 1954 11.300 איינוווינער. עס ווערט דערביי נישט באַצייכנט, צו וואָס פאַראַ נאַציאָנאַליטעט די איינוווינער געהערן. מ'קען אָבער זיך משער זיין, אַז אַלנספּאַלס קיין יידן זיינען זיי נישט געווען — אחוץ **אפשר** געציילטע.

די דאָזיקע ציפער 11.300 פון יאָר 1954 איז קלענער מיט אַ צוויי טויזנט פון דער צאָל איינוווינער, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען אין יאָר 1931. דאָס הייסט, אַז די נייע צאָל שפּיגלט נישט אָפּ די גרויס פון אונדזערע אבדות אין דער שטאָט.

און אַזוי ווי דאָס פּוילישע פאָלק האָט אין דער מלחמה געהאַט פאַר־לוסטן (העכער צען פּראָצענט !), (יידן — 85 ־ 90 פּראָצענט) האָט זיך אויך די פּוילישע באַפעלקערונג אין דער שטאָט פאַרקלענערט. מ'קען דע־ריבער רעכענען די אבדות אין מענטשן אין הרוביעשאָוו אויף 8000—7 נפשות. קומט אויס, אַז די שטאָט האָט זיך **ביזן יאָר** 1954 רעגע־נערירט אין אַ גרויסער מאָס — אויף אַ זעקס טויזנט נפשות בערך.

נאָך אַ יאָר צוויי, וועט די צאָל איינוווינער פון הרוביעשאָוו דערגרייכן די פאַר־מלחמה צאָל און שפּעטער אַ ביסל, אויך די צאָל איבערשטייגן. מעגלעך, אַז דאָס איז שוין געשען איצט.

די שטאָט וועט דעריבער קיין פאַרלוסט אין מענטשן נישט אַרויס־ווייזן, אָבער צווישן אירע נייע איינוווינער וועלן קיין יידן נישט זיין. עס וועט אפילו נישט בלייבן קיין זכר פון דעם, אַז זיי האָבן אין דער שטאָט געלעבט הונדערטער יאָרן, און אַ לאַנגע צייט אפילו געווען אין איר דער רוב מנין ובנין.

# לייב שנאַל / די חברה יזכור־ליכט

צום אנדענק פון ת"ח ות"ט־גזרות, ווען אין הרוביעשאָוו זיינען, לויט דער מסורה, אויסגעמאָרדעט געוואָרן 400 יידן, פלעגט די חברה יזכור־ליכט אריינפירן אין שניידערישן פאליש אַ נר־תמיד.

די צערעמאָניע פון צוגרייטן דאָס ליכט און ברענגען עס אין שול איז ענלעך צו דער צערעמאָניע פון אריינפירן א ספר־תורה אין שול.

דאָס ליכט האָט מען פארטיק געמאַכט דריי מאָל אין יאָר: י' בטבת, כ' סיון און ערב יום־כיפור. די לעצטע יאָרן פלעגט דאָס ליכט צוגעגרייט ווערן ביי מיר אין הויז פון אַ 2 ק"ג וואקס.

ווען דאָס ליכט איז פארטיק געוואָרן, האָט מען עס מיט גרויס פייערלעכ־קייט געפירט אין שניידערישן פאליש, ווו דער שטאָט־רב האָט פארן עולם געהאלטן אַ דרשה און מסביר געווען די באדייטונג פון ליכט.

אין שול איז געווען אַ גרויסער לייכטער, וועלכן ס'האָבן מנדב געווען די שניידער פון שטאָט. אין דעם לייכטער איז דאָס ליכט געווען אַ נר־תמיד ביז מען האָט געבראַכט אַ צווייט ליכט.

אין די לעצטע יאָרן איז דער ועד פון דער חברה באַשטאַנען פון פאָלגנדע חברים: **ליב שנאל** — גבאי, **יעקב עסיג**, **פייוויש עסיג**, **דוד שפּילער**, **הערש טעלער**, **אברהם האָלצער** און **טרייטל מלמד**.

די גבאים פלעגן באַשטימען די חברים, וועלכע פלעגן גיין צווישן די מיטגלידער פון דער חברה, כדי צונויפזאמלען דאָס געלט פארן נר־תמיד. קיינער פון די באשטימטע חברים האָט זיך נישט געטאָרט ענטזאָגן פון דער הייליקער פליכט.

ווען דאָס געלט איז צונויפגעזאמלט געוואָרן, האָבן אלע חברים פון דער חברה יזכור־ליכט זיך פארזאמלט, געוויינלעך ביים גבאי אין הויז, און ז'אָרט צוגעגרייט דאָס ליכט.

אין דער נאַכט, ווען מען האָט דאָס ליכט געפירט אין שול, פלעגט מען מאַכן אן אל מלא רחמים און זאָגן קדיש נאָך די חברה־לייט, וועלכע זיינען געשטאָרבן פאר דער צייט.

איז א חברה־מאַן קראנק געוואָרן, פלעגט מען גלייך וועגן דעם מודיע זיין דעם גבאי און ער פלעגט מחייב זיין אַלע מיטגלידער באַזוכן דעם חולה און בעטן השם־יתברך ער זאָל אים צושיקן אַ רפואה שלמה.

# אל

מלא רחמים, שוכן במרומים, המצא מנוחה
נכונה על כנפי השכינה, במעלות קדושים
וטהורים, כזוהר הרקיע מזהירים' לנשמותיהם
של שבעת אלפי בני הקהילה הקדושה

# הרובישוב

אנשים, נשים וטף

שנהרגו, נשחטו, נשרפו, נחנקו ונקברו חיים
בידי תלייני היטלר ומשרתיהם הרשעים,
ימח שמם, בשנים 1939 — 1945.

בגן עדן תהא מנוחתם.
לכן, בעל הרחמים יצרור בצרור החיים
את נשמותיהם.
ה' הוא נחלתם.
וינוחו בשלום על משכבם
ונאמר: אמן!

# הרוביעשאָווער קדושים ז"ל

## וועלכע זיינען דערשאָסן, פאַרגאַזט און פאַרפייניקט געוואָרן דורך די היטלעריסטישע תליינים און זייערע שותפים אין די יאָרן 1939 – 1945

## א

אַבענד אהרון, יהודה, רבקה, מאיר און רייזל.
אַדלער סענדער, טויבע־איטע און מרדכי.
אַדלער משה און משפחה.
אַדלער הענעך און משפחה.
אַדלער שמואל און שלמה.
אדעלערפליגל שמואל, חיה־שרה און מירל.
אדער חיים.
אדער אהרון און רייזל.
אדער נחמיה און גיטל.
אדער מאיר און פרוי.
אויבערפירשט חנה.
אויסבראַך יעקב און פרוי.
אויסבראַך שרה, מאַן און קינדער.
אויפער סענדער, שרה און קינדער.
אונגער חיים, שאָשע, רייזל, לייזער און חנה.
אייגער חונא, יהודית, שיינדל און רבקה.
איידעלמאַן גאָלדע, שרה און פעסל.
איידעלמאַן אברהם און משפחה.
איידעלשטיין יעקב־הערשל און לאה.
איידעלשטיין הירש און לאה.
איידעלשטיין פייגע און שרה־מאַליע.
איידעלשטיין יצחק און חוה.
איידעלשטיין יעקב.
איידעלשטיין אברהם, גוטשע און צוויי קינדער.
איידעלשטיין יהושע, העניע, סערל, יעקב, אלטער־משה, מאיר און זלאַטע.

אייזן צפורה.
אייזן מרדכי, אברהם, חנה, מתתיהו און זלמן.
אייזן קאָפּל, פייגע, אסתר און שפרה.
אייזן מאָטקע און פאַמיליע.
אייזן אליעזר, חיה, דוד, לאה און פראַדל.
אייזן שאול, שרה, רעגינע און רחל.
אייזן יצחק, עטי, משה און בת־שבע.
אייזן חנה.
אייזן הינדע.
אייזן לייזער, רבקה און ראובן.
אייזן טילע.
אייזן שמואל־אלי, שרה און גיטל־לאה.
אייזן סאָניע, רבקה און טאָכטער.
אייזן יהושע און גיטעלע.
אייזן סענדער, חנה און 5 קינדער.
אייזן שאָשע און צוויי קינדער.
אייזן רבקה און אַ קינד.
אייזן חנה־גאָלדע, מאַן און 5 קינדער.
אייזן משה און משפחה.
אייזן עטל.
אייזנקראַנץ מתתיהו, דבורה און פערעלע.
אייזענקראַנץ חיים־משה, רחל־לאה, מרדכי, פערעלע, ראניע און אסתרל.
אייזענבערג גאָלדע, קינדער און אייניקלעך.
אייזענבערג שרה, מאַן און צוויי קינדער.
אייזענבערג יהושע.
אייזענשטאַט חיים, חנה און איטשע.
אייזענשטאַט מרים און קינדער.
אייכענבלאַט נח, פרוי און קינדער.
אייכענבלאַט הערש, חנה און קינד.
אייל ישראל.
אייל לייב און מלכה.
אייל יעקב, יהושע און שיינדל.
אייל יצחק און משפחה.
אייל דינה, מאַן און קינד.
אייל משה און פאַמיליע.
אייל ישראל.
איילבוים בן־ציון און משפחה.
איילבוים יצחק.
איילבוים יצחק, מאלי, חנה און מאטל.
איילבוים הינדע, נתן, דוד און גנענדל.
איינהאָרן לייב, גיטל און 3 קינדער.
איינהאָרן שמואל־אליהו, שלמה און גאָלדע.
איינהאָרן שמעון און פאַמיליע.
איינהאָרן שלמה, יצחק, מלכה און שמעון.
איינהאָרן סימע.
איינהאָרן מרדכי, מאַניע און צוויי קינדער.
אלבוים הינדע, מאַן און פיר קינדער.
אַלט אביש, פרימעט און הינדעלע.
אַלט רבקה און צוויי קינדער, משה, אסתר, מאיר, ראובן, העניע און סערקע.

**זכור, אשר עשה לך עמלק!**

אַלט ראובן.
אַלטמאַן משה, פרוי און קינדער.
אלער אברהם-חיים, מירל און קינדער.
אלער מיכל און קינדער.
אמפער יוסף.
אנגלבבערג גיטל, מאליע מיט דריי קינדער, חיה און מרדכי.
אנטשיק מענדל, עלקע, יצחק און שרה.
אנים זישע, פרוי און קינדער.
אנציג מיכל און חנה.
אנציג עלקע.
אָפּאַטאָווסקי הערשל, מירע, משה-יוסף, רחל און רייזל.
אָפּאַטאָווסקי הערש און שמחה.
אָפּאַטאָווסקי יצחק, ביילע, בעריש און אליעזר.

אַפּעל (לאַנגער) הודים און קינדער.
אַפּעל בער, פרוי און קינדער.
אַפּעל שלמה, פרוי און קינד.
אַפּעלבוים מענדל, בריינדל און קינדער שלמה, משה, אסתר און איטע.

אקסמענד בן-ציון און פרוי.
אקסמענד יצחק, פרוי און קינדער.
אַרבוך יענטע.
אַרבוך אביגדור.
אַרבוך יצחק און משפחה. (סטעפּאַנקאָווייץ)
אַרגאַן שמואל, חנה און דינהלע.
אַרגאַן שמואל, פרוי און קינד.
אַרנשטיין לייבל, גאָלדע, זעליק און טאָכטער.
אַרענשטיין יהושע, בתיה און מאיר.

## ב

באדען טובה, שלמה, שרה, מיכל, יאשע, חיה. קלמן, שמואל, שיינדל, משה און ירוחם.
באדען אברהם, ביילע, שלמה און רחל.
באַדענשטיין יצחק, פרוי און דריי קינדער.
באַדענשטיין מייטשע, חייקע און משהלע.
באהער אפרים און פאַמיליע.
באומגאַרטען אברהם, יהודית און לאה.
באַרג לייזער, חיה, משה, צפורה, דבורה און רחל.
בארט גוטמאַן.
בארט מאיר.
בארט ברונטשע,מאַן און קינד.
בארט זעליק.
בארט דוד, פרוי און צוויי קינדער.
בארט יעקב.
בארט אברהם.
באַרענשטיין דוד, וויטל און קינדער.
באַרענשטיין נח און חיה-שרה.
באַרענשטיין קיילע-פייגע, יעקב און קינדער.
באַרענשטיין דוד-אהרון און אירקע.
בויגען מיינציע, העניע, יצחק-שלום און רחל.
בויגען ישראל און עטל.
בוים דוד און פערל.
בוימל הערשל, שרה, איטע, ישראל, אברהם און לאה.
בוימל אברהם-מענדל און צביה.
בוכטרעגער בער און פרוי.
בוכטרעגער אברהם, פרוי און צוויי קינדער.
בוכטרעגער יצחק-שאול, נחמה, אהרון און נתן.
בוכטרעגער פריידע און קינדער.
בוכטרעגער הערש, פרוי און קינדער.

בוכטרעגער יצחק-מאיר, חנה און בריינדל.
בוכטרעגער הערש, רחל און קינדער.
בוכשטאַב יואל, חיה, רייזל און הערש-לייב.
בולם אליהו, שפרה, אברהם, מאטל, משה און חיה.
ביבער פערל.
ביגלער אליהו און משפחה.
ביגלער עטל, ביילע, יעקב און פייגע.
ביגלער חיה און מלכה.
בידערמאַן (בלאַס) חנה-פייגע, הערשל און מרים.
ביטערמאַן חנה און צוויי קינדער.
ביטערמאַן דוד.
ביטערמאַן הלל, פערל און צוויי קינדער.
ביטערמאַן פייגע, הערשל און צוויי קינדער.
ביטערמאַן לאה מיט דריי קינדער.
ביטערמאַן ישעיהו און צוויי קינדער.
ביטערמאַן שיינדל, מאַן, אַכט קינדער און אייניקלעך.
בייל יחזקאל, חנה און הערש.
ביכלער אסתר-מלכה, מאַן און קינדער.
ביכלער סאָניע, מאַן און קינדער.
ביכלער בער, פרוי און קינדער.
ביכלער שאולקע, פרוי און קינדער.
ביכלער חנה, מאַן און קינדער.
ביסקאָוויטש יוסף, שיינדל און קינדער.
ביסקאָוויטש לייב, פערל, און הינדע.
ביסקאָוויטש משה און משפחה.
ביסקאָוויטש ישראל און משפחה.
בירען חיים-יצחק און ליפשע.
בלאנדער ישראל, קיילע און צוויי קינדער.
בלאנדער יוסף, רייזל און דריי קינדער.

**ה׳ יקם דמם!**

בלאַנדער שיינדל, לאה און יונה.
בלאַנדער יונה, חנה, יעקב און יוכבד.
בלאַנדער יוסף, רייזל (יעבין), איסר, מאיר און לאה.
בלאָנדער הערש, דוד און בלומע.
בלאָנדער חנה.
בלאַנים שיינדל, גוטשע און פאַטער שלום.
בלאַנק מאַטיע, צביה, משה און איטע.
בלאַס מתתיהו און אסתר.
בלעכמאַן אליהו, וואלף, בינע, רייזל און צביה.
בלעכמאַן חיים און מתתיהו.
בעבעל גדליה, דבורה און צוויי קינדער.
בעזים משה, צירל, ביילע, אסתר, ציפע, יונה, מעני און פינף קינדער.
בעזים הערש, אסתר, טויבע, שרה, גוטע און איר משפחה.
בעזים קוני, פערל און אכט קינדער.
בעזים פריידע, מאַן און צוויי קינדער.
בעזים בינה און צוויי קינדער.
בעזים לייב, מרים, עלקע, פייגע, פריידע, בריינדל, טוביה, שרה־גיטל, פעשע און משה.
בעכער יעקב־יהושע, רחל, פייגעלע, בלומע אברהם, ראַסעלע און חנה.
בעכער יואל, חייקל, פרוי און דריי קינדער.
בעכער אברהם און משפחה.
בענקל מאַטל.
בעקער חנה, פערל און משפחה.
בעקער זלמן יצחק, האדים, איטע, רחל, לייביש־מענדל און מיכל.
בעקער נחום, מרגלית, אברהם און צביה.
בעקער משה, איידל, חנה און אסתר.
בעקער אברהם, איידל, חנה און ניאַנעק.
בעקער שייע, שיינדל, חיה און יענטע.
בערגער גישע, מאַן און קינדער.
בערגער שלמה און פרוי.
בערגער פעסל.
בערגער הערש, פייגע (ביטערמאַן) און צוויי קינדער.
בערגער פרומע, מאַן און קינד.
בערגער חנהטשע און פינף קינדער.
בערגער חנה.
בערגערזאַן מלכה און קינד.
בערנשטיין ישראל, ביילע און קינדער.
בערנשטיין אהרון, שפרה, פסח, שמחה, בעריש און יעקב.
בערער רבקה און פייגע.
בראַנד איטשע.
בראַנד שמואל און אסתר.
בראַנד שמחה.
בראַנד רעכטשע און בלומע.
בראַנד עזריאל, פרוי און צוויי קינדער.
בראַנד הערש, פרוי און קינד.
בראַנד שמחה.
בראַנד יאַקל.
בראַנד נעכע, מאַן און צוויי קינדער.
בראַנדעל איטשע, פרוי און זון.
בראַנדעל חיה, באשע און שרהלע.
בראַנדעל משה, שרה זלאַטע, חיים, איטשע, יעקב זעליק, חנה, בנימין, אברהם, יהודה, אסתר און יוסף.
בראַנדל שבע, יעקב זעליק, מאשע, אפרים־שלום, מיכעלע און רחל.
ברוך ישראל.
בריף וואלף, חוה, רחל און בערעלע.
ברעגמאַן אביש, הינדע, מאַטל און יצחק.
ברענער אהרון, מאַטל און אברהמעלע.
ברענער מאַטל און שבע.
ברענער נחום, ברכה און מרים.
ברענער עלקע, בריינדל, שרה, מרגלית און משה.
ברענער יאשע און דאַבע.
ברענער הערשל, פרוי און קינדער.
ברענער איטשע, פרוי און קינדער.

## ג

גאָלדבוים חיים, יהושע און פערל.
גאָלדבערג שלמה, רויזע, בנימין, שרה און פייגע.
גאָלדבערג שרהלע.
גאָלדמאַן פייגע.
גאָלדמאַן מאַטל און דעריזל.
גאָלדפאַרב חיה און שמחה.
גאָלדשטיין בעריש, יוסף אהרון, איטשע און משה.
גאָלדשמיד יעקב, פרוי און קינדער.
גאַנצוועק הענע און מרדכי.
גאַרדיאַן שלמה, פרוי און קינדער.
גובערמאַן פייוויש, אסתר און צוויי קינדער (דאָרף טרעיאַטין).
גובערמאַן מנשה, נאַטע, זיסל, רישע, לאה און שמואל (דאָרף טרעיאַטין).
גובערמאַן הערש, טעמע און פיר קינדער (דאָרף טרעיאַטין).
גובערמאַן מינטשע און דריי קינדער (דאָרף טרעיאַטין).
גובערמאַן לאה און שמואל (דאָרף טרעיאַטין).
גובערמאַן פייביש, לאה, מנשה, נטע און זיסל.
גובערמאַן מינצע און דריי קינדער.
גוטערמאַן מאיר, פרוי און קינדער.
גזשעבין אברהם און חנה.

**מלחמה לה׳ בעמלק מדור דור!** (שמות י״ז)

גיווערץ בעריש און פריידל.
גיווערץ בן־ציון.
גיווערץ פאליק, מאטל, פרוי און קינד.
גיווערץ אהרון, פייגע און קינד.
גיווערץ טשארנע.
גיווערץ שלמה און יצחק.
גיווערץ בעריש און חיה.
גיווערץ רוחמה, דבורה, מאן און קינדער.
גיווערץ מירל, מאן און קינדער.
גיווערץ שמעלקע,ביילע און קינדער.
גיווערץ מירל, פעסל, פסח און צבי.
גיטאַר דוד, חוה און קינדער.
גיינצער מרדכי.
גייסט רבקה און דריי קינדער.
גייסט ישראל, יצחק, סילקע און נפתלי.
גייסט לייביש, שרה, מאן און קינד.
גייסט שמואל, רבקה, סימע, יחזקאל און צוויי קינדער.
גייסט בת־שבע, מאַן און קינדער.
גייסט פייגע, מאן און קינדער.
גייסט ישראל, רחל, יחזקאל, משה און יצחק.
גייסט טויבע און קינדער.
גייער דוד־בער, פראדל, פייגע און רבקה.
גייער אַביש, פעשע, יענקל און חנה.
גייער שלמה, פרוי און קינד.
גייערמאַן מערל און פרוי.
גייערמאַן יודל, פרוי און קינדער.
גייערמאַן אברהם, פרוי און קינד.
גייערמאַן פייגע־שרה, מאן און קינד.
גינצבערג פייגל, טילצע, מלכה, משה און בצלאל.
גינצבורג פישל, פרוי און קינד.
גלאַזער לייבל, ברײנדל און קינדער.
גלאַזער מרדכי הירש, שרה מאליע, חוה, פערל און דריי קינדער.
גלאָזבערג יהושע און טעמע.
גלאָזבערג שלמה, מנוחה און קינדער.
גלאָזבערג לייב, טובה און קינדער.
גלאָזבערג מוניע (שלום).
גלאָזבערג אבא.
גלאָזבערג הדסה, איר מאן שלמה און קינדער.
גלוז בעריש, פערל און קינדער.
גלייכגעוויכט בייראק און ביילע רייזל.
גלייכגעוויכט רחל און קינד.
געדולדיק רחל און יחיאל.
געדולדיק (פריינד) זלאטע און קינדער.
געדולדיק לייב, חאמע און מאיר.

געדולדיק מאניס, הינדע, יונה, זלאטע, פייגע, זעליק, דבורה, יצחק און מאיר.
געדולדיק מאיר און שאָשע.
געדולדיק הערש.
געלבער זיסל, ביילטשע, שיינדל, יוסף, לייב, ברכה און משה.
געלבער זיסל
געלבער ברוך, פרוי און קינדער.
געלבער פייגע.
געלער מרדכי, הענטשע, חיים, משה און שרה.
געלערנטער יונה און פאמיליע.
גערבער נח, רבקה, לאה און דבורה.
גערטנער פעסל, רחל, יוטא און רבקה.
גערטנער שמואל און משפחה.
גערטל פישל־אפרים, אסתר, שרה און אברהם ישראל.
גערטל פערל.
גערטל אברהם, סימע און חיים־רפאל.
גערטל יודל, שרה־לאה, אברהם, פישל, פייגע און יענקל.
גערטל ביילע און חיים.
גערטל בעריש, רבקה און רייזעלע.
גערטל לאה.
גערטל אנשל, טילע, חיים, פיניע און קיילע.
גערטל משה, דינה און צוויי קינדער.
גערטל פאליק און צוויי קינדער.
גערטל שרה־עטל, שיינדל און שאשע.
גערטל פייגע, איר מאן דוד און משהלע.
גערטל מעכל און יענטע.
גערטל מרדכי, ביילע און געלע.
גערטל משה, חנה און פייגע.
גערמאַן אברהם, מאכלע און פאמיליע.
גרא יוסף, יצחק און דוד.
גראָער אברהם, יענטע און קינדער.
גראז יוסף.
גרובער יוטע, אברהם, משה און באשע.
גרובער אברהם־אלי און פרוי.
גרובער בראַנד און באשעלע.
גרובער יצחק און פרוי.
גרובער יידל און משפחה.
גרובערמאַן אהרון, מלכה, שייקע, עלקע און אליעזר.
גרוזבערג בעריש, אסתר, טאבע, נעמע און אברהם.
גרוזבערג יאשע, פרוי און קינד.
גרינבוים יחיאל, מיכל, חיה־רחל, פייגע רייזל און ריקל.
גרינבוים בלומע און צוויי קינדער.
גרינבוים חנה, רבקה, הערש און שמואל.
גרינבוים מאטל, רחל, פייגע און צוויי קינדער.
גרינבערג מעכל, איטשע, ביילע, העניע און יוטע.
גרינבערג חנה.

**כתב זאת, זכרון בספר!** (שמות י״ז)

גרינבערג אהרון, מרגלית און בערל.
גרינבערג מאטל, אסתר, זלמן, יצחק און מלכה.
גרינוואַלד אביגדור, חוה און קינדער.
גרינוואַלד אסתר.
גרינוואַלד נתן, מלכה, משה און חיים.
גרינער ליבע.
גרינער מאיר און רישע.

# ד

דאלעם לייזער, הינדע, יעקב און רפאל.
דאלעם און משפחה.
דאנטשער אברהם־יענקל און פרוי.
דאַנציגער הערשל און צוויי קינדער.
דאַנציגער לאה און איר משפחה.
דאַנציגער משה און משפחה.
דוב משה זאב, פרוי און זעקס קינדער.
דוב צבי, גרשון, הענעך פרוי און קינדער.
דוב שאול, פרוי און קינדער.
דוב יהודה, אברהם און עטל.
דובעלמאַן פישל און פייגע.
דיאַמענט משארנע.
דיאַמענט יוסף, שפרינצע און נח.
דיאַמענט דבורה און סימע.
דייטש אפרים, רבקה, נפתלי, הדס און צוויי קינדער.
דייטש יחזקאל, חנה און דריי קינדער.
דייטש ברוך.
דייטש משה.
דייטש יעקב־הערש און חיה טאבע.
דייטש מענדל און קינדער.
דיכטערמאַן יעקב, חיה־אסתר, חנה און שמואל.
דיכטערמאַן חיה און יוטע.
דיכטערמאַן מאַליע.
דימענשטיין משה, חנה, פייגע און שלמה.
דיקלער שמואל־לייב, שרה און מאיר.
דיקלער איטשע און פרוי.
דיקלער סילקע און מאירל.
דעך משה, סימע און רחל.
דעך שמואל און משפחה.
דעך זלמן־איציק, פרוי און קינדער.
דערמאַן יצחק.
דרוט אלי און רחל.
דרוט לייביש, פרוי און קינדער.
דרוקער אהרון, צירל, און צוויי קינדער.
דרוקער פישל, מלכה, מאיר, חיה און רבקה.
דרייער דבורה און יהודית.
דרייער בינה, מאַן און קינדער.
דרייער הערש, פרוי און קינדער.

# ה

האבעל שלמהלע, שיינדל, משה, בוטשע און יענקל.
האבעל אברהם, זאסיע און קינדער.
האבעל שמואל, גוטשע און קינד.
האבעל אשר, חיה און צוויי קינדער.
האבעל פייגע און בנימין.
האבער זישע, פרומע, יחזקאל, חיה, שיינדל, צביה, יענקל און אלישבע.
האוזמאַן איציק און מיכל.
האוזמאַן חנינה און פייגע.
האוזמאַן איציק און משפחה.
האוזמאַן משה, גליקל און קינדער.
האט משה.
האיט מלכה, רבקה, שרה, משה.
האַכמאַן חיה, רעגינע, מרים און יוכבד.
האַכמאַן הינדע, רחל, סאניע, שיינדל, העניע, ישראל און אליעזר.
האַכמאַן מאטל און משפחה.
האַכמאַן משה, טשארנע, שרה, פסח, מלכה, חוה, אליעזר.
האַכמאַן (מאזער) באשע, סאניע, שמעון.
האַכמאַן מרדכי, לאה, ירחמיאל, מלכה, זלאַטע, חוה.
האַכמאַן אהרון, ביילטשע, פסח, דוד, חנה, מאלי.
האַכמאַן איטשע.
האַכמאַן פישל, פרוי און טאָכטער.
האַכמאַן אברהם, פרוי און קינד.
האַכמאַן אברהם און פרוי.
האַכמאַן שאכנע, פרוי און קינדער.
האַכמאַן עזריאל און יעקב.
האַכמאַן נח, מאשע און בענטשע.
האַכמאַן מאנעלע, רחל, שרה, פעשע און אברהם.
האַכמאַן לייזער און משפחה.
האַכענשטיין דאבע.
האַלפערן מרדכי, אסתר, עלקע, משה, טשאַרנע, ראַזע און שרה.
האַלפערן סענדער, ברכה, ראַניע, שאַשע און עטל.
האַליך ישראל, פייגע, משה, חנה און רחל.
האַלצער בלומע.
האַלצער בלומע.
האַלצער אברהם און טויבע.
האַסטיק צפורה.

**נקמת ילד קטן – עוד לא ברא השטן!**

האַסטיק שלום און חנה.
האַסטיק גרשון, צביה און פיר קינדער.
האַסטיק יצחק, טאבע, רבקה, חומע, רייזל.
האַסטיק בנימין, טאבע און הערשעלע.
האָפמאַן צירל־לאה.
האָפמאַן ליבע.
האָפמאַן פרימעט.
האָפמאַן הינדע און קינדער.
האָפמאַן משה, מרים און קינדער.
האָפמאַן יאשע.
האָפמאַן לייבל, הינדע, יוסף און אַ מיידעלע.
האָפמאַן אהרון הערש.
האק לייביש און פאמיליע.
הארוויץ אפרים, בער און פרוי.
הארוויץ משה און זיין משפחה.
הארוויץ שלמה און זיין משפחה.
האָרוויץ מאטל.
הארוויץ ברוך, חייקע און העניק.
הארענפעלד הערש, שבע און קינדער.
הארפען זלאטע, יהושע, פייגע.
הארפען דוד, פייגע און קינד.
הארפען שרה.
הארפען יהושע, מאשע.
הארפען אהרון און נעמיטשע.
הארפען יעקב־משה, מאטל, פייגע און לייב.
הארפען באשע, מאן און קינדער. (ניסענבוים)
הארפען נתן־לייב, פריידע און קינדער.
הובער אפרים, פעסיע, לאה, ביילע, יוסף.
הובערמאַן שרה.
הודים מרדכי, זאב, מנוחה און חנה.
הודים יוחנן, פרוי און קינדער.
הודים משה, פרוי און קינדער.
הודים חנטשע איר מאַן און קינדער.
הודים חיה און שרה.
הויז שלמה.
הויזמאַן יחיאל, שרהלע און מיידעלע.
הויזמאַן משה און פרוי.
הוזבל נח, ליבע, און קינדער.
הוס חונא, עטל און קינדער.
הורביץ יהושע, פרוי און קינדער.
הורביץ משה, הינדע און צוויי קינדער.
הורביץ שלמה און טאָכטער.
הורביץ פרץ, אהרון, משה, יהושע, שרה, נעמי, יוסף, מאטל און לאה.
היי יונה, מלכה, גאָלדע, מאטל, אברהם און קאפל.
היי אברהם, הינדע, שמואל און יעקב.
היי שרה און עטל.
היי משה, רבקה, שרה, גאלדע, אסתר און מרדכי.
היידענבליט אייזיק און פרוי.
היפש שמחה, שיינדל, פערל און שרה.
היפש חיה און שרה.
העכט יוסף, פרוי און קינדער.
העכט שמערל, דוד און שרה.
העכט יעקב און זלאטע.
העכט משה.
העכט ישראל, חיה־איטקע און צוויי קינדער.
הענדל משה אהרון, שאשע, רחל און יצחק.
הענדל שמואל דוד, אברהם, יהושע און רבקה.
העסע הדסה.
העסע העניע און איר מאַן.
העסע שלמה, חיה, משה, גאדל, און אליהו.
הערבסט לאה.
הערינג בנימין, אברהם, ביילע און זון.
הערינג משה, חיה און דריי קינדער.
הערמאַן בעריש, חנה, משה, פריידע־מיכל און רחל.
הערמאַן יעקב, פרוי און צוויי קינדער.
הערמאַן שמואל־אלי, טובה, שיינדל, יעקב און באשע.
הערמאַן משה און באשע.
הערמאַן מרדכי.
הערץ יאשע און קינדער.
הערץ לייב, האדל, זיסל, שרה און אסתר.
הערשקע קאשעמאכער, גאלדע, פערל, מענדל און אלי.

## ו

וואַלדמאַן הערש, שפרה, בריינדל, שרה, פריידע און מאריע.
וואַלדמאַן ישראל, יוסף און רחל.
וואַלדמאַן יהושע, ראזע, וואלף, העניע און רעכל.
וואַלדמאַן משה און ברכה.
וואַלדמאַן מאטע, אסתר, ליבע, דאבע און יוסף.
וואַלדמאַן וואווע און רחל.
וואַלדמאַן פאיע, שלמה, יהושע און שרה איטע.
וואַלדמאַן בת־שבע.
וואַלדמאַן מייטשע און משפחה.
וואַלדמאַן געצל, פעשע און משפחה.
וואַלדמאַן חיים־בר און משפחה.
וואַלדמאַן שלמה, פייגע און קינדער.
וואַלדמאַן הערש.
וואַלדמאַן יהושע און משפחה.
וואַלדמאַן מאיר, רבקה און צוויי קינדער.
וואַלדמאַן בינעם, פרוי און קינדער.
וואַלדמאַן אברהם, מרים און קינדער.
וואַלדמאַן נחום, פרוי און קינדער.

**כן, יאבדו צורריך, ישראל!**

וואַלדמאַן בינעם, אהרון, חיים־בער, דישקע, ריווע.
וואַלדמאַן טונע, חיה און טשיפע.
וואַלדמאַן שמואל און פאמיליע.
וואַלדמאַן דאפטשע און סאניע.
וואַסערמאַן נתן, רחל, בן־ציון, יעקב, משה און שלום.
וואַקס מייטשע, פרוי און קינדער.
וואַקסביילע־רויזע.
וואַקס איטשע, רבקה, שלמה.
וואַקסבאום שמשון און נעכע.
וואַקסמאַן יודל.
וואַקסמאַן מאיר, עלקע, משה, מרים, ישראל און ניושע.
וואַקסמאַן זיסל, פרידע און רחל.
וואַקסמאַן יוסף, פרוי, לייביש און קינדער.
וואַקסמאַן יוסף און פאמיליע.
וואַרמאַן עטל, משה, גיטל, און זעקס קינדער.
וואַרמאַן ביילע־גיטל, שרה און חוה.
וואַרמאַן משה, גיטל, אברהם, חיים, יוסף, חיה, שיינדל און שבע.
ווידאווסקי פייגע.
וויין לעמל, אסתר און שמואל.
וויינבערג יצחק, זיסל און מלכה.
וויינבערג וועלוויש, טאבע און שיינדל.
ווייבערג חיים.
ווייבערג חיה.
וויינטרויב דוד.
וויינטרויב הערש־לייב און חנה.
וויינטרויב סילקע און העסע.
וויינטרויב אברהם, הינדע, יחיאל, דוד און חייטשע.
וויינטרויב מעכל, פרוי און קינדער.
וויינטרויב טעמע.
וויינער משה יוסף, פרוי און קינדער.
וויינער צפורה און באשע.
וויינער מנשה, רבקה און קינד.
וויינער מענדל.
וויינשטיין נחמה.
וויינשטיין שלמה, פרוי און קינדער.
ווייספוטער אברהם, רבקה און דריי קינדער.
ווייס חיים.
ווייסבראָט שמואל, פרוי און צוויי קינדער.
ווייסבראָט חנה.
ווייסבראָט שרה.
ווייסבראָט משה.
ווייסבראָט מרדכי, פרוי און קינדער.
ווייסמאַן אסתר, שרהלע, מענדל, ליפע, באשע און צוויי אייניקלעך.
ווילדער צבי, פרוי און צוויי קינדער.
ווינדערבוים משה, אהרון, רחל, רבקה, העניע־פייגע, מאלי און שפרינצע.
ווינאַרזש הערש און פאמיליע.
ווינאַרזש אריש, מלכה און קינדער.
ווינאַרזש בנימין.
וויניארזש יעקב־יצחק און פייגע.
וויניארזש מאטל, שרה און קינדער.
וויניארזש אברהם, לאה און דריי קינדער.
ווינקלער הערץ, אסתר, פייגע און מאלי.
ועוריק קלמן, חנה און איטשע.
ועוריק יהושע, שאשע, קלמן און משה.
ועקסלר חיים־יעקל, מלכה און קינדער.
ועקערמאַן רבקה (גיבריך).
ווערטמאַן יעקב, דבורה, פייגע, לאה, יוסף און חיה.
ווערטמאַן נח, חיה, חנה, סליבע, לייבל, יצחק, רבקה, הערש, מלכה, רילע און הינדע.
ווערטמאַן ישראל.
ווערטמאַן זכריהו, פרוי און קינדער.
ווערטמאַן לייזער, פרוי און קינדער.
ווערטמאַן איטשע און רבקה.

## ז

זאַוודאָוויטש ליפע, חנה, גרשון, יוסף, לוי־יצחק, עטל און רבקה.
זאַמאָטשער חנה, מאַן און קינדער.
זאַמאָטשער הערש, הינדע (אייזן) און קינדער.
זאַמאָטשער יוסף, פייגע, שרה און יעקב.
זאַמאָטשער פערל, מאַן און קינדער.
זאמלער יוסף, אסתר און צוויי קינדער.
זאַמלער מאטל און משפחה.
זאַמלער דבורה, חיה און מאלי.
זאמער חיים־נחום, איידל־רייזל, חנה, טעמע, עטל און צפורה.
זאמער יענטע און יוסף.
זאמער חיים־נחום, טשיפע און פיר קינדער.
זאַפראַן אליהו, פרוי, חיה, יעקב און פערל.
זאַפראַן הירש, דבורה, חנינה און ישראל.
זובערמאַן לייבל, איטשע, חנה, גיטל און מערל.
זויל חנה־רישע און מרים.
זוים אברהם, חיה און דריי קינדער.
זוים חיה און אהרון.
זוסמאַן איטשע און פרוי.
זייד טויבע, אברהם־יונה, חיה און משה־נחמן.
זייד שאול און רבקה.
זייד שמואל, סערקע, ביילע און קינדער.
זייד משה, מרים און טאכטער.

**תרדף את רוצחינו באף ותשמידם מתחת שמי ה׳!**

זייד נעכע, אברהם און ישעיהו.
זייד יונה, הינדע און קינדער.
זייד הערש און שרה.
זייד בערל, טאָבע און צוויי קינדער.
זייד ראובן, טאבע, מרים און עטל.
זייד שייע, פרוי און קינד.
זייד ברוך און ביילע.
זייד עטל.
זייף חיים־יהושע, פרוי און קינד.
זייף מאטל.
זייף נתן, דינה, הערש און רייזל.
זייף דוד.
זיכער משה־מרדכי, ברכה, לוי־יצחק און שרה.
זילבער פנחס, נפתלי, רייזל און ריווע.
זילבער אהרון דוד און גאלדע מלכה.
זילבער צבי, אריה, זלאטע, שרה, פנינה, יצחק,
העניע, ציפע, מרדכי, נאטע און רפאל.
זילבערמינץ טובה, רבקה, מאיר, שרה, אברהם, לאה,
לייב, שלמה און גיטל.
זילבערמינץ מרגלית, יצחק, בצלאל און העניע.
זילבערמינץ משה און פאמיליע.
זילבערצווייג מענדל, רויזע און אפרים־יצחק.
זילבערצווייג העסע, דבורה, יוטע, לייב און עלקע.
זילבערצווייג משה.
זילבערשטיין יעקב, אסתר, ביילע, העניע, מינדעלע, נעמי,
משה און רחל.
זילבערשטיין יעקב, דבורה, חוה, יידל און מענדעל.
זילבערשטיין שלמה, חוה, שיינדל און שמואל.
זילבערשטיין פנחס, עטל און חיים.
זילבערשטיין משה־אבא, מאטל, פייגע און שעפסל.
זינגער זלאַטע.
זינגער יאשע און משפחה.
זינגער יששכר־בר, לאה און הערש,
זינגער אהרון־מאיר, פריידע און צוויי קינדער.
זינגער רחל.
זינגער אברהם־יצחק, דוד, חיה־פייגע און טעוול.
זינגער שרה.
זינגער לאה און מאן (די שטומע) און יינגעלע.
זינגער אפרים־פישל, חיה, פייגע און שרה.
זים יצחק, פרוי מיט צוויי קינדער.
זיסברענער שלום, חיה, יצחק, מלכה און פערל.
זיסקינד שמואל, פרוי און קינדער.
זיסקינד דוד.
זעלפאוויטש ניסקע, דארע, מאניע און רחזי.
זעלצער דוד און די גאנצע פאמיליע.
זעלצער אהרון און משפחה.
זעלצער שרה און מאניש.
זעלצער יעקב און ליבע.
זעקסער בת־שבע, לאה, רחל און מלכה.
זק חנה.
זק ישראל, חנה און קינד.
זק הערש, פרוי און קינדער.
זק שרה און קינדער.
זק ישראל, גיטל, פיני, שאשע און ריווע.
זשארקע דבורה און גרינע.

## ט

טאובליב יוסף און שאשע.
טארבע נטע און חיה.
טארבע אברהם, בונים, דבורה, ישראל, יוסף, שלמה און עטל.
טארבע לייביש, פעשע און קינדער.
טאשער מענדל, חוה, זישע און פייגע.
טאשער נפתלי, פרוי און קינד.
טאשער יקותיאל, פרוי און דריי קינדער.
טאשער פעשע, מאן און קינד.
טאשער משה.
טאשער חיה, מאן און קינד.
טאשער יאשע און פאמיליע.
טאשער חיה.
טווערסקי יוחנן (הרב), פרוי און קינד.
טוכשניידער מיכאל, פעסיע און רייזל.
טולער מאטל און שרה.
טעלער הערש און ראזע.
טעלער פעשע, מאן און קינד.
טעלער אפרים און משפחה.
טעלער אליעזר.
טעלער (רייס) רחל.
טענער משה, גיטל, יחזקאל, מלכה, נעכע, שמעון־אהרון
און רבקה.
טענער מתתיהו, אברהם, פייגע און שלמה.
טענער חיה און קינדער.
טעפער אפרים, גליקל, ביילע, חיהקע, און הענטשע.
טערקעלטוב הערש, פערל און קינדער.
טראמאן אידל און ליפע.
טראסט חנה, פייגע און נחמה.
טראסט שאול, פרוי און קינד.
טרויסט יהודה, טשיפע און צוויי קינדער.
טרום יששכר, הינדע און מאטל.
טרוק חוה, זלאטע, חיה און שלמה.

**ונתתי את נקמתי באדום!** (יחזקאל כ״ה)

טרופּער בנימין און משפּחה.
טרישטאַנער שלום, יצחק־לייב, פּערל, קונע און קלאַרע.
טשעכאַוויטש זלאַטע, יוכבד, ברײַנדל, משהלע, מאַטעלע און רחל.
טשעכאַוויטש שרה.

## י

יאַנאָווער רבקה.
יאַנאָווער אריה, ביילע, מרדכי און נאָך אַ קינד.
יאַנאָווער הלל, רויזע, צבי און נאָך אַ קינד.
יאר משה אברהם, הערש, חיה, וואלצע, יוסף, ישראל, מיכאל און שרה.
יאַקובאָוויטש סימע, (בראַנד) און מאַן.
יונגמאַן יששכר, ברכה און קינד.
יורציג יהושע, זעליק און יושע.
יעבץ דוד.
יעבץ מרים און בעלא.

## כ

כאר מרדכי, גיטל און קינדער.
כהן אבא.
כץ חיה, הערשעלע, טויבע, משה און מרים.
כץ קלמן, שמואל, הערשעלע, חיה, טויבעלע, יחזקאל און משה.
כץ שלום, אײדל, שרה און שושנה.
כץ עטל.
כץ לאה.
כץ עקיבא, רחל און קינד.
כץ פּסח, מענדל און רבקה.
כץ יצחק.
כץ חיים, בונעם און שלמה.
כץ אברהם, מאַלע און רבקה.
כץ ישראל־ראובן און שרה.
כץ פעשע, מאַן און צוויי קינדער.
כצהאנדל פריץ, פרוי און קינדער.

## ל

לאַדן פּנחס, טשאַרנע און שרה.
לאַדן פּנחס, טשאַרנע או שרה.
לאַדן יונה, פרוי, דבורה און לייזער.
לאַדן אליעזר.
לאַדן פּנחס, פייגע, שרה און טאָכטער.
לאַנגער לייביש, לאה און קינדער.
לאַנגער יונה.
לאַנגער מרדכי.
לאַנדאַן מענדל און הינדע.
לאַנצבערג משה, פרוי און צוויי קינדער.
לאַקס ישראל, שײנדל, יצחק, מרדכי, בראַנדל און רײַנע.
לאַקס יונה, מלכה און צוויי קינדער.
לאַקס יששכר, רחל, גדליה, שײנדל, טשאַרנע, משה, בעריש און צוויי קינדער.
לאַקס שלמה, רבקה, זיסקינד און שמואל.
לאַקס שמואל, יעקב.
לאַקס חיים־ברוך, פרוי און קינד.
לאַקס אליהערש און פרוי.
לאַקס גיטל, מאַן און קינדער.
לאַקס אהרון־דוד, פרוי און קינדער.
לאַקס יעקב, פרוי און צוויי קינדער.
לאַקס חיים, פרוי און קינד.
לאַקס הערש, פרוי און צוויי קינדער.
לאַקס (טענענבוים) מרים און קינדער.
לאַקס מלה.
לאַקס ביילע־רויזע.
לאַקס נפתלי, טויבע און אברהם.
לוסטיק משה, יחזקאל און דבורה.
לוסטמאַן איתמר און רחל־תרצה.
לופט אהרון־יוסף, גיטל, לייזער און דוד.
לוקסנבערג פישל, ביילע און מלכה.
לוקסענבערג יודל און קלמן.
ליבערמאַן שמחה און משפּחה.
ליבערמאַן ברוך, אברהם, יוסף און חוה.
ליבערמאַן מרדכי, שרה און צוויי קינדער.
ליכט סענדער, ביילע און קינדער.
ליכט יחיאל, פייגע און קינדער.
ליכטינגער האניע, קינד און ישראל.
ליכטענפעלד לייזער, פרוי און קינד.
ליכטענשטיין העניק און טאַובע.
ליכטענשטיין מרדכי, זלאַטע, יעקב־דוד, מרגלית און ישראל.
ליכטענשטיין משה און משפּחה.
לינדענבאום לייב און מנחם.
לינק אברהם, ברײַנדל און קינדער.
לינק יוסף, פערל און יעקב.
לינק מרדכי און מרים.

**ארץ, אל תכסי דמם!**

לינק משה, באשע, שרה און עלקע.
לינק בראנדל און פיר קינדער.
ליסקער פרץ, חוה און פייגע.
ליסקער פריידע.
ליסקער מאיר, הדסה און יהודית.
ליפשיץ ד"ר און משפחה.
לעדער משה, סערקע און דריי קינדער.
לעדערמאן אברהם, משה, פרימאט, רחל, רעשע, יוסף און חיה.
לעדערמאַן אברהם און חנה.
לעדערמאַן רישע, חיה און יוסף.
לעדערמאַן אברהם, פרימאט, פנחס, משה און רחל.
לעדערקרעמער יוסף.
לעדערקרעמער לייזער־בער און פאמיליע.
לעוו יהושע, פריידע, הערש און שלמה.
לעוו יחיאל און משפחה.
לעווית אדזיע, ליסיע און בלומע.
לעווענפוס איטשע, בראנטשע, מענדל, הינדע און גדליה.
לענערמאַן שרה מיט אַ קינד.
לענערמאַן שלמה־אשר, ישראל, משה, פערל און רייזעלע.
לענערמאַן חיים, פרוי און קינדער.
לענערמאַן פנחס און דבורה.
לענערמאַן טוביה, שרה, רחל, שאשע און פינצע.
לערנער אהרון, אסתר, משה, רויזע און סאלי.
לערער יצחק, פרוי און קינדער,
לערער מאיר און פרוי.
לערער אברהם, מארטשע, מרדכי און יוסף.
לערער יהושע, גיטל און אהרון.
לערער זלמן, באשע און זעליג.
לערער בענע.
לערער דניאל און רבקה־לאה.
לערער יוסף, מינדל און סילקע.
לערער יהושע, עטל און טאָכטער.
לערער יוסף־מאיר און משפחה.
לערער בן־ציון, אסתר, בלומע, אהרון, חיה, חיים לייב, מאטל, יעקב, צירל און רחל.
לערער יעקב, פרוי און קינדער.
לערער בערל.
לערער חיים־לייב.
לערער דוד, אסתר, חנה, בלומע, מארוסיע, שפּרה און וואוקע.
לערער שאשע־מירל, פייגע, מרים, רבקה און רחל.

# מ

מאַגילעווסקי שרה, מעניע און צוויי קינדער.
מאנגעל שמעון, אהרון, אדל דינה, סימע, זלאטע און הערש.
מאנגעל גרשון, רבקה און פאמיליע.
מאנגעל לייזער, חיה, פעסל, שרה און אברהם.
מאנדעל איטשע, פינף קינדער און שוועסטער.
מאנדעל לייב, חנה און לאה.
מאנדעל איטשע, חנה און דריי קינדער.
מאנדעלבוים מרדכי, עטל, שפרינצע, חנה און שלום.
מאנדלבוים משה־פנחס און זעלדע.
מאנדעלבליט יידל, שפרינצע און קינד.
מאנדעלבליט פימע און רבקה.
מאניל פייגע־אסתר און לייבעלע.
מאנטיק ישראל, צירל, לאה און שלום.
מאניקאף מאן און פרוי.
מאניקאף שמואל און צוויי קינדער.
מאסקאל שפרינצע, שלמה און ברוך.
מאסקאל יוסף, חיה, לייב, פריידע, טאובע און שלמה.
מאסקאל אסתר, ישראל, לייב און שיינדל.
מאסקאל מאשע און מאן.
מארגנשטערן איטשע, פרוי און קינד.
מארגנשטערן לייביש, פרוי און קינדער.
מארדער יעקב, פעסל, משה און ליבע.
מארדער שאול און יצחק.
מארדער חיה, מאן און קינדער.
מארדער צבי, רבקה און רחל.
מארדער יצחק, פרוי און קינד.
מגדל אשר און פאמיליע.
מגדל בער, ברכה און פערל.
מיטעלפונקט פיניע, דינה און משפחה.
מייזליש דוד און פרוי.
מייל יעקב און אסתר.
מייל קלמן, פרוי און קינדער.
מייל דוד, פרוי און משפחה.
מייל דבורה און מינדל.
מייל בעריש, איטע, רעגינע, מאניע, מאטל און בנימין.
מייל עדיטאַ, מאן און טאָכטער.
מייל שמעון, עלקע, און דריי קינדער.
מייל טובה, מרים, אבא, און דוד.
מילנער מאטל, יוסף, יהושע און הינדע.
מילער משה, שרה, ישעיהו און איטשע.
מילער שמואל־אליהו, גיטל און מלכה.
מילער ישראל, אסתר, צפורה, משה, אברהם און דבורה.
מילער אסתר, צפורה און משה.
מילער משה און פרוי.

**כל עוברי דרך, הביטו וראו, אם יש מכאוב כמכאובי!** (איכה פרק א')

מילער יעקב און דבורה.
מילשטיין יעקב, עטל, מינדל און צפורה.
מינץ אביש.
מעיער יעקב, לייבל, רבקה און סאניע.
מעיער יחיאל און העניע.
מעיער זלאטע, פעשע, שלמה און שרה.
מעיער חנה (צימעט), בענטשע און זון.

מעיער חנה און טאָכטער.
מעיער געצל, פעשע, שאשעלע, שמואל און לייבעלע.
מעיער יהושע, חיה און קינדער.
מעקלער לייבל, ביילע און דריי קינדער.
מערענשטיין יוסף.
מערענשטיין משה, אברהם, איטשע, חיים־לייב, משה,
נתן, פייגע און שרה.

# נ

נאדל איטשע, מאיר פערל און רבקה.
נאדל טאבע, שלמה, מאטל, בעריש, נח, רבקה,
לאה און דבורה.
נאדל שלמה, פרוי און צוויי קינדער.
נאדל לייזער און פרוי.
נאדל רויזע, מאן און קינדער.
נאדל קלמן, פרוי און קינדער.
נאדלער חיים און משפחה.
נאדעלשטיין שלמה, מינטשע און קינדער.
ניי איטשע, פרוי און צוויי קינדער.
ניימארק יעקב, מירל און קינד.
ניסל שמעון־לייזער און שרה־רבקה.
ניסל אשר, ריישקע און גיטל.
ניסל בעריש, חנה, אדל און סענדער.
ניסל גבריאל, טאבע, קינדער און אייניקלעך, לייזער,
שמואל און דאוושע.

ניסל לייב, גיטל, קינדער און אייניקלעך.
ניסל יצחק, הינדע און צוויי קינדער.
ניסל וועלוויש און דבורה.
ניסל רבקה, מאן און צוויי קינדער.
ניסל משה, שיינדל (הודים) קינדער און אייניקלעך.
ניסל ביילע, אברהם, רחל, חוה־צאטל און בעריש.
ניסל גבריאל און פאמיליע.
ניסל דוד און צוויי קינדער.
ניסל טאובע, אייזיק און יוסף.
ניסענצווייג שלמה, און משפחה.
נירענבערג אהרון, חיה, מילטשע און טאָכטער.
נירענבערג יעקב, פרוי און צוויי קינדער.
גירענבערג יהושע, פרוי און אַ קינד.
נירענשטיין מאיר, הינדע און דריי קינדער.
נעץ מינדל, שרה, לייבטשע, חנה און ציפע.

# ס

סאדהאלטער אדל.
סאלע לאה, שמואל־לייב, מענדעלע, רחל און חנה.
סאלער הערש, און משפחה.
סאלער יעקב און משפחה.
סאלערמאן מאכלע און משפחה.
סאם שרה און חנה.
סאם ישראל, יוכבד, חיה, יעקב און מאטל.
סאקאל אריה, עטל און זלאטע.
סאקאל מאנטשע און פרוי.
סאקאל צירל, מאן און צוויי קינדער.
סאקער וואווע, דבורה, יונה און סענדער.
סול יוסף, ראניע און זאב.
סול זאב, חנה און חיה.

סופר יעקב, ישראל, פנחס, טויבע און רבקה.
סופר רבקה.
סופר ישעיהו, מאלי און פיר קינדער.
סטאל אליהו, חיה־איטע, טובה און חיה.
סטאל שייע און טאבע.
סטאל זלמן, מלכה, גאלדע, מינדל, פייגע און חנה.
סילווערמאַן אפרים, פעסיע און משה.
ספעקטאר הירש־בער, פייגע, חיים־דוד, בן־ציון, אברהם,
מרים־לאה, און שיינדל־אסתר.
ספעקטאר הענעך, רבקה און דריי קינדער.
ספעקטאר הענעך, מינדל, בעניעק און לאה.
ספעקטאר שאול, רחל און דריי קינדער.

# ע

עלקים שיינדל, שלמה, שרה און אפרים.
ענג ראניע, מאן און קינד.
ענג רייזל און קינדער.

ענג יוסף, חנה און קינדער.
ענג ישראל.
ענג הינדע, מרים מיט זייערע מענער און קינדער.

**השמש זרחה, השיטה פרחה, והשוחט שחט !** (בעיר ההריגה לח. נ. ביאליק)

ענג העני און ישראל.
ענגעלסבערג לייב און פייגע.
ענגעלסבערג משה, פרוי און קינדער.
ענגעלסבערג יצחק און יוסף.
ענגעלסבערג פויטשע.
ענים לאה, אייזיק און יוסף.
עסיג רויזע (גאלדפארב), מאַן און קינדער.
עסיג פייוויש.
עסיג יוסף, סימע און קינדער.
עסיג אברהם, מלכה (ניסל), און דריי קינדער.
עסיג יענקל, פריידע זלאטע, מאנציע, מאליע, פערל און רחל.
עסיג פייוויש און יוכבד.
עסיג ישראל, פרוי און קינדער.
עסיג רחל, און מאליע.
עפראם מאניש, ביילטשע און קינדער, יודל, יצחק.
עפראם לייב און אסתר.
עפשטיין משה, חנה, יוסף און דוד.
עקשטיין משה, חנה, יוסף און דוד.
עקשטיין מרדכי, פרוי און קינד.
ערליך משה, חיה, יוסף, יצחק און ברכה.
ערליך אלי, בראנדל, טייבל, פויגל, נפתלי און שיינדל.
ערליך שמואל, עטל און באשע.
ערליך אסתר און לייבל.
ערליך פסח, ריווע און פיר קינדער.
ערליך מאטעס, הינדע און מאיר לייבל פון דארף טריעיאטין.
ערליך אפרים און עלקע פון דארף טריאטין.

## פּ

פאול אהרן, הינדע און קינד.
פאכטער יהודית, יעקל און ליבע.
פאכטער יהודה און פערל.
פאכטער יוסף, חיה, מרדכי, ביילע און אסתר.
פאכטער וואלף, דארע בלומע.
פאכטער יאשע, פרוי און קינדער.
פאלסקי דבורה.
פאלסקי בנימין און משפחה.
פאמעראנץ מרדכי און פרוי.
פאמעראנץ יעקב, לאה, אברהם און חיים.
פאמעראנץ אהרון, חנה, מלכה און יהושע.
פאמפ רבקהלע און יענקל.
פאמפ דבורה, מאן און קינדער.
פאמפ ליבע און דריי קינדער.
פאמפ יצחק דוד, אסתר, רחל, זיינוול, שפרה, ישראל און משה.
פאמפ יהודית.
פאפילים לייב.
פאפילים פייוול, גאלדע, רייזל און זעלדע.
פאפיער יונה און משפחה.
פאפיער ראובן.
פאפיער יעקב, חוהדאבע, שרה און לייבל.
פאק פייוול, חיים יואל און חנינה.
פאק אברהם, הדס און משפחה.
פוטער דינה, בנימין, יעקב און חנה.
פויגעל שבע, צירל, משה און אברהם.
פויגעל שמעון, פעשע, מאשע און ברכה.
פויגעל משה, חנה, יששכר, מאטל, לייזער און יעקב.
פויגעל חנה און א טאָכטער.
פויגעל צירל און קינדער.
פויגעל אפרים און פייגע.
פולן משה, רבקה (רוטמאן) און יהודה.
פוצער מאיר.
פוצער העניע.
פוקס שלמה לייזער, עלקע לאה, פריידע־צינע,
שפרינצע און שמואל איטשע.
פוקס זלמן, רבקה, רייזל, חיים, איטע,
מרים, שרה, הערש און מרדכי.
פיגלער פישל און מרגלית.
פיווענשטיין יהושע און מלכה.
פיווענשטיין יהושע, פרוי און קינדער.
פייל שמואל, בריינדל, רחל און חיה.
פייל מענדל, באשע, שרה, וועלוול און גאלדע.
פייל בעניע, חנה, מאליע, טויבע און ברכה.
פייל זלאטע, מאן און קינדער.
פייל סימע, מאן און קינדער.
פייל פעשע, מאן און קינדער.
פייל טאנע, מאן און קינדער.
פייל שמואל און חנה.
פייל רבקה.
פייל שמואל, ציפע, העלא און הערש.
פייל (קירשנער) רבקה און קינד.
פייל סערל און משפחה.
פייל שמחה און סערל.
פייל אסתר, מאן און קינד.
פייל שיע און משפחה.
פייל יהודית און אברהם.
פייל ניסן.
פייל דוד און חנה.
פייל שמעלקע און משפחה.
פייל נחמן און משפחה.

**נפלה עטרת ראשנו, אוי נא לנו!** (איכה, פרק ה׳)

פיין (גייערמאַן) ראָזע, פערל, מאַטל, שאול און פייוול.
פייער אברהם, זיסל און קינדער.
פייער העניע און שפרה.
פייער שפרה.
פייער שלום, שיינדל, העניע, ראָזע, סאַניע און נחום.
פייער היה־גיטל, ציפּע, פּערעלע, יהודה, ברוך אליהו און צבי.
פייער אברהם, פייגע, יהודית, שמואל און חיים.
פייער עטל.
פייפער יעקב און מירל.
פייפער יצחק־שמעון, שרה, מעניע, פּעשע־חוה און שמעלקע.
פייפער שלמה־בער, יוכבד, יחזקאל און טאָכטער.
פייפער יעקב־לייב, פרוי און קינד.
פייפער נח, אסתר און חיים.
פייפער חיים און פעסל.
פייפער וואָלף, משה און ביילע־צירל.
פּילאַזאָף אברהם און זון.
פינגער שלמה, מאַליע און רחל.
פינגער איטשע, ראַניע און דריי קינדער.
פינגער אייזיק, ביילטשע און חנה.
פינגער יצחק, ראַניע און דריי קינדער.
פינקלבלעך יצחק, צפורה, עלקע, חיה, זלאַטע, בנימין און בריינדל.
פינקלשטיין שלמה, רחל־לאה, און קינדער.
פינקלשטיין מענדל, פרוי און צוויי קינדער.
פינקלשטיין נתן.
פינקלשטיין יענטעלע.
פינקלשטיין גוטשע און משפחה.
פינקלשטיין משולם.
פינקלשטיין מתתיהו, יוכבד, סענדער און חיים.
פינקלשטיין אליהו, פרוי און א קינד.
פינקלשטיין בעריש, פערל, רבקה, חנה און אסתר.
פינקלשטיין באשע.
פינקלשטיין מענדל.
פינקלשטיין עטל, חנה, צעטל און לייזער.
פינקלשטיין עזריאל, פרוי און קינדער.
פיקסמאַן הערשל, חיה־פייגע, און געצל־שמואל.
פיקסמאַן משה און משפחה.
פיקסמאַן יחיאל און הערשל.
פירשט ישראל, מינדל און נחום.
פישער אַרקע, שיינדל און דריי קינדער.
פישער דוד, רחל און צוויי קינדער.
פישער משה.
פישקל לייזער, מינדל, פּראַדל, שיקע און א מיידעלע.
פלאַט מענדל און ברכה.
פלאַקס אפרים, הערצל, שרה, מיכאל, גיטל און טוניע.
פלאַקס טעלצע.

פליישמאַן אליהו, רבקה און דריי קינדער.
פליישמאַן אליעזר, פרוי און קינדער.
פליישמאַן אלי, רבקה, לאה, שרה און רויזע.
פלים ישראל און ביילע.
פלים חנה, מאַן און קינד.
פלים טאַבע און מאַן.
פלים באשע, מאַן און קינד.
פעלדמאַן חנה, מרדכי און אברהם.
פעלער אליהו, לבנה, אהרון, חנה און רבקה.
פעלער לאָזער, שפרה, שרה־ביטע, ישראל און בעריש.
פעלער אברהם, פרוי און קינדער.
פעלער אפרים, פרוי און קינד.
פעלער אלי, פרוי און קינדער.
פעניק אבא.
פעניק מונטשע.
פעניק הירש, טשאַרנע און קינדער.
פערשטענדיג ברוך און רחל.
פערציקער יונה.
פראַסט וועווע, חנה, חיה, רבקה און רויזע.
פראַסט בערל און שיינדל.
פראַסט יחזקאל.
פרומער שמואל און איטע.
פרומער משה, דבורה, שרה, אברהם, ישראל, פנינה און פנחס.
פרומער שיינדל, אסתר, רחל און שלמה.
פרומער שלמה, ביילע און פיר קינדער.
פריד חיים, טעמע און קינדער.
פריד עלקע.
פריד משה, פּראַדל און צוויי קינדער.
פריד אליהו.
פריד שושנה.
פריד יידל, חנה און משפחה.
פריד יצחק, פרוי און קינדער.
פריד מאַטל, פרוי און קינדער.
פריד הערש און משפחה.
פריד לייזער.
פריד אברהם, פרוי און קינדער.
פריד שיינדל און משפחה.
פריד רייזל און צוויי קינדער.
פריד אפרים און פרוי.
פרידלאַנד משה און משפחה.
פרידלאַנד גיטל און משפחה.
פרידלאַנד שלום, רבקה, זלאַטע, זעלדע, שלמה, שאשע און מלכה.
פרידלאַנד אברהם גושעס.
פרידלאַנד איטשע און משפחה.
פרידלאַנד נחום און משפחה.

**אשר טפחתי ורביתי – אויבי כלם !** (איכה, פרק ב׳)

פרידלאנד לאגעס און משפחה.
פרידמאַן עזריאל, פרוי און קינדער.
פרידמאַן ד"ר, מלכה און קינד.
פרידמאַן יוסף, פערל, מאליע און חיים.
פרידמאַן אברהם, פערל, קריינדל, גיטל, חיה און צעשא.
פריוונער אלימלך און דבורה.
פריוונער יעקב, פעשע און אהרון.
פריוונער טויבע, מאַן און צוויי קינדער.
פריוונער לייזער, הערש, פרוי, קינדער און אייניקלעך.
פריינד חיים, לאה, און פינף קינדער.
פריינד ישראל.
פריינד וואלף, לאה, יוסף, מרדכי און רבקה.
פריינד אלטער־מאיר און יצחק.
פריינד רייזל.
פריינד שמואל.
פריינד שלום, הענע און קינדער.
פריינד מענדל, חיה, גיטל, שמחה, הלל און מאטעס.
פריינד דוד, חנה, געצל און פייגע.
פרענדלער פראניע און קינד.
פרענקל יעקב.
פרעסאייזן זינדל, שרה און משה.
פרעסאייזן יעקב, אליעזר, לאה און דריי קינדער.
פרעסער שמואל און איטע.
פרעסער יעקב, ברוך, באלבינע, הערש און בלומע.
פרעסער רחל.
פרץ יאנטשע און בריינדל.
פרץ יונה און גענענדל.
פרץ הערשל, גאלדע, אפרת און יוסף.
פרץ זעליג און משה.

## צ

צאנג משה.
צווילינג מלך, חוה, רחל, באשע און חיה.
צוויג חיים־לייב, ריווע, ביילע, פייגע און שאשע.
צוויג שרהלע.
צווער מאיר און דאבריש.
צונג אלי, טעמע און קינדער.
צונג ברכה און יואל.
צונג שרה, דבורה און מאטל.
צוקער נאטע, חיה און פיר קינדער.
צוקער זישע.
צוקער הענעך, רויזע און דריי קינדער.
צוקער זישע פון טרעיאטין.
צוקער בראנדל מיט איר אייניקל פון טרעיאטין.
צוקער שרה און צוויי קינדער פון טרעיאטין.
צוקערמאַן יעקב משה.
צוקערמאַן סימטשע, ישראל מרדכי און רישע.
צוקערמאַן שלמה און משפחה.
צוקערמאַן לייב, פרוי און קינדער.
צוקערמאַן חיים־לייב, מאלטשע און קינד.
צוקערמאַן יחיאל.
ציגעל פייגע, חנה און יעקב.
ציגעל ישראל, גישל און יוסף.
ציגעל לייביש, רבקה, פייגע, חנה און יעקב.
ציטרין דוד, שאשע און קינדער.
צימעט זינדל, פרוי און צוויי קינדער.
צימעט מאטע און פרוי.
צימעט פייוויש, פרוי און קינדער.
צימעט הערש און משפחה.
צימעט יוזעף, רבקה און מלכה.
צימעט באשע, חיה, יוסף, סאני, שרה לאה און הינדע.
צימעט נטע.
צימעט מענדל און קינדער.
צימעט ליפא, חנה, ביילע און קינד.
צימערמאַן יצחק, טויבע, רייזל, ביילע, פערל, שלמה,
ראזע, ישראל, אריה, רעכל, משה און אברהם.
צימערמאַן נחום, דבורה, ישראל אריה, לאה, מאיר און שמואל.
צימערמאַן חיה שרה, מאטל, גיטל, דישקע, הירש און אברהם.
צימערמאַן ישראל, חנה, בריינדל און יעקב.
צימערמאַן גדליהו, לאה, פייגע און שיינדל.
צימערמאַן אסתר, איידל, יענקל, מענדל און יצחק.
צימערמאַן הערש־מענדל, פרוי און קינדער.
צימערמאַן אפרים און פייגע.
צימערמאַן מארטשע (פינקעלשטיין).
ציפעל גישע.
ציפעל יונה, רייזל און קינדער.

## ק

קאהאן פעשע און קינד.
קאוואלטאוסקי יאשעלע, רבקה, בנימין, חיים ברוך,
קריינדל און פערעלע.
קאלירין ביילע־ראזע.
קאלירין יאסל, העניע און דריי קינדער.
קאם ישראל, מייטע, העניע, רייזל, משה און פרוי.
קאם יוסף, שרה, ברכה, גאלדע און העניע.
קאם שלמה, משה, הדס און צוויי קינדער.

**נשפך לארץ כבדי – על שבר בת־עמי!** (איכה, פרק ב׳)

קאם שמחה, שרה, דוד, דב און מרדכי.
קאם טשיפע און משפחה.
קאם משה, מלכה, רייזל און הערש.
קאם יחזקאל, גיטל און פיר קינדער.
קאם לייב, ליבע (קינדל), הערשל און מאשע.
קאם בער, דוואשע, שרה, רייזל, בלומע, הינדע־סאשע
און סימע.
קאם דוד, פרוי און קינדער.
קאם חיה־איידל.
קאָמאַראָווסקי אברהם און מרדכי.
קאן בעריש, רבקה, מאיר און חיים.
קאן בערקע, פייגע־סימע און קינדער.
קאן אבא, פרוי און קינדער.
קאנער שיינדל, קינדער און אייניקלעך.
קאנער אפרים זלמן, שרה מאיר, העניע לייביש און יצחק דוד.
קאנער רבקה, לייביש, פייגע און הינדע.
קאנער ישראל, מלכה און פערל.
קאפ הערש, ביילע, רייזקע און צוויי זין.
קאפיטניק זישע.
קאץ שיינדל, מארטשע און שרה.
קאצהאנדלער פרץ און פאמיליע.
קאצהאנדעל אברהם, יאכע און פאיע.
קאצהאנדעל פייגע, מאן און קינד.
קארן שלום, פרוי און קינדער.
קארן איטשע, רישע און צוויי קינדער.
קארן ליבע און פייגע.
קארנבליט יהושע, פרוי און פינף קינדער.
קאָרנבליט שמעון, ראָזע און קינדער.
קאָרנבליט אליעזר, ראובן און יענטע.
קארנבליט אברהם, שיינדל, פסח און בת־שבע.
קוואסאוויצער יעקב־הערש, דבורה, איטע, משה און לאה.
קויפמאן אביש, פעשע, הערש, גיטל, שלמה, דבורה און חיה.
קויפמאן בנימין, פעשע און קינדער.
קויפמאן רייזל.
קויפמאן חוה, יצחק און שיינדל.
קויפמאן זעליג און איטקע.
קויפמאן שלמה או פרוי.
קולשטערן יצחק, טילע, הערש, משה, שלום, שרה און פייגע.
קופער אברהם, רייזל, מרים, רבקה און פערל.
קופער יהושע, גוטמאַן און יששכר־בער.
קופער אפרים־יצחק, לאה און דריי קינדער.
קופער מאיר־ברוך, חוה, יצחק, אברהם און קינד.
קופער הערש, רחל און יאסל.
קופער אהרן, מרדכי, חנה און איטע.
קופער יוסף.
קופער לאה און דריי קינדער.

קופערשטיין צוטל און אליעזר.
קופערשטיין שמואל, רבקה, צוטל, רבקה און איטע.
קורץ אברהם און צוויי קינדער.
קיימאן יוסף, יוכבד, זלאטקע און ברוני.
קינדל זלאטע, מאיר און שרה.
קינדל שמואל, בינע (דיאמענט), משה און דוד.
קינדל נעכע.
קינדל רחל.
קיניגער שלום מיט דער משפחה.
קיניגער שלמה, חיה, טובה און קינדער.
קירשענפעלד יצחק מאיר, לאה און יוסף.
קירשער סילקע, ירחמיאל און פיר קינדער.
קירשנער אברהם, רויזע, טילע, שרה, מייטע און פייוול.
קירשנער לאה.
קירשנער אברהם, בינע און קינדער.
קירשנער הלל, רחל און צוויי קינדער.
קירשנער הענטשע.
קירשנער איטשע־מענדל און משפחה.
קירשנער גיטל און טאכטער מאליע.
קירשנער ביילע, אפרים־זלמן, מאיר, העניע, לייביש
און יצחק דוד.
קירשענזאן טובה.
קירשענזאן מלכה.
קלאנג חיים, לאה און משה.
קליג בנימין און זלאטע.
קליג יהושע און נעכע.
קליג לייב, רייזל און משפחה.
קליג בונים און משפחה.
קליג משה.
קליגער לייב, זלאטע, פעשע, רפאל אנשל און איטשע.
קליגער זלאַטע און פעשע.
קלינגעל מאטל און צירל.
קלינגעל ישראל, שרה, פעסל און שלמה.
קלינגעל חומע און דריי קינדער.
קלינגעל הערש און אסתר.
קלינגעל משה, צפורה און דריי קינדער.
קלינגעל בעריש און רייזל.
קלינגעל נחמה און דריי קינדער.
קלינגעל מאנטשע און משפחה.
קלינגעל פייוול און פרוי.
קליינער עזריאל, פייגע און דריי קינדער.
קליינער אברהם, איטע, חנה־גאלדע, ראני, ישראל און יחיאל.
קליינער צירל־מעני, ישראל, נחמה און יצחק.
קליינער יואל, לאה און ברוך.
קליינער יוחנן, פייגע און קינדער.
קליינער משה, אסתר, מלכה און לאה.

**פלגי מים תרד עיני – על שבר בת־עמי.** (איכה, פרק ג׳)

קליינער ישראל און משפחה.
קליינער יצחק, פרוי און קינדער.
קליינער לאה.
קליינער יוסף און יהודית.
קליינער אנשל, דבורה, רבקה און העניע.
קלעקס שמואל, שיינדל און שרהלע.
קנאל חיה, אסתר, יוסף, און מרדכי.
קנאפ שרה.
קנאפ בלומע, חיה־אסתר, יוסף און מאטל.
קנאפ אברהם, ברײנדל און ישראל.
קנאפ חיה און אסתר.
קנעלער זעליק און חוה.
קנעלער חנוך און חיה.
קנעלער יהודה און לאה.
קנעלער יעקב, העניטשע, חנה און שמואל.
קנעלער משה און טעמע.
קעזמאן יוסף, יוכבד און צוויי קינדער.
קעסטענבוים מאיר, רייזל, קריינדל און איטשע.
קעסעל משה, מיכלע, חנה און צפורה.

קעצנער ירחמיאל, פרוי און קינדער.
קערשנזאן יצחק און אסתר.
קערשנזאן הערש, ברײנדל, צירל, מאטל, רחל, יענקעלע און רבקה.
קראנגאלד מרדכי־אברהם, פרוי און טאכטער.
קראפט חיה.
קראפט אברהם מיט דער משפחה.
קראפט וועלוול, גיטל, יעקב, העניע, סארקע און יצחק.
קריגער פעסיע און העניע.
קריינער נעכע, משה, סושע, מענדל, רחל, רעשי און חיים.
קריינער פעפע.
קריינער אליהו, פעפע, איזשע און טאכטער.
קריינער משה און שאשע.
קריינער מענדל, בראנדל, רישע, חיים און א קינד.
קריינער שלמה, טאבע און דינה.
קריינער פרץ, משה, איידל און רעשע.
קרייצער משה, שיינדל, יוזיק און העלע.
קרעלנבוים יעקב, ברכה און דוד.

# ר

ראבינאוויטש אהרון, אליעזר, אסתר, יואל, משה, הינדע, חיה, מנחם און דאבריש.
ראָזנבלאַט איידל, שרה, ישראל און חוה.
ראזנבלום בער, לאה און אריה.
ראזנשטיין שלום.
ראזנשטיין מענדל און רבקה.
ראזענבוים חיים־יוסף און פייגע.
ראזענבערג בעריש, ריקל און יהודה.
ראזענבערג בנימין און משפחה.
ראזענבערג בעריש.
ראזענבערג ריקל.
ראזענבערג יהודה.
ראזענבערג משה, שיינדל, טאבע, יוסף, גאדל, מאטל, חנה, יעקב און חינקע.
ראזענצווייג הערש־אהרן און פעסל.
ראזענצווייג מאטל, ,שרה און דריי קינדער.
ראָזענצווייג מאטל, שרה און דריי קינדער.
ראזענצווייג איטע און משה.
ראזענצווייג לייב, ישראל און יעקב.
ראזענצווייג הערשל, פרוי און קינדער.
ראט ד״ר און משפחה.
ראט שיינדל און זישע פון טרעיאטין.
ראט בעריש, עטל און דריי קינדער פון טרעיאטין.
ראט יידל, פרוי און קינדער פון טרעיאטין.

ראט חיה, יצחק און קינדער פון טריעאטין.
ראטלעדער נטע, רייזל, מלכה, יענקעלע און גיטל.
ראטניעווסקי שמואל, פעלע און קינד.
ראטניעווסקי עוזר און משפחה.
ראטפעלד בצלאל, עטל און יידל.
ראטפעלד ישראל, בצלאל, עטל און יידל.
ראך משה־לייב און פאמיליע.
ראכמאן יענקל, דבורה און משפחה.
ראכמאן מאטל, טובה און משפחה.
ראכמאן טאבע, דבורה, ברכה און הערש.
ראם ישראל, פייגעלע, נוניע און חיים.
ראפ רפאל, לאה און גאלדע.
ראפ פריידע, ארצי, העריש און משה.
ראפ מלכה און פינף קינדער.
ראפ רפאל און קינד.
ראפ משה, מאטל, פראדל, מיכלע, טויבע, צירל און לאה.
ראפ מרדכי און חיה.
ראפ דבורה, יחזקאל, גוטמאן, הערש, וואלף, העניע, שיע און חיה־שרה.
ראפפארט יצחק און טשערנע.
ראפפאָרט יעקב און דריי טעכטער.
רוב אריה, פריידע, הערש און משה.
רוב מרדכי און חיה.
רובינשטיין בראנדל, שמחה, בעני, יונה, מענדל און חנה.

**נחלתנו נהפכה לזרים!** (איכה, פרק ה׳)

רובינשטיין יוסף, לאה, מענדל, נחמה, ברכה, רייזל און משה.
רוז יוסף.
רוז טויבע.
רוז שרה.
רוז גאלדע.
רוז אהרן.
רוז נח.
רוז מאיר.
רוז שמואל, פרוי און צוויי קינדער.
רוז מינגע.
רוז דבורה מיט דער משפחה.
רוז הערש, פרוי און קינדער.
רוז עטל מיט דריי קינדער.
רויזמאן משה, שרה, הערש, מענדל און יצחק.
רויזמאן אנטשל, ביבע, ביילע, לאה, משה און רחל.
רויזן משה, שרה און דריי קינדער.
רויזען יוסף, ברכה און קינד.
רויטמאן נתן־דוד.
רויטמאן זישע און שרה.
רויטמאן זישע און רויזע.
רויטער נחום, גיטל, שעפסל, העניע און באשע.
רויטער יעקב, רבקה און דריי קינדער.
רונד מרדכי, חנה און טאכטער.
רוקח נפתלי, גיטל, זלמן און צוויי קינדער.
רוקח זונדל, פרוי און צוויי קינדער.
רוקח חנה־גאלדע, פערל, משה און קינד.
רור מרדכי און פרוי.
רור יעקב, שרה און טאכטער.
רייז שרה, שמואל און צוויי קינדער.
רייז רחל, מאן און צוויי קינדער.
רייז בלומע, מאן און צוויי קינדער.
רייך משה, לייב, אביש, בערל און יוסף.
רייכמאן אברהם און נטע.
רייכענבוים הערש, זלאטע און קינדער.
רייכענבוים יעקב, פריידע, דינה, חנה, שלמה און דוד.
ריים משה, רייזל, מלכה, אביש, בערל, יוסף און דבורה.
ריים הערש־מאיר און רבקה.
ריים מאטל, מאן און צוויי קינדער.
רייצער אברהם, פייגע, יצחק און זעליק.
רייצער יעקב, מענדל און הינדע.
רייצער יצחק.
ריכער שלום, שרה, מאיר און קינד.
רעגעל מאיר, סימע און קינדער.
רעגעל אברהם, צפורה און קינדער.
רעגעל ישראל, פרוי און קינדער.
רעטיג לאזער און משפחה.
רעטיג סענדער, איידל, חיה, שרה, מיכל און ביילע.
רעטיג זלמן, חוה, יוסף, אסתר און קינדער.
רעטיג דוד און פרוי.
רעטיג שרה און דריי קינדער.
רעפל יעקב, בערל, לאה און משה.

## ש

שאמאנאוויץ מאיר.
שאמאנאוויץ שעפסל און פאמיליע.
שאמעס טשיפע.
שאפיל ליפשע און מאַן.
שאפיל אסתר און מאַן.
שאפיל משה און פרוי.
שאפעל חנה, מאן און צוויי קינדער.
שאפעל יעקב, פרוי און קינדער.
שאפעל דוד־שמערל, פרוי און קינדער.
שאפער חיים, מוטער, פרוי און קינדער.
שאפער יחזקאל און מלכה.
שאפער עטל.
שאפּראַן קלמן, פעסל און דריי קינדער.
שאַך משה, ביילע און קינדער.
שאַך הערש, רייזע און שיע.
שאַך משה, פרוי און קינד.
שאַך טשיפע, יותה און קינדער.
שאַך יהושע.
שאַך הערש און רייזל.
שאַך טשיפע, מאַן און קינדער.
שאַך יצחק און עלקע.
שוואַרץ שמואל, טוביה און זעקס קינדער.
שוואַרץ יעקב, יענטע, נפתלי, לאה און אַ קינד.
שוואַרץ איטע, מאַן און קינדער.
שוואַרץ מרים און פריידעלע.
שוכמאַן רבקה.
שוכמאַן משה, חנה, יהודית, לאה און דבורה.
שוכמאַן שיע, פרוי און קינדער.
שולמאַן ליבע, ישראל, דוד, יהודה און עלקע.
שחור מרים, שרה, חנה, צבי און דבורה.
שטאָקהאַמער אליעזר, פייגע, חנינה, פרוי און טאָכטער.
שטאָקהאַמער נתן, גיטל און פייגע.
שטאָקהאַמער יעקל, רייזל, סימע און אברהם.
שטאָקהאַמער הערש און שיינדל (וויינבערג).

**וגדול הכאב מאד, וגדולה הכלימה – ומה משניהם גדול?** (בעיר ההריגה לח.נ. ביאליק)

שטאָקהאַמער דוד־משה.
שטאָקהאַמער אברהם, צביה, פראַדל, פּנחס, גדליה און יעקב.
שטאָקהאַמער ישעיהו, בינע, מלכה און ישראל.
שטאָקערמאַן יהודה און חנה.
שטאָקערמאַן וואָלף, און קינדער.
שטונדעל לייזער, שאָשע, רייזל, הינדע און לייביש.
שטורעם יהושע, שיינדל מיט זעקס קינדער.
שטורעם אברהם, חנה, גאָלדע, פּרץ, קיילע, אסתר און חנה־פייגע.
שטורעם בער און פאַמיליע.
שטיגליץ יצחק, צפּורה און דריי קינדער.
שטיגליץ שרה רבקה.
שטיגליץ צפּורה און דריי קינדער.
שטיגלערביילע, חנה, בתיה, מרדכי און אריה פון טרעיאטין.
שטיין גיטל, דבורה, רחל און לייבל.
שטיין ראובן, בלומע און קינדער.
שטיין אברהם, ראָזע און פיר קינדער.
שטיינבוים יעקב־יהושע, בתיה און לוי.
שטיינבוים אברהם, חנה און מרים.
שטיינבוים מאָטל, רחל, וועלוול און ברכה שיינדל.
שטיינבוים יוסף, מאַליע, בנימין און ברכה.
שטיינבוים טשאַרנע.
שטיינבערג פּיניע, חנה און קינדער.
שטיינבערג הערש, גאָלדע, פּנחס, חנה און באַשע.
שטיינוואָרצל שרה און חיה.
שטיך מאיר.
שטענגעל לייביש, באַשע און לאה.
שטענגעל שיינדל, מאַן און צוויי קינדער.
שטענגעל יענטע.
שטערן נחום און משפּחה.
שטערן משה, שרה, רחל, שיינדל, יאָסל און פּערל.
שטרייטער יעקב אהרון, פּנחס, נחום און זלאַטע.
שטרייטער שמעון, שאָשע און זלאַטע מיט צוויי קינדער.
שטרייטער מרגלית, (ברענער) און קינדער.
שטרייטער צירל (וואקערמאַן), יוסף און אביגדור.
שייבין ישראל, פרוי און קינד.
שייבין יהושע און שרה.
שייבין יוסף, סימע און זייערע קינדער.
שיינבערג פייוול, טשאַרנע, און שמעון.
שיינבערג דן, ראבי און קינדער.
שיינזינגער שמואל, חיה, אברהם, יוסף און רבקה.
שילער ישראל, פּעשע, פרימעט, פריידעלע און ביילע.
שילער מאָטל, ברכה און קינד.
שילער מאיר מיט זיין קינד.
שיפּער חנה.
שיפּער שלמה.

שיפּער וועווע און גענענדל.
שיפּער יאשע, שרה, מלכה, מאניס, און בריינדל.
שיפּער אהרון, און פריידע.
שלאַכטער דוד, מאַניע, טאָכטער און זון.
שליאם שמעון, מלכה און קינדער.
שליאַם עטקע.
שלעכטער קלמן און משפּחה.
שמוץ משה און משפּחה.
שנאל יעקב, פייגע, דוד, פּעשע, מלכה און זלמן.
שנאל אשר.
שניידער געצל און פאַמיליע.
שניידער איטשע־לייב פרוי און קינדער.
שניידער דוד, פרוי און קינדער.
שניידער שמואל, רדישע און שמעון.
שניידער חוה, מאטל און דריי קינדער.
שניידער שימע, ביילע, ראָזע, מיכאל, חיים, יוסף ברכה, חומע, געצל, שבע, שרה, יענקל, דאָרע און רבקה.
שניידער הערש.
שניידער יאָסל, פרוי און קינדער.
שניידער חיים יאָסל, אברהם און יעקב.
שניידער מאָטל, חוה און משפּחה.
שניידער יהושע און פרוי.
שניידער יוסף, דבורה, רחל, פּיניע און קינדער.
שניידער אברהם, שרה־לאה און קינד.
שניידער יצחק־לייב, פרוי און פאַמיליע.
שעכטער שמעון, שלמה, פרוי און קינדער.
שעכטער הערש־לייב, שלמה, גאָלדע, נאָטע און אַלטער.
שעק אברהם, גיטל, שפרה, חיה, חנה און טעכטער.
שער חיים.
שער רבקה, מאַן און צוויי קינדער.
שער יהודה, פרוי און קינדער.
שער יצחק, פרוי און קינדער.
שער יעקב, פרוי און קינדער.
שער מרדכי, פרוי און קינדער.
שער בראַנדל.
שער אהרן, שרה, שיינדל, חיים, בן־ציון, מאיר און לייבל.
שער יוסף־לייב, שבע, סאַלע, ביילע, מאיר און הענטשע.
שער אהרן, מאיר און ישראל.
שער חנה־שרה.
שער גיטל מיט דער מוטער און קינד.
שער רחל, שאַיע, צפּורה, יצחק און שרה.
שער יענטע, אברהם און דריי קינדער.
שער יוסף־חיים, אלישבע, ביילע, מאיר און האניע.
שער יצחק און קינדער.
שער ישראל־מאיר, פּערל, ראַצע, און טאָכטער.
שער הערשל, שבע, פּערעלע, פריידעלע, שמואל און זון.

**שכבו לארץ נער וזקן, בתולותי ובחורי נפלו בחרב !** (איכה, פרק ב׳)

שער יצחק, פערל, ראניע און משה.
שער נאָטע און פערל.
שערער מאיר־שלמה, שפרינצע, רחל, יוסף, זלמן־דוד, מלכה, הינדע און רויזע.
שערער חנה, מאַן און קינד.
שערער קונע און שבע.
שערער הירש, רישע, רבקה און ישעיהו.
שפאטער חנה און טאָכטער.
שפילער דוד און רחל.
שפילער יואל און טשאַרנע.
שפילער מאָטל, פרוי און קינד.
שפילער הערש, יואל, מאָטל, חנה און דוד.
שפילער ישראל און פרוי.
שפירא ברײַנדל.

שפירא פנחס און משפחה.
שפירא מענדל און משפחה.
שפירא ליפע, חוה, גיטל און פייגע.
שפירא רבקה און שלמה.
שפיראל יצחק און שרה.
שפריץ בנימין, פייגע און קינדער.
שפריץ עוזר און משפחה.
שרובער יידל, שרה, ישראל, פריידע, דבורה, רייזל, איטשע און אסתר
שרויט יצחק, פעשע, חוה און חיה.
שרויט שיינדל, מאַן און קינד.
שרויט אפרים, מלכה, ביילע, נעכע, איטשע און זלאַטע.
שרויט יעקב און גיטל.

## קינדער פון הרוביעשאָווער בית־יתומים, וואָס זיינען אומגעקומען בעת דער צווייטער אַקציע אין יאָר 1942.

באָדן לאה.
דעק טאָבע.
דעק משהלה.
דרוקער זיסל.
האָכמאַן מלכה.

וואסינג רחל.
ווייסמאַן בן־ציון.
ווייסמאַן ביילע.
זילבערצווייג איידל
לייבער משה.

נול גאָלדע.
פינגער חנה.
פינעס בערל.
קאָפל מרדכי.
קריגער הערשל.

קריגער יוסף.
רובינשטיין אליהו.
רוט וואָווע.
שטערן יוסף.
שטערן טשאַרנע.



אויפן קבר פון הרוביעשאָווער קדושים — על קברם של קדושי הרובישוב.

**אעמוד, אביט על החללים – ואבוש במסתרים!** (בעיר ההרגה, לח. נ. ביאליק)

# הרוביעשאוו קעמפט פאר ארץ־ישראל



הרוביעשאָווער יוגנטלעכע לערנען אויף אַן אינסטרוקטאָרן־קורס פון „פרייהייט".
נוער הרובישובאי משתלם בקורס של מדריכי „פרייהייט" בקרסנוג־ד ב־1932.



זיי דעמאָנסטרירן דעם 1־טן מאַי.
הם מפגינים ב־1 במאי.

# הרובישוב נאבקת למען ארץ־ישראל



זיי זאַמלען אויפן באַזאַר געלט פאַרן קק"ל. הם אוספים אמצעים בבזר של קק"ל.
יוסף לעדערקרעמער, מאַרטשע פינקעלשטיין, רייזל דימענטשטיין און הערש האַלבערשטיין.



זיי וויילן צום 19־טן ציוניסטישן קאָנגרעס. הם בוחרים לקונגרס הציוני ה־19.
שמריהו מינץ, יאָסל העכט, יענקלע רויטער, יהודה האָפמאַן, יאָסל פריוונער, משה מאָסקאַל, יהושע לערער און יוסף לעדערקרעמער.

# פארטייען



פועלי־ציון דעמאָנסטרירט אין יאָר 1935. פועלי־ציון מפגינה ב־1935

# מפלגות



הרוביעשאָווער יידן פּראָטעסטירן קעגן די א״י־געשעענישן אין יאָר 1929.
יהודי הרובישוב מוחים נגד מאורעות 1929 בארץ־ישראל.

# ● אינהאַלט ● תכן ●

# יעקב כהן / ניצנים ציוניים

תל־אביב



יעקב כהן

כמדומני, שזה היה בשנת 7—1906, בזמן שיהודי הרובישוב דבקו, כמעט כולם, ביראת ד׳. באותו זמן נפתח בית־ספר עברי על ידי שני האחים: שלום ואברהם בר וינר ז״ל.

רעש קם בכל בתי־התפילה והוחלט לא למסור את הבנים לאחים וינר, שהם ציונים, אפיקורסים, ומסיטים את הבנים מדרך הישרה.

סופר גם, שהאחים וינר מלמדים תנ״ך וחומש מבראשית ועד הסוף, ולא לפי פרשת השבוע. אנשי העיר והמלמדים רטנו, למרות זאת גייסו האחים וינר מספר ניכר של תלמידים וכמה מבני עניים למדו בלי שכר־למוד.

האחים וינר ז״ל נטעו בקרבנו אהבה לעם, לארץ, לעברית ולקורות ישראל. חרישם נשא פרי. תלמידיהם היו ממיסדי וחברי צעירי־ציון, ופועלי־ציון בהרובישוב.



מיסדי צעירי־ציון בהרובישוב. די גרינדער פון צעירי־ציון אין הרוביעשאָוו.
ד. שטוקהמר, דוד ברנד, שמשון ויעקב כהן.



מיסדי האגודה הציונית בשנת 1917. די גרינדער פון דער ציוניסטישער אגודה.
מימין לשמאל: ישראל שוכמן, איצ׳ה גרינברג, סטולר ודוד ברנד.

## ההצבעה לסיים

לפני המלחמה הראשונה ובזמן הכיבוש האוסטרי היתה כבר בעירנו קבוצה קטנה של פעילי פועלי־ציון: כותב השורות האלה, משה הרמן ואנשל שץ. עיקר עבודתנו: הפצת עתונים בשליחות המרכז בורשה.

לבחירות לסיים הפולני הראשון הטיל המרכז עלינו לבקר בבתים ולהסביר את ערך ההצבעה למען פועלי־ציון. מה גדלה שמחתנו, שהקהל לא הכזיב אותנו וזכינו בנצחון.

אני, משה הרמן ואנשל שץ היינו גם המייסדים של הספריה הראשונה בעירנו. 19 בחורים התכנסנו ביום שבת בויגון, מאחורי בית־המטבחיים, כדי ליסד את הספריה. בעלית הגג, אצל הורי חברנו, אנשל שץ, שכרנו חדר.

הספריה לבשה חיש מהר עור וגידים. מיום ליום, ומשבוע לשבוע נוספו לה חברים וידי היו מלאות עבודה.

האינטליגנציה הבונדאית בעירנו צחקה לנו על שהעזנו לפתוח ספריה וקראה לנו „יאלדן״, באמרם שלו היה בשביל מי לפתוח ספריה, אז הם, האינטליגנטים, היו פותחים אותה מזמן.

הספריה שגשגה. תוך שנה היה כבר המקום צר. גם האינטליגנטים, שצחקו לנו, בקשו להצטרף לספריה ובקשתם נתמלאה. קנינו גם ספרים בעברית לקוראי עברית.

האינטליגנציה הבונדאית, למרות היותה במיעוט, רטנה על קניית ספרים בעברית. לא הועילו ההסברות, שלולא קוראי העברית — לא היתה קיימת בכלל ספריה. באסיפה השנתית של הספריה הצליחו הבונדאים לרכז רוב, להפריע לחברינו להופיע והחליטו להפסיק את קניית הספרים בעברית או לחלק את הספריה.

**בשנת הלימודים 7—1906 הוקם בהרובישוב בית־הספר העברי הראשון ביזמת האחים שלום ואברהם בר וינר.**

# די צעירי־ציון־פראַקציע

אויף דעם טאָג־אָרדענונג פון אונזער פאַראיין, „התקווה“, שטייט לעצטנס די פראַגע וועגן אָנשליסן זיך אין דער פראַקציע „צעירי־ציון“ אין פוילן.

נאָך דער ערשטער חברים־פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער ס׳איז אָפּגעגעבן געוואָרן אַ באַריכט פון דער כעלמער ראיאָן־קאָנפערענץ, איז דעם 22־טן פעברואר פאָרגעקומען אַ צווייטע פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער חבר י. שוכמאַן (היינט אין ירושלים) האָט אין אַ לענגערער רעדע באַלויכטן די שטעלונג צו פאַרשיידענע פראַגן פון צעירי־ציוניסטישן שטאַנדפונקט.

דעם 1־טן מערץ איז אונטערן פאָרזיץ פון חבר לעווין (העבעזשער לערער אין דער פאָלקס־שול „התקווה“) פאָרגעקומען די יערלעכע, אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג. אחוץ דעם באַריכט פון דער פאַרוואַלטונג, איז אויף דעם טאָג־אָרדענונג אויך געשטאַנען דער פונקט וועגן אָנשליסן זיך אין דער פראַקציע.

ס׳ווערט געליינט דער באַריכט. די אגודה ציילט 220 חברים. ס׳קומען פאָר פעריאָדישע רעפעראַטן און פאָרלעזונגען פון אָרטיקע חברים. ס׳זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן דריי עפנטלעכע רעפעראַטן פון א. פרייד פון וואַרשע, צוויי ליטעראַרישע אָוונטן און אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג. ס׳עקזיסטירט ביים פאַראיין אַ פאָלקס־שול מיט 75 שילער אין די צוויי ערשטע קלאַסן (פון דעם דרינגען מיר, אַז די פאָלקס־שול „התקווה“ איז געגרינדעט געוואָרן מיט אַ יאָר פריער, ד. ה. אין יאָר 1918). די אונטעריכטס־שפּראַך איז העברעיש. פאַרן נאַציאָנאַל־פאָנד זיינען געזאַמלט געוואָרן העכער 6000 עסטרייכישע קראָן און דער קאַסע־אומזאַץ פאַר דער לעצטער קאַדענץ באַטרעפט 30,000 קראָן.

שקלים זיינען פאַרקויפט געוואָרן — 302.

דער באַריכט קלאָגט זיך אויף דער שווערער, יורידישער לאַגע פון דער אגודה. נישט האָבנדיק קיין לעגאַליזירטן סטאַטוס, וועלכער איז דורך דער עסטרייכישער מאַכט בשעתו צוריקגעצויגן געוואָרן, איז די אגודה דורך דער פוילישער מאַכט פאַרמאַכט געוואָרן און מוז אַרבעטן בחדרי־חדרים. דאָס האָט אויך געשטערט צו שאַפן אָוונט־קורסן.

נאָכן באַריכט קומען פאָר לאַנגע וכוחים. צוליב דער שפּעטער צייט ווערט די פאַרזאַמלונג איבערגעריסן. דער המשך פון דער פאַרזאַמלונג קומט פאָר דעם 3־טן מערץ און איז געווידמעט דער אָנשליסונג אין דער פראַקציע.

אַ פּראָגראַם־רעדע וועגן צעירי־ציון האַלט חבר ד. בראנד (היינט אין תל־אביב), וועלכער ווייזט אָן אויף דער נויטיקייט צו בילדן אַ ספּעציעלע פראַקציע אין דער אָרגאַניזאַציע (די אָרטיקע אַלגעמיינע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע).

נאָכן באַריכט קומען פאָר לאַנגע און זאַכלעכע דעבאַטן. דער רעפערענט ענטפערט אויף די געשטעלטע פראַגן. ס׳ווערט דאַן אָנגענומען איינשטימיק פאָלגנדע רעזאָלוציע:

דער פאַראיין „התקווה“ שליסט זיך אָן אין דער פאָלקס־פראַקציע „צעירי־ציון“. אַלס מיטגלידער וועלן אנערקענט ווערן די חברים, וואָס וועלן באַקומען נייע מיטגלידס־קאַרטן פון ועד, כדי די אגודה זאָל באַשטיין בלויז פון באַוווסטזיניקע, אַקטיווע חברים. גלייכצייטיק ווערט אַרויפגעלייגט אַ חוב אויפן קאָמיטעט צו אָרגאַניזירן אַן אלגעמיינע, ציוניסטישע אגודה פון יענע מיטגלידער, וואָס וועלן אין פאַראיין נישט אריינגענומען ווערן און צו בילדן אַ ועד עירוני.

(„באַפרייאונג“, נומער 8, י״ט אדר ב׳ תרע״ט, 21־טער מערץ 1919).



דער ציוניסטישער דראַמאַטישער קרייז אין יאָר 1919 שטעלט פאָר דעם „גרויסן ייד“ פון לעאָ קאָברין. החוג הדרמטי הציוני בשנת 1919 מציג מהזהו של ליאו קוברין.
שטייען פון רעכטס אויף לינקס: אברהם כהן, אליעזר אייזן, שיקע צימעט, איטשע ברענער, הלל ביטערמאַן, יעקב כהן, איטשע גאָלדבערג און רבקה ערליך. זיצן: מאיר שטעכער, מלכה קראָנגאָלד, ישראל שוכמאַן, פעפּי פינקעלשטיין (דאָס קינד), פרימיט וואַלדמאַן און דוד בראַנד. אונטן: שמשון כהן און דוד שטאָקהאַמער.

# מאיר האפמאַן / יום־טוב אין דער וואָכן

קבוץ שפיים

די ידיעה, אַז עס איז אויסגעבראָכן אַ וועלט־מלחמה האָט אונז געטראָפן, ווי אַ דונער אינמיטן העלן זומער־טאָג.

אין איין רגע האָט זיך אַלץ געענדערט. די נישט ווייטע, עסטרייכישע גרענעץ האָט צו וויסן געטאָן, אַז די מלחמה וועט היינט מאָרגן צו אונז דערגרייכן. די טעג האָבן פאַרלוירן זייער זיכערקייט, די אָוונטן — שרעקן, באַזונדערס וואַרפן אָן אַן אימה די אַדורכגייענדיקע פראָנטזעלנער וואָס גייען און גייען.

אַ שטאַרקן רושם מאַכן די קאָזאַקן מיט די אוירינגלעך אין די אויערן. מאַמעס האַלטן די קינדער ביי די פּאָלעס, וואָרנען זיי נישט אויפצורעקן די אוירינגלעך־שדים. די שאַבלעס אין די שיידן רייצן, נישט איין קינד וואָלט אַ בעלן געווען אָנצוטאַפּן די שווערדן, זען אויב זיי זיינען גענוג שאַרף. די קאָזאַקן שמייכלען, באַטראַכטן די יידיש־געקלייַדעטע, אַנדערע פּרוּוון אויך עפּעס זאָגן, אָבער די פאַרזאַמלטע פאַרשטייען זיי נישט, שטייען אויף די ערטער און בעטן גאָט, אַז עס זאָל, חלילה, גאָרנישט געשען.

די לאַגע אין שטאָט ווערט שווערער, די דורכגייענדע חיילים פאָדערן ברויט און מען מוז דאָס זיי צוגרייטן. עס טרעפן פאַלן פון אריינרייסן זיך און צונעמען זאַכן און געלט, באַגלייט מיט סאָלדאַצקע קלעפּ. אַ געוויסן שבת האָט מען גענויט די יידישע בעקער באַקן ברויט פאַר דעם אָנגעקומענעם מיליטער.

די פּרנסה אין שטאָט ווערט שוואַכער, דער דורותדיקער, אויסגעפּאָרעמטער לעבנס־סדר ווערט לויזער. אַלץ איז צעשאָקלט, פאַרלירט דאָס גלייכגעוויכט, אַלע פילן, אַז דאָס אומבאַוווּסטע וועט ערשט קומען, עס איז שוין אין וועג.

אינדערפרי האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז עס האָבן זיך אין דער געגנט באַוויזן עסטרייכישע אויסשפּירער אין פּאָלערינעס, מיט קיילעכדיקע, גראָע היטלען און מיט קורצע דזשיקעס. אַנדערע האָבן דערציילט, וואָס זיי האָבן געהערט פון נ ט ע ב אַ ג ר ע ב ע ר, אַז פאַרטאָג האָבן די פאַרשוינען אין די פּאָלערינעס אַריינגעקוקט אין טהרה־שטיבל, און אפשר גאָר זיך פאַרשטעקט צווישן די אַלטע מצבות באַדעקט מיט מאָך?

די מלחמה־טעג זיינען צעצויגן, ווי דער יידישער גלות, אָבער איבעריק זיינען די נעכט. אַלץ איז אויסגעלאָשן און שטום. אין די בתי־מדרשים און חסידים־שטיבלעך ווערט דער מעריב גיך פאַרשלונגען, מען זאָל נישט דאַרפן די לאָמפּן אָנצינדן. די לומדים זיצן פאַרשטעקט און שלינגען שטיל די האַרבע סוגיות פון די שווערע גמרות. די גרויסע שטאָט־שול זעט אויס אין די אָוונטן אָרעם. דער שול־גבאי, א ה ר ן ש ל מ ה, אַ ייד אַ גבר, זעט מען אָנגעשפּאַרט אָן שול־עמוד, עס איז אים שווער איבערצולאָזן אַליין זיין האַרציקע שול.

אויך די שטאָט־הינט שווייגן, זיי זיינען אַצינד פאַרזאַמלט אַרום די יאַטקעס, שמעקן און וואיען שטיל אַריין אין די פאַרשלאָסענע יאַטקעטירן.

דער שטאָט־שומר האָט זיין שמירה־גרעגער אין דער פּאזשאַרנע־שאַפע באַהאַלטן און ער כאַפּט אַ טיפן דרעמל לעבן דער וואַסער־פּאָמפּע. נאָר אין געסל, וווּ עס וווינט ו ו י צ י ק מ א ל י נ אָ ו ו ס ק י, איז נישט אינגאַנצן רויק. וו י צ י ק וויל נישט משלים זיין מיט די אָוונטן. שוין דער צווייטער אָוונט, אַז ער פּראַוועט נישט קיין וועטשערע אין די שענקן און גייט שלאָפן אַ ניכטערער. פאַר גרויס אויפרעגונג שענקט ער דער ווייב אַ ביסל פויסטן. דערשרעקן זיך די קינדער און הויבן אָן צו יאָמערן, לויפט די ווייב נאָך הילף צו י אָ ש ק ע ל ע דעם סאָלטעס. יאשקעלע ווערט ערנסט, טוט גיך אָן די סאָלטעס־בלעך, פאַרדרייט שטייף די וואָנצעס און לויפט באַרויקן וויציקן.

אויך אין דער מיטלאָווע הערשט אין די אָוונטן אַ טויטע שטילקייט. מ ש ה ר א ל י נ י ק, דער שטאָט־בורר, האָט דעם יורה־דעה ערגעץ טיף פאַרשטעקט, אויך דער חושן־משפּט ליגט נישט קיין אָנגערירטער. אין די אָוונטן ליגט ער איינגעוויקלט אין ווינטער־מאַנטל, דער קאָלנער אויפגעשטעלט איבער די אויערן און הערט זיך צו, ווי אויף יענער זייט וואַנט לאָזן זיינע שטאַל־בהמות אַרויס שלאָפלאָזע בהמה־קרעכצן.

אין שטאָט קאָכט זיך. עס האָט זיך אַ ידיעה פאַרשפּרייט, אַז פונם דורכברייטנדיקן, נעכטיקן מיליטער איז שוין קיין זכר נישטאָ. די קירישע זעלנער זיינען ביינאַכט די גרענעץ אַריבער און זיך באַהאַלטן אין איינעם פון די וועלדער, ווו דאָס רוסישע מיליטער האָט באַדאַרפט אַדורכמאַרשירן און פון די ביימער זיי מיט אַ האַגל קוילן באַשאָטן. טאַטעס האָבן אין די בערד אַריינגעבאָמקעט:

— נו, נו, עס הויבט זיך שוין אָן. אַנדערע האָבן צוגעגעבן:

— גיי, רעכט זיך אויף זיי, קירע זאָל קענען מאַכן אַזאַ שטיקל אַרבעט.

נאָכמיטיק האָט מען אָנגעהויבן ברענגען אַ סך פאַרווונדעטע, רוסן און עסטרייכער. דער גוישער שפּיטאָל איז אָנגעפילט מיט פאַרווונדעטע, מען האָט אויך אויסגענוצט די שפּיטאָל־קאָרידאָרן. אַ סך זיינען געלאָפן זען די פאַרווונדעטע זעלנער, און איך בתוכם. מען האָט געזאָגט, אַז צווישן זיי געפינען זיך אַ סך יידן.

ס׳איז שוין פאַרנאַכט. דער שפּיטאָל־הויף איז ליידיק, מען זעט נישט קיין לעבעדיקן נפש, די טונקלקייט פון די קאָרידאָרן שרעקט און רופט. מיטאַמאָל דערטראָגט זיך אַ קרעכצן. איך רוק זיך אַריין טיפער, כ׳וויל זען ווער זיינען די קרעכצער און דאָ אין דער האַלב־פינצטערניש האָב איך דערזען א ב ר ה ם ב ר א נ ד ס עלטסטע טאָכטער.. זי איז געווען די איינציקע, וועלכע האָט געוואַגט צו געבן הילף די האַלב־גוססדיקע, יידיש־קירישע מיליטער־לייט. פון שפּיטאָל־דינערשאַפט האָט זיך קיינער צו זיי נישט דערנענטערט. ג י ט ל ב ר א נ ד האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט, זי האָט מורא געהאַט אַליין צו בלייבן אין דער שליטה פון מלאך־המות. זי האָט איר קאָפּ אויף מיין אַקסל אָנגעשפּאַרט און זיך צעכליפּעט, אַז עס האָט אוודאי אָפּגעקלונגען איבערן גאַנצן שפּיטאָל.

### מען הויבט זיך אָן אויסטשוכען

די מלחמה איז שוין אין שטאָט. סנאַראַדן פליען און פייפן און האָבן אַ גאַס מיט הייזער אָנגעצונדן, דערביי זיינען אַ סך מענטשן געפאַלן. נאָך אַ שווערן קאַמף זיינען די עסטרייכער געוואָרן די בעלי־בתים איבער דער שטאָט.



אַ גרופּע יוגנטלעכע אין יאָר 1918. קבוצת צעירים בשנת 1918.

שטייען: אהרן ברענער, הלל ביטערמאַן, אייזן, שרה היי, מרים וינפלד, דוד בראנד, דער לערער סטאָלער. זיצן: פערל שטיין, פריידע יאַנאָחער, ישראל שוכמאַן.

מען הויבט זיך אָן אויסטשוכן, פיל קריכן פון די מלחמה־לעכער אַרויס, מען מוז וועגן פּרנסה טראַכטן. אַ סך כּרנסה־שליסלען זיינען אין די הענט פון מיליטער־לייט, אויך די וועגן זיינען נישט אַזוי פריי ווי פריער. די פאַר־מלחמה כּרנסות האָט דער מלחמה־תהום פאַרשלונגען. טאַטעס קרעכצן, מאַמעס זיפצן, קינדער קוקן זיך איבער, זעען ווי די פיל־יעריקע עקאָנאָמישע פּיראַמידע האָט זיך איבערגעדרייט און עפּעס נייעס האַלט ביים געבוירן ווערן.

דאָס נייע איז געקומען. יונגע זין און טעכטער האָבן זיך אין פּרנסה זוכן איינגעשפּאַנט, האָבן אויף גיך דעם מלחמה־שמוגל אונטערגעכאַפּט, טעג און נעכט איבער וועגן און שטעגן געוואַנדערט, סחורות פון אָרט צו אָרט געפירט. איידעלע, מיוחסדיקע משפּחות, באַרימטע לומדים פאַרלירן זייער חן און אָנזעעוודיקייט, די דורך דורות איינגעפונדעוועטע צניעות פאַרלירט פון איר שטייפקייט, עס הויבט זיך אָן הערן אַ הפקר־טאָן געמישט מיט אויסגעלאַסענער חוצפּה. בעסערע נעמען אויף די גייסטיקע ירידה מיט ציין־קריצעריי און פאַרביסענעם שווייגן. די שול און בתי־מדרשים־גאַס פאַרלירט איר כּוח און ווירקונג. די האַרציקע תּפילות פאַרלירן זייער גלאַנץ און עפּעס נייע טענער לאָזן זיך הערן.

אין דער גייסטיקער ענדערונג האָבן אויך די אָנגעפּאַר׳ענע מלחמה־פּליטים אַ גרויסן חלק. צווישן זיי געפינען זיך אויך אינטעליגענטע כּוחות, לערער, געוועזענע כּלל־טוער, וועלכע ציען זייער יחוס פון די רוסישע פרייהייטס־טעג. עס הערן זיך וכּוחים וועגן בונד און ציוניזם, מען גרייט זיך עפענען ביבליאָטעקן, מען נעמט זיך אויפשטעלן דראַמאַטישע קרייזן. די יוגנט שטעלט זיך אויף נייע מקדשים.

אויף דער פּאַנסקע־גאַס הערט מען שמועסן וועגן נייע תּורות. די קולטורעלע מעשים דעקן אַ ביסל צו דעם שמוגל־טשאַד, מאַכן ווייכער, ענדערן צו ביסלעך דעם שאַרפן מלחמה־פּרצוף, אָבער פרומע טאַטעס און מאַמעס זיינען פון דעם אַלעמען נישט צופרידן, זיי פילן, אַז זיי פאַרלירן די גייסטיקע שליטה איבער זייערע קינדער, פון טאָג צו טאָג ווערט קלאָרער, אַז דער מלחמה־גולם האָט אויפגעשטעלט אַ נייעם דור־הפלגה.

## ס׳וואַקסט אַ יוגנט אָן אַ היינט און אָן אַ מאָרגן

שוין פינף יאָר, אַז פּוילן איז אַן אומאָפּהענגיקע מדינה. רוסלאַנד האָט שוין לאַנג געפייערט איר פעברואַר־רעוואָלוציע און פרעסט געשמאַק, געטונקען אין טייכן בלוט, איר אָקטאָבער. אין פּוילן בושעוועט דער ספּעציפישער, פּוילישער אַנטיסעמיטיזם. די מלחמה־פּרנסות גראָבן אונטער גראַבסקעס־שטייערן. דער גייסטיקער שווונג, וואָס האָט זיך פאַר אַ פּאָר יאָרן צוריק באַוויזן, האָט שוין זיין כּוח פאַרלוירן. פונם געוועזענעם רירעוודיקן „בונד“ זיינען אַ פּאָר צענדליק יוגנטלעכע געבליבן, וועלכע וואַרעמען זיך אַרום דער ביבליאָטעק.

ביי דער ציוניסטישער טייל איז אויך נישט בעסער. די „התקווה“־שול האַלט זיך ביים פאַרמאַכן. די גרופּע אַלגעמיינע ציוניסטן מיט ט ע נ ע נ ב ו י ם בראש פּראַווען זייערע תּפילות אין ציוניסטישן שולכל און העלפן זאַמלען געלט פאַר די נאַציאָנאַלע פאָנדן. עס לאָזט זיך גוט פילן דער קריזיס פון דער פערטער עליה, עס מערט זיך די צאָל יורדים. טראַכט מען וועגן עמיגרירן, אָבער די טויערן פון די וויכטיקע אימיגראַציע־לענדער זיינען פאַרמאַכט.

פון צייט צו צייט באַוויזט זיך אין די מאַרק־טעג דער באַוועסטער, י א ש ק ע כ א מ ע ץ, וועלכער זייט מיט זיינע רעדעס גיפט. קיינער שטערט אים נישט אין דער מלאכה, פּאָליציי באַוואַכט אים און שמייכלט אונטער.

אויך צווישן דער יוגנט איז גאַנץ אומעטיק. אַ גאָר קליינע טייל לערנט אין דער אָרטיקער, פּוילישער מלוכה־גימנאַזיע, יחידי־סגולה פאָרן אין די גרויסע שטעט לערנען אָדער פּרנסה־זוכן און גאָר דער יונגער דור באַזוכט די פּאָווּשעכנע שול, ווו אַלץ איז זיי פרעמד און אָנגעשטעקט מיט שנאה.

לעצטנס, פילט זיך צווישן דער יוגנט אַן אָנרעגונג צו שיינער ליטעראַטור, זיי זיינען באַווירקט פון אַ מבול רעפעראַטן, וואָס האָבן זיך אַ לאָז געטאָן פון וואַרשע אויף דער ליבער פּראָווינץ.

אויך דער אָן חוט־השדרהדיקער וואָכן־זשורנאַל, „ליטעראַרישע בלעטער“, ווערט אַ סך געליינט. דער האַלב־ליידיקער וואָכן־זשורנאַל האַלט אויך דעם רעפעראַטן־טומל אונטער. ס׳הויבן זיך אָן צו באַווייזן שפּראַצונגען פון פאַר־ליטעראַרישע „פליגלמאַנס“. ס׳וואַקסט אַ יוגנט אָן אַ היינט און ווייט פון אַ מאָרגן, אַן אויסגעקילטע יוגנט, ווייט פון ערנסטן דענקען.

## מיטן באַגאַזש אין גאַס

נישט יעדע גרויסע באַוועגונג ווערט געבוירן בקולות וברקים, נישט יעדער גרויסער אויפטו ווערט געבוירן אין אַ זיידן העמדל. אויך דאָס באַווייזן זיך אין אונזער שטאָט פון דער אַקטיווער סאָציאַליסטיש־ציוניסטישער גרופּע איז נישט באַגלייט געוואָרן מיט פויקן און טאַנצן. אויף דער לובעלסקי־גאַס, נישט ווייט פון דער כעלמער בריק, אין אַ הייזל, וואָס גרענעצט זיך מיטן „פּאַלאַץ“ פון ח י י ם פ י ש ע ר, אין אַ געזינדל, ווו דער טאַטע מיט די בנים קריכן טאָג איין טאָג אויס דעכער באַשלאָגן, איז דורך אַכט בחורים געלייגט געוואָרן דער יסוד פון דער אַקטיווער, חלוצישער, ציוניסטישער באַוועגונג.

אין די קוים באַלויכטענע צוויי חדרימלעך איז פון דעם אַכטל, וועלכער האָט דאָ זיין חשבון־הנפש געמאַכט, אַרויס אַ באַנייטער ויתקין־געשריי צו דער הרוביעשאָווער יוגנט. פון דאַנען איז אַרויס אַ רוף צו דער ציוניסטישער הגשמה.

דער טאַטע האָט נאָך מעריב זיך באַגוגנט מיט איין חדר און אונז בכבוד אָפּגעגעבן דאָס הויפּט־צימערל, כּדי צו מאַכן אַ פּרווו אַריינצודרינגען אין יידישן פּלאָנטער, צו באַטראַכטן די יידישע עקזיסטענץ מיט אירע פּערספּעקטיוון. פיל אָוונטן האָבן מיר דאָ פאַרבראַכט, צוזאַמען אַדורכגעבלעטערט ספרים און צייטשריפטן, גוט זיך אַריינגעקוקט אין די אויגן און אָנגעהויבן זען זאַכן, באַלויכטן פונם ציוניסטישן געדאַנקן־גאַנג. מיר האָבן אָפּגעדאַנקט האַרציק דער משפּחה פאַר זייער הכנסת אורחים און מיטן צוגעגרייטן באַגאַזש אין גאַס, צום עולם, אַרויס.

## מיר האָבן געטראָפן אין פינטל

מיר האָבן געטראָפן אין פינטל: מיר זיינען באַוואָרפן געוואָרן מיט וואַרעמע בליקן. מיר האָבן זיך אָנגעהויבן פילן, ווי אָנזאָגער פון אויסלייזונג. בונדישע לצים, און אַנדערע אַנטי־ציוניסטישע אָפּשפּעטער, האָבן געפּרוווט אונז מיט פאַרזשאַווערטן כּי־כי באַגעגענען, זיי האָבן אָבער גיך אַליין זיך באַרויקט און מיר האָבן נאָך מיט מער מוט און גלויבן ממשיך געווען דעם חלוצישן ציוניזם.

אין גאַסט־הויז פון די ב ר ע נ ע ר ס, ווו אַ גאַנצן טאָג וואַרפן פויערים און סתם אַ־עמע שטאָט־שכורים „מאָנאָפּאָלקעלעך“ קונציק אין מויל אַריין,



אַ גרופּע יוגנטלעכע פון החלוץ אין יאָר 1924. קבוצת „החלוץ“ בשנת 1924.
שטייען: רייזל יעבץ, חיה זאַק, יעקב ווײַנער, אסתר פינקעלשטיין, יעקב אייזענבערג־אשד און מאָטל קירזשנער. זיצן: שמערל מינץ, חנה פינקעלשטיין, דוד אבראַמאַנט און ביילע זאַק.

און ביינאַכט איז דאָרט קיינמאָל קיין ליכט נישט געצונדן געוואָרן, כדי נישט צו שטערן די שטאָט־חיות זייערע חתונות צו פראַוועןָ. האָבן מיר אַ דירה געדונגען, וועלכע איז אין החלוץ־וואַרשטאַט פאַרוואַנדלט געוואָרן. פון דאַנען האָבן אָנגעהויבן אַרויסשטראַלן אין די אָוונטן אויפן מאַרק, וועלכער איז געלעגן אַ שטאַרק מידער נאָכן טאָג מסחרן, ארץ־ישראל און אַרבעטער־לידער.

לאַנג האָבן מיר זיך אין דער אכסניה נישט אויפגעהאַלטן און גיך אַריבער אין אַ הויז, וועלכעס האָט זיך געפונען אין שכנות מיט שטאָט־גבירים. אויך די ביבליאָטעק, וועלכע איז געבליבן פון די אַמאָליקע „ציון“־טוער, איז אַריבער אין אונזערע הענט און מיר האָבן איר אַהין אַריבערגעפּעקלט. פון די פענצטער פלעגט אַרויסשטראַלן אַ ליכטיקייט, וועלכע האָט געוואַרעמט, גערופן און צו וויסן געגעבן, אַז דאָ זאַמלען זיך די, וועלכע פאָדערן פון זיך און דערמאָנען אויך אַנדערע, אַז עס איז שוין פאַר יונגע יידן די העכסטע צייט געקומען צו מאַכן אַ חשבון־הנפש.

נישט ווייט פון דאַנען האָט זיך אויך געפונען דאָס הויז פונם האַלבן חסיד און משכיל, בונים טורמאַן, וועלכער פלעגט זיך באַווייזן שבת אויפן גאַנעקל פון זיין הויז, איינגעהילט אין זיין גלאַנציקער, שבת־יום־טוב־קאַפּאָטע און אויף דער נאָז זיינען געזעסן אַ פאָר גאָלדענע ברילן, וועלכע האָבן איידל פאַרשטעלט די האַלב־פאַרמאַכטע, גבירישע אייגעלעך.

צו זיין עלטסטער טאָכטער, טאָבעלע, ווי אויך צו די יינגערע טעכטער זיינען די גענאַנגען נישט דערגאַנגען. פאַר די לידער איז דאָרט קיין אָרט נישט געווען. די זיידענע טעכטער האָבן געחלומט וועגן דייטשן מיט לאַנגע בייטשן, וועגן מונדירן מיט געפוצטע שליפס, וועגן הויכשטאַפּלער אין גלאַנציקע פראַקן.

מיר האָבן געפירט אַן ערנסטע פאַרצווייגטע אַרבעט, וועלכע האָט געשלאָגן וואָרצלען. דאָס איז געווען אַ זריעה, וועלכע האָט אָנגעזאָגט, אַז אינגיכן וועלן מיר שניידן די פירות. עס האָבן זיך אָנגעהויבן הערן קולות, וואָס האָבן געפאָדערט באַלדיקע מעשים, עס האָט זיך אָרגאַניזירט די ערשטע הכשרה־גרופּע. אויך די עלטערן האָבן זיך אָנגעהויבן צוגעוווינען צום געדאַנק, אַז מיט דער צייט וועלן זיי זיך מיט זייערע קינדער געזעגענען. הרוביעשאָווער חלוצים האָבן זיך גענומען באַווייזן אין אַ סך הכשרה־פּונקטן.

## מיר פירן דורך דריי חברים אין שטאָט־ראַט

אומגעריכט האָבן זיך אונטערגערוקט וואַלן צום הרוביעשאָווער שטאָט־ראַט, וועלכע האָבן פאַר אונז געעפנט אַ ברייטן פעלד פון אויפקלערונג, און פון באַלויכטן שטאָט־פראַגן אין ליכט פון ארבעטנדיקן ארץ־ישראל. דאָ האָבן מיר געהאַט די געלעגנהייט אָוועקצושטעלן די פראַגן פון גלות אין זייער גאַנצער נאַקעטקייט.

אונזערע וואַל־פאַרזאַמלונגען זיינען באַזוכט געוואָרן פונם ברייטן עולם און דעם לעצטן שבת פאַר די וואַלן האָבן מיר איינגעאָרדנט אַ ריזן־דעמאָנסטראַציע. אַלס איינע פון די לינקע גרופּירונגען האָבן מיר געקראָגן די גרעסטע צאָל שטימען, און אַריינגעפירט אין שטאָט־ראַט דריי חברים.

אַ נייער קאַמפּס־פּלאַץ האָט זיך פאַר אונז געעפנט. אין שטאָט־ראַט זיינען געקומען צום אויסדרוק אַלע אידעען־שטרייטן אויף דער יידישער גאַס. ס'איז כדאי צו פאַרצייכענען, אַז נישט קוקנדיק אויף דער גאַליקער שנאת־ציון, וועלכע איז געזייט געוואָרן אַרום אונז אין שטאָט־ראַט פון אונזערע, יידישע לינקע, האָט דער גרעסטער טייל פון די קריסטלעכע, ליבעראַלע ראַטמענער באַצויגן זיך ערנסט צו אונזער פראַקציע, גוט זיך איינגעהערט צו אונזער געדאַנקן־גאַנג, צו אונזערע ספּעציפישע פאָדערונגען, און נישט איינמאָל אויסגעדריקט עפנטלעך דרך־ארץ פאַר אונזערע מעשים.

נישט שטענדיק האָבן מיר זיך באַנוגנט מיט וויכוחים אין די ווענט פון שטאָט־ראַט. עס זיינען געווען פראַגן, וועלכע האָבן געפאָדערט אַן אויסערלעכן דרוק, האָבן מיר זיך נישט געפוילט און עס אַדורכגעפירט. דער בעסטער טאָג פאַר אַזאַ שטיקל אַרבעט איז געווען שבת. האָבן מיר, טאַקע, פון צייט צו צייט איינגעאָרדנט אַזאַ מין דין־חשבון. פון די יאַטקעס ביז די טרעפּ פון געלן לייזערס קאמעניצע, אויף דעם שטח האָט זיך אָפּגעשפּילט דאָס ספּעקטאַקל, עס איז געווען גאַנץ פריילעך, ווייל דער דין־וחשבון איז באַגלייט געוואָרן מיט אַ קאַצן־יאָמער פון בונד און רויטע.

## די ערשטע זיינען עולה

דער החלוץ האָט פון טאָג צו טאָג פאַרשטאַרקט זיין השפּעה. פיל האָבן זיך שוין אומגעקערט פון הכשרה און אַנדערע האָבן זיך געקליבן אויף הכשרה, מען האָט זיך אָנגעהויבן גרייטן עולה זיין. נישט אַלע עולים האָבן געהאַט הוצאות־הדרך, האָט מען אָנגעהויבן טראַכטן וועגן קרן־עליה. אויך דער מרכז החלוץ איז אַנטקעגנגעקומען די הרוביעשאָווער חלוצים.

אין אַלע ציוניסטישע קרייזן זיינען באַוווסט געווען די ערנסטע מעשים פון הרוביעשאָוו. עס איז באַוווסט געווען, אַז בנוגע פרעסע שטייט הרוביעשאָוו אויפן ערשטן אָרט. אויך די ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן־ארץ־ישראל האָט געוווסט, אַז הרוביעשאָווער זיינען די ערשטע קפּא"י־שפּענדער.

די ערשטע גרופּעס האָבן אָנגעהויבן עולה צו זיין. יענע עליה־טעג האָבן זיך גוט איינגעקריצט אין זכרון און נאָך מער אין האַרצן. פרומע טאַטע־מאַמע, וועלכע גלויבן און וואַרטן אויף משיחן, האָבן ערנסט מיט טרערן אין די אויגן די קינדער צו דער באַן באַגלייט. ביים פאַרטיי און החלוץ־לאָקאַל זיינען די עולים האַרציק געזעגנט געוואָרן דורך דער אָנפירערשאַפט. יעדע אָפּגעפאָרענע גרופּע האָט איבערגעלאָזט אַ הוילקייט אין האַרצן.

באַזונדערס האָט זיך איינגעקריצט אין זכרון אַ געזעגן־אָוונט, ווו אַ טייל עולים זיינען געווען די בויער פונם הרוביעשאָווער קרייז. די באַן האָט שוין דעם לעצטן קרעכץ אַרויסגעלאָזט, די רעדער דרייען זיך גיך און זיכער, העט, ווייט פון אונזער שטאָט. מיר, די איבערגעבליבענע מוזן זיך אומקערן אַהיים. גייט מען, מען שווייגט און מען גייט, מ'גייט און מען שווייגט, ווי פאַרגעסענע שאָטנס שלעפּן מיר זיך איבער דעם פּאהעריע־שאָסיי. אָט, באַלד זיינען מיר שוין ביי דער פּאהעריע־בריק. די פיס זיינען, ווי אָנגעפילט מיט בליי, דער גוף באַוועגט זיך קוים און די צונג איז ווי צוגעקלעפּט.

וווהין גייט מען אַצינד? אינדערהיים איז אַצינד קאַלט, אַ ביסל פרעמד, דער לאָקאַל איז אַן אויסגעליידיקטער, די שאָטנס פון די אַוועקגעפאָרענע חברים כאַפּן דאָרט, אוודאי, אַ געשמאַקן טענצל, און דאָך האָבן זיך די פיס פון זיך אַליין פאַרקערעוועט אינם האַלב־אָפענעם לאָקאַל.



מייטשע האָפמאַן טרעט אויף אויפן צוזאַמענפלי פון „פרייהייט“ אין יאָר 1930.
מייצ'ה הופמן נואם בכינוס „פרייהייט“ ב־1930.

אײנציקווײז שאַרן מיר זיך אַרײן שװײגנדיקע. מיר זיצן שױן. אײנער קוקט נישט דעם צװײטן אין פּנים, מען האָט מורא, אַז דאָס דערדריקטע זאָל נישט אַרױסשפּאַרן. פלוצים האָט זיך אַ כליפּען דערהערט און באַלד נאָך אַ כליפּ, עס הערט זיך שױן אַ שטיל געװײן, עס הױבט אָן װערן גרינגער אױפן האַרצן. יעדער האָט זײן ביסל דערשטיקטע טרערן אַרױסגעשאָקלט און אַזױ שאָקלענדיק האָט מען פאַרשעמט דעם לאָקאַל פאַרלאָזט.

## אַ נײַער מקום־קודש

כ׳געדענק נישט װער ס׳האָט פאָרגעשלאָגן צו עפענען אַ ציש״אָ־שול אין אונזער שטאָט, איך בין זיכער, אַז דער פאָרשלאַג איז געקומען פון בונד. פון פּועלי־ציון אין הרוביעשאָװ האָט אַזאַ פאָרשלאַג נישט געקענט קומען. מיר האָבן נישט געקענט מסכים זײן צוצולײגן אַ האַנט צו אַ שול, װעלכע האָט צוגעגרײט תלמידים צו שנאת־ציון. אָבער אַ פאַקט איז אַז אַזאַ פאָרשלאַג איז געקומען און מען האָט זײער געװאָלט אונזער שותפות. מיר האָבן קײן שותפים צו דער שול נישט געװאָלט זײן, אָבער דאָס האָט נישט געהײסן, אַז מיר זײנען משלים, אַז אין הרוביעשאָװ, װוּ עס שלאָגט אַ שטאַרקער, געזעלשאַפטלעכער אָדער זאָלן ײדישע קינדער נישט האָבן קײן אײגענע שול אין דעמאָקראַטיש־סאָציאַליסטישן גײסט.

קײן מרכז, װעלכער זאָל אָנפירן מיט אַזאַ טיפּ־שול, איז אין יענע יאָרן אין פּױלן נישט געװען. געהערט האָבן מיר, אַז אין פּינסק עקזיסטירט אַזאַ שול און זי האַלט זיך אױס מיט אײגענע כוחות.

די ידיעה װעגן נײַע שטאָטראַט־װאַלן האָט געענדערט די לאַגע. זי האָט אַרײנגעטראָגן הײטערקײט אין אַלע גרופּירונגען, באַזונדערס אין די רײען פון פּ.צ.־צ.ס. מיר האָבן געזען פאַר זיך נײַע מעגלעכקײטן צו קומען אין באַרירונג מיט אַלע שיכטן פון דער אָרטיקער, ײדישער באַפעלקערונג און צװײטנס מיטן כוח פון די אַרײנגעפירטע ראַטמענער פאַרװירקלעכן אונזער חלום. װעגן עפענען אַ שול אין אונזער גײסט.

מיר האָבן זיך מיט חשק אַרײנגעװאָרפן אין װאַל־קאַמף און מיר האָבן גלײכצײטיק אָנגעהױבן זוכן אונטערשטיצער פאַר אונזערע פּלענער. די ערשטע, װעלכע האָבן צוגעזאָגט זײער הילף, זײנען געװען די ציונים־כלליים, באַזונדערס האָבן מיר געפונען אַ געמײנזאַמע שפּראַך מיט אײנעם פון זײערע טוער, שמואל בראנד, אַ ײד מיט אַן אָפענעם מוח און ברײט האַרץ. ער איז בכלל שטענדיק גרײט געװען אונז צו העלפן מיט װאָס ער האָט נאָר געקענט.

די װאַל־קאַמפּאַניע האָט זיך פאַרענדיקט. מיר האָבן געקראָגן די גרעסטע צאָל שטימען און אַרײנגעפירט דרײ פאָרשטײער. מיר האָבן אָפּגעדונגען דעם געװעזענעם תרבות־בנין, אױסגעליען זײן אינװענטאַר און געעפנט דעם נײַעם טיפּ־שול מיטן נאָמען „תל־חי״, װוּ ײדיש און העברעיש װעלן זײער געהעריקן תיקון געפינען, אַ שול אין װעלכע עס װעט הערשן דער גײסט פון חלוצישן ציוניזם.

די ידיעה װעגן עפענען אַזאַ שול האָט געמאַכט אַ רושם. ײדן האָבן אָנגעהױבן פאַרשרײבן זײערע קינדער. אױך די װאַנעס, מיטלאָװע און אַנדערע ערטער, װוּ עס האָט זיך קאָנצענטרירט די ײדישע אָרעמקײט, האָבן אונז זײערע קינדער געבראַכט. דער ציוניזם האָט די אָרעמע על־טערן נישט געשראָקן, עברית מיטן חלוציזם האָט אױף די האָראָפּאַשנע טאַטעס קײן אימה נישט אָנגעװאָרפן. הײמלעך און פרײ האָבן זיך די קינדער געפילט.



קוראַטאָריום פון דער תל־חי־שול אין יאָר 1934. ועד בית־הספר תל־חי בשנת 1934. שטײען: מעכל געררטל, יענקל קרעלנבױם, מאָטל ראַפּ, יונה לאַנגער, אברהם צימערמאַן, חיים קליגער, הערש פאַכטער. זיצן: מאיר קאַהן, יוסף לעדערקרעמער, שמעון גלאַזבערג, שמואל הובעל, יעקב נײמאַרק. אונטן: יהושע ציגעלי משה מאָסקאַל.

יום־טוב אין דער װאָכן האָבן די דערציער צװישן די קינדער געזײט. אַ נײַער מקום־קודש איז אין אונזער שטאָט אַנשטאַנען, װוּ די כהנים זײנען געװען די קלײנע משהלעך און שלמהלעך.

## פון דער פּועלי־ציון טעטיקײט אין הרוביעשאָוו אין יאָר 1928.

שול־אַקציע.

די אַקציע פאַר דער שול „תל־חי״, װעלכע פירט זיך די לעצטע װאָכן, גײט אַדורך מיט דערפאָלג. עס האָט זיך שױן באַשטײערט אַ היפּשע צאָל מענטשן אױף די שול־רינגען. ס׳איז צו האָפן, אַז די באַפעלקערונג װעט זיך װײטער װאַרעם אָפּרופן אױף דער אַקציע, װאָס איר ציל איז די שול מאַטעריעל צו קרעפטיקן.

אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַװעגונג.

שבת, דעם 2־טן יוני, 3 נ. מ., קומט פאָר אין פאַראײן־לאָקאַל פון באַקלײד־אינדוסטרי די יערלעכע אַלגעמײנע פאַרזאַמלונג פון אַלע אַרבעטער פון דעם אױבנדערמאַנטן פאַך. װאַל־רעכט װעלן האָבן אַלע מיטגלידער, װאָס זײנען אַרײנגעטראָטן אין פאַראײן אין יאָר 1927 און רעגולירט זײער מיטגלידס־אָפּצאָל פאַר 2 חדשים אױפן יאָר 1928.

אין החלוץ

די אַרבעט אין החלוץ אַנטװיקלט זיך װײטער. ס׳קומען פאָר סיסטעמאַטישע שמועסן איבער פאַרשײדענע פראַגן, אָנגעפירט דורכן ה׳ גאזשעלטשאני. די לעצטע װאָכן זײנען אָפּגעפאָרן אין הכשרה־קבוצים די ח״ח: ײדל האָפּמאַן און בנימין רעטיג. אין דער באָנסטער צײט פאָרט אָפּ נאָך אַ גרופּע חברים.

אין ברענער־ביבליאָטעק

שבת דעם 19־טן ד. מ. איז פאָרגעקומען אַן אַלגעמײנע פאַרזאַמלונג. ס׳איז אַרומגערעדט געװאָרן די װײטערדיקע אַרבעט און אָנגעמערקט געװאָרן אַ פּלאַן פון אַ פאַרצװײגטער קולטור־טעטיקײט. אין דער נײ־געװײלטער פאַרװאַלטונג זײנען אַרײן די ח״ח מ. האָפּמאַן, א. גרובער, ד. צימערמאַן, א. װאַקס און מ. פרומער.

דראַמאַטישער קרײַז

בײ דער אױבנדערמאַנטער ביבליאָטעק איז לעצטנס געשאַפן געװאָרן אַ דראַמאַטישער קרײַז, װעלכער זאָל אַרומנעמען און אױסבילדן אַלע הי־געָ, אַקטאָרישע קרעפטן.

דער קרײַז טרעט צו אין די נאָענטסטע טעג צו רעפּעטירן אַ פּיעסע.

אַ גאַסט פון א״י

די טעג קומט קײן הרוביעשאָװ אײנער פון די אָנגעזעענע חברים פון אחדות־העבודה אין ירושלים, חבר י. שוכמאַן. אין די קרײַזן, װאָס זײנען פאַרבונדן מיטן אַרבעטנדן ארץ־ישראל, װערט ער דערװאַרט מיט אַ באַזונדערן אינטערעס.

אונזער װאָרט, נומער 2, 24 מאַי 1928.

# יוסף אלמוגי / סערות והסתערויות

חיפה

רובישוב — בה נולדתי, גדלתי וממנה עליתי ארצה. העיירה, בה חייתי את 18 שנות נעורי, בה חלמתי ורקמתי תכניותי, עיר זו משום מה נתערפלה במחשבותי ורק זכרונות עמומים נותרו ממנה.

במקום תחושת קשרים עמוקים לעירי, מופיעה הרגשה מוזרה, כאילו בקורי הראשון בעולם היה באיזו עיר, ששמה הרובישוב. אולם זה היה בקור ארעי, קצר וסוער וממנו חזרתי לארץ, בה התחלתי את חיי המעשיים. וייתכן, כי מקור הרגשתי זו הוא בזכרוני הלקוי, ואולי, ובעיקר, במאורעות שהתרחשו אחר כך ושאפפו את נעורי.



שחרור פולין מעול הצאר, המהפכה הרוסית, סיום המלחמה והנצחון במלחמה נגד הבולשביקים עוררו את יהודי הרובישוב, הזרימו בהם מרץ ודינמיות והעלו מתח של חפושי־דרך בחיים. אך נדמו התותחים, החלה תהיה גדולה למען הגוף והנפש, חפושים נמרצים אחרי פרנסה, התלבטויות לתקון עם ועולם.

העוני המרוד התחיל להעלם עם שיפור המצב הכלכלי וביסוסו של המעמד הבינוני, שניזון מחידוש יחסי־המסחר עם אכרי הסביבה. הירידים הרבים בהרובישוב וסביבתה, בהם הוחלפה תוצרת חקלאית משובחת במוצרי תעשיה שונים, בססו את הסוחרים היהודים, שהחלו לנשום לרווחה.

התעוררות צבורית לוהטת הקיפה כל בית יהודי וכמעט עד לטף הגיעה. וכמספר בני־הבית, כן מספר הדעות והפרוגרמות בדבר עתיד העם וחזונו של העולם.

בקרב בני גילי התחולל מאבק נפשי בין שני כוחות מרכזיים: אחד פעם אל הקיים ולהשתזרותו של כל יחיד במערכת הכלל, תוך מאבק לשפורים, והכוח השני דחף לשינויים העתידים להתחולל.



ההתנגדות למשלימים עם ההווה באה לידי בטוי, לפי מיטב זכרוני, בשתי תנועות מנוגדות: בתנועה הקומוניסטית ובחלוצים הצעירים, אשר התרכזו ב„פרייהייט" העממית והגדולה וב„השומר הצעיר" האריסטוקרטי והקטן.



בקיבוץ־הכשרה באוטצביץ ב־1928. אויף הכשרה אין איחאַצעוויטש אין יאָר 1929.
עומדים: דוד לינדנבוים, ביטרמן, יושבים: הרש דיקלר, יוסף שרויט, יוסף אלמוגי.

לקומוניסטים ולחלוצים היו קוי אופי ומחשבה דומים. אלה ואלה היו מדוחקי הקץ, בזו ובחלו בקיים והיו מוכנים להסיק מסקנות אישיות, ואף לעמוד בסבל להגשמת רעיונם.



בקיבוץ „משוריה" בדומברוביצה בשנת 1926.
עומדים: מתתיהו ולדמן, יעקב וינר, שמריהו מינץ. משמאל — בצד: מוטל קירז'נר.

בין המשלימים עם הקיים לבין המתמרדים בו היו תנועות הביניים. ה„בונד" רכש אהדה ומעמד נכבד על ידי מזוג ההשלמה עם הגלות לפי פרוגרמה סוציאליסטית, תוך אמונה שבמרוצת השנים תהפך הרובישוב למקום משגשג עלי־אדמות, בעל־בטחון כלכלי ושוויון חברותי. ה„בונד" התבסס על גרעיני הפועלים אצל בעלי־המלאכה, הקרויים חלופניקים, על חלק מהמעמד הבינוני הזעיר ועל חלק מאנשי הרוח החילוניים. מפלגת ה„בונד" היתה לגלית. היא דרשה מחבריה הכרה רעיונית, דגלה במלחמה מעמדית ואמונה בנצחון על הקפיטליזם. אין ספק, כי ה„בונד" מלא תפקיד נכבד בהעלאת ערכו של העובד היהודי, בטפוח היידיש ובמלחמה נגד ההתבוללות והשמרנות החשוכה. יחד עם זאת מלא ה„בונד" תפקיד שלילי במלחמתו בציונות.



השפעה רבת־ערך על התפתחות התנועה החלוצית היתה לתנועה הציונית ולפועלי־ציון—צ.ס. במיוחד.

המעמד הבינוני, שהיה רוב רובו של העיירה, חבב את ציון ועסק בכל שטחי הפעולה האופייניים לציונים בגולה גם כיום. גם הרב ורטהיים, היה חובב־ציון ומאד התפלאנו כאשר נוכחנו, שנוסף לבקיאותו בש"ס, ידע גם פרק במרכס.

אוסף הכספים, וכמו־כן הקערה, שהועמדה בערב יום־כיפורים ליד דלתות בתי־התפילה, עזרו להקמת בית־הספר הציוני. הופעת שליחים מארץ־ישראל עזרה לנו לבסס את הכרתנו הציונית. רושם רב השאירה



בני בעלי־בתים לומדים בשנת 1927 מקצוע ומתכשרים לעלות.
בעלעבאָטישע קינדער לערנען אַ פאַך און גרייטן זיך צו עליה.
שורה ראשונה: יעקב וינר, אפרים פריד, מאיר יהושע ברגר, משה ציגל, מוטיה.
שורה שנייה: טוביה שופל, יצחק מילר, דוד צימרמן.



בני־עיר נפגשים בשנה הראשונה לבואם ארצה — 1929 — עם ותיקים.
נייע עולים פון הרוביעשאָוו טרעפן זיך מיט ותיקים.
עומדים: יוסף שרויט, דוד צימרמן, יעקב וינר, יחיאל פיארי לא זוהה, אביגדור ביטרמן. האחרון — לא בן עיר. יושבים: ישראל לרך, יוסף אלמוגי, ברוך ינובר, שמשון כהן ז״ל ואליעזר הוכמן.

עלינו עליתו של יהושע שיפמן ומשפחתו לארץ, כשם שהתרשמנו עמוקות מדרישות השלום שקבלנו מבני־עירנו המעטים שהיו אז בארץ — ברנדט, ינובר, שוכמן, ושמשון כהן.

ההתפתחות הסוערת והדינאמית של פועלי־ציון ו„פרייהייט" קשורים בזכרוני בהופעתו של מאיר (מייטשע) הופמן, שהפיח רוח־חיים בכל שטחי חיינו. הופעתו ופעלו הוציאונו ממקומות־מפגש טפו־סיים בתקופה ההיא, כגון „שטיבלעך", ולהבדיל קיוסקים של גלידה וגזוז עלובים, והכניסונו אל הספריה והמועדונים, אל חוגי הלמוד והקריאה, אל מקהלות וחוגים דרמטיים, אך הגדיל לעשות בהקמת בית־הספר, שהפך להיות בית־חנוך ציוני לצעירים ולמרכז למבוגרים.

הופעתם של מורי בתי־ספר כגון, אייזנברג (אשד), מרמרי ז״ל, פולושקו ואחרים שמשה נקודת מפנה לגידול מהיר של חוגי ה„פרייהייט" בכמות ובאיכות.

בחוגי הלימוד, בהדרכת מורי בתי־הספר והמדריכים המבוגרים, כיוסף אפשטיין ואחרים, התרכזנו בבעיות ציוניות ותנועת העבודה. יום־הפרח לקרן הקיימת, חגיגת ל״ג־בעומר, יום השנה למותו של בורוכוב והפגנת ה־1 במאי הפכו לתופעות טבעיות ומובנות מאליהן. בחוגי הלימוד התרכזנו בלימוד השקפת עולמם של אישים. בגורלי עלה להרצות על חזנוביץ.





קדימה — צעד! יוסף אלמוגי בראש פלוגת חיילים עברים במלחמת העולם השנייה.
יוסף אלמוגי מאַרשירט בראש פון אַ גרופע זעלנער בשעת דער 2־טער וועלט־מלחמה.




יוסף אלמוגי — ראשון מימין — בפלוגת „הכובש" בכפר־סבא בשנת 1930.
יוסף אלמוגי — דער ערשטער רעכטס — אין פלוגת „הכובש" אין כפר־סבא.

בשנת 1928—9 התחילה העלייה ההמונית מהרובישוב, ואם אינני טועה עלו עד ינואר 1930 — 15 צעירים, מרביתם מ„פרייהייט", שעברו את קבוץ־ההכשרה „שחריה" שבאיבצביץ. באותן השנים יצאו להרובישוב מוניטין של עיר ציונית וחלוצית. היא הטביעה את חותמה גם על העיירות שבסביבה כגון: טומשוב, קרילוב, אוסטילה ועוד.

הקבוצה הגדולה ביותר שעלתה לארץ בשנת 1929 מנתה תשעה חברים. ייתכן והיו עולים עוד חברים, אבל הצמצום בסרטיפיקטים, והמחסור בהוצאות נסיעה היוו מכשולים רציניים. חלק מאתנו קיבל כסף מההורים, על אף התנגדותם לעלייתנו, וחלק נאלץ לקבל עזרה נוספית. לשם כך ערכנו מגבית לקרן־עלייה בעיירות שבסביבה.

משום מה נבחרתי כנואם וכשליח למען קרן זאת, אך יצא שבמקום לעודד את היהודים שבעיירות הסביבה, מצאתי את עצמי מעודד מקבלת־הפנים הנלהבת ומהנכונות לשמע ולעזר.

בסוף 1929 נותקתי מהרובישוב לנצח. העיר גדלה והתפתחה. היהודים התבססו מבחינה כלכלית ובחלקם גם התעשרו. הצעירים התחתנו ונולדו להם ילדים והמבוגרים הזדקנו. העיר שגשגה גם בשטח התרבותי. ומעל לכל שגשגה הציונות. גברו והתעצמו הגעגועים לארץ־ישראל וההגמוניה ברחוב היהודי עברה לרעיון הציוני ולמפלגות הציוניות, ובראשן מפלגת העבודה הציונית, פועלי־ציון.



רבים עלו, ומה כאב הלב, שרבים, רבים, לא הספיקו לעלות וברובם הושמדו.

יהודי הרובישוב היקרים והטובים קמו להסתער לחיים חדשים, אולם רק חלק חלק הגיע למחוז חפצו.



קבוצת חלוצים בהרובישוב בשנת 1929.
אַ גרופע חלוצים אין יאָר 1929.

# יהודה הופמן / על החלוץ

קבוץ שפיים



יהודה הופמן

העשור השלישי למאה העשרים עמד בסימן התפתחותן של התנועות הציוניות הסוציאליסטיות בהרובישוב. גם בשתי עשרות השנים הקודמות היו גילויים של פעילות ציונית חלוצית. גם אז ניתקו יחידים את קשריהם עם הגולה ועלו לארץ־ישראל, אבל ממדי העלייה היו זעירים ורק משנת 1920 התפתחו התנועות למען ארץ־ישראל העובדת בממדים ובהיקף.

עם שובו של מאיר הופמן, או כפי שקראו לו בעיר: מייטשע, מברית־המועצות, עלתה תנועתנו על דרך־המלך. ביזמתו ובמרצו ליכד יחידים וייסד סניף של יידישע סאציאליסטישע ארבעטער־פארטיי־פועלי־ציון פאראייניקט מיט צ. ס. או כפי שקראו לה אז: פועלי־ציון ימין, אם כי רבים התקשו להבין: ימין — על שום מה? הלא בהרובישוב לא היו אף שלשה חברים לפוע"צ שמאל, כדי צירוף למזומן!

ברבות הימים התרחב הסניף והיה למפלגה הגדולה ביותר בעיר, שהקיפה המוני נוער מכל השכבות ורישומה ניכר בפעולה למען הקרנות הציוניות, בועד הקהילה, ובמועצת העירייה, בה הוטל עליה להיאבק עם חברי המועצה הנוצרים מחד ועם חברי המועצה ממפלגת ה„בונד" מאידך, אשר שיתפו פעולה עם מתנגדינו הנוצרים והצביעו נגד הקצבת המועצה לבית־הספר „תל־חי" בהנהלת פועלי־ציון.

המפלגה פעלה רבות בשטח התרבותי: קיימה הרצאות על נושאים ציוניים, סוציאליסטיים, ספרותיים ופוליטיים, ארגנה ספריה עם חוג קוראים נרחב, חדר־קריאה לחוגים רחבים, אף מחוץ לשורות המפלגה. במשך הזמן הוציאה המפלגה עתון בדפוס, וארגנה חוגים דרמטיים.

לאור פעילותה הברוכה, רבת־המעש והמעוף, תוכן העובדה, שהמפלגה כבשה את לב הנוער בחוגי הפועלים, בעלי־מלאכה, הסוחרים הזעירים וכך נולדה „בת" למפלגה בשם: „פרייהייט", שחבריה מלאו בנאמנות, במסירות ובכל להט נפשם את תפקידם למען א"י העובדת, היו משען נאמן לבצוע משימות המפלגה בכל השטחים ורזרבה לאחר, שחלקים ניכרים מהבריה עלו ארצה.

## חידוש סניף ה„חלוץ"

בתקופת השיא של המפלגה והפרייהייט בעיר נועדו כמה מחבריה והגיעו למסקנה, שיש לקיים את עיקרי תורת המפלגה הלכה למעשה. קננה בלבם הרגשה, שאין להסתפק רק ב„פעולות למען" וייתכן שתחושת עתיד הקודר הדריכה אותם (להתקרבות שנות שחור־משחור — לא הזה איש) וכך נולד הרעיון לחדש את סניף „החלוץ" במקום. (המלה „לחדש" מעידה, שהיו גם קודם חלוצים בודדים, שעלו ארצה), אבל הסתדרות „החלוץ" עם קשר קבוע ומתמיד עם המרכז — טרם היתה ו„החלוץ" — הווה אומר: הכשרה ועלייה.

בעזרת החבר מרמרי המנוח, ששמש בשנים ההן מורה לעברית בבית־הספר „תל־חי", התארגן בראשית שנת 1928 הועד הראשון של סניף „החלוץ" ומיד נקשר הקשר עם מרכז „החלוץ". כבר במגע הראשון באה התביעה למרכז למקומות הכשרה.

ואכן, תיכף אחרי הביקור הראשון של שליח המרכז, החבר ב. מניב מקבוץ עינת — אז מינקובסקי, נקבעו המועמדים הראשונים להכשרה בחוות החקלאיות של „החלוץ" בגרוכוב ובתל־אברהם. החברים נטשו את עבודתם ויצאו למקומות הכשרתם.

שורות „החלוץ" בעיר התרחבו, בעיקר — מבין חברי המפלגה וה„פרייהייט", ובשנת 1929, בראשית העליה החמישית, הגיעו החברים הראשונים ארצה.

כיום אפשר למצוא בארץ מאות אנשים, שקבלו את חינוכם הציוני־סוציאליסטי בשורות המפלגה ו„החלוץ" — מי שבנה את ביתו במשקים קבוציים, מספר לא מבוטל — במשקים חקלאיים עצמאיים, מי בסדנתו העצמאית ומי כפועל שכיר בחרושת ובמלאכה, מי במוסדות מיישבים ומי שנקרא להיות חבר הכנסת ולוחם נועז למען זכויות הפועל בחיפה.

ומי יודע, אם לא שאב החבר יוסף אלמוגי את כח־עמידתו התקיפה ואומץ־לבו מה„שמועסן" (שיחות) על נושאים שונים, שהתנהלו ב„לאקאל" הצנוע של „החלוץ" באחת מסמטאות העיר?

## יד לבנימין רטיג

לסיום, ברצוני להציב יד לאחד ממניחי היסוד לסניף „החלוץ" המחודש בעיר, חבר יקר ובלתי־נשכח, אשר היה לא רק יוזם, כי אם גם מגשים, החבר בנימין רטיג. הודות לתבונתו וכשרונו המסחרי היה, למרות גילו הצעיר, „נותן הטון" בחנות ההורים. אבל בו בזמן, שבני משפחתו היו שקועים בעסקי פרקמטיה וראו עולמם בכך, לא ראה בנימין את עתידו במסחר, ולא שעה ל„תכלית", כרצון הוריו. בהוסד סניף „החלוץ" היה הוא מראשוני החברים בו ומראשוני היוצאים להכשרה.

בלי ברכת פרידה, בהתנגדות מוחלטת של הוריו ורוב בני משפחתו, הגיע במאי 1928 לחוות ההכשרה של „החלוץ" בגרוכוב, ליד ורשה. במגע הראשון של חברי מרכז „החלוץ" אתו, בעמדם על תכונותיו (והוא אז בן 19) לא נתנו לו להשאר בגרוכוב שהיה אז משק מפותח, פאר ההכשרה של ה„חלוץ" בפולין, כי אם דרשו ממנו לצאת למקום נדח ללנקוה, (תל־אברהם) ולהיות שם מבוני חוה חדשה. אם כי רצונו היה להשאר בגרוכוב, כי המקום והחברה קסמו לו, קבל בהבנה את תפקיד החלוץ העובר לפני המחנה.

מתי מספר היו במקום החדש. הם חיו על לחם צר, אבל הוא לא נרתע, ביום היה עובד בחקלאות ובלילות היה שוכב בכרי המרעה, כשהוא שומר על הסוסים הרועים באחו, רכושה הראשון של החווה.

באחד הלילות הרטובים, כשהערפל כסה הכל, לא רצה להפקיר את רכוש החווה ולא הרגיש בכך שהוא מפקיר את עצמו. הוא חלה בדלקת הריאות (בשנים ההן ובגילו — מחלה ממארת), הועבר לוורשה, וקבל את הטיפול הדרוש. בהגיע שמע מחלתו למשפחתו, נאלץ לחזור אליהם. כאנשים אמידים לא הסכו ממנו כל רפוי: רופאים מפורסמים, מקומות־מרפא משובחים, אולם ללא הועיל, הוא הלך ונתדלדל מבחינה גופנית ונפשית. גדולים היו כיסופיו לארץ־ישראל ואם כי נצנצה איזו תקוה של אפשרות עליה לארץ, אך הפחד שמא יפול למעמסה על הצבור בקבוץ, תקפו, ובעקבות היאוש, נקפד פתיל חייו.

בין הקרבנות של תחיית ישראל בארצו — לא יפקד מקומו של החלוץ האלמוני, בנימין רטיג, זכרונו לברכה.



ועד החלוץ המחודש בשנת 1928. / דער נייער ועד פון החלוץ אין יאר 1928.

יושבים: המורה גוז'לציני (מרמרי) ז"ל, יהודה הופמן, יחיאל וינטרוב ופישל פיפר.

עומדים: ישראל לרך ובנימין רטיג.

# יהודה צימרמן / פרייהייט-החלוץ-הצעיר

קרית-בורוכוב

שיתוף פעולה הדוק בין בית-הספר תל-חי לבין תנועות הנוער: החלוץ-הצעיר, רויטער סקויט ופרייהייט — נתן פריו. רבים יצאו להכשרה ומאות עלו ארצה.

כאן, בארץ, כמעט כולם חברי הסתדרות, פעילים בהתישבות, עובדים בחרושת, בסדנא ובשרותים. חלק לא קטן פעיל בין ציבור הפועלים, כאנשי ציבור ישרים. החינוך הציוני-סוציאליסטי נקלט עמוק בנשמותיהם, שהשנים והחיים הקשים לא יכלו להם.

כיצד הגיעו לכך?

בראש-וראשונה הודות למורי בית-הספר: מאיר הופמן ואליעזר פולושקו, יבדלו לחיים, מרמרי ז"ל, והודות לעסקני פועלי-ציון — צ. ס. שהשקיעו ממרצם בהחזקת בית-הספר ובקיום תנועות הנוער.

הרוח החיה ב„החלוץ-הצעיר" היה מורנו אליעזר פולושקו. עם יסודו הצטרפו, כמעט, כל בוגרי בית-הספר לשורותיו. פעלו אצלנו כמדריכים: יוסף אפשטיין, יוסף אלמוגי (קרלנבוים) יוסף לדרקרמר (מדריך ספורט) ואחרים.

רבות התלהבנו אז מהבטאון של החלוץ-הצעיר, „להבות", ומהפגישות עם חברי „החלוץ", שלפני עלייתם ארצה חזרו העירה לחופשה קצרה. הכשרתם היתה במחצבת קלוסובה, בחוה החקלאית בגרוכוב, „בשחריה" ועוד. בבלוריות פרועות, בחולצות רוסיות, נעולים מגפיים, ספרו לנו על עבודתם ועל חבריהם בהכשרה. מסיפור אחד התרשמתי, והוא זכור לי עד היום, על בני מהרשק מתקופת היותו בקלוסובה.

בני חלה ואותו יום לא סודר בעבודה, אבל הוא לא השלים עם זאת. אצל בני העבודה איננה סתם עבודה, אלא עבודת-קודש. וכשסגרו אחריו את הדלת, פרץ מהחלון וישר למחצבה. סיפורים כאלה ודומיהם השפיעו עלינו.

שיחותינו התנהלו, לרוב, בשדות או בחורשת ברודיץ. היו לנו גם שעות בידור יפות, כגון, משחקי קרוקט. לא עבר זמן רב, ובהשפעת המפלגה התארגנו ב„פרייהייט".

ההתארגנות הזאת לא בוצעה בלי ויכוחים סוערים. התוכחנו על חשיבותה של תנועת-נוער פוליטית, על מיצוי כל האפשרויות של הגשמה אישית בתוך „פרייהייט", על יידיש ועברית ועל אידאות חובקות זרועות-עולם. עם הצטרפותנו, התרחבה השפעתנו בעיר, שתבעה תוספת מדריכים, שקבלנו מבוגרי „פרייהייט", מהמפלגה ומבוגרי בית-הספר תל-חי. השפעתם של האחרונים על הנוער היתה רבה, על אף העובדה שגם המדריכים וגם החניכים, היו בזמן הראשון, בני אותו גיל.

„פרייהייט" חדרה עמוק לתוך בני דלת-העם. נערים, ונערות, שהיו נידונים לניוון ברחובות העיר, במטת סדום של הפרנסות היהודיות, מצאו במועדון את ביתם, בתוספת פתח-תקוה לחיים מחודשים בארץ. היו גם נערים ונערות, שהיו זקוקים ללימוד קריאה וכתיבה. חלק מאתנו מלא אז



ועד של פרייהייט בשנת 1929. — פרייהייט-קאָמיטעט אין יאָר 1929.

עומדים: יוסף אפשטיין, יהושע הרפין, יהודה הופמן, ישראל לרך, חיים פריד

יושבים: הרש איכנבלט, אביגדור ביטרמן, אברהם ציגל, צ'רנה גייער, אשר הובל.

למטה: שלמה ולדמן, פיגה פוטר.

את התפקיד של מורים. הסיפוק היה רב, כי האלמנט הזה התמסר לתנועה וכבש עוד ועוד בני נוער.

השפעה חינוכית עצומה היתה למ. הופמן (מייטשע). שיחותיו משכו את תשומת-הלב וחיוניותו היתה לנו למשל והפיחה בנו בטחון עצום. בניגוד לאחרים, שהיו משתיקים את יזמת הזולת, ידע הוא להפעיל אחרים וזה היה סוד כוחו. לכן, כשחלק ממדריכי המחזור הראשון של בית-הספר יצא להכשרה, הנשארים במקום לא נבהלו. הצעירים רכזו את העניינים בידיהם, והעבודה נמשכה.

## המשבר

אבל לא תמיד הכל היה חלק. היו גם משברים. אחד מהם התבטא בציניזם, שחדר לתוך השורות. אלה, שלקו בו, לא השתתפו בפעולה התרבותית, סדרו להם נשפיות של זלילה, שתיה ומשחקי קלפים. בתום פעולות אלו היו באים למועדון ללעוג לחברים. הם חשבו את עצמם ליחסנים והתיחסו בזלזול לחבריהם, בני דלת-העם. לא ברור לי, מה היה הגורם למשבר הזה, אבל נראה לי, כיום, עד כמה שאני נזכר, שזה היה נוער שהחליט בלבו לא לעלות.

המשבר הבא היה אידאולוגי. המפלגה הקומוניסטית במקום הלכה ונתעצמה, ביחוד בכפרים ובסביבה. בין חבריה ומנהיגיה היו יהודים לא מעטים. כתוצאה מפעילותם הענפה רבו המאסרים. המחתרת קסמה לחלק מהנוער, ומה עוד, שבקרב הנוער התהוה תהליך של מרד בקיים. לדעתי, השתייך למחנה הקומוניסטי אותו חלק מהנוער, שהציונות היתה להם זרה.

עד כמה שזכור לי, האלמנט הזה לא היה מבחינה נפשית מוכן למאמץ ולסבלנות, הם קיוו למהפכה מידית, שבבת אחת תפתור את כל השאלות.

לכן, מה מוזר היה לשמוע פתאום בתוך „פרייהייט" פראזות ריקות מתוכן רעיוני ולקסיקון שצרם את האוזן. אחרי חקירה התברר, שאכן קיים תא קומוניסטי בתוכנו, ביניהם כמה מחניכי בית-הספר תל-חי.

עם חלק מהחברים הללו היינו קשורים בקשרי-חברות, שנמשכו משחר ילדותנו. מבחינה אישית הם הוו חומר מעולה. הצער היה, לכן, כפול: אישי ותנועתי, אבל ראינו אותם כבוגדים, שעלינו לסלקם. וסלקנום!

עם השמדתם של יקירינו, פרח חלק מנשמת העם. העובדה הטרגית הזאת משפיעה כעת ועוד תשפיע שנים רבות על מצבנו בארץ ובעולם.



פרייהייט-קאָמיטעט — ועד של פרייהייט

שורה ראשונה: איציק הוז, יוסף אפשטיין, מאיר הופמן, שלמה לינדנבוים ובנימין רטיג.

באמצע: ריזל דיאמנט, משה ציגל. אחרונה: ישראל לרך, יהושע ציגל ודוד צימרמן.

# יוסף עפשטיין / פונקען

ראשון־לציון




נשף לג־בעומר בשנת 1917. לג־בעומר פייערונג אין 1917.
עומדים: ישראל שוכמן, מוטל גולדמן, יענקל כהן, מרים וינפלד, לא זוהתה, פלדמן, משה הרמן, דוד ברנד. יושבים: שרה היי׳ פרל שטיין, טובה גולדמן, רבקה ארליך, טובה זק וסטולר.

שבת אינדערפרי. דער ערוב איז צעריסן. כ׳טראָג דעם טאַטנס טלית, אָבער אנשטאט אין טריסקער שטיבל, גייען מיר אין „לינת־הצדק״, אין ביילע נעכעס הויז. דאָרט טרעף איך אַ צוויי צענדליק יידן, וואָס דער טלית ליגט זיי ווילייגעריש אויף די אַקסלען, אנשטאט אויפן קאָפּ, אלע אָן יארמולקעס נאָר מיט קאַפּעלושן. דאָס איז דער ציוניסטישער מנין. ביים „מי־שברך״ הער איך: בעבור שנדב לגאולת אדמת העם. דער פסוק קלינגט מאָדנע, פרעמד און דאָך נאָענט.

## ל״ג־בעומר

ל״ג־בעומר. הונדערטער קינדער זאַמלען זיך צוזאַמען אין סעדל, אַנטקעגן פאנסקע גאַס. דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן טרעפן זיך צוזאַמען מיר, די חדר־ייִנגלעך מיט יידישע היטעלעך און פיאות מיט מיידלעך פון דער ריינערן־שולע. מיר באַקומען קליינע, ווייס־בלויע פענדלעך און מאַרשירן אָפּ אין בראַדיצער וועלדל אונטער די קלאַנגען פון „שאו ציונה, נס ודגל״.

ווי אַזוי מיר האָבן פאַרבראַכט דעם טאָג, געדענק איך נישט, כ׳דערמאַן מיר נאָר: ס׳איז פאַרנאַכט. די זון גייט אונטער. הונדערטער קינדער זיצן אין אַ גרויסן ראָד צווישן די ביימער און אַ חבר דערציילט:

...דער מלך שלמה איז טרויעריק געוואָרן. אַלע פּרוּוון דעם מלך פריילעך צו מאַכן — האָבן נישט געהאָלפן. לויט דער עצה פון די חכמים, האָט מען געבראַכט פריילעכע קינדער, וואָס שפּילן זיך און לאַכן. אפשר וועט דער מלך אויך פריילעך ווערן? אָבער דאָס האָט אויך נישט געהאָלפן.

צום סוף האָט מען געפונען אַ באָרוועס האַלב־נאַקעטן, שמוציקן און הונגעריקן קינד. נאָכדעם, ווי מען האָט אים אַרומגעוואַשן און אנגעקאָרמעט, האָט מען אים אַריינגעפירט צום קעניג. דאָס קינד האָט זיך דערזען אין שפּיגל, זיך האַרציק צעלאַכט און אויך דער מלך האָט אָנגעהויבן לאַכן.

הונדערטער אויגעלעך קוקן פאַרגאַפט מיט אָפענע מיילכעלעך, הערן אויס די מעשה, און פאַרזינקען אין טיפע מחשבות...

## כ׳ווער אַן העברעיִסט

מיין פעטער, וועלוויש, וואָס איז דאַן אַ חתן געוואָרן מיט טויבען, אַ מיטגליי־דערין אין „אגודת־ציון״ האָט מיר געבראַכט די ערשטע ביכעלעך „פרחים״ און „ניצנים״. כ׳האָב איינגערעדט נאָך אַ פּאָר חדר־ייִנגלעך און מיר האָבן אָנגעהויבן טוישן די ביכלעך אין „אגודת־ציון״־ביבליאָטעק, ביי שאול מאָרדער אין הויז. די ביכלעך האָבן מיר געשלונגען צו דריי, פיר אַ וואָך.

בוניע יאַנאָווער נעמט אַ מאָל ביי מיר אַ געלייענט ביכעלע, בלעטערט און פרעגט מיך:

— וואָס איז אַזוינס „שזיף״?

— א פרי — האָב איך געענטפערט.

אז שזיף איז אַ פּשוטער פלוים, האָב איך זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, אין חומש איז דאָס וואָרט נישט דערמאַנט.

אַזוי האָב איך זיך צוגעוווינט לייענען העברעיש און זיך געהאַלטן פאַר אַן „העברעיסט״ און ווען כ׳בין בר־מצוה געוואָרן, האָב איך געלעבט מיט די בילדער פון „אהבת־צון״.

## נתן זיידס בודקע

גייענדיק אין בעלזער שטיבל, וווּ ר׳ משה דוד האָט געלערנט מיט אונז, גמרא־ייִנגלעך, בין איך איינמאָל אַריין אין נתן זיידס בודקע.

דאָס איז נישט געווען סתם אַן אָרט, וווּ מען טרינקט סאָדע־וואַסער און מען גייט ווייטער. שטענדיק האָט מען דאָרט געפונען בחורים מיט גרויסע טשופּרינעס. פון צייט צו צייט האָט מען געזונגען מאָדנע, פאַר מיר אומבאַקאַנטע לידער. דאָרט האָב איך דאָס ערשטע מאָל גע־הערט: „הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן״. לויטן אויסדרוק פון די פּנימער האָב איך פאַרשטאַנען, אַז די ווערטער זיינען נאָר אַ משל. די אמתע כוונה פון דעם ליד האָט זיך אין מיין מוח פאַרבונדן מיט טורמע און פּאָליציי־אַרעסטן, וואָס אַ טייל איינגייער פון דער בודקע, מיטן בעל־הבית בראש, זיינען אין זיי געווען פאַר־מישט.

## איך ווער אַן אפיקורס

דער אַלטער הרוביעשאָווער רב, ר׳ איסר יעבץ, איז נפטר געוואָרן. און דאַן איז צו אונז אין שטאָט געקומען הרב יוסף ווערטהיים. מיין פאָטער איז אָפּט אַריינ־געקומען צום רב, וואָס האָט געוווינט נישט ווייט פון אונז. איך האָב זיך באַזונדערס צוגע־כאַפּט צו זיין העברעישער ביבליאָטעק, וועלכע האָט פאַר מיר געעפנט די טויערן צו דער וועלטלעכער ליטעראַטור: אַלע בענדער „התקופה״, טריוואָשעס איבערזעצונגען פון „מלחמה ושלום״, „אַננאַ קאַרענינאַ״ און אַ סך, א סך אַנדערע פּערל פון דער וועלט־ליטעראַ־טור, ווי טאַגאָרע, געטע און בייראָן. מיין גאַנצן מתמידישן ברען צום תלמוד האָב איך אַרי־בערגעטראָגן אין די ביכער.

דעם אמת געזאָגט, האָב איך מיין אפיקור־סישן באַוווסטזיין דערוואָרבן אָנטרעפנדיק זיך אין „התקופה״ אויף אַ ליד פון געטע „את שמיך צאוס בעבים כסה״. אַזוי, האָט מיך דעם רבס העברעישע ביבליאָטעק געמאַכט פאַר אויס מאמין...

פון דער שטוב האָט זיך אַנטוויקלט אַ פאַרצווייגטע אַרבעט פאַרן ק. ק. ל. איך בין מיט התלהבות אריין אין דער אַרבעט פון קלייבן געלט פאַר דער ווייס־בלויער פּושקע.

אַ געוויסן חנוכה־אָוונט (1924 ?) האָט דער רב איינגעלאַדן צו זיך אין שטוב אַ 50—60 בעלי־בתים און אויפן אָרט האָט זיך יעדער באַשטייערט פאַרן נאַציאָנאַלן־פאָנד.

## דער באָראָכאָוו־קרייז

די גאַס ארום האָט געשטורעמט. די גרויסע רוסישע רעוואָלוציע האָט געלאָזט טיפע שפּורן. ביי אונז אין שטאָט איז דאָס געקומען צום אויסדרוק אין גרויסע 1־טע־מאַי דעמאָנסטראַציעס פון טויזנטער פויערים, און אין אַרעסטן פון יידישע בחורים פאַר קאָמוניסטישער טעטיקייט צווישן דער אַרומיקער, ווייס־רוסישער, פּויערישער באַפעלקערונג און באַזונדערס, צווישן די יידישע נאָדל־אַרבעטער.

אין „היינט" האָט געשטורעמט דער ויכוח צווישן „עת־לבנות" און „על־המשמר". איך האָב זיך אויטאָמאַטיש געהאַלטן פאַר אַ צעירי־ציוניסט, הגם כ׳געדענק נישט קיין שום אָרגאַניזאַציאָנעלע, באַזונדערע אַרבעט, אויסער בריוו און קאַרטלעך, וואָס יוסף לעדערקרעמער פלעגט מיר ווייזן פון צייט צו צייט. כ׳געדענק דעם „באַפרייונג", כ׳קען אָבער נישט באַצייכענען זיין ספּעציעלע ווירקונג.

גרינבוים׳ס דערקלערונג, אַז אויב סאָציאַליזם הייסט עין־חרוד און דגניה — בין איך אַ סאָציאַליסט; אויב ציוניזם הייסט נאַלעווקעס אין ארץ־ישראל — בין איך נישט קיין ציוניסט, האָט געוויזן דעם וועג צום חלוציישן ציוניזם.

ס׳האָט נאָר געפעלט, ווער ס׳זאָל אָט די אַלע שטימונגען און געדאַנקען געבן אַ קאָנקרעטן, אָרגאַניזאַטאָרישן אויסדרוק און שאַפן די געהעריקע ראַם. און דאָ איז געקומען מאיר האָפּמאַן (מייטשע).

שטייענדיק מיט מייטשען, אין אַ זומער־טאָג אין מאַרק־סעדל איז צוגעקומען משה ציגל און געבעטן מייטשען ער זאָל קומען פירן אַ שמועס. מייטשע זאָגט צו מיר:

— גיי, דו.

כ׳בין געווען אין פאַרלעגנהייט, ווייל ערשט מיט אַ פאָר טעג צוריק האָב איך גערעדט מיט משה ציגל, אַז כ׳וויל אַריינטרעטן אין דער „פרייהייט"־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך דאַן געשאַפן. כ׳בין אָוועק און ביי בערגערן אין שטוב האָב איך געפירט דעם שמועס איבער דער פראַגע: ארץ־ישראל און בירא־בידזשאַן. די טעמע איז דאַן געווען זייער אַקטועל און ד״ר ישראל רובין האָט וועגן דער פראַגע געדרוקט אַ גרויסן אַרטיקל אונטערן נאָמען „טעריטאָריע און טעריטאָריעס". דאָס איז געווען מיין אָנהויב מיט דער ערשטער גרופּע פון 10—8 חברים און חברות פון דעם שפּעטערדיקן באָראָכאָוו־קרייז...



די יוגנט־אָרגאַניזאַציע האָט אָנגעהויבן שלאָגן וואָרצלען, און פון ענגן באָראָכאָוו־קרייז זיינען אויסגעוואַקסן פיר באַזונדערע קרייזן: באָראָכאָוו, סירקין, כאַזאַנאָוויטש און ברענער.

די קרייזן האָבן אַרומגענומען הונדערטער יוגנטלעכע, פאַר וועלכע דער לאָקאַל איז געווען אַ וואַרעם נשמה־יתרה־ווינקל, וואָס האָט אַריינגעבראַכט ליכט אין דעם גרויען, טאָגטעגלעכן לעבן, אין דער דחקותדיקער, יידישער שטוב.

## אַ שטעלונג צו אַלע פראַגן

אז כ׳קוק יעצט, נאָך אַ פערטל יאָרהונדערט, צוריק צו יענע געציילטע פאָר יאָר פון אונזער פּועלי־ציוניסטישער טעטיקייט, איז זייער שווער נישט אַריינצופאַלן אין אַפּאָלאָגעטיק און נישט זינגען לויב־געזאַנגען דעם עבר. כ׳מוז באַצייכענען, אַז דאָס אידעאישע לעבן אין שטאָט, און באַזונדערס אין אונזער קרייז, איז געווען זייער אינטענסיוו.

יורדים פון דער פערטער עליה זייען, וואָס אן אמת, יאוש־שטימונגען. דער צויבער פון דער גרויסער, רוסישער רעוואָלוציע עפנט ברייטע האָריזאָנטן, אן אַרבעטער־רעגירונג אין ענגלאַנד, דאָס רויטע ווין, דער אויפשטאַנד אין כינא (טשאַן־קיי־שעק איז דאַן געווען דער רעוואָלוציאָנערער באַפרייער), אַלץ קאָכט, ברענט, און מיר יידישע בחורים מוזן „האָבן אַ שטעלונג" צו אַלע, אַלע פראַגן...

דיקטאַטור און דעמאָקראַטיע, מאַטעריאַליזם און אידעאַליזם, ציוניזם און אינטערנאַציאָנאַליזם, יידיש און העברעיש — אויף די אַלע פראַגן מוזן מיר ענטפערן. מיר האָבן געשלונגען די אַרטיקלען פון אָטאָ בויער, וויקטאָר און פרידריך אדלער. ס׳לעבן נאָך שאַרף די געשטאַלטן פון ראָזאַ לוקסעמבורג, קאַרל ליבקנעכט און נאָסקע... די פּאָלעמיק מיט קאַרל קאַוטסקי, גוסטאַוו לאַנדויער, זשיטלאָווסקי און בערגסאָן. אַלץ אַרום האָט געברויזט, אַלטע אמונות זיינען פאַרלאָזן געוואָרן, נייע האָבן זיך געהאַלטן אין פאָרמען.

אין אָט דעם ווירוואַר פון אידעען, און ו־אַנגלעניש איבער דער נשמה פון דער יידישער יוגנט, האָבן געציילטע מענטשן, וואָס זיינען אין יענער צייט געשטאַנען בראש פון דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט אין שטאָט, גענומען אויף זיך די אויפגאַבע טיף צו אַקערן דעם באָדן.

מייטשע איז שוין דאַן צוריקגעקומען פון רוסלאַנד און געזען די רעוואָלוציע אינדערהיים, ער האָט נישט איינמאָל אַכזריותדיק אַרונטערגעריסן דעם גלויבן אין אַ גיכער גאולה.

אייזנבערג (היינט, אשד פון עין־חרוד) האָט שטיל, ביחידות, צונויפגעפירט יינגלעך, וואָס קענען עברית און זיי איינגעשפּאַנט אַלס מלמדים.

די קולטור־אַרבעט האָט זיך פאַרצווייגט. אונז איז שוין נישט געווען גענוג די צייטונג, די בראָשור, און דער פּאָליטישער שמועס. אין אונזער קולטור־אַרבעט האָט פאַרנומען אַ וויכטיקן אָרט: ליטעראַטור. סיסטעמאַטיש זיינען די קרייזן אַלץ ברייטער און ברייטער געוואָרן.

## אַדאַנק יענער אַרבעט

אויב כ׳וויל רעזומירן די תקופה פאַר מיר ווי פאַר הונדערטער יוגנטלעכע אין אונזער שטאָט, מוז איך זאָגן, אַז עס איז געווען די שטורם און דראַנג־עפּאָכע פון אַקטיווער, אינטענסיווער קולטור־אַרבעט, וועלכע לעבט ביז היינט אין אונזער געפיל און זכרון.

זי האָט אויך צייטיק געמאַכט פּירות. אן עדות: די הונדערטער יינגלעך און מיידלעך, וואָס זיינען היינט איינגעוואָרצלטע בירגער אין דער יידישער מדינה, אין דער „הסתדרות" און אין די אַרבעטער־פּאַרטייען, וואָס אָן יענער געבענטשטער אַרבעט, ווער ווייס צו זיי וואָלטן אַהער געקומען.

## צאתכם — לשלום!

דעם 21־טן סעפּטעמבער האָבן מיר איינגעאָרדנט אין ברענער־ביבליאָטעק צוזאַמען מיטן „החלוץ" אַ געזעגענונגס־אָוונט לכּבוד אַ גרופּע חברים, אָפּפאָרנדע קיין ארץ־ישראל. חבר פרימער פירט דעם פאָרזיץ. דער באַנקעט ווערט געעפנט מיט קלאַסאָווער הימן, „פרייהייט"־שבועה און מיטן געזאַנג פון „אנו עולים ושרים".

באַגריסונגען האַלטן ח״ח צימערמאַן פון פּאַרטיי, ציגעל — „פרייהייט", ווינער — „השומר הצעיר", וואַרטמאַן — החלוץ־הצעיר. אַ חבר פון די עולים, יהושע בערגער, געזעגנט זיך דאַן אין האַרציקע ווערטער מיט פאַרזאַמלטן עולם.

מאָנטיק, דעם 23־טן, פיר אַ זייגער ב. מ. שטראָמען חברים פון „החלוץ", פּאַרטיי, „פרייהייט" און שילער פון די עלטערע קלאַסן פון דער „תל־חי" שול צום באַן — באַגלייטן די אָפּפאָרנדע חברים. עס אימפּראָוויזירט זיך אַ דעמאָנסטראַציע. דער וואָקזאַל שטורמט מיט לידער און הוראַס. אַזוי האָבן מיר געזעגנט אונזערע ערשטע שליחים, וואָס איילן זיך צום פראָנט נאָך די ארץ־ישראל־געשעענישן.

„יוגנט־פרייהייט", וואַרשע, נאָוועמבער 1929.

# פועלי־ציון אין הרוביעשאָוו פייערט דעם 1־מאַי 1927

יום־טובדיק האָט אויסגעזען אונזער שטאָט דעם 1־טן מאַי.

אַרבעטער, באַצירט מיט רויטע בלימלעך, האָבן די שטאָט באַלד אינדערפרי פאַרפילט. מאַסנוויז האָבן זיי געשטראָמט צו די איינגעאָרדנטע מאַי־אַקאַדעמיעס פון די פראָפ. קלאַסן־פאַראיינען און פון דער סאָציאַליסטישער פּועלי־ציון פּאַרטיי (פאַראייניקט מיט צ.ס.), וואָס זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן אין די שטאָט־טעאַטערן.

באַזונדערס אימפּאָזאַנט איז אויסגעפאַלן אונזער אַקאַדעמיע מיט דער באַטייליקונג פון מ. טיגער. ביי אַ פול געפּאַקטן זאַל און שיינדעקאָרירטער סצענע האָט די אַקאַדעמיע געעפנט אונזער ח׳ יהודה וואַקסמאַן. דער כאָר האָט געזונגען דעם „אינטערנאַציאָנאַל“ און דער ח׳ טיגער האָט אין אַ צווייישעהדיקן רעפעראַט אַרומגערעדט די באַדייטונג פון ערשטן מאַי, די אַלגעמיינע פּאָליטישע לאַגע און די לאַגע אין ארץ־ישראל.

דער פיר־הונדערט־קעפּיקער עולם האָט זיך מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם צוגעהערט צו די אויספירן פון רעפערענט, ענטפערנדיק ביים סוף פון רעפעראַט מיט הילכיקע קלאַנגען פון דער פּועלי־ציון־שבועה.

די גרויסע פאַרזאַמלונג האָט איבערגעשיקט גרוסן די צ. ס. ־ חברים, וועלכע שמאַכטן אין די סאָוויעטישע תפיסות, דער אַרבעטערשאַפט אין ארץ־ישראל, דער קעמפנדיקער, כינעזישער אַרבעטערשאַפט.

גאָר באַזונדער האָט זיך ביי אונז אויסגעצייכנט אין צוזאַמענהאַנג מיט דער 1־טער מאַי־פייערונג דער „בונד“. אויף אונזער ערשטער איינלאַדונג וועגן אַ געמיינזאַמער מאַי־פייערונג — האָט ער נישט באַוויליקט אפילו צו קומען. דערנאָך האָט ער געענטפערט מיט אויסדרייעכצן און מיר האָבן באַשלאָסן לאָזן צו רו די פּאַרטיי, וואָס איז צוגעוווינט צו שפּאַלטן די רייען פון דער אַרבעטערשאַפט. דער „בונד“ איז טאַקע פאַרשוווּנדן דעם 1־טן מאַי פון דער גאַס.

דער נאָדל־פאַראיין איז כמעט אָפּגעשטאָרבן. ער וויזט נישט אַרויס קיין שום טעטיקייט. דער בונדישער קאָמיסאַר האַלט זיך מיטן שטעמפּל און פון דעם ליידן די נאָדל־אַרבעטער. דער סטאָליאַר־פאַראיין נעמט זיך שטעלן צוריק אויף די פיס און די פריערדיקע שטעמפּל־האַלטערס וועלן מוזן אָפּטרעטן אָן אַ זייט.

די אַקציע פאַר די אַרבעטסלאָזע אין ארץ־ישראל איז ביי אונז אַדורך ביי דער גרעסטער אָנגעשטרענגונג פון די חברים: מיר האָבן צונויפגעזאַמלט ביי אַ זעקס הונדערט זלאָטעס.

אויך לטובת די שטאָט־ראַט־וואַלן אין וואַרשע האָבן זיך די חברים באַשטייערט. מיר דערוואַרטן ביי אונז אינגיכן וואַלן צו דער קראַנקן־קאַסע, צו דער קהילה און צום שטאָט־ראַט. די חברים גרייטן זיך ענערגיש צו די אַקציעס.

באַפרייונגס אַרבעטער־שטימע — 6.5.1927

# די פייערונג פון 1־מאַי 1928

די הרוביעשאָווער אַרבעטערשאַפט האָט זיך געגרייט היי־יאָר צו פייערן דעם 1־טן מאַי גאָר אימפּאָזאַנט. ס׳זיינען געמאַכט געוואָרן פרווון צו ברענגען צו אַ געמיינזאַמער דעמאָנסטראַציע פון אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. די אונטערהאַנדלונגען מכוח אַ געמיינזאַמען פּראָגראַם זיינען אָבער דורכגעפאַלן.

צוליב דעם, וואָס די מאַכט האָט נישט דערלאָזט צו דעמאָנסטרירן אין גאַס, זיינען די מאַי־אַקאַדעמיעס פאַרגעקומען אין געשלאָסענע לאָקאַלן. אַ גראַנדיעזע אַקאַדעמיע האָט אַראַנזשירט די אָרטיקע „פּועלי־ציון“ אָרגאַניזאַציע אין קינאָ „אַאַזאַ“. ס׳זיינען געווען אַנוועזנד ביי 500 מאַן. נאָך די אינטערעסאַנטע רעדעס וועגן דער באַדייטונג פון 1־טן מאַי, האָט דער כאָר געזונגען די מאַרסעליעזע, אינטערנאַציאָנאַל און פּועלי־ציון־שבועה.

דער בונד האָט אַרויסגעלאָזט אַ געמיינזאַמען אויפרוף מיט די „פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען“. אָבער ווען ס׳איז געקומען צו דער אַקאַדעמיע, איז געוואָרן אויס איינהייטלעכער פראָנט, און די בונד־אַקאַדעמיע איז פאַרגעקומען אין אייגענעם לאָקאַל. די פּ.פּ.ס. קריגנדיק די לעצטע מינוט אַ דערלויבניש, האָט דעמאָנסטרירט אין גאַס.

„אונזער וואָרט“, נומ. 2, הרוביעשאָוו, 24.5.1928

# אין באַקלייד און נאָדל־פאַראיין

צוליב די רייסערייען און בלוטיקע געשלעגן האָט די באַקלייד־צענטראַלע אַראָפּגעשיקט אַ געוויסן פּיינמאַן, ער זאָל דערליידיקן דעם סכסוך צווישן די „רויטע“ און „בונד“. נאָר אַנשטאָט ער זאָל דערליידיקן, האָט מען אים דערליידיקט: מ׳האָט אים אַוועקגעשיקט מיט צעדראַפּעטע הענט, און אַ פּריש ביסל־אַרבעטער־בלוט איז דערביי פאַרגאָסן געוואָרן.

איצט האָט די צענטראַלע אויפן אַדמיניסטראַטיוון אופן באַשטימט אַ קאָמיסאַר, אַ בונדאָוויעץ, און צו אים אַ געמישטע קאָמיסיע (פאַרשטייט זיך אָן די „פאַרהאַסטע פּעצעקעס“), זיי זאָלן איבערנעמען דעם באַקלייד־פאַראיין ביז דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג. שמעקט דאָס נישט די רויטע, זאַמלט מען חתימות און מען פּאַרט אינטערוועניר'ן. מיט וואָס דאָס וועט זיך ענדיקן, ווייס מען נישט, דערווייל זיינען נאָך די רויטע דער אוחז־ביד.

אויף אַ מיאוסן אופן באַהאַנדלען זיי אונזערע חברים, נאָדל־אַרבעטער. אַנשטאָט אָן אַרט צו אַרבעטן, שיקט מען זיי אַפּ צו אונזער פּאַרטיי, אויב די חברים זאָגן זיך אָפּ צו סאַנקציאָנירן די רויטע מעשים.

פאַריקן שבת איז פאַרגעקומען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון האַלץ־אַרבעטער. האָט מען ווייטער צונויפגעשלעפּט ליידיקגייערס, פלאַקס־סוחרים, מצבה־קריצער און סתם מענטשן, וואָס האָבן צו אַרבעט קיין שייכות נישט. ווען אונזערס אַ חבר האָט געגעבן דאָס וואָרט צום באַריכט, האָט מען אים מיט גוואַלד דאָס מויל פאַרמאַכט. דאָס זעלבע איז געשען, ווען מיר האָבן געפּאָדערט אַ דין־וחשבון פון די געלט־ער, וועלכע די פאַרוואַלטונג האָט פאַרטיילט צווישן די אייגענע מענטשן.

ווען עס איז געקומען צום פּונקט ביבליאָטעק, האָבן די רויטע באַשלאָסן אויסצושרייבן נאָר אַזעלכע ביכער, וועלכע באַלייכטן טאָג־פראַגן. אונזערע איבערצייגונגס־וואָרטער האָבן געבראַכט נאָר צו דעם, אַז די עם־הארצים האָבן זיך גענומען פאַר זייער איינציק געווער: אונזער יוגנטלעכן חבר, ווערטמאַן (16 יאָר אַלט), האָבן זיי ווילד געשלאָגן. נישט וועלנדיק ענטפערן מיטן זעלבן, האָבן מיר פאַרלאָזן די פאַרזאַמלונג.

לעצטנס, איז אויף אונזער פּועלי־ציון גאַס געפייערט געוואָרן אַ יום־טוב. מיר האָבן געדונגען פאַר אונזער ביבליאָטעק, וועלכע ציילט זעכצן הונדערט ביכער (יידישע, העברעישע און פּוילישע) אַ דירה פון דריי גרויסע לאָקאַלן, וווּ עס וועלן אויך איינגעאָרדנט עפנטלעכע רעפעראַטן. מיר האָבן, אחוץ דעם, געדונגען אַ גרויסע דירה מיט עטלעכע צימערן פאַר דער פּאַרטיי מיט דער יוגנט צוזאַמען.

באַפרייונגס אַרבעטער־שטימע — 6.5.1927



אין דער ערשטער שורה מאַרשירן: אהרן ברענער, מאָטל ראַפּ, שמעון גלאזבערג, מילער און שלמה לינדנבוים.
הצועדים בראש הפגנת 1־במאי — חברי פועלי־ציון.

# פועלי־ציון פייערט דעם 1־מאַי
# פועלי־ציון חוגגת את ה־1 במאי



די ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל מיט פועלי־ציון בראש דעמאָנסטרירט דעם 1־מאַי 1935.
הליגה למען א"י העובדת מפגינה ב־1־במאי 1935.





זאָל לעבן דער 1־טער מאַי! יחי ה־1־במאי!



זאָל לעבן פועלי־ציון! — טראַנספּאַראַנט פון פועלי־ציון בעת דער 1־מאַי דעמאָנסטראַציע אין יאָר 1935.
תחי מפלגת פועלי־ציון — סיסמת ההפגנה ב־1 במאי 1935.




די האַנדלס־אָנגעשטעלטע דעמאָנסטרירן. פקידי בתי־מסחר מפגינים.

# הלמן וקרמן / ארגון „העובד"

תל־אביב



הלמן וקרמן

היה זה בשנת 1932. קבוצת אנשים, חברי תנועות הנוער ומפלגת פועלי־ציון, שכל פעילותם הציבורית היתה מכוונת להכשרה ולעלייה, מצאו את עצמם, פתאום, משוללי האפשרות הזאת, והסיבות לכך היו שתים:

1) מקומות ההכשרה היו תפוסים בעיקר על ידי הנוער, ואלה שהתבגרו, לא נקלטו הן מפאת גילם, והן בגלל מצבם המשפחתי, אשר לא אפשר להם לעזוב את בני־הבית ולצאת להכשרה.

2) התקוה לשנוי מדיניות העליה על ידי ממשלת המנדט נתרופפה מיום ליום.

מצב זה הביא להתרופפות הרוח בקרב חברי המפלגה המבוגרים. פשה אדישות למתרחש בתנועה הציונית וגברו המגמות לעזיבת המפלגות הציוניות וחפושי דרכים להגירה לארצות אחרות. אף המפלגות האנטי־ציוניות המרובות לא טמנו את ידם בצלחת. הם נצלו את המצב של חוסר־מוצא זה, כדי לצוד נפשות, תוך כדי הבטחה „שהאידיאות הסוציאליסטיות" כביכול תפתורנה בבת־אחת את כל הבעיות.

מפנה רדיקלי חל בימים ההם עם מתן אפשרות עליה לבעלי־מלאכה ומומחים. על יסוד האפשרות הזאת, הכריז מרכז „החלוץ" על הקמת אירגון „העובד" שמתפקידו היה להכין בעלי־מלאכה ובעלי־מקצוע, יוצאי התנועות הציוניות לעליה.

באחד הימים, בשלהי הקיץ של שנת 1932, נוסד ארגון „העובד" בעירנו.

בדירתנו הפרטית נעשו סדורים מיוחדים לקבלת פני הבאים. חדר פונה מכל רהוט מיותר, והוכנסו בו ספסלים ושולחנות. הבאים היו לבושים בגדי־חג ובפנים שמחות ציפו לשמוע דברי בשורה העלולים לשנות את סדרי חייהם השגרתיים.

השולחנות היו ערוכים מכל־טוב. את האסיפה פתח שמריהו מינץ, שנשלח מטעם „החלוץ" לעזור בארגון סניף „העובד" בעירנו. הוא תאר את המצב בשטח ההכשרה והעליה וקרא לנוכחים ללמוד מקצועות מתאימים, שיש להם דרישה בארץ. זוכר אני כיצד הוא השפיע על הנוכחים וכולם כאחד נרשמו לארגון, תוך כדי הבטחה לקבל עליהם עול המוסדות העליונים, לעשות את כל הדרוש ולהכין את עצמם מבחינה נפשית ומקצועית לעליה.

במשך תקופה מסויימת קיים ארגון „העובד" הרבה אסיפות־הסברה ופעולות תרבות, שיתף פעולה בקרנות הציוניות השונות והשפיע על הגברת החינוך הציוני ולליכוד השורות שנתרופפו.

לדאבוננו לא כולם זכו. כותב השורות היה מבין הראשונים והמעטים, שזכה לעלות באופן בלתי־לגלי, אחרי טלטולים ונדודים, שנקראו אז עלייה ב׳.

ואלמלא הפחד בפני הסתכנות בעלייה מסוג זה, ואלמלא ההגבלה שחלה אף בעלייה בלתי־לגלית זו, היו יכולים להיות אתנו כאן כל חברי ארגון „העובד".

אני מרגיש חובה להזכיר את שמות החברים, אשר עמלו והקדישו זמנם ומרצם למען יסוד „העובד" בהרובישוב, אך היד הזדונית של רב־הטבחים השיגה אותם ולא זכו. ואלה הם השמות: מאטל ראפ, מאטל הודיס, יוסף לדרקרמר, אהרון ברנר ועוד אחרים, ששמותיהם נשכחו מלבי.

יהי זכרם ברוך!

# ש. שיינטוך / הייתי בהכשרה בהרובישוב

קבוץ שפיים

קבלנו אישור לשלוח 4 צעירים להכשרה בהרובישוב. אני הייתי בין המאושרים.

גרתי אז בעירה הנמצאת כעת בתחומי ברית־המועצות. ארזנו את חפ־צינו והגענו להרובישוב. תחנת הרכבת היתה רחוקה מהעיר, לכן נסענו העירה בכרכרה (דרושקה).

בהרובישוב נפגשנו עם חברים מוולין, ורשה ווילנה. הפגישה היתה לבבית. זה היה גם המקום הראשון שראיתי והשתתפתי בתהלוכת ה־1 במאי, כי בסביבותינו, בקרבת הגבול, תהלוכה כזאת „לא תזכר ולא תפקד".

על־פי־רוב עבדתי כחוטב־עצים. עם שתי בחורות הייתי יוצא בבוקר, אני — עם הגרזן, והן — עם המשור והשולחן (קוזלה), אשר בשום אופן לא ותרו עליו.

היו משפחות, שרצו לשלם לנו, ואת העבודה למסור לגויים. פעם קרה לי שבמקום להרביץ בעץ, קבלתי מכה בידי, הן צעירים היינו וגם לא רגילים לעבודה. האישה, שעבדנו אצלה, נבהלה יותר ממני ובטפלה בי צעקה:

— לאן שולחים את הילדים האלה, אוי ואבוי לי.

הפצע היה רציני ועד היום נשאר לי סימן.

חוץ מנוער ואישים, אשר עמדו אתנו בקשרים, כמו דוקטור גרינ־שפן והירש פחטר, אינני יכול לשכוח את היהודים הפשוטים, הסבלים שישבו עם החבלים על מתניהם, ואת שואבי־המים ששכמם האחד היה יותר נמוך מסחיבת המים.

את הרובישוב עזבנו בהרגשה קשה. לא רצינו לצאת משם, אבל המרכז דרש מאתנו זאת, כי העבודה במחסני התבואה ובטחנת הקמח היתה קשה. קבוצה בת שלושים איש, ואני בתוכם, יצאנו לכביש המוביל לחלם.

אחרי שעבר עלי כל כך הרבה, מהרי אורל עד ההעפלה ועד לקפ־ריסין, בה בליתי 22 חודש, הנני שמח לציין, שהזמן הקצר של שהותי בהרובישוב נחרת בזכרוני.

ביחוד זכור לטובה: הנוער.



אויף הכשרה אין סקריטשין. — הרובישובאים בהכשרה בסקריצ'ין.

יושב מצד ימין: נתן הדס, משה פרימר, מנצ'י סוקול, איש וסילביץ ונח גרטל.

## שחורה בן־משה / תנועת הנוער פרייהייט

תל־אביב

הרובישוב לא היתה עיר גדולה, אבל הנוער שלה היה ער, תוסס, ורובו פרולטרי. זרמים שונים פעלו בתוך הנוער הזה. ברצוני להרחיב את הדיבור על הנוער של „פרייהייט".

עם סיום לימודי בבית־הספר העממי בשנת 1928, הצטרפתי להסתדרות זו. העבודה התנהלה בחוגים על שם: נחמן סירקין, בר בורוכוב ויוסף חיים ברנר. אני הייתי חברה בחוג ברנר. לא אשכח את החברים מאיר הופמן, יוסף אפשטיין ואחרים, שהרביצו בנו ציונות, חלוציות, וספרות יידיש.

הסניף גדל מיום ליום ומנה בשנים 1930־31 למעלה מ־200 חברים. בהיותי חברת ועד הסניף, זוכרת אני יפה כמה עמל ויגיעה השקיעו בנו המדריכים, וכמה מרץ ועמל השקעתי אני ברכישת חברים חדשים לתנועתנו. השתדלנו למשוך את הנוער מבתים מפגרים, שלא ידעו קרוא וכתוב. לא אשכח את החבר יוסף קרלנבוים־אלמוגי, שלמדם קרוא וכתוב.

„פרייהייט" היה העורק החי בעיירה. הרגישו בו במגביות הקרן־הקימת, ביום הסרט לבית־הספר תל־חי וכדומה. לא היה ערב ללא פעולה. בהגיעו להתבגרות נכנס הנוער הזה להלוץ ואחרי־כן יצא להכשרה.

עיירתנו הקטנה הכשירה מאות חלוצים ועולים, מהם רבים התופשים מקום חשוב במדינת ישראל. היתה התנגדות גדולה של ההורים להכשרה, אולם זה לא הפחיד את המדריכים, והציל נוער רב מהתנוונות.

זוכרת אני, שנסעתי להכשרה עם חברתי אסתר אוסבורק (קירשנר) ואביה רדף אחרינו בלווית שוטר פולני. הוריה היו עשירים וטענו, שאינם רוצים שבתם תסע לפלשתינה לעבוד בכבישים. צפוי לה עתיד בהרובישוב. אבל הצלחנו להתחמק ונסענו ברכבת. אביה פנה לחבר הופמן ואיים עליו, באם לא יגלה את מקום ההכשרה של בתו. ואכן, דודה בא לקבוץ והחזיר אותה בכח הביתה.

יש לציין בצער את הטרגדיה של חיה. עברו עליה כל מדורי הגיהנום במחנה אושוונצ'ים בימי השואה, בעלה ושני ילדיה נספו והיא ניצלה בנס. עם גמר מלחמת העולם השניה באה ארצה גלמודה, שבורה ורצוצה.

כמה שורות על בית־הספר הפולני, בו למדתי 7 שנים. היו אלה השנים היפות בילדותי, כי אהבתי את הלימודים והחברים. אבל סבל גרם לי היחס של המורות הפולניות ליהודיות. אמנם, אני על בשרי לא הרגשתי זאת, יתכן, בגלל היותי תלמידה טובה, אבל הרוח היתה אנטישמית.

בעיירה היו שני בתי־מסחר למכשירי־כתיבה וספרים: של הפולני ליימן ושל היהודי וקסמן. יום אחד, בבואי לבית־הספר, ראיתי בפרוזדור מודעה באותיות של קידוש־לבנה: לא לקנות אצל היהודי וקסמן, אלא אצל הפולני ליימן. (סבוי דו סבגו פו סבויה)

בבית־הספר למדו כמה ילדות מבתים חרדים, שלא באו ללמד בשבת. המורה לספרות היתה אנטישמית והיא בחרה דוקא את יום השבת למקצוע זה. ספרי־לימוד לא היו לנו והיא הקריאה בכיתה. היא נהגה אחר כל לשאול את הילדות, שלא בקרו בשבת, והעריכה אותם בציונים לא מספיקים. ילדה אחת שאלה:

— למה מגיע לי ציון כזה? ענתה לה המורה:

— את יהודיה מצורעת, תלכי לז'ידים ותעמדי אתם על המקח, ובכלל תלכי לפלשתינה.

באחד הימים קרה רצח. נוצרי דקר יהודי למות. מתיחות השתררה בעיירה. קמה המורה ואמרה:

—יהודי אחד, ז'יד, נהרג ורעש כזה מקימים. ילדה אחת רצתה לשאול את המורה: מה היה קורה, לו היהודי היה הדוקר? מנעתי ממנה את השאלה מחשש, שמא תתנקם בה במתן ציונים רעים בפיסיקה ובגיאוגרפיה.

קשה לתאר את הסבל והתלאות שעברו עלינו. הסבל הזה נתן לי גם את הדחיפה להכנס להסתדרות־נוער ציונית ולעלות לארץ־ישראל.

## משה פרימר / ההכשרה בכפר סקריצ'ין

קבוץ רמת־הכובש



משה פרימר

כבר בשנת 1925 היו קיימות בהרובישוב מפלגות ציוניות, אבל רק עם הווסד „החלוץ" התחיל החינוך להגשמה אישית. את גרעין „החלוץ" הוו חברי פועלי־ציון־צ.ס. ו„השומר־הצעיר". במשך הזמן נתקבל „לחלוץ" נוער בלתי־מפלגתי מחוגים שונים: פרולטריים למחצה וגם מחוגי הנוער הלומד בבתי־ספר פולניים. האחרונים לא היו מעורבים, בדרך כלל, בחיי הנוער היהודי המקומי, ודברו ברחוב פולנית. היתה זאת הפתעה גדולה בשבילנו לקבל בקשות של צעירים יהודים, הלומדים בגימנסיה הפולנית בהרובישוב, לסנפם כחברים ב„החלוץ".

בחורף 1925־26 החליט סניף „החלוץ" לייסד פלוגת־הכשרה לחבריו. המגמה היתה: פלוגה להכשרה חקלאית, אבל הדבר לא עלה בידינו ונאלצנו להסתפק בזה שהתקשרנו עם בעל־מנסרה יהודי בכפר סקריצ'ין. שם היהודי, שידלובסקי. הוא היה בעל הכרה ציונית וזה הכריעה לטובתנו, כי מבחינה מסחרית לא היה כדאי לו הדבר, מאחר שהגויים, אנשי המקום, היו פועלים יותר מוכשרים ויותר מנוסים מאתנו.

יצאנו לסקריצ'ין כעשרה נערות ונערים. הרוב — נערים. ההורים התנגדו ליציאתנו, אבל בעוד שהורי הבחורים השלימו איך שהוא עם ה„אסון", הרי הורי הבחורות לא ויתרו בנקל על עמדתם והשתמשו בכל האמצעים שברשותם, ובלבד שבנותיהם לא תצאנה ל„תרבות רעה".

הפקידים היהודים במנסרה והנוער היהודי במקום קבלו אותנו בחביבות רבה. מיד עם בואנו לסקריצ'ין בקרנו במנסרה ועקבנו אחרי מהלך העבודה, כדי לרכש מושג על העבודה, ושלא נהיה ללעג בעיני הפועלים הנוצרים. רבים מאתנו טרם טעמו טעמה של עבודה בהייהם וידעו על קיומן של מנסרות רק מפי השמועה. מנהלי המנסרה סדרו אותנו לראשונה בעבודות קלות ולאחר שהצלחנו בהן, העבירו אותנו לעבודות יותר קשות, אבל מבלי להעמידנו ליד המכונות.

בשעה שש בבוקר נשמע קול צפירה המעיר לעבודת היום. ביום ראשון לא עבדו הפועלים הנוצרים וקול הצפירה לא נשמע. אנו עבדנו ביום ראשון במקום שבת, שהיה לנו יום מנוחה.

את שעות הפנאי הקדשנו לשיחות. נושאי השיחות היו בעיקר ארץ־ישראל והשפה העברית. קבענו גם זמן לבילוי ולבידור. קיימנו פגישות עם הנוער היהודי בכפר וקרבנו אותו לציונות.

בהשוואה למקומות הכשרה אחרים, הניח מצבנו הכלכלי את הדעת. היתה לנו עבודה מלאה ולא היו לנו גרעונות. מאידך, לא דאגנו לחסוך כסף להוצאות עליה. אולם תקופת ההכשרה לא נמשכה זמן רב, בסך־הכל כחדשיים. אחדים מאתנו קיבלו סרטיפיקטים, מהרו לחזור להרובישוב ולעשות כל ההכנות הדרושות לעליה. יתר החברים לא נאחזו במנסרה, כי בינתיים אזלה העבודה.

מספר הסרטיפיקטים שקבל סניף „החלוץ" בעירנו עבור חבריו היה קטן. נוסף לזה הופיעו בעירנו „יורדים" אחדים, אשר ספרו בגנותה של ארץ־ישראל, כדי להצדיק את מעשה העזיבה שלהם.

תנועת „החלוץ" בהרובישוב נחלשה. עברו עלינו שנים קשות, בהן היינו אנחנו הגרעין היחידי שמשך בעול „החלוץ" בעירנו. ורק בראשית 1929 יצאנו למרחב וחדשנו את פעולת ההכשרה. הפעם יצאנו למקומות הכשרה ותיקים כגון: קלוסובה, סוכעדניאוו וכדומה. עברנו תקופת הכשרה ממושכת, ואחרי נסיון רב בעבודה קשה, עלינו ארצה והתערינו בה.

# נתן הדס / מ י י ן ה כ ש ר ה *)

הרצליה



נתן הדס

ס'איז אָנגעקומען אַ צירקולאַר אין סניף פון „החלוץ" אין הרוביעשאָוו, מיר זאָלן שאַפן אַן הכשרה־פונקט אין דער סביבה. די וועלכע וועלן דורכמאַכן הכשרה, וועלן האָבן דעם זכות עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. אַזוי איז געווען געשריבן שוואַרץ אויף ווייס.

שליחים זיינען אַרויס אין וועלדער און פעלדער, צו פריצים און גוט־באַזיצער און נאָך גרויס מי און מאַטערניש האָט מען סוף־כל־סוף אָפּגעזוכט אַ יידן, אַ גערער חסיד. אַדאַנק פּראָטעקציע און זכות־אבות האָט ער מסכים געווען, אַז חלוצים זאָלן אַרבעטן ביי אים אויפן טאַרטאַק, און ער וועט צאָלן יעדן חלוץ 2 זלאָטעס אַ טאָג טבין ותקילין, בתנאי אז מיר היטן יידישקייט און וועלן נישט מחלל שבת זיין. דאָס אַלץ איז איינגעשריבן געוואָרן אין קאָנטראַקט, און געחתמט געוואָרן מיטן חותמת הסניף דק"ק הרוביעשאָוו.

פאַרשטייט זיך, אַז אַרויסגעפאָרן זיינען די מיוחסים און די זיכערע, ס'איז דאָך בפירוש געשריבן: „כל הקודם זוכה". זיי האָבן זיך אָבער דאָרט לאַנג נישט געהאַלטן, צו „מעבודה קשה", צו „מקוצר רוח", אָדער צוליבביידע סיבות צוזאַמען. נאָך זייער פאַרלאָזן, האָט מען געשיקט אַ צווייטן טראַנספּאָרט חלוצים, צווישן זיי, אנכי, עבדכם הקטן.

אָנגעקומען זיינען מיר קיין סקריטשין (אַ דאָרף אין יענער געגנט) און גלייך אַוועק אַרבעטן. אין וואַלד זיינען געלעגן קלעצער, יעדער קלאָץ גרויס ווי עוג מלך הבשן. ניט ווייט פון זיי זיינען געשטאַנען אָפענע וואַגאָנעס, אויף וועלכע מיר האָבן געדאַרפט אַרויפקאַטשען די קלעצער.

באַלד האָבן זיך אַוועקגעשטעלט ביי די קלעצער די גבורים, גבורי ישראל: נ., דער באַנק־קוועטשער, מ. פ., דער קעמל־מאַכער און נ. ג., דער באַן־אַרבעטער. דער לעצטער האָט זיך גערעכנט פאַר אַ ספּעץ און האָט געטיילט די „עליות". איך זאָל שטיין אין איין זייט, דער צווייטער אין צווייטן עק און ער, דער „ספּעץ", אינמיטן. ער וועט קערוועז. שטיי איך אַזוי ביים עק קלאָץ און טראַכט מיר אַזוי:

— טאַטע אין הימל, ווי אַזוי קאַטשעט מען אַזאַ גרויסן קלאָץ? אַלע יאָרן געזעסן אין שטיבל און געקוועטשט די באַנק, געפאַסט תעניתים און געווען סך־הכל 48 מיט אַ האַלבן קילאָ — איז דאָס פאַר מיינע כוחות?

וואָס וואָלט געשאַדט דעם, וואָס זיצט אויבן, ווען עס וואָלטן אויסגעוואָקסן אנשטאָט דעם גרויסן קלאָץ — 10 קליינע, איז די וועלט קליין? קאַרג פלאַץ?

אַזוי ווי איך שטיי פאַרטיפט אין גאָטס מעשים, הערט זיך די באַסאָווע שטים פון מומחה:

— היי, דו דאָרט, וואָס פילאָסאָפירסטו דאָרט, וואָס מיינסטו ס'איז אַ בלאַט גמרא? טו זיך אַ ריר! מיטן גאַנצן כח האָב איך זיך אַ כאַפּ געטאָן צום קלאָץ און גענומען קאַטשען. ווען דער קלאָץ איז שוין געווען כמעט אויבן, הערט זיך פלוצלינג אַ זבענק. דער קלאָץ האָט גענומען לויפן אויף צוריק, גלייך ווי אַ דיבוק וואָלט אין אים אַריין. און ווו איז ער געלאָפן, מיינט איר? דוקא אויף מיינע הענט, קיין בעסערן פלאַץ האָט ער ניט געפונען... ווען איך האָב גענומען שרייען נאָך הילף, האָט זיך געהערט אַ מין שדים געלעכטער פון די איבעריקע:

— כאַ, כאַ — אָפּגעלאַכט פון חלוץ.

קאָם מיט צרות האָב איך געפונען עפעס אַ שטיק לייוונט, איינגענעצט אין וואַסער און אַרומגעבונדן די הענט. איר קענט זיך שוין פאָרשטעלן, ווי די הענט און די אַרבעט האָבן אויסגעזען.

---

*) לזכר אלה שהיו בהכשרה, ולא הגיעו ארצה, ו ל ב נ י מ י ן ר ע ט י ג, מהראשונים שיצאו להכשרה ומת מיתה טרגית, הנני מקדיש דפים אלה.

געענדיקט דעם טאָג, בין איך גלייך אַוועק אין „באַראַק". דאָרט איז געווען אונזער דירה. וועגן עסן וועל איך ניט דערציילן, דאָס איז דאָך פּראָזאיש, אַלע עסן דאָך אויף גאָטס וועלט. נאָר וועגן שלאָפן, דאָס וועל איך אייך יאָ דערציילן.

מיר האָבן נאָך אַ טאָג קלעצער־קאַטשען נישט געדאַרפט נעמען קיין כדורים, כדי איינצושלאָפן. די פראַגע איז געווען: ווו שלאָפט מען?

אין באַראַק איז געשטאַנען אַזאַ מין קאַסטן, וואָס איז געווען צונויפגעקלאַפּט פון דיקע ברעטער און מען האָט עס גערופן: בעט. דאָס האָבן מיר איבערגענומען פון די פריערדיקע חלוצים, ווי אין פסוק שטייט: משה קבל תורה מסיני ומסרה ליהושע ויהושע לזקנים און אַזוי ווייטער. אין דעם, אַזוי גערופענעם בעט, האָבן געקענט שלאָפן דריי מאַן. האָבן מיר דאָך אַ גרויסן גאָט, איז יענעם פאַרנאַכט אָנגעקומען נאָך אַ חלוץ פון ק"ק הוראדלע. האָט זיך געשאַפן אַ פּראָבלעם, ווו וועט שלאָפן דער פערטער? איינער האָט פאַרשטייט זיך געדאַרפט שלאָפן אויפן פאָדלאָגע. האָט מען געמאַכט אַ זיצונג און באַשלאָסן מיט אַ מערהייט שטימען אַז, רובאַשאָוו שלאָפט אין בעט, און הוראדלע אויף דער ערד.

ליגנדיק אַזוי אויף דער ערד, האָט דער הוראדלער חלוץ גענומען טענהן: היתכן, ווו איז די גלייכהייט, חלוציזם, קאָלעקטיוויזם און אַנדערע איזמען. הכלל, דאָס חלוצישע געוויסן האָט אונז נישט געלאָזן איינשלאָפן. מיר האָבן ווידער באַשלאָסן פה אחד, אַז ער זאָל זיך אויך לייגן מיט אונז אין בעט.

נאָר אין בית־המקדש האָט געקענט געשען אַזאַ נס: „עומדים צפופים ומשתחווים רוחים". ביי אונז איז אָבער דער נס נישט געשען. נאָר דער וואָס האָט אַמאָל פאַרקלעמט אַ פינגער ביי אַ טיר, קען פילן אונזער טעם. ס'האָט אונז גענומען קלעמען אין אַלע זייטן; ספּעציעל האָבן געליטן די, וועלכע זיינען געלעגן אין די עקן פון דעם אַזוי גערופענעם בעט. אַזוי זיינען מיר געלעגן אַ גאַנצע נאַכט, זיך ניט אַ ריר געטאָן, ווי די הערינג ביי י ע ק ב א ב א, דעם הערינג־פאַרקויפער. ווען מיר האָבן זיך געוואָלט אויפהייבן, האָט זיך דאָס בעט געהויבן צוזאַמען מיט אונז. מיר זיינען געווען, ווי אין פסוק שטייט: „ויהיו לבשר אחד".

קיין סך צייט זיינען מיר ניט פאַרבליבן אין סקריטשין. די סיבה איז געווען אָט וואָס: איינמאָל, אַ שבת, האָבן זיך באַוויזן א פ ר י ם ג ל א ז ב ע ר ג, פ י י ג ע ד ב ו ר ה א ל ב ו י ם, ל ע ד ע ר ק ע מ ע ר און מ א ט ש י ס א ק א ל מיט מאַנדאָלינעס און גענומען שפּילן. ווי נאָר דער בעל־הבית פון טאַרטאַק האָט זיך דערפון דערוווסט, האָט ער אונז באַלד משלח געווען. ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן. מיר האָבן גענומען די פיס אויף די פּלייצעס און אַוועק צוריק אין שטעטל.

ס'האָט לאַנג ניט געדויערט און דער חבר י. א. פון אונזער שטאָט, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ חבר פון „מרכז החלוץ", האָט אויסגעקעמפט הכשרה פאַר אַ פאָר חלוצים פון אונזער שטעטל. דאָס איז דעמאָלט געווען אַ יקר־המציאות. איך האָב ווידער גענומען דעם פּעקל און אין וועג אַריין.

מיט מיר איז געפאָרן י. פ. און איינער פון הוראדלע, אַ צושעפּעניש. ביינאַכט זיינען מיר אָנגעקומען קיין בילגאָריי. פון דער באַן־סטאַציע זיינען מיר געגאַנגען אַ פאָר קילאָמעטער צו פוס. ווען מיר האָבן זיך שוין געפונען לעבן שטעטל, מידע און שלעפּערדיקע, האָט זיך דער הוראדלער חלוץ דערמאָנט, אַז ער האָט פאַרגעסן זיין פּעקל אין וואַגאָן און אָן דעם פּעקל, רירט ער זיך ניט. יעצט פאַרשטייט איר שוין, אַז ווו אַן הוראדלער — איז אַ צרה.

ס'האָט ניט געהאָלפן קיין טענות און מענות, מען מוז ברענגען דעם פּעקל. מיט די פּעקלעך אויף די פּלייצעס, מעשה כעלם, גייען מיר צוריק צו דער קאָלייקע. דאָ האָט גאָט געוויזן אַ נס, מיר האָבן געפונען דעם פּעקל, גלייך ווי ער וואָלט געוואַרט מיר זאָלן אים קומען נעמען. האַלב טויטע האָבן מיר זיך צוריקגעשלעפּט אין שטעטל אַריין, און גענומען זוכן דעם בית־החלוץ.

דער זייגער איז שוין נאָך 2 ביינאַכט. שטיל אין שטעטל, ווי אויף אַ בית־הקברות, אַלץ שלאָפט. פון ווייטן לייכט אַ פייער. זייענן מיר אַוועק אין יענער ריכטונג. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז אַ שטיבל. מיר זייענן אַרייַן און געטראָפן אַ גרופּע בחורים שפּילן אין „דאפניק".

— חברה — פרעגן מיר — וואָס טוט איר? דערציילן זיי אונז, אַז זיי דאַרפן זיך צושטעלן צום מיליטער, צערן זיי זיך, און כדי זיי זאָלן ניט איינשלאָפן, שפּילן זיי אין דאפניק. מיר האָבן זיך אויסגעצויגן אויף די טישן און איינגעשלאָפן דערהרגעטע.

אינדערפרי איז געקומען דער שמש און אונז אַרויסגעטריבן. מיר האָבן גענומען די פּעקלעך און איינער פון די בחורים האָט אונז אַוועקגעפירט צום פירער פון החלוץ דק"ק בילגאריי. ער האָט אונז מיט נאָך אַ פּאָר חלוצים פון שטעטל אָפּגעשיקט אין אַ דאָרף, ניט ווייט פון בילגאריי. דאָ האָט מען אונז אַרייַנגעפירט צו אַ פּויער אין שטוב. דאָ איז געווען דער מלון פון די חלוצים.

דעם ערשטן טאָג האָבן מיר נישט געאַרבעט און נישט באַקומען קיין עסן. מיר האָבן געמיינט, אַז מען האָט זיך אויף אונז נישט געגרייט. אויף מאָרגן האָט מען אונז נישט געשיקט צו דער אַרבעט, ווייל זיי האָבן נישט באַשטעלט קיין פרישע אַרבעטער. עסן האָבן מיר ווידער נישט באַקומען:

— היתכן?

ענטפערט מען אונז, אַז דער וואָס אַרבעט נישט — דער עסט נישט.

— אָבער מיר ווילן דאָך אַרבעטן, און ווו איז חלוציזם־קאָלעקטיוויזם?

ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן, ווי זאָגט די גמרא: הכל כמנהג המדינה. מיר זייענן אַוועק צום פויער, געקויפט אַ ברויט, און אַן עמער מילך און מיט דעם האָבן מיר זיך געשפּייזט צוויי טעג און צוויי נעכט.

## קלוסקעס מיט שוואַרצע האָר

אויפן דריטן טאָג, האָט מען אונז שוין געשיקט צו דער אַרבעט. מיר האָבן געלייגט שטיינער, געשאָטן זאַמד און פון דעם איז געוואָרן אַ כביש. מיט אונז האָבן אויך געאַרבעט די פויערים פון דאָרף מיט זייערע פאַמיליעס.

ווען מיר זייענן געקומען פון דער אַרבעט, האָט מען דערלאַנגט צום טיש קלוסקעס מיט קאַרטאָפל, געמישט מיט שוואַרצע האָר. מיר זייענן אַוועק צו דער טבחית און געפאָדערט אַ באַזונדערן טעלער.

— צוליב וואָס?

כדי אַרייַנצולייגן אירע שוואַרצע האָר אין אַ באַזונדערן טעלער. דאָ איז זי אויפגעשפּרונגען פון כעס: ווי דערלויבן מיר זיך אַזאַ חוצפּה! זי איז געווען די עקאָנאָמקע, די גזברית און די סעקרעטאַרין. אַלץ איז געווען אין אירע הענט. זי האָט געפּסקנט מי לשבט — ומי לחסד, וועמען מ'זאָל געבן עסן און וועמען נישט. אַלע האָבן פאַר איר געציטערט, און דאָ האָבן זיך באַוויזן צוויי שמענדריקעס, וואָס זאָגן איר אַזעלכע ווערטער, אָן שום בושה.

זי איז, אגב, ניט געווען אַ ליאַדע ווער. זי איז געווען אַ חלוצה, וואָס האָט שוין באַוויזן צו זיין אין ארץ־ישראל און צוריקקומען. זי האָט געטענהט, אַז זי איז געקומען קאָכן פאַר חלוצים, אָבער מיט דער צייט, ווען זי וועט ענדיקן קאָכן, וועט זי אי"ה באַלד צוריקפאָרן.

נאָך אַ יחוס: דער פרעזעס פון בילגארייער סניף החלוץ, וואָס פלעגט אונז באַזוכן פון צייט צו צייט, און פלעגט ברענגען די צייטונג „פאָלק און לאַנד" (פאַר אונז, חלוצים פון הרוביעשאָוו, וואָס האָבן געהערט צו רעכטע פועלי־ציון, איז דאָס געווען טריף, ווי ביי אַ פרומען יידן חזיר), האָט פון דער קעכן געהאַלטן שטאָל און אייזן.

— אַ קלייניקייט, א חלוצה, וואָס איז שוין געווען אין ארץ־ישראל!

אָבער מיר, הרוביעשאָווער, האָבן זיך מיט דעם נישט גערעכנט. אירע מאכלים האָבן מיר נישט געקענט פאַרדייען, און אירע האָר זענען אונז נישט געקראָכן אין גאָרגל. דאָס האָט איר שטאַרק נישט געשמעקט, און זי האָט געזוכט ווי אונז צו פאַרשאַפן צרות. אָבער פאַר צרות האָבן מיר זיך נישט געשראָקן, מיר זייענן אויך נישט געזעסן מיט קיין פאַרלייגטע הענט. גענומען אָרגאַניזירן די חברה, אָבער ווי זאָגט דער פסוק, „דבר אל העצים ואל האבנים", רייד צו דער וואַנט.

## מיר באַשליסן זיך אויפלייזן

דערווייל איז אָנגעקומען אַ גרופּע חלוצים פון זאַמאשטשער סניף. מיט זיי האָבן מיר געפונען אַ שותּפישע שפּראַך. זיי זייענן באַלד צוגעשטאַנען צו אונז, אָרגאַניזירט אַ פאַרזאַמלונג און באַשלאָסן: אַלע דאַרפן עסן, „כאזרח כגר", צו ער אַרבעט יאָ, צו ער אַרבעט נישט. און צווייטנס: פאָדערן פון „מרכז החלוץ" אַ חבר צו לעזן פאַרשיידענע פּראָבלעמען. דערווייל איז די אַרבעט געוואָרן ווייניקער, און פון טאָג צו טאָג זייענן צוגעקומען אַלץ מער אומזיסטע עסער. די לאַך ביים גזבר אין קעשענע איז געוואָרן גרעסער און מען האָט גענומען איינציען דעם גאַרטל.


בנימין רעטיג ז"ל

דער מרכז האָט אַראָפּגעשיקט אַ חבר און וועמען מיינט איר? דעם חבר י. אייזנבערג, אַן אייגענער יאַט.

אויפן הויף איז געשטאַנען אַ גרויסער אייזערנער טאָפּ, וואָס די פויערטע פלעגט אין אים קאָכן קאַרטאָפל פאַר די חזירים. מיר האָבן גענומען זבענקען אין טאָפּ, ביז אַלע זייענן זיך צונויפגעקומען.

ווען אַלע זייענן שוין געווען אויפן פּלאַץ, האָט איינער אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון פאַר דער גאַנצער צייט. דערנאָך האָט גענומען דאָס וואָרט דער חבר פּאָגעל. ער האָט אויפגעוויזן, אַז לויט דעם סאָציאַליסטישן פּועלי־ציוניסטישן גייסט דאַרף מען פאַנאַנדערלאָזן דעם הכשרה־פּלאַץ, ווייל מיר נעמען צו אַרבעט פון האַלב־הונגעריקע, פויערישע פאַמיליעס. עמעצער האָט אים איבערגעריסן:

— אָבער מיר גיבן די אַרבעט אַוועק די האַלב־הונגעריקע חלוצים. דאָ האָט זיך צעפּלאַקערט אַ וכוח, ווער איז בילכער. איך בין געשטאַנען אין אַ ווינקל, געשוויגן און זיך געהאַלטן ביי דער פיגור, זי זאָל זיך חס־וחלילה נישט איבערברעכן פון געלעכטער.

צום סוף האָט איינער אויפגעוויזן מיט אותות ומופתים, אַז הונגעריקע מענטשן קענען נישט אַרבעטן. ער האָט גענומען ציילן קאַלאָריעס, וואָס אַן אַרבעטער באַדאַרף, זעט אויס אַז ער איז געווען אַ שטיקל כעמיקער. הכלל, ער האָט אַלעמען די אויגן געעפנט. ווער האָט דאָס דעמאָלט געוווסט קאַלאָריעס־שמאַלאָריעס. זיינע קאַלאָריעס האָבן מער געווירקט ווי י. פּ. סאָציאַליזם און מיר האָבן באַשלאָסן פּה־אחד, אַז דער פּונקט האָט נישט קיין עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג.

אומזיסט האָט זיך דער חבר פון מרכז געבעטן, מען זאָל אָפּהאַלטן דעם באַשלוס, ביז ער וועט זיך באַראַטן מיטן „מרכז החלוץ", ווייל עס איז נישט אין זיין קאָמפּעטענץ פאַנאַנדערצולאָזן דעם הכשרה־פּונקט, אָבער ווער האָט אים געוואָלט הערן.

אויף צו מאָרגנס בין איך שוין ווידער געזעסן אויפן וואָגן מיט מיינע פּעקלעך און „השיבנו נאזאד". אַזוי האָט זיך געענדיקט מיין צווייטער הכשרה־פּלאַץ.

## סטאָפּ עמיגריישן

אין אַ קורצער צייט אַרום האָב איך זיך שוין געגרייט פאָרן צו אַ פּריץ אין די וועלדער און געטראַכט: אולי ירחם, אפשר וועט פון דעם עפּעס אַרויסקומען. אמת, איז נאָך דאָרט, אין ארץ־ישראל, נישטאָ דערווייל קיין וועלדער, טאָמער איז דאָ דער יער־הרצל, איז ווי שטעלט איר זיך פאָר, אַז איך, נתן מאָטל סופרס זון, וועל נעמען אַ האַק אין האַנט און סתם, ווי אַ גזלן, גיין אין הרצל־וואַלד און האַקן ביימער, גלייך ווי דער באָד־גוי, להבדיל, פלעגט אָנהאַקן האָלץ אויף הייצן די באָד ביי אונז אין שטעטל.

כ'שטיי און פּאַק זיך אַוועקצופאָרן — פּלוצלינג — סטאָפּ! מען האָט אָפּגעשטעלט די עליה! פּשוט, אויפגעהאָנגען אַ גרויסן שלאָס אויף די טויערן פון ארץ־ישראל. סטאָפּ־עמיגריישן, און פאַרטיק.

פויערים זייענן שוין, מסתמא, געווען צופיל אין ארץ־ישראל, און

ס'האָט נישט געקלעקט פאַר זיי קיין באָדן. עבר־הירדן האָט געהערט צו עבדאללה, דער נגב — צום מדבר. נעמט דאָס אַלץ אין באַטראַכט, וועט איר זען, אַז דער לאָרד סימפּסאָן איז געווען גערעכט, ווען ער האָט געזאָגט, אַז עס איז נישטאָ אין ארץ־ישראל קיין פּלאַץ, אפילו פאַר אַ קאַץ. פאַרשטייט זיך, אַז יידן האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ, און געזאָגט:

— פריץ לעבן, וואָס איז שייך פּויערים האָסטו רעכט, אָבער פאַכ־לייט, בעלי־מלאכות, דער מין פעלט דאָך אויס. ווער וועט אויפניען אַ פאָר הויזן פאַרן פּויער און ווער וועט מאַכן אַ פאָר שיך?

דאָ האָט דער ענגלענדער ניט געקענט זיך קעגנשטעלן, אַרויסגעצויגן דעם פּייפ פון מויל, אַ זאָג געטאָן: „אָל רייט" און „יעס" און דער „יעס" איז באַלד פאַנאַנדערגעטראָגן געוואָרן בכל תפוצות הגולה, ביז ער איז אָנגעקומען צו אונז אין שטעטל, און אויך איך האָב זיך דערפון דערוווּסט.

פאַרשטייט זיך, אַז וועגן אַקערן און פלאַנצן איז שוין ניט געווען וואָס צו רעדן, איז נאָר געבליבן אַ פאַך, וואָס פאַר אַ פאַך? זאָל איך זיך לערנען שניידעריי, שוסטעריי? ניין!

וואָס טו איך, אַז מאָרגן טוט אַ זאָג דער ענגלענדער: צוליב וואָס באַדאַרפט איר שניידער און שוסטער און ער שיקט אַריין די „מלכה מערי" פול מיט קורצע הויזן און סאַנדאַלן. דאָס וואָלט דאָך פאַרפלייצט גאַנץ ארץ־ישראל מיט עבר־הירדן אויף דור־דורות. אָבער טישן, שטולן, האָט זיך אים ניט געלוינט ברענגען, ווייל פון אַזאַ לאַנגן וועג וועט זיך דאָ צעברעכן אַ פיסל, דאָרט אַ זייטל, און ברענגען סטאָלאַרעס זיי צו פאַריכטן, איז נישט קיין געשעפט. ס'וועט דאָך אויסקומען, ווי אין פרק שטייט: יצא שכרו בהפסדו, ס'לוינט נישט.

## כ'לערן זיך סטאָלעריי

בין איך אַוועק צוס באַוווּסטן מייסטער און קינסטלער, הערש טאטאלעס עליו־השלום, וואָס די שענסטע בעלי־בתים פון שטעטל פלעגן ביי אים באַשטעלן זייערע מעבל. ער האָט זיך געהאַלטן גרויס, מיך ניט געוואָלט צונעמען, נאָר אַדאַנק מיינע חברים: לייביש פראָסט און אפרים פריד האָט ער מיך צוגענומען.

דעם ערשטן טאָג האָט ער מיך אַוועקגעשטעלט ביי אַ האַלב־צעבראָכענעם שלייף־שטיין, געגעבן אַן אַלטן שטאַם־אייזן, פול מיט פּגמים, וואָס לויטן יידישן דין טאָר מען מיט אים ניט שעכטן, אַוועקגעשטעלט אַ פּושקע וואַסער און געזאָגט:

— גיס וואַסער אויפן שטיין און רייב, מיר וועלן זען וואָס דו וועסט



**אויף הכשרה אין סקריטשין.** קבוצת חלוצים בהכשרה בסקריצ'ין בשנת 1924.
פון רעכטס אויף לינקס: מתתיהו וואַלדמאַן, נח גערטל, — — — גאָלדמאַן, חנה פייער, מאיר האָלצער, פייגע דבורה איילבוים, יעקב ווינער, מאניע איינהאָרן, חנה פינקעלשטיין און יחיאל ווינטראב. צווייטע שורה: הוציע גלאזבערג, אברהם הארמאן, פעליע לעדערקרעמער, שמואל גלאזבערג, אסתר פינקעלשטיין, יעקב אייזענבערג (אשד) יוסף לעדערקרעמער. דריטע שורה: משהלע פרימער, ליאָליק פרץ, גאָלדשטיין, דוד אבראמאנט, ביילע זאַק, מאָטל קירזשנער און שמערל מינץ.

אויסרייבן!! אַזוי האָב איך געריבן און געגאָסן אַ גאַנצן טאָג, ביז איך האָב אויסגעריבן אַ גרויסע לאָך אין שטיין.

אויפן צווייטן טאָג האָט מען מיר שוין געגעבן שלייפן ציינגלעך פון אַלטע הובלען, נאָר די גרויסע צונג פון „ריבאנעק", די יחסנטע פון די „שבעת המינים", איר האָט מען מיר נישט געוואָלט טרויען אין האַנט.

יענעם טאָג, באַלד אינדערפרי, האָט זיך די בעל־הביתטע באַוויזן אויפן שוועל פון וואַרשטאַט. זי האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט אַ צופרידן פּנים, גלייך ווי זי וואָלט איינגעהאַנדלט אַ גוטע מציאה, למשל, אַן איי־דעם אויף קעסט. אַ קליינינקייט, מאָטל דעם סופרס זון אַרבעט ביי איר, ווער וועט עס גלויבן, און טאַקע באַלד נאָך איר האָבן זיך גענומען דרייען גאַנצע מחנות ווייבער פון געסל און פון מאָל צו מאָל געכאַפּט אַ קוק אַריין.

אַ טייל פלעגן אויך אַריינקומען מיט תירוצים:

— מ'קען נעמען אַ ביסל שניץ? אַ צווייטע:

— אוי, איר זאָלט מיר געזונט זיין, שענקט מיר אַ קויל־פייער. און אַזוי צוגייענדיק צום פייער, וואָס אויף אים איז געשטאַנען אַ טאָפּ קליי און זיך שטענדיק געוואַרעמט, פונקט ווי דער נר־תמיד אין שול, להבדיל, האָט זי דערווייל געכאַפּט אַ בליק אויף מיר און באַמערקט, ווי איך שטיי און אַרבעט מיט אַ בלויזן קאָפּ. דאָס האָט זי איבערגעגעבן די איבעריקע שכנות, אַזוי אַז די פּאָסט איז דערגאַנגען צום פאָטער ע"ה.

ווען כ'בין אַהיים געקומען פון דער אַרבעט, האָב איך געהאַט יענעם קבלת־פּנים.

— לערנסט זיך אַ פאַך, איך האָב נישט דאַקעגן, אָבער וואָס עפּעס בגלוי־ראש? ר' יוחנן הסנדלר האָט אויך געאַרבעט אָן אַ היטל?

געענדיקט דעם קורס פון שלייפן, האָט מען מיר געגעבן זעגן. געענ־דיקט די תורה, האָט מען מיך אַוועקגעשטעלט מיט נאָך אַ געזעל, חיים יענקל ווינער, שניידן „פלונגען" פון דעמבענע, דיקע ברעטער. דאָס האָט מען גערופן „טראַצקע". איך בין געשטאַנען אין איין זייט, און ער אַנטקעגן מיר. ער האָט געשלעפּט די זעג צו זיך און איך צו זיך, ווי אין פרק שטייט, „שלי ־ שלך, שלך ־ שלי".

## ווו באַהאַלט מען אוים אַ פּערטעלע

אַזוי האָבן מיר געשלעפּט שיינע עטלעכע טעג. דאָס איז נישט געווען קיין לייכטע אַרבעט. די איבעריקע אַרבעטער האָבן מיר געזאָגט, אַז כדי כ'זאָל קענען פאַרזעצן די אַרבעט, מוז איך זען צו עסן פעטע זאַכן, ווי למשל „בשר קוויטש".

דעם זעלבן טאָג, נאָך דער אַרבעט, זיינען די חברה אַריין צו פּרילן דעם חזיר־שלעגער אין געשעפט און אונטער דער פּאָלע אַרויסגעטראָגן אַ קישקע קאַלבאַס.

מיט דער מציאה זיינען מיר אַוועק אין געסל פון גלחס סאַד, ווו מען זעט ניט קיין לעבעדיקן נפש, און מיר מכבד געווען מיט יענעם כזית. חברה האָבן גענומען רייסן און בייסן פון דער קישקע, קייען און שפייען, איך האָב געפילט אַ טעם פון חלב, אָבער וואָס טוט מען נישט צוליב ארץ־ישראל?

אַלע אָוונט פלעגן מיר קויפן אַ „פערטעלע", כדי אינדערפרי דאָס מיטנעמען צו דער אַרבעט. איצט האָט זיך געשאַפן אַ פּראָבלעם, ווו דאָס אויסצובאַהאַלטן איבערנאַכטס.

אין שטוב זיינען געהאנגען דריי גרויסע בילדער. איין בילד: די שטאָט ירושלים מיטן בית־המקדש, מיט גרויסע קדוש־לבנה אותיות: „תבנית עיר הקודש ירושלים"; אויפן צווייטן בילד: דער ווילנער גאון ע"ה והברכה, אָנגעטאָן אין טלית און תפילין, מיט אַ געגזענער פעדער אין האַנט. און אויפן דריטן בילד: ר' שניאור זלמן מלאדי.

צווישן בילד און וואַנט איז געווען אַ פּלאַץ, ווו מען האָט געקענט עפּעס אַוועקלייגן. איז ווידער אַרויפגעשווומען די פראַגע: הינטער וועלכן בילד לייגט מען אַוועק דאָס פּעקל. הינטערן בילד פון ירו־שלים? וועט דאָס הייסן אַריינפירן אַ חזיר אין קודש הקדשים — דאָס

פאַר קיין געלט נישט! מיטן רבי זלמן שניאור האָב איך זיך ניט געוואָלט אָנהייבן. נאָר דער ווילנער גאון, טראַכט איך, אַ מתנגד, ער וועט זיך אפשר לאָזן בייגן. ער האָט זיך טאַקע געלאָזט בייגן און דאָס איז געווען מיין אומגליק, ווי איר וועט ווייטער הערן.

די געשיכטע פון דער מעשה איז געשען שבת־צונאַכט, ווען דער חבר פון מרכז „פועלי־ציון", דוב בער מלכין, האָט גערעדט אויף דער טעמע: „ביי פאַרמאַכטע טויערן". ביי אונז האָט זיך עס אויסגעדריקט אין פאַרמאַכטע טירן.

שונאי־ציון האָבן געמאַכט יד־אחת, כדי צו שטערן דעם רעפעראַט, האָבן מיר געמוזט פאַרהאַקן די טירן און אַוועקשטעלן אַ שטאַרקע וואַך, כדי מען זאָל זיך נישט אַריינרייסן.

נאָך דעם גרויסן זיג וואָס מיר האָבן געהאַט יענעם שבת, האָבן מיר זיך צונויפגעזאַמלט ביי אַ חבר אין שטוב און געשטעלט כיבוד. אַרום דעם חבר מלכין זיינען געזעסן די גדולי הדור און די אנשי המעשה, די וואָס האָבן געגעבן קלעפּ און וואָס האָבן געכאַפּט קלעפּ.

אַזוי האָט מען זיך משמח געווען מיטן רבין ביז אין דער טיפער נאַכט אריין. נאָכן אָוונט איז געבליבן שיריים אויפן טיש און איך האָב זוכה געווען אין אַ מנה נוספת, איינגעפּאַקט דאָס פּעקל, און אַהיים!

אין שטוב בין איך אַריין אויף די שפּיץ פינגער, כדי קיינעם, חלילה, נישט אויפוועקן, און גלייך צו צום גאון, צו ער איז יאָ מסכים, צו נישט. אים אַרונטערגערוקט דעם פּעקל אונטער דער פּלייצע, און אַריין אין בעט, גלייך ווי איך ווייס פון גאָרנישט.

אינדערפרי האָב איך זיך שנעל אָנגעטאָן און אַוועק צום „ווילנער". און מיטאַמאָל, שוד ושבר, איך האָב מיינע אויגן ניט געגלויבט, דאָס פּעקל איז פאַרשוווּנדן! רבונו־של־עולם, ווער האָט עס געקענט צונעמען פון דאָרטן? אַלע אין שטוב שלאָפן נאָך, נאָר דער פאָטער ע"ה איז אַוועק אין שטיבל דאַווענען, טראַכט איך זיך: דאָס איז זיכער זיין אַרבעט.

ווער ס'וואָלט דעמאָלט געגעבן אַ לעק מיין האַרץ, וואָלט זיכער פאַרסמט געוואָרן. פאַר גרויס צרות האָב איך גענומען לייגן תפילין און אַ נדר געטאָן, אַז אויב עס וועט העלפן און די זאַך וועט אַדורך בשלום, וואַרף איך אַוועק די אַרבעט, אויס סטאָלער, און קיין כזית פון חזיר קומט נישט אין מיין מויל אַריין.

זעט אויס, אַז דער וואָס זיצט אויבן, האָט מיין תפילה אָנגענומען. מיין שוועסטער איז צוגעגאַנגען פאַרבעטן דעם פאָטערס בעט, איך בין געזעסן אַנטקעגן ווילנער גאון, געדאַווענט און פון אים קיין אויג ניט אַראָפּגענומען, טראַכטנדיק וואָס פאַר אַ שלעכטס האָב איך אים אָנגעטאָן. ווען די שוועסטער נעמט אויסשאָקלען דאָס ליילעך, זע איך, ווי עס פאַלט אַרויס אַ פּעקל. איידער וואָס ווען, דאָס פּעקל איז שוין ביי מיר אין די הענט.

— דאָס איז אַ פּעקל בראָשורן פון דער פּאַרטיי — דערצייל איך מיין שוועסטער. ווען איך בין צו זיך געקומען, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז נישט דער ווילנער האָט זיך געבויגן, ווי כ'האָב געטראַכט פריער, נאָר דער טשוואָק האָט זיך געבויגן. דער פאָטער ז"ל, זעט אויס, איז געשמאַק געשלאָפן אַדאַנק דעם, וואָס דאָס פּעקל האָט אים געוואַרעמט די זייט.

איך האָב געהאַלטן וואָרט, דעם נדר דערפילט און אויס סטאָלער. דאָס צווייטע געדענק איך ניט, צי איך האָב מקיים געווען.

## ווי אַזוי פאָרט מען קיין א"י

עס איז ביי מיר ווידער געבליבן די אַלטע קושיה, ווי אַזוי פאָרט מען קיין ארץ־ישראל? ווען איך בין געווען פאַרנומען מיט שלייפן הובליעס און שניידן ברעטער, זיינען זיך אָנגעפאָרן קיין ארץ־ישראל בעלי־מלאכות, האַנטווערקער בלע"ז און קאַפּיטאַליסטן. זיי האָבן נישט געדאַרפט פאָרן אויף קיין הכשרה, פאַר זיי זיינען די טויערן געווען אָפן.

הכלל, ווי שטייט דאָרט אין חומש: ותמלא הארץ אותם, אונזער ארצנו הקטנה איז געוואָרן פול מיט בעלי־מלאכות. האָבן מיר, חלוצים, געטענהט: אויב אַלע פאָרן אָן הכשרה, פאַרוואָס זאָלן מיר אויך נישט פאָרן?

דאָס אַלץ איז געווען געשריבן אין פּראָטעסט־בריוו, וואָס איז אַוועק מהכא להתם, דירעקט אין צ.ק. קיין וואַרשע, עיר הבירה.

האָט מען דאָרט גערופן אַ זיצונג און באַשלאָסן, אויף אַלץ זיינען זיי מסכים, עת־לעשות — יאָ; עת־לבנות — יאָ; נאָר: הפרו תורתך — דאָס נישט. אויב זיי זאָלן מסכים זיין אויף דעם לעצטן, איז עתידה תורה להשתכח מישראל. נאָר, וואָס דען יאָ? — יעדער חלוץ וועט דאַרפן אַדורכגיין אַן עקזאַמען און אויב ער וועט אים אויסהאַלטן, וועט ער גלייך באַשטעטיקט און פאָרט עקספּרעס קיין ארץ־ישראל.

אין יעדן ראיאָן האָט מען צונויפגערופן אַזאַ מין „ועד ארבע ארצות", דאָס איז געווען אַ פאַרהער־קאָמיסיע, וואָס אין איר זיינען געווען פאַרטראָטן אַלע ריכטונגען אויף פּאַריטעטע יסודות, קיינעם, חלילה, נישט מקפּח געווען.

אין אַ געוויסן טאָג איז באַשטימט געוואָרן אַ גרופּע חברים, און איך בתוכם, זיך צושטעלן צו דער פאַרהער־קאָמיסיע אין זאַמאָשץ.

פאַרן עקזאַמען האָב איך זיך ווייניק געשראָקן. נאָך פון חדר בין איך געווען צוגעוווינט צו בחינות, ווען ר' טרייטל ע"ה פלעגט קומען אַלע שבת מיך פאַרהערן, דערצו האָב איך אָנגעהויבן מיין ציוניסטישע קאַריערע פון צעירי־מזרחי. כ'האָב געוווסט די שקלא־וטריא פון אַלע פאַר־

הרוביעשאָווער אויף הכשרה אין סקריצ'ין.



פון רעכטס: נח גערטל — דער ערשטער, פייגע דבורה איילבוים — די דריטע, שושנה יעבץ — די זיבעטע, מאיר האָלצער — דער אכטער, פאַר אים — דוד אבראַמאַנט, יוסף לעדערקרעמער — דער ניינטער, משה פרימער — דער צענטער. די איבעריקע פון ארומיקע שטעטלעך.

חלוצי הרובישוב בהכשרה בסקריצ'ין.

טייען, האָט דאָס מיך נישט געשראָקן, אדרבא איך בין געווען שש אלי קרב.

ליתר בטחון, האָב איך פאַרן פאַרהער דורכגעבלעטערט באָראָכאָווס „פּלאַטפאָרם", און נחמן סירקינס שריפטן, ס'שאַדט נישט.

אינדערפרי בין איך אַוועק קיין זאַמאָשטש אין לאָקאַל פון ראיאָן־קאָמי־טעט. ווי צו אַ רבין, אָדער ווי צו אַ פּריזיוו, להבדיל, זיינען געקומען חברים פון דער גאַנצער סביבה, פון קרילאָוו, לאַשטשאָוו, טישאָוויעץ, האַראָדלאָ און אַנדערע שטעט און שטעטלעך.

סוף־כל־סוף איז מיין ריי געקומען. מען האָט מיר פאַרהערט שתי וערב, אָן רחמנות, אַזאַ קרייז־פאַרהער האָב איך נאָך אין לעבן נישט געהאַט, מען האָט געפרעגט פון רעכטס און פון לינקס. איינער האָט גע־ענדיקט, האָט דער צווייטער אָנגעהויבן, אָבער מיך האָט מען נישט צע־טומלט, אַזוי ווי אַנדערע.

אָט, ווי איך האָב געענטפערט על ראשון — ראשון, ועל אחרון — אחרון.

די ערשטע פראַגע:

וואָס פאַר אַ חסיד איז געווען הרב יצחק יעקב ריינעס — אַ טריסקער אָדער אַ בעלזער?

תשובה: אַ מתנגד.

פראַגע: וואָס האָט דער כהן גדול געטאָן מיטן פעלעכל פון דער פרה אדומה?

תשובה: געמאַכט דערפון אַ פּאָר שטיוול.

פראַגע: וואָס האָט מען געטאָן מיט די צוויי הערנער פון דער פרה אדומה?

תשובה: געמאַכט צוויי שופרות: **איינעם פאַר משיח בן־יוסף, דער** צווייטער פאַר משיח בן־דוד.

פראַגע: וואָס פאַר אַ דאָקטאָר איז געווען הערצל, אַן אויגן אָדער אַ ציין־דאָקטאָר?

תשובה: נישט קיין ציין און נישט קיין אויגן־דאָקטאָר, נאָר אַן אַל־געמיינער דאָקטאָר, רופא חולי עמו ישראל.

פראַגע: צי האָט ד"ר הערצל געשפּילט אין טעניס און אויב יאָ, וואָס פאַר אַן אַנצוג האָט ער געטראָגן: אַ בלויען אָדער אַ שוואַרצן?

תשובה: ד"ר הערצל האָט געשפּילט אין טעניס און נישט געטראָגן נישט קיין בלויען און נישט קיין שוואַרצן, נאָר אַ ווייס־בלויען אַנצוג, לויט די פאַרבן פון דער ציוניסטישער פאָן.

דאָ האָט זיך אויסגעגאָסן אַ צופרידנקייט אויפן פּנים פון אונזער פאַרשטייער:

— דו ביזט אַ חברהמאַן.

און פּלוצלונג אַן אָנגריף, פונוואַנען איך האָב זיך ניט גערעכט:

— ווען האָבן זיך געשפּאָלטן די פועלי־ציון? — פרעגט דער פאַר־שטייער פון צעירי־ציון.

דאָס האָט מיך שטאַרק פאַרדראָסן. דו „צוצעק", ווי קומסטו מיך דאָס פרעגן, מה לכהן לבית־הקברות? איך בין אַוועק פון טיש, זאָל ער אַליין ענטפערן אויף דער פראַגע, און גלייך אַוועקגעפאָרן אַהיים.

ס'האָט לאַנג נישט געדויערט און איך האָב באַקומען אַ מעלדונג, אַז איך בין באַשטעטיקט געוואָרן עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל.

## פּראָטעסט־מיטינג קעגן די עליה־גזירות אין יאָר 1930

דינסטיק, דעם 2־טן טאָג שבועות, האָט ביי אונז געווילט דער חבר טיגער, וועלכער האָט ביי אַ פול געפּאַקטן זאַל רעפע־רירט א. ד. ט. דער פירבונד קעגן אַרבעטנדן ארץ־ישראל. די „רויטע" און דער „בונד" האָבן זיך געגרייט דעם רעפעראַט צו שטערן, אַבער דאָס האָט זיך זיי נישט איינגעגעבן. דער עולם האָט זיך ערנסט צום רעפעראַט צוגע־גרייט און דעם רעפערענט באַשאָנקען מיט אַפּלאָדיסמענטן.

באַלד נאָכן רעפעראַט האָט מען זיך גענומען גרייטן צום פּראָטעסט־מיטינג אונטערן פרייען הימל קעגן דער עליה־גזירה. צו דער באַ־שטימטער שעה האָט זיך צונויפגעזאַמלט אַן עולם פון פיר ביז פינף טויזנט מאַן. ביי אַן ערנסטער שטילקייט האָט דער חבר וואַקס־מאַן אין נאָמען פון פועלי־ציון קאָמיטעט דעם גראַנדיעזן מיטינג געעפנט. דער ערשטער האָט גערעדט דער חבר האָפּמאַן. ער האָט אויפגעקלערט דעם עולם די באַדייטונג פון דעם פּראָטעסט־מיטינג, און די שווערע לאַגע אין ציוניזם אין צוזאַמענהאַנג מיט דער לעצטער אימיגראַציע־גזירה פאַר חלוצים.

דערנאָך האָט גערעדט דער חבר טיגער, וועלכער האָט מיט זיין רעדע געהאַלטן דעם עולם אין שפּאַנונג. חבר טיגער האָט גע־רופן צו אַ פאַרשטאַרקטער אויפבוי־אַרבעט. ס'איז אויך איבערגעשיקט געוואָרן אַ גרוס אונזערע אָפּגעפאָרענע חברים קיין ארץ־ישראל. די „רויטע" מיטן „בונד" האָבן אויך דאָ גע־פּרווט מאַכן צווישנרופן, זיי זיינען אָבער פאַר־טרונקען געוואָרן אין ים פון קעפּ. נאָכן אָנ־נעמען די געהעריקע פּראָטעסט־רעזאָלוציע, האָט דער ח' וואַקסמאַן דעם מיטינג גע־שלאָסן, און דער ריזיקער עולם איז זיך פאַ־נאַנדערגעגאַנגען.

באַפרייאונגס אַרבעטער־שטימע, 4.7.1930

## לכבוד דעם 4־יעריקן יובל פון „פרייהייט"

לכבוד דער 4־יעריקער עקזיסטענץ פון אונזער „פרייהייט"־אָרגאַניזאַציע האָבן מיר באַשלאָסן איינצואָרדענען אַ פייערלעכן משפּחה־אָוונט. דעם 2־טן פעברואַר, 8 אָוונט, עפנט דער חבר קרעלנבוים דעם אָוונט אין לאָקאַל פון דער ברענער - ביבליאָטעק. חבר הובעל רעדט דאַן אַרום די באַדייטונג פון משפּחה־אָוונט. דער כאָר זינגט די יוגנט־שבועה. עס באַגריסן דאַן חבר וואַקסמאַן פון דער ראַטמענער־פראַקציע אין שטאָט־ראַט, חבר צימערמאַן פון דער ברענער־בי־בליאָטעק, חבר ציגעל פון שול־קוראַטאָ־ריום „תל־חי", חבר אבראַמאַנט פון דער ליגע, גערטל פון דער קאָמיסיע פאַרן יידיש־וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט. לידער, דע־קלאַמאַציעס און הויראַס פילן אויס דעם ערשטן טייל פון אָוונט.

דער צווייטער טייל ווערט געעפנט מיטן רע־פעראַט פון חבר פּאַלושקא וועגן אונזערע אויפגאַבן. ס'קומט דאַן פאָר אַן אַמעריקאַנער ליציטאַציע פון בוך „יזכור". ס'ווערט געלעזן די הומאָריסטישע צייטונג. ס'ווערט באַשלאָסן צו שיקן באַגריסונגען די חברים, וואָס האָבן אָנגעהויבן בויען די אָרגאַניזאַציע און זיינען היינט אין ארץ־ישראל, אַמעריקע און אין די החלוץ־קבוצים. 5 פאַרטאָג ווערט געשלאָסן די אינטערעסאַנטע פייערונג דורכן חבר האָפּ־מאַן.

„יוגנט־פרייהייט", וואַרשע, מאַי 1929.

# הערש פאכטער / מיר זאָרגן פאַרן קיבוץ

מגד

אין יאָר 1934 זיינען אין הרוביעשאָוו אַראָפּגעקומענע יוגנטלעכע און פאַרלייגט אַ קיבוץ.

קיין פאַבריקן זיינען אין הרוביעשאָוו נישט געווען, און דעריבער האָבן די יוגנטלעכע פון קיבוץ גענומען האַקן האָלץ. ליידער, גיבן נישט אַלע יידן דער יוגנט פון קיבוץ האַקן זייער האָלץ. אַ טייל זאָגן, אַז דאָס האַרץ טוט זיי וויי, ווען יידישע קינדער אַרבעטן שווער, אַנדערע זאָגן, אַז דער גוי אַרבעט בעסער און שנעלער. די בונדישע חברים זאָגן אָפן, אַז זיי ווילן נישט שטיצן קיין יוגנט, וואָס וויל פאָרן קיין ארץ־ישראל.

דער קיבוץ ווענדעט זיך צו דער ליגע פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל, וווּ איך בין געווען פאָרזיצער ביזן אויסברוך פון וועלט־קריג.

אויף דער ערשטער זיצונג איז געשאַפן געוואָרן אַ פּאַטראָנאַט פון די פּערזאָנען: שמואל בראנד, דוד טענענבוים, לייבל זובערמאַן, משה יהודה מערנשטיין און איך אַלס אָנפירער פון דער ליגע.

אונזער אויפגאַבע איז געווען: שאַפן אַרבעט, באַזאָרגן מיט אַ בעסערע דירה, פירן אַ פּראָפּאַגאַנדע צווישן דער יידישער באַפעלקערונג, אַז מ'זאָל זיך באַציִען צו זיי, ווי צו אייגענע קינדער.

איך האָב גערופן אַ זיצונג פון. דער ליגע און אויפגעפאָדערט, אַז יעדער חבר זאָל פירן אַן אויפקלערונגס־אַרבעט אין דער היים, אַז ביי יעדער אַרבעט זאָל מען באַשעפטיקן די קינדער פון קיבוץ.

אין געציילטע טעג האָט זיך די לאַגע פון קיבוץ געענדערט צום בעסערן, אָבער צום אמתן גוטן איז נאָך געווען ווייט.

אַלס עקספּעדיטאָר האָב איך אָנגעהויבן באַווירקן די באַן־אַרבעטער צוצולאָזן די יוגנטלעכע פון קיבוץ צו דער באַן, ווען זיי האָבן צופיל אַרבעט. אויך ביי מיר אין מאַגאַזין אויף דער באַן האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן קיבוצניקעס.

אונזער שטאָט האָט זיך גערעכנט פאַר אַ ציוניסטישער. אפילו רעליגיעזע יידן זיינען אויך געווען ציוניסטיש געשטימט. אחוץ אונזערע ציוניסטישע פּאַרטייען מיט די יוגנטלעכע אָרגאַניזאַציעס, האָט אויך אונזער שול געהאַט אַ באַדייטנדיקע השפעה אויף דער יידישער באַפעלקערונג. אַלע צוזאַמען האָבן באַווירקט, אַז די באַפעלקערונג זאָל זיין סימפּאַטיש צום קיבוץ.

## כ'באַזאָרג דעם קיבוץ מיט פלייש

איך האָב באַזוכט יעדן טאָג דעם קיבוץ און אויסגעפרעגט אַלע איינצלהייטן. כ'האָב איינגעזען, אַז טראָץ אַלע גליקן לעבן זיי אָן אָרעם לעבן, און זיי וועלן ביים זייער בעסטן ווילן ניט קענען לאַנג אַרבעטן פיזיש.

אויף אַ זיצונג פון פּאַטראָנאַט האָב איך איבערגעגעבן, אַז כ'האָב פאַרטראַכט אַ פּלאַן, ווי זיי צו פאַרזאָרגן מיט אומזיסטן פלייש. די פאָרשטייער פון פּאַטראָנאַט האָבן געלאַכט. ווי איז דאָס מעגלעך? איך האָב זיי אויפגעקלערט, אַז דער אָפּצאָל פון אַ געשאָכטן קעלבל פאַרן מאַגיסטראַט און דער קהילה איז זייער גרויס. וועל איך זיך באַמיען, אַז מ'זאָל זיי באַפרייען פון די אָפּצאָלן. די אונטערשטע פלייש, וואָס יידן עסן ניט, וועל איך פאַרקויפן און דאָס וועט דעקן די הוצאות פון געקויפטן קעלבל און די קינדער פון קיבוץ וועלן האָבן יעדע וואָך פלייש אָן געלט.

מיין פּראָיעקט איז באַשטעטיקט געוואָרן. כ'האָב זיך באַמיט, אַז די צוויי פאָרשטייער פון פּאַטראָנאַט שמואל בראנד און דוד טענענבוים זאָלן אַדורכפירן אין קהילה אַ רעזאָלוציע, וואָס זאָל באַפרייען דעם קיבוץ פון שחיטה־אָפּצאָל. דערפאַר האָב איך זיך פאַרפליכטעט, אַז איך וועל זאָרגן, אַז די פיר יידן, וועלכע האָבן אָפּגעדונגען דאָס שעכט־הויז פון מאַגיסטראַט, זאָלן יעדע וואָך שענקען די שטייערן פון שעכטן אַ קעלבל.

די פיר יידן זיינען געווען: מיין טאַטע, יהודה פאכטער, אהרן לערער, יוזעף צימעט, און מאטע צימעט ז"ל.

איך האָב זיך פאַרשטענדיקט מיט מיין טאַטן עליו־השלום, און ער האָט מיר צוגעזאָגט באַווירקן זיינע שותפים מיטן באַדינג, אַז דער קיבוץ זאָל עסן נאָר כשר פלייש.

מיט דעם באַדינג האָבן מיר געוווּנען די סימפּאַטיע פון אַלע קצבים. זיי האָבן זיך געפרייט, אַז דער קיבוץ פירט זיך יידישלעך און כשר. מיט פרייד האָט יעדע וואָך אַן אַנדער קצב געטרייבערט דאָס געשאָכטן קעלבל.

אַז די קיבוצניקעס זיינען געוואָרן זאַט, האָט מען זיי שטענדיק געטראָפן מונטערע און פריילעכע.

## מיר עפענען אַ מצה־בעקעריי

דוד טענענבוים ז"ל, פון די אַלגעמיינע ציוניסטן, איז פון מיין פּלאַן אַזוי באַגייסטערט געוואָרן, אַז ער איז געווען גרייט צו טאָן, וואָס כ'וועל אים הייסן. כ'האָב אים פאָרגעלייגט זיך באַמיען קריגן פאַרן קיבוץ עלעקטרישע באַלייכטונג אָן געלט. דוד טענענבוים האָט דאָס בשלמות אויסגעפירט.

שפּעטער איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק, אַז מיר דאַרפן באַצייטנס זאָרגן פאַרן קיבוץ אויף פּסח. געהערט האָב איך, אַז מצה־בעקער ווילן מאַכן אַ קאַרטעל. כ'האָב געשיקט רופן דוד טענענבוים, דעם איינציקן, וועלכער איז אחוץ מיר געבליבן טריי דעם קיבוץ און האָט זיך שטענדיק וואַרעם אָפּגערופן. כ'האָב אים פאָרגעלייגט ער זאָל זיך פאַרשטענדיקן מיט די מצה־בעקער, מ'זאָל עטלעכע חברים פון קיבוץ צונעמען צו דער אַרבעט.

די הויפּט־בעקער, יענקל שווארץ און פסח בעקער, האָבן פאַרזיכערט עטלעכע ערטער פאַרן קיבוץ. ווען די חברים פון קיבוץ זיינען אָבער געגאַנגען געוואָר ווערן, ווען מען הויבט אָן אַרבעטן, האָבן די הויפּט־שותפים זיך אויסגעלאַכט, מ'דאַרף זיי נישט האָבן. איך האָב זיי גלייך דערקלערט, אַז איך וועל פאַרן קיבוץ עפענען אַ מצה־בעקעריי מיט אַלע מאַשינען, וועלכע זיינען נויטיק און לייזן פאַר מצה מיט 10 גראָשן ביליקער.

די מצה־בעקער האָבן אַזוי געלאַכט, אַז כ'הער נאָך היינט זייער געלעכטער. זיי זיינען געווען זיכער, אַז זייער שותפות איז געזיכערט דורכן רב, וועלכער האָט אויסגערופן אין אַלע בתי־מדרשים, אַז זיין השגחה וועט ער אויסאיבן נאָר איבער די בעקערייען פון יענקל שווארץ און פסח בעקער מיט זייערע שותפים. איך פרעג טענענבוים ז"ל, וואָס זאָגט ער דערצו, ענטפערט ער:

— ס'איז פאַרשפּילט, מ'וועט גאָרנישט קענען מאַכן.

איך לייג פאָר מיר זאָלן רופן אַ זיצונג פון פּאַטראָנאַט, אפשר וועלן אַלע צוזאַמען עפּעס אויפטאָן. טענענבוים לאַכט. דער פּאַטראָנאַט טוט נישט קיין קלענערע זאַכן, וועט ער אין ערנסטע זאַכן אוודאי גאָרנישט אויפטאָן.

וואָס שייך פּאַטראָנאַט, איז טענענבוים געווען גערעכט, אָבער וואָס שייך די מצה־בעקעריי, האָב איך באַשלאָסן אַליין מיט מיין פאַרשטאַנד און מיט מיין געלט די זאַך צו דערליידיקן. כ'האָב געגלויבט, אַז דער ענין וועט געלונגען, דער קיבוץ וועט גוט פאַרדינען, אָפּשפּאָרן אַ ביסל געלט און דערצו נאָך אַמאָרטיזירן די מאַשינען. גלייכצייטיק וועלן די מצות־אונטערנעמער באַקומען אַ לעקציע נישט חוזק צו מאַכן פון קיבוץ.

אין דער זעלבער נאַכט בין איך אַוועק צו די שפּיליטערן, וועלכע פלעגן ברענגען סחורות פון וואַרשע, און געהייסן ברענגען מאַשינען צום קנעטן מצות און באַלד געגעבן האַנט־געלט. גלייכצייטיק האָב איך געבעטן אונזער חבר, ראובן עקשטיין, ער זאָל מיך פאַרבינדן מיט זיין טאַטן, מאָטל, ער זאָל אונז פאַרדינגען זיין בעקעריי אויף מצות.

אדאנק זיין זון האָט ער זיך מיט אונז פאַרבונדן, כאָטש ער איז געווען

אַ שותף אין קאַרטעל. ער האָט זיך, אגב, גוט געהייסן באַצאָלן פאַר דער שטוב — אַ דריטל פון רווח.

איך האָב אים אַלץ נאָכגעגעבן און אונזער געשעפט איז געמאַכט געוואָרן. מעל האָב איך ניט געקענט קויפן אין הרוביעשאָוו, האָב איך עס געקויפט אין קרילאָוו, ביי דער פאַרמיטלונג פון ביידע ברידער י ש ר א ל און מ א י ר ש י ל ע ר.

אין משך פון דריי טעג איז אַלץ געווען פאַרטיק: די גרויסע שטוב פון מ אָ ט ל ע ק ש ט י י ן, אַלע מאַשינען און דאָס מעל. נאָכהער האָב איך געלאָזט אויסרופן אין אַלע בתי־מדרשים, אַז דער קיבוץ באַקט מצות און אַלע רעליגיעזע יידן קענען קומען אָנקוקן די כשרות, די ריינקייט און אַז דער פרייז איז ביליקער מיט 10 גראָשן אויפן קילאָ.

אונזערע חברים פון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן געבעטן אין די היימען, אַז מ'זאָל קויפן מצות נאָר אין בעקעריי פון קיבוץ. עלטערן וועלכע האָבן נישט געוואָלט קויפן די מצות פון קיבוץ, האָבן זיי די קינדער דערקלערט, אַז זיי וועלן יום־טוב נישט זיין אין דער היים.

ערשט נאָכהער האָט דוד טענענבוים מודה געווען, אַז ער האָט נישט געגלויבט אין מיין פּלאַן, אָבער ער איז געלונגען, ווי איך האָב פאָר־אויסגעזען!

די מצה־בעקעריי האָט אָפּגעצאָלט פאַר די אַרבעטס־טעג, פאַר דער דירה, און מיר האָבן פאַרטיילט דעם רווח צווישן קיבוץ און מאָטל עקשטיין. אפילו די מאַשינען זיינען אַמאָרטיזירט געוואָרן.

דער פּרעסטיזש פון קיבוץ איז געוואַקסן אין די אויגן פון דער באַפעלקערונג, אָבער דאָך האָט אַ געוויסער טייל פון דער באַפעלקערונג געהאַסט דעם קיבוץ, צוליב דער ווילדער העצע פון בונד.

דער בונד האָט זיך ניט באַנוגנט מיט באַקעמפן דעם קיבוץ אידעאָלאָגיש, נאָר ער האָט אויך געהעצעט די פּוילישע און אוקראַינישע האַלצ־העקער צו פאַרטרייבן דעם קיבוץ פון האָלץ־האַקן.

כ'האָב זיך דאַן געווענדעט צו מיין חבר מ ש ה ה ע ר מ אַ ן, וועלכער איז געווען פּערזענלעכער סעקרעטאַר ביים אַדוואָקאַט ש ו ו י אָ נ ט ק אָ ו ו ס ק י, פון פּ.פּ.ס. לויט משה הערמאַנס ווירקונג איז ער געקומען קיין הרוביעשאָוו און מיר האָבן אין לאָקאַל פון „פרייהייט" איינגעאָרדנט אַ חברישן שמועס מיט די האָלץ־העקער.

שוויאנטקאָווסקי האָט אויפגעקלערט די באַדייטונג און די צילן פון קיבוץ און סוף־כל־סוף האָבן די גוישע האָלץ־העקער פאַרשטאַנען, אַז די יידישע קינדער פון קיבוץ אַרבעטן ביי יידן און פון דאַן האָבן זיי אויפגעהערט באַפאַלן די קיבוצניקעס. די האָלץ־העקער האָבן אָבער ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס העצעט זיי דער בונד, זיי זיינען דאָך אויך יידן?

דער קיבוץ האָט געבליט און פיל פון זיינע חברים האָבן זוכה געווען עולה צו זיין מיט דער עליה א' און ב'.




ערשטע שורה — פון רעכטס אויף לינקס: **יהושע ציגעל**, — — **וואַקסמאַן**, **דוד לינדענבוים**, **לייבל פינקעלשטיין**, **בערל ענג**, **לייבל ציפּעל**, **שלמה וואַלדמאַן**, **שיינדל** קליינער, פערל רויטער, רוזשקע עסיג, משה — — —, ביילע קלינגעלי — — —, מענדל מאַסקאַל, חיים מאָרגנשטערן, ישעיהו גערטל, **יאשע האָפמאַן**. צווייטע שורה: רבקה הורביץ, רחל ווערטמאַן, שלמה לופּט, — — —, דוד העכט, איטשע שמש, פעשע קליגער, **בלומע צווייליך**, — — —, בערל פּראָסט, — — —, **ביילע פייל**, **פייגע דימענטשטיין**, **איטשע וויינבערג**, **אברהם בוכטרעגער**, משה וואַלדמאַן, ישראל ענג, יידל שרויט. דריטע שורה: **חיים קליגער**, נחמן דיקלער, גיטל דימענטשטיין, **ברײַנדל גרובער**, אסתר בעכער, חיה רייס, ראובן כץ, — — —, טובה ראַזנבערג, פּסח פריד, מענדל כריד, מענדל פייל. פערטע שורה: — — —, — — —, פּראָסט, ברײַנדל ווערטמאַן, מענדל **גאָלדשטיין**, **חיה בעכער**, אסתר מערנשטיין פייגע פוטער, פייגע בוכטרעגער, לייבל ענגלסבערג, חייקה גאָלדבערג, הערשט שטאָקהאַמער, יעקב איידלשטיין, — — אלט, **יהושע** **האַרפּין**, ראובלע עקשטיין, — — קליינער, אסתר שולדינער, — — פריד, ביילע שרויט. פינפטע שורה: — — —, ישראל דימענטשטיין, יהושע באַראַוויטש, **דער לערער מאַריין**, אליהו גערטל, שמעון גלאַזבערג, שרה פרימער, זישע מאָרגנשטערן אוריש ראַפּ. זעקסטע שורה: **מאיר געדולדיג**, — — —, **חיים נרינבערג** חיה כהן, **אסתר ליכטנשטיין**, **יוסף פלאַקס**, ישראל בויגן, שרה לופּט. לעצטע שורה: ביילע פייל, רייזל כץ, — — —, הערש סאַס, פערל צימערמאַן, מאיר גרינבערג, — — —, קירזשנער, — — —.

# די ציוניסטיש־סאציאליסטישע יוגנט —

החוג על שם ב. בורוכוב בתנועת הנוער „פרייהייט" בהרובישוב בשנת 1927.

דער באָראָכאָוו־קרייז אין דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „פרייהייט".



הועד הראשון של „פרייהייט" בשנת 1924. ערשטער פרייהייט־קאָמיטעט אין יאָר 1924.
שטייען פון רעכטס אויף לינקס: משה ציגעל, הערש אַדער. זיצן: יענקל טשעכאָוויטש, זלאַטע גערטעל, אברהם פייער, יוסף פויגעל, רישע ביטערמאַן און איציק האַז.



קבוצת „פרייהייט" בשנת 1924. א גרופע „פרייהייט" אין יאָר 1924.
שטייען פון רעכטס אויף לינקס: הירש סאַס, אברהם ציגעל און יוסף מאיר לערער.
זיצן: יוסף קרעלנבוים (אלמוגי), לאה לעדערקרעמער, עלקאַ איילבוים און ישראל זאַק.

# ארגאניזאציע פרייהייט אין הרוביעשאוו



**נ. סירקין־קרייז ביי דער „פרייהייט" אין יאָר 1927.** **החוג על שם נ. סירקין בשנת 1927.**

שטייען — אויבן — ערשטע שורה פון רעכטס אויף לינקס: **יוסף קרעלנבוים (אלמוגי), יצחק פייער, לאה גרינער, רבקה זייד, בעריש האָז, יאַנקל שער, עלקע איילבוים, און דאַטשע לינדענבוים.** צווייטע שורה — שטייען: **בן־ציון גיזוערץ, יאָסל שרויט, מאַטעלע, יהושע בערגער, אברהם פויגעל, גיטל פיינטוך און שמואל קאַם.** דריטע שורה — זיצן: **הערש סאָס, לאה ראַפּ, ישראל ריטאָוו (אַ גאַסט דאַן), לערער אליעזר פאַליושקאַ, יוכבד ראָזענבערג און יוסף מאיר לערער.** לעצטע שורה — אונטן: **אברהם בוכטרעגער, אברהם ציגעל, שמעון ווערטמאַן, מאיר פלאט און חיים הארפין.**



**תנועת הנוער „פרייהייט" בהרובישוב מלוה חברים העולים ארצה בשנת 1933.** **„פרייהייט" געזעגנט חברים עולים.**

ערשטע שורה, פון רעכטס אויף לינקס: **דוד העכט, אברהמלע וויינטראב, אברהם אייכנבלאַט, בערל פראָסט, דבורה ריז, איטשע עפשטיין,ביילע פויל, שמואל פלאַקס, משה לוסקער, לייבעלע ציפעל.** צווייטע שורה: **אסתר שולדינער, באַשע אייזן, איטע וועלער? בעקער? דעק? בינה גייסט, משה קאַם, — — — צוקערמאַן, אסתר ליכטנשטיין קאהן, וויינריב, — — —, חנה פריד, אברהם פאפ, שרה לופט, דוטשע לינדענבוים, פערל צימערמאַן, טשערנע גייער.** דריטע שורה: **גיטל וואַלדמאַן, — — — וואקכמאַן, פעשע נירנשטיין, שרה גאלדבערג, — — — גאָלדשטיין, אברהם גערטל, סימע קירזשנער, חנהטשע וויינטראב, יודל צימערמאַן, שרויט.** פערטע שורה: **הערש סאַס, יהושע ציגעל, יונה לאַנגער, מענדל מאַסקאַל, רבקה — — —, פערל קויפמאַן, בן־ציון רעטיג, רויזע פייל, רייזל — — —, מאַשע נאָדל, פרידע דימענטשטיין, חיים קלוגער, שלמה וואַלדמאַן,** פינפטע שורה: **רייזל קאַץ, איטשע שמש, בן־ציון לעוו, בערל פראָסט, משה ציגעל, אליהו גערטל, מיטשע האָפמאַן, דער לערער מאַריין, רחל פראָסט, רחל — — —,** לעצטע שורה: **יוסף חיים פייל, רבקה פייל, הדס לערעך, ישעיהו זייד, פייגע ציגעל, אברהם סופר, פייגע בוכטרעסער, פערל טייטלבוים, שיינדל זילבערשטיין.**

# דוד צימרמן / פ ו ע ל י ־ צ י ו ן – צ. ס.

גבעתיים



דוד צימרמן

ירחד הלב ותדמע העין לכתוב על הרובי־שוב, שהיתה ואיננה עוד, העיר בה נולדתי וישבתי עד שנת 1930, שנת עלייתי ארצה.

אכתוב על התקופה הדינמית בהרובישוב, עת קמה ופעלה תנועת פועלי־ציון־צ.ס. ליד ה־„פרייהייט" ו„החלוץ".

בעיני רוחי אני רואה את יהודי עירי, יהודים טובים, עממיים שמתוכם גדלו והתפתחו תנועות הנוער החלוציות בעיר.

הרובישוב היתה אדוקה במסורת. בשבתות ובחגים היתה העיר רוויה אוירה של תורה ותפי־לה. בני תורה למדו בעצמם ואלה שלא ידעו — העמידו לעצמם דרשן, שהסביר את דברי התורה במשל ובמליצה.

## מקורות פרנסה

יהודי הרובישוב התפרנסו ממקורות שונים. רבים התקיימו קיום עלוב על רוכלות ותווך. מספר מועט של יהודים התפרנס ברווח.

אולם היו גם יהודים, שהתקיימו על עבודה גופנית קשה. בעבודתם ובאורח־חייהם עצבו יהודים אלה חטיבה מיוחדת בנופה של העיר. אזכיר בזה את שואבי־המים, בעלי האסל והדליים המשתלשלים מעל כתפיהם, שהיו נחפזים לשאוב מים מהנהר, או מהבאר, בקיץ ובחורף מדמדומי בוקר ועד חשכה.

במרכז השוק בלטה קבוצת סבלים, אנשים רחבי־גרם, בעלי־כתפים רחבות ושרירים דרוכים. הסבלים היו מאורגנים ולא נתנו לפרוץ פרץ בשורותיהם ולהתחרות בשכר עבודתם.

היו בעלי־עגלה מסוגים שונים. בעל־עגלה שפרנסתו היתה על סוס דל, נפול־צלעות ועגלה עלובה. עגלון כזה היה עומד לו בצדי השוק עמידה דלה, מוכן ומזומן להעביר סחורה ממקום למקום תמורת פרוטות. היו גם עגלונים ולהם סוסים „אריות", רתומים לעגלות־משא כבדות, מיועדות להובלת סחורות לערי הסביבה. בעגלות אלו עבד על־פי־רוב אב בעל־נסיון יחד עם בניו החסונים.

היו בעיירה גם עשרות יהודים בנאים, שכל מכשיריהם היו: גרזן ומשור, וללא כל מכונה ידעו לבנות בתים לתושבי העיר וגם לאכרים בסביבה. היו, כמובן, גם חייטים, תפרים, כובענים, פחחים. רבים מאותם בעלי־המלאכה העסיקו פועלים שכירים ונערים שוליות.



הועד למען א"י העובדת בשנת 1928. דער ועד פון דער ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן א"י.
עומדים: יהודה הופמן (פרייהייט) פנחס מער (השומר־הצעיר). יושבים: יחיאל וינטרויב (פרייהייט), מוטל שפילר (פוע"צ)׳ יוכבד פכטר (השומר־הצעיר), נח גרטל (פועלי־ציון).

יהודי הרובישוב מצאו בסוג עמלים אלה את מגיניהם הטבעיים בעת צרה. שנה־שנה, בראשית הסתיו, היו חייבי־גיוס מתיצבים לצבא ולא פעם „התחשק" להם לנסות כוחם ולהתעלל ביהודי המקום. לפעמים, גם ביום־שוק היו גויים, בעלי זרוע, שותים לשכרה, נטפלים ליהודים ומציקים להם. במקרים אלה היו היהודים העמלים נחלצים לעזרה, מרביצים לפורעים ואלה נסים בבהלה. לעזרת אנשי העמל היה מצטרף הנוער היהודי, ולפעמים נלוו אליהם יהודים משכבות אחרות, לאחר שנוכחו שהגוי־הבריון הוא בעצם פחדן ונרתע בפני כח.

## הנוער מציץ למועדון ציוני

ההורים, שרובים היו אדוקים, הקפידו שבניהם לא יבואו במגע עם אנשי מפלגות ודרשו מהבנים שילכו „בדרך הישר". כל שינוי בתלבושת היה נחשב לפשע. בחור, שלבש מעיל קצר במקום המעיל הארוך והמסורתי, או שחבש כובע מודרני במקום הכובע המקובל, גורש מהשטיבל. עם זאת, מצאו רבים מהנוער את דרכם לתנועה הציונית. נודע להם, שקיים בעיר מועדון של צעירי־ציון בשם „התקוה" ובערבים היו באים למועדון ומקבלים חומר־קריאה מידי איש־התנועה, החבר י. שוכמן (כיום בירושלים).

במשך הזמן התחילו לבוא למועדון גם בשבתות ולשמוע הרצאה על נושא ספרותי מפי החבר ב. ינובר (כיום בתל־אביב) ולהקשיב לוכוחים לאחר ההרצאה.

## העליה החלישה את הפעולה במקום

ילדי ישראל בהרובישוב למדו ברובם בחדרים המסורתיים, אולם היה קיים בעיר בית־ספר עברי מיסודו של „תרבות", שקבל את חניכיו מהחלק המתקדם של יהודי העיר.

בעזרתם של הציונים הכלליים התארגן מבין תלמידי בית־הספר קן של „השומר־הצעיר". ההסתדרות הציונית המקומית ראתה בקן ילד טפוחה. רבים מחברי הקן עלו ארצה. יצויין בזה, שהעולה הראשונה מנערות הרובישוב, החברה גילה כהן, שעלתה בשנת 1924, היתה חברה בקן „השומר־הצעיר". אחרי תקופה מסויימת של פעילות ציונית עלה ארצה רוב החברים והעבודה במקום נחלשה.

מפלגת פועלי־ציון בהרובישוב היתה מפלגה בעלת יזמה. היא יצרה קרן לעליה, כדי לעזור לחברים שעמדו לעלות ואין להם האמצעים הדרושים לכך.

## מאיר הופמן מיסד פועלי־ציון

נוצר חלל ריק. מפלגות ה„בונד" והקומוניסטים נצלו את המצב והקימו בעיר אגודות מקצועיות והצליחו לגייס תחת דגלם חלק מהנוער הבלתי־מקצועי. אולם המציאות של חיי גלות מנוונים איכזבה את הנוער והוא דרש פתרון רדיקלי לבעיות עתידו.

באותה התקופה הגיע מרוסיה החבר מאיר הופמן (כיום בקבוץ שפיים) ועם בואו החלה תקופה פוריה בעבודת התנועה החלוצית. ביזמתו נוסדה מפלגת פועלי־ציון, שהתאחדה אחר כך עם מפלגת צ.ס. החבר מאיר הופמן ליכד את הנוער המקומי מסביב לפועלי־ציון ובמוסדות העיר התגברה השפעת המפלגה.

באסיפה הכללית של קוראי הספריה, אשר ליד בית־הספר „תרבות", נבחר ועד ובו רוב לפועלי־ציון. הספריה נקראה על שם י. ח. ברנר. במועדון פועלי־ציון התקיימו שיחות, בהן לובנו נושאים ספרותיים ופוליטיים. נערים ונערות, יוצאי בתים אדוקים, הקשיבו לנאמר בשיחות ורכשו מושגים חדשים על עם ואדם. הם התחילו לרקום את עתידם ברוח הרעיונות

# ברוך דוד צימערמאַן / די טעטיקייט פון אגודת־ישראל

בני־ברק

**א**ונזער שטאָט הרוביעשאָוו איז געלעגן ביי די גרענעצן פון אַמאָליקן עסטרייך, רוסלאַנד (וואָלין) און אַליין געהערט צו קאָנגרעס פוילן. דאָס האָט זיך אויך אָפּגעשפּיגלט אין דער חסידישער באַוועגונג אין שטאָט. אַזוי למשל, האָט געווירקט עסטרייך מיט דער חסידות פון ריזשין (טשאָרטקאָוו־הוסיאַטין) און בעלז, רוסלאַנד מיט טשערנאָבילער חסידות — לעצטנס טריסק, און די פּוילישע חסידות — קאָצק־ראַדזין.

## די השפּעה אין שטאָט

אין די צייטן פון טריסקער מגיד הרב ר׳ אברהם זצ״ל איז די גאַנצע שטאָט געשטאַנען אונטער זיין השפּעה. אָן דעם מגידס רשות איז אין שטאָט גאָרנישט געטאָן געוואָרן. האָט מען געזוכט אַ רב, אַ שוחט, אָדער אַנדערע ענינים שבקדושה, האָט מען געמוזט פריער פרעגן ביים מגיד. נאָכן מגידס פּטירה האָבן זיינע זין איבערגענומען די פירערשאַפט. איינער האָט זיך גערופן דער טריסקער רבי, ר׳ יעקב לייבעלע, דער צווייטער איז געווען קעלצער־קוזמירער רבי, הרב ר׳ מאָטעלע, מחבר פון ספר „מאמרי מרדכי״.

אין זייער צייט איז ביי אונז אין שטאָט אַ ביסל אָפּגעשוואַכט געוואָרן די טריסקער השפּעה, אַזוי אַז די איבעריקע חסידים האָבן שוין אויך געהאַט רעכט עפּעס צו זאָגן. אַזוי, למשל, זיינען שוין די שוחטים איינגעטיילט געוואָרן לויט די חסידים־שטיבלעך. אַ חוץ ראַדזין האָט יעדעס שטיבל געהאַט זיין שוחט (ס׳קען זיין, אַז די סיבה וואָס ראַדזין האָט נישט געהאַט קיין שוחט איז דער חטא פון תכלת). דער חזן אין שול איז אפילו געווען אַ ראַדזינער חסיד, ר׳ מאטע חזן, נאָר דאַוונען אין שול האָט ער געמוזט אין אַ טלית אָן תכלת.

## דער חינוך אין יענער תקופה

אין דער תקופה פון מגיד און שפּעטער איז דער יסוד פון דערציאונג געווען דער חדר. ווען אַ קינד איז אַלט געוואָרן 3 יאָר, האָט מען אים איינגעוויקלט אין אַ טלית און מיט גרויס שמחה געבראַכט אין חדר.

ווען דאָס קינד איז אַלט געוואָרן 5 יאָר, האָט עס אָנגעהויבן לערנען חומש, דערביי האָט מען געמאַכט אַ גאַנצע שמחה, יעדע משפּחה לויט אירע מעגלעכקייטן.

צו 7 יאָר האָט שוין דאָס קינד געלערנט גמרא און אַזוי ביז בר־מצוה. נאָך בר־מצוה, ווען דאָס יינגל האָט שוין פאַרשטאַנען אַליין צו לערנען, איז ער אַריין אין שטיבל: דאָס חסידים־שטיבל איז געוואָרן דער הויפּט מחנך פון יינגל, ווו ער האָט ממשיך געווען ביז צו דער חתונה, אויסער די יינגלעך, וועלכע זיינען נישט געווען פעיק צום לערנען, אָדער זייער מצב האָט דאָס נישט דערלויבט. די בחורים האָבן ביי 15—16 יאָר פאַרלאָזן דאָס שטיבל, ווער פון זיי ס׳האָט געלערנט אַ פאַך, און ווער ביי מסחר.

די חסידים־שטיבלעך זיינען געווען פול מיט יינגערע און עלטערע בחורים, יונגעלייט אויף קעסט און אַזוי אַרום איז דערצויגן געוואָרן אַ רעליגיעז־חסידישער דור. אַזוי האָט זיך עס געפירט אין אַלע שטיבלעך, נאָר אין טריסקער שטיבל מער, ווי אומעטום.

## דאָס אַנטשטיין פון אגודת־ישראל

אין יענער צייט האָט, כמעט, קיין איין ייד ביי אונז אין שטאָט נישט געזאָרגט פאַרן חינוך פון זיין זון. אַלץ איז געגאַנגען אויטאָמאַטיש אין חדר און פון חדר אין שטיבל. די איינציקע זאָרג איז געווען, ווו נעמט מען געלט צו צאָלן שכר־לימוד ביז דאָס יינגל וועט אַריינקומען אין שטיבל.

די בחורים אין שטיבל האָבן נישט נאָר געלערנט, נאָר זיי האָבן זיך אויך פאַרנומען מיט אַנדערע זאַכן, ווי תיקון ספרים און תמיכה. ד.ה. יעדע וואָך פלעגן אַרויסגעשיקט ווערן פאָרלעך בחורים צונויפזאַמלען געלט פאַר אַן אָרעמער משפּחה, אָדער פאַר מתן־בסתר.

אַזוי האָט עס זיך געפירט דורות לאַנג. אַ גרויס ענדערונג איז געשען אין צוזאַמענהאַנג מיט די 2 גרויסע געשעענישן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה: די באַלפור דעקלאַראַציע און די קאָמוניסטישע רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. מאַסנווייז האָט די יוגנט פאַרלאָזן די חסידים־שטיבלעך. אַ גרויסער טייל איז אַוועק צום ציוניזם און אַ טייל צום קאָמוניזם.

דאָס טריסקער שטיבל איז אין גאַנצן ליידיק געוואָרן. דער קול־התורה, איז לחלוטין, שטיל געוואָרן. אויך אין הוסיאַטינער שטיבל איז דער קול־התורה שוואַך געוואָרן, געצאַנקט, ממש, ביז פאַרלאָשן צו ווערן. אין שטאָט האָט זיך שוין געפירט אַ טעטיקייט פון אָרגאַניזאַציעס למיניהן.

אין דער קאַטאַסטראָפאַלער צייט פאַרן רעליגיעזן יידנטום איז דערשינען ביי אונז אין שטאָט דער רעיון אָנצושליסן זיך אָן אגודת־ישראל און אָפּצוראַטעווען, וואָס ס׳לאָזט זיך נאָך.

## אין בוידעם שטיבל ביי ר׳ יודעלע שוחט ז״ל

ר׳ יודעלע שוחט (שטאָקהאַמער) ז״ל, אַ טשאָרטקאָווער חסיד, געדאַוונט אין הוסיאַטינער שטיבל (ווייל טשאָרטקאָווער און הוסיאַטינער חסידים האָבן געהאַט ביי אונז אין שטאָט איין שטיבל) איז געווען אַ ייד אַ תלמיד־חכם, אַ חוקר, אַ גרויסער חסיד מיט אַ שאַרפן מוח און דערצו אַ גרויסער עניו. אַ ייד, וואָס דער „איך״ האָט ביי אים נישט עקזיסטירט. איבערגעגעבן נאָר פאַר יענעם, און אַזוי האָט ער דערצויגן זיין משפּחה, וואָס איז באַשטאַנען פון 3 זין, 2 טעכטער און אַן אַלטן פאָטער ר׳ וואָלף. חסידים פלעגן זאָגן, אַז דרך־ארץ דאַרף מען האָבן נישט פאַר ר׳ יודלען און זיינע זין נאָר אפילו פאַר זיינע טעכטער, וועלכע קענען לערנען, כמעט ווי די זין.

זיין שטוב איז געווען אָפן. ווו אַ סעודהלע, אַ יאָר־צייט פון אַ רבין, סעודת־ראש־חודש, אָדער סתם אַ קידוש, שבת נאָכן דאַוונען, איז עס געווען נאָר ביי ר׳ יודלען אין שטוב.

איך געדענק, אַ שבת פאַר קידוש האָט ר׳ יודעלע געשיקט רופן זיין שכן, אַ שניידער, אַ גבאי אין דער שול. ווען דער שכן איז אַריינגעקומען, האָט ר׳ יודל אים געמאַכט אַ גרויסן ברוך־הבא, ווי דער שטייגער אין יענער צייט פאַר אַן אדם חשוב. רופט זיך אָפּ דער שכן — דער שניידער:



אגודת־ישראל אין הרוביעשאָוו נעמט אויף אַ גאַסט.
זיצן: הערמאַן יעקב, דיקלער שמואל לייב, דער רב און זיין גבאי וואָס האָבן באַזוכט הרוביעשאָוו, א. זילבערבערג, משה הערמאַן. שטייען: יוגנטלעכע פון אגודת־ישראל.

— ר׳ יודעלע, וואָס מאַכט איר פון מיר אַזאַ צימעס, ווי קום איך צו אייך? איך בין דאָך אַ שניידער און איר ר׳ יודל — אַ שוחט. רופט זיך אָפּ ר׳ יודעלע מיט זיין תמימות:

— פאַרשטייט, ר׳ דוד, איר זיינט אַ שניידער און איך בין אויך אַ שניידער, כ׳שנייד עופות. אייך איז אָבער ווילער פון מיר, איר שניידט אַ שטיק סחורה, אַ דומם, ווייסט איר וואָס איר שניידט. איך דאַגעגן, שנייד אַ חי, און ווער ווייסט, וואָס פאַר אַ נשמה איך שנייד: נו, זייט איר נישט ערלעכער פון מיר? — זאָגט אַליין.

זיין שטוב איז געווען אָפן פאַר אָרעמעלייט. יעדער אָרעמאַן האָט געוווּסט, אַז אַ טעלער זופּ קריגט מען ביי ר׳ יודעלען. אָבער ער אַליין האָט זיך געפירט בצמצום.

ר׳ יודעלעס שטוב איז אויך געווען דאָס וויגעלע פון אגודת־ישראל. דאָרט איז פאָרגעקומען די ערשטע אָרגאַניזיר־פאַרזאַמלונג. זיין בוידעם־שטיבל איז אַ לאַנגע צייט געווען דער לאָקאַל פאַר דער יוגנט, וואָס איז געווען צעטיילט אין צוויי גרופּן: צעירי און פועלי אגודת־ישראל. דאָרט איז אויך געווען אַ ביבליאָטעק אונטערן נאָמען „הספריה".

## אגודת־ישראל ביי אונז אין שטאָט

ביים אָרגאַניזירן דאָס רעליגיעזע יידנטום ביי אונדז אין שטאָט אונטערן נאָמען פון אגודת־ישראל איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ ועד. יו״ר איז געווען ר׳ יוסף זילבערבערג, און די ערשטע און עיקרדיקע אויפגאַבע אירע איז געווען צוריק אויפצולעבן די „שטיבלעך".

די טריי געבליבענע אין די שטיבלעך האָבן זיך געקלאַמערט אַרום ר׳ יודעלע שו״ב. אַדאַנק דעם איז דאָס הוסיאַטינער שטיבל געוואָרן דער מרכז, ווו די צעירי אגודת־ישראל האָבן יעדן אָוונט געלערנט אַ שיעור גמרא.

מיר האָבן אויך געזאָרגט פאַרן חינוך הבנים והבנות.

ס׳איז געגרינדעט געוואָרן אַ תלמוד־תורה, ווו מ׳האָט געגעבן קינדער פון אָרעמע עלטערן אַ מעגלעכקייט צו לערנען. די תלמוד־תורה האָט געפאָדערט פיל מסירות־נפש זי אויפצוהאַלטן. זי איז תמיד געווען איינגעטונקט אין אַ דעפיציט און אגודת־ישראל האָט געזאָרגט פאַר איר אויפהאַלט. ס׳איז געווען אַ צייט, ווען מ׳האָט כמעט נישט געזען מער קיין מעגלעכקייט זי אויפצוהאַלטן און ס׳האָט געדראָט, אַז די תלמוד־תורה זאָל זיך פאַרמאַכן.

דאַן האָט ר׳ זונדעלע — שפּירא (אַן אייניקל פון בעלזער הויף) אַוועקגעגעבן זיין נדן, וואָס ער האָט געהאַט נאָר וואָס באַקומען, כדי צו קענען פאָרזעצן און ווייטער פירן די תלמוד־תורה.

די למודים אין תלמוד־תורה האָבן אַרומגענומען נישט נאָר למודי־קודש, אויך למודי חול זיינען דאָרט געלערנט געוואָרן.

מ׳האָט געוואָלט רופן די תלמוד־תורה מיטן נאָמען בית־ספר „יסודי התורה" (ווי אַלע אגודה־שולן אין פוילן), אָבער געוויסע חסידים האָבן זיך קעגנגעשטעלט און די פראַגע איז אַראָפּ פון טאָג־אָרדענונג.

אין תלמוד־תורה האָט אַ ייִנגל געלערנט פון א״ב ביז 13—14 יאָר, ווען ער האָט שוין פאַרשטאַנען גוט אַ דף גמרא מיט תוספות. ס׳רוב תלמידים זיינען נאָכן ענדיקן די תלמוד־תורה געפאָרן אין ישיבות לערנען, אָדער זיינען אַריין אין שטיבל לערנען.

לעצטס איז אויך ביי אונז אין שטאָט געשאַפן געוואָרן אַ ישיבה מיטן נאָמען „בית־יוסף". נישט נאָר אונזערע קינדער האָבן שוין נישט געדאַרפט פאָרן ערגעץ לערנען, נאָר פון די שטעטלעך אַרום הרוביעשאָוו זיינען געקומען צו אונז אין שטאָט בחורים לערנען אין ישיבה און פלעגן צוגעטיילט ווערן צו בעלי־בתים אויף טעג. יעדער ייד האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ זכות, ווען אַ בחור פון ישיבה האָט ביי אים געגעסן.

די לעצטע פאָר יאָר פאַרן קריג איז געשאַפן געוואָרן אַ „פרחי אגודת־ישראל" ד.ה. מ׳האָט אָרגאַניזירט תלמידים פון תלמוד־תורה אין עלטער פון 11—14 יאָר. מ׳האָט זיי צוזאַמענגענומען אין לאָקאַל פון צעירי־אגודת־ישראל (אויף דער לובעלסקי גאַס) און פאַר זיי געהאַלטן שמועסן וועגן פּראָגראַם און מהות פון דער אָרגאַניזאַציע. אין די פרייע שעהן האָבן זיי דערגענצט דעם חינוך, וואָס זיי האָבן באַקומען אין ת״ת. די יוגנט־גרופּע האָט זיך שיין צעבליט און מיר האָבן געהאָפט אויף אַ שיינעם צוקונפט פאַרן רעליגיעזן יידנטום.

יעדן מוצאי־שבת זיינען זיך די צעירי אגודת־ישראל צוזאַמענגעקומען. די ערשטע צייט ביי ר׳ יודל שו״ב אין שטוב, נאָכדעם ביי דער רבנית חנה גאָלדעלע שפּירא־רוקח אין שטוב (די „רביצין" — האָט מען איר גערופן), און צום סוף אין אייגענעם לאָקאַל אויף לובעלסקי גאַס. מ׳האָט פאַרבראַכט די נאַכט מיט אַ מלוה־מלכה און געזונגען הערלעכע חסידישע נגונים. יעקב און מאָטל הערמאַן האָבן געפירט די אידעאָלאָגישע שמועסן.

פיל חברים זיינען געפאָרן אויף הכשרה אין די קיבוצים, ווי מאָטל הערמאַן קיין קראַשניק, דוד משה שטאָקהאַמער און משה אלי געלערנטער קיין לאָדזש. אין וואַרשעווער מחנכים־סעמינאַר, אויף טוואַרדע 6, האָבן זיך געפונען פון אונזער שטאָט די ברידער יוסף און יצחק ערליך.

## מיר גרינדן אַ בית־יעקב־שול

אגודת־ישראל האָט זיך נישט באַנוגנט נאָר מיטן חינוך הבנים. זי האָט אויך געזאָרגט פאַר זהינוך הבנות.

טראָץ דעם שווערן לאַסט, וואָס זי האָט אויף זיך געטראָגן ביים אויסהאַלטן די תלמוד־תורה, האָט אגודת־ישראל גענומען אויף זיך נאָך אַ גרעסערן עול מיטן עפענען אַ בית־יעקב שול פאַר מיידלעך. איטשע מאיר שפּירא (משהלע בוכטערגערס איידעם) איז געווען דער, וואָס האָט אויף זיך גענומען דעם עול.

אויב פירן די תלמוד־תורה איז געווען שווער צוליבן מאַנגל אין געלט, איז פירן די בית־יעקב שול געווען נאָך שווערער, ווייל אַ געוויסער טייל פון רעליגיעזן יידנטום האָט אַרויסגעוויזן אַ קעגנערשאַפט אויס דער מורא, אַז לערנען מיידלעך תורה איז קעגן דיני התורה. „כל המלמד בתו תורה — כאילו מלמדה תפלות" — האָבן זיי געטענהעט.

יצחק מאיר שפּירא, אַ יונגערמאַן מיט אַ שטאַרקן חסידישן טעמפּעראַמענט, וואַרעם געפיל און איבערגעגעבנקייט פאַר אַלץ, וואָס שמעקט מיט יידישקייט, האָט פאַרשטאַנען די גרויסקייט פון דער זאַך. ער האָט צוזאַמען מיטן ועד געעפנט אַ בית־ספר לבנות, בית־יעקב.

אַ שטאַרקן איינדרוק האָבן געמאַכט אויף דער שטאָט די עקזאַמענס פון בית־ספר. אפילו קעגנער האָבן מודה געווען אין דער נויטיקייט פון דער שול. ס׳דערמאָנט זיך מיר די ערשטע בחינה פון בית־יעקב, פורים־צייט. צומאָרגנס נאָך דער בחינה, איז די שול געווען די טעמע פון טאָג.

— האָסט געהערט — האָט איינער טרעפנדיק זיך מיט זיין באַקאַנטן געזאָגט — כ׳וואָלט אין מיין לעבן נישט געגלייבט, אַז אַזעלכע יונגע מיידלעך זאָלן אין אַזאַ קורצער צייט שוין וויסן אַזוי פיל תורה און דינים. דאַכט זיך זיי ווייסן שוין באַלד גלייך מיט די ייִנגלעך. אַזאַ גוטן פּעדאַגאָגישן כח האָט מען געקראָגן פון מרכז המורות אין קראָקע.

די בית־יעקב שול האָט געהאַט גרויסע הוצאות און זייער קליינע הכנסות פון אייגענע חברים.

דאָס אַלץ האָט זיך אַזוי שיין געפירט און אַנטוויקלט ביזן אויסברוך פון דעם צווייטן וועלט־קריג, ווען די היטלעריסטישע בעסטיע האָט אכזריותדיק אַלץ פאַרשניטן.

ד׳ יקם דמם!

צו נאָענט איז דער צער, צו גרויס איז דער ווייטיק, אַז מיר זאָלן קענען דאָס באַקלאָגן. קראו למקוננות ויקוננו!

# מרדכי לוקסענבורג / אן עפּיזאָד פון אַמאָל

הרצליה


מרדכי לוקסענבורג

אין אַ געוויסן, ווינטערדיקן טאָג האָט זיך ווי אַ בליץ פאַרשפּרייט די ידיעה, אַז ביי אונז אין שטאָט האָט זיך געגרינדעט אַן אַרבעטער־פאַראיין.

דער אָנפירער פון פאַראיין איז געווען משה שוכמאַן און זיינע נאָענטסטע מיטאַרבעטער: מיטלפונקט (היינט אין ישראל), שמואל זעמעל, אליעזר הודעס, מרדכי באַדען, מרדכי אפּעלבוים, משה לעוויט, לייזער סופר, יעקב ווייסבראָט, אהרן שמואל לערער, העני קירשנער, טובה ניסל, מרים גרוי און שבע ראַדאָמסקי.

די ערשטע אַקציע פון פאַראיין איז געווען פאַרקלענערן דעם אַרבעטס־טאָג און פאַרגרעסערן דעם לוין. צו יענער צייט האָבן נאָך פיל אַרבעטער געאַרבעט אויפן „זמן“.

די פאָדערונג צו די מייסטערס האָט געלויטעט: א) אָנערקענען דעם פאַראיין. ב) צונעמען און אָפּזאָגן אַרבעטער מיטן וויסן פון פאַראיין. ג) מענטשלעכע באַהאַנדלונג. ד) 11־שעהדיקער אַרבעטס־טאָג, פון 8 פרי ביז 8 אָוונט מיט איין שעה הפסקה. ה) יעדן פרייטיק אויסצאָלן דעם לוין. ו) באַצאָלן פאַר יום־טוב־טעג.

אין צווישנצייט האָט זיך דערנענטערט דער 1־טער מאַי 1918. די אָנפירער פון פאַראיין האָבן אָרגאַניזירט די מיטגלידערשאַפט צו אַן אַלגעמיינעם שטרייק, וועלכער איז צו יענער צייט געווען פאַרווערט. אָבער נישט קוקנדיק אויפן פאַרבאָט, האָבן מיר דעם שטרייק מקיים געווען אין טאָג פון 1־טן מאַי.

אַלע אַרבעטער זיינען געקומען אין פאַראיין אָנגעטאָן יום־טובדיק, יעדער אין אַ פּאָר מיליטערישע שיך, ווער אין אַן אָפּגעפאַרבטן אָנצוג פון אַ מיליטערישער דערי. פרויען האָבן געטראָגן בלוזעס און ספּאָדניצעס פון לייוונטענע, אָפּגעפאַרבטע זעקלעך.

9 אַזייגער אינדערפרי האָבן מיר אָפּגעהאַלטן אַ פאַרזאַמלונג און באַשלאָסן, אַז אַלע חברים גייען אין בראַדיצער וואַלד. אין קליינע גרופּן, צו דריי־פיר פּערזאָן, מיט רויטע שלייפלעך אין די לאַצן האָבן מיר זיך געלאָזט אין וואַלד, וווּ מיר האָבן פאַרבראַכט אַ גאַנצן טאָג אין טענץ, געזאַנג און פאַרווייַלונגען.

מיטן צופאַלן פון אָוונט האָבן די פאַרזאַמלטע אין געשלאָסענע רייען אָפּגעמאַרשירט אין שטאָט. ביים נאַפּט־סאַד האָבן מיר אָנגעהויבן אויסרופן פאַרשיידענע לאָזונגען: נידער מיט דער מלחמה, נידער מיטן מיליטאַריזם, נידער מיטן קאַפּיטאַליזם, זאָל לעבן דער יידישער אַר־בעטער־בונד.

לינקס, ביי די לאַנקעס, האָט זיך געפונען די עסטרייכישע זשאַנדאַרמעריע. וואַכמייסטער סורינער איז אַרויס מיט אַ לאָמפּ אין דער האַנט, כדי צו זען ווער עס מאַכט די אויסרופן. בליץ שנעל איז צו אים אַ גרופּע חברים, צווישן זיי: אברהם פייפער, מאיר זאַק, שמעון דוד שפּירא און מען האָט זיין לאָמפּ ליקווידירט.

מיט הילכיקע טריט און געזאַנג פון רעוואָלוציאָנערע לידער האָבן מיר מאַרשירט אויף דער הילצערנער בריק דורך דער פאַנסקע גאַס.

ווען מיר זיינען צוגעקומען צו דער אַפּטייק, לעבן פערעלע קעניגס גאַסט־הויז, האָט אַ גרופּע פּאָליציאַנטן זיך געוואָרפן אויף משה שוכמאַן. זיי האָבן אים געכאַפּט ביי די הענט און פיס און געוואָלט אַריינוואַרפן אין „קאַזע“, וואָס איז דעמאָלט געווען אין מאַגיסטראַט. אָבער, ווי אַן אייזערנע וואַנט האָבן זיך אַוועקגעשטעלט די חברים מרדכי באַדען, מרדכי אפּעלבוים און אַנדערע און נאָך אַ קורצן קאַמף האָט די פּאָליציי געמוזט רעזיגנירן און באַפרייען דעם חבר שוכמאַן.

מיטן געזאַנג פון רעוואָלוציאָנערע לידער האָבן מיר אָפּגעמאַרשירט צום לאָקאַל פון פאַראיין, וועלכער האָט זיך געפונען ביי יידל דייטש, אויף דעם קלויסטער־פּלאַץ.

נאָך אַ קורצער שלום־רעדע פון משה שוכמאַן און מיטן געזאַנג פון דער בונדישער שבועה איז די דעמאָנסטראַציע אויפגעלעזט געוואָרן.

# דאָן שטיי איך אַזוי און קריץ מיט די ציין...

1

שטיי איך אַזוי זיך, שוין וואָכן, חדשים.
דאָ, אין די גאַסן — און קלער אַלץ און טראַכט.

2

ס׳פאַלט מיר איין פלוצלונג:
כ׳וועל ציילן די הייזער, די קראָמען, די קונים.
אַ זעלטן גוט מיטל וועט דאַכט זיך דאָס זיין,
כדי נישט צו פילן דעם ווייטיק אין מאָגן,
ווי עפּעס אַ וואָרעם, וואָס האַלט אין איין נאָגן.

3

ווי אויף צו להכעיס, דעם שאָטנס אַ שפּיצל:
אַ קרעמל מיט עסנוואַרג, וווּ נאָר אַ הויז.
און עס ווינקען און מאָנען און רייצן און ציען,
ווי מיידלשע אויגן, וואָס ברענען און גליען,
די פרישינקע זעמל פון קוישל אַרויס,
און איך פיל פון די זעמל, ווי עס וואַסערט אין מויל.

4

נו, דריי איך אַזוי זיך,
שוין וואָכן־חדשים אַרום אין די גאַסן,
און קלער אַלץ און טראַכט.
איך זוך אַלץ אַ מיטל צו קענען פאַרגעסן,
דעם ווייטיק אין מאָגן, וואָס האַלט אין איין עסן.
נו, דריי איך אַזוי זיך — און קלער אַלץ און טראַכט.

5

פאַלט מיר איין פלוצלונג
כ׳וועל היינט ציילן אין די גאַסן, ציילן, ווי זיי דרייען זיך הפקר אַרום.
פאַרהאַן היינט באַפּוצטע מיט מאַרקעס און גלעקלעך,
פאַרהאַן היינט פאַרדאַרטע — וואָס זעען אויס שרעקלעך,
וואָס דרייען זיך הונגעריק, הפקר אַרום.

6

ווי אויף צו להכעיס, דעם שאָטנס אַ שפּיצל,
אַ הונט שטייט און גריזשעט, אַ טרוקענעם ביין.
באַלד קומט אַ צווייטער, זיי טוען זיך בייסן,
ס׳וויל איינער ביים צווייטן, דעם ביין אַרויסרייסן,
דאָן שטיי איך אַזוי זיך, און קריץ מיט די ציין.

# י. סאָלער / דער סאָציאַליסטישער האַנטווערקער־פאַראיין

דער יידישער האַנטווערקער אין פוילן האָט געהאַט גענוג אויסצושטיין: אַ שטאַרקע קאָנקורענץ, הויכע שטייערן און אַ שיין ביסל אַנטיסעמיטיזם.

אין יאָר 1928 האָבן פנחס סאלער, יצחק שמעון פייפער און סענדער אייזן באַשלאָסן צו גרינדן אַ סאָציאַליסטישן האַנטווערקער־פאַראיין. אַ בירגערלעכער פאַראיין פון האַנטווערקער האָט שוין געהאַט עקזיסטירט, אַן אַזוי גערופענער „ראסנער־פאַראיין".

מיר האָבן צונויפגערופן 60 בעל־מלאכות אין דער שול און אויסגעקליבן אַ פאַרוואַלטונג אין וועלכער ס'זיינען אַריין: פנחס סאָלער — פאָרזיצער; סענדער אייזן — סעקרעטאַר; יאָסקע ווײַסבראַט — קאַסירער; יענקל רייס, אברהם פייפער, בער שטערן, מרדכי־איטשע ווייסבראָט. רעוויזיאָנס־קאָמיסיע: דוד לייזער גלעזער, אברהם באָדען.

יעדער פון די פאַרזאַמלטע באַשטייערט זיך מיט 1 זלאָטי אַ חדש. אָבער דער סטאראסטע וויל נישט לעגאַליזירן דעם פאַראיין. האָט גראָד יצחק שמעון פייפער געאַרבעט אייבינדערייי פאַרן סטאראסטע און אים איז געלונגען צו פועלן, אַז דער פאַראיין זאָל לעגאַליזירט ווערן. שניידער, שוסטער, סטאָליער, גלעזער, קאַמאַשן־שטעפּער און אַנדערע פאַכן האָבן געהאַט אַן אָנשפּאַר און הילף אין פאַראיין.

דער ראַסנער־פאַראיין האָט גענומען פאַר מאַכן אַ האַנטווערקער ־ קאַרטע 30 זלאָטעס, דער סאָציאַליסטישער פאַראיין האָט דאָס געמאַכט פאַר 10 זלאָטעס. זיינען טאַקע וואָס מער געקומען אין סאָציאַליסטישן האַנטווערקער־פאַראיין, אויך פון דער אַרומיקער פּראָווינץ.

די אַרבעט פון פאַראיין איז געוואָרן אַזוי פאַרצווייגט, אַז מ'האָט באַדאַרפט האָבן אַ באַזונדער מענטשן, וועלכער זאָל זיך מיט דעם פאַרנעמען. דער פאַראיין האָט אַנגאַזשירט אַ געצאָלטן סעקרעטאַר — דוד באָרנשיין.

אין יאָר 1936 ברעכט אויס אַ שטרייק פון די שניידער־כאַלופּניקעס קעגן זייערע באַלעבאַטים. די פאָדערונג איז, אַז יעדן דאָנערשטיק זאָל אויסגעצאָלט ווערן דאָס געלט, און נישט לאָזן וואַרטן וואָכן און חדשים.

דער שטרייק האָט אַרומגענומען 30 משפחות און געדויערט 6 וואָכן. דער פאַראיין האָט, פאַרשטייט זיך, געשטיצט די שטרייקנדע און דאָס האָט דערמעגלעכט עפּעס אויסצופועלן ביי די בעלי־בתים.

אין יאָר 1938 האָט די פוילישע „קאסא ליודאָווא" באַקומען אַ געוויסע סומע געלט אויף צו העלפן בעלי־מלאכות. מ'האָט געקענט לייען צו 200 זלאָטעס, האָט אָבער די אַנטיסעמיטישע פאַרוואַלטונג באַשלאָסן צו לייען נאָר די פוילישע האַנטווערקער, וועלכע מ'האָט בסך־הכל געקענט איבערציילן אויף די פינגער פון איין האַנט.

די פאַרוואַלטונג פון סאָציאַליסטישן האַנטווערקער ־ פאַראיין האָט זיך דאַן געווענדעט צום גימנאַזיע־לערער שוויעזשינסקי, וועלכער איז אויך געווען אַ מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג פון דער „קאסא ליודאָווא" און געווען אַ מיטגליד אין דער „וויזוואָלעניע" (ראַדיקאַלע פויערים ־ פאַרטיי) און אַדאַנק זיין אינטערווענץ געלונגט אונז צו פועלן, אַז אויך די יידישע האַנטווערקער זאָלן באַקומען הלוואות.

דאָס זיינען נאָר בלויז עטלעכע פאַקטן פון דער גרויסער און נוצלעכער טעטיקייט פון סאָציאַליסטישן האַנטווערקער־פאַראיין.

# פון האַנטווערקער־לעבן אין הרוביעשאָוו

שבת דעם 3־טן יאַנואַר ה. י. איז אין אייגענעם לאָקאַל פאָרגעקומען די יערלעכע, אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די מיטגלידער פון האַנטווערקער־פאַראיין. גלייכצייטיק איז איבערגעגעבן געוואָרן אַ באַריכט פון האַנטווערקער ־ צוזאַמענפאָר אין לובלין פון דעם 24־28 דעצעמבער פ. י.

אַרום 7 אָוונט עפנט די פאַרזאַמלונג דער פרעזעס פון ראַט ח' ישראל שפּילער, און אַלס טאָג־פרעזעס ווערט איינשטימיק אויסגעוויילט ה' הירש קלינגעל, וועלכער האָט איינגעלאַדן אַלס אַסעסאָרן די ח"ח: הירש שער און בנימין קויפמאַן, און אַלס סעקרעטאַר — יוסף שער.

דער פרעזעס ה' שיין גיט אָפּ אַ באַריכט פון דער ביז איצטיקער פאַרוואַלטונגס־טעטיקייט און פאָדערט גלייכצייטיק אויף אַלע מיטגלידער זיך וואָס שנעלער צו שטעלן צו די עקזאַמענעס.

דער באַריכט ווערט דורך די אַנוועזנדע גענומען צו קענטעניש און לויטן פאָרשלאַג פון משה פרומער ווערט איינשטימיק אויסגעדריקט אַ דאַנק דעם ח' שיין פאַר זיין אומערמידלעכער אַרבעט אַלס פרעזעס, ווי אויך דער ווונטש, אַז ער זאָל באַוויליקן ווייטער אָנצופירן מיטן פאַראיין

דער סעקרעטאַר ה' שער גיט איבער דעם קאַסע־באַריכט, וועלכער ווערט גענומען צו קענטעניש.

אין רעזולטאַט פון די וואַלן זיינען אויסגעקליבן געוואָרן פאָלגנדע פערזאָנען:

פאַרוואַלטונג: א. שיין (פרעזעס), י. שפּילער (פאַרטרעטער), מ. פרומער (סעקרעטאַר), י. ר::כמאַן (קאַסירער) און ב. איילבוים.

אין ראַט: נח אייכנבלאַט, י. קאָרנבליט, א. י. קאַפּער, י. מאַנדעלבליט און נ. אלטער.

אין רעוויזיאָנס־קאָמיסע: געניא אלט און נ. אלטער. צום סוף ווערט באַערט מיט אויפשטיין די נישט־לאַנג פאַרשטאָרבענע מיטגלידערין, העניע בראזבערג.

„הרוביעשאָווער לעבן", נ. 2, ינואר 1931.



פאַרוואַלטונג פון האַנטווערקער־פאַראיין אין 1932. — ועד בעלי־המלאכה ב־1932.

שטייען: יאָסעלע שער (סעקרעטאַר), אברהם אייכמאַן (שניידער), הערש סופר (סטאָלער), אַ קינד — זיין נאָמען אומבאַוווסט. זיצן: הערש שער (שניידער), אהרן שלמה רויטער (בויער), ישראל שפּילער (שניידער), מאַנדלבליט (היטל־מאַכער). אברהם יצחק (שניידער).

# יצחק אייזען / דער אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער־בונד

מעקסיקע



יצחק אייזען

כ׳בין איבערצייגט, אַז ווען עס וועט געשריבן ווערן די אַלגעמיינע געשיכטע פון „בונד" אין פוילן, וועט אויך דער „בונד" אין הרוביעשאָוו ברייטער באַהאַנדלט ווערן.

כ׳האָב פאַרלאָזן הרוביעשאָוו אין יאָר 1938, אַ יאָר פאַרן נאַצישן אָנפאַל אויף פוילן, און עס פעלן מיר גענויערע ציפערן. כ׳באַמי זיך דעריבער צו באַהאַנדלען די טעמע מער־ווייניקער לויטן זכרון. זעלבסט־פאַרשטענדלעך, אַז כ׳געדענק נישט גענוי און כראָנאָלאָגיש אַלץ, אָבער דער אינהאַלט אין אַלגעמיין וועט זיין געטריי די געשעענישן.

די בונדישע באַוועגונג אין הרוביעשאָוו איז געווען אַזוי פאַרצווייגט, אַז עס איז מיר אומעגלעך צו געדענקען יעדן איינעם באַזונדער און זיין אַקטיוויטעט, ווייל פאַקטיש זיינען אַלע געווען אַקטיוו, יעדער איינער אויף זיין געביט; צוליב דעם וועל איך די דורך מיר פאַרגעסענע אריינעמען אין דער משפחה פון די נאָמענלאָזע בונדיסטן, וועלכע די נאַציס האָבן אַזוי גרויזאַם אומגעבראַכט צוזאַמען מיט דער גאַנצער הרוביעשאָווער יידישער באַפעלקערונג. נאָר אין דער פאָרם האָב איך די מעגלעכקייט אָפּצוגעבן דעם געהעריקן כבוד דער גאַנצער הרוביעשאָווער, בונדישער משפחה.

## אלגעמיינער איבערבליק

די הרוביעשאָווער יידישע באַפעלקערונג האָט געציילט בערך 2000 פאַמיליעס. קיין גענויע סטאַטיסטיק האָבן מיר קיינמאָל נישט באַקומען, ווייל אַלע רעגירונגס־אַמטן זיינען געווען פאַראינטערעסירט נישט אָנצוגעבן די גענויע צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג. מען קען רעכענען, אַז 50 פראָצענט פון דער באַפעלקערוג האָט געהאַט מער ווייניקער פרנסה, און די איבעריקע זיינען געווען פרנסהלאָזע און אָרעמע מענטשן. פאַבריקן און קאַפּיטאַליסטן האָט די שטאָט נישט פאַרמאָגט, נאָר סוחרים, קליין־הענדלער און אַ גרויסע צאָל בעלי־מלאכות. די הויפּט־קוואַלן פון הכנסה זיינען געווען: האַנדל מיט אַגריקולטור־פּראָדוקטן.

אידעאיש איז די מערהייט געווען קאָנסערוואַטיוו און רעליגיעז. אויף אַ בעל־מלאכה האָט מען געקוקט פון אויבן־אַראָפּ און אַ גאָר שטאַרקע בושה איז געווען צו לערנען אַ קינד אַ פאַך. דאָס האָט געמיינט געהערן צו דעם נידעריקן קלאַס באַפעלקערונג. אין אויסנאַמס־פאַלן, ווען אין שטוב איז געווען הונגער און ס׳איז נישט געווען אויף שבת, האָט מען אַ קינד אַוועקגעגעבן פאַר אַ „פּריקאַשטשיק" (האַנדלס־אָנגעשטעלטער), דאָס האָט נישט געהייסן קיין „מלאכה", ווייל מען האָט געהאָפט צו גאָט, אַז ער וועט נאָך ווערן אַ סוחר.

און דאָך איז אין אַזאַ אַטמאָספער געגרינדעט געוואָרן אַ געהיימע, בונדישע אָרגאַניזאַציע. ווי מען האָט מיך אינפאָרמירט איז דאָס געווען אין די יאָרן 5־1904, און אפשר נאָך פריער. די בונדישע אָרגאַניזאַציע איז באַשטאַנען פון אַ ביסל אינטעליגענטן און אַרבעטער.

כ׳האָב געהערט, אַז עס זיינען אַרעסטירט געוואָרן פאַר בונדישער טעטיקייט די ערשטע טוער: מאָטל מילנער, יוסף מילנער, שמואל זייד, ברידער אפּעלבוים און מענדעלע קאַמאַשנמאַכער (אָדער, ווי מען האָט אים גערופן „מענדעלע סטרייקער"), וועלכער איז פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר. מיט יאָרן שפּעטער איז ער פון דאָרט אַנטלאָפן קיין אַמעריקע. די אַרעסטן האָבן אָפּגעשטעלט די בונדישע אויפקלערונגס־אַרבעט, ביז ס׳איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה אין יאָר 1914.

## די אנגעווייטיקסטע פראַגע: יידיש -- העברעיש

מיטן אָפּטרעטן פון דער רוסישער אַרמיי ווערט הרוביעשאָוו אָקופּירט דורך די עסטרייכער. אדאנק ליבעראַל־געשטימטע מיליטערלייט האָט מען באַקומען אַ דערלויבעניש צו גרינדן אַ יידישע ביבליאָטעק. עס ווערט געגרינדעט אַ צייטווייליקער אָרגאַניזיר־קאָמיטעט צו ווערבירן מיטגלידער. און כאַראַקטעריסטיש: אָן פּרויען! עס ווערט גערופן די ערשטע, אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג און דאָרט ווערט באַשלאָסן, אַז אַלע, אויך פּרויען, קענען ווערן מיטגלידער אין דער ביבליאָטעק. די פאַרוואַלטונג פון דער ביבליאָטעק איז באַשטאַנען, אויף וויפל איך קען זיך דערמאָנען, פון: יצחק שמעון פייפער, א. פינקלשטיין, מ. שווערדשארף, נתן זייד, ש. מילנער, ב. יאַנאָווער, משה פרץ און משה גרינבוים.

אויף דער פאַרזאַמלונג איז געוואָרן באַשלאָסן, אַז די ביבליאָטעק טראָגט דעם נאָמען „יידישע געזעלשאַפטלעכע ביבליאָטעק א. נ. פון יצחק לייבוש פרץ". די ביבליאָטעק גרופּירט די יוגנט פון שטאָט. פון דעמאָלט אָן הייבט זיך אָן אַן אַקטיווע, געזעלשאַפטלעכע אַרבעט אין הרוביעשאָוו.

די ביבליאָטעק האָט געציילט ביי אַ טויזנט ביכער און אַ דריי הונדערט מיטגלידער. די ביכער זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן איינמאָל אַ וואָך. ס׳איז אויך געווען טעטיק, ביי דער ביבליאָטעק, אַ לייען־זאַל, לייען־קרייזן און אַ דראַמאַטישער קרייז, וועלכער פלעגט כמעט יעדן חודש פאָרשטעלן אין זאַל פון דער ביבליאָטעק.

ביי דער אַנטשטייונג פון דער ביבליאָטעק איז אויפגעשווומען די אָנגעווייטיקטע פראַגע: יידיש — העברעיש. עס האָבן זיך גלייך געשאַפן צוויי צדדים, וועלכע האָבן געפירט צווישן זיך אַ ליידנשאַפטלעכן קאַמף. די העברעיסטן האָבן פאַרלאַנגט, אַז די פאַרוואַלטונג זאָל אויסגעבן 50 פראָצענט פון אירע געלטער אויפן איינקויף פון העברעישע ביכער און אָרגאַניזירן קרייזן פאַר העברעיש.

דער קאַמף האָט געדראָט מיט אַ שפּאַלטונג אין דער ביבליאָטעק. עס קומען פאָר פאַר־פאַרזאַמלונגען און די גאַנצע מיטגלידערשאַפט ווערט אַריינגעצויגן אין קאַמף. נאָך שטורמישע דעבאַטן, וועלכע האָבן געדויערט עטלעכע טעג, איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די ביבליאָטעק איז אַ ריין־יידישע; אָבער נעמענדיק אין אַכט, אַז ס׳איז פאַראַן אַ צאָל מיטגלידער, וואָס ווילן לייענען העברעישע ביכער, און כדי נישט צו שפּאַלטן די ביבליאָטעק, וועט איינגעקויפט ווערן אַ געוויסע צאָל העברעישע ביכער.

אויפן מאָמענט זיינען די געמיטער באַרויקט געוואָרן; אָבער די גרויסע דעבאַטע האָט געהאַט אַ ווירקונג אויף אַ טייל יידיש־אָנהענגער און דערפירט דערצו, אַז אַ טייל פון זיי זיינען געוואָרן די אָרגאַניזאַטאָרן פון „בונד" אין הרוביעשאָוו.

קיין פּאָליטישע אַרבעט האָט די ביבליאָטעק־פאַרוואַלטונג נישט געפירט, און אפילו זי אויסגעמיטן. מיט דער צייט איז פאַר די יידיש־אָנהענגער אויפגעשווומען אַ פּאָליטישער מאָמענט, צו וועלכן זיי האָבן נישט געקענט בלייבן פּאַסיוו. די עסטרייכישע אָקופּאַציע־מאַכט האָט פאַראָרדנט אַ פאָלקס־ציילונג און זי איז געווען פאַראינטערעסירט, אַז די יידישע באַפעלקערונג זאָל אָנגעבן דייטש אָדער פויליש אַלס זייער מוטער־שפּראַך. פאַר די העברעיסטן איז דאָס נישט געווען קיין שום פּראָבלעם, אָבער פאַר די יידישיסטן (לייען: בונדיסטן) איז דאָס געווען אַ פּרינציפּיעלער ענין און זיי האָבן אָרגאַניזירט אַ געהיימן קאָמיטעט, וואָס האָט פּראָפּאַגירט פאַר יידיש. דאָס האָט שטאַרק נישט אויסגענומען ביי דער אָקופּאַציע־מאַכט און זי האָט אַרעסטירט עטלעכע אָנפירער פון קאָמיטעט. צווישן די אַרעסטירטע: א. פינקלשטיין, מ. שווערדשאַרף, י. ש. פייפער, משה פרץ און אַנדערע.

## די גרינדער פון „בונד"

בערך, אין דער זעלבער צייט איז געגרינדעט געוואָרן די בונדישע אָרגאַניזאַציע אין הרוביעשאָוו. היות ווי די אָרגאַניזאַציע איז געגרינ־דעט געוואָרן געהיים, און איך האָב נישט געהערט צום קאָמיטעט, קען איך נישט אָנגעבן גענוי אַלע נעמען פון ערשטן קאָמיטעט. אָבער לויט ווי איך בין שפּעטער אינפאָרמירט געוואָרן, זיינען די ערשטע אָר־גאַניזאַטאָרן געווען: י. ש. פּייפער, א. פינקלשטיין, מ. שווערדשאַרף, נתן זייד און שלמה דאַווידזאָן (אַ פּליט פון לוצק).

אין אַ קורצער צייט אַרום ווערט אויך געגרינדעט אַן אַרבעטער־היים, מיט וועלכן עס פירן אָן די חברים: משה שוכמאַן, י. ד. מיטל־פונקט, משה גרינבערג, נתן זייד, ל. האַדעס, י. אייזען, קאַפּל גרובערמאַן און אַנדערע. עס קומען פאָר סיס־טעמאַטישע, געהיימע און האַלב־געהיימע פאַרזאַמלונגען און ביידע קער־פּערשאַפטן פאַרנעמען זיך שוין מיט פּאָליטישע פראַגן. מיר הייבן אויך אָן אַריינצוברענגען די בונדישע פּרעסע. דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן הייבט אָן צו באַקומען אַן אַנדער פּנים, דער „בונד" הייבט אָן צו ווערן אַ דאָמינירנדיקער וואָרט־זאָגער אין אַלע שטאָטישע ענינים. די אָקופּאַציע־מאַכט קוקט דערויף קרום, אָבער דער „בונד" איז שוין שטאַרק. און אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען ביז דער אַנטשטייונג פון אומאָפּ־הענגיקן פּוילן.

## דער „בונד" ווערט אומלעגאַל

מיטן אַנטשטיין פון דער פּוילישער מלוכה האָט שוין דער „בונד" באַוויזן צו אָרגאַניזירן אַלע אַרבעטער אין פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, ער שאַפט קולטור־געזעלשאַפטן און איז טעטיק אויף אַלע געביטן פון יידישן לעבן.

אין יאָר 1919 ברעכט־אויס די מלחמה צווישן פּוילן און רוסלאַנד. די יוגנט ווערט מאָביליזירט אין דער פּוילישער אַרמיי, אייניצלנע בלייבן צו פירן די אַרבעט.

אין יאָר 1920 דערקלערט די פּוילישע רעגירונג דעם „בונד" פאַר אומלעגאַל. אין גאַנץ פּוילן קומען פאָר מאַסן־אַרעסטן, אונזערע לאָקאַלן ווערן געשלאָסן. אין הרוביעשאָוו זיינען אַרעסטירט געוואָרן די חברים אַבֿרהם שטרום, משה שווערדשאַרף, י. ד. מיטלפּונקט און נתן זייד. עס ווערט באַלד געשאַפן אַ געהיימער קאָמיטעט פון 5 מענטשן (משה שוכמאַן, י. אייזען, ש. ערליך, פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען — לייזער האַדעס און פון דער יוגנט — יוסף ציגעל). אין קורצן קומט אויס נאָך דריי טוער פון קאָ־מיטעט צו אַנטלויפן אויף אַ לענגערער צייט. די אַרבעט נעמען איבער אַנדערע. די פּוילישע דעפענסיווע האָט געמיינט, אַז דער „בונד" איז שוין ליקווידירט ביי אונז אין שטאָט, אָבער אין „בונד" האָט מען גע־טראַכט אַנדערש. דער קאָמיטעט לאָזט אַרויס פון צייט צו צייט העקטאָ־גראַפירטע אויפרופן, אין וועלכע מיר זאָגן אָן דער מאַכט און דער יידי־שער באַפעלקערונג, אַז דער „בונד" איז דאָ, און אַז מיט רעפּרעסיעס וועט מען אים פון שטאָט נישט פאַרטרייבן, אַז אויפן אָרט פון איין אַרעס־טירטן — וועלן קומען צענדליקער.

עס ענדיקט זיך די מלחמה צווישן פּוילן און רוסלאַנד, עס קומען צוריק די חברים פון די טורמעס, פון דער אַרמיי און דער „בונד" איז ווידער אַקטיוו אויף די פאַרשיידענע געביטן פון יידישן לעבן.

## שטאָט־ראַט און קראַנקן־קאַסע

די בונדישע אָרגאַניזאַציע אין הרוביעשאָוו האָט געציילט ביי אַ 200 אָרגאַניזירטע מיטגלידער און געהאַט אַ גרויסע פּעריפעריע. די מיט־גלידער זיינען געווען אַרבעטער, האַנטווערקער און בירגערלעכע אינ־טעליגענץ. אין די קאָמיטעטן פון „בונד" זינט 1922 ביז מיין אָפּפאָרן, אין יאָר 1938, זיינען געווען אין דער אָנפירונג, לויט ווי איך געדענק: י. ש. פּייפער, ח. ל. פּייפער, ש. ערליך, שבֿהלע מילנער, י. אייזען, יעקל רייז, נח דיאַמאַנט, י. סאַס, יעקל פריד, ב. האָסטיק, יחזקאל אָדער, משה



קאָמיטעט פון „בונד" און „צוקונפט" אין יאָר 1928.
הועד של „בונד" ו„צוקונפט" בשנת 1928.

לעוויט, דוד באַרנשטיין, יעקל דיאַמאַנט, משה האָ־ראָוויץ, ישראל זייד, שאול פערדמאַן, רבקה בליס־קאָווסקי, פּנחס סאַלער, פּנחס לערער, מאָטל טאָ־לער, פּנחס גאָלדבערג און אַנדערע.

אונדזער אָרגאַניזאַציע נעמט אָנטייל אין אַלע צווייגן פון יידישן און פּויליש־געזעלשאַפטלעכן לעבן, אין די וואַל־קאַמפּן צום סיים, שטאָט־ראַט און קהילה.

ביי עטלעכע וואַל־אַקציעס צום שטאָט־ראַט זיינען אונזערע ליסטעס געפּסלט געוואָרן. און דאָך איז אונז געלונגען אין אַ געוויסן פּעריאָד דורכצופירן אונזערע 3 ראַטמענער און איין לאַווניק, י. ש. פּייפער.

אין דער קראַנקן־קאַסע האָט די רעגירונג באַשטימט אַ קאָמיסאַר און נישט דערלויבט קיין וואַלן. דער קאָמיסאַר האָט נאָמינירט פאָרטרעטער, פון אַרבעטער און אַרבעטס־געבער. אָבער דער „בונד" אין הרוביעשאָוו האָט פאַרלאַנגט וואַלן, און ווען דאָס איז נישט אויסגעפירט געוואָרן, האָט ער אָפּגערופן זיינע פאַרשטייער פון קראַנקן־קאַסע.

## קהילה

דער קהילה־סטאַטוס האָט אַנטהאַלטן אַ פּונקט, אַז געוויילט קענען נאָר ווערן רעליגיעזע יידן. צום לויב פון אונזערע בירגערלעכע יידן, איז דער פּאַראַגראַף קעגן אונז נישט אָנגעווענדעט געוואָרן און אַזוי אַרום האָבן מיר געקענט אויסוויילן 2 ראַטמענער אין קהילה: י. ש. פּייפער און ש. זייד.

אונזערע ראַטמענער אין שטאָט־ראַט און אין דער קהילה האָבן גע־פירט אַ קאַמף פאַר אַנערקענען די רעכט פון די יידישע מאַסן אויף אַר־בעט, קעגן אַנטיסעמיטיזם, רעכט פאַר דער יידישער שפּראַך און קול־טור און סובסידיעס פאַר אַלע יידישע שולן.

דער „בונד" האָט זיך באַטייליקט אפילו אין אַזעלכע אינסטיטוציעס, ווי די שטאָטישע גמילות־חסדים־קאַסע פון דזשאָינט פאַר נויטבאַדערפ־טיקע קליינהענדלער און בעלי־מלאכות. דער דזשאָינט האָט געהאַט באַ־שטימט אַ קאָמיטעט, וועלכער האָט נישט געאַרבעט ווי געהעריק, הן ביים פאַנאַנדערטיילן די הלוואות, הן ביים פאַרוואַלטן מיט דער קאַסע. די באַ־וואוסטע האָבן זיך געווענדעט צו דער בונדישער אָרגאַניזאַציע. מיר באַ־שליסן נישט צו בלייבן גלייכגילטיק. נאָך אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, מיטן אָנטייל פון פאַרשטייער פון „דזשאָינט", ח. מיכעלזאָן, ווערט אויסגעוויילט אַ נייע פאַרוואַלטונג, אין וועלכע ס׳גייען אַריין פון די בונ־דיסטן: י. אייזען און ש. זייד; יעקל רויטער (ציוניסט), י. העכט (ציוניסט), יענטשע פּרץ (בירגערלעך־רעליגיעזער), עז־ריאל פינקלשטיין (בירגערלעך רעליגיעזער) און זישע רויט־

מאַן (ציוניסט). פון דעמאָלט אָן ווערט די גמילות־חסדים־קאַסע גע־פירט אונטער אַ געהעריקער קאָנטראָל און צו דער צופרידנהייט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג.

## אַ כאַראַקטעריסטישער פאַל

כ'וויל דערמאָנען אַ כאַראַקטעריסטישן פאַל, וועלכער אילוסטרירט דעם אָנזען פון „בונד", אפילו אין די נישט־יידישע קרייזן.

עס איז געווען, בערך, אין יאָר 1931 אָדער 1932 און איך באַקום אַ בריוו פון קאָמענדאַנט פון אָרטיקן פאָלק, מאַיאָר גאָנסאָווסקי, אַז ער וויל זיך מיט מיר טרעפן וועגן אַ געזעלשאַפטלעכן ענין. ווען איך בין גע־קומען אין דער באַשטימטער צייט אין זיין קאַנצעלאַריע, האָב איך דאָרט אויך געטראָפן דעם פאַרוואַלטער פון דער פאָווסעכנער שול, פּאַל־וואַרעטשני. דער מאַיאָר גאָנסאָווסקי און דירעקטאָר פּאַלוואָ־רעטשני דערקלערן מיר אַט וואָס: היות ווי עס עקזיסטירט אין שטאָט די פאָווסעכנע־שול, ווו עס לערנען זיך איבער טויזנט קינדער, פון זיי כמעט אַ העלפט יידישע, וואָלטן זיי געוואָלט, אַז עס זאָל צווישן די קינדער הערשן אַ פרידלעכע און ברידערלעכע באַציונג, אַזוי ווי עס דאַרף זיין צווישן צוויי פעלקער. זיי אָנערקענען, אַז אַנטיסעמי־טיזם איז אַ געפערלעכער סם, וואָס דעמאָראַליזירט און פאַרדאַרבט דעם כאַראַקטער פון דער פוילישער יוגנט. און אַזוי ווי אין דער שול לערנט זיך אַ גרויסע צאָל אָרעמע קינדער, יידישע ווי פוילישע, וואָס נויטיקן זיך אין עסן און קליידונג, ווי אויך אין שול־ביכער, דעריבער זאָל גע־ווילט ווערן אַן עלטערן־קאָמיטעט, וועלכער זאָל זיך פאַרנעמען מיט די אַלע פּראָיעקטן.

נאָך אַ ריי קאָנפערענצן ווערט צוזאַמענגערופן אַן עלטערן־פאַרזאַמלונג און אין דער עקזעקוטיוו ווערן אויסגעווילט: מאַיאָר גאָנסאָווסקי — פאָרזיצער; י. אייזען — וויצע־פאָרזיצער; ש. זייד — קאַסיר; י. גרעגער — סעקרעטאָר; פרוי גרינבערג, ה. כזשאַנט־קאָווסקי און דער דירעקטאָר פון דער שול — פּאַלוואַרעטשני.

עס האָט זיך דערנאָך אַ סך געענדערט. פאַר זייער ליבעראַליזם האָבן מאַיאָר גאָנסאָווסקי און דירעקטאָר פּאַלוואַרעטשני אין אַ קורצער צייט שפעטער באַצאָלט מיט זייערע פּאָסטנס. אָבער דער עלטערן־פאַרבאַנד האָט עקזיסטירט און געפירט אַ וויכטיקע אַרבעט פאַר די יידישע און פוילישע קינדער.



החוג על שם קלמן קמשנמחר במסיבה למלאות 30 שנה ליסוד הבונד.
שטייען פון רעכטס אויף לינקס: הערש פריד, יאַנקל כאַלער, יחזקאל קאָרן, אברהם פריד, הערש קויפמאַן, משה שץ און משה גערטל. צווייטע שורה: לייב מאַנדעל, מרדכי לוקסעמבורג, נישט קיין הרוביעשאָווער, שמואל בערנשטיין, מאָטל לאַנגער, אברהם גערטל און יצחק שער. אונטן: לייב באָדן, גרשון הערץ, יהושע שאַץ, איציק סאַס, פישל שפילער, קלמן באָדן און יונה צוקערמאַן.

## די פּרעסע

דער „בונד" איבט אויס אַ שטאַרקע ווירקונג ביי דער באַפעלקערונג דורך זיין פּרעסע. כ'וויל ברענגען עטלעכע ציפערן פון דער צאָל יידי־שע צייטונגען, וואָס פלעגן פאַרקויפט ווערן ביי אונז אין שטאָט.

| | | | |
|---|---|---|---|
| „פאָלקס־צייטונג" | 150 טעגלעך, | 200 פרייטיק, | שבת — 300־400 |
| „היינט" | 75 | " 120 | " |
| „מאָמענט" | 40 | " 50 | " |
| „דאָס וואָרט" | 40 | " 75 | " |
| „עקספּרעס" | 30 | " 40 | " |
| „נאַש פּשעגלאָנד" | 20 | " 20 | " |

נעמענדיק אין אַכט, אַז לעזער פון דער „פאָלקסצייטונג" זענען געווען פון די ווינציק־פאַרמעגלעכע, און 3—4 שותפים פלעגן קויפן איין צייטונג, קען מען זיך שוין פאָרשטעלן פון וויפל מענטשן די „פאָלקסצייטונג" איז געלייענט געוואָרן. א חוץ דעם זענען אין די „פּרעסע־טעג" פאַר־קויפט געוואָרן איבער 2000 עקזעמפּלאַרן „פאָלקסצייטונג".

## „יוגנט־בונד־צוקונפט"

מיט דער גרינדונג פון „בונד" ווערט אויך געגרינדעט די אָרגאַניזאַ־ציע פון „יוגנט־בונד־צוקונפט". ס'גרינדן זיך ספּעציעלע „לייען־קרייזן", ס'ווערן איינגעאָרדנט פאָרלעזונגען, פאַרזאַמלונגען און אויספלוגן. די יוגנטלעכע נעמען אנטייל צוזאַמען מיט די עלטערע חברים אין אַלע פּאָליטישע, געזעלשאַפטלעכע קאַמפן און אונטערנעמונגען, פאַרשפּרייטן אַ גרויסע צאָל צייטונגען אין יידיש און אין פויליש. מען האָט געקענט זען הונדערטער „צוקונפטיסטן" אויף די הרוביעשאָווער גאַסן בעת די בונ־דישע פּרעסע־טעג, פאַרשפּרייטנדיק די „פאָלקסצייטונג" און אנטיילנע־מענדיק אין דעמאָנסטראַציעס און וואַל־קאַמפן.

## „סקיף"

ביי דער „צוקונפט" איז געווען טעטיק אַ „סקיף"־אָרגאַניזאַציע מיט קרוב הונדערט שול־קינדער פון פאַרשיידענע שיכטן. א נחת איז געווען אַריינצוקומען אויף אַ קינדער־פאַרזאַמלונג און זיך צוהערן ווי די בונ־דישע אייניקלעך דיסקוטירן, אָרגאַניזירן קרייזן, פאָרלעזונגען און אויס־פלוגן.

## פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען

דעם „בונד" איז געלונגען צו אָרגאַניזירן כמעט אַלע יידישע אַרבעטער אין די פּראָפעסיאָנאַלע פאַראיינען. די גרעסטע פאַראיינען זיינען געווען: דער באַקלייד־פאַראיין, סטאָלאַר־פאַראיין און לע־דער־פאַראיין. דער „בונד" האָט געשפילט אַ דאָמינירדיקע ראָל אין די פאַראיינען.

## סאָציאַליסטישער האַנטווערקער־פאַראיין

אַזוי ווי ביי אונז זיינען געווען א סך זעלבסשטענדיקע האַנטווערקער, די אַזוי־גערופענע כאַלופּניקעס, וועלכע האָבן נישט געקענט געהערן צו די פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטער־פאַראיינען, און צום האַנטווערקער־פאַרבאַנד האָבן זיי נישט געוואָלט געהערן, האָט דער „בונד" געשאַפט אַ זעלבס־שטענדיקן סאָציאַליסטישן פאַראיין, וועלכער האָט געציילט ביי אַ הונדערט מיטגלידער, און איז אָנגעפירט געוואָרן דורך די ח"ח: פ. סאלער, אפרים טעלער, י. וויסבראט, י. שאץ, יאסעלע פאַכטער און אַנדערע.



דער קאָמיטעט פון „בונד" אין יאָר 1936. הועד של „בונד".
שטייען: איציק סאַס, רייזל מילער, בנימין האַסטיק. זיצן: טוביה ריז און יענקל רייס.

## קולטור־אָרגאַניזאַציעס

דער „בונד" האָט געגרינדעט אין הרוביעשאָוו אַ פּרץ־שול. די לערער פון שול זענען געווען: חיהקע זילבערשטיין, רבקה בליסקאָווסקי, שאול פערדמאַן און אַנדערע. די שול־פאַרוואַלטונג איז באַשטאַנען פון: י. פייפער, שמואל זייד, יאשע פּאַכטער, פּנחס סאַלער, יעקל רייז, י. אייזען, שבהלע מילנער, י. ל. פּעפּער, דוד באַרנשטיין און יחזקאל אָדער. צום באַדויערן האָט די שול נישט געקענט לאַנג עקזיסטירן, מחמת זי האָט געהאַט אויסצושטיין פון אַלע זייטן שיקאַנעס, און איבערהויפּט פון דער פּוילישער שול־מאַכט, וועלכע האָט זיך אָפּגעזאָגט צו באַשטעטיקן די לערער, אונטערן אויסרייד, פון מאַנגל אין פּוילישן פּאַטריאָטיזם. נאָך 4 יאָר איז די פּרץ־שול, פאַר וועלכע די שול־טוער צוזאַמען מיט די לערער האָבן געפירט אַ מאַרטירער־קאַמף, פאַרמאַכט געוואָרן. די שול איז געווען אָנגעשלאָסן אָן דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע — „ציש"א".

## ביבליאָטעק

דער „בונד" אין הרוביעשאָוו האָט אויך פאַרוואַלטעט מיט דער פּרץ־ביבליאָטעק, וועלכע האָט געציילט איבער 2000 ביכער. צוליב פּאָליטישע טעמים איז די ביבליאָטעק, אַזוי דאַכט זיך מיר, איבערגעגעבן געוואָרן דער געזעלשאַפט „קולטור־ליגע".

## אַן עפּיזאָד

מיר האָבן באַקומען אַ ידיעה, אַז אונזער חבר אַדוואָקאַט הענריק ערליך וועט אויפטרעטן אין זאַמאָשטשער קרייז־געריכט, כדי צו פאַרטיידיקן אַ גרופּע קאָמוניסטן. אַזוי ווי מיר האָבן געוווסט, אַז שבת בייטאָג ענדיקט זיך דאָס געריכט, האָבן מיר זיך געווענדעט צום חבר ערליך, אַז ער זאָל שבת אין אָונט אויפטרעטן מיט אַ רעפעראַט. חבר ערליך האָט אונדז געגעבן זיין הסכמה, און ווען מיר האָבן ענדלעך פון דער רעגירונגס־מאַכט באַקומען די דערלויבעניש אויף דער פאַרלעזונג, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיר האָבן נישט קיין לאָקאַל, ווייל די מאַכט האָט פאַרזאָגט אַלע לאָקאַל־אייגנטימער, אַז כאָטש מיר האָבן אַ דערלויבניש אויף דער פאַרלעזונג, איז זי פאַראינטערעסירט אַז דער רעפעראַט זאָל נישט פאַרקומען. אָבער אַזוי ווי איין אייגנטימער פון אַ לאָקאַל, אַ קריסט, האָט געהאַט זיין קינאָ אין „נאַפּט־סאַד", וואָס האָט אַריינגענומען פון 400־500 פּערזאָן, איז געווען אַ ביסל צעקריגט מיטן סטאַראָסטע, האָט ער מיט אונדז אָפּגעמאַכט, אַז ער גיט אונדז דעם לאָקאַל נאָכן לעצטן קינאָ־סעאַנס, ד. ה. נאָך 12 אַ זייגער בייננאַכט. קיין ברירה האָבן מיר נישט געהאַט און מיר זענען אויף דעם באַשטאַנען.

די באַן פון זאַמאָשטש קיין הרוביעשאָוו פלעגט אָנקומען 5.30 פאַרנאַכט. ווען מיר זענען געקומען צום באַן־וואָקזאַל, באַגעגענען דעם חבר ערליך, האָבן מיר שוין געטראָפן אַ ריזיקן עולם. די צאָל האָט זיך פאַרגרעסערט מיט יעדער מינוט. די פּאָליציי ווייסט נישט וואָס צו טאָן, זי איז אינגאַנצן דעזאָריענטירט.

ענדלעך קומט אָן דער צוג. אין מאָמענט ווען עס באַווייזט זיך חבר ערליך, הערן זיך אויסגעשרייען פון דעם טויזנטקעפּיקן עולם:

„זאָל לעבן דער „בונד"!" „זאָל לעבן דער פירער, חבר ערליך!"

פון באַן־וואָקזאַל ביז אין שטאָט, בערך 3 ־ 4 קילאָמעטער, האָט זיך פאַרמירט אַן אימפּאָזאַנטע דעמאָנסטראַציע פון דעם ריזיקן עולם מיט חבר ערליך אין דער שפּיץ. און אַזוי זענען מיר אָנגעקומען אין שטאָט אַריין.

דער רעפעראַט פון חבר ערליך האָט זיך אָנגעהויבן 1.30 בייננאַכט, אָדער בעסער געזאָגט, פאַרטאָג. אַ גרויסע מאַסע מענטשן אין זאַל און אויך אין הויף האָט אויסגעהערט מיט שפּאַנונג דעם אינטערעסאַנטן רעפעראַט, וואָס האָט געדויערט ביז 4 פאַרטאָג.

מיין אַרטיקל וואָלט נישט אָפּגעשפּיגלט געטריי די פּאָליטישע לאַגע, ווען איך וואָלט נישט אָנגעוויזן די אומשטענדן, וועלכע האָבן געבראַכט דערצו, אַז דער „בונד" האָט ביי אונדז אין שטאָט זיך דערוואָרבן רעספּעקט און צוטרוי, נישט נאָר ביי דער יידישער, נאָר אויך ביי דער פּוילישער געזעלשאַפט. כדי דאָס צו באַגרייפן, מוז איך זיך אומקערן צום אָנהויב.

דער „בונד" האָט זיך געשטעלט אויפן שטאַנדפּונקט, אַז צום אַלעם ערשטן מוז ער גיין אין „וואַנעס־גאַס" און דאָרט צווישן די פאַריער אָנהייבן זיין אַרבעט און עס געלינגט דעם „בונד" צו געווינען דעם צוטרוי פון די „וואַנעס־גאַס־מענטשן". דער „בונד" נעמט אַרויס די יוגנטלעכע פון די פאַרוואָרלאָזטע און פאַרפּוסטע גאַסן, און ווירקט, אַז זיי זאָלן זיך אָנהייבן לערנען און ווערן אַ טייל פון דער אַרבעטער־געזעלשאַפט. מיט זיין פּראָפּאַגאַנדע און אויפקלערונג דרינגט דער „בונד" אַריין אין אַלע געזעלשאַפטלעכע קרייזן.

אין אָנהויב האָט די בירגערלעכע געזעלשאַפט געהאַט אַ ביטול־באַציאונג צום „בונד", שפּעטער אָבער האָט זי שוין געביטן די באַציאונג. דאָס הייסט נישט, אַז מיר האָבן נישט געהאַט קיין קעגנער, פאַרקערט, מיט יעדן זיג פון בונד" זענען אונזערע קעגנער געוואָרן שאַרפער און אַנגרייפערישער.

כ'דערמאָן זיך אַ צייט פון אַ שווערן קריזיס פאַר אונדז צווישן 1920־טן און 1925־טן יאָר. עס קומט פאָר אַ שפּאַלטונג אין די בונדישע רייען. טייל זענען אַוועק צו די קאָמוניסטן, אַ טייל זענען געוואָרן אַפּאָליטיש. דערצו זענען צוגעקומען שטאַרקע רעפּרעסיעס פון דער פּוילישער רעאַקציע. אַלע אונזערע לאָקאַלן ווערן געשלאָסן, בונדיסטן ווערן אַרעסטירט. אונזערע קעגנער פון רעכטס און לינקס פּאַטשן זיך אין די בייכלעך — אויס מיטן „בונד" אין הרוביעשאָוו. און באמת זענען אונזערע רייען דעמאָלט געוואָרן אַ ביסל שיטערלעך.

פונקט דעמאָלט קומען אונטער וואַלן צום הרוביעשאָווער שטאָט־ראָט. לויט דער צאָל באַפעלקערונג דאַרפן יידן באַקומען 16 ראַטמענער און די קריסטלעכע באַפעלקערונג 8. עס ווערן געפירט אונטערהאַנדלונגען צווישן די יידישע און פּוילישע קערפּערשאַפטן וועגן שאַפן אַן אַלגעמיינע ליסטע, אָן וואַלן — 11 יידן און 13 קריסטן. מיר האָבן באַשלאָסן אַרויסצושטעלן אַן אייגענע וואַל־ליסטע. מען קומט צום בונדישן וואַל־קאָמיטעט און מען לייגט אים פאָר איין ראַטמאַן, צוגעבנדיק:

„כאָטש מיר ווייסן, אַז איר וועט אַפילו קיין איין ראַטמאַן אויך נישט אַדורכפירן, אָבער כדי איר זאָלט נישט שטערן אונזער אָפּמאַך, וועלן מיר אייך געבן איין ראַטמאַן".

דער וואַל־קאָמיטעט האָט די פּראָפּאָזיציע נישט אָנגענומען. דער וואַל־קאַמף קעגן אונדז איז געפירט געוואָרן אין די שאַרפסטע פאָרמען. אָבער דער „בונד" האָט אָפּגעהאַלטן אַ קאָלאָסאַלן זיג, דורכגעפירט דריי ראַטמענער און איין לאַווניק.

זאָל דאָס דאָזיקע אַרטיקל בלייבן אויף דור־דורות, ווי אַ מצבה פאַר די אומגעקומענע בונדיסטן אין הרוביעשאָוו.

# יעקב רייס / דער „בונד“ ביי אונז אין שטאָט

קרית־גת

יעקב רייס

די י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק איז נאָך פיל גל־גולים געשלאָסן געוואָרן דורך דער פּוי־לישער מאַכט.

אין יאָר 1924 האָט זיך דער „בונד“ ווידער אָרגאַניזירט מיט אַ מעסיקער פאַרוואַלטונג אין דער שפּיץ. די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער זיינען געווען: משה קרויצער, אַן אייגנטימער פון אַן אַפּטייק, עזריאל פינקלשטיין, אַן אינהאבער פון אַ וויין־געשעפט, שמואל זייד, אַ בעל־בית פון אַ רימער־געשעפט און יצחק שמעון פייפער — אַן איינ־בינדער. די לעצטע צוויי זיינען געווען באַוווסטע, בונדישע טוער אין הרוביעשאָוו.

די פאַרוואַלטונג האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל: זאָרגן פאַרן געזעל־שאַפטלעכן פּרצוף פון דער ביבליאָטעק. אָבער דער יינגערער דור פון דער בונדישער פּאַרטיי האָט געוואָלט, אַז דער ביבליאָטעק־לאָקאַל זאָל אויך נוצן פאַר פּאָליטישע צוועקן. צוליב דעם האָט זיך געפירט אַן אינער־לעכער קאַמף אין דער פאַרוואַלטונג. די עלטערע מיט שמעון פּיי־פּער און שמואל זייד בראש האָבן נישט געוואָלט דערלאָזן, אַז עס זאָלן דאָ פאָרקומען יוגנט־קרייזלעך, פאַרזאַמלונגען און צוזאַמענקונפטן פון פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. דער יוגנט איז עס אָבער געלונגען און אין יאָר 1926 האָט מען אויסגעקליבן אַן אַנדער פאַרוואַלטונג, וועלכע האָט מיטגעאַרבעט מיט דער בונדישער פּאַרטיי און איבערגעגעבן דעם לאָקאַל צו איר דיספּאָזיציע. אַדאַנק דעם האָט זיך די פּאַרטיי צעוואַקסן און דער לאָקאַל איז געוואָרן אַ צוציונגס־קראַפט פּאַר די יוגנטלעכע.

עס האָט זיך אָרגאַניזירט אַ ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע — „מאָרגנשטערן“, וועלכע האָט געדונגען אַ לאָקאַל ביי גבריאל קצב, און מען האָט אויך אָנגעהויבן זיך גרייטן צום עפענען די מעדעם־שול. די צאָל מיטגלי־דער האָט זיך פאַרגרעסערט און ביידע לאָקאַלן זיינען געוואָרן ענג, כדי צו קאָנצענטרירן די פאַרצווייגטע אַרבעט פון דער אָרגאַניזאַציע.

אין יאָר 1928 האָבן זיך אונטערגערוקט די שטאָטראַט־וואַלן און מען האָט אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַרויסשטעלן פּאַסיקע קאַנדידאַטן. מען האָט באַשלאָסן, אַז צום שטאָט־ראַט זאָלן קאַנדידירן די אַלטע חברים, ווייל נאָר צווישן זיי האָט מען געקענט געפינען אַזוינע, וועלכע האָבן גע־קענט אויפטרעטן אין פּויליש. אויף דער בונדישער ליסטע האָבן פיגו־רירט: יצחק שמעון פייפער, יואל שעכטער, משה לע־וויט און די אומפאַרגעסלעכע חברטע, שעוועלע מילנער.

פון 11 יידישע ראַטמענער האָט דער „בונד“ באַקומען 3 מיט אַ לאַווניק. עס איז געווען אַ גרויסער זיג פאַרן „בונד“. דער לאַווניק איז אויסגע־ווילט געוואָרן מיט דער אונטערשטיצונג פון פּ. פּ. ס. און פּועלי־ציון.

איצט עטלעכע עפּיזאָדן פון דער איבערגעגעבענער אַרבעט ביי דער וואַל־קאַמפּאַניע:



דער קלמן קאַמאַשנמאַכער קרייז אין יאָר 1927. החוג ע״ש קמשנמכר על־יד הבונד. שטייען פון רעכטס אויף לינקס: יחזקאל קאָרן, יאָסל בלאַס, הערש קויפמאַן, גלאז, מאָטל לוקסעמבורג, לייב מאַנדעל, שמואל בערנשטיין. צווייטע שורה — זיצן: איציק סאַס, הערש פריד, משה שאַץ, יצחק שער, אברהם גערטל, יונה צוקערמאַן. אונטן: אברהם פריד, לייבל שטיין.

דעם לעצטן שבת פאַר די וואַלן האָט דער „בונד“ איינגעאָרדנט אַ מי־טינג מיט דער באַטייליקונג פון בעלא שפּירא פון לובלין. אין דער זעלבער צייט האָט אויך די פּועלי־ציון־פּאַרטיי איינגעאָרדנט אַ פאַר־זאַמלונג מיט ישראל ריטאָוו פון וואַרשע. ביידע פאַרזאַמלונגען זיינען פאָרגעקומען אין מאַרק־סעדל. דאָרט האָט זיך פאַרזאַמלט די גרעס־טע טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג. צעהיצטע און מיט צעברויזטע געמיטער האָט מען זיך צוגעהערט צו ביידע רעדנער, וועלכע זיינען אויפ־געטראָטן אויף באַלקאָנען פון פּריוואַטע וווינונגען — איינער אַנטקעגן אַנדערן.

זונטיק, אין וואַל־טאָג, האָט דער בונד צוגעטיילט 10 מענטשן צו יעדן וואַל־פּערטל, וועמענס אויפגאַבע איז געווען צו זאָרגן, אַז אַלע איינוווינער זאָלן גיין שטימען. איך, דער שרייבער פון די שורות, האָב זיך באַטייליקט אין אַזאַ צענטל, וועלכער איז געווען טעטיק אויף דער וואנעס גאַס, וועל־כע איז געווען אַ פעסטונג פון קאָמוניזם.

פון דעם צענטל זיינען אַלע, חוץ דעם שרייבער פון די שורות, אומגע־קומען. דאָס זיינען געווען: יעקב דוד שאַליט — געשטאָרבן אין יאָר 1933, יאשע פאַכטער, טוביהו רייז, מאַנטשע עסיק, נפתלי טאשיר, העניעק רייכענבוים און יצ־חק שער.

ביינאַכט, ביים ציילן די שטימען, האָט דער שרייבער פון די שורות, וועלכער איז געווען דער פאָרזיצער פון „בונד“, באַשטימט שליחים, וועל־כע האָבן געדאַרפט אין משך פון דער נאַכט אינפאָרמירן וויפל שטימען האָט דער „בונד“ באַקומען. 2 ביינאַכט איז שוין געווען באַוווסט דער גרויסער זיג פון „בונד“ אין הרוביעשאָוו.

## רעזולטאַט פון די סיים־וואַלן אין הרוביעשאָוו אין יאָר 1930

| | | | |
|---|---|---|---|
| נומער 1 — רעגירונגס־ליסטע | — 2876 שטימען. | צענטראַלעוו | — 978 שטימען. |
| נומער 5 — יידישער סאָציאַליסט. בלאָק | — 317 שטימען. | געפּסלטע | — 105 שטימען. |
| נומער 17 — ציוניסטישער בלאָק | — 299 שטימען. | וואַל־באַרעכטיקטע | — 6911. |
| נומער 18 —ווירטשאַפטלעכער בלאָק | — 4 שטימען. | באַטייליקטע אין די וואַלן | — 4579. |

„הרוביעשאָווער לעבן“ נ. 49, דעצעמבער 1930.

# לייביש פראַסט / די קאָמוניסטישע פּאַרטיי

בת־ים

צווישן די פּאָליטישע גרופּירונגען, וועלכע זיינען געווען טעטיק אויף דער יידישער גאַס פון אָנהויב 1920, האָט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט. די ערשטע אָרגאַניזאַציאָנעלע סימנים שטאַמען פון 1־טן מאַי 1920. דאַן איז פאָרגעקומען אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע אין הרוביעשאָוו, אָרגאַניזירט דורך קאַקעלקי און טורטשין צוזאַמען מיט די ברידער גערשאָוויטש. די קאָמוניסטישע אַגיטאַציע האָט דאַן געפונען אַ גינסטיקן באָדן, צוליב דער גרויסער אָרעמקייט און נויט, וועלכע האָבן געהערשט אין פּוילן.



לייביש פראַסט

## די פּויליש־באָלשעוויסטישע מלחמה

אין יענעם יאָר איז אויסגעבראָכן די מלחמה צווישן פּוילן און די באָלשעוויקעס. אויף אַ קורצער צייט איז הרוביעשאָוו פאַרנומען געוואָרן דורך די באָלשעוויקעס. אַ גרויסער טייל פון דער יידישער יוגנט האָט דעמאָלט אַקטיוו מיטגעאַרבעט מיט די באָלשעוויקעס. מען האָט אָרגאַניזירט די שטאָטישע מיליץ, גערופן מאַסוויקעס און פאַרזאַמלונגען.

נאָכדעם ווי די באָלשעוויקעס האָבן פאַרלאָזן הרוביעשאָוו, זיינען פיל אַקטיווע טוער פון יענער צייט, ווי סאָניע עפּראַס, פּאַלאַסט און די ברידער גראַוויטש אַוועק קיין רוסלאַנד. דערמיט האָט זיך צייטווייליק אָפּגעשטעלט די אַקטיווע טעטיקייט.

## די ערשטע שפּיאָנען

סוף 1921 האָט זיך אונטער דער אָנפירונג פון יאָסל ציגעל אויפסניי אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן אין הרוביעשאָוו די קאָם. יוגנט. די ערשטע גרופּע אַקטיוויסטן איז באַשטאַנען פון די חברים: יהושע פריינד, יחזקאל קאַם, בעריש ווייסברויט, משה קאַרנבליט און אַנדערע. די פּאַרטיי איז געווען אומלעגאַל, און מען האָט געדאַרפט פיל אידעאַליזם און קרבנות־גרייטקייט, כדי אָנצוהויבן אַן אַרבעט צווישן די מאַסן, וועלכע זיינען נאָך אין יענער צייט געווען שטאַרק אָפּגעשטאַנען.

די גרופּע איז געווען גרייט אויף אַלעס. באַזונדערס האָט זיך אויסגעצייכנט יאָסל ציגעל, וועלכער האָט פאַרמאָגט פיל וויסן, איז געווען דורכגעדרונגען מיט א סך אידעאַליזם און האָט זיך מיטן גאַנצן לייב און לעבן אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט.

די ערשטע אויפגאַבע, וועלכע איז געשטאַנען פאַר דער פּאַרטיי, איז געווען צו אָרגאַניזירן די אַרבעטער אין פראָפ. פאַראיינען. אין יענער צייט האָט מען נאָך אין הרוביעשאָוו, כמעט, ווי ניט געוווסט די באַדייטונג פון פראָפ. פאַראיינען. די אַרבעטס־באַדינגונגען האָט דיקטירט דער בעל־הבית און די בעל־הביתטע פלעגט זיך באַנוצן מיט די געזעלן פאַר שטוב־אַרבעט.

שווער איז געווען צו אָרגאַניזירן די מאַסע. די אויפגאַבע האָט אויף זיך גענומען יאָסל ציגעל. ער פלעגט אַרומגיין איבער די וואַרשטאַטן און רעגיסטרירן אַרבעטער, ביז ס'איז אים געלונגען איינמאָל, אַ שבת נאָכמיטאָג צו רופן אַ פאַרזאַמלונג אין בראַדיצער וועלדל.

פּיקעטן פון די אַקטיוויסטן האָבן אָפּגעוואַרט די אַרבעטער ביים אַריינגאַנג אין וועלדל. פון דאָרט האָט מען זיי געבראַכט אויף אַ באַשטימט אָרט, וו יאָסל ציגעל האָט פאַרגעשטעלט די לאַגע און אָנגעוויזן די מיטלען, כדי די לאַגע צו ענדערן. קודם כל, מוז מען זיך אָרגאַניזירן אין פאַראיינען און פאָדערן די רעכט, וואָס אַרבעטער אין אַנדערע שטעט האָבן שוין אויסגעקעמפט. אין רעזולטאַט פון דער פאַרזאַמלונג איז אויסגעקליבן געוואָרן אַן אָרגאַניזיר־קאָמיטעט, וועמענס אויפגאַבע ס'איז געווען צו לעגאַליזירן די פאַראיינען.

אין אַ קורצער צייט איז געלונגען צו עפענען אַ ביוראָ־פאַראיין, וועלכער האָט באַלד אָנגעהויבן צו פירן אַ פאַרצווייגטע טעטיקייט. נאָך אַ ריי שטרייקן איז געלונגען איינצושטעלן אַ 9־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג, העכערן די לוינען און איינשטעלן אַ מער מענטשלעכע באַציונג פון די בעל־הבתים צו די אַרבעטער.

כדי צו עפענען אַ לעדער־פאַראיין האָט געפעלט די נויטיקע צאָל חברים, וועלכע זאָל זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער מאַכט. יאָסל ציגעל האָט געפונען אַן עצה. ער איז אַליין אַוועק אַרבעטן אַלס געזעל ביי אַ שוסטער, כדי ער זאָל קענען זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער מאַכט.

האָבנדיק צו איר דיספּאָזיציע די פראָפ. פאַראיינען, האָט די פּאַרטיי אָנגעהויבן אַ ברייטע אויפקלערונגס־אַרבעט צווישן די אַרבעטער. מען האָט געגרינדעט אַ דראַמאַטישן קרייז, איינגעאָרדנט פאַרשטעלונגען, אַקאַדעמיעס און אימפּרעזעס. אַלס אָרגאַניזאַטאָר פון די אימפּרעזעס האָט זיך אויסגעצייכנט יהושע פריינד.

## דער גרויסער פּראָצעס

נאָך אַ קורצער צייט זיינען צונישט געוואָרן אַלע דערגרייכונגען. צווישן די אַקטיוויסטן האָט זיך געפונען אַ שוסטער מיטן נאָמען איכל לאַנדסבערג. אַדאַנק זיין ערנסטקייט און שטילקייט האָט ער געוווּנען די סימפּאַטיע פון אַלע חברים. ער פלעגט זיך רייסן אויסצופירן אַלע אַרבעטן, וועלכע זיינען געווען פאַרבונדן מיט סכנות. אפילו אַ דערלויבעניש ביים סטאַראָסטאַ אויף אונטערנעמונגען פלעגט ער תמיד דערליידיקן. קיינעם איז ניט געקומען אויפן געדאַנק, אַז דער באַשיידענער און שטילער איכל לאַנדסבערג פירט אַ דאָפּעלע שפּיל!

די מאַכט־אָרגאַנען האָבן געוווּסט, וואָס ס'ווערט געטאָן אין די קאָמערלעך פון דער קאָם. פּאַרטיי אין הרוביעשאָוו. האָבנדיק גענוג מאַטעריאַל, האָט די פּאָליציי אָנגעהויבן די ליקווידאַציע פון דער פּאַרטיי. אָנהויב 1923 זיינען אַרעסטירט געוואָרן: יאָסל ציגעל, שיע פריינד, משה קאַרנבליט, בעריש ווייסברוים, יחזקאל קאַם, שיע אייזנבערג און אַנדערע.

גלייכצייטיק זיינען פאַרמאַכט געוואָרן די פראָפ. פאַראיינען. כדי עס זאָל נישט פאַלן קיין חשד אויף איכל לאַנדסבערג, איז ער אויך אַרעסטירט געוואָרן. ביי דער אויספאָרשונג האָט זיך אָבער אַלץ אַרויסגעוויזן. ביים פּראָצעס האָט ער געפּרוווט צוריקציען זיינע דערקלערונגען, אָבער ס'איז שוין געווען צו שפּעט. דער נאָמען איכל פּראָוואָקאַטאָר האָט אים באַגלייט, ווי אַ שאָטן, דאָס גאַנצע לעבן.

אין די שפּעטערע יאָרן, אַז ער פלעגט זיך אַמאָל באַווייזן אין גאַס, פלעגט ער זיך שאַרן ביי די ווענט, און פון זיינע אויגן האָט אַרויסגעקוקט אַ באַהאַלטענער פּחד.

דער רעזולטאַט פון דעם אַרעסט איז געווען אַ טרויעריקער. יאָסל ציגעל, וועלכער איז געווען פון דער נאַטור בונטאַריש, האָט זיך ניט געקענט אַריינפּאַסן אין תפיסה־רעגולאַמין. ער האָט אָנגעהויבן פירן אָפּטע הונגער־שטרייקן און דאָס האָט אונטערגעבראָכן זיין געזונט־צושטאַנד. שפּעטער, נאָכן באַפרייען זיך פון טורמע, האָט ער שוין צו זיך נישט געקענט קומען.

צו 5 יאָר תפיסה זיינען פאַרמשפּט געוואָרן: משה קאַרנבליט, בעריש ווייסברויט און שיעלע אייזנבערג. די איבעריקע האָבן באַקומען קלענערע שטראָפן. דערמיט איז די פּאָליטישע טעטיקייט פון דער קאָם. פּאַרטיי אין הרוביעשאָוו, כמעט, ווי אָפּגעשטעלט געוואָרן.

## די פּאַרטיי אָרגאַניזירט זיך פון דאָסניי

ערשט אין יאָר 1925, נאָכדעם ווי אַ טייל חברים זיינען אַרויס פון טורמע, האָבן זיך אויפסניי אָנגעהויבן שאַפן קאָמ. קעמערלעך. אונטער דער אָנפירערשאַפט פון יהושע פריינד איז צוזאַמענגערופן געוואָרן אַ קאָנפערענץ פון פּאַרטיי־אַקטיוויסטן אויף וועלכער ס'איז באַשלאָסן געוואָרן אויפסניי צו אָרגאַניזירן ז'י פּראָפ. פאַראיינען.



אַ גרופּע קאָמוניסטישע טוער אין יאָר 1925 קבוצת עסקנים קומוניסטיים בשנת 1925.
מענדל קריינער, בן־ציון היידנבליט, יחזקאל קאם, יהושע פריינד, שלמה זייפן, ישראל צוייג.

קיין גרויסע שוועריקייטן זיינען דעמאָלט ביי לעגאַליזירן נישט געווען, ווייל די צענטראַלע פון די פּראָפ. פאַראיינען האָט מיטגעהאָלפן. ס'איז געעפנט געוואָרן דער נאָדל־פאַראיין, אין וועמענס שפּיץ עס זיינען געשטאַנען דוד פייל, ירחמיאל טאשער און אַנדערע.

ס'איז געשאַפן געוואָרן אַן האָלץ־פאַראיין, לעדער־פאַראיין, הויז־דינערשאַפט, טראַנספּאָרט און האַנדלס־אָנגעשטעלטע פאַראיינען. די צאָל מיטגלידער אין די פאַראיינען האָט באַטראָפן איבער 600. פאַר די הרוביעשאָווער באַדינגונגען איז דאָס געווען אַ גרויסע דערגרייכונג. אַלס גענעראַל־סעקרעטאַר פון אַלע פאַראיינען איז באַשטימט געוואָרן יהושע פריינד. ס'האָבן אים געהאָלפן די חברים: שלמה זייפען, ישראל צווייג, בן־ציון היידענבליט און אַנדערע.

אין יענער צייט האָט דער צווישן־פּאַרטייאישער קאַמף אָנגענומען שאַרפע פאָרמען. יעדע פּאַרטיי האָט געמאַכט אָנשטרענגונגען צו געווינען גרעסערע מאַסן.

אין הרוביעשאָוו איז דעמאָלט געווען טעטיק די פּועלי־ציון — צ. ס.־פּאַרטיי, וועלכע האָט אונטער דער אָנפירערשאַפט פון ענערגישן און באַגאַבטן מייטשע האָפּמאַן זיך דערוואָרבן אַ גרויסן איינפלוס אין שטאָט. זיי האָבן געהאַט אַ שיינע ברענער־ביבליאָטעק, מיט אַ גרויסער צאָל לייענער.

אויך דער „בונד" האָט געפירט אַ ברייטע טעטיקייט, און אָרגאַניזירט אַ גרויסע פרץ־ביבליאָטעק. די פּאַרטייען האָבן געהאַט זייערע פראַקציעס אין די פּראָפ. פאַראיינען, אַ באַזונדער גרויסע פראַקציע האָט געהאַט די פּועלי־ציון — צ. ס. אין האָלץ־פאַראיין.

אין די פאַראיינען פלעגן אָפט פאָרקומען פּאָליטישע דיסקוסיעס, אין וועלכע ס'האָבן אנטיילגענומען פאָרשטייער פון אַלע ריכטונגען. די קאָמ. פּאַרטיי האָט געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען, כדי צו געווינען די פאַראיין־מיטגלידער. אין דער פּאַרטיי זיינען דעמאָלט געוואָרן אַקטיוו אַזעלכע אינטעליגענטע כוחות, ווי לאזער אייזן, רבקה ערליך, דוד ערליך, וועלכע האָבן אַ שטאַרקן שטויס געגעבן די אַרבעט פאָרויס. מ'איז דעמאָלט צוגעטראָטן צו עפענען אַ ביבליאָטעק ביי די פאַראיינען, וועלכע זאָל באַדינען אירע מיטגלידער און גלייכצייטיק דערמעגלעכן נישט־חברים צו קומען אין לאָקאַל.

מיר האָבן פּראָקלאַמירט אַ געלט־זאַמלונג צו קויפן ביכער. אַ טייל חברים, ווי לאַזער אייזן, דוד פייל, ירחמיאל טאשער, האָבן זיך אפילו באַשטייערט מיט אַ חודש אַרבעט. די נויטיקע געלט־מיטלען זיינען געשאַפן געוואָרן און אונטער דער אָנפירערשאַפט פון רבקה ערליך, האָט די ביבליאָטעק אָנגעהויבן איר טעטיקייט.

די קאָמ. פּאַרטיי האָט אָנגעהויבן אַ ווערבירונגס־אַקציע צווישן די פאַראיין און ביבליאָטעק - מיטגלידער. ס'איז אונז געלונגען אָרגאַניזירן אַ גרויסע צאָל קעמערלעך פון עלטערע אַרבעטער און יוגנטלעכע. די אַרבעט האָט זיך געפירט קאָנספּיראַטיוו. מען האָט געלייגט גרויס אַכט, אַז אין די לאָקאַלן פון די פאַראיינען זאָל נישט פאָרקומען קיין שום אומלעגאַלע אַרבעט, כדי נישט צו שטעלן אין סכנה זייער עקזיסטענץ.

די זיצונגען פון די קעמערלעך, אויף וועלכע ס'פלעגט קומען אַ חבר פון שטאָטישן קאָמיטעט, זיינען פאָרגעקומען דערהויפּט אין די וועלדער, אין וועלכע הרוביעשאָוו איז געווען רייך.

## דער בעסטיאַלישער מאָרד

אין יאָר 1927 איז דערשטאָכן געוואָרן דער יידישער בחור, אשר שנאל, דורך אַ פּוילישן אַנטיסעמיט, וועלכער האָט געאַרבעט אַלס רעפערענט ביים סטאַראָסטאַ. דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון דער אַנטיסעמיטישער קאַמפּאַניע, וועלכע די פּוילישע רעאַקציע האָט געפירט קעגן דער יידישער באַפעלקערונג. אַרויסגייענדיק פון שענק, האָט דער כוליגאַן באַשלאָסן צו דערמאָרדן דעם ערשטן יידן, וואָס וועט אים אַנטקעגנקומען. און אַזוי ווי אשר שנאל, איז גייענדיק פון ביבליאָטעק, אים געקומען אונטער דער האַנט, האָט ער אים נעבן שימעלע מאַנגעלס סאָדע־וואַסער בודקע דערשטאָכן.

דער בעסטיאַלישער מאָרד האָט אַרויסגערופן גרויס אויפרעקונג ביי דער יידישער באַפעלקערונג. ס'איז געווען קלאָר, אַז מ'טאָר איבער דעם מאָרד ניט אַריבערגיין שטילשווייגנדיק.

די פּאַרטיי האָט גערופן אַ זיצונג פון דער ראַדע ביי די פּראָפ. פאַראיינען, אויף וועלכער ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרוואַנדלען די לוויה אין אַ גרויסער פאָלקס־דעמאָנסטראַציע קעגן די אַנטיסעמיטישע מערדער.

אין דער לוויה האָט אנטיילגענומען, כמעט, די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג. ס'זיינען געשלאָסן געוואָרן די געשעפטן און וואַרשטאַטן. ביים קבר האָט געהאַלטן אַ הספד דער רב ווערטהיים, וועלכער האָט געזעגנט דעם קדוש אין נאָמען פון אַלע יידן, און האָט געפרעגט די גרויסע אייביקע פראַגע: פאַרוואָס? פאַרוואָס איז פאַרגאָסן געוואָרן דאָס אומשולדיקע בלוט?

נאָכן רב האָט מספּיד געווען דוד פייל, אַלס פאָרשטייער פון די פּראָפ. פאַראיינען. ער האָט געזאָגט:

מיר, די פּראָגרעסיווע אַרבעטערשאַפט, ווייסן יאָ פאַרוואָס. דער מאָרד איז אַ רעזולטאַט פון די סאָציאַל־פּאָליטישע פאַרהעלטנישן, וועלכע הערשן אין פּוילן. די פּוילישע בורזשואַזיע, פילנדיק זיך באַדראָט אין אירע אינטערעסן, מאַכט דעם ייד פאַר אַ בליץ־אָפּלייטער.

נאָך אַ פאַל, ווען די פּראָפ. פאַראיינען האָבן פאַרוואַנדלט אַ לוויה אין אַ גרויסער אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע. אַ יונג מיידל, וועלכע האָט געלעבט אין דער גרעדיכטער אָרעמקייט פון דעם אַזוי גערופענעם „וואַניס", איז געשטאָרבן אויף דער „פּוילאָלעטאַרישער" קרענק, שווינדזוכט. הונדערטער אַרבעטער האָבן אנטיילגענומען אין דער לויה און ביים אָפּענעם קבר האָבן מספּיד געווען פאַראיין־פאָרשטייער.

## מיר ברייטערן אויס די אַרבעט

אין יענער צייט האָט די פּאַרטיי אָנגעהויבן איר טעטיקייט אין די דערפער, אַרום הרוביעשאָוו. די באַפעלקערונג פון די דערפער איז אין איר גרויסער מערהייט באַשטאַנען פון אוקראַאינער, וועלכע האָבן נישט געלעבט בשלום מיט דער פּוילישער מאַכט. דערפאַר האָט די קאָמוניסטישע אַגיטאַציע געטראָפן אויף אַ גינסטיקן באָדן. ס'האָט זיך איינגע־

שטעלט אַ פאַרבינדונג כמעט מיט אַלע דערפער פון הרוביעשאָווער פּאוויאַט.

אלס קרייז־סעקרעטאַר איז באַשטימט געוואָרן אַ געוויסער חבר מיטן פּסעוודאָנים „יאַן". ער האָט קאָנצענטרירט די גאַנצע אַרבעט אין זיינע הענט, און באַשטימט טרעף־פּונקטן פאַר די דאָרפישע סעקרעטאַרן. ער האָט אויך אָרגאַניזירט אַ טעכנישע גרופּע, וועלכע האָט באַזאָרגט דאָס דאָרף מיט ליטעראַטור. אויסגעצייכנט האָט זיך אין דער גרופּע ראַניע ליאַקס. זי פלעגט גיין צענדליקער קילאָמעטער צו פוס, פון דאָרף צו דאָרף, און איבערגעבן די ליטעראַטור אין די באַשטימטע פּונקטן.

מען האָט דעמאָלט איינגעשטעלט אַ רעגולערע פאַרבינדונג מיטן קרייז־קאָמיטעט אין כעלם, און מיטן צענטראַל־קאָמיטעט אין לעמבערג. ביז יענער צייט האָט הרוביעשאָוו געאַרבעט אויף אייגענער האַנט, זי פלעגט בלויז באַקומען ליטעראַטור פון זאַמאָשטש.

אָפט האָט די אומלעגאַלע ליטעראַטור געבראַכט יואל ווייס־ברויט, וועלכער פלעגט פאָרן מיט אַ פּאַסאַזשיר־אויטאָ אויף דעם אָפּשניט הרוביעשאָוו־כעלם.

אַ טרעף־פּונקט פאַר די פאָרשטייער פון קרייז־קאָמיטעט אין כעלם איז געווען ביי משה רייז, פאַר די פאָרשטייער פון צ. ק. ביי ד״ר ליפשיץ. יעדער טרעף־פּונקט האָט געהאַט זיינע פּאַראָלן. נאָכן איבערגעבן דעם פּאַראָל, פלעגט מען דעם גאַסט פאַרבינדן מיטן קרייז־סעקרעטאַר.

אָפט פלעגן פאָרקומען ברייטערע קאָנפערענצן מיט די פאָרשטייער פון אַלע דאָרפישע קעמערלעך אין די וועלדער. כאָטש די פּאַרטיי האָט דעמאָלט געפירט גרויסע טעכנישע אַקציעס, ווי אויפהענגען פענער, פאַרשפרייטן ליטעראַטור, דאָך איז דער פּאָליציי נישט געלונגען צו פאַלן אויף די שפּורן פון דער אָרגאַניזאַציע.

## די שטאָט־ראַט־וואַלן אין יאָר 1927

צו די שטאָט־ראַט וואַלן, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין הרוביעשאָוו אין יאָר 1927, האָט די קאָמ. פּאַרטיי, אונטערן מאַנטל פון די פּראָפ. פאַראיינען, אַרויסגעשטעלט אירע קאַנדידאַטן־ליסטע מיט די חברים לאַזער אייזן, ד״ר ווייסמאַן און יהושע פריינד בראש.

מ׳האָט געפירט אַ גרויסע וואַל־אַגיטאַציע, כדי צו געווינען די וויילער פאַר די קאָמ. קאַנדידאַטן. אַלס גלענצענדע אַגיטאַטאָרן האָבן זיך אַרויסגעוויזן: נח דיאַמענט, דוד פייל און אברהמלע לערער.

אין רעזולטאַט פון די וואַלן האָט די פּאַרטיי אַריינגעפירט 2 ראַטמענער אין שטאָט־ראַט: לאַזער אייזן און ד״ר ווייסמאַן. אַ געוויסע צאָל וויילער האָט געשטימט פאַר דער ליסטע צוליב לאַזער אייזן, וועלכער האָט אַרויסגערופן אַכטונג און צוטרוי צו זיך אפילו ביי זיינע קעגנער. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט ערלעכקייט, פּשטות און אידעאַליזם. יהושע פריינד איז אַריין אין שטאָט־ראַט אַלס ראַטמאַן, ווען ד״ר ווייסמאַן איז אַוועקגעפאָרן פון הרוביעשאָוו.

די קאָמוניסטישע פראַקציע איז געווען, ווי אַ דאָרן אין אויג פון דער בירגערלעכער מערהייט אין שטאָט־ראַט. זיי האָבן געזוכט מיטלען ווי פון זיי פּטור צו ווערן. שפּעטער איז אַזאַ געלעגנהייט אונטערגעקומען. די פּאַרטיי האָט געהאַט פאַנאַנדערגעשיקט בריוו צו פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און פּערזענלעכקייטן. די פּאָליציי האָט געמאַכט אַן עקספּערטיזע פון האַנט־שריפט און האָט „פעסטגעשטעלט" אַז די בריוו האָט געשריבן יהושע פריינד. ער איז אַרעסטירט געוואָרן און פאַרמשפּט געוואָרן אויף 4 יאָר טורמע.

## די 1־טע מאַי דעמאָנסטראַציע אין יאָר 1928

אַן אינטענסיווע אַרבעט האָט די פּאַרטיי אין הרוביעשאָוו אָנגעהויבן צו פירן פאַר דעם 1־טן מאַי 1928, כדי צוצוגרייטן אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע פון שטאָטישע און דאָרפישע אַרבעטער. מ׳האָט די דערלויבעניש אויף דער דעמאָנסטראַציע, אונטער געוויסע באַדינגונגען, באַקומען און די צוגרייטונגען זיינען פאָרגעקומען אין פולן פאַרנעם.

באַלד באַגינען דעם 1־טן מאַי האָבן די אַרבעטער, יום־טובדיק אָנגעטאָן, זיך אָנגעהויבן זאַמלען ביי די לאָקאַלן פון די פאַראיינען. ס׳האָט זיך פאָרמירט אַ ריזיקער צוג אונטער די פענער פון די פּראָפ. פאַראיינען. די פּוילישע אונטערוועלט האָט געוואָלט שטערן דעם צוג. מען האָט באַמערקט, ווי זיי האָבן זיך גרופּירט אין פאַרשיידענע ערטער מיטן ציל אָנצופאַלן, אָבער זעענדיק די גרויסע צאָל דאָרפישע אַרבעטער, האָבן זיי ניט געוואַגט און דער צוג האָט רויק געענדיקט די דעמאָנסטראַציע.

שפּעטער איז פאָרגעקומען אין דער „רוסאַלקאַ" אַ גרויסע אַקאַדעמיע; נאָכן אָפיציעלן טייל האָט דער כאָר פון די פאַראיינען, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון אברהמלע לערער, אויסגעפירט אַ רייכן פּראָגראַם. די 1־טע מאַי דעמאָנסטראַציע האָט איבערגעלאָזט אַ טיפן איינדרוק.

## די סיים־וואַלן אין יאָר 1928

אין יאָר 1928 האָבן באַדאַרפט פאָרקומען וואַלן צום פּוילישן סיים. די פּאַרטיי האָט באַשלאָסן אויסצונוצן דעם וואַל־קאַמף פאַר אירע צילן. מען האָט אָרגאַניזירט קאָנפערענצן פון די אַקטיוויסטן, כדי צוצוגרייטן



די קאָמוניסטישע טוער: יהושע פריינד, לאַזער אייזן — העסקנים הקומוניסטיים: אברהם לערער

די אַקציע. די ערשטע קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען ביי עלי היידענבליט אין שטוב. פאַרן דאָרפישן אַקטיוו האָט נח דיאַמאַנט געהאַלטן אַ רעפעראַט וועגן דער שטעלונג פון דער פּאַרטיי צו די סיים־וואַלן.

אַזעלכע קאָנפערענצן זיינען פאָרגעקומען אין די צענדליקער און די קאָמוניסטישע אַגיטאַציע האָט זיך געלאָזט פילן אויף טריט און שריט.

די פּוילישע מאַכט־אָרגאַנען האָבן אָנגענומען מיטלען קעגן דער וואַקסנדיקער געפאַר, און האָבן אָנגעהויבן שיקן זייערע מענטשן אין די רייען פון דער פּאַרטיי, אפילו אין דער העכסטער אָנפירונג, כדי זי אויפצורייסן פון אינעווייניק.

## אַ נייע פּראָוואָקאַציע

אין יענע טעג איז געקומען קיין הרוביעשאָוו אַלס פאָרשטייער פון צ. ק. אין לעמבערג אַ סטודענט פון אוניווערזיטעט מיטן נאָמען קאָזאַק. ער האָט זיך געמאָלדן אויפן טרעף־פּונקט ביי משה רייז און פאַרלאַנגט אַ זיצונג פון קרייז־קאָמיטעט. צוליב טעכנישע שוועריקייטן האָט אַזאַ זיצונג נישט געקענט צושטאַנדקומען. ער איז, דעריבער, אַוועקגעפאָרן אויף אַ קאָנפערענץ אין לודמירער קרייז.

נאָך זיין אַוועקפאָרן פון לודמיר, האָבן זיך דאָרט אָנגעהויבן אַרעסטן. ער איז געקומען צוריק צו משה רייז צוזאַמען מיטן סעקרעטאַר פון קרייז־קאָמיטעט אין כעלם. דיזעלבע נאַכט האָט די פּאָליציי געמאַכט אַ רעוויזיע ביי משה רייז, זוכנדיק אברהמלע לערער וועלכער פלעגט זיך דאָרט אָפט אויפהאַלטן. טרעפנדיק אין שטוב די דערמאָנטע פּערזאָנען, האָט זיי די פּאָליציי גלייך אַרעסטירט. דעם צווייטן טאָג איז אַרעסטירט געוואָרן משה קאָרנבליט און משה רייז.

ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז דער דערמאַנטער צ. ק.־מיטגליד איז געווען אַ פּראָוואָקאַטאָר. די פּאַרטיי האָט אַרויסגעטראָגן אַ טויט־אור־

טייל אויף אים, אָבער מיט דער הילף פון דער פּאָליציי איז אים געלונגען צו אַנטלויפן קיין אויסלאַנד. אין רעזולטאַט פון דעם פּאַל איז משה קאָרענבליט פאַרמשפּט געוואָרן אויף 6 יאָר תּפיסה, און משה רייז אויף 4 יאָר.

## די בלוטיקע 1־טע מאַי דעמאָנסטראַציע אין יאָר 1929

די 1־טע־מאַי־דעמאָנסטראַציע פון יאָר 1929 האָט די מאַכט נישט דערלויבט. נישט קוקנדיק דערויף, האָט די פּאַרטיי גערופן צו פייערן דעם 1־טן מאַי. די פּאָליציי האָט דורכגעפירט פיל אַרעסטן און אָפּגעשלאָסן אַלע וועגן, וועלכע פירן אין שטאָט.

ניט קוקנדיק אויף די פּאָליצייאישע מיטלען, האָבן מאַסן פויערים מיט טראַנספּאַרענטן געשטראָמט אין שטאָט. די פּאָליציי האָט געפּרוווט די מאַסע פאַנאַנדערטרייבן, אָבער אָן רעזולטאַט. אין אַ בלוטיקן צוזאַמענשטויס מיט דער פּאָליציי זיינען געפאַלן טויטע און פאַרוווּנדעטע. נישט קענענדיק אויסהאַלטן דעם דרוק פון דער מאַסע, האָט די פּאָליציי אַרויסגערופן צו הילף דעם הרוביעשאָווער פּאָלק אולאַנער. ערשט דעמאָלט איז געלונגען די דעמאָנסטראַנטן פאַנאַנדערצוטרייבן.

אין רעזולטאַט פון די געשעענישן זיינען געפאַלן עטלעכע צענדליק פאַרוווּנדעטע פון ביידע צדדים.

## אונטערגעוואָרפענע באַזוכן

נאָך די געשעענישן, האָט די פּאָליציי אָנגעהויבן דורכצופירן גרויסע אַרעסטן. כּדי זיך צו שאַפן „זאַכלעכע" באַווייזן קעגן די אַרעסטירטע, פלעגן זיי בשעת דער רעוויזיע אונטערוואַרפן אומלעגאַלע ליטעראַטור, און דאָס איז שוין געווען גענוג, כּדי צוזאַמענצושטעלן אַ באַשולדיקונגס־אַקט.

ביי די ברידער בעריש און יעקל וויסבּרויט איז פאָרגעקומען אַזאַ רעוויזיע, ביי וועלכע זיי האָבן געפונען „זאַכלעכע" באַווייזן. אַזוי ווי ביידע זיינען ניט געווען אין דער היים, האָבן זיי אויסגעמיטן דעם אַרעסט, ביז די פּאַרטיי האָט זיי איבערגעשיקט קיין רוסלאַנד.

ניט קוקנדיק אויף די רעפּרעסיעס פון דער פּאָליציי, האָט די פּאַרטיי אויף קיין איין טאָג נישט אָפּגעשטעלט איר אַרבעט. ס'זיינען פאָרגעקומען די זיצונגען פון די קאָמערלעך, עס זיינען אַדורכגעפירט געוואָרן טעכנישע אַקציעס, ווי: פאַרשפּרייטן אומלעגאַלע ליטעראַטור און אויפהענגען רויטע פענער אויף די טעלעפאָן־דראָטן.

## די גרויסע ענטוישונג

די קאָמ. יוגנט אין הרוביעשאָוו איז געווען אָפּפערוויליק און געגלויבט, אַז דאָס וואָס זי טוט איז פאַר דער באַפרייונג פון דער גאַנצער מענטשהייט. די יוגנט האָט געזען אין ראַטנפאַרבאַנד די פאַרווירקלעכונג פון זייערע טרוימען און האָפענונגען, דעם סימבאָל פון פרייהייט און גערעכטיקייט. פיל זיינען גרייט געווען צו שטעלן אין סכּנה זייער לעבן און פרייהייט, כּדי צו דערגרייכן די גרענעצן פון דעם אויסגעבענקטן לאַנד.

אַ גרופּע הרוביעשאָווער חברים, צווישן וועלכע ס'איז געווען אַבֿרהמלע לערער, לייזער געץ און אַנדערע, האָט זיך אַוועקגעלאָזט צו דער גרענעץ, און מיט דער הילף פון גרענעץ־שמוגלער אַריבער אויף דער סאָוויעטישער זייט. זיי האָבן זיך גלייך געמאָלדן צו דער גרענעץ־וואַך, און אָנגעגעבן די סיבה פון זייער קומען. זיי זיינען אַרעסטירט געוואָרן, און ס'האָט זיך אָנגעהויבן די אויספאָרשונג. מ'האָט זיי געהאַלטן אין שרעקלעכע באַדינגונגען. ס'האָט ניט געהאָלפן זייער געבעט, מ'זאָל זיי נישט צוריקשיקן קיין פּוילן, ווייל עס דראָט זיי אַ שווערע שטראָף.

אין אַ פינצטערער נאַכט האָט מען די גאַנצע גרופּע אַריבערגעשיקט צו



דער פּוילישער גרענעץ. דער מזל האָט זיי צוגעשפּילט און זיי זיינען ניט אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער פּוילישער גרענעץ־וואַך.

זיי זיינען בשלום אָנגעקומען קיין הרוביעשאָוו, אָבער דערשלאָגענע און מוטלאָזע. וועגן זייערע פיינלעכע איבערלעבונגען פון יענער זייט האָבן זיי בלויז גערעדט מיט רמזים. זיי האָבן זיך ביסלעכווייז אָפּגערוקט, איינער איז אַוועק קיין וואַרשע, דער צווייטער האָט עמיגרירט קיין אויסלאַנד, דער דריטער איז אַוועקגעפאָרן אין אַ צווייטער שטאָט און חתונה געהאַט. דער דאָזיקער פאַל האָט איבערגעלאָזט אַ שווערן איינדרוק אויף די, וועלכע האָבן געוווּסט דערפון.

אין אָנפאַנג פון די דרייסיקער יאָרן האָט די פּאַרטיי אין הרוביעשאָוו פאַרהעלטניסמעסיק ניט געהאַט קיין גרויסע פאַרלוסטן און די פּאַרטיי־טעטיקייט איז געווען אַן אינטענסיווע. סעקרעטאַר פון שטאָטישן קאָמיטעט איז געווען לאזער אייזן, וועלכער האָט באַזונדערס געזאָרגט פאַר דער דערציאונג פון דער יוגנט.

## די גרויסע אַרעסטן

אין יאָר 1931 איז די פּאָליציי צוגעטרעטן צו דער ליקווידאַציע פון דער קאָמ. פּאַרטיי אין הרוביעשאָוו און אומגעגנט.

צוליב דעם צוועק איז געקומען קיין הרוביעשאָוו די לובלינער „דעפענסיווע", וועלכע האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט אירע אינקוויזיטאָרישע מיטלען ביים אויספּרעסן דערקלערונגען. ס'איז אַרעסטירט געוואָרן אַ דאָרפישער חבר, וועלכער האָט זיך איינגעבראָכן בעת דער אויספאָרשונג און אַרויסגעגעבן אַ גאַנצע ריי חברים, וועלכע זיינען גלייך אַרעסטירט געוואָרן.

דער זאַל פון קינאָ „רוסאלקא" איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַרעסט־הויז. אין די נעכט פלעגט מען אַרויסנעמען די אַרעסטירטע איינציקווייז און אַוועקפירן צו דער אויספאָרשונג. נאָך עטלעכע שעה האָט מען זיי צוריקגעבראַכט צעקאַטעוועטע און אויסגעמאַטערטע. פיל האָבן נישט געקענט אויסהאַלטן די שרעקלעכע פייניגונגען און האָבן אונטערגעשריבן אַלץ, וואָס מ'האָט פאַרלאַנגט פון זיי, און די וועלכע האָבן זיך ניט געלאָזט ברעכן, האָט מען געפייניגט נאַכט נאָך נאַכט.

צווישן די אַרעסטירטע זיינען געווען אומשולדיקע, וואָס האָבן נעבעך ניט געוווּסט וואָס מ'וויל פון זיי, אָבער נישט קענענדיק אויסהאַלטן די פייניקונגען האָבן זיי מודה געווען.

שרעקלעכע נעכט האָבן איבערגעלעבט די אַרעסטירטע אין „רוסאַלקאַ". די קרעכצן פון די צוריקגעבראַכטע פון דער אויספאָרשונג האָבן אָנגעוואָרפן אויף אַלעמען אַן אימה. זיי האָבן כמעט, ווי נישט געגעסן, כאָטש יעדן האָט זיין פאַמיליע אַריינגעשיקט פּעקלעך. ענדלעך האָט זיך די קאַשמאַרנע אויספאָרשונג געענדיקט און אַלע אַרעסטירטע זיינען געשמידט אין קייטן אָפּגעפירט געוואָרן אין פאַרשיידענע טורמעס.

דעם חבר „יאַן" איז געלונגען צו אַנטלויפן קיין וואַרשע און אויסמיידן צייטווייליק דעם אַרעסט, אָבער שפּעטער האָט אַ געוויסער „פּאַנטל", אַ מענטש פון צווייפלהאַפטער מאָראַלישער פאַרגאַנגענהייט, געמאָלדן דער פּאָליציי דעם אַדרעס פון חבר „יאַן" אין וואַרשע און ער איז דאָרט אַרעסטירט געוואָרן.

די גאַנצע פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג אין הרוביעשאָוו איז ליקווידירט געוואָרן. די חברטע רבקה ערליך, וועלכע האָט אויסגעמיטן דעם אַרעסט, האָט איבערגעגעבן אַלע ביכער און אינווענטאַר דער פּרץ־ביבליאָטעק ביים „בונד". די פּראָצעסן, וואָס זיינען פאָרגעקומען מיט אַ צייט שפּעטער, האָבן אויפגעדעקט פאַר דער עפנטלעכקייט די שרעקלעכע פּאָליציי־מעטאָדן ביי דער אויספאָרשונג, און אַלע באַשולדיקטע האָבן צוריקגעצויגן זייער דערקלערונגען.

אין רעזולטאַט פון פּראָצעס האָבן די חברים לאזער אייזן און דער חבר „יאַן" באַקומען 6 יאָר טורמע, די איבעריקע זיינען פאַרמשפּט געוואָרן צו קלענערע שטראָפן. ביי אַלעמען איז צוגענומען געוואָרן די בירגער־רעכט אויף 10 יאָר און ס'זיינען זיי אויך צוגעמשפּט געוואָרן גערייכטס־קאָסטן.

די פאַרטיי־אַרבעט אין הרוביעשאָוו האָט פיל געליטן אין רעזולטאַט פון דעם אַרעסט, אָבער זי האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט. ס'איז אַדורכגעפירט געוואָרן אַ רעאָרגאַניזאַציע פון די קעמערלעך. אין שפּיץ פון דער אַרבעט זיינען דעמאָלט געשטאַנען די חברים שיע פריינד, וועלכער איז יענעם יאָר באַפרייט געוואָרן פון טורמע, שיעלע אייזנבערג, און יעקל גאָלדהור. ס'זיינען געשאַפן געוואָרן קעמערלעך אין גימנאַזיום, וועלכע האָבן אונטער דער אָנפירונג פון לייבעלע ערליך, באַוויזן אַריינצוציען פיל מיטגלידער. ס'איז אויך אָרגאַניזירט געוואָרן אַ קאָמוניסטיש קעמערל אין מיליטער.

צוליב די אָפטע אַרעסטן איז די פאַנאַנדערשיקונג פון ליטעראַטור געווען זייער באַשווערט. דער צ. ק. האָט באַשלאָסן, אַז יעדע פאַרטיי דאַרף אַליין זאָרגן פאַר אירע באַדערפענישן. צו דעם צוועק האָט די פאַרטיי אין הרוביעשאָוו באַדאַרפט זיך שאַפן אַ שרייב־מאַשינקע, און אַליין דרוקן אירע אויפרופן.

מאָטעלע גערטל, וועלכער האָט געאַרבעט אַלס אָנגעשטעלטער אין אַ באַנק, האָט באַקומען אַן אויפטראַג אַרויסצונעמען די שרייב־מאַשינקע פון זיין אַרבעטס־פּלאַץ. אַזוי ווי די מאַשינקע האָט געהאַט געוויסע סימנים, האָט די פּאָליציי זיך גלייך אָריענטירט, אַז די אויפרופן ווערן געשריבן אויף דער מאַשינקע, וואָס פעלט אין באַנק. די פּאָליציי האָט דורכגעפירט רעוויזיעס און אַרעסטן ביי פאַרדעכטיקע. אַ גאַנצע ריי חברים האָבן געמוזט אַנטלופן פון שטאָט און זיך אויסבאַהאַלטן אין דער פרעמד.

נאָך אַ לענגערער צייט האָט די פאַרטיי אָנגעהויבן אַריבערשיקן די חברים קיין רוסלאַנד. עס זיינען צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן 2 גרופּן. אין דער ערשטער גרופּע זיינען אַריין די חברים: שיע פריינד, יעקל גאָלדהור, שיעלע אייזנבערג און מאָטעלע גערטל. די צווייטע גרופּע איז באַשטאַנען פון: לייבל ערליך, שלום קאָרן, און אַנדערע.

די צווייטע גרופּע איז געגאַנגען די ערשטע צו דער גרענעץ, אָבער צוליב דער שלעכטער אָריענטאַציע איז זי אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער פוילישער גרענעץ־וואַך. נאָך לאַנגע אויספאָרשונגען און פייניקונגען האָט מען די חברים געשמידטע אין קייטן איבערגעשיקט קיין הרוביעשאָוו צו דער דיספּאָזיציע פון דער פּאָליציי, וועלכע האָט נאָך זיי אַרויסגעשיקט שטעק־בריוו. דער ערשטער גרופּע, וועלכע איז געגאַנגען שפּעטער, האָט דאָס מזל צוגעשפּילט און זי איז אַריבער בשלום אויף דער סאָוויעטישער זייט.

אָרעמע! זיי האָבן נישט געוווּסט, אַז זיי לויפן פון וואַסער אין פייער. דער גורל האָט געוואָלט, אַז פון דער גרופּע, וועלכע איז אַריינגעפאַלן צו דער פוילישער מאַכט, לעבן נאָך היינט צו טאָג עטלעכע חברים. דאַקעגן פון דער גרופּע, וואָס איז אַריבערגעגאַנגען די סאָוויעטישע גרענעץ, איז קיינער ניטאָ. סטאַלינס „גערעכטיקייט" האָט זיי צוזאַמען מיט צענדליקער אַנדערע, איבערגעגעבענע, געטרייע קאָמוניסטן, וועלכע האָבן זייער לעבן אַוועקגעגעבן פאַר דער קאָמוניסטישער אידעע, שווידערלעך אומגעבראַכט.

אין די שפּעטערע יאָרן האָט די קאָמ. פאַרטיי אין הרוביעשאָוו ווייטער געפירט איר טעטיקייט, אָבער שוין נישט מיט דעם פאַרנעם.

די יוגנט, האָט נישט קוקנדיק אויף אַלע דורכפאַלן, ווייטער מיט לייב און לעבן זיך איבערגעגעבן דער אַרבעט. לייבל ערליך, אַרויסגייענדיק פון טורמע, האָט זיך ווייטער אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט, ער איז געוואָרן שטאָטישער סעקרעטאַר און איז שפּעטער אַריבערגעגאַנגען אין די העכערע פאַרטיי־אינסטאַנצן.

אַלס סעקרעטאַר איז דעמאָלט באַשטימט געוואָרן שמעון גינדער. ער איז געווען אַ פשוטער אַרבעטער, אָבער שטאַרק איבערגעגעבן און ערלעך. ער האָט אויסגעפירט זיין אַרבעט בשלמות ביזן מלחמה־אויסברוך.

אַזוי האָט געלעבט און געקעמפט די יידישע יוגנט פון הרוביעשאָוו. ס'איז געווען אַ יוגנט דורכגעדרונגען מיט אידעאַליזם, און גרייט זיך מקריב צו זיין. זי האָט מיט דאָרשט זיך געלערנט און געבילדעט, באַפרייענדיק זיך פון אַלטן לעבנס־שטייגער.

די יידישע יוגנט אין די שטעטלעך האָט ניט געזען פאַר זיך קיין שום צוקונפט, און זי האָט מיט דעם גורל ניט געקענט שלום מאַכן, זי האָט זיך דעריבער געוואָרפן אין קאַמף, אויף לעבן און טויט, כדי צו ענדערן די באַדינגונגען. צו דאָס איז געווען די חלוצישע יוגנט, וועלכע האָבן פאַרלאָזט די היים און נאָענטע, און איז אַוועק אויף שווערע וועגן פון טריקענען זומפּן, כדי צוצוגרייטן דעם באָדן פאַר דער צוקונפטיקער היים פון יידישן פאָלק, אָדער די קאָמוניסטישע יוגנט, וועלכע האָט מקריב געווען איר פרייהייט, אין איבערצייגונג, אַז מיט איר שווערן געראַנגל, וועט זי אויפבויען אַ נייע וועלט פון גערעכטיקייט און יושר, און דעמאָלט וועט דאָס יידישע פאָלק פאַרנעמען זיין פּלאַץ צווישן די באַפרייטע פעלקער פון דער וועלט.

אַז מיר דערמאָנען היינט די הרוביעשאָווער יוגנט, וועלכע איז אומגעקומען פון די בלוטיקע נאַצישע הענט, אָדער אין די טייגעס פון סיבירער פאַרשיקונג, רופן זייערע מעשים אַרויס ביי אונז יראת־הכבוד און דרך־ארץ.

אייביק וועט בלייבן זייער אָנדענק, צוזאַמען מיט דעם אָנדענק פון אַלע אומגעקומענע, פאָלקסטימלעכע, האַרציקע יידן פון הרוביעשאָוו. ערע זייער אָנדענק!



אַזוי זויגט דער בעל־הבית דעם אַרבעטער. כך יונק המעביד את הלשד של פועלו.

אַ פּאָפּולער בילדל, וועלכעס איז פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן יידישע אַרבעטער אין הרוביעשאָוו אין די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן.

תמונה, שמפלגות הפועלים הפיצו בין פועלי הרובישוב בשנות העשרים והשלושים.

# אינהאַלט • תכן

# אליעזר אהרן זאַמער / די לעצטע קהילה־וואַלן

סאַן־כאָסע, קאָסטאַ־ריקאַ



אליעזר אהרן זאַמער

אינעם אומאָפּהענגיקן פּוילן, נאָכן ערשטן וועלט־קריג, איז די יידישע באַפעלקערונג צוויי מאָל געגאַנגען צו קהילה־וואַלן: אין יאָר 1924 און אין יאָר 1931. די דריטע קהילה־וואַלן האָבן באַדאַרפט פאָרקומען אין נאָוועמבער 1939, אָבער דעמאָלט האָט זיך שוין אָנגעהויבן דער חורבן פון די קהילות.

די קהילה־וואַלן אין יאָר 1931, אין בערך 500 פּראָווינץ־שטעט, זיינען פאָרגעקומען מיטוואָך דעם 20־טן מאַי. אין אַ וואָך אַרום זיינען פאָרגעקומען די וואַלן אין וואַרשע, לובלין, לאָדזש, לעמבערג, קראָקע, ראַדאָם און אַנדערע גרעסערע שטעט.

פון די וואַל־אויפרופן, וועלכע מיר ברענגען אין בוך, זעט מען, אַז דער וואַל־קאַמף איז געווען אַ שאַרפער און אַ פאַרביסענער. כ׳וויל מיר דערלויבן צו ברענגען עטלעכע אויסצוגן פון מיין טאָגבוך, וואָס איך האָב דעמאָלט געפירט. כ׳בין דאַן געווען 17 יאָר אַלט.

17־טער מאַי 1931.

היינט בין איך געווען מיט מיין פאָטער אויף אַ ברית. דער עולם, וואַרטנדיק אויפן רב, האָט זיך דערווייל איינגעטיילט אין גרופּקעלעך און געשמועסט. די הויפּט־טעמע זיינען געווען די נאָענטע קהילה־וואַלן.

מ׳האָט זיך מתווכח געווען און געאַמפּערט. די פרומערע האָבן געטענהט, אַז מ׳טאָר נישט שיקן אין דער קהילה קיין „גאָלעבראָדניקעס״. אַנדערע האָבן געטענהט, אַז אויך „גאָלעבראָדניקעס״ מעג מען שיקן, אויב זיי זיינען גוטהאַרציקע יידן.

מען האָט דערציילט וועגן „לינת הצדק״, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן ערשט מיט עטלעכע וואָכן צוריק. איינער האָט דערציילט, ווי צוויי מיטגלידער פון „לינת־צדק״ זיינען פאַראַכטאָגן דאָנערשטיק אַוועק צו אַ רייכן ייד, ביי וועמען עס איז פאָרגעקומען אַ ברית, האָט מען זיי פשוט נישט אַריינגעלאָזן. ביי דער טיר זיינען געשטאַנען צוויי גויישע דינסטן, וועלכע האָבן געהאַלטן אין איין שרייען:

„זשעבראַקאָם ווסטעמפּ ווזבראָניאָני!״ (אָרימעלייט איז דער איינטריט פאַרבאָטן).

דער דאָזיקער עפּיזאָד האָט אויף אַ סך, און אויך אויף מיר, געמאַכט אַ שווערן איינדרוק.

דער טאָג פון די וואַלן איז געווען אַ שטורמישער, די אַגיטאַציע אַ ליידנשאַפטלעכע, סיי אין גאַס, סיי אין די בתי־מדרשים. די „אגודה״ (ליסטע נומער 10) האָט אַדורכגעפירט 4 פרנסים, די ציוניסטן (ליסטע נומער 7) — 3, די אַנדערע פאַרטייען האָבן אַדורכגעפירט 5 פרנסים. צוזאַמען האָט די קהילה געציילט 12 פרנסים.

מיר דאַכט זיך, אַז דער „בונד״ און „פּועלי־ציון״ אין הרוביעשאָוו זיינען צו די קהילה־וואַלן נישט געגאַנגען. זיי האָבן באָיקאָטירט די וואַלן צוליב דעם באַרימטן פּאַראַגראַף צוואַנציק.

דעם פּאַראַגראַף 20 האָט אויסגעפועלט די „אגודת־ישראל״ ביים פּוילישן בילדונגס־מיניסטער, טשערווינסקי, וועלכער האָט אין פּוילישן סיים אַדורכגעפירט דעם נייעם רעגולאַמין וועגן קהילה־וואַלן.

דער פּאַראַגראַף 20 האָט באַשטימט דעם אופן פון צוזאַמענשטעלן די ווילער־רשימות. ביז דעמאָלט האָט יעדער ייד, וואָס האָט געוואָלט האָבן וואַל־רעכט צו דער קהילה, געדאַרפט דערלאַנגען אַ ספּעציעלע דעקלאַראַציע. דער פּאַראַגראַף 20 האָט מחדש געווען אַ נייעם געזעץ, אַז די יידישע קהילות מוזן אַליין צונויפשטעלן די ווילער־רשימות. צום סוף פון דעם פּאַראַגראַף 20 האָט די „אגודת־ישראל״ אויסגעפועלט ביים בילדונגס־מיניסטער, טשערווינסקי, פאָלגענדען זאַץ:

„ביים צונויפשטעלן די ווילער־רשימה צו די קהילה־וואַלן, קען די וואַל־קאָמיסיע אַדורכלאָזן אין דער רשימה פּערזאָנען, וועלכע טרעטן אַרויס עפנטלעך קעגן יידישן דת״.

לויט דעם פּאַראַגראַף האָט מען געקענט אויסמעקן פון דער ווילער־רשימה יידן, וואָס האָבן ניט קיין באָרד, שפּרינגען ניט קיין קדושה דריי מאָל אַ טאָג, רויכערן שבת, אָדער האַלטן אָפן שבת זייערע געשעפטן. דאָס זיינען דאָך סימנים פון אַרויסטרעטן עפנטלעך קעגן יידישן דת.

די יידישע באַפעלקערונג האָט אויפגעהויבן אַ געשריי: דער מיטלאַלטער קומט צוריק.

די צוגרייטונגען צו די קהילה־וואַלן זיינען געווען שטורמישע אין אַלע שטעט און שטעטלעך און אויך ביי אונז אין הרוביעשאָוו. דער שטורם איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז דער צענטראַל־קאָמיטעט פון „אגודת־ישראל״ האָט געפונען פאַר נויטיק אַרויסלאָזן אַ ספּעציעלן פירוש צום פּאַראַגראַף 20.

דער פירוש האָט געלויטעט אומגעפער אַזוי:

דאַכט זיך, אַז דער אפזאַץ רעדט פשוט און קלאָר. פאַר יעדן בר־דעת איז פאַרשטענדלעך, אַז ווען די יידישע קהילה איז אַן אויסגעשפּראָכן רעליגיעזע, איז גאַנץ לאָגיש, אַז די וואַל־קאָמיסיע האָט דאָס רעכט אַדורכצולאָזן פּערזאָנען, וועלכע זיינען עפנטלעך אַרויס קעגן יידישן דת.

דער באַגריף „עפּענטלעך אַרויסטרעטן קעגן יידישן דת״ איז גאָרנישט אַזוי נעבלהאַפט און אומגליקלעך. דער פּאַראַגראַף רעדט דאָך נישט וועגן רעליגיעזער אויפירונג פון די פּערזאָנען. זיין טייטש איז קלאָר. דאָ האַנדלט זיך וועגן פּערזאָנען, וואָס האָבן זיך עפּענטלעך דערקלערט אַלס רעליגיאָזע, אָדער האָבן עפּענטלעך באַקעמפט דעם יידישן דת, און די יידישע קהילה אַלס רעליגיעזע אינסטיטוציע. קוים איז די באַציונג צום יידישן דת און צו דער רעליגיעזער קהילה אַ לאָיאַלע, טאָר מען נישט מיסברויכן מיטן געזעץ.

עד כאן דער פירוש צום פּאַראַגראַף 20, וואָס האָט אין אַלגעמיין גאָרנישט מחדש געווען. די צוגרייטונגען צו די קהילה־וואַלן זיינען געוואָרן שטורמישע. אין דער פּאָפּולערער צייטונג, „יידישער עקספּרעס״, פון זונטיק דעם 22־טן מערץ 1931 געפינען מיר פאָלגנדע נאָטיץ:

„אונזערע לעזער ווייסן שוין, וואָס עס טוט זיך אויף דער פּראָווינץ מיט דעם פּאַראַגראַף 20. מען שליסט אויס כסדר פון דער ווילער־רשימה אַלע געגאָלטע בערד, אַלע וואָס זיינען מחלל־שבת אויף אַזאַ אָדער אַנדער אופן. דער בונד און די פּועלי־ציון גייען נישט צו די וואַלן. די גאַנצע יידישע אַרבעטערשאַפט וועט זיך אין די וואַלן נישט באַטייליקן, עס בלייבט דעריבער פאַר די פרומאַקעס ווייניק וואָס צו טאָן מיטן פּאַראַגראַף 20.

אָבער, ווי מען גיט אונז איבער, האָט מען שוין אויף דער פּראָווינץ, אָנגעהויבן בודק זיין די ווילער־רשימות און עס קומען אָן ליסטעס מיט נעמען פון אומגלויביקע, כדי זיי אויסצושליסן פון די ווילער־רשימות. ביי דער ברייטער, יידישער באַפעלקערונג איז דאָ אַ שנאה צו די קהילה־תקיפים, וועלכע ווילן איצט מיט דער הילף פון פּאַראַגראַף 20 פעסטער זיך איינזעצן אויף די פּלייצעס פון דער בידנער קלאַטשע. נישט באַטייליקן זיך אין די וואַלן — דאָס איז דער פּראָטעסט־אויסדרוק פון די יידישע פאָלקס־מאַסן קעגן די גמינע־פירער, קעגן אירע סטאַטוטן און איר פּאָליטיק״.

אויך די בונדישע „פאָלקס־צייטונג״ פון יענער צייט איז פול מיט פּראָטעסט קעגן פּאַראַגראַף 20. דאָך זיינען פיל אַרבעטער געגאַנגען צו די וואַלן און האָבן געשטימט פאַר דער ליסטע פון די יידישע האַנטווערקער, און אַזוי אַרום אַדורכגעפירט אין דער קהילה פרנסים, וואָס האָבן דאָרט פאַרטיידיקט די אינטערעסן פון די אַרבעטער־מאַסן.

אין יאָר 1934 האָב איך דערהאַלטן אַ בריוו פון מיין טייערן, אומפאַרגעסלעכן חבר, אברהם געדולדיק, אין וועלכן ער באַשרייבט מיר אינטערעסאַנטע פּרטים פון די וואַלן צום הרוביעשאָווער מאַגיסטראַט, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין יענער צייט. פון דעם בריוו דרינגען מיר, אַז די הרוביעשאָווער, יידישע פאַרטייען האָבן זיך פאַראייניקט צו די וואַלן פון מאַגיסטראַט.

# באקאנטמאכונג

די וואל-קאמיסיע צו וויילן א ראט פון דער יידישער קהלה אין הרוביעשאוו אויפן גרונד פון § 43 פון וואל געזעץ פון 24.X 1930 (דז. א. נ. 75 פ. 592) מאכט באקאנט פאלגנדע גילטיקע צום שטימען

# קאנדידאטן ליסטעס

צום ראט און מיטגלידער ביי דער יידישער גמינע אין הרוביעשאוו.

## קאנדידאטן ליסטע נר. 1:

| ל.נ. | נאמען און פאמיליע | עלטער | באשעפטיקונג | אדרעס-הרוביעשאוו, גאס |
|---|---|---|---|---|
| 1 | היפש שמחה | 40 | ציין טעכניק | פאדזאמטשע |
| 2 | אמפער יוסף | 58 | לערער | קאסטשעלנע |
| 3 | גאלדשמידט יעקב | 54 | מעכאניק | לאזיענגע |
| 4 | עסיג יעקב | 60 | סוחר | לובעלסקע |
| 5 | עקשטיין משה | 52 | ״ | גורנע |
| 6 | לענערמאן חיים | 53 | ״ | לאזשענגע |
| 7 | פערער אליעזר | 51 | ״ | גורנע |
| 8 | פיינטוך יצחק | 65 | לערער | לובעלסקע |
| 9 | צוקערמאן משה יעקב | 80 | הענדלער | וויסאסטווע |
| 10 | ווינדערבוים אברהם | 47 | סוחר | ריבנע |
| 11 | קאץ יצחק | 72 | קרעמער | באזשנימשנע |
| 12 | ווינגער יוסף | 53 | לערער | וואדנע |
| 13 | ביינער מוניש | 37 | בייטל-מאכער | באזשנימשנע |
| 14 | דיכטער אברהם | 30 | סוחר | זשעראמסקיעגא |
| 15 | קאירען יוסף | 35 | ״ | באזשנימשנע |
| 16 | גאלדשטיין אלטער | 32 | לערער | לובעלסקע |
| 17 | רויזמאן ישראל | 52 | היטל מאכער | שעווסקע |
| 18 | נייסט מענדער | 45 | רימער | גורנע |
| 19 | ספעקטאר שואל | 38 | מאלער | ״ |
| 20 | מייל גרשון | 50 | לערער | לובעלסקע |
| 21 | גזשעביע אברהם | 39 | סוחר | שעווסקע |
| 22 | גאלדפארב ישראל | 34 | הענדלער | פילסודסקיעגא |
| 23 | מאנגר שמעון | 56 | סוחר | לובעלסקע |
| 24 | טעלער אריעזר | 38 | שניידער | באזשנימשנע |

## קאנדידאטן ליסטע נר. 2:

| ל.נ. | נאמען און פאמיליע | עלטער | באשעפטיקונג | אדרעס-הרוביעשאוו, גאס |
|---|---|---|---|---|
| 1 | רויטמאן זיישא | 38 | סוחר | נארוטאוויטש |
| 2 | גרינשפאן אברהם | 46 | דאקטאר | קילינסקעגא |
| 3 | רעגעל מאיר | 49 | אונטערנעמער | שפיטאלנע |
| 4 | דייטש אפרים | 47 | סוחר | פילסודסקיעגא |
| 5 | זוכערמאן לייב | 43 | ״ | שעווסקא |
| 6 | פריינד דוד | 31 | ״ | לובעלסקא |
| 7 | גינזבערג פישל | 38 | ״ | 3 מאי |
| 8 | שווארץ יוסף | 38 | ״ | רינעק |
| 9 | טערער הערש | 63 | שניידער | 3 מאי |
| 10 | ווערק יצחק | 52 | סוחר | פילסודסקעגא |
| 11 | האכבערג רפאל | 35 | ״ | ״ |
| 12 | מאנדלבוים שלום | 43 | פארמיטלער | ריינעק |
| 13 | גערבער נח | 36 | סוחר | לובעלסקא |
| 14 | ווערטמאן הערש | 45 | סטאלער | ריבנע |
| 15 | צוקער הינך | 44 | סוחר | רינעק |
| 16 | קריינער אליי | 51 | ביכאלטער | נארוטאוויטשא |
| 17 | קעזמאן הירש | 32 | סוחר | לאזשענגא |
| 18 | איינהארן אברהם | 37 | ״ | פילסודסקיעגא |
| 19 | אדער אהרן | 47 | ״ | לובעלסקי |
| 20 | ראזנשטיין מענדל | 39 | ״ | שפיטאלנע |
| 21 | לארם נפתלי | 50 | ״ | וויסאסטווע |
| 22 | פינגער אייזיק | 40 | ״ | גורנע |
| 23 | זילבערשטיין פישל | 51 | פארמיטלער | לובעלסקי |
| 24 | קעזמאן יוסף | 40 | סוחר | נארוטאוויטשא |

## קאנדידאטן ליסטע נר. 4:

| ל.נ. | נאמען און פאמיליע | עלטער | באשעפטיקונג | אדרעס-הרוביעשאוו, גאס |
|---|---|---|---|---|
| 1 | טאלער מאטל | 41 | אנגעשטעלטער | באזשנימשנע |
| 2 | וויסבראד יוסף | 37 | שניידער | וואדנע |
| 3 | בארנשטיין דוד | 34 | ביכלאטער | 3 מאי |
| 4 | האסטיק בנימין | 32 | בעקער | רינעק |
| 5 | פאכטער יוסף | 36 | צוקערניק | וואדנע |
| 6 | פריד מ. א. | 34 | אנגעשטערטער | לובעלסקע |
| 7 | דרוקער גרשון | 32 | פורמאן | גורנע |
| 8 | רייכמאן אברהם | 39 | שניידער | רינעק |
| 9 | וויינבערג א. י. | 37 | בעקער | יאמקאווע |
| 10 | טעלער אפרים | 38 | שניידער | סמאשיצא |
| 11 | בזשאזא אייזיק | 35 | סוחר | רינעק |
| 12 | בערקרטאפ הערש | 35 | שניידער | שעווסקע |
| 13 | ביליער מרדכי | 38 | סוחר | ״ |
| 14 | שפרייז בנימין | 36 | ״ | רינעק |
| 15 | הארוויץ משה | 30 | ״ | זשעראמסקיעגא |
| 16 | האק לייב | 47 | שניידער | לאזשענגע |
| 17 | דרוקער יוסף | 33 | מאשענזשניק | יאמקאווע |
| 18 | געלבער יאנקל | 34 | שלאסער | לובעלסקע |
| 19 | טאשער נפתלי | 39 | טרעגער | רינעק |
| 20 | פאמעראנץ אברהם | 40 | סוחר | ריבנע |
| 21 | שטאקהאמער ישעיהו | 37 | קאמאשניק | סט. רינעק |
| 22 | סאלער פנחס | 41 | שניידער | ״ |
| 23 | אפער שמואל | 31 | סוחר | ״ |
| 24 | ראדן אריעזר | 35 | ביי עלטערן | נארומאוויטשא |

## קאנדידאטן ליסטע נר. 5:

| ל.נ. | נאמען און פאמיליע | עלטער | באשעפטיקונג | אדרעס-הרוביעשאוו, גאס |
|---|---|---|---|---|
| 1 | פאכטער הערש | 39 | עקספעדיטאר | שפיטאלנע |
| 2 | הובער שמואל | 34 | לערער | רינעק |
| 3 | ברענער אהרון | 40 | סוחר | ״ |
| 4 | מאסקאל משה | 35 | ״ | לאזיענגע |
| 5 | שטיין ראובן | 35 | אונטערנעמער | שעווסקע |
| 6 | ניימארק יעקב | 31 | פארמיטלער | |
| 7 | גערטעל מעכל | 31 | סוחר | פאדזאמטשע |
| 8 | גרובער אברהם | 32 | מאגאזינער | פילסודסקיעגא |
| 9 | זייד יונה | 34 | מאלער | וויסאסטווע |
| 10 | שפירער יואל | 34 | שניידער | נארומאוויטשא |
| 11 | זילבער סנדר | 32 | סוחר | פילסודסקעגא |
| 12 | ברענער יצחק | 40 | ארבעטער | רינעק |
| 13 | וואקס אהרן | 32 | סוחר | שעווסקע |
| 14 | ערעל שטייי יצחק | 33 | ״ | פילסודסקיעגא |
| 15 | טוכשניידער מעכל | 38 | טאפיצער | פאדזאמטשע |
| 16 | ביטערמאן שיע בער | 38 | סוחר | שפיטאלנע |
| 17 | בירען חיים יצחק | 32 | ״ | פאדזאמטשע |
| 18 | פריד משה | 33 | ״ | לובעלסקע |
| 19 | קרענבוים יעקב ש. | 34 | ״ | רינעק |
| 20 | ווינער מנשה | 38 | אנגעשטעלטער | וויסאסטווא |
| 21 | הירשנזאן הערש | 31 | סוחר | פילסודסקיעגא |
| 22 | ווערריק קלמן | 33 | ״ | צירקאווני |
| 23 | גאלדפארב אברהם | 34 | גאלדשמיט | לאזשענגא |
| 24 | ראפ מאטל | 36 | סוחר | רינעק |

## קאנדידאטן ליסטע נר. 6:

| ל.נ. | נאמען און פאמיליע | עלטער | באשעפטיקונג | אדרעס-הרוביעשאוו, גאס |
|---|---|---|---|---|
| 1 | שפילער דוד | 56 | שניידער | נארוטאוויטש |
| 2 | קלינגעל הערש | 48 | סטאלער | וואדנע |
| 3 | ניסער וואלף | 35 | קצב | פילסודסקי |
| 4 | שווארץ יעקב | 53 | בעקער | באזשנימשנע |
| 5 | מאנדערבליט יודל | 36 | היטלמאכער | לאזשענגע |
| 6 | שטערן בער | 32 | שוסטאר | וואדנע |
| 7 | ריז מרדכי | 40 | קצב | לובעלסקע |
| 8 | סויפער הערש | 35 | סטאיאלר | ריבנע |
| 9 | בערגמאן אברהם | 45 | שוסטאר | שעווסקע |
| 10 | בארען אברהם | 36 | פראלני | באזשנימשנע |
| 11 | לערער דניאל | 69 | בעקער | רינעק |
| 12 | קויפמאן בנימין | 38 | סטאלאר | לובעלסקע |
| 13 | וואלדמאן וואלף | 57 | מוליאר | ״ |
| 14 | שנאל לייביש | 56 | מאלער | ״ |
| 15 | ארט משה | 37 | קצב | באזשנימשנע |
| 16 | פריד אפרים | 34 | סטאלער | לובעלסקע |
| 17 | קאהאן אבא | 31 | קאנאשניק | וויסאסטווא |
| 18 | ראכמאן יעקב | 52 | שערער | פאדזאמטשי |
| 19 | פייל בעניע | 38 | קצב | ״ |
| 20 | זילבערבלעך אליי | 31 | היטלמאכער | יאטקאווע |
| 21 | ליכטענבערג אברהם | 40 | פארבער | לאזשענגי |
| 22 | וויניאזש יעקב יצחק | 69 | סטאליער | ריבנע |
| 23 | זילבערשטיין שלמה | 52 | ״ | ריינעק |
| 24 | בינגלער אליי | 55 | בעקער | ״ |

## קאנדידאטן ליסטע נר. 7:

| ל.נ. | נאמען און פאמיליע | עלטער | באשעפטיקונג | אדרעס-הרוביעשאוו, גאס |
|---|---|---|---|---|
| 1 | זאק הערש | 63 | סוחר | פילסודסקי |
| 2 | לאקס יששכר בער | 39 | ״ | רינעק |
| 3 | בארנשטיין יצחק | 55 | בערשטער | לאשזינגי |
| 4 | שיפער אהרן | 58 | אלעניק | פילסודקי |
| 5 | זאמער חיים | 52 | סוחר | שעווסקי |
| 6 | לערער יהושעה | 41 | ״ | פילסודסקי |
| 7 | פרים ישראל | 39 | ״ | לובעלסקע |
| 8 | קיטייג פרץ | 56 | ״ | ״ |
| 9 | איינהארן שמעון | 54 | ״ | ״ |
| 10 | פייל אריי | 70 | מאשענזשניק | ״ |
| 11 | פרימער שמואל | 63 | סוחר | ״ |
| 12 | אייזן גרשון | 40 | ״ | רינעק |
| 13 | בעקער משה | 50 | ״ | לובעלסקי |
| 14 | צווייג לייביש | 62 | פארמיטלער | רינעק |
| 15 | בוכטרעגער בער | 74 | הויז אייגנט. | לובעלסקא |
| 16 | גערערנטער יונה | 50 | פארמיטלער | ריבנע |
| 17 | גאלדשטיין אפרים | 56 | ״ | נארומאוויטשא |
| 18 | פאפיר יצחק | 55 | ״ | רינעק |
| 19 | קאן קרבי שמואל | 55 | ״ | גורנע |
| 20 | זילבערשטיין יעקב | 60 | ״ | ריזחק |
| 21 | שטערן שמוז | 47 | ״ | לובעלסקא |
| 22 | צימערמאן ישראל | 50 | ״ | רינעק |
| 23 | האכמאן משה ע. | 50 | ״ | פילסודסקי |
| 24 | ציגל ישראל | 74 | ״ | נארומאוויטשו |

## קאנדידאטן ליסטע נר. 8:

| ל.נ. | נאמען און פאמיליע | עלטער | באשעפטיקונג | אדרעס-הרוביעשאוו, גאס |
|---|---|---|---|---|
| 1 | שילער ישראל | 48 | סוחר | פילסודסקיעגא |
| 2 | שטאקהאמער אברהם | 49 | ״ | וויסאסטווע |
| 3 | קאהאן בעריש | 62 | קאלעקטאר | ״ |
| 4 | לערער יוסף דוד | 49 | זייף פאב. | פילסודסקי |
| 5 | נארדבוים חיים | 67 | סוחר | רינעק |
| 6 | שטאקהאמער יעקב | 49 | ״ | לובעלסקי |
| 7 | נייסט לייביש | 62 | ״ | שעווסקי |
| 8 | גראזבערג אברהם | 67 | ״ | נארומאוויטשא |
| 9 | קליג לייב | 60 | ״ | באזשנימשנע |
| 10 | גערערנטער יצחק מ. | 66 | ״ | ״ |
| 11 | רייטער גערשון | 46 | ״ | רינעק |
| 12 | הערמאן בעריש | 72 | ״ | פאדזאמטשע |
| 13 | קאץ עקיבה | 44 | ״ | רינעק |
| 14 | גרינבוים מרדכי | 61 | ״ | וויסאסטווע |
| 15 | מייל יעקב | 41 | ״ | רינעק |
| 16 | שפירא ליפא | 59 | ״ | לובעלסקע |
| 17 | שאץ יצחק | 68 | ״ | זשעראמסקיעגא |
| 18 | ענג יוסף | 55 | ״ | שעווסקע |
| 19 | בראם מתות | 68 | ״ | צירקאווני |
| 20 | בראנדער יצחק | 60 | ״ | סלאוועצין |
| 21 | אייזן יצחק | 53 | ״ | לובעלסקא |
| 22 | בוימל הערש | 45 | ״ | וויסאסטווע |
| 23 | וואלדמאן יהושיע | 57 | ״ | רינעק |
| 24 | רייז הערש | 65 | לערער | נאראוויטשא |

## קאנדידאטן ליסטע נר. 10:

| ל.נ. | נאמען און פאמיליע | עלטער | באשעפטיקונג | אדרעס-הרוביעשאוו, גאס |
|---|---|---|---|---|
| 1 | פינקלשטיין עוריאל | 49 | סוחר | 3 מאי |
| 2 | בוכטרעגער הערש | 50 | ״ | רינעק |
| 3 | פערעץ יעקב | 67 | ״ | נארוטאוויטשא |
| 4 | ראזנבערג בער | 72 | ״ | סמאשיצא |
| 5 | וויינבוים יהושיע | 55 | ״ | לובעלסקע |
| 6 | אוסבראך יעקב | 59 | ״ | קאסטשעלני |
| 7 | פראסט יחזקאל | 68 | ״ | נארוטאוויטש |
| 8 | קאצהאנדל פרץ | 40 | ״ | פאדזאמטשע |
| 9 | פרידמאן עזריאל | 54 | ״ | רינעק |
| 10 | שטורם פרץ | 69 | ״ | נארוטאוויטשא |
| 11 | זעלצער אברהם | 62 | ״ | ״ |
| 12 | מייזליש דוד | 61 | ״ | ״ |
| 13 | ליכטנשטיין משה | 43 | ״ | שפיטאלנע |
| 14 | הערמאן בער | 72 | ״ | פאדזאמטשע |
| 15 | שאפער יעקב | 58 | ״ | רינעק |
| 16 | גערטנער יחיאל | 44 | עקספעדיטאר | שפיטאלנע |
| 17 | קוטשער יהושיע | 50 | סוחר | קילינסקעגא |
| 18 | בלאנעם שילם | 64 | זייגערמאכער | קאסטשעלני |
| 19 | זילבערמינץ משה | 63 | סוחר | 3 מאי |
| 20 | שטיך מתות | 58 | פארמיטלער | נארוטאוויטש |
| 21 | לערער אברהם | 45 | סוחר | פאדזאמטשע |
| 22 | האלצער אברהם | 58 | ״ | רינעק |
| 23 | פינקלשטיין בער | 51 | ״ | לאזשענגא |
| 24 | שטאקהאמער אברהם | 49 | אלעניק | וויסאסטווא |

די וואל - קאמיסיע מאכט באקאנט, אז די וויילער קענען שטימען נאר אויף איינער פון די א. ד. קאנדידאטן ליסטעס.

ס'ווערט אויך איבערגעגעבן, אז די ליסטעס נר. 8 און נר. 10 זענען צווישן זיך פעראייניקט געווארן.

די צווישן זיך פעראייניקטע קאנדידאטן - ליסטעס ווערט גערעכנט פאר איין קאנדידאטן - ליסטע.

פארזיצענדער פון דער וואל-קאמיסיע

(—) עזריאל פינקעלשטיין

Hrubieszów, dn. 1.IX 1936 r.

הרוביעשאוו, דעם 1.IX 1936.

Nakl. Kom. Wyb. przy G.W.Ż. w Hrubieszowie.

1  1

## „לינת=הצדק"

צו אלע יידישע וויילער אין הרוביעשאוו

[illegible]

היינט איז געקומען די צייט ווען איר הרוביעשאווער יידן זאלט אייער פעלערן אויסבעסערן, עס דערנענטערט זיך דער טאג פון קהלה וואלן ווען אין אים דארפט איר ארויסזאגן אייער מיינונג, אין דעם טאג ווען איר גייט אפגעבן אייערע שטימען זאלט איר גדענקען אז מיט דעם אריינלייגן דאס צעטעלע מיט דעם נומער אין דער אורנע, שיקט איר א פארשטייער אין דער קהלה וועלכע דארף פארטיידיקן אייערע אינטע-רעסן. גדענקט! יידישע וויילער, אז אויב די זעלבסט קענסט נישט פאר-זארגן דעם ארימען קראנקן, טא שיק דעם פארשטייער וואס זיין אויפ-גאבע איז נאר צו [illegible] קראנקע ברודער [illegible] גדענקט אז די איינציקע [illegible] וואס וועט פארטיידיקן די [illegible] אינטערעסן איז נומער 1.

1 שטימט אלע אויף דער ליסטע № 1 1

Nakładca S. Hipsz w Hrubieszowie. Druk „RENOMA" Hrubieszow.

10 גערעדנקט נאר נר. 10

אויב איר זענט מסכים, אז אין שפיץ פון דער יידישער קהלה דארפן שטיין די בעסטע געזעלשאפטליכע טוער

דארפט איר שטימען נאר אויף דער ליסטע פונם יידישן פאראייניקטן בלאק

## № 10

אויב איר ווילט אז די קהלה זאל זיך פירן מיט יושר און ישוב הדעת

דארפט איר שטימען אויף דער דאזיקער ליסטע נר. 10

אויב ס'איז ביי אייך טייער דער יידישער כבוד, אויב איר האט א פאר-שטענדעניש פאר דער יידישער תורה, אויב איר פארמאגט א הארץ וואס פילט און ליידט פון יידישע צרות דאן מוזט איר שטימען נאר פאר דעם נר. 10 די ערשטע קאנדידאטן פונם פאראייניקטן יידישן בלאק נר. 10 זענען ראווניק און לאנגיעריקער עוסק בצרכי הצבור באמונה

ה' עוזריאל פינקלשטיין

וו. פרעזעס פון מזרחי —— צבי בוכטרעגער

וו. פרעזעס פונם סוחרים פאריין —— יעקב פרץ

דער בכבודיקער אידעלער —— בעריש ראזנבערג

דער לייטער פון דער מארגנער ייד. שולע דרכי נועם—יהושע וויינבוים

דער פאראייניקטער יידישער בלאק ליסטע נר. 10 איז נישט קיין פיהציי נאר די אמתדיקע פארשטייערשאפט פונם יידישן כלל.

10 גערעדנקט זישע נאר נר. 10

Nakładca Zjedn. Blok. Żyd. w Hrubieszowie. Druk „RENOMA" Hrubieszow.

כרוזים של המפלגות לבחירות למועצת הקהילה בשנת 1936

2 אויפרוף. 2

צו אלע וויילער צו דער קהלה אין הרוביעשאוו.

[illegible]

אלע, וואס ווילן אויפשטעלן די קהלה אויף געזונטע יסודות און פארזיכערן איר א נארמאלער טעטיקייט שטימען פאר דער ליסטע נומער 2

דער וואל קאמיטעט ביי דער ציוניסטישער ארג.

אין הרוביעשאוו

Odbito w zakładzie Chełmer Sztyme № 35 Chełm Druk Wajnsztejnów

Odezwa Wyborcza dla ludności Żydowskiej.

## יידן, וויילער!

זארן נשכאנאנד האבן א קליקע „שיינע" יידן געבאלעבאטעוועט אויף אייערע פלייצעס אין דער קהילה, ניט אפגעגעבנדיק אייך קיינמאל קיין דין וחשבון. ווילן זיי אייך ווייטער אומגעשטערט זיך פארען ארום דער קהלה-שיסל. זיי שרעקן זיך אבער פאר די נייע כוחות, פאר די פועלי-ציון פארשטייער, פאר די איינציקע פארטיידיקער פון אייערע אינטערעסן, ווייל זיי ווייסן, אז זיי וועלן דארפן אפגעבן א פולן חשבון פון זייער ביזאהעריקן באלעבאטעווען אין דער קהילה, און בעיקר — ווייל זיי וועלן ווערן געצוימט אין זייער ווילטעוודיקער הערשאפט. קריכן זיי ממש פון דער הויט, און באנוצן זיך מיט אלע אומכשרע מיטלען, כדי ניט אריינצולאזן די „פועלי-ציון"-פארשטייער אין דער קהילה.

אזוי האבן זיי אויף דער לעצטער זיצונג פון דער וואל-קאמיסיע און א גרונד געפסלט די „פועלי-ציון"-ליסטע, ווענדיק אזוי ארום איינמאל פאר אלע מאל פטור ווערן פון א וועלכער ניט איז קאנטראל, און, ווידער — קעגן אייער ווילן — אייך אויפצווינגען זייער הערשאפט.

**ס'וועט זיי אבער גארניט העלפן, די „שיינע" יידן.**

דער וואל-קאמיטעט פון „פועלי-ציון" וועט טאן אלץ, כדי צוריקצו-שטעלן די ליסטע, וועלכע איז פאקטיש קעגן געזעץ געפסלט געווארן.

**קערט זיך אפ מיט עקל און פאראכטונג פון די דאזיקע פארשווינען! קיין איין שטימע פאר זיי! אלע ווי איינער, שטימט אין טאג פון די וואלן פאר דער ליסטע פון „פועלי-ציון" פארן נומ. 5**

וואל-קאמיטעט פון „פועלי-ציון" (פאר. מיט צ. ס.)

אין הרוביעשאוו.

# וואַל־אויפֿרופֿן צום קהילה־ראַט אין יאָר 1931 און 1936

# כרוזים של המפלגות לבחירות למועצת הקהילה

7 7

Odezwa wyborcza dla ludności żydowskiej.

## צו אלע הרוביעשאווער יידן.

מיר ווייסן, ווי גרויס סאיז דאָס פֿעראַנטוואָרטליכקייט און אחריות צו זיין אַ פֿאָרשטעער אין דער יידישער קהלה אין אַזאַ צייט ווי יעצט.

מיר האָבן די גענויע פֿאָרשטעלונג, ווי שרעקליך שווער סאיז עפּעס צו לייסטן פֿאַר דער יידישער באַפֿעלקערונג, אין אַזאַ קאַטאַסטראָפֿאַלן צושטאַנד אין יידישן מאַטעריעלן לעבן ווי אויך ביי אַזאַ גייסטיקער ירידה, וואָס הערשט יעצט ביי אונז.

נישט קוקנדיק אָבער אויף דער שווערער אַרבעט און פּסדר'דיקער אָנשטרענגונג וואָס שטייט אונז פֿאָר און וועגן וועלכע מיר האָבן אַ גאַנץ קלאָרן באַגריף, קאָנען מיר בשום אופֿן נישט זיצן בחבוק ידים און זיך גלייכגילטיק צוקוקן ווי „עמון ומואב" האָבן געמאַכט יד אחת צו דערנידריקן דעם יידישן כבוד, צו פֿערטושן דעם יידישן נאַציאָנאַלן שטאָלץ און אויסוואָרצלען דאָס געפֿיל פֿינטעלע ייד.

צו גוט ברודער קאָנען מיר דיין שרעקליכע לאַגע, אין וועלכער די געפֿינסט זיך! און טאַקי דאָס באַוועגט אונז, אַז מיר, די טרעגער פֿון פֿיל דורות'דיקער שבועה „אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני", זאָלן נישט דערלאָזן צום פֿולשטענדיקן חורבן פֿון די יידישע קבוצים.

צו טייער איז ביי אונז דער גאַנצער יידישער צבור **אָן אונטערשיד פֿון קלאַסן און גרופּירונגען**, אַז מיר זאָלן קאָנען באַשטיין, דאָס אונפֿאַראַנטוואָרטליכע „קאָך־לעפֿל" זאָלן מיט אים אָנפֿירן.

### נישטאָ ביי יידן קיין שטיף קינדער!

דער סוחר, דער בעל מלאכה, דער חסיד און דער אינטעליגענט — אַלע זענען גלייך! אַלע צוזאַמען בילדן דאָס יידישע פֿאָלק. און דערפֿאַר ווייטיקט אונז דאָס האַרץ צוצוזען, ווי אַלערליי צבועק'עס מחרחרי ריב רייסן זיך צוליב אייגענע נוצן, אַריין צו שפּרייזן אין גמינע איבער די קעפּ פֿון דער יידישער געזעלשאַפֿט.

אָט די לייט, וועלכע, זענען גרייט מפֿקיר צו זיין דעם אָנזען פֿון יידישן צבור צוליב אַ שמייכל פֿון „פּריץ" און נאָך אַזעלכע כבודים, זיי ווילן עס ווערן אונזערע מנהיגים.

**מיר גלויבן, אַז די, יידישער וויילער, קאָנסט נישט און וועסט קיינמאָל דאַצו נישט מסכים זיין.**

**ברודער!** אויב דער כבוד פֿון דעם יידישן פֿאָלק איז דיר טייער, אויב די ווילסט נישט באַליידיקן זיך זעלבסט זאָלסטו זיך אויף אַ מינוט אָפּרייסן פֿון דיינע אַלטעגליכע צרות און דאגות און זיך ערנסט פֿאַרטראַכטן פֿאַר וועמען די זאָלסט דעם קומענדיקן מיטוואָך אָפּגעבן דיין שטים.

זאָלסט זיך נישט לאָזן בעאיינפֿליסן פֿון אַלערליי „בענקל כאַפּערס" וועלכע וועלן מיט פֿאַרשידענע מיטלען פּרובירן אַרויסבאַקומען דיין שטים.

סיעט קומען צו דיר דער צבוע'שער „אגודה'ניק", אַנשטענדיק אַ „יראת שמים" פּנים'ל און דורך פֿאַרשידענע פּ־פּורים פּרובירן נעמען דיין שטים. זאָלסטו ווייסן, אַז אין זיינע האָט ער זיינע אייגענע אינטערעסן אין דוקא עולם היה ריקע.

סיעט קומען אויך דער צבוע'שער כמו האַנטווערקער, און דיר וועלן איינרעדן, אַז דוקא ער איז באַרופֿן צו פֿאַרטיידיקן דיינע אינטערעסן. גלויב אים נישט! ברודער! זאָג זיי, אַז די געדענקסט נאָך זייערע ביז יעצטיקע מעשים איין געזעלשאַפֿטלעכן געביט, דורך וועלכע אונזער כבוד איז אויף שריט און טריט פֿאַרשוועכט געוואָרן.

**די איינציקע ליסטע, וועלכע קאָן אַריינברענגען אַביסל ליכט און לעבעדיקייט אין דיין פֿעריאָוויש'טער און רואיבירטער לאַגע, איז נאָר די ליסטע נומער 7.**

**נומער 7 איז די איינציקע ליסטע, וואָס וויל ערנסט פֿאַרטיידיקן דיין רעליגיעזן און נאַציאָנאַלן כבוד.**

**די קאַנדידאַטן פֿון דער ליסטע נומער 7 זענען די איינציקע, וועלכע זענען פֿעאיק אַריינצוברענגען סדר און אָרדנונג אין דער גמינע. די איינציקע, וועלכע זענען יעדן גוט באַקאַנט פֿון זייער געזעלשאַפֿטליכער אַרבעט אויף אַלערליי געביטן.**

**אַלזאָ ברודער! ערפֿיל דיין חוב לגבי דער יידישער געזעלשאַפֿט, און מיט אַ רוהיג געוויסן גיי צו דער וואַלאורנע און שטים פֿאַר דער ליסטע נומער 7, וועמענס קאַנדידאַטן וועלן געוויסנהאַפֿט אויספֿירן זייער מיסיע בנוגע דער קהלה אין אַלע אירע ענינים.**

וואַל קאָמיטעט פֿון דער
**ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע**
אין הרוביעשאָוו.

Nakładca: D. Tenenbaum w Hrubieszowie
Druk. „EXPRESS" Hrubieszów

---

Odezwa Wyborcza dla wyboru Rady Gm. Wyzn. Żyd. w Hrubieszowie.

## סורו טמאים!

צו די פּראָוואָקאַטאָרן און אָנפֿירער פֿון הייליקן שקר אין אַ מודעה דער איבעריקער הרוביעשאָווער יידישער באַפֿעלקערונג איבער דעם מחלוקות צוליב דער שאלת הרבנות ביי אונז.

[illegible]

הינט באַגראָבן אָט טאַקע די ברודיקע עלעמענטן האָבן די גרויסע העצע געשאַפֿן אָט טאַקע די דאָזיקע לייט מיט די פֿאַרקריפּלטע און פֿאַרקויפֿטע נשמות אָט די לייט וואָס קיין זאַך אַ חוץ גנבה וגזלה פֿאַרמאָגן זיי בכלל נישט אין ס'אינטערעסירט זיי לגמרי נישט אָט די לייט וואָס אפֿילו רכילות און מסירה איז ביי זיי נור אַ מיטל צום ציל אָט די פֿערדאַרבענע שדים וואָס קענען אויף קיין שום זאַך נישט קוקן נאָר פֿון זייער פֿאַרדאַרבענעם [illegible]

[illegible]

אונזער תשובה די אַלע איז אַ גאַנץ קורצע: טמאים! איר האָט אַ גרויסן טעות גייט צוריק אין אייערע לעכער, פֿאַרעט זייך ביי אייערע זאַכן איר וועט דאָ קיין נחת נישט דערלעבן און אַזוי ווי מיר האָבן נישט געוואוסט פֿון וואַנען איר הייזעריקן האָבן זיך גענומען אַזוי ווילן מיר אויך נישט וויסן וווּ איר וועט אַהינקומען!

צוריק אין די לעכער! **סורו טמאים!**

Nakładca: Zjedn. Blok Żyd. listy № 10 w Hrubieszowie.
Druk. „RENOMA", Hrubieszów.

---

Odezwa wyb. Listy № 6 — Zw. Rzem. Żyd. i Zw. Drob. Kupc. w Hrubieszowie.

**יידישער האַנטווערקער און קליינהענדלער פֿאַראיינען**
אין הרוביעשאָוו.

## האַנטווערקער און קליינהענדלער!

### אַכטונג! דיסציפּלין! פֿעסטע איבערצייגונג!

קיין אַגיטאַציע! קיינע שיינע לאָזונגען! קיינע ציזאָגאַכצן!

מיר זענען רייף און פֿאַרשטיין אונזערע אויפֿגאַבן!

דער טאָג פֿון 20 מאַי ווערט פּראָקלאַמירט אַלס טאָג פֿון יום־טוב, אַלס טאָג פֿון נישט אַרבייטן, אַלס טאָג פֿון קאַמף און **זיג פֿאַר דער האַנטווערקער און קליינהענדלער ליסטע נר. 6.**

יעדער האַנטווערקער און קליינהענדלער שטימט מיטוואָך דעם 20 מאַי פֿאַר דער האַנטווערקער און קליינהענדלער **ליסטע נר. 6.**

די וועלכע וועלן זיך אָפּהאַלטן, זענען נישט מיט אונז, די זענען קעגן אונז!

### מיר מוזן זיגן פֿאַר יעדן פּרייז!

די האַנטווערקער און קליינהענדלער האָבן שוין באַוויזן, אַז זיי זענען אַ קראַפֿט, און אַלס אַזעלכע וועלן מיר פֿאָרזעצן אונזערע פֿאָדערונגען אין דער קהלה. **אונזערע הויפּט פֿאָדערונגען וועלן זיין:**

1. נישט דערלאָזן פֿאַרגרעסערן דעם עטאַט אָפּצאָל.
2. אַוועקצונעמען די עקזעקוציע פֿאַרן עטאַט [illegible]ים מאַגיסטראַט און קאַסע־כאָריך.
3. כדי צו פּראָדוקטיוויזירן די יידישע מאַסן זאָל געגרינדעט ווערן האַנטווערקער־שולן אין פֿאַך־קורסן ביי דער קהלה.
4. די קהלה מוז האָבן אַ קאָנטראָל איבער די פֿאַרשידענע פֿילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס.
5. די קהלה דאַרף שאַפֿן פֿאַר אָרימע קראַנקע אַמבולאַטאָריומס, און דער יידישער אָרימער באַפֿעלקערונג זאָל געגעבן ווערן אומזיסטע מעדיצינישע הילף א. א. וו.

6

**געדענקט** האַנטווערקער און קליינהענדלער, אַז די און דיינע זין וואָס זענען שוין אַלט 25 יאָר מוזן מיטוואָך דעם 20 מאַי אָפּגעבן זייערע שטימען פֿאַר דער האַנטווערקער און קליינהענדלער **ליסטע נר. 6.**

**דיין זיג — איז אונזער אַלגעמיינער זיג!**

**אונזערע פֿאָרשטייער וועלן קעמפֿן פֿאַר אונזערע בלוטיקסטע אינטערעסן און ווילשטאַנד ווי ביז איצט.**

אונזערע ערשטע קאַנדידאַטן זענען: אברהם שיין, הערש שאָץ, בנציון איילבוים, משה פֿייגל, נח אייכנבלאַט, בעריש בערגרין א. אנד.

**האַנטווערקער און קליינהענדלער! ערפֿילט אייער פֿליכט און שטימט פֿאַר דער ליסטע נומער 6.**

Nakładca: A. Szajn w Hrubieszowie.
Druk. „EXPRESS" Hrubieszów.

# פרעסע־שטימען פון די יאָרן 1927–30 וועגן דער קהילה־טעטיקייט

שוין פיר יאָר, ווי אונזערע קהילה־לייט מיטן „פרעזעס" בראש האָבן זיך אויף די בענקלעך אַרויפגעכאַפּט און קלערן נאָך דערוויל נישט זיך מיט זיי צו געזעגענען. ס׳חלומט זיך נאָך זיי אוודאי די אַמאָליקע צייטן, ווען די שיינע יידן זיינען געווען די דעה־זאָגער און האָבן, מיט גאָטס ברכה אויף די ליפּן, די מאַסן פאַר די קעפּ געפירט. אויך די מכלומרשט „מאָדערנע" פון זיי אינטערעסירן זיך קנאַפּ וואָס מיט די רעאַלע באַדערפענישן פון די ברייטע פאָלקס־שיכטן.

די קהילה איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מתים־שטיבל. ס׳איז נאָר אַ שאָד, וואָס דער לאָקאַל געפינט זיך אין מיטן שטאָט. זיין אָרט וואָלט באַדאַרפט זיין נענטער אַהין, ווו ס׳געפינט זיך דאָס גאַנצע קלאַפּערגעצייג, אָנהויבנדיק פון דער חברה־קדישא און ענדיקנדיק מיט דער אַלטער און נייער מקוה...

אדרבה, זאָלן זיי ווייזן, וואָס זיי האָבן פאַר דער צייט אויפגעטאָן? וועלכע נוצלעכע אינסטיטוציעס האָבן זיי אויסגעבויט און וועלכע אונטערשטיצט?

להיפך, מען האָט דערפירט צום אונטערגאַנג דאָס, וואָס ס׳האָט נאָך געלעבט. מיר געדענקען נאָך אַלע, ווי אויף אַ זיצונג פון שטאָטראַט האָט אַ פּוילישער ראַטמאַן פון פּ. פּ. ס. דערציילט, ווי ס׳זעט אויס דער מושב־זקנים.

— ווי דערלויבט איך אייער געוויסן — האָט ער זיך געווענדעט צו די קהילה־פאָרשטייער — צו נעמען אַלטע לייט, זיי פאַרשפּאַרן אין אַזאַ אומריינקייט און לאָזן זיי אויסגיין פון הונגער? — די פנימער פול מיט בושה האָבן זיי געמוזט אַראָפּלאָזן. דאָס איז זייער אַרבעט אויפן געביט פון סאָציאַלער הילף!

און וואָס הערט זיך מיט די אינסטיטוציעס פון פאָלקס־געזונטהייט? ווי זעט אויס ביי אונז דער יידישער שפּיטאָל? ס׳איז איינער פון די וויכטיקסטע אַנשטאַלטן. מיר ווייסן דאָך, ווי שלעכט ס׳פילט זיך דער יידישער קראַנקער אין דעם נישט־יידישן שפּיטאָל, ווו ער באַגעגנט נישט די געהעריקע באַציונג, ווו ער קען זיך אויף דער פרעמדער שפּראַך נישט פאַרשטענדיקן. געפינט זיך דער יידישער שפּיטאָל אין אַ געהעריקן צושטאַנד? אַ סך קראַנקע זיינען דאָרט פאַר דער צייט געלעגן?

און וואָס האָבן אויפגעטאָן אונזערע אָרטאָדאָקסישע פרנסים אויפן געביט פון נאַציאָנאַלער דערציונג? מ׳האָט אין די קאַלטע, ווייבערישע שול־ווענט אַ פאַר מלמדים אַוועקגעזעצט, אַז זיי זאָלן מיט אַ ביסל אָרעמע קינדער עברי קנעלן. דאָס איז זייער גאַנצער למוד און מיט אַזאַ לערנען וויל מען אַ געזונטן, יידישן דור דערציען!

וואָס אַרט אונזערע דאַזיקע, אַז הונדערטער יידישע קינדער באַזוכן די פּאָווזשעכנע שולן, נישט באַקומענדיק קיין יידישע דערציונג, וואַקסן אָפּגעריסן פון יידישער קולטור? מ׳באַגניגנט זיך דערמיט, וואָס צוויי מאָל אַ וואָך לערנט מען אַ ביסל רעליגיע אויף פּויליש. און שוין.

יאָ, דאָס האָבן זיי באַוויזן: נאָכן טויט פון אויסגעהונגערטן רב, האָט מען אַראָפּגעבראַכט אַ רב, שוין מכלומרשט אַ מאָדערנעם מיט גרויסשטעטישע תנועות, באַזאָרגט אים מיט כל־טוב און צוזאַמען מיט די ניי־געבאַקענע „שטאָט־מנהיגים", די רייפּערס, פּיקסמאַנס, ר׳ זינדעלעך, — פירט ער אַ העצע קעגן די, וואָס ווילן אַ רוח חיים אין די עצמות יבשות אַריינבלאָזן.

אין אויב אַ געוויסע ריכטונג האָט נאָך פיל מי און מאַטערניש אַ יידישע נאַציאָנאַל־וועלטלעכע שולע אויפגעבויט, ווו דאָס קינד באַקומט אַ געהעריקע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע דערציונג, ווערט באַקאַנט מיט אַלע אונזערע קולטור־אוצרות, אָנהויבנדיק פון תנ"ך ביז דער מאָדערנער, יידישער און העברעישער ליטעראַטור, ווי אויך מיטן יידישן לעבן אין פאַרשיידענע לענדער, ווערט פאַרבונדן מיט די פאַרשיידענע העראָישע לייסטונגען פונם אַרבעטער־ישוב אין א"י, — איז לא די, וואָס מ׳צאָלט נישט אויס די באַגרענעצטע סובסידיע, וואָס איז פאַר דער שול באַשטימט געוואָרן, נאָר מ׳זוכט וועגן זי פולשטענדיק אונטערצוגראָבן.

דער רב מיט זיינע מקורבים פירן אַ ווילדע העצע קעגן דער שול „תל־חי". אין זיינע דרשות מעניני־דיומא זידלט ער די שול מיטן נאָמען „תל־מות". אפשר די חדרים און תלמוד־תורות, ווו די קינדער ווערן גייסטיקע און פיזישע קאַליקעס, זיינען עס די אמתע תל־חיס?... מיט כלערליי מיטלען, וויל מען צווינגען די עלטערן אַרויסצונעמען זייערע קינדער פון דער שול „תל־חי".

עס בענקט זיך זיי, אַ סברה, נאָך די אַמאָליקע צייטן, נאָך די צאן־קדושים, וואָס יעדער מרא־דאתרא מיט זיין כנופיה האָט איבער זיי געהערשט. די גאַנצע אַרבעט זייערע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי פלעגן אין די פאַרנאַכטן זיך לאָזן איבער די געסלעך און אינטערגעסלעך עבירות זוכן. האָט מען געפּאַקט אַ „זינדיקן" — האָבן זיך זייערע אומריינע הענט אין זיין לייב איינגעשניטן און אים אין פּאָליש אויף דער קייט צו שאַנד און שפּאָט אַרויסגעשטעלט.

נאָר די צייטן זיינען שוין פאַריבער. עס גלויבט זיי שוין קיינער נישט. די מאַסע שאַצט זיי אָפּ לויט די מעשים. מען ווייסט, אַז ס׳איז נישט מער ווי „עושים מעשה זמרי ומבקשים שכר כפנחס". רעדן רעדט מען פון זאַכן שבין אדם למקום, אָבער אין דער אמתן איז מען פאַרטאָן מבוקר עד ערב אין עולם־הזה.

יעדער איינער זעט, ווי ווייט מעגלעך וואָס ווייניקער עטאַט צו צאָלן, האַלטנדיק פון „שמור לי ואשמור לך", און לייגן אַרויף די גאַנצע לאַסט פון אויסהאַלטן דעם קהילה־בודזשעט אויף דער אָרעמער באַפעלקערונג. אַנשטאָט דער בודזשעט זאָל זיין געבויט אויף דירעקטע, פּראָפּאָרציאָנעלע הכנסה־שטייערן, באַשטייט ער ס׳רוב פון אומדירעקטע הכנסות אויף אַרטיקלען פון ערשטן געברויך, וואָס דערפון ליידן קודם־כל די נישט־פאַרמעגלעכע.

ווי מיר זעען, קען די קהילה־פאַרוואַלטונג נישט פאַררעכענען אויף איר חשבון קיין איין פּאָזיטיוון טאַט. אַנשטאָט זיין דער קרן פון דער צוקונפטיקער, נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, איז זי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ חסידים־שטיבל און אין איר קאָמפּעטענץ גייען בלויז אַריין רב און שוחטים־ענינים.

צו שוין זשע אַזאַ קהילה דאַרפן מיר האָבן, דאָס זיינען אירע אויפגאַבן און נישט מער?

ניין, נישט אַזוי דאַרף אונזער שטאָט־קהילה אויסזען. אויסגעראָטן דאַרף ווערן דער גייסט פון דער אַלטער גמינע, און די אָנפירונג מיט אירע ענינים דאַרף איבערגיין אין די הענט פון יענע, וואָס זאָרגן אומעטום פאַר די נויטן פון די יידישע מאַסן.

מ׳דאַרף אויך נישט פאַרגעסן, אַז די איצטיקע וואַל־אָרדינאַציע באַרויבט די רעכט פון די פרויען און פון די אַלע, וואָס זיינען ייִנגער פון 25 יאָר, בכדי נישט צולאָזן דעם יינגן דור, וואָס טראָגט שטענדיק אַ ניי וואָרט, צו באַהערשן די קהילה.

איז טאַקע דערפאַר מוז דער קאַמף זיין שטאַרקער, פאַרביטערטער. פאַריאָגט דאַרפן ווערן די אַלטע שאָטנס. אַוועק מוזן יענע, וואָס האָבן באַגרענעצט די קהילה אין די ד׳ אמות פון דער שול, רב און מקוה, כדי די קהילה אין אונזער שטאָט זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין דעם אָרגאַן, וואָס וועט זיין פאַרבונדן מיט אַלץ, וואָס לעבט און ברויזט אין יידישן לעבן, און באַפרידיקט די רעאַלע באַדערפענישן פון די יידישע מאַסן.

ב ר נ ש

„אונזער וואָרט" נמ. 1, הרוביעשאָוו, 20.4.1928.

# אַ שטורמישע זיצונג אין דער קהילה

דער ראש־הקהל פאַרנעמט דעם אויבן־אָן. לעבן אים זיצט דער רב, די דאזארעס שטייען אַרום, עס זיינען אויך דאָ אַלע באַוווסטע שטאָט־מאַכערס, כלל־טוער, חברה־קדישא, אגודה־פירער און פרומע תלמוד־תורה יידן. אַלעמענס טויטע פנימער זיינען היינט עפּעס באַזונדערס באַלויכטן.

דער ראש־הקהל שטעלט זיך אויף און זאָגט:

— ווי איר ווייסט שוין מן הסתם אַלע, האָבן מיר היינט אַ גוואַלטאַוונע זיצונג. מיר האָבן היינט אַ פעטן מת, מיר דאַרפן נעמען אַן אלף. פון דעם געלט וועלן מיר שוין מאַכן אַ תכלית. די פּראַקטישקייט מיינע פון אַזויפיל יאָרן איז שוין דאַכט זיך גענוג, איך זאָל וויסן, וואָס צו טאָן מיטן געלט. זענט איר מסכים? — פרעגט דער ראש־הקהל.

— ניין — רופט זיך אָן אַ דאזאַר, צוגלייך אַ חברה־קדישא־מאַן — שוין זאָל עס נעמען אַן ענדע! דאָס געלט דאַרף מען אויף בית־הקברות.

— גוודאי קומט דעם בית־הקברות אַ היפּשע מטבע — ענטפערט דער ראש־הקהל — מיר האָבן תמיד אַלץ צוגעגרייט צום בית־הקברות, נישט אומזיסט האַלטן מיר אַזאַ לאַנגע צייט פאַרמאַכט דעם שפּיטאָל. שנית, ווער דען זאָל זאָרגן פאַר די טויטע, אויב נישט מיר פונם מתים־שטיבל. מיר זיינען דאָך כמעט חברים.

וואָס דען פאַר די לעבעדיקע עזות־פּנימער זאָלן מיר זאָרגן? מיר זיינען פון זיי אַזוי ווייט, ווי זיי פון אונז. די טויטע, בין איך זיכער, זיינען אַלע אונזעריקע.

— און אפשר אויף ארץ־ישראל? — רופט זיך אָן נישט דרייסט דער כמו־ציוניסטישער דאזאר — מען שיט דאָך פאָרט ארץ־ישראל־ערד אין קבר.

— ניין! — גיט אַ געשריי אַן אגודה־פירער — וואָס, פאַרן היינטיקן ארץ־ישראל מיט די טויזנטער יונגע אפּיקורסישע אַרבעטער, מיט די חלוצות, אויף דעם לעבעדיקן ארץ־ישראל וועט מען געבן געלט פון אַ נפטר?

— חס ושלום — רייסט איבער דער ראש־הקהל.

— רבותי — הייבט זיך אָן צו טרייסלען און ציען מיט אַ גמרא־ניגון אַ תלמוד־תורה־ייד — געדענקט, אַז מיר האָבן אַזאַ הייליקע זאַך, ווי די תלמוד־תורה. איך דאַרף אייך גאָרנישט דערקלערן, וואָס פאַר אַ שייכות אונזער הייליקע תלמוד־תורה האָט צום הייליקן אָרט. דאָ וואָלט מען באמת געקענט זאָגן מצא מין את מינו. איר ווייסט דאָך, אַז דאָרטן לערנט מען זאַכן, וואָס נוצן נישט צום לעבן.

— נאָך מער — שרייט עפּעס אַ בעל־מלאכה אַן עזות־פּנים — מ׳באַגראָבט די קינדער לעבעדיקערהייט.

— דרך־ארץ — שרייט אויף אים אָן דער ייד און זאָגט ווייטער — אַלץ וואָס איך זאָג, איז אמת, ווי דער טויט אַליין, זכרונו לברכה.

— אמת, אמת! — כאַפּן אַלע אונטער: מסכים!

— אפשר עפּעס געבן אויפן בית־היתומים, אויף די קינדער פון די נפטרים? — פרעגט עפּעס אַ יונגער שנעק.

— ניין — זאָגן בכבודיקע מענטשן — וואָס פאַראַ מחותנים זיינען עפּעס יתומים מיט בכבודיקע נפטרים. און צווייטנס, וואָס פעלט זיי? האָט איר געזען ווי זיי זען אויס, האַלטן אין איין טאַנצן — און ווענדניק זיך צום יונגן שנעק — אויף דיינע קינדער געזאָגט געוואָרן.

— אמת — זאָגט דער ראש־הקהל, און דער רב שווייגט.

געבליבן איז נאָך שטאַרקע וויכוחים צו נעמען געלט ביי די יורשים אַרבע מאות שקל כסף (400 ד.) און דאָס צעטיילן צווישן די ביידע טויטע אינסטיטוציעס: תלמוד־תורה און בית־הקברות. ביידע זיינען זיי שותפים צום נפטר, ביידע דינען דעם טויט אויף אַ פאַרשידענעם אופן, — איינע באַזאָרגנדיק די טויטע גופים, די צווייטע די טויטע נשמות, און פאַרשאַפנדיק כבוד דעם מתים־שטיבל.

המשקיף

„אונזער וואָרט“, נמ. 2, הרוביעשאָוו, 24.5.1928.

# „יושר“ פון די היגע קהילה־פירער

מיט צוויי וואָכן צוריק איז נפטר געוואָרן ביי אונז אין שטאָט אַ חשובער בעל־הבית, אַן אָנגעזעענער מענטש, אַ לאַנגיעריקער דאזאר און כלל־טוער, ר׳ מענדל שטיף ז״ל.

דער נפטר האָט איבערגעלאָזט עטלעכע אויסגעגעבענע זין און טעכטער, וועלכע פאַרנעמען אַן אָנגעזעען אָרט אין דער היגער געזעלשאַפט, ווי אויך אַ זון אַ ד״ר מעדיצין אין ווין, וועלכער האָט אין די מלחמה־יאָרן געענדיקט די גימנאַזיע אין תל־אביב.

לזכר המנוח האָבן די קינדער איבערגעגעבן דער גמינע 1000 זל. אָנצייכנענדיק בפירוש: 300 — פאַרן בית־יתומים, 200 — פאַר דער תלמוד־תורה, 100 זל. — פאַרן פרויען־קאָמיטעט צו העלפן אָרעמע קראַנקע און 400 זל. — פאַר דער גמינע.

אינטערעסאַנט איז, אַז די גמינע האָט געפונען פאַר נויטיק אָראָפּצונעמען 100 זל. ביים בית־יתומים און 50 זל. ביים פרויען־קאָמיטעט.

ווי מ׳שמועסט, האָבן די קינדער פונם חשובן נפטר, ווי אויך דער פּרעזעס פון בית־יתומים, ה׳ פישל זילבערשטיין, בדעה אָנצורגעבן די גמינע אין געריכט און מיר וועלן האָבן אַן אינטערעסאַנטן פּראָצעס.

הרוביעשאָוור לעבן, נמ. 50, נאָוועמבער 1930.

# בישיבת ועד הקהילה

בעת האחרונה נוסד בעירנו, בהשתדלות כח הסוחרים הזעירים, ועד עזרה יהודי, שמטרתו לתת הלואות בלי ריבית ליהודים הזקוקים לקרדיט. בידי הועד הזה, הודות לסיועו של הרב דמתא, ר׳ וורטהיים, עלה לאסוף בין עשירי עירנו סכום כסף הגון לשם עבודתו החשובה.

—— זה לא כבר התקיימה ישיבת ועד־הקהילה, בכדי לדון על תקציבו לשנת 1927. על סדר־היום עמדה השאלה הראשונה: דבר מתן הוספה לשוחטים. רוב הפרנסים תמכו בדרישת השוחטים, וברוב דעות מכריע נתקבלה הצעתו של סגן יו״ר הקהילה, מר ברנד, למלא את דרישת השוחטים.

ויכוחים סוערים וחריפים התנהלו, כשבאו לדון בדבר תמיכות כספיות לטובת בית־הספר העברי היחידי בעירנו ובית־היתומים. רוב הפרנסים, שרובם הם מן החרדים, הצביעו נגד התמיכה בבית־הספר העברי וברוב דעות נדחתה הצעת הציונים ולאות מחאה עזבו הפרנסים הציונים את אולם הקהילה.

בישיבה הבאה של ועד הקהילה חידשו, על־פי הצעתו של מר ברנד, את הויכוחים בדבר התמיכה לטובת בית־הספר העברי. הפרנסים החרדים עמדו על דעתם בעקשנות, אולם אחרי מחאות רבות מצד הציונים הסכימו להקציב לטובת בית־הספר העברי רק סכום מצער מאד.

כן גם הציע מר ברנד להקציב בשביל הקהק״ל סכום של 300 זה. ההצעה נדחתה ברוב דעות. הועד המקומי של הקהק״ל הגיש קובלנה למועצת הקהילה, והיא פונה אליה שתשתדל להקציב סכום ידוע בשביל הקהק״ל. ואמנם בישיבת המועצה הראשונה נתפתחו ויכוחים סוערים בענין זה ולבסוף נתקבלה הצעת יו״ר מועצת הקהילה, ה׳ פרץ, להקציב לטובת הקהק״ל סכום של 200 זהובים.

„הצפירה“ מס. 54, יום ו׳, 4.3.1927.

# באקאנטמאכונג

די וואהל-קאמיסיע צו וויילן א ראט פון דער יידישער קהלה אין הרוביעשאוו אויפן גרונט פון ארטיקל 29 פון אוסטאוו פון 24 אקטאבער 1930. דז. אוסטאוו נר. 75 פאז 592. פאדערט אויף די וויהלער צוצושטעלן אין משך פון 5 טעג פון 24.VIII ביזן 29.VIII 1936 י. איינשליסלעך, אין די שעהן פון 11—14 שבת פון 20—23

## קאנדידאטן ליסטעס

אויף 12 מיטגלידער פון ראט און 12 פארטרעטער.

יעדער קאנדידאטן ליסטע דארף פארגעשטעלט ווערן אמווייניקסטן דורך 50 קהלה מיטגלידער, וואס באזיצן אקטיווע וואל רעכט און דורך זיי אונטערגעשריבן מיטן נאמען און פאמיליע, אנווייזנדיק די באשעפטיקונג און אדרעס. (§ 30)

א קאנדידאטן ליסטע דארף ענטהאלטן 24 מיטגלידער פון ראט געני אנגעוויזענע מיטן נאמען, פאמיליע, עלטער, באשעפטיקונג, וווין ארט און באצייכנט מיט לויף-נומערן, דאס באצייכענען די קאנדידאטן לויט ביט סימנים אדער ארט גרופירונג איז דערלאזבאר אבער נישט ערפאדערליך. (§ 31)

צו דער קאנדידאטן-ליסטע דארף זיין בייגעלייגט א אייגנהענטיגע אנטשטעלונג באשטעטיגונג פון יעדער קאנדידאט, דאס לויט זיין בעסטן וויסן באזיצט ער פאס [illegible] איז מסכים צו קאנדידירן און אין פאל פון אויסוויילן נעמט ער אן דעם מאנדאט [illegible] פון די קאנדידאטן לויטן לויף-נומער פון דער ליסטע איז דערלאזבאר. (§ 61)

נאכן אפגעבן די באשטעטיגונג דער קאמיסיע, וועט דאס צוריקציען די הסכמה ניט גענומען ווערן אין אכט.

אויף דער קאנדידאטן-ליסטע דארף איינער פון די אונטערגעשריבענע אנגעוויזן ווערן אלס פארטרויענס-מאן און דער צווייטער אלס פארטרעטער אין געגנפאל וועט אנערקענט ווערן אלס פארטרויענס-מאן דער ערשטער און אלס פארטרעטער דער צווייטער פון די אונטערגעשריבענע. (§ 36)

א קאנדידאטן-ליסטע וואס איז צוגעשטעלט געווארן נאכן אנגעוויזענעם טערמין, אדער וואס איז נישט צוגעפאסט צו די איבערדערמאנטע געזעצליכע פאדערונגען, וועט ווערן פארעכנט פאר נישט גילטיג.

הרוביעשאוו, דעם 21.VIII 1936 י.

פארזיצער פון דער וואהל קאמיסיע

(—) עוזיאל פינקלשטיין

Druk. „RENOMA", Hrubieszów.

דער וואַל־קאָמיטעט צו די קהילה־וואַלן אין יאָר 1936 רופט די הרוביעשאָווער יידן פאַרצושטעלן די קאַנדידאַטן־ליסטעס.

הודעה על מועד הגשת רשימת מועמדים לבחירות למועצת הקהילה ב־1936.

## די קהילה־פרנסים אין הרוביעשאָוו אין די יאָרן: 1703—1710

אין יאָר 1703 האָבן אמטירט אלס קהילה־פרנסים אין הרוביעשאָוו: ניסן בערקאָוויטש, יוסף נאַכמאַנאָוויטש, אברהם שמולעוויטש, אברהם אייזיקאָוויטש, לייב הערשקאָוויטש, רייניש מאיראָוויטש און אהרון לייבאָוויטש.

אין יאָר 1710 האָבן אמטירט אלס פרנסים: הירש פיעטרושקא, בער מאניס, יודל און לייזער אשעיעוויטש און יעקב פיוושעוויטש.



# בעקאנטמאכונג.

דער וואל-קאמיטעט צו וויילן א ראט פון דער יידישער קהלה אין הרוביעשאוו איז מודיע אויפן גרונד פון ארטיקל 23 פון וואל-רעגולאמין פון 24 אקטאבער 1930 י. (דז. אוסטאוו נר. 75 פאז. 592), אז די

## וועהלער-רשימה

איז צוזאמענגעשטעלט לויטן שטענדיקן רעיעסטער פון די קהלה מיטגלידער, וואס ווערט געפירט דורך דער קהלה פערוואלטונג און **ליגט פריי אין דער קאנצעלאריע פון דער קהלה טעגליך פון 8 פרי ביז 8 אווענט** צום איבערזען דורך יעדן מיטגליד פון דער קהלה וואס באזיצט אקטיווע וואל-רעכט ד. ה. **אלע יידן, מאנסלייט אין עלטער פון 25 יאר וואס וווינען אין גליל פון דער היגער קהלה און איבערדרייס אין משך פון 1 יאר אמווייניקסטן.**

**דער טערמין פון איבערזען די רשימה דורך די מיטגלידער ענדיגט זיך דעם 30 מערץ 1931 י.**

דערביי ווערט באמערקט, אז נור די וועלכע וועלן זיין איינגעשריבן אין דער וויילער רשימה וועלן האבן וואל רעכט און אלע וועלכע זענען עווענטועל דורכגעלאזט געווארן פון דער וועלער-רשימה **האבן דאס רעכט ביז צום דערמאנטן טערמין (דעם 30 מערץ 1931) צו פאדערן דאס אריינציען זיי אין דער וויילער רשימה,** נאך דעם טערמין וועלן קיין שום רעקלאמאציעס ניט גענימען ווערן אין אכט.

פארזיצענדער פון וואל-קאמיטעט

(—) שכנא בראנדט

הרוביעשאוו, דעם 16 מערץ 1931 י.

Druk. „EXPRESS" Hrubieszów.

דער וואַל־קאָמיטעט צו די קהילה־וואַלן אין יאָר 1931 רופט די הרוביעשאָווער יידן צו קאָנטראָלירן די וויילער־רשימה.

הודעה על פרסום רשימת הבוחרים למועצת הקהילה בשנת 1931.

## די קהילה־פאַרוואַלטונג פּראָטעסטירט קעגן ווייס־בוך

אונזער שטאט האָט זיך אינגאַנצן געפונען אונטערן אימפּאַזאַנטן איינדרוק פון דעם פּראָטעסט־שטרייק קעגן דעם ענגלישן „ווייס־בוך". אין דער צייט פון שטרייק איז די באַוועגונג אין שטאָט, כמעט, ווי אָפּגעשטעלט געוואָרן. די קראָמען און וואַרשטאַטן זיינען געווען געשלאָסן און הונדערטער מענטשן האָבן זיך פאַרזאַמלט אין דער גרויסער שול, ווו עס זיינען אויפגעטראָטן מיט רעדעס הרב טווערסקי, י. מ. שפּירא, ז. קריי׳ד און י. מערענשטיין. צום סוף פון דער פאָלקס־פאַרזאַמלונג האָט דער פאָרזיצער פון דער קהילה, שמואל בראַנד, פאָרגעלעגט אַ פּראָטעסט־רעזאָלוציע, וועלכע איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן.

די קהילה־פאַרוואַלטונג האָט נאָך דער פאַרזאַמלונג איבערגעשיקט אַ פּראָטעסט־דעפּעשע צום ענגלישן פּרעמיער, אין וועלכער עס ווערט איבערגעגעבן דער פּראָטעסט פון דער יידישער באַפעלקערונג קעגן „ווייס־בוך".

„היינט", 4.6.1939.

# מאיר האפמאן / מיר ווילן אַ שטאָט־ראַט

קבוץ שפיים

די וואַלן צום ערשטן שטאָט־ראַט זיינען פאַר די הרוביעשאָווער יידן געקומען אינגאַנצן אומגעריכט. אַלע יאָרן זיינען די שטאָט־פירער באַשטימט געוואָרן פון דער העכערער מאַכט אין לובלין, און פלוצים, אומגעריכט, ווען די איינוווינער אַליין קלייבן זייער אָנפירערשאַפט. פאַרשטייט זיך, אַז די ידיעה האָט אַריינגעטראָגן הייטערקייט צווישן ברייטן עולם. מען האָט זיך אָנגעהויבן מיט דעם ענין אינטערעסירן און ער איז געוואָרן אַ טעמע פאַר די שטענדיקע גאַסן־רעדלעך. באַזונדערס האָבן זיך מיט דעם וואַל־ענין גענומען פאַראינטערעסירן די פאַרטייען און יוגנט־טוער. זיי האָבן דערזען פאַר זיך אַ ניי פעלד פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, און אַ מעגלעכקייט צו קומען אין באַרירונג מיט די מאַסן.

קודם־כל האָט מען געוואָלט שאַפן אַן אַקטיווע וואַל־שטימונג ביי די ווײלער, אַריינטראָגן קלאָרקייט צווישן אַלע שטאָט־שיכטן, באַזונדערס אין דער פאָלקסטימלעכער טייל. מען האָט זיך נישט באַנוגנט מיט די פאַר־וואַל־פאַרזאמלונגען, נאָר אויך אָנגעהויבן אָפּשטאַטן שטוב־וויזיטן. באַזונדערס האָבן זיך אויף דעם געביט אויסגעצייכנט די פּועלי־ציון. זיי האָבן זיך באַמיט אַריינצודרינגען אין אַלע שטאָט־ווינקלען. דעם לעצטן שבת, פאַר די וואַלן, האָבן די פּועלי־ציון איינגעאָרדנט אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע, וועלכע האָט דערמאָנט דעם עולם דעם מאָרגנדיקן וואַל־טאָג.

די באַטייליקונג אין די וואַלן איז געווען אַ גרויסע. פון דעם וואַל־אויסגאַנג האָט מען געקענט זען, וועלכע כּוחות באַאיינפלוסן דעם עולם. פון די סאָציאַליסטישע פאַרטייען האָט באַקומען די מערהייט שטימען די רעכטע פּועלי־ציון, וועלכע האָבן אַריינגעפירט דריי ראַטמענער אין שטאָט־ראַט. דער בונד האָט געקראָגן ווייניקער שטימען, אָבער ער האָט אויך אַריינגעפירט דריי ראַטמענער. די רויטע האָבן קוים אַדורכגעשטופּט צוויי ראַטמענער. אויך די אַלגעמיינע ציוניסטן האָבן אַדורכגעפירט אַ גרופּע פאָרשטייער מיט שמואל בראַנד און דוד טענענבוים בראש.

אַלע געווײלטע פאָרשטייער האָבן זיך באַטייליקט אין דער אַרבעט פון שטאָט־ראַט. נאָר פון די רויטע האָט איין פאָרשטייער שטענדיק געפעלט. דער צווייטער איז אויך נישט געווען קיין אָרטיקער, נאָר אַ דאָ נישט לאַנג־געקומענער ציין־דאָקטאָר. ער איז במשך פון דער שטאָט־ראַט־סעסיע געזעסן פאַרוקט און געשוויגן, זיין שווייגן האָט געשמעקט מיט עפּעס און מען האָט געפּרוווט דערפון מאַכן פאַרשיידענע אויספירונגען.

מען מוז צוגעבן, אַז אין הרוביעשאָווער שטאָט־ראַט האָט זיך נישט געפילט ביי די ענדעקעס קיין אַנטיסעמיטישער גייסט. עס זיינען צווישן זיי נישט געווען קיין אויסגעשפּראָכענע אַנטיסעמיטן. במשך פון דער עקזיסטענץ פונם ערשטן שטאָט־ראַט האָט מען נישט געהערט קיין איין אַנטיסעמיטישע רעדע. אפשר האָט דערצו געווירקט דער ניי־געווײלטער בורמיסטש.

ער האָט געשטאַמט אַליין פון פאָלקס־מאַסן, בטבע אַ גוטער מענטש, און אַ שטיקל אוהב־ישראל.

צווישן די קריסטלעכע ראַטמענער איז אויך געווען דער באַקאַנטער אדוואָקאַט טשייקאָווסקי, וועלכער האָט עפנטלעך געמוסרט די האַלערטשיקעס בעת זייער אָנפאַל אויף די הרוביעשאָווער יידן. זיי האָבן אים פאַר זיין אַריינמישן זיך גוט מכבד געווען און ער איז פון זייערע הענט קוים אַרויס אַ לעבעדיקער.

עס איז אויך געווען אַ ראַטמאַן דער באַוווסטער מאַטעמאַטיק־לערער און פאָרשטייער פון דער פּויערים־פּאַרטיי „וויזוואָלעניע“, שווערזשינסקי, וועלכער האָט אין דער היטלער־צייט אַ סך יידן געהאָלפן. אַזוי, אַז צו קיין שאַרפע רייבונגען צווישן די יידישע און קריסטלעכע פאָרשטייער איז, כמעט, קיינמאָל נישט דערגאַנגען.

עס איז כדאי צו דערמאָנען, אַז די יידישע סאָציאַליסטישע פראַקציעס אין שטאָט־ראַט האָבן צווישן זיך נישט געפונען קיין געמיינזאַמע שפּראַך. דער פאָרשטייער פון די רויטע האָט זיך סתם געמאַכט פאַר אַ תּם, נישט געפּדערט, נישט רעאַגירט, אַלץ איז אים אָנגעגאַנגען, ווי דער פּאַראַיאָריקער שניי...

די באַציונגען צווישן דער בונד־פראַקציע און די פּועלי־ציון זיינען געווען אָנגעשטרענגטע. דעם בונד האָט דער סאָציאַליזם פון די פּועלי־ציון נישט געשמעקט. דאָס דערמאָנען גאַנץ אָפט ארץ־ישראל, אַלס עמיגראַציע אָרט פאַר יידן, האָט געבריט דעם פאַרביסענעם יצחק שמעון פייפער. אַלס פירער פון דער בונדישער פראַקציע איז ער נישט געווען פעיק זיך צוצוהערן און אָפּשאַצן אַ געדאַנק, וועלכער פּאַסט זיך נישט אַריין אין בונדישן רעמל. האָט טאַקע די בונדישע פראַקציע מיט יצחק שמעון בראש נישט געוואָלט בשום אופן מסכים זיין, אַז די פּועלי־ציון זאָל קריגן אַן אומזיסטן פּלאַץ פון שטאָט־ראַט, כדי אויפצושטעלן אַ בנין פאַר דער תל־חי־שול.

מען דאַרף אויך אָן די בירגערלעכע ציוניסטן נישט פאַרגעסן. זיי זיינען אין שטאָט־ראַט נישט געווען אַזוי פאַרביסן, ווי עס איז געווען מיט זיי אין אַנדערע שטעט. צווישן זיי האָבן זיך געפונען מענטשן מיט אָפענע מוחות און אַ חוש פאַר מעשים. ווען זיי אַליין האָבן נישט געקענט בויען און שאַפן, האָבן זיי אַנדערע, צו זיי נאָענטע ריכטונגען, געהאָלפן שאַפן. זיי האָבן נישט געפּראַוועט סתם עקשנות, כאָטש דאָס האָט זיי געבראַכט פּאַרטיי־שאָדן.

אַזוי האָט עס זיך געצויגן עטלעכע יאָר ביז עס האָבן אָנגעהויבן בלאָזן היטלער־ווינטן. עס האָבן זיך אַרויסגערוקט אַנטיסעמיטישע טוער מיט ליפּניצקעס אידעם בראש, וועלכע האָבן אָנגעהויבן מיט די יידן אַ קאַמף אויף לעבן און טויט.

## פּועלי־ציון פאָדערט גלייכבאַרעכטיקונג פאַר יידיש

שוין מער ווי אַ האַלב יאָר, זייט עס עקזיסטירט דער נייער שטאָט־ראַט. ער קען זיך אָבער נישט באַרימען מיט זיינע אויפטוען לטובת דער באַפעלקערונג. אויך נישט אַלע אַרבעטער־פאָרשטייער זיינען גענוג אַקטיוו, און טאַקע דעריבער איז אַזוי וואַרעם אויפגענומען געוואָרן די איניציאַטיוו פון אונזערע ראַטמענער צו רירן די אַרבעט פון טויטן־פּונקט.

אויף די לעצטע זיצונגען פון שטאָט־ראַט האָט אונזער פראַקציע פאָרגעשלאָגן גלייכבאַרעכטיקן די יידישע שפּראַך אין שטאָט־ראַט און אין מאַגיסטראַט. אויסער דעם האָבן מיר נאָך אַריינגעטראָגן אַ רייע פּראַקטישע פאָרשלאַגן. דער בירגערלעכער מערהייט איז אפילו נישט אָנגענעם געווען צו באַהאַנדלען אַזעלכע פאָרשלאַגן, אָבער אונטערן דרוק פון אונזערע ראַטמענער און דער מורא פאַר נישט־פּאָפּולאַריטעט ערב די סיים־וואַלן, האָט מען סוף כּל־סוף געמוזט פאַרטיילן 6 וואַגאָנען קוילן צווישן דער אָרעמער באַפעלקערונג און אַרויסגעבן 200 פאַר שיכלעך פאַר די אָרימסטע קינדער פון די פאָלקס־שולן. 61 פאָר שיך האָבן געקראָגן די קינדער פון אונזער תל־חי שול, וואָס האָט זיי דערמעגלעכט פּינקטלעך צו באַזוכן די שול.

מיט אונזער ערשטן פאָרשלאַג גייט עס אָבער צו שווערלעך. אָבער אויך דאָ האָפן מיר דורכפירן אַ באַשלוס וועגן פאַרעפנטלעכן אַלע מאַגיסטראַט מעלדונגען אין דער יידישער שפּראַך.

יעצט האָבן מיר אויך אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאַג וועגן באַפרייען פון שטאָט־שטייער אַלע, וואָס פאַרדינען ווייניקער פון 200 זלאָטעס אַ חודש.

באַפרייונגס־אַרבעטער שטימע, 2.1.1928

# יחזקאל אדער / דער האַנדל צווישן ביידע וועלט־מלחמות

מעלבורן, אויסטראַליע



יחזקאל אדער

אין דער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון אַ לאַנד האָט יעדע שיכט פון דער באַפעלקערונג איר באַשטימטע אויפגאַבע: עס איז געווען דעריבער פאַלש די באַהויפּטונג, אַז דער האַנדלס־קלאַס איז אַן אומפּראָדוקטיווער טייל פון דער באַפעלקערונג. עס איז זיינער צייט געווען אָנגענומען, אַז אין דער עקאָנאָמישער סטרוקטור באַדאַרף זיין דער הויפּט־מחותן: דער האָרעפּאַשנער טייל. דער אַרבעטער־קלאַס האָט פאַרנומען דעם אויבן אָן אין דער עקאָנאָמיע.

אָבער אין דער אמתן זיינען דער האַנדל און באַנק־וועזן פונקציעס אָן וועלכע די גלייכגעוויכט פון דער עקאָנאָמיע איז באַדראָט, ווי מיר פאַרשטייען דאָס איצט, און זיי זיינען פונקט אַזוי פּראָדוקטיוו, ווי דער אַרבעטער־קלאַס, אויב זייער פּראָפּאָרציע אין עקאָנאָמישן לעבן איז נישט איבערגעטריבן.

דער האַנדל אין פּוילן, וועלכער איז געלעגן אין גרעסטן טייל אין יידישע הענט, איז ווייט אַריבערגעשטיגן די נאָרמע. עס האָט זיך געשאַפן אַן אונאָרמאַלע לאַגע און דער גאַנצער האַנדלס־קלאַס האָט זיך געשטיקט צווישן די כוואַליעס פון אומבאַגרענעצטער קאָנקורענץ, און אפשר דעריבער האָט אין יענער צייט געהערשט די מיינונג, אַז דער האַנדלס־קלאַס איז דער אומפּראָדוקטיווסטער טייל פון דער באַפעלקערונג.

אויך דער האַנדלס־קלאַס אין הרוביעשאָוו האָט געליטן פון איבערפלוס. פיל איבעריקע הענדלער האָבן געצויגן דאָס מאגערע ביסל חיונה פון האַנדל און מיט יעדן יאָר איז זייער, מישטיינס־געזאָגט, גרינדונגס־קאַפּיטאַל איינגעשרומפּן געוואָרן און זיי זיינען צום סוף געווען פאַרמשפּט צו ליקווידירן זייערע געשעפטן.

אין די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה האָט דער יידישער האַנדל אין פּוילן דערוואָרבן אַ פאַרניכטנדיקן שותף: דעם „אוזשאָנד סקאַרבאָווי". דאָס איז געווען דער צווייטער כח, וועלכער האָט געזאָלט אויספירן דעם טויט־אורטייל איבערן יידישן האַנדלס־קלאַס אין פּוילן.

הרוביעשאָווער געגנט מיט די רייכע גיטער און קאָלאָניסטן האָט צוגעשטעלט תבואה און אַנדערע אגראַר־פּראָדוקטן. נאָך דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע האָט זיך דער האַנדל מיט אַגראַר־פּראָדוקטן פאַנאַנדערגעוואַקסן. יידן האָבן אָנגעהויבן בויען גרויסע שפּייכלערס, ביי דער באַן, און אויפגעקויפט ביי די אַרומיקע פּויערים זייער תבואה. אַזוי איז זייער שנעל אויפגעקומען אַ גרויסע צאָל תבואה־סוחרים, וועלכע האָבן אין די שפּעטערדיקע יאָרן געבילדעט דעם רוקן־ביין פון הרוביעשאָווער האַנדלס־קלאַס.

צווישן די ערשטע תבואה־סוחרים געדענק איך, אַ חוץ שמואל בראַנד און זיין ברודער, איטשעלע בראַנד, וועלכע האָבן געהאַנדלט נאָר מיט פּריצים און געווען די איינציקע ליפערער פאַר דער אַרמיי אין הרוביעשאָוו, יצחק קאַלטאַן, וועלכער האָט געהאַנדלט שותפות מיט די אונז אַלעמען באַקאַנטע קאַצאַקיס. זייער שפּייכלער האָט זיך געפונען אויף פּאַגוזשע, זיי האָבן געהאַנדלט אין אַ גרעסערן פאַרנעם, און האָבן באַשעפטיקט אַלס אָנגעשטעלטן, דעם באַקאַנטן, יענקל קאַהאַן. זיי האָבן אויסגעפירט תבואה־ליפערונגען קיין גאַליציע, ווי אויך אין די קרעסן־שטעט.

מיט איין וואָרט, דער תבואה־האַנדל איז מיט דער צייט געוואָרן דאָס „רייך פּייערל", נאָך וועלכן אַ שטאָט יידן, האָט זיך געלאָזט לויפן.

דער תבואה־האַנדל האָט זיך שנעל פאַנאַנדערגעבליט און אין אַ גאָר קורצער צייט זיינען אויפגעקומען פרישע סוחרים: סרולקעלע סאַס און שלמה איטשע איינהאָרן. כ'מוז אונטערשטרייכן, אַז נישט אַלע יידן האָבן געקענט ריידן מיט אַ פּריץ. די דערמאַנטע סוחרים האָבן גערעדט אַ פּערפעקטן פּויליש, און געקענט אָנקומען צו די גרויסע, פּוילישע פּריצים, וועלכע זיינען מיט זיי געווען פאַרבונדן, אפילו אין די שפּעטערדיקע „אוושעם"־יאָרן.

די פריער דערמאַנטע קלענערע שפּייכלערס זיינען געבויט געוואָרן אויף דריי סטראַטעגישע פּאָזיציעס, אַזוי אַז קיין איין פּויערישער וואָגן האָט נישט געקענט אַריינקומען אין שטאָט, נישט דורכגעגנישטערט צו ווערן דורך די מאַרק־גייער און תבואה־סוחרים, וועלכע האָבן שוין געקענט דעם גרעסטן טייל פּויערים ביי די נעמען.

די ערשטע פּאָזיציע איז געווען אויף פּאַגוזשע. ווי שוין דערמאַנט, האָבן דאָרט אויפגעבויט זייער שפּייכלער יצחק קאַלטאַן מיט די קאַצאַקיס. די צווייטע פּאָזיציע האָבן פאַרנומען אויף פּאָבערעזשאַן, יחזקאל דרוקער, דבורהלע פון דער מיל, די משפּחה ציגעל און אַנדערע יידן, וועמענס נעמען כ'האָב, ליידער, פאַרגעסן.

דער דריטער און סאַמע שטאַרקסטער פּראָנט־אָפּשניט פון תבואה־סוחרים איז געווען די „קאַזאַרמע זייט", ביי דער כעלמער בריק. דאָרטן האָבן געהאַנדלט: אברהם בוכטרעגער, געצעלע וואַלדמאַן, אברהם האָלצער, לייב האַלפּערן און זיין שוואָגער דוד, פישל קאַפּלס אָדער ווי מ'האָט אים גערופן פישל חנה־מינדאַליס. זיין שפּייכלער האָט זיך געפונען אין שטאָט אַנטקעגן יידישן שפּיטאָל.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן זיינען צוגעקומען נאָך שפּייכלער, אָבער די גרעסטע און אויך רייכסטע סוחרים זיינען געווען, ביז מיין אָפּפאָר קיין אויסטראַליע, די דערמאָנטע פון דער דריטער פּאָזיציע, ביי דער כעלמער בריק.

## נעבן־פּרנסות

מיטן אויפבלי פון תבואה־האַנדל זיינען געשאַפן געוואָרן פּאָזיציעס פאַר אַנדערע אַרבעטן: בוכהאַלטאָרן, אָנגעשטעלטע, אַגענטן, עקספּעדיטאָרן און טראַנספּאָרט־אַרבעטער. כ'וואָלט דאָ וועלן דערמאַנען אַ גאַנצע ריי פריינד און באַקאַנטע, הרוביעשאָווער בוכהאַלטאָרן, מיט וועלכע עס איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין אַ נאָענטן קאָנטאַקט אין משך פון קנאַפּע 10 יאָר.

בעתן ערשטן טויטן־מאַרש זיינען געפאַלן: איטשעלע לעווענפּוס, דער בוכהאַלטער פון דער יידישער האַנדלס־באַנק און זיין זון, ישראל צוקערמאַן, דער יונגער פעיקער בוכהאַלטער, וועלכער האָט געאַרבעט אין דער קאָמפּאַניע פון דער מאַרטשעווסקי־מיל, שמואל עלעאייזן, אונזער מייסטער, וועלכער איז געפאַלן אין הרוביעשאָוו גופא, לאזער אייזן, עזריאל האָכמאַן, פייוועלע פון דער גמינע, יעקב לייב פייפער, אברהם האָכמאַן, און נאָך פיל אַנדערע, וועמענס נעמען איך דערמאָן זיך נישט.

פון די עקספּעדיטאָרן וועלכע פלעגן זיך פאַרנעמען מיטן פאַרלאָדן די וואַגאָנעס תבואה: משה אבי, בעריש פינקלשטיין, יאַנקעלע נירענבערג און זיין שוואָגער עזריאל בראַנד.

פון די אַגענטן, וואָס האָבן פאַרקויפט אויף דער לעמבערגער בירזשע און אַנדערע שטעט אין פּוילן: יצחקל נוימאַרק און זיין זון, יענקעלע נוימאַרק.

אויך די טרעגער און בעלי־עגלות האָבן זיך געשאַפן אַ קוואַל פון פרנסה, וועלכער איז נישט אויסגעשעפּט געוואָרן ביזן אויסברוך פון דער מלחמה.

## קאָנקורענץ שאַפט שותפות

מיטן וווּקס פון דער צאָל שפּייכלער און תבואה־סוחרים האָט זיך געשאַפן אַ פאַרשאַרפטע קאָנקורענץ, וואָס האָט דערפירט צו קריגערייען צווישן די סוחרים. ס'פלעגן אָפט פאָרקומען געשלעגן, און די פאַרבי־

טערטקייט פון קאַמף הינטערן שטאָט, פלעגט אויף אַ שטורמישן אופן פאַרענדיקט ווערן אין מיטן רינעק, אויף דער בירזשע.

נאָך עטלעכע יאָר קאַמף, האָבן זיך די שטאַרקע און די שוואַכע אַרומ־געזען, אַז פון זייערע קאָנפליקטן און מלחמות געווינט נאָר דער פויער, אים גיט מען פאַקטיש אָפּ דעם פּראָפיט. הרוביעשאָווער יידן האָבן דאָס אויסגעדריקט אין די ווערטער: „דעם פויער שיט מען אָן דעם דעם זאַק מיט גאָלד". עס איז נאָר געבליבן איין אויסוועג: שותפות, אַ קאָאָפּעראַטיוו, נאָר דאָס קען ראַטעווען זייער לאַגע.

די ערשטע, וועלכע האָבן אָרגאַניזירט אַ „שותפות" זיינען געווען די סוחרים פון פּאָגוזשע. דער פּרווו האָט געגעבן גוטע רעזולטאַטן, די קאָנ־קורענץ האָט זיך פאַרענדיקט, מ'האָט איינגעשטעלט אַ מעסיקערן פּרייז, און עס איז אינטערעסאַנט, אַז פויערים האָבן ניט רעאַגירט אויף דעם אחדות. כאָטש, ווי אַלע געדענקען, זיינען שוין אין די לעצטע יאָרן אויפ־געקומען קריסטלעכע תבואה־אָפּנעמער, אָבער די פויערים האָבן זיך גע־האַלטן ביי די יידישע תבואה־הענדלער.

ס'וואָלט געווען נישט ריכטיק צו באַהויפּטן, אַז דער שותפות האָט גע־לייזט אַלע פּראָבלעמען. עס זיינען געווען אַנדערע פּראַגן, וואָס האָבן געפירט צו קאָנפליקטן, אָבער די פּרנסה האָט דערפון ניט געליטן און דער אָפּמאַך איז, מיט קליינע אויסנאַמען, אָפּגעהיט געוואָרן מיט דער גרעסטער שטרענגקייט.

שפּעטער האָבן זיך אויך אָרגאַניזירט די תבואה־סוחרים פון דער „קאַזאַרמע זייט", און כאָטש די שותפות האָט נישט געקענט לעזן זייערע אינדיווידועלע חשבונות, און באַזייטיקן די קנאה־שנאה, דאָך האָבן די באַ־דינגונגען דיקטירט די טאַקטיק. זיי האָבן זיך אונטערגעוואָרפן דעם שות־פות־ אָפּמאַך, וואָס האָט אַלעמען געבונדן און דערמעגלעכט אויף אַ רויקן אופן צו פירן די געשעפטן.

ווען די „קאַזאַרמע־זייט" האָט זיך שוין באַרויקט און די געמיטער האָבן זיך שוין איינגעשטילט, האָבן זיך אין דעם אייזערנעם רינג אַריינגע־ריסן צוויי נייע סוחרים, וואָס האָבן געשטערט די אחדות. דער ערשטער, וועלכער האָט געפירט אַ קאָמפּראָמיסלאָזן קאַמף, איז געווען אַ געוועזענער מולער, אַ ייד, אַ גיבור, דוד ליפּ און זיין זון, אויך אַ ווילד־שטאַרקער יונג. דוד ליפּ און זיין זון האָבן זיך נישט אָפּגעשראָקן פאַר די שטאַרקע פון „קאַזאַרמע־זייט" און עס איז אפילו געקומען צו אַ שרעקלעכן געשלעג צווישן אים און געצעלע וואַלדמאַן. כ'מיין, אַז אַ סך לאַנדסלייט געדענקען דאָס. די שלאַכט האָט אָבער דעצידירט וועגן זייער גורל אַלס תבואה־סוחרים און מען איז געווען געצוווּנגען זיי אַריינעמען אין שותפות.

די צווייטע חברה, וואָס האָט געבראָכן דעם רינג, זיינען געווען יעקב לייב פּייפער, אַ געוועזענער בוכהאַלטער ביי מייטשע וואַלדמאַן און יואל פייל — הערש לייב טרעגערס אַ זון. אויך זיי זיינען נאָך עטלעכע וואָכן אונטערהאַנדלונגען איינגעגלידערט געוואָרן אין אַלגעמיינעם שותפות.

אין די יאָרן 1935־36 האָט דער „אוזשאַנד־סקאַרבאָווי" אָנגעהויבן דריקן דעם האַנדל מיט הויכע, פאַנטאַסטישע שטייערן. גלייכצייטיק זיינען פּראַ־פּאַנירט געוואָרן הנחות סוחרים, וועלכע האָבן געפירט האַנדלס־ביכער. אַ גרויסע צאָל יידישע הענדלער האָבן זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם לעצטן מיטל, כדי צו בלייבן ביי די געשעפטן.

די קאַזאַרמע־זייט האָט אַנגאַזשירט דעם באַקאַנטן און באַליבטן פּאָר־קאָלעגע, שמואל עלע אייזן, און נאָר אַדאַנק אים האָט די שות־פות זיך איינגעהאַלטן. די דערמאָנטע ענדערונג האָט פאַרלייכטערט די עקזיסטענץ פון דער תבואה־בראַנזשע.

## די בירזשע

די תבואה און האָלץ סוחרים האָבן געהאַט זייער בירזשע אין צענטער שטאָט. דאָרט איז געווען דער טרעף־פּונקט פון: צושטעלער, אָפּנעמער, מעקלער און אַרבעטער. אויף דער בירזשע פלעגט מען פאַרקויפן וואָגאָנעס אויפן וואָרט. זומערצייט, פאַרנאַכט, און ווינטער אַ ביסל פריער, פלעגט מען זיך טרעפן אין גאַס, כאַפּן אַ שמועס — טרינקען אַ גלעזל סאָדע־וואַסער מיט סאק ביי שאול אבעלעס אין בודקע, הערן די לעצטע וועלט־נייעס, שמועסן וועגן שטאָט־פּאָליטיק, קהל־זאַכן, און שפּע־טער צולייגן אַן אויער צו די פּרייזן־פאַרהעלטענישן אויפן מאַרק. אַרום 9 אַ זייגער פלעגן זיי אָנהויבן באַזוכן די קאַנטאָרן.

דער ערשטער באַזוך איז פאַרשטייט זיך ביי יצחקל ניימאַרק אין גאַסט־הויז. דאָרט וואַרט מען אויף טעלעפאָן־געשפּרעכן פון פאַרשיי־דענע שטעט אין פּוילן, מ'וואַרט אויף „אָרדערס", מ'וויל וויסן די פּרייזן. די לאָקאַלע סוחרים ווילן קויפן נאָר ווייץ, און מ'דאַרף וויסן וואָס עס הערט זיך אויף די בירזשעס אין לעמבערג און אַנדערע שטעט. נישט איינמאָל הערט מען, ווי צוויי צדדים זיינען זיך מתווכח מכוח אַן ענין, וואָס ווערט באַלד אַלעמען באַקאַנט און די געזעלשאַפטלעכע מיינונג איז שוין אויף דער וואָך און רעאַגירט שאַרף אויף אַן עולה; באַזונדערס קומט אין דעם זין צו הילף דער קלוגער, יצחק ניימאַרק, עליו־השלום, ווי אויך זיין זון, יענקעלע ניימאַרק, עליו־השלום, וואָס זיינען געווען זייער גוט באַקאַנט אין שטאָט. די דין־תורה ווערט געפירט אויף אַ געהעריקן אופן, די געמיטער ווערן באַרויקט און מען פאַרלאָזט איינציק־ווייז און גרופּנווייז די קאַנטאָר. נאָכדעם לאָזט מען זיך צו די מיל־קאַנטאָרן.

דאָרט דערוואַרט קיינעם פון די תבואה־סוחרים קיין צו גרויסער פאַרגעניגן, מחמת מ'געפינט זיך דאָרט פּנים־אל־פּנים מיט טענות, מ'מאָנט דיסקאָנט פאַר געמישטן ווייץ מיט קאָרן. באַזונדערס פלעגן זיי אויסמיידן די קאַנטאָר פון אברהם בראַנדטס מיל. קאַסירער איז דאָרט געווען אַ ייד, א למדן, מענדעלע געלערנטער, און דער אינספּעקטאָר, אברהם כץ.

ביי מאַרטשעווסקין אין מיל האָט געאַרבעט אַ צווייטע גרופּע מעל־שענקער מיט מאָטעלע גרינבוים בראש. עס איז דאָרט געווען אַ גרעסערע גרופּע מעל־שענקער, וואָס פלעגט צושטעלן די גאַנצע פּראָ־דוקציע. דאָס מעל איז פאַרקויפט געוואָרן חוצן לאָקאַלן פאַרברויך, קיין גאַליציע און אויף די קרעסן.

די פּאַראָווע מיל האָט געהערט צו די פרידלענדערס, מענטשן פון גאָר אַ צווייטן שניט. דאָס האָט מען געקענט לערנען פון זייער האַנדל. זיי האָבן געפירט גרויסע געשעפטן, שותפים, אַ חוץ זייער פאַמיליע, האָבן זיי נישט אַריינגענומען. דאָרט האָט מען געפירט דאָס געשעפט לויט אַ פּלאַן, נישט כאַאָטיש, ווי אין אַנדערע מילן.

אין די לעצטע יאָרן איז אויפגעבויט געוואָרן, נאָענט צו דער באַן, אַ מיל דורך געצל וואַלדמאַן, אברהם בוכטרעגער און פּאַרשיפער. פּאַרשיפער האָט געבויט לויט זיין איניציאַטיוו, ער האָט אָבער נישט געקענט ענדיקן די מיל, צוליב פינאַנץ־טעמים, און דאַן האָט ער צוגעצויגן די גרופּע וואַלדמאַן־בוכטרעגער צום געשעפט.

די מעל־אינדוסטריע פון אַזאַ פאַרנעם איז געווען אַ גרויסער געווינס פאַרן לאָקאַלן תבואה־האַנדל, אַזוי אַז פאַרן ווייץ, האָט מען בכלל נישט געזאָרגט. די מילן האָט מען געדאַרפט כסדר באַזאָרגן מיט תבואה. 2 שיכטן זיינען אין די 4 אונטערנעמונגען געטריבן געוואָרן און דער פאַר־ברויך, אַ חוץ רעזערוו־לאַגער, האָט באַטראָפן 12 טויזנט מעטער ווייץ וועכנטליך.

הרוביעשאָווער תבואה־סוחרים האָבן נישט געזאָרגט וועגן אָפּזאַץ פון זייער ווייץ, אָבער זיי האָבן נישט געוואָלט נאָר האַנדלען מיט די הרוביע־שאָווער ווייץ־אָפּנעמער.

כעלמער מילן האָבן געריסן אונזער ווייץ און הרוביעשאָווער קאָמפּאַ־ניעס פלעגן זיי גערן פאַרקויפן און דערמיט אויפגעהאַלטן דעם קאָנקורענץ־פּרייז.

מ'דאַרף צוגעבן, אַז די מילן פלעגן קויפן זייער ווייץ און קאָרן דיי־רעקט פון די פויערים, און געצאָלט, כמעט, דעם זעלבן פּרייז ווי דעם שפּיכלער־ייד.

## טרעגער און בעלי־עגלות אָרגאַניזירן זיך

דער שותפות אין דער בראַנזשע האָט גורם געווען, אַז אויך זייערע באַדינונגס־גרופּן זאָלן גרינדן עטלעכע קאָמפּאַניעס.

אַזוי אַרום זיינען געקומען צו אַן אויסגלייך די בעלי־עגלות פון הרוביעשאָוו, אָבער נאָר די וועלכע פלעגן צושטעלן די תבואה צום וואגאָן־לאָדונג. זיי האָבן אָנגעהאַלטן זייער קאָמפּאַניע אַ סך יאָרן, און מ׳מוז אונטערשטרייכן, אַז אַדאַנק מאָטל טאָלער איז די שותפות געווען מוסטערהאַפט אָרגאַניזירט.


דער רינעק אין אַ ווינטער־טאָג.
השוק ביום־חורף.

ווער האָט נישט געקענט מאָטל טאָלער? ער פלעגט שטיין אין צענטער, אויף דער בירזשע, און פונקט ווי אַ דיריגענט, האָט ער דיריגירט מיט די דורכפאָרענדיקע, אָנגעלאָדענע וועגענער און יעדער בעל־עגלה האָט זיך צוגעפּאַסט צו זיינע דירעקטיוון.

זיי האָבן אים שטאַרק רעספּעקטירט און דאָס איז נישט געווען סתם אַ זשעסט פון אַן עם־הארץ, לגבי דעם למדן. דאָס געווען אַ באַציונג, ווי צו אַן אייגענעם חבר, וועלכער האָט געהאָלפן זיך אָרגאַניזירן, כדי צו געווינען פאַר זיי דעם געהעריקן לוין פאַר זייער שווערער און ביטערער פראַצע.

אין דער זעלבער צייט האָבן זיך אויך אָרגאַניזירט די טרעגער אויף דעם זעלבן אופן. אויך זיי האָבן געהאַט גרויס נוצן פון זייער אחדות.

ווער ס׳האָט געהאַט דעם פּאָליטישן איינפלוס אויף די צוויי גרופּן, דאָס לאָז איך איבער פאַר אַנדערע לאַנדסלייט, וואָס פאַרנעמען זיך ספּעציעל מיט דער געשיכטע פון הרוביעשאָווער, געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג.

## דער דינסטיקדיקער יריד

יעדן דינסטיק פלעגן פאָרקומען וועכענטלעכע ירידים אין הרוביעשאָוו.

פון דריי הויפּט־וועגן פלעגן זיך ציען פויערישע וועגענער, אָנגעלאָדן מיט כל־טוב. אויף יעדער פויערישער פור איז, ווי אַ קעניגין אויפן טראָן, געזעסן די באַבע. זי פלעגט ברענגען איר סחורה, וואָס איז באַשטאַנען פון גרינס, קעז, פּוטער, אייער, הינער, גענז, קאַטשקעס, הינדיקעס, קליאַטשע און לייוונט. דאָס האָט געהערט צו איר פּראָדוקציע. מיט דעם גוטס האָט זי געהאַנדלט. זי האָט אויך געהאַט די פולע רעכט צו מאַכן די אויסגאַבן פון איר פדיון. איר הלבשה, ווי אויך די הלבשה פון אירע מיידלעך, איז געווען אָפּהענגיק פון איר איינקונפט. פאַר די יינגלעך האָט געקויפט דער פאָטער.

זעלטן, ווען אַ פויער האָט זיך גערירט אין שטאָט אָן זיין באַבע. הערבסט, אָדער פרילינג, פלעגט ער אויך מיטנעמען די קינדער צו קויפן פאַר זיי הלבשה און געוואַלט, אַז זיי זאָלן זען שטאָט־מענטשן, דאָס הייסט די „זשידעס“, ווארום מיט זיי וועלן זיי דאַרפן האַנדלען. די פויערים פלעגן שטענדיק שרעקן זייערע קינדער מיט די „זשידעס“, און שפּעטער, ווען זיי פלעגן עלטער ווערן, איז געווען אַ ביסל שווערלעך צוריקצודרייען דעם „דישל“, אַז יידן זיינען דיזעלבע מענטשן ווי אַלע און אַמאָל האָבן זיי נאָך געדאַרפט אונטערשטרייכן, אַז זיי זיינען די סאַמע „בעסטע“ מענטשן.

די ערשטע, וועלכע די שטאָט האָט אַרויסגעשיקט מקבל־פּנים זיין די פויערים, זיינען געווען די מאַרק־גייערס און מאַרק־הענדלערינס. 6 פאַרטאָג זיינען זיי שוין געווען אויף די וועגן. דער עיקר האָבן זיי געטשאַטעוועט אויף דעם בעסערן, רייכערן פויער און קאָלאָניסט, און צוליב דעם זיינען זיי אַרויסגעקומען צום קאַזאַרמע־וועג.

אין די לעצטע יאָרן איז דאָרט אויפגעבויט געוואָרן די פּוילישע פאָלקסשול. די עלטערע הענדלערינס האָבן זיך, באין־ברירה, געלאָזט באַנוגענען מיט אַ קירצערן וועג. זייער פּאָסטן איז געווען ביי דער כעלמער בריק. דאָס איז געווען זייער גרענעץ. זיי פלעגן זאָגן, אַז די שלעכטע פויערטעס ווערן ווייך און גוט, ווען זיי קומען שוין צו זיי. און עס איז טאַקע אין דעם געווען אַ שטיקל אמת. דורכגייענדיק דעם „גיהנום“ פון דער ערשטער ליניע, דאָס דינגעריש און דעם רעש, האָבן שוין די פויערים געמוזט אַקצעפּטירן יעדן פּרייז, וואָס מ׳האָט זיי געגעבן.

די פּעיקסטע מאַרק־הענדלערין פון דער קאַזאַרמע־זייט איז געווען שרה קאָזאַק. איר פּנים, איר שטימע, איר ענערגישער טראָט און דער עיקר איר „סיסטעם“ פון האַנדלען האָט פולשטענדיק באַרעכטיקט דעם נאָמען. איר מאַן האָט מען גערופן חיים קראדניק. ער פלעגט אפילו מיטגיין מיט איר, אָבער זי פלעגט אים נישט לאָזן זיין אויפן וועג. ער פלעגט די איינגעקויפטע סחורה אהיים טראָגן.

עס איז זייער אינטערעסאַנט געווען צו טרעפן שרה קאזאק שבת אינדערפרי. ס׳האָט עפּעס געוויינט פון איר אַזאַ ווייכהאַרציקע שטימונג, אַזאַ מילדקייט, וואָס אין די וואָכן־טעג האָט איר אין איר נישט געקענט געפינען, און עס איז געווען זייער מאָדנע מיט איר צו שמועסן, צו הערן אירע שטילע, שעפּטשעדיקע רייד, פונקט ווי זי וואָלט ספּעציעל געוואָלט דערדריקן איר האַרטע מענער־שטימע אין דעם הייליקן, שטילן שבת. כ׳פלעג ניט איינמאָל ביי זיך טראַכטן, ווי גליקלעך מיר זיינען, אַז מיר פאַרמאָגן אַ שבת, וואָס קען אַ שרה קאזאק פאַרוואַנדלען אין אַ שרה בת־טובים.

ווי מיר ווייסן, זיינען די פדיונות פון יריד געווען דער הויפּט־קוואַל פון פּרנסה פאַר דער גאַנצער וואָך. דער עיקר פלעגן זיין באַשעפטיקט אין דעם טאָג די טאַנדעטניקעס און שניט־סוחרים. אויך די שטיוול־קרעמער פלעגן אויסשטעלן אויף דעם טאָג. זיי פלעגן אַהיימקומען מיט געשוואָלענע הענט פונם קלאַפּן אין די פויערישע הענט בעתן פאַרקויפן זייערע שטיוול און אַנדערע לעדער־סחורה. אייזן־קראָמען זיינען דינסטיק געווען איבערפולט.

דער בעסטער סעזאָן איז געווען הערבסט און ווינטער־צייט, ווייל ביי די פויערים זיינען דאַן די שייערן געווען פול מיט תבואה.

נענטער צו פרילינג איז קלענער געוואָרן דער אומזאַץ און ס׳האָט גאַנץ אָפּט געטראָפן, אַז אפילו גרעסערע, פויערישע באַלעבאַטישקייטן זיינען שוין געווען אויסגעליידיקט און געדאַרפט באָרגן ביי די תבואה־סוחרים תבואה אָדער מזומנים.

## הרוביעשאָוו האָט פאַרמאָגט פיל סעדער

דער זומער־סעזאָן פלעגט ברענגען אַ סך זאָרגן דעם סוחר. כמעט אין אַלע בראַנזשעס האָט אין דער צייט געהערשט אַ שטילשטאַנד. די איינציקע, וואָס האָבן, אפשר, הנאה געהאַט פון ליבן זומער, זיינען געווען די סאַדאָווניקעס. הרוביעשאָוו האָט פאַרמאָגט פיל סעדער, וועלכע פלעגן פאַרדונגען ווערן אין פרילינג, אין בלי־צייט, און פלעגן אָקופּירט ווערן דורך די סאדאווניקעס ביז שפּעט אין זומער.

דער גרעסטער און באַרימסטער סאד, וואָס איז געווען זייער פּאָפּולער ביים הרוביעשאָווער עולם, איז געווען דעם גלחס־סאד, געפלאַנצט אויף אַ שטח פון אַ האַלבן קוואַדראַט קילאָמעטער, און איז געלעגן אויף דער שענסטער גאַס, נישט ווייט פון צענטער שטאָט.

נאָך אַ פאַר צענדליק סעדער האָבן זיך געפונען אַרום שטאָט און פלעגן געבן פּרנסה אַ גרעסערע צאָל הרוביעשאָווער משפחות.

אין די יאָרן 1935—36, ווען די „סוואָי דאָ סוועגאָ“־באַוועגונג האָט זיך פאַרשפּרייט אין פּוילן, און האָט אויך נישט אויסגעמיטן דעם הרוביעשאָווער האַנדל, זיינען געגרינדעט געוואָרן עטלעכע קאָאָפּעראַטיוון, וועלכע האָבן אָפּגענומען ביי די אַרומיקע פויערים די תבואות און זיי פאַרקויפט פאַרשיידענע אַרטיקלען פון ערשטן געברויך. אָבער דער גרעסטער טייל פון דער פויערישער באַפעלקערונג, ביי דער גאַנצער שנאה צום יידישן הענדלער, האָט דאָך אָנגעהאַלטן האַנדלס־באַציונגען מיט די היימישע, יידישע סוחרים און פון זיי נישט אַוועק.

די פויערים אַרום הרוביעשאָוו האָבן אַ סך יידן אַרויסגעגעבן די דייטשע בעסטיעס. מיר זיינען קיינמאָל נישט געווען נאַאיוו צו דערוואַרטן פון אונזערע שכנישע אוקראַינער אַ בעסערן דאַנק פאַר הונדערטער יאָרן האַנדלס־דינסט.

# פועלי־ציון פאָדערט האָלץ און באַקליידונג פאַר אָרעמע

דער נייער שטאָט־ראַט האָט זיך שוין פולשטענדיק קאָנסטיטואירט. די רעכטע מערהייט, וואָס וועגט איבער בסך־הכל מיט 2 שטימען, האָט איינגעאָרדנט צו די קאָמיסיעס מערהייטס־וואַלן. ס׳פאַרשטייט זיך, אַז אויך אונזערע היימישע, יידישע ענדעקעס האָבן צו־געלייגט צו דעם זייער האַנט, נישט דער־לאָזנדיק אין די קאָמיסיעס קיין אין פאַרשטיי־ער פון די יידישע אַרבעטער.

אונזער ראַטמאַן, ה׳ וואַקסמאַן, האָט אין נאָמען פון אונזער פראַקציע פּראָטעסטירט קעגן דעם באַשלוס, אָנזאָגנדיק אַ שאַרפן קאַמף קעגן די באַשלוסן פון די קאָמיסיעס, וואָס פאָדערן ביי געוויסע פאַלן צוויי־דריטל פונעם פלענום. גלייך נאָכדעם האָט ער אַריינגעטראָגן אַ ריי דרינגענדע פאָרשלאָגן:

1) צעטיילן צווישן דער אָרעמער באַפעל־קערונג קוילן און האָלץ אויף ווינטער; 2) באַ־קליידן און באַשיכן די אָרעמע קינדער פון די פאָלקס־שולן, בתוכם די שילער פון אונזער תל־חי שול; 3) גלייכבאַרעכטיקן יידיש אויף די זיצונגען און אין די מעלדונגען פון שטאָט־ראַט.

באַפרייאונגס־אַרבעטער שטימע, 11.11.1927.

# באַשטימט אַ פּלאַץ פאַר דער ברענער־ביבליאָטעק

ווי באַוווסט האָט דער הרוביעשאָווער סטאַ־ראָסטע געשטראָכן די סובסידיעס פאַר אַ גאַנצער ריי יידישע אינסטיטוציעס — צווישן אַנ־דערע איז געשטראָכן געוואָרן די סובסידיע פאַר דער שול תל־חי, ווי אויך פאַר דער אַרבעטער־ביבליאָטעק.

אויף דער זיצונג פון שטאָט־ראַט, וואָס איז פאָרגעקומען שבת דעם 20־טן ד. מ., האָבן אונזערע ראַטמענער שאַרף קריטיקירט די האַנדלונג פון דער אַדמיניסטראַטיווער מאַכט און געפאָדערט אָנגעבן אַ רעקורס צו דער וואָיעוואָדסטוואָ. אפילו די יידישע ראַטמענער האָבן פאַרשטאַנען זייער פליכט און געשטיצט דעם פאָרשלאַג מכוח אַ רעקורס.

בלויז די בונדישע ראַטמענער, אויס שנאה צום אויפטו פון אַן אַנדער אַרבעטער־גרופּי־רונג, זיינען געווען אַזוי אומפאַרשעמט, אַז זיי האָבן געשטימט קעגן רעקורס. דער פאָרשלאַג איז דאָך אָנגענומען געוואָרן קעגן די שטימען פון „בונד" און אַ פאַר אַנטיסעמיטן.

אויך ביי אַן אַנדער פראַגע האָט זיך דער בונד „אויסגעצייכנט". די י. ח. ברענער־בי־בליאָטעק, וואָס ציילט עטלעכע טויזנט ביכער און עטלעכע הונדערטער לעזער, האָט אָנגע־געבן אַ ביטע וועגן אַ פּלאַץ, כדי צו בויען אַן אייגענעם בנין. דער „בונד" איז ווידער אַרויס־געטראָטן קעגן פאָרשלאַג צוזאַמען מיט די אַנ־טיסעמיטישע ראַטמענער. נישט מער — די אַנטיסעמיטן האָבן געטענהט, אַז מ׳וויל אַהער־צו אַריבערטראָגן פּאַלעסטינע.

נאָך אַ שווערן קאַמף האָט דער שטאָט־ראַט ווידער אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאַג פון די בונ־דישע ראַטמענער און מיט אַ מערהייט שטימען באַשטימט אַ פּלאַץ פאַר דער ביבליאָטעק.

כאַראַקטעריסטיש איז, אַז אין די קולואַרן האָבן די בונדישע ראַטמענער, וועלנדיק נושא־חן־זיין אין די אויגן פון קלער, מאָטיווירט זייער האַנדלונג דערמיט, וואָס דער בנין וועט פאַרשטעלן די פענצטער פון אַ ווינקל רבין. די בונדישע ראַטמענער לויפן יעצט אַרום און רעדן צו די רבנישע משפחה, אַז זי זאָל זאַמ־לען פּראָטעסט־חתימות קעגן באַשלוס.

באַפרייאונגס־אַרבעטער שטימע, 26.7.1929.

# פועלי־ציון קעמפט פאַר גלייכבאַרעכטיקונג

גאַנץ לעבעדיק און אינטערעסאַנט זיינען דורכגעגאַנגען די וואַלן צום שטאָט־ראַט אין אונזער שטאָט. די ברייטסטע מאַסן זיינען געוואָרן אַריינגעצויגן אין דעם וואַל־קאַמף. ביז די לעצטע וואַלן איז מען ביי אונז געווינט געווען, אַז דער שטאָט־ראַט, וועלכער איז דער פאַקטישער אָנפירער פון דער שטאָט־ווירט־שאַפט, זאָל צענויפגעשטעלט ווערן דורך אַ שטילן אָפּמאַך צווישן די פני׳ פון דער יידישער און קריסטלעכער באַפעלקערונג. איבערגענומען האָבן דעריבער די אָנפירערשאַפט די פּאַטענ־טירטע כלל־טוער.

ערשט איצט, ביי די לעצטע וואַלן, אַדאַנק דער ברייט־אַנטוויקלטער וואַל־אַגיטאַציע פון די לינקע פּאַרטייען, וואָס האָבן אַרויסגעטראָגן דעם וואַל־קאַמף אויף דער גאַס, האָבן עטלעכע און אַכציק פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג געטראָגן זייערע נומערן אין די וואַל־אורנעס. אמת, נאָך דער גאַנצער אויפקלערונגס־אַרבעט, וואָס די סאָציאַליסטישע גרופּירונגען האָבן גע־פירט, איז דער באַשטאַנד פון מאַגיסטראַט אַ ר ע כ ט ע ר אין זיין מערהייט. אָבער דאָס איז נישט צוצושרייבן דער שולד פון די יידישע מאַסן. ווייל געווילט האָבן די לעצטע, פאַקטיש, מער סאָציאַליסטישע, ווי בירגערלעכע פאַר־שטייער, אָבער די קריסטלעכע גאַס האָט אריינגעבראַכט אַ גרויסע צאָל רעכטע.

זיינען טאַקע די לעצטע, צוזאַמען מיט די יידיש־בירגערלעכע, די טאָן־געבערס אין מאַ־גיסטראַט. און די לינקע, נישט קריגנדיק קיין פּראָפּאָרציאָנעלע פאָרשטייערשאַפט אין די אויספירונגס־אָרגאַנען און קאָמיסיעס, זיינען גענייט געווען צו שטעלן זיך אין גאַנצן אין אָפּאָזיציע, נישט ווילנדיק נעמען אויף זיך כאָטש אַ טייל אחריות פאַר דעם אַלעמען, וואָס די רעכטע מערהייט וועט אויפטאָן.

באַזונדערס קען די פועלי־ציון־פראַקציע אָנ־ווייזן אויף אָנגענומענע פאָרשלאָגן, וואָס זיי־נען דורך איר אַריינגעטראָגן געוואָרן, און די רעכטע מערהייט איז געווען געצוווּנגען פאַר זיי צו שטימען, זייענדיק צוגעדריקט צו דער וואַנט. אין קעגנפאַל, וואָלט מען זייער אמתן פּרצוף אַרויסגעזען, און דאָס האָט זיך זיי נישט געוואָלט. דאָס זיינען די פאָרשלאָגן צו באַ־שוכן די אָרעמע קינדער פון די פאָלקס־שולן און וועגן פאַרטיילן צום ווינטער־סעזאָן קוילן פאַר דער אָרעמער באַפעלקערונג.

אַרויסגעגעבן האָט מען צוויי הונדערט פּאָר שיך, פון וועלכע עטלעכע און זעכציק האָט געקראָגן די שול תל־חי. קוילן האָט מען אַרויס־געגעבן צו אַנדערהאַלבן מעטער פאַר אַ פאַמי־ליע.

אָבער, ווען מען איז צוגעטרעטן צו באַ־טראַכטן דעם דרינגענדן פאָרשלאַג פון דער פועלי־ציון־פראַקציע וועגן גלייכבאַרעכטיקן די יידישע שפּראַך אויף די מאַגיסטראַט־זיצונגען און מעלדונגען, — האָבן אונזערע בירגערלעכע נאַציאָנאַל־פּאַרזאָרגער געפונען פאַר נויטיק צו שטימען קעגן דער דרינגלעכקייט. און במילא, וויפל מאָל מ׳האָט דערנאָך נישט געפּרוווט די פאָרשלאַגן אַרויפטראָגן אויפן סדר־היום, האָט מען שוין געפונען אויסוועגן, בכדי דעם ענין אינגאַנצן נישט צו באַטראַכטן.

אויך ווען מיט עטלעכע מאָנאַטן צוריק איז געוואָרן אַ בהלה אין צוזאַמענהאַנג מיט די פּראָטאָקאָלן קעגן דער נישט־ריינקייט אין די גאַסן, האָבן די פועלי־ציון פאַרשטייער קעגן דעם פּראָטעסטירט, אָנווייזנדיק, אַז נישט מיט פּראָטאָקאָלן קען געלעזט ווערן די פראַגע פון ריינקייט אין די אָרעמע קוואַרטאַלן, דאָרטן,

ווו די באַפעלקערונג וווינט אין ענגשאַפט און די גאַסן זיינען נישט ברוקירט — מוז מען קודם כל לינדערן די וווינונגס־נויט פון דער אָרעמער באַפעלקערונג.

אויך מוז ווערן געלייגט אַכט אויף דעם, אַז נישט בלויז די רייכערע גאַסן זאָלן ווערן געקערט דורך די שטאָט־אַרבעטער, ווי ביז אַהער, גאָר אויך די אָרעמע געסלעך. און קאַסטנס מוזן ווערן אָוועקגעשטעלט, כדי דאָס מיסט צונויפזאַמלען.

ווען ביי אונז אין שטאָט האָט זיך באַוויזן דער יידן־פּרעסערישער גאַסטראַלאַר — דער ראַזוואַניק, דובשטא, האָט דער שטאָט־ראַט אויפן פאָרשלאָג פון די פּועלי־ציון־ראַטמענער פּראָטעסטירט קעגן אַזעלכע פאַרלעזונגען, וואָס העצן איין טייל באַפעלקערונג קעגן דער צווייטער.

אַדאַנק דער אַקטיווער אונטערשטיצונג פון אונזער פראַקציע איז אויך געלונגען סוף־כל־סוף דורכזעצן דעם פאָרשלאָג, אַז די אונטערריכטס־שפּראַך פאַר די יידישע אַרבעטער אויף די שטאָט־קורסן זאָל זיין יידיש.

די יידישע, אָרעמע באַפעלקערונג האָט זיך ענדלעך איבערצייגט, ווער עס זיינען אירע אמתע פאַרשטייער און דעריבער איז נישט קיין וווּנדער, וואָס עס גייט נישט אַריבער קיין טאָג, מען זאָל זיך נישט ווענדן צו דער פּועלי־ציון־פראַקציע וועגן אינטערווענצן ביים מאַגיסטראַט וועגן פאַרשיידענע אָנגעלעגנהייטן, הגם זי פאַרמאָגט נישט קיין לאָוויקעס, ווי אַנדערע.

דאָס איז דער בעסטער אויסדרוק פון צוטרוי מצד דער יידישער אַרבעטער־באַפעלקערונג צו אירע פאַרשטייער.

„אונזער וואָרט", נמ. 1 הרוביעשאָוו, 20.4.1928.

# דער שטאָט־ראַט סובסידירט יידישע אינסטיטוציעס

זייער שטורמיש איז אַדורכגעגאַנגען אין אונזער שטאָט־ראַט די דיסקוסיע איבערן בודזשעט פון יאָר 1928. באַזונדערס שאַרפע חילוקי־דעות האָט אַרויסגערופן די פּאָזיציע פון פאָלקס־בילדונג. אַ טייל פון די יידישע, בירגערלעכע ראַטמענער האָט זיך דאָ אַרויסגעשטעלט, ווי אמתע „כלל־פאַרזאָרגערס", אונטערשטיצנדיק אַלע יידישע פּאָזיציעס, פון דער תלמוד־תורה ביז דער י. ש. א. פאַרשטייט זיך, אַז פאַר די יידישע סאָציאַליסטישע ראַטמענער, וועמען ס'איז גוט באַקאַנט די „בילדונגס־אַרבעט" פון דער תלמוד־תורה, איז דער פאָרשלאָג נישט געווען אָנעמבאַר. דאָן האָבן די בירגערלעכע ראַטמענער פאָרגעלייגט צו שטימען איבער אַלע פאָרשלאָגן צוזאַמען.

די פּועלי־ציון־פראַקציע האָט זיך אָפּגעזאָגט ביי די געשאַפענע באַדינגונגען צו נעמען אָנטייל אין דער אָפּשטימונג. די ענטשפּרעכנדע דערקלערונג פון ראטמאַן וואַקסמאַן האָט געפירט דערצו, אַז מ'האָט באַשלאָסן צו שטימען איבער יעדן פאָרשלאָג באַזונדער. דאָן איז אַרויס מיט לשון דער „פאָלקס־דעמאָקראַט", ראטמאַן בלאַנעס, און פאָרגעלייגט אויסצושטרייכן די פּאָזיציעס פאַר אַלע יידישע קולטור־אינסטיטוציעס פונם בודזשעט.

טראָץ דער דאָזיקער, שענדלעכער האַנדלונג פון אַ יידישן בירגערלעכן ראַטמאַן, האָט דער שטאָט־ראַט באַשלאָסן צו סובסידירן די שול „תל־חי" מיט 4001 זל., תלמוד־תורה מיט 2001 זל. און די בונדישע שול מיט 1001 זל. יערלעך.

דער פאָרשלאָג פונם בונדישן ראַטמאַן — אָנשטאָט 400 זל. פאַר דער ברענער־ביבליאָטעק, 400 זל. פאַר דער פּרץ־ביבליאָטעק און 200 זל. פאַרן „השומר" — צו באַשטימען 750 זל. פאַר דער בונדישער פּרץ־ביבליאָטעק און 250 פאַר די איבעריקע ביבליאָטעקן, איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן. די דאָזיקע געשמאַקלאָזע אַרויסטרעטונג האָט איבערגעלאָזט אַ שלעכטן איינדרוק.

„אונזער וואָרט", נ. 2 הרוביעשאָוו, 24.5.1928.

# אַ יאָר קאַמף און אַרבעט אין שטאָט־ראַט

שוין באַלד אַ יאָר צייט, ווי ס'איז אויסגעוויילט געוואָרן דער שטאָט־ראַט אין הרוביעשאָוו. און טראָץ דעם האָט ביז יעצט די אָרטיקע באַפעלקערונג נישט געהאַט די זכיה צו הערן פון אירע ראַטמענער אַ באַריכט פון זייער טעטיקייט. ווונדערן זיך אויף דעם דאַרף מען נישט. דאָס רוב ראַטמענער, דער עיקר די בירגערלעכע, האָבן פּשוט נישט וואָס צו דערציילן זייערע וויילער און האַלטן אַ פּנים, אַז ס'איז בעסער אינגאַנצן שווייגן וועגן זייער טעטיקייט איידער עפּעס צו דערציילן.

אונזער פראַקציע אין שטאָט־ראַט האָט אָבער באַשלאָסן אַרויסצוטראָגן די פראַגן וועגן דער אַרבעט אין שטאָט־ראַט פאַר דער עפנטלעכקייט, פאַר די אַרבעטס־מאַסן און צוגלייך דערציילן זיי, וואָס די בירגערלעכע ראַטמענער האָבן אין שטאָט־ראַט געלייסטעט און וואָס זיי קענען דאָרט לייסטן.

מיט אַ קורצער צייט צוריק איז פאָרגעקומען אויפן שטאָט־פּלאַץ דער באַריכטס־מיטינג איבערן יאָר אַרבעט אין שטאָטראַט. די ראַטמענער וואַקסמאַן און האָפּמאַן האָבן גענוי אינפאָרמירט וועגן דעם קאַמף צווישן די בירגערלעכע און סאָציאַליסטישע ראַטמענער. די בירגערלעכע מערהייט, וואָס ציילט בס"ה מיט צוויי שטימען מער, ווי די סאָציאַליסטישע פראַקציעס, האָט נישט געוואָלט איינשטימען אויף פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן ביים בילדן די קאָמיסיעס און די סאָציאַליסטישע ראַטמענער זיינען געווען געצוווּנגען אינגאַנצן זיך נישט צו באַטייליקן אין די וואַלן.

דער ניי־געשאַפענער מאַגיסטראַט נוצט אויס אויף יעדן שריט די געלעגנהייט צו פאַרגרינגערן די לאַסט פון די שטייערן פאַר דער בורזשואַזיע און צו וואַרפן דעם גאַנצן עול אויף די פּלייצעס פון דער אָרעמקייט. אַ גרויסע סענסאַציע צווישן פאַרזאַמלטן עולם האָט אַרויסגערופן די רשימה פון שטייערן, וואָס ס'האָט פאַרעפנטלעכט ח' וואַקסמאַן, אין וועלכער די „קאַרפן־קעפּ" פיגורירן מיט לעכערלעך קליינע סכומים און די קליינע פישלעך — אַרבעטער, אייגנטימער פון די ביידלעך, בעלי־מלאכות און סתם אָרעמקייט, זיינען באַשטייערט פּראָפּאָרציאָנעל נישט אין אַן ערך מער.

אונזערע חברים האָבן אויך אָנגעוויזן אויף דעם אומדערהערטן פאַקט, וואָס דער בונדישער לאַוויניק אין מאַגיסטראַט גייט מיט דער בירגערלעכער מערהייט, ווי אַ לעמעלע און ס'איז נאָך נישט געווען קיין פאַל ער זאָל קעגן איר פּראָטעסטירן אָדער אַרויסטראָגן אַ וועלכע ס'נישט איז פראַגע אויפן פּלענום. דער גרויסער עולם אויפן מיטינג האָט מיט צופרידנהייט אויפגענומען די ווערטער פון חבר האָפּמאַן, וואָס האָט אויסגערעכנט די פאָרשלאָגן, וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרן אַדאַנק אונזער איניציאַטיוו, אָדער ביי אונזער אַקטיווער מיטהילף. צ. ב. דאָס באַשוכן די אָרעמע קינדער פון די פאָלקס־שולן און בתוכם די קינדער פון דער „תל־חי" שול, דאָס פאַרטיילן זעקס וואַגאָן קוילן צווישן דער נישט־פאַרמעגלעכער באַפעלקערונג, די אָנגענומענע בודזשעטן פאַר דער „תל־חי" שול — 4000 זלאָטעס — און פאַר דער בונדישער שול — 1000 זלאָטעס — און פאַר די צוויי אַרבעטער־ביבליאָטעקן אויף די נעמען פון ברענער און פּרץ, צו 400 זלאָטעס. צום סוף האָט די פאָלקס־פאַרזאַמלונג אויסגעדריקט איר צוטרוי דער פּועלי־ציון־פראַקציע און אויפגעפאָדערט די סאָציאַליסטישע ראַטמענער צו געמיינזאַמער אַרבעט און צו אַ ווייטערדיקן, געמיינזאַמען קאַמף קעגן בירגערטום.

באַפרייאונג־אַרבעטער־שטימע, 3.8.1928.

# יוסף שוואַרץ / דער סוחרים־פאַראיין

תל־אביב



יוסף שוואַרץ

באַך לאַנגע יאָרן פון נאַציאָנאַלער אונ־טערדריקונג, האָט פּוילן נאָכן ערשטן וועלט־קריג צוריק דערוואָרבן איר אומאָפּהענ־גיקייט. פאַרשטייט זיך, אַז די ווירטשאַפט פון דער ניי־אויפגעקומענער מדינה איז געווען פול־שטענדיק רואינירט און מיר יידן האָבן די ערשטע דערפילט די שווערע לאַסט פון שטיי־ערן. דער קריזיס אַ שרעקלעכער, דער יקרות — אַ גוואַלדיקער און די וואַלוטע איז געפאַלן. פון טויזנטער מאַרקן איז מען אַריבער אויף מי־ליאָנען און מען זעט גאָר קיין סוף נישט. ווער איז שולדיק אין אַלע צרות?

די פּוילישע רעגירונגס־לייט דערקלערן: „שולדיק איז נאָר דער ייד"! זיי האָבן געוווסט גאַנץ גוט, אַז די סיבה פון עקאָנאָמישן קריזיס איז די פּוילישע וואַלוטע, וועלכע האָט ניט קיין דעקונג אין גאָלד, אָבער אַז מ'קען פאַרביטערן דעם יידן דאָס לעבן — פאַרוואָס זאָל מען דאָס נישט טאָן? און ווער ווייס, אפשר וועט מען אַזוי נאָך פּטור ווערן פון אַ ביסל יידן אין פּוילן? און אַזוי גרינדעט די פּוילישע רעגירונג אַן אַמט צו באַ־קעמפן די שפּעקולאַציע.

די איינציקע אויפגאַבע פון אַמט איז צו מאַכן פּראָטאָקאָלן די יידישע סוחרים און אַרויפלייגן אויף זיי גרויסע געלט־שטראָפן פאַר כלומרשטער שפּעקולאַציע. ס'איז געווען גענוג, אַז צוויי באַאַמטע פונעם אַמט זאָלן זיך באַווייזן מיט זייערע פּאָרטפעלן צווישן די יידישע געשעפטן און די שטאָט האָט באַקומען אַן אויסזען, ווי ערב אַ פּאָגראָם. ס'איז געוואָרן אַ קלאַפּעריי מיט די טירן, מען האָט פאַרמאַכט די שויפענצטער און ס'איז געוואָרן שטיל אויפן יידישן מאַרק, ווי אויפן בית־הקברות, ווייל מען האָט געוווסט, אַז דער ייד, וואָס די מלאכי־חבלה וועלן אים באַזוכן אין זיין געוועלב, וועט באַקומען אַ פּראָטאָקאָל מיט אַ גרויסער געלט־שטראָף פאַר שפּעקולאַציע.

די לאַגע האָט געבראַכט דערצו, אַז אַלע יידישע סוחרים האָבן זיך פאַרזאַמלט אין קליינעם בית־המדרש און מען איז אַרויס מיט אַ „ויצעקו":

— גוואַלד, יידן וואָס טוט מען? מיר זיינען דאָך אַלע פאַרלוירן! מיר מוזן זיך אָרגאַניזירן און ראַטעווען אונזער לאַגע, ווען מיר טוען דאָס ניט, דערוואַרט אונז אַ פולקאָמער אונטערגאַנג.

איך געדענק דעם שטאַרקן אַרויסטריט פון דוד טענענבוים ז"ל, ער האָט זיך געווענדעט צו די פאַרזאַמלטע:

— יידן! איך וויל, אַז איר זאָלט וויסן און פאַרשטיין, וואָס דאָס הייסט: כולם אגודה אחת. נעמט, למשל, אַ בעזים, וואָס באַשטייט פון הונדערטער ריטלעך און פּרובירט אים צעברעכן — וועט איר נישט אומשטאַנד זיין. אָבער פּרובירט ברעכן יעדעס ריטעלע באַזונדער — דאָס מאַכט איר לייכט. מיר הרוביעשאָווער סוחרים מוזן זיך אָרגאַניזירן, ווי איין מענטש, אין קאַמף קעגן די שווערע גזירות. דאַן וועלן אונדזערע שונאים זיך אַנדערש רעכענען מיט אונז.

דער פאַרזאַמלטער עולם איז אַרויס מיט איין אויסגעשריי:

— יאָ! יאָ! מיר גרינדן אַ סוחרים־פאַראיין!!

אָט אַזוי, איז געגרינדעט געוואָרן דער ערשטער, יידישער, סוחרים־פאַר־איין אין הרוביעשאָוו.

די הויפּט־טעטיקייט פונם פאַראיין הייבט זיך אָן מיטן באַשטימען אַן איינ־הייטלעכן פּרייז־קוראַנט, באַזירט אויף די חשבונות פון אַלע סוחרים. דער־מיט איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן דער פּראָטאָקאָלן־אייפער פון די באַאַמטע פון „וואַלקא ז ליכוואַן" (קאַמף מיט דער שפּעקולאַציע). אָבער אַזוי ווי די פּרייזן האָבן זיך זייער שנעל געענדערט, זיינען יעדן מאָנטיק און דאָנער־שטיק דערשינען פרישע פּרייז־קוראַנטן.

דער פינאַנציעלער קיום פון סוחרים־פאַראיין האָט זיך באַזירט אויפן אָפּצאָל פאַרן פּרייז־קוראַנט. דאָס דערלויבט צו דינגען אַ שיינעם לאָקאַל ביי יוסף לייב שער מיט אַ גוטן סעקרעטאַר, ווי אברהם אייזן, און אַזוי לאַנג ווי די גזירות האָבן עקזיסטירט, איז דער סוחרים־פאַראיין באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ לעבנסוויכטיקער אינסטיטוציע.

אין אַ פּאָר יאָר אַרום האָט זיך דער ווירטשאַפטלעכער מצב אין פּוילן נאָרמאַליזירט, און מען האָט אויפגעהערט באַשולדיקן דעם יידן אין דער פּרייזן־שטייגערונג. ביי די פּוילישע מאַסן האָט זיך געשאַפן די מיינונג, אַז די יידישע סוחרים קאָנקורירן מיט די קריסטלעכע סוחרים און וואַרפן די פּרייזן. די פּרייז־קוראַנטן פראַגע איז אַראָפּ פון סדר־היום און יידן האָבן געקענט אָן שרעק און אָן מורא פירן זייערע געשעפטן. סוחרים האָבן אָנ־געהויבן צו באַטראַכטן דעם פאַראיין נישט פאַר קיין לעבנסוויכטיקן ענין:

— מען קען אויסקומען אָן אַ פאַראיין — האָט יעדער סוחר גע־טראַכט.

דאַן קומט דער פינאַנציעלער קריזיס, וועלכער רואינירט דעם פאַראיין. מען קען מער נישט אויסהאַלטן די דירה און דעם סעקרעטאַר.

צו יענער צייט גרינדעט אברהם שיין אַ נייעם פאַראיין אונטערן נאָ־מען: פאַרבאַנד פון יידישע קליינהענדלער, כלומרשט „פּראָלעטאַרישע" סוחרים.

אַ סך סוחרים באַטראַכטן דעם אַריינטריט אַלס מיטגליד אין קליינהענד־לער־פאַראיין פאַר מער פּראַקטיש לגבי דעם שטייער־אַמט, באַזונדער אימ־פּאָנירט שטאַרק דער עפנטלעכער אַרויסטריט פון אברהם שיין, וועלכער איז אגב געווען אַ מיטגליד אין דער שאַצונגס־קאָמיסיע, און וועל־כער דערקלערט, אַז זיין הויפּט־קאַמף איז צו פאַרטיידיקן דעם אָרימען סוחר.

אברהם שיין ברייטערט אויס זיין טעטיקייט אין שטייער־אַמט, און דאָס אימפּאָנירט שטאַרק אונזערע סוחרים, אַזוי אַז דער „אַלטער" סוח־רים־פאַראיין פאַרלירט זיין עקזיסטינץ־רעכט.

דער קליינהענדלער־פאַראיין, וועלכער איז געוואָרן געגרינדעט דורך אב־רהם שיין, באַקומט דעם נאָמען: „שיינס־סוחרים־פאַראיין" און ער איז טע־טיק אויף אַלע געביטן. צוליב פּערזענלעכע סיבות פאַרלאָזט שיין אונזער שטאָט און אַלס פּרעזעס ווערט איינשטימיק אויסגעוויילט דוד טענענבוים.

צו יענער צייט האָט דוד טענענבוים געהאַט דעם אויסשליסלעכן פאַרקויף פון עלעקטרישע אינסטאַלאַציע, פּריוועליגירט דורך דעם הרו־ביעשאָווער מאַגיסטראַט. אַלס געזעלשאַפטלעכער עסקן געלינגט אים אַריינ־צוציען אין קליינהענדלער פאַראיין אַלע שיכטן פון סוחרים־קלאַס, אָן אונ־טערשייד, פון קליין ביז גרויס.

די ערשטע שריט פון דוד טענענבוים זיינען געווענדעט אין דער ריכטונג אָנצובינדן אַן ענגן קאָנטאַקט מיט דער צענטראַלע אין וואַרשע, באַשטימען פאַך־קענער פון יעדער בראַנזשע אין שטייער־אַמט, ווי אויך אַ דעלעגאַט אין לובלינער האַנדלס־קאַמער.

דוד טענענבוים פאַרמעסט זיך קעגן דעם נאַטשאַלניק מ., אַן אויסגעשפּראָכענער אַנטיסעמיט מיט איבערגעטריבענע אַמביציעס און דער־צו נאָך אַ קאַריעריסט, וועלכער האָט זיך פאַרמאָסטן קעגן די רייכסטע גוט־באַזיצער, וועלכע זיינען צו יענער צייט געווען קרובים למלכות. ער שטרעבט זיך אַרויסצוווייזן אַלס גוטער אָרגאַניזאַטאָר און מאָביליזירן אַ סך מער שטייערן ווי אַלע נאַטשאַלניקעס פאַר אים.

דער גוט־באַזיצער קשאַנאָווסקי פון פאַלוואַרק מאַראַטשין, באַקאַנט אונטערן נאָמען „מאַראַטשנער פּריץ", האָט אויך דערפילט אויף זיין הויט די עולה, וואָס דער נאַטשאַלניק באַגייט קעגן אים ביים אויס־מעסטן די הכנסה־שטייערן.

דער פאַקט גיט דעם יידישן סוחרים־פאַראיין אַ מעגלעכקייט צו זוכן אַ וועג, ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון נאַטשאַלניק, וועלכער שטרעבט צו רואינירן דעם יידישן סוחרים־קלאַס.

דוד טענענבוים אָרגאַניזירט אַ בשותפותדיקע זיצונג מיטן קריסט־לעכן סוחרים־פאַראיין און ס'ווערט באַשלאָסן אונטערצונעמען אַן אַקציע

צו באַזייטיקן דעם אַנטיסעמיטישן נאַטשאַלניק. אין שפּיץ פון דער אַקציע שטעלט זיך דער גוטבאַזיצער קשאַנאָווסקי און יגעת — מצאת. ס׳זיינען אויפגעדעקט געוואָרן די נישט כשרע מעשים פון דעם היפּער־פּאַ־טריאָטישן פוילישן נאַטשאַלניק.

אין די הויכע פענצטער, האָט מען זיך איבערצייגט, אַז דער רעגירונגס־טרייער נאַטשאַלניק איז אַן איינפאַכער כאַבאַרניק. דער בירגער, וואָס גיט אים אין „יד" אַריין, צאָלט קלענערע שטייערן און ווער עס שמירט נישט, צאָלט הויכע שטייערן.

עס דויערט נישט לאַנג און דער „טייערער" נאַטשאַלניק ווערט דערוויי־טערט פון הרוביעשאָוו. אין דער אמתן איז דאָס געווען אַ געלונגן שטיקל אַרבעט פון גוטבאַזיצער קשאַנאָווסקי. דער יידישער סוחרים־קלאַס האָט פריי אָפּגעאָטעמט, פּטור געוואָרן פון אַ המן. די געציילטע, יידישע סוחרים, וועלכע האָבן געוווּסט פון דער איניציאַטיוו פון דוד טענענבוים, האָבן אים געווונשן אַ הערצלעכן ישר־כח.

פּטור געוואָרן פון איין צרה, רוקט זיך אָן אַ צווייטע. דער היטלעריסטי־שער גייסט האָט זיך טיף איינגעוואָרצלט אין פוילישן מלוכה־לעבן. הבה־נתחכמה איז געוואָרן די הויפּט־לאָזונג פון דער פוילישער עפנטלעכקייט. בויקאָט־אויפרופן זיינען געוואָרן אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. אויף אַלע ווענט און געזעלשאַפטלעכע הייזער פלאַטערן אויפרופן מיט קדוש־לבנה־אותיות:

„ניע קופּ או זשידא!" (קויף נישט ביי קיין יידן!). אַלע רעגירונגס־אַמטן זיינען אָנגעזאַפּט מיט האַס צום יידן.

דער יידישער געזעלשאַפטלעכער טוער האָט מורא זיך צו שטעלן אין אַן עפנטלעכן קאַמף מיט די פוילישע מאַכטהאָבער און רעאַגירן אויף די עוולות, וואָס ווערן אָפּגעטאָן קעגן דער יידישער געזעלשאַפט, ווייל דערמיט באַ־דראָט ער זיין מאַטעריעלן עקזיסטענץ.

ס׳דערמאָנט זיך די געשיכטע מיטן יידישן מאַנופאַקטור־סוחר, משה־לע שטעכער, וועלכער איז צו יענער צייט געווען אַ מיטגליד אין דער שאַצונגס־קאָמיסיע. משהלע שטעכער איז שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן אַרויפלייגן הויכע שטייערן אויף יידישע סוחרים. ער האָט טריי געדינט דעם יידישן סוחרים־קלאַס. נו, האָט מען אָנגעהויבן רודפן דעם ערלעכן, יידישן פאָרשטייער, אַזוי לאַנג ביז מען האָט אים כמעט רואינירט.

אינצווישן פאָרט אָפּ דוד טענענבוים מיט זיין פאַמיליע קיין ארץ־ישראל און ס׳איז שווער צו געפונען אַ פּאַסענדיקע פּערזאָן, וועלכע זאָל אי־בערנעמען דעם אַמט פון פּרעזעס פון סוחרים־פאַראיין.

אין אַ געוויסן אָוונט ווער איך איינגעלאַדן אויף אַ דרינגענדער זיצונג פון קליינהענדלער־פאַראיין און דוד טענענבוים מעלדעט מיר, אַז לויטן באַשלוס פון דער פּאַרטיי זאָל איך ווערן פאָרזיצער פון פאַראיין. כ׳האָב ניט געהאַט די דרייסקייט זיך אַנטקעגנצושטעלן דעם פּאַרטיי־באַשלוס און כ׳האָב זיך געשטעלט צו דער אַרבעט.

יעדן איינעם פון אונז איז באַפאַלן אַ פּחד, בפרט די וועלכע זיינען געשטאַנען אין דער שפּיץ פון אַזאַ שליחות. יעדער יידישער עסקן האָט גוט פאַרשטאַנען, וואָס ער אַליין האָט צו דערוואַרטן פון פוילישן שטייער־אַמט. אָבער לכל־הפּחות, ס׳זאָל זיך הערן דער קול־יעקב.

אין יאָר 1938 זיינען מיר 5 אָנגעזעענע, יידישע סוחרים פון הרוביעשאָוו געגאַנגען אין אַ דעלעגאַציע צום פאָרזיצער פון שטייער־אַמט. מיר זיינען אַלע געווען אין אַ געדריקטער שטימונג און אַזוי באַזאָרגט וועגן אונזער שליחות, אַז מיר האָבן איינער צום צווייטן קיין וואָרט נישט אויסגערעדט. שטיל־שווייגנד איז אונזער וועג פאַרביי. כ׳געדענק דעם העפלעכן ענטפער פון נאַטשאַלניק:

— אַ שאָד, וואָס איר האָט נישט אַריינגעשטעלט אין אייער דעלעגאַציע דעם הער שטעכער.

דאָס איז געווען אַן אָנצוהערעניש וועגן זיין באַציונג צום יידישן שליח־ציבור, וואָס איז געוואָרן רואינירט.

ס׳איז געווען אַ שטילער ווונק פון די העכערע פענצטער עוקר מן השורש זיין דעם יידישן סוחר און אָנהייבן דוקא פון די קליינע שטעטלעך, במילא וועלן די סוחרים פון די גרויסע שטעט פאַלן פון זיך אַליין.

מיטן אָנקומען פון די דייטשע האָרדעס אין שטאָט, האָב איך, אַלס פּרעזעס פון סוחרים־פאַראיין, אינטערווענירט וועגן פאַרשיידענע פאַרפאָלגונגען, כ׳האָב אָבער נישט געזען פאַר זיך מער קיין פּלאַץ אין שטאָט.

כ׳האָב פאַרלאָזן הרוביעשאָוו מיט גרויסע שוועריקייטן, וועלכע האָבן אָבער געבראַכט דערצו, אַז כ׳האָב זוכה געווען צו באַשרייבן אַ טייל פון אונזער שטאָטישן לעבן.

# יוסף סופר זאַמלט באַווייזן, אַז ער איז נישט קיין בעל־נחלה

פאַר דער שטייער־קאָמיסיע קומט אַ געוויסער סופר, אַ האַנטווערקער, אַ בעל־הבית פון גאַנצע 12 שטובן.

ער ווערט אָפּגעשאַצט צו צאָלן 102 זלאָטעס.

באַקומענדיק דעם נאַקאַז, לויפט דער אָרעמער בעל־מלאכה אין שטייער־אַמט און שרייט, היתכן?! צו בין איך דען מיטאַמאָל אַזוי רייך געוואָרן און זיך פלוצים געקויפט אַ הויז און דערצו אַזאַ גרויס הויז?

אָבער אין שטייער־אַמט ווערט מען נישט נתפּעל און מ׳וויזט אים בפירוש, שוואַרץ אויף ווייס, אַז איקס בן עקיבא סופר פאַרמאָגט זיין אייגן הויז פון גאַנצע 12 שטובן.

דער ייד שרייט: לא דובים ולא יער, אָבער ס׳העלפט נישט. מ׳הייסט אים ברענגען אַ צייגעניש פון מאַגיסטראַט, אַז ער פאַרמאָגט נישט קיין הויז.

לויפט דער ייד אין מאַגיסטראַט. טרעט אָפּ די שוועלן, בעט, פּאָדערט און וויינט — גיט מען אים אַרויס אַ צייגעניש, אַז ער האָט נישט קיין הויז אין הרוביעשאָוו גופא, אָבער וואָס שייך דער סביבה קען דער מאַגיסטראַט נישט מעיד זיין.

דער שטייער־באַאַמטער געפינט אָבער אין דער צייגעניש אַ סירכה, ס׳קען מעגלעך זיין, אַז אונזער ר׳ יוסף בן שמעון סופר פאַרמאָגט טאַקע אַ הויז אין דער סביבה.

אַן עצה האָט אים דער „שר־המסים" געגעבן ער זאָל אַרומגיין מעיר לעיר, מכפר לכפר, מגמינע לגמינע אַרויסנעמען צייגענישן, אַז ער איז דאָרט נישט קיין בעל־נחלה.

האָט ר׳ יוסף סופר קיין ברירה נישט און שפּרייזט דערפאַר פון דערפל צו דערפל, פון גמינע צו גמינע און בעט אויס כתבים, זאַש־וויאַדטשעניעס בלע״ז, אַז ער איז נישט קיין בעל־נחלה.

אַזוי גייט ער שוין אַ ריי טעג און זיין איינציקע זאָרג איז ער זאָל באַווייזן צוריקצוקומען מיט די כתבים, נאָך איידער דער עקזעקוטאָר וועט קומען פאַרקויפן זיין ביסל אָרעמקייט.

זאָל ער נאָר מצליח זיין!..

הרוביעשאָווער לעבן, נמ. 49, דעצעמ. 1930.

# דער שטייערן־לאסט רואינירט די הרוביעשאָווער יידן

## די פירמע ראָזענפעלד וווינט אין באָד

אויפן טיש: די פירמע „מאַנופאַקטור־געשעפט־ראָזענפעלד“ — אַ קלינגענדיקער נאָמען. די קאָמיסיע־מיטגלידער קענען אפילו נישט דעם אייגנטימער פון דער פירמע פערזענלעך, אָבער זיין שיינער נאָמען זאָגט שוין פאר זיך און מ׳שאַצט אָפּ, ער דאַרף צאָלן הכנסה־שטייער 366 זלאָטעס.

ס׳גייט אַוועק אַ שטיקל צייט, מ׳זוכט די פירמע מיט ליכט, ביז מ׳פאַקט דעם אייגנטימער אין באד — פשוטו כמשמעו; דער בעל־הפירמה וווינט, פשוט, אין באד. פאַרוואָס? — ווייל דאָרט איז דעם בחור וואַרעם און דאָרט שלאָפט ער זיך אויס „אויף דער אייבערשטער באַנק“ אוי ס׳ווייזט זיך אַרויס, אַז שוין לאַנג, מיט אַ צייט צוריק, האָט דער אָרעמער בחור אַרומגעטראָגן אַ ביסל סחורה אויפן דאָרף און איז אַזוי פאַראייביקט געוואָרן אין די שטייער־ביכער אַלס „ראָזענפעלד — אייגנטימער פון אַ מאַנופאַקטור געשעפט“.

ס׳קומט אפילו אויס דעם סאַלטיס קאמיש, ווי גיט מען עפּעס איבער דעם באָרוועסן, אָרעמען באַד־לאָקאַטאָר דעם „נאַקאַז“ צו צאָלן במשך 14 טעג 366 זלאָטעס, אָבער דינא־דמלכותא.

נאָר בכדי נישט אָנצוזאָגן דעם אָרעמן, עלנדן בחור אזא שלעכטע בשורה, זאָגט ער אים דערביי, האָסט עפּעס אָפּצונעמען געלט אין מלוכה קאַסע — אפשר געשיקט פון אַמעריקע...

דער ייִנג, אָבער, לאָזט אים שוין נישט אָפּ און לויפט גלייך מיט אים באָרוועס אין שטייער־אַמט און פאַרלאַנגט, אַז די סומע זאָל גלייך אויפן אָרט אויסגעצאָלט ווערן

געפועלט האָט ער, אָבער 1 זל. וואָס דער „אדון“ האָט אים אַלס מיטלייד געגעבן.

— גוט איז דאָס! — זאָגט ער צעפרידן...

הרוביעשאָווער לעבן — נמ. 47

## דער „אינדוסטריעלער“ פאַרמאָגט נישט קיין שיך

דער „אינדוסטריעלער“ נ. נ. — אַ באָרוועסער לאַנג־יעריקער שטייער־צאָלער — קריגט אַ שטראָף־צעטל 100 זלאָטעס פאַר נישט שטעלן זיך צום טערמין צו באַלייכטן די ספקות פון שטייער־אַמט בנוגע זיינע איינקונפטן.

ער ווערט, אָבער, פאָרט באַפרייט פון שטראָף צוליב דעם, וואָס ער באַווייזט מיט אותות ומופתים, אַז ער האָט בשום אופן נישט געקענט זיך צושטעלן צום טערמין, ווייל אין דעם טאָג איז געווען אַ שטאַרקער רעגן און זייער קאַלט און ער, אַ קרענקלעכער מענטש, האָט נישט געקענט ריזיקירן און גיין מיט צעריסענע שיך אין אַזאַ שלעכטן וועטער און קיין גאַנצע שיך פאַרמאָגט ער נישט.

הרוביעשאָווער לעבן — נמ. 47

## אַן אָרעמער הענדלער פון נישט געשטויגענע אַכט שטובן

א. ק. — אַן אָרימער הענדלער באַקומט אַ נאַקאַז צו באַצאָלן 102 זל. פון מסחר מיט גאַלגאַנעס (שמאַטעס הייסט עס) און פונם הויז מיט אַכט שטובן. שרייט דער ייד:

— אַ הויז האָב איך? עס האָט זיך מיר אפילו נישט געחלומט וועגן אַ הויז. סך־הכל וווינט יאָך אין אַן אלקער פיר איילן אויף פיר איילן און וואָס פאַר אַ הכנסה, מ׳שטיינס געזאָגט, קען איך האָבן פון די גאַלגאַנעס, די שמאַטעס מיין איך, אויף מיינע שונאים געזאָגט — שרייט דער ייד — און בכלל, איז דען אַ מעגלעכע זאַך, אַז אין הרוביעשאָוו זאָלן שמאַטעס געבן פרנסה, ס׳איז דאָך ביי אונז אין הרוביעשאָוו אזא סחורה, וואָס וואַלגערט זיך פשוט אין די גאַסן. ווו איר ווילט נישט, טרעפט איר זיי, די שמאַטעס. איר האָט אָנגעוואָרפן שמאַטעס פונם מאַגיסטראַט, איר האָט אַרויסגעוואָרפענע שמאַטעס פונם בונדישן חדר, איר געפינט שוואַרצע שמאַטעס אין דער יידישער גמינע.

טאָ, ווי אַזוי זאָל איך צאָלן פּאָדאַטקעס פון שמאַטעס און פון נישט־געשטויגענע שטובן — טענהט דער ייד און לאַכט צו איראָניש.

אָבער, ווי ס׳ווייזט זיך אַרויס, האָט די קאָמיסיע אויסגעפירט אַ הימלישן פסק. אַזוי ווי ס׳איז געווען אַ בעל־הבית, א. ק., אצינד שוין אַ נפטר, וואָס האָט פאַרמאָגט 3 שטיבלעך און ער וואָלט געהאַט הכנסה 1.200 זל. יערלעך. דער אָרעמער, א. ק., וואָלט אפשר אויך געקענט האָבן אַן ערך 1.200 זל. הכנסה, האָט די קאָמיסיע מצרף געווען ביידע הכנסות, די נשמה פון טויטן בעל־בית אריינגעבלאָזן אינם גוף פונם אָרעמען שמאַטע־סוחר און פון די ביידע א. ק. געמאַכט איין מענטש מיט אַ היפּשער הכנסה, זיי דן געווען צוזאַמען און אַזוי אַרום געשאַפן אַ פעסטן שטייער־צאָלער, אַזוי ווי מיר געפינען: „מרכיבין חגר על גבי סומא“.

הרוביעשאָווער לעבן — נמ. 51.

## אַ ייד דאַרף פרנסה

פאַר דער וועלט־מלחמה האָט עקזיסטירט ביי אונז אין שטאָט אַ ליי און שפּאָר־קאַסע א. נ. „איסבערעגאַטעלנאיא קאַסאַ“. געוויינלעך, האָבן כמעט אַלע איינוווינער געליגן געלט אין דער קאַסע. מיט אַ פּאָר יאָר צוריק איז אָנגעקומען פון מיניסטעריום, אַז מ׳זאָל די קאַסע, ה׳ טשאַרקאָווסקי האָט אָבער חובות ביי די לווים.

דער פרעזעס פון דער אויבנדערמאָנטער קאַסע, ה׳ טשארקאָווסקי, האָט אָבער אָנערקענט, אַז די היגע באַפעלקערונג, וועלכע האָט אויך שטאַרק געליטן פון מאָראַטאָריום איז נישט אומשטאַנד צו באַצאָלן די פאַר־מלחמהדיקע חובות און דער ענין איז געבליבן הענגען.

לעצטנס, איז אַראָפּגעקומען צו אונז אַ ייד, וואָס האָט כל ימיו זיך אינטערעסירט מיט אַזעלכע ענינים. און אַזוי ווי ער דאַרף פרנסה, האָט ער אויפגעפרישט דעם ליקווידאַציע־ענין פון דער קאַסע און מ׳האָט שוין געמאַכט אַלע הכנות און באַלד וועלן די איינוווינער דערהאַלטן אויפפאָדערונגען צו צאָלן די חובות און דאַן וועט זיך אויפהויבן דער אמתער „ויצעקו“.

הרוביעשאָווער לעבן — נמ. 51, דעצעמ. 1930.

## אַ שטייער־בעאַמטער אין שעכטהויז

גלייך ווי אַנדערע אינסטיטוציעס, איז אויך די יידישע גמינע מחויב אַראָפּצורעכענען פון די פענסיעס פון איר פּערסאָנאַל אַ געוויסן פּראָצענט, וועלכן זי דאַרף אַריינטראָגן אין שטייער־אַמט אַלס בעאַמטן־שטייער.

במשך פון די לעצטע עטלעכע יאָר האָט דער שטייער־אַמט נישט געמאַנט און די גמינע האָט נישט געצאָלט.

מיט אַ צייט צוריק האָט די גמינע דערהאַלטן אַ נאַקאַז צו באַצאָלן אַ סומע פון פיר טויזנט גילדן פאַר די גאַנצע פיר יאָר. פאַרשטייט זיך, אַז די גמינע האָט נישט געקענט אַנטקעגנקומען דער פאָדערונג פון שטייער־אַמט און אויסצאָלן די גאַנצע סומע, אָדער אפילו אַ טייל, ווייל די בעאַמטע האָבן די אָפּגענומענע פענסיעס פאַרברויכט און ס׳איז דאָך נישט מעגלעך אַוועקצוגעבן די ווייטערדיקע פענסיעס אינגאַנצן אין שטייער־אַמט אַריין, ווייל דער רב, שוחט און גמינע־בעאַמטע מוזן דאָך לעבן.

יענע וואָך, איז אין אַ שיינעם מיטוואָך געקומען אַ שטייער־בעאַמטער אין שעכט־הויז אַריין, אַוועקגעזעצט זיך ביי דער קאַסע און כסדר צוגענומען דאָס געלט פאַר די פאַרקויפטע קוויטלעך.

די שוחטים ווייסנדיק, אַז פונם שטייער־אַמט וועלן זיי אויף שבת נישט האָבן, האָבן זיך ענטזאָגט צו שעכטן, און אַזוי ווי די גזירה פון סקאַרב איז נאָר חל געווען אויף בהמות, האָט מען אָנגעהויבן שעכטן עופות. דאָ האָבן זיך די קצבים געפילט געטראָפן און זיי האָבן נישט געלאָזט די שוחטים שעכטן קיין עופות. עס איז שיעור נישט געקומען צו אַ סקאַנדאַל, נאָר צום גליק האָט דער פרעזעס פון גמינע זיך געווענדעט צום סטאַראָסטא און ער האָט די גזירה פון שטייער־אַמט מבטל געמאַכט.

הרוביעשאָווער לעבן — נמ. 48, נאָוועמ. 1930.

# וועגן הרוביעשאווער אינסטיטוציעס

אַ גאַנץ יאָר האָט הרוביעשאָוו געפירט אַן עקשנותדיקן קאַמף מיט אסטרא צוליב דעם רב וו ערטהיים, וואָס איז געזעסן אויפן כסא־הרבנות אין אסטרא די לעצטע, עט־לעכע יאָר און הרוביעשאָווער קהילה האָט מנ־צח געווען; הרב ווערטהיים איז איצט רב אין הרוביעשאָוו. און דאָס גאַנצע שטעטל טאַנצט פאַר גדולה.

און ווירקלעך האָט די הרוביעשאָווער קהי־לה זיך געגויטיקט אין אַזאַ רב, ווייל נאָר אַזאַ רב, מיט אַזוי פיל פקחות און יידישער אינ־טעליגענץ, וועט קענען אַרויספירן די צוויי־טויזנט־משפחהדיקע שטאָט הרוביעשאָוו מבירא עמיקתא לאיגרא רמא.

קודם־כל האָט דער רב ווערטהיים זיך גענומען צו דערליידיקן די שוחטים־פראַ־גע. די הרוביעשאָווער שחיטה איז אַ שם־דבר. אַכט שוחטים פאַרמאָגט הרוביעשאָוו, און די גאַנצע שטאָט עסט פון שחיטת־חוץ.

— ראבישויב — זאָגט צו מיר אַ ייד — איז דער טייטש רבי־שו״ב, דאָס הייסט, פיל שוחטים.

און די הרוביעשאָווער שחיטה האָט שוין אַוועקגעקוילעט אַ וועלט מיט שוחטים. קומט אַ שוחט פון בעלזער לאַגער, הויבן אויף אַ ויצעקו די קוזמירער מיט די טריסקער און מען גע־פינט איין, אַז ער שוחט מיט אַ זעג; קומט אַ שוחט, א צאַצקע, פון די טריסקער, גורטן זיך אָן די לענדן די איבעריקע לאַגערן און מען איז אים משלח מיט גרויס כבוד.

איצט שמועסט מען, אַז ס׳האַלט שוין באַלד ביי אַ שטיקל אָרדענונג אין דער שחיטה.

היינט איז דאָרט אויך דאָ אַ מגידים־פראַגע. הרוביעשאָוו האָט ווייניק איין זאָגער. די „דעמאָקראַטישע״ קהילה דאַרף פאַר זיך אַליין האָבן אַ זאָגער. טוט זיך דאָרט אויף טיש און אויף בענק, דאָס שטעטל זאָגט אויף די זאָ־גערס: אסור לדבר.

אויף אַ גאַנץ נישקשהדיקער הויך שטייט אין הרוביעשאָוו די „התקוה״־שול. דאָרט לער־נען בערך 80 קינדער (צווישן זיי אויך 14 יתומים פון בית־יתומים).

דער בית־יתומים איז אויך געבליבן לעבן, כאָטש שוין אַ צייט לאַנג ווי ער קריגט כמעט נישט קיין שטיצע פון דעם ד. ד. ק., אַדאַנק ה׳ טענענבוים, דעם משגיח איבערן בית־יתומים, וועלכער האָט אויסגעפועלט פון מאַ־גיסטראַט אַ סובסידיע פון 11/2 זלאָטעס אַ טאָג פאַר יעדן קינד.

אַדאַנק דעם ה׳ טענענבוים איז באַ־שטימט געוואָרן לעצטנס דורכן שטאָט־ראַט אַ העברעישע לעקציע אין די שטאַטישע שולן.

אין הרוביעשאָוו איז אויך דאָ אַ לעבעדיקע קאָאָפּעראַטיווע באַנק. איך דריק מיך אויס אַ לעבעדיקע, ווייל צווישן אַלע בענק, וואָס איך האָב באַזוכט איבער מיין רייזע אין פוילן, איז זי די איינציקע, וועלכע געניסט פון אַ שטאַרקן צוטרוי פון דער שטאָט און וועלכע מאַכט ממש נסים אין איר אַרבעט. געדריקטע יידן קומען אהין, ווי צו אַ מאַמען, און די קאָסע טוט אַלץ כדי צו לינדערן די נויט פון די געדריקטע.

מען דאַרף אויך צוגעבן, אַז אין די שווערס־טע צייט האָט זי קיין שום הילף פון צענטער נישט געקראָגן, אָדער אפשר האָט זי נישט גע־פאָדערט, און פונדעסטוועגן האָט זי נישט אָפּ־געשוואַכט איר טעטיקייט.

און גאָר צום סוף — די הרוביעשאָווער בלאָ־טע. אין הרוביעשאָוו האָט מען אַוועקגענומען די בלאָטע. דער נייער בירגערמייסטער האָט די גאַנצע בלאָטע פון הרוביעשאָוו מבער געווען. די גאַסן זיינען ברוקירט און פאַרזען מיט טראָ־טואַרן און די שטאָט ציטערט שוין נישט אימת־מות, ווען עס באַווייזט זיך אַ כמארעלע אויפן הימל. פרעגן די יידן פון שטאָט:

— ווי האַלט מען שוין אַזוי אויך מיט דער קהילהשער בלאָטע?

שליאמע

„נייער היינט״ — נמ. 215, 4.9.1924.

UNZER WORT

№ 1. ערשטער יאָרגאַנג. פרייז 30 גראָשן.

# אונזער וואָרט

Hrubieszów, dn. 20 kwietnia 1928 r.

הרוביעשאָוו, דעם 20 אפריל 1928

די לעצטע פאַר יאָר האָט די פּראָווינץ אָנגעהויבן, צוגלייך מיט די גרעסטע שטעט, אַרויסגעבן איר פּרעסע. אָבער לײַדער שטייט זי זעלטן אויף דער געהעריקער הויך:

אָדער זי איז אינגאַנצן פאַרטאָן אין אָרטיקע ענ־ינים, זייענדיק זער וואָכעדיק אַזוי, אַז מוואָלט געקענט מיינען, אַז אַלגעמיינע, געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען אינ־טערעסירן נישט דאָס קליינע שטעטל. דאָס איז די מאָ־נאָפּאָל פון דער גרויסער שטאָט.

אָדער מיר האָבן צו טאָן מיט פּראָווינציעלע פאַרטיי־פּרעסע, וואָס טרייבט „הויך־פּאָליטיק״, און ס׳שטייט איר נישט אָן זיך אומצוקוקן אויפן שטעטל.

און טאַקע דערפאַר האָבן די פּראָווינץ־ציַיטונגען אַ קורץ לעבן און שטאַרבן פרי אָפּ.

די דאָזיקע פעלערן שטרעבן מיר צו פאַרריכטן. מיר ווילן וואָך זיין צו אַלץ, וואָס קומט פאָר ביי אונז אין שטאָט, עס באַלויכטן מיט אונזער קוק, זאָגן אונזער וואָרט.

אָבער גלייכצייטיק ווילן מיר זיך אָפּרופן אויף אַלגעמיינע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע געשענישן; ווייל אונזער שטעטל איז נישט אָפּגעריסן פונם אַלגע־מיינעם פּאָליטישן קאַמף: פאַר דער באַנייונג פון די לעבנס־באַציונגען און פאָרמען, וועלכער באַקומט זיין העכסט אויסדרוק אין דער שטרעבונג צו אַ בעסערן מאָרגן פאַר דער מענטשהייט, וואָס וועט דערגרייכט ווערן דורכן זיג פון סאָציאַליזם, און פונם קאַמף פאַר אַ ליכטיקער צו־קונפט פאַרן יידישן פאָלק, דורך דער שאַפונג פון אַ סאָציאַל געזונטן אַרבעטס־צענטער אין ארץ ישראל.

נאָך אַן אויפגאַבע האָט אונזער ציַיטונג: זאַמלען אַרום זיך די שעפערישע כוחות, וואָס זענען פאַראַן אין פּאָטענץ, נאָר וואָס באַקומען נישט זייער אויסדרוק, דערשטיקט דורך דער גרויקייט און איינטאָניקייט פון שטעטל; וועקן זיי צו ליטעראַרישער שאַפונג, פּאָלי־טישן געדאַנק און געזעלשאַפטלעכער טאַט.

צי האָט זיך דאָס אונז איינגעגעבן — וועט ווייַזן דער אָפּקלאַנג, וואָס די ציַיטונג וועט אַרויסרופן אין שטאָט און אין דער סביבה.

דאָס וועט אונז אויך ערמוטיקן צו ווייַטערדיקער אַרבעט.

רעדאַקציע.

קינא „אאזא״ שבת, דעם 21 ד. מ. 2 נ. מ. קומט פאָר א רעפעראַט

פון דב־בער מאַלקין א. ד. ט. „פון צוועלף ביז די וועלף״ (די אָקטאָבער רעוואָלוציע אין דער רוסישער ליטעראַטור)

בילעטן פון 75 גר. ביז 2 זל.

חבר מ. פרומער — מזל־טוב דיר מרים! — מזל־טוב יהושע — אונזער טיפסטן מיטגעפיל דיר

שוועסטער קאהאן!

שבת דעם 26 ד. ח. 3 נ. מ. קומט פאָר אויפן מאַרק א באַריכט פון דער פּועלי־ציון פראַקציע וועגן דער טעטיקייט אין אָרטיקן שטאָט־ראַט

ס׳.. עלן רעדן די ח״ח י. וואַקסמאַן און מ. האָפמאַן.

קומט מאַסנווייז!

קינא „אאזא״ פרייטאָג דעם ערשטן טאָג שבועות V 25, 2 נ. מ. קומט פאָר א משפט איבער דער אַסימילירטער און בירגערלעכער אינטעליגענץ

בילעטן פון 75 - 1.50

מיט דער באַטייליקונג פון חבר פריד פון כעלם

דעם ח׳ אהרן ברענער שיקט איבער איר מזל־טוב די רעדאַקציע קאָלעגיע

אהרן ברענער! — ח׳ אהרן ברענער! — חנה ברענער

שול־רינגען „תל־חי״

ח׳ א. ברענער — ה׳ מ. צימערמאַן — מ. צימערמאַן

ר. קעצנער שפּיטאַלנאַ 6.

ביי מיר באַקומט מען פאַרשידענע סאָרטן שיך, אויף באַשטעלונגען און גרייטע

די נייסטע פאַסאָנען, צוגענגלעכע פרייזן.

אברהם בערגמאַן.

חבר ש. אפעל אין דיין צער — מיין טיפסטן מיטגעפיל! מאַטל לאַנגער.

באַמערקונג: צוליב מאַנגל אין פּלאַץ וועט אַ טייל מאַטעריאַל זיין גע־דרוקט אין קומענ־דיקן נומער.

Redaktor odpowiedzialny J. Waksman — Wyd.: Związek Zaw. Robotn. Niefachowych. — רעדאַקטאָר י. וואַקסמאַן.

Drukarnia „EXPRESS" w Hrubieszowie, ul. Staszica 2.

די לעצטע זייט פון „אונזער וואָרט״ ענטהאַלט מודעות. העמוד האחרון בעתון המקומי.

# הרוביעשאָווער יוגנט אין מיליטער און ספאָרט



הרוביעשאָווער יוגנטלעכע איבן זיך בעת דער עסטרייכישער אָקופּאַציע.

הנוער ההרובישובאי מתאַמן בשעת הכיבוש האוסטרי בשנת 1917.

אויבן אין צענטער: **הובעל**, אַרום אים: **משה הערמאַן, בארנעט, סענדער פייל, שמחה היפש.** צווייטע שורה: **ראַטניעווסקי, אלי פינקלשטיין, פנחס לערער, שמואל אלי אייזן, זעליק פרץ.** שטייט: **בארנעט.**



ישראל דימענטשטיין האָט דערגרייכט די ראַנגע פון אַ קאָרפּראַל אין פוילישן מיליטער און זיינע חברים פאראייביקן דאָס געשעעניש.

ישראל דימענשטין זכה לדרגת קפרל בצבא הפולני וחבריו מנציחים מאורע זה.

שטייען: **ראובן עקשטיין, יואל שפילער, ישראל דימענטשטיין, יונה זייד, עוזר שפריץ און דוד הארפין.** זיצן: **מאטל שפילער, אביגדור ביטערמאן, אריש ראפ.**



יענקל סאָוועצקי האָט געדינט אין דער צאַרישער ארמיי.

יענקל סאָבצקי בצבא הצארי.



**דער ספאָרט־קלוב „ספּאַרטאַקוס".** קבוצת כדורגל „ספרטקוס".

ערשטע שורה שטייען: **ישראל דימענשטיין, שמשון זשארקי, יוסף שטאקהאַמער, יואל שטייער, אביגדור ביטערמאַן.** צווייטע שורה: **יואל ראבינאָוויטש, יוסף לעדערקרעמער, ישראל פאכטער.** זיצן: **אברהם האָכמאַן, זעליק לוקסענבורג, מעכל גערטל.**



**די פוטבאל דרוזשינע „קראפט" אין יאָר 1927.** קבוצת הכדורגל „קרפט" בשנת 1927.

שטייען: **חיים הארפין, יוסף שרויט, אברהם ציגעל, הערש סאס.** זיצן: **שמעון ווערטמאן, אברהם פויגעל, יוסף קרעלנבוים (אלמוגי), יהושע בערגער.** לעצטע שורה: **הערש זאק, מאיר פלאט, יוסף מאיר לערער.**

יחזקאל אדער / מעלבורן, אויסטראַליע

# דער יידישער שפּיטאָל



דער געזונטהייטס־מצב אונטערן צאַרישן רעזשים אין פּוילן איז געווען זייער אָפּגעשטאַנען, לגבי אַנדערע לענדער אין אייראָפּע. פּראָווינץ־שטעט זיינען געווען אויסגעשטעלט אויף הפקר אין רוּישיקן ים פון עפּי־דעמיעס און קראַנקהייטן. דאָס קראַנק ווערן פלעגט, ווי אַלע הרוביעשאָ־ווער געדענקען, באַצייכנט ווערן, ווי „איינפאַלן" און דאָס פלעגט טרעפן זייער אָפט, ברענגענדיק אין גרעסטן טייל אַ פריצייטיקן טויט.

פון דער געזונטהייטס־מאַכט, וואָס האָט כלומרשט געוואַכט איבערן פאָלקס־געזונט, האָט מען קיין סך נישט געקענט דערוואַרטן, מחמת זי איז געווען „מאַכטלאָז". צו דער פאָרגעשריטענער מעדיצין איז געווען אַ שפּאָר שטיקל וועג און קיין שום אַנדערע קאָמוניקאַציע־מיטלען, אחוץ פערד און וואָגן, און דאָס נאָר אין שיינע זומער־וועטערן, האָט נאָך דעמאָלט נישט עקזיסטירט.

פון דעם קענען מיר שוין האָבן אַ קלאָרע פאָרשטעלונג אין וואָס פאַראַ שרעק פאַר אָנקומענדיקע עפּידעמיעס די הרוביעשאָווער יידישע און אַלגע־מיינע באַפעלקערונג האָט דעמאָלט געלעבט. די שטערבלעכקייט איז געווען אין אַ גרויסן פאַרנעם, ספּעציעל ביי קינדער.

אין הרוביעשאָוו האָבן זיך גראַד אין יענער צייט געפונען באַרימטע דאָקטוירים, צווישן זיי דאָקטאָר פּיסטאל. אמת איז, אַז דאָקטאָר פּיס־טאל האָט געהערט צו די אַסימילאַציע־קרייזן, דאָך האָט ער זיך געווידמעט דער יידישער באַפעלקערונג אויפן געביט פון מעדיצין. און ווייל ער איז נישט געווען פרעמד צו די פּראָבלעמען פון דער יידישער באַפעלקערונג און גוט געקענט די גרויסע נויט, וואָס ער אַליין האָט אונערמידלעך באַ־קעמפט, איז ביי אים געבוירן געוואָרן די אידעע צו בויען אַ יידישן שפּיטאָל, וואָס זאָל באַדינען נאָר די יידישע באַפעלקערונג.* מיר ווייסן גאַנץ גוט, ווי דער יידישער קראַנקער איז באַהאַנדלט געוואָרן אין אַנדערע שפּיטעלער.

און נאָך מער, ד״ר פּיסטאל האָט דאָס געמוזט טאָן אויף אייגענער אחריות און מיט אייגענע געלט־מיטלען, מחמת די דעמאָלדיקע, יידישע קהילה האָט קיין קאַסע נישט פאַרמאָגט. ער האָט די אויפגאַבע מיט דער־פאָלג אַדורכגעפירט.

זינט איך געדענק, האָט אין דעם הויז, וואָס איז שפּעטער איבערגענומען געוואָרן דורכן בית־יתומים, געוווינט די פּיסטאלאָווע, אַן עלטערע איינזאַמע פרוי, וועלכע האָט זיך געהאַלטן אָפּגעזונדערט און פלעגט זיך פאַרנעמען מיט געבן לעקציעס און פון דעם געצויגן איר חיונה. די פרוי איז געווען די אלמנה פון טייערן, ד״ר פּיסטאל, וועלכער איז גע־ווען זייער באַליבט ביי די הרוביעשאָווער יידן, ווי אויך ביי דער אַל־געמיינער באַפעלקערונג.

צו דער ערשטער פאַרוואַלטונג פון יידישן שפּיטאָל האָבן געהערט: שאול אייזן, שלמה רעגל און אברהם בראַנד. זיי זיינען גלייכצייטיק געווען די דאָזאָרעס פון דער יידישער קהילה.

## פינאַנציעלע שוועריקייטן

דער בודזשעט פון שפּיטאָל איז געדעקט געוואָרן טיילוויז פון מאַ־גיסטראַט־סובסידיעס און פון דער קהילה־קאַסע, אויף וויפל אירע פינאַנצן האָבן דאָס דערלויבט. קראַנקע זיינען געווען באַפרייט פון יעדן אָפּצאָל.

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט דער יידישער שפּיטאָל באַדינט די דורכגייענדיקע אַרמיי, איבערהויפּט ווען די שלאַכטן זיינען דער־גאַנגען צום סטראַטעגישן פונקט ביים בוג — 5־6 קילאָמעטער פון הרוביעשאָוו.

דער יידישער שפּיטאָל איז געווען איבערפולט מיט יידישע קראַנקע און זיינע אויסגאַבן האָבן געמוזט געדעקט ווערן פון דער גמינע.

די גמינע־פאַרוואַלטונג האָט געפונען פאַר נויטיק אויסצוברייטערן דעם קרייז מענטשן, וואָס זאָל מיטהעלפן אין דער אַרבעט, און האָט אָרגאַניזירט אַ ספּעציעלן קאָמיטעט, וואָס זאָל שאַפן פאָנדן פאַר דעם צוועק.

די גמינע האָט זיך אָבער אָנגעשטויסן אויף פינאַנציעלע שוועריקייטן צוליב אַ גאַנץ איינפאַכער סיבה. די מנדבים, בעסער געזאָגט די שטאָט־גבירים, ביי וועלכע מ׳פלעגט אויסווינען דעם שטייער, זיינען איבער נאַכט געוואָרן יורדים, צוליב דער אינפלאַציע און דער שווערער עקאָ־נאָמישער לאַגע בשעת דער עסטרייכישער אָקופּאַציע. אַזוי, אַז אנשטאָט געבער איז צוגעקומען אַ גאַנץ היפּשע צאָל נעמער, וועלכע די גמינע האָט געמוזט אונטערשטיצן.

אין יאָר 1916 איז פאָרמירט געוואָרן דער ערשטער קאָמיטעט אין וועלכן ס׳זיינען אַריין: מאַניקאָוו, ש. בלאַנעס, לייב קנאַפּ און מענדל קאַרן. דער קאָמיטעט האָט אָנגעהויבן שאַפן פאָנדן פאַרן שפּיטאָל דורך בלימל־טעג, אונטערנעמונגען, טעאַטער־פאָרשטעלונ־גען, זאַמלונגען, שמחות און אַזוי ווייטער.

דער קאָמיטעט האָט אויך משפּיע געווען אויף אַ ריי באַרימטע דאָק־טוירים, יידישע און קריסטלעכע, די אַזוי גערופענע האָנאָראָווע דאָק־טוירים, זיי זאָלן העלפן טראָגן די שווערע לאַסט פון דעם הייל־אַנשטאַלט, וואָס איז אין יענער צייט שוין מאָדערניזירט געוואָרן מיט פאַר־שיידענע איינריכטונגען, אַריינרעכענענדיק אויך אַן אָפּעראַציע־זאַל.

דער יידישער שפּיטאָל האָט זיך געפונען אויף לובעלסקאַ גאַס. ווי אַלע ווייסן, פלעגט מען דעם פּלאַץ אויסמיידן, מחמת דעם טהרה־שטיבל, וואָס האָט זיך געפונען דערנעבן אין שפּיטאָל־גאָרטן. פון דאָרטן פלעגן אַרויסגיין די לויות, וואָס פלעגן אָנוואַרפן אַ גוואַלדיקן פחד, ספּעציעל אויף יונגוואַרג.

די קראַנקע, וועלכע פלעגן אַרומקריכן, האָבן געהאַט אַ זעלטענע אַטראַקציע, וואָס פלעגט זיי ווילן. אַנטקעגנאיבער האָט זיך געפונען דער פּלומפּ. ווי אַלע געדענקען, איז ער שטענדיק געווען באַלאַגערט פון וואַסער־טרעגער. די שענסטע קאָמעדיעס פלעגן שפּילן אַ וואַסער־טרעגער מיטן נאָמען פאַנדל מיטן געלן וואַסער־טרעגער. ווי נאָר די צוויי חברה־לייט פלעגן זיך טרעפן, פלעגן זיך אָפּשפּילן סצענעס מיט משונה־דיקע ווערטלעך און קללות, אַ הערלעכער מאַטעריאַל פאַר נישט איין קאָמעדיע, און די קראַנקע האָבן געשלונגען די פריילעכע סצענעס.

## האָנאָראָווע דאָקטוירים

מיר טאָרן נישט פאַרגעסן צו דערמאָנען אונזערע דאָקטוירים, וועל־כע האָבן זייער צייט געווידמעט לטובת די קראַנקע. כ׳גלויב, אַז אַ סך געדענקען דעם דאָקטאָר ראַפּאַפּאָרט, וועלכער איז געווען זיי־ער באַליבט ביי דער הרוביעשאָווער באַפעלקערונג.

נאָך איין פּאָפּולערער דאָקטאָר, וועלכער פלעגט זיין צייט ווידמען אָן שום לוין איז געווען: ד״ר שענעצקי, אַ פּוילישער דאָקטאָר, וועלכער איז געווען זייער איבערגעבן זיין אַרבעט, געקעמפט מיט שטאָט־באַאַמטע, וועלכע פלעגן פאַרנאַכלעסיקן זייערע פליכטן. ער פלעגט יעדן טאָג באַזוכן דעם שפּיטאָל.

אין 1920־1921 האָט זיך באַזעצט אין הרוביעשאָוו ד״ר גרינשפּאַן, וואָס איז פאַרבליבן נאָכן דינסט אין דער פּוילישער אַרמיי, וואָס האָט סטאַציאָנירט אין הרוביעשאָוו. ער האָט געאַרבעט און פיל געלייסטעט פאַרן שפּיטאָל ביז דעם צווייטן וועלט־קריג.

---

(*) ווי מיר ווייסן, איז דער שפּיטאָל אין הרוביעשאָוו געגרינדעט גע־וואָרן אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט דורך די רבנים: ר׳ יוסף קאַצענעלבויגן און ר׳ יוסף געלערטער („המגיד", נומער 7 פון יאָר 1865). וואַרשיינלעך האָט ד״ר פּיסטאל דעם שפּי־טאָל באַנייט.



אַ פילאַנטראָפּישע פרויען־גרופּע, וואָס האָט געזאָרגט פאַר אָרעמע און קראַנקע.
קבוצת נשים מתנדבות שדאגה לעניים ולחולים.
שטייען: די דריטע — צינע אויל, שיינדל היפש, פערל פינקעלשטיין, וויינבערג, ביילטשע פינגער, אומבאַקאַנט. זיצן: חנה זילבערבלעך, אומבאַקאַנט, חנה לערער, שרה זייד, פייגע שער, ביטערמאַן־פאַליק און גיטל זובערמאַן.

אין די לעצטע יאָרן פאַרן חורבן, ווען די רדיפות אויף דער יידישער באַפעלקערונג האָט זיך פאַרשטאַרקט, און נאָך אַ ריי אינצידענטן מיט פוילישע כוליגאַנעס, וועלכע האָבן זיך ..עהאָט צוגעטשעפעט צו אים, האָט ד״ר גרינשפאַן באַשלאָסן אויסצוואַנדערן און איז עטלעכע וואָכן פאַרן קריג אַרויסגעפאָרן קיין בראַזיליע.

אין די לעצטע יאָרן האָבן פיל געלייסטעט פאַרן שפּיטאָל צוויי יינגערע דאָקטוירים: ד״ר ליפשיץ, אַ געבוירענער אין כעלם, און דער צווייטער, אַ בן־עיר, יאַנטשע פּרצס זון, ד״ר משה פּרץ, וועלכע האָבן פּראַקטיצירט אין הרוביעשאָוו און טאָג־טעגלעך באַזוכט דעם שפּיטאָל אַלס האָנאָראַווע דאָקטוירים.



## די פעלדשערס

מיר ווייסן גוט, אַז אין אַ שפּיטאָל מוז מען אויך באַשעפטיקן שוועסטער און פעלדשערס. אַזוי אַרום קומען מיר צו אונזער פעטער, פאַליק גערטל. כ׳געדענק נישט גענוי פון ווען אָן דער פעטער פאַליק האָט פאַרנומען דעם פּאָסטן, אָבער פון די יינגסטע יאָרן געדענק איך, אַז מ׳פלעגט מיך מיטנעמען אויף אַ באַזוך צום פעטער פאַליק, וועלכער האָט געוווינט מיט דער משפּחה אין דער ציטרינע פון שפּיטאָל. פאַר יונגע קינדער האָט דאָס געהייסן אַ שפּאַציר אין אַ מיסטעריעזן לאַבירינט!

דער פעטער פאַליק איז געווען אַ חסידישער ייד, אַ גוטמוטיקער, שמייכלדיקער פעלדשער, וואָס איז געווען פּאָפּולער און באַגליבט, ווי די דאָקטוירים אין שטאָט. ביי די ערשטע סימנים פון קראַנק ווערן, האָט מען געמוזט אַ רוף טאָן פאַליקן און אין אַ סך פאַלן איז מען טאַקע נאָר אָפּגעקומען מיט שרעק, ווייל דער גוטהערציקער פאַליק גערטל פלעגט, ווי מיט אַ כישוף, צונעמען די קראַנקהייט.

דער אָפיציעלער פעלדשער איז געווען קרייצער, אַ ייד וואָס איז געווען געניוגט מער צו די אַסימילאַציע־קרייזן. ער האָט אַ סך געלייסטעט פאַרן שפּיטאָל און געווען זייער פּאָפּולער אין שטאָט ביי דער יידישער און קריסטלעכער באַפעלקערונג.

אין די לעצטע יאָרן, פאַרן חורבן, האָט ער איינגעאָרדנט אַן אַפּטייק, אָבער ער פלעגט נאָך אַרבעטן אין שפּיטאָל.

זיין אַסיסטענט־פעלדשער איז געווען דער פעטער פאַליק גערטל און נאָכדעם דער זייער פעיקער פעלדשער, הירש מאיר פון גראַבאָוויעץ (אומגעקומען אין סאָוויעט־רוסלאַנד). ער האָט געאַרבעט אין שפּיטאָל, און אויך באַדינט יידישע קראַנקע אין שטאָט.

די וויזיע פון דאָקטאָר פּיסטאל איז אָבער געווען צו בלינד, כדי צו פאָרויסזען אַ חורבן פון אַזאַ אימהדיקן פאַרנעם, וואָס האָט אָפּגעמעקט אַ שטאָט יידן, וועלכע האָלטן אים און זיין אַנשטאַלט אין משך פון פיל דורות געדענקט און געהייליקט.

די אינפאָרמאַציע וועגן יידישן שפּיטאָל האָבן איך באַקומען פון מענדל קארן (אויסטראַליע).

# אַ זיצונג אין דער גמינע וועגן שפּיטאָל

שבת דעם 15־טן נאָוועמבער אין אָוונט האָט געזאָלט פאָרקומען אַ זיצונג אין דער יידישער גמינע מיט דער באַטייליקונג פון די יידישע דאָקטוירים צו באַטראַכטן די פראַגע וועגן יידישן שפּיטאָל.

דער סטאַראָסטע, דערוויסנדיק זיך, אַז אין גמינע דאַרף פאָרקומען אַ זיצונג, האָט טעלעפאָנירט, אַז מ׳זאָל אים מודיע זיין, ווען די זיצונג וועט פאָרקומען, ווייל ער וויל זיין אָנוועזנד.

דער גמינע־פּרעזעס האָט לכבוד דעם סטאַראָסטע געהייסן רופן אויסערן פּרעזידיום אויך אַלע דאַזאַרעס.

שבת־צונאַכט איז זיך צוזאַמענגעקומען דער גאַנצער עולם און מ׳האָט געוואַרט אויפן חשובן גאַסט.

ס׳האָט געדויערט אַ צייט און דער סטאַראָסטע איז נישט געקומען. דער עולם איז געוואָרן אַ ביסל אומגעדולדיק, אָבער מ׳וואַרט. שפּעטער איז געקומען דער פּרעסע־רעפערענט ביי דער היגער סטאַראָסטווא, גורני, און געמאָלדן אין סטאַראָסטעס נאָמען, אַז ער בעט דעם עולם וואַרטן נאָך אַ ווײַלע, ווייל ער וועט באַלד קומען.

נאָך אַ האַלבער שעה איז אָנגעקומען דער סטאַראָסטע. אַלע האָבן זיך אויפגעשטעלט. דער גאַסט האָט פאַרנומען אַן אָרט און די זיצונג האָט זיך אָנגעהויבן. נאָכן דערליידיקן די שפּיטאָל פראַגע, האָט דער גאַסט זיך געווענדעט צו די פאַרזאַמלטע און געבעטן, אַז זיי, אַלס פאַרשטייער פון דער יידישער באַפעלקערונג אין הרוביעשאָוו, דאַרפן ווירקן אויף אַלע יידישע וויילער, אַז זיי זאָלן שטימען פאַר דעם „איינסל״.

די פּרנסים האָבן געענטפערט, אַז ס׳איז איבעריק יעדע אַגיטאַציע, ווייל אַלע וועלן סיי ווי שטימען פאַרן איינסל צוליב די בריוו פון די רבנים און רביים, נאָר פונז׳עסטוועגן וועלן זיי אויך צוהעלפן.

דער סטאַראָסטע האָט געדאַנקט פאַראויס און איז געווען שטאַרק צופרידן.

ביים אַוועקגיין האָט ער זיך פריינדלעך געזעגנט און די שטימונג איז געווען אַ געהויבענע.

הרוביעשאָווער לעבן, נמ. 49, נאָוועמבער 1930.

# יחיאל פייער ז״ל / דער בית־יתומים

אין מיטן דער לובעלסקא גאס איז געשטאַנען אַן אָרעם, נעבעכדיק הייזל, וואָס האָט געבעטן הילף.



דער קוראַטאָריום פון הרוביעשאָווער בית־יתומים אין יאָר 1920.
הועד של בית־היתומים בשנת 1920.
פון רעכטס אויף לינקס: משה יהודה מערנשטיין, רייזל פּרץ, דער לערער סאַפּיר, דוד טענענבוים, דוד פליישער, דער לערער אקס, אדיטא מייל.

אָט, דאָס הייזל האָט געדינט אַלס היים פאַר יתומים פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווי אויך פאַר נאַטירלעכע יתומים.

דער בית־יתומים איז אָנגעפירט געוואָרן דורך פילאַנטראָפּיש־גוט־הערציקע פּרויען, וואָס האָבן אים געשענקט אַ ביסל פון זייער פרייער צייט. זייער אַרבעט האָט אָבער נישט געהאַט קיין גרונטלעכן יסוד.

אין די יאָרן 4—1923 האָבן מיר, די יוגנט אין הרוביעשאָוו, געפילט אַ חוב אַריינצוואַרפן זיך מיטן גאַנצן ברען אין דער אַרבעט לטובת דעם בית־יתומים. מיר האָבן געזען אין די יתומים בירגער פון צוקונפטיקן, אויפלעבנדיקן, יידישן דור און מיר האָבן זיך גענומען צו דער אַר־בעט.

מיר האָבן רעמאָנטירט דאָס אַלטע, איינגעהויקערטע הייזל, געמאַכט אָרדענונג אין דער קיך אונטער דער אָנפירונג פון חנה ווייינער (געפינט זיך היינט אין ישראל, אין חיפה), באַשטימט אַ קיך־פאַרוואַלטונג און באַנייט די קליידונג פון די יתומים.

מיר האָבן דורכגעפירט מיט דערפאָלג אַן אַקציע, וואָס האָט גע־הייסן „באַנייאונג פון בית־יתומים", געשיקט די קינדער אין דער תל־חי־שול און אויך איינגעאָרדנט צוגרייטונגס־קורסן פאַר די אָפּגעשטאַנענע קינדער. די קינדער האָבן דערפילט, אַז דער „בית־יתומים" ווערט זייער היים. דאָס האָט אונז געגעבן מוט פאַרצוזעצן די אַרבעט מיטן גאַנצן ברען.

מיר האָבן איינגעאָרדנט אין בית־יתומים אַ שטענדיקע אויפזיכט אויף אַלע טאָג־טעגלעכע, לויפנדיקע ענינים, ווי ריינקייט פון הויז און חברי־שע באַנעמונג. מיר האָבן דערצויגן די קינדער צו זעלבסט־איניציאַטיוו, אויספלוגן, פוטבאָל, ספּאָרט, באָדן זיך וכדומה. מיר האָבן אויך געבראַכט אַ פּרעבליסטין, וואָס האָט זיך גוט איינגעלעבט מיט די קינדער.

אַזוי האָבן מיר דער אַרבעט געגעבן אַ ברייטן געזעלשאַפטלעכן פונ־דאַמענט. מיר האָבן דורכגעפירט פאַרשידענע באַשטייערונגען לטובת דעם בית־יתומים און באַקומען אַ יערלעכע סובסידיע פון דעם הרוביעשאָ־ווער שטאָט־ראַט.

אין אַ געוויסער מאָס האָבן מיר געהאַט נחת פון אונזער אַרבעט. אַ טייל פון די יתומים זיינען אַריינגעטראָטן אין החלוץ און געפינען זיך היינט מיט אונז אין ישראל. לײדער, האָט אַ גרויסער טייל פון די קינ־דער נישט באַוויזן עולה צו זיין און די מערדערישע האַנט פון היטלערן, ימח־שמו, האָט זיי אומגעבראַכט מיט אַנדערע, יידישע קדושים.

זאָלן די געראַטעוועטע יתומים דינען אונז אַלס טרייסט פאַר אונזער אי־בערגעגעבענער אַרבעט לטובת דעם בית־יתומים אין הרוביעשאָוו.

# אהרן גלעזער / כ'האָב מיך דערצויגן אין הרוביעשאָווער בית־יתומים

חולון

כ'האָב צו איך, מיינע ליבע לאַנדסלייט, אַ טענה. כ'בין שוין געווען אויף זעקס אזכרה־אָוונטן אין תל־אביב, געווידמעט אונזערע אומגעקומענע, אָבער קיינער האָט נאָך קיין איין מאָל נישט דערמאָנט די אומגעקומענע קינדער פון הרוביעשאָווער בית־יתומים.

היות ווי איך בין איינער פון די גליקלעך־געראַטעוועטע, וויל איך דערציילן כאָטש עטוואָס, לויט מיינע אָרעמע כוחות.

עס איז נישט אַדורך קיין איין נאַציאָנאַלער יום־טוב, אַז די קינדער פון יתומים־הויז זאָלן נישט באַשיינען מיט זייערע אויפטריטן. שטענ־דיק האָבן די אויפטריטן אַרויסגערופן הייטערקייט ביים עולם.

איינמאָל האָבן די קינדער געגעבן אַ פאָרשטעלונג אין שטעטל דו־ביענקא, אונטער דער לייטונג פון י. ד. מיטלפּונקט, און אונ־טער דער מוזיקאַלישער לייטונג פון מעכל גערטל. דער קליינער זאַל פון די פייערלעשער איז געווען פול געפּאַקט און דער עולם האָט געשעפּט נחת. אָבער פּונקט האָט דעמאָלט דאָרט אויסגעבראָכן אַ גרויסע שריפה, און דערצו אַ גרויסער שלאַגס־רעגן, אַזוי אַז מיר קינדערלעך האָבן שוין נישט געקענט צוריקפאָרן אין אונזער דאַטשע־דערפל סטרו־שעלע און די דוביענקער איינוווינער האָבן אונז אַריינגענומען נעכטיקן אין זייערע וווינונגען. און איצט עטלעכע פאַקטן.

לובעלסקא גאַס נומער 25. דאָס הויז איז געשטאַנען נאָענט צום יידי־שן שפּיטאָל, הארט ביים וועג. אין הויז זיינען געווען צענדליק ייִנגעלעך און מיידעלעך, יתומים, וואָס האָט פאַרוואַלטעט מיטן הויז. איך געדענק נאָר איינצלנע נעמען: זילבערשטיין, פינקעל־שטיין, רויטמאַן, רויטער, ניימאַרק.

אונזער דערציונג איז געווען אַ נאַציאָנאַלע, אַ ציוניסטישע. מיר האָבן געלערנט אין דער פאָלקס־שול תל־חי. געשפּילט האָבן מיר זיך, מערסטנ־טייל, אויף דער בלאָניע, געגאַנגען זיך באָדן צו די פּראָוואַלעס. מענדעלע ווייינער האָט אונז געלערנט שווימען, צובינדנדיק אַ שטריק צו די פיס. באַרנעס, האָבן מיר געגעסן פון פּיניע מערס בוים, אויף וועלכן מיר האָבן קונציק געוואָרפן שטיינדלעך.

אַלע קינדער האָבן זיך געפילט, ווי ברידער־שוועסטער פון איין טאַ־טע־מאַמע. די מאַמע איז געווען — חנה ווייינער, זי וווינט היינט אין חיפה.

נאָכן ענדיקן די שול, האָט מען אונז אָוועקגעשיקט קיין פּיאָטר־קאָוו: לערנען אַ פאַך. יעדער פון אונז האָט געוואָרט מיט שפּאַנונג, צו פאָרן קיין פּיאָטרקאָוו. איך געדענק עטלעכע נעמען פון די, וואָס זיינען געפאָרן קיין פּיאָטרקאָוו: אביש מינץ, מענדל מייטערמאַן, פישל זילבערשמידט, אייזיק גורפינקעל, פּערלעס רייז.



די קינדער פון בית־היתומים. ילדי בית־היתומים.

ערשטע שורה : אייזיק פינקלבלעך, פערל אייז (האָכמאַן), ישראל ענג, גוטשאַ וויינער (הערשקאָוויטש), יעקב וויינער, יחיאל פייער, שמערל מינץ, פישל דיכטערמאַן, מענדל מייטערמאַן, צווייטע שורה : אביש מינץ, דוד גאָלדמאַן, יאָסעלע שטערן, רחל עפרון, חנה וויינער, טשאַרנע שטערן, מענדל וויינער, חיים טראָגער. דריטע שורה : רחלע וואַסינג, לאה באַדען, טוביה וויינער, ברכה היי, קיילע ראָזענבערג, פערעלע בורשטיין, מאָטל קלערער.

לאָמיר דערמאָנען אַ זשענירנדיקן עפּיזאָד, וואָס פאַרלויפט זיך, גע־וויינלעך, ביי קינדער.

איינער פון די „פּיאָטרקאָווער" איז געקומען אויף אורלויב און מ'האָט אים ביינאַכט געלייגט צו מיר, אין בעט אַריין. האָט געטראָפן מיט אים דאָס וואָס עס טרעפט, געוויינלעך, מיט אַ קליין קינד. האָט ער זיך זייער געשעמט, און באַשלאָסן, אַז איך, אַלס קלענער, דאַרף עס נעמען אויף זיך. ער פאַרלאַנגט עס נישט אומזיסט. און גלייך אויפן אָרט האָט ער מיר איינגעצאָלט אַ צענער גראָשן. דאָס איז געווען מיין ערשטער פאַר־דינסט און איך האָב די חרפה זיינע גענומען אויף זיך.

מיר זיינען געווען מזיקים אין אָפּטאָן שפּיצלעך. אָט, ליגט אַ פּעפער, אַ שנאָרכער, ער איז אפילו פאַרשלאָפן צו גיין אין קינאָ. האָבן מיר אים אָוועקגעשטעלט צוקאָפּנס אַ בעזעם און אויפן בעזעם אַ טעפּל וואַסער. ווי ער האָט זיך נאָר אויפגעכאַפּט, האָט ער גלייך געהאַט אַ קאַלטע באָד אויפן קאָפּ.

מיר האָבן געהאַט אַן אייגענעם דזשאַז־אָרקעסטער : איינער האָט גע־שפּילט אויף אַ האַקמעסער, דער צווייטער אויף אַ וואַש־ברעט, אַ דריי־טער מיט אַ שער־אייזן, אַנדערע מיט דעקלעך פון די טעפּ, וואַלגער־העלצער, קעסלעך, לעפל־גאָפּל און אַזוי ווייטער.

מיר האָבן זיך געפרייט ווען מ'האָט אונז געפירט אין באָד אַריין און להבדיל אין קינאָ, צו מאַניעקאָווען, אָדער אין „רוסאלקא".

פאַר מיר איז געווען אַן איבערלעבונג, ווען עס איז מיר אויסגעקומען צו גיין צום הרב ווערטהיים, אים אַוועקטראָגן אונזער שיין, שוואַרץ, אויסגעבאַקן ברויט און ביי אים נעמען, לכבוד שבת, אַ ווייס ברויט. איך האָב געטראָגן דאָס ברויט פון רב מיט אַ באַזונדער שטאָלץ.

קוים האַלטן מיר ביים רב, לאָמיר דערמאָנען דעם רבס טאָכטער, מיט אירע ווייסע הענטשקעס, וואָס מ'האָט ביי איר געבאָרגט פאַר מיי־נעטווען.

צום פּאַראַד פון פּוילישן, נאַציאָנאַלן יום־טוב פון 3־טן מאַי האָבן מיר קינדער באַדאַרפט מאַרשירן אין גאַס. איך האָב באַדאַרפט גיין בראש פון די קינדער און סאַלוטירן אין ווייסע הענטשקעס. און ווייסע הענטשקעס האָט געהאַט הרב ווערטהיימס טעכטערל. פאַרשטייט איר שוין מיין שטאָלץ דעמאָלט ?...

אַ צייט פאַר פּסח האָט מען אונז אַלעמען געפירט צום שניידער און שוסטער, נעמען אַ מאָס אויף נייע אָנצוגלעך און שיך.

און ווער פון אייך געדענקט דאָס צווילינג־פּאָרל יאָסעלע און טשערנעלע שטערן? און ווער געדענקט דעם שרעקלעכן פריי־טיק־צונאַכטס, ווען די מיידלעך זענען פאַרטשאַדעט געוואָרן פון די אַנ־געהייצטע אויוונס ? עס איז געוואָרן אַ גרויסער געשריי, גראָד ווען דער עולם איז אַרויס פון די קינאָס אויף פאַנסקע גאַס. אַלע האָבן זיך גע־לאָזט לויפן צום בית־יתומים, די גוואַלדן זענען געווען מוראַדיקע. מיר, די ייִנגלעך, אין די אַנדערע צימערן, זענען אַזוי איבערגעשראָקן געוואָרן, אַז מיר זענען נאַקעטע אַרויסגעשפּרונגען פון די בעטן, אַרויסגעלאָפן אויף דער גאַס און מיט יללות גערופן הילף.

עס איז כדאי צו דערמאָנען, אַז די קינדער האָבן געהאַט אויסצושטיין פאַרשיידענע סיורפּריזן מצד די קאָמיטעטן. עס זענען געווען קריזיסן און אָפט נייע וואַלן. און יעדער נייער קאָמיטעט האָט זיך געהאַט זיינע קאַפּריזן. איז אַלץ אויסגעגאַנגען צו אונזערע קעפּ.

אָט, האָט דער נייער קאָמיטעט אָנגענומען אַ באַשלוס, אַז מיר דאַרפן אויפהערן גיין אין דער תל־חי־שול און אָנהייבן גיין אין דער מלוכהשער „פּאָווּשעכנע" שול. מיר האָבן צוליב דעם פאַרלוירן אַ גאַנצן שול־יאָר. איז געקומען אַ צווייטער קאָמיטעט און מיר האָבן ווידער פאַרשפּילט אַ קלאַס...

נאָך דער עליה פון חנה וויינער קיין ארץ־ישראל, איז געקומען די פרוי רחל שיינערמאַן, אַ רויטהאָריקע דערציערין פון אושטשי־לאָג. מיר האָבן נישט געהאַט מיט איר קיין איבעריקן שלום־בית. כ'האָב זי איינמאָל פאַרקלאָגט פאַר אונזער פּרעזעס, האָט זי מיר נישט געלאָזט בעת די וואַקאַציעס צו פאָרן אַהיים, צו מיין מוטער קיין לודמיר.

האָב איך דאָך, אָבער, פאָרט געוואָלט פאָרן צו מיין מאַמען, ווי אַזוי מאַכט מען דאָס ? און איך האָב דאָך נישט קיין געלט אויף אַ בילעט האָט זיך געמאַכט, אַז אַ באַקאַנטע פרוי האָט געהאַט באַשטעלט אַ פּאָר שיך ביי אַ שוסטער אין לודמיר, האָב איך ביי איר גענומען ס'געלט אויסצוקויפן די שיך. האָב איך שוין געהאַט אויף אויסצוקויפן אַ בילעט אויפן אויטאָבוס. איך האָב מיר אין געהיים געמאַכט אַ פּעקעלע וועש אַ חבר האָט מיר געטראָגן ס'פּעקעלע און איך בין מיר אַזוי ליידיק גע־גאַנגען צום אויטאָבוס, מ'זאָל נישט באַמערקן. איך בין גיך אַריין אין אויטאָבוס און דער חבר האָט מיר אַריינגעוואָרפן ס'פּעקעלע.

כ'בין געווען גליקלעך, זיך געפרייט מיט מיין מאַמען, אָבער ביטער איז געווען, ווען איך האָב באַדאַרפט צוריקפאָרן. מיין מאַמע האָט געמוזט מיט מיר מיטפאָרן, אָבער זי האָט סיי ווי גאָרנישט געפּועלט — די רויטהאָריקע דערציערין האָט נישט דערלאָזט, אַז מ'זאָל מיך צוריק אַריינ־נעמען אין בית־יתומים.

אָבער דאָס אַלץ וויל איך דעם זכרון לאָזן פאַרגעסן. כ'וויל בעסער גע־דענקען די זיסע מאַיוווקעס־שפּאַצירן אין די פאַרטאָגן, די שפּילערייען אין וואַלד און אויף די לאָנקעס, דאָס פּראַווען ל"ג־בעומר, דאָס פאָרן קיין זאַמאָשטש, אָט די אַלע קינדערישע פריידן פון די יתומים, וועלכע זענען, כמעט אַלע פאַרשניטן געוואָרן.

לאָמיר זיי דערמאָנען מיט ליבע און כבוד !



די קינדער פון הרוביעשאָווער בית־היתומים. ילדי בית־היתומים.

ערשטע שורה : יואל בלאנק, שלמה ליבער, פנינה באָרנשטיין, אליקים רובינשטיין, דבורה פאָגעל, לייב שטיינוורצל, גאָלדע קנאל, פייגע שלוקער, ... ניסן. צווייטע שורה : מענדל קירשנער, טשאַרנע שטערן, מלכה האָכמאַן, די לערערין שיינערמאַן, חנן דרוקער, וואָווע ראט, מאיר לערער. דריטע שורה : יוסף דאק, חנה פינגער, הערשל קריגער, בן־ציון ווייסמאַן, יוסף קריקער, חנה האָכמאַן, רייזעלע... בערל פינעס, ... משהלע מאָטל קאָפּעל.

# קלאַרא שושני / דערינערונגען פון בית־יתומים

אשדות־יעקב



קלאַרא שושני

און אַט בין איך שוין באַלד 9 יאָר אין לאַנד. דערגרייכט מיין ציל, צו וועלכן כ'האָב אַלע יאָרן געשטרעבט.

די דערגרייכונג איז מיר אָנגעקומען שווער, דער וועג איז געווען אויסגעלייגט מיט יסורים און ליידן און צום סוף: די צווייטע וועלט־מלחמה.

געווען צייטן, ווען כ'פלעג אַריינפאַלן אין יאוש, און כ'פלעג פאַרלירן די האָפענונג. אָבער פלוצעם פלעגט עפּעס אַן אינערליכער כח זיך אַריינרייסן אין מיין נשמה:

— שטאַרק זיך, געדולד, און אַלץ וועט אַדורך, דו וועסט דיין ציל דערגרייכן! דאַן פלעג איך מיט די לעצטע כוחות אַראָפּשלינגען די טרערן, וועלכע האָבן מיך געשטיקט און כ'האָב ווייטער זיך געראַנגלט מיטן גורל.

געבוירן בין איך אין יאָר 1917 אין הארודלע, אַ קליין שטעטעלע לעבן הרוביעשאָוו. נאָך אַלס קליין קינד האָב איך פאַרלאָרן מיינע עלטערן, וועלכע כ'האָב ליידער אפילו נישט באַוויזן צו קענען.

געבליבן בין איך איינזאַם אויף דער וועלט, עלנט ווי אַ שטיין. מיין לעבן איז געוואָרן אַן המשך פון מיין געבורטס־דאַטע, דאָס הייסט אַ סטאַבילע מלחמה פאַר עקזיסטענץ.

שטאַרק איינגעקריצט אין זכרון איז מיר די אַלטעטשקע, אָרעמע פרוי, פייגע לאה האָט זי געהייסן. זי האָט מיך אַריינגענומען צו זיך, מיר אָפּגעגעבן אַ ווינקל, אַ באַנק־בעטל און דאָרט פלעג איך שלאָפן. אַלע פרייטיק פלעגט די אָרעמע, גוטע פרוי צוזאַמענעמען אין די הייזער שטיקלעך ברויט, און מיר דאָס אָנגרייטן אין שופלאַד, וואָס איז געשטאַנען לעבן באַנק־בעטל, און מיט דעם פלעג איך זיך דערנערן אַ גאַנצע וואָך. דער רעזולטאַט: סקראָפל־קרענק. דאַן האָבן בעלי־רחמנות זיך גענומען באַמיען, מען זאָל מיך אַריינעמען אין דער אכראנקע אין הרוביעשאָוו.

כ'געדענק דעם ערשטן טאָג, ווען מען האָט מיך געבראַכט צו דער משפּחה רויטמאַן אין הרוביעשאָוו, און זיי האָבן מיר געוואַרפט אָפּפירן אין בית־יתומים.

קיינמאָל וועל איך ניט פאַרגעסן, ווי שיין און גוט, שרהלע און זישע רויטמאַן האָבן מיר אויפגענומען. שרהלע איז דערשינען פאַר מיר, ווי אַ גוטער מלאך. זי האָט מיך געבאָדן, געוואַשן דעם קאָפּ, אָנגעטאָן ריינע וועש, געהאָלפן עסן, און מיך געלייגט שלאָפן אין אַ ריין, ציכטיק בעט.

כ'געדענק ווי היינט; ליגנדיק דאַן אין בעט, איז דאַכט זיך אויף דער גאַנצער וועלט נישט געווען קיין גלייכן צו מיר, און עס האָט זיך מיר דאַן געוואָלט, אַז די נאַכט זאָל זיך ציען אָן אַ סוף און דאָס גליק זאָל נישט אַנטלויפן פון מיר. אין אַ פּאָר טאָג שפּעטער האָט מיך שרהלע רויטמאַן געבראַכט אין מיין נייער וווינונג, אין בית־יתומים.

דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ ניי לעבן. געציילט האָבן מיר 24 קינדער, יינגלעך און מיידלעך. אונזער אויפזעערין, חנה וויינער, איז געווען ווי אַ מאַמע, טראָץ דעם וואָס זי האָט געהאַט אירע דריי זין און איין טאָכטער צווישן אונז.

ס'זיינען געווען עלטערע און יינגערע קינדער. מיר, די יינגערע האָבן פיל דרך־ארץ פאַר די עלטערע.

די פאַרוואַלטונג פון בית־יתומים איז באַשטאַנען פון די חברים: טענענבוים, עזריאל פינקלשטיין, שרהלע און זישע רויטמאַן, יחיאל פייער, און יעקב ניימאַרק. שווער צו באַגרייפן, ווי איבערגעגעבן זיינען צו אונז געווען יחיאל פייער און יעקב ניימאַרק ז"ל. טראָץ דעם, וואָס זיי זיינען געווען יונגע בחורים, האָבן זיי זייער גאַנצע, פרייע צייט אונז געווידמעט.

יחיאל פייער איז געווען צו אונז, ווי אַן עלטערער, געטרייער ברודער. דער לערער אייזנבערג פלעגט, כמעט, נישט אַרויסגיין פון יתומים־הויז, און צוזאַמען מיט דער לערערין, רחל עפרון, אונז דערציגן מיט ליבע און האַרציקייט. יעדעס קינד איז ביי אים געווען טייער.

ספּעציעל איינגעקריצט אין זכרון זיינען מיר פאַרבליבן די פּסח־סדרים, וועלכע הער טענענבוים האָט געפּראַוועט. ווי אַ גוטער פאָטער פלעגט ער ריכטן דעם סדר ביז שפּעט ביינאַכט. מיר זיינען געווען ביי אים, ווי אייגענע קינדער.

אין צווישנצייט האָט זיך אַלץ געענדערט. יחיאל פייער און דער לערער אייזנבערג האָבן עולה געווען, די עלטערע קינדער זיינען אַוועק אין וואַרשע און פּיאָטריקאָוו לערנען אַ פאַך, נאכהער האָט אויך טענענבוים עולה געווען. חנה וויינער האָט זיך באַפרייט פון דער אַרבעט אַזוי, אַז אַלץ האָט זיך ביסלעכווייז געענדערט. די פאַרוואַלטונג האָט זיך געטוישט, פרעזעס איז געוואָרן פישל זילבערשטיין, וועלכער איז געווען געטריי די קינדער, אָבער דאָס אַלץ האָט געווירקט אויף אונזער אָרט־לעבן, צו וועלכן מיר זיינען שוין געווען געוווינט.

פלוצים איז געשען אַ שווערער איבערברוך אין אונזער לעבן. צום באַדויערן, האָט עס קיינער נישט באַמערקט, און אפילו נישט געפּרווט אַ טראַכט טאָן, וואָס עס טוט זיך אָפּ אין אונזערע, קליינע הערצער. די סיבה איז געווען פאָלגנדע:

די פריערדיקע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער מיט טענענבוים בראש זיינען געווען ציוניסטן. מיר האָבן באַקומען אַ ציוניסטישע דערציונג, סיי אין בית־יתומים, און סיי אין שול. אַלע קינדער, און איך בתוכם, האָבן געהערט צום „השומר־הצעיר". פלוצים איז געקומען אַ באַפעל פון פישל זילבערשטיין, אַז מיר טאָרן נישט געהערן צו קיין שום יוגנט־אָרגאַניזאַציע. מען האָט אונז אַרויסגענומען פון אונזער שול, און געשיקט אין דער פוילישער, אַנטיסעמיטישער שול. אָט דער איבערברוך אין אונזער לעבן האָט שווער געווירקט אויף אונז.

מיר זיינען געוווינט געווען צו אַ וואַרעמער סביבה אין שול, צו אַ חברישקייט פון די לערער, און פלוצים האָבן מיר זיך אָנגעטראָפן מיט שנאה פון פוילישע קינדער און לערער. מיר האָבן פיל געליטן נאָר אַדאַנק דעם, וואָס מיר זיינען שוין געווען גרעסערע קינדער, האָבן מיר זיך אָנגענומען מיט מוט, און באַשלאָסן זיך קעגנשטעלן דעם לימוד אין דער פוילישער שול, און טאַקע אין אַ יאָר אַרום האָט מען אונז צוריקגעשיקט אין דער תל־חי־שול. אויך אין השומר־הצעיר האָבן מיר פאָרגעזעצט גיין. פישל זילבערשטיין האָט זיך איבערצייגט, אַז עס וועט נישט העלפן, האָט ער אויפגעהערט זיך קעגנשטעלן.

יעקב ניימאַרק און פישל זילבערשטיין זיינען אונז געווען זייער איבערגעגעבן. עס איז זיי נישט געווען שווער אונז צו באַזוכן, אָבער דאָס אַלץ, איז זעט אויס, פאַר אונז נישט גענוג געווען, עס האָט אונז געפעלט אַ פריינד, וועלכער זאָל אונז פאַרשטיין. ביז דער לערער מייטשע האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט אונז, אונז אַריינגענומען אונטער זיינע פליגל, און גענומען גוט וואַרעמען.

מייטשע איז געוואָרן אונזער איינציקער פריינד, פאַר וועלכן מיר האָבן זיך געקענט פאַרטרויען, און געפינען אַ טרייסט. דער געפיל, אַז ער פאַרשטייט אונז גרינדלעך, דאָס אַליין איז געווען גענוג צו געפינען אַ טרייסט.

אין הויף פון בית־יתומים האָט זיך געפונען דער יידישער שפּיטאָל און מושב־זקנים. אין שפּיטאָל האָט געאַרבעט אַלס פעלדשער הערש־מאיר רייס. ער איז געווען אַ טייערער מענטש, האָט געהאַט פיל דערפאַרונג אין זיין פאַך, נישט איינמאָל פאַרטראָטן אַ דאָקטאָר און געראַטעוועט מענטשן. פאַר אונז האָט ער פיל געטאָן.

כ'געדענק, ווען אַלע קינדער זיינען פאַרטשאַדעט געוואָרן אין מיטן דער נאַכט, און א סך פריינד פון שטעטל זיינען געקומען אונז ראַטעווען,

דאַן האָט זיך אַנטפּלעקט הערש־מאיר, ווי אַ גוטער מלאך. ער האָט געאַרבעט אַ גאַנצע נאַכט, און געראַטעוועט אַלע קינדער.

צומאָרגנס האָבן מיר זיך געזעגנט, אַז דער באַגראָבער הערש פּלעצעלע איז געשטאַנען אונטערן פענצטער און געוואַרט אויף פּרנסה.

די דירה פון מושב־זקנים איז געווען אַ פינצטער, אומגליקלעך ווינקל. זעט אויס, אַז די שטיצע פון דער גמינע איז נישט געווען גענוג פאַר די אַלטע לייט, אַזוי אַז זיי פלעגן זיך אַרומשלעפּן אַ גאַנצן טאָג איבער די הייזער און בעטן נדבות. די, וועלכע האָבן שוין נישט געקענט אַרומ־גיין, פלעגן נעבעך ליגן אַ גאַנצן טאָג אין שמוציקע, פינצטערע בעטן, און וואַרטן אויפן טויט.

געווען דאָרט אַ פרוי, דוקא נישט קיין אַלטע, אַ הויכע, מיט אַ גרויסן הוט, וועלכע פלעגט זיך אַרומדרייען אין הויף אַ גאַנצן טאָג, און ספּעציעל ביינאַכט. מען האָט זי גערופן: די גרונטפּעסטן. קיינער האָט נישט געוווסט פונוואַנען זי איז געקומען, און ווער זי איז. מיר פלעגן שרעקלעך מורא האָבן פאַר איר, ספּעציעל ביינאַכט.

ווען מיר זיינען גרעסער געוואָרן, האָבן מיר אָנגעהויבן פאַרשטיין, אַז זי איז אַן אומגליקלעכע פרוי, און אַז זי האָט אַדורכגעמאַכט אַ גרויסע טראַגעדיע, און דאָס האָט געווירקט אויף איר. אין אַ צייט אַרום איז זי נעלם געוואָרן און פונקט, ווי קיינער האָט נישט געוווסט פונוואַנען זי איז געקומען, אַזוי האָט קיינער נישט געוווסט וווהין זי איז נעלם געוואָרן.

שפּעטער האָבן מיר געקראָגן אַ דערציערין פון קאָרטשאַקס אַנשטאַלט, פראַנקאַ אַקסנהענדלער. פראַנקאַ איז געווען אַ גוטע דערציערין, מיר האָבן זי זייער ליב געהאַט, ווייל זי האָט אונז פאַרשטאַנען.

אין דער צייט האָט אויך אָנגעהויבן אַריינצוקומען צו אונז דער לערער אַרגון, אַ טייערער און צוגעלאָזענער מענטש. ער איז געווען רעליגיע־לערער אין דער פּוילישער שול און אונז פלעגט ער לערנען העברעישע ליטעראַטור.

די מאַטעריעלע לאַגע פון אַנשטאַלט איז קיינמאָל נישט געווען קיין פרייגלדיקע. די שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט געגעבן אַ קליינע שטיצע, די רעשט האָבן געצאָלט די בעלי־בתים פון שטאָט. הרוביעשאָוו איז געווען אָרעם, אַזוי אַז די שטיצע איז געווען זייער אַ קליינע.

פון צייט צו צייט פלעגט מען איינאָרדענען אַ בלימל־טאָג, אָדער אַ באַל, און דאָס געלט פלעגט גיין פאַרן בית־יתומים. צו אַ גרויסן תכלית האָט מען אָבער נישט געקענט דערגיין און פון פאָרזעצן דאָס לערנען האָט קיין קינד נישט געקענט טראַכטן.

אין די פריערדיקע צייטן פלעגט מען די עלטערע קינדער אַרויסשיקן קיין וואַרשע אָדער פּיאָטרקאָוו, כדי דאָרט צו לערנען אַ פאַך. אָבער מיר האָבן שוין געמוזט אַליין זוכן אַן אויסוועג. מען האָט אונז אפילו געשיקט צו בעלי־מלאכות אין שטאָט, צו שניידער, שוסטער, אָבער דאָס אַלץ איז געווען נאָר כדי יוצא זיין, ווייל די בעלי־מלאכות האָבן זיך נישט געכאַפּט אַזוי שנעל אונז אויסלערנען דאָס פאַך. קודם־כל, האָט מען געדאַרפט אַ פּאָר יאָר זיין אַ שיק־מיידל, נאָכהער האָט מען שוין פאַרדינט וואַסער אויף קאַשע.

צו 15 יאָר בין איך אַריבער אין קריטניצע, דאָרט האָט געוווינט מיינע אַ מומע, פון וועלכער איך האָב קיינמאָל נישט געהערט.



די יתומים פון הרוביעשאָווער בית־היתומים און זייערע כּאַרוואַלטער אין יאָר 1925. הועד והיתומים בשנת 1925.

ערשטע שורה: סאָניאַ קראָנגאָלד, חיה׳קע בעקער, רבקה רויטמאַן, פייגעלע זילבערבערג, פעליאַ שטיך, הינדע פינקעלשטיין־וואָלפענפעלד, חנה פייער, הודי גלאַזבערג און מלכה פריינד. צווייטע שורה: רבקה מייל, מאַני פינקעלשטיין, פאַני ראַפּאַפּאָרט, פעליאַ לערער־ראַטניעווסקי, שרה רויטמאַן, אהרטשע ראַפּאַפּאָרט, יעקב ניימאַרק, מנוחה מאָרגענשטערן, גוניע ראַפּאַפּאָרט, פעליאַ לעדערקרעמער און מאַטל ווערטהיים. דריטע שורה, זיצן: וואַקסמאַן, פראַדל בלומענטאַל־האַלבערשטיין, פערל מאָרגענשטערן־ביטערמאַן, ברכה יונגמאַן, שיינדל שרה ניימאַרק־גאָלדשטיין, עזריאל פינקעלשטיין, דוד טענענבוים, עזריאל בראַנד, מאַרטשע שטיך, בינה ראַפּאַפּאָרט, האָדל ווערטהיים, און אסתרל לערנער. פערטע שורה: גוטשע חיינער, פישל דיכטערמאַן, טוביה וויינער, חיים טראַגער, ישראל ענג, די לערערין רחל עפרון, אביש מינץ, דוד גאָלדמאַן, פערלע אייז, מענדעל מייטערמאַן און שמערל מינץ. פינפטע שורה: קיילע ראָזענבערג, רחלה וואַסינג, לאה׳טשע באָדן, מאָטל קלערער, ברכה היי און מענדעל וויינער. אונטן: יאָסעלע שטערן און טשאַרנע שטערן.

# אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג אין בית־יתומים

זונטיק דעם 28־טן דעצעמבער פ. י. איז פאָרגעקומען אַן אלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די מיטגלידער פון בית־יתומים אין הרוביעשאָוו.

ביי אַ באַדייטנדער צאָל מיטגלידער עפנט דער פרעזעס, פ י ש ל ז י ל ב ע ר ש ט י י ן, די פאַרזאַמלונג. אַלס טאָג־פרעזעס ווערט איינשטימיק אויסגעקליבן, ש מ ו א ל ב ר א נ ד. אַלס סעקרעטאַר לאַדט דער טאָג־פרעזעס איין דעם ה׳ ב ע נ ק ע ל, און אַלס אַסעסאָרן: ד״ר ל י פ ש י ץ און ד״ר פ ר י ד מ אַ ן.

נאָכן פאָרלייענען דעם קאַסע־באַריכט, טרעט מען צו צו דער דיסקוסיע. ס׳האָבן גענומען דאָס וואָרט אייניקע מיטגלידער, וועלכע האָבן באַטאָנט, אַז די לייסטונגען פון דער פאַרוואַלטונג אויפן געביט פון מאַטעריעלער פאַרזאָרגונג פאַרדינט דאַנקבאַרקייט. דאַקעגן אויפן געביט פון דערציונג איז נאָך געבליבן אַ סך צו ווינטשן.

דער פרעזעס ז י ל ב ע ר ש ט י י ן ווייזט אָן, אַז די פאַרוואַלטונג האָט וועגן דער דערציונג פיל געזאָרגט, אָבער זי האָט נישט געהאַט די געהעריקע מיטלען. ס׳ווערט דערקלערט אַן הפסקה אויף 10 מינוט. נאָך דער הפסקה ווערט אַריינגעטראָגן אַ ליסטע פון דער געוועזענער פאַרוואַלטונג, וועלכע ווערט אָנגענומען אַן בלאָק, און אין רעזולטאַט גייען אריין אין דער פאַרוואַלטונג פאָלגנדע פערזאָנען:

| | |
|---|---|
| ס י מ ע ר ע ג ל | ע. פ י נ ק ע ל ש ט י י ן |
| ר ב ק ה ו ו ע ר ט ה י י ם | ד״ר ל י פ ש י ץ |
| ב ר כ ה י ו נ ג מ אַ ן | ד״ר ר ו י ט ע ר |
| ש ר ה ג אָ ל ד ש ט י י ן | י. מ. ש ע ר |
| צ פ ו ר ה ר ע ג ל | י. נ י י מ אַ ר ק |
| פ. ו ו א ר מ א ן | ז. ר ו י ט מ אַ ן |
| פ. ז י ל ב ע ר ש ט י י ן | ש. א ר ג ו ן. |

קאַנדידאַטן:

| | |
|---|---|
| מ א י ר ר ע ג ע ל | י. ה ע כ ט |
| פ ר ו י ג י נ ז ב ו ר ג | י. ש פ י ל ע |
| ג. ו ו א ל ד מ א ן | י. ו ו ע ר ק. |

רעוויזיאָנס־קאָמיסיע:

| | |
|---|---|
| ב ע ר ר א ט | מ. ר אָ ז ע נ ש ט י י ן. |
| ז. ב ר א נ ט | |

הרוביעשאָווער לעבן — נמ. 2, יאנואר 1931

# דער קאָנצערט לטובת דעם בית־יתומים

דינסטיק דעם 10־טן איז אין „דאם ספולדזשעלטשי״ פאָרגעקומען אַ קאָנצערט פון היגן מאַדאָלין־אָרקעסטער אונטער דער לייטונג פון מ. ג ע ר ט ל, מיט דער באַגלייטונג פון פאָרטעפיאן אויסגעפירט דורך ט. ר א פ א פ א ר ט.

גלייכצייטיק האָבן די קינדער פון בית־יתומים, ביי אן איבערפולטן זאַל, אויסגעפירט עטלעכע זייער שיינע בילדלעך, וועלכע האָבן געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף אַלע אָנוועזנדע און אין זאַל האָט אונאויפהערלעך געדונערט פון אַפּלאָדיסמענטן.

און באמת, אויסער דעם, וואָס דער קאָנצערט קען ווערן באַטראַכט אַלס זייער געלונגען, נעמענדיק אין אַכט, אַז ער איז אויסגעפירט געוואָרן דורך אַמאַטאָרן, איז צו באַוואונדערן די דרייסקייט פון די יתומים, וועלכע האָבן זיך פריי באַוועגט אויף דער סצענע און אויסגעפירט זייערע ראָלן מיט אַ מוסטערהאַפטער פינקטלעכקייט און ס׳קומט נישט איינעם אויפן געדאַנק, וואָס וואָלט געוואָרן מיט די אָרעמע יתומים, ווען נישט די פאַרדינסטפולע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער, וועלכע באַמיען זיך אונויפהערלעך אַוועקצושטעלן די אינסטיטוציע אויף דער געהעריקער הויך.

כדאַי זיי אויסדריקן אַ האַרציקן יישר כח.

הרוביעשאָווער לעבן — נמ. 8, 1931.

# קאַסע־באַריכט פון בית־יתומים 1.7.1929 – 1.12.1930

**הכנסה:**

| | | |
|---|---|---|
| מיטגלידס־אָפּצאָל | 2.072,30 | זל. |
| מאַגיסטראַט סובווענץ | 16.118,75 | ״ |
| סיימיק, רעשט פון 1928 | 160.־ | ״ |
| יידישע קהילה | 2.129,50 | ״ |
| צ. ק. אין וואַרשע | 411,80 | ״ |
| נדבות | 2.612,35 | ״ |
| אונטערנעמונגען | 536,40 | ״ |
| פאַרשיידענע הכנסות | 1.420,36 | ״ |
| דעפיציט אויפן 1.12.1930 | 2.305,01 | ״ |
| ס״ה | 27.766,47 | זל. |

**הוצאה:**

| | | |
|---|---|---|
| דערנערונג | 9.945,17 | זל. |
| מעדיצינישע הילף | 153,57 | ״ |
| אַלגעמיינע בילדונג און שול מכשירים | 1.175,35 | ״ |
| פאַך־בילדונג | 360.־ | ״ |
| קליידונג | 3.074,90 | ״ |
| זומער־קאָלאָניעס | 1.298,88 | ״ |
| רעמאָנטן (צוגעבויט אַ נייע שטוב) | 3.173,27 | ״ |
| אינווענטאַר | 1.726,25 | ״ |
| פענסיע־דינערשאַפט | 1.605.־ | ״ |
| באַהייצונג און באַלייכטונג | 1.779,11 | , |
| פאַרשיידענע אויסגאַבן | 1.780,51 | ״ |
| דעפיציט פון 30.6.1929 | 1.694,46 | ״ |
| ס״ה | 27.766,47 | זל. |

די אַלגעמיינע צאָל יתומים אין אינטערנאַט איז 27, אויסער דעם ביי פאַך־בילדונג אין וואַרשע — 5 יתומים.

פרעזעס: זילבערשטיין
קאַסירער: עזריאל פינקלשטיין,
סעקרעטאַר: יעקב ניימאַרק.

הרוביעשאָווער לעבן — נמ. 1, יאנואר 1931

**א שיינער טאט פון דער „קאסא ליודאווא״**

די פאַרוואַלטונג פון דער היגער „גמילות־חסדים״־קאַסע ווערט ממש פאַרוואָרפן מיט ביטעס פון יידן, וועלכע זיינען ערשט נישט לאַנג געווען גאַנץ פאַרמעגלעכע מענטשן און יעצט מוזן זיי אָנקומען נאָך אַ גמילות־חסד פון 50 ביז 100 זל.

צוליב דער באַגרענעצונג אין מיטלען, קען אָבער די פאַרוואַלטונג נישט אַנטקעגנקומען די ביטעס פון אַלע באַדערפטיקע.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם האָט די פאַרוואַלטונג פון דער „קאַסע־ליודאווא״, מיטן הער ש א פ י ר א אין דער שפּיץ, באַשטעטיקט אַנטקעגנצוקומען די ביטע פון דער פאַרוואַלטונג פון דער גמילות־חסד־קאַסע און ערטיילט איר אַ שטענדיקן קרעדיט פון 700 זל. זעלבסטפאַרשטענדלעך אויף אַ זיכערער גוואַראַנציע.

ס׳וואָלט אַ יושר געווען, אַז די איבעריקע היגע בענק, ווי אויך פריוואַטע פערזאָנען, זאָלן ערטיילן דער גמילות־חסד־קאַסע אַ באַשטימטן קרעדיט זי זאָל קענען אַנטקעגן קומען אַלע באַדערפטיקע, וועלכע ווענדן זיך צו איר נאָך אַ גמילות־חסד.

# אליעזר אהרן זאמער / עפּעס וועגן בית־לחם

סאַן־כאָסע, קאָסטאַריקאַ

תחילה האָבן זיך פאַרנומען מיט דער אינסטיטוציע נאָר יחידים, וועלכע זיינען אַרומגעגאַנגען איבערן שטאָט זאַמלען ברויט. קיינער, חוץ די זאַמלער, האָט נישט געטאָרט וויסן, ווער עס נייטיקט זיך אין מתן־בסתר.

איינער פון די הויפּט־זאַמלער איז געווען אַ הויכער ייד, אין אַ כאַלאַטל, וואָס איז געווען לענגער פון אים, מיט אַ פאַרויטלט, אָפּגעסמאַליעט פּנים פון ווינט און זון. אַ גשמיותדיקער גוף, ווי ביי אַ גלגול פון אַ לעגענדאַרן הערקולעס, איז ער טאַקע אויך געווען אַ שטיק לעגענדע.

ער איז געווען, כמעט, דער איינציקער אין שטאָט, וואָס האָט נישט געהאַט קיין באָרד, אָבער נישט דערפאַר ווייל אים האָט זיך געוואָלט עובר זיין אויף אַ לאו אין דער תורה, נאָר פּשוט דערפאַר, ווייל קיין באָרד האָט נישט געוואָלט ביי אים וואַקסן.

ער איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ זאַק און צונויפגענומען ביי די באַלעבאָס־טעס, וואָס האָבן געבאַקט אויף שבת, נאָר גאַנצע ברויטן אָדער חלות. קיין שטיקלעך האָט ער נישט גענומען.

— מיינע מענטשן — פלעגט ער זאָגן — ווילן אויך מאַכן קידוש פרייטיק־צונאַכטס איבער גאַנצע חלות.

געוואָר וווערנדיק, אַז ס׳זענען נאָך דאָ גענוג ברויט־באַדערפטיקע, וועלכע ער האָט פאַרזען, האָט ער זיך צוגעקליבן נאָך 2 יידן, ווי ואָלן אים העלפן אויסצוגעפינען נצרכים.

אַז די 3 יידן האָבן זיך אַרומגעזען, אַז זיי קענען זיך נישט געבן קיין עצה, האָבן זיי צו זיך צוגעקליבן נאָך עטלעכע יידן.

אין די שפּעטערע יאָרן, אין דער צייט ווען עס האָט גענומען אַרומפאָרן גראַבסקיס „עגלה“ און צוגענומען ביי יידן די לעצטע בעבעכעס פאַר שטייערן, האָט שוין ברויט גענומען אויספעלן ביי אַ סך, און די עטלעכע יידן האָבן געזען, אַז עס איז נייטיק צו אָרגאַניזירן הילף אין אַ ברייטערן מאסשטאַב. דעמאָלט איז געגרינדעט געוואָרן די אינסטיטוציע: „בית־לחם“—הרוביעשאָוו.




שטעמפּל פון בית־לחם. חותמת בית־לחם.

די אינסטיטוציע איז זיך נאָך מער צעוואַקסן אין די דרייסיקער יאָרן אין דער צייט פון דער פּוילישער „אָווּשעם“־פּאָליטיק לגבי יידן. דעמאָלט האָט שוין „בית־לחם“ זיך נישט באַגרענעצט מיט טיילן ברויט, נאָר אויך געזאַמלט געלט.

איר לעצטע טעטיקייט איז שוין געווען אין געטאָ, אָבער דעמאָלט האָבן שוין אַלע באַדאַרפט הילף, אַלע האָבן זיך שוין גענייטיקט אין לחם, און אַלע זיינען געווען נעמערס. אָבער „בית־לחם“ איז נאָך פריער אונטער־געגאַנגען, פאַרן אומקום פון הרוביעשאָווער קהל.

פתחו נדיבים! בני רחמנים! את ידכם

ותנו נדבה הגונה, עבור „בית־לחם“

רב טוב יתן לכם ד׳ בכל עסקיכם

ינוומו ד׳ במהרה, נחמה האמירה בכפלים

מנחם ציון ובונה ירושלים.

ברודער: היינט איז אַ חוב צו געדענקן דעם „בית־לחם“ מהרובשוב

יעצט אין דעם קריזיס איז נישטאָ קיין אַנדער ברירה ווי

תשובה, תפילה וצדקה מעבירין את רוע הגזרה.

לאָמיר נישט פאַרגעסן, אַז 180 פאַמיליעס ליידן הונגער און נויט

חאַטש זייערע הערצער צו דערקוויקן נאָר מיט ברויט

מיט פיל גוטס וועט אונז גאָט בענטשן, נישט צו דאַרפן די הילף פון מענטשן.



די גרינדער פון בית־לחם. מיסדי בית־לחם.
שטייען: איטשע באָדנשטיין, גרשון אייזען, נח פייפער, יששכר לאַקס, ישראל ציגעל, משה בעקער און פישל איידעלשטיין. זיצן: פרץ שטורם, לייבל צעדערבוים, בער מגדל, בער בוכטרעגער, מאטע צימעט און דוד צוקערמאַן.

# יענקל סאָלער / די „סומך־נופלים" – קאַסע

מעלבורן, אויסטראַליע



יענקל סאָלער

ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט נישט געפעלט קיין נויט אין שטעטל. מיר האָבן דאָך געהאַט דורכגעמאַכטע שווערע צייטן. אין די מלחמה־יאָרן האָבן אין אונזער שטאָט סטאַציאָנירט רוסיש מיליטער, עסטרייך־אונגאַריש, דייטשיש, פויליש און סאָוויעטיש מיליטער.

אין יאָר 1922 זיינען זיך צונויפגעקומען: פּנחס סאָלער, הערשל שער, ישראל שפּילער, מענדל קאַרפּ, דוד זילבערשטיין און נאָך עטלעכע זיצונגען ביי פּנחס סאָלער אין וואָרשטאַט אויף נאַווי־רינעק 21, האָבן זיי באַשלאָסן צו גרינדן אַ „סומך־נופלים־קאַסע" פאַר נויטבאַדערפטיקע. יעדער איינער פון די גרינדער האָבן זיך באַשטייערט מיט אַ קליינער סומע געלט און אויך צוגעזאָגט צו צאָלן 20 גראָשן אַ מאָנאַט. דער אויסגעקליבענער קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון:

פּנחס סאָלער — פאָרזיצער; הערשל שער — סעקרעטאַר; מענדל קאַרפּ — קאַסירער; דוד זילבערבערג און ישראל שפּילער. אין די ערשטע קאָמיטעטן זיינען אַריין: שלמה רויטער און אליהו ראַב.

מ'האָט אָנגעהויבן זאַמלען געלט אויף חתונות, שמחות און אַנדערע אונטערנעמונגען.

די שטיצע פאַר אַ נויטבאַדערפטיקן איז געווען 5 זלאָטעס. מיט דער צייט האָט זיך פאַרגרעסערט, סיי די צאָל געבער, סיי די צאָל נעמער.

אין יאָר 1924 האָט דער קאָמיטעט באַשלאָסן צו פאַרוואַנדלען די „סומך־נופלים־קאַסע" אין אַ ליי־קאַסע. צו דער פאַרזאַמלונג זיינען שוין געקומען 120 מענטשן. עס איז געזאַמלט געוואָרן 500 זלאָטעס און די ליי־קאַסע איז לעגאַליזירט געוואָרן ביי דער מאַכט.

באַדערפטיקטע האָבן זיך אָנגעהויבן ווענדן נאָך הלוואות. ווער עס האָט באַדאַרפט, כדי צו דערהאַלטן דעם וואָרשטאַט אָדער דאָס קרעמל, אַנדערע אויף האַלץ, מצות אויף פּסח, ווער אויף אַ דאָקטער און ווער גאָר צו באַצאָלן שטייערן דער מלוכה.

מ'האָט געבאָרגט צו 50 זלאָטעס, אָן צינזן און אויסגעצאָלט צו 5 זלאָטעס אַ חודש. כמעט אַלע פלעגן אומקערן די חובות, מיט אַ קליינעם אָפּצאָל פאַר דער קאַסע. ווינטערצייט פלעגט די קאַסע צושיקן האָלץ און קאַרטאָפל פאַר אָרעמע און העלפן פראַווען חתונות.

די גאַנצע אַרבעט פון דער קאַסע איז געפירט געוואָרן, פאַרשטייט זיך, פרייוויליק, אָן וועלכן ס'איז געהאַלט, כאָטש מי און אַרבעט איז געווען גענוג. מיט דער צייט האָבן זיך אָנגעזאַמלט שוועריקייטן, ס'האָבן זיך געמערט די וועלכע האָבן נישט געוואָלט אָפּצאָלן די חובות און אַזעלכע, וועלכע האָבן נישט געקענט.

שווער איז געוואָרן דער מצב אין די דרייסיקער יאָרן, ווען די עקאָנאָמישע לאַגע האָט זיך פאַרערגערט. אין דער קאַסע קומט אַריין אַלץ ווייניקער געלט און דאַן איז אויף אַ באַראַטונג פון דער פאַרוואַלטונג באַשלאָסן געוואָרן די קאַסע צו ליקווידירן. דאָס איז געווען אין יאָר 1937. פאַר דעם לעצטן געבליבענעם געלט האָט מען געקויפט האָלץ און עס צעטיילט צווישן באַדערפטיקע.

15 יאָר איז געווען טעטיק די קאַסע.

דאָס אַלץ האָט מיך איבערגעגעבן דער גרינדער, פּנחס סאָלער, און איך האָב עס פאַרצייכנט.

## ס'איז שוין צייט

ס'וואָלט געוויס געווען אַ איבעריקע זאַך, ווען מ'זאָל דאַרפן קומען און דערקלערן די נויטווענדיקייט פון אַדורכפירן אין אונזער שטאָט אַ ווינטער־אַקציע פאַר דער אָרעמער, יידישער באַפעלקערונג.

ס'וואָלט אָן ספק געווען איבעריק, ווען מ'זאָל קומען און דערקלערן, אַז עס געפינען זיך ביי אונז אין שטאָט הונדערטער, יידישע פאַמיליעס אַ גאַנץ יאָר אין הונגער און נויט און וועלכע זיינען ווינטער דאָפּלט אומגליקלעך צוליב דער גרויזאַמער קעלט, מיט וועלכער זיי מוזן קעמפן, נישט באַזיצנדיק קיין מאַטעריאַל מיט וואָס צו דערוואַרעמען זייערע געפרוירענע לייבער אין זייערע ענגע, נאַסע, און קאַלטע קעלער און בוידעם־שטיבלעך.

עס איז איבעריק צו מאָלן די טרויעריקע לאַגע פון די דאָזיקע אומגליקלעכע נפשות אין איר אמתער, שוואַרצער פאַרב, וואָרום יאָר איין איין יאָר אויס, ווערט ביי אונז אין שטאָט אַזאַ אַקציע דורכגעפירט, און ווי ס'זאָל נישט זיין, ווערן דורך איר פיל פאַמיליעס אונטערשטיצט אין זייער פאַרצווייפלטן קאַמף.

זאָלן דאָס די היגע געזעלשאַפטלעכע עסקנים נעמען אין אַכט און זיך באַמיען וואָס פריער די אַקציע אַדורכפירן. זאָלן זיי שוין אָנהויבן די זאַמלונג צווישן דער היגער, יידישער באַפעלקערונג און זען, אַז די שטיצע זאָל קומען צו דער ריכטיקער צייט, און דער נויטבאַדערפטיקער זאָל האָבן פון איר דעם געוווּנטשענעם נוצן.

אין פיל שטעט ווערן איינגעאָרדנט ווינטער ביליקע קיכן, ווו דער אָרעמער אַרבעטסלאָזער באַקומט פאַר אַ מינימאַלן אָפּצאָל אַ ביסל געקעכץ, אָדער טיי־האַליעס צו געבן אַ גלאָז טיי מיט ברויט בחינם. עס וואָלט שוין צייט געווען, אַז אויך ביי אונז אין שטאָט זאָל אַזאַ קיך געשאַפן ווערן, ווייל עס פעלן דאַכט זיך נישט ביי אונז אַזעלכע, וואָס וואָלטן זיך מיט דעם דאָס לעבן דערהאַלטן.

די קהילה טאָר אויך נישט שטיין פון דער ווייטן, אַלע יידישע קהילות אין פוילן נעמען אַנטייל אין די ווינטער־אַקציעס, וואָס ווערן אין זייערע שטעט געשאַפן און אויך די היגע קהילה טאָר נישט זיין קיין אויסנאַם.

זאָל מען זיך אויך נעמען אַדורכפירן די אַקציע, ווייל עס איז שוין צייט.

הרוביעשאָווער לעבן, נומ. 52, דעצעמבער 1930

# אליהו גרטל / הספריה על שם י.ח. ברנר

רמת־יוחנן

בבואי לכתוב על הספריה ע"ש י. ח. ברנר בהרובישוב, אני נזכר בדמויותיהן של קוראיה. בעיני רוחי אני רואה נערות בגיל־ההתבגרות. לבושן — צנוע, מבטן — ביישני והלוכן של בנות ישראל כשרות. עומדים לפני נערים מתבגרים, לבושים ארוכות, חבושים כובעי חסידים שחורים, הם צועדים מתונות ומפנים דרך לבני תורה. לפי חזותם החיצונית לא ניכר הבדל בין צעירים ישרי־דרך לבין אבותיהם החנונים, הרוכלים והמתוכים למיניהם, שנתיב חייהם קבוע מדורי דורות: מדירת המגורים לחנות ומשם לשטיבל.



אליהו גרטל

הדור הצעיר המשיך, ברובו, בדרכי האבות. הוא בילה בשטיבל ושקד על לימוד הגמרא. אבל בתוך תוכם הרגישו הנערים, שעליהם לצאת ממעגל חייהם הנוקשה והסגור ולחתור לחיים חדשים.

הנערות והנערים גישׁשו וצעדיהם הראשונים הובילום לספריה של צעירי־ציון ע"ש י. ח. ברנר. הספריה היתה להם למורה־דרך נאמן. הספרים הרחיבו את האופק והעניקו ראשית דעת והשכלה. היינו יוצאים מהספריה, כשה"ביכל" מוצנע מתחת לקאפאטע הארוכה, כי יראנו פן יחשבונו לפורצי דרך התורה.

רבים היו הספרים בספריה. רובם ביידיש ומיעוטם בעברית. הקריאה בספר היתה כעין המשך לימוד הגמרא. קראנו מתוך עיון וכובד ראש. השתדלנו לחדור לצפונותיו של הסופר בעיצוב דמותו של הגבור. ספר טוב שימש נושא לויכוח ותוך כדי כך הובהרו הדברים והועמדו על דיוקם.

כאן, בין כתלי הספריה, עשינו היכרות ראשונה עם בנות הרובישוב החמודות. בשיחת היכרות ראשונה היתה הנערה מנמיכה מבטה, כאילו נתפשה בקלקלתה, אולם במשך הזמן הכרנו זה את זו, התידדנו והשיחה קלחה גלויה וחפשית.

בערבים היינו מטיילים נערות ונערים ברחוב פאנסקה המרווח. מטיולים ברגל עברנו לשיט בנהר. הפלגנו בסירת משוטים שכורה בנהר העוטר את הרובישוב, התאמנו בחתירה במשוטים, ערכנו התחרות סירות, התעייפנו והתענגנו.

בשבתות היינו סרים לכפר בראדיץ הסמוך, ולוגמים שמנת קרה מלוא הכד. אחר כך היינו מטיילים בחורשה הסמוכה, מתפרקדים, זוגות זוגות מתחת לעצי אורן ריחניים ומפטפטים פטפוטי מה־בכך.

הספריה חינכה אותנו לחברות ולנאמנות, אולם לא היה לנו כל חלק בניהולה, היא היתה בבעלותם של צעירי־ציון. ועד המפלגה ניהל את הספריה ואנחנו הקוראים היינו נמנים, ברובנו, על מפלגת פועלי־ציון, כך שלגבי עבודה בספריה, היינו נתונים במצב של פסיביות מלאה.

ועד צ. צ. היה עמוס עבודות מפלגתיות ולא יכול להתפנות לפעולה תרבותית מסועפת. בכאב עקבנו אחרי העבודה התרבותית של הספריה בזמושץ' הסמוכה. עם הופעת "פוילישע וועלדער" ליוסף אופאטושו או "דאס שטעטל" לשלום אש קיימה זמושץ' נשף ספרותי, והזמינה סופרים מפורסמים להרצאות. כל הפעולות האלו נעשו על ידי הספריה שהתנהלה על ידי ועד הקוראים, ואילו בהרובישוב נמצאה הספריה במרותו הבלעדית של ועד צ. צ. שהעניק לנו מזון רוחני במידה ובמשורה. ראינו הכרח לשנות את פני הדברים והגשנו לועד צ. צ. דרישה בכתב, חתומה על ידי מאות קוראים, לקרוא לאספה כללית.

אספת הקוראים בהשתתפות ועד צ. צ. התקיימה ובה הוסכם לבחור בועד לעניני הספריה מורכב מבאי־כח ועד צ. צ. ומשלושה נציגי הקוראים. זה היה בשנת 1924 ומאז התחילה פעילותנו התרבותית.

נציגינו בועד קבלו על עצמם תפקיד של ספרנים במקום הספרנית שרה הי ז"ל, שהתפטרה וקבלה פצויים. ספרנינו נהגו להתאים את הספר לגילו ולהשכלתו של הקורא. בראשונה עורר הדבר תרעומת והיו קוראים שראו בזה "התערבות והגבלת חופש הפרט", אך במשך הזמן קבלו את הנוהג החדש ברצון.

בעבודתנו נעזרנו על ידי המורה לעברית בבית־ספר "התקוה", החבר איזנברג־אשד, הנמצא כיום בקבוץ עין־חרוד. מזמן לזמן היינו מקיימים ערב ספרותי, ערב שאלות־ותשובות או מסיבות־בילוי, שהכנסותיהן קודש לצרכי הספריה. עמדנו בקשרים עם המדור להרצאות, אשר ליד אגודת הסופרים היהודית בווארשה, ולעתים קרובות היה בא אלינו סופר יהודי להרצאה. ההרצאות התקיימו באולם "אואזא". ההמונים בהרובישוב השתוקקו לשמוע הרצאה מפי סופר יהודי מפורסם ותמיד מלאו את האולם עד אפס מקום.

נחרת בזכרוני ביקורו של הסופר יוסף אופאטושו. בהגיעו ברכבת, קבלנו את פניו בזרי פרחים ובברוך־הבא, שהביא את הסופר לידי התרגשות. להרצאתו באולם "אואזא" באו המונים, האולם לא יכול היה להכילם, ורבים צבאו על החלונות ועל הדלתות הפתוחים.

יסדנו חוג דראמאטי בהדרכתו של מייטשע הופמן, כיום בקבוץ שפיים. החוג הציג את המחזה "הזכייה הגדולה" לשלום־עליכם בהצלחה וההכנסה היתה קודש לספריה ולבית־הספר.

הספריה התרחבה. רכשנו כל ספר חדש בעברית או ביידיש, מיד עם הופעתו. כתוצאה מזה נוספו קוראים רבים. החלפת ספרים היתה מתקיימת שלוש פעמים בשבוע, נגד תשלום מינימלי. עיקר ההכנסה היה ממפעלים מיוחדים כגון: ערבי־ספרות, מסבות, הצגות תיאטרון וכו'. ראוי לציין, שכל העבודה התרבותית, כולל הספרנות, נעשתה על ידינו בהתנדבות. נוהג זה היה קיים גם בספריה על שם י. ל. פרץ מיסודו של ה"בונד", בה עבד בהתנדבות ובמסירות העסקן הידוע, יצחק שמעון פייפער ז"ל.

בשנת 1926 עברה הספריה לדירה מרווחת בת שלושה חדרים. ארגנו חדר־קריאה ללא תשלום. ערב־ערב היה הנוער ממלא את חדר־הקריאה. בלטו נערות ונערים, פרחי שוליות של חייטים ונגרים, בני עניים, יושבי דירות רעועות שבתקופת החורף היו מופקרים לקור עז ולגשם דולף דרך שברי הרעפים. היתה זאת חוויה נעימה לפרחי שוליות אלה לשבת בחדר מוסק, מואר ולקרוא עתון ביידיש, מתוך הרחבת הדעת.

ביחוד התרחבה הפעולה התרבותית עם איחודו של צ. צ. ופועלי־ציון, שחל באותה התקופה. המפלגה המאוחדת עברה לדירת הספריה, והעבודה נעשתה תוך תיאום מלא. קבלנו לרשותנו את בית־הספר "התקוה" ושנינו את שמו ל"תל־חי". מורי בית־הספר נענו לנו והתגייסו לפעולה תרבותית. כמעט בכל שבת התקיימה הרצאה על נושא ספרותי. התקשרנו עם מרכז "ייווא" בוילנה, העברנו לו חומר פולקלורי והקצבנו לו הקצבה כספית.

הנוער היהודי בהרובישוב היה מחונן ביזמה ובמסירות. היה ישר בדעותיו ונועז בפעולותיו. בשטח הארגוני והתרבותי עשה גדולות, אולם מצבו הכלכלי היה בכל רע. החרם הכלכלי מצד העם הפולני וממשלת פולין סגר את הנוער היהודי במעגל חנק של פרנסות עלובות, שעבר זמנן (חנות קטנה, רוכלות, עסקי תווך פעוטים וכדומה). בעלי־המלאכה נאבקו על קיומם נוכח ההתחרות של בתי חרושת הפולניים, שהציפו את השוק בתוצרת זולה. הנוער היהודי ראה, שהבסיס הכלכלי נשמט מתחת לרגליו, וכי במוקדם או במאוחר יהיה נאלץ לעזוב את הכל ולנוד לקצוי תבל.

בחדרי הספריה ישבו הבחורים שלנו והתחבטו בשאלה הגורלית: לאן? אי הארץ, שתתן עבודה ומנוחה לנודד היהודי הצעיר? שקלו וטרו ולא הגיעו לכלל פתרון אחיד המתקבל על דעת כולם, ויצא שחלק מהנוער נרשם ל"החלוץ", נסע להכשרה ועלה לארץ. אחרים הגיעו בנדודיהם לארצות רחוקות, לארגנטינה, ברזיל ואוסטרליה, אולם לרובו הגדול של צעירי הרובישוב לא היו האמצעים הדרושים להגירתו. הוא נשאר בהרובישוב ונשמד על ידי הצורר הנאצי.

יהיו דפים אלה ציון צנוע לזכרם של קדושינו היקרים.

# אליהו גערטל / די טעטיקייט פאַרן ייוו״א

רמת־יוחנן

ווען מיר קומען אָפּשאַצן אונזער טעטיקייט אויפן קולטור־געביט, טאָרן מיר נישט אַדורכלאָזן אַזאַ וויכטיקן צווייג, ווי ייוו״אָ. איידער כ׳וועל דערציילן וועגן איר טעטיקייט, איז כדאי זיך אָפּצושטעלן אויפן כאַראַקטער און אויפגאַבן פון דער אינסטיטוציע.

דער ייוו״אָ (יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט) איז געגרינדעט געוואָרן אין ווילנע אין יאָר 1925 דורך אַ גרופּע יידישע וויסנשאַפטלער און קולטור־טוער. זיין אויפגאַבע: זאַמלען און פאָרשן די רייכע אוצרות פון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור, פאָלקס־מעשיות, לעגענדעס, פאָלקסלידער, כדי דורך אַ וויסנשאַפטלעכער באַאַרבעטונג דערקענען דעם יידישן לעבנס־שטייגער פון נעכטן, וואָס האָט אַ גרויסע השפּעה אויפן היינט.

אמת, אויך פאַר דער גרינדונג פון ייוו״אָ איז פיל געטאָן געוואָרן אויף דעם געביט. אונז איז באַקאַנט די באַוווסטע עקספּעדיציע פון שריפטשטעלער, אנסקי ז״ל, מיטן מוזיקער ענגעל, וועלכע זיינען נאָך פאַר דעם ערשטן וועלט־קריג אַרומגעפאָרן איבער שטעטלעך פון פּוילן, וואָלין און אוקראַינע און א סך אויפגעטאָן אויף דעם געביט.

ווען דער ייוו״אָ האָט זיך געשאַפן, האָבן מיר געפילט, אַז דאָס איז אַ געשעעניש אין דער צייט, ווייל די באַדערפעניש פון אַן אָרגאַניזירטסיסטעמאַטישער אַרבעט האָט זיך שוין פון לאַנג געפילט.

באַלד אין דער ערשטער צייט האָט ייוו״אָ אַרויסגערופן פיל באַגייסטערונג אין פּוילן און אין אַנדערע לענדער. ס׳זיינען צוגעשטאַנען צו דער אינסטיטוציע יחידים (פריינט פון ייוו״אָ), ווי אויך זאַמלערקרייזן, פון פאַרשיידענע גרופּירונגען און פּאַרטייען, פון עקסטרעמע יידישיסטן ביז צו די ציונים כלליים. אַלע, וואָס האָבן געהאַט אינטערעס פאַרן זאַמלען ווערטן פון עבר, זיינען צוגעשטאַנען צו דער אַרבעט.

באַשטאַנען איז דער ייוו״אָ פון עטלעכע סעקציעס, ווי ידי פילאָלאָגיש־היסטאָרישע, עקאָנאָמיש־סטאַטיסטישע, פּסיכאָלאָגיש־פּעדאַגאָגישע. אַרום די סעקציעס האָבן זיך גרופּירט די באַדייטנדסטע יידישע פאָרשער, וויסנשאַפטלער און סטודענטן. ס׳זיינען ענשטאַנען פיל קאָמיסיעס, איינע פון זיי איז געווען — די עטנאָגראַפישע. אָט, צו דער קאָמיסיע איז דער שרייבער פון די שורות צוגעשטאַנען. מיט באַשיידענע מיטלען האָב איך אָנגעהויבן זאַמלען מאַטעריאַלן אויפן געביט פון פאָלקלאָר און עטנאָגראַפיע.

כ׳האָב געזען, אַז ביי אונז וואַלגערן זיך אוצרות פון פאָלקס־מעשיות, לעגענדעס, און שפּרוכן. דאָס אַלץ מוז ווערן צונויפגעזאַמלט און אויב נישט איצט — ווען? דאָס איז געווען מיין לאָזונג. כ׳האָב באַזוכט חדרים און תלמוד־תורהס, געזאַמלט לידער, שפּילן, געקומען אין קאָנטאַקט מיט מלמדים, וואָס האָבן, אויף וויפל כ׳געדענק, נישט געשטערט צו זאַמלען, אָבער אַ טייל פון זיי האָט געשמייכלט: אַזאַ גרויסער בחור פאַרנעמט זיך מיט נאַרישקייטן. זיי האָבן אָבער אויך געהאָלפן. כ׳בין געקומען אין קאָנטאַקט מיט לומדים, בעלי־מלאכות, קאָפּירט פּנקסים פון חברות און סתם יידן, וואָס האָבן וואָס צו דערציילן. ווי כ׳האָב שוין דערמאָנט, איז די אַטמאָספער, לכתחילה, געווען נישט אַזאַ וואַרעמע, מען האָט אין דעם געזען פּערזענלעכע האָבי, נישט פון אַלגעמיינער וויכטיקייט, אָבער מיט דער צייט האָט מען דאָס אָנגעהויבן אַנדערש אָפּצושאַצן.

צווישן אַלע זאַמלונגען וויל איך דערמאָנען אַזעלכע, וואָס האָבן אַ ספּעציפישן, לאָקאַלן ווערט. ווי וועגן מבין, וואָס האָט געלעבט ביי אונז אין שטאָט און געלערנט אינם קליינעם בית־מדרשל. ווי מען דערציילט, האָבן זיי געוואָלט אַראָפּברענגען משיחן און דער בעל־שם־טוב האָט זיי אָפּגעהאַלטן דערפון, ווייל אין דוחקים את הקץ. כ׳האָב פאָטאָגראַפירט דאָס טישל, ווו זיי האָבן געלערנט (ווו אברהם בראַנדט ז״ל האָט געהאַט זיין שטאַט) און אויך די מצבות אויפן הייליקן אָרט.

אַנטקעגן דער גרויסער שול איז געווען אַרומגעצוימט אַ שטח, וואָס מען האָט עס גערופן דאָס בית־עלמנדל. ווי כ׳געדענק, האָט מען דערציילט, אַז אויף דעם אָרט זיינען איינגעזונקען געוואָרן חתן־כלה, שטייענדיק אונטער דער חופּה. ס׳ווערט אויך דערציילט אַ צווייטע ווערסיע, אַז דאָס אָרט איז פאַרבונדן מיט גזרות ת״ח ות״ט פון כמיעלניצקיס צייטן, ווען פון אונזער שטאָט זיינען אומגעקומען א סך יידן און דאָרט איז אַ חלק פון זיי באַערדיקט געוואָרן.

נאָך אַ גירסא, אַז דאָס בית־עלמנדל איז נאָר אַ סימבאָל, און געפינט זיך אין פיל שטעטלעך פאַר דער שול, כדי אַלע, וואָס גייען מתפּלל זיין, זאָלן האָבן פאַר זיך דאָס בילד פון אַ בית־עלמין, ווערט מען ווייניקער זינדיקן. אַלענפאַלס, כ׳האָב פאַרשריבן אַלע ווערסיעס וועגן בית עלמנדל.

כ׳האָב אויך אַוועקגעשיקט פאַרשיידענע פאָטאָ־אויפנאַמען, וואָס זיינען אמערסטן געמאַכט געוואָרן דורך דעם סטודענט י. קרייצער ז״ל.

ס׳איז כדאי צו דערמאָנען אברהם אלי גרובער ז״ל (אָדער ווי מען האָט אים גערופן אברהם אלי בדחן), וועלכער האָט איבערגעגעבן זייער אַ סך פאָלקס־לידער און אויך אברהם יששכרס ז״ל אָדער, ווי מען האָט אים גערופן אברהם דעם פאַרבערס. ווער געדענקט אים ניט? אין די יונגע יאָרן איז ער געווען אַ זינגער, אַ משורר ביי דעם באַוווסטן חזן ניסי בעלזער פון בערדיטשעוו. אַלס קינד האָט ער געהאַט אַ גוטע אַלט־שטימע, האָט אים זיין פאָטער געשיקט אַלס משורר. שפּעטער איז ער צוריקגעקומען אין שטאָט, חתונה געהאַט, געעפנט אַ געוועלבל, אָבער דער גייסט איז געווען — נגינה. אין יענע יאָרן אַ חסידישער יונגערמאַן (ער האָט געדאַוונט אין טריסקער שטיבל), וואָס האָט געשריבן און געלייענט נאָטן, איז געווען אַ זעלטענע דערשיינונג. אָט, דער אברהמל יששכרס ז״ל האָט פיל געהאָלפן ביים אויפשרייבן חסידישע ניגונים, תפילות און סתם פאָלקס־לידער. ערע זיין אָנדענק!

כ׳וויל נאָך דערמאָנען אונזער מאַטעריעלע הילף פאַרן ייוו״א. אַזוי, למשל, האָט אַ לענגערע צייט זיך באַשטייערט אונזער י. ח. ברענער־ביבליאָטעק מיט 5 זלאָטעס אַ חודש. דאָס איז געווען אַ סימבאָלישע הילף, אָבער מאָראַליש האָט עס געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג. אונזערע ראַטמענער פון פּועלי־ציון: האָפמאַן י. וואַקסמאַן און גערטל האָבן אַריינגעטראָגן דעם פאָרשלאַג צו שטיצן ייוו״אָ און מיט דער הילף פון אַלע פראַקציעס האָט דער שטאָט־ראַט דעמאָלט באַשטימט 200 זלאָטעס פאַרן ייוו״אָ.

נאָך אַ גרעסערע דערגרייכונג איז געווען דאָס באַשטימען 100 זלאָטעס פון דער קהלה. מיר האָבן געזען אין דעם אַ גוואַלדיקע דערגרייכונג אין יענער צייט. צו דעם האָט צוגעהאָלפן אונזער רב, ווערטהיים, וועלכער האָט באַווירקט צו באַשטעטיקן די סומע.

אויסער די אַנדערע דאזארן, דערמאָנען מיר דאָ דעם פאָרזיצער פון קהילה אין יענער צייט, שלמה רעגל ז״ל, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן פאַרשטענדעניש פאַר דער זאַך.

אָט, די אַלע באַשיידענע זאַכן זיינען געטאָן געוואָרן פאַרן ייוו״אָ ביי אונז אין שטאָט ביזן יאָר 1929־30. נאָכדעם ווי כ׳האָב זיך באַטייליקט אין דער ערשטער קאָנפערענץ פון ייוו״אָ אין ווילנע, איז די אַרבעט איבערגעריסן געוואָרן, צוליב מיין עליה קיין ארץ־ישראל. כ׳מוז דערמאָנען, אַז די אַרבעט האָט איבערגעלאָזט שפּורן. אויף וויפל כ׳געדענק, האָט זיך געשאַפן אַ ייוו״אָ־קרייזל פון שול־יוגנט, אָבער וועגן זייער טעטיקייט ווייס איך ווייניק וואָס צו דערציילן, כ׳בין שוין דעמאָלט געווען אין ארץ־ישראל.

כ׳וויל נאָך דערמאָנען, אַז אין יאָר 1935 האָב איך אָנטיילגענומען אין אַ צונויפקום פאַרן ייוו״א אין תל־אביב מיט דער באַטייליקונג פון ד״ר ווייינריך, וועלכער איז דעמאָלט געקומען צו גאַסט קיין ארץ־ישראל.



װאָס פאַראַ ספרימלעך פאַרקויפט דער מוכר־ספרים?
מה אפשר לקנות אצל מוכר־ספרים זה?

# יחזקאל אדער / נאָטיצן וועגן דער קולטור־אַרבעט*)

מעלבורן, אויסטראַליע

דער אָנהויב פון קולטור - אונטערנעמונגען ביי אונז, אין הרוביעשאָוו, דאַטירט זיך פון די יאָרן 1918—1919. פּסח־צייט, ווען ס׳פאַלט אויס י. ל. פּרצעס יאָרצייט, איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַן אַקאַדעמיע ביי הער־שעלע נחס אין דער קאַמעניצע. דאָרט האָט זיך אויך געפונען די נישט־לאַנג געגרינדעטע ביבליאָטעק. שפּעטער, ווי מיר ווייסן, איז די ביבליאָטעק צעשפּליטערט געוואָרן, לויט פּאַרטיי־איינשטעלונגען.

צו דער אַקאַדעמיע האָט מען זיך זאָרגפעלטיק צוגעגרייט. מ׳האָט אפילו איינגעלאַדן דעם באַגאַבטן צייכנער, אברהם הובעל, צו צייכענען קינסטלערישע אפישן פאַר דער אונטערנעמונג. דאָס איז זעלבסט־פאַרשטענדלעך געווען אַ קאָסטבאַרע אַרבעט, וואָס אפילו איצט קענען מיר זיך דאָ נישט שטענדיק דערלויבן. דאָס גיט מער ווייניקער אַ באַגריף וועגן דער באַציאונג פון אונזערע הרוביעשאָווער קולטור־טוער צו דער אַרבעט.

דער פּראָגראַם איז געווען אַ פאַרשיידנאַרטיקער. י. ל. פּרצעס איינאַקטערס זיינען אויסגעפירט געוואָרן דורך אַ גרופּע אַמאַטאָרן. פאָלקס־לידער זיינען געזונגען געוואָרן דורכן כאָר אונטער דער אָנפירונג פון אַן עסטרייכיש־יידישן אָפיצער, וועמענס נאָמען כ׳האָב פאַרגעסן. די אַקאַדעמיע האָט געהאַט אַ גוואַלדיקן דערפאָלג און האָט באַווירקט אַן אינטענסיווע קולטור־טעטיקייט.

פון דער ערשטער אונטערנעמונג ביז מיין פאַרלאָזן פּוילן זיינען, כמעט יעדן פּסח, פאָרגעקומען פּרץ־אַקאַדעמיעס.

מיטן אנשטיין פון די פּאַרטייען איז די קולטור־אַרבעט נישט קאָאָרדינירט געוואָרן. ס׳פלעגט טרעפן, אַז איינע און די זעלבע אונטערנעמונג פלעגט איינגעאָרדנט ווערן דורך צוויי באַזונדערע אינסטיטוציעס אָדער פּאַרטייען.

קריזיסן זיינען אָבער אומפאַרמיידלעך אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. דער עולם איז געוואָרן גלייכגילטיק צו אונזערע לאָקאַלע טוער, עס האָט זיך אָנגעהויבן פילן אַ מין דעפּרעסיע, דער שוווּנג איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן און אונזערע טוער האָבן דערפילט, אַז מ׳מוז אויף שנעל ברענגען „גיכע־הילף״, פּראָפעסאָרן פון אַנדערע מקומות, זיי זאָלן צוהעלפן שאַפן די געהעריקע אַטמאָספער פאַר דער ווייטערדיקער קולטור־אַרבעט.

איך געדענק נישט גענוי וועלכע אינסטיטוציע איז געווען די ערשטע איינצואָרדנען אימפּרעזעס מיט פּרעלעגענטן פון דער פרעמד. אָבער עס איז געוואָרן אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג: אַרטיסטן און רעפערענטן פון וואַרשע.

פון צייט צו צייט זיינען אויך צופעליק אַראָפּגעקומען אויף גאַסטראָלן טעאַטער־אַנסאַמבלען און רעציטאַטאָרן. אַזוי, אַ שטייגער, איז אַ באַזוך פון אַ געוויסן זינגער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פעסטיוואַל און האָט איבערגעלאָזן גאָר אַ שטאַרקן רושם אויף די באַזוכער. דאָס ליד „צוויי פויגעלעך זיינען איבערן וואַסער געפלויגן״, וועלכעס ער האָט אויסגעפירט, איז דעמאָלט געזונגען געוואָרן אומעטום, אין אַלע וואַרשטאַטן ביז אויף דער פאַנסקע גאַס.

באַזונדערס האָט זיך אין יענער צייט אויסגעטיילט די יונגע גרופּע: עלע פינקלשטיין, שבעלע מילנער, י. ש. פייפער, מאָטל בענקעל, י. שווערדשאַרף, הינדע פירשט, בלאַנק, יצחק אייזן, מ. גרינבוים, נתן זייד, ש. ע. אייזן, פאַלאַסט און ע. קאָרן. די קולטור־ענטוזיאַסטן האָבן געאַרבעט אין דער פּרץ־ביבליאָטעק. שפּעטער איז דער גרעסטער טייל פון זיי אַריין אין דער בונדישער פּאַרטיי און אין אַנדערע ריכטונגען. כ׳געדענק, ווי די גרופּע פלעגט אַרויסגיין שפּאַצירן אויף דער גאַס מיט אַ געזאַנג פול מיט האָפענונג. דאָס האָט אפילו נישט געשמעקט אונזערע פּוילישע שכנים, אָבער יונגוואַרג האָט זיך דערמיט ניט גערעכנט, האָט געעפנט די פליגל, נאָך אַזויפיל יאָרן זיצן אין דער ענגער שטייג פון ד׳ אמות של הלכה.

דיזעלבע, וועלכע כ׳האָב דאָ פריער דערמאָנט, זיינען נאָכדעם געווען מיטגלידער פון ערשטן ספּאָרט־קלוב, אינסרוקטירט פון אַן אָפיצער פון דער עסטרייכישער אַרמיי. כ׳מוז אונטערשטרייכן, אַז די יוגנט האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין אינטערעס פאַר ספּאָרט. זי האָט זיך געוואָלט פאַרנעמען מער מיט זעלבסטבילדונג. אין יענער צייט איז געעפנט געוואָרן אַ פאָלקס־אוניווערזיטעט, וואָס האָט געאַרבעט זייער אינטענסיוו און גענאָסן פון אַ גרויסער צאָל באַזוכער.

דאָס איינלאַדן פּרעלעגענטן פון וואַרשע און פון אַנדערע שטעט איז שוין, אין יענער צייט, געווען כמעט, ווי אַ טראַדיציע.

דער טראַדיציאָנאַלער פּסח האָט געמוזט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ פּרץ־יום־טוב, פּונקט ווי עס וואָלט עקזיסטירט אַן אָפּמאַך מיטן רעליגיעזן טייל פון דער שטאָט. איר פּראַוועט אייער יום־טוב און פּאַראַלעל אונזער יום־טוב. צו זיי האָבן דאָס געוואָלט, אָדער נישט, זיי האָבן אָבער געמוזט אַראָפּשלינגען די ביטערע פּיל. ס׳לעבן איז געווען פיל שטאַרקער.

ספּעציעלע אויפנאַם־קאָמיטעטן פלעגן אָרגאַניזירט ווערן צו באַגעגענען און כדי צו באַזאָרגן דעם אָדער יענעם חשובן גאַסט מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן בעת זיין ווײַלן אין שטאָט. כ׳געדענק אַ צאָל רעפעראַטן, וועלכע האָבן באַזונדערס געלאָזן אַן איינדרוק. י. פּאַטס רעפעראַט איבער י. ל. פּרץ, ד. ב. מאַלקין — וועגן דער מלחמה, ב. שעפנער — לאַכן מיט יאַשטשערקעס, זיינען געווען פּערל אין דער קרוין פון אונזער קולטור־אַרבעט.

אויסער די קולטור־יום־טובים, האָט די יוגנט איינגעאָרדנט די אונטערנעמונגען אין די טראַדיציאָנעלע יום־טובים, ווי פּסח און סוכות, כאָטש אויף זייערע פינאַנציעלע רווחים האָט מען נישט געלייגט קיין האָפענונגען.

איין באַנקעט, נאָך ד. ב. מאַלקינס אַ רעפעראַט, וועלכער איז פאָרגעקומען ביי יצחק אייזן האָט זיך באַזונדער איינגעקריצט אין מיין זכרון. דאָס איז געווען אַן אָוונט פון גרויסן גענוס.

אַן אָפטער גאַסט איז ביי אונז געווען דער רעציטאַטאָר, אדאָלף ניישטאַט. זיינע רעציטאַציעס זיינען מייסטערהאַפט אויסגעפירט געוואָרן. באַזונדערס, האָט ער זיך אויסגעצייכנט אין „די פיר געהאַנגענע״, פון ל. אַנדרעיעוו, און האָט אונז פאַרשאַפט פיל פאַרגעניגן.



אַן אָפּשייד־באַנקעט פאַרן שרייבער יוסף אָפּאַטאָשו אין יאָר 1925.

נשף־פרידה לכבוד הסופר יוסף אופטושו ב־1925.

ערשטע שורה — שטייען: אברהם האָכמאַן, מאַנטשע סאַקאַל, מאָטל ראַפּ, אברהם זייד, מרים וויינפעלד, מעכל גערטל, חיים־הערש ענגלסבערג, מאיר כהן. צווייטע שורה: עזריאל האָכמאַן, דער שרייבער אָפּאַטאָשו, אליהו גערטל, און יעקב אייזענבערג (אשד). דריטע שורה: אהרון ברענער, אברהם צימערמאַן, מייטשע האָפמאַן, יחיאל פייער און שמערל מינץ.

---

* געווידמעט דעם כהן גדול פון דער יידישער קולטור־אַרבעט, דעם לאַנגיעריקן פאַרוואַלטער און סעקרעטאַר פון דער י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק אין הרוביעשאָוו — אונזער טייערן יצחק שמואל פייפער, עליו השלום.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען דאָס קולטור־לעבן איז אַזוי הערלעך פאַנאַנדערגעבליט געוואָרן, זיינען נאָך אַלץ די רעפּעראַטן פון די איינגעלאַדענע פּרעלעגענטן און שרייבער געווען די דערהויבנסטע מאָמענטן, וואָס האָבן אונז אינספּירירט אין אונזער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

כ׳מוז נאָך דערמאָנען דעם אויפטו פון אונזער פעיקן מוזיקער מ ע כ ל ג ע ר ט ל, דאָס אָרגאַניזירן אַ מאַנדאָלין־אָרקעסטער, וועלכער האָט געציילט ביי 60—70 מיטגלידער. דער אָרקעסטער איז געשטאַנען אונטער דער השפּעה פון די פּועלי־ציון און איז, צום גרעסטן טייל, אויפגעטראָטן נאָר אויף זייערע, פּאַרטייאישע אָוונטן. די אויפטרעטן און די הערלעכע סאָלאָס פון באַליבטן מ ע כ ל ג ע ר ט ל האָבן באַרייכערט די אָוונטן מיט וואָגיקע ווערק פון קלאַסישער און פאָלקס־מוזיק.

עס איז ווינשנסווערט אונטערצושטרייכן, אַז די קולטור־טעטיקייט וואָס איז געפירט געוואָרן דורך פאַרשיידענע פּאַרטייען, איז געווען אַ ווירדיקער צושטייער צום קולטור־בנין, וועלכן הרוביעשאָווער יידן האָבן מיט פיל מי און אחריות אויפגעבויט פאַר די לעצטע 30 ־ 40 יאָר.

## די טאַנץ־„מגפה"

אין די יאָרן 1918 ־ 1920 האָבן זיך געעפנט טאַנץ־קלאַסן אין שטאָט. אונזערע פרומע חסידישע קרייזן זיינען אַרויס מיט אַ גוואַלדיקן גרימצאָרן קעגן דעם אָנשיקעניש, אָבער דער דראַנג צו פאַרברענגען האָט גובר געווען און באַזייטיקט אַלע צוימען. מ׳האָט זיך נישט גערעכנט מיט די פרומע טאַטע־מאַמע, און מ׳איז געלאָפן אין די טאַנץ־שולן. מ׳האָט זיך זייער שנעל אויסגעלערנט די „תורה", און די „מגפה" האָט אַרומגענומען די גאַנצע שטאָט.

טאַנצן! דאָס איז געווען דער באַגער פון יענער צייט. איז וואָס זשע וועט מען זיך, אפשר, אוועקזעצן וואַרטן ביז מ׳וועט אויסבויען זאַלן? אָדער ביז אַן אינסטיטוציע וועט מאַכן אַן אונטערנעמונג? דאָס וואָלט געהייסן צו לאַנג צו וואַרטן, איז מען געפאַלן אויף אַ גוטן געדאַנק. מ׳וועט זיך טרעפן ביי חברטעס, ווו די טאַטע־מאַמע זיינען מער פאָרגעשריטן און מ׳וועט דאָרטן אַ טאַנץ טאָן. געוויינלעך, צום טאַנצן דאַרף מען אויך קאַוואַלערן, אויך דאָס איז ניט אָנגעקומען שווער און אַזוי אַרום האָבן זיך געשאַפן גרופּן, וואָס האָבן פאַרבראַכט אין פריוואַטע הייזער.

דערנאָך האָט מען אַנטוויקלט אַנדערע פאַרווייילונגס־מיטלען; מ׳פלעגט פלירטעווען, צושיקן איינער דעם צווייטן אָפּגעדרוקטע קאַרטלעך מיט ליבע־דערקלערענישן און ערשט דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן די אמתע „האפקע".

אין הרוביעשאָוו, ווי אין דער גאַנצער וועלט, האָבן „קאַפּעליעס" געהאַט אַ טבע צו הייסן באַצאָלן פאַרן שפּילן. אפשר האָבן זיך געפונען געציילטע יוגנטלעכע, וועלכע האָבן פאַרמאָגט אַ פּאָר גראָשן אין קעשענע, דער גרעסטער טייל, פלעגט אויסגעהאַלטן ווערן פון די אָרעמע טאַטע־מאַמע, מיט וועלכע מ׳האָט געפירט דעם קאַמף פאַר דעם ביסעלע „פרייהייט", מ׳שטיינס געזאָגט. עס איז נישט געבליבן קיין אַנדער ברירה, ווי צו טאַנצן אָן מוזיק.

דאָס טאַנצן האָט מיט דער צייט פאַרנומען אַ זייער וויכטיקן אָרט, אַזוי אַז אינסטיטוציעס, וועלכע זיינען נאָר וואָס געגרינדעט געוואָרן, האָבן אָנגעהויבן אָרגאַניזירן טאַנץ־אָוונטן, האָפנדיק דערמיט אַריינציען די יוגנט. אין די לעצטע יאָרן האָבן די טאַנץ־אָוונטן געגעבן אַ גאַנץ פיינע הכנסה.

די טאַנץ־אָוונטן, וועלכע פלעגן איינגעאָרדנט ווערן דורך דער תרבות־שול, אויף ג ו ר נ ע ג אַ ס, זיינען שטענדיק געווען שטאַרק אָנציענדיק, מיט פיל אַטראַקציעס.

די גרופּע, וואָס האָט געאַרבעט אין דער שול, האָט מען גערופן די „גאָלדענע יוגנט". צו זיי האָבן געהערט: י ע נ ק ל ק אַ ה אַ ן, ה ל ל ב י ט ע ר מ אַ ן, א ה ר ן ב ר ע נ ע ר, ד ו ד ל ב ר אַ נ ד, און ש ר ה ה י י. דאָס איז געווען אַ גרופּע ענערגישע, איבערגעגעבענע טוער, וואָס האָבן זייער פרייע צייט געווידמעט דער אַרבעט אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, און אין דער תרבות־שול.

די אָוונטן פלעגן זיך פאַרציען ביז פאַרטאָג, נאָכדעם פלעגט מען זיך אַוועקלאָזן אין בראַדיצער וועלדל, ווו מען פלעגט אויפוועקן די פויערים פון סוויגיטן מיט אַ זיסן, געשמאַקן געזאַנג. אין וואַלד פלעגט מען זיך אַוועקזעצן אָפּכאַפּן דעם אָטעם און צוזאַמען מיט די געשמאַקע קעז און סמעטענע פון דערבייאיקן דערפל, ב אַ ר אַ ד י ץ, האָט מען אויך געשמאַק דיסקוטירט וועגן פאַרשיידענע ענינים.

וואָס, וואָס, נאָר קיין מאַנגל אין צייט איז אין הרוביעשאָוו נישט געווען. עס איז ברוך־השם געווען גענוג צייט און די אָנפירנדיקע אָרגאַניזאַציעס האָבן שוין אַכטונג געגעבן, אַז די צייט זאָל אויסגענוצט ווערן לטובת הכלל.

## די אונטערנעמונג אין דעמבענעם וועלדל

אַ דערפאָלגרייכע אונטערנעמונג איז איינגעאָרדנט געוואָרן דורך דער פאַרוואַלטונג פון דער אַלגעמיינער ביבליאָטעק אין דעמבענעם וועלדל. כ׳מיין, אַז הרוביעשאָווער גדענקען גוט די אונטערנעמונג. מ׳האָט זיך באַמיט, אַז עס זאָל גרינג זיין צוצוקומען צום וועלדל. א בריק איז געלייגט געוואָרן איבערן טייכל און דער גאַנצער וועג איז געווען שיין באַצירט און באַלויכטן מיט פאַרביקע לאמפּן.

עס האָט זיך פאַרזאַמלט, כמעט, די גאַנצע יוגנט, אויך עלטערע האָבן דאָרט נישט געפעלט. די שטאָט איז דעמאָלט אויסגעליידיקט געוואָרן. אַלץ האָט געצויגן צום וועלדל, ווו עס זיינען געווען צוגעגרייט אַטראַקציעס, ווי לאָטעריע און לופט־פּאָסט. דער אויפטו איז געווען זייער אַ געוואַגטער. אגב, די ערשטע אונטערנעמונג פון אַזאַ פאַרנעם, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט אַ גרויסן, מאַטעריעלן דערפאָלג.

## ביי די פלאַנדערס אין גאָרטן

מיט אַ צייט שפּעטער האָבן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וועלכע האָבן געהאַט זייער לאָקאַל ביי מ ע נ ד ל ד י י ט ש, אויפן קלויסטער־פּלאַץ, איינגעאָרדנט אַ זייער אינטערעסאַנטע אונטערנעמונג, אַ פעסט. אחוץ טענץ איז צוגעגרייט געוואָרן אַ פּראָגראַם פון גימנאַסטיק, לאָטעריע, כאָר־געזאַנג און סאָלאָ. דער פעסט איז פאָרגעקומען אין גאָרטן ביי די פ ל אַ נ ד ע ר ס אויף פאַנסקע־גאַס.

די פ ל אַ נ ד ע ר ס האָבן געהערט צו די אַסימילירטע קרייזן אין הרוביעשאָוו. דאָס הויז איז געווען באַקאַנט צוליב עטלעכע טעמים. ראשית, פון דאָרט פלעגן זיך תמיד הערן געהיימניספולע קלאַנגען פון אַ קלאַוויר. דאָרט פלעגט איינע פון די פ ל אַ נ ד ע ר ס טעכטער, וועלכע האָבן געשמט אַלס שיינהייטן, געשפּילט קלאַוויר. כדאי צוצוגעבן, אַז הרוביעשאָוו איז נאָך דעמאָלט זשעדנע געווען אַ ביסל מוזיק. האָט מען טאַקע, פשוט, געוואָלט כאַפּן אַ מעלאָדיע.

השנית, יוגנטלעכע האָבן ליב געהאַט צו דרייען זיך אַרום דעם הויז. דאָס הויז איז געווען געבענטשט מיט שיינע טעכטער און זייער אַ שיינעם בחור. די יונגע בחורים זיינען געווען באַצויבערט און פאַרשכורט, בפרט נאָך, ווען מען האָט געזען די געזעלשאַפט, וועלכע האָט דאָרט פאַרקערט. איז נישט קיין וווּנדער, וואָס די אָרעמע ייִנגלשע נשמות האָבן געפלאַטערט, און געבענקט נאָך אַ נס, וואָס זאָל געשען. אָבער געשען איז עפּעס אַנדערש. פ ל אַ נ ד ע ר ס טעכטער האָט מען לאַנג נישט געלאָזן זיצן. חתנים זיינען געקומען פון פאַרשיידענע שטעט אין פוילן און האָבן אין אַ קורצער צייט אויסגעליידיקט די באַצויבערנדיקע נעסט.

דער פעסט איז איינגעאָרדנט געוואָרן ביי די פ ל אַ נ ד ע ר ס אין גאָרטן. נישט זייער קיין גרויסער גאָרטן, אין הרוביעשאָוו זיינען געווען גרעסערע און שענערע גערטנער, אָבער דער אויסוואַל איז געווען אַ געלונגענער. ביים אַריינגאַנג האָט מען געקענט זען זייער אַ שיינעם אַפיש און ס׳ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פון הרוביעשאָוו איז דאָרט דערמאָנט געוואָרן עפנטלעך: „פּ ר אָ ל ע ט אַ ר י ע ר פ ו ן אַ ל ע ל ע נ ד ע ר פ אַ ר א י י נ י ק ט א י י ך". דער איינדרוק פון דער אונטערנע־

מונג איז געווען שטאַרק און די שטאָט האָט יאָרנלאַנג געשמועסט וועגן גייסטיקן פאַרגעניגן, וואָס מ'האָט דאָרט געהאַט.

אויב כ'האָב שוין דערמאָנט די ערשטע אונטערנעמונג פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וואָלט געווען אַן עוולה נישט צו דערמאָנען עטלעכע גרינדער פון די פאַראיינען. כ'מיין משה שוכמאַן, דעם באַליבטן אַרבעטער־טוער, וואָס האָט געשטאַמט פון אַ בכבודיקר משפּחה, פון גאַנץ פאַרמעגלעכע מענטשן. די קינדער, זייער באַגאַבטע בחורים. איינער פון זיי האָט זיך פאַרליבט אין סאָציאַליזם, דער צווייטער ברודער, ישראל שוכמאַן, איז אַוועק צום ציוניזם.

מ'האָט זיך געחידושט אין שטאָט, אַז אַ זון פון אַ פאַרמעגלעכער היים זאָל זיין דער ערשטער גרינדער פון פאַראיין? לויט, ווי מ'האָט דערציילט, איז משה שוכמאַן געווען אין וואַרשע אַ לענגערע צייט און פון דאָרט געבראַכט די „קללה". די הרוביעשאָווער האַנטווערקער האָבן אין אים געזען דעם גרעסטן אומגליק, וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן צוצונעמען ביי זיי די פּרנסה.

משה שוכמאַן האָט צוגעצויגן נאָך עטלעכע חברים, צווישן זיי יאָסעלע ציגל, אַ פייערדיקער רעדנער און אָרגאַניזאַטאָר.

## די מלינעס.

אין זעלבן פּעריאָד זיינען אויך אַנשטאַנען „מלינעס", וווּ די יוגנט פלעגט זיך „באַוויען", שפּילן דאָמינאָ, סתם אַדורכשמועסן זיך און דיסקוטירן אַקטועלע פראַגן. צוויי שטריכן זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר יענער צייט: דער דראַנג צום געזעלשאַפטלעכן לעבן און צו זעלבסט־בילדונג.

די מלינעס זיינען, אייגנטלעך, געווען געשעפטן, וווּ מ'האָט געהאַלטן סאָדע־וואַסער און נאַשוואַרג. יעדע מלינע האָט געהאַט אירע באַזוכער. אַזוי צום ביישפּיל, ביי נתן זייד, אַ מיטגרינדער פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע אין הרוביעשאָוו, וואָס האָט אַ סך געלערנט דורך זעלבסט־בילדונג, איז געווען גוט באַהאַוונט אין דער יידישער, העברעישער און אייראָפּעישער ליטעראַטור און איז געווען פעיק זיך פאַנאַנדערצוקלייבן אין קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען, איז געווען אַזאַ מלינע.

און עס איז, באמת, זייער אינטערעסאַנט געווען בייצוזיין די דיסקוסיעס אין זיין סאָדע־וואַסער בודקע און זיך צוהערן, אָדער נעמען אנטייל אין די הייסע דיסקוסיעס און גלייכצייטיק זיך קילן מיט די געשמאַקע לאָדעס. דעם אַרבעטער־עולם, וואָס האָט זיך צוגעהערט צו די בונדישע דיסקוסיעס, האָט געצויגן צו נתן זיידס בודקע.

אין אַ צווייטער „מלינה", ביי רחטשען, פלעגן זיך קאָנצענטרירן די אָפּגעשפּאָלטענע „רויטע". דאָ פלעגט מען אויך שפּילן אַ דאָמינאָ און פּאַרטיי־דיסקוסיעס פלעגן פאָרקומען גאַנץ אָפט. די געפעכטן פלעגן פאָרקומען צווישן דוד פיילס גרופּע און די אַנדערע פּאַרטייען, וואָס פלעגן דאָרט אַריינקומען.

ווען איך וויל רעזומירן די גרופּן און די מלינעס, מוז איך זאָגן, אַז דאָרט אין די ענגע סאָדע־וואַסער בודקעס איז געלייגט געוואָרן דער גרונדשטיין פאַר דער אָרגאַניזאַציאָנעלער, געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, און דאָרט איז געשאַפן געוואָרן די אַטמאָספער, וועלכע האָט געבוירן די פּאַרטייען. פון דאָרט איז געקומען דער גרעסטער טייל עסקנים. די מלינעס זיינען געווען פאַך־שולן, וועלכע די סטודענטן האָבן קיינמאָל נישט פאַרלאָזן.

אָבער לאָמיר נישט פאַרגעסן די טאַנץ־מגפה, וואָס האָט אַלץ און אַלעמען באַהערשט. אַפילו אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען עס זיינען אויסגעבילדעט געוואָרן שטאַרקע אינסטיטוציעס, אָבער אָן טאַנץ־פאַרוויילונגען האָט מען זיך נישט אַ ריר געטאָן. מ'האָט שוין נישט געדאַרפט אָנקומען צו די פּריוואַטע הייזער, עס זיינען שוין געווען לאָקאַלן, לרוב, שטענדיק גרייט פאַר די פאַרווילונגען.

## דאָס שיפן זיך אויף דער הוטשווע

א חוץ די דערמאָנטע פאַרווילונגען, האָט אונזער יוגנט אָנגעהויבן פאַרברענגען אויף דער פרייער לופט. מ'האָט אָנגעהויבן אָבסערווירן די נאַטור אַרום. אַ סטימול דערצו — די נאַטור שילדערונגען אין אַשס און סעגאַלאָוויטשעס ווערק. אַרום הרוביעשאָוו איז געפלאָסן שטיל די הוטשווע, וועלכע איז אַריינגעפאָלן אין אַ מרחק פון 5—6 קילאָמעטער אין גרויסן בוג. דאָס דערפל, ביי וועלכן די הוטשווע האָט זיך אַזוי רעשדיק באַגעגנט מיטן בוג, האָט מען גערופן: האָראָדאָק. איך האָב געהאַט אַ גרויסן שייכות מיט דעם דאָרף. מיינע קרובים האָבן דאָרט געווינט און מיט יאָרן שפּעטער אויסגעוואַנדערט קיין ארץ־ישראל. פיל געדענקען געוויס די אויספלוגן מיט דער הוטשווע צום בוג, צו כאַפּן אַ קוק אויף דער באַגעגניש־סצענע.

הונדערטער יאָרן האָבן יידן אין הרוביעשאָוו, א חוץ אפשר די וואַסערטרעגער און די עטלעכע פישער, נישט געהאַט קיין אַנונג, אַז דער טייך אַרום שטאָט קען ליפערן אַזויפיל פאַרגעניגן.

די יוגנט האָט פּלוצלונג דערזען, אַז עס איז דאָ אַ זעלטן שיינער טייך, האָט מען אָנגעהויבן באָרגן שיפלעך ביי די שטאָטישע פישער, פון וועלכע מ'האָט געהאַט גרויסע צרות. איז דען געווען מעגלעך צו שיפן זיך אין אַלטע, צעבראָכענע שיפלעך, מ'האָט יעדע פאַר מינוט געמוזט אַרויסשלעפּן דאָס שיפל פון טייך און במחילה אויסשעפּן דאָס וואַסער. ס'איז געווען גאָטס רחמנות אויף אונזערע בחורים און מיידלעך, וואָס האָבן געמוזט אַזוי האָרעווען פאַר דעם ביסל פאַרגעניגן, וואָס זיי האָבן זיך געוואָלט פאַרשאַפן מיטן שיפן זיך אויפן טייך.

מיט זייער צער האָט זיך איבערגענומען אַ געוויסער מאלער אין הרוביעשאָוו, וועלכער האָט געהאַט אַ זייער שיין הויז מיט אַ גאָרטן ביים טייך. זיין נאָמען איז געווען זשין. ער האָט דערשנאַפּט, אַז ער וועט האָבן אַ געלעגנהייט צו פאַרדינען אַ גרינגן גראָשן, נישט דאַרפן קלעטערן אויף די רושטאָוואַניעס צו די הויכע קלויסטער־שפּיצן און מאָלן דאָרט די פיגורן. ער האָט דורך אַ גאַנץ קורצער צייט אַראָפּגעלאָזן אין טייך אַ גרעסערע צאָל נייע שיפלעך פון פאַרשיידענע קאָלירן.

אונזער יוגנט האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו דעם ספּאָרט. מ'האָט גענומען בחבורותא שיפלעך און זיך אַרויסגעלאָזן אויף אויספלוגן צום בוג, אָדער צום באַראַדיצער וועלדל, וווּ מ'פלעגט זייער גוט פאַרברענגען.

דעם גרעסטן דערפאָלג האָט געהאַט אַ געוויסער פלאַץ אַרום סוויניטין, וווּ עס האָבן געוואַקסן פאַרצווייגטע ווערבעס, א זעלטן שיין אָרט אויפן טייך און דאָרט ביי די ווייַנענדיקע ווערבעס האָבן זיך געטראָפן פאַרליבטע פאָרלעך. די בוימער זיינען געווען זייער פּאָפּולער ביים עולם און יונגע פּאָעטן אין יענער צייט האָבן שטאַרק עקספּלאָאַטירט די ווערבעס. מ'קען זאָגן, אַז דאָס שיפן זיך אויפן טייך איז געווען די צווייטע מגפה.

אויב די ווערבעס עקזיסטירן נאָך, דאַרפן זיי ערשט איצט פונדאָסניי באַוויינען דעם שפּעטערישן, פולסירנדיקן יידישן לעבן, וואָס איז אַזוי אַכזריותדיק דערשטיקט געוואָרן דורך די דייטשע נאַצי־הענקער.

---

### אַקציע פון א. איוועניצקי פאַרן ייוואָ

אין הרוביעשאָוו האָבן מיטגעהאָלפן דער ייוו"א־אַקציע: י. אייזן, ש. זייד, י. ש. פייפער, מ. קרייצער, ש. הובעל, ה. פאַכטער, י. רויטער. באַזונדערס דאַרף פאַרצייכנט ווערן די פריינדלעכע הילף פון ראש־הקהל, ד"ר גרינשפּאַן.

די יידישע קהילה אין הרוביעשאָוו האָט אַסיגנירט פאַרן ייוו"א 100 גילדן.

אַ ריי פריינד האָבן געשאַנקען פאַרן אַרכיוו פון ייוו"אָ וויכטיקע אָביעקטן, דהיינו: פריינד י. ש. פייפער — קאָמפּלעטן פון „לעבנספראַגען", קאָמפּלעטן „פאָלקסציייטונג" פאַר די יאָרן 1918־1935, אַ משפּחה־בריוו פון רעדאַקטאָר פון „המליץ", אלכסנדר צעדערבוים, זאַמלונג פון אַנטיסעמיטישע דרוקזאַכן. פריינד שפּילער — פּנקס פון חברה חייטים, פריינד יעקב פּרץ — דעם „המליץ".

ידיעות פון ייוו"א, 9־10, נאָוועמ.־דעצעמ. 1937.

# נתן הדס / א ביסל געשיכטע פון דראמאטישן קרייז

הרצליה

ווער עס וויל שרייבן די געשיכטע פון די דראַמאַטישע קרייזן ביי אונז אין שטעטל, מוז אָנהויבן פון יענער אור־עפּאָכע, איך מיין פון דער פּורים־שפּילער עפּאָכע. אָבער ווער קען דאָס געדענקען? אַז איך דערמאָן זיך אין יענער, פאַרנעפּלטער צייט, קלינגען מיר נאָך היינט אין די אויערן די ניגונים פון די פּורים־לידער.

די פּורים־שפּילער, וואָס פלעגן גיין פון שטוב צו שטוב, האָבן פאָר־געשטעלט מגילת־אסתר, מכירת־יוסף, שמעון ולוי, און פלעגן זינגען לי־דער, וואָס ווער ווייסט, ווער ס'האָט זיי מחבר געווען. דאָ וועל איך דערמאָנען עטלעכע זאַצן, וואָס זיינען מיר געבליבן אין זכרון פון דער פאָרשטעלונג שמעון ולוי:

„מיט אונזער כח וועלן מיר זיי בייטן,
מיט אונזערע שווערדן וועלן מיר זיי טייטן,
מיט אונזערע שפּיזן וועלן מיר זיך ווערן,
די שטאָט שכם איבערצוקערן".

יעצט אַ פּאָר זאַצן פון „מכירת־יוסף":

„אבר מן החי טוען זיי עסן,
און דעם לעבעדיקן גאָט טוען זיי פאַרגעסן".

דאָס איז געווען די מסירה פון די ברידער פאַר יעקבן. באַלד האָט אַ צווייטער געענטפערט:

„ברידער, ברידער, טוט אים אויסטוען,
טוט אים דאָס זיידענע העמדל אָפּציען".

אָט די שלאַגערס פלעגן געזונגען ווערן אין יעדן שטוב, כמעט אַ גאַנץ קיילעכדיקן יאָר. נישט אַנדערש איז געווען דער גורל פון די לידער, וואָס ס'פלעגן ברענגען גאַסטראָלירנדע טרופּעס. יאָרן פלעגן זיי, די האַראַ־פּאַשנע מאַסן, זינגען ביים וואַרשטאַט.

דער אינהאַלט פון די פאָלקס־לידער: טראַגישע, און ניט־צושטאַנד־גע־קומענע ליבעס. כ'געדענק אַ פּאָר זאַצן פון אַזאַ ליד:

„ער האָט געטראַכט אַ טאָג מיט אַ נאַכט, ווי אַזוי ער זאָל זי פאַרפירן,
אַריינגעקומען איז ער מיט אַ שמייכעלע, לאָמיר גיין שפּאַצירן,
שפּאַצירן זיינען זיי געגאַנגען אין דעם ווייטן וועלדעלע".

וואָס ס'האָט פּאַסירט אין וועלדעלע, געדענק איך ניט. יעדער איינער פון די פּורים־שפּילער פלעגט דאָ אויסזינגען זיין ווערסיע.

אונטער דער עסטרייכישער אָקופּאַציע האָט זיך געשאַפן אַ דראַמאַטישער קרייז, וועמענס אויפגאַבע ס'איז געווען צו שטיצן די אינסטיטוציעס, ווי לינת־צדק, בית־היתומים און אַנדערע.

אין דראַמאַטישן קרייז זיינען געווען פאַרטרעטן די חברים: הלל ביטערמאַן (שמואל קרילאַווערס זון), די טאָכטער פון בעריש



דער דראַמאַטישער קרייז פון „פרייהייט" אין 1935. ההוג הדרמטי של „פרייהייט".
שטייען: שמערל העכט, דבורה ריז, ישעיהו שולדינער, בוכטערגער. צווייטע שורה: אַברהם גערטל, הערש סאַס, שרה איידעלשטיין, שמואל מילער, לייבל ענגלסבערג, שיינדל גאָלדבערג און יוסף מאיר לערער. דריטע שורה: דוד העכט, אברהם סופר, יונה פריד.



קאַוווקיס און נאָך אַנדערע וועמענס נעמען איך געדענק נישט. לייכט איז דאָס זיי נישט אָנגעקומען. זיי זיינען געווען חלוצים אויף דעם געביט און געפירט אַ קאַמף מיט חסידישע און פאַנאַטישע עלטערן.

מיטן אנטשטייך פון די פּאָליטישע פּאַרטייען איז, כמעט, ביי יעדער פּאַרטיי געשאַפן געוואָרן אַ דראַמאַטישער קרייז, וואָס האָט באַפרידיקט די קולטורעלע באַדערפעניש פון דער יוגנט, און דערמעגלעכט די עקזיס־טענץ פון פאַרשיידענע אַנשטאַלטן.

אין דעם דראַמאַטישן קרייז ביי פּועלי־ציון האָבן זיך באַטייליקט: מייטשע האָפמאַן (רעזשיסאָר), יהושע ביטערמאַן, יענקל שאפּעל, מינע פייל, האַלבערשטיין, דער שרייבער פון די שורות און אַנדערע.

מיר פלעגן פאָרשטעלן פּיעסן און דראַמעס פון יידישע קלאַסיקער און אויך איבערזעצונגען. פאַר די יום־טובים פלעגן מיר זיך אָנהייבן גרייטן צום שפּיל. רעפּעטיציעס פלעגן פאָרקומען ביז אין דער האַלבער נאַכט אַריין. אַמאָל פלעגט מען זיך אַרויסלאָזן אויף גאַסטראָלן אין דער פּראָווינץ. ווי זאָגט דער פּסוק: צרכי עמך ישראל מרובים, טייטשט שלום־עליכם: אַ יידישע קישקע קען מען ניט דערשאַצן. פון צייט צו צייט פלעגן זיך ווענדן צום קרייז נייע איסטיטוציעס און בעטן אונזער הילף, ווי קרן־החלוץ, הכשרה עליה און אַנדערע קרנות.

כ'געדענק אַ פּאָר קוריאָזן פון די דראַמאַטישע קרייזן. די חברטעס האָבן זיך באַמיט צו שפּילן נאָר ערשט־קלאַסיקע ראָלן, פּרימאַדאָנעס בלע"ז. די ראָל פון אַן עלטערער פרוי האָט קיינער נישט געוואָלט שפּילן, אַזוי האָט מאָטל רב, עליו־השלום, געשפּילט די ראָל פון אַ רביצן.

אין מיטן שפּילן האָט איינער פון קהל אויסגעשריגן: מאָטל די רביצן! יאָרנלאַנג נאָך דער געשיכטע האָט מען אים גערופן: מאָטל די רביצן.

## דער פּרץ־אָוונט

יאָר־איין יאָר־אויס פלעגט חול־המועד פּסח פאָרקומען אַ פּרץ־אָוונט. דער ערשטער טייל פון פּראָגראַם איז אויסגעפירט געוואָרן דורך דעם מאַנדאָלינען־אָרקעסטער, דאַן פלעגט אַ פּרעלעגענט געבן אַן איבערבליק איבער די ווערק און שאַפונג פון י. ל. פּרץ, און צום סוף, בילדער אויסגעפירט דורכן דראַמאַטישן קרייז.

מאַכט זיך אַמאָל אַ מעשה, אַלץ איז שוין געווען פיקס און פערטיק, נאָר פלוצלונג זעט מען זיך אַרום, אַז מען האָט פאַרגעסן אַוועקשטעלן דאָס פּרץ־בילד. ס'איז געוואָרן אַ געטומל און אַ געפילדער. פּרץ־בילד אַהין, פּרץ־בילד אַהער, דאָס פּרץ־בילד איז נישטאָ. דערווייל איז איינע פון די אַקטיווע טוערינס אַוועק און שנעל געבראַכט אַ בילד אין אַ גרויסן פאָר־מאַט, אויף וועלכן זי איז געווען פאָטאָגראַפירט. חברה האָבן אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער.

— וואָס לאַכט איר? — רופט זי זיך אָפּ — דאָס בילד האָט דאָך מיר געמאַכט פּרץ דער פאָטאָגראַף.

## מיין פאָטער ווערט ברוגז

איין פּרץ־אָוונט האָט גורם געווען צו אַ ברוגז צווישן מיר און מיין פאָטער ז"ל. יענעם אָוונט האָב איך געשפּילט מיט מייטשע האָפ־מאַן. ער האָט געשפּילט די ראָל פון בערל שניידער, איך — די ראָל פון דעם גרויסן יידן־פאַרטיידיקער, ר' לוי יצחק פון בערדי־טשעוו ז"ל. מיין גרים איז געווען אַזוי נאַטירלעך, אַז ווען איך האָב אַריינגעקוקט אין שפּיגל, האָב איך זיך פאַר מיר אַליין דערשראָקן. כ'האָב געמיינט, אַז ער ר' לוי יצחק איז אופגעשטאַנען תחית־המתים.

ווי איך געדענק, איז אין מיטן שפּילן אַרויף אויף דער סצענע דער קרומער פּשאַדאַווניק, אַ שונא־ישראל, און ניט געלאָזט פאָרזעצן דאָס

שפּיל. ער האָט עפּעס געפונען אַ סרכה אין דער דערלויבעניש. ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן און מיר האָבן געמוזט איבעררייסן דאָס שפּיל. זעט אויס, אַז ס'האָט ווער דאָס דערטראָגן מיין פאָטער, דעם סופר. איינמאָל אינדערפרי, איז ער אַריין אין שטוב און מיר גענומען מוסרן:

— האָ, האָסט זיך מתחבר געווען מיט זיין זון, מייטשל, אַט דעם קרקפתא דלא מנח תפילין? און האָסט געמאַכט חוזק פון דעם גרויסן צדיק, ר' לוי יצחק!

פון דעם טאָג אָן האָט מיין פאָטער אויפגעהערט צו ריידן מיט מיר, ביז מיין אָפּפאָר קיין ישראל, אַ שיינע פּאָר יאָר.

## דער גאַסטראָל אין קרילאָוו

דער החלוץ־קאָמיטעט פון קרילאָוו האָט אונז איינמאָל איינגעלאַדן אויף אַ פּרץ־אָוונט. כדי צו קומען קיין קרילאָוו, 18 קילאָמעטער פון הרוביעשאָוו, איז אונז אויסגעקומען אַרויסצופאָרן שבת נאָכן קוגל. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט נישט געקענט קומען אין באַטראַכט. ווער וועט זיך וואַגן שבת אַוועקזעצן אויף אַ וואָגן, און וועלכער יידישער בעל־העגלה וועט מסכים זיין דערצו? דעם פּראָבלעם האָט געלעזט דער חבר לעדער־קרעמער, וועלכער האָט געוווינט אויף דער פאַרשטאָט, וואָס איז געווען באַזעצט מיט קריסטן.

ער האָט ביי באַקאַנטע מיעשטשאַניעס אָפּגעדונגען אַ פּאָר וועגענער און אונזער גאַנצע קאַפּעליע האָט נאָכן קוגל זיך איינציקווייז אַריינגעגנבעט אין הויף, ווו די וועגענער זיינען געשטאַנען. נאָכדעם ווי מיר זיינען אַרויף אויף די וועגענער מיט דעם גאַנצן קלאַפּער־געצייג, האָט אונז דער בעל־העגלה איינגעדעקט מיט היי און שטרוי אַזוי, אַז מען האָט אונזערע פּנימער נישט אַרויסגעזען, גלייך ווי מען פלעגט אַמאָל איינפּאַקן דאָס פּסח־דיקע געפעס. אַ פּאָר קילאָמעטער הינטער דער שטאָט, האָבן מיר זיך גענומען אַרויסרוקן פון די קאַפּיצעס. חברה האָבן זיך גענומען אָפּטרייסלען פון שטרוי און היי, דער אָרקעסטער האָט גענומען שפּילן אַ פריילעכס און בשירה ובזמרה זיינען מיר אַריין אין שטעטל.

הינטער דער שטאָט האָט אונז מקבל־פּנים געווען אַ דעלעגאַציע, וועלכע איז באַשטאַנען פון החלוץ, „פרייהייט", קרן־קיימת און קרן־היסוד, וועלכע האָבן אונז מיט גרויס פּאַראַד אַוועקגעפירט אין באַרימטן זאַל פון די פייערלעשער, ווו ס'האָט געדאַרפט פּאַרקומען דער אָוונט.

דער זאַל האָט זיך געפונען אין אַ גרויסער שאַפע, דער דאַך איז געווען געדעקט מיט שטרוי, אויף די ווענט האָבן געהאָנגען שטריק־עמערס און כל־מיני כלים, וואָס מען האָט זיך מיט זיי באַנוצט צום לעשן שרפות. אויף די באַלקנס זיינען געשלאָפן טויבן. דאָס פּובליקום האָט זיי געשטערט אין זייער שלאָף און זיי האָבן גענומען פליען איבערן זאַל און געשאָטן רענדלעך אויף די קעפּ פון די פאַרזאַמלטע.

אין פּאָדלאָגע פון דער אַזוי גערופענער בימה איז געווען אויסגעשניטן אַ לאָך, הינטער וועלכער ס'איז געזעסן אהרן ברענער, עליו־השלום, איינגעקאַרטשעט אין דרייען און ביים שיין פון אַ לאָמפּ סופלירט.

די פּלעצער אין זאַל זיינען געווען איינגעטיילט אין רייען, ווי ביי לייטן. די ריי הארט ביי דער בימה איז געווען די טייערסטע, דאָרט זיינען געזעסן די גבירטעס פון שטעטל מיט זייערע טעכטער, און שנירן, וועלכע מען האָט געקענט דערקענען לויט די גרויסע, שווערע, גאָלדענע קייטן, מיט וועלכע זיי האָבן זיך אויסגעצירט לכבוד דער גרויסער געשעעניש. נאָכדעם ווי דער מאַנדאָלינע־אָרקעסטער האָט אויסגעפירט זיין טייל, האָב איך מיט איטשע שאַפּעל (היינט אין אַמעריקע) פאַרגעשטעלט י. ל. פּרצעס־טיפּן. צווישן זיי, דעם כעלמער רב, וואָס האָט אַרויסגערופן פיל אַפּלאָדיסמענטן.

ביי דעם לעצטן נומער איז געשען אַזאַ פאַרפאַל. איינע פון די לאָזשע־זיצערינס האָט אַוועקגערוקט דעם לאָמפּ (אפשר האָט ער איר געשטערט). דעם סופלאָר איז פינצטער געוואָרן אין די אויגן און ער איז איינגאַנצן פאַרשטומט געוואָרן. מיר האָבן זיך צעטומלט, כמעט אַרויס פון די האַלאַבלעס. נאָר מיטן רבינס כח, ווי מען זאָגט, זיינען מיר אַדורך בשלום, אָן סופלאָר.

ביים ענדע האָבן די לאָזשע־זיצערינס אַנגעכאַפּט פאַרן פאַרהאַנג און געפּאָדערט ביס. באין־ברירה האָבן מיר זיך געמוזט אונטערגעבן און מיר האָבן פאַרגעשטעלט בילדער שוין נישט מעניני־דיומא. אַלץ וואָס ס'איז אונז געקומען אויף דער צונג, האָבן מיר אויסגעשאָסן אויף דער בינע.

ווען ניט דער חבר חיים הארפין, וואָס האָט מיט כח פאַרוקט דעם פאַרהאַנג, וואָלטן מיר ביז היינטיקן טאָג נישט פאַרענדיקט יענעם אָוונט.

די לעצטע פּיעסע, אין וועלכער איך האָב זיך באַטייליקט פאַר מיין אָפּפאָרן קיין ישראל, איז געווען הערשעלע אָסטראָפּאָלער. איך האָב געשפּילט די ראָל פון הערשעלע און מייטשע — רבי ברוך.

אויף מאָרגן, נאָך דער פאָרשטעלונג, בין איך אָפּגעפאָרן, כמעט מיטן גרים אויפן פּנים.

# מלכה קראַנגאָלד־ספּעקטאָר / אַ בינטל זכרונות

ניו־יאָרק

דאָס איז געווען אין יאָר 1917. מיין ערשטע ראָל אויף דער בינע איז געווען ציפּקע אין יעקב גאָרדינס „גאָט, מענטש און טייוול". כ'ווייס נישט, ווער עס האָט אויסגעפונען, אַז איך האָב טאַלאַנט, אָבער אַ פאַקט איז, אַז כ'בין געבליבן ביי דעם נאָמען ציפּקע. געווען בין איך דאַן איינגאַנצן 15 יאָר אַלט.

אין יאָר 1920, ווען איך בין אַוועק קיין אַמעריקע, האָט מען מיר געגעבן אַלס מתנה אַ גאָלדענע שפּילקע און אויף איר איז געווען אויסגעקריצט: ציפּקע קראַנגאָלד, אַנשטאָט מלכה קראַנגאָלד.

איצט צו ענין טעאַטער. אונזערע רעפּעטיציעס פלעגן פאַרקומען אין דער יידישער ביבליאָטעק, דאָרט איז געווען אַ גרויסער זאַל מיט אַ בינע, ווו מיר האָבן פאַרגעשטעלט.

אין „גאָט, מענטש און טייוול" האָבן אָנטיילגענומען: זעליק פּרץ, שעפּסל בראַנד, סענדער פייל, דודל בראַנד און אַנדערע. מיר האָבן אויך געשפּילט בימקאָס „גנבים" און „דער גרויסער ייד".

די פאָרשטעלונג איז געגעבן געוואָרן דורך די צעירי־ציון. דאָס איז געווען דאָס איינציקע מאָל, וואָס איך האָב געשפּילט מיט אַן אַנדער גרופּע.

מיר האָבן אויך פאַרגעשטעלט לעאָן קאָברינס „דאָרפס־יונג". די הויפּט־ראָלן האָבן געשפּילט: איך און עליע פינקלשטיין. כ'בין זיכער, אַז די דראַמע געדענקען נאָך אַ סך לאַנדסלייט.

אין יאָר 1919 איז פאַרגעקומען אין לעמבערג אַ פּאָגראָם אויף יידן. הרוביעשאָווער יוגנט האָט באַשלאָסן דורכצופירן אַ שוואַרצן בלומען־טאָג פאַר די געליטענע אין לעמבערג. זונטיק אינדערפרי האָבן זיך פאַר־לעך אַרויסגעלאָזט זאַמלען געלט. פון קלויסטער זיינען אַרויס צוויי פּריצים און האָבן געוואָלט אַריינוואַרפן אין אונזער פּושקע אַ גרויסע סומע געלט. אַז מען איז יונג, איז מען דרייסט. איך האָב זיי נישט געלאָזט אַריינוואַרפן דאָס געלט און געזאָגט:

— איר קענט נישט אויסקויפן מיט געלט אייערע פּאָגראָמען אויף יידן.

טראָץ דעם האָב איך מיט מיין פּאַרטנער געזאַמלט די גרעסטע סומע געלט.

עס זיינען שוין פאַריבער אַ סך יאָרן, אָבער איינס קען איך זאָגן: הרוביעשאָוו האָט פאַרמאָגט אַ טאַלאַנטפולע און אינטעליגענטע, יידישע יוגנט.



בית־הספר הראשון בהרובישוב בשנת 1913. די ערשטע שול אין הרוביעשאָוו אין יאָר 1913.
שורה ראשונה: שוקשטולסקי, ליבה איזן, סוניה ברנד, אסתר זומר, הוכמן, הינדה איזן, פרומה בלומנטל. שורה שנייה: פולה רוטניבסקי, המורה קליקוביץ, המורים גרשטין, רחל מניקוב, דוד ברנד.

# שולן

# בתי־הספר



תלמידי בית־הספר התקוה בשנת 1925.
שילער פון התקוה־שול אין יאָר 1925.
עומדים: יעקב וינר, אברהם פינקלשטין, צבי צימעט. יושבים: זישה פרימוסט, אביגדור גרינולד, ישראל זייד.

# ● אינהאַלט ● תכן ●

# בית־הספר „התקוה" בהרובישוב

המורים והתלמידים של בית־הספר התקוה.
לערער און שילער פון דער התקוה־שול.

שורה ראשונה: **אליעזר ברט, יהודה ינובר, איטה קוסוביצר, ..., לייבל ארליך, ..., ...,** שורה שנייה: **..., אפרים פומרנץ, שרה רוזנברג, המורה מוצ׳ניק, מורה, שלום גרינברג, שלמה ברנד...** שורה שלישית: **מנדל מוסקל, אסתר אברמנט, ..., קלמן פירשט, ... מלכה גולדמן.**



הועד והמורים של בית־הספר התקוה ב־1919.
**פארוואלטונג און לערער פון דער התקוה־שול אין 1919.**

שורה ראשונה: **לוין, דב שטוקהמר, ברוך ינובר, יעקב כהן.** שורה שנייה: **דוד ברנד, רחל זילברשטין, אוקס, רבקה ארליך, שמשון כהן.**



ועד בית־הספר התקוה לפני עלייתו של ב. ינובר.
**די פארוואלטונג פון דער התקוה־שול פאר דער עלייה פון ב. יאנאוועך.**

יושבים: **יצחק גולדברג, משה יהודה מרנשטין, ברוך ינובר, דוד טננבוים, אברהם נחום קירשנפלד, יעקב רויטר.**

# בתי־הספר: של המורה רינר ועל שם וו. מדם



די ריינער־שול. בית־הספר של המורה רינר

ערשטע שורה: נעכע בראנד, זילבערמינץ, מרים שטיך, קאצהאַנדל, וויינריב, פייל, קעניג, בעקער, פערל פינקלשטיין. צווייטע שורה: בארנשטיין, לובע ריפ, קיניס זינע, אסתר פינקלשטיין, גארפינקל, אנדזשיע טוכמאן, גארפינקל. דריטע שורה: רוזשקע מייל, הינדע בוקסנבוים, מאניע פינקלשטיין, די לערערין ריינער, ציגעל, פאליא רוטניעווסקי, סאניע בראנד. פערטע שורה: פראדל בלומענטאל, עדזשיא ריינער, צעשיא קיניס, גוני בראנד, רבקה מייל.



די ד־קלאַסיקע יידישע פאָלקס־שול א. נ. פון וו. מעדעם אין יאָר 1930. בית־הספר היידישאי ע"ש מדם בשנת 1930.

# יצחק בלומשטין / שנתיים בבית־הספר „התקוה״

תל־אביב



יצחק בלומשטין

הרובישוב היהודית — לא אם בישראל, אלא אחות, שכן לא התימרה עיר זו ביחוס של אבות ואמהות. צנועה היתה הרובישוב היהודית, נוחה ועממית — אחות לצרה ולשמחה למאות ערים ועיירות ברחבי פולין, ליטא ואוקראינה.

### ביום מעונן וגשום

זכורני: אותו יום מעונן וגשום בו הגעתי בשנת 1919 להרובישוב, אליה נשלחתי בתור מורה, מטעם „לשכת החינוך והתרבות״ בורשה. המדרכה של הרחוב רעועה היתה ומתפרקת. ועם כל צעד ושעל פרץ מבין חרכיה קילוח של מים מרופשים. הרחוב שקע בבוץ, והעוברים ושבים, אשר נחפזו בלכתם, שחוחים ורטובים מגשם, נראו לי כנרדפי גורל. הרושם הראשון לא היה מזהיר: המדרכה המתנדנדת יצרה בדמיוני אסוציאציה של משהו בלתי־יציב, והבוץ עם השלוליות, אשר נטפי הגשם רצדו בהן ריצוד נכנע ומיואש, עוררו בי חששות של חיים מעורפלים ומשעממים והעכירו את רוחי.

### השיחה עם המורה לוין

הראשון מחבורת המורים, שנפגשתי אתו בבית משפחת קצהנדל, היה המורה לוין, בחור חסון ותמיר, אשר בצירוף רעמתו השחורה והסמיכה, היווה דמות, שקשה היה להגדיר, אם היא של אטלט, או של משורר בוהמי, או של שניהם יחד. בפגישה הראשונה הודיע לי, שהוא עומד לעזוב את הרובישוב. אמרתי לו:

— נו, והבחורות מהרובישוב נותנות לבחור שכמוך לעזוב את המקום? ענה ואמר:

— מי מתחשב ברצונן של בנות? הכסף, אחא, הכסף הוא הקובע. אם בקי אתה בסחר־מכר, בלהטי „וולוטה״ וכיוצא באלה, אז תעיז לדבר על בחורות, אחרת — שב דומם, כי נטל עליך... סיים בהתמרמרות וספק בזרועותיו האמיצות על מתניו, כאדם, אשר ספינותיו טבעו בים.

ברגע זה ראיתי לפני לא משורר בוהמי ולא גוף של אטלט, אלא מורה עברי בפולין עם סימן־ההיכר האופייני: הכרת ערך עצמו מעבר מזה, ורגש־נחיתות, תוך התמרמרות מתמדת על הדלות המרה, שהיתה מנת חלקו באותם הימים.

אחרינו הופיע ברוך ינובר, אשר מדבריו נוכחתי לדעת שבבית־הספר הוא משמש בשלוש כהונות: מורה, מזכיר־ועד, וחבר ועד־ההורים — מין חוט משולש, אשר לא במהרה ינתק (למזלו לא נתקיימה בו אימרה זו, והוא דוקא הצליח להנתק מהמקום בעוד מועד...)

נפגשנו אחר כך עם כל החבריה: המורים לפולנית ולמקצועות כלליים: הנריך אוקס, ספיר, הגננת רבקה ארליך ועוד כמה מורים, עם חברי ועד ההורים - יהודים בעלי־נפש ואוהבי התקדמות ברובם, ועם אחרון חביב: התלמידים והתלמידות של בית־הספר.

קרוב לארבעים שנה עברו מאותם הימים. ארצנו עוד היתה אז „מדינה בדרך״, אך בבית־הספר העברי „התקוה״ זכינו לראות דור רענן ובריא, מתחנך ברוח היהדות הלאומית וחדור הכרת ערכה של התקופה — תקופת התחיה שבה הם חיים, ואין אני מהסס אף רגע מלהדגיש, שבעבודתנו הצנועה בבית־הספר סללנו את דרך ההצלחה, אשר בה בחרו חניכינו — זו הדרך לארץ־ישראל, שזכינו לראותה מדינה חפשית ועצמאית. זו היתה להם דרך־מפלט טבעי, עקבי וישיר, מותאם לחינוך אשר קיבלו בנעוריהם, דרך בלי תסבוכת ובלי מהפכות נפשיות.

### המאורע ההיסטורי של סן־רמו

לא אשכח את ההתלהבות ורוממות הרוח, אשר הכניס לבית־הספר המאורע ההיסטורי של סן־רמו. ידוע ידעו התלמידים, שהצהרת בלפור אינה אלה אתחלתא דגאולה, אולם החוויה בבית־הספר לקראת המאורע הפכה לחווית־גאולה ממש. רק עכשו, בהמצאנו תחת שמי ארצנו החפשית, אנו מרגישים, כאילו משהו נבואי־אינסטינקטיבי היה תוסס בתוך אותה החדווה, אשר השתלטה על התלמידים. מי יודע? אולי בתת־הכרתם של כמה מהם, פעם הרגש העמום של תודה ותהילה לאותה הארץ הרחוקה־הקרובה אשר נועדה להיות מקלט־חייהם בעתיד.

התהלוכה של מאות הילדים מדוגלים ומקושטים, אשר נמשכה לאורך הרחובות המרכזיים של העיר היתה הפגנה של גאון לאומי, אשר ערכה החינוכי והשפעתה על נפש הילד העברי היו לאין־ערוך. לא הנאומים, אשר הושמעו בבית־הכנסת, גם לא השירים וקריאות הגיל היוו את הביטוי המלא להתעוררות הלאומית, כמו אותה ההפגנה של הדור הצעיר, אשר יצא לרחובות, חגיגי ומואר, לקראת פעמי הגאולה הראשונים של העם, על אף הבוז של הגויים וגל השנאה אשר גאה מסביב.

### כבני מרון הם עוברים בדמיוני

המבוגרים ביהודי הרובישוב, שנשארו בחיים מסערת השואה, נזדקנו. הילדים מאותם הימים הם כיום גברים ונשים בגיל העמידה — אבות ואמהות, אולם בעת רשמי את זכרונותי אלה, יש את רצוני לעצור ולהשיב אחור את שטף הזמן ולראות את אותם התלמידים בצלמם הילדותי, עם כל החן והיופי שבהם. וכך, אני רואה אותם בעיני רוחי. כבני מרון עוברים הם כולם בדמיוני, בני העשירים, כביכול, ובני העניים: אלה הראשונים, שהביאו מבתיהם שקיקי־מזון, וגם אלה, אשר הסתפקו במנה הדלה, שהודות לתמיכת ה„דזשוינט״ הוגשה להם בבית־הספר.

זו היתה אוכלוסית ילדים בריאה, בת־כושר למודים וחוש הסתכלותי יפה. כמה אני מצטער ברגע זה, שאינני זוכר את שמותיהם, אך מהו השם, אם פניהם ועיניהם מופיעים מרועננים בזכרון: עיניים חומות, עיניים שחורות; פנים של רטט, גיל והתלהבות, ופנים שקטים ומהורהרים; פנים מחייכים חיוך פקחי ונועז, ופנים עצובים, שרשמי עוני ומחסור טבועים בהם. אלו ואלו גילו די רצון ועניין בלימודים. אינני זוכר בציבור־ילדים זה



בית־הספר התקוה בשנת קיומו הראשון נפרד מחברה היוצאת לאמריקה.
התקוה־שילער געזעגענען זיך מיט אַ חברטע וואָס פאָרט אָפּ קיין אמעריקע.
שורה ראשונה: חיה זק, טויער, ביילה זק, טילה איזן, בשה הרפין, שושנה מורגנשטרן.
שורה שנייה: ריקל איזן, שרה הון, שושנה נדלר, סוניה בורנשטין, מליה לרר, שרה מורגנשטרן. שורה שלישית: גיטה מורגנשטרן, שושנה זק, חנה נדלר.

יוצא דופן אחד מבחינת קושי־חינוך או נחשלות פסיכית. ואיזה גישה רצינית לעבודת השיעורים! והכבוד והחיבה למורים!

וחידה סתומה היה לי מיד שיווי־המשקל הנפשי שבילדים האלה. הרי בעצם היו אותם הילדים תחת מועקה של סביבה עוינת. זוכר אני את הפנים הרצחניים של אחד השכנים, אשר תפס פעם ילד, שכדורו נתגלגל לחצרו. אותו הפולני הסתער על הילד כאילו חשב לדרסו ממש, וכשהתערבתי ובקשתי סליחה למען הנער, נוכחתי מתשובתו הארסית, שענין הכדור אינו אצל ה„גוי" הזה אלא תואנה לשפך זעם רעלי־אנטישמי, שהיה עצור בתוכו כל הימים. תופעות כאלה ורבות דומות להן, לא שברו בכל זאת את נפש הילדים התמימה את רוחם השקטה־גאה בקרבם.

## איפה אותה חבריה נחמדה?

איפה היא עכשיו אותה החבריה הילדותית הנחמדה? איזה אחוז מהם ניצל מידי הכורת? ומי ייקום דמם של החניכים שנטרפו בשחר ימיהם ואינם?

בזכרוני עולה קלסתר פניה של ילדה אחת שחרחורת, תמירה ונאה. עיניה השחורות הביעו תמיד עגמה שקטה של געגועים. היו אז ימי החזרות האחרונות של מחזה ילדים בשם: „גמדי ליל", אשר הכינונו להצגה. באחת החזרות מצאתי את הילדה עומדת בפינת האולם שקועה בעצב, וכששאלתיה על סיבת יגונה, אמרה תוך בכי עצור:

— אני הייתי צריכה להיות מלכת היער. אני יכולה להיות מלכה...

— למה לא? — עמדה על שלה — למה לא תהיינה שתי מלכות? הבטתי בעיניה השחורות והעמוקות, שברק געגועים טמירים בוער בהם, ובגופה התמיר: כן, הרי מלכה לפני; מלכת התום והיופי, והגיתי אז בלבי: מי יתן ולכל ילדי ישראל לא יחסר אלא כסא־מלכות...

לשברנו הגדול, אותו היער האגדתי של ילדי ישראל בפולין, עם מסתוריו, מכמניו והזיותיו המקסימים, גז וחלף עם פרוץ המגפה ההיטלריסטית, ויער אחר, יער של חיות טורפות תפס את מקומו. חלומות תמימים של ילדי ישראל — מי ינוד לכם ולגורלכם; ומהו חלום כסא־מלכות של ילדה שלא נתמלא, אם מלכות השמים בכבודה ובעצמה — כאילו נתמוטטה בימי השואה, ותהי כלא היתה...

על מה חלמו ילדינו האומללים במחבואי החשכה של הגיטאות? ב„בונקרים"? ביערות? איך לא השחירו פני שר־החלומות לקראת חורבנם של עולמות מלאי זוהר ותום?

במשך שנתיים ראיתיך במצבים שונים, קהילת הרובישוב.

ראיתיך בחייך השקטים, בימי „שלום ושקט", שהיו תמיד יחסיים ליהודי פולין, בהם ידעת לשלב דאגותיך לצרכי הגוף והנפש גם יחד, כיאות לקהילה בת מסורת משורשת ועבר פורה; ראיתיך תחת סבל המועקה האנטישמית ונטל המיסים הכבדים, וגם במבוכת ימי מלחמה ראיתיך, עת הומטרו על העיר כדורי־מוות ופגזי תותחים מחזית־המלחמה בין הבולשביקים והפולנים. אותם הלילות האיומים של רציחות ושוד, הסתערויות ונסיגות — מי ישכחם! ראיתיך תחת הכיבוש של „הצבא האדום" שארך ימים קצרים, עת ביום פיטמו את התושבים בנאומים צעקניים על גאולת העמלים ושיחרור עולמי, ובלילה פשטו אותם „המשיחים" על חנויות המכולת, בזזון ורוקנון ויציגו את העיר ככלי ריק. מכל הפורעוניות יצאת בשלום והמשכת, תוך בטחון ואמונה, לשאת בעול של חייך הכבדים. אך מי חכם ויבין את התעלומה האיומה, שגם השמים כאילו עשו יד אחת עם כל מיני הבוגדים הרוצחים, ואף כוכב אחד לא דעך בהם, עת נגדע קיומך וקיום כל שאר הקהילות, בוטחות ומאמינות כמוך.



כתה בבית־הספר תל־חי בשנת 1932. איינע פון די קלאַסן אין דער תל־חי שול אין 1932.
הראשון בשורה הראשונה: בנימין ויניאז׳. בשורה השניה: שמעון גלזברג, ליובה קפלן, שמואל הובל, לייביש אלטר.



כתה בבית־הספר תל־חי בשנת 1932. איינע פון די קלאַסן אין דער תל־חי־שול אין 1932.
בשורה השניה — המורים: שמעון גלזברג, שמואל הובל, ליובה קפלן ולייביש אלטר.

## למה רמיתנו, המורה?

לעיתים מעבירני דמיוני לכל אותן הערים בפולין ובליטא, בהן לימדתי וחינכתי נוער יהודי במשך שנים, משוטט אני בזכרוני בסביבות הערים: מרימפול, קלבריה, הרובישוב ואוסטרוב, רואה אני את עצמי צועד שנית באותם השדות והיערות בהם ערכנו לחניכינו טיולים חגיגיים וחינוכיים, שדות ויערות, אשר נהפכו בידי המשחית לבתי־קברות ענקיים.

והנה לפני סביבת הרובישוב: כר נרחב, שמש, ירק ופרחים, והנה תלמידינו הצוהלים... במשחק, בריצה, בהתחרויות שונות... התמונה נגוזה פתאום, וקול מזועזע נשמע, קול דמי ילדים הצועק אלי מן האדמה.

— למה רימיתנו, המורה? למה שיקרת? — לימדת אותנו: „והתברכו בזרעך כל גויי הארץ" — הככה התברכו בנו הגויים...? קראת לנו ובארת את דברי הנביא: „הנה לקחתי את כוס התרעלה מידך ושמתיה בידי מוגייך..." — ההעניש מישהו את רוצחי נפשותינו החפות מפשע? הנה הם משתוללים על קברותינו בחגיהם, את עמל אבותינו הם זוללים וסובאים, במשכנות הורינו הם שוכנים לבטח, ואין מחריד.

סלחו לי, תלמידי היקרים. לא תשובה על שאלת דמכם הבאתי לכם הפעם — אין תשובה בפי. ואם אמסור לכם, שאותה „התקוה", אשר בית־ספרכם נשא בגאון כשם וכסמל, נתגשמה בגאולת העם, הרי גדול הכאב שבעתיים: למה, אל שמים, למה לא הבריק זיווה של גאולה זו גם בעיניהם התמימות־החולמות?

אין פשר תחת השמים ואין התנצלות. אני רק את זכרכם היקר העליתי על הנייר, טורי זכרונות ספוגי־כאב ודמע.

יהיה זה זר־פרחים צנוע על קברותיכם הקדושים.

# בית־הספר „התקוה" בהרובישוב

התקוה־שול ביי דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין יאָר 1919.



כנס בוגרי בית־הספר התקוה עם המורה אוקס בשנת 1928.
אביטוריענטן פון התקוה־שול אויף אַ באַגעגעניש מיטן לערער אָקס — 1928.

שורה ראשונה — למעלה: מליה לרר, שרה אינהורן, ינק פיל, ורשקי אלתר, שורה שניה: שלמה מר, יעקב צ׳כוביץ, משה זילברשטין, אברהם פינקלשטין, שורה שלישית: שושנה מורגנשטרן, הרש קם, גוטה וינר, סוניה הורנשטין, הוזמן, פרל הכט, שמריהו מינץ, יוסף הוכמן. שורה רביעית: דוד אברמנט, זישה פרימוסט, חיה זק, חנה פינקלשטין, המורה אוקס, ביילה זק, יחיאל וינטרויב, יעקב קם. שורה אחרונה: אברהם לרר, פנחס מר, ישראל לקס, גישה מורגנשטרן, אריה שפילר, הלל הורנשטין.

# אליעזר פולושקו / בית־הספר תל־חי היה לנו פינת־אור

קבוץ יגור

כמו מבעד לערפל אני רואה אותך הרובישוב — עיר לא גדולה על גבול פולין־ווֹלין.

עיר זו לא עמדה בקפאונה, כי בינתיים קם דור חדש, אשר מאס בחיי הניוון בגולה, בחיי התלות במסחר ובממכר, ובצפיה לקונה; קם דור, שידע להפוך את חלומותיו על חיי יצירה בארץ הנכספת למעשים של יום־יום: איסוף כספים לקרנות הלאומיות, הצמדות לחיים צבוריים תוססים, להכשרה ולעליה.

במרכזם של חיים צבוריים אלה עמד בית־הספר „תל־חי", בו עבדתי שנתיים כמורה. שנים אלו שמורות בזכרוני, כשנים הטובות ביותר בפעולתי הציבורית.

בית־הספר הזה, שנוסד כבית־ספר „תרבות" על־ידי הציונים הכלליים — מרבית תלמידיו היו בני דלת העם, שלא יכלו להבטיח את איזון תקציבו על־ידי שכר־הלימוד הזעום. בהעדר תמיכה ממשלתית, תוך התחרות קשה עם בית־הספר הממשלתי, אשר הלימוד בו היה חינם, הלך בית־הספר והצטמק עד שהגיע לסף הסגירה. אז באו חברינו, אנשי פועלי־ציון — צ"ס, להנהלת בית־הספר בהצעה למסור לרשותם את בית־הספר והם יתאימו את תכניתו לאופיה של התנועה וידאגו לקיומו. לא היתה להם, לאנשי ההנהלה, ברירה אחרת, כדי להציל את בית־הספר וכך החל הדף החדש בהתפתחותו.

לאחר הרכבת צוות מורים חדש, לאחר ריאורגניזציה וקבלת תלמידים חדשים — גדל בית־הספר והפך למוסד חי, שהשפעתו גדלה. מה שהבטיח את קיומו של בית־הספר וקבע את אפיו הצבורי — היתה העבודה המשותפת בין המורים, ההורים והתלמידים, שכולם השתתפו בעיצוב דמותה.

בגמר שנת־הלימודים הראשונה, הפגין בית־הספר את הישגיו בנשף פומבי. כדאי היה לראות, כיצד קרנו עיני האמהות והאבות, בראותם את ילדיהם מסתובבים חפשיים על הבמה, בשירה, דקלום והצגה. נשפים אלה הפכו מסורת והיה בהם מגלוי יצירה של התלמידים והמורים כאחד וגם הכנסה כספית, שתרמה לאזון תקציבו של בית־הספר.

בשנה השניה ביימו תלמידי הכתות הגבוהות את חיי הנביא עמוס. התנגשויותיו הדרמטיות של נביא זה, בן־העם, נבואותיו הרוויות פתוס סוציאלי לוחם קרמו עור וגידים והמחישו פרק בתולדות מדינת ישראל העתיקה הנאבקת על קיומה, כורעת ונופלת במאבק הגדולים על השלטון ברצועת חוף הים והשואפת ומתאמצת להחזיק מעמד על ידי שלמות פנימית, מוסרית וחברתית.

המורים והתלמידים, שהשתתפו בערב זה, זוכרים ללא ספק את ההתלהבות העצומה של הקהל לשמע המלים, הידועות לו מן התנ"ך,



המורה אליעזר פולושקו מנהל שעור בגיאוגרפיה בבית־הספר תל־חי ב־1928.
דער לערער אליעזר פאָלושקאָ פירט אַ לעקציע פון געאָגראַפיע.
יושבים: צבי סס, אברהם בוכטרגר, יהושע ברגר, יוסף מאיר לרר, מאיר פלוט, אברהם פויגל.

יוצאות מפי בניהם במין שלמות קומפוזיציונית, המשוה להן אופי ריאליסטי. כיום אני סבור, כי משמעות מחזה זה חרגה מגדר השעה, אם כי אז טרם ידענו זאת.

מפעלים שונים נעשו על ידי החברים לטובת בית־הספר. המורים, שחלקם גויס מפעילי התנועה, שתפו אתם פעולה. בינתיים הלכה וגברה גם השפעתה של המפלגה בעיר, שהתבטאה בנצחונה בבחירות לעירייה. היא עמדה בראש הגורמים הצבוריים בעיר, הן בתנועה הציונית והן בתנועת הפועלים המקומית. חברי המפלגה בעירייה אף הצליחו להכליל בתקציבה, הקצבה קבועה לבית־הספר, ועל ידי כך בססו במידת מה את קיומו.

באשר לחיים הפנימיים של בית־הספר יש לציין, כי הוא נבדל מבית־הספר הפולני ואף מ„תרבות" ביחסים המשפחתיים כמעט בין המורים והתלמידים. אנו, המורים, חשבנו מה רב הסבל והקדרות בחיי ילדינו בבית. העשירים העדיפו ברובם את בית־הספר הפולני, כדי להכשיר את ילדיהם לעתידם כאנשי־מסחר או במקצועות חפשיים, למרות שגם אנו הקצבנו מקום מסויים ללימודים הפולניים, בהתאם לתכנית הממשלתית המחייבת. אולם היו מקרים שאף ילדי עניים היו מועברים לבית־הספר הכללי מחוסר אמצעים. אנו מצדנו נאבקנו עם עזיבות אלו ונלחמנו על תלמידינו על ידי הנהגת שכר־לימוד מודרג, עד כדי שחרור במקרים מסויימים.

בית־הספר היה פינת אור בחייהם האפורים של תלמידינו. בידענו, כי לרבים מהם חסרים בבית התנאים המינימליים הדרושים להכנת השעורים, פתחנו את בית־הספר גם בשעות שלאחר הלימודים ואחד המורים היה משמש כתורן בהשגחה על הסדר והעזרה בשעורים. במשך הזמן הפך בית־הספר בשעות הללו למועדון עבור התלמידים. הילדים פשוט לא אבו לעזבו ועד השעות המאוחרות היו מבלים את זמנם בקריאה, ובמשחק. רכישת מכשירים שמשה גם יסוד לפיתוח יזמת התלמידים ולהנחת יסוד לחיים הצבוריים. קבענו, שבית־הספר יקציב למטרות אלו סכום השוה לזה שהתלמידים יאספו ביניהם. כדאי היה לראות באיזו נכונות היו הילדים משלשלים את פרוטותיהם לקופה המיועדת לכך, בחסכם לא פעם פרוטה מלחמם. בהמשך הזמן נקבע אותו סידור גם לגבי הספריה, שגדלה מיום ליום, לשמחת לבם של התלמידים והמורים כאחד.

לא היה לנו אולם להתעמלות. בקיץ נעזרנו בחצר בית־הספר ואילו בחורף היינו גולשים במגררות מן ההר היורד בשפוע לעבר הנהר. אגב, „תחליף" זה מצא חן בעיני המפקח הממשלתי של בתי־הספר.

היה שיתוף פעולה בין המורים ובין התלמידים, מלווה בגילויי ידידות וחבה. ילדי עוני אלה, שהחיים לא פינקום, ידעו להעריך את התמסרות המורים והיענותם לצרכיהם. זכרוני, פעם בשעות המנוחה של אחרי הצהרים, ביום שלא הייתי צריך לשמש כתורן, הופתעתי לשמוע דפיקות קלות בדלת חדרי. היה זה התלמיד, ק ו פ ל ה ז"ל, אחד התלמידים האהובים עלי ביותר. הוא בא בלווית חבריו, ותוך בקשת סליחה הפצירו בי, שאסכים לשחק אתם בקריקט. אם כי הייתי עייף מעבודת היום, נעניתי לבקשתם. בדרך כלל, הייתי נוהג לא לסרב לתלמידי בית־הספר, במקרה של בקשות אלו. מאידך, התלמידים ידעו לא להפריז בבקשות אלו, בהתחשב בתנאי העבודה הקשים של המורים.

גדול היה הצמאון לדעת אצל תלמידי בית־ספר „תל־חי". בשעורים הרגשת, שאתה פותח להם אפקים חדשים. המבטים מרוכזים, כדי לקלוט ולהבין את הנאמר ואת המוסבר והעינים קורנות מהרגשת הסיפוק. אינני יודע אם זה מקרה או הישג, אבל עובדה היא שמועצת המורים הגדירה את הכתה, בה לימדתי, ככיתה מצטיינת.

כעבור שש שנים, מיום עזבי את הרובישוב, נזדמן לי לבקר בה, בהיותי בפולניה בשליחות מארץ־ישראל.

לא את כל תלמידי מצאתי בעיר. המבוגרים היו כבר בהכשרה, חלקם עלה ארצה. הצעירים מלאו את מקום המבוגרים בשורות הנוער. האוירה בעיר היתה רוויה הלכי־רוח מבשרים רעות.

ערפל של צער ודמעות מסתיר מעיני את הרובישוב — עיר ואם בישראל, שעלה בחלקי לחיות בה חלק קטן וחשוב מחיי.

דעם דערפינדער, וואָס רעדט און שרייבט אַ קאָרעקטן פויליש און וואָס האָט אַריינגעשיקט אין די פוילישע בלעטער אַ פּאָפּולערע דערקלערונג פון זיין קאָמפּליצירטער רעכנמאַשין.

די באַריכטן פון דער פוילישער פּרעסע, ווי אויך דער דייטשער קאָמוניקאַט זיינען איבערגעדרוקט געוואָרן אין אייניקע דייטשע בלעטער. שטערן איז פאַרבעטן געוואָרן דעמאָנסטרירן זיין דערפינדונג פאַר די וויסנשאַפטלעכע קערפּערשאַפטן פון אויסלאַנד. ער האָט באַזוכט בראָד און לעמבערג, ווו די משכילים האָבן אים געמאַכט אַ הייסן קבלת־פנים. פון גאַליציע איז שטערן אַוועק קיין דייטשלאַנד. די גענויע מאַרשרוט פון זיין נסיעה איז נישט באַקאַנט. עס לאָזט זיך פעסטשטעלן, אַז ער איז געווען אין האַלע און פירט. קיין סך פּרטים וועגן דער דאָזיקער מערקווירדיקער נסיעה זיינען ליידער נישט בנמצא. שטערן גופא האָט מיט יאָרן שפּעטער דערציילט אייניקע פּרטים זיין אײדעם, חיים־זעליק סלאָנימסקי. עס איז געווען שווער אָפּצוטיילן דעם סענסאַציאָנעלן עלעמענט פון דעם עיקרדיקן אינטערעס פאַר זיין אויפטו. דאָס דאָזיקע „ווילדע באַשעפעניש" האָט משמעות אימפּאָנירט נישט־יידן, הגם די דייטשע משכילים האָבן זיך מיט אים אויך געגרויסט.

שטערן איז אויך געווען אין פירט, כדי צו זען די דאָרטיקע ישיבה, וואָס האָט געהאַט אַ שם. מיט יאָרן שפּעטער האָט ער אין שייכות מיט די פּלענער פון אַ ראַבינערשול אין וואַרשע, דערמאָנט דעם באַזוך און געשטעלט יענע ישיבה, ווי אַ מוסטער. עס איז קיין ספק נישט, אַז שטערן האָט זיך געטראָפן מיטן פירטער רב, דעם ישיש, ר׳ משולם זלמן הכהן (1739—1819), אַ יליד פוילן, וואָס איז זינט 1789 געווען רב אין דער אַלטער און באַרימטער קהילה. ביידע האָבן געהאַט אַ סך בשותפותדיקעס, ביידע האָבן באַקעמפט די פּאָליטישע אַרבעט פון די אויפגעקלערטע יידן.

שטערן דערציילט, אַז בעת זיין רייזע האָט מען אים געראַטן, אַז ער זאָל בלייבן אין אויסלאַנד. ער האָט דאָס אָבער נישט געטאָן. מען האָט אים צוגעזאָגט „גרויסע מתנות און פאַרבעסערן זיין מעמד". ער האָט אָבער נישט געוואָלט פאַרלאָזן זיין „היימלאַנד", ווי ער דריקט זיך אויס. דאָס געפיל פון דאַאיקייט איז ביי אים געווען שטאַרק אַנטוויקלט. ביי אַ סך געלעגנהייטן רעדט דער דאָזיקער, פרומער ייד וועגן פוילן, ווי „מיין היימלאַנד". אין דעם פּרט איז ער נישט געווען, אגב, דער ערשטער. אויפגעקלערטע יידן האָבן פאַר אים געמאַכט שוין אַזעלכע דעקלאַראַציעס. גענוג צו דערמאָנען זיין לאַנדסמאַן, דעם רופא יעקב אָדער זשאַק קאַלמאַנסאָן (געשטאָרבן 1811), וואָס האָט זיך דעקלאַרירט ווי אַ פוילישער בירגער. ער האָט עס אָבער געטאָן אויף פראַנצייזיש, ווייל ער האָט קיין פויליש נישט געקענט. שטערן איז געווען דער ערשטער פרומער ייד, וואָס האָט עפנטלעך דעקלאַרירט, אַז פוילן איז זיין „היימלאַנד".

## שווערע שטימונגען

מיט אַזעלכע געפילן איז שטערן געקומען אַהיים. זיין פּראָטעקטאָר און מעצענאַט, דער גלח סטאַשיץ, האָט אין אים באַגריסט אַ יידן וואָס האָט געמאַכט אין אויסלאַנד אַ גוטן נאָמען דער פוילישער וויסנשאַפט.

שטערנען איז געלונגען זיך צו באַקענען מיט דעם מעכטיקן סענאַטאָר, נאָוואָסילצעוו, וואָס האָט ליב געהאַט צו טאָן טובות, אַפילו ווען מען פאַרדינט נישט דערביי. אים האָט זיך איינגעגעבן פאָרשטעלן דעם „יידישן מעכאַניקער" שטערן פאַר אַלעקסאַנדער דעם ערשטן. דאָס איז געווען אין יאָר 1815. יענער איז אַזוי נתפעל געוואָרן פון דעם „יידישן קוריאָז" וואָס רעדט פראַנצויזיש", אַז ער האָט באַפוילן אים אויסצוצאָלן אַ יערלעכע פענסיע פון 200 טאַלערן (1,200 פוילישע גילדן).

פון אַזאַ פענסיע האָט שטערן נישט געקענט לעבן. זיין ווייב, שיינדל, איז געווען די טאָכטער פון אַן אָפּאַטשנער למדן און גביר ליפשיץ און האָט מסתמא נישט געקענט פאַרגעסן די „גוטע יאָרן" ביים טאַטן. אין שטוב זיינען געווען פינף קינדער. קיין אַנדערע פּרנסות האָט שטערן נישט געהאַט, חוץ צופעליקע, פּריוואַטע לעקציעס, על־פּי־רוב ביי נישט־יידן, וועמען ער האָט געלערנט מאַטעמאַטיק און אַסטראָנאָמיע. די סובסידיע, וואָס שטערן האָט באַקומען, איז אין גאַנצן אַוועק אויף מאַטעריאַלן פאַר זיינע דערפינדונגען, צווישן וועלכע עס איז געווען אַ שנעלע אַקערמאַשין, וואָס האָט שטאַרק פאַראינטערעסירט די פוילישע אַגריקולטור־געזעלשאַפט.

אין יאָר 1817 האָט שטערן באַזוכט ווילנע, גראָד אין דער זעלבער צייט, ווען אַלעקסאַנדער דער ערשטער איז דאָרט געווען. אַדאַנק דעם פירשט, אַדאַם טשאַרטאָריסקי, דעם קוראַטאָר פון ליטווישן בילדונגס־ראַיאָן, איז שטערן נאָכאַמאָל פאָרגעשטעלט געוואָרן פאַרן רוסישן קייזער. דער צאַר האָט אויסגעהערט שטערנס טענות און האָט געהייסן פאַרגרעסערן די פענסיע. ווען עס איז אָבער געקומען אויסצוצאָלן דאָס געלט, האָט אַפילו נאָוואָסילצעוו נישט געקענט העלפן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַוויזן שווערע שטימונגען, וואָס שטערן האָט נישט געקענט תופס זיין. זיינע פוילישע פריינד און חסידים האָבן אים נישט געוואָלט העלפן, מחמת דעם, וואָס אין דעם ענין האָט געשטעקט די האַנט פון דעם פאַרהאַסטן נאָוואָסילצעוו.

סטאַשיץ, דער קאָנסעקווענטער, אַנטיסעמיטישער פובליציסט, האָט אָבער ווייטער געשטיצט זיין פּראָטעזשע. אמת, ער האָט אין יאָר 1816 געשריבן, אַז מען דאַרף יידן פון פוילן באַזעצן אין קרים אָדער בעסאַראַביע, כדי אויף אַזאַ אופן „ראַטעווען" דעם פוילישן פויער פון יידישע שענקער און דעם פוילישן סוחר און בעל־מלאכה פון „געפערלעכע קאָנקורענטן". ער האָט אָבער געהאַלטן, אַז ווער עס איז נישט קיין „שעדלעכער ייד" — דאָס באַשטימט ער. שטערן איז געווען טאַקע איינער פון די דאָזיקע „נוצלעכע יידן". ער האָט אין אים געזען קודם־כל אַ יידן, וואָס קען העלפן דער אַנטוויקלונג פון דער פוילישער, טעכנישער וויסנשאַפט. ווי אַ גלח, האָט סטאַשיץ געהאַט מער דרך־ארץ פאַר דעם פרומען שטערן, ווי פאַר אַ סך אויפגעקלערטע יידן, וואָס ער האָט פערזענלעך גוט געקענט. שטערן איז פאַר סטאַשיצן, דעם פיזיאָקראַט, געווען גאָר אַ וויכטיקער מענטש צוליב דעם פּלאַן פון אַ נייער אַקערמאַשין.

אין יאָר 1817, פינף יאָר נאָך דעם ערשטן באַריכט, איז שטערן געווען פאַרטיק מיט אַ פולן פּראָיעקט פון אַ נייער רעכנמאַשין. אַלס פּרעזיצער פון דער וויסנשאַפטלעכער געזעלשאַפט האָט סטאַשיץ באַשטימט אַ דאַטע, ווען שטערן האָט באַדאַרפט אָפּגעבן אַ באַריכט. אייניקע מיטגלידער זיינען אָבער נישט געווען צופרידן דערפון און געבעטן סטאַשיצן אַראָפּנעמען שטערנס נאָמען פון דער רעדנער־ליסטע. סטאַשיץ, וואָס האָט שוין אונטערגעשריבן אַ רעזאָלוציע, וואָס באַשטימט שטערנען, ווי אַ מיטגליד פון דער געזעלשאַפט, האָט נישט געוואָלט נאָכגעבן. אַ גרופּע ליבעראַלע מיטגלידער האָבן אין אַ בריוו פּראָטעסטירט קעגן די אַנטיסעמיטישע קלאָגן. איינער פון זיי, גראַף אַלעקסאַנדער כאָדקעוויטש, אַ באַקאַנטער כעמיקער, האָט וועגן דעם געשריבן צום סעקרעטאַר פון דער געזעלשאַפט סטאַניסלאַוו טשאַרנאָצקי:

„דער באַשלוס (נישט צולאָזן שטערנען) וועט נאָר באַווייזן, אַז מיר האָבן נישט קיין אינטעגריטעט און אַז ביי אונז הערשן נאָך אַלץ טיף איינגעוואָרצלטע פאָראורטיילן. וואָס שייך פאָראורטיילן, וויל איך זאָגן, אַז נישט דער בגד באַפּוצט דעם מענטשן נאָר פאַרקערט. בכלל דאַרפן געלערנטע זיך האַלטן פון דערווייטנס פון וועלכע עס איז פּאָליטישע ענינים און דעריבער דאַרפן מיר קיינמאָל נישט טאָן דאָס, וואָס איז נישט בהסכם מיט אַ באַשלוס. אונז דאַרף נישט אינטערעסירן שטערנס שטעלונג לגבי יידן, נאָר טאָן דאָס וואָס אונזערע תקנות דיקטירן, דאָס הייסט פאַרשפּרייטן ליכט אין פאָלק און צוזאַמענברענגען אין איין קערפּערשאַפט אַלע געלערנטע אָן אונטערשייד פון אמונה".

סטאַשיצן האָט זיך איינגעגעבן צו ברעכן די אָפּאָזיציע, וואָס איז געווען נישט אַזוי קעגן שטערנען, ווי קעגן זיין יידישער הלבשה. דער רעפעראַט איז סוף־כל־סוף געהאַלטן געוואָרן. לויט די אָנגענומענע מדרגות פון מיטגלידערשאַפט איז שטערן אַפּריער אויסגעקליבן געוואָרן אין יאָר 1818 ווי אַ מיטגליד אָן רעכט, אין יאָר 1821 — מיט פּאַסיווע רעכט און אין יאָר 1830 — מיט פולע, אַקטיווע רעכט.

„עס האָט אין וואַרשע אַ לייכט געטאָן שטערנס שטערן" — שרייבט מיט גדלות אַ פּוילישער מיטצייטלער.

ער ווערט אַ מיטגליד פון צענזור־אַמט פאַר יידישע ספרים און ווערט באַטראַכט אַלס דער רעפּרעזענטאַטיווסטער עקספּערט, וואָס שייך יידישע ענינים.

זיין אַמט אין דער צענזור איז געווען מער אַ דעקאָראַטיווער. נאָוואָסילצעוו האָט געהאַלטן, אַז ער איז מער עקספּערט אויף ספרים ווי אויף צענזור. אין דער אמתן האָט שטערן געהאַט אַ קולטור־אָריענטאַציע, וואָס איז די ראַדיקאַלע אויפקלערער נישט געפעלן געוואָרן. ער איז געווען מילד צו לומדישע און משכילישע ווערק, דערפאַר אָבער שטאַרק דורכגעזיפּט חסידישע ווערק. שפּעטער איז ער געוואָרן אַזוי מילד, אַז אין די רעגירונגס־קרייזן האָט מען געהאַלטן, אַז שטערן איז בכלל שעדלעך ווייל ער איז „סימפּאַטיש צו די פינצטערע און פאַנאַטישע יידן". אים איז געלונגען צו נישט מאַכן די מיסיאָנערישע באַמיונגען אַרויסצוגעבן פאַר פּוילישע יידן אַ תנ"ך. שטערן האָט געשריבן, אַז היות יידן האָבן אַן אייגענעם תנ"ך, דאַרפן זיך די מיסיאָנערן פאַר יידן נישט זאָרגן.

שטערן איז געוואָרן די רעפּרעזענטאַטיווע געשטאַלט פון יידישן קהל, אָן וועלכער עס איז נישט פאָרגעקומען קיין שום קולטורעלע פייערונג אין וואַרשע.

אין יאָר 1829 האָט מען אין וואַרשע געלייגט דעם ווינקלשטיין פון אַ דענקמאָל פאַר מיקאָליי קאָפּערניק. צווישן די געסט וואָס זיינען פאַרבעטן געוואָרן אונטערשרייבן דעם פייערלעכן אַקט איז אויך געווען אַבּרהם יעקב שטערן. אויף דעם דאָזיקן אַקט האָט ער זיך אונטערגעשריבן העברעיש. ער האָט דערביי דערקלערט, אַז זיין כוונה איז געווען, אַז טאָמער וועט מען אַמאָל אויסגראָבן דעם דאָזיקן אַקט זאָל מען וויסן, אַז פּאָליאַקן זיינען געווען צו יידן ליבעראַל און טאָלעראַנט, והראיה זיי האָבן פאַרבעטן אַ יידן צו אַ נאַציאָנאַלן פּוילישן יום־טוב.

### שטערן דעמאַסקירט אַ פּלאַגיאַט

דער באַגריף נאַציאָנאַל חזרט זיך איבער זייער אָפט אין שטערנס כתבים. געמיינט האָט עס לאַנד־ענינים; בשום אופן נישט עטניש - נאַציאָנאַלע אינטערעסן. שטערן האָט זיך באַטראַכט פאַר אַ פּוילישן יידן און געהאַלטן, אַז אַלץ וואָס איז שייך פּוילן דאַרף אינטערעסירן אַ יידן, געבוירן אין דעם לאַנד.

גאָר גיך האָט שטערן באַקומען אַ געלעגנהייט צו פאָרמולירן דעם דאָזיקן געדאַנק אויף אַ מער דעמאָנסטראַטיוון אופן. אין יאָר 1819 האָט דער וואַרשעווער אוניווערסיטעט פאַרבעטן דעם איטאַליעניש, גלח לואידזי קיאַריני (Chiarini) (1789—1832) אַלס פּראָפעסאָר פון העברעיש. דער דאָזיקער קיאַריני איז געווען אַ פאַרביסענער אַנטיסעמיט, וואָס האָט אפילו געגלויבט אין עלילת־דם. ער איז אויך באַשטימט געוואָרן אַלס פאַרזיצער פון צענזור־קאָמיטעט פאַר העברעישע ספרים, און שטערן האָט אַזוי אַרום געמוזט אַרבעטן מיט אים.

אין יאָר 1829 האָט קיאַריני אַרויסגעגעבן אין אַ פּוילישער איבערזעצונג זיין לאַטייניש געשריבענעם ווערטערבוך פון דער העברעיִשער שפּראַך. דאָס איז געווען זייער אַ שלעכטע אַרבעט, שטאַרק פּלאַגיאַטיזירט פון אַנדערע לעקסיקאָגראַפן. צווישן די פּוילישע געלערנטע זיינען דעמאָלט קיין צו פיל העברעיסטן נישט געווען. אייניקע פון זיי, און צווישן זיי איז געווען דער יונגער יאָאַכים לעלעוועל, האָבן זיך געווענדעט צו שטערנען מיט דער בקשה צו נעמען אַ וואָרט וועגן דעם ווערק פון דעם איטאַליענערס קאָמפּילאַציע.

שטערן האָט אָבער נישט געקאָנט אַרויסטרעטן אָפן קעגן זיין „בעל־הבית". ער האָט זיך דעריבער באַהאַלטן אונטער אַ פען־נאָמען: ליבהאָבער פון ליטעראַטור. די דאָזיקע שריפטלעכע מבינות איז זיך צעוואַקסן אין אַ ביכל פון 116 זייטן, אין וועלכע שטערן האָט אָנגעוויזן אַז קיאַריניס ווערטערבוך איז אַ פּלאַגיאַט און חוץ דעם געפינט מען דאָרט 900 טעותים.

די געזעלשאַפטלעכע שטעלונג, וואָס שטערן האָט געפונען אין דער הקדמה („אונזער טייערע ליטעראַטור") און דער אימפּערסיווער סך־הכל פון קיאַריניס עם־הארצות האָט אין וואַרשע געמאַכט אַ שטאַרקן רושם. דער וואַרשעווער פּראָפעסאָר, וואָס איז אַראָפּגעבראַכט אַזש פון איטאַליע איז דעמאַסקירט געוואָרן נישט פון אַן אויפגעקלערטן יידן, נאָר דווקא פון אַ פרומען. די ליבעראַלע פּוילישע געלערנטע האָבן שטאַרק געלויבט שטערנס אַרויסטריט. עס איז זיי קודם־כל שטאַרק געפעלן געוואָרן די פּוילישע דעקלאַראַטיווקייט פון דער הקדמה, וואָס האָט געפּאַסט מער פאַר אַן אויפגעקלערטן יידן. לעלעוועל האָט אין שייכות מיט דער רעצענזיע געשריבן צו שטערנען, אַז קיאַריניס „געמיינע קאָמפּילאַציע פאַרשאַפט חרפות אונזער דור".

קיאַריני איז תיכף אַרויס מיט אַן אָפענעם בריוו און געפאָדערט, אַז דער אַנאָנימער מחבר זאָל מגלה זיין זיין נאָמען. שטערן האָט עס תיכף געטאָן. קיאַריני האָט אים אַרויסגערופן אויף אַ „ליטעראַרישן דועל", דאָס הייסט אויף אַן עפנטלעכער דעבאַטע, וואָס שטערן האָט אָנגענומען. ווען עס איז אָבער באַשטימט געוואָרן דער פּלאַץ פאַר דעם וויכוח, האָט קיאַריני זיך נישט באַוויזן. דאָס האָט געהויבן שטערנס אַקציעס. אין די קרייזן פון פּוילישע געלערנטע האָט מען דעם דאָזיקן יידן אָנגעהויבן באַטראַכטן, ווי דעם „גואל" פון דעם „פּוילישן" וויסנשאַפטלעכן כבוד.

דערווייל איז אויסגעבראָכן דער נאָוועמבער־אויפשטאַנד. דער רעוואָלוציאָנערער סיים האָט אָפּגעשאַפט די צענזור און שטערן איז געבליבן אָן פּרנסה. גוטע פריינד האָבן אים אַרויסגעהאָלפן. שטערן האָט זיך נישט געמישט אין די פּאָליטישע ענינים פון לאַנד, הגם זיינע צוויי זין האָבן געדינט אין דער שטאָטישער, נאַציאָנאַלער גוואַרדיע. ער איז נישט געגאַנגען מיטן שטראָם, ווי דאָס איז געווען די טבע פון זיין געהילף, יעקב טוגענדהאָלד.

נאָכן אויפשטאַנד איז דער צענזור־אַמט צוריק באַנייט געוואָרן און שטערן האָט ווייטער געאַרבעט. אַלטע פריינד, בפרט די פּוילישע אַסטראָנאָמען און מאַטעמאַטיקער אין וואַרשע, האָבן אים געשטיצט בסתר. אין יאָר 1837 האָט שטערן באַקומען 1.000 גילדן, וואָס דער פּוילישער פיזיקער אַנטאָני מאַגיערא האָט אים איבערגעלאָזט בצוואה.

אין יאָר 1838 איז קיין וואַרשע געקומען צו פאָרן חיים זעליק סלאָנימסקי, אַ קאָרשט אָפּגעגט פון זיין ווייב. סלאָנימסקי איז געוואָרן אַ יוצא ונכנס אין שטערנס הויז. שטערן האָט אים צונויפגעבראַכט מיט די חשובסטע פּוילישע אַסטראָנאָמען, וואָס האָבן אפילו געהאָלפן סלאָנימסקין אַרויסגעבן זיין „תולדות השמים" (וואַרשע תקצ"ח) און אָנגעשריבן אַ פּוילישע הקדמה צו דעם חיבור.

שטערן איז אָבער געווען פול מיט קנאה צום יונגן סלאָנימסקי און האָט אים נישט געוואָלט ווייזן זיינע דערפינדונגען. סלאָנימסקי האָט אין אָנהייב 1842 חתונה געהאַט מיט שטערנס מיזינקע, שרה (1824—1897) און ווען שטערן איז געשטאָרבן (דעם זעלבן יאָר: כ"ג שבט שנת תר"ב — 3־טער פעברואַר 1842) האָט סלאָנימסקי געירשנט דעם שווערס מאַשינען. אַ וואַרשעווער מאַטעמאַטיקער־אויסגעפינער, ישראל אברהם שטאַפּעל (1810—1880), האָט שפּעטער איבערגעמאַכט און רעקאָנסטרוירט אויף זיין נאָמען שטערנס מאַשינען.

נאָך זיין טויט האָט די רעגירונג באַוויליקט דער אַלמנה אַ יערלעכע פּענסיע פון 240 רוסישע רובל. די קינדער זיינען שוין געווען אויסגעגעבן. איין זון (יצחק) איז געווען אַ לערער פון דייטש אין אַ גימנאַזיע אויף דער פּראָווינץ.

די פּרעסע האָט זייער אַ סך געשריבן וועגן שטערנען. מיט יאָרן שפּעטער האָט מען זיין נאָמען אויפגעלעבט אויף דער עמיגראַציע אין פראַנקרייך. ערב דעם אויפשטאַנד פון 1863 איז זיין לעבנסגעשיכטע געווען אַ סימבאָל פון „פּויליש־יידישער פאַרברידערונג" און איז אין דעם גייסט באַאַרבעט געוואָרן. די ראָמאַנטישע ביאָגראַפיע איז יאָרן לאַנג געווען געשפּינט פון זשורנאַליסטן, וואָס האָבן אָבער קיין נייע פּרטים פון זיין לעבן נישט אַרויסגעבראַכט.

## שטערנס קולטור־אידעאָלאָגיע

דער געדאַנק פון אַ מלוכישער אינטערווענץ אין יידישע בילדונג־ענינים איז געקומען פון שטערנס פּראָטעקטאָר, דעם גלח, סטאַניסלאַוו סטאַשיץ. ער האָט משפיע געווען אויף דעם בילדונגס־מיניסטער, גראַף סטאַניסלאַוו פּאָטאָצקי ער זאָל זיך פאַראינטערעסירן מיטן שאַפן פוילישע שולן פאַר יידישע קינדער. די הויפּטזאַך איז געווען צו שאַפן אַ מלוכה־שול פאַר יידישע רעליגיעזע מדריכים, אַ מין ראַבינער־שול, וואָס זאָל ווערן דער יסוד פון אַ נייער קולטור־אָריענטאַציע ביי יידן. דער פוילישער פּאַטריאָטיזם האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל פאַר אַזאַ וויכטיקן עקספּערימענט נישט פאַרבעטן קיין אויסלענדישע „עקספּערטן“.

אַזוי אַרום האָט דער גורל באַשטימט, אַז אויף די פּלייצעס פון אברהם יעקב שטערן זאָל פאַלן אָט די „היסטאָרישע שליחות“. דער אויסוואַל פון דעם מענטשן איז געווען ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש און סימפּטאָמאַטיש. די מלוכה־לייט וואָלט דער יונגער משכיל, יעקב טוגענדהאָלד, געדאַרפט זיין מער צום האַרצן, ווייל ער האָט רעפּרעזענטירט יענע „פּראָגרעסיווע“ אידעאָלאָגיע. וואָס איז געווען מער צום האַרצן אַזאַ כּאַן, ווי פּאָטאָצקי. אָבער שטערן איז געווען דער אידעאַלסטער מוסטער פון אַ פּוילישן יידן, מיט אַ פּוילישן לאַנד־באַוווסטזיין, אַ מיטגליד פון אַ פּוילישער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע, אַ תרי״ג־מצוותדיקער ייד, וואָס רעדט אַ היימישן פּויליש און קען זיך מיט די מקורבים למלכות, ווער האָט געקאָנט זיין בעסער פון אַזאַ קאַנדידאַט?

שטערן האָט אַזוי אַרום געזאָלט צוגרייטן אַ מעמאָראַנדום וועגן דער געפּלאַנטער ראַבינער־שול. נישט געפרעגטערהייט איז ער שוין באַשטימט געוואָרן אַלס אַ דירעקטאָר פון דער נאָך־נישט עקזיסטירנדיקער אינסטיטוציע.

דער דאָזיקער ענין איז שטערנען בכלל נישט געווען צום האַרצן. אָבער צוויי „פּריצים“ האָבן אים געבעטן, זיין אייגענער סטאַשיץ און דער בילדונג־מיניסטער פּאָטאָצקי. שטערן האָט דעם פאָרשלאַג אָנגענומען און דעם מעמאָראַנדום צוגעשיקט. ער האָט נישט געוווסט, אַז די רעגירונג האָט שוין אויסגעאַרבעט אַן אייגענעם פּראָיעקט, און אויב שטערנס פּראָיעקט וואָלט געשטימט מיט אירן, וואָלט דאָס געווען פאַר דער מלוכה אַ גרויסער נצחון. אָבער שטערנס פּלאַן איז געווען גאָר אַן אַנדערער. ער האָט פּשוט פאָרגעשלאָגן צו גרינדן אַ רעפאָרמירטע ישיבה, מסתמא פון דעם טיפּ וואָס ער האָט בשעתו געזען אין פירט. זיין פּראָיעקט איז נישט אָנגענומען געוואָרן, אָבער פאַר אַ דירעקטאָר איז ער אין יאָר 1826 באַשטימט געוואָרן. דאָס איז גראָד געווען דאָס יאָר, ווען סטאַשיץ איז געשטאָרבן און שטערן האָט שוין נישט געהאַט קיין באַשיצער.

דאָס וואָס שטערן האָט אין יאָר 1818 געגעבן זיין הסכמה פאַר דער עלעמענטאַרער שול פאַר יידישע קינדער, דאָס האָט נישט געמיינט אַז ער וועט איינגיין אויף אַ מלוכהשער ראַבינער־שול. יענע שולן האָט ער אַקצעפּטירט ווי אַ נויטווענדיקייט, בפרט אין וואַרשע, און זי באַטראַכט ווי אַ הוספה צום חדר. ער האָט געשטעלט אַ תנאי, אַז מען וועט אין די שולן נישט אַריינפירן קיין יידישע לימודים. דאָס גופא האָט שטערנען אויסגעטיילט פון אַנדערע פרומע מתנגדים, וואָס האָבן בכלל נישט געוואָלט הערן פון וועלכע עס איז שולן. ער האָט אַפילו אין יאָר 1820 אויסגעפועלט אַ סיסטעמאַטישע סובווענץ פאַר די שולן פון דער הכנסה פון דעם כשר פלייש־שטייער.

אָבער די הסכמה פון אַלגעמיינע שולן פאַר יידישע קינדער, ווי אַ צוגאָב צו חדרים, איז נאָך געווען מיילן ווייט פון אַ ראַבינער־שול. אָנפאַרטרויען דער מלוכה דאָס אויסבילדן רבנים, האָט ער באַטראַכט ווי אַ גרויסע סכנה, אַפילו ווען די לערערס וועלן זיין גאָר פרומע און לומדישע יידן. אויף שטערנען האָט מען געוואָלט אַרויפצווינגען נישט נאָר דעם אַמט פון דירעקטאָר, נאָר אויך געוואָלט, אַז ער זאָל איבערנעמען דעם לימוד פון גמרא. שטערן אַלס ממלא־מקום פון פאָרזיצער אין דעם „דאָזאָר אויף עלעמענטאַרע שולן פון מאָזאישן גלויבן“ — האָט שטאַרק אונטערגעשטראָכן, אַז אים קען מען נישט באַטראַכטן ווי אַ קעגנער פון אַלגעמיינער בילדונג פאַר יידישע קינדער. ער האַלט אָבער, אַז פּוילישע יידן דאַרפן נישט קיין ראַבינער־שול, ווייל קיין קהילה וועט נישט נעמען אַ רב, וואָס האָט נישט געלערנט אין אַ ישיבה און האָט נישט קיין סמיכות פון אַזעלכע רבנים, וואָס זיינען אויטאָריטאַטיוו אין די אויגן פון די יידן.

די רעגירונג האָט זיך אָבער נישט געקענט שיידן מיט אַזאַ סימבאָלישער פיגור, ווי אברהם שטערן און האָט דעריבער נישט פּרובירט אפילו צו באַזעצן דעם אַמט פון דירעקטאָר. מאיר הורוויץ, אַ פרומער ייד און גרויסער למדן איז באַשטימט געוואָרן אַלס לערער פון תלמוד און געהילף־דירעקטאָר פון דער ראַבינער־שול. פאַקטיש האָט די ראַבינער־שול געפירט דער עקאָנאָם, דער פירער פון די ראַדיקאַלע אויפגעקלערטע, אנטאָני אייזנבוים (1791—1852). שטערן האָט נישט געהאַלטן פון אייזנבוימען. בעת אין יאָר 1822 האָט אייזנבוים געפּלאַנט אַרויסצוגעבן אַ העברעאיש־פּוילישן וואָכנבלאַט, האָט ער פאַרבעטן שטערנען צו זיין דער דירעקטאָר פון דעם העברעישן טייל. שטערן האָט געהאַלטן אייזנבוימען פאַר אַ מופקר און נישט געוואָלט הערן פון אַזאַ שותפות. אָבער אייזנבוים האָט פאַרשטאַנען, אַז שטערן איז חשובער פאַר אים, על־כל־פּנים ווי אַן אידעאָלאָגישער סימבאָל. ער האָט אָבער געהאַלטן, אַז אפילו פאַר דעם סימבאָלישן חשיבות פון אַ שטערן איז פאַראַן אַ גרענעץ.

שטערן האָט זיך אָפּנים נישט געכאַפּט, אַז זיין חשיבות אין דער פּוילישער סביבה און צווישן דעם הייפל פּאָלאָניזירטער יידישער יוגנט איז קודם כל באַזירט אויף זיין „וועלטלעכן“ סטאַזש, ווייל ווי אַ למדן האָט ער זיכער נישט געקענט אימפּאָנירן אין אַ לאַנד, וואָס האָט געשמט מיט למדנים. די לאַגע איז געווען גאָר אַ מאָדנע. שטערן איז בכלל נישט געווען אַקטיוו אַרום דער ראַבינער־שול, אָבער מכח עצות האָט מען זיך תמיד געווענדעט נאָר צו אים. ווי דער פאָרזיצער פון יידישן צענזאָר־אַמט, ווי אַן אָנערקענטער עקספּערט אין יידישע ענינים, ווי אַ מיטגליד פון דעם מלוכהשן יידן־קאָמיטעט האָט שטערן געהאַט די מאָראַלישע סאַנקציע פון יידן אין פּאָליאַקן. מען האָט געוואָלט באַווייזן כלפּי חוץ, אַז ווען עס קומט צו די אינעווייניקסטע ענינים פון דער ראַבינער־שול פרעגט מען נישט ביי אַ טוגענדהאָלדן אָדער אייזנבוים, נאָר ער, שטערן, דער „פּוילישער מאַטעמאַטיקער אין אַ יאַרמעלקע“ איז דער איינציקער מומחה. אין דער דאָזיקער טאַקטיק האָט געשטעקט פּאָליטיק, וואָס דער נאַאיווער שטערן האָט נישט געקאָנט משיג זיין.

יאָרן לאַנג פאַרן אויפשטאַנד פון 1830 איז אין פּוילן פאָרגעקומען אַ פּאָליטישער קורס, וואָס איז געווען שטאַרק אַנטי־ליבעראַל. אין דעם ליבעראַליזם בכלל און אין דעם פּעדאַגאָגישן ראַציאָנאַליזם בפרט האָט מען געזען די גרעסטע סכנה פאַרן לאַנד. מיטן וווקס פון דער פּאָליטישער רעאַקציע אין לאַנד זיינען אויך געוואַקסן שטערנס אַקציעס, נישט צוליב דעם פּאָליטישן מאָמענט, נאָר צוליב דעם פּעדאַגאָגישן. שטערנען האָבן שטאַרק געפעלן די שריפטן פון די ווייט נישט קיין פריינדלעכע פּובליציסטן, וואָס האָבן געשריבן, אַז אַ „ייד מיט אַ באָרד איז א סך ליבער, ווי אַ ייד, אַ גלוח“.

אין יאָר 1821 איז דער געוועזענער ראַדיקאַל, קסאַווערי קלעמענס שאַניאַווסקי (1764—1843) באַשטימט געוואָרן אַלס הויפּט־צענזאָר און דירעקטאָר פון עפנטלעכער דערציונג. שאַניאַווסקי האָט געוואָלט פאַרשטאַרקן די קאַטאָליזאַציע פון דער פּוילישער בילדונג. ער האָט ממילא אויך פאַרטיידיקט דעם יידישן, טראַדיציאָנעלן שולוועזן, הגם ער גופא איז געווען זייער ווייט פון זיין אַן אוהב־ישראל.

די בילדונגס־קאָנצעפּציע פון שאַניאַווסקי און שטערן האָבן זיך מאָדנערווייז צונויפגעטראָפן. שטערן האָט געהאַלטן, אַז בילדונג איז גוט פאַר יחידי סגולה. דאָס קענען פון דער מלוכה־שפּראַך איז אַ ריין־פּראַקטישער ענין, ממילא דאַרף דאָס זיין באַגרענעצט צו יחידים, אָדער גרופּעס וואָס נייטיקן זיך אין דעם צוליב זייערע פּרנסות. שאַניאַווסקי, דער קאַטוילישער שטערן, האָט ממש סעקונדירט שטערנען, דעם יידישן שאַניאַווסקי.

נאָכן אויפשטאַנד האָט שטערן געשריבן אין

אַ מעמאָראַנדום, אַז די יידישע יוגנט וואָס האָט זיך באַטייליקט אין דעם אויפשטאַנד קעגן דער „לעגאַלער מאַכט" איז על־פי־רוב באַשטאַנען פון תלמידים פון דער ראַבינער־שול. מען קען נישט באַווייזן, אַז כאָטש איין ישיבה־בחור זאָל זיך האָבן באַטייליקט אין דער פאַרשווערונג.

שטערנס פּאָליטישער לעגיטימיזם האָט אים אָפּגעפרעמדט פון דער יוגנט, וואָס האָט ווי אַנטאָני אייזנבוים געקוקט אויף אים, ווי אויף אַ פּויליש־יידישן סימבאָל. נאָכן אויפשטאַנד האָט מען אין די מלוכה־קרייזן אָנגעהויבן טראַכטן וועגן רעפאָרמירן די ראַבינער־שול אין אַ מער קאָנסערוואַטיוון גייסט. אין שטערנס באַציונג צו דער ראַבינער־שול זיינען קיין טיפערע שינויים נישט פאָרגעקומען. אין אַ מעמאָראַנדום פון 14טן אויגוסט 1833 קלערט אויף שטערן, אַז עס איז בעסער ווען רבנים קענען דעם לשון־המדינה, אָבער צוליב דעם דאַרף מען קיין ראַבינער־שול נישט האָבן.

דאָס וואָס מען לערנט אין דער ראַבינער־שול — שרייבט שטערן מיט איראָניע — איז גוט פאַר עמעצן, וואָס וויל ווערן אַ בעלעטריסט. די תלמידים פון דער ראַבינער־שול זיינען באַגייסטערט געוואָרן פאַרן אויפשטאַנד נישט מחמת דעם, וואָס מען האָט מיט זיי דאָרטן געלערנט אַ בלאַט־גמרא, נאָר ווייל זיי האָבן שטודירט די רוימישע געשיכטע, וואָס איז פול מיט רעוואָלוציעס. אוודאי, איז ער פאַר אַ ראַבינער־שול, אָבער מיט אַ ברייטן פּראָגראַם פון רבנישע לימודים און אַ ביסל וועלטלעכע לימודים, ווי פויליש, דייטש און אַריטמעטיק. אָבער פאַר אַזאַ ראַבינער־שול דאַרף מען האָבן אַנדערע לערער, אפילו פאַר די נישט־יידישע לימודים. אויב די מלוכה וויל נישט, אָדער קען עס נישט דורכפירן, איז די בעסטע זאַך צו פאַרוואַנדלען די ראַבינער־שול אין אַ סתם פּעדאַגאָגישן לערער־אַנשטאַלט, בתנאי אַז קיין יידישע לימודים וועט מען דאָרט נישט לערנען.

שטערן איז אָבער נישט געווען דער טיפּישער אָרטאָדאָקס פון זיין תקופה. ער איז געגאַנגען אויף הנחות, קליינע, באַשיידענע און שטילע, אין די ראַמען פון פּראַקטישע נויטן. פאַר דער מערהייט אָרטאָדאָקסיע איז ער אָבער געווען אַן „אפיקורס". אין תוך איז שטערן געווען אַן האַלבער משכיל, הגם פאַר דער השכלה, ווי אַ באַוועגונג, האָט ער זיך געשראָקן.

זיין משכילישע שוואַכקייט האָט זיך אויסגעדריקט אין שרייבן שלעכטע שירים, געלעגנהייט־אָדעס, געגראַמטע הקדמות און הסכמות, מצבה־אויפשריפטן, שאַראַדן און רעטענישן — מיט איין וואָרט די גוט־באַקאַנטע גראַם־עקוויליבריסטיק פון דעם עפּיגאָנישן משכיליזם אין פּוילן. ער פלעגט אפילו פאַרלייענען זיינע אויסגעמוטשעטע מוזע־פּירות אין די ליטעראַרישע „סאַלאָנען" פון וואַרשעווער משכילים. אין דעם היכל פון דער העברעישער שירה איז שטערן נישט קיין כוכב, הגם דאָס איז געווען זיין פען־נאָמען. צווישן די לומדישע משכילים האָט ער געהאַט אַ סך פריינד. ער האָט ווי אַ צענזאָר געגעבן הסכמות מיט אַ גאַר לייכטער האַנט אויף משכילישע ביכער, הגם ער איז געווען גאַר שטרענג צו חסידישע ספרים.

שטערן האָט אויך געהאַלטן פון חכמת ישראל. אין יאָר 1820 האָט אַן אַנאָנימער פּוילישער היסטאָריקער זיך געווענדעט צו די יידישע לומדים אין פּוילן העלפן זאַמלען מאַטעריאַלן בנוגע דעם יידישן עבר אין לאַנד. שטערן האָט זיך תיכף אָפּגערופן. אין יאָר 1823 האָט ער אָפּגעדרוקט זיין פּוילישע איבערזעצונג פון נתן האַנאָווערס יון מצולה. די דאָזיקע איבערזעצונג איז שפּעטער אויסגענוצט געוואָרן פון דעם היסטאָריקער, יאָאַכים לעלעוועל מיט וועמען שטערן איז געווען נאָענט באַקאַנט.

די דאָזיקע איבערזעצונג — קלערט אויף שטערן אין דער הקדמה — איז זיין חוב צו דער „היימלענדישער היסטאָרישער וויסנשאַפט", פונקט ווי די רעצענזיע וועגן קיאַרינים מפּל־ווערטערבוך איז געווען לגבי דער „נאַציאָנאַלער" קולטור.

אין דעם פּרט איז שטערן געווען אַ יוצא מן הכלל. לומדים האָט פּוילן געהאַט גרעסערע ווי שטערן, אָבער פרומע יידן וואָס קענען עטלעכע, וועלטלעכע שפּראַכן און קענען אין זיי שרייבן — איז חוץ אים אין פּוילן נישט געווען. די אויפגעקלערטע האָבן געוווּסט אַ סך ווינציקער פון שטערנען, וואָס עס טוט זיך אויף דעם פעלד פון יודאַאיסטיק. זיין צוגאַנג צו וועלטלעכע ענינים איז געווען אַ ריין אוטיליטאַרע און מיט דעם האָט ער נושא חן געווען ביי די פרומע יידן. מיט די משכילים האָט ער געהאַלטן, אַז לימודים חיצוניים זיינען נוצלעך, אָבער פאַר יחידים. ער האָט זיך אָבער אַזוי לייכט נישט געבויגן פאַר גוייִשע אויטאָריטעטן אין יידישע ענינים, ווי די משכילים האָבן עס געטאָן.

ווען דער פרומער אָריענטאַליסט, אפרים פּינער (1800—1880), אגב א פוילישער ייד, איז אין יאָר 1836 געקומען קיין וואַרשע זוכן פינאַנציעלע הילף פאַר זיין געפּלאַנטער דייטשער איבערזעצונג פון תלמוד, האָט אים שטערן מקרב געווען. אין יאָר 1837, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַרויסגעבן אַ געוויסע סומע פון צענזאָר־קאָמיטעט פאַר פּובליקאַציעס, האָט שטערן געשטיצט דעם געדאַנק אַרויסצוגעבן אין אַ פוילישער איבערזעצונג קלאַסישע העברעישע ספרים. אָבער דאָס זיינען געווען קאָנסטרוקטיווע פּראָיעקטן. ער האָט אָבער, למשל, באַקעמפט מענדלסאָנס חומש מיטן ביאור און דאָס אַריינפירן אים, ווי אַ שולטעקסט, אין די עלעמענטאַרע שולן פאַר יידישע קינדער.

מיט דער צייט איז שטערן געוואָרן אַן אבן־נגף פאַר די אויפגעקלערטע, הגם ער האָט געוווּנען אויף זיין זייט אַ גרויסע צאָל מתנגדים, וואָס האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט דעם רעכטן פליגל פון דער פוילישער השכלה.

שטערנס טעטיקייט אין צענזאָר־אַמט האָט נישט נושא חן געווען אין די אויגן פון גרויס־פירשט קאָנסטאַנטין, וואָס האָט געהאַט אַ הנאה פון אָפּשטעלן אים אין גאַס און כאַפּן מיט אים אַ שמועס אויף פראַנצויזיש. ער האָט שטאַרק קריטיקירט דעם „ווילדן יידן", וואָס לאָזט דורך „פאַנאַטישע ביכער פון פינצטערע רבנים". מיט דער צייט איז שטערן דער צענזאָר געוואָרן נישט מער ווי אַ דעקאָראַציע. די אמתע צענזאָרן האָבן פשוט נישט געקענט זיין קיין גזלנים, ווען דער גוטמוטיקער שטערן האָט זיי געבעטן טאָן אַ טובה און דורכלאָזן אַ ספר, בפרט אַזאַ ווו עס געפינט זיך זיינס אַ געגראַמטע הקדמה. עס פלעגט אפילו טרעפן, אַז אויב אין אַ ספר זיינען געווען אַ פּאָר ליידיקע בלעטלעך, פלעגט דער מחבר אָדער אַרויסגעבער אונטערקויפן שטערנען דורך אָפּדרוקן זיינע שירים. ווען עס איז אָבער געקומען צו חסידישע ווערק, איז שטערן געווען דער יידישער „גזלן".

שטערן האָט אַלס מיטגליד פון יידן־קאָמיטעט און אַלס צענזאָר באַקעמפט די דרוק־פּראָדוקציע פון דער דייטשער רעפאָרמיסטישער שיטה אין לימוד פון יידישער רעליגיע און מיט דעם געוווּנען די פרומע מתנגדים. ער האָט דאָס זעלבע געטאָן לגבי היימישע מחברים פון קאַטעכיזמען פון יידישער רעליגיע. אָבער אין אַנדערע פאַלן איז ער געווען מער ווי פּראָגרעסיוו, ווי ס'רוב מתנגדים אין פּוילן. ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין יאָר 1841 וועגן דערלויבן אַריינפירן קיין פּוילן דייטש־יידישע זשורנאַלן, האָט שטערן צוזאַמען מיט יעקב טוגענדהאָלד פאָרגעלייגט אַ פּלאַן אַרויסצוגעבן אַזאַ זשורנאַל אויף פויליש. אויף דעם איז די אַלגעמיינע צענזור נישט איינגעגאַנגען.

שטערן איז אין תוך געווען אַ מתנגד מיט שטאַרקע, מער ליטעראַרישע, איידער אידעאָלאָגיש־פּאָליטישע נייגונגען. פּאָליטיש איז ער געווען אַן אַנאַכראָניזם, אַ טיפּיש קינד פון דער פאַר־חלוקה פּוילן. ער האָט געהאַט זיין פּריץ, סטאַשיץ. פּריצים זיינען תמיד גערעכט, ממילא האָט ער מיט זיי געהאַלטן. סטאַשיץ איז טאַקע געווען אַן אַנטיסעמיט, אָבער נישט לגבי „זיינע יידן" און ער, שטערן, איז געווען איינער פון זיי. ער איז נישט געווען קיין „אמתער פילאָסאָף" — ווי עס שרייבט וועגן אים דער ייד, האָלענדערסקי. אפילו אויפן געביט פון חשבונען האָט ער נישט געהאַט קיין פילאָסאָפישע שיטה, הגם דער איידעם זיינער, חיים זעליק סלאָנימסקי גיט איבער, אַז ער האָט ליב געהאַט פילאָסאָפירן וועגן מאַטעמאַטיק.

פּאָליטיש איז שטערן געווען נאַאיוו און פּרימיטיוו. קיין מדריך איז ער נישט געווען און אפילו נישט געמאַכט קיין אָנשטעל פון אַזאַ. אין די פאַרשיידענע קאָמיסיעס פאַר יידישע ענינים, ווו מען האָט אים אַריינגעזעצט, האָט ער געשפּילט מער אַ דעקאָראַטיווע ראָל איידער אַ פּראַקטישע. זעלטן האָט ער גענומען אַ וואָרט, הגם מיטצייטלער האָבן זיך מהיה געווען מיט זיין פויליש ריידן.

# שמואל יוסף פין / תולדות אברהם יעקב שטערן

הר״ר אברהם יעקב ב״ר חנוך העניך שטערן נולד בהרובישוב בפולין בשנת תקכ״ט (1768). בעודו ילד ניכרו בו אותות נעלות, ביחוד לחכמת המאטעמאטיק.

אך לא היה בידי אביו העני לכלכל את חינוכו ולימודו ולדאוג לאחריתו, והנער הנעזב לנפשו קנה לו ידיעות בתורה ובחכמת השערים מאשר מצאה ידו. וילמד מלאכת מעשה מורה־שעות להחיות נפשו בעמלו.

וכאשר גדל, יצא לו שם טוב בעירו הקטנה ויגיע עד השר הגדול בעל־בעמו, האדון סטאשיץ, אשר קנה בימים ההם את העיר הרובישוב לאחוזה. ומאז הכיר סטאשיץ את אברהם העברי דבקה נפשו לאהבה וישלחוהו אל ווארשה להשתלם בידיעותיו וארוחתו ניתן לו.

וחפץ שטערן הצליח בידו ללמוד את כל חלקי חכמת המאטעמאטיק והמעכאניק עד להפליא, וכמו כן סיגל לו ידיעת לשון הפולנית, אשכנזית ורומית, ידיעה שלמה, וביותר התכשר לדבר בלשון המדינה, כאחד חכמיה וסופריה. שכלו החריף עמד לו להשתמש בידיעותיו, להמציא מכונות שונות, מהן נודעת לשם העגלה המודדה והיא עגלה, אשר בעברה מרחק ידוע היא רושמת ומודיעה בציפרים (במספרים) כמות המרחק ומציירה גם צורת השטח ההוא. ועל כולם עלתה המצאת מכונת החשבון, לחישוב חשבונות של כל ארבע מערכות החשבון: חיבור, חיסור, חילוק, כפל, בחשבון הפשוט ובחשבון התשבורת.

וזה הדבר, אשר העיר את שטערן להמציא את המכונה הזאת: סוכן בית־אוצרות הממשלה בווין חשב חשבוני פנקסיו ומצא חסרון גדול במפקד סכומי החשבונות, כדי כמה מיליון, ומיראתו פן יחשדוהו בהעלם הסך הגדול הזה, שלח יד בנפשו. אחרי מותו, כאשר ביקרו היטב את פנקסיו וחשבונותיו, נודע שלא היה שם כל חסרון, רק טעה בחשבון.

השמועה המעציבה הזאת הרגיזה את לב שטערן ויגזור אומר למצוא נתיבות למעשה מכונה לחישוב על ידה כל מיני חשבונות, חשבון ברור שאין בו כל אפשרות לטעות כלל. שמונה שנים עסק בבנין מכונתו ועשרת אלפים רובל הוציא עליה, עד אשר חפצו הצליח. בשנת 1815 גמר את מלאכת בנין המכונה הזאת והעמידה לפני איש חסדו, השר סטאשיץ. והשר התפלא מאד על חכמת שטערן, חריפות שכלו ושקידתו החרוצה ולא האמין למראה עיניו ולמשמע אזניו. לשמע הצעת באורי תכנית המכונה ולאות כבוד ויקר לאברהם חביבו, אשר הפליא לעשות, הציע סטאשיץ, אשר היה נשיא חברת אוהבי חכמה, אשר היתה בימים ההם בווארשה מטעם הממשלה, לפני החברים מגדולי השועים והחכמים לקבל את אברהם היהודי בסודם, בתור חבר.

על דעת הרוב הגדול שבהם נתקבלה הצעתו ושטערן בא אל אולם החברה עם מכונתו ובמעמד גדולי החברים: השרים, הנסיכים, השועים והחכמים המופלאים בימים ההם הציע שטערן את פרשת תכנית המכונה ומעשיה, אשר היא עושה לחשוב חשבונות ולפתור כל שאלה בחכמת החשבון, לפי הערכת המספרים הקבועים בה, על ידי הנעת ידית גלגלים על פי האופנים אשר יסד.

הרואים הנכבדים התפלאו למראה עיניהם, מחאו כף ובקול תרועת־שמחה הודו לו על כל חכמתו. למן היום ההוא החלו כל גדולי ושועי פולין וחכמיהם אשר בווארשה ובכל המדינה לבקרו בביתו הדל והצר, להשתעשע בחברתו, וליהנות משיחותיו בכל דבר חכמה ומדע.

שטערן לא השתמש בכבוד ובריעות מרעיו להיטיב מצבו הדל, אבל החיה את נפשו ביגיע כפיו. וכמה שלא שינה את מלבושיו ולא נגע בפאת זקנו המגודל, שירד על פי מדותיו, כן לא שינה את טעמו בהליכות חייו, בדירתו וכלי־תשמישו, לפי כבוד אורחיו השועים. הוא הסתפק במעט פרנסתו ולא בקש דרכים להרבות הכנסותיו.

מימיו לא גילה אוזן מוקיריו האדירים כי פרנסתו דחוקה לו, ובדבר הזה הוסיפו לאהבו ולכבדו.

הנסיך צארטאריסקי, אשר נודע לחכם גדול בחכמת השיעורים, הפליא להראות לו אות־כבוד ויקר ויקראהו להתארח אצלו בארמונו, ולמבשלת אשה יהודיה, צוה להכין מאכלי כשר בעד אורחו, אשר ידע בו כי נאמן לדתו הנהו. כשלשה חדשים ישב שטערן בארמון השר הגדול הזה, וכרע וכאח התהלך עמו.

בשנת 1817 הואיל הנסיך ראדזיוויל, בהיות הקיסר, אלכסנדר הראשון, לבקרו בארמונו, להעמיד לפני כבוד הודו את ר' אברהם שטערן וכבוד הודו, אשר היה חכם מצוין בחכמת המאטעמאטיק דבר עם שטערן יותר משתי שעות, ובסוף השיחה שאלו כבוד הודו לאמר:

— ומה עלה במחשבתך לחשוב עוד חדשות?

וכאשר ענהו שטערן:

— כבר נלאיתי מחשוב — הניח הקיסר ידו על כתפו ויאמר: — חדל מדאגה, אנכי אדאג לך. וכבוד הודו מלא הבטחתו לתת לשטערן מאוצרו משאת־תמיד, ערך 330 רובל לשנה כל ימי חייו.

בכבודו הגדול, אשר הנחילוהו גדולי השרים השתמש ר' אברהם לא לטובתו, כי אם לטובת אחיו, בני עמו, ויהי להם לפה ולמליץ טוב לפני השרים היושבים ראשונה במלכות.

על פי השתדלותו, הואיל הקיסר אלכסנדר לעשות לחוק ליהודי פולין לקבל מאתם כסף־כופר תחת העבודה בצבא.

ובהיות הקיסר אלכסנדר בווארשא בשנת 1818, הציע שטערן לפני כבוד הודו את הצעתו לייסד בית־מדרש לרבנים בווארשא ובתי־ספר להתחלת הלימודים בכל ערי מדינת פולין.

וכאשר יסדה הממשלה בשנת 1825 ועד של גדולי השרים לעשות ספרים חדשים ונוסד על ידו גם ועד מנכבדי היהודים, הושיבו את ר' אברהם בראש והצעת התכנית אשר עשה, נתקבלה ונתקיימה וגם מילאו את ידו לכלכל את תיקון בתי־הלימוד וכן צוו אותו להיות דירעקטאר לבית־המדרש לרבנים. אך שטערן מאן לקבל את העבודה הזאת ולא קבל עליו, כי אם את משמרת משגיח על בית־הספר וכן נתמנה להיות מבקר ראשי לספרי ישראל (צענזאר).

למן העת ההיא הונח לו מעט מעמלו לפרנסתו ולחם חוקו היה שלא בדוחק. במותו לא עזב אחריו מאומה, כי אם אספת ספרים הרבה ובהם הרבה כתבי־יד, כי נוסף על חכמתו במדעים היה גם חכם תלמודי וסופר יפה במליצה ושיר בלשון הקודש. ונמצא ממנו בדפוס קונטרס „רינה ותפלה״, אשר רנו בני ישראל במלכות פולין ביום נכתר ניקאליי הראשון, קיסר רוסיה בעיר המלוכה בווארשא.

כן נמצאה הסכמתו בשיר על ספר „תולדות השמים״ להר״ר חיים זעליג סלאנימסקי, (שלקח אחר כך את בתו לאשה).

נפטר בווארשא בשם טוב ביום כ״ג שבט תר״ב (1842) בן ע״ג ועל מצבתו השכילו לתארו בתיאוריו הנאמנים.

(„כנסת ישראל״, ווארשא, תרמ״ז)

**אברהם יעקב בן חנוך שטערן, יליד הרובישוב, אוטודידקט, מתמטיקאי וממציא מכונת־חשוב, חבר בחברה למדעים בורשה ומנהל הסמינריון לרבנים, חי ופעל בשנים: 1842—1768.**

# ש. ז. יעבץ ז"ל / הרב ר' ישראל איסר יעבץ ז"ל

אבי נולד בגרודנה לאביו רבי יוסף מאיר יעבץ ז"ל, ולאמו שרה הדסה לבית אפשטיין ע"ה. אביה, ר' משולם זלמן אפשטיין הלוי ז"ל היה מנכבדי גרודנה ותלמיד־חכם גדול. חותנו, ר' מאיר אפשטיין הלוי ז"ל, היה מעשירי גרודנה.



הרב ר' ישראל איסר יעבץ ז"ל

אביו של אבי ז"ל, ר' יוסף מאיר יעבץ, היה תלמיד־חכם גדול. הוא לא רצה להיות רב ובחר לו להיות דרשן ומגיד מישרים בורשה; רוב שעות היום עסק בתרגום המשניות, עין יעקב, מדרש רבה, רש"י, חוק לישראל ועוד כמה ספרים ליידיש.

ר' יוסף מאיר היה בנו של ר' שמואל יצחק יעבץ, אחד מגדולי וילנה ועשיריה. על למדנותו המרובה של ר' שמואל יצחק העיד אביו, הרב הגאון ר' משה זאב יעבץ זצ"ל, אב"ד של ביאליסטוק, בהקדמת ספרו „אגודת אזוב". ר' שמואל יצחק יעבץ ידע צרפתית על בוריה, חזון בלתי נפרץ בחוגים דתיים בימים ההם. בשער ספרו „מראות הצובאות" הולך ומונה רבי משה זאב יעבץ את יחוסו המגיע עד למהר"ל מפראג.

## תולדות אבי

אבי גדל בבית זקנו, ר' משולם זלמן אפשטיין. בהיותו ילד עבר ללמוד בבית־המדרש ומני אז התחיל לרכש לו את ידיעותיו ללא עזרת מלמד. בן שלש־עשרה שמע במשך חצי שנה לקח מפי רבי נחום הצדיק. יותר לא למד אבי מפי אחרים. בכשרונותיו שחה בים התלמוד ומפרשיו, צלל במימיו האדירים, חצהו לארכו ולרחבו, טבל ועלה, כשכתר התורה מתנוצץ על ראשו בכל זהרו והדרו.

אחר חתונתו סמוך היה אבי על שולחן חותנו כשמונה שנים. חותנו הקצה לו דירה של שלשה חדרים והוא הוסיף להרחיב את ידיעותיו התלמודיות. אמי, עליה־השלום, היתה אשה כשרה, ועדינה, יקרת־רוח, וטובת־לב. היא אהבה וכיבדה את אבי והועילה הרבה, כי יעסוק בתורתו מתוך מנוחת נפש שלמה.

בתרמ"ח קבל אבי „סמיכה" מהרב הגאון ר' ישראל איסר שפירא, אב"ד בעיר מיזריטש ומהרב הגאון, ר' יוסף דב הלוי סולובייציק, אב"ד של בריסק. בשנת תרמ"ט נסע אבי לקובנה ושם קבל סמיכה מהרב הגאון ר' יצחק אלחנן ספקטור, אב"ד של קובנה. הסמיכות של גדולי רבני רוסיה השלימו בו את הרצון להקדיש את עצמו למשרת הרבנות.

משרתו הראשונה היתה על כסא־הרבנות בעיר פישצק. אחרי שבתו שם כחמש שנים, גמר בלבו לעזוב את פישצק ולהעתיק את דירתו לקובל, ומשם לקבל משרת רב בעיר גדולה. חותנו, ר' יעקב אהרן אגטין, חזר אף הוא לקובל, בהיותו עסוק בבנין התחנות של מסילת־הברזל טמבוב־סרטוב, ובהריויחו שם הון עצום. בשעה שאבי בא לקובל, טרוד היה חותנו בהקמת הבנינים של המונופול ליין־שרף שבפלך וולין. גם העסק הזה עמד להכניס לו כסף תועפות. מצב הרוחות היה מרומם. באחד הבתים שבחצר, בקומה השניה, נתנה דירה של ארבעה חדרים לאבי ולמשפחתו. לאבי ולאמי, עליהם־השלום, היו שני ילדים אנכי ואחי הצעיר, שמואל יצחק. ארוחתנו היתה על שולחן סבא, ר' יעקב אהרן בביתו. סבי היה אז כבן שבעים ושש, אך מראהו היה הדור. קומתו הזקופה והגבוהה, פניו הנאים, זקנו הלבן, שכסה את חזהו, מבטו החודר הביעו פטריארכליות ועוררו כבוד אליו. היה מחסידי חב"ד. אבא היה מתנגד. אבל זה לא גרם לחיכוכים ביניהם. סבא התגאה באבי ונהנה, כשאבי גילה את למדנותו.

התנגדותו של אבי לחסידות לא היתה פעילה. הוא לא נלחם בה, לא התקיף אותה ולא התעניין בה. הוא לא מצא בה תוכן. לשונה היתה בשבילו מגומגמת, מנהיגיהם לא לקחו את לבו. קריאת־שמע שלא בזמנה, שתית „תקון" בבית־התפילה, מעשיות, ריקודים, רביים, שמקבלים שכר בעד תפלותיהם, לחשים, קמעות, מופתים, מעוט לימוד גמרא — לא הלהיבוהו. גאותו היתה על גדולי ישראל, על יהודים היושבים על הגמרא, לומדים בה ומתנהגים לפי השולחן־הערוך. אלה שימששו לו דוגמה.

אבי היה איש האמת, פיו ולבו היו שוים תמיד, אך גם איש שלום ועל כן השתמט מויכוחים בעניין החסידות. הוא לא רצה להסתבך בסכסוך זה. בכל זאת לא העלים את השקפותיו. הוא לא ראה אך בחסידות את היסוד לחיזוק היהדות. כנגד גדולי החסידים, העמיד ברוחו את למדני המתנגדים, כנגד הרביים, — את גאוני הרבנים, כנגד המחיצה בין הרבי וקהל חסידיו, את הגישה החפשית של כל יחיד בכל עת אל רבני ישראל.

## הרבנות בהרובישוב

בשנת תרנ"ז נתקבל אבי למשרת הרב בהרובישוב. הרובישוב היתה עיר בת שמונת אלפים יהודים. משכורתו באה לו דרך צנורות הממשלה. עליו היה לנהל ספרי־הנשואין, הילודה והתמותה. לפי החוק, היה עליו לסדר קדושין. בעד תפקידים אלה קבעה הממשלה מס קטן, שהותר לרב לקבלו. על הכנסות שלא בידיעת הממשלה, ויתר. ועל כן, לא נטל לא ממס־השחיטה ולא ר.ח.ש. (ראשי־תיבות: רב, חזן, שמש). כמו כן לא קבל שום מתנה מבעלי־הבתים, לא דמי־חנוכה ולא דמי־פורים, ולא דמי־רגל; אדרבה, רגיל היה לתרום לאחרים משלו. הוא נתן צדקה בסתר ובגלוי לכל פושט־יד.

בדיני־תורה ישב אבי בחברת שני דייני העיר. בבוררות היה יושב בחברת הבוררים, כשהוא השליש. בהסכמת הצדדים היה גם דן יחידי. דיני־תורה מסובכים היו נחתכים על פיו, לשביעת רצונם של הצדדים. כולם הכירוהו כאיש אמת, ללא משוא־פנים ולכן קבלו את דעתו מתוך כבוד וסבר־פנים יפות.

בדברים הנוגעים לצרכי הציבור היה משתתף בכל כובד ראשו, אך משום שיד ישראל לא היתה תקיפה, אי־אפשר היה לצוות ולפקד. אמצעי־כפיה לא עמדו לרשותו של הרב. צריך היה, איפוא, להשפיע בכח המוסרי בלבד. לשם ביצוע ענינים כאלה היה מקהיל אספות והיה דורש את עזרת הציבור.

פעם אחת עשו הקצבים יד אחת והעלו את מחירי הבשר. נסיבה זו העיקה על הציבור, ועל העניים ביחוד. אז קרא אבי לאספה גדולה ובהסכמת כולם הוחלט להמנע מאכילת בשר כל עוד לא יבטלו הקצבים את ההעלאה.

בכל בתי־התפילה הוכרז איסור על אכילת בשר. הכלים, שבהם יבושל הבשר הנקנה בימי־האיסור, הריהם טריפה ואסורים בהנאה ויש לשברם.

ששה שבועות נמשך האיסור הזה בכל תקפו. היו מקרים, שקוני בשר הוכרחו לשבר את כליהם, אך בסופו של דבר הקצבים חזרו בתשובה, באו אל הרב והתחננו לבטל את האיסור והתחייבו לבלתי עשות יד אחת.

הצעד הזה היה נועז, כי היה חשש, אם אין בו משום פגיעה בחוקי הממשלה, האוסרת להכריז איסורים לפי דיני ישראל. אך כנראה היה הרוגז על הקצבים גדול והשלטון התעלם מן הענין.

הדבר עשה רושם גם בחוגי האוכלוסיה הבלתי־יהודית. הם ראו את הכח המוסרי בציבור היהודי. בענין זה היה משום קדוש שם שמים ושם ישראל.

הרובישוב היתה עיר, שקפאה על שמריה. התחבורה עם הערים הקרובות היתה כמו לפני מאות בשנים. לא כבישים ולא מסילת־ברזל בכל הסביבה. תחנת הרכבת הקרובה ביותר נמצאה במרחק של חמשים קילומטר מן העיר. גם הכביש, המוביל אל תחנת הרכבת, התחיל בקילומטר השלשה־עשר מן העיר. אדמת העיר

וסביבתה היתה שחורה, שמנה וטובה לזריעה, לנטיעה ולצמיחה. אבל כל גשם קל היה מרכך אותה ומהפכה לבוץ, כשגלגלי העגלות היו טובעים בו. בסתיו היתה הנסיעה של שלשה־עשר קילומטרים אלה נמשכת כארבע שעות ויותר. הסוסים בוססו בבוץ למעלה מברכיהם. בסביבה לא היו אבנים ולשם תיקון הדרכים, היו מניחים ענפי עצים לרוחב הדרכים, שהיו מועילים לזמן קצר בלבד. עם ירידת הגשמים היו גם הענפים טובעים בבוץ והדרך טושטשה כולה.

אנשים חיו את חייהם במשך שנים, ללא שנויים ניכרים. אף כי ברוסיה עצמה כבר תססה המהפכה, בכל זאת להרובישוב לא הגיעה. גם הציונות, שהתחילה את עבודתה במלא הקיטור וקראה לקונגרסים שנה אחרי שנה, לא זעזעה את מהלך החיים. את איסור הממשלה ליסד אגודות לא ניסה מישהו לערער.

בעיר היתה גימנסיה תחתונה, כלומר ארבע מחלקות ראשונות, אך יהודי המקום, מלבד אחד, לא שלחו את בניהם ללמד בכתליה. יהודים נתקבלו בגמנסיות, לפי החוק הרוסי, רק במיכסה של עשרה אחוזים, אבל בגימנסיה של הרובישוב נצטרפו האחוזים האלה מילדי ישראל, שבאו ממקומות אחרים. ילדי המקום למדו בחדרים, כאבותיהם וכאבות אבותיהם. קרוא וכתוב בלשון המדינה וביידיש למדו מפי מורים, שידיעותיהם היו קלושות ויותר מכתובת רוסית ומכתב ביידיש לא הקנו לתלמידיהם.

מורה אחד פתח בית־ספר לרוסית, לחשבון ולידיש. לשם היו התלמידים באים בערבוביה, כשאחד מקדים והשני מאחר, וכל אחד היה יושב וכותב כאילו לעצמו. מזמן לזמן היה המורה עובר בין התלמידים, מסתכל במחברתם, מגיה ומתקן. אחר כך היו מכריזים בשם אחדים מהתלמידים ואלה היו יוצאים לחדר שני. שם היה בנו של המורה, ולפניו היו התלמידים קוראים זה אחר זה פרק קצר מתוך ספר רוסי והוא היה מחלק לכל אחד ציון בעד הקריאה הזאת. לאחר זאת חזרו התלמידים אל החדר הגדול, עמדו בשורה לפני המורה, והתלמיד, שקבל את הציון הטוב ביותר, היה פונה אל המורה בזו הלשון:

— אדוני המורה, נבחנו בשעור הרוסי, קבלתי ציון טוב־מאד, „אלף" קיבל טוב, „בית" — מספיק וכן הלאה. בזה נגמרו שתי השעות, שכל אחד בילה בבית־הספר, כשאחריו נשארו התלמידים, שאחרו לבוא, עד שיגמרו גם הם את שתי השעות. הידיעות, שקנו להם התלמידים בבית־הספר הזה היו מעטות מאד.

## בתי־התפילה

בית־הכנסת היה בבנין גדול, מרובע, בנוי מלבנים ומסויד מבחוץ. חפשי מארבע רוחותיו, התבלט גבהו ביותר. לבתי־התפילה שבעיר לא היו עזרות נשים. כל הנשים התפללו בחמש עזרות הנשים שבבית־הכנסת.

אבי התפלל בשבתות בחגים ובימים הנוראים בבית־הכנסת. פעם בשנה: בשבת שובה ובשבת הגדול היה דורש בבית־הכנסת, בו התקימו גם חגיגות ימי־גנוסיא של הקיסר ומשפחתו, שבהן היה אבי, בתור רב, נוכח תמיד.

בשעת מלחמת רוסיה־יפן נקראו כל תושבי העיר היהודים לתפילה בציבור לנצחון צבאות רוסיה על צבאות יפן. אחרי אמירת תהילים, נאם אבי ביידיש ואחר כך ברוסית, למען יבינו גם שרי הצבא.

בית־הכנסת לא היה עתיק. מתחילת רבנותו של אבי דברו אנשים על בניינו, כאילו זה היה בימיהם, ויתכן מאד שהיו ביניהם שזכרוהו עוד בבניינו. ספרו, שבהתאם למאמר חז"ל: „לא ליסתור אינש בי כנישתא עד דבני כי כנישתא אחרית" (לא יסתור אדם בית־כנסת, טרם בנה בית־כנסת אחר), התחילו מקימים קודם את החדש וכשהגיע הבניין לקצו, הגיע גם הזמן להרוס את הישן. אף אחד מבעלי־המלאכה לא רצה לגשת לעבודת ההריסה. אז הבטיח הרבי מטריסק עולם־הבא למתחיל במעשה הסתירה. מיד נמצא אחד, שעלה על גג בית־הכנסת, והתחיל סותרו.

מעבר לרחוב, מצפון לבית־הכנסת, עמד בית־התפילה של חסידי בלז ובמרחק מה ממנו בית־המדרש הגדול. במשך שנים רבות החזיק בבית־המדרש הזה, מתוך שרירות לב, הצבא הרוסי והפכו למחסן־נשק. אחרי שנבנה מחוץ לעיר הקסרקטין והצבא עבר לשם, שוחרר בית־המדרש הזה ועבר לידי היהודים מחדש.

## אבי מארח את הרבי

בין החסידים בהרובישוב היו רבים שרבם היה בחיים וכאלה שרבם הלך לעולמו. הראשונים היו נוסעים להקביל את פני רבם, לעתים מזומנות, והאחרונים היו ממשיכים את חסידותם, מבלי לנסוע לרבי אחר. היו גם כאלה, שרבם גר מחוץ לגבולות רוסיה. רגילים היו החסידים להזמין את רבם לשבת או לשתי שבתות להרובישוב. אבי היה מתנגד. מה היה יכול לחפש ולמצוא אצל הרביים האלה, שאף אחד לא הגיע לקרסוליו? הוא היה קובל על הכינוי „חסיד", שכל הרוצה נטלו. המושג „חסיד" היה בשבילו רם ונשא, שלא כל אחד יכול להגיע אליו.

בכל זאת, כשרבי בא אל העיר וחסידיו באו אל אבי לבקשו, כי יאכסנו בביתו, נעתר אבי לבקשתם. הדבר היה אחרי מותה של אמי, עליה־השלום. אבי גר בדירה מרווחה עם שני בניו (אנכי ואחי). השאיר, איפוא, חדר לכולנו ושאר החדרים העמיד לרשותו של הרבי.

במשך שמונת ימי שהותו של הרבי נכנסו ויצאו חסידים מהעיר, מהעיירות ומהכפרים הסמוכים. בשעה שהרבי קבל „פתקאות", היו הגבאים פועלים בתפקידיהם השונים. מהם כתבו פתקאות, מהם מכרו בקבוק שמן, כעכים ועוד דברים שונים, כשהרבי לחש עליהם והם שימשו סגולות ורפואות למחלות שונות ומהם שעמדו על יד דלת הרבי והשגיחו על הסדר.

## גזרת השטריימל

גזירה היתה בפולין הרוסית, לפיה אסור היה ליהודים לחבוש שטריימלים לראשיהם. מה עשו חסידי פולין, אשר השטריימל היה כובע השבת שלהם? בלכתם לבית־התפילה, היו נושאים את השטריימל בחיקם, מתחת לבגדיהם, ובהכנסם לבית־התפילה, היו מוציאים אותו וחובשים לראשיהם, וכך בחזרם לביתם. בחוץ לא העיזו לעשות זאת, מחשש עונש. כל השבוע היו חובשים כובעים שבצורתם היו דומים לכובעי הצבא הרוסי, מלבד שכובעי היהודים היו ממשי או מקטיפה.

רוב הציבור היהודי לא יכול היה לעמוד בגזירה זו והשטריימל התחיל להתעלם ונשאר רק קנין הרבנים בלבד. הרבנים הקפידו לחבוש שטריימלים בשבת והיו מרשים לעצמם לשאתם גם בחוץ. גם אבי היה חובש שטריימל בשבתות. עם כל הכבוד שרחש לדין מלכות, לא כיבד את הגזרות, שבאו להצר את צעדי ישראל. על כן לבש גם הוא בשבת בגדי משי ושטריימל.

שטריימל זה שימש, איפוא, אמצעי לפקידי הממשלה בימי הצאר הרוסי לסחוט שוחד. כששוטר פשוט תופס יהודי חובש שטריימל, אפשר היה לשחדו בסכום של פרוטות, אך כשהגיע הדבר לפקיד גבוה, עלה גם סכום השוחד.

פעם בשבת, בלכתו להתפלל, כשהוא לבוש בגדי משי ושטריימל לראשו, באו לקראת אבי שליחי פקידות המחוז והודיעוהו, שעליו ללכת אל משרדי המחוז. אבי הלך אתם ושם הודיעו לו שקריאה זו באה עקב עברו על הגזירה, האוסרת לחבוש שטריימל ולחגור אבנט. ומיד הותר לו לחזור לבית־הכנסת.

## לאבי היתה נטיה לבנין

בהרובישוב קנה לו אבי בית ומסביב חצר וגן. בחצר היתה גם קבוצה קטנה של בתים. לאבי היתה נטיה לבניין ותמיד מצא עילה להוסיף בניין בחצר. את התנורים עשה יהודי זקן אחד. אמרו עליו ששרת עוד בצבאות הצאר ניקולאי הראשון. עני מרוד היה ופרנסתו עלתה לו ביסורים מרובים. אבי לא היה עומד עמו על המקח והיה משלם לו לפי מבוקשו.

לבית הזה היתה עליה. לעלות לעליה זו מתוך הבית אפשר היה על ידי מסדרון צר. להתקנת המדרגות הזמין אבי נגר אמן והוא עשה מדרגות, שהתפתלו מסביב לעמוד עץ אחד. זאת היתה מלאכת מחשבת, שדרשה ציור וחשבון. הנגר הזה היה בעל־כשרון. כל ימיו, בשעות הפנאי, עסק בהמצאת עגלה, אשר בלי עזרת סוס תוביל מאה לבנים. מה עלה בגורלה של המצאה זו לא ידוע לי.

הבית עמד על גבעה קטנה ובתחתיתה היה גדר. מעבר לגדר עמד צלב עץ, שמחמת זקנה החלו חלקיו העליונים ליפול. לא רחוק ממנו עמד בית, שבבעליו היה נוצרי. בשעה שחפרו

# שמשון כהן ז״ל / פּערזענלעכקייטן און טיפּן

## דאָקטאָר ראַפּאַפּאָרט

ווי אַ גוטע בשורה, האָט זיך מיט אַמאָל צעטראָגן אין אַלע געסלעך פון שטעטל די ידיעה, אַז ס׳איז צו אונז געקומען אַ יידישער דאָקטאָר.

עטלעכע טעג איז ער געזעסן אין זיין דירה און נאָר איינצעלנע פון זיין משפחה האָבן אים געזען.

א סך איינוווינער פון שטעטל האָבן זיך געדרייט אַרום זיין דירה, כדי צו כאַפּן כאָטש אַ בליק אויף אים און איבערגעבן, ווי ער זעט אויס, אָבער ער האָט זיך בשום אופן נישט באַוויזן. ביז איינמאָל, אַ פאַרנאַכט, האָט מען באַגעגנט אויף דער פּאַנסקע גאַס אַ יונגן מאַן, אין די מיטעלע יאָרן, מיט אַ גרויסן קאָפּ צעוואָרפענע האָר, ווי מ׳וואָלט זיי קיינמאָל נישט פאַרקעמט, מיט זייער דיקע און גרויסע ברילן און אַ פעסטן שטעקן. ווער ער איז האָט מען קיין סך נשט געדאַרפט טראַכטן. פאַר אַלעמען איז געווען קלאָר, אַז דאָס איז נישט קיין אַנדערער, ווי דער ניי־געקומענער דאָקטאָר.

די ידיעה, אַז דער ניי־געקומענער דאָקטאָר שפּאַצירט אויף דער פּאַנסקע האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט אין שטעטל. דאָקטאָר ראַפּאַפּאָרט האָט שוין אַליין נישט שפּאַצירט, אים האָט באַגלייט אַ גרויסער טייל איינוווינער, אָבער אָפּשטעלן און שמועסן מיט אים, האָט קיינער נישט געהאַט די העזה. האָט מען זיך געמאַכט שנעל לויפנדיק, און ביים לויפן אַריינגעקוקט אים אין פּנים. אָט, אויף אַזאַ אופן האָט אונזער שטעטל מקבל־פּנים געווען איר ניי־געקומענעם יידישן דאָקטאָר.

ס׳זיינען אַדורך עטלעכע טעג און ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן צו פאַרשפּרייטן פאַרשידענע שמועות וועגן אים. קודם־כל, אַז ער איז נישט קיין אַנדערער נאָר אליהו־הנביא אין געשטאַלט פון אַ דאָקטאָר און ער נעמט אַוועק יעדע קרענק, ווי מיט דער האַנט. קיין סך געלט פאַר אַ וויזיט נעמט ער נישט, און אויב מ׳רופט אים צו נישט קיין פאַרמעגלעכן, איז נישט נאָר, וואָס ער נעמט גאָרנישט, נאָר אפילו דעם רעצעפּט מאַכט ער אַליין, און אַ גראָשן געלט. און ווען ער קומט צו אַ גאָר גרויסן אָרעמאַן, געפינט מען נאָך זיין אַוועקגיין, הינטערן קישן אַ סומע געלט.

דאָס פלעגן דערציילן נישט נאָר יידן, נאָר אפילו גויים, סיי פון שטעטעלע, ווי אויך פון די נאָענטע דערפער און זיך דערביי צלמען, אַז אַלץ וואָס זיי דערציילן איז אמת.

שטאַרק גרויס געהאַלטן זיך מיט אים האָבן די ציוניסטן, ווייל ביי אים אין שטוב האָט מען געזען אויף אַ בכבודיק אָרט אַ וויס־בלוי נאַציאָנאַל־פאָנד פּושקע, די ערשטע ביי אונז אין שטעטל. און דאָס איז דאָך דער בעסטער באַוויז, אַז ער איז אַ ציוניסט.

אַזוי איז מען ביי אונז געווען צופרידן און גליקלעך מיטן ליבן דאָקטאָר און אַלץ געטאָן, כדי ער זאָל, חלילה, פון אונז נישט אַוועק. ס׳איז אפילו דערגאַנגען דערצו, אַז אויב מ׳פלעגט זען אַ ניי־געקומענעם, פלעגט מען אים באַלד אָנהויבן צו פאָרשן, צי איז ער נישט געקומען אַוועקנעמען דעם דאָקטאָר אין אַן אַנדער שטעטל. אפילו די בריוו פאַר אים פלעגט מען עפענען, פאַרשטייט זיך מיטן וויסן פון גוישן פּאָסט־טרעגער, כדי זיך איבערצייגן, אַז מ׳לייגט אים נישט פאָר קיין אַנדער פּלאַץ.

איינמאָל, ווען מ׳האָט אים גערופן צו אַ שטאַרק קראַנקן, האָט דאָקטאָר ראַפּאַפּאָרט ביי אים געגעכטיקט. א סך לעגענדעס האָט מען דערציילט, ווי אַזוי ער האָט דעם קראַנקן אָפּגעראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט, אָבער ער אַליין האָט זיך געפערלעך אָנגעשטעקט.

אַ טרויער האָט זיך אויסגעגאָסן אויפן גאַנצן שטעטל, ווען מ׳האָט זיך דערוווסט, אַז דאָקטאָר ראַפּאַפּאָרט ליגט קראַנק.

אַרום זיין שטוב האָבן זיך צונויפגעקליבן כמעט אַלע איינוווינער פון שטעטל געוואָר צו ווערן, וואָס ער מאַכט, און דערביי אויך געבעטן פאַר זיין געזונט. ווען די צוויי פרעמדע דאָקטוירים, וואָס מ׳האָט אַראָפּגעבראַכט פאַר זיינמוועגן, זיינען אַרויסגעגאַנגען פון זיין שטוב מיט ערנסטע פּנימער און קיינעם נישט געוואָלט איבערגעבן וועגן זיין לאַגע, האָט דער רב באַלד באַפוילן, אַז מ׳זאָל פאַרמאַכן אַלע געוועלבער און אַז מענער, ווייבער און אפילו קינדער זאָלן גיין אין דער גרויסער שול זאָגן תהילים פאַרן דאָקטאָרס געזונט.

ווען אַלע יידן פון שטעטל האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אין שול און מיט גרויס געוויין געזאָגט תהילים, האָבן געקלונגען די גלאָקן פון קלויסטער. אויך די גויים האָבן אין קלויסטער געבעטן אַ רפואה פאַרן דאָקטאָר.

ס׳איז געווען דאָס איינציקע מאָל, ווען יידן און גויים האָבן צוזאַמען אויסגעבעטן אַ רפואה שלמה פאַר זייער דאָקטאָר, און ער איז טאַקע געזונט געוואָרן.

גרויס איז געווען די שמחה, ווען מ׳האָט געזען דעם דאָקטאָר ראַפּאַפּאָרט אַרומגיין געזונט אין די גאַסן פון שטעטל, אָבער די פרייד האָט לאַנג נישט געדויערט, און אַזוי ווי מ׳האָט נישט געוווסט, ווי אַזוי ער איז דערשינען, אַזוי איז ער מיטאַמאָל אַוועק.

זיין שנעל נעלם ווערן האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט ביים פּשוטן המון דעם געדאַנק, אַז דאָקטאָר ראַפּאַפּאָרט איז געווען נישט קיין אַנדערער נאָר אליהו־הנביא. אָבער יחידים האָבן געוווסט, אַז ער איז געקומען קיין הרוביעשאָוו לויט דער איניציאַטיוו פון שמואל בראַנד ז״ל און אין דער צייט פון ערשטן וועלט־קריג, ווען דאָס דייטשע מיליטער האָט געזאָלט אָקופּירן הרוביעשאָוו, האָט ד״ר ראַפּאַפּאָרט פאַרלאָזט אונזער שטאָט, כדי זיך נישט שטעלן אין דינסט פון דער דייטשער מאַכט.

## דער מאַטשעווער לערער

איינער פון די פּאָפּולערסטע מענטשן ביי אונז איז געווען דער מאַטשעווער לערער. און דאָך האָבן נאָר איינציקע געוווסט, אַז זיי אמתער נאָמען איז בן־ציון מילנער. ער האָט ביי אונז געשמט פאַרן בעסטן לערער אין שטעטל.

עלטערע מענטשן פלעגן פאַר אים האָבן גרויס דרך־ארץ און יונגוואַרג — גרויס פּחד.

זיין שול, וואָס האָט זיך געפונען ביי די בענקלס אין דער קאַמעניצע, האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר ריינקייט און אָרדענונג.

דער לערן־צימער איז געווען אַ גרויסער, אַ ליכטיקער מיט אַ סך פענצטער און מיט שוואַרץ־לאַקירטע בענק. אין אַ ווינקעלע איז געשטאַנען זיין טישל מיט אַ פּאָטעל, אַזוי אַז שטענדיק האָט ער געהאַט פאַר די אויגן אַלע שילער.

שטאַרק מקנא זיין פלעגט מען די שילער, וואָס האָבן געהאַט מזל געבוירן צו ווערן קליינע און נידעריקע, אַזוי אַז די קעפּ פון די הויכע חברים פלעגן זיי פאַרשטעלן פאַרן לערערס מוראדיקע בליקן. די נידעריקע שילער וועלן דערפאַר, אוודאי, לעבן א סך מערער, ווי זייערע הויכע חברים.

ער איז שטענדיק געווען פיין, אנשטענדיק אָנגעטאָן, אַ געגאָלטער קאָפּ מיט אַ גרוי קמץ־בערדל.

איינע פון זיינע הויפּט־דאגות איז געווען דאָס עסן. אין זיין שרייב־טיש האָט ער געהאַט פאַרשיידענע פלעשעלעך מיט כל־מיני געטראַנקען און צו יעדער סעודה האָט ער געהאַט זיין ספּעציעל פלעשל. זיין שטימונג און זיין באַציונג צו די שילער איז געווען אָפּהענגיק פונעם עסן. און טאַקע דערפאַר פלעגן אַלע שילער בעטן ביים רבונו־של־עולם, אַז דער מיטאָג זאָל תמיד געראָטן און ער זאָל הנאה האָבן פון אים, אויב נישט, האָט מען געוווסט, אַז ס׳שטייט אונז פאָר אַ חושכדיקער טאָג.

צוגעהאָלפן האָבן אים זיינע קינדער: יאָסל, מאָטל, ראַזקע און שבעלע. די ערשטע דריי זיינען באַלד אַוועק פון אים און געבליבן מיט אים איז נאָר די לעבעדיקע און באַחנטע שבעלע.

זיין פרוי, הינדע, איז געווען אַ שטילע טויב, זעלטן האָט מען זי געהערט רעדן. זי פלעגט אַריינגיין אין דער שול אויף די שפּיץ פינגער, ז׳ זאָל, חלילה, נישט שטערן איר

מאַן דעם לערער, פאַר וועלכן זי האָט מורא געהאַט נישט ווייניקער, ווי די שילער. שטענדיק האָט זי געזאָרגט, אַז ס'זאָל איר מאַן, חלילה, גאָרנישט פעלן און אַלץ זאָל זיין צו דער צייט און ווי ער וויל. ווייל אויב נישט, פלעגן די געשרייען דערגיין ביזן זיבעטן הימל. ביי יעדן סכסוך צווישן זיי, פלעגן מיר שילער זיין אויף איר זייט און שטענדיק איר געגעבן רעכט.

ווען אַ פאָטער פלעגט ברענגען אַ נייעם תלמיד, פלעגט אים דער מאטשעוווער לערער פאַרהערן און כמעט יעדן קינד געשטעלט די זעלבע פראַגע:

— וויפל עקן האָט אַ שטעקן?

פלעגט דער תלמיד ענטפערן:

— צוויי.

— און וויפל עקן האָבן אנדערהאַלבן שטעקנס?

דער גרעסטער טייל תלמידים פלעגט ענטפערן: דריי! און אָט די תשובה פלעגט דעצידירן, צי האָט דער תלמיד אַ גוט קעפּל און צי ער איז ראוי צו זיין זיין שילער.

ער איז געווען אַ גרויסער קפּדן און אויב ער פלעגט וואַרפן אַן אומחן אויף אַ שילער, איז געווען קלאָר, אַז דאָס לערן־יאָר וועט שוין דער קרבן ביי אים נישט ענדיקן.

זייער אָפט פלעגט ער צורופן אַ שילער, איינעם פון זיינע קרבנות און אים זאָגן הויך, אַז אַלע זאָלן הערן:

— גיי אַהיים, און זאָג דיין מאַמען, אַז זי האָדעוועט אַ גרויסע בהמה.

דערפאַר אָבער פלעגט ער זיך גרויס האַלטן און באַרימען מיט די גוטע שילער, און זיי שטענדיק אַרויסווייזן אומבאַגרענעצטע ליבע.

ער פלעגט אויך נישט מאַכן קיין אונטערשייד פון אָרעמע ביז רייכע תלמידים, פאַרקערט, אַ גוטן שילער פון אָרעמע עלטערן, פלעגט ער מקרב זיין און העלפן. ער פלעגט אפילו אָפט מוותר זיין אויף אַ טייל שכר־לימוד.

דער שילער, וואָס האָט געהאַט די גבורה צו ענדיקן די שול ביים מאטשעוווער לערער איז געווען געזיכערט מיט אַ געזונט האַרץ, און דער עיקר, מיט אַ שיינעם האַנט־שריפט.

# זאַנוול מלמד

פון אַלע מלמדים האָב איך אַמערסטן ליב געהאַט ר' זאנוול מלמד. ער איז געווען אַ הויכער, דאַרער ייד מיט אַן איינגעבויגענעם רוקן און פלעגט אָפטמאָל טראָגן אַ טונקעלע פאַטשיילע אויפן לאַנגן האַלז.

אויסער מלמדות האָט ער געהאַט נאָך עטלעכע, זייטיקע פרנסות, און פון אַלע פאַרדינסטן פלעגט ער מיט זיין גרויסער משפחה שטאַרבן פאַר הונגער.

כמעט אַלע חדר־יינגלעך האָבן ליב געהאַט ר' זאנוולען, און דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל מיר פלעגן ביי אים ווייניק וואָס לערנען. ער האָט אונז, כמעט קיינמאָל נישט געשלאָגן, מסתמא דערפאַר, ווייל ביי אים אין שטוב האָט שטענדיק געהערשט הונגער און ער מיט זיינע קינדער פלעגן אונז אויסלייזן פון אונזערע פעקעלעך עסן, וואָס מ'האָט אונז געגעבן פון דער היים.

איינע פון זיינע פרנסות, חוץ מלמדות, איז באַשטאַנען אין צענויפקלאַפּן הילצערנע קעסטלעך, זיי אָנפילן מיט סמאַראָווידלע און זיי פאַרקויפן אין די געוועלבן. די מלאכה האָט אויסגעפירט זיין עלטערער זון שלמה. און ווען ר' זאנוול פלעגט זיין באַשעפטיקט מיט די תלמידים, וואָס האָבן געקענט זינגען, כדי זיי צוצוגרייטן אַלס משוררים פאַר די ימים־נוראים, האָט שלמה צונויפגענומען די רעשט תלמידים און צוזאַמען מיט זיי אָנגעפילט די הילצערנע קעסטלעך מיט סמאַראָווידלע.

די אַרבעט האָט אונז פאַרשאַפט אַ סך פאַרגעניגן, נאָר אַז מיר פלעגן נאָך אַזאַ אַרבעטסטאָג קומען אַהיים, אינגאַנצן אויסגעשמירטע, האָט איר אונז שוין נישט געדאַרפט מקנא זיין. אויב ר' זאנוול פלעגט אונז נישט שלאָגן, פלעגן מיר דערפאַר באַקומען פון די עלטערן אַ סך מערער.

אָבער די הויפּט־פרנסה איז ביי זאנוולען געווען חזנות. ער האָט זיך גערעכנט, חוץ מאטי חזן, פאַרן בעסטן חזן אין שטעטל. מאַנכע פלעגן אויך צוגעבן, אַז ס'קען זיין, אַז ר' זאַנוול שטייגט איבער ר' מאטיען מיט זיין דבקות, האַרץ און יידישקייט.

עטלעכע וואָכן פאַר די ימים־נוראים, פלעגט ער שוין אונז בכלל נישט לערנען, און אַ גאַנצן טאָג געהאַלטן אין חזרן און צופּאַסן די ניגונים פאַרן יום־טובדיקן דאַוונען.

פאַר אונז, הדר־יינגלעך, איז דאָס געווען די בעסטע צייט.

ער פלעגט אויסקלייבן אַלע יינגלעך מיט שיינע שטימען און זיי מצרף זיין צו די משוררים, וואָס פלעגן אים באַגלייטן ביים דאַווענען.

דער גרויסער בית־המדרש, וואָס אַ גאַנץ יאָר פלעגן דאָרט די בעלי־מלאכות און די אָרעמע פון שטעטל דאַוונען און לערנען משניות, פלעגט ימים־נוראים באַקומען אַ גאַנץ אנדער אויסזען.

חשובע בעלי־בתים, ווי אויך אַ טייל פון דער יוגנט, וואָס פלעגט זיך האַלטן פאַר מבינים אין חזנות, פלעגן זיך אַריינכאַפּן אין בית־המדרש, כדי צו האָבן די זכיה צו הערן ר' זאנוולען.

און ווען ר' זאנוול פלעגט שטיין פאַרן עמוד מיט זיין שניי־ווייסן קיטל, מיטן לאַנגן, טערקישן טלית אַרומגערינגלט פון זיינע משוררים, פלעגט זיך מיטאַמאָל זיין איינגעבויגענער רוקן אויסגלייכן, און ממש די שכינה פלעגט רוען אויף אים. זיין דאַוונען פלעגט גרינגער מאַכן דעם שווערן תענית. אָבער צו אַ גאָר הויכע מדרגה פון חזנות פלעגט ר' זאנוול דערגיין, ווען ער פלעגט זאָגן די מוספדיקע שמונה־עשרה פון ראָש־השנה.

כמעט יעדן יאָר, צו נעילה, איז שוין ר' זאנוול געווען אַזוי הייזעריק, אַז ער האָט דאָס דאַוונען נישט געקענט פאַרענדיקן. ווען יידן פלעגן ביים אַהיים־גיין אים אָפּגעבן אַ יישר־כח, פלעגט ער ווייזן אויף זיין האַלז, וואָס איז געווען אַרומגעוויקלט מיט אַ טונקעלער פאַטשיילע, ווי איינער זאָגט:

— ס'וועט מיר, חלילה, גאָרנישט זיין; שליחי־מצוה אינם ניזוקין.

# לייבעלע טאַרטער



לייבעלע טארטער

לייבעלע טארטער — פאַר וואָס מ'האָט אים אַזוי גערופן, האָט קיינער נישט געוווסט, אפילו די גאָר אַלטע איינוווינער פון שטעטל. מ'האָט נאָר געוווסט, אַז אַלס קינד איז אים די מוטער געשטאָרבן און דער פאָטער, וועלכער איז נעלם געוואָרן, האָט אים איבערגעלאָזט אַלס מתנה פאַרן שטעטל.

אויך האָט מען געוווסט, אַז מורא האָבן פאַר אים, ווי פאַר אַנדערע משוגעים, דאַרף מען נישט. לייבעלע קען זיך בייזערן, שרייען, סטראַשען, אָבער קיין שלעכטס וועט ער, חלילה, קיינעם נישט טאָן.

ער פלעגט ליב האָבן זיך אויסצוטענהען מיטן רבונו־של־עולם און פלעגט גאַנץ אָפט אים גוט אויסזידלען. און אַז מיר, קינדער פון שטעטל, פלעגן אים הערן שרייען, ווייל ריידן שטיל האָט מען אים קיינמאָל נישט געהערט, אויסער ווען ער איז געווען הייזעריק — זיינען מיר געווען זיכער, אַז פאַר אונז שטייט נישט קיין משוגענער, נאָר אַ מענטש, וואָס נעמט זיך אָן פאַר אַלע עוולות, וואָס ווערן געטאָן דורכן רבונו־של־עולם קעגן אים, קעגן די משוגעים און אַלע שוואַכע פון שטעטל.

— הוי, דו איינער! — פלעגט ער אויפהויבן די פויסטן פון בײדע הענט קעגן הימל און שרייען — די אָנגעפרעסענע גבירים מיט די גראָבע בייכער גיסטו צו פרעסן פון כל־טוב און מיר גאָרנישט? ווייניק, אַז דו האָסט מיך באַשאַפן אַ משוגענעם, הונגערסטו מיך נאָך אויס? אויב ס'איז אַזוי, איז נישטאָ קיין גאָט! נישטאָ קיין גאָט! הוי, דו איינער!

אָבער זיינע פראָטעסטן פלעגן, ווייזט אויס, צום הימל נישט דערגרייכן, און אין דחקות, שמוץ און כסדרדיקן הונגער פלעגט ער פאַרזעצן דאָס לעבן אין זיין שטענדיקן ווינקל פלאַץ, צווישן אויוון פון גרויסן בית־המדרש.

איינמאָל יום־כפור, פונקט פאַר מוסף, ווען יידן פון שטעטל זיינען אַרויסגעגאַנגען פון שול,

פון בית־המדרש, און פון די שטיבלעך, כדי זיך אָפּצופּרישן פונעם שווערן תענית, איז ל י י ב ע ל ע ווי אויסגעוואַקסן פאַרן גרויסן עולם, און אין בײדע הענט געטראָגן אַ גרויסע, ווייסע חלה. זיין קליינער קערפּער איז מיטאַמאָל גרויס געוואָרן, האָט אויפגעהויבן די הענט מיט דער חלה קעגן הימל און אויסגעשריגן מיט אַ יאָמערלעך קול:

— הוי, דו איינער! היינט איז דיין יום־הדין! היינט איז דער טאָג, וואָס איך וועל זיך אין דיר נוקם זיין! יאָ, נקמה וועל איך נעמען פון דיר!

און פאַר אַלעמענס אויגן, האָט ער זיינע גרויסע ציין איינגעביסן אין דער ווייסער חלה, אַזוי אַז די חלה האָט כמעט פאַרשטעלט זיין קיילעכדיקן, ברודיקן פּנים.

אַ טויטע שטילקייט האָט געהערשט אַרום ל י י ב ל ע ן. קיינער פון די וואָס האָבן זיך צו דעם צוגעקוקט האָט נישט געוואַגט עפּעס צו זאָגן, אָדער צו טאָן, נאָר פון דערווייטנס האָט זיך דערטראָגן דער גראָבער קול פון לייבעלעס חבר, ס ע נ ד ע ר ד ע ר מ ש ו ג ע נ ע ר:

— לייבעלע איז גערעכט, ער איז כשר גערעכט!

# ברויט מיט אַ ביבאלע

אונזער שטעטעלע הרוביעשאָוו, וואָס איז געבענטשט געוואָרן מיט כל־טוב, האָבן געפעלט צוויי חשובע פּראָפעסיעס: א מ ש ו ר ר און אַ מ א ל ע ר.

אייגנטלעך האָבן מיר געהאַט זייער א סך משוררים, ווייל ווער פון די בחורים און מיידלעך, וואָס האָבן געקענט שרייבן האָט נישט געפּרובט זייער כח אין שרייבן לידער, אָבער דאָס פלעגט זיין אַ ליד נאָר פאַר זיך, אָדער העכסטנס פאַר גאָר נאָענטע, אָבער מ'זאָל אַזעלכע לידער לייענען אָדער זינגען אין דער עפנטלעכקייט, צו אַזאַ מדרגה איז מען ביי אונז נישט דערגאַנגען.

דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט אַ מאַלער. ס'זיינען ביי אונז געווען כל מיני מאַלער: גוטע, גאָר גוטע און פשוטע שילדן־מאלער, אָבער אַ מאלער, וואָס זאָל זיין פעיק צו מאַכן א שיינעם עקידת־יצחק, אָדער אַ „שויתי לי״, אָדער למשל, נאָכצומאַכן פּינקטלעך אַ פּאָרטרעט פון מ ש ה מ אָ נ ט ע פ י אָ ר י, אַזאַ מאלער איז ביי אונז נישט געווען און אַז מ'האָט געוואָלט האָבן אַזאַ בילד, פלעגט מען זיך דאַרפן מטריח זיין אַזש קיין לובלין, אָדער גאָר קיין וואַרשע.

אָבער הרוביעשאָוו איז נישט פון די שטעטלעך, וואָס בלייבט אינטערשטעליק קעגן אַנדערע, און אין איינעם פון די ליכטיקע זומערטעג איז אויסגעוואַקסן אין אונזער שטעטל אַ בלאָנד, דאַר יידל, מיט אַ געל, שיטער בערדל, וואָס האָט געטראָגן אַ משונהדיקן קאַפּעליושל און אַ לאַנגן כאַלאַט, וואָס האָט פאַרשטעלט די הויזן מיט די שיך, און פלעגט זייער שנעל דורכלויפן די גאַסן, ווי עמיצער וואָלט אים נאָכגעיאָגט. פון וואַנען ער איז, ווי ער הייסט, און וואָס ער טוט, האָט קיינער אין שטעטל נישט געוווסט.

דאָס יידל מיט זיין סודותדיק שנעל לויפן, זיינע מאָדנע בגדים און מיט זיין שטענדיקן שווייגן, האָט אויף זיך געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע אין שטעטל, ביז מ'האָט באַשלאָסן, אַז ער איז אַ משוגענער.

זיין משוגעת איז באַשטאַנען פון איין פסוק: אַ ברויט מיט אַ ביבאלע, אַ ברויט מיט אַ ביבאלע — פלעגט ער שטענדיק מורמלען אין דער שטיל און ווען די קינדער פלעגן אים אויפרעקן, פלעגט ער אויפן קול שרייען:

— אַ ברויט מיט אַ ביבאלע.

איינמאָל, פרייטיק, ווען מיר חדר־יינגלעך זיינען אַהיימגעגאַנגען און צוליב אַ שטאַרקן רעגן זיך געמוזט באַהאַלטן אין איינעם פון די הייזער נעבן דער שול, האָבן מיר דערזען, ווי אין אַ ווינקעלע שטייט זיך אין דער שטיל ר' א ב י ג ד ו ר. מיר זיינען געשטאַנען אין פחד און זיך געסטארעט, אַז ער זאָל אונז נישט דערזען. ס'האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט און א ב י ג ד ו ר האָט זיך צוגעשאַרט צו אונז און מיט אַ ליבער צערטלעכקייט אונז געזאָגט:

— קומט, ליבע קינדערלעך, קומט, דאָ אויפן בוידעם־שטיבל וווין איך, וועט איר זען, אַז א ב י ג ד ו ר איז נישט קיין משוגענער, ווי די מענטשן פון אייער שטעטל האָבן אויסגעטראַכט, קומט קינדערלעך, קומט.

זיין בעטן זיך ביי אונז האָט אויף אַלעמען אַזוי געווירקט, אַז מיר האָבן, כמעט, נישט געפילט, ווי מיר אַלע גייען אים נאָך אויף די טרעפּ.

אַז מיר זיינען אַריינגעקומען אין זיין גרויסן, אָבער גאָר נידעריקן צימער, האָבן מיר דערזען, אַז אַלע ווענט זיינען באַהאנגען מיט כל מיני בילדער און פּאָרטרעטן, און כדי אונז צו איבערצייגן, אַז ער אַליין איז דער מאלער פון אָט די בילדער, האָט ער פאַר אונזערע אויגן אָנגעהויבן צו מאלן אַ שיינעם עקידת־יצחק מיט אזא שנעלקייט, אַז מיר האָבן געמיינט, אַז פאַר אונז שטייט נישט קיין מאלער, נאָר אַ כישוף־מאַכער.

זעענדיק דעם רושם, וואָס דאָס האָט אויף אונז געמאַכט, האָט ער אַרויסגענומען פון אַ צעבראָכענעם קופערט, וואָס איז געשטאַנען ביי דער טיר, אַ גרויסן פּאַק מיט געשריבענע לידער, און ווי אַ משורר אָנגעהויבן מיט אַ שטילן קול פאַר אונז צו לייענען. די גרעסטע טייל לידער האָבן מיר נישט פאַרשטאַנען, נאָר איין לידעלע, וואָס ער האָט איבערגעחזרט אַ פּאָר מאָל האָבן מיר יאָ פאַרשטאַנען. ער האָט פון דעם לידל געהאַט צוגעגרייט אַ סך קאָפּיעס און דאָס פאַרטיילט יעדן פון אונז און דערביי צוגעגעבן מיט אַ זיפץ:

— יאָ, קינדערלעך, דער אינהאַלט פון דעם לידעלע האָט מיך פאַריאָגט פון מיין געליבטער, פון מיין ליב שטעטעלע און האָט מיך געמאַכט ביי אייך פאַר אַ משוגענעם. אָבער דערפאַר האָט אייער שטעטעלע פאַרדינט. איר זייט געבענטשט געוואָרן סיי מיט אַ משורר און סיי מיט אַ מאלער.

און ווען מיר אַלע האָבן מיט גרויס פאַרוווּנדערונג פאַרלאָזן זיין חדר, האָבן מיר דורכן הימל־פענצטער דערזען זיין פּנים מיטן משונהדיקן קאַפּעליושל און געהערט ווי ער שרייט אונז נאָך:

— א ב ר ו י ט מ י ט אַ ב י ב א ל ע, א ב ר ו י ט מ י ט אַ ב י ב א ל ע!



מאירל דער שטאָט־משוגענער

אין יאָר 1555 האָבן געוווינט אין הרוביעשאָוו 13 יידן אין 4 ה י י ז ע ר.

# נתן הדס / הרוביעשאווער פאלקס־טיפן

הרצליה

דער פעטער יידל מלמד האט זיך דערצויגן אלס א יתום. מען האט גיזאגט, אז דורך מלמדות איז ער געקומען צו דאקטאריי. איידער ער איז געווארן א מלמד, איז ער גע־ווען א באהעלפער. רייכע בעלי־בתים פלעגן זיך מיט אים באהעלפן ביי רופן דעם דאק־טער. אזוי ארום האט ער זיך באקענט מיט די צוויי פוילישע דאקטוירים, וואס אן אים האבן זיי זיך נישט גערירט.

איינער האט געהייסן ד"ר שאנעצקי, א לאנגער, א דארער און א גרויסער שונא־יש־ראל. דער צווייטער — ד"ר דוביעשעווסקי, א דיקער, א קורצער און אויך נישט קיין גרויסער יידן־פריינד. דאס זיינען געווען דעם פעטערס „אוניווערזיטעטן".

גאר שפעטער האט מען די דאקטוירים גע־קענט באשטעלן נאר דורך יודקען, אזוי האבן זיי אים גערופן, און כדי נישט איבער־צוגעבן יידישע געלט אין גוישע הענט, פלעגט ער זיך אליין מטריח זיין צום קראנקן, אבער נאר צו מענער און קינדער, צו א פרוי — חס־וחלילה.

כדי „אויסצוהארכן" דעם קראנקן, האט ער נישט באנוצט קיין שום מכשירים. ער האט צוגעלייגט דאס אויער צו דער באקעטער פליי־צע און ארומגעפארן מיטן אויער מזרח, מערב, צפון און דרום. אזוי האט ער אונטערזוכט דעם קראנקן און פעסטגעשטעלט די דיאגנאזע, צו באדארף מען באשטעלן דעם דאקטאר צו נישט.

דאס איז געווען ביי אינערלעכע קראנק־הייטן, אבער אויסערלעכע קרענק האט ער אליין געהיילט אויף זיין אייגענער אחריות.

אט, למשל, א רויז. ביי וועלכן יידן האט זיך דאס נישט געמאכט א רויז, לכל־הפחות, איין מאל אין יאר? אויף דער רויז האט ער געהייסן אוועקלייגן א זעקל פון קארענע מעל.

בלאטערס אויף די הענט אדער פארונקלען — צו דעם האט ער געהייסן נעמען א הייסע שיסל וואסער, צוגיסן מילך, ארייננשיטן ווייצענע קלייען און צוויי מאל אין טאג ווייקן די הענט צו האלבע שעה.

צו סתם ווונדן האט ער געהאט מיטלען לויטן סעזאן. זומער האט ער געהייסן צולייגן צום ווונד בלעטער, וועלכע מען האט געקענט אנרייסן אין יעדן הויף. ווינטער האט ער גע־שיקט קויפן אין אפטייק לעפקא־פלאסטער.

היינט באנקעס געהאקטע, און נישט קיין גע־האקטע, די תורה פלעגט ער שוין יעדן איי־נעם אויסלערנען. אן עין־הרע פלעגט ער אליין אפשפרעכן, אבער אפבלאזן א גוט אויג, דא פלעגט ער אויסזוכן א תלמיד צווישן זיינע תלמידים, וואס האט געדארפט זיין א בכור בן בכור, בן בנו של בכור, ווייל ער אליין איז נישט געווען קיין בכור.

אויף האלז־קראנקהייטן איז ער געווען א ספעציאליסט. ער פלעגט ארויסציען א שטעקע־לע פון בעזים, דערויף א שטיק וואטע ארומ־וויקלען, אין יאדינע דאס איינטונקען און דעם קראנקן דעם האלז גוט אויסשמירן, ווי דער קוימענקערער דעם קוימען. דאן פלעגט ער דעם האלז פון אויסנווייניק ארומוויקלען מיט א שטיק ברוינער סאראטקע און וואטע און אזוי שטארק איינבינדן, אז 3 טעג האט דער קראנקער קיין ווארט נישט געקענט ארויסרעדן.

אזוי האט ער זיך נוהג געווען ביי דערוואק־סענע. קינדער פלעגן קומען צו אים מיט די עלטערן. אפט האט זיך געמאכט, אז א חברה־מאן האט נישט געוואלט עפענען ס'מויל, דאן פלעגט ער ארויסנעמען א גרויסע, זילבערנע פושקע מי שמעק־טאבאק, און מכבד זיין דער־מיט דעם פאציענט. דער טאבאק־ריח פלעגט אזוי שטארק קיצלען אין נאז, אז מען האט נישט געקענט ביישטיין דעם יצר־הרע און נישט ארייננשטעקן די פינגער. דאן פלעגט ער א האק טאן די פושקע, אז דער חברהמאן האט געעפנט דאס מויל און א געשריי געטאן: אוי, די פינגער! דא האט ער פלינק ארייננגעזעצט דעם פענזל אין מויל און אים אויסגעפענזלט ס'האלז.

די גרעסטע טייל בעלי־בתישע קינדער האבן געלערנט ביי אים. ס'איז געווען א גרויסע זכיה צו לערנען ביי יידעלע מלמד. צו דעם אלעמען האט ער געהאט, ווי מען רופט עס ביי אונז, א „משק עזר". וואס איז באשטאנען פון א סארט קאזעס, וואס איז געווען א זעלטנ־הייט.

זיי פלעגן נישט ארומשפאצירן, ווי אלע קא־זעס אויפן בארג און כאפן בייגל, אדער פרוכט פון די פארקויפער. יידל מלמדס קאזעס האבן זיך אויסגעהאדעוועט אויפן אלטן בית־עולם. דארט, זאלן האבן צו קבורה געקומען די קדושי ת"ח ות"ט, דארט זיינען באגראבן גע־ווארן שמות און פסולע ספר־תורות. דער ארט איז געווען פון אלע זייטן ארומגעקלאפט מיט ברעטער און באוואקסן מיט הויכע גראז. און דא האט יידעלע מלמד אויסגעהאדעוועט דורות פון קאזעס.

יידל מלמד האט זיך גערעכנט פאר א פארמעגלעכן ייד, אבער ער איז געווען א גרוי־סער קמצן. דער ווייב פלעגט ער אויסטיילן יעדן גראשן און פאדערן אויף אלץ א חשבון. זי פלעגט זיך אבער געבן אן עצה. זי פלעגט פארקויפן די שאלן פון קארטאפל און דאס געלט באהאלטן אונטער די פיס פון בעט. דעם סוד האבן געוווסט נאר עטלעכע תלמידים, וועלכע פלעגן איר העלפן אונטערהייבן דאס בעט, כדי צו באהאלטן דאס געלט.

ווי געזאגט, איז יידל מלמד געווען גרייט שטענדיק צו העלפן. קעלט, רעגן און היץ האבן אים קיינמאל נישט אפגעהאלטן. ביי ארעמע פלעגט ער מוותר זיין אויף שכר־טרחה.

יהי זכרו ברוך!

# טרייטל דער מלמד

ווער האט נישט געקענט טרייטל מל־מד? קינד און קייט האבן אים געקענט. מער פון אלע האב איך געהאט די זכיה אים צו קענען. ראשית, בין איך געווען זיין תלמיד, און שנית, איז ער געווען מיינער א שטיקל קרוב. ווען נישט די קרובהשאפט, וואלט מיין פאטער, מרדכי סופר, וואס איז געווען א ייד א למדן, מיר נישט איבערגעגעבן אין זיינע הענט. קיין גרויסער למדן איז טרייטל מלמד נישט געווען און דאס ביסל תורה, וואס כ'האב געקענט, האב איך ביי אים אין חדר שיעור נישט פארגעסן. סך־הכל איז טרייטל געווען א גמרא־מלמד פאר אנ־פאנגער.

זיין חדר איז געווען אין א בוידעם־שטיבל אויפן צווייטן שטאק. דער ארויפגאנג אויף שמאלע, צעבראכענע טרעפ, אויף וועלכע מ'האט געקענט ברעכן האלז און נאקן. א נס, וואס אין דער זייט פון די טרעפ איז געווען אן הילצערנע פארענטשע, אויף וועלכער מ'האט זיך געקענט אנהאלטן. דערפאר אבער, איז דאס אראפגיין פון די טרעפ, געווען פאר אונז, חדר־יינגלעך, פון די לייכטסטע זאכן; מ'האט זיך אוועקגעזעצט אויף דער פארענטשע רייטנ־דיק, אראפגעגלאזט זיך מיט אן אימפעט און אחת־שתיים זיינען מיר שוין אונטן.

אין חדר איז געשטאנען רעכטס א פאס פון הערינג, אנגעגאסן מיט וואסער. נאכן פאס, א גרויסער קאסטן, וואס האט געדינט פאר א שפייז־שאפקע, א ביסל ווייטער, א ניי־מאשין פון מתושלחס צייטן. דעם אמת געזאגט, האב איך קיינמאל נישט געזען מ'זאל אויף איר ניי־ען. נאכן ניי־מאשין איז געשטאנען א קליידער־שאף. אין דער שאף האט איר געקענט זען חו־משים, גמרות, טלית און תפילין, ווי אויך די שבתדיקע, מעשענע לייכטער, אבער מלבושים, קליידער, אפילו אויף קיין רפואה נישט.

באך דער שאף איז געשטאנען א גרויסע, הילצערנע בעט. צום פערטן פוס פון בעט איז

אָפּט געווען צוגעבונדן מיט אַ שטריקל אַ האָן. אַנטקעגן, לינקס, איז געשטאַנען אַ צווייטע, הילצערנע בעט, נאָכן בעט אַ באַנק־בעטל. ביינאַכט האָט מען אַראָפּגענומען די דעק, אַרויסגערוקט דאָס באַנק־ברעט און דאַן האָט זי געניצט אַלס נאַכטלעגער פאַר דריי מענטשן.

נאָכן באַנק־בעטל איז געשטאַנען אַ קופערט, און נאָך אים, דער איינגעמויערטער קוימען און אויוון, אין וועלכן מ׳פלעגט דאַנערשטיק באַקן ברויט אויף אַ גאַנצע וואָך. יעדן דאַנערשטיק האָט מען געדאַרפט פאַריכטן דעם אויוון.

אין מיטן שטוב איז געשטאַנען אַ גרויסער טיש, מיט בענק, אויף וועלכע ס׳האָבן זיך אויסגעזעצט אַ צוואַנציק חדר־יינגלעך, קונדסים, שטיפער „ערשטער סאָרט", וואָס האָבן געוויקט די בענק און געשניצט דעם טיש.

דאָס איינציקע צימערל האָט געניצט פאַר אַן עס־צימער, אַ קיך, אַ שול, און אויך אַ וווינונג פאַר דער משפחה פון אַכט נפשות.

געלערנט האָט מען די גמרא בבא־מציעא, אָנהויבנדיק פון פרק: „שנים אוחזין בטלית". די גאַנצע געשיכטע איז דורך איין אויער אַריין און דורכן צווייטן אַרויס. וועמען איז דאָס אָנגעגאַנגען, ווער ס׳האָט יאָ דעם טלית און ווער נישט? אָבער טרייטל מלמד איז דווקאָ געווען פאַראינטערעסירט, אַז מיר זאָלן פאַרשטיין דעם ענין, ווייל איינמאָל אין חודש פלעגט ער קומען פאַרהערן דעם תלמיד אין אָנוועזנהייט פון פאָטער; און אַז דאָס פאַרהערן איז דורך בשלום, האָט מען אים מכבד געווען מיט א קידוש און מיט אַ היפשע פאָרציע קוגל צו פאַרבייסן.

אַ פאָר טעג פאַרן פאַרהער, פלעגט טרייטל איינקנעלן מיטן תלמיד די גמרא, אַזוי לאַנג ביז דער תלמיד האָט זי געקענט אויסנווייניק. כדי דאָס צו דערגרייכן, פלעגט טרייטל נעמען צו הילף דעם קאַנטשיק. דאָס איז געווען אַ שטעקן, וואָס פון איין עק האָט ער געהאַט 12 לעדערנע פאַסקעס (קעגן די 12 שבטים, להבדיל) יעדער פאַסיק האָט געהאַט עטלעכע קנופן; אַז מ׳האָט געכאַפט אַ שמיץ פון אָט די פאַסקעס, האָט מען זיך געקענט זען מיט דער עלטער־באָבע.

אין אַ דאָרף נישט ווייט פון הרוביעשאָוו האָט געוווינט אַ יידישער אַרענדאַר. ער האָט געהאַט אַ בן־יחיד, א צאַצקע, ווו נאָר אַ מלמד, ווו נאָר אַ חדר, האָט ער געלערנט און זיך גאָרנישט אויסגעלערנט. אַזוי אַז דער תכשיט האָט קיין עברי נישט געקענט. נו, האָט גאָט געהאָלפן און דער בחור איז אַריינגעפאַלן אין טרייטלס הענט! טרייטל האָט דערשמעקט, וואָס פאַר אַ סחורה דאָס איז, און ער שפאַנט איין דעם בחור אין דער גמרא פון „שנים אוחזין בטלית" און אַרבעט מעשים, אַז דער בחור זאָל קענען די גמרא אויסנווייניק. טרייטל האָט געוווסט, אַז דער אַרענדאַר איז אַ גאַנץ שפּאַרעוודיקער עם־הארץ, און אַז ער וועט הערן, ווי דער בן־יקיר זיינער, זאָגט אָפּ די גמרא אויסנווייניק מיטן ניגון, וועט ער אַריינפאַלן אין אַ קעלבענער התפעלות און וועט שיקן טרייטלען אַן אינדעק אָדער אַ גאַנז אַלס מתנה. אָבער דער תלמיד האָט זיך גאָרנישט גערעכנט מיט טרייטלס פלענער, און די גאַנצע געשיכטע פון „שנים אוחזין בטלית" איז אים געלעגן אין דער לינקער פאה. טרייטל ווידער, האָט גענומען דעם קאַנטשיק צו הילף און האָט געהאַקט דעם בחור, ווי אין קרויט.

מאַכט זיך אַ מעשה, אַז די שיקסע, וואָס האָט געאַרבעט ביים אַרענדאַר, קומט אין חדר אַריין מאַכן באַזוך דעם בחור, און טרעפט אים ווי ער ליגט אויסגעצויגן אויף דער באַנק און טרייטל ציילט אין אים אַריין שמיץ מיטן קאַנטשיק. פרעגט די שיקסע דעם בחור:

— זאָג מיר, איך בעט דיר, פאַרוואָס שלאָגט מען דיך?

— איך ווייס אַליין נישט פאַרוואָס — ענטפערט דער בחור — עפּעס איינער האָט פאַרלוירן און צוויי האָבן געפונען. דער רבי טשעפעט זיך צו מיר און איך ווייס פון גאָרנישט; נישט איך האָב געפונען, נישט איך האָב געזען ווער ס׳האָט געפונען. די שיקסע איז אַוועק צום אַרענדאַר און אים אַלץ דערציילט. דער אַרענדאַר האָט געכאַפט אַ פערד, געקומען אין חדר רייטנדיק און געזאָגט טרייטלען כהאי לשנא:

— וואָס איז געשען, רבי? מיין זון האָט געפונען אַ קלייד? וויפל האָט עס די ווערט? איך באַצאָל גלייך דעם פולן פרייז, אבי לאָזט צו רו מיין זון!

טרייטל האָט מער נישט באַדאַרפט. ער האָט אַרויסגעזאָגט אַ הויכן פרייז פאַר דעם „געפונענעם" קלייד. דער אַרענדאַר האָט גלייך באַצאָלט און טרייטלען איז עס צונוץ געקומען.

חוץ מלמדות, האָט טרייטל געקענט אַ סך מלאכות: ער האָט געמאַכט פידלען, קאַפערטן און קראַקעס. ער האָט פאַרמאָגט אַ פאָר גאָלדענע הענט, און פון אַלע מלאכות איז ער געווען אַ גרויסער אָרעמאַן און קיינמאָל נישט געהאַט אויף שבת. פונדעסטוועגן איז ער קיינמאָל נישט געווען פאַרמרהשחורעט. ער איז געווען, ווי מ׳זאָגט, אַ פריילעכער קבצן.

מיר, חדר־יינגלעך, זיינען געזעסן אַרום טיש, די גמרות אָפן און אויף דער וואַנט איז געהאנגען דער קאַנטשיק. אונטערן טיש זיינען געלעגן שטיקלעך האָלץ פון פאַרשיידענע מאָסן, דינע און גראָבע, שמאָלע און ברייטע. ביז היינטיקן טאָג ווייס איך נישט פונוואַנען האָט ער דאָס האָלץ צונויפגעשלעפט? אַ גאַנצן טאָג האָט ער געשניצט טיילן פון אַ פידל.

אין אַ יריד־טאָג, ווען ס׳פלעגן זיך צוזאַמענפאָרן אויפן קלויסטער־פלאַץ גויים, כחול על שפת הים, פלעגט טרייטל אַרויסשיקן אַהין אַ פאָר פיפיקע חדר־יינגלעך, וועלכע האָבן געריסן האָר פון די ווידלען פון די פערד, כדי צו מאַכן סטרונעס צו די פידלען. צום סמיטשעק האָט ער גענוצט ווייסע האָר, צום פידל — רויטע. און נישט איינמאָל האָט אַזאַ „האָררייסער" געכאַפט אַ קאָפּע פון פערד אין בויך.

אַז ס׳האָט זיך אים צוגעגעסן דאָס שניצעריי, האָט ער זיך גענומען צו איינבינדעריי. אַוועקגעשטעלט אויפן טיש אַ שיסל מיט פאַפ, און גענומען קלעפן און פאַריכטן צעריסענע סידורים. טרייטל מלמד האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט און פון עטלעכע, צעריסענע סידורים צוזאַמענגעשטעלט אַ גאַנצן סידור, ווי פון נאָדל אַרויס.

אין דער צייט, ווען טרייטל איז געווען אַריינגעטאָן אין הלכות קלעפעריי, זיינען מיר, חדר־יינגלעך, געזעסן און געזונגען די גמרא, אויף אייגענער אחריות, און ער האָט פון צייט צו צייט געוואָרפן אַ בליק אויף אונז, ווי יענער בעל־עגלה, וואָס לאָזט אַרויס די לייצעס פון די הענט און פאַרלאָזט זיך אויף דעם, אַז די פערד וועלן שוין אַליין געפינען דעם וועג.

אַמאָל פלעגט ער זיך אַ כאַפּ טאָן און מאַכן קליינע, הילצערנע קופערטלעך פאַר די רעקרוטן, וועלכע האָבן געדינט אַלס וואַליזקעס. מ׳האָט זיי געקענט שלעפן איבערן גרויסן, ברייטן רוסלאַנד און זיי זיינען נישט צעבראָכן געוואָרן.

דאָנערשטיק און פרייטיק זיינען געווען טעג פון מאַכן קראַקעס. פאַר די, וועלכע ווייסן נישט וואָס דאָס איז אַזוינס, וועל איך זיי געבן אַ שטיקל אויפקלערונג. טרייטל מלמד האָט צוזאַמענגעקליבן ביי די שניידער דעם אָפּפאַל, די ברעגעס פון וואָלענעם שטאָף, די לאַנגע, די שמאָלע, וואָלענע פאַסן און צוזאַמענגענייט איין פאַס צום צווייטן. נאָכדעם פלעגט ער קויפן אין אַפּטייק קוועק־זילבער, אַריינלייגן דאָס קוועק־זילבער אין מעשענעם שטייסל, אַריינגיסן צוויי ווייסלעך פון אייער (די געלכלעך פון די אייער האָט די רביצן, די טרייטעליכע, אַריינגעטאָן אין די פיש), אַריינשטופן אין שטייסל דעם לאַנגן, שמאָלן, וואָלענעם פאַס און גענומען שטויסן אַזוי לאַנג, ביז דער וואָלענער פאַס האָט איינגעזאַפט „ולא נודע כי בא אל קרבו". דאָס שטויסן האָט פאַרנומען אַ היפשע ביסל צייט, דעריבער פלעגט ער מכבד זיין די חדר־יינגלעך מיט „מצווה שטויס". יידן פלעגן קויפן ביי טרייטלען די קראַקעס און טראָגן זיי אונטערן העמד, אויפן נאַקעטן לייב. דאָס איז געווען אַ סגולה קעגן דער דריטער מכה פון מצרים.

אונטן, אין קוימען, איז געווען אויסגעמויערט אַ פיר־קאַנטיקער לאָך, וואָס מ׳האָט גערופן די קיטשע. אין דער קיטשע האָט טרייטל אַריינגעזעצט אַ גאַנז, פאַרקלאַפט מיט דינע, שיטערע ברעטלעך, אַזוי אַז די גאַנז איז געווען פאַרשפאַרט אין דער קיטשע, נאָר דעם קאָפּ און האַלדז האָט זי געקענט אַרויסשטעקן דורך די שיטערע ברעטלעך. אַלע פרימאָרגן, ווי נאָר ער איז געקומען פון דאַוונען, פלעגט ער צונויפקלייבן די שטיקלעך ברויט, וואָס די חדר־יינגלעך האָבן איבערגעלאָזן, איינווייקן זיי אין וואַסער און דערלאַנגען דער גאַנז צום עסן.

אויבן, אויפן וואַרעמען „פיעקאַליק" איז געלעגן אַ גרויסע קאַץ און זיך געוואָרעמט. די

קאַץ האָט פאַרמאָגט אַ פּאָר בייזע, גריִנע אויגן, וואָס האָבן אָנגעוואָרפן אַ פּחד. צווישן די צוויי שכנים, דער קאַץ און דער גאַנז, האָט שטענדיק געהערשט „קריגס־צושטאַנד". די קאַץ פלעגט אַוועקכאַפּן דאָס ברויט פון דער גאַנז.

לכבוד חנוכה פלעגט מען שוחטן די גאַנז און טרייטלס אָרעם געזינדל האָט דאַן אָפּגעלעבט. די גריוון האָט מען באַלד צורעכט געמאַכט, די שמאַלץ האָט מען באַהאַלטן אויף פּסח און דאָס פלייש און די ביינער האָט מען געגעסן און געסמאָטשקעט, ביז נאָענט צו פּורים.

ווינטער האָט מען אָנגעהויבן לערנען ביינאַכט און יעדער תלמיד האָט געבראַכט אַ פּאָר גראָשן נאַפּט־געלט. דאָס געלט פלעגט מען ברייִנגען פאַרנאַכט, ווען טרייטל איז געווען אין שטיבל און געדאַווענט מנחה און מעריב, זיך געוואָרעמט ביים אויוון און אַמאָל זיך געפּרוווט פאַרגעסן אַהיים צו קומען צו די תלמידים. מיר פלעגן דאַן מאַכן מאַנעוורעס אויף „טיש און אויף בענק" און די געשרייען און די קוויטשערייען זייִנען געווען נישט איבערצוטראָגן. דאַן פלעגט די רביצן, די טרייטעליכע, אַוועקלויפן אין שטיבל און אַראָפּברייִנגען דעם מאַן, דעם פּרנסה־געבער.

האָבן מיר געזען, אַז די קוויטשערייען זייִנען נישט קיין תכלית, האָבן מיר זיך גענומען צו אַ רויקער שטיקל אַרבעט. מאָנטשע סאָקאָל האָט אָגעצייכנט קוויטלעך און מיר האָבן אָנגעהויבן שפּילן קאָרטן. געוווּנען דאָס נאַפּט־געלט האָבן פיר פון די שפּילערס: פייביש דעם קצבס, שמעון קאַמיזבראַט, מאָנטשע סאָקאָל און נתן הדס.

ווינטער האָט די רביצן פאַרמאָגט אַזאַ מין נאַש־קרעמל, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ קעסטל מאַנדלען, אַ שאַכטל זאַפּטיקע צוקערלעך, וואָס האָבן געהייסן שליוויטשקעס, ווי אויך צוויי קליינע טאָרבעלעך מיט דיניע־קערן און סעמעטשקעס. מיר זייִנען צו צום קרעמל, אָפּגעקויפט, איינגעטיילט די סחורה צווישן אַלע חדר־ייִנגלעך און געמאַכט אַ סעודה כיד המלך. ווען מיר האָבן אַלץ פאַרטיק געמאַכט, קומט טרייטל צוריק פון שטיבל.

— נו חברה — זאָגט ער — וואָס הערט זיך מיט נאַפּט־געלט? קיינער ענטפערט נישט. ער נעמט זיך קאָכן און שרייען:

— חברה, גיט אַהער די געלט.

— די געלט — זאָגן מיר — איז ביי דער רביצן. ס'ברעכט אויס אַ קריגערייַ צווישן טרייטלען מיט דער טרייטעליכע, הלמאַי, פאַרוואָס האָט זי אונז פאַרקויפט די קראָם? טרייטעליכע שרייט צו אים, ער זאָל זיך נישט מישן אין אירע געשעפטן, דערווייל האָט ער פאַרגעסן אָן אונז. יענעם אָוונט האָט ער אונז פרי אַהיים געשיקט.

טרייטל איז גלייך נאָכדעם אַוועק אין שטיבל און די רביצן איז אַוועקגעגאַנגען צו אַ שכנה, אַ ביסל זיך אָפּריידן פון האַרצן. דאַן, גנבענען זיך אַריין אין חדר צוויי יאַטן, דערשטיקן די גאַנז און מאַכן פּליטה. צו מאָרגנס, ווען טרייטל איז געקומען פון דאַווענען, האָט ער צונויפגענומען די דאַרע שטיקלעך ברויט, איינגעווייקט זיי אין וואַסער, צוגעגאַנגען צו דער קיטשע און גענומען רופן די גאַנז אויף גאַנז־לשון:

— אטאש! אטאש! אָבער די גאַנז רירט זיך נישט.

— חיה־שרה — שרייט טרייטל צום ווייב — אַ חורבן, די גאַנז איז טויט — און חיה־שרה ענטפערט אים צוריק:

— אַ חורבן אויף דיין קאָפּ! כ'האָב דיר נישט איינמאָל געזאָגט, אַז מ'דאַרף אַרויסטרייבן די קאַץ, דאָס איז איר מלאכה, ווער האָט יענע וואָך אַוועקגעשלעפּט דאָס פלייש פון זאַלץ־ברעטל? האַ? און אַזוי איז עס טאַקע געבליבן, און מיר האָבן לייכטער אָפּגעאָטעמט.

דאַן האָט טרייטל גענומען דעם מעסער, איינגעשניטן דער גאַנז דעם האַלז און אַריינגעוואָרפן אין זאַק. דערנאָך האָט ער צוזאַמענגענומען די צעריסענע שיך און שטיוול, אַריינגעוואָרפן אַלץ אין זאַק אַריין און אַוועק צום שוסטער, קוועקאַ דער לאַמער, וועלכער האָט באַקומען די „טרפהנע" גאַנז פאַר פאַריכטן דאָס פּעקל שיך און שטיוול.

## טרייטל דער פּורים־שפּילער

די גמרא זאָגט: „משנכנס אדר — מרבין בשמחה". ביי טרייטלען אָבער איז אַ גאַנץ יאָר געווען אדר, ווו אַ שמחה — איז טרייטל געקומען. אַ ברית מילה — ברוך־הבא! טרייטל איז דאָ. מאַכט עמעצער אַ חתונה — טרייטל איז ווידער דאָ. און ווו זייִנען ימים־טובים? שמחת־תורה? און אַז ס'איז געקומען אַ רבי אין שטאָט אַריין, מאַכן דאָך חסידים אַ סעודה; פאַרשטייט זיך, אַז טרייטל וועט נישט פאַרפעלן אַזאַ חסידישע סעודה.

הרוביעשאָוו, האָט ברוך־השם, חסידים מכל המינים. יעדער רבי האָט זיך געהאַט זייִנע חסידים און זיין שטיבל. מיר האָבן אפילו פאַרמאָגט אַ שטיבל פון אַ רביצן, וואָס האָט זיך טאַקע גערופן: דער רביצנס שטיבל.

אויסער רביים, פלעגן זיך באַווייזן פון צייט צו צייט „איניקלעך". לכבוד יעדן רבין און לכבוד יעדן איניקל האָט מען געפּראַוועט אַ סעודה אין טרייטל האָט געהאַלטן פון אַלע רביים און איניקלעך און פון זייערע סעודות. ער האָט אומעטום געטאַנצט, געזונגען און פריילעך געמאַכט. דערצו האָט ער נאָך פאַרמאָגט אַזאַ הוילן שטעקן, וועלכן ער האָט גערופן קלאַרנעט, און טרייטל האָט געפייפט אויפן קלאַרנעט און אַרויסגעצויגן אַזעלכע משונהדיקע קוויטשערייען, וועלכע האָבן געקענט אויפמינטערן אַ פאַרחלשטן.

אָבער דאָס אַלץ קומט נישט צו שמחת פּורים. באַלד נאָך חנוכה, האָט שוין טרייטל אָנגעהויבן צוגרייטן די פּורים־גאַרדעראָב. יעדעס יאָר האָט ער צוגעגרייט אַ נייעם ניגון צו שושנת יעקב, געמאַכט „רעפּעטיציעס" אין טריסקער שטיבל, און אַלע ייִנגלעך האָבן אים באַגלייט אַלס כאָר.

איך וויל דאָ איבערגעבן אין אַלגעמיינע שטריכן טרייטלס פּורים־גאַרדעראָבע. אַ פּאָר גלאַנצנדיקע, לאַקירענע שטיוועלעך מיט אַ פּאָר שוואַרצע, פּעטערבורגער קאַלאָשן, אַ האַרט־קראָכמאַלירטער, ווייסער קאַלנער, וועלכער איז געווען פאַרזען מיט אַ שלייף, אַ ווייסע אויסגעפּרעסטע וועסט, און אַ שוואַרצער פראַק. די נאָז איז געווען באַזעצט מיט גאָלדענע פּאַנסנע, די באָרד פאַרקעמט און דערצו, צוויי שפּיציקע פראַנץ־יאָזעפס באַקן־בערד. אויפן קאָפּ אַ הויכער צילינדער, אויף וועלכן ס'איז געווען אָנגעקלעפּט אַן אויפרוף מיט קידוש־לבנה אותיות: ד"ר הדס פון שושן הבירה". אין דער רעכטער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ שירם, אין דער צווייטער האַנט, אונטערן אָרעם, אַ גרויסן בוך. אַזוי האָט זיך טרייטל מלמד אַרויסגעלאָזט פּורים איבער די ייִדישע הייזער.

אַריינקומענדיק אין אַ ייִדישער שטוב, האָט ער פייערלעך געעפנט דעם גרויסן בוך און פאַרשריבן אַ „רעצעפּט": „נישט פאַרגעסן צו דאַווענען מעריב. אונטערגעשריבן: ד"ר הדס פון שושן הבירה".

אין יעדער שטוב האָט מען אים מכבד געווען מיט אַ גלעזל משקה און צובייסעכץ און פאַרן אַוועקגיין, געגעבן אַ שיינע נדבה. אַזוי איז זיך טרייטל געגאַנגען פּורים פון גאַס צו גאַס און פון שטוב צו שטוב. אים האָבן באַגלייט ייִנגלעך, ווייסע חברהניקעס, וועלכע האָבן מיט געשריי און געפילדער צו וויסן געגעבן, אַז טרייטל גייט. פון צייט צו צייט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אויסגעשריען:

— צאן קדושים! און חברה ייִנגוואַרג האָט געענטפערט אויף אַ קול:

— מע! מע! אָדער, ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט זינגען „שושנת יעקב" און חברה האָט אים אונטערגעהאָלפן.

אַ מאָל, פאַר פּורים, איז געקומען אין אורלויב טרייטלס אַ קרוב, וואָס האָט געדינט אין רוסישן מיליטער. טרייטלען זייִנען געפעלן געוואָרן די בגדי־מלכות פונם ייִדישן זעלנער, און ס'איז אים אַריין אַ געדאַנק אין קאָפּ צו פאַרשטעלן זיך פּורים, אַלס רוסישער קייזער.

טרייטל איז אַוועק צום קרוב, געבאָרגט ביי אים די זעלנערישע בגדים, אָנגעניִיט רויטע פּאַסן אויף די בלויע הויזן און אויפן בלויען היטל. אויף בייִדע אַקסלען אָנגעניִיט צוויי רויט־גאָלדענע שליפּעס, אָנגעהאָנגען אויפן האַרץ גאָלדענע מעדאַלן, און אויף דער לינקער זייט האָט ער זיך אָנגעטאָן אַ גאָלדענע שווערד, וואָס איז געווען ריטערלעך אויסגעקריצט אין עק. די גלאַנציקע שטיוועלעך זייִנען געווען באַצירט מיט אַ פּאָר שפּאָרן, וועלכע האָבן געקלונגען ביי יעדן טריט.

אין אַזאַ קייזערלעך אָנטאָן האָט זיך טרייטל אַוועקגעלאָזט פּורים אויפן קלויסטער־פּלאַץ, וואָס איז געווען פול מיט פּויערים פון די אַרומיקע דערפער. די פּויערים האָבן אים אָנגענומען פאַרן רוסישן קייזער. אַלע האָבן זיך גענומען בוקן און צלמען.

פון קלויסטער־פּלאַץ איז טרייטל אַריבער אין די יידישע קראָמען. יידן האָבן אים גלייך דערקענט. ס'איז זיך צוזאַמענגעלאָפן אַ ריזיקער עולם און טרייטל איז געגאַנגען מאַיעסטעטיש פון געוועלב צו געוועלב.

דערווייל איז אָנגעקומען דער זשאַנדאַרם מיט זיין געהילף. קודם־כל, האָבן זיי צעטריבן דעם עולם, נאָכדעם האָבן זיי זיך גוט צוגעקוקט צום פאַרגרימירטן קייזער און האָבן גלייך דערקענט טרייטלען. ווער האָט נישט געקענט טרייטלען!

— טרייטליו! — ווענדעט זיך צו אים דער אָפּיצער — אַזוי גאָר, דו מאַכסט חוזק פון אונזער קייזער? מ'האָט אים גלייך גענומען צום שטאָט־נאַטשאַלניק און טרייטל האָט געטענהט:

— המן, מרדכי, ושתי, אסתר המלכה, פּורים־שפּיל. ס'האָט גאַרנישט געהאָלפן, מ'האָט אים געזאָגט, אַז ס'איז נישט געווען צו אונטערשיידן צווישן אים און דעם רוסישן קייזער.

— דאָס איז גלייך — האָט אים דערקלערט דער נאַטשאַלניק — ווי מאַכן פאַלש געלט.

טרייטל איז געוואָרן אַרעסטירט און אָפּגעזעסן אין אַרעסט־הויז אַ גאַנצע נאַכט. צומאָרגנס איז געגאַנגען צום נאַטשאַלניק אַ דעלעגאַציע פון פיר אָנגעזעענע בעלי־בתים: הערש וואַלדמאַן, יצחק ניימאַרק, אברהם בראַנד און שלמה רעגל און קוים מיט צרות איז זיי געלונגען צו באַפרייען טרייטלען פון אַרעסט.

אין דער צייט פון ערשטן וועלט־קריג האָבן די דייטשן אָקופּירט הרוביעשאָוו. אין צוויי טעג אַרום האָט דאָס רוסישע מיליטער באַשאָסן די שטאָט און ס'זיינען געפאַלן פיל יידישע קרבנות (צווישן זיי דער באַוווסטער העברעישער לערער, אברהם דוב וויינער ז"ל. זיין פרוי און קינדער לעבן אין ישראל). די יידישע באַפעלקערונג איז אַנטלאָפן פון שטאָט אין דער ריכטונג פון זאַמאָשץ, וואָס איז געווען פאַרהעלטניסמעסיק ווייט פון פראָנט.

יידן זיינען צוגעקומען ביז צום רוסישן דאָרף טורבין, אַכט קילאָמעטער פון הרוביעשאָוו, און זיך דאָרטן אָפּגעשטעלט. די רוסישע פּויערים פון דאָרף זיינען אַוועק צוזאַמען מיטן אָפּטרעטנדיקן רוסישן מיליטער. דער דאָרף איז געווען פאַרברענט, דאָך איז געבליבן אין פּויערישע כאַטע. קיינער האָט נישט געוואַגט זיך אַריינציען אין אַזאַ הויז. טרייטל אָבער האָט זיך אויסגעקליבן דאָס נישט באַשעדיקטע הויז און זיך אַהין אַריינגעצויגן.

אַ גאַנצן טאָג איז ער אַרומגעגאַנגען צווישן די פאַרברענטע הייזער, געזוכט, געגראָבן אין די קעלערס, אין די שטאַלן, ווייל מ'האָט געזאָגט, אַז פאַרן אַנטלויפן האָבן די פּויערים באַגראָבן פאַרמעגנס אין פאַרבאַרגענע פלעצער. וואָס ער האָט געפונען האָט ער אַריינגעלייגט אין אַ זאַק, וועלכן ער האָט געטראָגן אויף די פּלייצעס.

ביי אים אין שטוב האָט זיך געשאַפן אַ מאַגאַזין פון אַלטע כאַלעוועס, חזיר־האָר, קלאָטשע, פלאַקס און ענלעכע פּויערישע פאַרמעגנס.

טרייטל האָט זיך אַוועקגעלאָזט אויף די פעלדער און גענומען שניידן תבואה, וואָס איז פונקט צייטיק געוואָרן. ער האָט אויך מיטגענומען דאָס ווייב צו הילף און מ'האָט געשניטן, מיט וואָס ס'האָט זיך געלאָזן. טרייטל האָט געשווירן מיט אַ שניידערישער שער, דאָס ווייב האָט געשניטן מיט אַ האַק־מעסער. געשווירן, געשניטן און געפּאַקט די תבואה אין זאַק. נאָכדעם האָט ער מיט אַ גרויסן שטעקן אַרויסגעקלאַפּט די קערנער.

אין אַ קעלער האָט ער דערטאַפּט אַ האַנט־מילכל, וואָס איז באַשטאַנען פון צוויי, רונדיקע, פלאַכע שטיינער און צווישן זיי אַ שאַרף־אייזן. גאַנצע נעכט האָבן טרייטל מיט די קינדער געמאָלן תבואה. הונדערטער יידן פון הרוביעשאָוו האָבן זיך געוואַלגערט אין טורבין אין די באַראַקן און געהונגערט. אָבער טרייטל האָט געשניטן תבואה, געמאָלן מעל און געבאַקן טאָג־טעגלעך פרישע פלעצלעך.

אָבער טרייטל האָט זיך מיט דעם נישט באַגנוגנט. נישט ווייט פון דאָרף, אין וואַלד, איז געשטאַנען אַ דייטשע וואַך. טרייטל פלעגט אָפט גיין צו דער וואַך און בעטלען ברויט אָדער קאַרטאָפל. מאַכט זיך אַ מאָל, אַז טרייטל איז געקומען, ווען אַלע דייטשע זעלנער זיינען געזעסן אַרום טיש און געגעסן. די זעלנער לאַדן אים איין צום טיש. טרייטל דערקלערט, אַז ס'איז אים נישט דערלויבט צו עסן טריפה. איינער פון די דייטשן האָט זיך געפילט באַליידיקט:

וואָס זאָגן זי — האָט זיך דער דייטש צעקאָכט — נישט דערלויבט? און דער דייטש האָט גענומען די גרויסע, קופּערנע שיסל מיט דער הייסער זופּ און אָנגעטאָן טרייטלען אויפן קאָפּ. די דייטשן האָבן זיך צעלאַכט און טרייטל איז אַנטלאָפן אין דאָרף. די גרויסע שיסל אויפן קאָפּ און זופּ רינט אויף די צוויי, שפּיציקע באַקן־בערד, ווי אַ שלאַגסרעגן.

אַריינקומענדיק אין דאָרף, האָבן די יידן וואָס האָבן געזען די סצענע, זיך שטאַרק צעלאַכט און טרייטל האָט מיטגעלאַכט מיט אַלעמען. ס'איז אים ווייזט אויס געפעלן דאָס שטיקל אַרבעט.

ערב ראש־השנה האָט מען דערלויבט צוריקצופאָרן קיין הרוביעשאָוו, ווייל דער פראָנט האָט זיך שוין דערווייטערט פון שטאָט. אַלע זיינען צוריקגעגאַנגען אין שטאָט, אויסער טרייטלען, וואָס רירט זיך נישט פון דאָרף.

דאָרט, אין הרוביעשאָוו, איז זיין וווינונג פאַרברענט געוואָרן אין דער צייט פון די שלאַכטן, און דאָ גייט אים גוט, וואָס ס'קען גאָר בעסער נישט זיין. און אַזוי איז טרייטל געבליבן זיצן אין טורבין ביז די קריג האָט זיך געענדיקט און די פּויערים זיינען צוריקגעקומען פון רוסלאַנד, צווישן זיי אויך דער אייגנטימער פון הויז, אין וועלכן ער האָט געוווינט. (יידן האָבן געשמועסט, אַז דער פּויער האָט באַצאָלט טרייטלען אַ היפּשע סומע געלט פאַר שמירה).

דאַן איז טרייטל צוריקגעקומען אין שטאָט און זיך צוריק גענומען צו זיין אַלטן פאַך, צו מלמדות.

טרייטל איז געווען אַ קלוגער ייד, אַ קליינער למדן און אַ גרויסער אָרעמאַן. אַ סך תלמידים האָבן געבראַכט דעם שכר־לימוד מיט אַ פאַרשפּעטיקונג. ס'זיינען געווען פאַלן, ווען תלמידים האָבן, בכלל, נישט באַצאָלט, אָבער טרייטל האָט קיינמאָל נישט אַרויסגעשיקט אַזאַ תלמיד פון חדר.

טרייטל איז געווען אַ פּראַקטישער ייד. אויף דער יידישער גאַס האָט מען דעמאָלט געקוקט אויף אַ בעל־מלאכה, ווי אויף אַ מינדערווערטיקע באַשעפעניש. ס'איז אַרומגעגאַנגען אַ שפּריכוואָרט: קראַוועצי, שעוועצי ניע לודזי (שניידער און שוסטער זיינען נישט קיין מענטשן). טרייטל אָבער פלעגט זאָגן: מלאכה איז מלוכה.

ער האָט געהאַט דריי זין און דריי טעכטער און אַלע זעקס קינדער האָבן געהאַט אַ פאַך און זיך מפרנס געווען פון אייגענער אַרבעט.

אַ סך פון טרייטלס תלמידים געפינען זיך אין ישראל און אַלע געדענקען אים צום גוטן.

יהי זכרו ברוך!

# אברהם דער לאַנגער

דער לאַנגער אברהם איז געווען מיין ערשטער מלמד. איך ווייס נישט וויפל איך בין אַלט געווען, ווען מען האָט מיר אַריינגעפירט אין עול פון תורה, נאָר דאָס געדענק איך: אין אַ שיינעם זומער־טאָג, דער בעז האָט געבליט, די לופט איז געווען אָנגעפילט מיט ריחות, די זון האָט געשיינט און האָט אַרויסגערופן אַ פרייד ביי יעדער באַשעפעניש, באַלד אין דער פרי האָט מען מיך אויסגעפּוצט אין שבתדיקע בגדים. איינגעוויקלט אין אַ טלית, האָט מיך דער פאָטער, עליו־השלום, אַוועקגעטראָגן צום לאַנגן אברהם אין חדר אַריין. נאָך אים איז נאָכגעגאַנגען די מוטער, דער זיידע, די באָבע, זייערע קינדער און נאָך קרובים, וואָס האָבן זיך געפונען זין שטעטל.

אַלע קינדער אין חדר זיינען שוין געווען

אויסגעזעצט אויף די בענק אַרום די טישן. דער לאַנגער אברהם איז צוגעגאַנגען מיט אַ שמייכעלע, מיך באַטראַכט, ווי מען באַטראַכט אַן אתרוג ביים קויפן. ביי אַ געעפנטן סידור האָט ער מיך אַוועקגעזעצט, צוגעגאַנגען צום טיר, אַרויסגעצויגן פון בעזים אַ ריטל, פאַרשניצט מיטן מעסרל אַ טייטל, און גענומען טייטלען פון א. ביז ת., אהין און צוריק. אַלע זיינען געשטאַנען אַרום מיך און זיך צוגעהערט. אין חדר האָט געהערשט אַ שטילקייט, ווי פאַר שופר בלאָזן.

נאָכן ענדיקן, האָבן די קרובים גענומען טיילן אַלע קינדער צוקערקעס, ניס און האָניג־לעקאַך. דער פאָטער, דער רבי מיט אַלע קרובים האָבן געטרונקען לחיים און געווונטשן, אַז דער נייער תלמיד זאָל באַגערן לערנען און זאָל זיין אַ רב בישראל. פאַר גרויס פרייד האָבן זיך די ווייבער צעוויינט.

מיין פאָטער האָט גענומען דעם טלית, צוריק איינגעוויקלט די „סחורה" און צוריק אַהיים.

— אויף היינט, איז גענוג — האָט ער אַ זאָג געטאָן.

דריי זין האָט ער געהאַט דער לאנגער אברהם און איין טאָכטער, „ואלה הם": שימעלע באהעלפער, דער קרומער גרשון, לייזער און מנוחה, וועלכע איז אומגעקומען אויף אַ טראַגישן אופן.

יעדער פון זיי האָט געהאַט אַ באַזונדער אויפגאַבע. נאָכדעם, ווי דער לאַנגער אברהם האָט מיטן תלמיד גוט איינגעחזרט דעם א.ב. און געשטעלט אים אויף די פיס, איז ער איבערגעגאַנגען אין די הענט פון דעם עלטסטן זון, שימעלע. ער האָט מיט אים גענומען פינטלען און לערנען די נקודות.

אינדערפרי פלעגט שימעלע גיין צו די תלמידים, וואָס האָבן געוווינט ווייט, זאָגן מיט זיי „מודה אני" און פירן זיי ווי אַ סטאַדע גענז, להבדיל, אין חדר אריין. נאָך אַן אויפגאַבע האָט ער געהאַט: לייענען קריאת־שמע ביי דער קימפעטאָרין, וואָס גאָט האָט איר געבענטשט מיט אַ בן־זכר.

אויף דעם האָט דער לאַנגער אברהם שטאַרק מקפיד געווען, ס'האָט געמעגט דונערן און בליצן, אין רעגן און אין שניי, האָט ער זיינע קינדער געפירט צו „קריאת־שמע", ווייל דאָס האָט אים געגעבן זכות איבער דעם נייגעבוירענעם תלמיד. קיין צווייטער מלמד וועט שוין נישט האָבן דאָס רעכט אים צו לערנען.

— זאָל לעבן די קימפעטאָרין מיטן קליינעם יינגעלע! — פלעגט שימעלע אויסרופן און די קינדער פלעגן אים ענטפערן: — אמן!

דער צווייטער זון, דער קרומער גרשון, פלעגט גיין איבער די הייזער פון די תלמידים מיט אַ קיישל און די מוטערס פון די תלמידים האָבן אים געגעבן עסן פאַר די קינדער, וועלכע זיינען געזעסן, כמעט, אַ גאַנצן טאָג אין חדר. דאָס קיישל איז געווען אַ קיילעכדיקס, פון ריטלעך אויסגעפלאָכטן, וואָס די פויערים פלעגן אין אים צונויפזאַמלען קאַרטאָפל אין פעלד. אין דעם קיישל האָט ער אויסגעלייגט ס'עסנוואַרג, וואָס ער האָט באַקומען: ברויט מיט פוטער, מיט פאָווידלע, מיט גענזענע שמאַלץ, פלעצלעך מיט פוטער, מיט אייל, בייגל, אייער־בייגל, און קניזלעך מיט פאַרשיידענע געפילעכטס. אין איין זייט איז געלעגן מילכיקס, אין דעם צווייטן זייט — פליישיקס, אין מיטן — פאַרעווועס. דאָס אַלץ האָט ער געדאַרפט געדענקען, נישט פאַרטוישן, נישט איבערדרייען די יוצרות, ווייל די מוטערס פלעגן אויספאָרשן די קינדער, צו זיי האָבן דערהאַלטן, וואָס זי האָט געשיקט.

דאָס קיישל האָט ער געטראָגן אויפן קרומען רוקן (דערפאַר האָט מען אים גערופן: דער קרומער גרשון). מיר, קינדער, האָבן פאַרשטאַנען, אַז גאָט האָט אים אַזוי באַשאַפן, כדי ער זאָל קענען טראָגן אויפן רוקן דאָס קיישל מיט עסן פאַר אונז אין חדר אַריין. ער פלעגט אויך מאַכן ביקסלעך, פייל און בויגנס אויף ל"ג בעומר, און גרעגערס אויף פורים.

דער דריטער זון, לייזער, האָט נישט געהאַט קיין באַשטימטע אויפגאַבע. ער פלעגט צוהעלפן דעם רבין מאַכן אַ „פעקל", ווען אַ תלמיד האָט זיך שווער פאַרזינדיקט. מען פלעגט דעם פאַרזינדיקטן אויסציען אויפן באַנק און אים גוט אַריינציילן אין זיץ־פלאַץ אַריין.

ס'איז געווען נאָך אַ גרעסערע שטראָף: ער פלעגט דעם תלמיד אַוועקשטעלן אויף דער פליטע, אַזוי אַז דער קאָפ איז געווען אין קוימען. דער חברהמאַן פלעגט וויינען, שרייען פאַר פחד, אָבער ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן, געמוזט אויסשטיין זיין צייט. אַז ער האָט אים אַראָפגענומען פון פליטע, איז ביי אים דער פנים געווען אויסגעשמירט מיט סאַדזע, און אַלע קינדער פלעגן פון אים אָפלאַכן. דאָס איז געווען ערגער ווי שלאָגן, פאַר דעם האָבן מיר אַלע געציטערט.

זיין ווייב איז געווען, ווי מען רופט עס היינט, אַ פעדלערקע פון אַלטע זאַכן, און לייזער פלעגט איר העלפן טראָגן די אויפגעקויפטע זאַכן. אַמאָל האָט זי אָפגעקויפט אַ גראַמאָפאָן, וואָס האָט געזונגען דורך אַ גרויסן „טראָמפייט", וואָס איז געווען ענלעך צום גרויסן גלאָק פון דער רוסישער צערקווע.

דעם גראַמאָפאָן האָט אברהם נישט געלאָזט פאַרקויפן. מיט דעם גראַמאָפאָן פלעגט מען פריילעך מאַכן די נייע תלמידים, וועלכע האָבן די ערשטע טעג נישט געוואָלט בלייבן אין חדר. מיר פלעגן זיך זאַמלען אַרום גראַמאָפאָן, זוכן ווער עס רעדט פון דאָרט אַרויס, און אים קיינמאָל נישט געפונען.

אין אַ שיינעם טאָג איז די רביצן געקומען מיט אַ פריצל, וועלכער האָט זעט אויס גוט באַצאָלט פאַר אים. מיר קינדער האָבן לאַנג געטרויערט נאָך דעם גראַמאָפאָן.

די טאָכטער, מנוחה, איז געווען אַ שיינע מויד און אין איר האָט זיך פאַרליבט אַ שוסטער־יונג. זעט אויס, אַז זי האָט אים ניט צוריקגעוויזן קיין ליבע.

אַ מאָל, פרייטיק, האָט ער געענדיקט די אַרבעט און זיך אויסגעפוצט. זי האָט זיך אויסגעצוואָגן דעם קאָפ, אָנגעטאָן שבתדיקע קליידער און אַוועק מיט אים שפאַצירן אין מאַרק. אין מאַרק האָט ער אַ זאָג געטאָן צו איר:

— הייב נאָר אויף דעם קאָפ, עס קריכט עפעס אויף דיין האַלז.

אַזוי, ווי זי האָט דעם האַלז אויפגעהויבן, האָט ער איר דעם האַלז אַדורכגעשניטן מיט אַ שוסטער־מעסער. זי איז געבליבן ליגן טויט אויפן אָרט און לעבן איר, דאָס שוסטער־מעסער.

# אפרים לייב דער שמש

ווען אפרים לייב איז געוואָרן אַ „יורד", האָט מען אים אויפגענומען אַלס שמש אין טריסקער שטיבל.

דאָס וואָרט „יורד" האָט ביי אפרים לייב געהאַט אַ פשוטן טייטש, פשוטו כמשמעו, אָן קונצן. פריער איז ער געווען אַ בעל־עגלה, געזעסן אויפן וואָגן, און דאָ איז ער אַראָפ פון וואָגן און געוואָרן אַ שמש.

אפרים לייב איז נישט געווען פון יענע בעלי־עגלות, וואָס פלעגן פירן מיט אויסגעדאַרטע פערדלעך זאַמד פון טייך, אָדער ליים, וואָס זיי פלעגן אויסגראָבן אין די פראַוואַליעס און באַלעבאָסטעס פלעגן מיט אים פאַרקלעפן דעם טשאָלנט־אויוון.

ער האָט געהאַט אַ פאָר קאַשטאַנאַוואַטע, ריינע, אויסגעפוצטע פערד. מיט מעשענע גלעקער די העלזער באַהאָנגען, ווי די לייבן אין אַ גרויסער בריקע געשפאַנט, האָבן זיי אָנגעזאָגט, אַז ער, אפרים לייב, און נישט קיין אַנדערער, פאָרט. ער האָט געפירט מיט זיי סחורה קיין כעלם און זאַמאָשטש, אייער אין גרויסע קאַסטנס מיט „שעטשקע" געפאַקט, און טרוקענע פעלן פון כל מיני בהמות. פון דאָרט איז ער קיינמאָל נישט ליידיק צוריקגעקומען.

אפילו אויפן צווייטן זייט בוג האָט ער מיט זיינע צוויי אדלערס אָנגעשפאַרט. אַהין האָט ער געפירט גאָר אַן אַנדער סחורה, חסידים אויף די שלש רגלים, קיין טריסק צום רבין.

אַמאָל האָט ער אויך דעם רבין אַליין, בכבודו ובעצמו, געבראַכט צופירן מיט זיין בריקע קיין הרוביעשאָוו. דאָ האָט ער אַליין געהאַלטן די לייצעס דעם גאַנצן וועג, משום כבוד הרב, און נישט געטרויט דעם שמייסער. ער פלעגט אויך באַזוכן מיטן רבין די אַרומיקע שטעטלעך, ווי טישאָוויעץ, לאַשטשאָוו, קרילאָוו און אַזוי ווייטער.

ער איז אויך נישט געווען סתם קיין שמש, ווי אַנדערע. אַלץ האָט ער געהאַלטן אין אָר־

דענונג. די גלעזלעך פון די בליץ־לאָמפּן האָבן ביי אים תמיד געבלאַנקט.

אָפט איז ער געשטאַנען ביים אויוון, זיך צוגעהערט, ווי חסידים דערציילן מעשיות פון גוטע יידן, און נסים פון רבין און דערביי צוגעפּוצט די גלעזלעך פון די לאָמפּן.

דאָנערשטיק און פרייטיק פלעגט ער אַרומגיין איבער די געשעפטן און פאַרצייכענען אין ביכעלע, וואָס איז געווען פול מיט קעסטעלעך, דעם סכום וואָס יעדער חסיד גיט אים. אַז מ'האָט אים באַצאָלט, האָט ער געמאַכט אַ רינגעלע. פאַרשטייט זיך, אַז קיין גרויסע פרנסה האָט ער דערפון נישט געהאַט. האָט ער דערצו געהאַלטן אַזאַ מין קרעמל אין שופלאַד פון ארון־הקודש. דאָרט האָט ער געהאַט לעקאַך און בראָנפן און פריסענע קיכלעך. דאָס האָבן ביי אים געקויפט יידן, וואָס פלעגן נאָכן דאַווענען שטעלן פאַרן מניין כיבוד לעליית נשמתו פון פאַרשטאָרבענעם. אויך רייכע שטיבל־יינגלעך פלעגן אים געבן צו לייזן.

יעצט האָט ער צונויפגענומען שטיקלעך ליכט פון אַ גאַנץ יאָר, פון די וואַקסענע יום־כיפור ליכט, פון די „נרות נשמה", וואָס פלעגן צעטריפט ווערן פון היץ, דאָס אַלץ האָט ער פאַרקויפט דעם ליכט־ציער.

אַ הכנסה האָט ער אויך געהאַט פון חנוכה און פורים־געלט, פון חתונות און בריתן ביי טריסקער חסידים און פון דער „קערה" ערב יום־כיפור.

אַזוי ווי ער איז געווען אַמאָל אַ בעל־עגלה, פלעגט ער פלעכטן ציימלעך פאַר די פערד און פאַרקויפן די שטריק — סוחרים. אַמאָל פלעגט ער „איינשפאַנען" די שטיבל־יינגלעך און זיי פלעגן אים העלפן פלעכטן.

אין די גרויסע ווינטער־נעכט, בפרט אין דער ניטל־נאַכט, פלעגן די שטיבל־בחורים זיך פאַרשפאַרן אין אלקער און כאַפּן אַ קערטל. דאַן האָט ער געפּאַדערט, מען זאָל אים באַצאָלן פאַרן ליכט.

— מילא — פלעגט ער זאָגן — אַז איר לערנט, איז עפּעס אַנדערש, אָבער פאַר שפּילן, דאַרפט איר צאָלן. דערפאַר איז ער געשטאַנען אויף דער וואַך, און ווען ס'פלעגט זיך ווער מאַווייזן, פלעגט ער אַ געשריי טאָן: „חברה!" חברה פלעגט דאַן עפענען די גמראות און זיך מאַכן לערנען.

ער פלעגט נעמען געצאָלט פון „קאָן". ביי יעדן, נייעם „קאָן", פלעגט ער אַראָפּנעמען זיינע פּראָצענטער. דאַן פלעגט ער אויסבאָרגן דער חברה געלט, און דערפון גענומען באַזונדער פּראָצענט.

פון די אַלע גליקן, האָט ער קיין פרנסה נישט געהאַט.

# הערש לייב טרעגער

הערש לייב איז געווען דער העכסטער פון אַלע טרעגער, מיט אַ גרויסער, שיינער באָרד. אַן אדלער־נאָז האָט אַרויסגעקוקט פון זיין ברייטן פנים, וואָס האָט עדות געזאָגט אויף זיין העזה.

ער האָט אויסגעזען, ווי שמשון הגבור, און זיינע ברייטע פּלייצעס האָבן דערמאָנט די טויערן פון עזה. פריער איז ער געווען אַליין אַ טרעגער, באַהאַנגען מיט אַ שטריק איבער די אַקסלען, אָדער אַרומגעבונדן אַרום בויך. שפּעטער, האָט ער זיך אַרויפגעאַרבעט, און פיר־פּיסיקע האָבן פאַר אים געשלעפּט. מיט זיינס אַ וואָרט האָבן זיך גערעכנט סוחרים און טרעגער.

פּויערים האָבן די תבואות פון דער גאַנצער געגענט געבראַכט אין די יידישע שפּייכלער. פון דאָרט איז דאָס געשיקט געוואָרן אין די גרעסערע שטעט. אַלץ איז געלייגט געוואָרן אויפן וואָגן, און פון וואָגן אויף די פּלייצעס פון די יידישע טרעגער.

באַלד, ווי ער האָט געוואָרפן די טרעגעריי, האָט ער אַליין געטריבן די פערד. שפּעטער, ווען ער האָט זיך צעוואַקסן, האָבן זיינע דריי זין געפירט יעדערער אַ פאָר.

דער עלטסטער זון, יואל, וואָס איז געווען אַ פאַרשטייער פונם „בונד" אין שטאָטראָט, האָט געפירט סחורה פון דער באַן. שמעון האָט געפירט תבואה פון די שפּייכלערס. דער דריטער זון, דער שוואַרצער שלמה, וועלכער האָט אויסגעזען ווי אַ נעגער מיט שוואַרצע געקרייזלטע האָר, פלעגט זיך אַוועקלאָזן מיט זיין פור אין מרחקים, געפירט אייעלע סחורות, ווי רויכוואַרג, חזיר־האָר און פעלכלעך, וואָס סוחרים האָבן נישט געוואָלט אָנטרויען דער באַן.

די איבעריקע צוויי זין האָט ער געמאַכט פאַר בעלי־מלאכות, ווייל מער קיין פערד אין שטאַל האָבן נישט געקענט אַריין.

כאָטש ער איז שוין יאָרנלאַנג געווען אויס טרעגער, האָט מען אים נאָך אַלץ גערופן: הערש לייב טרעגער. בשעת געשלעגן צווישן יידן און גויים איז ער, הערש לייב טרעגער מיט זיינע בנים, נישט געזעסן מיט קיין פאַרלייגטע הענט.

וועגן זייער גבורה איז כדאי צו שרייבן אַ באַזונדערן קאַפּיטל.

# שיע קוגל דער שניידער

שיע איז געווען אַ גבאי אין שניידערישן פּאַליש, און אַ שמש, לא על מנת לקבל פרס, און אַ מיטגליד אין חברה קדישא. ווען דער טעפּ טרעגער, וואָס האָט געטראָגן בעת דער לויה די טעפּ, פון וועלכע מען האָט גענומען שאַרבנס אויף די אויגן פון בר־מינן, האָט געפעלט, האָט שיע קוגל אים פאַרטראָטן.

קיין געהויבענער שניידער איז ער נישט געווען. זעלטן ווען ער האָט צעשניטן אַ ניי שטיקל סחורה. מען האָט אים געגעבן איבערצונייען, איבערצודרייען, מאַכן פון לאַנג — קורץ, פון ברייט — שמאָל, און פון רעכטס — לינקס.

כדרכו בקודש, פלעגט ער אויפשטיין גאַנץ פרי, אַוועקגיין אין פּאַליש, זאָגן תהילים און דאַווענען. פון דאָרט האָט ער זיך געלאָזט אויפן מאַרק, איינגעהאַנדלט מציאות, כל מיני גרינס פונם לעצטן סאָרט — בחצי חינם. דאָס אַלץ אין די צוויי פּאָלעס פונם כאַלאַט אַריינגעלייגט און אַהיים געטראָגן.

אַריינקומענדיק אין שטוב, האָט ער די פּאָלעס אַראָפּגעלאָזן, און די קאַרטאָפל האָבן זיך גענומען קוילערן איבער דער גאַנצער שטוב. דאָ האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט אַ גאווה־דיקער שטימע, גלייך ווי ער וואָלט געבראַכט דעם לויתן צו מאַכן:

— חיה פּעשע, שייל און קאָך. דערנאָך האָט ער דאָס כאַלאַטל אַראָפּגעוואָרפן, און געבליבן שטיין אין וועסטל, וואָס איז געווען אָנגעשטעקט מיט נאָדלען.

ער האָט אויסגעזען ווי אַן אַלטער, אויסגעדינטער גענעראַל, וואָס איז באַהאַנגען מיט מעדאַלן, פון וועלכע ער קען זיך נישט צעשיידן.

על־פּי־רוב האָט ער גענייט מיט דער האַנט, זעלטן ווען ער האָט זיך באַנוצט מיט דער ניי־מאַשין. דאָ איז דער פּאַס פונם רעדל אַראָפּגעפאַלן, אַמאָל האָט די מאַשין־נאָדל זיך איבערגעבראָכן, אָדער כתם אַ צרה. וואָס מער ער האָט זיך גענומען פּאָרקען ביי דער מאַשין, אַלץ ערגער האָט ער געמאַכט...

דאַן פלעגט ער אַרויסציען פון וועסט אַ נאָדל, אויף וועלכער דער גורל איז אויסגעפאַלן און דערביי אַ זאָג טאָן:

— געבענטשט זיינען די הענט, וואָס טוען אַליין. און גענומען שטעכן דעם בגד אין אַלע זייטן.

אַ מאָס האָט ער נישט גענומען מיט קיין מעטער, נאָר אָנגעריסן פּאַסן פּאַפּיר, און מיט זיי געמאָסטן אין דער לענג און אין דער ברייט, אַרום האַלז און אָרום די אַרבל און אין די פּאַפּיר געריסן קריעה. בעתן מעסטן, האָט ער יענעם אַ פּאָדים אין מויל געגעבן און געהייסן קייען, אַ סגולה נישט צו פאַרנייען דעם שכל (בדוק ומנוסה). דער בגד, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין זיינע הענט, איז ביי אים אָפּגעלעגן אַ קיילעכדיק יאָר, און ערשט דאַן געטויגט אויף כפרות.

# דוד וואָלקאָוניק

דוד וואָלקאָוניקס פאָטער איז געווען אַ רב, און אַ שטיקל רבי אין אַ קליין שטעטל אין וואָלין. צען זין האָט ער אויסגעהאָדעוועט לגדולה, אַלע רבנים. פאַרשטייט זיך, אַז אויך גוטע שידוכים מיט זיי געטאָן.

ער, דוד, איז געווען דער עלפטער, דער בן־זקונים. זעט אויס, אַז אויף אים האָט מען

שוין נישט געלייגט קיין אַכט, און געלאָזט אים גיין אַליין אין שפּאַן, ווי זיין האַרץ האָט געגלוסט. זומער פלעגט ער גאַנצע טעג ביים טייך אָפּליגן, געשפּילט מיט חברה יאָטן אין שווערדלעך און ביקסלעך, און אַמאָל אויך געריטן אויף אַ חזיר.

דאָס לעצטע האָט מען דערטראָגן דעם פאָטער, און ער האָט געזען, אַז ד ו ד איז שוין צו פיל פאַרקראָכן און אַז פון אים וועט שוין קיין לייט נישט זיין. ער האָט אָנגענומען דעם יינגל ביי דער האַנט און אים אַוועקגעפירט צו ר׳ ח י י מ ל ו ו א ל ק א ו ו נ י ק.

ר׳ ח י י מ ל איז נישט געווען אַבי ווער, ער האָט געטראָגן אין קעשענע סמיכות אויף רבנות. ער האָט אים איבערגעגעבן אין זיינע הענט און דערביי צוגעגעבן:

— לערנען ־ האָסטו נישט געוואָלט, איז גיי אַרבעטן! מלאכה — מלוכה. דעם פאַך האָט ער באַלד באַגערט און זיך גערעכנט פאַר אַן ערשטקלאַסיקן פאַכמאַן.

כאָטש דאָס האָט זיך דעמאָלט גערעכנט פאַר אַן אינטעליגענט פאַך, האָט דאָס אים דאָך געשטערט צו אַ שידוך און ער האָט געמוזט נעמען די גרושה, י ע נ ט ע ל ע, פאַר אַ ווייב.

נאָך דער חתונה, ווען ער האָט זיך געדאַרפט שטעלן צום פּריזיוו, האָט ער זיך אויפגעפירט ווי אַלע בעל־מלאכות. בעסער גיין דינען, איידער זיך מאַכן אַ מום. ווען מען האָט אים פאָרגעלייגט עפּעס טאָן, האָט ער געענטפערט, אַז ער פאַרלאָזט זיך אויף זכות־אבות. קעגן דער תשובה האָט מען נישט געקענט עפּעס זאָגן.

יענעם טאָג, ווען ער איז אַוועק צום פּריזיוו, האָט מען געשטעלט ליכט, געריסן קברים, ווי דער שטייגער דעמאָלט ביי יידן. אָבער ער, ד ו ד, האָט אפילו נישט געוואָלט פאַסטן.

מען האָט אים אָפּגעוועגן, אָפּגעמאָסטן, און שפּעטער אַוועקגעשיקט קיין פּעטערבורג, אין קייזערלעכן פּאָלק. צו דעם האָט מען טאַקע געדאַרפט האָבן זכות־אבות.

זיין ווייב אָבער האָט נישט געשוויגן, גענומען איינלייגן וועלטן, סטייטש? זי האָט געשלאָסן דאָס געשעפט און אַוועק צום טריסקער רבין, אָבער דער גבאי האָט איר נישט אַריינגעלאָזט. אין דעם האָט זי געזען, אַז דער שטן אַליין האָט זיך איר געשטעלט אין וועג, אָבער זי האָט זיך נישט פאַרלוירן; איר וועט מען קיין וועג נישט פאַרשטעלן און אַ זאָג געטאָן דעם גבאי:

— אויב דו וועסט מיך נישט אַריינלאָזן דורך דער טיר, וועל איך געפינען אַ וועג דורכן פענצטער. און אַזוי איז עס געווען. זי איז אַרויס אויף דער גאַס, אויפגעריסן דאָס פענצטער, און זי שטייט שוין אין צימער, ביים רבינס טיש. דער גבאי איז צו צו איר אַן אויפגערעגטער און זי גענומען אַרויסוואַרפן. דאָ האָט זיך דער רבי אַריינגעמישט, און אַ זאָג געטאָן:

— טאָכטער, וואָס איז דיר, שווער אויפן האַרצן? זי האָט גענומען אויסלייגן אירע טענות, דערציילט אַז קיין פּעטערבורג האָט מען איר ד ו ד ן פאַרשיקט, און דערצו נאָך אין דער קייזערלעכער גוואַרדיע. און בכלל, ווי קען ער, דער רבי זאָל געזונט זיין, צוקוקן ווי איר מאַן ד ו ד וועט עסן פונם קעסל. זי וועט נישט אַוועק פון אים אָן אַ ברכה.

דער רבי האָט געזען, אַז דאָס איז נישט קיין לייכט שטיקל אַרבעט. פּעטערבורג און דערצו נאָך אַ סאָלדאַט אין דער קייזערלעכער גוואַרדיע, דאָס הייסט אַרויסציען דעם ביין פונם לייבס האַלז, פירן אַ מלחמה מיט דער סטרא־אחרא אַליין. מיט אַמאָל האָט זיך דער רבי געגעבן אַ שטעל אויף פון שטול, און אַ זאָג געטאָן צו איר:

— פאָר אַהיים, ע ר ו ו ע ט נ י ש ט א ו י ס ד י נ ע ן.

אַ פריילעכע איז זי אַוועק אַהיים, און די גוטע בשורה אַלעמען אָנגעזאָגט, אָבער מיט דעם אַליין האָט זי זיך נישט באַנוגנט. זי איז אַוועק קיין פּעטערבורג און ד ו ד ן די ברכה פון רבין איבערגעגעבן. ווען זי איז צוגעקומען צו די קאַזאַרמעס, האָט זי דערזען ד ו ד ן מיט נאָך סאָלדאַטן אויף אַ ווייסן פערד, מיט אַ ביקס און שווערד, מיט אַ לאַנגער פּיקע אין האַנט, אָנגעטאָן אין בגדי־מלכות, האָט ער אויסגעזען, ווי דער קייזער אַליין. זי איז צו צו אים און איבערגעגעבן דעם רבינס ברכה, אָבער אויף אים האָט דאָס נישט געמאַכט קיין שום רושם, זעט אויס אַז ער איז געווען צופרידן.

אין אַ צייט אַרום זיינען פאָרגעקומען גרויסע מאַנעוורעס, ד ו ד איז פונם פערד אַראָפּגעפאַלן, זיך אויסגעלינקט אַ פוס און פון מיליטער באַפרייט געוואָרן.

ווען ער איז אַהיים געקומען, האָט מען ערשט דאַן פאַרשטאַנען דעם רבינס ברכה: ע ר ו ו ע ט נ י ש ט א ו י ס ד י נ ע ן.

י ע נ ט ע ל ע האָט דעם רבין דערפאַר אָפּגעצאָלט. אַלע אירע קינדער און איידעמס זיינען געווען טריסקער חסידים.

## משה ייד

ער איז געווען אַ פּשוטער ייד, קוים געקענט דאַווענען. די קינדער פלעגן אים רופן: מ ש ה ג ו י. אמאָל איז פאַרבייגעגאַנגען דער דיין פונם שטעטל און האָט דאָס געהערט, איז ער צוגעגאַנגען צו די קינדער און געזאָגט צו זיי:

— איך גיב יעדן איינעם אַ קאָפּיקע, אַז איר זאָלט אים רופן: מ ש ה י י ד. און אַזוי איז עס געבליבן. פון דאַן אָן האָט מען אים גערופן: מ ש ה י י ד.

## נח זעלנער

נ ח ז ע ל נ ע ר איז געווען אַן אויסגעדינטער סאָלדאַט, אַ הויכער, מגושמדיקער ייד, פאַרקויפט אויבס, און שאר־ירקות. מיט קוליקולות פלעגט ער אויסרופן זיין סחורה, און דערציילן אירע מעלות. אַז עס פלעגט אים פריילעך ווערן אויפן האַרצן, פלעגט ער אויפזינגען אַ סאָלדאַטסקן מאַרש. די גויים פלעגן הערן און הנאה האָבן. ווען עס פלעגן זיך באַווייזן די ערשטע קאַרטאָפל, האָט זיין שטימע געהילכט:

— אַכט גראָשן אַ טאָפּ, ווייבער, קאַרטאָפלעס, אַכט גראָשן אַ טאָפּ, ווייבער, — און אַזוי ווייטער.

## יידעלע־דיבוק

י י ד ע ל ע ד י ב ו ק און זיין פאָטער זיינען געווען בעלזער חסידים. ווי דער שטייגער, פלעגן חסידים פאָרן קיין בעלז צום רבין. בעלז האָט געהערט צו עסטרייך, אָבער פון קיין פּאַספּאָרט האָבן חסידים נישט געוווסט. זיי האָבן זיך פאַרלאָזט אויפן רבין. ס׳איז דאָך בפּרוש געשריבן: שליחי מצוה איינם נזוקין.

ווען מען איז איינמאָל צוגעקומען צו דער גרענעץ, האָט דער וועגוויזער געהייסן גיין צום וועלדל, אַריבערגיין דאָס בריקל, און זיי וועלן שוין זיין אויף דער עסטרייכישער ערד. ביים בריקל האָט מען אויף זיי געעפנט אַ פייער. חסידים זיינען אַנטלאָפן, צווישן זיי אויך יידלס פאָטער.

ווען ער איז צוריקגעקומען אין שטאָט, איז ער שוין נישט געווען כתמול שלשום, נישט דער זעלביקער. פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט די זאַך איבערגעגעבן דעם רבין, און ער האָט שוין פאַרשטאַנען מיט וואָס דאָס שמעקט... ער איז געקומען אין שטעטל, און אין בעלזער שטיבל, לעיני כל העדה, אַרויסגעטריבן דעם דיבוק דורך דעם קלענסטן פינגער פון דער לינקער האַנט. חסידים דערציילן, אַז אַ פייערל איז אַרויס פון פינגער, אויסגעבראָכן אין שויב אַ לעכל, אַוועק, און גאָט צו דאַנקען, קיינעם נישט געשאַדט.

# מענדל קאָרן / עזריאל פינקעלשטיין

מעלבורן


מענדל קאָרן

עזריאל פינ־קעלשטיין איז געווען פון די אנגעזעענ־סטע יידן אין שטעטל. אַ היציקער, אָבער תמיד גרייט צו טאָן אַ טובה. ער האָט מיטגעאַרבעט אין „לינת־הצדק" און אין „עזרה" און אויך גע־שאַפן דעם ערשטן קאָאָ־פּעראַטיוו.

אַפּטמאָל, טעג און נעכט געוועגן וואַגאָנעס מיט קאַרטאָפּל, וואָס מ'האָט באַדאַרפט פּאַנאַנ־דערטיילן צווישן נויט־באַדערפטיקע.

ער האָט אויך געהאָלפן שאַפן דאָס ערשטע יתומים־הויז און געווען דאָרט פאַרוואַלטער. ער איז געווען פון די ערשטע לאַוויניקעס אין הרוביעשאָווער שטאָטראַט און פאַרוואַלטער אין האַנטווערקער־ליי־קאַסע.

אין דער צייט פון גראַבסקיס הערשאַפט, איז ער אויסגעוויילט געוואָרן אַלס דעלעגאַט צום שטייער־אַמט און באַדאַרפט כסדר אַפּשרייען גזרות. ער איז תמיד געווען גרייט צו טאָן אַ טובה און אַפילו פאַרנאַכלעסיקט זיינע אייגענע געשעפטן.

פון זיין טאַטן איז אים געבליבן אַ וויינ־האַנדל. נישט איינמאָל פלעגט ער פאַרשליסן ס'געוועלב און גיין אין שטייעראַמט אינטערווע־נירן פאַר עמעצן.

ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ פרוי פון כעלם. זי האָט אים געבוירן 2 קינדער. אַלע זיינען זיי אומגעקומען.

כ'האָב מיט אים מיטגעאַרבעט אין עטלעכע אינסטיטוציעס און כ'ווייס זיין מסירת־נפש, זיין קאַמף קעגן די אַנטיסעמיטן, און זיין פאַר־שטענדעניש פאַר דער יוגנט. אפילו, אַז מ'האָט באַדאַרפט אויספּועלן אַ לעגאַליזאַציע פאַר דער ביבליאָטעק, איז ווידער אַמאָל עזריאל פינקעלשטיין.

מ'דאַרף אַזאַ שיינע געשטאַלט נישט פאַרגעסן!

# רבנים חזנים און דיינים

עס איז געווען אין שטאָט אַ רבילע, ר' מאָטעלע. ער פלעגט אַרומפאָרן איבער דער וועלט, געווען אין אַדעס און אויף דער פּוילישער זייט — אין בענדין, ראַדאָם. ער פלעגט שוין האָבן זיינע חסידים, ס'רוב בעלי־מלאכות. אויף יום־טוב פלעגט ער אהיימקומען. ער האָט זיין יחוס געצויגן פון בעלזער הויף. ער האָט געהאַט זיינס אַן אייגן שולכל און שבת פלעגן דאָרט דאַוונען די קצבים און אַנדערע בעלי־מלאכות.

ער האָט געהאַט עטלעכע זין — משהלע, אברהם־פנחס און יענקל. אַלע האָבן זיי שוין געהערט צו דער סוחרישער וועלט.

דיינים זיינען געווען צוויי: משהלע און יהושעלע (אברהמל שטאַדלער). דער חזן האָט געהייסן ר' שלמה צוקער. ר' משה דער דיין האָט אַליין געשריבן אַ ספר. נאָכן טויט פון הרב יעבץ, האָבן מיר אויפגענומען דעם רב ווערטהיים, שוין אַ ביסל אַ פאַרגעשריטענער. אַ סך האָבן זיך באַצויגן צו אים מיט דרך־ארץ. ער האָט אָבער אויך געהאַט אַ סך קעגנער.

געווען אַ צייט, ווען ס'בית־עולם איז געוואָרן קליין און מ'האָט צוגעקויפט אַ שטיקל באָדן. איז אָבער די שטאָט־פאַרוואַלטונג געווען קעגן דעם. עטלעכע יאָר האָט מען זיך נישט געקענט באַנוצן מיט דעם נייעם באָדן. מ'האָט נישט געלאָזן דאָרט קובר זיין. מ'האָט דאָך אָבער געמוזט, האָט מען אין דער שטיל, ביינאַכט, קובר געווען. די מאַכט האָט זיך אָבער גלייך דערוווּסט און שוין אויף צומאָרגנס האָט מען אַרעסטירט עטלעכע באַלעבאַטים און ס'איז אויך פאַרפירט געוואָרן אַ פּראָצעס. קעגן אַ טייל אַרעסטירטע זיינען נישט געווען קיין באַווייזן, האָט מען זיי באַפרייט, אַנדערע האָט מען פאַרמשפּט אויף 2 יאָר טורמע. צווישן זיי איז אויך געווען ר' חיים וואַפּטשעס. צווישן די באַפרייטע זענען געווען: בערל טאַקער און יוסף טאַקער, אלקנה קאָרן, יענקל וויניאַזש און נאַטע שער. דאָס איז געשען מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק.

# יענקל וויניאַזש

יענקל וויניאַזש, אַ שיינער יונג, האָט געדינט פינף יאָר אַלס סאָלדאַט אין קייזערס גוואַרדיע. אהיימגעקומען, האָט ער חתונה גע־האַט, געבוירן צוויי קינדער, און האָט געפירט זיין געוויינלעך לעבן.

אין אַ סך יאָרן אַרום איז געקומען אין אונזער שטאָט אַ פּאָלק סאָלדאַטן, דאַכט זיך אַז דאָס איז געווען דאָס 20־סטע פּאָלק קאַוואַלעריע. אַ סך זעלנער, אָפיצערן, און אויך דער פּאָלקאָווניק פון פּאָלק פלעגן אַריינקומען צו חיה לינק, אָדער „די שוואַרצע חיה" — ווי מ'האָט זי גערופן. אויך יענקל וויניאַזש פלעגט דאָרט אַריינקומען. מאַכט זיך אַ מעשה, דער פּאָלקאָווניק קוקט זיך גוט איין אין יאַנקלען און דערקענט אין אים זיין אַמאָליקן דענשטשיק. דער פּאָלקאָווניק האָט אים גלייך אַרומגעכאַפּט קושן. פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט אים באַלד געגעבן אַ דערלויבעניש תמיד אַריינצוקומען אין די קאַשאַרן. און פאַרשטייט זיך, אַז יענקל וויניאַזש איז באַלד געוואָרן אַ שטיקל פּאָדריאַטשיק פון פּאָלק. דאָס איז געווען בערך אַ 6 חדשים פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אַז די מלחמה האָט אויסגעבראָכן, און דאָס פּאָלק האָט געמוזט אַוועק אויפן פראָנט, האָט דער פּאָלקאָווניק איבערגעגעבן די קאַשאַרן אין די הענט פון יענקל וויניאַזש. ער האָט אויך געהאַט דאָס מעבל פון פּאָלקאָווניק, און זיינע בילדער.

אין אַ צייט אַרום איז יענקל רואינירט געוואָרן. ער האָט געדונגען אַ סאַד לעבן טראַטשאַן, אַנטיסעמיטן זיינען אים באַפאַלן און דערהרגעט.

# דוד בר־גור / משה אליניק

בני־עטרות

באַכן קלויסטער־פּלאַץ, ביי אָנפאַנג פון דער מיטלאַווע, איז געשטאַנען מיין זיידנס הויז צוזאַמען מיט דער אַלעיאַרניע.

יאַרנלאַנג פלעגן אַהין קומען פּויערים קוועטשן אייל. דער בלינדער פערד פלעגט באַ־וועגן די מאַשין, וואָס האָט געמאָלן די קערנער. דער פייער פלעגט ברענען דעם ברענער און די פּרעס פלעגט דריקן די צעמאָלענע, געוואַ־רעמטע קערנער.

מיין זיידע, ר' משה, איז געווען דער גרעסטער לערנער אין שטאָט. ער איז געווען דער נישט־געקריינטער רב. ווען הרב יעבץ איז נפטר געוואָרן, האָט הרוביעשאָוו געוואָלט, אַז דער זיידע זאָל איבערנעמען דעם כסא־הרבנות, אָבער ער האָט נישט מסכים געווען.

אין די אָוונטן איז דעם זיידנס שטוב געווען פול מיט מענטשן. יידן פלעגן קומען צו אים זיך דין־תורהן, פרויען פלעגן קומען ער זאָל פּסקענען אַ שאלה, אָפּשפּרעכן אַ „גוט־אויג", אָדער מאַכן שלום־בית. אַ גרויס, יידיש הויז, אַ וואַרעמע היים, אַ וועג־ווייזער פאַר אַ סך, וואָס זיינען געווען תועים בדרכי החיים.

צען קינדער יוצאי חלציו, אַלע בתי־אָב מיט גרויסע פאַמיליעס, האָבן זיך צעשפּרייט אין דער נאָענטער און ווייטער סביבה.

די עלטסטע טאָכטער איז געפאָרן קיין אַמע־ריקע און געשטאַרבן אויפן וועג, איבערלאָזנדיק קליינע קינדער, וואָס זיינען אוועקגעפאָרן צום טאַטן אין אַמעריקע. יעצט זיינען זיי דאָרט גרויסע געשעפטס־לייט.

זיין זון, יודל, מיט דער פרוי זיינען גע־

(המשך אין עמוד 1—452)

# יחזקאל קאָרן / חיה רייזל שניידער ז״ל

ניו־יאָרק



יחזקאל קאָרן

צווישן אַלע הילפס־אינסטיטוציעס אין הרוביעשאָוו האָט זיך באַזונדערס אויסגעטיילט אַ האַרציקע, באַשיידענע פרוי, חיה רייזל שניידער, עליה השלום. זי איז געווען אַן הילפס־אינסטיטוציע פאַר זיך אַליין. האָט געטראָגן דעם גאַנצן צער און זאָרג פאַר אָרעמע אויף אירע פּלייצעס. זי איז שטענדיק געווען פאַרנומען מיט העלפן אָרעמע, קראַנקע און אַלץ מיט אַ שמייכל אויפן פּנים. זומער און ווינטער, קעלט און רעגן, שניי און ווינט האָבן זי נישט אָפּגעהאַלטן פון געבן הילף קראַנקע און נויטבאַדערפטיקע.

טאַפּטשענדיק אין בלאָטעס, פלעגט זי די געזאַמלטע זאַכן נישט אַריינברענגען אין הויז, נאָר שטילערהייט עפענען די שאַף, אין פאָדער־הויז, אַלץ אַריינלייגן און מיט אירע ליפּן מורמלען:

— דאָס זאָל ברענגען אַ רפואה שלמה. זי פלעגט, אגב, אָפּט דעם דאָקטאָר שיקן און אַ רעצעפּט ברענגען.

עס איז אַמאָל אָפּגעשטאָרבן קלמן דער שוסטער מיט זיין פרוי און איבערגעלאָזן אַ צווילינג יתומים, האָט זי זיי אַריינגענומען צו זיך אין הויז. די גמינע האָט באַדאַרפט צאָלן פאַר די יתומים, אָבער זי האָט איר צוזאָג נישט דערפילט.

ווען איר לאָגע האָט זיך פאַרערגערט און זי האָט די יתומים נישט געקענט אויסהאַלטן, האָט זי זיי שבת געבראַכט אין שול און מעכב געווען די קריאת־התורה, ביז די גמינע האָט איר צוזאָג דערפילט.

הרב יעבץ האָט אין זיין דרשה געזאָגט, אַז אַזעלכע פרויען זיינען געגליכן צום נר־תמיד פון שול.

דער ליכטיקער אָנדענק פון דער באַשיידענער פרוי אין איר צניעותדיקייט זאָלן בלייבן אין זכרון פון אַלע אירע קינדער, אייניקלעך און אור־אייניקלעך, וואָס לעבן אין אמעריקע און אין ישראל.

# נחמה גאָלדבערג / רייזעלע

תל־אביב

ייִדן אינדערפרי, זומער אין די היצן און ווינטער אין די קעלטן, פלעגט רייזעלע, אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן שאַלעכל און אַ ברייטן פאַרטאָך, אַרומגיין פאַרטיילן עסן און קליידונג פאַר אָרעמע מענטשן.

אין הרוביעשאָוו זיינען געווען משפחות, וועלכע האָבן זיך באַמיט זייער אָרעמקייט אויסצובאַהאַלטן. מ׳האָט זיך געשעמט פאַר מענטשן, פאַר שכנים, מ׳האָט שטילערהייט געליטן.

אָבער פאַר רייזעלען זיינען די אַלע נויטן נישט געווען קיין סוד. זי האָט אָנגעשפּאַרט אין יעדן ווינקעלע און ווענן אַלעמען געוווּסט. זי האָט געוווּסט, וועלכע משפחה עס האָט נישט קיין חלה אויף שבת, אין וועלכער שטוב עס געפינט זיך אַ קראַנקער און עס איז נישטאָ קיין געלט אויף קיין דאָקטאָר. זי האָט אויך געוווּסט וועגן קינדער־יתומים, ווער עס גייט אָן שיכלעך, און ווער עס דאַרף אַ סוועדערל, און וועלכעס קינד מ׳דאַרף אַריינגעבן אין חדר לערנען, ס׳זאָל נישט אַרומלויפן איבער די גאַסן, און חלילה בלייבן אַ גוי.

אַז עס האָט זיך דערנענטערט ווינטער, פלעגט רייזעלע גאָר שטאַרק זיין פאַריאָגט. זי האָט געמוזט באַזאָרגן אַ סך מענטשן מיט אַ ביסל וואַרעמע מלבושים, און מיט אַ פאָר שטיקלעך האָלץ די שטוב אָנצוואַרעמען.

רייזעלע איז געווען באַקאַנט און באַליבט אומעטום, נישט נאָר ביי די מענטשן, וועלכע זי האָט געהאָלפן, נאָר אויך ביי די באַלעבאָסטעס, וועלכע האָבן איר די זאַכן געגעבן צום פאַרטיילן.

מיט דרך־ארץ און כבוד האָט איר יעדע מער פאַרמעגלעכע משפחה געגעבן, וואָס זי האָט געבעטן. קיינער האָט רייזעלען גאָרנישט אָפּגעזאָגט. אַ מידע פון אַרומגיין גאַנצע טעג האָט מען זי שטענדיק געזען אַ שמייכלדיקע און אַ צופרידענע.

— יאָ — פלעגט זי זאָגן — עס איז דאָ אַ גוטער גאָט און גוטע טייערע ייִדן.

אַ געוויסן פרייטיק, נאָכן באַזאָרגן דעם ניסטילער רב מיט אַ ביסל האָלץ, איז רייזעלע אַהיים געקומען און געזאָגט צו איר זון, געצל שניידער, אַז זי פילט זיך נישט גוט, און האָט אים געבעטן ער זאָל איר שיקן לייבל בעקערס ווייב. זי מוז איר דערמאָנען ווען מען דאַרף נאָך היינט באַזאָרגן מיט ברויט און חלה, ס׳זאָל קיינער נישט בלייבן שבת הונגעריק. דעם זעלבן טאָג איז רייזעלע געשטאָרבן.

נאָכן טויט האָט זי איר פאַרדינטן כבוד באַקומען. פיל מענטשן האָבן זיך פאַרזאַמלט צו איר לוויה, דעם ארון האָט מען געטראָגן אין אַלע בתי־מדרשים און ריכטיק האָט דעמאָלט געזאָגט, ביים הספד, איר עלטערער זון, שמעון, אַז זי איז נישט נאָר געווען אַ מאַמע פאַר אירע קינדער, נאָר אויך פאַר פיל, פיל מענטשן אין שטעטל.

(המשך פון עמוד 450

שטאָרבן אין דער טיפוס־עפּידעמיע בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. זיי האָבן איבערגעלאָזט אַ קליין מיידעלע, רחל, וואָס האָט זיך געהאָדעוועט ביים זיידן, האָט איבערגעלעבט אַלע שבעה מדורי גהינום פון היטלער־קריג, און געפינט זיך יעצט אין אַמעריקע מיט איר פאַמיליע.

אין דער נאָענטער סביבה האָבן די זין אַנטוויקלט גרויסע געשעפטן. חיים, דער זון פון גראַבאָוויעץ, האָט געהאַנדלט מיט וועלדער, פעלדער און גאַרבאַרניעס. ער איז געווען אַ ייִד אַ עושר מיט אַ גרויסער משפחה פון זיבן טעכטער מיט איין זון.

אין דאָרף סטיפּאַנקעוויטש, 15 קילאָמעטער פון הרוביעשאָוו, זיינען געזעסן אויפן זיידנס באָדן אַ טאָכטער מיט אַ זון מיט אויסגעגעבענע קינדער. איינער פון דער טאָכטערס קינדער איז געווען פּיניע בורשטיין, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט מרים, יאָסל קאַמאַשנמאַכערס טאָכטער.

איטשע, אַ צווייטער זון, האָט געוווינט לעבן הרוביעשאָוו אין דאָרף סווינטין.

איין זון, אברהם, האָט געוווינט אין דאָרף מאַנאַטיטש, 7 קילאָמעטער פון הרוביעשאָוו. אַלע איבעריקע האָבן געלעבט אין הרוביעשאָוו מיט גרויסע, פאַרצווייגטע פאַמיליעס.

הונדערטער יאָרן האָט די פאַמיליע בראַנדעל געלעבט און געשאַפן אין הרוביעשאָוו און אין דער סביבה, אַנטוויקלט צווייגן פון מסחר און פּראָדוקציע. די היטלער־מערדער און זייערע געהילפן, די פּאָליאַקן, האָבן אָפּגעמעקט די פאַמיליע צוזאַמען מיטן גאַנצן פּוילישן ייִדנטום.

ערע זייער אָנדענק!

# דבורה גערטל / משה קאַמיניאַר

תל־אביב

פון מיין פריער קינדהייט, אין געמיש פון שיין און שאָטן, איז מיר אויף אייביק פאַרבליבן פאַרוועבט די וואַיטאַוואָסטוואָ גאַס מיט איר טייך הוטשווע און זשאַבע־טייכל, ווו איך פלעג מיט מיין קינדישן מוח באַטראַכטן דעם הויכן, אויסגעדאַרטן משה קאַמיניאַר.

גיין פלעגט ער — וויגנדיק זיך, ווי אַ פישל אויפן וואַסער. זיין רויטע גאָמבע האָט מען געקענט באַמערקן פון דער ווייטן. געזאָגט האָט מען אין שטאָט, אַז געקומען איז דאָס אים פון דעם ברענער אין מאַטל שטאָקערמאַנס אַלעיאַרניע. אַ פּאָר דראָבנע הערעלעך אויף דער גאָמבע מיט די צוויי פאַרבליבענע ציין האָבן אים צוגעגעבן אַן אויסזען פון אַ כינעזער אין יידישע קליידער.

משה קאַמיניאַר האָט זיך געפילט אויף דער גאַס, ווי נח ווען ער איז אַרויס פון דער תיבה נאָכן מבול. עס האָט זיך געקאַרטשעט אונטער זיינע טריט דער ציטערדיקער אומרו פון זיין אויסגעדאַרטער קליינער, איטקעלע און אַז משה פלעגט נאָר אַ מורמל טאָן מיט זיינע ליפּן, פלעגט זי, זיין ווייבעלע, צולויפן מיט אירע פיסעלעך, ווי אַ הירשעלע, אויסשטרעקן דאָס קעפּעלע, אויסציענדיק דאָס העלדזעלע, און וואַרטן אויף אַ באַפעל. באַלד האָט זיך איטקעלע אַנטוישט. געווען איז דאָס גאָר אַ שטילע תפילה.

משה איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט געמאַכט וואָך דעם באַגינען און פלעגט גלייך נאָכן דאַוונען זיך שטעלן צו דער עבודה ביי מאַטל שטאָקערמאַן אין דער אָלעיאַרניע, ווו ער פלעגט פון זון־אויפגאַנג ביז זון־אונטערגאַנג אַרבעטן מיטן פערד, וואָס האָט געהאַט פאַרבונדן די אויגן מיט אַ זאַק און דרייענדיק זיך געקוועטשט אַ בלעך אייל אַ טאָג.

דער צווייטער פערד איז געווען משה קאַמיניאַר, נאָר נישט מיט קיין פאַרבונדענע אויגן.

זיין ווייבעלע, איטקעלע, פלעגט אַ גאַנצן טאָג אַרומגיין און בעטן פאַרן געזונט פון שטאָקערמאַנס געזינדל. און אַז די משפחה קאַמיניאַר האָט געדאַרפט אַ פּאָר קלינגערס אין טאַש, האָט משה געהאַט אַ צווייטע פרנסה. אויף קעראַמעסלען פלעגט ער צוויי קיבלעס וואַסער טראָגן און פון שטוב צו שטוב זיי פאַרטיילן.

דערביי איז ער אויך געווען אַן ערליכער ייד. אין דער פינצטער פלעגט ער מיט זיין האַנט פּרובן די אויבערפלאַך פון פעסל, צו עס פעלט נישט אַ פּאָר טראָפּן וואַסער. אַז די יינגלעך אין גאַס פלעגן אים טרעפן, איז גענוג געווען, כדי אים אויפצורייצן, אַ זאָג צו טאָן:

— משה, דאָס פעסל איז נישט פול. דאַן פלעגן זיך זיינע אויגן אָנגיסן מיט צער און צאָרן.

ווער ווייסט מיט וויפל צער זיין נשמה איז אויסגעגאַנגען?

# מאיר האפמאן / מאַטע

קיבוץ שפיים

געשען איז עס אין אַ זומערדיקן שבת, גאַנץ פרי. עס איז שאַ־שטיל, אפילו מער ווי שטיל. אַלץ שלאָפט, אויך די תהילים־זאָגער מיט די תהילים־וועקער פריען נאָך אין די בעטן. די געציילטע מיעשטשאַניעס, וועלכע וווינען אין שכנות, זיינען נאָך נישט אַרויס צו זייער אַרבעט. ביי דער פאַמיליע ליפּניצקי, ווו די מאַמע מיט די טעכטער ריידן אַ גוטן יידיש, הערט מען נאָך נישט מיט די טירן קלאַפּן, רויק וואַרטן אין די שטאַלן די בהמות און חזירים אויף זייער פרימאָרגנס־מאָלצייט.

אויך סטעפא, די עלטסטע טאָכטער, אַ געבליבענע בתולה, וועלכע האָט אַלע אירע תאוות אין קלויסטער־תפילות דערשטיקט, ליגט נאָך גוט פאַרוויגט אין איר צניעות־בעט, קען זיך נישט אַרויספּלאָנטערן פון די יעזוס־חלומות. זי זעט פאַר זיך דעם הויך צעוואַקסענעם גלח מיטן נאָכגעהאנגענעם גיידערל, ווי דער צלם באַמבלט זיך אויף זיין ברייט־צעוואַקסענער ברוסט.

נישט ווייט פון איר ליגט די צווייטע שוועסטער, סטאַשאַ, אַ דורכגעפּרעסענע פון יידן־גיפט און אַרבעט דווקא אין מאַגיסטראַט, ווו זי קומט אין באַרירונג מיט דער באַפעלקערונג פון שטאָט, וועלכע באַשטייט דער עיקר פון יידן. זי האָט ליב אַלץ צו טאָן זאַכלעך, קיין סך שמועסן פירט זי נישט מיט אירע יידישע פּאַציענטן, פרעגט וואָס מען דאַרף, שפּיזלט שאַרף אַדורך מיט אירע אַנטיסעמיטישע אויגן און זאָגט צו דערליידיקן. אויך זייער איבערגעוואַקסענער ברודער, יאַשעק, מיט דער ביסל פאַרויטלטער אריש־פאַרשפּיצטער נאָז, וועלכער שענקט קיינמאָל נישט זיינע יידישע שכנים קיין גוטמאָרגן, איז נאָך אויף פאַרזונקען אין זיין אַלט־בחורישן שלאָף.

נאָר אין שכנותדיקן, שותפות־הויז פון מאָטל ראַלינעק און דוד משה יעקבס איז אַצינד נישט רויק, עס רודערט זיך, עס איז דאָרט עפּעס געשען. אַ טייל שכנים זיינען שוין אויף דער גאַס אַרויס, מען שושקעט זיך און מען קוקט זיך דערשראָקן אַריבער.

דאָס דרייען זיך און דאָס טירן־עפענען האָט אויך דאָס קינדערלאָזע פּאָרל, משה קאַמיניאַר, מיט זיין ווייב, איטקעלע, איבערגעוועקט. איטקעלע האָט איר מאַן קנייפּנדיק אויף דער גאַס אַרויסגעשלעפּט, אים אַוועקגעשטעלט, און געוויזן מיטן פינגער צו שווייגן. משהניו שטייט אַ נישט־אויסגעשלאָפענער, אַ צעטומלטער, ווייס נישט וואָס דאָ קומט פאָר.

אַלע שכנים זיינען שוין דאָ פאַרזאַמלט און זייערע אויגן זיינען געווענדעט צום שפּאַכלער־טויער, פון דאָרטן הערן זיך שטילע טריט, אַ שטילער אַרומטאַנצן.

יאַשע האָפמאַן, דוד משה יעקבס יונגסטער זון, איז די נאַכט נישט גוט געשלאָפן, האָט ער באַשלאָסן, אַז ביים באַווייזן זיך פונעם מאָרגנשטערן, וועט ער אַרויסגיין מקבל זיין דעם שבתדיקן זומער־פרימאָרגן. אַרויסגייענדיק, האָט ער באַמערקט, ווי עס פאָרעט זיך ווער ביי מאָטל ראַלינעקס שפּאַכלער־שלאָס און נישט באַווייזנדיק גוט זיך צוצוקוקן, וואָס יענער טוט, איז יענער אין שפּאַכלער אַריין. יאַשע האָט לאַנג נישט געקלערט, צוגעשאַרט זיך צו דער שפּאַכלער־טיר און אויף גיך דעם שלאָס פאַרהאַקט, און אַליין איז ער אַוועק אויפוועקן די שכנים.

און אַט זיינען שוין די שכנים פאַרזאַמלט, קוקן זיך שטום איבער, האָבן מורא פאַר דער אינעווייניקסטער שפּאַכלער־שטילקייט, און קענען נישט באַשליסן וואָס צו טאָן. אינמיטן דער צעטומלטקייט און אומבאַהאָלפנקייט האָט איינער פון די פאַרזאַמלטע זיך אָנגענומען מיט מוט און די שפּאַכלער־טויערן צעפּראַלעט און דאָ האָט זיך באַוויזן אין טיר אַ צעטומלטער מיט אַ פאַרדרייטן דאַשעק דער אַרומטאַנצער. פאַר אַלעמענס אויגן איז געשטאַנען אַ ייד, אַ בעל־משפחה מיט אַ באָרד, דער באַוווסטער שטאָט־גנב, מאַטע.

ביי אַלעמען איז דאָס לשון, ווי אָפּגענומען געוואָרן, קיינער האָט זיך פון אָרט נישט גערירט, אויך דער בעל־דבר אַליין איז געשטאַנען, ווי אַ פאַרגליווערטער מיטן פאַרדרייטן דאַשעק און צוויי ליידיקע זעקלעך אין די הענט. אַ ווײַלע האָט די אָנשטרענגונג געדויערט און דאָ האָט מיין זיידע, דוד, (אַ ייד וועלכער ווייסט דעם טעם פון שאַרף רעאַגירן) צו אים זיך דערנענטערט און מיט אַ הויך קול אַ זאָג געטאָן:

— „מאַטע, מאַטע, אַ ייד אַ בעל־משפחה, ווי לאַנג נאָך וועסטו זיך פאַרנעמען מיט אַזאַ פרנסה, און נאָך אום שבת“.

די געשפּאַנטקייט האָט געפּלאַצט, מען האָט זיך שטיל אָנגעהויבן צעגיין און מאַטע מיט זיינע צוויי ליידיקע זעקלעך האָט זיך אַ צעבראָכענער פון דעם מיאוסן דורכפאַל גענומען אָפּטראָגן.

## משה מאָסקאַל / זיי האָבן נישט באַוויזן צו קומען קיין ישראל

אברהם גרובערס פאָטער איז געווען אַ באַדנער, וועלכער האָט מפרנס געווען זיינע בני־בית מיגיעת כפיים. אברהם האָט פאַרשטאַנען דאָס לעבן, און האָט געשטרעבט צו לערנען. ער פלעגט פאַר פינצטער קומען אין טריסקער שטיבל, לערנען גמרא און אויך געשטרעבט צו וועלטלעכער בילדונג. ער האָט זיך געגרייט און אויסגעהאַלטן דעם גימנאַזיע־עקזאַמען. אין זיין צייט איז דאָס געווען אַ גרויסער פאָרשריט אין הרוביעשאָוו.

ער האָט נישט געזען קיין צוקונפט פאַרן יידישן יוגנטלעכן אין הרוביעשאָוו, און האָט זיך געוואָלט אַרויסרייסן פון די ד׳ אמות. ער איז געוואָרן אַ פועלי־ציוניסט און איז געווען איבערגעגעבן דער פאַרטיי בלב־ונפש. אַלס פאַרטיי־סעקרעטאַר האָט ער גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין אָרגאַניזירן די ברענער־ביבליאָטעק, די תל־חי־שול און איז געווען אַ געוויסע צייט איר סעקרעטאַר. ער האָט געטראָגן דעם עול פון דער באַוועגונג און געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט די שול־לערער, זיי זאָלן נישט שטרייקן.

די באַוועגונג און די שול זיינען ביי אים געווען טייערער, ווי זיינע פריוואַטע ענינים. ער האָט געשטרעבט עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, אָבער ליידער איז ער געווען געצווונגען אָפּצולייגן זיין עליה, צוליב זיין שוואַכן געזונט־צושטאַנד. ער האָט מורא געהאַט, אַז ער וועט פאַלן צו לאַסט. באין־ברירה האָט ער געמוזט בויען זיין עקזיסטענץ אין הרוביעשאָוו. ער איז געוואָרן אַ מאַגאַזינער אין אַ מיל, מיט דער האָפענונג, אַז סוף־כל־סוף וועט ער קומען קיין ישראל.

אין דער צייט פון דער מלחמה איז ער מיט זיין פרוי יעטע פריוונער און צוויי קינדער אַריבער קיין לודמיר. ווען די נ.ק.וו.ד. האָבן מיך געכאַפּט אין לודמיר, כדי מיך צו פאַרשיקן, האָב איך פון אים באַקומען אַ טרייסט־בריוועלע:

— משה, זאָרג זיך נישט, האַלט זיך שטאַרק, מיר וועלן זיך נאָך זען אין ארץ־ישראל.

ווען איך בין צוריקגעקומען נאָך דער מלחמה, האָב איך שוין אברהם גרובער מיט זיינע בני־בית נישט געטראָפן, זיי זיינען שוין נישט געווען צווישן די לעבעדיקע. ווי מען האָט מיר איבערגעגעבן, איז ער מיט זיינע בני־בית אומגעקומען אין אַ שטעטל לעבן לודמיר.

## אהרון ברענער

בעת דער גרינדונג פון פועלי־ציון אין הרוביעשאָוו איז אהרון ברענער געווען פון די אַקטיווסטע חברים. ער האָט געפירט די אונטערהאַנדלונגען מיטן בונד אין הרוביעשאָוו וועגן באַקומען אַ ביסל ביכער פון דער פרץ־ביבליאָטעק. מיט זיין הילף איז געשאַפן געוואָרן די ביבליאָטעק אויפן נאָמען י. ח. ברענער, ווו פאַרטיי־חברים, „פרייהייט" און אומפאַרטייאישע האָבן צוויי מאָל אין דער וואָך געטוישט ביכער.

ווו איז אהרון ברענער נישט געווען? ער האָט אונטערהאַנדלעט וועגן אַ געמיינזאַמער 1־טער מאַי דעמאָנסטראַציע מיטן בונד און פ.פ.ס. און שטענדיק מיט דערפאָלג. ער האָט אונטערהאַנדלט מיט די אַלגעמיינע ציוניסטן וועגן איבערנעמען די התקוה־שול. דאָס אויפבויען פון אַ נייעם בנין פאַר דער שול, וועלכער האָט, אגב, נישט זוכה געווען אפילו צו קיין חנוכת־הבית, איז אויך געווען מיט זיין באַטייליקונג. ער האָט פאַרנאַכלעסיקט זיינע פריוואַטע ענינים, געליטן מאַטעריעל און איז געווען איבערגעגעבן בלב־ונפש דער באַוועגונג.

ער האָט נישט זוכה געווען צו קומען אין ישראל. געווען אַ צייט, ווען אהרן האָט זיך באַמיט צו באַקומען אַ סערטיפיקאַט, אָבער אָן דערפאָלג. אהרן האָט דאַן געוואָלט עולה זיין מיט עליה ב׳. זיין פרוי און קינדער האָט ער באַשלאָסן איבערלאָזן און דערווייל אַליין ליקווידירט. צו זיין מזל, איז אויך עליה ב׳ קאַליע געוואָרן און ער איז געבליבן רואינירט און צעבראָכן.

אהרן ברענע איז אין דעם באַוווסטן טויטן־מאַרש געטריבן געוואָרן דורך די היטלער־יונגען. כ׳האָב אים געזען דאָס לעצטע מאָל מאָנטיק, דעם 4.12.39, ווען מען האָט אונז צעטיילט, איך בין אַוועק קיין סאקאל און ער קיין בעלז. מיר האָבן זיך געזעגנט מיט די בליקן, און מער איינער דעם אַנדערן שוין נישט געזען.

## יוסף לעדערקרעמער

דער פיזיש־אַנטוויקלטער, דער געטרייער פאַרטיי־חבר יוסף לעדערקרעמער האָט אויך נישט באַוויזן צו קומען אין לאַנד. מען האָט געזאָגט אויף יוספן, אַז ער איז ווי אַ זעלנער אויפן פראָנט. ער האָט אויסגעפירט אַלץ, וואָס מען האָט אויף אים אַרויפגעלייגט, ער איז געווען דער פאָרשטייער ביי דער מאַכט, ביים סטאַראָסטע און פאָליציי, וועלכע האָבן שטענדיק געזוכט עפעס אַ פגם און יוסף האָט באַדאַרפט אַלץ פאַרענטפערן.

ביי יעדער דעמאָנסטראַציע פון דער ליגע פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל איז יוסף געגאַנגען פאָרויס, געווען דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר אַלץ, געהיט, אַז אַלץ זאָל זיין אין אָרדענונג.

אין הרוביעשאָוו האָט די פאַרטיי אַ געוויסע צייט געפירט איר טעטיקייט אונטערן מאַנטל פון פאַראיין פון נישט קוואַליפיצירטע אַרבעטער. יוסף איז געווען דער, וועלכער האָט די דערלויבעניש אַרויסבאַקומען ביים סטאַראָסטע, געווען פאַרזיצער פון פאַראיין, דער גרינדער פון ספאָרט־קלוב „הפועל", גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער פאַרוואַלטונג פון דער שול.

יוסף איז געווען זייער אַקטיוו אין דער בוי־אַקציע פון נייעם בנין פאַר דער שול, וועלכן מ׳האָט אפילו נישט זוכה געווען צו באַנייען.

בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה איז יוסף געבליבן אין הרוביעשאָוו. מיר האָבן זיך עטלעכע מאָל געטראָפן. ער האָט נישט געזאָרגט פאַר זיך, נאָר פאַר דער שול און פאַר דער ביבליאָטעק.

מיר זיינען געגאַנגען צוזאַמען צו דער „רעגיסטראַציע" אויפן וויגאַן. דאָס איז געווען אונזער לעצטער גאַנג. אים האָט מען שפעטער באַפרייט צוזאַמען מיט נאָך אַ 70 יידן. נאָכדעם האָב איך יוספן שוין מער נישט געזען.

# מאיר האָפמאַן / פרייטיק צווישן די געוועלבער

קבוץ שפיים

דער נעכטיקער מארק הו־הא איז שוין נישטאָ. א טייל פון ירידרעש איז אַנטרונען אין דער שטילער הוטשווע. דער מאָרגן־ליכט איבער די צוויי שורות געוועלבער איז קלאָר, און שטייענדיק לעבן משה חומרס צעלניק־קראָם, קען מען שוין וואַרפן אַ בליק ביז די כשרע יאַטקעס. מען זעט, ווי אַ בינטל הפקר־הינט פאַרענדיקט אַ פאַריתומטע פאָרציע ביינער.

דער אַלטער יצחק דוד קצב, מאטע צימעטס טאַטע, איז שוין אויך דאָ. ער עפנט זיין יאַטקע, ער וויל זיך אדורכליפטערן נאָכן נעכטיקן ווייבערישן אַנגעלויף. יצחק דודס בן־יחיד, דער הויכוואוקסיקער און ברייטביייניקער מאטע, זייער אַן אָנגעזעענער ביי די יאַטקע־לייט איז נאָך אינדערהיים. ער עסקט זיך מיט זיינע ציטערדיקע קינדער. העלפט צו דער ווייב און דער דינסט די קינדער אין שול צו שיקן.

מאטע צימעט, בטבע, איילט זיך נישט. שטעלט נישט קיין גיכע טריט, דער קאָפּ האַלט ער אַ ביסל פאַריסן, ווי עס פאַסט פאַר אַ זאַטן בן־יחיד אָבער זיין בן־יחידישקייט שטערט אים נישט צו זיין אויסגעמישט מיט דער קצבים־חברה. טרעפט אַן עולה, שטייט ער נישט פון דער ווייטנס, אין אַ מאַרקטאָג, אָדער אין די פריזיור־טעג, ווען גויים ווילן זיך איבער יידן אַ ביסל פריילעך מאַכן, רייסט זיך מאטע צימעט דער ערשטער אַריין אין ברען־אָרט, רייבט אַ האַנט אָן אַ האַנט, זוכט וועמען דעם ערשטן אַריינצופּראַסקען און חברה זאָגט, אז מאטעס א פּאַטש איז ווערט אַ סך געלט. דאָס בן־יחידישע הענטל איז גוט אויסגעפּרעסן און ווי צו דעם ווער עס פאַרזוכט מאטעס האַנט־שאַס. אז מאטע האָט אָנגעהויבן, קומט באַלד אונטער זונדל, יוסף און נאָך זיי דער בריענדער יונגער דור מיט ביידע בעניס בראש. די יונגע חברה באַנוצן נישט קיין אַרטשיקעס; די שטייפע, אויסגעאַרבעטע פליישער־הענט פלעכטן אויף רעכטס און לינקס.

## מלך פריוונער

מלך פריוונער איז אַ ייד וואָס קען אַ שיינעם בלאַט גמרא, אָבער אויף אַן אָרט איינזיצן קען ער נישט. אַן אומרו זיצט אין דעם יידן. שטענדיק איז ער אין באַוועגונג, ער מוז אויך שטענדיק וויסן, ווי עס האַלט דער פדיון אין די שכנותדיקע קראָמען. אפילו פרייטיק איז ער אויך נישט רויק, ער האַלט זיך אין איין ארומדרייען אין זיין קראָם און דערביי האָט ער נאָך אַ טבע צו רייבן דעם אָפּגעהאַקטן פינגער פון דער רעכטער האַנט.

עס זיינען שוין אַ סך יאָרן אַוועק זינט זיין שטעלן זיך צום פריזיוו, אָבער דער אָפּגעהאַקטער פינגער וויל נישט שלום מאַכן. ער לאָזט זיך הערן פון צייט צו צייט, ער דערמאָנט מלכן זיין פריזיוו.

אַז ער ווערט מיד פון אַרומטאַנצן, רוקט ער זיך צו צום שכן, וואָווע, אַ געוויקסיקער ייד מיט אַ קליין געלבלעך ציגן־בערדל, וועלכער שטייט שטענדיק אין דער פרייער צייט אָנגעשפּאַרט אָן דער טיר, האַלטנדיק די הענט אויפן הינטן. ער שטייט און שווייגט, אַ וואָרט אַ רענדל.

מלך פּרוּווט אים אַ מעלק טאָן, וויל פון אים עפּעס הערן, אָבער עס גייט נישט. וואָווע שווייגט, ער קען אים נאָר אַ שמייכל שענקען.

## די לאַנגע חנה

די לאַנגע חנה מיט איר שופר־נאָז, ביי וועמען דער האַלז איז שטענדיק אַרומגעוויקלט מיט אַ טיכל איז שוין אויך דאָ. זי האָט די שטוב־אַרבעט פאַר אירע טעכטער איבערגעלאָזן און אַליין איז זי צו איר פּרנסה־געבער, דאָס שאַפקעלע מיט סטענגעס, אַרויס. נאָכן נעכטיקן מאַרק־טאָג מוז מען אין שאַפקעלע אַ ביסל סדר מאַכן און מען מוז פרישע סחורה אויף זונטיק צוגרייטן. די שיקסעס פון די נאָענטע דערפער קענען גוט חנהס שאַפקעלע, אין וועלכער עס געפינען זיך אַלע כלה־צירונגען. זי האָט זיי פאַרכשופט די שיקסעס, נאָר ביי איר ווילן זיי מיט זייערע חתנים די נויטיקע זאַכן איינקויפן. חנה פירט איר שאַפקעלע־מסחר מיט אַ שטאַרקער האַנט. אויב ווער פונם צוקונפטיקן זיווג דרייט מיט דער נאָז אויף איר סחורה, סטראַשעט זי, אַז זי וועט דעם שידוך שטערן, אז דער גלח וועט זיי אין קלויסטער קיין שליוב נישט געבן.

אַזוי פירט חנה איר מסחר שוין אַ היפש ביסל יאָרן און פון דער שאַפקעלע זאַמלט זי נדנס פאַר אירע דריי טעכטער.

אָבער אין אַ ווינטער־טאָג האָט זיך מיט חנהן דאָ, לעבן דער שאַפקעלע, שיעור נישט אַ גרויס אומגליק געטראָפן. דער טאָג איז געווען אַ קאַלטער. א סך פויערים זיינען אין די דערפער געבליבן, נישט געוואַגט זיך אין שטאָט צו שלעפן. צווישן די געוועלבער איז אין אַזאַ טאָג טויט. געציילטע קונים עפענען ערגעץ ווו אַ טיר און חנה, ווי געווינלעך, האָט אויך אין אַזאַ טאָג דאָס שאַפקעלע נישט פאַרלאָזן, געזעסן גוט אָנגעפּעלצט, גוט זיך איינגעוויקלט, אַזוי אַז פונם פנים האָט זיך נאָר די צעוואַקסענע, פאַרהויטלטע נאָז אַרויסגעזען און אונטן האָט זי זיך אַ געזונטן פייערטאָפּ אַוועקגעשטעלט. דאָס אנגעפּעלצקייט צוזאַמען מיטן פייער טאָפּ האָבן חנהן גוט געוואַרעמט און זי האָט פּאַמעלעך געכאַפּט אַ דרימל. פון דרימל איז געוואָרן אַ שלאָף. זעט אויס, אַז די פייער־טאָפּ צינגלען האָבן צו חנהס אונטערשטע האַלקע דערשמעקט און האָבן אָנגעהויבן די ראַנדן צו באַלעקן. חנה דרימלט, שלאָפט, שלאָפט און דרימלט און פילט נישט, וואָס אונטער איר פאַרקאָכט זיך. ס׳האָט זיך אַ רויך פון אונטער דער האַלקע גענומען אַרויסקייקלען, און פאַרקריכט צווישן חנהס איינגעפּאַקטע פיס.

ס׳איז איר נאָך וואַרעמער, פשוט אַ מחיה, חנה מיינט, אַז עס איז אָוונט. זי איז שוין אין איר וואַרעמער שטוב. די עלטסטע טאָכטער, רבקה האָט איר שוין דאָס בעט צום שלאָפן צוגעגרייט, אָבער חנה וויל זיך נאָך נישט אין בעט אַריינלייגן. ס׳ווילט זיך איר נאָך אַ קליין, היימיש געשמאַק דרימל כאַפּן.

אָבער דאָ איז אַ נס געשען. דער שכן, נחומטשע שטיוול־קרעמער, איינער פון די שטאָט־לצים, איז פון זיין שטיוול־קראָם אַרויס און דערזען, וואָס אַרום חנהן טוט זיך. האָט ער געכאַפּט דעם האַמער און אָנגעהויבן אין חנהס טיר צו קלאַפּן. אַלע שכנים זיינען שוין אויף דער גאַס און חנה האָט זיך שוין אויפגעכאַפּט. לכתחילה האָט זי נישט געוווסט, וואָס אַרום איר טוט זיך, אָבער די געשרייען האָבן זי אויפגעוועקט. די ווייבער האָבן אָנגעהויבן חנהן פון דער אָנגעצונדענער האַלקע באַפרייען, געהאָלפן איר זיך אויסטשוכן. פון גרויס צעמישונג קען זיך חנה פון אָרט נישט רירן, זי קוקט מיט אַ פּאָר תמעוואַטע אויגן און ספּאַזמירט צו ביסלעך.

דער פייער־טאָפּ, וואָס האָט חנהן אונטערגעסמאַלעט, ליגט שוין אַ פאַריתומטער אין אַ ווינקל, אָבער נחומטשע לץ האָט נאָך דאָס אָרט נישט פאַרלאָזן, ער שטייט מיטן האַמער אין האַנט און דערציילט, ווי אַזוי חנה איז ממש דורך אַ נס ניצל געוואָרן.

## רבקה שוכמאַן

נישט ווייט פונם שאַפקעלע מיט די סטענגעס געפינט זיך די לעדער־קראָם פון דער וויל־קענעוודיקער, איידעלער אלמנה, רבקה שוכמאַן. אַליין איז זי געבליבן, איר צווייטער מאַן איז שוין אַוועק אויפן עולם־האמת און די געראָטענע קינדער זיינען צעזייט, ווער אין וואַרשע, ווער אין ארץ־ישראל.

גיט כאַטש, וואָס די עלטערע קלוגע טאָכטער, רחלע, מיט אירע פיל־זאָגנדיקע, בלויע אויגן קומט אַראָפּ פון צייט צו צייט. אין דער דירה ווערט היימלעכער, מען הערט לעבעדיקע טריט, מען הערט אַ מענטשן ריידן, זי איז פּטור פון זיצן אין די אָוונטן אויפן איינזאַמען גאַנעקל און איינקוקן זיך אין די אַדורכגייער. זי איז דעמאָלט אויך פּטור פון איינהערן זיך צום שטילן גערויש, וואָס טראָגט זיך אין די נעכט פונם שכנישן, געדיכטן גלחס סאַד.

די איינציקע קוועלן זיינען געווען די עסטרייכישע סאָלדאַטן און די רוסישע געפאַנגענע, וועלכע פלעגן אַרויסשלעפּן פון די מאַגאַזינען מיליטערישע קליידער, קאָלדרעס, ווייס־לייוונטענע זעקלעך פון מעל, שיך, שטיוול און דאָס אויסטוישן אויף ברויט אָדער געלט. יידן פלעגן זיך איינשטעלן און דאָס קויפן, ניט קוקנדיק אויף דער שטראָף וואָס האָט געדראָט.

די מיליטערישע קליידער און די מעל־זעקלעך פלעגט מען איבערפאַרבן און פיינע גבירים פלעגן טראָגן כאַלאַטלעך אָדער פלאַטנס פון איבערגעפאַרבטע קאָלדרעס. די פאַרבערייען זיינען געווען באַוואָרפן מיט אַרבעט, אויך שוסטער און שניידער האָבן געהאַט אַרבעט צו ביסלעך.

טראָץ אַלע צרות, האָבן יידן זיך געפילט פריי אונטער דער נייער מאַכט. מען האָט נישט געוווסט פון קיין פחד, נישט פאַר קיין גוי און נישט פאַר קיין סאָלדאַט. איין עסטרייכישער זשאַנדאַר האָט געקענט האַלטן אָרדענונג אין אַ גאַנצער שטאָט. דאָס וואָרט „זשיד" האָט מען נישט געהערט. אַלע גנבים, רוצחים און סתם שעדלעכע עלעמענטן זיינען פאַרשווונדן, אַדאַנק דער שטאַרקער האַנט פון דער עסטרייכישער זשאַנדאַרמעריע.

עטלעכע פאַקטן באַשטעטיקן דאָס. כ'וועל זיי דאָ דערציילן. אין אַ דאָרף, ניט ווייט פון שטאָט, האָט מען דערהרגעט דעם סאַלטיס. ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און מען האָט דעם רוצח געכאַפּט און געמאָלדן, אַז אַלע זאָלן קומען זען, ווי מען הייגנט אים.

אין אָוונט זיינען אַריין צוויי יידישע גנבים, איבערגעטאָן אין מיליטערישע קליידער, און צוגענומען זייף און געלט, וואָס זיי האָבן געפונען אין אַן אומלעגאַלער זייף־פאַבריק. ס'האָט נישט געדויערט קיין צוויי טעג און די זשאַנדאַרמעריע האָט די באַנדיטן געכאַפּט און זיי פאַרשיקט אין אַ געפאַנגען־לאַגער.

היינט ח י י ם ד ר א ט, ווער האָט נישט געהערט אין דער געגנט פון ח י י ם ד ר א ט, אַ יידישער גזלן, וואָס האָט אָנגעוואָרפן אַ פחד אויף דער גאַנצער געגנט. זיינע גרויזאַמע רציחות איז שרעקלעך צו דערציילן. אויפגעהאַלטן האָט ער זיך אין די וועלדער און אויף אים איז געזאָגט געוואָרן: על חרבך תחיה. ער פלעגט באַפאַלן פאַרבייגייער און ווער ס'האָט זיך אים אַנטקעגנגעשטעלט, האָט באַצאָלט מיטן לעבן.

איינמאָל, אין אַ שיינעם פרימאָרגן, זיצנדיק ביי אונז אין טריסקער שטיבל ביי דער גמרא, הערן מיר, אַז ח י י ם ד ר א ט געפינט זיך אין רבס בית־מדרש. חברה האָבן לאַנג נישט געקלערט, צוגעמאַכט די גמרות און אַוועק אַהין. דאָ האָבן מיר געזען, ווי דער גזלן שטייט ביים טיש, און דער שמש לערנט אים לייגן תפילין. ער איז שוין זיכער דעמאָלט געווען אַ יאָר 80. פון זיינע בלוט־רויטע אויגן האָט נאָך געשפריצט די רציחה, ער האָט געמאַכט אַן איינדרוק ווי אַ לייב, וואָס האָט נאָר וואָס פון שטייג זיך אַרויסגעריסן. שפּעטער האָט מען וועגן אים מער נישט געהערט.

## ספּיריטואַליסטישע סעאַנסן

ווינטער 1916 איז אויסגעבראָכן דער טיפוס, וואָס האָט נישט אַדורכגעלאָזט קיין איין שטוב. די, וואָס האָבן זיך אַרויסגעדרייט פון דער חולירע, זיינען געפאַלן קרבנות פון טיפוס. די טאָג־טעגלעכע לוויות האָבן אָנגעוואָרפן אַ פחד אויף אַלעמען. אין שטיבל איז יעדן פרימאָרגן צוגעקומען אַ ליידיקער פלאַץ. יידן האָבן געזען אין דעם אַ סימן, אַז ס'דערנענטערן זיך די טריט פון משיחן, ס'האַלטן ביי מקוים ווערן די ווערטער פון נביא, אַז עס וועט חלילה בלייבן: אחד בעיר ושנים במשפחה אין מלחמת גוג ומגוג.

למדנים האָבן גענומען פאַרשן דעם „קץ הפלאות" אין ספר דניאל. ילקוטים, מדרשים און כל מיני נוטריקונים האָבן באַוויזן, אַז די צייט איז פון קץ הימין.

די דוחקי־הקץ, די עלטערע בחורים, וואָס האָבן שוין יאָרן געלערנט אין שטיבל, די צוקונפטיקע איידעמס אויף קעסט, האָבן זיך פאַרנומען מיט ספּיריטואַליזם בלע"ז. זיי האָבן געפונען אַ טיש פון דעמבאַווע



האָלץ, ווי מ'זאָגט מעור אחד, ס'האָט נישט געטאָרט זיין אין אים קיין אייזערנער טשוואָק, כדי מקיים צו זיין: לא תניף עליהם ברזל.

די בחורים האָבן זיך אַרומגעשטעלט ביים טיש, אַוועקגעלייגט זייערע הענט אויף אים, נישט געטאָרט ריידן, נישט צוגעלאָזט קיין זייטיקע מחשבות, נאָר געטראַכט וועגן טיש, אַז ער זאָל זיך הייבן. אין אַ געוויסער צייט אַרום האָט זיך דער טיש געזאָלט הייבן אויף צוויי פיס. און אַזוי האָט ער באַדאַרפט אויסקלאַפּן אויף אַלע פראַגן.

די הויפּט־פראַגע איז געווען: — ווער וועט זיגן? ווען וועט זיך ענדיקן די מלחמה. די זאַך איז אָפּגעטאָן געוואָרן אין אלקער פון טריסקער שטיבל אַרום 2 אַזייגער ביינאַכט. אונז, יונגע חברה, די פרחי כהונה, האָט מען נישט משתף געווען אין דעם.

צומאָרגנס זיינען מיר געוווּיר געוואָרן פון סוד. פון גרויס פאַרדרוס האָבן מיר דאָס דערציילט די עלטערן. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ מחלוקת פון צוויי מחנות. איין טייל האָט געפאָדערט מען זאָל די חברה אַרויסטרייבן פון שטיבל, ווייל דאָס זיינען מעשה כשפים, כי לא נחש ביעקב ולא קסם בישראל און עס איז גלייך ווי פאָרשן ביי אוב וידעוני.

די עלטערן פון די בחורים האָבן דאָס געמאַכט צו גאָרנישט. אַזוי צי אַזוי מען האָט זיי פון שטיבל נישט פאַרטריבן, ווייל צווישן די חסידים זיינען געווען אַ סך, וואָס זיינען געווען נייגעריק צו וויסן, וואָס דער טיש האָט דערציילט.

אין יענער תקופה האָבן זיך פלוצלונג באַוויזן מגידי־עתידות. איינער פלעגט פאַרשן לויט דער האַנט, דאָס האָט מען גערופן חכמת־היד, אַ צווייטער לויטן שטערן און קנייטשן, דאָס האָט מען גערופן חכמת־הפרצוף, אָדער פון אַ תהילימל. אַ סך חסידישע יידן פלעגן ביי זיי פאַרשן, ווייל וועלכער ייד האָט נישט געהאַט וואָס צו פרעגן? ביי וועמען אַ ברודער איז אין מלחמה און מען הערט נישט פון אים, אָדער אַ זון, אַ קרוב.

געוויינלעך פלעגן רביים באַזוכן דאָס שטעטל און יידן־חסידים פלעגן פאַר זיי אויסגיסן זייערע הערצער, אָבער זינט די מלחמה איז אויסגעבראָכן, זיינען דרכי־ציון־אבלות און די רביים זיינען געבליבן זיצן אין זייערע וווין־ערטער.

## הונגער און נויט

אין יענער צייט זיינען געגרינדעט געוואָרן „לינת־צדק" און די „חברה־עזרה". דאָס האָט אויך געגעבן אַ שטויס צו דער שפּעטערדיקער אַנטוויקלונג פון די בירגערלעכע פאַרטייען: אַלגעמיינע ציוניסטן און פאָלקיסטן, וואָס יעדער איינער פון זיי האָט געשטרעבט צו האָבן די העגעמאָניע איבער די אויבנדערמאָנטע אינסטיטוציעס, און ווערבירן חברים פאַר זייערע אידעען אויף די אספות וואָס פלעגן דאָרט פאָרקומען.

דער ווינטער איז אַוועק. אין די יידישע גאַסן — אַ שטוב ביי אַ שטוב און אַ טיר אַנטקעגן אַ טיר. קיין גראָז, קיין בוים וואַקסט דאָרט נישט, וועגן אַ גאָרטן איז דאָך נישט געווען וואָס צו רעדן. דער הונגער איז כמעט אַ גאַסט אין יעדן הויז. אין די קריסטלעכע גאַסן בליט דער בעז און פאַרשפּרייט זיינע ריחות און העלפט דעם הונגער וועקן דעם אַפּעטיט. די גערטנער זיינען ביי זיי באַאַרבעט פון פלויט צו פלויט, קיין שפּאַן באָדן איז נישט לעדיק. די פּאָלאַקן ווייסן נישט פון הונגער און שפּעקולירן מיט די פּראָדוקטן, וואָס דער רוב פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט נישט געהאַט. נישט איינער פלעגט זאָגן צו אַ יידן, וועלכער פלעגט זיך דינגען וועגן פרייז:

— איר וועט נאָך ברענגען די גאָלדענע צירונג פון אייערע פרויען פאַר די פּראָדוקטן. אַ טייל האָט געזאָגט:

— יידן האָבן אין מדבר נישט געוואָלט עסן קיין מן, זאָלן זיי הונגערן.

יענעם זומער האָט די רעגירונג ווערבירט פעלד־אַרבעטער צו קאַרטאָפל. אַ סך יידן האָבן זיך פאַרשריבן צו דער אַרבעט, צווישן זיי קרעמער און סתם בעלי־בתים. ווייל מען האָט צוגעזאָגט געבן אַ האַלבע קילאָ ברויט און 2 קראָן פאַר אַ טאָג אַרבעט. די אַרבעט איז נישט געווען קיין לייכטע, דאָך זיינען אַלע געבליבן ביזן סוף.

שפּעטער איז מען אַוועק אַראָפּנעמען היי פון די פעלדער. דאָ האָט מען צוגעזאָגט הרים וגבעות. אויסערן לוין, עסן פון אַ כשרער קיך. צו

דער אַרבעט האָבן זיך געמאָלדן אַ סך חסידישע יידן. די אַרבעט איז געווען אַ 20 קילאָמעטער פון שטאָט. ווען מען איז געקומען מידע און הונגעריקע צום אַרבעטס־פּלאַץ, האָט מען אַלעמען אַריינגעפירט אין גרויסע שאַפּעס, און אַוועקגעשטעלט אַ וואַך. יידן האָבן דערשמעקט, אַז דאָ איז עפּעס



די עסטרייכער כאַפּן אויף אַרבעט אין יאָר 1917.
האוסטרים מגייסים אנשים לעבודת־כפיה ב־1917.

נישט גלאַטיק און אויף צו מאָרגנס האָבן זיי זיך אַרויסגערוקט פון באַראַק און זיך געלאָזט צוריק אַהיים דורך וועלדער און פעלדער.

דעם זומער האָבן די עסטרייכער פאַרענדיקט די באַן־ליניע, וואָס די רוסישע רעגירונג האָט אָנגעהויבן און נישט באַוויזן צו ענדיקן. די אַרבעט האָט זיך געצויגן אַ גאַנצן זומער, דערביי האָבן געאַרבעט אַ סך רוסישע געפאַנגענע, איינוווינער פון שטאָט, יידן און אַ טייל פרויען.

אין דער צייט האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע רוסישע אָפענסיווע. די דייטש־עסטרייכישע אָקופּאַנטן האָבן געצוווּנגען די באַפעלקערונג אין מזרח־פראָנט צו פאַרלאָזן זייערע ערטער און זיי איבערגעפירט טיף הינטערן פראָנט.

אַ טייל היימלאָזע זיינען געקומען צו אונז אין שטעטל. אַלע בתי־מדרשים און שטיבלעך זיינען באַזעצט געוואָרן פון יידן און אוקראַינער. די יידישע באַפעלקערונג האָט געטאָן אַלץ, כדי צו העלפן די היימלאָזע. שפּעטער זיינען די פּויערים באַזעצט געוואָרן אין די פאַרלאָזטע דערפער. אַ טייל פון די פּויערים האָט די מאַכט איבערגעפירט אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד.

עס איז דעמאָלט געגרינדעט געוואָרן די ביליקע־קיך, וועלכע האָט צוויי מאָל אין טאָג געטיילט מיטאָגן די היימלאָזע און נויטבאַדערפטיקע.

ידיעות פון פראָנט און וועלט־נייעס האָבן יידן געשעפּט פון דער „פעלד־פּאָסט־צייטונג", וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דער מיליטערישער מאַכט אויף דייטש און האָט געקאָסט שפּאָט ביליג, 2 העלער. די אויפגאַבע פון דער צייטונג איז געווען קלאָר פאַר אַלעמען, אָבער אַנדערע קוועלן, אויסער לופט־ידיעות, זיינען נישט געווען.

אָט, למשל, איינע פון די קלאַנגען. ווינטער 1916 האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז עס דרייט זיך אַרום אַ שוואַרצע דאַמע. אַלע האָבן גערעדט וועגן איר, אָבער קיינער האָט זי נישט געזען. ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן האָט מען אויסגעמיטן זיך צו ווייזן אין גאַס, און אין די הינטערגעסלעך — אפילו בייטאָג. אין דער שפּיאָנאַזש־ליטעראַטור פון וועלט־קריג האָב איך געליינט, אַז אַזעלכע קלאַנגען זיינען פאַרשפּרייט געוואָרן אין אַלע אָקופּירטע געביטן. דאָס איז געווען אַ מיטל פון די קעגנער אָנצוּוואַרפן אַ פּחד אויף דער באַפעלקערונג, און אַזוי אַרום פאַרלייכטערן די שפּיאָנען זייער אַרבעט.

## נייע ווינטן

אין יאָר 1917 האָבן פון דער רוסישער זייט גענומען בלאָזן נייע ווינטן, וועלכע האָבן געגעבן אַ שטויס צו דער אַנטוויקלונג פון די פּאַרטייען. דער כח פון די קאָמוניסטן איז פאַרגרעסערט געוואָרן און באַאיינפלוסט די אינטעליגענץ. איינער פון זיי איז געווען משהלע גריינבוים, וואָס האָט געהאַט היתר־הוראה, האָט פאַרלאָזן די צעירי־ציון־רייען און איז אַריבער צו די שונאי־ציון און איז ביי זיי געוואָרן דער ראש־המדברים.

איינמאָל, שבת פאַר פּסח, האָבן יידן אויסגערופן קמחא־דפּסחא. דעם שבת האָט זיך צו אונז בחורים, וואָס האָבן געלערנט מיט אים אין שטיבל, דערטראָגן אַ ידיעה, אַז משהלע שוואַרצער וועט אויך ריידן אין שול וועגן קמחא־דפּסחא.

מיר, אַ גרופּע צעירי־מזרחי, זיינען אַוועק הערן, וואָס וועט רעדן דער שמדניק, ווי מען האָט אים גערופן.

מיר האָבן געטראָפן יידן בעלי־מלאכות, עמך און ער משהלע איז געשטאַנען אויפן בעלעמער, און געשאָטן פּעך און שוועבל אויף די יידישע שפּעקולאַנטן און זיי געמאַכט שולדיק אין אַלץ (אַך און ווי צו די שפּעקולאַנטן, ביי פיל פון זיי האָט מען געקענט געפינען שפּייז על סעודה אחת). וועגן די פּויערים, וואָס האָבן פאַרבאָרגן די תבואה און פאַרקויפט טפּין־טפּין און אַזוי אַרום אַרויפגעצויגן דעם פּאַסעק, וועגן זיי האָט ער קיין וואָרט נישט דערמאָנט. יידן האָבן קיין ברירה נישט געהאַט און געצאָלט יעדן פּרייז, ווייל דער פּסח איז שוין געשטאַנען הינטערן טיר. מיר האָבן געמוזט שווייגן, ווייל ס'האָבן זיך געפונען אויף דער פאַרזאַמלונג שטאַרקע פון זיין פּאַרטיי, וואָס פאַר אַ צווישנרוף זיינען זיי געווען גרייט דורס צו זיין.

אין יענער צייט האָט זיך אויך באַוויזן אַ יידיש־פּוילישער לעגיאָנער, וואָס האָט געדרשנט אין שול און גערופן יידן זיי זאָלן זיך מאָביליזירן אין פּוילישן לעגיאָן אונטער דער אָנפירונג פון פּילסודסקען, כדי צו קעמפן קעגן די וואָס האָבן פאַגראָמירט יידן. קיין סך בעלנים האָט ער נישט געפונען, ווייל יידן האָבן גוט געקענט זייערע שכנים, אָבער אַ גרופּע יידן האָט זיך שוין פון פריער מאָביליזירט אין פּוילישן לעגיאָן.

נאָכן וואַפנשטילשטאַנד צווישן די באָלשעוויקעס און דייטשלאַנד־עסטרייך, ענדע 1917, האָט זיך אָנגעהייבן דער געפאַנגען־אויסטויש. דורך דער שטאָט האָבן גענומען שטראָמען געפאַנגענע פוןביידע צדדים. די דייטש־עסטרייכישע געפאַנגענע, די היימקערער, זיינען געקומען אין וואַטאָווע קליידער, און האָבן אויסגעזען נישט שלעכט. זיי האָבן מיט זיך געבראַכט די קאָמוניסטישע אידעען און די אַנטיסעמיטישע תורה. דערפאַר זיינען די רוסישע געפאַנגענע געקומען אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, באָרוועס און נאַקעט, אין לייווענטענע שיך, מיט הילצערנע זוילן. וואַרטנדיק אויף אַ פּלאַץ אין צוג, פלעגן זיי בלייבן נעכטיקן אין הרוביעשאָוו. די מאַכט האָט פאַר זיי ווינציק געזאָרגט, פלעגן יידן זיך מרחם זיין אויף זיי און געבן שלאָפן און עסן.

אין אַ סך הייזער האָט מען געבאַקט ברויט און דאָס אומלעגאַל פאַרקויפט. איינמאָל איז אָנגעקומען אַ גרויסער טראַנספּאָרט מיט די עסטרייכיש־דייטשע געפאַנגענע. יידן האָבן נישט באַוויזן צוגרייטן ברויט, ווייל ס'איז נישט געווען קיין מעל. זיינען די היימקערער באַפאַלן דאָס ביסל ברויט, געשלאָגן און דערביי געשריגן, אַז יידן זיינען שפּעקולאַנטן און זיינען שולדיק אין דער מלחמה. אַדאַנק דער עסטרייכישער פעלד־זשאַנדאַרמעריע, וואָס האָט אַלאַרמירט אַן אָפּטיילונג מיליטער פון די קאַזאַרן, איז געלונגען אָפּשטעלן דעם איבערפאַל.

כדאי צו באַצייכענען, אַז די רוסישע געפאַנגענע אין שטאָט האָבן אין דעם פאַל זיך נישט באַטייליקט, זיי האָבן געדאַנקט, אַז מען פאַרקויפט זיי אַ שטיקל ברויט, ווייל די פּויערים האָבן זיי נישט געוואָלט פאַרקויפן אפילו פאַר געלט.

נאָכן בריסק־ליטאָווסקער אָפּמאַך האָבן זיך גענומען ווייזן די פּויערים, וואָס זיינען אַוועק קיין רוסלאַנד. צוריקגעקומען זיינען זיי אָרעם און הונגעריק, אָבער דערפאַר האָבן זיי געבראַכט די תורה פון די פּאָגראָמטשיקעס. אַ סך האָבן זיך, אגב, דאָרט באַטייליקט אין די פּאָגראָמען אויף יידן.

אין די שטיבלעך און אין די בתי־מדרשים האָט מען נאָך גרויסע ויכוחים באַשלאָסן זאָגן הלל לכבוד דער באַלפור־דעקלאַראַציע. נאָר אַ קליינער טייל צעירי־ציון, וואָס האָט אויפגעהערט לערנען און איז אַרויס לתרבות רעה, האָט זיך געמאַכט אַ מנין באַזונדער און נישט געזאָגט קיין הלל.

## די מעשה ניסטילא

דער ציוניסטישער געדאַנק האָט גענומען אַריינדרינגען אין די ברייטע שיכטן, יידן זיינען געווען גרייט נעמען די פעקלעך און פאָרן קיין ארץ־ישראל. עס איז נישט צו באַשרייבן די שמחה, וואָס האָט ארומגעכאַפּט יידן. אָבער די שמחה האָט באַלד געמיטן. דאָס עסטרייכישע מיליטער האָט זיך צוריקגעצויגן, און די פּאָלאַקן האָבן איבערגענומען די מאַכט. ס'איז געגרינדעט געוואָרן אַ שטאָט־מיליץ, וואָס צו איר האָט געהערט אַ טייל יידן. אָבער לאַנג האָבן זיי זיך נישט געהאַלטן אין דער מיליץ, צוליב אַ פאַל, וואָס איך וועל דאָ דערציילן.

ווען די עסטרייכער האָבן פאַרלאָזט דאָס שטעטל ניסטילא, האָבן זיי דאָרט איבערגעלאָזט מאַגאַזינען מיט געווער. די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך באַוואָפנט מיט דעם געווער, כדי זיך צו פאַרטיידיקן קעגן די באַנדעס אוקראַינער, וואָס האָבן גערואַבעוועט און געמאָרדעוועט. יידן האָבן אַוועקגעשטעלט אַ וואַך אין אַלע עקן און נישט געלאָזט די באַנדעס אַריינגיין אין שטעטל. פּאָלאַקן זיינען אין שטעטל, כמעט, נישט געווען און יידן האָבן דאָרט געפירט אַן אייגענע מלוכה, אַרויסגעגעבן געלט און געפירט די גאַנצע ווירטשאַפט.

אין אַ צייט אַרום איז געקומען אַ דעלעגאַציע פון דער פּוילישער, צענטראַלער מאַכט און געוואָלט דאָרט אַוועקזעצן אירע מענטשן, ווי אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך, אָבער דאָ האָבן זיי זיך אָנגעטראָפן אויף אַ שטאַרקער קעגנערשאַפט פון די יידן, וועלכע האָבן געטענהט, אַז זיי דאַרפן נישט קיינעם, זיי קענען אַליין פאַר זיך זאָרגן און וועלן נישט אַריינלאָזן אין שטעטל נישט די אוקראַינער און נישט די פּאָלאַקן. ווער ס'וועט וואגן פאַרכאַפּן דאָס שטעטל, וועלן זיי אים מקבל־פּנים זיין מיט געווער. די דעלעגאַציע איז אַוועק מיט גאָרנישט.

אין אַ צייט אַרום האָט מען קעגן די ניסטילער יידן מאָביליזירט די הרוביעשאָווער מיליץ, צווישן זיי אַ סך יידן. ווען זיי זיינען געקומען צו דער בריק פון שטעטל, האָבן זיי געטראָפן אַ יידישע וואַך מיט געווער אין די הענט און זי האָט געדראָט, אַז ווער ס'וועט שטעלן אַ טריט אויפן בריק, וועט באַקומען אַ קויל. הרוביעשאָווער חברה האָט דערקלערט: מיט יידן וועלן מיר זיך נישט שלאָגן, זיי האָבן זיך אויפגעהויבן און זיך אומגעקערט אין שטאָט.

נאָך דעם פאַל האָט מען זיי אָפּגעזאָגט פון דער מיליץ. די איינצעלנע, וואָס האָבן זיך נישט באַטייליקט אין דער עקספּעדיציע, זיינען געבליבן. אָבער זיי האָבן זיך אויך לאַנג נישט געהאַלטן, מען האָט זיי אָפּגעזאָגט, כדי די פּאָליציי זאָל זיין יידן־ריין.

ווען די פּאָלאַקן האָבן איבערגענומען די מאַכט אין שטאָט, האָט זיך באַלד געלאָזט פילן די פּאָגראָם־לופט. ס'איז פאַרשוווּנדן געוואָרן די רויקייט, וואָס האָט כאַראַקטעריזירט די תקופה פון דער עסטרייכישער מאַכט. צו קיין עפנטלעכע פּאָגראָמען איז נישט געקומען, אָבער דאָ און דאָרט האָט מען געשלאָגן יידן.

די עסטרייכער האָבן איבערגעלאָזט אַ סך פולע מאַגאַזינען. די גויים האָבן פון דאָרט אַרויסגעטראָגן קליידער, שיך און וואָס נאָר מען האָט געקענט. אַ טייל פון דער יידישער אָרעמקייט איז אַוועק נעמען אַ ביסל קאַרטאָפל, האָט מען אויף זיי געעפנט אַ פייער, איינער איז דערהרגעט געוואָרן און די איבעריקע זיינען קוים מיטן לעבן אַנטלאָפן.

יידן זיינען ווידער הפקר געוואָרן, ווי אין די צייטן פון צאר. אין אַ דאָרף האָט מען דערהרגעט אַ פּאָר פּאָלק, זיי באַראַבעוועט און אַריינגעוואָרפן אין אַ ברונעם.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז פון דער שטאָט־מיליץ געוואָרן אַ פּאָלקס־מיליץ. ס'איז אָבער געבליבן, ווי פריער, די זעלבע יענטע נאָר אַנדערש געשלייערט. יעדער פון זיי האָט געזוכט שלעכטס טאָן דעם יידן.

## די מלחמה צווישן פּוילן און די באָלשעוויקעס

מען האָט נאָך נישט באַוויזן אָפּצואָטעמען פון דער וועלט־מלחמה, האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה צווישן פּוילן און די באָלשעוויקעס. די מע־

שים־טובים פון דער פּוילישער אַרמיי אין אוקראַינע און די פּאָגראָמען פון פּעטלוראַס ווייסער גוואַרדיע האָבן אויפגעטרייסלט דאָס גאַנצע שטעטל. אַ שטיקל טרייסט האָבן יידן געפונען אין קלאַנג, וואָס האָט זיך פאַרשפרייט, אַז ז. זשאַבאָטינסקי האָט געשאַפן אַ יידישן לעגיאָן פון 60 טויזנט אויסגעדינטע, יידישע סאָלדאַטן, און נעמט נקמה פון די אוקראַינער. איינצעלנע יידן האָבן געלייגט האָפענונג אויף דעם רויטן משיח. דאָ וועל איך ברענגען אַ טייל פון א ויכוח אויף דער טעמע, וואָס וועט זיין לעתיד לבא.

— יאָ, — רופט זיך איינער אָפּ — מסכים, אלע גלייך, נאָר זאָגט מיר ווער וועט קערן די גאַסן, אָדער אין די גרויסע פרעסט וואַסער־ברענגען. דאָ רופט זיך אָן אַ צווייטער:

— לאָזט צו רו, פאַרלאָזט זיך אויף טראָצקען, ער וועט שוין געפינען אַ וועג.

— היינט, וואָס שייך געלט — רופט זיך אָפּ דער אַלטער סטאָלער, כאַצקל, וואָס איז געשטאַנען די גאַנצע צייט אָנגעשפּאַרט אויף זיינע קוליעס — אָן געלט קען מען זיך נישט באַגיין. נאָר וואָס, מען באַדאַרף אויסגראָבן אַ גרויסע גרוב אין מיטן מאַרק, און אַלע קרעמער זאָלן נאָכן פאַרמאַכן די געשעפטן דאָרט דאָס געלט אַריינוואַרפן, און אינדערפרי וועט יעדער פון גרוב ארויסנעמען וויפל ער דאַרף צום לעבן.

אָבער וועגן אַזאַ גרוב איז נאָך דערווייל נישט געווען וואָס צו ריידן, ווייל די רויטע אַרמיי איז נאָך געווען ווייט פון שטאָט.

דאָס פּוילישע מיליטער האָט זיך גענומען צוריקציען, און מיט זיי די רעשטלעך פון פּעטלוראָווצעס און באלאכאווצעס, וועלכע האָבן אין יעדן שטעטל אומגעבראַכט אַ סך יידן. די ידיעה, אַז די באַנדעס דאַרפן אַדורכגיין הרוביעשאָוו, האָט אויפגערודערט די גאַנצע, יידישע באַפעלקערונג.

אַ דעלעגאַציע איז אַוועק צום סטאַראָסטא און נאָך פיל שתדלנות האָט זי געפועלט ביי אים, אַז דאָס מיליטער וועט בלייבן אין די אַרומיקע דערפער, און נאָר מיט אַ דערלויבעניש און אָן געווער וועט אַ סאָלדאַט קענען קומען אין שטאָט אַריין. דערפאַר וועלן יידן שיקן צו זיי אין די דערפער שניידער, שוסטער, וועלכע וועלן פאַר זיי קליידער נייען און שטיוול מאַכן פון אָנגעראַבעוועטן מאַטעריאַל און זיי וועלן פאַר דער אַרבעט באַקומען באַצאָלט מיט פּראָדוקטן.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָב איך געזען, ווי צו אונזער שכן, דעם שניידער, איז געקומען אַ פור מיט אַ פּאָליציאַנט און אַ פּעטלוראָוועץ. דער שניידער מיט זיין ניי־מאַשין און אַנדערע כלים איז מיט זיי אַוועק, און אין אַ שטיקל צייט אַרום געקומען בשלום און געבראַכט מיט זיך אַ זאַק מעל, און אַנדערע פּראָדוקטן פאַר זיין אַרבעט, און אַזוי איז געשען מיט די איבעריקע בעלי־מלאכות.

דאָס פּוילישע מיליטער האָט זיך צוריקגעצויגן, און די רויטע אַרמיי איז אַריבער דעם בוג. נאָך זייער אַריינקומען אין שטאָט, האָבן יידן געעפנט די געשעפטן. פאַר די רויטע אַרמייער איז אַלץ געווען אַ סחורה



אַ מיליטערישער פּאַראַד פון פּוילישע זעלנער אין יאָר 1920.
מצעד חגיגי של הצבא הפולני בשנת 1920.

און די געשעפטן זיינען באַלד ליידיק געוואָרן. מעלדונגען האָבן גע־פּאָדערט פון די סוחרים רעגיסטרירן די באַהאַלטענע סחורות. ס׳זיינען אויך פאַרגעקומען מיטינגען, וועלכע האָבן גערופן זיך מאָביליזירן אין דער אַרמיי.

די שטאָט איז עטלעכע מאָל איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט און די יידישע באַפעלקערונג האָט נישט ווייניק געליטן דערפון. די פּוילישע, אַנטיסעמיטישע באַפעלקערונג, וואָס האָט זיך איינגעבילדעט, אַז די גאַנצע רויטע אַרמיי באַשטייט פון יידן, און יידן און קאָמוניסטן זיינען דאָס זעלבע, האָט מורא געהאַט צו העצן קעגן יידן, אויס מורא טאָמער וועט שפּעטער ווידער קומען די רויטע אַרמיי און מען וועט זיך מיט זיי אָפּרעכענען. אָבער אין דער פּוילישער אַרמיי האָבן נישט געפעלט קיין כוליגאַנעס און מען האָט זיי נישט באַדאַרפט העצן.

## אַדאַנק דעם מאַנאַטיצער גלח

נאָכן נס ביים ווייסל האָט די רויטע אַרמיי פאַרלאָזן אויף שטענדיק די שטאָט. דאָס פּוילישע מיליטער, וואָס איז אריין צוריק, האָט געשלאָגן און געראַבעוועט, אָבער אַדאַנק דעם מאַנאַטיצער גלח זיינען יידן ניצול געוואָרן פון אַ פּאָגראָם.

די געשיכטע דערפון איז אַזעלכע. אין דאָרף מאַנאַטיץ, 7 קילאָמעטער פון שטאָט, האָבן געלעבט פּוילישע און רוסישע פּויערים. צווישן זיי איז קיינמאָל קיין שלום־בית נישט געווען. ווען די רויטע אַרמיי האָט פאַרנומען הרוביעשאָוו, האָבן די רוסישע פּויערים מלשין געווען אויף דעם גלח. ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און מען האָט דעם גלח געבראַכט אַ געבונדענעם און זיין לעבן איז געהאַנגען אויף אַ האָר. אַז יידן האָבן זיך פון דעם דערוווסט, איז באַלד אַוועק אַ דעלעגאַציע צום רויטן קאָמענדאַנט און אים אויפגעקלערט, אַז דער גלח איז אַן ערלעכער מאַן און מישט זיך נישט אין פּאָליטיק. נאָך גרויס מי איז געלונגען די יידן דעם גלח צו באַפרייען.

דער גלח ווידער, אַז ער האָט דערהערט וואָס ס׳טוט זיך אין שטאָט, איז געקומען צו לויפן מיטן צלם אין האַנט, דערציילט די פּוילישע סאָלדאַטן די געשיכטע, וואָס ס׳האָט מיט אים פּאַסירט און געפּועלט ביים פּוילישן קאָמענדאַנט ער זאָל האַלטן אָרדענונג אין שטאָט. אַזוי איז הרוביעשאָוו ניצול געוואָרן.

## די האַלערטשיקעס

די סאָלדאַטן פון גענעראַל האַלערס אַרמיי, אַנטיסעמיטן און קרימינעלע עלעמענטן, וואָס האָבן געשניטן ביי יידן בערד, האָבן נישט אויסגע־מיטן הרוביעשאָוו. אין באַנדיט האָט דערמאָרדעט הינטער דער שטאָט דעם הויכן שמואל.

אין הרוביעשאָוו איז געקומען אַ סיים־קאָמיסיע אויסצופאָרשן זייערע מעשים. צווישן אירע מיטגלידער איז געווען דער סיים־דעפּוטאַט ד״ר יצחק שיפּער ז״ל. מען האָט געשריבן און געפּאָרשט און פון דעם איז גאָרנישט אַרויס. די טויטע זיינען נישט לעבעדיק געוואָרן.

נאָך דער מלחמה איז די עקאָנאָמישע לאַגע אין שטעטל געוואָרן נאָך ערגער. גרויסע שטייערן זיינען אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף יידן. די פּאַליצעס אין די יידישע קראָמען זיינען געוואָרן ליידיק און אַ סך יידן האָבן נישט געקענט באַצאָלן די שטייערן, וואָס מען האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט. דאָס האָט געבראַכט צו דער ליקווידאַציע פון געשעפטן און צו אַנדערע פּרנסות האָט מען יידן נישט צוגעלאָזט. דאָס איז געווען די עקאָנאָמישע פּאָליטיק פון דעם באַוווסטן גראַבסקי, אַרויסצושטויסן יידן פון האַנדל.

אין יענע צייטן האָט זיך באַוויזן אין שטעטל אַ בחור מיט רויטע בעקעלעך — מייטשע האָפּמאַן. געטראָגן האָט ער אַ פּאָר גלאַנציקע שטיוועלעך, אַ פּאָר גאַליפע הויזן, און אַ סטאַלין־מאַרינאַרקע, וואָס האָט זיך פאַרקנעפּלט ביז אונטערן האַלדז. אָפט האָט מען אים געזען מיט אַ בינטל ביכער אונטערן אָרעם. געזאָגט האָט מען אויף אים, אַז ער קומט פון יענער זייט סמבטיון, פון די רויטע יידעלעך. מיין טאַטע, דער סופר עליו־השלום, האָט אים גערופן „קרקפתא דלא מנח תפילין״. דאָס בחורל האָט געהאַט אַ סך ענערגיע, נישט ווייניק אַמביציע און אויך אַ לעבנס־דערפאַרונג, וואָס ער האָט דערוואָרבן ביי די רויטע. ער האָט אויפגעוועקט דאָס שטעטל פון זיין טיפן שלאָף.

די כוחות פון ארבעטנדן ארץ־ישראל האָבן גענומען בליען. ס׳איז געגרינדעט געוואָרן די פּועלי־ציון פּאַרטיי און די פרייהייט, די תל־חי־שול און די ברענער־ביבליאָטעק.

דער החלוץ און החלוץ־הצעיר האָבן אַרויסגעשיקט חברים אויף הכשרה אין גראַבאָוו, קלאָסאָוו, איוואַצעוויטש און אין אַנדערע מקומות. ס׳איז אָרגאַניזירט געוואָרן דער קרן־עליה, וואָס האָט געהאָלפן אומפאַרמעגלעכע חלוצים עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל.

ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ דראַמאַטישער קרייז, וואָס פלעגט אויספירן ספּעקטאַקלען, און מיט דער הכנסה געהאָלפן אויסהאַלטן די אויבנדערמאָנטע אינסטיטוציעס, און געבראַכט יידישע שרייבער און טוער אויף פאַרטראַגן. דער ציון־געדאַנק האָט טיף אַריינגעדרונגען אין די ברייטע שיכטן און אויסגעוואַקסן אויף דער יידישער גאַס.

מיטן עפענען די טויערן פאַר דער 5־טער עליה זיינען אַ סך חברים אַוועק קיין ארץ־ישראל. אונזערע חברים האָבן מקיים געווען דעם פּסוק: כי בהר ציון ובירושלים תהיה פליטה. אויף מאַמע־לשון: אַלע וועגן פירן קיין ארץ־ישראל.

מיט דעם פאַרענדיק איך מיין בינטל זכרונות.

# דער דאָרף האַרידאַק*

דער דאָרף האַרידאַק האָט זיך געפונען פיר ווייאָרסט פון הרוביעשאָוו. פון די צוועלף יידישע משפחות, וואָס האָבן געוווינט אין דאָרף, האָט אַ גרויסע טייל געצויגן חיונה פון דער ווירטשאַפט פון פּריץ קשאַנאָווסקי.

אויפן שטח, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיטן טייך, האָט דער פּריץ אַוועקגעשטעלט צוויי וואַסער־מילן, פון וועלכע ס׳האָבן זיך דערנערט ביי אַ פינף יידישע משפחות. אין דאָרף האָט אויך געוווינט אַ מילכיקער, וועלכער פלעגט אַלע טאָג אָפּקויפן ביים פּריץ די מילך און אוועקפירן אין שטאָט. יידן האָבן זיך אויך פאַרנומען מיט פישעריי. זיי האָבן אָפּגעדונגען די אַזיערע ביים פּריץ און די געכאַפּטע פיש פלעגט מען דאַנערשטיק אין שטאָט אַוועקפירן, כדי הרוביעשאָווער יידן זאָלן האָבן פרישע פיש אויף שבת.

די יידישע משפחות האָבן זיך גרופּירט אין איין טייל דאָרף. צווישן זיי זיינען געווען לומדים, פּשוטע יידן און אפילו געזונטע עמי־הארצים. די ערשטע צייט איז מען זיך נוהג געווען צו ברענגען אַ מלמד אין דאָרף און יעדן חודש האָט ער געוווינט ביי אַן אַנדער משפחה און דאָרט געפּראַוועט דאָס מלמדות. שפּעטער האָט דער פּריץ געשאַנקען די יידן אַ דירה, וועלכע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בית־מדרש. דאָרט האָט זיך דער שטאָט־מלמד זיין חדר איינגעאָרדנט און יידישע דאָרפס־קינדער האָבן דאָרט תורה געשלונגען.

די הרוביעשאָווער און קרילאָווער מעל־שענקער, וועלכע פלעגן קומען אין דאָרף מאָלן זייערע תבואות, פלעגן די האַרידאַקער יידן מזכה זיין מיט אַ שחרית און מנחה. פון זיי פלעגט מען אויך הערן אַ ביסל דברי־תורה, ווי אויך נייעס פון דער גרויסער וועלט. און אַלס דאַנק פלעגן די דאָרפס־יידן מיט זיי אַ געשמאַקן לחיים מאַכן און געבן צו פאַרבייסן פרישע, דאָרפישע קעזלעך.

* לויט דער דערציילונג פון דער פאַמיליע כהנא.

# מאיר האפמאן / דער טשוואַרניאַק

קבוץ שפיים

ה רוביעשאָוו איז אויף דער מאַפּע פון פּוילן געבליבן. אירע גאַסן און געסלעך פיגורירן, ווי פאַר דער גרויזאַמער יידן־שחיטה.

אָבער פאַר אונז, געבוירענע און דערצויגענע דאָרט, איז די שטאָט נישט געווען בלויז אַ טרוקענע פאַרצייכענונג פון אַ געוויסן שטח.

דורות האָבן דאָרט פון אַלץ און פון אַלעמען געאָטעמט. שבתים און יום־טובים, ווינטער, זומער און פרילינג, חתונות און לוויות, שרפות און טייך־אויסגוסן — דאָס אַלץ האָט געשאַפן אַ שלל פאַרבן, אין וועלכע דו האָסט זיך געשפיגלט און וועלכע האָבן געגעבן אַ טעם דעם לעבן.

מאיר האָפמאַן

זיי האָבן, אפילו, געוואַרעמט פון דער ווייטנס, ווען דו האָסט זיך שוין געפונען אין אַנדערע וועלטן און אונטער אַנדערע הימלען. דער קלאַנג פון שטעטל האָט דיך פון דער ווייטנס געלאקט, האָסט געפילט, אַז דו האָסט אַן עבר, אַז דו ביסט נישט אָפּהענגיק אין פרעמדע, ווו קיינער קען דיך נישט און דו קענסט קיינעם נישט. האָסט שטענדיק געזען פאַר זיך דיינע, נאָענטע יידן און האָסט געפילט פיל טעם און ריח.

הרוביעשאָוו האָט אין דער געשיכטע פון פּוילן קיין באַזונדער אָרט נישט פאַרנומען, אויך אין דער געשיכטע פון יידן אין פּוילן האָט זי מיט עפּעס באַזונדערעס זיך נישט אויסגעצייכנט. שטיל, אָן רעש, אָן אימפּעט האָט זי אירע טריט געשטעלט אין געשיכטלעכן יידיש־פּוילישן לעבן. אָפּקלאַנגען פון דער אַרומיקער וועלט זיינען קוים דערגאַנגען צו איר און וואָס עס האָט זיך צו איר צוגעקלעפּט, איז געווען אָן שאַרפע שפּיצן.

זי האָט אפילו מיטגעמאַכט דעם חסידישן־מתנגדישן קאַמף, אויך טועם געווען די משכילישע שפּראָצונגען, אָבער שטענדיק געהיט זיך פון מחלוקת. זי איז געווען אַ שטאָט אָן פאַרביטערטע קנאים, וואָס פאַרוואַנדלען יעדן מוח־קנייטש אין אַ פּרינציפּ און יעדע נייע אָרדענונג אין „יהרג ואל יעבור״. זי האָט זיך אויך נישט פאַרנומען מיט האר־שפּאַלטונג. פּשוטע, ווילע יידן האָבן דאָרט דורות־ווייז געבויט אַ יידיש פאָלקס־לעבן.

### אונזערע שכנים

דאָס הויז, אין וועלכן איך בין געבוירן, האָט מען גערופן „ט ש ו ו א ר נ י א ק״. עס האָט פאַרמאָגט פיר דירות מיט פיר בעלי־בתים.



הרוביעשאָווער באָדן זיך אין טייך ביי דער בלאָניע און רחל פּראָסט פּאַשעט דאָ גענז.
רחיצה בנהר — תענוג, אולם רחל פרוסט נהנית מתענוג אחר: היא מפטמת אוזים.

געשטאַנען איז דאָס הויז צווישן די הייזער פון א ה ר ן ב י ל ג א ר י י און ש ל מ ה א פ ר ת. דער הויפּט־שכן איז געווען דער טייך הוטשווע, וואָס האָט קיינמאָל נישט געכוואַליעט, שטענדיק רויק געלאָזט זיך פון יעדן באַהערשן. אויך די קאָלירן האָבן זיך נישט געביטן. זומער איז ער געווען גרין־געל פון די בלעטער און געוויקסן, וואָס האָבן זיך ברייטלעך אין שטילן וואַסער באַזעצט. ווינטער האָט אים דער פראָסט גרינג און גיך איינגעביסן. ווען די שליזשע האָט נאָך מלחמה געהאַלטן מיט די אייז־צעפלעך, איז שוין די הוטשווע לאַנג געווען באַדעקט מיט אייז, באַשפּריצט מיט שניי־פעדערן. די אייז־שניידערס פלעגן ווינטער קומען מעסטן די אייז־גרעב, כדי אָנצופילן ג א ל ד ע און ח י ה צ א ל ס קעלערן מיט אייז.

גוטע שווימערס, גרויסע קלאַפּטער־לייגערס פלעגן דעם טייך מיט אַ שמייכל אויסמיידן. ס׳איז נישט געווען דאָ פאַר זיי קיין פּלאַץ, ווו די הענט צעפירן. האָבן אים טאַקע אויסגעניצט די חסידישע יונגעלייט פון דער געגנט. דאָ פלעגן זיי פרייטיק פאַרנאַכט מאַכן ערנסט און גיך זייער ערב־שבת טבילה. גאַנץ אָפט איז זייער טבילה געשטערט געוואָרן דורך די דינסטן, וואָס פלעגן זיך באַווייזן אויף דער צווייטער זייט, כדי אָנצושעפּן וואַסער פאַר די נגידישע הייזער. אויף יענער זייט טייך האָבן געוווינט עטלעכע שטאָט־גבירים, צווישן זיי דער, וועגן וועלכן מען האָט געזאָגט, אַז ער האָט, נעבעך, געפירט אַ שטאַרקן קאַמף מיטן יצר־הרע...

### אַ טרויעריקע שטוב

די פיר דירות זיינען נישט געווען סתם דירות, נאָר פיר באַזונדערע וועלטלעך. נאָך היינט צו טאָג זע איך אַלע איינוווינער פון הויז און עס דאַכט זיך מיר, אַז עס האָט די פיר געזינדלעך איינער מיטן צווייטן גאָרנישט געבונדן. יעדער איינער איז געווען פאַרטאָן אין אויספלאָנטערן זיך פון זיינע עגמת־נפש.

אין איין שטוב איז דער ברויט־געבער געווען אַ פאַכמאַן צו בויען מילן. זונטיק אינדערפרי, ווען עס האָט נאָר אָנגעהויבן צו טאָגן, האָט ער שוין געשפּאַנט אין זיינע דערפער, אין הויז האָט ער איבערגעלאָזט אַ שוואַכע יידענע מיט צוויי זין.

דער יינגערער, אַן עפּילעפּטיקער, און האַלב־שטומער. כ׳פלעג זיך היטן, אַז ער זאָל מיר נישט אָנכאַפּן אַ פינגער. אָן געוויין האָט ער מיר דעם פינגער קיינמאָל נישט אומגעקערט. דער צווייטער זון איז געווען אַ יינגערמאַן מיט אַן הדרת־פּנים. געטראָגן אויף זיך אַ הויך אָנגעפּאַקטע פּלייצע, וואָס איז אים געקומען פון אַריינשלינגען אַ סך פעטע עסנס, כדי צו דערהאַלטן די ביז גאָר שוואַכע לונגען. ער איז געווען אַ שותק, פלעגט מיר אָנקוקן מיט אַ פּאָר קיילעכדיקע, סאַמעטענע אויגן, דער האַלז שטענדיק אַרומגעוויקלט מיט אַ טיכל, אַ סגולה נישט צום פאַר־קילן זיך.

ביידע זין האָבן נישט אויסגעלעבט זייער לעבן. דער ערשטער איז אַוועקגעשטאָרבן דער זון מיט די קראַנקע לונגען און איבערגעלאָזט די פעטע, שמאַלציקע געקעכצן מיטן האַלז־טיכל.

נאָך אים איז דער עפּילעפּטיקער נאָכגעגאַנגען. היינט, נאָך אַ סך אַ סך יאָרן, זע איך פאַר מיינע אויגן זיין אויסזען ביי זיין אַוועקפאַלן.

די שטוב האָט זיך פון די קראַנקע זין אויסגעליידיקט, אָבער דער טאַטע, דער סטאָלער, האָט ממשיך געווען אין די דערפער פאַריכטן און אויפשטעלן מילן. נאָר פרייטיק פלעגט ער זיך באַווייזן, כדי מקבל שבת זיין.

אַריינקומענדיק צו זיי, פלעגט זיך מיר דאַכטן, אַז אָט אָט וועט פון וועלכן עס איז ווינקל אַרויסקריכן דער שווייגנדיקער, אָנגעגאָסענער מלך מיטן טיכל אויפן האַלז און ב ר ו ך, דער עפּילעפּטיקער, וועט אַוועקפאַלן און די מאַמע זיינע, ח נ ה מ י נ ד ל, וועט אים רואיק די פּיאַנע פון מויל אָפּווישן.

אַ טרויעריקע שטוב געווען, אַ שטוב אָן אַ שמייכל, אַ שטוב ווו פאַר אַ

געלעכטער איז קיין פּלאַץ נישט געווען, אַ שטוב ווו דער מלאך־המוות האָט זיך אין אַלע ווינקלעך באַזעצט.

## אַ משפּחה פון האָראָפּאַשניקעס

אין דער אַנדערער זייט האָט געוווינט גאָר אַן אַנדער משפּחה פון האָראפּאשניקעס, וועלכע האָט אויסגעלעבט איר וועלטל בכבוד. געוווינט האָבן זיי אין אַ גאַנץ גרויסער שטוב, וועלכע איז אָנגעפילט געוואָרן פון טאַטע־מאַמע מיט זעקס קינדער; פיר מיידלעך און צוויי זין. נאָר די עלטסטע טאָכטער האָט פאַרשפּעטיקט חתונה צו האָבן. זעט אויס, אַז איר מגושמדיקייט האָט איר דערין געשטערט. די איבעריקע אַרבעטס־מיידלעך, אַלע שוואַרץ־חנוודיקע, קלוגע, אָנגעפילט מיט פולע, הויכע בוזעמס.

די שטוב פלעגט מיך ציען. ווי נאָר איך בין פריי געוואָרן פון לערנען, פלעג איך זיך אין דעם ארבעטס־געזינדל אריינכאַפּן. דעם טאַטן האָט מען גערופן שלום ראליניק, אַ ייד מיט אויסגעדרייטע פינגער, זעט אויס, אַז די שווערע קלעצער מיט וועלכע ער פלעגט אייל פאַר די גוים אַרויסציען, האָבן אין אַ יריד־טאָג, אינמיטן דעם גרויסן גערודער, זיינע פינגער אַריינגעכאַפּט און צעדרייט. כ׳פאַרשטיי נישט ביז היינט, ווי ער האָט מיט אַזעלכע צעדרייטע פינגער דעם לעפל עסן צום מויל געבראַכט. קיין סך נוצן האָט שוין דער הארפאשנער טאַטע דער משפּחה נישט געבראַכט, נאָר דערפאַר האָט אים גאָט געשאנקען אַ זון, מאטע, וועלכער האָט דאָס אייל־קוועטשן מיט ניגונים און לידער באַגלייט. די שכנים פלעגן זאָגן, אַז ער געהערט צו די סטרייקערס און די סטרייקערס זינגען שיין.

מיין באבע, טאָבעלע, איז געשטאַנען אויף דער וואַך. לאַנג האָט זי מיך נישט געלאָזט אין דער אַרבעטס־שטוב פאַרברענגען און מיך האָט דוקא אַהין געצויגן, ס׳האָבן מיר געצויגן די פּראָלעטאַרישע, טונקעלע קליסקעלעך מיט קעז, וואָס זיינען געשמאַק געשלונגען געוואָרן פון די געזונטע, פריילעכע מיילער. ס׳האָט מיך געצויגן דער גוטמוטיקער מאטע מיט זיינע לידער און אפשר גאָר די שוואַרץ־חנוודיקע און געשמאַקע מיידן.

כ׳האָב זיי שפּעטער אין לעבן נישט באַגעגנט. ווי איך האָב געהערט, זיינען זיי אַלע אַריבער אויף יענער זייט ים. דער אַרבעטס־משפּחה האָט אָפּגעגליקט נישט אַריינצופאַלן צו די היטלער־בעסטיעס.

## ווי אַזוי דער יתום האָט זיין לעבן פאַרטאַכלעוועט

די דריטע „טשוואַרניאַק״־דירה האָט זיך אויסגעצייכנט מיט גאָר עפּעס אַנדערש. אויך אַהין פלעג איך אָפּט אַריינשמעקן. דאָס איז געווען אַ שטוב ווייט פון פריילעכקייט, ווייט פון געזונטע רויקייט, פריילעכע געזאַנגען און אַרבעטס־געלעכטער.

דער טאַטע זייערער האָט געהאַט געזונטע פינגער, אָבער דערפאַר זיינען די אויגן מיטן מויל געווען שטענדיק אָנגעשפּיזט, ממש געשפּריצט מיט פייער. זיין קול, ביים תהלים־זאָגן און מעביר־סדרה זיין, האָט מיר אָפּט געשטערט זיך צוהערן צו מיין זיידנס האַרציקן גמרא־ניגון. נישט איינמאָל האָב איך מיר געטראַכט, אַז מיט אַזעלכע קולות באַגלייטן, אוודאי, די מלאכי־חבלה אויף יענער וועלט די פאַרוואַגלטע נשמות, וועלכע מוזן געפינען פאַר זיך אַ תיקון.

אין דער שטוב האָב איך געקראָגן די ערשטע, פּעדאַגאָגיש־פּסיכאָלאָגישע לעקציע. אין דער שטוב האָט זיך געהאַט דערצויגן אַ פולער יתום.

כ׳האָב קיינמאָל נישט געהערט, ווען און ווי אַזוי ער איז פאַריתומט געוואָרן. איך ווייס נאָר, אַז עס פלעגט מיך ציען צו אים. די געשרייען און די קלעפּ, וועלכע ער פלעגט אַריינכאַפּן, האָבן מיך צעטומלט און אָנגעפילט מיט פריינדשאַפט. ער האָט דאָס געפילט און ער האָט אָנגעהויבן צו זען אין מיר אַ פריינד. אין מיינע סכסוכים מיט די חדר־יינגלעך, אין וועלכע איך בין שטענדיק געווען דער אָנפירער, פלעגט ער זיך שטענדיק באַווייזן אין דער ריכטיקער צייט און וואַרפן אַ פּחד אויפן צווייטן צד. ער איז נישט פעיק געווען אויפצוהויבן אַ האַנט אויף וועמען. אָבער, ס׳איז געווען גענוג, אַז מען האָט געוווסט, אַז דער יתום שטייט אויף מיין צד.

זעט אויס, אַז דעם קיילעכדיקן יתום האָט דעם שוואָגערס שטוב מיט די קאַפּיטלעך תהילים, מיטן בעלזער רבינס־נוסח נישט געצויגן און נישט געוואָרעמט. מיט דער צייט האָט ער געפונען אַנדערע הייזער און אַנדערע חברים. ער האָט זיך אָנגעהויבן באַטייליקן אין נישט קיין כשרע שטיקלעך אַרבעט. פון דער „בלאטער״ חברה איז ער שוין קיינמאָל נישט אַרויס, ער האָט נישט געוואָלט און אויך נישט געקענט זיך אַ נויג טאָן אין אַנדערע וועגן. טרעפנדיק זיך מיט אים, האָב איך קיינמאָל נישט געוואַגט אים צו מוסרן. כ׳האָב זיך דערמאַנט אין זיינע קינדער־יאָרן און אָן די סצענעס, וועלכע פלעגן זיך אָפּשפּילן אויף יענער זייט וואַנט.

די טרויעריקע קינדער־יאָרן האָבן זיין גוף צעשעדיקט. הונגער און קעלט זיינען געווען זיינע באַגלייטער. די טורמעס האָבן זיין געזונט־צושטאַנד צעשעדיקט און אין תפיסה האָט ער זיין לעבן פאַרענדיקט.

## אַ שטוב אָן געלעכטער

אויך די פערטע טשוואַרניאַק־שטוב האָט נישט געוווסט פון קיין פרייילעכקייט. אַ מענטשלעכער געלעכטער, אָדער געזאַנג זיינען דאָרט דערשטיקט געוואָרן ביים געבוירן ווערן. אַן ערנסטקייט געמישט מיט צער האָט אַרויסגעקוקט פון טיר און פענצטער. אפילו, די שוואַרץ־חנוודיקע זלאטע מיט איר תמימותדיקן געלעכטער, וועלכע האָט אין איר לעבן קיין מענטש נישט באַליידיקט, וועלכע האָט נישט געוווסט וואָס הייסט אין כעס זיין, האָט אויך נישט געענדערט די שטימונג.

אויך דאָ האָט זיך דער טויט פרי אַריינגעכאַפּט און האָט די שטוב מיט אירע באַוווינער אָנגעשטעקט מיט אַ שווערן טרויער. דאָ איז אין אַ קורצער צייט געשטאָרבן אַ יונג טעכטערל מיט איר גראַטענער מאַמע. די באַליבטע, גראַטענע טאָכטער האָט דער מלאך־המוות צוגענומען ערב־פסח. צוליבן יום־טוב האָט מען געמוזט זיך צואיילן מיט דער לוויה, זי זאָל נישט אַריינקריכן אין סדר.

מען האָט מיר דערציילט, אַז דער זיידע האָט דעם טרויעריקן סדר לויטן דין געפּראַוועט. ביים „שפוך חמתך על הגויים״ האָט די באַבע, טאבעלע, נישט אויסגעהאַלטן און געחלשט. מען האָט זי קוים דערמונטערט און צום „ואתא מלאך־המוות ושחט לשוחט״ איז מען שוין נישט דערגאַנגען. אַלע אין שטוב האָבן זיך געשטיקט אין אַ טייך פון טרערן. די שכנים האָבן אויך מיטגעוויינט, נאָר דער זיידע האָט נישט פאַרלוירן דאָס גלייכגעוויכט, און געבעטן מ׳זאָל ניט פאַרגעסן אַן יום־טוב פון יציאת־מצרים.

דער טאַטע איז נאָך שבעה צוריקגעגאַנגען צו זיינע עלטערן און די צוויי יתומים, מאירל מיט ברײַנדלען, זיינען געבליבן ביי דעם זיידע־באָבע. זיי, די אלטעטשקע, האָבן, בשום אופן, נישט מסכים געווען צעשיידן זיך מיט די צוויי יתומים פון דער האַרציקער טאָכטער.

דער פאַרשטערטער יום־טוב איז אדורך און אין דער טשוואַרניאַק־שטוב האָבן זיך איינגעשטעלט שווערע טעג פון דערשלאָגנקייט און אימה. די באַבע, טויבעלע, האָט בשום אופן נישט געוואָלט משלים זיין מיטן בראָך וואָס האָט איר געטראָפן. די הויפּט־טענה איז געווען: פאַרוואָס האָט זיך דער מלאך־המוות צוגעטשעפּעט צו דעם הויז, און אין איין יאָר צוגענומען דאָס איניקל, סערל, מיט דער מאַמען. זי פלעגט צוגעבן, אפשר איז סערלען אויף יענער וועלט אומעטיק אַליין, האָט מען איר מאַמען מיטגענומען.

די באבע, טאָבעלע, מיט דער געגטער, גוט־האַרציקער טאָכטער האָבן זיך מטפל געווען מיט די צוויי יתומים. באַזונדערס האָט מען זיך אָפּגעגעבן מיט מאירן, דעם קדיש־זאָגער. אַז דאָס קינד איז קוים דריי יאָר אַלט געווען, פלעגט מען אים אַוועקשטעלן אויף אַ באַנק און עמעצער פון דער משפּחה פלעגט אים פּרוון די קדיש־ווערטער אין מויל אַריינלייגן. אַלע פלעגן דערביי נאָכזאָגן אַ טרויעריקן: „אמן״.

די צוויי יתומים זיינען געוואַקסן און דער טרויער אין זיידע־באבע־שטוב איז מיטגעוואַקסן. כ׳געדענק נישט, אַז מיר זאָלן זיך באַטייליקן אין אַ משפחה־שמחה. אויף דער באַבעס פנים האָט זיך קיין שמייכל נישט באַוויזן. דער זיידע פלעגט זיין צער אויסדריקן אין די גמרא־בלע־טער. זיין גמרא־נגון פלעגט די פֿאַרטרויערטע שטוב אַ ביסל אויפמונ־טערן, יעדער אין שטוב האָט אין ניגון זיין תוכן געפונען, אָפט פלעגט דער ניגון באַגלייט ווערן פון פ א נ ט ע ל ע וואַסערטרעגערס שווערע שטיוול, וועלכער פלעגט פאַרביי אונז שלעפן זיינע שווערע פיס צו דער אויסגעהאַקטער פּאַלאנקע.

אַ שטילקייט האָט געהערשט אַרום דעם „טשווארניאק". איך געדענק נישט קיין קינדער־רעש, קיין צעהיצטע קינדער־שפּילן.

## שלמה אפרת הויז

פון די געסל־שכנים האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון ש ל מ ה א פ ר ת, אַ ייד, אַ געפּוצטער, גערעדט הייזעריקלעך, שטענדיק געהאַלטן אַ טיי־לעפעלע, געמישט און געמישט די גלאָז און געשוויגן. כ׳געדענק נישט, אַז ער זאָל ביי וועמען פון די שכנים אַ שבת־יום־טוב וויזיט אָפּ־שטאַטן.

די ווייב, אַ הויכע מיט אַ פּאָר מייזן־אייגעלעך פלעגט זיצן לעבן אים ביים טרינקען און דערביי איינדרעמלען. אַ שטילע איידלקייט האָט פון איר אַראָפּגעקוקט, גערעדט ווייניק און אין ווייבערישע לשון־הרע זיך נישט באַטייליקט זי האָט זיך באַנוגנט מיטן אַדורכשפּאַנען דאָס לאַנגע, ליידיקע הויז און פלעגט זיך אַוועקזעצן שווייגן.

עס געדענקט זיך מיר גוט זייער יונגסטע טאָכטער, ש י י נ ד ל. דאָס איז געווען אַ הויך־וווקסיק מיידל מיט אַ פּאָר קלוגע אויגן און אַ סך טעם. אירע טריט האָבן געזאָגט זעלבסטשטענדיקייט, איידל און אינטעלי־גענט. פאַרבראַכט האָט זי אין אַן אַנדער סביבה, אָנגעזאַפּט זיך מיט אַנדערע געדאַנקען, און ביי דער פויליש־באָלשעוויסטישער מלחמה איז זי געווען טעטיק אין דער אָרטיקער, קאָמוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

מיטן אָפּטרעטן פון די באָלשעוויקעס, איז זי מיטגעגאַנגען. אין קיעוו האָט זי מיך אויסגעפונען. כ׳האָב זי כמעט נישט דערקענט, הויך, ברייט, צעוואַקסן, מוטיק, קעמפעריש, פול מיט יושר, גרייט צו ליידן פאַר דער אידעע. דריי טעג איז זי ביי מיר געווען, אויסגערוט זיך פון די שווערע מלחמה־טעג, אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם פון דעם שטורם־צייט און ווייטער זיך געשטעלט צו דער אַרבעט. זי האָט חתונה געהאַט מיט פּאַלאסן, אַן ערלעכער, אידעאישער טיפּ.

איך פלעג זיי אָפט באַזוכן אין זייער אָרעמער דירה. פון צייט צו צייט פלעגן מיר זיך צוזאַמען אַן אָרעמע וועטשערע פּראַווען און דערביי פיל זיך מתווכח זיין. עס איז מיר נישט געלונגען זיי צו איבערצייגן, און עפענען די אויגן אויף דער טראַגעדיע פון די יידישע מאַסן, דווקא אין ליכט פון דער אַזוי גערופענער „גרויסער" רעוואָלוציע, אין וועלכער זיי האָבן אַזוי ערלעך, תמימותדיק געגלויבט. ווער ווייס צו זיי בינאַנקען זיך נאָך אַרום אויף אונזער וועלט, און אפשר קלאפּן זיי זיך גאָר על־חטא.

## דער מעקלער יחיאל

דאָס גרויסע שלמה אפרת־הויז מיטן לאַנגן קאָרידאָר איז, כמעט, גע־ווען ליידיק. מען האָט נישט געהערט קיין טיר־עפענען און טיר־פאַרמאַכן. יעדער קלאַפּ איז פאַרשטילט געוואָרן אין דער לאַנגער הוילקייט. אפילו דער אָנבאָרדיקער, גראָבער, הויכער מעקלער, י ח י א ל, איז אויך דעם ליידיקן קאָרידאָר אַדורך גיך און פלינק. אין פענצטער, צום זייט פון „טשווארניאק", פלעגט ער זיך אריינגראָבן און מיט זיינע צוויי שניט־אויגן, וואָס זיינען פאַרזעצט אין זיין לאַנגן, אָנהאָריקן פנים, אי־בערן געסל אַרומגעשפּאַצירט. גאַנץ אָפט איז ער באַלד איינגעשלאָפן און אויסגעכראַפּעט אַ יחיאל־מעקלער־מזמור.

אפשר האָט זיך אים געדאַכט, אַז עס איז ערב־שבת און ער טראָגט מיט זיך אַ גרויס, אויסגעוואַשענעם זאק אין וועלכן ער זאַמלט אויסגע־בעטלטע חלות פאַר נויטבאַדערפטיקע. אפשר דאַכט זיך אים גאָר, אַז עס איז היינט שמחת־תורה און אַ צעיאַכמעטער, אַ ביסל אַן אונטערגעטרונ־קענער שפּאַנט ער איבער די געסלעך און צוזאַמען מיט נאָך אים נאָכ־לויפנדיקע קינדער שרייט ער:

— צאן קדושים, מע, מע!

קיין סך דירות צו פאַרדינגען האָט דאָס הויז נישט פאַרמאָגט. עס איז אָבער געווען אָנגעפילט מיט קעלערס, שלמה אפרת פרנסה־געבער.

איינער פון די קעלער־דינגער איז געווען דער פעל־סוחר, מ אָ ט ע ל ע מ א נ ע ס י ס, אַ ייד אַ שם־דבר, רייך ווי קורח און דערצו אַ גרויסער קמצן. נישט פאַרגונען זיך אַ בעסערן ביסן. אַ דירה פאַר זיך און פאַר זיינע בני־בית האָט ער אויסגעפונען, נישט ווייט פון בית־הקברות, אין אַ שטיבל ביי יאשקעלען. זינט כ׳געדענק אים, האָבן זיך ביי אים די האָר אויפן קאָפּ געקרייזלט. געטראָגן אויף זיך אַ הויכע פּלייצע, די הענט פאַרוקט אין די אַרבל, און פאַרוואָרפן אויף הינטן. נאָך יעדע, עטלעכע טריט פלעגט ער אַרויסוואַרפן אַ הויכן שפּיי, פאַרציענדיק דערביי, סתם אין דער וועלט אַריין, אַן אייגל. געשפּאַנט גיך, שטענדיק זיך געאיילט, געוואָלט וועמען איבעריאָגן. מאָטעלע האָט אַריינגעפּאַקט אין די קעלערס פאַרשיידענע מינים פעל און די פעל־ריחות האָבן אין הייסע זומער־טעג פאַרעיפּשט די לופט.

## דער אסטילער רב

נאָך אַ וויכטיקן שכן האָט דאָס ווינקל פאַרמאָגט: דעם אסטילער „רב", אַ קערנדיק, שטייף יידל, מיט אַ פּאָר קיילעכדיקע באַקן. גערעדט האָט ער אַ ליטוויש־קלינגענדיקן יידיש, און דערביי פלעגט ער אָפט צושמייכלען. די רביצן האָט זיך אויף דער גאַס, כמעט, נישט באַוויזן, זי פלעגט זיך נאָר פון צייט צו צייט, מיט איר גאַנצער ברייט און חוצפה, דורכן פענצ־טער אַרויסשפּאַרן.

דער אַזוי גערופענער רב איז געווען אַ קנאַפּער למדן. ס׳האָט זיך פון זיין הויז קיינמאָל נישט געהערט קיין האַרציקער גמרא־ניגון. חסי־דים און געסט פלעגן אויף זיין חשבון מיט דער נאָז דרייען.

## אַ בליק אין מאַרק

קיינער אין הרוביעשאָוו האָט נישט געחלומט ברוקירן די הינטער־גאַסן. אויך טראָטואַרן האָבן זיך גערעכנט פאַר אַן איבעריקער זאַך. מען האָט זיך באַנוגנט מיט לאַנגע, הילצערנע קלאדקעס, וועלכע האָבן זיך געצויגן ביזן מאַרק, ווו גויים פון די דערפער, פלעגן מאַכן זייערע קניות. באַ־זונדערס איז דאָ פריילעך געווען אין די טעג פון יריד.



דער רינעק אין אַ ווינטער־טאָג. השוק ביום חורף.

דאָ איז געווען דער צענטער פון אַלע טאַנדעטניקעס און היטל־מאַכער, מעל, שענקער, טעפּ און קריגן־פאַרקויפער. אויך דער קריטעניצער קאשע־מאַכער האָט דאָ זיין קאשע־מילכל געלאָזט אין גאַנג. צווישן אַלע שילדן און פאַרקויף־צייכנס האָבן זיך אויך אויסגעטיילט די דריי בלעכן ביים אַריינגאַנג צו יאָסל מענעס, וועלכער פלעגט שערן, שטעלן באַנקעס, און רייסן ציין. נישט ווייט פון אים האָט זיך געפונען די באַוווסטע קראָם מיטן באַזונדערן חן־נאָמען: „מיידל ווייבל”.

אויך דער פּרוכט און גרינוואַרג־פאַרקויף האָט זיין מזל־פּלאַץ געהאַט. אין אויסגעפלאַכטענע וויגן איז די סחורה געווען אויסגעלייגט און יעדע זיצערין האָט האַלב־זינגענדיק קונים פאַרבעטן.

באַזונדערס האָט זיך אין דעם פאַך אויסגעצייכנט דער ברייט־ביינִיקער, צעפלאַכטענער ייד, נ ח ז ע ל נ ע ר. זיין קול קלינגט האַרט איבער דעם צעשטיינערטן פּלאַץ, דער געזונטער אריה בעל־הגוף ווייסט נישט פון קיין שלאָף. ווען דער שטעטל־הימל איז שוין היפשלעך צעשטערנט, קלינגט נאָך זיין קול, ווי צעשאָטענער חצץ און פאַרן פאַרשווונדן פונם לעצטן שטערן, זעט מען נאָך נח זעלנערס פעסטן גוף אַרומשפּאַנען און מיט זיין זעלנערישן מויל בראַקט ער, סתם אין דער וועלט אַריין, אַ קאַפּיטל תהילים.

נישט ווייט פון אים איז געזעסן ר ב ק ה  מ ל כ ה ל ע ס, אַ יידענע מיט אַ קופּערנעם, גלאַנציקן פּנים, די אויגן האָט זי שטענדיק געהאַלטן האַלב־פאַרמאַכט. איין האַנט האָט שטענדיק געהאַלטן דאָס שוואַרצע שאַלכל, איר מויל האָט קיינמאָל נישט גערוט, זי האָט געהאַלטן אין איין שילטן. יעדן טאָג האָט זי געפונען אין וועמען אַריינצעשיטן אַן אוצר מיט קללות.

אין דעם שטח האָט זיך אויך געפונען דער באַוווסטער שטאָט־פּלומפּ, וועלכער האָט אָנגעפילט די ליידיקע פעסלעך פון דריי פערטל שטאָט. אַרום דעם פּלומפּ האָבן זיך פאַרזאַמלט די וואַסער־טרעגער, וואַרטנדיק אין ריי, כדי די קאַנען אָנצופילן. בינו־לבינו האָבן זיי דערליידיקט צווישן זיך פאַרשיידענע וואַסער־חשבונות. נישט איינמאָל זיינען דערביי באַנוצט געוואָרן די הילצערנע קראַמיסלען.

אויך  מ ש ה  ג ע ל ב ע ר, דער שטאָט תם, אַ גרויסער פרעסער, האָט געהערט צו די שואבי־מים. וועגן זיין אַפּעטיט זיינען ביי די חדר־יינגלעך אַרומגעגאַנגען מעשיות און גוזמאות.

אויך די מאַמע פון דער שטאָט־משוגענער, ל י ב ע ל ע, האָט דאָ געהאַט איר געוועלב מיט געזאַלצענע מינים פאַר די גויים פון די אַרומיקע דערפער. ווי זי האָט נאָר געעפנט די טירן פון איר קרעמל, האָט זיך גלייך באַוויזן ליבעלע און אָנגעהויבן האַוקען. איר בילן האָט אָנגעזאָגט, אַז די בודקעס זיינען שוין אָפן.

די גויים האָבן זי שוין געקענט, און איר האַוקען האָט זיי נישט געשטערט צו מאַכן די קניות.

נאָר מיר, חדר־יינגלעך, האָבן נישט געקענט פאַרבייגיין גלייכגילטיק. פון דער ווייטנס זיינען מיר געשטאַנען און זיך צוגעהערט צו איר אָפּגעהאַקטן בילן. אין פאַרשיידענע טענער האָט זי עס געמאַכט און איר בליק איז געווען געווענדעט אין איין פּונקט, צו דער מאַמען, פאַר וועלכער זי האָט געשאַפן אַ מין היניטישע מוזיק. נאָכן פאַרמאַכן די קראָמען, ווען דער מאַרק הו־הא איז אַנטשוויגן געוואָרן, האָט ליבעלע נִיט אויפגעהערט איר בילן.

## מענדעלע לאָזט נישט מאַכן קיין מי שברך

דאָס פינפטע יאָר, דאָס יאָר פון דער באַפרייונגס־באַוועגונג אין רוס־לאַנד, האָט אויך געהאַט אַן אָפּקלאַנג אין אונזער שטאָט. געוויסע פאַלן זיינען מיר געבליבן אין זכרון. איך געדענק, אַז אַלע האָבן גערעדט וועגן אַ  מ ע נ ד ע ל ע. זעט אויס, אַז אין אַ סך געשעענישן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין שטאָט איז ער געווען דער הויפּט־העלד. איך זע אים נאָך אַצינד, זיין שפּאַנען איבער די געסלעך אין אַ שוואַרצער בלוזע מיט אַ רויטן קוטאַס. אין חדר פלעגן זיך קינדער דערציילן פאַרשיידענע מעשיות וועגן מענדעלען. זיין נאָמען האָט געשראָקן, אַ פּושע־ישראל, וועלכער זייט אַרום זיך מורא.

ער פלעגט פאָדערן אויסלייז־געלט, ביי יעדער מחלוקת געוואָלט זיין אַ בורר, נישט געקענט פאַרטראָגן עוולות און אָנגענומען זיך פאַר יעדער באַליידיקט דינסט־מיידל. זיין טאַטע איז געווען פון מיין טאַטעס חסידים, ער איז זיך נוהג געווען אַלע פרימאָרגן אָפּקנאַקן אַ חלק זהר און עטלעכע תהילים־פּרקים. איך פלעג זיך אַוועקשטעלן נישט ווייט פון אים און איינהערן זיך, ווי ער שלינגט גיך די ווערטער. ער איז געווען אַ ייד אַ כעסן, נישט איין קינד פלעגט געניסן פון זיין צעפּאַכעטער פּאַטשיילע, אָדער גאַרטל.

זיין זונס חטאים האָבן אים אינגאַנצן צעבראָכן און צעשרויפט. אין חסידים־שטיבל האָט מען זיך געמיט זיין זונס נאָמען נישט צו דערמאָנען, אָבער קינדער האָבן זיך, להכעיס, אין אים מיט די אויגן איינגעגעסן. עס האָט אונז געצויגן צו שטיין נאָענט לעבן מענדעלעס טאַטן, מיר האָבן געפילט, אַז אין אים און אַרום אים קאָכט זיך.

אין יענער צייט איז געשען אין שטאָט אַ זאַך, וואָס האָט זיך טיף איינגעקריצט אין מיין קינדער־זכרון. געשען איז עס אין איינעם אַ יום־טוב־אָוונט. די גרויסע שול איז געווען אָנגעפּאַקט מיט יידן, אויך דער שול בעלעמער איז געווען באַזעצט. צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען מאטע, דער שטאָט־חזן. נאָך עטלעכע קלעפּ, האָט זיך דער גרויסער מענטשן־געמורמל איינגעשטילט און מאטע חזן האָט אָנגעהויבן מאַכן דעם קיסר אַ מי־שברך.

באַלד, ביי די ערשטע ווערטער, זיינען צוגעשפּרונגען עטלעכע פון מענדעלעס חברה און באַפוילן צו שווייגן. דעם חזן האָט דער אָטעם פאַרכאַפּט און ער האָט אָנגעהויבן שטאַמלען. דער אָנגעפּאַקטער שול־עולם האָט דערפילט מיט וואָס עס שמעקט. אַ שטראָם מענטשן האָט זיך אַ ריס געטאָן צום אַרויסגאַנג, דער בעלעמער איז, כמעט, ליידיק געבליבן, נאָר אַ קליינע גרופּע מענטשן האָט געמינטערט דעם חזן. אין שול איז געוואָרן טונקל, איך ווייס נישט, וועלכע הענט האָבן גענומען די לאָמפּן לעשן. נאָך גרויסע אָנשטרענגעניש איז מיין טאַטן געלונגען זיך אַרויסקריגן פונעם מקום־פּרענות. מיט גיכע טריט, אָנגעשטעקט פונעם אַלגעמיינעם פּחד, האָבן מיר די שול פאַרלאָזן און דורך הינטערגעסלעך אַוועק אַהיים. אין דער היים האָט מען פון דעם געשעעניש נישט גערעדט, מען האָט זיך נאָר איינגעהערט, אויב אין שטאָט איז שטיל, צו עס הערן זיך נישט די טריט פון קאָזאַקן־רייטער אָדער סאָלדאַטן־פּוסגייער.

## ראַדזין און בעלז קעמפן קעגן אַ מחיצה

ווי געזאָגט, האָט דער חסידים־מתנגדים קאַמף קיין וויכטיק אָרט אין אונזער שטאָט נישט פאַרנומען. אויך די טיילווייזע מחלוקת צווישן חסידים־גרופּעס, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין אַנדערע שטעט און, ממש, מרעיש־עולם געווען, זיינען ביי אונז לחלוטין אויסגעמיטן געוואָרן. דאָך געדענקט זיך אַ מחלוקת צווישן ראַדזינער און בעלזער חסידים, וועלכע האָט מיך שטאַרק מצער געווען.

געלערנט האָבן מיר אַ גרופּע ייִנגלעך אין ראַדזינער שטיבל. מיר האָבן שוין געהאַט אונזערע לומדים, צו וועלכע מיר פלעגן זיך ווענדן נאָך הילף, אָנשטויסנדיק זיך אין אַ האַרבע סוגיא. איך בין אויך געווען אַן אָפטער אַריינגייער אין בעלזער שטיבל. דאָרט זיינען קיין לערנער, כמעט, נישט געווען. דאָס פאַרברענגען דאָרט האָט מיך דערנענטערט צום בעלזער עולם.

איינמאָל, אַ פאַרנאַכט, איז די גאַנצע בעלזער ־ ראַדזינער שכנישע אידיליע צעשטערט געוואָרן. דער גורם צו דער מחלוקת איז געווען די הילצערנע וואַנט, די מחיצה. די מחיצה האָט יעדן גערייצט. יעדער צד האָט געמיינט, אַז די וואַנט האָט אים באַגזלט און האָט געזוכט אַ געלעגנהייט די וואַנט אָפּצושטופּן.

איינמאָל, אַ זומער־אָוונט, בין מנחה למעריב, איז די מלחמה אויסגעבראָכן. מען האָט נישט געוווסט, וועלכער צד האָט די מלחמה אָנגעהויבן. אַ מבול שטיינער איז איבער דער מחיצה געפלויגן. ביידע צדדים האָבן העפטיק געקעמפט. די שטיינער־וואָרפעריי איז באַגלייט געוואָרן מיט וויל־

דע אויסגעשרייען און פאַרביסענער, חסידישער עקשנות. איך האָב זיך אין דעם שטיינער־וואָרפעריי נישט באַטייליקט. אַ צעטומלטער בין איך אַרומגעלאָפן צווישןביידע צדדים און געפילט זיך שולדיק. כ׳האָב געזוכט מיט וואָס עס איז מפייס זיין מיינע, גוטע בעלזער ידידים.

דער שטיינער־קאַמף האָט זיך פאַרענדיקט. ביידע צדדים האָבן טייער באַצאָלט. אַ צעבראָכענער, מיט אַ סך צער האָב איך זיך קוים דערשלעפּט אַהיים. נישט געהאַט, אפילו, פאַר וועמען אויסצולאָזן מיין עגמת־נפש און בושה.

## מיינע מלמדים

ביי א סך מלמדים האָב איך געלערנט און פון יעדן איינעם געדענקט זיך עפּעס. בכלל, איז דער רבי געווען שטענדיק ברוגז און אָנגעבלאָזן. ווען ער האָט נישט געקענט ביי אונז עפּעס פועלן, האָט ער גערופן צו הילף די רביצן און זי פלעגט אַרויסגיין מיט איר מענה־לשון, זאָגן מוסר און געפּאָדערט פון אונז צו היטן דעם מאַנס כבוד און געזונט. די קינדער זייערע זיינען אויך געווען מיט אונז קידער־ווידער. כ׳געדענק נישט, אַז מיר זאָלן זיי משתף זיין אין שפּילן זיך.

אָבער צו איינעם פון מיינע מלמדים האָב איך געפילט אַ דרך־ארץ און אַ וואַרעמקייט. דאָס איז געווען אונזער, באַוווּסטער, ז א נ ו ו ל מ ל מ ד. ער איז געווען פאַר אונז מער חזן, ווי רבי. זיין גאַנץ אויסזען האָט געזאָגט נגינה, ער איז געווען הויך־געוויקסיק און בויגעוודיק ווי זיינע ניגונים. ביים עפענען די טיר, האָט צוזאַמען מיט אים זיך אַריינגעשלייכט אַ ברום פון אַ ניגון. בעתן מישן די גמרא־בלעטער, האָט ער מיט זיינע לאַנגע פיס די פּאַדלאָגע אהין און צוריק געמאסטן, געוואָלט זיך דערמאָנען צוזאַמען מיט אונז: במה עסקינין? און אַז ער האָט זיך דערמאָנט, האָט ער אָנגעהויבן דעם פּרק ערנסט, שמייכלענדיק, מיט אַ זאַנוול־ניגון און די לאַנגע עלנבויגנס האָבן זיך באַוועגט נאָכן גמרא־ניגון.

כ׳האָב געפילט אַ נאָענטקייט צו אים און צו זיינע בני־בית. די רביצן פלעגט זיך אין חדר־ענינים נישט מישן, ביים לערנען פלעגט זי אָפּט זיצן אויף יענער זייט פאָרהאַנג, דרימלען און זיך איינהערן אין די גמרא־טענער.

אויך זייערע קינדער זיינען מיר נאָענט געווען. מיט יאָרן שפּעטער, ווען איך בין שוין ארויס לתרבות רעה, נאָכן צוריקקערן פון דער ברייטער וועלט, פלעג איך זיי באַזוכן.

## המלבין פני חברו ברבים

„הכל תלוי במזל, אפילו ספר־התורה שבהיכל" — שטייט געשריבן. זעט אויס, אַז די אויפגעניייטע, רעשדיקע, אטלאסענע קאַפּאָטע, מיט וועלכער ער האָט זיך געוואָלט אַריינשפּאַרן אין מזרח־וואַנט, איז נישט געווען אַזוי מזלדיק. איך ווייס בכלל נישט, ווי אַזוי ב., אַ פּשוטער בעל־מלאכה און דערצו נישט איבעריק בקי אין די קליינע אותיות, האָט זיך אַריינגעדרייט צווישן די ראַדזינער, ווו דער רוב האָט זיך געפילט היימיש אין גמרא מיט פוסקים.

ב. איז געווען אַ ייד, אַ ברייטביייניקער מיט פולע באַקן, ווייט נישט קיין קלוגער, וועלכער האָט זיך באַמיט אַרויפציען אויף זיך הדרת־פּנים. אין שמועסן האָט ער נישט געוואַגט אַריינמישן זיך, באַנוגנט זיך מיט אַ פליישיק אונטערשמייכלען. געזען האָט מען, אַז דער ייד איז פול מיט קנאה. די אויגן שפּאַרן זיך צו דער מזרח־וואַנט, ווו די ערשטע פידל שפּילן, ר׳ ה ע ר ש ע ל ע נ ח ס און א ב ר ה ם י ע ק ב. די געציילטע בעלי־מלאכות האָט ער, כמעט, ווי אויסגעמיטן.

איינמאָל איז אַדורכגעפלויגן צווישן עולם אַ ידיעה אז, ב. נייט זיך ספּעציעלע שבת־בגדים. וכך הוה. אין אַ געוויינלעכן פרייטיק־צונאַכט האָט ער זיך באַוויזן אין די נייע בגדים. די גלאַנצנדיקע שבת־יום־טוב קאַפּאָטע האָט געשימערירט, אַנטקעגן דעם גרויסן בליץ־לאַמפּ. ער האָט נישט גערוט און מורמלענדיק, האָט ער זיך אַריבערגעשאַרט אויף יענער זייט שולחן און פון דאָרט איז נאָר איין טריט צו מזרח, וווהין עס ציט אים שוין אַ לאַנגע צייט. ער האָט געוואַגט, ער האָט דעם טריט געמאַכט. ער שטייט שוין ביים ארון קודש, צווישן ר׳ ה ע ר ש ע ל ע ן און מ ר ד כ י י ו ס ף, און דאָ האָט זיך אומדערוואַרט מרדכי יוספס קול געהערט:

— א, דו גראָבער יונג, קענסט זיך נישט געפינען קיין אַנדער אָרט, דווקא דאָ אין מזרח געפעלט דיר. אַ ציטער איז אדורך איבערן שטיבל, אַלע האָבן געשוויגן, נאָר ביי מיר, אין האַרצן, האָט זיך עפּעס אָפּגעריסן. כ׳האָב אויף אים רחמנות געקראָגן, און זיך דערמאַנט: המלבין את פני חברו ברבים.

דער פאַל האָט מיך אינגאַנצן צערודערט. דעם פרייטיק־צונאַכט האָט זיך דער יסוד פון מיין וועלטל צעטרייסלט.

## אַ מאָרד אין שטעטל

געשען איז עס אין פרייטיק. ל י י ב י ש ש מ ש האָט שוין לאַנג אין די טירן אָנגעקלאַפּט און צעוויסן געגעבן, אַז ס׳איז צייט ליכט צו בענטשן. יידן האָבן פאַרקלאַפּט און פאַרמאַכט די קראָמען. לייביש שמש צינדט שוין אין דער גרויסער שול די שבת־לאַמפּן און דאָ לאָזט זיך הערן אַ מין בת־קול:

— יידן, גוואַלד, מ׳האָט אַ מיידל געשטאָכן, אַ מאָרד אין שטאָט!

ווי אַ דונער איז די ידיעה דורכגעלאָפן איבער דער גאַנצער שטאָט. עלטערע האָבן נישט געקענט און אויך נישט געוואָלט דעם ערב־שבת פּאָדעם איבעררייסן, געמאַכט זיך נישט הערנדיק און אין די שטיבלעך, און בתי־מדרשים ווי געוויינלעך געשפּאַנט, אָבער די ייִנגערע, מיט די חדר־ייִנגלעך בראש, האָבן די שבת־שטובן מיט די אָנגעצונדענע שבת־ליכט פאַרלאָזט און אַוועק אַהין, ווו דאָס אומגליק איז געשען.

געשען איז עס אויף דער קלאַדקע, צווישן בנצעלע מלמד און גלחס כאַד. דאָרט האָט געוווינט דער דרדקי־מלמד, דער ל אַ נ ג ע ר א ב ר ה ם, און זיינס אַ מיידל איז געשטאָכן געוואָרן פרייטיק, נאָענט צו ליכט בענטשן, פון אַ פאַרליבטן שוסטער־געזעל.

דער פאַרזאַמלטער עולם קוקט זיך איין די אויגן און שוויגט, אַ טייל שטייט ווי צוגעשמידט צום וואַרעמען בלוט און לאָזט נישט דאָס וואַרעמע, יונגע בלוט פאַראומרייניקן.

דער שטעכער מיט דער צעשטאָכענער זיינען שוין נישטאָ. אַלץ שווייגט, אַלע זיינען דערשלאָגן, דעם גלחס סאַד קוקט צו אונז מיט פּחד.

פּלוצעם האָט זיך פונם לאַנגן אברהם הויז דערהערט אַ פאַרשטיקט געוויין. מ׳האָט נישט געוווסט ווער עס וויינט דאָרט, צו די עלטערן באַוויינען די דערשטאָכענע טאָכטער, אָדער עס וויינט דער בלוט־פאַרפלעקטער שבת.



פרייטיק־צונאַכט ביי דער משפּחה אייזנקראַנץ. ליל ששי בבית משפחת איזנקרנץ.
פון רעכטס: מרדכי, פראני, חיים משה, רחל און פּערל.

## לייביש פראסט / אַ שפּאַציר איבער דער שול־גאַס

בת־ים

ווען מיר דערמאנען זיך אן אונזער שטעטל הרוביעשאָוו, מוזן מיר קודם־כל מאַכן אַ שפּאַציר איבער דער שול־גאס, וועלכע איז יעדן יידן אין שטעטל איינגעקריצט אין זכרון. די גאס מיט בתי־מדרשים און שטיבעלעך, מיט חדרים און תלמוד־תורות, איז געווען דער גייסטיקער צענטער פון אונזער שטעטל אין משך פון דורות. פרימאָרגן און פאַרנאַכט, שבתים און יום־טובים זיינען אַלע וועגן, וואָס האָבן געפירט אין שול־גאַס, געווען פול מיט יידן. יעדער האָט געהאַט זיין שטיבל און זיין מנין. דאָ האָט מען אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס וואָכעדיקע, שווערע לעבן, די דאגות און זאָרגן. דאָ האָט מען געגלייבט באמונה שלמה, אַז די תפילות וועלן אָנגענומען ווערן און מען וועט אויסבעטן אַ ישועה פאַר זיך און פאַרן גאַנצן כלל ישראל.

באַזונדערס האָט אויפגעלעבט די שול־גאַס, ווען ס׳זיינען געקומען די רביים. דעמאָלט האָבן געזאנג און טענץ אָנגעפילט די גאַס און צו דער באַגייסטערונג פון די חסידים איז נישט געווען קיין גרענעץ.

ווען די פיר זין פון טריסקער רבי פלעגן אויף יאָרצייט קומען קיין הרוביעשאָוו, האָט די שול־גאַס באַקומען אַ באַזונדער, יום־טובדיקן אויסזען. טויזנטער חסידים פלעגן דערלאַנגען אַ צעטל די רבנים, און בעטן אַן עצה און אַ ברכה. בעלי־מומים און קאַליקעס פלעגן קומען צום רבינס קבר, מיט דער האָפענונג, אפשר וועט געשען אַ נס און זיי וועלן געזונט ווערן. סופרים פלעגן זיצן און שרייבן פאַר די חסידים קוויטלעך צום רבין, און די גאַס איז געווען באַלעבט טאָג און נאַכט.

באַזונדערס יום־טובדיק האָט אויסגעזען די שול־גאַס, ווען מ׳האָט אַריינגעפירט אַ ספר, דעמאָלט איז די גאַנצע שטאָט געקומען אין שול ביייווינען די פייערלעכקייט. כלי־זמר האָבן געשפּילט, יונגעלייט האָבן זיך פארשטעלט, און געריטן אויף פערד, דער שלייפער איז געגאַנגען אויף הויכע שטאלצן, און דער עולם האָט געטאַנצט און געזונגען ביז שפּעט אין דער נאַכט.

די שול־גאַס האָט אויך צו דערציילן טרויעריקע איבערלעבונגען. דאָס איז געווען אין אָנהויב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די צאַרישע אַרמיי האָט איר גרימצאָרן, ווי תמיד, אויסגעלאָזן צו יידן, און האָט פון פיל גרענעץ־שטעטלעך אַרויסגעטריבן די יידישע באַפעלקערונג. דעמאָלט זיינען קיין הרוביעשאָוו אָנגעקומען טויזנטער היימלאָזע, וועלכע האָבן באַזעצט אַלע בתי־מדרשים און שטיבלעך. ס׳האָט זיי געדראָט הונגער און טיפוס, און די שול־גאַס האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון איין, גרויסן לאַגער.

ווען דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט, זיינען די שטיבלעך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין לאַזאַרעטן פאַר די פאַרווונדעטע פוןביידע צדדים. יענע טעג האָבן זיך גוט איינגעקריצט אין זכרון די שול־גאַס־איינוווינער.

די שול־גאַס איז געווען אַ ברייטע גאַס, פון ביידע זייטן זיינען געשטאַנען נידעריקע, הילצערנע הייזער, זעלטן אַ הויז מיט אַן אַרויפגעצויגענעם גאָרן. די דעכער, לרוב, מיט שינדלעך. לענגאויס די הייזער זיינען געלעגן הילצערנע קלאַדקעס, כמעט תמיד, צעפוילט און צעבראָכן. די גאַס איז געווען אַ בלאָטיקע, אָבער ערב־פּסח, און נאָך סוכות איז זי פאַרוואַנדלט געוואָרן, אין אַ גרויסער, טיפער, געדיכטער בלאָטע. בעלי־עגלות זיינען, כמעט, ווי פאַרזונקען געוואָרן מיט זייער פערד און וואָגן. אַריבערגיין פון איין זייט גאַס אויף דער צווייטער איז געווען אומעגלעך, און ווער ס׳האָט נישט געטראָגן קיין הויכע שטיוול, האָט געמוזט איבערלאָזן די שיך אין בלאָטע. ווינטער, אין די גרויסע פרעסט, ווען אַ טיפער שניי האָט אַלץ פאַרדעקט, האָט זיך געשאַפן אַן אידעאַלער שליט־וועגס. זומער, אין די גרויסע היצן, פלעגן די בלאָטעס אויסטריקענען, און מען האָט געקענט פראַנק און פריי שפּאַצירן אין מיטן וועג.

גבירים האָבן אויף דער שול־גאַס נישט געוווינט. אירע איינוווינער זיינען באַשטאַנען פון: קרעמער, מארק־הענדלער, בעלי־מלאכות, מלמדים, אַרבעטער, און סתם אָרעמקייט.

די שול, וועלכע איז געשטאַנען ביים אָנהויב פון דער גאַס, איז געווען אַ גרויסע, הויכע, געמויערטע, און פיל־שטאָקיקע מיט גרויסע, שווערע, געשניצטע, דעמבענע טירן, הויכע האַלב־צירקל פענצטער, מיט פאַרשיידנפאַרביקע שויבן, געדעקט מיט אַ בלעכענעם דאך.

פון מערב זייט האָבן עטלעכע טרעפּ געפירט אין די דריי איינגענג פון שול־קאָרידאָר, ווו פון ביידע זייטן זיינען געווען פאַלישן. אין שניידערישן פאַליש פלעגט יאָסל קאַשעמאַכער אַלע שבת לערנען פאַרן עולם די פרשה חומש.

פון שול־קאָרידאָר האָבן דריי אריינגענג אַראָפּגעפירט אין דער גרויסער שול. דער סופיט איז געווען אַ הויכער, אַ געוועלבטער, מיט קונסט־מאלערייען, וועלכע האָבן פאָרגעשטעלט די 12 מזלות, חיות און לאַנדשאַפטן. פון סופיט זיינען אַראָפּגעהאַנגען שווערע, אייזערנע קייטן, אויף וועלכע ס׳זיינען געהאַנגען גרויסע, מאַסיווע, מעשענע הענג־לייכטער. צום קינסטלעך געשניצטן ארון־קודש האָבן אַראָפּגעפירט טרעפּ מיט אַ געשניצטער גאַלעריע. צום בעלעמער וואָס איז געשטאַנען אין מיטן פון דער שול, איז מען אַרויפגעגאַנגען פון צוויי זייטן. ער איז געווען געפאָרמט ווי אַ חופה. פון דריי זייטן זיינען געווען גרויסע ווייבערישע שולן: אונטערשטע און איבערשטע. צוויי באַזונדערע אַריינגענג פון דרום און צפון האָבן געפירט אין די ווייבערישע שולן.

די שול האָט אויך געהאַט אַ טיפן קעלער, אויף וועלכן די אויבס־הענדלער האָבן געהאַט אַ חזקה. אויף מערב, אַנטקעגן דעם אַריינגאַנג אין שול, איז געלעגן דאָס קליינע בית־עלמנדל, וואָס האָט פאַרנומען אַ גרויסן שטח, אַרומגעצוימט מיט אַן הילצערנעם פלויט. ווייבער פלעגן אַלע תשעה־באב וואַרפן אַהין קנאָבל. מ׳האָט דערציילט, אַז דאָרט זאָל אַמאָל האָבן איינגעזונקען געוואָרן אַ חופה, צוזאַמען מיט חתן־כלה, אָבער אין דער אמתן איז דאָ געווען אַ גרויסער מאַסן־קבר פון קדושים, וועלכע זיינען אומגעקומען פון באָגדאַן כמיעלניצקעס באַנדעס, אין די יאָרן ת״ח ות״ט, דאָס הייסט, מיט דריי הונדערט יאָר צוריק.

אַלס אנדענקונג פון יענער פינצטערער צייט, שטייט דאָס בית־עלמנדל, אַנטקעגן דער שול, ווי אַ דערמאָנונג און וואָרנונג, אַז נישט זיכער און הפקרדיק איז דאָס יידיש לעבן, אַז די שנאה פון די כמיעלניצקעס איז איבערגעגאַנגען בירושה צו זייער אייניקלעך, און זיי וואַרטן נאָר אויף אַ שעת־הכושר.

האַרט ביים בית־עלמנדל, שטייט דער אַלטער, האַלב־איינגעזונקענער רבס בית־מדרש. די דיקע, געמויערטע ווענט זיינען באַוואַקסן מיט אַ געדיכטן שימל, די קליינע, האַלב־פאַרפוילטע פענצטער רירן, כמעט, אָן די ערד. דאָס אויסזען פון דעם בית־מדרש איז אַן עדות פון הונדערטער יאָרן יידישן יישוב אין הרוביעשאָוו, פון עלטער זיידעס, וועלכע האָבן זיך אַמאָל באַזעצט אין דעם ווינקל און האָבן געהאָפט לעבן און ציען חיונה פון דער שוואַרצער, פעטער ערד, וועלכע ליגט בשפע אויף די ראנדן פון שטעטל.

אַנטקעגן דעם רבס בית־מדרש, אויף דער צווייטער זייט, שטייען: דער גרויסער און קליינער בית־מדרש, און דער טרעגערישער בית־מדרשל.

אין דעם גרויסן בית־מדרש פלעגן אָפט פאָרקומען אסיפות, מגידים און דרשנים פלעגן דאָ דרשנען פאַרן עולם. באַרימטע חזנים פלעגן דאָ באַווייזן וואָס זיי קענען, און דער עולם האָט געשעפּט פאַרגעניגן פון זייערע יום־נוראימדיקע שטיקלעך. דאָ פלעגט זיך אויך צוזאַמענקומען די חברה־תהילים זאָגן תהילים בציבור.

אַנטקעגן איז געווען דער קליינער בית־מדרש, כאָטש ער איז בכלל נישט געווען קליין, אָבער אין פאַרגלייך מיטן גרויסן בית־מדרש האָט מען אים גערופן דער קליינער בית־מדרש.

וועגן דעם בית־מדרש איז אומגעגאַנגען אַ לעגענדע, וואָס האָט דערציילט וועגן אַ מנין צדיקים, וואָס זיינען דאָ יומם ולילה געזעסן און געלערנט, און האָבן געוואָלט אַראָפּברענגען משיחן. מ׳האָט נאָך אפילו אָנגעוויזן דעם טישל, ביי וועלכן זיי זיינען געזעסן. חדר־יינגלעך פלעגן קומען אין קליינעם בית־מדרש באַקוקן דאָס טישל, און זוכן שפּורן פון זיין אַמאָליקער גרויסקייט.

דאָ, פלעגט בענטשעלי מלמד, שבתים און יום־טובים, לערנען פאַרן עולם. ער איז געווען אַ ייד אַ תלמיד־חכם און זיינע דרשות פלעגן ציען אַ גרויסן עולם, וואָס פלעגט זיך קוויקן מיט זיינע מדרש־אגדות, וואָס ער האָט דערציילט. ער האָט געהאַט זיינע געשוואָרענע תלמידים און אָנהענגער, און כאָטש ער האָט נישט געשטאַמט פון גרויסן יחוס, פונדעסטוועגן האָבן זיי איינגעלייגט וועלטן, ער זאָל ווערן שטאָט־דיין.

דער טרעגערישער בית־מדרשל, אָדער דאָס פּאַלישל, ווי מען האָט דאָס גערופן, איז אין מיטן דער וואָך געווען פאַרמאַכט. שבת און יום־טוב האָבן דאָרט די טרעגער געהאַט זייער מנין. דער טרעגערישער בית־מדרשל האָט זיך געלאָזט באַזונדערס הערן שמחת־תורה, ווען די דאַווענער האָבן אַ ביסל איבערגעכאַפּט די מאָס, ביים פרייען זיך מיט דער תורה.

דער געמויערטער בית־מדרש פלעגט דינען פאַר אַ מקום מקלט פאַר די שול־גאַס־איינוווינער אין דער צייט פון מלחמה, ווען די שטאָט איז באַשאָסן געוואָרן, און זיצן אין די הילצערנע הייזלעך איז געווען אַ גרויסע סכנה. דעמאָלט פלעגט מען אין בהלה כאַפּן מיט זיך, וואָס ס׳איז געקומען אונטער דער האַנט, און מען פלעגט זוכן שוץ און רעטונג אין די געמויערטע ווענט פון שול און בית־מדרש.

אויף דרום פון דער שול, נאָך יאַנטשע פּרצס גרויסן הויף, זיינען געשטאַנען אין איין שורה עטלעכע, נידעריקע און אַלטע הייזלעך. אין ערשטן האָט געוווינט, דער שטאָט־דיין, ר׳ משהלע, וועלכער האָט געשמט מיט זיין פרומקייט, און גאָטספאַרכטיקייט. חדר־יינגלעך פלעגן דערציילן מעשיות וועגן מתים, וואָס קומען חצות, נאָכן ערשטן קריי פון האָן, אין שול דאַוונען, וועגן פאַרשפּעטיקטע דורכגייער, וועלכע זיינען אויפגערופן געוואָרן צו דער תורה, און ווי אַזוי דער האַלב־טויט דערשראָקענער ייד פלעגט אַריינפאַלן צו ר׳ משהלע דיין, ער זאָל אים ראַטעווען. דער אַלטער דיין פלעגט אים געבן זיין גאַרטל און שטעקן און זאָגן:

— גיי, מיין קינד, מיט פאַרמאַכטע אויגן אין שול, און טו דעם רצון פון די מתים, און אין זכות פון דער תורה וועט דיר גאָרנישט געשען. אַזוינע און אַנדערע מעשיות האָבן זיך געוועבט אַרום דעם געשטאַלט פון דעם אַלטן ר׳ משהלע און האָבן אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף חדר־יינגלעך.

אין שכנות מיט ר׳ משהלען איז געווען די בעקעריי פון הענטשע די בעקערין. די קאַרגע ליכט, וואָס איז געקומען פון די בעקעריי־פענצטער, פלעגט אַ ביסל לינדערן דעם פּחד ביי די פאַרשפּעטיקטע דורכגייער.

פאַרטאָג, ווען בעלי־מלאכות פלעגן גיין צו די ערשטע מנינים, האָט שוין דער ריח פון פריש ברויט און געבעקס געקיצלט די נאָז־לעכער.

נאָך דער בעקעריי האָט אין אַ קליין הייזל, אַרומגעצוימט מיט אַ פּליטל, געפירט זיין חדר יידל מלמד. דאָ איז אויך געווען אַ באַזונדער קעמערל פאַר די קאָזעס, וועלכע ער האָט געהאַלטן. אָנרייסן פרישע, גרינע בלעטער פאַר די קאָזעס איז געווען די אויפגאַבע פון די תלמידים. אחוץ מלמדות, האָט ער זיך פאַרנומען אויך מיט דאָקטעריי. פונוואַנען ס׳איז געקומען צו אים דאָקטעריי האָט קיינער נישט געוווסט, נאָר ס׳איז אַ פאַקט, אַז מען פלעגט אים רופן צו קראַנקע, צו קינדער, און זיינס אַ דיאַגנאָז איז אָפט געווען אַ ריכטיקע. אין דער צייט פון דער עסטרייכישער אָקופּאַציע, ווען ד״ר פּריילין האָט פּראַקטיצירט אין הרוביעשאָוו, איז יידל מלמד געווען זיין אַסיסטענט, פלעגט אין מיטן איבעררייסן דאָס לערנען, אָנטאָן די שבתדיקע קאַפּאָטע, און באַגלייטן דעם דאָקטאָר צו זיינע חולאים.

אַ שמאָלער וועג האָט אָפּגעטיילט יידל מלמדס הויז פון הערשעל מאָטלס הויז. דאָס הויז האָט געהאַט אַן אויסזען פון אַ לאַנגן און נידריקן באַראַק, מיט אַ פינצטערן קאָרידאָר, מיט וווינונגען פון ביידע זייטן. לינקס האָט זיך געצויגן אַ גרויסער, ליידיקער פּלאַץ. זיינע געדיכט־אָנגעפּיקעוועטע הייזלעך זיינען אָפּגעברענט געוואָרן אין אָנהויב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

דאָס הויז האָט קיין פענצטער נישט געהאַט, און די שטיבן זיינען באַלויכטן געוואָרן פון הימל־פענצטער. אין די זוניקסטע טעג האָט אין די וווינונגען געהערשט אַ בין־השמשות. אין אַזעלכע באַדינגונגען האָבן צענדליקער, אָרימע משפּחות געוווינט לאַנגע יאָרן. אין דעם הויז האָט געפירט זיין חדר אפרים הערצל מלמד.

דערנעבן איז געשטאַנען דאָס באַלדאַווקער שטיבל. דאָס איז געווען אַ גרויסער, הילצערנער, ליכטיקער און לופטיקער בנין. דאָס שטיבל האָט עטלעכע מאָל געטוישט זיין נאָמען, שפּעטער האָט מען דאָס שטיבל גערופן קוזמירער, און צום סוף: קעלצער, אויפן נאָמען פון קעלצער רבין.

צפון פון דער שול איז געשטאַנען דאָס בעלזער שטיבל. אַ גרויסער, געמויערטער בנין, מיט אַ הויף, איז תמיד געווען אָפן, און אָרעמעלייט האָבן דאָ געפונען נאַכטלעגער. אין די ווינטערדיקע נעכט פלעגן יידן זיצן ביי די געהייצטע אויוונס, אַריינקוקן אין אַ ספר, און דערציילן זיך מעשיות פון גוטע יידן. ביי אַ באַזונדערן טיש האָט דאָ געפירט זיין חדר דער גמרא־מלמד, משה דוד. ער איז געווען אַ ייד אַ כעסן, פלעגט די תלמידים שלאָגן מיט א שטעקן, און זיך גערעכנט פאַר איינעם פון די בעסטע מלמדים.

דאָס בעלזער שטיבל האָט אויך צו דערציילן וועגן אַ פאַרזאַמלונג פון יוגנט, וואָס איז דאָרט פאָרגעקומען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער געפאַר, וואָס האָט געדראָט דער יידישער באַפעלקערונג פון די רעקרוטן, וועלכע פלעגן שלאָגן און ראַבעווען, און באַזונדערס פלעגן זיי זיך לאָזן ווילגיין אויפן אויבס־מאַרק, איבערקערן די קוישן מיט פרוכט ביי די אָרעמע מאַרק־זיצערינס, און אָנוואַרפן אַ פּחד אויף דער יידישער באַפעלקערונג. די מאַכט האָט אויף דעם געקוקט דורך די פינגער. אויף דער פאַרזאַמלונג איז באַשלאָסן געוואָרן צו שטעלן אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד די כוליגאַנעס. יידישע יונגעלייט האָבן אָנגעהויבן געבן איבער די הענט די אָנפאַלער, ערשט דעמאָלט איז די מאַכט געווען געצוווּנגען איינצושטעלן אָרדענונג.

האַרט נעבן בעלזער שטיבל איז געשטאַנען דאָס ראַדזינער שטיבל. צווישן די ראַדזינער מיט די בעלזער איז אָנגעגאַנגען אַן אייביקע מחלוקת. ס׳פלעגט אַמאָל דערגיין אפילו צו פּעטש. דאָס כפּרה־הינדל זיינען געווען די פּעסער־וואַסער, וואָס אין צד פלעגט ביים צווייטן אויסגיסן.

נישט ווייט פונדאַנען איז געשטאַנען דאָס קאָצקער שטיבל. דאָס שטיבל איז אין די לעצטע יאָרן ליקווידירט געוואָרן און די דאַוונער פון קאָצקער שטיבל האָבן זיך געמאַכט אַ באַזונדער מנין אויף אַ צווייטן פּלאַץ. גערופן האָט מען זיי די „שפּעטע חסידים", ווייל פון אַלע בתי־מדרשים און שטיבלעך איז מען שוין געגאַנגען פון דאַוונען, זיינען זיי ערשט געגאַנגען צום דאַוונען.

אַ ביסל העכער איז געשטאַנען דאָס ראַדאָשיצער שטיבל, וואָס האָט שוין לאַנג קיין אייגענעם רבין נישט געהאַט. דאָ האָבן געדאַוונט אָנהענגער פון טריסקער און פון קעלצער רבין, עטלעכע שטאָט־גבירים און שיינע יידן ווי, שלמה רעגל, מענדל שטיך און אַנדערע. דאָס ראַדאָשיצער שטיבל האָט צו דערציילן וועגן אַן איבערפאַל פון פּוילישע זעלנער, וואָס איז פאָרגעקומען ערב ראש־השנה.

דאָס איז געווען אַ קורצע צייט נאָכדעם ווי פּוילן איז געוואָרן זעלבסטשטענדיק, און גענעראַל האַלערס אַרמיי, וועלכע איז באַשטאַנען פון פּאָזנאַנטשיקעס, וואָס זיינען געווען באַקאַנט מיט זייער ווילדן אַנטיסעמיטיזם, האָבן זיך אָנגעהויבן לוסטיק מאַכן איבער דער יידישער באַפעלקערונג. זיי פלעגן שניידן בערד, וואַרפן יידן פון די באַנען, שלאָגן און הרגענען. דער נאָמען „האַלערטשיקעס" האָט אָנגעוואָרפן אַ טויט־שרעק אויף דער יידישער באַפעלקערונג. יענעם ראש־השנה ביינאַכט איז די שול־גאַס געווען ווי אויסגעשטאָרבן, אַלע בתי־מדרשים זיינען געשטאַנען פינצטער,

נאָר אין ראַדאשיצער שטיבל האָבן זיך צוזאַמענגענומען אַ צוויי מנינים ייִדן, וועלכע האָבן געוווינט אין שכנות, כדי צו דאַוונען בציבור. ווי פון הינטער דער ערד, זיינען אויסגעוואַקסן פּוילישע זעלנער מיט נאַהייקעס, און גענומען שלאָגן מכות־רצח, מען איז קוים אַנטלאָפן מיטן לעבן פון די רוצחישע הענט.

אַנטקעגן דעם ראַדאשיצער שטיבל האָט געוווינט ישראל דוד יאַנאָווער, אַ קלוגער ייִד און אַ בן־תורה. ייִדן פלעגן אים נעמען אַלס בורר, און בעל־יועץ. זיין זון, בוניע יאַנאָווער, איז געווען פון די ערשטע, וועלכע האָבן אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן די ציוניסטישע אידעע ביי אונז אין שטעטל, און פון די ערשטע, וועלכע האָבן זייער אידעע פאַרווירקלעכט.

נתן הדס, וועלכער האָט געוווינט בשכנות מיט בוניע יאַנאָווער, האָט נאָך אַ חשבון־הנפש באַשלאָסן צו פאַרלאָזן זיין צעלניק־קרעמל, לערנען אַ פאַך און עולה זיין.

דוד צימערמאַן, וועלכער האָט געוווינט נעבן דער שול, האָט פון דער פריסטער יוגנט מיטגעהאָלפן זיין טאַטן, נחום צימערמאַן, אין זיין שיך־קראָם. אונטער דער השפּעה פון דער ציוניסטישער אידעע איז דוד געוואָרן אַן אַקטיווער טוער פון דער פּועלי־ציון (צ. ס.) פּאַרטיי, וועלכע מייטשע האָפּמאַן האָט אין יענער צייט אָרגאַניזירט אין הרוביעשאָוו. ער האָט פאַרלאָזן זיין טאַטנס געוועלב, אַוועק לערנען סטאָלעריי, כדי עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. בכלל, האָט די שול־גאַס געהאַט צו פאַרצייכענען אַ היפּשע צאָל יוגנטלעכע, וועלכע זיינען געווען אַקטיווע טוער אין פאַרשיידענע פּאַרטייען.

אַ וועג האָט אָפּגעטיילט די בתי־מדרשים פון דער רביצנס הויז. פון דאַנען האָט זיך געזען דאָס ייִדישע שפּיטאָל, וואָס איז געשטאַנען אויף דער צווייטער גאַס. דאָ איז געשטאַנען דער שפּיטאָל־פּלאָמפּ, וואָס האָט געשמט מיט זיין פריש, קאַלט און קוועלעדיק וואַסער.

דער רביצנס הויז, וואָס האָט געהאַט אַרויפגעצויגן אַ גאַרן, איז געווען צעטיילט אין צוויי העלפטן. אין ערשטן העלפט האָט געוווינט די רביצן, וועלכע האָט געשטאַמט פון בעלזער הויף. זי האָט אין שטאָט געהאַט אירע אָנהענגער, וועלכע האָבן ביי איר אין הויז געדאַוונט, אין אַ ספּעציעל אָפּגעטיילטער שטוב. אירע זין האָבן זיך געשניטן אויף רבנים, און זיינען טאַקע שפּעטער געוואָרן רבלעך אין אַנדערע שטעטלעך. דער איידעם אירער, ר' נפתלי, וועלכער האָט פאַרנומען דעם גאָרן, איז שפּעטער געוואָרן שטאָט־דיין.

דאָס צווייטע העלפט הויז האָט פאַרנומען יעקב שוואַרץ, אָדער יעקב־דראַל, ווי מען האָט אים גערופן. דאָרט האָט ער געפירט זיין בעקעריי.

ער איז געווען איינער פון די הויפּט־חסידים פון דער רביצנס הויז, אויך זיך ליב געהאַט צו מישן אין קהלשע זאַכן.

אויפן גאָרן האָט געוווינט טרייטל מלמד. זיין זון, לייזער טרייטלס, איז אין 20־סטן יאָר אַוועק מיט די באָלשעוויקעס. טרייטל אַליין איז געווען אַ פריילעכער קבצן, אַ גאַנץ יאָר האָט ער געוואַרט אויף פּורים. דעמאָלט האָט ער געזען אַ לעבעדיקן גראָשן פאַר די אויגן. אין דעם טאָג האָט ער אויסגעקעמט דאָס בערדל, אָנגעטאָן אַ האַרטן צילינדער, אַ שניפּס, אַ פראַק מיט אַ טעקע אונטערן אָרעם, ברילן מיט אַ שנירל, און האָט זיך פאָרגעשטעלט פאַרן פּורים־רב. ער איז געגאַנגען פון געוועלב צו געוועלב, און געטיילט ספּעציעל צוגעגרייטע קוויטלעך, פאַר וועלכע ער האָט באַקומען באַלוינונג. פאַרנאַכט איז ער אין באַגלייטונג פון מחנות קינדער געקומען אין בית־המדרש אַ צעפרידענער און געזונגען שושנת־יעקב.

אין זעלבן הויז, אויפן פּאַרטער, האָט געהאַט זיין חדר שלום משה מלמד. ער האָט שוין געפירט דאָס חדר אויף אַ מער מאָדערנעם אופן, האַלטנדיק ספּעציעל אַ לערער אויף שרייבן און רעכענען. אַ צייט האָט דעם לערער־פּאָסטן פאַרנומען משה גרינבוים. נאָך די לעקציעס פלעגט ער זינגען מיט די תלמידים י. ל. פּרצס לידער. פרומע עלטערן האָבן ניט מסכים געווען, אַז משה גרינבוים זאָל לערנען מיט זייערע קינדער, ווייל ער האָט שוין דעמאָלט געשמט פאַר אַן אפּיקורס.

באָענטער איינס פון אַנדערן זיינען געשטאַנען: דאָס טריסקער שטיבל, דאָס שאַטינער און טאָמאַשאָווער. דער ווינקל אַרום די שטיבלעך איז תמיד געווען באַלעבט, ספּעציעל דאָס טריסקער שטיבל, ווייל דאָ פלעגט מען פּראַוועון רבנישע טישן, דאָ פלעגן זיך יאָר־יערלעך צונויפקומען יונגעלייט, וואָס האָבן זיך באַדאַרפט שטעלן צום פּריזיוו. ווענדיק אויסמיידן מיליטער־דינסט, פלעגן זיי זיך פייניקן, ניט עסן און ניט שלאָפן. כדי צו פאַרטרייבן דעם שלאָף, פלעגן זיי איינאָרדענען פאַרשיידענע שפּילן, פון וועלכע די איינוווינער פון שול־גאַס האָבן קיין מנוחה נישט געהאַט.

דאָ פלעגט זיך אָפּט באַווייזן דער וואַכמייסטער און מיט זיינע שפּיציקע אויגעלעך זוכן יונגעלייט, וואָס באַהאַלטן זיך אויס פון מיליטער־דינסט. אויף ווער ער האָט געוואָרפן אַ פאַרדאַכט, האָט ער ביי אים צוגענומען די דאָקומענטן, און געהייסן קומען דעם צווייטן טאָג אויף אַן אויספאָרשונג.

אין דעם ווינקל איז אויך געווען דאָס אָרט פון די שטאָט־משוגעים. דער משוגענער מאַטעלי פלעגט דאָ אַרומבלאָנקען, שעפּטשענדיק און זוכנדיק זיין שפּייז אין דער בלאָטיקער גאַס.

דאָ פלעגט זיך דער משוגענער הערשעלי באַווייזן אַ נאַקעטער, אַזוי ווי די מאַמע האָט אים געהאַט, און נאָך אַ קורצן שפּאַציר פאַרשווינדן צוריק אין זיין קעמערל.

אַהער פלעגט פון צייט צו צייט זיך אַראָפּכאַפּן אויף גאַסטראָלן אַ פרעמדער יונגערמאַן, אַ ביט־דערגאַנגענער עלוי, פלעגט שיטן מיט תורה, פלעגט אויפהייבן די הענט אין דער הויך, מאַכן אַ פּעס, וועלכער איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט געשריגן, אַז ער איז דער צדיק־הדור, דער מנהיג־הדור, און אַזוי ווייטער. נאָכן פּעס פלעגט ער נעמען לויפן, און אַלע קינדער נאָך אים.

אַן אָפטער גאַסט איז דאָ געווען לייבעלע טאַרטער. ער פלעגט זיך אַוועקשטעלן אין מיטן גאַס, אויפהייבן אַ פויסט צום הימל, און קריצנדיק מיט די ציין שרייען: אוי די איינער! אוי, די איינער!

אויף דער גאַס איז געווען דאָס הויז פון נתן חיים מונישעס און מעכעלע דיקלער. דאָ איז געווען דער נידעריקסטער אָרט פון דער שול־גאַס. אויף דעם אָרט פלעגט די ערד זינקען. ס'האָט זיך אפילו געהאַט אַמאָל אויפגעעפנט אַ טיפער גרוב, וואָס האָט עדות געזאָגט, אַז דאָ זיינען געווען טיפע קעלערן. די בלאָטע איז געווען אַ טיפע, אַ שיטערע, און די חזירים פון קריסטלעכן שוסטער פלעגן זיך דאָ מאַכן בלאָטע־בעדער.

וועגן חיים מונישן דערציילט מען, אַז ער איז געווען אַ ייִד, וואָס האָט ניט געוווּסט פון קיין צורת־מטבע! שבת פלעגט ער ריידן נאָר לשון־קודש. די לשון־קודשדיקע אויסדרוקן, וואָס ער פלעגט באַנוצן אין שטוב, זיינען געווען אַזעלכע קאָמישע, אַז זיי זיינען אַרומגעגאַנגען פון מויל צו מויל. מען דערציילט, אַז ס'האָט געהאַט אַמאָל אַראָפּגעקומען אַ טרופּע פון גאָלדפאַדען ־ טעאַטער. אויף די אַפישן איז געווען אַ קאַריקאַטור פון אַ פּאַיאַץ, מיט אַ צאָפּ. אַז חיים מוניש מלמד האָט געזען די קאַריקאַטור, האָט ער אָנגעהויבן אויסזינגען מיט אַ גמרא־ניגון: אם זכר הוא, צאָפּ מה הוא? אם נקבה היא, מכנסים מה היא? דאָס ווערטל האָט מען לאַנגע יאָרן, ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן איבערדערציילט. אויף די עלטערע יאָרן איז ער אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל.

צוליב דעם הויז איז שיער נישט געקומען צו אַ פּאָגראָם אויף דער גאַס. דאָס איז געווען אין דער צייט פון דער עסטרייכישער אָקופּאַציע, ווען טויזנטער, רוסישע געפאַנגענע זיינען געווען אינטערנירט אין די הרוביעשאָווער קאַזאַרמעס. אין אַ געוויסן טאָג, האָבן זיי געמאַכט אַ בונט, באַזייטיקט די מאַכט, און האָבן זיך אַריינגעריסן אין שטאָט. אַ טייל פון זיי זיינען אַריין אין דער שול־גאַס, און דערשפּירנדיק דעם ריח פון פריש ברויט ביי נתן־חיים־מונישעס, זיינען זיי באַלד באַפאַלן דאָס הויז און אָנגעהויבן ברעכן די פענצטער. צום גליק, איז אָנגעקומען אַ גרויסע אָפּטיילונג עסטרייכישע זשאַנדאַרמען און צוריקגעטריבן די געפאַנגענע אין די קאַזאַרמעס. אַ גרויס אומגליק איז דעמאָלט אויסגעמיטן געוואָרן.

אין דעם הויז, אין אַ קליין שטיבל, האָט געוווינט אהרן בן אהרן מיט זיינע בני־בית. ער איז געווען אַ טיפּישער פאָרשטייער פון דער ייִדישער אָרעמקייט. זיין מישטיינס־געזאָגט פּרנסה האָט ער געצויגן דערפון, וואָס ער פלעגט אין אַ מאַרק־טאָג קויפן ביי די פּויערים אַ פּאָר הינער, און שפּעטער זיי פאַרקויפן אין פאַרמעגלעכע שטיבער. די דאָזיקע

אָרעמקייט איז נישט געווען קיין מניעה, אַז זיין ווייב, שרה־שיינדעלי, זאָל אים אַלע יאָר מזכה זיין מיט אַ בן־זכר. דעם ברית האָט שוין אויף זיך גענומען דאָס ראַדאשיצער שטיבל, ווו אהרן בן־אהרן פלעגט דאַוונען. ווען אין שטוב איז שוין נישט געווען קיין פּלאַץ, ווו צו שלאָפן, פלעגן די עלטערע שלאָפן אויף דער גאַס. זיין עלטסט יינגל האָט באַקומען היתר־הוראה.

דער טייל פון דעם הויז, וואָס האָט געהערט צו מעכעלי דיקלער, האָט אויך געהאַט אַ ציטרינע, איין העלפט פון דער ציטרינע האָט פאַרנומען אַ קאַשע־מילכל. מעכעלי דיקלער, וועלכער האָט אויך געהאַנדלט מיט מעל, איז אַ חוץ שבת, תמיד געווען אויסגעווייסט פון מעל.

אין דער צווייטער העלפט פון דער ציטרינע האָט געוווינט זיין איידעם, אברהם ריצער. ער איז געווען אַן איידעלער און חסידישער יונגערמאַן. ער איז צוזאַמען מיט זיין זון דערשאָסן געוואָרן אין דעם טרויעריקבאַרימטן מאַרש הרוביעשאָוו־כעלם.

דער גרויסער הויף, נאָך מעכעלי דיקלערס הויז, האָט געהערט צו חיים־שיע ווײַנער. אַמאָל האָט ער דאָ געהאַלטן ברעטער צו פאַרקויפן. בעלי־בתים פון דער גאַס פלעגן ביי אים ערב־סוכות באָרגן ברעטער.

דאָ האָט אַמאָל געוווינט שמחהלע בדחן, וועלכער פלעגט מיט זיינע גראַמען פריילעך מאַכן אויף יידישע חתונות.

אין דעם הויף האָט אויך אַ צייט געוווינט די משפחה אדער. אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן פלעגן זיי זיך לאָזן אָפּט הערן מיט זייערע געזאַנגען און מאַנדאָלינע־שפּילן. דער יינגסטער פון דער משפחה, מאיר אדער, האָט ארויסגעוויזן קינסטלערישע פעיקייטן, און זיינע בילדער פלעגן פאַרקויפט ווערן אין שטאָט.

אַנטקעגן איז געווען דאָס נידריקע, האַלב־איינגעזונקענע הויז פון יעקל טענער, אין וועלכן ער האָט געפירט זיין בעקעריי. יאָריערלעך, באַלד נאָך פּורים, האָט מען דאָרט געמאַכט אַ לאַד צו באַקן מצות, מיט וועלגערינס, רעדלעך, שיבערס, קנעטערס און וואַסער־גיסער. דער אָנקומענדיקער יום־טוב האָט געבראַכט פרישע זאָרגן דער אָרעמקייט:

— ווו נעמט מען אויף פּסח?

ניט ווייט פון די טענערס האָט געוווינט די פאַמיליע קראַפּט. ביי זיי אין שטוב איז אַ צייט געווען דאָס זיץ־אָרט פון די פּראָפ. פאַראיינען. דאָ פלעגן אָפּט פאָרקומען רעפּיטיציעס פון דראַמאַטישן קרייז אונטערן רעזשי פון י. ד. מיטלפונקט. דאָרט פלעגט זיך צוזאַמענקומען די ראַדיקאַל־געשטימטע יוגנט.

אַנטקעגן דער רביצנס הויז, אויף דער צווייטער זייט גאַס, איז געשטאַנען אַ גאַנצע ריי הייזער. אין ערשטן האָט געוווינט אבא שמש, וועלכער האָט זיך גערעכנט פאַרן עלטסטן ייד אין שטאָט. אין עלטער פון הונדערט יאָר איז זיין גאַנג נאָך געווען אַ גלייכער, דער זכרון האָט אים נאָך געדינט. ביי אים האָט מען געקענט באַקומען אינפאָרמאַציע וועגן זיידעס און עלטער־זיידעס, מען האָט אים געהאַלטן פאַר אַ גייענדיקע אינפאָרמאַציע־ביוראָ.

אָפּגעטיילט מיט אַ שמאָלן וועג איז געשטאַנען דאָס הויז פון פרימעט גאל, אָדער ווי מען האָט זי גערופן: די גלחטע. זי האָט געשמט פאַר אַ מאַנסבילישן קאָפּ, און אויף דער עלטער איז זי געוואָרן אַ שטאָט גבאיטע. איר זון מרדכי שלמהלי איז געווען אַ שם־דבר, ער איז אַוועק פרייוויליק מיט די באָלשעוויקעס.

אין דעם הויז האָט געוווינט דוד בן דוד, אַליין אַ גרויסער אָרעמאַן, האָט ער שטענדיק געזאָרגט פאַר אָרעמע. ערב־שבת פלעגט ער גיין פון שטוב צו שטוב און צונויפנעמען ברויט פאַר די וועלכע האָבן זיך אין דעם גענויטיקט. ווינטער און זומער, שבת פאַרטאָג, איז ער געגאַנגען איבער די געסלעך, און מיט אַ ניגון אויסגעזונגען:

— שטייט אויף, שטייט אויף, צו עבודת הבורא, און געוועקט צו תהילים. ער פלעגט נאָך באַזונדער אָנקלאַפּן אין די לאָדנס, טאָמער, חלילה, האָט מען אים נישט געהערט.

אין שכנות האָט געפירט זיין חדר, שאול דער דרדקי מלמד. ער פלעגט זיינע דריי־פיר־יעריקע תלמידים צוגרייטן צום שווערן יאָך פון יידישקייט.

אין דער צווייטער זייט פון דעם הויז האָט געפירט זיין בעל־הבתישקייט איטשעלי ווערטמאַן. ער האָט געהאַט: פערד און וועגענער מיט וועלכע ער און זיינע זין פלעגן פירן סחורות פון איין שטאָט אין דער אַנדערער, אַן אייגענע מאַשין צו שניידן שעטשקע, אַ מאַנגל צו מאַנגלעווען וועש און שטאַלן פאַר פערד און קי. אַלץ האָט דאָ געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ דאָרפישערווירטשאַפט, שפּעטער זיינען צוויי זין אַוועק קיין אַמעריקע. זיין זון, הערש, האָט געעפנט אַ מעבל־וואַרשטאַט און ביי אים האָבן זיך געלערנט סטאָלעריי בעלי־הבתישע יינגלעך, וועלכע האָבן געוואָלט עולה זיין קיין ארץ־ישראל. דער עלטסטער זון, נח, איז בעת דער היטלעריסטישער אינוואַזיע געווען פון די ערשטע קרבנות. ער האָט אָבער באַוויזן פאַרן טויט אָנצושפּייען אין פּנים די דייטשע מערדער.

ווייטער איז געווען דאָס הויז פון פּרץ שמש. ער איז אַלע יאָרן געווען שול־שמש. זיין זון, יהושע פריינד איז שפּעטער געוואָרן איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער פּראָפעסיאָנאַלער באַוועגונג, אַן אַקטיווער טוער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, דערנאָך האָט אים סטאַלינס „גערעכטיקייט" ליקווידירט אין ראַטן־פאַרבאַנד.

אין דעם הויז, אַ טיר נעבן אַ טיר, האָט געוווינט דער שאַטינער שוחט. זיין זון, חיים הערש ענגעלסבערג, וועלכן מען האָט געהאַלטן פאַר אַ זיידן קינד און אַ גוטן קאָפּ, איז שפּעטער אַראָפּ פון „דרך־הישר", אויפגעהערט צו גיין מיטן טאַטן אין שטיבל און געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין פּאַרטייישן לעבן.

אין דעם הויז האָט אויך געוווינט די משפחה סאַלער. איבערגעגעבענע און געטריי בונדיסטן, זיי האָבן געהאַלטן פאַר אַ חוב יעדע נאַכט, פאַרן שלאָפן, צו זינגען די בונדישע שבועה.

צוזאַמען מיט די סאלערס האָט דאָ אַ צייט געוווינט, דער לערער יוסף אמפער, אָדער ווי מען האָט אים גערופן: יאָסל האַראַדאַקער, צו וועמען חדר־יינגלעך פלעגן פאַרנאַכט קומען לערנען שרייבן און רעכענען. באַזונדערס זיינען געווען באַרימט זיינע פּורים־גריזלעך, וואָס ער פלעגט פאַרנאַנדערשיקן צו די עלטערן.

די צווייטע העלפט פון דעם הויז האָט געהערט צו שמואל גלאַנץ, אַ ייד וואָס פלעגט גיין איבער די דערפער און זוכן מציאות. ווי אַזוי ער האָט איינגעהאַנדלט פאַר זיין נישט איבעריק גראַטענער טאָכטער אַזאַ איידעם, ווי סיני ליכט, איז געווען אומפאַרשטענדלעך. סיני ליכט איז געווען אַ יונגערמאַן מיט אַלע מעלות, אַ משכיל, אַן ערשט־קלאַסיקער לערער, אַ צייכנער פון קונסט־בילדער און אַ שרייבער. ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט געהאַט אַן אייגענע ביבליאָטעק פון יידישע און העברעישע ביכער. משכילים און יונגוואַרג פלעגן זיך אָפּט, בגנבה, אַריינכאַפּן צו אים און נעמען אַ בוך. אין יענע יאָרן האָט מען קרום געקוקט אויף אַזעלכע זאַכן, און ער האָט געהאַט אויסצושטיין רדיפות, באַזונדערס פון זיין ווייב, ביז אין אַ געוויסן טאָג האָט ער אַלץ איבערגעלאָזט און איז אַוועק קיין אַמעריקע, רעדאַגירט אַ צייטונג און מער נישט געלאָזט פון זיך הערן.

אין זעלבן הויז האָט לאַנגע יאָרן געוווינט דער שרייבער פון די שורות צוזאַמען מיט זיינע עלטערן, שוועסטער און ברידער. דער פאָטער וואָווי פּראַסט, איז געווען אַ פרומער ייד און האָט מיט גרויס צער, און עגמת־נפש זיך צוגעקוקט, ווי די קינדער גייען אויף אַנדערע וועגן. מיין ברודער, בערל פּראַסט, איז געווען אַן אַקטיווער טוער אין דער „פרייהייט", שפּעטער אויף חלוצישער הכשרה. זיין טרוים איז געווען עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. ליידער, האָט ער נישט באַוויזן זיין שטרעבונג צו פאַרווירקלעכן. ער איז אומגעקומען צוזאַמען מיט די עלטערן און שוועסטער. נאָר די שוועסטער, רחל, איז על־פּי־נס ניצול געוואָרן און געפינט זיך יעצט אין ישראל.

לינקס פון דעם הויז האָט געפירט אַ קליין געסל, וואָס איז געווען געדיכט באַבויט. דאָ איז געווען דאָס הויז פון אברהם שעטשקעמאַכער, צו וועמען בעלי־עגלות פלעגן קומען קויפן שפּייז פאַר זייערע פערדלעך.

אין דעם הויז האָט געוווינט יעקל וויניאַזש, אַ דאָרפס־גייער. מען האָט אים געפונען אַ דערשאָסענעם. אין די צוואַנציקער יאָרן, ווען

באַוואָפנטע באַנדעס האָבן גראַסירט אויף די וועגן. עס זיינען דעמאָלט פאַרשפּרייט געוואָרן קלאַנגען, אַז דער פירער פון דער באַנדע גייט אויף דער שטאָט אַן איבערגעטאָענער.

דאָ האָט געוווינט די גראָבע ריוטשע, וועלכע האָט אומלעגאַל אויסגעאַרבעט בראָנפן, און געפירט אַ ברייטן האַנדל. נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די מאַכט האָט געהאַט אינפאָרמאַציעס וועגן איר טעטיקייט, דאָך האָט מען זי קיינמאָל ביי דער האַנט נישט געקענט כאַפּן.

אין דעם הויז האָט אַ צייט געוווינט הערש זילבער, וועלכן מען האָט געהאַלטן פאַר אַ קלוגן און געלערנטן יונגנמאַן.

דאָ, ביי יואל קליינער אין שטוב, פלעגן זיך טרעפן די עטישע סאָציאַליסטן, אָרגאַניזירט און אָנגעפירט דורך אברהם אייזן.

אין דעם געסל האָט געפירט זיין חדר, שלום ברוך מלמד. וועגן זיין בטלנות זיינען אומגעגאַנגען פאַרשיידענע ווערטלעך. ווען זיין זון האָט באַקומען אַ מעלדונג, אַז ער דאַרף זיך שטעלן צום פּריזיוו, האָט ער אויסגעשריגן:

— ס'איז דאָך אַ זאַך נישט משיג צו זיין מיטן שכל, פונוואַנען ווייסט דער קייסער, ווי אַזוי מיין זון הייסט?

דאָ האָט אויך געפירט זיין קרעמל, בענטשעלי דער קאַרליק. גייסטיק אַ נאָרמאַל אַנטוויקלטער מענטש, אָבער אין ווקס, נישט העכער ווי אַ קינד פון פינף יאָר. זיין באַוויזן זיך אין גאַס איז תמיד געווען פאַר די קינדער אַ גרויסע סענסאַציע. אים איז קוים מיט צרות געלונגען אויסצוזוכן אַ מיידל, וועלכע איז איינגעגאַנגען מיט אים חתונה צו האָבן, אָבער דער שידוך האָט קיין אריכות־ימים נישט געהאַט. דערפאַר איז אָבער בענטשעלי געגאַנגען דאַוונען מיט אַ טלית אונטערן אָרעם, גלייך ווי אַלע יידן.

דאָ האָט געוווינט דער לאַנגער אברהם, אַ דרדקי מלמד. זיין בילד־שיין טאָכטער איז אויפן ראָמאַנטישן באָדן דערשטאָכן געוואָרן דורך אַ שוסטער־אַרבעטער. וועגן דער טראַגעדיע איז אַ לאַנגע צייט געזונגען געוואָרן אַ ליד, פאַרפאַסט דורך אַן אומבאַקאַנטן מחבר.

ביים סוף פון דעם געסל, אויף אַ בוידעם־שטיבל ביי די שוכמאַנס אין הויז, איז אַ צייט געווען טעטיק די פּרץ־ביבליאָטעק, אונטער דער פאַרוואַלטונג פון יצחק שמעון פייפער און אַנדערע.

ווייטער האָבן דאָ געוווינט דאָרפישע־שניידער, פעלצן־נייער, וואַסער־טרעגער, וועלכע האָבן אַלע זייערע יאָרן געפירט אַ ביטערן געראַנגל פאַר זייער עקזיסטענץ.

אַזוי איז געפלאָסן דאָס לעבן אין אונזער שטעטל אין משך פון לאַנגע דורות, אין פריידן, און אין ליידן. מען האָט איבערגעלעבט אויפטרייסלונגען, מלחמות, פּאָגראָמען, מגפות, און שרפות, און ווייטער פאָרגעזעצט דאָס אייגנאַרטיק יידיש לעבן, ביז דאָס אומגלויבליכע איז געשען. די ווילדע בלוטדורשטיקע, היטלעריסטישע חיה, האָט זיך אָפּגעריסן פון דער קייט, און מיט אַ מוראדיקער אכזריות אויסגעמאָרדעוועט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג און קיין זכר איז נישט געבליבן פון אונזער דינאַמיש־שפּרודלדיקן לעבן.

מיר, דער על־פּי־נס ניצול־געוואָרענער, לעצטער הרוביעשאָווער דור, וואָס דער אָנדענק פון אונזער שטעטל ליגט נאָך אין אונזער בלוט און פלייש, דאַרפן אויספילן אונזער חוב און שטעלן אַ מצבה לדור־דורות אונזער שטעטל הרוביעשאָוו מיט אירע קדושים.



אַ שטעמפּל פון הרוביעשאָווער פּאָסט מיט אַ 50 יאָר צוריק.
חותמת של הדואר עם הכתובת „הרובישוב" לפני 50 שנה.

# מאַקס פייער / מיט פופציק יאָר צוריק

טשיקאַגאָ

מיט פופציק יאָר צוריק בין איך אַוועק פון אונזער שטאָט הרוביעשאָוו, אָבער איך זע זי נאָך אַלץ אַזוי בולט און קלאָר, און ס'ווילט זיך מיר דערציילן פון יענער צייט.


מאַקס פייער

איך זע נאָך איצט פאַר מיינע אויגן דעם מאַרק מיט די מאַרק־זיצערינס, וואָס פאַרקויפן קוואַס־עפּל. ווינטער זיצן זיי מיט פייערטעפּ אונטער די קליידער און וואַרעמען זיך.

אויף דער שיינער פּאַנסקע גאַס האָבן שבת שפּאַצירט יינגלעך און מיידלעך, נישט צוזאַמען. די מיידלעך זיינען געגאַנגען פאָראויס, די בחורימלעך פון הינטן. ערשט אויף דער לאָנקע האָט מען זיך פאַראייניקט.

קאַניאַקס סאָד האָט געהאַלטן מיין שוואָגער משה העכט. איך האָב דאָרט געקענט תמיד אַריינגיין, ברענגען ווען איך וויל און זיין ביז שפּעט אין דער נאַכט.

איך געדענק די גרויסע, קאַלטע שול, וועלכע מ'האָט געקענט זען אַ צען מייל פון שטאָט, מיט אירע הויכער סטעליע און וווּנדערלעכע מאָלערייען פון די צוועלף מזלות. איך האָב דעמאָלט געמיינט, אַז זי איז די גרעסטע און שענסטע שול אויף דער וועלט.

יום־כפּור ביינאַכט איז זי געווען איבערגעפּאַקט מיט טויזנטער מענער און פרויען. טויזנטער ליכט האָבן געברענט אין די זאַמד־קאַסטנס. ווען דער שטאָט־חזן, ר' מרדכי ציוקען, מיט זיינע משוררים האָבן אויפגעזונגען דעם אַזוי גוט־באַקאַנטן, טראַדיציאָנעלן ניגון פון כל־נדרי, האָבן געציטערט נישט נאָר די ווענט, און נישט נאָר די פיש אין וואַסער, נאָר אַלץ אַרום האָט געציטערט און אונזערע הערצער און נשמות האָבן געפלאַטערט.

און אַז ר' זיינוול, דער חזן אין אַלטן בית־מדרש, האָט מיט זיין טענאָר־שטים, זיך צעלאָזט ביי די שחרית און מוסף־תפילות — איז געווען וואָס צו הערן. זיינוול איז אויך געווען אַ גמרא־מלמד. מ'האָט אים גערופן: „דער לאַנגער זאַנוול". ער האָט געוווינט ביי זיין שווער דעם בעדער, און טאַקע דאָרט איז אויך געווען אונזער חדר.

איך געדענק ז'י וואַניס־גאַס מיט דעם גרויסן טייך, אין וועלכן מיר האָבן זיך געבאָדן לכבוד שבת. די מענער האָבן זיך געבאָדן נאַקעטע, און אַ ביסל ווייטער, די ווייבער, אַרומגעוויקלטע מיט ליילעכער.

ווען איך בין עלטער געוואָרן, בין איך אַוועק לערנען אין בעלזער שטיבל. מ'האָט די בעלזער חסידים גערופן „כניאָקעס". דער אָנפירער פון די בעלזער ביי אונז אין שטאָט איז געווען מרדכי הערש, מיט דער לאַנגער, געלער באָרד. ער איז געווען אַן איש חשוב ביים בעלזער רבין.

אין דער צייט פון דער השכלה, ווען בחורים האָבן גענומען אויסשרייבן די „הצפירה" און דעם „פריינד" פון פּעטערסבורג, און אַנשטאָט גמרא האָט מען גאָר גענומען לערנען תנ"ך — האָבן די בעלזער חסידים צונויפגערופן אַן אסיפה און האָבן באַשלאָסן צו שיקן ר' מרדכי הערשן צום בעלזער רבין און פרעגן ביי אים אַן עצה. דער ענטפער איז געווען, אַז ציוניסטן, סאָציאַליסטן און רשעים דאַרף מען אויסרייסן מיטן וואָרצל. און ס'איז טאַקע דערגאַנגען צו אַ מלחמה. מ'האָט געהאַקט ציין און געריסן בערד, און ביי מרדכי הערשן האָבן די משכילים דערנאָך אויסגעהאַקט אַלע שויבן.

מ'האָט מיך גיך משלח געווען פון בעלזער שטיבל און איך בין פון דאָרטן אַוועק גאָר ווייט — אַזש קיין אַמעריקע.

אָבער מיט דער נשמה און מיטן זכרון בין איך נאָך אַלץ אין דעם שטעטל, הרוביעשאָוו, וווּ איך בין געבוירן, און וואָס איז אַזוי חרוב געוואָרן, וווּ מיר האָבן פאַרלוירן אונזערע טויזנטער יידן, אונזערע נאָענסטע און טייערסטע, טאַטע־מאַמע, שוועסטער־ברידער, וועלכע זיינען אומגעקומען על קדוש־השם.

איך בענטש די הענט פון די, וועלכע פאָרען זיך ביי אַזאַ ספר, וואָס וועט נישט דערלאָזן פאַרגעסן אונזערע אומגעקומענע, השם יקום דמם!

# נתן הדס / דער טייך

הרצליה

דער טייך, הוטשווא, האָט אַרומגערינגלט הרוביעשאָוו, ווי אַ שלאַנג. אין וואַניס גאַס האָט אַן אָדער פון טייך אָפּגעשניטן אַ שטיק פעלד, וועלכעס האָט באַקומען אַן אויסזען פון אַן אינזל, וועלכן מ׳האָט גערופן די „בלאַניע". כדי צוצוקומען צו דער בלאַניע, האָט מען געדאַרפט אַריבערגיין אויף אַ פּאָר דינע ברעטלעך, וועלכע האָבן זיך געבראָכן אונטער די פיס. אַז מ׳איז אַריבער בשלום, האָט מען געמעגט גומל־בענטשן.

אָבער ווי געזאָגט, איז דאָס וואַסער דאָ נישט געווען טיף און פרייטיק פאַרנאַכט פלעגן יידישע בעלי־עגלות ברייגנען זייערע פערד אויף דער בלאַניע און זיי האַלטן דאָרט ביז זונטיק פרי.

אַ גאַנצן שבת האָבן בעלי־עגלות נישט באַדאַרפט זאָרגן פאַר עסן און טרינקען און זיי זיינען אויך געווען זיכער, אַז די פערד וועלן נישט נעלם ווערן.

ווינטער איז דער טייך געלעגן אַ געפרוירענער. אַ שבתדיקע שטילקייט האָט אים איינגעהילט. דאָ און דאָרט האָט זיך אַמאָל פאַרגלוסט אַ פּויער דורכצושניידן דעם טייך מיט אַ שליטן, כדי צו פאַרקירצן דעם וועג אין שטאָט.

ווינטער אין די גרויסע פרעסט, ווען די גאַסן־פּלומפּען זיינען פאַרפרוירן געוואָרן, זיינען יידן באַפאַלן דעם טייך מיט העק, גלייך ווי ער, דער טייך, איז שולדיק אין פאַרפרוירן פון די פּלומפּן, געמויערט טיפע לעכער אין דעם אייז און דורך די לעכער געשעפּט וואַסער מיט קאַנען.

דאָ האָט מען געקענט זען, ווי פּאַנטעלע דער וואַסער־טרעגער שעפּט וואַסער מיט 2 גרויסע קאַנען. דערביי איז זיין פּנים באַדעקט מיט אייז און פון דער געפרוירענער באָרד ציען זיך צעפּלעך, ווי פון דאַך פון רבס בית־מדרש.

נאָך אים האָט געשפּאַנט מיט שווערע טריט הערש פאַרך, דער וואַסער־טרעגער פון די בעקערייען. ער האָט געשעפּט וואַסער מיט צוויי פעסעלעך.

הינטער אים איז געגאַנגען זיין ברודער, דער בלינדער מאַטיע, וואָס איז געווען בלינד אויף ביידע אויגן און נאָר בשעת הדחק, ווען ס׳האָט אויסגעפעלט וואַסער אין שטאָט, פלעגט זיין ברודער הערש פאַרך נעמען אים צו הילף. די צוויי ברידער זיינען געגאַנגען איינער הינטערן צווייטן, אַ גאַנצן וועג געשמועסט אויפן קול, כדי דער בלינדער זאָל דעם וועג נישט פאַרלירן.

נאָך די צוויי ברידער איז געגאַנגען משה געלבער, וואָס אַ גאַנץ יאָר האָט ער זיך פאַרנומען מיט גיין איבער די הייזער, בעטלען און עסן שיריים אויף יידישע חתונות און בריתן. נאָר ווען ס׳האָט אויסגעפעלט וואַסער, און מ׳האָט גוט באַצאָלט, האָט ער זיך עוסק געווען מיט וואַסער־טראָגן.

הינטער משה געלבער האָט זיך געצויגן אַ גאַנצער קאַראַוואַן וואַסער־טרעגער, וואָס אַדאַנק זיי איז די שטאָט נישט געשטאָרבן פון דאָרשט.

ווען די ווינטער־נאַכט פלעגט שנעל צופאַלן און דער רבי איז געגאַנגען אין שטיבל דאַווענען מנחה און מעריב און זיך וואַרעמען ביים הייסן אויוון, פלעגן די תלמידים מאַכן אַ שפּאַציר צום טייך. חברה אין שטיוועלעך מיט אייזערנע פּאָדקאָוועס אויף די קנאַפּל האָבן איינער דעם אַנדערן געהאַלטן ביי די פּאָלעס און האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צום טייך מיט אַזאַ אימפּעט, גלייך ווי זיי וואָלטן געווען געבוירענע וואַסער־פייגל.

ווען דער באַרג, פאַרן טייך, איז טיף באַדעקט געוואָרן מיט אייז, פלעגן חברה פאַרנאַכט אַרויסשלעפּן בגנבה, אַז די רביצן זאָל נישט באַמערקן, ווער אַ מולטער, וואָס די רביצן פלעגט אין איר חלה קנעטן, ווער אַ דייזשע, וואָס די רביצן פלעגט אין איר ברויט קנעטן, אָדער גאָר די קופּערנע שיסל, וואָס האָט גענוצט דעם פליישׂ־וויקן, דעם לאָקשן־ברעט און בכלל אַלע שטוב־כלים, וואָס מ׳האָט נאָר געקענט זיצן אויף זיי און זיך אַראָפּשליטלען פון באַרג, איינער נאָכן אַנדערן, שנעל ווי אַ פייל פון בויגן. ווי נאָר מ׳איז בשלום צוגעקומען צום טייך, האָט זיך חברה צונויפגעפּלאָנטערט, איינער מיטן אַנדערן, ווי אַ גרויסע קנויל און ס׳איז געווען שווער זיי פאַנאַנדערצונעמען.

אַז׳י האָט מען זיך אַראָפּגעגליטשט פון באַרג, זיך צונויפגעפּלאָנטערט ביז אַ ליבלעכע מידקייט האָט זיך צוגאָסן אין אַלע גלידער. דאַן האָט חברה זיך אַריינגעגנבעט צוריק אין חדר אַריין, צוריקגעשטעלט די כלים אויף זייער פּלאַץ און זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש קנעלן אַ פּרשה חומש, אָדער אַ בלעטל גמרא, גלייך ווי ס׳וואָלט גאָרנישט געשען.

שבת, נאָכן טשאָלנט, ווען דער טאַטע פלעגט טיף איינשלאָפן, פלעגן מיר זיך אַרויסגנבענען פון שטוב און אַוועקלויפן צום טייך, זיך גליטשן. ווען דער טייך איז פאַרפרוירן געוואָרן ביזן גרונט, פלעגן פּויערים שניידן פון אים פיר־קאַנטיקע שטיקער אייז, ווי שטיקער לעקעך, אַרויפלעגן דאָס אייז אויף זייערע שליטנס, אַוועקפירן עס אין די אייז־קעלערס און גוט איינדעקן מיט שטרוי, ווי מ׳וואָלט מורא געהאַט, אַז דאָס אייז זאָל זיך חלילה נישט פאַרקילן.

זומער, אין די הייסע ירידים־טעג, ווען פּויערים פון דער אומגעגנט זיינען אָנגעפאָרן אין שטאָט, האָבן יידן זיך אַוועקגעשטעלט אין מאַרק



פאָרלעך טרעפן זיך אויפן סאָיניטינער בריק. . זוגות נפגשים על הגשר המוביל לסויניטין.

מיט פעסער וואַסער, אַריינגעשאטן אין וואַסער אַזאַ מין פּראָשעק, וואָס האָט געהאַט אַ קאָליר פון פסחדיקע חרוסת און אַ טעם פון איבערגעשטאַנענעם דייזשע־בארשטש, אריינגעלייגט אין יעדן פּאַס גרויסע שטיקער אייז און די פויערים, וועלכע האָבן געפראַוועט סעודות פון געזאַלצענע הערינג, האָבן געזופּט די זיס־זויערע קאַלטע משקה און דערמיט געלאָשן זייער דאָרשט.

פאר פורים, ווען די טעג האָבן אָנגעהויבן גרעסער ווערן, און די זון שטאַרקער וואַרעמען, האָט דער טייך זיך גענומען וועקן פון זיין טיפןווינטער־שלאָף. דאָ און דאָרט האָט דאָס אייז זיך גענומען רירן מיטנעמענדיק מיט זיך די וועשערין, וועלכע איז געשטאַנען אויפן אייז און געוואַשן אין דער „פּאלאנקע". אויף אירע געשרייען און געוואַלדן פלעגן זיך צונויפלויפן מענטשן, „באַוואָפנט" מיט וואָס ס'האָט זיך געלאָזט, ווער מיט אַ קאַטשערע און ווער מיט אַ לאָפּאטע, כדי צו פאַרהאַלטן דאָס שטיק אייז, אויף וועלכן די וועשערין איז פאַרכאַפּט געוואָרן.

שפּעטער, ווען די פסח־טעג האָבן זיך דערנענטערט, איז דאָס אייז אינגאַנצן פאַרשוווּנדן און דער טייך איז אויפגעשטאַנען תחית־המתים. דאַן האָט דאָס וואַסער אין טייך זיך גענומען הייבן און די גאַנצע „בלאָניע" איז באַגאָסן געוואָרן. די גרויסע הילצערנע רעדער, אויף וועלכע שמעון דער שטריקן־דרייער פלעגט אַ גאַנצן זומער דרייען שטריק, האָט מען אינגאַנצן נישט אַרויסגעזען.

אין דער וואַניס גאַס זיינען די דירות געשטאַנען אין וואַסער, איבער די פענצטער. מענטשן האָבן געראַטעוועט פון די דירות, וואָס ס'האָט זיך געלאָזט און אַוועקגעטראָגן צו באַקאַנטע, וואָס האָבן געוווינט אויפן באַרג. אָבער איידער וואָס ווען, האָט דער טייך געטאָן זיינס און אַלץ אַוועקגעטראָגן מיטן וואַסער.

ווען דאָס וואַסער האָט אָנגעהויבן אָפּפאַלן, האָבן פרויען און מיידלעך גענומען כשרן ביים טייך דאָס פסחדיקע געפעס, קופערנע בעקינס, אייזערנע טעפּלעך און מעשענע לייכטער, און זיי געריבן מיט זאַמד. יידן פלעגן אַוועקשטעלן אין טייך הילצערנע פעסער און אַלע דריי טעג טוישן דאָס וואַסער. נאָך צוויי וואָכן זיינען די פעסער געוואָרן כשר לפסח, צו האַלטן אין זיי פסחדיקן, רויטן באָרשטש.

נאָך פסח האָט אויפן טייך גערוט אַ צניעותדיקע שטילקייט. אויף דער בלאָניע האָט דאָס לעבן זיך גענומען אויפכאַפּן. בעלי־עגלות האָבן אָנגעהויבן אַריבערטרייבן אַהין די פערד, ווו זיי האָבן זיך געפּאַשעט אויף גרינע, זאַפטיקע גראָזן. יינגע, נאַקעטע גענזעלעך און קאַטשקעלעך



ביים ברעג טייך. אין הינטערגרונד דער בנין פון ל.מ.ק. — על שפת הנהר.

ערשטע שורה: רחל פראָסט, עדזשאַ אַמפּער. צווייטע שורה: פייגע פריוונער, פייגע ציגעל, פייגע שפּריץ.

האָבן אונטער דער השגחה פון אַ יונג פּאַסטוכל זיך געפּליוסקעט אין פון זון־שטראַלן דערוואַרעמטן וואַסער.

שמעון דער שטריק־דרייער האָט ווידער געלאָזט אין גאַנג די גרויסע, הילצערנע רעדער און אויף זיי אויסגעדרייט שטריק, וועלכע האָבן זיך געצויגן לענגויס דער גאַנצער בלאָניע. שבת, נאָכן טשאָלנט, האָבן די איינוווינער פון וואַניס גאַס ארויפגעוואָרפן אויף זיך קישנס און קאָלדרעס, אַריבער אויף דער בלאָניע, דורכן שמאָלן בריקל, אויסגעבעט זיך אויף דער בלאָניע און מיט אַ זארגלאָזן עונג־שבת געפיל געכאַפּט אַ דרעמל ביזן זון־אונטערגאַנג, כאַפּנדיק פון צייט צו צייט אַ בליק אויף די געפּענטעטע פערד.

באַלד נאָך שבועות, ווי ס'זיינען נאָר אַריבער די זיבן ספירה־וואָכן, האָט דער טייך גענומען אַרבעטן אין פולן ברען. חברה יינגוואַרג פלעגן גלייך פון חדר זיך אַ לאָז טאָן צום טייך, אַראָפּוואַרפן פון זיך די מלבושים און האָפּ, גלייך אין וואַסער אַריין און אָנגעהויבן שווימען איינער „שארנדיק" און דער צווייטער לייגנדיק „קלאַפּטער".

דערוואַקסענע חתן־בחורים, וועלכע האָבן געלערנט אין די שטיבלעך, „אויף אייגענער האַנט" זיינען גאַנצע טעג אָפּגעלעגן אין טייך, זיי האָבן נישט געהאַט קיין עול פון חדר און נישט קיין אויפזיכט פון אַ רבין.

פרייטיק פאַרנאַכט פלעגן אַרויסקומען צום טייך פאַרהאָרעוועטע שניידער, שוסטער און סטאָלער. ס'גאַנצע וואָך האָבן זיי שווער געאַרבעט אויף צו פאַרדינען דאָס שטיקל ברויט. פרייטיק ביים טייך פלעגן זיי אַראָפּוואַרפן פון זיך די אַרבעטס־בגדים צוזאַמען מיט די מרה־שחורהדיקע דאגות און זיך דערפרישן מיטן קאַלטן, קלאָרן טייך־וואַסער. אַ טייל בעלי־מלאכות האָבן באַוויזן קונצן אין טייך. זיי האָבן זיך אַרונטערגעלאָזט אונטערן וואַסער ביי איין ברעג און אַרויף אויפן וואַסער ביים צווייטן ברעג.

אַנטקעגן דער רוסישער צערקווע, וואָס איז געשטאַנען אויפן באַרג, איז געווען די אַזוי גערופענע „עזרת־נשים". פרייטיק האָבן דאָרט יידישע מיידלעך געוואַשן דאָס געפעס און אין איין וועגס געכאַפּט אַ באָד לכבוד שבת. און טאָמער האָט אַ מאָל, נישט ווילנדיק, פאַרבלאָנדזשעט אַהין אַ מאַנספאַרשוין, איז געוואָרן צווישן די מיידלעך אין די ווייסע העמדער אַ קוויטשעריי, ווי פון אַ סטאַדע גענז און אַלע האָבן זיי זיך מיט אַמאָל אָפּגעטונקט טיף אין וואַסער ביזן האַלדז.

מענטשן האָבן געגלויבט, אַז דער טייך פאָדערט יעדעס יאָר אַ קרבן און נאָכדעם באַרויקט ער זיך. די גלויביקע האָבן געוואַרט, אַז דער טייך זאָל באַקומען זיין קרבן, פאַרשטייט זיך נישט פון זיי, נאָר פון עמעצן אַנדערש און דערנאָך איז שוין נישטאָ קיין סכנה און מ'קען זיך שוין באָדן אין טייך.

אַז ס'האָט דער טייך צוגענומען אַ קרבן, איז די טרויעריקע נייעס באַלד באַוווּסט געוואָרן אין דער גאַנצער שטאָט. יונג און אַלט האָבן גענומען לויפן צום טייך, כדי צו ראַטעווען דעם קרבן. קודם־כל האָט מען אַראָפּגעבראַכט חיים פישער, שמחה פלאטעס זון, מיט זיין פישער־שיפל. חיים פישער פלעגט תמיד גיין דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן, גלייך ווי ער וואָלט מורא געהאַט צו קוקן עמעצן גלייך אין פנים אַריין. אָבער אויפן טייך האָט זיך חיים פישער נישט געשראָקן און זיך נישט געשעמט פאַר קיינעם. די פאָלעס פון זיין כאַלאַט פאַרשטעקט אין לענדערנעם פּאַסעק און מיט דער נעץ גענומען קערן דעם טייך אין דער לענג און אין דער ברייט, ווי מיט אַ בעזים. דאָס גאַנצע שטעטל יידן איז געווען פאַרזאַמלט ביים טייך. אַלע האָבן געווענדעט זייער בליק צו חיים פישער מיט זיין שיפל. די קרובים פון דערטרונקענעם פלעגן שטיל כליפּען. ביים אַרויסציען די נעץ פון טייך פלעגט זייער כליפּען ווערן שטאַרקער, גלייך ווי דאָס אַרויסציען פון דער נעץ פאַרגרעסערט זייערע יסורים. פון צייט צו צייט האָט זיך אַ פישל פאַרפּלאָנטערט אין דער נעץ, אָבער חיים פישער האָט נישט געוואָלט קיין הנאה האָבן פון זיין רעטונגס־אַרבעט און ער האָט דאָס פישל צוריק אַריינגעוואָרפן אין טייך אַריין.

# יידל צימערמאַן / שבת דערינערונגען

גבעתיים

מיטוואָך האָט זיך שוין געמערקט, אַז דער שבת דערנענטערט זיך. די באַוועגונג ביי די מונציאַרעס (מעל־קראָמען) און אויפן גרינעם מאַרק איז לעבעדיקער געוואָרן. יידישע מאַמעס האָבן אַריינגעלייגט די גאַנצע נשמה יתירה אין צוגרייטן די שבת־געריכטן.

איך דערמאָן זיך, אַז מיין מוטער און אַנדערע פרויען פלעגן זאַמלען ברויט און עסנוואַרג פאַר נויטבאַדערפטיקע. באַזונדערס איז די זאָרג געווען גרויס ערב־שבת, ס׳זאָל חלילה נישט פאַרשטערט ווערן דער הייליקער שבת.

אונז, קינדער, האָט דער מוטערס אָפטער נעלם ווערן נישט געשמעקט. איבערהויפּט זיינען מיר נישט געווען צופרידן פון דער „גבאיטע", ל א ה ט א ש ע ר. ווען מיר האָבן איר דערזען, האָבן מיר זיך גלייך אָנגעהויבן שטורצן, לאַכן און שטילערהייט גערופן איר מיט פאַרשיידענע נעמען, ווייל געוווּסט האָבן מיר, אַז באַלד וועט די מאַמע נעלם ווערן צוזאַמען מיט איר.

ל א ה ט א ש ע ר ס האָט פאַרנאַכלעסיקט די משפחה און דעם מסחר, כדי צו טאָן עפּעס אַ מצוה. ווער שמועסט נאָך ערב־שבת, אודאי און אודאי.

פרייטיק פרי האָט זיך שוין אין אַ סך יידישע הייזער געפילט דער ערב־שבת. די פאָדלאָגעס אויסגעוואַשן, די קינדער אויסגעצוואָגן און אָנגעטאָן, יעדער לויט זיינע מעגלעכקייטן. דער טיש געדעקט, די לייכטער אָנגעצונדן און דער ריח פון די מאכלים קיצלט די נאָז.

שטאַרק אומרויק זיינען די קרעמער געוואָרן, ווען פונקט פרייטיק פאַרנאַכט האָט זיך די קראָם מיט גוים אָנגעפּאַקט. די פאַמיליעס זיינען געווען גרויסע, פרנסה האָט שטענדיק געפעלט, און לייזן האָט זיך זייער געוואָלט, נאָר בשום אופן נישט פרייטיק פאַרנאַכט. דאָס איז דאָך, ממש, מעשה שטן! אַזוי האָב איך נישט איינמאָל געהערט פון מיין פאָטער און זיידן ז״ל. אין אַזעלכע פאַלן האָבן זיי מיט גרויס כעס פאַרטריבן די קונים.

נאָכדעם, ווי די מאַמע האָט מיט גרויס כונה די ליכט געבענטשט, פלעג איך מיט גרויס רחמנות קוקן אויף מ י כ א ל ן, דעם סטרוזש, וואָס פלעגט פונקט אַריינפאָרן מיט אַ וואָגן קאַרטאָפל אין הויף און אַ פאַרשוויצטער אין שמוציקע קליידער אָנגעהויבן אָפּלאָדן.

מיך האָט אָנגעכאַפּט אַ נייגעריקייט צו זען, ווי זעט עס יעצט אויס ביי אים אין צימער? כ׳האָב זיך צוגעקוקט צו זיין צימערל. ווי וואָכעדיק עס איז דאָרט! דאַכט זיך, אַז אויך די איקאָנע קוקט מיט רחמנות אַראָפּ.

צו האָבן מ י כ א ל מיט זיין משפחה געפילט אַ קנאה צו די איינווינער פון הויף?

וואַרשיינלעך, אַז יאָ.

פלעגט ער מאַקע פרייטיק צונאַכט צוזאַמען מיט די בנים כאַפּן אַ גוטע כוסה און נאָכער זיך לאָזן מיט זאַפּטיקע, אוקראַאינישע קללות איבער די יידישע הייזער. פרויען האָבן שנעל פאַרמאַכט אַלע טירן און צוזאַמען מיט די קינדער געוואַרט מיט פחד, ביז ער וועט זיך באַרויקן (די מענער זיינען געווען אין שול).

אויף מאָרגן, שבת פרי, נאָכדעם ווי מ י כ א ל האָט איינגעהייצט דעם אויוון און געקראָגן אַ גלעזל בראָנפן, חלה מיט פיש, האָט אים דער פּנים אויפגעשיינט. לאַקריץ־ריידעלעך האָבן זיך, ווי גרויפן געשאָטן, אין בשעת מעשה האָט ער זייער פאַסמאַקעווט די יידישע פיש.

פרייטיק פאַרנאַכט האָבן די פאָטערס, האַלטנדיק די זין ביי די הענטלעך, זיך געלאָזט אין דער שול־גאַס. טעכטער האָבן די זכיה נישט געהאַט, עס איז דאָך נישט קיין קליינינקייט! אַ זון איז אַ קדיש איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר! און צו וויפל צדיקים פלעגט מען דאָס אויספאָרן, כדי אויסצובעטן אַ זון?

און אַזוי גייענדיק אין דער שול־גאַס, האָבן יידן זיך צעטיילט: די זיינען אַריין אין דער גרויסער שול, אַנדערע אין פאַליש און פיל זיינען אַריין אין די הוסיאַטינער, ראַדזינער און טריסקער שטיבלעך.

אין שול האָבן העלגלייכטער געברענט און אַ פייערלעכע שטימונג האָט געהערשט. מיר פלעגן זיך דאָ אַרומיאָגן איינער נאָכן צווייטן און געפלאָנטערט די דערוואַקסענע צווישן די פיס.

צום דאַווענען האָבן מיר קיין ספּעציעלן חשק נישט געהאַט. מיר פלעגן זיך צוקוקן צו די העויות פון יעדן חסיד באַזונדער, און ווי ווייט מעגלעך נאָכקרימען. ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט האָט געצויגן א י ט ש ע ־ מ ע נ ד ע דער שוחט, וואָס האָט מיט גרויס יראת־שמים, און פאַרגלאַצטע אויגן לאַנג, לאַנג געצויגן דעם „אחד".

דאָס דאַווענען איז געווען פייערלעך, באַזונדערס די תפילה פון קבלת־שבת. נאָכן דאַווענען פלעגט מען מיטנעמען אַהיים אַן אורח.

פאַרטאָג פלעגט זיך שוין הערן ד ו ד ב ן ד ו ד ס קול:

— שטייט אויף, שטייט אויף, לעבודת־הבורא! אַלס קינד האָט דאָס מיר אויסגעוויזן זייער געהיימניספול. אַ לאַנגע צייט האָט מיך דער קול געשראָקן און גלייכצייטיק געצויגן, נישט וויסנדיק צו איז ער פון אַ ילוד־אשה.

נאָכן תהילים־זאָגן, פלעגט מען דאַווענען, אָבער איך פלעג אָנקומען אין מיטן פון די תפילות. וויפל כ׳האָב זיך נישט געשטראָפט, האָט עס נישט געהאָלפן, ס׳האָט מיר געצויגן זיך שפּילן מיט חברים פאַרן דאַווענען. כ׳האָב געפילט, אַז כ׳בין פול אָנגעלאָדן מיט חטאים.

אַ באַזונדערער פחד איז מיר באַפאַלן שבת בין־השמשות, ווען דער הימל איז שטאַרק רויט געוואָרן פון שקיעה. כ׳האָב מיר געטראַכט, אַז מען וועט מיר אין אַזאַ פייער בראָטן און ברענען.

שבת ביז נאָכמיטאָג איז נישט געווען שלעכט, אָבער נאָכדעם, גיין אין חדר לערנען פּרקי־אבות, דאָס איז שוין אינגאַנצן קיין תענוג נישט געווען. האָט דער רבי פון אונז טאַקע קיין נחת נישט געהאַט. שנעל, שנעל האָבן מיר אונטערגעברומט דעם פּרק, נאָכדעם גלייך צעפּראַלט די טיר און אַרויס. דער רבי שרייט:

— שקצים! אָבער ווער הערט אים. שנעל האָבן מיר פּליטה געמאַכט אויף די לאַנקעס און פון דאָרט אין בראַדיצער וועלדל. צו הבדלה זיינען מיר שמוציקע, אָבער צופרידענע אַהיימגעקומען.

נאָך הבדלה, ווען מען האָט דעם שבתדיקן טישטעך מיט די לייכטער אַרונטערגענומען, האָב איך מיט אַמאָל דערפילט, ווי וואָכעדיק איז דער אינדערוואָכן. דאַן איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז עפּעס שיינס און יום־טובדיקעס איז אַוועק.

אָבער נישט שטענדיק איז אַזוי געווען. פון יאָר צו יאָר פלעגט דער טריסקער רבי קומען אין שטאָט אויף יאָרצייט. פאַר די קינדער איז דאָס געווען אַ גרויסע געשעעניש.

די קינדער פון הוסיאַטינער און אַנדערע שטיבלעך האָבן דאַן מקנא געווען די קינדער פון טריסקער שטיבל, און זיי פלעגן זיך רייצן מיט אונז:

— אהא! צו אייך קומט נישט אייער רבי! ריכטיק איז עס געווען, אָבער מיר האָבן גלייך אַנטקעגן געטענהט:

— אונזערער איז אַ גרעסערער צדיק!

און ווירקלעך, דעם טריסקער האָבן מיר געזען אַלס אַ ייד — אַ חלוש, אָבער דער הוסיאַטינער האָט זיך אונז אויסגעמאָלט אַלס שיינע לעגענדאַרע געשטאַלט.

און די טענץ! באַזונדערס די שבת בין־השמשותדיקע, פריילעכע, התלהבותדיקע טענץ. האַנט צו האַנט, פּלייצע צו פּלייצע מיט פאַרגלאָצטע אויגן צום הימל — האָבן זיי זיך באַוועגט.

און אַזוי זינגענדיק און טאַנצנדיק עד כלות־הנפש, האָבן זיי באַגלייט די ש ב ת ־ מ ל כ ת א.

# נתן הדס / די געוועלבער ברענען

הרצליה

די הילצערנע הייזער האָבן זיך אַ גאַנצן טאָג געסמאַליעט אונטער דער ברענענדיקער זון, ווייל אין די יידישע געסלעך איז נישט געווען קיין בוים אויף קיין רפואה. מען האָט שוין געהאַלטן נאָך וועטשערע און זיך געקליבן גיין שלאָפן, אָבער אין די הייזער האָט געשטיקט די לופט. ס'איז שווער געווען איינצודרעמלען. יידן האָבן אראָפּגעוואָרפן די כאַלאַטלעך, אַראָפּגעצויגן די שווערע שטיוול, זיך אויסגעזעצט אויף דער פריזבע און דערציילט מעשיות פון גוטע יידן, פון שדים, וואלד־גזלנים און גבורים.

די מעשיות האָבן זיי איינגעוויקט אין אַ טיפן שלאָף, ווי קליינע קינדער אין די וויגן. ווען ס'איז שפּעטער קאַלט געוואָרן, זיינען זיי אַריין אין די שטיבן, זיך אַרונטערגערוקט אונטער די פּערענעס, גלייך ווי ס'וואָלט געווען אַ פראָסטיקע ווינטער־נאַכט. קוים באַוויזן איינשלאָפן, האָט זיך געהערט אַ געבראַזגעריי אין די לאָדנס.

גוואַלד, יידן! די געוועלבער ברענען!

ווער האָט עס נישט געהאַט קיין געוועלב, אַ בודקע, אַ שטעלע אָדער אַ שאַפקעלע? אויב נישט ער — איז אַ ברודער, אַ קרוב. אפילו ווייבער פון בעלי־מלאכות האָבן געהאַלטן געוועלבער. אָט, למשל, חנה־מלכה. ער אַ סטאָלער, און זי האָט געהאַלטן אַ שפּייז־געוועלב. משה חינקיס — ער א מולער און זי האָט געפירט אַ גאַלאַנטעריע־געוועלב. זלאַטע יוזעכעס — ער אַ בלעכער, און זי האָט געהאַלטן אַ מילך־קראָם, אפרים לייב מלמד — ער אַ מלמד, און זי האָט געפירט אַ שפּייז־געשעפט. און אַזוי ווייטער און ווייטער.

ווייל אַ טירעלע אין מאַרק, איז אַ פענצטערל אין הימל — האָט מען געזאָגט, און ווער וויל עס נישט האָבן אַ פענצטערל צום רבונו־של־עולם. דאָס גאַנצע שטעטל האָט געהאַט אַ שיכות צו די געוועלבער, גלייך ווי להבדיל, צו דער שול און צום בית־הקברות.

און דאָ די געוועלבער ברענען? געוועלבער, וואָס זיינען איבערגעגאַנגען בירושה. יידן האָבן נישט געגעסן און אַלץ געלייגט אין די געוועלבער אויף די פּאָליצעס. געוועלבער האָט מען צוגעזאָגט נדן די טעכטער און שפּעטער נישט מקיים געווען, ווייל אין שטוב איז אונטערגעוואָקסן נאָך אַ טאָכטער. געווען פאַלן, ווען מען האָט איינגעטיילט ביידע טעכטער איין געוועלב. איינע האָט געהאַנדלט מיט ראָזשינקעס, די צווייטע — מיט מאַנדלען. די סחורה, וואָס דו וועסט האַלטן אויף דער רעכטער פּאָליצע, וועל איך נישט האַלטן אויף דער לינקע. דו וועסט פאַרקויפן גענז, און איך — גריוון. און דאָ — די געוועלבער ברענען!

דורך טירן און פענצטער האָט מען גענומען לויפן און שפּרינגען. מענער אין די גאַטקעס, ווייבער אין די העמדער, פאַרשלאָפענע, מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן. מען האָט נאָך נישט געזען קיין פונק פייער, אָבער געשריגן האָט מען מיט אַלע כוחות:

— גוואַלד, יידן! די געוועלבער ברענען!

— חיה שרה, בינד צוזאַמען דאָס בעט־געוואַנד, און היט די קינדער — האָט איינער געשריגן.

— פאַרוואָס לויפסטו דער ערשטער? ווי לאָזטו מיך איבער אַליין מיט די פייגעלעך?

— שוויג, שרה! די געוועלבער ברענען!

און די געוועלבער האָבן טאַקע געברענט.

די געשרייען און די גוואַלדן האָבן אויפגעוועקט דעם פייערלעשער, סאַפקע פּאַזשאַרניק פון זיין טיפן שלאָף. מיט אַלע כוחות האָט ער זיך קוים אַרויסגעגראָבן פון דעם באַרג היי, וווּ ער איז געשלאָפן אין דער פּאַזשאַרנע. אַ נישט־דערשלאָפענער האָט ער גענומען ציען דעם שטריק פונעם אַלאַרם־גלאָק, וואָס איז געהאַנגען צווישן די צוויי סאָדע־וואַסער בודקעס פון שימאַלי בעלפער, און שאול אבאַלעס.

די קלאַנגען פון גלאָק האָבן געשטעלט אויף די פיס די פאַרשלאָפענע פון אַלע עקן שטאָט. די פּאַזשאַרניקעס זענען געקומען צעלויפן צו דער פּאַזשאַרנע און גענומען איינשפּאַנען די „לייבן" אין דער גרין־געפאַרבטער שיקאַווקע. אָבער דאָס פייער האָט אַרויסגעשטעקט זיינע צונגען, און מודיע געווען:

— קינדערלעך, איר האָט זיך נישט וואָס צו יאָגן, איר האָט פאַרשפּעטיקט.

קוים מיט צרות איז געלונגען איינשפּאַנען די צעשראָקענע פערד אין דער שיקאַווקע. מען האָט אַרויפגעלייגט די „באַסאַקעס" און מיט קללות אויף די ליפּן איז מען אַוועק צום פּלומפּ אָנצאַפּן וואַסער אין גרינעם פאַס, וואָס איז געלעגן אויף דער שיקאַווקע.

ווען די פּאַזשאַרנע מיט דער שיקאַווקע איז אָנגעקומען צום פּלומפּ לעבן חיה טעלצעס בודקע, האָבן זיי אים געפונען באַלייגט מיט יידן, ווי בינען אויף אַ באַרג האָניק. דערזעענדיק די שיקאַווקע האָבן אַלע גענומען שרייען:

— מאַכט אַ וואַרע! מאַכט אַ וואַרע פאַר דער שיקאַווקע. נאָכדעם ווי זי איז אָפּגעפאָרן, האָט מען ווייטער פאָרגעזעצט די אַרבעט... צוויי האָבן געפּאָמפּעט, איינער האָט אונטערגעשטעלט די עמערס, און אַ צווייטער האָט געטראָגן.

נאָכדעם ווי יידן זיינען מיד געוואָרן פון לויפן מיט די עמער אַהין און צוריק, האָט מען אויסגעפונען אַ מיטל, מען האָט זיך אויסגעשטעלט אין אַ שורה פונם פּלומפּ ביזן פייער און איבערגעגעבן איינער דעם צווייטן די עמערס.

— שמערל, גיב א לערן, בערל, נעם אַ פולן — האָט מען געשריגן.

די וואַסער־טרעגער און די וואַסער־פירער זיינען אויך נישט געשטאַנען מיט פאַרלייגטע הענט. זיי האָבן זיך נישט געשטופּט צום פּלומפּ, נאָר אַוועק צום טייך ביי דער זאַמאַשטשער בריק אָדער צו פּנחס טריסקער אַ טינק אונטער די קאַן — און זי איז שוין פול, אָן געשרייען און שטופּעניש: אַ מחיה!

די וואַסער־פירער האָבן נישט געקאַרגט, אַרויפגעלייגט ביז דריי פעסער, זיי אָנגעגאָסן ביים טייך און אַוועק צו דער שרפה. אַרויסגעשלעפּט דעם גרויסן הילצערנעם קאָרק פון פאַס, אונטערגעשטעלט די עמערס, און פון דאָרט גלייך אין פייער אַריין.

ביי דער שרפה זיינען נישט געווען קיין עצה־געבער, ווי ביי אַנדערע שרפות, וואָס פלעגן שטיין און געבן עצות:

— יאָסל, טו אַזוי, משה, מאַך אַזוי, אַלע האָבן געאַרבעט, נישט געהאַט קיין צייט צו געבן עצות. מיט באַסאַקעס און דראַנגעס האָבן געאַרבעט די „ספּריטנע", די באַשלעגער און דעכער־דעקער. ביי זיי האָט נישט געשפּילט קיין ראָל אַ שפּרונג טאָן אויפן דאַך. זיי זיינען געווען די ערשטע אין פייער, געריסן דעכער און געבראָכן טירן.

די טשעסלער, טרעגער און סתם יידן מיט כח האָבן אַוועקגעקאַטשעט די בודקעס, וואָס זיינען געשטאַנען נאָענט צו די געוועלבער. די יאָטקעס־פּלומפּ און חיה טעלצעס פּלומפּ זיינען פון צופיל פּאָמפּען קאַליע געוואָרן, האָט מען געטראָגן דאָס וואַסער פון יידישן שפּיטאָל־פּלומפּ און פון יאַשקאַליס פּלומפּ און פון טייך, וואָס האָט אַ סך באַשווערט די אַרבעט.

אין די הייזער, וואָס זיינען געשטאַנען נאָענט ביי די געוועלבער, האָט מען זיך גענומען פּאַקן. פון הערש וואַלדמאַנס, יאַשע מאַכטשיס און פון שאול אייזנס קאַמעניצעס האָט מען אַרויסגעטראָגן פון די שטובן אויפן קלויסטער־פּלאַץ. ביי זיי האָבן שוין די פלאַמען אַריינגעקוקט אין די פענצטער, און אויסגעשפּירט צו ס'איז דאָרט דאָ עפּעס לייטישעס...

צעטומלטע און צעשראָקענע איז מען געלאָפן מיט פּעק און זעק און ערשט שפּעטער האָט מען זיך אַרומגעזעצן, אַז נישט דאָס האָט מען געמיינט.

— שמעון — שרייט אַ פרוי — פאַרוואָס האָסטו געבראַכט צו שלעפּן די סטופּע? ווו האָסטו איבערגעלאָזט דאָס קינד? וואָס טויג מיר דער

מולטער מיט דער דייזשע, אַז דאָס בעט־געוואַנט האָסטו איבערגעלאָזן: אויף וואָס וועלן מיר דעם קאָפּ אַוועקלייגן?

אַזוי האָבן מענטשן געהאַלטן אין ארומלויפן אַהין און צוריק, ווי האַלבע משוגעים. יעדעס מאָל זיך דערמאַנט אָן אַ וויכטיקן אוצר, וואָס מען האָט פאַרגעסן.

די קינדער זיינען ארומגעלאָפן הפקר. אַ טייל זיינען מידע צווישן די פּעק איינגעשלאָפן און קיינער האָט זיי נישט באַמערקט, אַ טייל זיינען פאַרפאַלן געוואָרן.

— משהלי! שרהלי! וווּ ביסטו פאַרפאַלן געוואָרן?

— אפשר האָט איר געזען מיינע פייגעלעך?

אָבער ווער האָט צייט געהאַט צו זען, אָדער צו ענטפערן. אין די ווייטע געסלעך האָבן זיך צעשראָקענע גענומען פּאַקן. אשרי אדם מפחד תמיד, בעסער פריער איידער שפּעטער.

פון דער שול־גאַס האָט מען זיך מיט פּעק געשלעפּט צו דער שול און צום בית־עלמנדל. די טאַנדעטניקעס האָבן צונויפגעבונדן זייערע סחורות, געווען גרייט על כל צרה שלא תבוא.

אין באָד־גאַס האָט מען אַלץ ארויסגעטראָגן פון די הייזער. מען האָט געקלערט וווהין וועט מען זיך פּעקלען, אַז די שעה זאָל נישט זיין. אַ טייל האָבן געראַטן אין באָד אריין, ווייל די באָד איז געווען געמויערט מיט ליים־געברענטע ציגל, ממש אַ קרעפּאַסט, און דערצו געהאַט אַ בלע־כענעם דאַך. וואָס דאַרף מען בעסער? אַנדערע ווידער האָבן געזאָגט אין דער מיטלאַווע, אַ ליידיקער פּלאַץ, אַהין וועט דאָס פייער נישט קריכן, ווייל ס'איז דאָרט נישטאָ וואָס צו ברענען. שוואַרץ־זעערס האָבן געטענהט, אַז דאָס זיכערסטע איז אויפן בית־הקברות... עס איז טאַקע אַ ביסל ווייט, אָבער בעסער ווייטער איידער נענטער.

ס'איז ממש נישט צו גלויבן, אַז אין וואָניס האָט מען זיך אויך גענומען רירן. לכתחילה, האָבן זיי אפילו נישט געטראַכט דערפון, שפּעטער, ווען דער האָריזאָנט איז געוואָרן רויט פון די פלאַמען, האָט מען זיך דער־שראָקן, אַריבערגעטריבן די פערד און די קאָזעס איבערן טייכל, אויף דער בלאָניע, און דורך דער שמאָלער קלאַדקע, וואָס איז געלעגן איבערן טייכל, אַריבערגעשלעפּט די בעבעכעס. דאָרט האָט מען געקענט רויק איינשלאָפן, וואָס וועט דאָרט דאָס פייער טאָן? גריזשען דאָס גרינע גראָז? די מלאכה האָבן שוין די פערד און די קאָזעס פון לאַנג אָפּגע־טאָן.

אין אַלע איבעריקע גאַסן איז שוין אַלץ געווען צונויפגעפּאַקט. וויי־בער זיינען געשטאַנען ביי די פּעק און געבראָכן די הענט מיט האַרצ־רייסנדיקע געוויינען:

— גאָטעניו, ראַטעווע, זיי זיך מרחם, נאָר דו קענסט העלפן.

דאָס פייער האָט זיך פאַרצויגן איבערן גאַנצן הימל. דאָס שטעטל האָט זיך געפונען איינגעהילט, ווי אונטער אַ פייערדיקן טלית. די פלאַמען האָבן זיך געריסן אַלץ העכער, אַ טייל לאַנגזאַם, אַ טייל מיט רוגזה, ניט איבערלאָזנדיק קיין פּיצל הימל.

די פּאָזשאַרנע־קאָמאַנדע איז געווען אומבאַהאָלפן קעגן פייער. אַזאַ פייער האָבן זיי אין זייער לעבן נישט געזען. די צעשראָקענע פערד פון דער שיקאַווקע האָבן זיך געהאַלטן אין איין רייסן אין פייער. האָט מען זיי מיט שמאַטעס פאַרבונדן די אויגן.

פון די קאָזאַרמעס זיינען געקומען צו הילף אַ סך סאָלדאַטן, אָבער מער ווי שטיין מיט די ביקסן אין די הענט האָבן זיי נישט געקענט, ווייל ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן קעגן אַזאַ פייער.

אָט, ברענט טעמאַלעס פאַרבן־געשעפט, וואָס איז אָנגעפּאַקט מיט פעסער פּאַקאַסט. דאָס פייער קריכט פון דאָרט אַרויס אין פאַרשידענע רעגן־בויגנדיקע פאַרבן, ווי אַ גוישע כלה מיט אַן אויסגעפלאָכטענעם קאָפּ פון פיל־פאַרביקע סטענגעס.

דאָס פייער רייסט זיך צווישן די געוועלבער, האָט נישט קיין צייט, ווייל וואָס שנעלער ענדיקן דאָס שטיקל אַרבעט. אָט, ברענען די שטיוול־קראַ־מען און לעדער־געשעפטן. פון דאָרט טראָגט זיך אַ גדיכטער רויך, וואָס רופט אַרויס הוסטן און אַ שטיקעניש אין האַלז.

ס'פייער איז שוין אַריין אין די שניט־געשעפטן. די פלאַמען טרייבן אַרויס פון דאָרט שטיקער שטאָף. ווי שוואַרצע קראָען צעפליען זיי זיך אין דער הויך איבערן שטעטל און זאָגן אָן דעם חורבן.

ס'ברענט שוין ביי די מעל־שענקערס, דאָ האָט דאָס פייער נישט קיין שליטה, ס'פאַרעט דאָרט, ווי אין באָד, ווען מען באַגיסט די גליענדיקע שטיינער מיט וואַסער.

די פלומפּן זיינען שוין אַ לענגערע צייט קאַליע, די שיקאַווקע אַרבעט שוין אויך נישט. דעם טייך האָט מען שוין באַלד אויסגעשעפּט, און דאָס פייער טוט זיינס אומגעשטערט.

דאָס פייער איז שוין דערגאַנגען צו די נאַפט און סמאָלע־געוועלבער, ס'ברענט לייזער שטאָקהאַמערס געוועלב. אַלץ וואָס ברענט, איז דאָ ביי אים אין געשעפט: נאַפט, סמאָלע, דזשעגעכץ און טראַן. פון דאָרט האָט זיך דאָס פייער געריסן אין הימל, אַרויסשטעקנדיק זיינע פייערדיקע צינגער. פון שוואַרץ־סמאָלעדיקע רויך־זיילן רייסן זיך די רויטע פלאַמען, ווי פון שוואַרצע שיידן אַרויס.

ווען ס'האָט גענומען טאָגן, האָט דאָס פייער ביז די יאַטקעס דער־גריכט. דאָרט האָט דעם פייער געפלאַמט ס'פּנים... נישט געווען וואָס צו ברענען, אויסער די ליידיקע ווענט און די פליייש־קלעצער. דאָ האָט דאָס פייער אַראָפּגעשלונגען דעם לעצטן ביסן.

צומאָרגנס, נאָך דער שרפה, זיינען די קרעמער געשטאַנען, געזוכט און גענישטערט אונטער די חורבות, אפשר וועט מען עפּעס געפינען. יינגלעך זיינען נישט געגאַנגען אין חדר. קיין וואָרט־זאַכן האָט מען נישט געפונען. אַלץ האָט דאָס פייער פאַרניכטעט.

די קרעמער פון די בודקעס, וואָס זיינען ניצול געוואָרן, האָבן פאַרגע־זעצט זייער האַנדל. די „נשרפים" האָבן זיך אַוועקגעשטעלט יעדער לעבן זיין מויער מיט זיין ביסל סחורה.

ס'האָט לאַנג נישט געדויערט, מיט דער הילף פון דער פייער־קאַסע האָט מען גענומען אויפשטעלן די געוועלבער, וועלכע מען האָט געענדיקט אין יאָר 1914, ווען ס'איז אויסגעבראָכן די גרויסע וועלט־שריפה.

# ווער איז שולדיק אין דער שרפה?

פּאַרוואָס מען האָט אים גערופן חוימער — ווייס איך נישט. אַלנספאַלס, דאָס איז נישט געווען זיין פאַמיליע־נאָמען.

ער האָט געהאַט אַ צעלניק־קראָם. אַז מען פלעגט ביי אים בעטן ווייסע פּאָדעם, אָדער קנעפּלעך, האָט ער דערלאַנגט שוואַרצע, און אַז דער קונה פלעגט אים זאָגן:

— ר' משה, איך האָב דאָך געבעטן ווייסע? האָט ער געענטפערט מיט אַן ערנסטן טאָן:

— וואָס איז דער אומגליק? מיט שוואַרצע קען מען אויך פאַרנייען, און דערביי צוגעבן:

— גאָטעניו! וווּ נעם איך די זאַק מיט געלד, וואָס מען קען מיט שוואַרצע פּאָדעם פאַרנייען.

די קונים איז געפעלן זיין תשובה און זיי האָבן צוגעשמייכלט. פון זיין ענטפער האָבן זיי געדרונגען, אַז ער איז אַ גרויסער תם, און האָבן זיך געטראַכט, אַז ביי אַ תם איז גוט צו קויפן... אַ טייל ווידער האָבן גע־האַלטן, אַז ער מאַכט זיך נאָר אַזוי, כדי צו פאַרתמען די קונים. אַזוי צי אַזוי, דאָס געוועלב איז ביי אים תמיד געווען פול

דאָס ערשטע געוועלב אין ראָג איז געווען דוד וואָלקאָוויניקס. דאָס צווייטע: אברהמלע ישׂשכרס. דאָס דריטע, אין ווינקל, האָט

געהערט צו משה חוימער און איז געשטאַנען אויפן פרשת־דרכים. צו זיין געוועלב האָבן געפירט 4 שמאָלע וועגן, צו וועלכע ס'האָבן געשטראָמט פויערים פון די אַרומיקע דערפער.

די פויערים האָבן ביי אים געקויפט שטרויענע קאַפעלושן, פּאַפּיראָסן און טאַבאַק־פּושקעס, לולקעס פון האָלץ און פון פּאַרצעליי, קניפּיקלעך און פּאַסן מיט גרויסע ספּראַנשקעס.

די פויערטעס פלעגן קויפן טיכלעך און פּאַטשיילעס, סטענגעס פאַר די שיקסעס און וועלאַנס פאַר די כלות.

שקצים האָבן געקויפט גאַרמאָשקעס און פייפערס פון האָלץ. די שניידער האָבן ביי אים געקויפט זייערע „צודאַטן".

זיין געוועלב איז געווען אָנגעפּיקעוועט מיט סחורה, אַז די פּאָליצעס האָבן זיך געבראָכן, ממש א באָדל נישט אַריינצושטעקן.

כדי צו פאַרקלענערן די ענגשאַפט, האָט ער דעם בוידעם אויך פאַרוואַנדלט אין אַ געוועלב.

טשעסלער האָבן אין געוועלב אַוועקגעשטעלט טרעפּ, וועלכע האָבן געפירט צום בוידעם. מיט ברעטער דעם דאַך אונטערגעקלאַפּט, און אויך די ווענט באַדעקט. מאטי מאלער האָט דאָס בוידעם־שטיבל מיט פּאַפּיר־טעפּעכער אויסגעקלעפּט, אַזוי אז עס איז נישט געווען צו דערקענען, אַז דאָס איז אַ בוידעם. נאָר דער שיפּוע פון דער סטעליע האָט אויסגעזאָגט דעם סוד. דאָרטן, אין דער הויך, האָט ער געהאַלטן די בעסערע סחורה.

אין טאָג פונם אומגליק איז אין הרוביעשאָוו פאָרגעקומען אַ גרויסער יריד. די פעלדער זיינען דאַן געווען באַדעקט מיט נישט־פאַרטיקע תבואה. פויערים — פריי פון אַרבעט — האָבן געוואַרט אויף דעם זשניווא און זיינען געקומען אויפן יריד.

אין דעם טאָג איז נישט מעגלעך געווען אַריינצושטעלן אַ פוס צו משה חוימער אין געוועלב.

דער שטייגער פון די פויערים איז: ווו דאָס געוועלב איז געפּאַקט מיט קונים, שטופּט ער זיך אהין. מיט אַ שפּאַן ווייטער קען זיין דאָס זעלבע געשעפט ליידיק און מען הלשט פאַר אַ קונה.

פאַרנאַכט, ווען דער לעצטער פויערישער וואָגן האָט פאַרלאָזן דעם קלויסטער־פּלאַץ, האָט ביי משה חוימער אין געוועלב אויסגעזען ווי נאָך אַ פּאָגראָם. הויפנס סחורות זיינען געלעגן אָנגעוואָרפן אויפן לאַנגן טיש. און אין אַלע ווינקלעך זיינען געשטאַנען פולע און ליידיקע פּודלעס, וועלכע מען האָט נישט באַוויזן צוריקצושטעלן אויף די פּאָליצעס. טראָץ דעם, וואָס ער האָט יענעם טאָג מאָביליזירט אַלע אַרבעטס־קרעפטן פון דער משפּחה, האָבן זיי דאָך נישט באַוויזן צו ברענגען אַלץ אין אָרדענונג.

אין אַזאַ טאָג איז ער נישט געגאַנגען דאַווענען מנחה אין שטיבל, נאָר איז צוגעגאַנגען צו דער וואַנט, דערלאַנגט אַ רייב די הענט און גענומען זאָגן: „אשרי יושבי ביתך" און גלייכצייטיק גענומען אָפּרוימען פון טיש די אָנגעוואָרפענע סחורות.

נאָכן אויסשטיין שמונה־עשרה, איז ער צו צום טיש, אַרויסגעצויגן די שופלאַדלעך, אַרויסגענומען דעם „פדיון" און אַרויף אויפן בוידעם, איבערלאָזנדיק די בני־משפחה ענדיקן די אַרבעט.

ווען ער איז אַרויף אויפן בוידעם, האָט ער שנעל פאַרקייטלט די טיר, כדי עס זאָל ווער נישט אַריין, און חס־וחלילה קיין עין־הרע נישט געבן. ער האָט אָנגעצונדן דעם לאמפּ, וואָס זיין גלעזל האָט כמעט אָנגערירט די שיפּועדיקע סטעליע, וואָס איז געווען אויסגעקלעפּט מיט בלומען־פּאַפּיר. נאָכדעם ווי ער האָט איינגעשטעלט דאָס פייער, האָט ער אויסגעשאָטן דאָס געלט פון די קעשענעס, און מיט גרויס התלהבות גענומען ציילן דעם פדיון, כדי צו וויסן: מה ילד־יום, וואָס האָט דער יריד געגעבן.

נאָכדעם האָט ער אויסגעקליבן דאָס גראָבע געלט און צום סוף מכל הנערים, דאָס דראָבנע, און אויסגעבויט פון זיי טורעמס. געענדיקט ציילן, יעדן טורעם אַיינגעוויקלט אין פּאַפּיר און זיין סכום אויפגעשריבן.

ווען ער האָט געענדיקט ציילן, איז ער גלייך אַראָפּ אין געוועלב און פון גרויס היילעניש פאַרגעסן צו פאַרלעשן דעם לאמפּ. אין געוועלב האָט ער שוין קיינעם נישט געטראָפן, אַלע זיינען שוין אַוועק אַהיים. האָט ער אַרויפגעלייגט דעם גרויסן, אייזערנעם פרענט, אויפגעהאָנגען דעם דיקן שלאָס, און אַוועק אַהיים מיטן פדיון.

אַ מידער איז ער שנעל איינגעשלאָפן הינטער דער פערענע. ס'האָט זיך אים געחלומט, ווי ער זיצט אויפן בוידעם און האַלט אין איין ציילן רענדלעך, אַז פונקען פליען אים פון די אויגן... דאַן האָבן שוין טאַקע געפלויגן פונקען פון בוידעם.

דאָס פייער האָט גענומען אַרויסקריכן פונעם גלעזל אַרויף און אַראָפּ, און אָנגעצונדן דאָס טאַפּעטן־פּאַפּיר. נאָכדעם האָבן גענומען ברענען די פּריש־סאָסנאָווע ברעטער פון אונטער דער סטעליע. אַזוי ווי דער דאַך איז געווען מיט בלעך באַדעקט, האָט זיך דאָס פייער גענומען צו דער מיטל־וואַנט פון בוידעם, וואָס האָט אָפּגעטיילט צווישן משה חוימער און אברהמלע יששכרס בוידעם, פון דאָרט צו מאטי ברוך שטיוולקרעמער און צו דעם וואלקאוויניק אין געוועלב.

גראַד איז דאַן אבראמיק זעלצער געגאַנגען פון זיין סאָדע־וואַסער פאַבריק, וועלכע ער האָט געהאַט ביי הערש וואלדמאַן אין דער קאַמעניצע און ער האָט דערזען דאָס פייער. ער האָט גענומען שרייען, אַז ביי דוד וואלקאוויניק אין געוועלב ברענט. אַזוי איז עס איבערגעגאַנגען פון איין מויל צום צווייטן און אַזוי איז עס פאַרבליבן, אַז די שרפה האָט זיך אָנגעהויבן ביי אים.

אַ טייל האָבן געטענהט, אַז ער האָט דאָס געטאָן, כדי צו קריגן פייער־קאַסע. אַנדערע האָבן געגעבן צו פאַרשטיין, אַזוי ווי זיין ווייב פלעגט פאַרקויפן געקאָכטע קאַקאַרודזעס אין געוועלב, האָט זי איבערגעלאָזט לעבעדיקע קוילן, כדי עס זאָלן אינדערפרי זיין הייסע קאַקאַרודזעס און פון דעם האָט זיך גענומען ס'פייער. אַנדערע ווידער האָבן אויפגעוויזן, אַז זי האָט דעם סאַמאָוואַר מיט זעק אַרומגעהילט, כדי צו האָבן באַלד אינדערפרי הייסע טיי.

די זאַך איז דערגאַנגען דערצו, אַז מען האָט דוד וואלקאוויניק אָנגעקלאָגט אין געריכט (נישט — חלילה, גערופן צום רב, פריער) און אויפן משפט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז גאָט די נשמה שולדיק. די עדות זיינען געווען די ערשטע, וואָס זיינען געקומען צו דער שריפה. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז פון זיין געוועלב האָט מען אַרויסגעראַטעוועט די גאַנצע סחורה, אפילו די פעסער מיט הערינג, וואָס דאָס איז נישט אַזוי לייכט געווען.

איינער פון די עדות איז געווען יענקל סאָוויעטצקיס, וועלכער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אויפגעבראָכן דוד וואלקאוויניקס געוועלב און גענומען ראַטעווען. ער האָט געזען, אַז דאָס פייער האָט זיך געצויגן פון דער דרום־וואַנט, וואָס איז געווען אין דער זייט פון משה חוימערס געוועלב. פאַרשטייט זיך, אז דער גערירכט האָט אים פרייגעשפּראָכן. און דאָך איז געבליבן, אַז ער איז געווען דער גורם פון דער שרפה, ויש דברים בגו.

עס איז געווען בין כסה לעשור. דוד וואלקאוויניק האָט געאַרבעט כמעט אַ גאַנצע נאַכט. כעלות השחר איז ער אַוועק אין טרעגערישן פּאליש דאַווענען מיטן ערשטן מנין. דאָ האָט מען אים מכבד געווען מיט הגבהה. אַראָפּגייענדיק פון די טרעפּלעך ביים ארון־הקודש, האָט זיך די ספר־תורה אַרויסגעגליטשט פון זיינע הענט און אַראָפּגעפאַלן אויף דער פּאָדלאָגע. עס איז געוואָרן אַ טומל צווישן די מתפללים און מען איז גלייך אַוועק צום רב פרעגן אַ שאלה. דער רב האָט געפּסקנט, אז אלע מתפללים דאַרפן דעם טאָג פאַסטן, און ער, דוד, דאַרף פאַסטן פערציק טעג, נאָר יעדן טאָג נאָך מנחה־מעריב מעג ער עסן ברויט מיט וואַסער.

ווען עס איז אויסגעבראָכן די שרפה, האָט אַ טייל געזען אין דעם אַ סימן, אַז זיינע תעניתים האָבן נישט געהאָלפן. און אַזוי ווי די תורה איז געגליכן צו פייער, אש דת למו, דערפאַר איז ער געשטראָפט געוואָרן מיט פייער.

און בכלל האָט מען געזאָגט, אַז דאָס איז שוין אַ דבר־ידוע, אַז דער וואָס וואַרפט אַראָפּ אַ ספר־תורה, ביי דעם ברעכט אויס אַ שרפה. און דעריבער האָט מען אים באַשולדיקט אין דער שרפה.

# זיי האָבן בײַ ייִדן נישט געגנבעט

יום־כפור אויף דער נאַכט, ווען ייִדן זײַנען מיד פון כפרות־עסן און האַלב־פאַרטשאַדעטע פון ליכט, טיף אײַנגעשלאָפן, איז דער שבת־גוי געבליבן אין שול היטן די הונדערטער נרות־נשמה, ס'זאָל חס־ושלום, קיין שׂרפה נישט אויסברעכן.

אָבער ייִדן האָבן אַ טעות געהאַט. לעווקע דער שבת־גוי איז נישט געשלאָפן מיט קיין קלענערן געשמאַק, ווי עמך ישׂראל נאָך זייערע האַרץ־רײַסנדיקע תפילות. מיטאַמאָל האָט אַ גרויסע, וואַקסענע נשמה־ליכט פון גרויס היץ גענומען זיך בויגן און טריפן הייסע טראָפּנס וואַקס אויף דער היי־געשפּרייטער פּאָדלאָגע.

אַ פלאַם פײַער האָט אײַנגעהילט אַלץ. פײַערדיקע שלאַנגען האָבן גענומען קריכן דורך די גרויסע פענצטער אויפן דאַך פון דער ווייבערישער שול.

ווען די קלאַנגען פון גרויסן קופּערנעם גלאָק האָבן ייִדן פון זייערע בעטן אַרויסגעשלעפּט, און דאָס גאַנצע שטעטל האָט גענומען זוכן דעם שבת־גוי, איז ער שוין לאַנג אויפן עולם־האמת געווען.

ייִדן זײַנען הילפלאָז געשטאַנען, ווער ווער וועט וואַגן, חלילה, מחלל יום־טוב זײַן? זײַנען פּלוצלונג ווײַסע טויבן געקומען און מיט זייערע ווײַסע פליגל דאָס פײַער גענומען לעשן. אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט. אַלץ איז אַוועק מיטן פײַער. נאָר איבער די מעשענע הענג־לײַכטער, און דער גרויסער חנוכה־לאָמפּ, האָט דאָס פײַער קיין שליטה נישט געהאַט. מען זאָגט, אַז אויך די פּאָדקאָוועס פון שבת־גויס שטיוול זײַנען ניצול געוואָרן.

דאָס מעשוואַרג האָט מען גלײַך באַהאַלטן, מיט דער האָפענונג, אַז ווען די נײַע שול וועט, אם ירצה־השם, געבויט ווערן, וועט אַלץ אַוועקגעשטעלט ווערן אויף זײַן מקום.

ייִדן האָבן לאַנג נישט געוואַרט. וואָס הייסט? ווי קען מען לעבן אָן אַ שול? גבאים און סתם שיינע ייִדן האָבן זיך צו דער אַרבעט גענומען, מען האָט אַרויפגעלייגט תרומה און מעשׂר אויף אַלץ און אויף אַלעמען, אפילו אויף ציבעלעס און קנאָבל. דאָס געלט, וואָס איז צונויפגעקליבן געוואָרן, איז איבערגעגעבן געוואָרן בידים נאמנות, דעם גרעסטן שטאָט־גביר.

גוים האָבן גענומען פירן גרויסע דעמבעס פון סקריטשינער וואַלד, וואָס האָט געהאַט אַ שם פאַרן בעסטן בוי־מאַטעריאַל. דער גרויסער קוימען פון דער צעגעלניע האָט גענומען שפּײַען מיט רויך, כדי צוצושטעלן די ציגל צו דער צײַט.

בעלי־עגלות און ליים־פירער האָט מען געקענט זען פון זון־אויפגאַנג ביז זון־אונטערגאַנג מיט איבערפילטע וועגענער ליים און ציגל ציען אין ריכטונג פון דער שול.

ייִדישע מאַלערס און טשעסלאַרעס, וועלכע האָבן זיך געפונען בשפע אין הרוביעשאָוו, האָבן פאַרקאַטשעט די אַרבל און זיך גענומען צו דער מלאכה. דער מויער האָט גענומען פון טאָג צו טאָג וואַקסן און דאָס שטעטל האָט זוכה געווען, אַז חנוכת־הבית זאָל אויספאַלן פּונקט דעם ערשטן טאָג חנוכה.

גרויסע קעלערס זײַנען אונטערן פונדאַמענט אויסגעמויערט געוואָרן, כדי מען זאָל זיך קענען אויסבאַהאַלטן הינטער זייערע דיקע ווענט. אָבער בעיקר, האָט דאָס געדינט ייִדישע סאַדאָווניקעס, ווי נח זעלנער, משה פּאַשזאַנע און טויבע די, וועדינקאַרן און יענקל ראַנעט. זיי האָבן דאָרט באַהאַלטן גרויסע פעסער זויערע אוגערקעס און קוואַס־עפּל.

ערבֿ־פּסח, נאָכן חמץ־פאַרברענען, האָט מען געקענט זען, ווי נח זעלנער פאַרשטעקט די פאָלעס אין גאַרטל, שפּאַנט מיט צוויי נײַע, פּסחדיקע קאַנען, איבערפולט מיט קוואַס־עפּל, וואָס זייער ליכטקייט האָט געקענט אַ טויטן די אויגן אויפרײַסן.

צוויי גרויסע טירן האָבן געפירט אין גרויסן האָל פון דער נײַער שול. רעכטס איז געווען דער טרעגער־פּאָליש, לינקס דער שניידערי־שער, אין שול האָט מען געדאַרפט אַרונטערגיין אויף עטלעכע טרעפּ, כדי מקיים זײַן דעם פּסוק: ממעמקים קראתיך, יה!

אין דער לינקער זײַט איז געווען אַזאַ מין האָלע, וואָס דאָרט זײַנען אויסגעלייענטע ספרי־תורות, מידע פון הקפות־טענץ, אין גרויסע קאַסטנס געפּאַקט געוואָרן און דאָרט זייער מקום־מנוחה געפונען.

ווען אַלץ איז געווען פאַרטיק, זײַנען ייִדן אַוועק און געבראַכט דעם גרעסטן קונסט־מאַלער, וואָס סך־הכל 3 שולן האָט ער געמאָלט. אַ תנאי האָט ער געשטעלט — 25 רובל, טבין־ותקילין, יעדן טאָג אויפן טיש און אַרבעטן בגלוי־ראש.

ייִדן האָבן באין־ברירה מסכים געווען, און דער פּענזל האָט גענומען מאָלן, כיד הטובה עליו, ווי אין פּסוק שטייט מכל עוף השמים ומן הבהמה הטהורה. יעדעס מיט זײַן פאַרב און יעדעס אויף זײַן פּלאַץ, מעשׂה חושב. אָט, למשל, זעט מען דעם נשר הגדול מיט זײַנע צוויי אויסגעשפּרייטע פליגל, ס'דאַכט זיך, אָט, לאָזט ער זיך אויף מיר אַראָפּ און כאַפּט דאָס היטל פון קאָפּ. אָט, איז דער נץ, דער שפּאַרבער בלע"ז, ווי ער טראָגט אין זײַן מויל אַ יונג פייגעלע, נאָר וואָס פון דער מוטער אַוועקגעריסן. ווער איז דאָס אומשטאַנד אויסצורעכענען אַלע חיות און עופות, וואָס זײַנען דאָרט אויסגעמאָלן, דאַכט זיך נאָך מער, ווי בײַ נחן אין דער תיבה.

דערפאַר אָבער האָבן זיך אין מײַן זכרון אײַנגעקריצט די חיות הקודש, וואָס זײַנען אויסגעמאָלן אויפן בלעמער. באַלד אין פראָנט, בײַם אַרײַנגאַנג, ליגט זיך דער שפּיפון — דער פּיפּערנאָטער, אײַנגעדרייט אין צענען, גלײַך ווי דעם רבינס שבת־יום־טובֿ־דיקער גאַרטל אויפן שולחן, להבדיל. פאַר אים האָב איך קנאַפּ וואָס מורא געהאַט, אגבֿ, מיט אים האָט מיך באַקאַנט געמאַכט מײַן רבי, טרייטל דער מלמד, עליו־השלום. דאָס איז אַ פוילע חיה, וואָס ליגט אין מדבר און וואַרעמט זיך אונטער דער 60־גראַדיקער זון, גלײַך ווי דעם רבינס קאַץ אויפן פּיעקאַליק. און אויב ס'מאַכט זיך, אַז אײנער פאַרבלאָנדזעט אַמאָל אין אַ יובל, גיט ער אים מער נישט, ווי אַ צופּ אין פּאָדקאָווע, ווי זאָגט דאָרט דער פּסוק „שפיפון עלי אורח, הנושך עקבי סוס", ווײַל העכער פּוילט ער זיך אויפהייבן דעם קאָפּ. פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ מהלך, ווי פון בעלעמער צו מיר, וועט ער זיך נישט דערוועגן, אַזוי אַז מיט אים בין איך זיכער.

איבער דעם שפּיפון איז געשטאַנען דער שור־הבר מיט זײַנע צוויי שופרדיקע, לאַנגע הערנער און געוואַרט אויף משיחן. אַ ברירה האָט ער געהאַט? פון אים האָב איך זיך געמאַכט אַ צימעס: וואָס אייגנטלעך האָט ער צו מיר און איך צו אים? ווײַל צו דער גרויסער סעודה, וואָס משיח וועט פון אים מאַכן, איז נאָך לאַנג צו וואַרטן.

אין דער לינקער זײַט איז ווידער געשטאַנען — דער בער. מזל האָב איך געהאַט, וואָס ער איז געשטאַנען מיט פּנים צו מזרח, אַזוי אַז מען האָט זיך געקענט אַרײַנכאַפּן אויף די שפּיץ פינגער, ער זאָל אײַך נישט זען, און טאָמער, חס־ושלום יאָ, איז אויך נישט קיין אומגליק, ווײַל ווי ס'איז אײַך באַקאַנט די טבע פון בער, אַז ער וויל זיך אומקוקן, מוז ער זיך איבערדרייען מיטן גאַנצן קערפּער, איז איידער וואָס־ווען, מאַכט איר פּליטה.

רעכטס פון בעלעמער האָט ער אַוועקגעשטעלט דעם לייב, וואָס פון זײַן אַרויסגעשטרעקטער צונג האָט מען געקענט זען באַשײַנפּערלעך ווי דאָס הייסע, וואַרעמע בלוט פון די נאָר וואָס פאַרצוקטע שעפּעלעך, רינט פון איר. האַלטנדיק דעם קאָפּ פאַרדרייט, האָט ער אָנגעוואָרפן אַן אימה אויף אַלץ און אַלעמען, בפרט אויף ייִנגעלעך פון מײַן שטייגער, גלײַך ווי ער וואָלט שרײַען: קונדסים, איר וועט מײַן שוועל נישט איבערטרעטן.

ותשלם כל המלאכה. צום ערשטן ליכטל איז אַלץ פאַרטיק געווען. ס'זײַנען זיך צונויפגעפאָרן ייִדן פון דער גאַנצער געגנט: פון קרײַלאָוו, פון לאַשטשעוו, טישאָוויעץ, האָראָדלע און סתם ייִדן. ס'איז נישט געווען, ווו אַ שפּילקע אַרײַנצוואַרפן.

דעם טריסקער רבי, זכותו יגן עלינו, האָט מען מכבד געווען מיט דער פּתיחה פון חנוכת־הבית, אָנצינדן דאָס ערשטע ליכטל. דערשטוינטע זיינען די גבאים געוואָרן. שוין באַלד אַוועק אַ האַלבער טאָג, ווי דער שמש מיט צוויי טרעגער זיינען אַוועק אויפן בית־עלמנדל, כדי פון דאָרט אויסצוגראָבן די הענג־לייכטער און די מנורת־חנוכה, וואָס זיינען דאָרט געווען באַהאַלטן פון נאָך דער שרפה. אָבער נישט מ׳הערט זיי, נישט מ׳זעט זיי. די זון איז שוין פאַרגאַנגען און דאָ שטייט אַן עדה יידן און ווייסן נישט וואָס איבערצוטראַכטן, וואָס האָט דאָ געקענט פּאַסירן?

פון דערווייטנס הערט זיך שוין דאָס געזאַנג פון די חסידים, וואָס פירן דעם רבין טאַנצנדיק און זינגענדיק אין שול אריין. מיט זיי טאַנצט אויך מיט משה חיים דער קונצנמאַכער אויף צוויי גרויסע שטאָלצן מיט אַ ספר־תורה אין די הענט, וואָס האָט געהאַט אַ חזקה משמח זיין חתן־כלה און בכלל אויף יידישע שמחות.

ווי אַ דונער אין אַ שיינעם טאָג, איז אַריינגעפאַלן דער שמש מיט דער טרויעריקער בשורה, אז מ׳האָט באַגנבעט, נאָר דער ליידיקער קאַסטן איז פאַרבליבן.

פאַרשטייט זיך, אַז די ידיעה איז באַלד דערגאַנגען צום רבין. נישט לאַנג טראַכטנדיק, האָט ער אַ זאָג געטאָן צום גבאי:

— ברענג מיר באַלד אויף שנעל, אַ גרויסן בויערער. נישט מאַכנדיק קיין לאַנגע שהיות, האָט דער גבאי הויך אויסגעשריגן:

— יידן, גוואַלד, ברענגט שנעל אַ גרויסן בויערער. בערל דער סטעלמאך איז, ווי אַ פייל פון בויגן, אַוועק אַהיים און געבראַכט דעם גרויסן בויערער, וואָס ער פלעגט מיט אים גרויסע לעכער אין די רעדער אויסבויערן.

— בערל — האָט דער רבי, עליו־השלום, אַ זאָג געטאָן — נעם דעם בויערער און הייב אָן בויערן די טיר.

בערל, זעענדיק פאַר זיינע אויגן אַזאַ שיינע, נייע טיר, טראַכט, אפשר איז חלילה אַ טעות, שטעלט ער זיך איין דאָס לעבן פרעגנדיק:

— אין דער נייער טיר?

— יאָ — זאָגט דער רבי מיט אַ פּסקנדיקער שטימע — אין דער נייער טיר.

און בערל האָט מיטן גאַנצן כח דעם בויערער צו דער טיר צוגעדריקט. דער גאַנצער קהל האָט זיך געגומען שטופּן אין דער ריכטונג פון דער טיר. אַלע זיינען געשטאַנען פאַרגאַפּט, וואָס מיינט ער דערמיט?

צווישן זיי איז אויך געווען יענקל דער מאַראַוויכער, וואָס מען האָט אויף אים געזאָגט: בחכמה פותח שערים. ער האָט גאָרנישט געטראַכט, אַז דאָס מיינט מען אים, אָבער ווען בערל דער סטעלמאך האָט אָנגעהויבן בויערן אין טיר האָט ער, יענקל מאַראַוויכער, געפילט עפּעס אַ רויש אין קאָפּ. טראַכט ער:

— אפשר, האָט ער זיך היינט צוליבן גרויסן יום־טוב אַ ביסל איבערגעטרונקען? וואָס שטאַרקער בערל האָט געבויערט, אַלץ שטאַרקער זיינען געוואָרן די ווייטאָקן און פייערדיקע רעדער האָבן זיך אים גענומען דרייען פאַר די אויגן.

— א— זאָגט ער — דאָס איז שוין גאָרנישט פון קיין י״ש.

נאָך האָט ער געפילט, אַז ווען בערל פלעגט אַ ווײַלע איבעררייסן, כדי אין די הענט אריינשפּייען, אַז דאַן גייען ביי אים די ווייטאָקן אַריבער. דאָ, האָט ער זיך געטראַכט, מיינט מען אים, יענקל דער מאַרוויכער. מיט אַ יאָמערלעך קול האָט ער גענומען שרייען:

— הייליקער רבי, הערט אויף, איר האָט מיר שוין באַלד דעם קאָפּ אַדורכגעבויערט. איך גיב אַלץ צוריק, איך שווער, אַז מער וועל איך ביי יידן נישט גנבענען. דער שמש מיט נאָך יידן זיינען מיט אים אַוועק אויפן אַלטן בית־עולם און דאָס גאַנצע מעשוואַרג פון הינטער אַ מצבה אויסגעגראָבן.

יידן האָבן דאַן געפראַוועט אַ דאָפּלטן יום־טוב. און ס׳האָט זיך ווידער געהערט דער אַלטער, באַקאַנטער: מזמור שיר חנוכת הבית.

אויף יענקל דעם מאַראַוויכער דערציילט מען, אַז ווען ער האָט געהאַלטן אָט אָט... האָט ער זיין גאַנצע משפּחה צוזאַמענגערופן, ויצו על ביתו, ער האָט זיי אָנגעזאָגט: ביי יידן נישט גנבענען.

אַז זיי האָבן זיין צוואה מקיים געווען, ווייסן מיר. זיין עלטערער איינִיקל, חנא וואַליק, האָט ביי יידן נישט געגנבעט.

# גרינס אויף שבועות

אין גרויסן בית־מדרש, ביים לאַנגן, שמאָלן טיש, זיינען מיר, די תלמידים פון ר׳ זרחלען, געזעסן פון ביידע זייטן אויף לאַנגע בענק, זיך געשאָקלט ביי דער גמרא, אַזוי אַז אונזערע קעפּ פלעגן זיך אָנקלאַפּן איינער אָן צווייטן. אינמיטן לערנען פלעגן מיר זיך אַדורכשמועסן און ער האָט דאָס, לרוב, נישט באַמערקט.

ר׳ זרחל איז געזעסן אויבנאָן, אין ווינקל, און לעבן אים איז געשטאַנען די טאַבאַק־פּושקע, וואָס איז געמאַכט געווען פון אַ האָרן, אפשר גאר פונעם האָרן פון דער פּרה אדומה? דער דעקל פון דער פּושקע איז געווען אַ הילצערנער, מיט אַ לעדערנעם בענדל. מיט איין שלעפּ פאַרן בענדל האָט ער די פּושקע אויפגעמאַכט, אַריינגעשטעקט זיינע צוויי, דאַרע פינגער, אַרויסגעשלעפּט אַ פּאָרציע טאַבאַק, אַריינגעשטופּט אין זיינע מיט האָר־באַוואַקסענע נאָז־לעכער, דערנאָך געמאַכט אַ גרויסן אפּציק, אַז דער אויוון האָט דערלאַנגט אַ ציטער.

אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ לאַנגן קאַנטשיק מיט 12 רעמידער, אַ רמז קעגן די 12 שבטים און מיט זיי האָט ער געקלאַפּט זיינע תלמידים, די בני־ישראל, וואָס זיינען אַרויסגעקומען פון די 12 שבטים.

די זון האָט אַריינגעקוקט דורך די פאַרשטויבטע שויבן און געוואָרפן איר בליק אויף די מחזורים ותיקוני ליל שבועות, וואָס זיינען געלעגן פאַר אונז אויפן טיש. דריי תלמידים האָבן אַריינגעקוקט אין איין מחזור.

ר׳ זרחל איז געזעסן ביים טיש און געווישט מיט דער רויטער פאַטשיילע די געפּלאַצטע שייבלעך פון די שוואַרצע ברילן.

— נו — האָט ער אַ געשריי געטאָן — שוין צייט אָנצוהייבן, יונגאַטשעס: — אקדמות מילין ושריות שותא... און מיטן ספּעציעלן ניגון פון אקדמות חזערט ער מיט אונז איבער די ווערטער.

אקדמות, איז דער טייטש, אידער איך הייב אָן, מילין — צו רעדן.

דער אקדמות־ניגון דערמאָנט מיר דעם טייך מיט דער סאַדזאַווקע. מיינע אויגן קוקן נישט אין מחזור, נאָר אין פענצטער. אָט, שטייט זי פאַר מיינע אויגן די סאַדזאַווקע לעבן בערל סטעלמאך אין איר גאַנצער פּראַכט. דער לעפּאָך שטעקט אַרויס זיינע שאַרפע שפּיצן, ווי שווערדן, וואָס מיט זיי האָט מען שבועות אויסגעצירט די יידישע הייזער. זייער ריח — גן־עדן. איך פיל נאָך איצט דעם ריח, גלייך ווי איך וואָלט איצט געשטאַנען לעבן בערל סטעלמאַכס סאַדזאַווקע.

דאָרט, צווישן לעפּאָך, זיינען אויך געוואַקסן ווייסע וואַסער־בלומען, ווי די בעכערס אַרומגענומען מיט ברייטע, דיקע בלעטער. אויף זיי זיינען געשפּרונגען קליינע, גרינע זשאַבעס און האָבן געזונגען שירה צו זיין ליבן נאָמען.

אלע מיינע מחשבות זיינען געווען פאַרנומען מיט דער סאַדזאַווקע און נישט געוואָלט זיך צוהערן צו דעם שיר פון איינעם א ר׳ מאיר חזן. פּלוצלונג האָב איך דערפילט אַ גאַנץ בכבודיקן שמיץ, באַגלייט מיט אַ געשריי:

— דו, דאָרט דער לעצטער, וואָס זיצטו אין ווינקל, וואָס קוקסטו אין פענצטער? דאָרט איז גאָרנישט אָנגעשריבן, אַ שוואַרץ יאָר אויף דיר, וואָס חלומסטו זאָג מיר?

— הייבט אָן אויפסניי, פּוילאַקעס! שקצים!

און דאָ האָט ער אָנגעהויבן די פאַרעדע מיטן פּזמון: ...עס איז געווען אַ מ א י ר ח ז ן, האָט ער מקנא געווען די מלאכים פאַרוואָס זיי זאָגן שירה צו גאָט און מיר יידן נישט, איז ער געגאַנגען און אָנגעשריבן אקדמות, און דוקא אויף תרגום־לשון, כדי זיי, די מלאכים, זאָלן אים נישט פאַרשטיין. דאָ האָט ער דערלאַנגט אַ כוואַשטשע מיטן קאַנטשיק און אַ געשריי געגעבן:

— זאָגט, ממזרים, אויפן קול אקדמות, אידער איך הויב אָן: מילין — צום רעדן, ושריות — איך באַגער, שותא — צום שפּרעכן און אַזוי ווייטער.

דאָ האָבן זיך דערוועקט אין מיר אפּיקורסישע געדאַנקען. פאַרוואָס האָט ר׳ מ א י ר ח ז ן מורא געהאַט פאַר די מלאכים? און צווייטנס, ווי איז דאָס מעגלעך, אַז מלאכים זאָלן נישט פאַרשטיין קיין תרגום־לשון, איז מיר איינגעפאַלן די קשיות פרעגן דעם רבין. אַזוי ווי איך שלאָג זיך מיט דער דעה: יאָ פרעגן, נישט פרעגן הערט זיך ווידער ר׳ ז ר ח ל ס הייליקע שטימע:

— וואָס? ווידער איינגעשלאָפן? נאַט אייך 88 שוואַרצע יאָר. געלערנט זאָל ווערן!

מיר האָבן פאַרגעזעצט דעם לערנען צו דריי אין אַ מחזור, ווי די טראַיקע ביים ק ר ו מ ע ן ל י י ב אין וואָגן.

יענער טאָג, אויב דער זכרון נאַרט מיך נישט, איז געווען אַ שטאַרק־הייסער טאָג. ממש פריסעק פונעם הימל האָט זיך געשאָטן. באַלד, נאָכן לערנען, אנשטאָט צו גיין צום לערער, י ע נ ק ל ג א ר ב, זיינען מיר אַראָפּ צום טייך. אין טייך איז נישט געוואַקסן קיין לעפאך. אַזוי ווי ס׳זיינען נאָך געווען ספירות־טעג האָבן מיר. לאַנג ביים טייך נישט פאַרבראַכט, נאָר גלייך אַוועק צו דער אזיערע, וואָס איז געווען לעבן פ א ל א ט ש ע ק ס סאַד. די סאַדזאַווקע האָט אויסגעזען, ווי אַ גרויסער רונדער בעקן און געווען, כמעט, אינגאַנצן באַדעקט מיט גרינע פינטעלעך, וועלכע האָבן אויסגעזען ווי גרינער מאָן. אינמיטן אזיערע איז דאָס וואַסער געווען ריין ווי די זון, וואָס קוקט אַרויס פון אַ פאַרוואָלקנטן הימל. ביים ברעג פון דער סאַדזאַווקע איז געוואַקסן דער לעפאך און די ווייסע וואַסער־בלומען.

לעבן בריקל, ביי די הויכע טאַפּאָליעס, זיינען געשטאַנען יידן, פיש־הענדלערס, האַלב־נאַקעטע און געשלעפּט פיש פון די גרויסע געלעכערטע קאָסטנס און זיי געלייגט אין די קוישן. אונז האָט זיך געדאַכט, אַז זיי זעען אונז נישט און מיר האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט.

דאָס אַריינגיין אין דער סאַדזאַווקע איז נישט געווען אַזוי לייכט, ווייל דער אַריינגאַנג איז געווען מיט אַ שאַרפן שפּוע, אָבער דאָס האָט אונז נישט געשראָקן. מיר האָבן זיך פאַרלאָזט אויף דעם וואָס די גמרא זאָגט: שליחי מצוה אינם נזיקין.

דער סדר פון רייסן גרינס אויף שבועות איז געווען אַזוי: איינער האָט אויסגעטאָן די שטיוול, אַראָפּגעוואָרפן די הויזן און זיך געלאָזט אין וואַסער. אַ צווייטער האָט אים געהאַלטן ביי ביידע פאָלעס פונעם כאַלאַט, ווי אַ פערד פאַר די לייצעס, כדי ער זאָל זיך נישט אַראָפּגליצן אין וואַסער. כדי צו זיין זיכערער, האָט דער דריטער דעם צווייטן אויך געהאַלטן ביי די פאָלעס פון כאַלאַט. געווען זיינען מיר נישט מער ווי אַ כיתה. די זעלבע וואָס האָט אריינגעקוקט צוזאַמען אין מחזור.

באַלד נאָכן אַרויסציען דעם ערשטן לעפאך האָט זיך דער, וואָס איז געשטאַנען אין וואַסער, אויסגעגליטשט און אונז מיטגעשלעפּט אין וואַסער. מיר האָבן זיך אַלע דריי גענומען פּלאָנטערן אין וואַסער צווישן דעם לעפאך.

דאָס האָבן דערזען די פיש־הענדלער, האָבן זיי איבערגעלאָזט די פיש און אונז אַרויסגעצויגן פונם וואַסער. צווישן זיי איז געווען י א ס ל פ י ש ע ר, אַ טריסקער חסיד. ווען ער האָט מיך דערזען האָט ער אַ געשריי געטאָן:

— יידן, זעט נאָר וועמען איך זע דאָ! מ א ט ל ס ו פ ר ס תכשיט איז אויך צווישן די שקצים. ער האָט מיך אָנגענומען פאַר דער האַנט, געבראַכט אַהיים און איבערגעגעבן אין מיין טאַטנס רשות.

דער ערב־שבועות איז ביי מיר פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ערב־תשעה־באב.

# אך, ווי וויל, ווי גוט צו זיין אַ ייד!

פּסח איז אַ שיינע צייט,
גאָט האָט די יידן פון מצרים באַפרייט.
פרעהן האָט ער מיט מכות באַצירט,
און אונז האָט ער איבערן ים אריבערגעפירט.

אך, ווי וויל, אך ווי גוט, ס׳איז צו זיין אַ ייד.

שבועות איז דאָך אויך אַ לעבן,
גאָט האָט די יידן די תורה געגעבן.
באַקן, באַקן מיר, פּוטער־קוכן
און יעדער ייד מוז פון דעם פאַרזוכן.

אך, ווי וויל...

ראש־השנה בלאָזט מען תקיעות,
און אַלע יידעלעך קויפן עליות,
גייען, גייען מיר, צום תשליך גלייך,
אין ביז יום־כפור זיינען מיר מיט עברות רייך.

אך, ווי וויל...

יום־כפור איז דאָך אויך נישט שלעכט,
דער אייבערשטער מאַכט אַלע יידעלעך גערעכט.
אַ גאַנצן טאָג גייען מיר אין די זאָקן,
ביינאַכט קלאַפּט מען אַריין אויף דער סוכה אַ פּלאָקן.

אך, ווי וויל...

סוכות איז דאָך אַ פאַרגעניגן,
מאַן און ווייב קענען זיך נישט קריגן.
עסן, עסן מיר, נישט קיין ביסל,
ווייל די שכנים קוקן אריין אין שיסל.

אך, ווי וויל...

הושענה־רבה איז דאָך אַ מיטל,
יידעלעך באַקומען דאָס גוטע קוויטל.
קלאַפּן, קלאַפּן מיר, הושענות,
און קרעפּלעך עסן מיר, ווי נאָך אַ תענית.

אך, ווי וויל...

שמחת־תורה איז דאָך אויך אַ סחורה,
יידעלעך פרייען זיך מיט דער הייליקער תורה.
אַ גאַנצן טאָג האָבן מיר גוט פאַרבראַכט,
און יעצט זאָגן מיר אייך: אַ גוטע נאַכט.

אַך, ווי וויל, אַך ווי גוט, ס׳איז צו זיין נאָר אַ ייד.

# יהושע זאמער / אַ ביסל פון דאָס און פון יענץ

ניו־יאָרק


יהושע זאָמער

קודם־כל איז כדאי, אַז עס זאָלן עס וויסן אַלע אונזערע רובישאָיווער, אַז דער עכטער און ריכטיקער נאָמען פון דער שטאָט איז געווען: הרב שוב, אַ צונויפשטעל פון די צוויי ווערטער: רב און שוחט. אונזערע עלטערן האָבן אַמאָל שטאָלצירט מיט דעם העברעישן נאָמען פון אונזער שטאָט. דעריבער, גלויב איך, דאַרף מען עס האַלטן פאַר אַ פאַרשווערכונג, ווען מען שרייבט דעם נאָמען פון אונזער שטאָט אַנדערש, ווי למשל, הרוביעשאָוו אָדער ראבאשאָוו.

## שיינע מנהגים

כ׳געדענק די ייִנגלעך פון פיר דרדקי־חדרים. יעדן פרייטיק פאַרנאַכט פלעגן אונז די בעלפערס ברענגען אין שול, אַרויפירן אויפן בעלעמער און מיט אונז זאָגן:

— ברוך הוא וברוך שמו! דאָס איז געווען אַ שיינער מנהג.

פיר שמשים זיינען געווען אין שול פרץ, אלטער, אביש און לייביש קאָפלס. די לעצטע צוויי זיינען אויך געווען טעטיק אין מאַגיסטראַט.

דער הויפט־שמש אין שטאָט איז געווען ר׳ פרץ. ער האָט אַלע פאַרטאָג און פרייטיק־פאַרנאַכט צום ליכט־צינדן געקלאַפּט אין די לאָדנס און גערופן אין שול אַריין. ער איז געווען אַ שליח ביים רב, גערופן צו שמחות, צוגעהאָלפן מאַכן און קאָכן די פיש און צוגעגרייט די טיש און בענק.

פון דרשה־געשאַנק האָט מען אַראָפּגענומען רח״ש־געלט (רבנים, חזנים, שמשים).

אין די צוויי פאַלישן זיינען געווען צוויי שמשים. אין שניידערישן פאַליש איז געווען שמש ר׳ יקותיאל סופר, אין ר׳ יונהס (בעל דרשן) איז געווען שמש ר׳ זישע טרעגער. אין שניידערישן פאַליש, חוץ שבת, איז כמעט קיינמאָל קיין מנין נישט געווען, אָבער אין ר׳ יונהס פאַליש, ווי ס׳איז נאָר געוואָרן טאָג, האָט מען זיך שוין געשטעלט דאַווענען און מנינים זיינען געווען ביז 12 אַ זייגער בייטאָג.

## וועגן דער שול און וואָס מיין טאַטע ע״ה האָט מיר דערציילט

12 יאָר האָט געדויערט דאָס בויען פון דער שול. זי איז געווען פון די גרעסטע און שענסטע אין אונזער געגנט. זי האָט געקאָסט שיינע טויזנטער רובל. פאַרוואָס האָט געדויערט אַזוי לאַנג דאָס בויען? און ווו האָבן יידן גענומען אַזויפיל געלט צו בויען די שול?

מיין פאָטער, משה אליעזר מעלשענקער ע״ה, האָט מיר דערציילט, אַז מער ווי אַ העלפט פון דער סומע האָט מען גענומען פון די רעגירונגס־שטייערן. ווי אַזוי? יעדן יאָר האָט דער מאַגיסטראַט פאַרדונגען די פאַכט. מ׳האָט עס, דאַכט זיך, גערופן שליאַכטאָווע. מ׳האָט פובליקירט אַ ליציטאַציע און אויסגעדונגען פאַר 600 רובל. דער אַרענדאַר האָט דערנאָך גענומען אָפּצאָלן פון אַ בהמה, וועלכע מ׳האָט געבראַכט שעכטן, און פון יעדן חזיר. האָבן זיך יידן צונויפגענומען אויף אַן אסיפה אין שול און מ׳האָט געמאַכט יד־אחת, אַז מען זאָל פאַר דער פאַכט נישט צאָלן מער ווי 300 רובל. און דער ווער עס וועט עס דינגען, זאָל די אַנדערע 300 רובל געבן צושטייער אויף בויען די שול. דאָס האָט אַזוי אָנגעהאַלטן 10 יאָר און קיינער האָט נישט געמסרט!

פון פאַרקויפן „שטעט“ אין שול איז אויך געווען אַ שיינע הכנסה. אויף די רייכע יידן האָט מען אַרויפגעלייגט אַ שטייער פאַר דער שול. אַזוי האָט עס געדויערט 12 יאָר, ביז מ׳האָט צונויפגעזאַמלט די נייטיקע סומע.

חוץ דער שול, זיינען אין שטאָט געווען נאָך 4 בתי־מדרשים:

דעם רבס בית־מדרש, דער גרויסער בית־מדרש, די טרעגערס בית־מדרש און דאָס קליינע בית־מדרשל. דאָרט האָט מען געדאַווענט נוסח ספרד און בחורים האָבן דאָרט געלערנט.

חוץ דעם זיינען נאָך געווען 10 „שטיבעלעך“:

בעלזער, הוסיאַטינער, טאמאשעווער, טריסקער, קוזמירער, ראדאשיצער, קאָצקער, ביי ר׳ זלמניו, ביי זונדל קצב און ראדזינער שטיבל.

מ׳דערציילט, אַז אין טרעגער־בית־מדרש פלעגט זיך צונויפקומען אַ מנין יידן, כמעט יעדע נאַכט, אָפּצוריכטן חצות. טייל פון זיי האָבן געוווינט אין די נאָענטע דערפער: וואליצע, גוואזדיוו, גראַדיק. מ׳האָט זיך אָנדערציילט וועגן זיי ווי וועגן למד־וואָניקעס. אַ מעשה מיט איינעם, וואָס האָט געוואָלט אַריינקומען, זען און הערן, איז ווי נאָר ער האָט געעפנט די טיר פון פאַליש, איז ער גלייך אויפן אָרט פאַראַליזירט געוואָרן.

מ׳האָט געזאָגט, אַז „דער מנין“ (אַזוי האָט מען זיי גערופן) האָט געוואָלט אַראָפּברענגען משיחן, נאָר דער בעל־שם־טוב אַליין איז צו זיי געקומען און זיי צעטריבן. געזאָגט, אַז מ׳טאָר נישט אַראָפּרייסן קיין נישט־צייטיק עפּעלע, ס׳איז צו פרי...

## נאָך אַ מעשה נורא

ר׳ יאקיף קצב, אַ זקן נאָענט צו די נייַנציקער, האָט מיר דערציילט, מיט וואָסערע 55 יאָר צוריק, אַז אין הארדאק האָט געוווינט אַ ייד אַ פישער. ר׳ יאקיף האָט אים געהאַט געקענט. ער האָט זיך באַמיט צו פאַרזאָרגן מיט אומזיסטע פיש אויף שבת דעם „מנין“ פון רובישאָיוו (אָדער „די נסתרים“ — ווי מ׳האָט זיי גערופן). ער האָט זיך נוהג געווען, אַז די ערשטע עטלעכע פיש, וואָס ער האָט געכאַפּט אנהייב וואָך, האָט ער זיי אַריינגעוואָרפן אין וואַסער־קאַסטן פאַר די נסתרים. טאָמער האָט ער דערנאָך געכאַפּט גרעסערע און שענערע פיש, האָט ער די ערשטע פאַרקויפט און אריינגעלייגט אין קאַסטן די שענערע. אַזוי ביז פרייטיק. דעמאָלט האָט ער זיי אָוועקגעטראָגן צו די פון „מנין“, אין הויז אַריין.

אַמאָל האָט פּאַסירט אַזאַ געשיכטע:

ס׳איז געווען ווינטער און ס׳איז שווער געווען צו כאַפּן פיש. ערשט מאָנטיק האָט ער קוים געכאַפּט עטלעכע פישלעך, האָט ער גענומען דאָס שענסטע, עס אָפּגעצייכנט און באַהאַלטן אין וואַסער־קאַסטן פאַר די נסתרים אויף שבת.

אין דער זעלבער וואָך איז אויסגעפאַלן אַ גרויסע, קריסטלעכע חגא. די רייכע פּריצים זוכן צו קויפן פיש אויף יום־טוב. זיי קריגן נישט. איז געקומען צו אים פון שטאָט אַ יידישער פישער, און בעט מ׳זאָל אים פאַרקויפן דאָס פישל פון קאַסטן, ער וועט דערפאַר באַצאָלן אַלע געלטער, ווייל ער האָט צוגעזאָגט דעם פריץ צו שאַפן כאָטש איין לייטיש פישל אויף חגא.

אונזער פישער האָט בשום אופן נישט מסכים געווען, זיך געעקשנט. האָט דער שטאָטישער פישער זיך נאָך מער געעקשנט, גערעדט און גערעדט — ביז ער האָט אים איבערגערעדט. ער האָט פאַרקויפט דאָס געצייכנטע פישל. אָבער ווי נאָר ער האָט עס אַרויסגענומען פון קאַסטן, האָט זיך דאָס פישל געטאָן אַ גליטש אַרויס פון זיין האַנט און אַ שפּרונג געטאָן אין וואַסער אַריין!...

דער פישער איז געבליבן אָן פישל פאַר די נסתרים און אָן געלט, נאָר מיט האַרצווייטיק.

פרייטיק פאַרטאָג איז ער ווידער געגאַנגען כאַפּן פיש און ער האָט געכאַפּט דאָס זעלבע, געצייכנטע פישל! איז ער דעמאָלט געוואָרן מלא־שמחה און מיט פרייד אָוועקגעטראָגן ס׳פישל צו די נסתרים אויף שבת.

## אַ סך שוחטים

פאַר דער צייט, וואָס איך געדענק, זיינען געווען דריי שוחטים: ר׳ פייוויש, ר׳ וואָלוויש, און ר׳ שמואל. אַז ר׳ פייוויש האָט אויף דער עלטער אויפגעגעבן די שחיטה, איז זיין זון סרולע געוואָרן שוחט. האָט אים אָבער דער טריסקער זצ״ל מעביר געווען, וויל די טריסקער חסידים האָבן אים געהאַט פאַרמסרט פאַרן טריסקער מגיד, אַז ישראלע איז נישט גענוג פרום.

דערנאָך איז געוואָרן שוחט אריה, ר׳ פייווישעס אַן אייניקל. האָט אים אָבער די שטאָט נישט אויפגענומען. איז ער געגאַנגען שעכטן איבער די דערפער. ר׳ פייוויש און ר׳ וואָלוויש זיינען געווען גוטע בעלי־תפילות. דער לעצטער איז געשטאָרבן יום־כיפור ביים עמוד.

מאַכט זיך אַ מעשה און ס׳איז געקומען אַ שוחט פון קאָברין, געשטיצט האָבן אים די קאָצקער חסידים, האָט ער געשאָכטן נאָר פאַר זיי, וויל אין שעכטהויז האָט מען אים נישט אַריינגעלאָזן. איז ער מיט דער צייט אויך געוואָרן אַ דאָרפס־שוחט.

דערנאָך האָבן די בעלזער אַראָפּגעבראַכט אַ שוחט, פון פּראַמפּאָל, ר׳ חיים האָט ער געהייסן. דעמאָלט ערשט האָט זיך געשטעלט אַ גרויסע מחלוקת. חוץ די בעלזער חסידים, האָט קיינער נישט געוואָלט עסן פון זיין שחיטה. ס׳האָט געדויערט עטלעכע יאָר ב׳ז מ׳האָט ר׳ חיימען צוגעלאָזט אין שעכטהויז. געשען איז עס, ווען די בעלזער זיינען געוואָרן אַ שטאַרקערער צד.

אַז ר׳ וואָלוויש איז געשטאָרבן, האָבן די קוזמירער חסידים אַראָפּגעבראַכט ר׳ וואָלווישעס אַן אײדעם, ר׳ יוסף מענדל פון יאַרטשיוו, אַ גוטער שוחט און אַ גוטער בעל־תפילה. נאָך זיין טויט איז געוואָרן שוחט זיין זון, דבטשע. נאָך ר׳ חיימען איז געוואָרן שוחט זיין אײדעם, ר׳ וואָלף בער פון פּראַמפּאָל.

נאָך ר׳ שמואלס טויט, האָבן די הוסיאַטינער חסידים אַראָפּגעבראַכט ר׳ איטשע מענדלען. דערנאָך איז געוואָרן שוחט ר׳ שמואלס אײדעם, יודעלע. נאָך ר׳ וואָלף־בער איז געוואָרן שוחט ר׳ חיימס זון, סראַלקע.

אין אַ צייט אַרום האָבן די טריסקער חסידים אויפגענומען אַלס שוחט מיין פּאַטערס ברודער, יצחק לייב פון גאַליציע (מ׳האָט אים גערופן — דער קירישער שוחט). דעם שוחט האָבן די קצבים זייער ליב געהאַט, באַזונדערס פאַר זיינע שיינע, גוטע מידות.

איצט אפשר קען מען שוין פאַרשטיין פאַרוואָס אונזער שטאָט האָט געהייסן — הרוב שוב — דאָס מיינט — אַ סך שוחטים.

## דאָס בית־הקברות

דאָס בית־הקברות איז געווען אין שטאָט. זעלטן, אַז אַ שטאָט זאָל האָבן ס׳בית־הקברות אין מיטן שטאָט ווי אין רוביעשאָוו. חוץ דעם, וואָס דאָרט ליגט „דער מניך״, ליגט דאָרט אויך דער צדיק, ר׳ אליעזר ז״ל פון אסטילא. ער איז נפטר געוואָרן אין הרוביעשאָוו, פּלוצלונג.

מ׳דאַרף דערמאָנען, וואָס עס איז געשען כ״ח אייר שנת תרע״ח. דער טריסקער רבי ר׳ יעקב לייבעלע זצ״ל איז פּלוצעם נפטר געוואָרן אין מקווה. דאָס איז געשען אַ פרייטיק. איך בין דעמאָלט געווען אין הרוביעשאָוו ביי דער לוויה. די געשעעניש האָט אַרויסגערופן גרויס איבעראַשונג. מ׳האָט גערעדט וועגן דעם, ווי וועגן אַ ווונדער.

זיינע פיר זין זיינען געווען רביים: ר׳ משהלע פון לובלין, ר׳ דודל פון זשאַרקאָוו, ר׳ נחומטשע פון וואַרשע און ר׳ וועלוועלע פון קאָוועל (הי״ד — אַלע זיינען זיי אומגעקומען דורך היטלערן). זיי פלעגן קומען יעדעס יאָר אויף זייער פּאַטערס יאַרצייט, תמיד מיט אַ וואָך פריער, כדי יעדער איינער פון זיי זאָל קענען דאַווענען מוסף פאַרן עמוד. ר׳ משה האָט געדאַווענט אין טריסקער שטיבל, ר׳ דודל — אין טאַמאַשאָווער שטיבל, ר׳ נחומטשע אין רבס בית־מדרש, און ר׳ וועלוועלע — אין ראַדישיצער שטיבל.

יעדן ראש־חודש אלול פלעגן זיי קומען אויף דעם יאַרצייט און גיין אויף קבר־אבות צום אוהל פון זייער טאַטן.

## אַ מיאוסע מעשה מיט אַ מסירה

דאָס בית־הקברות איז געווען אין שטאָט, אָבער דאָך האָט מען מיט דער לוויה באַדאַרפט אַדורכגיין דורך אַ קריסטלעכער גאַס. די קריסטן פון יענער גאַס זיינען נישט געווען צופרידן. זיי פאַרטראָגן נישט די ייִדישע געוויינען. ס׳האָט אויך אויסגעפעלט ערד אויפן בית־עולם, האָט מען אין געהיים צוגעקויפט אַ שטיק ערד ביי אַ שכן פון בית־עולם (וויל מ׳האָט נישט געטאָרט פאַרגרעסערן ס׳בית־עולם).

דער מאַגיסטראַט האָט געפאָדערט, אַז מ׳זאָל מאַכן אַ נייעם בית־הקברות, ווייט פון דער שטאָט, אויף דעם וויגאָן. ייִדן זיינען אָבער דערויף נישט באַשטאַנען.

מאַכט זיך אַ מעשה און דער פּלויט פון בית־עולם פאַלט איין און מען דאַרף אויפשטעלן אַ נייעם פּלויט. די רעגירונג האָט עס נישט געוואָלט דערלויבן. איז ס׳בית־עולם דערווייל אָן אַ פּלויט, און חזירים קריכן דאָרט אַרום צווישן די קברים.

עטלעכע ייִדן האָבן אין דער שטיל זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן בית־עולם און אָנגעהויבן פאַריכטן דעם פּלויט. האָט ווער געמסרט און ס׳איז אָנגעקומען אַ פּאָליציעסקער. די ייִדן זיינען שנעל נעלם געוואָרן און מ׳האָט זיי נישט געכאַפּט.

ווער האָט געמסרט? טייל האָבן געזאָגט, אַז די קריסטן פון יענער געגנט, אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז די דאַזאָרעס, אָדער דער קאַזיאַני ראַבין. איינער פון די מוסרים, האָט מען דערציילט, האָט דערנאָך געהאַט אַ מיאוסן טויט — זיין צוואה האָט אים אָנגעהויבן גיין דורכן מויל, אַ שטראָף פאַר זיין פאַלש עדות־זאָגן.

די מסירה האָט דערפירט צו אַרעסטן. ס׳איז געווען פריטיק פאַרנאַכט, מ׳האָט אַ סך ייִדן איינגעזעצט און נאָר אַ טייל פון זיי באַפרייט. אַ טייל האָט מען געפירט קיין לובלין און אַ טייל קיין יאַנאָוו אין תפיסה. און גראָד די ייִדן, וועלכע האָבן דעמאָלט אין געהיים פאַריכט דעם פּלויט — פון זיי איז קיינער נישט אַרעסטירט געוואָרן. אַזוי, אַז די באַשולדיקונג און דאָס עדות־זאָגן זיינען געווען הוילע שקרים. די אַרעסטירטע זיינען באַשולדיקט געוואָרן, אַז זיי האָבן זיך געבונטעוועט קעגן דער רעגירונג און גערופן צו אַ רעוואָלוציע... די הויפּט־עדות זיינען געווען די דאַזאָרעס און דער קאַזיאַני ראַבין.

נאָכן אָפּזיצן אַ יאָר אין תפיסה, האָט מען די אַרעסטירטע געבראַכט צו פירן קיין רוביעשאָוו צום אַקרוזשנאָי סוד, וואָס איז עקסטרע אַראָפּגעקומען פון לובלין. די אַרעסטירטע האָט מען געבראַכט געשמידטע אין קייטן. איז דאָס פאַר די פאַלשע עדות און שונאים נאָך געווען, זעט אויס, ווינציק, האָט איינער פון די דאַזאָרעס זיך געמאַכט קראַנק און דער פּראָצעס איז נישט צושטאַנדגעקומען. מ׳האָט די אַרעסטירטע צוריקגעפירט געשמידטע אין די תפיסות, און מ׳האָט זיי דאָרט ווידער אָפּגעהאַלטן 7 חדשים. און דאַן האָט מען זיי געבראַכט צו פירן געקאָוועטע אין קייטן. דער משפּט האָט געדויערט עטלעכע טעג.

יעדן איינדערפרי האָבן פּאָליציאַנטן געפירט די אַרעסטירטע פון קאַזע אין געריכט אַריין. מ׳האָט דורכגייער נישט געלאָזט שטיין אויפן טראָטואַר און זיי אַראָפּגעטריבן אויפן מיטן וועג. פון אַלע אַרעסטירטע איז באַפרייט געוואָרן איין גדליה, די אַנדערע האָבן באַקומען פון 1 ־ 2 יאָר אַרעסטאַנטסקע ראָטע. כ׳געדענק בלויז די נעמען פון עטלעכע פאַרמשפּטע:

מרדכי הירש שטראָם, אברהמעלע משה עליס (פּרימער), יעקעלע בעדער (פייער) און אהרן דעמער.

## כלי־זמרים

ס׳זיינען ביי אונז געווען צוויי קאָמפּאַניעס כלי־זמרים:

דודל קלעזמער מיט זיין קאַפּעליע (פון 4 ביז 8 מוזיקאַנטן), און ר׳ אייזיק קלעזמער. דער לעצטער איז געווען פרימער פון דודן. דודס צוויי מוזיקאַנטן, פישל און נח, האָבן געשפּילט אַמאָל ביים רוסישן צאַר. ביי דודן איז געווען אַ בדחן, ר׳ חיים (קרעמפּאַטש), און ביי אייזיקן — ר׳ דוד יודל. ביידע בדחנים זיינען געווען גאַנצע מייסטערס אין פריילעכע גראַמען און פלעגן דעם עולם משמח זיין. אָבער

צווישן זיך זיינען ביידע בדחנים געווען צעקריגט, כאָטש זיי האָבן ביידע געדאַוונט אין רבס בית־מדרש. איינער האָט אויפן צווייטן געזאָגט וויצן, נוטריקון און גימטריאות: ד ו ד מאַכט דלות פון פאָרנט, דלות פון הינטן און ווייטיק אינמיטן; ח י י ם — מאַכט חולאת פון פאָרנט, מדוה (ווייטיק) פון הינטן און טאָפּלטע יסורים אינמיטן.

## שטעטלשע חכמות און וויצן

נעבן דער פ א ה ע ר י ע ר בריק,ביים ברעג טייך, האָט מען אַרויס־געזען אַ שפּאַר ביסל סלופּקעס. זאָגט מען, אַז אויף די דאָזיקע סלופּקעס איז אַמאָל געשטאַנען אַ זייף־פאַבריקל פון דעם קלוגן, קריסטלעכן סוחר זאַ ב ל א צ ק י. האָט ער געוואָלט שיקן זייף קיין דייטשלאַנד, אַז ס'זאָל אים נישט קאָסטן קיין צאָל ביי דער גרענעץ.

וואָסזשע איז דאָ צו טאָן? איז היות צווישן רובישאָיוו און הראַדאָק גייט דורך דער טייך בוג, און זומערצייט שיקט מען טראַטוועס האָלץ קיין דייטשלאַנד מיט דעם טייך, האָט ער אָפּגעמאַכט מיט די טראַטווע־פירער, אַז ער זאָל צובינדן קאַסטנס מיט זייף אונטער די טראַטוועס, און אַזוי אַרום וועט עס דערגיין קיין דייטשלאַנד אָן צאָל.

דער וועג האָט געדויערט עטלעכע וואָכן, די קאַסטנס זיינען געווען גוט און פעסט צוגעבונדן צו די טראַטוועס, פונדעסטוועגן זיינען אָנגעקומען קיין דאַנציג ליידיקע קאַסטנס. פּשוט, דאָס וואַסער האָט אויסגעשווענקט דעם גאַנצן זייף... פונדאַנען שטאַמט עס דאָס ווערטל: ער האָט אַזוי פאַר־דינט, ווי זאַבלאַצקי ביים זייף. נאָך פּאָפּולערער איז עס געווען אויף פּויליש: „זאראביל יאַק זאבלאַצקי נאַ מידליע".

## שניי אין תמוז...

די יידישע בעלי־בתים אין רובישאָיוו זיינען נישט געגאַנגען אויף קיין שאַלוועריק, דאָס מיינט, אַז זיי זיינען נישט געגאַנגען אויספירן פאַרשיי־דענע שטאָטיש־עפנטלעכע אַרבעטן, ווי פאַריכטן דעם שאָסיי און אָפּ־רוימען דעם שניי. זיי האָבן געצאָלט דעם מאַגיסטראַט אַ ספּעציעלן אָפּצאָל און ער האָט, געדונגען אַרבעטער, וואָס האָבן דאָס געמאַכט.

די קריסטלעכע בעלי־בתים האָבן נישט געצאָלט דעם שטייער, און אַז מ'האָט באַדאַרפט פון צייט־צו־צייט גיין מאַכן אַזאַ אַרבעט — זיינען זיי געגאַנגען און געמאַכט. איז ס'רוב אויסגעקומען אַזוי, אַז דער מאַגיס־טראַט האָט שוין נישט באַדאַרפט דינגען קיין ספּעציעלע אַרבעטאָרערס, ווייל די קריסטלעכע בעלי־בתים האָבן שוין דאָס געמאַכט.

פּאַסירט אַמאָל, אין אַ גאָר שווערן ווינטער, אַז דאָס גאַנצע שטעט׳ל ווערט באַשאָטן מיט אַ גאָר טיפן שניי. האָט דער מאַגיסטראַט געשיקט צו די יידישע בעלי־בתים, אַז זיי זאָלן גיין אָפּרוימען דעם שניי פון די גאַסן און שאָסייען. האָבן די יידישע בעלי־בתים זיך אָפּגעזאָגט צו גיין, זיי צאָלן דאָך אַ ספּעציעלן שטייער, טאָ זאָל דער מאַגיסטראַט דינגען פאַר דעם געלט אַרבעטער. האָט דער מאַגיסטראַט טאַקע געדונגען אַרבעטער, נאָר באַצאָלן דערפאַר האָט ער געהייסן די יידישע בעלי־בתים. האָבן די יידן וועגן דעם געשיקט אַן אָנקלאַגע אין הויפּטקרייז אין לובלין. אין חודש תמוז איז אָנגעקומען פון לובלין אַן ענטפער, אַז די יידן זיינען גערעכט און דער מאַגיסטראַט זאָל ת י כ ף אַרויסשיקן זיינע מאַגיסטראַט־אַרבע־טער, כדי אָפּצורוימען דעם שניי.

## אַן ענטפער פון אַ שמש

ז י ש ע האָט געהאַט געדינט 25 יאָר אין דער רוסישער אַרמיי. אַז ער איז צוריקגעקומען, האָט ער שוין נישט געקענט קיין איין וואָרט יידיש, און אינגאַנצן פאַרגעסן ס'דאַוונען. מיין זיידע ע"ה, א ל י ע ז ר מ ע ל ש ע נ־ק ע ר, האָט מיט אים אָנגעהויבן לערנען פונסניי אלף־בית. זיך אויסגע־לערנט און געוואָרן אַ בעל־מלאכה. אויף דער עלטער איז ער געוואָרן אַ שמש. אין אַ צייט אַרום האָט אים א ב ר ה מ ע ל ע ש פ ע ר געפרעגט צי ער האָט פּרנסה, האָט ער אָפּגעענטפערט:

— פּרנסה — קנאַפּ, נאָר די „קדושות" און „ברכות" האָב איך קאָנהענ־אָרע (קיין עין־הרע) אַזוי פיל, אז זיי גייען מיר שוין קאַפּויער.

## אַ מעשה מיט אַ מאָרד

דאָס איז געווען מיט 65 יאָר צוריק. אין רובישאָיוו איז איינגעשטאַנען אַ פּאָלק פּיעכאָטע. קיין קאַזאַרמעס זיינען דעמאָלט נישט געווען, האָט מען זיי איינגעקוואַרטירט ביי די קריסטן אין שטאָט און אין די אַרומיקע דערפער. איז געשען אַ מאָרד אין מיטן נאַכט. מ'האָט דערהרגעט אַ קריסט מיט זיין פרוי, זייערס אַ טאָכטער — שווער פאַרוואונדעט און זייער הויז — פאַרברענט. דאָס געלט זייערס האָט מען צוגערויבט. די שווער־פאַרוואונ־דעטע טאָכטער אין שפּיטאָל האָט נישט געקענט רעדן, זי האָט נאָר אַ ווייז געטאָן אויף אַ זעלנעריש היטל און קורץ דערנאָך געשטאָרבן.

מ'האָט דעמאָלט אַרעסטירט צוויי זעלנער, וואָס זיינען דערין געווען פאַר־דעכטיקט, און אַ יידישן זעלנער, וואָס האָט יענע נאַכט געהאַלטן וואַך. מ'האָט זיי געהאַלטן עטלעכע וואָכן אין אַרעסט און נישט געפונען קיין באַווייזן. די שמיִאָט־מאַכט האָט אָבער געהאַלטן, אַז די אַרעסטירטע זיינען יאָ שולדיק.

האָט זיך די שטאָט־מאַכט געווענדעט צו דער העכערער, מיליטערישער מאַכט, אַז זי זאָל אַרויסציען פון הרוביעשאָוו דאָס פּאָלק, וואָס האָט נאָך געדאַרפט סטאַציאָנירן עטלעכע חדשים. איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע צום פּאָלק, אַז זיי דאַרפן במשך פון 24 שעה פאַרלאָזן די שטאָט.

ס'איז געווען דעמאָלט אַ געזעץ, אַז דער פּולקאָווניק, ביים פאַרלאָזן אַ שטאָט, דאַרף האָבן אַ באַשטעטיקונג פון דער שטאָט־מאַכט, אַז דאָס מי־ליטער האָט זיך דאָרט לייטיש אויפגעפירט און עס איז נישטאָ קיין שום אָנקלאַגע קעגן זיי. האָט די שטאָט־מאַכט נישט געוואָלט געבן אַזאַ פּאַפּיר, ביז מען וועט זיי נישט עפּעס צוליב־טאָן. ווען אויפן מאַרק זיינען געשטאַ־נען אַלע 18 עסקאַדראָנען זעלנער, האָט די שטאָט־מאַכט געבעטן, אַז מ'זאָל נאָר לאָזן אויפן פּלאַץ די 9־טע ראָטע, און מ'זאָל ביי אַלע זעלנער דורכפירן אַ רעוויזיע, דער עיקר ביי יענע דריי פאַרדעכטיקע זעלנער.

איך מיט נאָך יינגלעך זיינען מיר דעמאָלט געשטאַנען אויפן מאַרק און צו דעם זיך צוגעקוקט. בקיצור — מ'האָט ביי די דריי זעלנער צוגענומען די ביקסן, זיי אַרייגעפירט אין אַ שטיבל און מ'האָט ביי דעם ייד געפונען 5 רובל. ער האָט אויפגעוויזן, אַז מ'האָט זיי אים צוגעשיקט. ביי די צוויי רוסן האָט מען געפונען אַ סך געלט אין אַ ברויט, און אונטער־גענייט הינטער די שליפעס. מ'האָט אַלע דריי זעלנער אַרעסטירט. אין אַ צייט אַרום איז מען געוואָר געוואָרן, אַז דעם ייד האָט מען באַפרייט, ער איז געווען לגמרי אומשולדיק, און די רוסן האָט מען פאַרמשפּט אויף אייביקע קאַטאָרגע.

---

**אין יאָר 1722 איז געבוירן געוואָרן אין הרוביעשאָוו ד"ר ש ל מ ה י ע ק ב ק ל מ נ ז אָ ן, וועלכער האָט זיך באַרימט געמאַכט אין וואַרשע אַלס קעמפער פאַר גלייכבאַרעכטיקונג און רעפאָרמען אין יידישן לעבן.**

# יעקב מייל / וואָס ס׳האָט זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון

ניו־יאָרק



יעקב מייל

איר פרעגט: וואָס האָט זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון פון אונזער געבורטס־שטאָט?

ערשטנס, די פאנסקע גאַס, די פריציש, די שפּאַציר־גאַס. דעם פאַרגעניגן, וואָס די גאַס האָט שבת־פאַרנאַכט פאַרשאַפט אונזער יוגנט — איז נישט צו באַשרייבן. די גאַס איז געווען ברייט, ריין, לאַנג און מיט אַ שיינעם טראָטואַר. גערטנער און סעדער זיינען געוואַקסן פון ביידע זייטן גאַס.

אז מען האָט גערעדט אין הרוביעשאָוו פון שפּאַצירן, האָט מען געוווסט, אז דאָס איז די פאנסקע גאַס. דאָרט פלעגט מען טרעפן די גאַנצע יוגנט. בחורים מיט די לאַנגע קאַפּאָטעס און מיידלעך מיט איינגעצויגענע טאַליעס מיט פאַלערינעס, ווי עס איז דאַן געווען אין דער מאָדע.

ווען די השכלה איז דערגאַנגען צו אונז, פלעגן שוין שפּאַצירן בחורים מיט העברעישע צייטונגען, און אַרבעטער־געזעלן מיט די יידישע צייטונגען: „היינט" און „מאָמענט".

די בירזשע פון בונד פלעגט אויך פאָרקומען אויף דער שפּאַציר־גאָס. און אַז עס פלעגט ווערן פינצטער, פלעגט מען אַריינגיין צו יעקב מאיר אין קיאָסק, אָדער צו שאול אַבעלעס און מען פלעגט טרינקען אַ גלעזל סאָדע־וואַסער מיט סאָק, מתוק מדבש, בפרט, אַז מען האָט נאָך צוגעביסן מיט אַ סליוועטשקע, איז דאָס גאָר געווען טעם גן־עדן.

די הרוביעשאָווער שול קען איך גאָר נישט פאַרגעסן. ביים אַריינגאַנג האָסטו געזען אַ בילד פון אַן עלפאַנט, ביים בעלעמער איז געווען אויסגעמאָלט דער כותל־המערבי און דער שור־הבר מיטן לויתן. אַ ביסל ווייטער איז געווען אויסגעמאָלט אַ הירש און אָנגעשריבן: רץ כצבי. אויף דער צווייטער זייט פון בעלעמער איז געווען אָנגעשריבן: וגבור כארי און אויסגעמאלט, אַ לייב. אויף דער דריטער וואַנט איז געווען אָנגעשריבן: עז כנמר מיט אַ לאַמפּערט. אויף דער פערטער וואַנט איז געווען אָנגעשריבן: וקל כנשר און אויסגעמאלט אַן אדלער אין די הימלען. אז איך פלעג אַ קוק טאָן אויף דעם אָדלער, אויף זיינע פיס און נעגל, פלעג איך טראַכטן, אַז צו זיין אין זיינע נעגל איז גאָרנישט פויגלדיק. דער מאלער, וואָס האָט געצייכנט אין אונזער שול, איז געקומען פון אינסטאַמבול.

כ׳פלעג אויך ליב האָבן צו קוקן אויף די שיינע, מעשענע היינגלייכטער, וואָס זיינען אַראָפּגעהאנגען אויף קייטן פון דער הויכער סטעליע, און מיינע אויגן זיינען זיי געווען די שענסטע קאַנדעלאַברעס, וואָס איך האָב ווען געזען. דער חנוכה־לאמפּ, וואָס דאָס שניידערישע שולכל האָט געגעבן אַ מתנה דער גרויסער שול, איז געווען פון ריינע מעש און קינסטלעריש אויסגעאַרבעט.

שיין איז געווען פרייטיק צו־נאַכט, ווען אין אַלע היינגלייכטער האָבן געברענט ליכט און מרדכי חזן, עליו־השלום, פלעגט זיך אַוועקשטעלן זאָגן: לכה דודי. איך גלויב, אַז דער גרעסטער אפיקורס האָט דאַן געהאַט אַ גייסטיקן פאַרגעניגן.

הרוביעשאָוו, ווי אַלע אַרומיקע שטעטלעך, איז געווען אבערגלויבעריש. מען פלעגט דערציילן, אַז מען האָט געזען אין מיטן נאַכט ליכט ברענען אין דער שול און מען האָט געהערט דאַוונען. עס איז אפילו אַרומגעגאַנגען אַ לעגענדע, אַז מען האָט ר׳ זלמניו אויפגערופן צו דער תורה, ווען ער איז ביינאַכט פאַרבייגעגאַנגען די שול. ער האָט געמוזט אַריינגיין און מאַכן אַ ברכה איבער דער תורה און איז אַרויס אומבאַשעדיקט. מען האָט געזאָגט, אַז אַזאַ ייד, ווי ר׳ זלמניו, וואָס פון פאָטערס צד שטאַמט ער פון רבי שלום רוקח, דעם בעלזער רבין, און פון זיין מוטערס צד האָט ער געשטאַמט פון ר׳ יעקב יצחק, דעם חוזה פון לובלין, מיט אַזאַ זכות־אבות האָט אים נישט געקענט שאַדן.

היינט שטעלט זיך פאָר, ווען איך בין געווען אַ ייִנגל, פלעג איך, ווי געוויינלעך, אָפּליגן גאַנצע טעג ביים טייך און זיך באָדן. איין פרייטיק האָב איך זיך געבאָדן אַ גאַנצן טאָג. אין אָוונט מוז מען גיין אין שול. ווייל איך בין געווען מיד, בין איך איינגעשלאָפן אונטער דעם קינדערישן בעלעמער. ווען כ׳האָב מיר אויפגעכאַפּט פון שלאָף, איז שוין געווען אַרום צוויי ביינאַכט. אין שול איז פינצטער, בלויז דער יאָרצייט־ליכט האָט געברענט. מיט מסירת־נפש בין איך צו צו דער טיר און זיך אַרויסגעכאַפּט. עס קומט מיר אַנטקעגן מרדכי אייפער און זאָגט מיר, אַז די גאַנצע שטאָט זוכט מיך ביים טייך. כ׳האָב פאַרלוירן דעם לשון אויף אַ פאָר טעג. דאַן האָט מען צו מיר גערופן שלמה רופא און ער האָט מיר געגעבן אַ רעצעפּט. אין אַ פאָר טעג אַרום האָב איך אָנגעהויבן צוריק צו ריידן.

און נאָך זכרונות און גאָרנישט קיין אנשטענדיקע. איז אַ בחור געקומען פון אַ צווייטן שטעטל ארבעטן ביי אונז, האָט ער געדאַרפט באַצאָלן די חברה „שטאַרקע" אויסלייז־געלט. איז אַ בחור געגאַנגען שפּאַצירן מיט אַ מיידל, האָט ער אויך געדאַרפט צאָלן אויסלייז־געלט. אויב נישט — האָט מען געגעבן קלעפּ.

געווען ביי אונז צוויי קאָפּעליעס כלי־זמר. איין קאַפּעליע איז געווען חתונה־קלעזמער. די צווייטע איז באַשטאַנען פון די צוויי ברידער: נח און פישל, ביידע געענדיקטע די פעטערבורגער קאָנסערוואַטאָריע. געוויינלעך, פלעגן זיי שפּילן ביי רייכערע מענטשן. ווען אַ כלה האָט באַשטעלט די ברידער נח און פישל צו איר חתונה, איז זי געווען די גליקלעכסטע. ביי זיי האָט געשפּילט אויפן טראמבאָן איינער מיטן נאָמען בנימין קול און נאָך איינער, וועלכער האָט געשפּילט אין רוסישן פאלק. דער סוף איז געווען, אז אויף יעדער יידישער שמחה פלעגט זיך גיסן בלוט צוליב דער קאָנקורענץ פון די כלי־זמר ביז אין אַ געוויסן טאָג זיינען נח און זיין ברודער פישל אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע.

כ׳וואָלט באַגאַנגען אַן עוולה, ווען איך דערמאָן נישט דעם קרומען אברהם אלי. זיין נאָמען איז געווען באַוווסט אין לובלינער גובערניע צוליב זיין בדחנות. ער פלעגט משמח זיין יידישע חתונות און האָט איינמאָל אָרגאַניזירט אַ טרופּע צו שפּילן מכירת־יוסף. דאָס וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן. אמת, עס האָט מיר געקאָסט 3 גראָשן צו זען די פאָרשטעלונג, אָבער עס איז געווען ווערט.

איצט איז נישטאָ קיין איין ייד אין אונזער שטאָט. וויסט, פינצטער, פאַרקלאַפּט מיט ברעטער שטייט אונזער גרויסע שול.

לאמיר האָפן אויף אַ פרייער, שענערער וועלט, וו ס׳וועט נישט הערשן קיין שנאת־חינם.

**אין יאָר 1765 האָבן אין הרוביעשאָוו געלעבט 790 יידן אין 135 הייזער.**

# נתן הדס / דער פּריזיוו ביי אונז אין שטאָט

הרצליה

באַך די סכות־טעג, ווען די פּויערים האָבן שוין פאַרזייט די פעלדער מיט ווינטער־תבואה און אַלץ אין די שייערס אַריינגעבראַכט, פלעגן זיי אַ טייל פון זייער האָב און גוטס אין שטאָט ברייינגען, כדי יעקבן מהנה צו זיין פון יצחקס ברכה; פאַרשטייט זיך, אַז נישט אומזיסט.

דער פּויער פלעגט אויף דעם גרויסן וואָגן, וואָס איז געווען פול געפּאַקט, אַרויפזעצן די גאַנצע משפחה, און אויך נישט פאַרגעסן דעם זון, וואָס איז געוואָרן פולע 21 יאָר, און דאַרף זיך שטעלן פאַר דער אונטערזוכונגס־קאָמיסיע צו מיליטער־דינסט.

די דערפער זיינען כמעט אויסגעליידיקט געוואָרן, אַלץ האָט געצויגן אין שטאָט אַריין. אויפן וועג פלעגט מען זיך פאַרגאַלאָפּירן, איינער דעם צווייטן איבעריאָגן און אַרויסווייזן בריהשאַפט.

די 21־יעריקע פלעגן זיך אויסזעצן אויף באַזונדערע וועגענער, שפּילן, אויף גאַרמאָשקעס און זינגענדיק אַריינפאָרן אין שטאָט. די שטאָט איז פול געוואָרן מיט פערד און וואָגן, נישט געווען ווו אַ פוס אַוועקצושטעלן. אַ סך עלטערן האָבן זייערע קינדער אין יענע טעג נישט געשיקט אין חדר אויס פחד פאַר די רעקרוטן.

ביי יידן זיינען די טעג געווען פריילעכע, אָבער אויסגעמישטע מיט שרעק. פון איין זייט האָט מען געהאָפט אויף די גרויסע ירידים, צוגעגרייט פיל־פאַרביקע סחורות און זיך גערינכט אויף אַ גרויסן פּדיון. פון דער צווייטער זייט איז אויף זיי אָנגעפאַלן דער פחד פאַר די רעקרוטן.

אין יענע טעג פלעגט נאַטשאַלסטווא באַזונדערס אַוועקקוקן אָן אַ זייט, ישחקו, נא, הנערים, און זיך נישט מישן, ווען דאָ און דאָרט פלעגן יידן כאַפּן קלעפּ, אָדער ווען מען פלעגט צעראַבירן יידישע שטעלעס פון אויבס און געבעקס. אויף זייערע געשרייען פלעגט זיך נישט באַווייזן קיין פּאָליציאַנט אויף קיין רפואה.

דאָס איז געווען אַ טאָג פון אַ יום־הדין, ווער ס'איז אַהיים מיט אַ פולן בייטל געלט געגאַנגען און ווער נקי, אַלץ צעראַבירט און דערצו אַ צעשלאָגענער. נאָר די הילף פאַר די אומבאַשיצטע איז געקומען גאָר פון אַ צווייטער זייט, ווי אין דער מגילה שטייט: רוח והצלה יעמוד ליהודים ממקום אחר.

יאָר איין יאָר אויס פלעגן זיך צוזאַמענעמען די יידישע רעקרוטן, וואָס קענען דערלאַנגען קלעפּ: די קצבים, טרעגער, בעלי־עגלות, און בעלי־מלאכות, און מקדש זיין שם ישראל ברבים. זיי פלעגן אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם עול פון אַרבעט און זיך פריילעך מאַכן, איידער מען גייט אַוועק דינען „פּאַניען". ביינאַכט פלעגן זיי זיך טרעפן אין אַ שטיבל. אַלע פון דעם יאָרגאַנג האָבן זיך געמוזט באַטייליקן אין די פאַרווייליגען, נאָר דורך אויסקויף־געלט האָט מען זיך באַפרייט.

אויף די שטיבלעך פלעגן זיי אַרויפלייגן אַ מין קאָנטריבוציע, אָבער אויף די בתי־מדרשים האָבן זיי נישט געוואַגט, ווייל דאָרט האָבן געדאַוונט בעלי־מלאכות און פּשוטע יידן, נישט קיין חסידים און זיי האָבן זיך נישט געשראָקן פאַר די רעקרוטן. אָבער, אויב אַ שטיבל האָט נישט געוואָלט באַצאָלן, וואָס זיי האָבן געפאָדערט, האָט מען ביינאַכט דאָרט אָנגעמאַכט אַ חורבן.

יעדע נאַכט האָט מען אויפגעבראָכן אַנדערע קעלערס און פון דאָרט אַרויסגעשלעפּט בוטלעס מיט ווישניאַק און סלאַיען מיט איינגעמאַכטס.

בייטאָג פלעגן זיי אויפן מאַרק מקבל־פּנים זיין די צעווילדעוועטע דאָרפישע רעקרוטן, וואָס פלעגן באַפאַלן יידן, באַזונדערס ווען זיי פלעגן צוריקגיין פון דער נומערן־ציונג. דאַן פלעגן זיך ביי זיי צעשפּילן די געמיטער און זיי פלעגן זיך מיט געזאַנג אַוועקלאָזן אין מאַרק אַריין. אַז יידן פלעגן דערהערן די קולות, פלעגן זיי שליסן די געשעפטן, די דרייסטע פלעגן אַרויסקוקן דורכן לאָך פון שליסל, געוואַרט ביז דער שטורם וועט איבערגיין.

אַז זיי פלעגן באַפאַלן די יידישע שטעלעס, ראַבירן און שלאָגן, אַז די גוואַלדן האָבן זיך געטראָגן איבער דער שטאָט, פלעגן זיך צעניפלויפן די חברה, יידישע רעקרוטן. ס'פלעגט זיך אָנפאַנגען אַ געשלעג אויף טויט און אויף לעבן און תמיד איז די יידישע האַנט געווען די שטאַרקערע.

דאָס איז געווען די אַרבעט פון דער חברה, וואָס האָט זיך געגרייט דינען דעם רוסישן קייזער: בחרבי ובקשתי. ס'איז אָבער געווען אויך אַ טייל, וואָס אויף זיי זאָגט דער פּסוק: ויעקב ־ איש תם, יושב אהל. זיי האָבן זיך אויך געגרייט דינען דעם קייזער דורך כל מיני יסורים, ווי פאַסטן, לעכערן זיך די אויערן, קראַנק מאַכן די הערצער, קילעס, זיך קירצן די הויך, שלאָפן אין אַ סדום־בעטל, ניט קענענדיק אויסציען די פיס. געווען אַזעלכע, וואָס אַ פינגער פון אַ האַנט אָדער אַ פוס איז פלוצלונג געוואָרן ביי זיי איבעריק.



יידישע זעלנער אין דער פּוילישער אַרמיי אין יאָר 1922.
חיילים בני הרובישוב בצבא הפולני ב־1922.
שטייען: דער צווייטער — משה לונגל, דער דריטער — אהרן יהודה וויינבערג.
זיצן: דער פערטער — בנימין שפּרול, דער זעקסטער — יאשע פאַכטער.

אין די טעג פון יום־הדין, פון דער אונטערזוכונגס־קאָמיסיע, האָט מען געצונדן ליכט, געריסן קברים, געפאַסט, מנדר געווען, זיך צוגעגרייט מיט אַ ברכה פון רבין, מען האָט אַלץ געטאָן, כדי נישט אַריינצופאַלן אין גויישע הענט.

די דינסט־פעיקע פלעגט מען אונטער אַ שטאַרקער וואַך אַוועקפירן אין בית־מדרש אָדער אין אַ שטיבל. דאָרט האָט מען זיי געהאַלטן אַ פּאָר טעג, און נאָכדעם געפירט אין דער גרויסער שול שווערן דעם קייזער טרייהייט. עלטערן און קרובים פלעגן זיי באַגלייטן מיט האַרצרייסנדע געוויינערייען. לידער זיינען געשאַפן געוואָרן וועגן דעם. אַ טייל פון אַזאַ ליד איז מיר געבליבן אין זכרון:

פירט מען מיך אין שול אריין שווערן,
שטייען מיינע עלטערן און גיסן טרערן,
פאַניע, פאַניע, גנב, פאַניע, דו ביסט אַ גנב.
זיי מיר געזונט, מיין טייערער פאָטער,
דו דאַנקסט גאָט, אַז דו ביזט פון מיר פּטור.
פאַניע, פאַניע...
זיי מיר געזונט, מיין טייערע מוטער,
נאָך דיר וועל איך בענקען, ווי נאָך ברויט מיט פּוטער.
זיי מיר געזונט, מיין טייערער ברודער,
דו האָסט דאָך אָנגעמאַכט דעם גאַנצן גערודער.
זיי מיר געזונט, מיין טייערע כלה,
נאָך דיר וועל איך בענקען מער, ווי נאָך אַלע.

# שלום ויינר ז״ל / בעקבות העולם התחתון

הציבור היהודי בעיר מולדתי, אשר היה שזור מתחילתו ועד סופו מאנשים יגעים ועמלים במציאת טרף למחייתם, מחולק היה למעמדות מופרדים זה מזה בארחותיהם, ואפילו בבתי־תפילותיהם, אף כי כולם אל אל אחד שיח שפכו ובלשון אחת דיברו. התחומים שביניהם היו כל־כך איתנים, עד שלא היו באים זה אל זה ולא היו מתישבים אל שולחן אחד למסיבה אחת.

רובע מגורי אבותי היה מקום רבצה של השדרה היותר נמוכה שבאוכלוסיה היהודית בעיר מולדתי. ואבותי, אשר לא נמנו מעולם, לא על־פי משלוח־ידם ולא על־פי מצבם הרכושני על השדרה הזאת, גרו ברובע זה רק על־פי מקרה בלבד.

והשנית, בית הורי עמד כבר בקצה הרובע ההוא, ממנו ואילך ימינה התחיל כבר רובע אחר, רובע המעמד התגרני שבעיר. גרו ברובע זה יהודים, אשר על פיהם ציירתי לי את עבודת הפרך של היהודים בימי קדם. היו אלה הסבלים, עובדי עבודת־משא בכתף, העגלונים לכל סוגיהם וגווניהם, שואבי־המים השונים, החל מן האסלנים (הנושאים באסל) וסיים במובילים בצבים, הסמרטוטרים והרוכלים, ועל ידם החזיקו הגנבים למיניהם, הקבצנים לכל סמליהם, המעוננים והמנחשים, הקתרוסים, המשחקים בקוביה ובקלפים, הלוחשים על המכה ומכיני סממנים להפלת עוברים, ועוד רבים שקשה ליחסם על איזה מקצוע או פרופסיה ידועה.

המלאכים, אשר השתקעו כבוד ברובע ההוא, היו שלשה: מלאך המות, מלאך הדלות, ומלאך הפריה־ורביה. שלשת המלאכים מלאו את שליחותם יותר מבאמונה. כל אחד מהם עשה את שלו מבלי להפריע, למעשי חברו. לא עבר יום ללא נשואין, אירוסין או ברית־מילה, או שר׳ זינויל הקברן לא יסור שם שלש או ארבע פעמים להוציא עצמות מאיזה בית. וכדי שלא יפול ריב ביניהם, חלקו את ממשלתם: מלאך המות לקח לו את הקטנים, מלאך הפריה־ורביה את המבוגרים והקשישים ומלאך הדלות היה מנצח על גביהם.

מלאך הדלות התגלה כאן בכל הודו והדרו, בסחיו ובחלאתו, בזוהמה ובטנופת, בשיקוץ ותעוב גופני ורוחני, כי חלאת המין האנושי שכנה כבוד ברובע הזה. צעקות וצווחות, אלות ונאצות, קללות ומארות, יללות וזעקות־שבר נשמעו ברובע הזה תמיד, בין ביום ובין בלילה, בין בחול ובין בשבת. ורק בעתות החג, ביחוד חג האביב והקיץ, היה נשמע בין הקולות ההמוניים גם צחוק־פרא אדיר של אנשים מופקרים. הבולשת לא היתה יוצאת משם אף לרגע, ומדי פעם היו מוליכים אחד התושבים אל המשמר על איזה עוון ופשע.

מדי שנה היה יוצא מספר ידוע לסיביריה או למקומות גזרה אחרים, אולם מספר התושבים וכן גם הפושעים לא היה מתמעט על ידי כך. עוד לא יצאו אלה וכבר קמו אחרים תחתם. כאילו צצו בין רגע ממעמקי האדמה.

מראות הרובע: בוץ ושופכין, שלא נתיבשו אפילו בימי תמוז הבוערים, גלי אשפה וגללי אדם ובהמה, ומסביב בתים־מאורות. ובמאורות ההם גרו שנים־שלשה זוגות בחדר אחד. לא ראית לפניך בני־אדם, אלא גלמי־בשר נוצצים, עטופים סחבות על גבי סחבות בימי חורף, ובקיץ גופים מזוהמים. ערומים למחצה. הצרעת והשחין פרחו שם בראש כולם. היה איזה ראש נעדר שחין, אז היה קרח. גולגולת מכוסה שער היתה יקר־המציאות בין הגברים ובין הנשים.

שכוחים היו גרי הרחוב מאת האלהים והאדם. הם היו נעדרים כל יסוד של דעת ותרבות. רבים מהם לא ידעו אפילו להתפלל. לא הוציאו מפיהם דיבור כל־שהוא, מבלי שלא ילווהו באיזה ניבול פה או העוויה מנוולת, שנפש השומע לא תסלוד עד ליסודותיה. אף איש ושום מוסד לא ניסה להרים אותם משפלותם. אף בתלמוד־תורה לא היה מקום לבניהם, והם הלכו בטל, עזובים וחפשים לנפשם לחטוף מסלי התגרניות פירות וירקות, שקצתם אכלו וקצתם היו מביאים הביתה להוריהם.

ברבים מהם השתמשו הגנבים לגנבותיהם, ביחוד בימי השוק, כי מומחים היו הזעירים ההם בשליחת־יד אל חיקי אכרים, ולשלוף את צרורות כספם. מוקצה היה הרובע ההוא מיתר רובעי העיר גם מידי הטבע, כי מוקף היה גבעות, אשר בבקעה שביניהם, הוא השתרע. ומוקצים היו גריו מיתר בני העיר, כשבט מיוחד, אשר רק על פי המסורה בלבד נחשב לאיזה חלק מישראל או מיהודי העיר.

אמונותיהם הטפלות עברו כל דמיון כוזב והזיה חולנית. העגלונים לא היו סוגרים על מסגר את אורוותיהם בלילה, מפני ששמעון הארוך, אשר נהרג לפני שנים על ידי בעיטת סוס, שרצה להרעילו, סר מדי לילה מקברו אל הרחוב לבקר באורוות. ואוי, לו לזה, אשר יסגור את אורוותו על מסגר, מובטח הוא, שלא ימצא בבוקר את סוסיו חיים.

בקבת זמתה של לאהלה הזונה לא רצה איש לגור, אחרי מותה מידי שיכור מנאף, בהאמינם כי סרה היא מדי לילה אל חדרה זה לעשות את מעשי־נאופיה. והיו מספרים, איך שמדי לילה יואר החדר באור משונה, ומשם נשמעים קולות צחוק של מנאפים ומופקרים, של חיבוקים ונשיקות־הוללים, עד אור הבוקר.

אמי הכשרה, אשר אהבה וריחמה כל בעל־חי שבעולם, היתה היחידה אשר באה, תכופות, לעזרה לאומללים האלה, בחלקה להם מפתה וממיני המכולת, אשר הסב היה מביא מהכפר, וגם מפרוטותיה, אשר השתכרה בזעת אפה. אם אחד מגרי הרחוב נפל למשכב או נפל בידי הבולשת, היתה חוזרת על פתחי נדיבים לאסוף נדבה, לכלכל את מחלתו או את בני־ביתו, שנשארו בלי אמצעים. מלבדה לא רצה איש לדעתם. גם אבא הרחיק אותם, כמו שמרחיקים איזה כיעור.

בראשית השתקעותנו בקצה הרובע הזה, ניסו אחדים מגרי הרחוב לסור אל ביתנו ולפנות אל אבא בדברי ריבותיהם או בשאלותיהם באיסור־והיתר. אולם אבא דחם מעליו באמרו:

— איני רב ולא דיין, ואינני פוסק שאלות ואינני שופט בני־אדם. יותר לא העיזו להציג כף רגלם על סף ביתנו, מלבד נשיהם, שבאו לקבל מאת אמא את נדבותיה ומסות־ידיה. ובכל זאת לא נשאו טינה בלבם אל אבא ועל גאוותו כלפיהם. להיפך, חתו מפניו והגו לו יראת־כבוד. כשהיו רבים ביניהם וממלאים את הרחוב נאצות, שלא שמען בן־אדם מעולם, היו מיד מפסיקים ומתפזרים לעבריהם, כשאך צלו של אבא היה מתגלה ברחוב. גם לשון־דיבורם היתה נטהרת בפיהם, כשפגנו באיזה דיבור קל אליו.

אני זוכר עד היום, איך נצו שני האחים פלץ משה ואיצ׳י, ראשי שואבי־המים, המובילים בצבים, וראשי הבריונים ברובע, אשר מפניהם חתו גם התקיפים שבגנבים. הגיע לידי מהלומות ושני האחים הוציאו את דרבנות עגלותיהם והחלו למחוץ, עד זוב דם ומסביב עמדו נשיהם וצווחו לעזרה, אך איש לא הרהיב לגשת אליהם.

פתאום, על־פי מקרה, בא אבא למקום ההוא, ומיד נפלו דרבנותיהם מידיהם. אבא, כדרכו, נעץ את מבטו החד והחודר בהם ואמר:

— וכי כך נצים יהודים? ואת ד׳ אין לירוא? אתם פטורים לגמרי מיראת שדי? שני האחים עמדו חוורים ונשמו בכבדות ולא השמיעו דיבור, ומיד נעלמו ונשיהם קראו:

— יחי ר׳ טוביה — לעולם!

מילדי הרובע הזה קניתי לי חברים ורעים, בימי בדידותי הקשים. כשאך התקרבתי אליהם, שאלוני מי המתגרים בי והמכים אותי וילכו ויעשו בהם נקמות.

הטפוסיים שבין החברה הזאת היו יוסף פלץ, בנו של ר׳איצי פלץ הנ״ל; ובנימין האשכן (קילע — בפיהם). הראשון נשלח אחר־כך לסיביר על שלחו אש באחד מבתי האיכרים מתוך נקמה, והשני הנהו המתופף בלהקת המנגנים בהרובישוב עד היום.

מסיביר לא חזר יוסף פלץ; מה היה סופו שם במקום־הגזירה — מי יודע. אולם כבר אז אפשר היה להכיר בו גנוני פושע. בלורית הפשתן שלו, שעמדה זקופה על גולגלתו ושתי עיני־החתול שהביעו קרירות־רוח גמורה, העידו עליו, כי תעודתו בחיים מותנה כבר מראש. אל החברה הזאת משך אותי ההכרח לצאת מבדידותי, אבל לבי לא הלך אחריהם. בלבי

הרגשתי בחילה לדבריהם, למעשיהם, ומשובותיהם. כעור וגועל־נפש אחזוני למראיהם, ובכל זאת לא נמנעתי מחברתם.

התחברותי אל החברה הזאת עוררה את תשומת־הלב, וביחוד התרגש הדוד, ר׳ יעקב משה, ולא אחת העיר את אוזן אמי על תתה לי להתחבר עם ילדי הפושעים האלה. אך אמא לא הוכיחתני על זה אף פעם. להפך, כשהייתי בא הביתה להוציא דברי־מאכל בשבילם, נתנה לי ביד רחבה באמרה:

— קח ותן לרעבים הללו, אשר ד׳ העלים את עיניו מהם. ואני הוצאתי כל הבא ליד והם בלעו כזאבים טורפים והיו מתבדחים ומזדחחים, והיו פורצים בעוז ובעליצות פראית, בצחוק ובהוללותם המשומצה והראו נפלאות בתחילה בהתגוששות ולאחרונה בשערוריות, אשר לזכר כעורן המוסרי יאחזני רעד עד היום.

היה אז איזה כח טמיר, שלא ידעתי מאין הוא בא, הודפני ומרחיקני מהם, ושוב נמצאתי במקום בדידותי ומתיחד עם הרהורי באלהים וסדרי־עולמו, שעוררו בי ספקות. אולם הם כבר לא הרפו ממני, הם נקשרו אלי בנפשם ובלבם, וכשלא הייתי יוצא אליהם במועד, היו באים לבקשני בבית. ולא אחת נתכבדו מידי הדוד, ר׳ יעקב משה, במקל על חוצפתם זו — להציג את רגלם על ספו של ביתנו.

— מה לכם, כאן, שקצים? אולם הם לא סרו. בהחבא ובהעלם מעין הדוד, ר׳ יעקב משה, היו מתגנבים למעוננו ותחת אשר עד עכשיו הייתי אני מכבדם במיני־מאכל, שהבאתי מן הבית, החלו הם עכשיו לכבדני בתפוחים ובאגסים, שהיו קוטפים בגנה והיו ממלאים כיסיהם למכביר. לא רציתי ליהנות מהפירות הללו, לא מפני שגנובים היו, אלא מפני שאסטניס הייתי ונפשי קצה מנגוע בהם, ומה גם במאכלים שהחזיקו בכיסי בגדיהם המזוהמים או במקומות המפולשים, שבין גופם וכתנותיהם הרחבות. אולם הם היו מפצירים בי כל כך שאי־אפשר היה לסרב.

פעם אחת, זכורני, יצאתי אליהם, והם כבר עמדו בבקעת־התוך, אשר הפרידה בין הרובע הזה ולבין הרובע הנוצרי. כיסיהם נפוחים מכל זני פרי, שמלאו מגנבותיהם, שהצליחו היום משום־מה יותר מאשר בשאר הימים. פניהם היו מכוסים אודם וזעה מהעבודה הרבה שעבדו בפרדסים ומעיני כולם ניבט אור של נחת־רוח ושביעות־רצון מהצלחתם המרובה. בראותם אותי מרחוק, נהרו אלי והחלו להושיט לי את תפוחיהם, בהללם אותם לפני ובכנותם אותם בשמותיהם, ובטעמיהם השונים, למען גרות את תאות קיבתי אליהם.

אני ברגע ההוא שקוע הייתי בהרהורי הארוכים, אשר לא הרפוני רגע, ודעתי לא נטתה לא להם ולא לתפוחיהם, ויצאתי אליהם אך להמציא את מזונם, אולם הם מאנו לקבלו ובקשו שאקבל את תפוחיהם ושאטעם לכל הפחות אחד מהם. אולם אני סרבתי ואז התקצף יוסף פלץ ואמר:

— מה אתה חושב, שקבצנים אנו? מה שאנו מקבלים ממך, רק מתוך רעות ואחוה אנו מקבלים, כי אנו חושבים אותך לאחד מחברינו, על־כן מחויב גם אתה לקחת מאתנו ואם לא תקח, תבייש אותנו, פרושו יהיה, שאין אתה חושב אותנו לרעיך, אלא לקבצנים, פושטי־יד. אך בנימין האשכן שסעו:

— יוסף, אל תהא חכם כזה!

באו ימי הסתיו והחורף הקצרים והעכורים, הקפואים והזעומים עם הלילות הארוכים והשחורים, המטילים שיעמום על בני־אדם מאפס מעשה. שוב הרגשתי ריקנות. גם אוצר מעשיותיה של אמא התרוקן לאט־לאט ושוב לא היה לי במה להעסיק את נפשי הכמהה והצמאה. עוד הפעם התעטפה נפשי בי והשתוחחה. אולם השטן, אשר אמר לצודני, המציא לי עניין אחר ומקום אחר לבלות את זמני. ואם בקיץ הסיתני לילך אל יוסף פלץ וחבריו, הביאני עכשיו אל בית שכננו, ר׳ מתתיהו עושה־הפפירוסות. אינני יודע איזה צעד היה יותר מסוכן לרוחי ולמוסרי, אם התארחותי בבית ר׳ מתת, או התחברותי לחברת השובבים, אשר ברובע מגורנו.

ר׳ מתת זה היה עדיין רוק או נשוי, שלא שכח עדיין את ימי בחרותו, חכר לו את המעון השלישי בביתנו, בצאת אבא את הבית (כי לו היה אבא בבית, לא היה מחכיר לו את המעון בעד כל הון דעלמא). ביתו

זה היה מקום מפגש ליושבי הקרנות שבעיר, המבקשים להם מעט חיים עליזים ונוחים. אל ביתו היו מתלקטים בני העשירים, ובחורים שעמדו ברשות עצמם, לשחק בקלפים, לסעוד את לבם בכוס שכר, ולהתעלס באהבים מהמין הזול, (עם אשתו הצעירה של ר׳ מתת) ועם יתר הבתולות, אשר באו לשם כך. לא אנבל את פי לכנות את ביתו בשם בית־הקלון. זה היה בית־שעשועים לבחורים ולבתולות, חפצי חיים, מקרב המעמד הבעל־ביתי, אשר היה גרוע אולי מכמה וכמה בתי־זימה.

ראש־המדברים והרוח החיה בחברה העליזה, שהיתה מתלקטת מדי לילה בבית ר׳ מתת, היה יודל הצהוב או יודל רמאי, כפי שכינוהו אחרים. יודל הצהוב היה בן למשפחה אמידה בעיר, אשר כל בניה ונכדיה היו כולם לומדי־תורה ויראי ד׳. מעודו לא רצה לישא בעול תורה ויראת־שמים, גם לא למשוך בעול דרך־ארץ, אלא ליילך בטל ולהתהדר בתלבושת מגוהצת ותפורה לפי אפנה אירופאית, לבקר בבתי־המרזח שבעיר ולסור לפרקים גם לבית־קלון, שמספרם בעיר לא היה רב, אבל גם לא מעט, והעיקר לעגוב אחרי עלמות.

אבותיו ניסו להשיאו, להשקיט את יצרו הרע ולהחזירו למוטב, אולם הוא גרש את אשתו ושב לחיי רוקותו. בני־משפחתו פנו מעליו כמעל כעור. בתקיפותו הוציא מידי משפחתו איזה חדר קטן בביתם הגדול, ואמצעים לחיים ביקש לו בסרסרות לדבר עבירה — בהוליכו בתולות ישראל מהשדרות הגבוהות שבעיר, אשר ערגה בנפשן לעגבים וזימה, אל מעונות האופיצרים של גדוד הפרשים, אשר חנה בעיר. בשעות הפנאי היה מביא לפונדק אחד את בחורי העשירים ובתולותיהם, או את הצעירים העומדים ברשות עצמם, הכתבנים השונים והפנקסנים ודומיהם, אשר מספרם לא היה רב בעיר, להתעלס באהבים ולהמתיק את חייהם במיני לגימה. אותו חורף היה הפונדק בבית ר׳ מתת, שעשאו לשם פרנסה וריוח.

תם הייתי, ולא ידעתי את מזימת החברה הזאת. הזמרה לקחה את לבי, והייתי נכנס שמה. ר׳ מתת אהב אותי. עד היום כשהוא פוגשני בהרובישוב, שאני שמה לפרקים, הוא שמח בי כאדם השמח בבנו, והיה נותן לי בחפץ־לב מקום בביתו, אף כי הייתי מפריע, כמובן.

אך יודל הצהוב לא סבלני. עד שבאחד הלילות קם עלי יודל הצהוב וקרא:

— מה חפצך כאן, בעיני העגל שלך? ואחזני בערפי והוציאני מן הבית. אז לא ידעתי להודות ליודל על מעשה זה. אלא אחר־כך, כאשר גדלתי ובאתי לידי הכרה ודעת, ונזכרתי בעלבונו של יודל הצהוב, הייתי צוחק ואומר בלבי:

— נחוץ באמת, ליילך אל היצור הזה ולהודותו מקרב לב, שהוציאני מעמק עכור זה. יותר, כמובן, לא דרכה רגלי על סף הבית ההוא.



פרידה מאיטשה ברנר המתגייס לצבא.
חברים געזעגענען זיך מיט איטשע ברענער פאַר זיין מיליטער־דינסט.
עומדים: אהרן ברנר, י. ה. איידלשטיין, מרים וינפלד, שרה היי, פרל שטין, דוד ברנד.
יושבים: שמשון כהן, איטשה ברנר, דוב שטוקהמר, יעקב כהן. בשורה אחרונה: לא ידוע, שטוקהמר.

# נתן הדס / סופו של כרוז

הרצליה

חורף חלף, האביב בא. מהרחובות והסמטאות נעלם הבוץ, הדרכים העלו אבק והלילך נתן ריחו. קבוצות, קבוצות יצאו לטיולים, הרחק מן העיר, אל יער הלבנים, אשר בקצה הכרך, לשאוף אויר צח.

בימים ההם נתקבלו כרוזים מעיר הבירה לקראת האחד־במאי. זה היה מעין קול־קורא להמונים, לחוג את חג־הפועלים הבינלאומי, הממשמש ובא, ולצאת לרחובות ברוב־עם.

האחד־במאי דאז חל בשבת. על נדחה, כמובן, לא היה מה לדבר. הכרוזים חולקו אור לאחד־במאי בין הפעילים, ואלה יצאו דחופים, והדביקום על עמודי טלפון וחשמל, על חנויות וגם על קירות בתי־המדרש לא פסחו.

אנכי, עבדכם, לא יכולתי לשבת בחיבוק־ידיים, לעמוד מרחוק, ולראות כיצד אחרים עושים את המלאכה המהפכנית בלעדי. אש הקנאה בערה בקרבי, לקחתי, לכן, אחד הכרוזים, ואמרתי בלבי: עשה אעשה מעשה, שיעלה על מעשיהם. השטן, ימח־שמו, השיאני ואמר לי:

— „הם מדביקים בחוץ, אתה תדביק בפנים בית־המדרש, הם עושים את מלאכתם בחול, אתה — בשבת, יצא שכרך גדול משכרם".

הנני מודה ומתודה, שהדבר מצא חן בעיני. ובל יהיה פלא בעיניכם, למה דוקא אלי נטפל הבעל־דבר, ולא באחרים? כנראה, משום שהייתי מחובשי בית־המדרש, ובנו של סופר סת"ם. וכדי לקיים דברי חז"ל שאמרו: אם פגע בך מנוול זה, משכהו לבית־המדרש. יצאתי, לכן, בליל־שבת, תיכף אחרי גמר סעודת־שבת, בחשאי מהבית, ישר לטריסקער שטיבל, הנמצא בשול־גאס, כפי שרבים מכם בודאי זוכרים אותו. בפסיעות גסות התקרבתי לשטיבל, היות והדלת היתה נעולה על מנעול ובריח, טפסתי על הגדר וישר לחצר, ודרך חלון פתוח — חדרתי פנימה.

בדלת של הכניסה הראשית, בצד ימין של המשקוף, היתה תלויה המגבת, שהמתפללים היו מנגבים בה ידיהם, ותוך נגיבת ידיהם ואמירת „אשר יצר" היו קוראים את ההודעות, שהיו מודבקות מטעם הרב דמתא, על תקון ערוב שנקרע, על שפוץ המקוה, על מעות־חטין, וכדומה. במקום זה הדבקתי את הכרוז, ובחפזון הסתלקתי הביתה. עליתי על משכבי והפקדתי את נשמתי לבעל־הפקדון באמרי: „בידך אפקיד רוחי". עצמתי עיני, כאילו כלום לא קרה, שה תמים.

שנתי נדדה מעיני כל אותו לילה, על מעשה הגבורה שעשיתי, א „קלייניקייט". כאילו קרעתי את הירדן, או כבשתי את הבסטיליה. על משכבי צפיתי לקריאת התרנגול, ולהד קולו של ד ו ד ־ ב ן ־ ד ו ד, שהיה נשמע ת"ק פרסה על ת"ק פרסה, כשהוא מעורר, וקורא את הבעלי־בתים בשבתות ובחגים לקום משנתם, וללכת לבית־המדרש לאמירת תהילים.

— שטייט אויף, לעבודת הבורא, עורו־נא, קומו־נא, עמדו־נא, התיצבו־נא, כי לכך נוצרת. ובמקל, שהיה נשען עליו, היה לפעמים מוסיף מכה בתריס, באמרו: איי איי, ר' מ א ט ל, ס'שפעט, מאוחר, מאוחר!

ור' מאָטל מתעורר נים ולא נים, תיר ולא תיר, משפשף עיניו ואומר:

— איי, איי, מה טוב לישון עכשיו, איי, איי, היצר הרע הזה. ופתאום, בכל כוחו זנק מהמטה החמה, וכולו אומר נצחון; נצחתיך יצר הרע שלי. התלבש ושם פעמיו לטריסקער שטיבל.

קמתי גם אני והלכתי אחריו, נכנסתי והתישבתי על־יד שולחנו של מ י י ט ש ל י פ ו, ופתחתי במסכת ברכות. בניגון של הגמרא התחלתי לזמזם:

— מאימתי קורין את שמע בערבית? ראשי נטוי בכוון לדלת, ומדי פעם העפתי עין לכרוז, לראות אם מישהו שם עין עליו.

בין באי השטיבל, בשעות המוקדמות, היו זקני העדה, שראייתם לקויה, והם כמעט לא שמו לב לקול־קורא. אחרי כן, כשהגיעו אברכי־המשי, וסתם יהודים, שעינם פקוחה על כל מה שנעשה בשטיבל, אז התחילה לפעול המצודה שפרשתי. הם צבאו על הכרוז, אחד התחיל לקרוא, השני — המשיך, והשלישי — לא נתן לו לגמור, עד שעמדו על תכנו, שהתחיל במילים אלו בסגנון דאז: פרולטרים מכל העולם התאחדו! יום זה חוגגים כל פועלי העולם, הפועל בעיר, והפועל בכפר. ביום זה מפגין הפועל את כוחו לקיים מה שנאמר: ברצון ידך החזקה — כל הגלגלים יעמדו דום. ועוד ועוד, על מה לא דובר שם? נגד ניצול, נגד מלחמה, ובעד זכות לעבודה להמוני ישראל. וסופו של הכרוז נגמר: ב„שקלו את השקל".

בין אלה, שצבאו על הכרוז, היה גם מ י י ט ש ל י פ י ־ פ ו ־ פ א. כך קראוהו, ועליו כדאי להרחיב את הדיבור. משום מה קראוהו בכינוי זה? על שום מעשה שהיה.

באחד מלילות החורף הארוכים פרצו י ו ס ף פ. וחברתו את כל חנויות האריגים, החל מחנותו של א ה ר ן ב י ל ג א ר י י ע ר עד חנותה של ב א ש ע ד י ע ס י ק ־ מ א כ ע ר י ן ועד בכלל, ולא השאירו שם אפילו חוט במחט להשחיל. חלק מהסחורה הגנובה הסתירו בבית־העלמין, וחלק בעליית הגג של בית־המרחץ.

למחרת הגניבה, ערכה המשטרה חיפושים, ומצאה את הסחורות הגנובות במקומות הנ"ל. המשטרה הצליחה לאסור את כל הגנבים, ביניהם את נ ט ע ה ק ב ר ן, ואת מ י י ט ש ל פ ו, שהיה מחוכרי בית־המרחץ. ידם של שנים האחרונים לא היתה כלל במעל הזה, אך תושבי העיר נשארו ללא קברן, וללא בלן, לא יכלו לקבור את מתיהם, ולא יכלו לטהר את גופותיהם. באין־ברירה החזיר מלאך־המות את חרבו לנדנו והלך בטל ללא מעשים.

בסופו של דבר שחררו את הקברן, ואת מ י י ט ש ל י פ ו שלחו לארץ־גזרה לימים רבים. וכשהחזירוהו הביתה, לא היה אותו מייטשל, כאילו לא מעלמא הדין, השתנה כולו, היה מהלך ומדבר לעצמו, ואחרי כל מילה הוסיף: פו־פו. כל מי, שפגש בדרכו, היה קורא בשמו ללא צורך, ומוסיף בסוף: פו. כך היה גם בזמן התפילה. כשהיה מתפלל תפילת „ברוך שאמר", היה אומר: ברוך שאמר־פו, והיה העולם־פו וכולי. ואוי ואבוי למי שצחק לו.

ולמרות הכל לא היה מייטשלי סתם קטלא־קניא, בעל בעמיו היה (א ייד — א בעל־בית). הוא היה עוסק בפרקמטיה של עורות עזים ותישים, ובשערות חזיר וכל עור של בהמה דקה, טמאה וטהורה עבר על ידו, וגם על עורות של חיות השדה לא פסח. במלחמת העולם הראשונה הבריח — תחת אפם של שלטונות־הכיבוש מהסחורות האלה למטרופולין. לא היה מאורע בשטיבל, שלא נטל חלק בו. מן התקיפים היה, אף־על־פי שלא נמנה על בעלי התריסין. מחוץ לתפילה ואמירת תהילים לא הגיע. לכן, עינו היתה צרה בתלמידי־חכמים, וכשנתפס אחד כזה בקלקלתו, היה שמח לאידו, והמעשה הבא יוכיח.

בין חובשי השטיבל דטריסק נמנה מ ש ה ל י ש ו ו א ר צ ע ר (גרינבוים). הוא היה הארי שבחבורה. מ ש ה ל י ג ר י נ ב ו י ם זה החזיק בכיסו „סמיכות". כל החסידים היו מתפארים ומתברכים בו, באמרם ליוצאי חלציהם: „ישימך אלהים כמשהלי".

ביום בהיר אחד מצאוהו, כשספרי מין נושרים מכיסו. ועוד מצאו שהוא מסית ומדיח את פרחי השטיבל, כירבעם בן־נבט בשעתו. הדבר הזה היה לשיחה ולפלוגתא בין המתפללים. התקיפים דרשו להכריז עליו חרם, לגרשו מן הקהל ולקיים בו את הפסוק: ובערת את הרע מקרבך. המתונים שבהם, כגון מ ש ה ע ק ש ט י י ן, י צ ח ק נ י י מ ר ק, ו נ ח ו מ צ'י ש ט י ו ו ל ־ ק ר ע מ ע ר דרשו: לעולם תהא ימין דוחה ושמאל מקרבת, ואמרו לא לדחותו בשתי ידים. וכפי הנראה, יד התקיפים היתה על העליונה. בשבת אחת, אחרי גמר תפילת־שחרית, עלה על הדוכן אחד התקיפים, והכריז שיעכבו את הקריאה, עד שלא יעזוב ה„ימח־שמוניק" את הבית. מ ש ה ל י ידע, שאליו מכוונים הדברים, והוא לא זז ממקומו. המתפללים התחילו לחפשו את הימח־שמוניק, וכבר נשמעו קריאות: „ווארפט אים ארויס". תוך כדי הצעקות הקיפוהו במעגל, והמעגל זז ונדחף יחד עם האפיקורס החוצה. באנדרלמוסיה זו היה מייטשלי פו הקופץ בראש.

ועכשיו, שעשיתם הכרה עם מייטשלי פו, נחזור לכרוז. מ י י ט ש ל י לא היה בין משכימי־קום, אולם דוקא בשבת זו הקדים. וכשהגיע לשטיבל, לא הספיק להתעטף בטליתו וכבר היה בין קוראי הכרוז. כשהגיע לפראלעטאריער, הסתבך, פוי־פא. הצובאים על יד הכרוז פרצו בצחוק וזה הגדיל רוגזו וגמגומו.

— פוי, מהצחוק, הורידו את הטריפה־פסול. בו ברגע הופיעה יד נעלמת, כאילו מן השמים ירדה וקרעה את הכרוז לגזרים. אמרו, שזו היתה ידו של מ י י ט ש ל י פ ו. זה סופו של הכרוז.

# שמריהו מינץ / ביתו של ר׳ הירשלה מינץ

תל־אביב

ביתו של אבי, ר׳ הירשלה מינץ, עמד במרכזה של השכונה היהודית בהרובישוב, בסביבת בתי־המדרש, השמיבלעך, בתי המלמדים, השוחטים, ויתר כלי־הקודש שבעיר.

מול הבית נראו שלש הכניסות הרחבות לבית־הכנסת הגדול, שני הפולישים של בתי־המדרש לבעלי־המלאכה והנעשה בתוכם. דרך חלונות דירתו של ר׳ הירשלה אפשר היה לראות את תושבי העיר, כשהם נוהרים לבתי התפילה, ביחוד — בשבתות ובחגים.

סמוך לביתנו עמד ביתו הנמוך של ר׳ יודלי מלמד, הוא היה נושא־כליו של ד״ר רפופורט, מלמד דרדקי, חובש וגם המרפא את ילדי העיר.

שכנו היחידי של ר׳ יודלי היה שמאי הצדיק, יהודי בעל הדרת פנים, תפוס במחשבותיו על בריאת העולם, אך ממעט בדיבורו. בכל יום ששי, בשעה 12, היה מפסיק את דיבורו והיה פולט מילים בודדות בלשון־הקודש כגון: נו... נו... סכין... מלח... ורק במוצאי־שבת, אחרי הבדלה, חזר לדיבורו הרגיל.

ביתה של הנטשי הנחתומית נבנה ליד ביתו של ר׳ יודלי מלמד, הוא נראה מטופח, ואפילו שרידי הגדר הוחזקו בשלמותם. מבית זה נשמע רעש תמידי של בניה ובנותיה של הנטשי, הלשים את הבצק או מוציאים את הככרות מהתנור. כן ריחפו באויר, ליד ביתה, ריחות נעימים של אפיה טריה או „טשאלנט" שרוף.

בכל יום ו׳ לפנות ערב, כאשר יהודי העיירה כבר התקרבו לעבר בתי־הכנסת, יצאו בניה של הנטשי, סלקו את שקי הקמח הריקים וענפי העצים שנשארו מעבודת השבוע, טאטאו את החצר והכינו את עצמם לקבל את פני שבת מלכתא.

ביתו של ר׳ משהלי דיין היה תמיד מצוחצח ו„חתיכת" גינה נראתה לידו. קולו של ר׳ משהלי, בעת לימוד הגמרא או בעת ויכוח עם הצדדים המתדיינים, נשמע לעתים קרובות והגיע עד לביתנו.

לעתים נראתה גם אשה עם קדרה או עוף שחוט, בידיה, כשהיא אצה אל בית הדיין לשאול „שאלה". גם אנשי־מסחר ופני העיר היו נכנסים ויוצאים מבית הדיין. ר׳ משהלי דיין היה השני בעיר, אחרי הרב, שחבש שטריימל לראשו, עשוי מלאכת מחשבת ומתאים לקפוטתו וגרביו הלבנים.

במרחק כמה צעדים מבית הסאמעדל היה בית־המדרש של הרב. שם בכותל המזרח, מול החזן, היה „השטאדט" שלנו. מעבר לרחוב וסמוך לביתנו היה הוולאדאווקער שטיבל ובית־התפילה של ר׳ נפתלי שפירא, המכונה „בן הרבנית" וכן הטריסקער שטיבל, הטאמאשובער שטיבל, הראדזינר, ההושיאטינער ובית־המדרש הגדול.

מאחורי ביתנו, בתוך הביצה הגדולה, עמדו בתיהם של השוחט איטשה מנדל אנגלסברג, של ר׳ יהושעלע דיין, של הקאברינר שוחט, של יודיל שטאקהאמער ושל בעלי־בתים חשובים אחרים. ביתו של וואווע דאנציס היה בשכנות קרובה לביתנו, ואחרי השרפה הגדולה, במלחמת העולם הראשונה, נבנה הבית מחדש ובצורה מודרנית יותר, ועל ידי כך הבליט עוד יותר את ביתנו בצורתו העתיקה.

ביתנו היה דו־צדדי, ולפעמים, קראו לו „בית הנסיעות" של ר׳ הירשלה, כלומר, לבית זה אפשר להכנס עם הסוסים והעגלה, להסתובב בתוכו ולצאת מהשער האחורי. בשנים האחרונות, כנראה מפני כבוד בית־הכנסת הגדול, בוטל שער הכניסה עבור סוסים ועגלות והותקנה דלת רחבה לכניסה ויציאה בלבד. רק השער האחורי נשאר כמקודם, ונפתח בימי שוק וקבלת אורחים.

עסקי העצים של ר׳ הירשלה, בעיקר בעונת הסתיו, רחבו. לצדי כל קירות הבית, ועל המגרש — בחוץ סודרו ערמות. בימי גשם היו 3 חוטבי עצים עושים את מלאכתם בתוך הפרוזדור הרחב, בפנים הבית. אחרי החטיבה פתחו את האשנב המרובע, שבתקרה, ודרכו זרקו ערמות־ערמות לעליית הגג. אחד או שניים עלו למעלה וסידרו את העצים ליד קירות המחסנים.

דירתנו היתה הגדולה והיפה ביותר בבית (יתר הדירות הושכרו לשכנים). היו בה שני חדרים גדולים ואחד מחולק בפרגוד, לשם הפרדת התנור והכיריים מהדירה עצמה. הריהוט היה עתיק־יומין, כנראה ירושה מדור קודם. ריהוט מיוחד במינו היה „הקופרט" (תיבת־עץ), שהכיל את כלי הכסף, הזהב, פקדונות והשלשות, וכן כל דבר־ערך ויקר־המציאות. ה„קופרט" עמד בחדר והיה מכוסה במפה צבעונית. בימי חנוכה היה נפתח ה„קופרט" לשם הוצאת החנוכיה עם שני האריות ושמונת הקנים וכן בימי חג היו מוציאים מתוכו את הגביעים וכלי־הכסף, שנשמרו בתוכו. ב„קופרט" זה נמצאו תכשיטים, פקדונות של מתדיינים או נדוניות של כלות. מעל לשקי הכסף והתכשיטים היה ר׳ הירשלה נוהג לשים את קפוטת המשי שלו ועליה מפות השבת והחג וסוגר את „הקופרט" על מנעול גדול.

באי הבית שלנו היו פני העיר: ר׳ משה שפירא, גזבר העיריה במשך שנים רבות, ר׳ שלמה רעגל, בעל טחנת־הקמח, ר׳ מנדיל שטיך הסוחר העשיר, וכן מתפללי בית־הכנסת של הרב.

בעיקר היו מתכנסים במוצאי־שבת, ותוך כדי צפייה לסעודת מלוה־מלכה, היו מתוכחים על הפקדונות, על „דין־תורות" ועל הפוליטיקה של העולם הגדול. ויכוח סוער נשמע, לרוב, גם בעניני הקהילה, שכל רכושה היה רשום בספרי המדינה כרכושו של ר׳ הירשלה מינץ, ומשום כך היה מוכרח לשלם מכיסו את כל המסים והארנונות. בשעת ויכוחים אלה היה תמיד מציע לכבד גם בעלי־בתים אחרים במסירת רכוש הקהילה לידיהם, אולם לרוב נגמרו היוכוחים מבלי לשנות דבר. אחרי סעודת המלוה־מלכה היו מברכים, מתפעלים מהתבשיל שהצליח יותר מתמיד, ומבטיחים לחזור ולבוא כרגיל אי״ה במוצאי־שבת הבא.

בביתנו היתה התכונה גדולה בערבי חג ופסח, כשהיו ממלאים את כל הבית, מטות, ארונות, שקי קש, שולחנות וספסלים וכן היתה העבודה רבה בהכנת כלים להגעלה. עד לשעות הסדר ממש היו מבואות הבית מלאים מטלטלין של השכנים, ורק כניסת החג גרמה לשנוי פני האנשים ודירותיהם.

לפני סוכות היה ר׳ הירשלה מזמין את שכניו לעליית הגג ומדריך אותם בנקוי הסוכה הבנויה, בהסרת המטלטלין ו„השמות" שהצטברו במשך כל השנה. אחרי הנקוי היסודי והסרת כל מכשול, היה בכוונה מיוחדת משחרר את החבל מקשריו, ועל ידי משיכתו נפתחו שתי הכנפיים בגג הראשי. השמש והאור היו פורצים לתוך הסוכה. השכנים היו מביאים סכך טרי וריחני, קישוטים שונים ומתקינים את הסוכה לחג.

שנים רבות אחרי פטירתו של ר׳ הירשלה עוד היה ביתו „לשם־דבר" והשכנים שנשארו לא עזבוהו ולא התחלפו. אורח־החיים „בבית הנסיעות הגדול" של ר׳ הירשלה מינץ לא נשתנה עד פרוץ מלחמת העולם השנייה.

עם גמר המלחמה לא נשאר זכר מכל יושבי הבית.

והיו דברים אלה לזכרון־עולם!

עד שנת 1664 כהן כרבה של הרובישוב: ר׳ חיים בר׳ שמואל הלוי הורוויץ.

# הרוביעשאָוו אַרבעט און ווײלט זיך



אין דער גאָלדשמידעריי פון דער משפחה הובעל. רעכטס זיצט אשר הובעל. לעבן אים זיין פרוי און קינד. לינקס בנימין הובעל און יהודה האָפמאַן.
בבית־המלאכה של משפחת הצורפים הובל.



אין שנײדער־וואַרשטאַט. במתפרה.
שושנה ציגעל, בליומע די שנײדערין, דבורה צינג.



ביי די קוואַסאָוויצער אין קאַטלעריי. בבית־המלאכה של משפחת קבסוביצר.



ביי שרהלע מאשעס אין שנײדער־וואַרשטאַט. במתפרה של שרהלע מילר.
שטייט: שרהלע מאַשעס (מילער) פון רעכטס אויף לינקס זיצן: פייגע צווייג, סימע מאַנדעלבליט, יונג, שיינדל גערבער, שרה גלאַדבערג און הדס אייזן. אונטן: שרהלע מאַשעס קינדער.



הערש סאס ביי דער אַרבעט אין דער זייף־פאַבריק פון אברהם און דוד לערער ביי די קאמס אין קעלער.
בבית־המלאכה לסבון.

# בעבודה ובבלוי



4 מיידלעך שליטלען זיך.
4 בנות מחליקות.



ווינטער אויף אַ שליטעלע איז אַ מחיה.
תענוג לטייל בעגלת־חורף.



קאָנטיק, אַז אַ ווייסער שניי איז אַראָפּגעפאַלן אין הרוביעשאָוו.
שלג לבן כסה את הרובישוב.



מיט די הענט אין די קעשענעס, אין באָטן, ווינטערדיקע מאַנטלען און בערעטן קוקן אַראָפּ אויף אונז: לאה לערער, שיינדל גערטל און געגענדל איילבוים.
שלש בנות בבגדי־תורף.



רחל פראָסט און ברכה היי אויף די לאָנקעס ביי אַ סטאָג היי.
רחל פרוסט וברכה היי מחייכות אלינו מערמת חציר רענן.



העניע דיקלער און חנהלע גאָלדמאַן אין קראַסנאָסטאַווער וואַלד אויף קוראָרט.
נופש ביער קרסנוטטב.



ווהין פירט זיי מאָטל דער דראָזשקאַזש?
לאן מוביל אותם מוטל בעל הכרכרה?
זיצן: שרה ראב, מאַניע דיקער און גאָלדע אָדער.



קהת קוואַסאָוויצער שפּאַצירט אויף אַ מאָטאָציקל.
רכיבה על אופנוע — תעניג.



אַ גרופּע יוגנטלעכע שפּאַצירן לעבן מאַרק־סעדל.
קבוצת צעירים מטיילת על־יד גינת השוק.
פון רעכטס: מיניע צעדערבוים, חנה לינדנבוים, חיה שרויט, ברל ווייַן, רחל — שאול אייזנס אַ פלימעניצע.



אַ חתונה ביי דער פאַמיליע פראָסט. מסיבת־נשואין במשפחת פרוסט.
ערשטע שורה פון רעכטס: בערל פראָסט, זלאטקע רויזען, רחל פראָסט,פון דוביענקא, העניך ספעקטאָר, רבקה פראָסט. צווייטע שורה: פון לאַשטשעוו, מרים פראָסט, אהרן וואַקס, מרים חאַקס, פון דוביענקא, מינדל פראָסט. לעצטע שורה — אונטן: חיה פראָסט, אברהם בוימעל, רויזע פראָסט, וואָווע פראָסט, יאכע קעזמאַן, יאָסל קעזמאַן, ברכה רויזען, יאָסל רויזען.

# יהודה הופמן / ביקור בעיירה

קבוץ שפיים

לאחר 6 שנות בארץ ובקיבוץ, יצאתי לביקור לעיירת־הולדתי, להרובישוב, מקום בו עוד גרה כל משפחתי.

היה זה במרץ 1935. בארץ נראו כבר אותות האביב ובאירופה ניכרו עוד סימני החורף. נוסף לקור הפיסי, שנגמלתי ממנו תוך השנים המעטות של שבתי בארץ, השתלט בי קור נפשי, למראה השינוי הגדול שחל במצבם של יהודי פולין.

למרות המצב הקשה, ששרר אז בארץ: גזירות־עליה והתנגשויות עם הערבים — היתה בכל זאת מידה גדולה של חופש ליהודי, מעין עצמאות־בדרך. לא כן — בפולין.

ידעתי, ששפת המדינה היתה נחלת המתבוללים או יוצאי בתי־הספר התיכוניים, הפולניים, ואילו ההמון היהודי, עמך, דבר יידיש. ואילו עתה, העמיסו עליהם היהודים מכל השכבות את עול שפת המדינה. במרבית המקומות הציבוריים וברכבת, שהסיעתנו מהגבול הרומני, הנוסעים היהודים לא השמיעו אף מלה יידיש, ואם לא יכולתי להכיר את היהודי לפי חזותו החיצונית, עמדתי על זהותו לפי ה„היינט" שבצבץ מכיסו הפנימי של המקטורן, בבחינת יהודי — באהליך ואחד מעם־הארץ — בצאתך.

עוד סימן ביטא את הרגשתי על הצפוי ליהדות פולין. לפני עלייתי נישא מרבית העול של התנועה הציונית על שכמי התנועות החלוציות, ואילו האיש העממי תמך בתנועה תמיכה חמרית, נזעק בעת צרה לישוב, אבל בדרך־כלל עמד מהצד, כאילו הדבר אינו נוגע לו אישית. הוא ראה את עתידו כאן, על אדמת פולין, כדרך אבותיו. וכאן, ברכבת זו, תוך המגע הראשון עם שכני לתא, בהודע להם שארצישראלי אני, החלו נוהרים לתאנו יהודים מכל הרכבת, מרביתם אנשי־המסחר הזעיר, שהיו רחוקים מתנועת התחיה, ובפי כולם רק שאלה אחת:

— איך מגיעים לשם?

גדושים היו ימי ביקורי הראשונים. באו אלי לקבל דרישת־שלום מאחים, מאחיות או מקרובים, וכשדרישת־השלום היתה מלווה במתנה, ששמה המפורש של ארץ־ישראל היה כתוב עליה, ובעברית, ותהי זאת אפילו סיגריה פשוטה, לא היה קץ להתרגשות ולשמחת האנשים.

יכולתי לקרוא את רחשי לבם. היו יהודים שבאו סתם לשמוע על ארץ־ישראל, אלה היו חצי־מתבוללים, רחוקים מעניין יהודי ובפרט ציוני, ועתה מנסים את כוחם בגירסא דינקותא, גורסים את שניהם על כמה מלים עבריות, כאילו להוכיח שגם הם ראויים לעלות ארצה. במשך הזמן, בפגישות עם חברים מהנוער, עם בוגרי פועלי־ציון, שעוד לא הספיקו או לא היתה להם האפשרות לעלות ארצה, מחוסר רשיונות עליה, (ועל הלחץ הגדול, והרצון הכביר לעלות — עמדתי בשעת אחת האספות הגורליות של „העובד", שדנה בחלוקת סרטיפיקט אחד, שעדיין לא נולד) ועם אלה שהשלימו עם גורלם להיות רחוקים מארץ כיסופיהם ולחיות חיי „הבעל־הביתל" בעיירה, מכולם יחד לא נשמעה נימת אופטימיות על הצפוי בפולין, הרוויה משטמה עזה ליהודים.

רבות שמעתי על המשמרות של הגויים, שתפקידם למנוע קניות בחנויות היהודים, וכל זאת בעזרתה העקיפה של המשטרה. נראה לי, שחיי היהודים הגיעו עד גבול היאוש. תחושת הימים הקודרים הצפויים היתה מורגשת בפי כל, אבל לחורבן זה שהתרחש — אף אחד לא ניבא.

התבוננתי באורחות החיים ובהווי של היהודים בעיירה. הם דלו מכל האוצרות המשופעים שנתברכה ארץ זאת. על אף הפדיון המצומצם, רמת החיים היתה גבוהה, אפשר היה להשיג את כל משמני הארץ ובזול: שפע של ירקות, פירות, חלב, ובשר. השויתי זאת עם החיים בקיבוץ, בו חיים על לחם צר ועבודה קשה, אבל לעומת זאת בתקוה לעתיד.

באור אחר ראיתי הפעם את העיירה וסביבתה. קשה לשכוח את החוויה של אחד הטיולים הנהדרים בבוקרו של שבת עם קבוצת חברים כמו: יעקב קרלנבוים, מיכאל גרטל, מאיר כהן ואחרים. הפלגנו השכם בכמה סירות קטנות על נהר ההוצ׳בה, המקיף את העיירה, שמשני צדינו כרי־דשא, עצים, בוסתנים, גני־ירק, שדות־בר וקני סוף. הופתענו, כאילו נתגלה המחזה המרהיב הזה בפעם הראשונה. השבענו את הגוף והנפש במה שעוד נתן באוירה המורעלת ליהודים.

על בשרי הרגשתי את חצי זעמם של אדוני הארץ בשני מקרים. הכניסה לתיירים לפולין נתנה אז רק לשלשה חדשים. בנסיעותי לורשה, בה התרכזו



מהגשר עוקבים צופים לשיט סירות על ההוצ׳בה.
צושויער פאָלגן נאָך די קאַיאַקן אויף דער הוטשווע.

החיים התנועתיים, עברו עלי 3 החדשים וראיתי צורך להאריך את האשרה לחדשיים. לפני קבלת הארכה, הופיע בביתי שוטר פולני ובין היתר אמר:

— ודאי, כשנותנים לך לאכול פה, מותר לך להאריך את שבתך. זכורני, ששנות חיי המעטות בארץ נטעו בי גאוה לשקול למטרפסיה.

והמקרה השני: היינו מטיילים מדי ערב לאורך ה„בירז׳ה", שהמתה ומשם המשכנו בתפנית, לכל אורך ה„פנסקה" — רחוב הטיולים הנאה, רחוב בתי־הקולנוע והשעשועים, שקועים בשיחות ובפגישות וכדרך „גברין נעוראין" היינו מלווים את הבחורות לבתיהן. באחד הלוויים האלה, ערב צאתי מהעיירה, נרגמנו באבנים על ידי אספסוף פולני. אכן, היה זה סימן מובהק, שעלי להפרד מהאדמה „הקדושה" הזאת.

קהל רב לווה אותי ברגל (זו כברת־דרך). לא היה לי שום ספק, שלא אותי הלכו ללוות, פעם כאן רגש ההזדהות והרצון הכביר להיות במצבי. עוד מהדהדים באזני דברי מיודענו, יוסף שוארץ, סוחר במקצועו וציוני נלהב בנפשו:

— אין לך מושג, כמה שוה הדרכון שבכיסך.

ודואב הלב, שהיתה זאת פרידה אחרונה מיקירי, וממרבית קרובי וחברי.



הגשר המוביל לסויניטין. סווינינטינער בריק



דער מצבה־קריצער אלי ווײנער

# חסידות, מעשיות און לידער



דער מלמד אײזיק פאקס

# חסידות, ספורים ושירים

# אינהאַלט • תכן

# נתן הדס / ווי אַזוי דער „מנין" האָט אַרויסגעטריבן שדים

הרצליה

דער „מנין" האָט באַשלאָסן איינמאָל פאַר אַלע מאָל מאַכן אַ סוף מיט דער כת שדין ולילין, וואָס האָט זיך אָנגעזעצט אויפן שטעטל. ס'איז שוין מער נישט מעגלעך געווען עס איבערצוטראָגן.

הושענא־רבה, נאָך פאַרן הימל־שפּאַלטן, זיינען זיי אַרויס פון גרויסן בית־המדרש, מיטגענומען מיט זיך דעם שטאָט־שמש, דעם תהילים־וועקער און דעם שול־קלאַפּער.

יעדער איינער מיט אַ לולב און אַ הושענא אין האַנט, האָבן זיי אָנגעזאָגט: נישט רעדן אויפן וועג, נאָר נאָכטאָן אַלץ, וואָס זיי, דער „מנין" טוט.

זיי האָבן זיך אַוועקגעלאָזט מיטן וועג, וואָס פירט צווישן די פּראָוואָליעס. דאָס איז געווען אַ וועג טיף איינגעשניטן אין באַרג, וואָס האָט געפירט צו דער הוטשווע, וואָס האָט אַרומגערינגלט דאָס שטעטל, ווי אַ שלאַנג.

אין דער רעכטער זייט פון איבערגעשניטענעם באַרג איז געשטאַנען די צערקווע און געוואָרפן אַן אימה אויף אַלעמען.

לינקס, טיף, ממש אין באַרג אַריין, איז געזעסן איינגעגראָבן דער הינט־שלעגער. גאַנצע נעכט האָט מען דאָ געהערט דאָס יאָמערלעכע וואָיען פון הינטישע נשמות. מ'האָט געזאָגט, אַז דאָס זיינען רוחות און שדים. נאָך האָט מען געשמועסט, אַז ער, דער היצעל, דער הינט־שלעגער, האָט אַ שייכות צו דער כת. דאָס איז געווען אַ געפערלעכער וועג בייטאָג, בפרט — ביינאַכט.

צוקומענדיק צום טייך, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט לעבן שמחהלע פלאכטעס הייזל, וואָס איז געשטאַנען כמעט האַלב אין וואַסער. מ'האָט דאָרט נישט געזען קיין לעבעדיקן נפש. געמאַכט די ערשטע נענועים און אַוועק ווייטער אין וואנעס גאס, און פון דאָרט צו דער גרויסער כעלמער בריק, אָבער אויך דאָרט האָבן זיי גאָרנישט געזען.

פון דאָרט דורך די גוישער גאַס זיינען זיי דערגאַנגען צו דער סוויניטינער בריק, וואָס איז תמיד געלעגן מער הינטערן וואַסער, ווי אויפן וואַסער. אַ באַזונדער שמאָל בריקל איז דאָרט געווען פאַר פוסגייער.

אַריבערגעגאַנגען דאָס בריקל, געקוקט דאָ, געזוכט דאָרטן און גאָרנישט געפונען. פון דאָרט האָבן זיי זיך אומגעקערט צוריק, פאַרבייגייענדיק דעם נאַפּט־סאַד און דורך דער פאַנסקע גאַס פאַרבייביידע קלויסטערס (פון רעכטס — דער פוילישער, פון לינקס — דער רוסישער).

פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט דאָרט אַ זאָג געטאָן: שקץ תשקצנו, זיבן מאָל, אַ שפּיי געגעבן און געגאַנגען ווייטער, ביז דער זאמאָשטשער בריק. דאָרט האָבן זיי נישט געהאַט קיין גרויסע אַרבעט, ווייל די בריק איז געווען אין מיטן שטאָט, ווער וועט זיך דאָרטן איינשטעלן? מ'האָט דאָרט אפילו קיין נענועים נישט געמאַכט.

אַריבערגייענדיק די בריק, זיינען זיי אַוועק אויפן וועג, וואָס פירט קיין פאַהעריע און פון דאָרט צוריק אין שטאָט דורך דער קרי־לאָווער בריק. דאָ האָט מען געמאַכט די לעצטע סטאַנציע. מען איז לאַנגזאַם די בריק אַריבער, געמאַכט די נענועים אין אַרבע רוחות, אויך מעלה און מטה, זיבן מאָל, דערמיט האָבן זיי געטראַכט, אַז ס'איז געענדיקט, אָבער ס'איז נישט אַזוי געווען.

נישט ווייט פון דער בריק, ווו בערל סטעלמאַכס קוזשניע שטייט, איז געווען אַזאַ סאַזאַווקע. אַ גאַנץ יאָר איז זי געווען פאַרדעקט מיט אַ גרינעם שליים. אַרום ברעג האָבן געוואַקסן גרויסע, ברייטע בלעטער, ווו גרינע זשאַבעס פלעגן טאַנצן און קוואַקען טאָג און נאַכט, אָן אויפהער.

דאָרט איז געוואַקסן אַזאַ גראָז, לעפּאַך, וואָס מען פלעגט מיט אים שבועות אויסשפּרייטן די פּאָדלאָגעס און יינגלעך פלעגן פון אים מאַכן פייפעלעך. אָט פון דער סאַזאַווקע האָט זיך געהערט אַ שטיל וואַסער־פּליוך, גלייך ווי פיש וואָלטן זיך אַ וואָרף געטאָן. פּלוצלונג האָט מען דערזען אַ פּריצל אין אַ שוואַרצער פּאַלערינע, מיט צוויי לאַקערענע שטיוועלעך, אין אַ היטל מיט אַ גלאַנציק דאַשעק — דערנענטערט זיך.

יידן האָבן זיך נישט דערשראָקן, גלייך דעם גראָבן פינגער פון דער לינקער האַנט אין גאַרטל פאַרזעצט, דאָס איז געווען אַ באַוווּסטע סגולה, נאָך פון קדמונים, בדוק ומנוסה אין אַזעלכע פאַלן. מיט דער רעכטער האַנט, שטאַרק דריקנדיק דעם לולב צום האַרצן, האָט איינער אויסגערופן:

— יידן, האַלט זיך פעסט, דאָס איז דער „בעל דבר" אַליין!

דאָס פּריצל האָט זיך לאַנגזאַם, אָבער מיט זיכערע טריט דערנענטערט, הינטער אים האָט זיך געשלעפּט די גאַנצע פמליה פון כל מיני משונה־דיקע חיות. מען האָט געזען, אַז ס'גרייט זיך אַן אכזריותדיקע שלאַכט.

ס'מנין איז אָבער נישט געשטאַנען מיט קיין פאַרלייגטע הענט. מען האָט זיך שנעל אַוועקגעשטעלט אין אַ עגול און גענומען זאָגן דאָס באַוווּסטע קאַפּיטל תהילים: יושב בסתר עליון. דער צווייטער האָט געזאָגט:

— יפול מצדך אלף! דער דריטער:

— אליך לא יגש, רק בעינך תביט, און אַזוי ווייטער און ווייטער, ביז צום סוף.

מיט איינמאָל איז דאָס פּריצל אויסגעוואַקסן לעבן מנין און אָנווייזנדיק אויפן לולב, אַ פרעג געטאָן:

— צאָ טאָ יעסט, פּאַנאָוויע?

— זה לולב והושענא — האָט ער אַן ענטפער באַקומען.

— ניע פּראַווּדאַ — האָט דאָס פּריצל געזאָגט — טאָ מיאָטלאַ!

— לאָ, זה לולב והושענא — האָט ער געקראָגן פון אַלעמען דעם ענטפער, ביז ער איז צוגעקומען צום שמש. דאָ האָט ער דערפילט איז דער שוואַכסטער פונקט און אויב דאָ וועט אים נישט געלינגען, איז ער אַ פאַרלוירענער.

דערפאַר האָט ער דאָ אָנגעווענדעט אַנדערע טריקן. פאַנאַנדערפענענדיק אַ גרויס בייטל מיט גאָלדענע רענדלעך פאַר דעם שמשס אויגן, האָט ער אויסגערופן מיט אַ נצחונדיקער שטימע:

— זאָג: מיאָטלאַ, וועסטו באַקומען דעם גאַנצן בייטל מיט רענדלעך.

אַז דער שטאָט־שמש האָט זיך דערמאָנט, אַז אין שטוב זיצן 5 טעכטער, ווי לאַלקעס, אָן עין־הרע זאָל זיי נישט שאַדן, די ערשטע האָט שוין לויטן יידישן דין, לאַנג געדאַרפט חתונה האָבן, אָבער ווו נעמט מען נדן פאַר איר? יעצט זיצט זי, נעבעך, און וואַקסט אין גראָען צאָפּ אַריין.

— אוי, רבונו־של־עולם, האַרציקער טאַטע — קרעכצט דער שמש — גאָטעניו, אפשר טאַקע האָסטו דאָס מיר צוגעשיקט? שוין באַלד אַריבער דער זומער און פון קהל האָב איך נאָך קיין פּרוטה נישט באַקומען, אויסער די פאָר גראָשן, וואָס איך האָב יום־כיפור פו דער קערה אַרויסגענומען. אוי, רבונו־של־עולם, ס'דערנענטערט זיך דער ווינטער און קיין שייטל האָלץ איז אין שטוב נישטאָ. די קינדער גייען באָרוועס און נאַקעט, אוי, רבונו־של־עולם, העלף מיר ביישטיין דעם נסיון.

— זאָג: מיאָטלאַ — שרייט דאָס פּריצל.

— אוי — זעצט פאָר דער שמש — למענך אלהינו, הושענא!

אַז דאָס פּריצל האָט געזען, אַז דאָס האָט אויך נישט געהאָלפן, האָט ער זיך גענומען צו אַ צווייטן מיטל. אויף איינמאָל האָט דער שמש דערפילט אַ קאָפּדרייעניש און פייערדיקע רענדלעך האָבן אים אָנגעהויבן פינקלען פאַר די אויגן. פּלוצלונג דאַכט זיך אים, ווי ער שטייט מיטן בעזים אין שול ערב־שבת, און קערט די פּאָדלאָגע און אין מיטן קערן דערפילט ער, אַז ער קערט גאָלדענע רענדלעך, גאַנצע הויפנס, אָן אויפהער.

— ערב־שבת, אין שול, גאָלדענע רענדלעך? רבונו־של־עולם, ווו בין איך עס דאָ?

— מיט וואָס שאַרסטו די רענדלעך? — האָט דאָס פּריצל אַ פרעג געטאָן. אין קאָפּ דרייט זיך אים הושענא, מיאָטלאַ, גאָלדענע רענדלעך, שבת, וואָס טוט זיך דאָ?

— זאָג מיט אַ בעזים קערסטו — שרייט דאָס פּריצל.

דער שמש, אַ האַלב פאַרחלשטער, וויל עפענען דאָס מויל און זאָגן... הערט זיך ווידער אַ קול:

— זאָג, הושענא! קולות שרייען מיט דונערדיקע שטימען:

— זאָג: מיאטלא. אַנדערע קולות:

— הושענא!

גלייך, ווי צווי פיינדלעכע מחנות וואָלטן מיט שווערע הארמאטן איינע די אַנדערע באַשאָסן. דער שמש איז געווען צעטומלט, נישט געוווסט וואָס צו זאָגן. אין איין האַנט אַ לולב, אין דער צווייטער אַ שול־בעזים, ס'איז באמת געווען שווער צו באַשליסן.

זעט אויס, אַז דער מנין האָט גובר געווען. מיט אַלע כוחות האָט זיך דער שמש אַ ריס געטאָן און אַ געשריי געטאָן:

— הושענא!

מ'האָט נאָכדעם געהערט אַ שטאַרקן פליוך, ווי ס'וואָלט אַ דונער דאָרט אַריינגעפאַלן און דאַן אַ משונהדיקער געלעכטער: כאַ־כאַ־כאַ, וואָס ס'האָט זיך געהערט איבער דער גאַנצער שטאָט.

## דער „מנין" און דער בעל־שם־טוב

אריינקומענדיק אין גרויסן בית־המדרש, גלייך ווי מען עפנט די טיר, איז אין דרום־מזרח געשטאַנען אַ טיש. קיינער האָט נישט געוווסט ווי לאַנג ער שטייט דאָרט, און ווי אַלט ער איז. דאָס האָט, מסתמא, נאָר דער טיש אַליין געוווסט.

פון צייט צו צייט פלעגט מען צו די פיס פון טיש, אין דער לענג און אין דער ברייט, אַ ברעטל אָדער אַ לייסט צוקלאַפּן.

דערפאַר איז אָבער דער דעק פון טיש נישט געווען גערירט, קיין טשוואָק, קיין האַמער איז נישט אויפגעהויבן געוואָרן אויף אים. דורות האָבן אטלאַסענע און זיידענע אַרבל פון שיינע יידן דעם דעק געריבן, דאָך האָט ער געגלאַנצט, מער פון אַנדערע פאלעטירטע טישלעך, ממש זיך צו שפיגלען. פון יאָר צו יאָר איז דער דעק דינער געוואָרן און אויסגעזען, ווי אַ שמורה־מצה.

ביי דעם טיש זיינען געזעסן נאָר די חשובי העדה, די פני העיר. אין די לעצטע יאָרן דער שטאָט־גביר, אברהם בראנד.

ביי דעם טיש האָט דער מנין צוריק מיט הונדערט יאָר באַשלאָסן אַראָפּצוברענגען משיחן. זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט אין תענית, מיטן באַשלוס נישט איבערצורייסן, ביז מען וועט הערן פעמי־משיח.

אין אַ ווינטער־נאַכט, ווען יידן האָבן שוין לאַנג זיך געוואַרעמט אונטער די פערענעס, איז דער מנין געזעסן ביים טיש הונגעריק און דאָרשטיק, פאַרטיפט און לערנען. דאָ האָט זיך דערהערט אַ גלאָקן־קלינגעריי. זיי האָבן זיך איבערגעוואָרפן מיט בליקן, אַ וואָרט פון מויל נישט אַרויסגעלאָזט. די קלאַפּנדיקע הערצער האָבן זיי אונטערגעזאָגט, אַז דאָס מיינט מען זיי, אפשר זיינען פאָרט זייערע תפילות אָנגענומען געוואָרן.

די גרויסע, שווערע טיר האָט זיך אַן עפן געטאָן און אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן רבי ישראל בעל־שם־טוב. ס'הערט זיך אַ געשריי:

— הרף! לאָזט אָפּ! ס'איז נאָך נישט געקומען די צייט!

— מיר — הייליקער רבי — ווילן נישט איבעררייסן — איז געווען זייער תשובה.

דער בעל־שם־טוב האָט זייער עקשנות נישט געקענט ברעכן. מיט אַ שטאַרקן קלאַפּ אין טיר און מיט די ווערטער:

— תפח רוחם של מחשבי קצין (פאַרשאָלטן זאָלן ווערן, די וועלכע מאַכן חשבונות, ווען משיח וועט קומען) איז ער אַוועק.

זעט אויס, אַז דער בעל־שם־טוב האָט געהאַט רעכט. ס'איז נאָך נישט געווען די צייט, משיח איז נישט געקומען.

דער מנין איז נסתלק געוואָרן אין איין טאָג און מען האָט זיי באַגראָבן צוזאַמען, איינער לעבן אַנדערן.

נאָך היינט קען מען זען אויפן אַלטן בית־עולם צען מצבות, אין פאָרם פון אַ ח'. דעם קבר האָבן באַזוכט ד"ר יצחק שיפער, אלתר קאַציזנע און אַנדערע שרייבער. טייל האָבן געהאַלטן, אַז זיי זיינען געשטאָרבן, ווייל ער, דער בעל־שם־טוב האָט זיי פאַרשאָלטן. מתנגדים, ווידער, האָבן געטענהט, אַז זיי זיינען פשוט געשטאָרבן פון תעניתים.

# יוחנן טברסקי / הסבא מטריסק

תל־אביב

דרגות־עץ מוליכות אל הקומה השניה. מבעד לחלונות דירתנו אפשר לראות: חצר, שבנויה כמה חצרות. בקצה אחד של הרחבה — בית־המדרש, שמחלונותיו עולה טחיבות של קני־סוף. בקצה השני של הרחבה — גדר. יתידותיה כשני המשור ויש בה משום סייג בין ה„חצר" לבין העיירה. עולם היא לעצמה. כשם שהמזלות מתנועעים מסביב לשמש, תלוי מזלה של טריסק כולה ב„חצר". כל בית בעיירה הוא אכסניה וכל בעל־בית מתפלל:

— הלוואי והנגידים יתאכסנו אצלי!

בדרכים המאובקות, רבות־הגומות (רק לפני קובלי נסלל קטע של כביש) באים אנשים מקרוב ומרחוק.

כל נפש נמשכת לשרשה ולמקורה. ועכשיו, שטריסק אינה במציאות, אני חוזר ורואה אותה בראיית־הלב, בחלומי ובזכרונותי.

העיירה — עדר מפוזר של בתים. שתי בארות עם שלשלאות. ילדים לבושים קאפוטות אֲרוכות, כגדולים. בית־הכנסת — מגודר גבוה מכל הבתים. והנה השמש, המכריז בכל שבת לפנות בוקר:

— יהודים, עם קדושים, קומו לעבודת הבורא!

הסבא.

אל הסב ר' יעקב לייבניו באים אלה במרכבות מפוארות, ואלה בעגלה של עץ, ואלה בשאון של המון בקרונות. ויש שגם איכרה אוקראינית או פולנית באה אל ה„פאן ראבין", אל ה„שווענטי ראבין" („הרבי הקדוש").

האולם הגדול והארוך — מלא. הנה הגבאי, הנושא כרגיל אחרי הסב את סידורו העבה עם מטפחת־האף האדומה הפרחונית. הנה ר' איציקל הגבאי. זקנו שחור וכתפיו רחבות, ויש בו חשיבות יתירה.

הרבה שנים חלפו מאז, ועוד אני זוכר את קולו של סבא באמרו תורה וכל „העולם" מקשיב לדבריו.

והנה מה שמספר קרובי, אהרן דויד טברסקי הי"ד, בספרו „היחס מטשרנוביל" (לובלין, תרצ"ב) על יומו האחרון של סבא:

„בעת שבא לעיר הרובישוב, לאכסניה שהכינו עבורו, לא רצה לקבל פיתקה משום אדם. בלילה האחרון נשאר עם רב אחד, ר' יששכר נ"י מדובינקו והיה מדבר עמו. ובליל החמישי היה מסוגר בחדרו והיה לומד כך כל הלילה.

הבוקר האיר, אמר למשמשו הנכבד ר' ישראלקי, שרוצה לילך למקווה. והיו שתי דרכים, דרך אחת מוליכה למקווה והשנייה לבית־החיים. וטעה והלך בדרך לבית־החיים עד שנראו המצבות. אז אמר לו משמשו:

— היכן הולך האדמו"ר? הלא היא דרך בית־החיים! והלך בחזרה למקווה. דרכו בקודש היה לטבול ש"י טבילות במקווה. וראו שהתמהמה, והביטו כולם למקווה וראו, שעומד וראשו כפוף מעט ולא ידעו מה זאת, והיו יראים לגשת אליו, ופתאום יצא קול:

—אוי, נאַ לנו! למה אתם שותקים? האדמו"ר עומד כמת ואין בו שום חיות! מהרו לרופאים! ונעשה אז תיכף רעש גדול. וכאשר באו הרופאים, אמרו, שמיתה כזאת חידוש היא, שלא הרגיש בשעת מיתתו שום צער... והתחילה כל העיר לבכות".

אולם כמה צער היה במיתתם של בניו ובני בניו של סבא! אני רואה את חומת המחנה בז'וריק. מאות יהודים פניהם כבושות באבנים וידיהם מורמות. עוד רגע ותישמע יריית הרוצחים.

יריה.

חללים ופצועים. דומה, גם הרקיע הלול. בין מיליוני היהודים, הקבורים תחת המזבח, נפלו גם בני המגיד מטריסק — בז'וריק ובלובלין, בווארשה ובקובל. וביניהם גם אבי.

— סבא, סבא, מה היה לבניך?

# אליהו גערטל / אין טריסקער שטיבל

רמת־יוחנן

אויסער דער היים, ווו מיר האָבן זיך דערצויגן, און אויסער דעם חדר ווו מיר האָבן געלערנט, האָט דאָס שטיבל, ווו מיר האָבן געדאַוונט מיט אונזערע עלטערן, געפאָרעמט אונזער באַוווסטזיין. דאָרט זיינען פאָרגעקומען אונזערע ערשטע באַגעגענישן, דאָרט האָבן זיך אָנגעקניפּט באַציונגען דורכן לערנען, שמועסן און דיסקוסיעס.

פון דעם שטיבל זיינען מיר זיך צעגאַנגען אויף פאַרשיידענע, פּאָליטישע וועגן. אָבער דעם פונק פון קדושה, ערנסטקייט, חסידישע התלהבות, און מסירות האָבן מיר אַרויסגעטראָגן פון שטיבל.

כ׳וועל דאָ שילדערן בילדער, טיפּן, און יום־טובים, ווי כ׳געדענק זיי און זאָל עס בלייבן לזכרון.

דאָס טריסקער שטיבל איז געווען אין שול־גאַס, נעבן הוסיאַטינער און טאָמאַשאָווער שטיבלעך, אַנטקעגן דער רביצנס בית־המדרש; אַ גרויס הילצערן הויז מיט אַ הויף, באַוואַקסן מיט גראָז.

כ׳געדענק די יאָרצייט פון טריסקער מגיד ז״ל (ב׳ תמוז). בחורים, וואָס האָבן געלערנט אין שטיבל, האָבן צוגעגרייט אַ הילולא. אין מיטן שטיבל האָבן זיי אויפגעהאַנגען אַ קיילעכדיקע ברעט, אַרומגעשטעלט מיט עטלעכע לאָמפּן מיט אַ קיילעכדיקן קאַרטאָן און אויסגעקריצט: ב׳ בתמוז. דאָס אַלץ איז געווען צוגעבונדן צו דער סטעליע און האָט זיך געדרייט אַ גאַנצע נאַכט, און מיר קינדער זיינען געשטאַנען שעהן, נישט וועלנדיק אַהיים גיין. ווער האָט דאָס דערפונדן — ווייס איך נישט, נאָר אַלע חסידים האָבן שטאָלצירט מיט דעם אויפטו.

ווער געדענקט נישט די אַטמאָספער פון ימים־טובים, איבערהויפּט פון די סליחות־נעכט. די לאַנגע סטאַרין־ליכט ברענען אויף די טישן, און אין זאַמד אויף דער ערד. אַ גרויסער טייל מתפללים זיינען אָנגעטאָן טליתים און קיטלען מיט עטרות. יונג און אַלט טראָגן זאקן, אויף דער פאדלאגע איז צעוואָרפן אַ סך היי. אונז קינדער באַפאַלט אַ מורא. מיטן גאַנצן כח האָבן מיר זיך געקלאַפּט אין האַרצן:

— אשמנו, בגדנו (וואָס מיר קינדער האָבן געזינדיקט — ווייס איך נישט).

דאַן די שליחי־ציבור פאַרן עמוד, ווי ר׳ ירחמיאל ווערבקאָוויטשער ז״ל. ס׳קלינגט זיין שטימע! לדוד מזמור! אָדער ר׳ נחמיה בערלינער, איינער פון די האַריציקסטע בעלי־תפילה אין אונזער שטאָט.

אַלע זיינען מיר אַיינגעטאָן אין אַן אַטמאָספער פון תשובה און חשבון־הנפש. כדאי צו דערמאָנען, אַז אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אין די שטיבלעך דער קאַמף קעגן השכלה און ביכלעך, איז בערלינער געווען אין דער מיינונג, אַז מען דאַרף די יוגנט נישט פאַרטרייבן פון שטיבל, נאָר זי מקרב זיין.

געווען צווישן די טריסקער שיינע יידן, לומדים, גבירים און פאָלקס־מענטשן.

כ׳וויל דערמאָנען דעם רוח פון שמחה, וואָס האָט געהערשט אין אונזערע קינדער־יאָרן.

ס׳געדענקט זיך די אַטמאָספער פון שמחה אין די טעג פון חנוכה און פורים. חנוכה אין שטיבל איז געווען אַ יום־טוב פאַר קינדער. דער שמש, רפאל לייב, האָט געבענטשט חנוכה־ליכט און מיר, קינדער, פלעגן פריילעך שרייען:

— ערצינד! ערצינד!

דערנאָך זיינען מיר געגאַנגען נעמען חנוכה־געלט, אָפטמאָל אין אַ גרויסער זאַוויערוכע.

כ׳געדענק גוט די פורים־אַטמאָספער. ראש־חדש אדר האָט מען אויסגעמאָלן אויף דער וואַנט אַ פלאַש מיט כוסות מיט דער אויפשריפט: משנכנס אדר — מרבין בשמחה. דער מאָלער איז געווען מאַנטשע סאקאל ז״ל.

נאָך שלש־סעודות, אין שטיבל איז נאָך האַלב־פינצטערלעך, מעריב האָט מען נאָך נישט געדאַוונט, אָבער חברה וואַרטן אויף טרייטל מלמד מיט אונגעדולד. און דאָ הויבט ער אָן הייזעריק זינגען

המן הרשעס צייטן איז געווען יגון ואנחה,
דער אויבערשטער האָט אונז געהאָלפן תושיה ולברכה.
זינגען מיר, לויבן דיר: קרבן המזבחה,
זינגען מיר: שושנת יעקב — צהלה ושמחה.
ארור המן! פאַרוואָס? אשר ביקש לאבדו,
פאַרשאָלטן זאָל ווערן זרש מיט אירע שוועסטער,
געבענטשט זאָל ווערן אונזער מוטער, אסתר.

פורים, נאָך דער מגילה, געדענק איך, ווי טרייטל מלמד פאַרשטעלט זיך פאַר אַ דאָקטאָר, אין פענסנע. ער גייט פון קראָם צו קראָם מיט אַ ברייטן:

— גוט יום־טוב! קינדער פלעגן אים נאָכגיין טריטביי טריט. ער רעדט דייטשמעריש, אָפטמאָל טרעפט ער זיך מיט כליזמר, וואָס שפּילן צו. גייענדיק, האָט ער יעדן איבערגעלאָזט אַ צעטל:

— פאַרגעסט נישט צו דאַוונען מעריב.

שווער איצט צו שילדערן די אַטמאָספער פון אַלע ימים־טובים. כ׳וויל נאָר דערמאָנען בילדער, וואָס האָבן זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון: דאָס איז די פטירה פונם טריסקער רבין.

יעדעס יאָר פלעגן צו זיין יאָרצייט (כ״ח אייר) קומען חסידים פון גאַנץ פוילן. לכתחילה, האָבן זיינע פיר זין געפראַוועט דעם טיש צוזאַמען.

ס׳געדענקט זיך אַזאַ פרייטיק צו־נאַכט אין שטיבל. די בליץ־לאָמפּן ברענען אין פולער פראַכט, אַרום איז ליכטיק, קעפּ אויף קעפּ, מען שטייט אויף בענק, און טישן. די ענגשאַפט איז גרויס. נאָכן קידוש און שירייםטיילן, גייט אַרויף אויפן טיש דער גבאי און גיט אַ זאָג:

— לייבל! באַלד ווערט שטיל אַרום, און לייבל לייגט צו די האַנט צום אויער און הויבט אָן זינגען: מנוחה ושמחה. יונג און אַלט הערן מיט כוונה, גלייך ווי אַ תפילה.

ס׳זיינען געווען נאָך בעלי־נגינה, וואָס האָבן געזונגען ביים רבינס טיש, נאָכן תורה־זאָגן. חובבי־ניגון האָבן שוין לאַנג געוואַרט דערויף.

נישט איינמאָל פלעגט דער רבי איבערבלייבן אויף שבועות. דעם ערשטן טאָג יום־טוב האָט מען געזונגען און געטאַנצט אַרום שטיבל. ווען כ׳האָב דערנאָך געלייענט „מסדה" פון למדן, האָב איך געפילט און פאַרשטאַנען, אַז אויף די טעג האָט מען געוואַרט אַ גאַנץ יאָר. דאָס האָט אַריינגעבראַכט פריילעכקייט אין די גרויע וואָכן־טעג. אַ לאַנגע צייט נאָכן יאָרצייט, האָבן מיר געחזרט און געלערנט די נייע ניגונים.

כ׳וויל דערמאָנען די קאַפּעליע זינגער פון טריסקער שטיבל. דאַכט זיך, אַז קיינער האָט די קאַפּעליע נישט אָרגאַניזירט, זי האָט זיך אַליין געשאַפן, און אַרומגענומען אַלע חובבי־נגינה, אָן אונטערשייד, לומדים און פאָלקס־מענטשן, משכילים און יונגע חברה.

יום־טוב, ווען אַלע זיינען געווען מער ווייניקער אויסגערוט און אויסגעשלאָפן, פלעגן זיך אין קליינעם אלקיר פון שטיבל צונויפנעמען אַלע זינגער, און מען פלעגט אָנהויבן איבערזינגען אַלע חסידישע ניגונים, וואָס מען האָט געהערט אויפן יאָרצייט. אָנגעהויבן האָט מען שטיל, מיט דבקות. דער עולם איז נאָך אַ קליינער, באַלד איז דער קרייז געוואָרן גרעסער און דער געזאַנג העכער. אַרום איז פינצטערלעך. אין גרויסן שטיבל ברענען די בליץ־לאָמפּן, אַ טייל לערנען משניות, ווער ס׳כאַפּט סתם שמועס, און דאָ אין אלקיר זיצן יונגע בחורים, עלטערע חסידים און מען זינגט אַלץ העכער און העכער. צווישן איין ניגון און דעם אַנדערן הערט מען אַ ליד פון פון יעקב רויטער ז״ל: אלי, אלי, למה עזבתני, מיט פּאַטאָס און אַ סך געפיל, און דערנאָך זינגט אברהם אלי ז״ל:

אַהיים, אַהיים, ברידערלעך, אַהיים,
אַן אייגענע מלוכה, א גן־עדן ליגט אין דעם,
פאַרזעץ זאַגאַר די לעצטע העמד,
אבי נישט בלייבן אין דער פרעמד.

די לידער האָבן זיך שפּעטער איינגעקריצט און געווירקט צו פאַרשפּרייטן דעם רעיון פון שיבת־ציון, מער ווי טויזנטער רעדעס.

צווישן אַנדערע הערן מיר אויך חזנות פון אברהם יששכרס ז״ל, וואָס זינגט די תפילות פון ניסי בעלזער.

אברהם יששכרס, אָדער אברהם דעם פאַרבערס, האָט אַלס קינד געהאַט אַ גוטע אַלט־שטימע. זיין פאָטער האָט אים אַוועקגעפירט קיין בערדיטשעוו, און דאָרט איז ער געוואָרן אַ משורר ביים באַוווּסטן חזן, ניסי בעלזער, געלערנט נאָטן און געהאַט דערפאָלג.

פאַרלירנדיק די שטים, איז ער צוריקגעקומען אין שטאָט. דאָ, אין טריסקער שטיבל, פלעגן מיר הערן זיינע חזנישע מאָטיוון געזונגען פון נאָטן און דאָס איז געווען ביי אונז אַ חידוש. מיר פלעגן איבערזינגען זיינע האַרציקע מאָטיוון, וואָס זיינען געווען איינגעשטעלט פאַר כאָר און סאָלאָ.

נישט איינמאָל פלעגן מיר דערנאָך, אין דער אָרגאַניזאַציע, איבערזינגען די ניגונים. מיט יאָרן שפּעטער, האָט ער אונז געהאָלפן איינשטעלן אַ כאָר פון דער יוגנט. אגב, פיל חסידישע ניגונים האָט ער אויפגעשריבן פאַרן יי״וואָ.

כ׳האָב דאָ פריער דערמאנט אברהם אלי בדחן (אָדער ווי מען האָט אים גערופן, דער קרומער אברהם אלי), אַ פּאָפּולערע פּערזאָן, וואָס קינד און קייט האָבן אים געקענט. שטענדיק אַ פריילעכער, אַ לוסטיקער, שטייט ער מיר איצט פאַר די אויגן. אַ נידעריקער, מיט אַ געל־געשווירן בערדל און ברענענדיקע אויגן, זיין שטימע איז געווען איינגענעם, אַ לירישער טענאָר. יאָרן איז ער געווען דער בדחן אין שטאָט. אמת, אין זיין צייט זיינען געווען נאָך בדחנים, ווי שמחהלע און דודל שמערלס ז״ל. אָבער אברהם אלי האָט זיך מיר איינגעקריצט מער, ווי אַלע, אין זכרון. מעגלעך דערפאַר, ווייל מיט אים בין איך געווען נאָענט, פון קינדווייז אָן. קיין גרינגע קינדער־יאָרן האָט ער נישט געהאַט. זיין פאָטער, רפאל לייב, דער שמש פון שטיבל, האָט נישט שטענדיק געהאַט די מעגלעכקייט אים צו לערנען, אָבער אַדאַנק זיין ווילן און ענערגיע, איז ער מיט אייגענע כוחות דערגאַנגען און געוואָרן דער פּאָפּולערער בדחן אין אונזער סביבה.

אין דער קאַפּעליע איז אויך געווען מאטיע ברוך, דער שטיוול־קרעמער, אַ שיינער ייד און אַן אוהב־שירה, אָדער יחיאל דער פּאַקיר ז״ל, וואָס איז געווען באַשאָנקען מיט אַ מוזיקאַלישן חוש. אַ גאַנצע וואָך האָט ער געאַרבעט אין מיל, אָדער פאַרקויפט שטיוול אויף די ירידים. ווי ס׳איז נאָר געקומען דער שבת־יום־טוב, האָט ער זיך אויסגעטאָן פון וואכעדיקן, און געפונען זיין נשמה יתירה אין נגינה.

אַזוי אויך מיין פאָטער, משה ז״ל. אַ גאַנצע וואָך איז ער געווען פאַרטאָן אין מסחר, און שבת־יום־טוב האָט ער זיך מצרף געווען צו דער קאַפּעליע און נישט איינמאָל זיי פאַרבעטן צו אונז אַהיים און מיט זיי איבערגעזונגען אַלע חסידישע ניגונים.

כ׳וויל נאָך דערמאנען די סוכות־טעג ביי ר׳ יצחק ניימאַרק ז״ל. מיר פלעגן זיך צונויפקומען ביי אים אויף קידוש און ביי אַ פעסעלע ביר פלעגן מיר דערציילן מעשיות און מופתים פון רבין. נישט אַלע, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער קאַפּעליע, האָב איך דאָ דערמאָנט.

ערע דעם אָנדענק פון די, וועלכע כ׳האָב נישט דערמאָנט!

נאָך איז ביי מיר פאַרבליבן אין זכרון פון טריסקער שטיבל די גרינדונג פון צעירי־מזרחי. לערנענדיק אין שטיבל, האָבן אַ טייל בחורים באַקומען צום לייענען בראָשורן, וואָס האָבן גערופן צו שיבת־ציון. געלייענט האָבן מיר עס נישט בפרהסיא.

זיינענדיק נאָך פרום און טראַדיציאָנעל, האָבן אַרום אונז אָנגעהויבן בלאָזן ווינטן פון תחית־העם. און דאָ איז געקומען יהושע לערער ז״ל, אָדער ווי מען האָט אים גערופן יהושע אייזיקס, וועלכער איז געווען איינער פון די גרינדער פון מזרחי ביי אונז. חברים געדענקען נאָך דעם להט, וואָס ער האָט אריינגעבראַכט, אין זיינע רעדעס וועגן ציון.

כ׳געדענק די קליינע בראָשור, באַלד נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע, „יידן, וואָס שווייגט איר". מיר האָבן אַלץ געליינט מיט התמדה, זיינענדיק נאָך חסידישע בחורים מיט יידישע היטעלעך.

הינטער די קאַפּאָטעס האָבן מיר אָנגעהויבן טראָגן ביכער און זשורנאַלן. מיט התלהבות האָבן מיר זיך געוואָרפן אין דער אַרבעט פאַר קרן־קימת־לישראל. מיר זיינען געווען גליקלעך, אַז צווישן אונז געפינען זיך עלטערע, בעל־בתישע יידן, ווי בן ציון איילבוים ז״ל.

פון דער יוגנט געדענק איך, מאנטשע סאקאל ז״ל. דעם ערשטן נשף האָבן מיר איינגעאָרדנט ט״ו בשבט. מאנטשע און לערער זיינען געווען די הויפּט־רעדנער. זייערע רייד זיינען געווען געפלאָכטן מיט פסוקים פון תנ״ך, תלמוד און מדרש. לידער האָבן מיר געזונגען מיט דבקות: וואַך אויף, מיין פאָלק, און נעם די פאָן אין האַנט. מיט אַזאַ דבקות האָבן מיר פריער געזונגען חסידישע ניגונים.

אַ דירה האָבן מיר געדונגען אין ביילע נעכיס קאמעניצע, אויף דעם העכסטן שטאָק. אונטן, אויפן צווייטן שטאָק, איז געווען די הסתדרות הציונית. אַהין פלעגן מיר קומען לייענען די „הצפירה" און דאָרט האָבן מיר עטלעכע מאָל געהערט בוני יאנאווער, שוכמאַן און בראנד וועגן ציון־פּראָבלעמען.

דער גייסט פון השכלה האָט אָנגעהויבן אַריינדרינגען אין די קרייזן פון די שטיבלעך. די עלטערן זיינען דערפון נישט געווען צופרידן.

מיר פלעגן זיך צונויפקומען שבת נאָכמיטאָג און דיסקוטירן וועגן פאַרשיידענע פּראָבלעמען. יהושע פלעגט אונז לערנען ציון־לידער, דערנאָך פלעגן מיר קומען אין שטיבל און פאַרזעצן די שמועסן.

מיט דער צייט איז געקומען צו אונז הרב זלאטניק פון מזרחי. ער האָט גערעדט אין שול און אַלעמען באַגייסטערט. אַ רב, וואָס רעדט וועגן ציוניזם אין שול, אויך זיין נישט־מגידישער סטיל איז פאַר אונז געווען אַ נייעס. דערנאָך איז געקומען צו אונז הרב ראפאפארט, וואָס האָט געלאָזט אויף אונז אַ שטאַרקן רושם.

כ׳האָב דערמאנט אַלץ, וואָס דאָס טריסקער שטיבל האָט אונז געגעבן, אָנהויבנדיק פון קינדער־צייט ביז אונזער אַריינטריט אין צעירי־מזרחי.

נאָך אין דער אַלטער היים זיינען מיר אין די שפּעטערדיקע יאָרן אַוועק ווייטער, אַריין אין החלוץ און זיך פאַרבונדן מיט די מגשימים אין ארץ־ישראל. אָבער אין זכרון בלייבן די ערשטע איינדרוקן פון דער סביבה ווו מיר האָבן געשטעלט אונזערע ערשטע טריט.

## אהיים!*)

אהיים, ברידערלעך, אהיים,
כמעט שוין 2 טויזנט יאָר,
ווי מיר וואַגלען זיך נאָר.
איר האָט דאָך אַ טיש אַ גרייטן,
צו וואָס לאָזט איר זיך לאַנג בעטן,
אהיים, ברידערלעך, אהיים.

.2

אהיים, אהיים, ברידערלעך, אהיים,
אן איינגענע מלוכה — אַ גן־עדן ליגט אין דעם.
פארזעץ, זאגאר, דאָס לעצטע העמד,
אבי נישט בלייבן אין דער פרעמד.
אהיים, ברידערלעך, אהיים.

.3

מיט פויקן, מיט טראָמייטן
וועט מען אייך באַגלייטן.
אהיים, ברידערלעך, אהיים.

*) געזונגען: דורך אברהם אלי בדחן.

# נתן הדס / שלוש סעודות אין טריסקער שטיבל

הרציליה

די פראַסטיקע זון האָט זיך לאַנגזאַם אָראָפּגעגליטשט אויפן האָריזאָנט. דער בין־השמשות האָט שוין גענומען פאַרגיין.

נתן חיים מונישעס האָט צוגעמאַכט די גמרא. ס'איז אים שוין שווערלעך זיך אַדורכשמועסן מיט איר, אויג אויף אויג. איז ער צוגעגאַנגען צום עמוד, ביי קיינעם נישט געפרעגט, דערלאַנגט אַ קלאַפּ אויפן סידור און אויסגעשריגן:

— אשרי יושבי ביתך!

אלע אין שטיבל האָבן אָן די פאַרפרוירענע פענצטער זייערע הענט אַ וויש געטאָן, און נאָכגעזאָגט: אשרי יושבי ביתך!

פלוצלונג איז יעדער שטיין געבליבן אויף זיין אָרט, ווי ס'וואָלט געווען אַן אָפּגערעדטע זאַך. קוים איז מען די שמונה־עשרה אויסגעשטאַנען האָט מען שוין געהערט דעם שליח צבורס הייזעריקע שטים:

— אתה אחד, ושמך אחד, ומי כעמך ישראל גוי אחד בארץ.

בין־רגע האַלט מען שוין ביי „עלינו“, אַ טייל אפילו נאָכן אויסשפּיי. די, וואָס האָבן געפילט, אַז דער קאַרפּן־קאָפּ ליגט שוין אויפן טעלער, וואַרט אויף זיי, און ווינקט צו זיי מיט אן אייגעלע, זיי וואַרטן נישט אפילו ביז נאָכן „קדיש־יתום“. נישט רעכט די מזוזה אַ קוש געטאָן און מען איז שוין אויפן צווייטן זייט טיר, און אין איילעניש זיך אַ לאָז געטאָן אַהיים, גלייך ווי דאָס הויז וואָלט ביי זיי געברענט.

נאָכדעם ווי ער האָט זיך גוט אָנגעגעסן, איז ער לאַנגזאַם, טריט ביי טריט, צוריק אין שטיבל אַריין, הערן די שלש־סעודות־ניגונים פון מאַטע ברוך שטיוולקרעמער, אברהמלע דעם שתדלנס, יחיאל דעם פּאַקער און זיי געהאָלפן צובאַמקען.

אַ טייל יידן זיינען געבליבן אין שטיבל פּראַווען שלש־סעודות. דאָס זיינען יידן, וואָס האָבן געוווינט אין עק שטאָט, זיך מסתפק במועט געווען, נאָר יוצא צו זיין, יידן וואָס דער קאַרפּן־קאָפּ ווינקט צו ז'י נאָר אין חלום. דאָס ביסל יידן לאָזט זיך צום פאָס־וואַסער, וואָס איז געשטאַנען ביי דער טיר. מיט דער גרויער, קופּערנער קוואָרט וואַשן זיי די הענט, גלייך ווי ס'וואָלט געווען צוגעגרייט אויפן טיש אַ סעודת מלכים.

אויפן טיש איז געלעגן אַ געפלאָכטענער קוילעטש, וואָס דער שמש האָט אים צוגעגרייט מבעוד יום. נאָך פאַר מנחה האָט ער אים געבראַכט פון מאטל עקשטיין, אַ בעקער פון טריסקער שטיבל, וועלכער האָט געהאַט די חזקה דערויף מדי שבת בשבתו, און וואָלט דערויף נישט מוותר געווען פאַר כל הון דעלמא. אויף אַ טעלער זיינען געלעגן שטיקלעך פיש אין דרעליס איינגעהילט, דאָס האָט דער שמש געבראַכט פון יאָסעלע נאַראַדנער, דעם פיש־פאַרקויפער.

נאָכדעם ווי יידן האָבן געכאַפּט אַ כזית פון אַלץ, וואָס איז געווען אויפן טיש, האָט איינער פון די בעלי־מנגנים, אַוועקגעלייגט די רעכטע האַנט אויפן אויער, און מיט דעם עלנבויגן אונטערהאַלטנדיק די לינקע האַנט, גענומען זינגען אַ ניגון.

די ניגונים זיינען איבערגעגעבן געוואָרן פון דור־דורות, און זיינען דאָ אַלע שבת אַדורכגעליפערט געוואָרן. זיי זיינען קיינמאָל נישט מיאוס געוואָרן.

אַ מאָל האָט מאַטע ברוך געבראַכט פונם יריד, אויסער אַלטע כאַלאַוועס, וואָס ער האָט צונויפגעקויפט ביי די פויערים, אויך אַ נייעם ניגון. אויף די ירידים אין די אַרומיקע שטעטלעך פלעגט ער זיך טרעפן מיט נאָך יידן פון דער סביבה, וואָס האָבן געהאַט אַ סלוך און אַ שוואַכקייט צו ניגונים. זיי האָבן שוין געקענט איינער דעם צווייטן. און גלייך ביי דער ערשטער באַגעגעניש האָט מען אַ פרעג געטאָן:



— נאָ, האָסט עפּעס אַ נייעס, אַ פרישס!

און איידער דער יריד איז אַריין אין פולן ברען, האָט מען דערוויל גענומען איינער דעם צווייטן איינחזרן דעם ניגון, איבערלאָזנדיק די ווייבער אָדער קינדער היטן די „שטעלעס“ מיט סחורה. און אַז ער האָט געבראַכט לעדער־יוכטן פון זשעליכאָוו, האָט ער נישט פאַרגעסן צו ברענגען אַ ניגון, ווייל דאָרט איז געווען נישט נאָר דער מקור פון לעדער נאָר אויך דער מקור פון ניגונים.

אַהיים קומענדיק, פלעגט ער זיך אין שטיבל, בין מנחה למעריב, אריינכאַפּן אין אַלקער, און ארום אים די געשווירענע צוהעלפערס, און ער פלעגט מיט זיי איינחזרן דעם נייעם ניגון לכבוד שלש־סעודות.

ביי שלש־סעודות האָבן אַלע געזונגען, בפרט דער וואָס האָט געהאַט אַ שטימע און אַ געפיל. דער בעל־מנגן האָט אויסגעזונגען אַ „סטראָף“ און די אונטערהעלפערס פלעגן איבערחזרן.

געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך סתם געגאַרגלט און געציקלט, און אַז עס האָט זיך געמאַכט אַמאָל, אַז איינער איז געבליבן הינטערשטעליק, נישט געענדיקט גלייך מיט אַלעמען, דער ניגון איז אים געבליבן שטעקן ווי אַ ביין אין האַלז, און צום סוף ווען אַלע האָבן שוין געענדיקט, און אין שטיבל האָט געהערשט אַ שטילקייט, האָט ער ערשט דאַן אַרויסגעבלאָזן דעם סוף־ניגון, ווי אַ פאַרהאַקטע תקיעה פון שופר. אַזעלכע פלעגן בלייבן פאַרשעמט פאַר זיך אַליין, און זיך שוין מער נישט גערוקט.

צווישן די שטיבל־בחורים, וואָס האָבן געהאָלפן זינגען, איז פאָרגעקומען אַ שטילע קאָנקורענץ. איינער האָט געוואָלט „איבערזינגען“ דעם צווייטן, און ווייזן, אַז זיין שטימע איז די שענסטע.

אַ טייל בחורים האָבן אין דעם געזען מעשה יהירות, און זיך בכלל נישט באַטייליקט, געווען אויך שעמעוודיקע צווישן זיי און מחמת אימתא־דצבורא, נישט געעפנט ס'מויל.

די פינצטערקייט האָט זיך אין שטיבל אַריינגעריסן, אויסגעפילט אַלע ווינקלען פון ארון־הקודש און מזרח־וואַנט, ביז האַלב־קאַלטן אויוון, אין מערב־וואַנט.

אָט, הער איך דעם לעצטן געזעגענונגס־קלאַפּ פון די פליגל פון דער נשמה יתרה. אַ בענקעניש, ביז האַרץ־קלעמעניש, האָט מיך באַהערשט. אַן עצבות און טרויער האָבן מיך באַהערשט, זעענדיק, ווי דאָס הייליקע ווערט אַוועקגענומען, ווי די יצירה פון ששת ימי המעשה, וועלכע עקזיסטירט נאָר צוליב דעם הייליקן שבת, ווערט צעשטערט, גלייך ווי איינער וואָלט אויסבויען אַ שיינעם פאַלאַץ, און נאָכדעם מיט אייגענע הענט געמוזט אים איינוואַרפן.

אַזאַ געפיל האָט מיך אַרומגעכאַפּט, ווען מען האָט די סוכה צונומען, און ווען מען האָט אחרון של פסח דאָס פסחדיקע געפעס פאַרפּאַקט.

אָט זינגט מען אויס דעם לעצטן ניגון:

די מלאכי־חבלה נעמען שוין שלעפן די גרויסע דעמבענע פּניאַקעס דעם גהינום אָנצוברענען, און די רשעים ווידער אין גליענדיקן אויוון אַריינטרייבן. און ווער זיינען די רשעים? יידן בני־ישראל. ס'ווילט זיך אַ לויף טאָן צום בעל־מנגן, און אַ געשריי טאָן:

— רייס נישט איבער דעם ניגון, זאָל מען מער דעם גהינום־אויוון נישט ברענען, זאָל שטענדיק שבת זיין.

פון טיפער פינצטערקייט, ביים שלש־סעודות טיש, הערן זיך קולות: הרחמן הוא ינחילנו יום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים!

# נתן הדס / די פטירה פון טריסקער רבי

הרצליה

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען גאַנצע ראַיאָנען אויסגעליידיקט געוואָרן פון דער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע איז אַוועק אין רוסלאַנד, ווייט פון פראָנט. צווישן זיי איז אויך געווען דער טריסקער רבי ז״ל.

טריסקער חסידים אין די פאַרנומענע געביטן זיינען געבליבן כצאן בלי רועה און גענומען פילן, אַז ס׳פעלט זיי דער רבי. אַחוץ דאגות פרנסה זיינען אויך געווען אַנדערע צרות. ס׳איז נישט געווען קיין הויז, וואָס זאָל נישט האָבן אַ קרוב אין קריג, וואָס מען הערט נישט פון אים. דאָ און דאָרטן האָט ווער באַקומען אַ בריוו דורכן רויטן־קרייץ, אָבער דאָס זיינען געווען איינצעלנע פאַלן.

יידן זיינען געזעסן פאַרזאָרגט און פאַרטרויערט, ס׳איז נישט געווען ווער ס׳זאָל זיי טרייסטן. אַ טייל חסידים, וואָס האָט נישט געקענט בייַשטיין דעם נסיון, איז אַוועק צום בעלזער און באַלייגט אַ צעטל און דערצו אַ פדיון. טריסקער חסידים האָבן איינגעזען, אַז אויב עס וועט אַזוי ווייטער גיין, וועט חלילה נישט בלייבן קיין זכר פון דער טריסקער דינאַסטיע. זעט אויס, אַז פונם הימל האָט מען דאָס נישט צוגעלאָזט.

אין אַ שיינעם ספירה־טאָג פון חסד שבמלכות, זיינען יידן געשטאַנען ביי די געוועלבער האַלב־הונגעריקע און אויסגעקוקט אויף אַ קונה. האָט זיך פלוצלונג פאַרשפּרייט אַ ידיעה, אַז דער טריסקער איז אַריבער דעם בוג, און דערנענטערט זיך צום שטאָט. חסידים האָבן לאַנג נישט געקלערט, און געשיקט אַ שליח קאָנטראָלירן די ידיעה. נאָך איידער דער שליח האָט זיך אומגעקערט, האָבן זיי באַשטעלט וועגענער און דאָס גאַנצע שטעטל, ווער ס׳האָט נאָר געקענט שטעלן אַ פוס, איז אַרויס מקבל־פּניג זיין דעם רבין.

דער ערשטער איז אַרויסגעפאָרן יידל גרובער. אין זיין וואָגן זיינען געזעסן די אָנגעזעענע חסידים: יצחקל ניימארק, משה פנחס, יהושע וואלדמאן, הושע מילשטיין און יעקב קאשעמאכער. נאָך זיי איז געפאָרן אין זיין דראשקע חיים אפרים, מיט בעריש קאוועקס, משה פיפקע (גערטל), שמואל קרילאווער (ביטערמאַן), דן שיינבערג, מייטשעלע פו און יחיאל בראדער מיט זיינע זין.

נאָך זיי, הערש לייב טרעגער און זיינע בנים. יעדער איינער פון זיי האָט געפירט אַ בריקע, אין וועלכער ס׳זיינען געזעסן: יחיאל עפשטיין, מאטל סופר, יענקעלע דעם שטאדלערס, נחומטשע שטיוולקרעמער, משה עקשטיין, מאטיע וואלדמאן, שמחהלע וואלקאווניק, מעכעלע גרינבוים און ליפע מאיעס.

הינטער זיי איז געפאָרן איטשע פעלץ מיט די „אבות". איין זון האָט געהייסן אברהם, ער אַליין — יצחק, דער צווייטער זון — יעקב און דערפאַר האָט מען זיי גערופן די אבות. יעדער איינער פון זיי האָט געטריבן אַ באַזונדער פור און געפירט: מאָטיע ברוך שטיוולקרעמער, אברהמלע ישׂשכרס, יחיאל פאקער, נתן חיים מאַנישעס. דאָרט זיינען אויך געזעסן טאמאשאווער חסידים, וועלכע זיינען פאַריתומט געוואָרן פון זייער רבין און אַריבער צום טריסקער.

ווען אַלע זיינען שוין געזעסן אין די וועגענער, און נישט פאַרגעסן צו מאַכן לחיים, האָט מען זיך אַ ריר געטאָן פון פלאַץ מיט אַ פריילעכן ניגון. ביי פאהעריע איז נחומטשע שטיוולקרעמער אַראָפּ פון וואָגן, באַשטעלט ביי די מיעשטשאַניעס נאָך עטלעכע וועגענער מיט היי, און זיי אָנגעפּאַקט מיט חסידים, וויפל ס׳האָט זיך נאָר געלאָזט.

שפּעטער האָט מען זיך אַ לאָז געטאָן, איינער דעם אַנדערן איבערצויאָגן. אַזוי איז שפּעטער אויסגעקומען: עליונים — למטה, ותחתונים — למעלה — די ערשטע זיינען געבליבן די לעצטע און דאָס, כדי זיך אַ ביסל פריילעך צו מאַכן. אין לאטעשניס, אין וועלדל, האָבן זיי געוואָרט איינער אויפן צווייטן, און דערנאָך זיך ווידער אַרויסגעלאָזט לויטן ערשטן סדר.

באַלד האָבן זיי דערזען אַ שטויב־וואָלקן, וואָס דערנענטערט זיך. דאָרט איז געווען דער טריסקער אין דער באַגלייטונג פון טריסקער חסידים אין אסטילע. די הרוביעשאָווער זיינען אַראָפּגעשפּרונגען פון די וועגענער, באַפאַלן דעם רבינס וואָגן, און געשמעקט די האַנט, שלום דעם רבין. בדחילו ורחימו האָט מען דעם טריסקער איבערגעזעצט אויפן וואָגן פון די הרוביעשאָווער. די אסטילער האָבן זיך געזעגנט מיטן רבין, אויסגעדרייט די וועגענער און צוריקגעפאָרן קיין אסטילע, מיטן געפיל, אַז זיי האָבן איבערגעגעבן דעם רבין אין זיכערע הענט.

נאָכדעם ווי דער טריסקער איז אַריבערגעגאַנגען אין הרוביעשאָווער הענט — פונקט ווי מען גיט איבער אַ ספר־תורה פון האַנט צו האַנט — האָט מען געטרונקען לחיים פאַרן רבין און פאַרן כלל־ישראל, און דער רבי האָט געזאָגט תורה.

נאָכדעם ווי די בעלי־עגלות האָבן אָנגעפאַשעט די פערד, איז מען אַרויף אויף די וועגענער און מיט געזאַנג זיך אַ לאָז געטאָן אין שטאָט. ביי דער קרילאָווער בריק זיינען אַלע חסידים אַראָפּ פון די וועגענער, געמאַכט אַ ראָד מיטן רבין אין מיטן, געטאַנצט און געזונגען ביז מען איז צוגעקומען צו יהושע וואלדמאנס הויז. דאָרט, איז דער רבי געבליבן איינשטיין, ווייל עס איז געווען נאָענט צו דער מקוה.

מטיס בעדער האָט לכבוד דעם רבין און לכבוד שבת אַ הייסע מקוה צוגעגרייט. אַזאַ הייסע מקוה האָבן יידן שוין לאַנג נישט געהאַט, ממש זיך אָפּצוקאָכן. ליפע מאַניע, אַ ייד אַ שׂרף, וואָס תמיד איז ביי אים די מקוה געווען צו קאַלט, האָט היינט מודה געווען, לעיני כל העדה, אַז אַזעלכעס איז נאָך נישט געווען.

פרייטיק פרי איז דער רבי מיט זיינע צוויי גבאי און אַ קהל חסידים אַוועק אין מקוה. דער רבי איז אַליין אַראָפּגעגאַנגען אין מקוה, די גבאים און די חסידים זיינען געבליבן אָנגעשפּאַרט ביי דער באַריערע. ביי דער צווייטער טבילה האָט ער לאַנג געהאַלטן דעם קאָפּ אונטערן וואַסער, מער ווי געוויינלעך. לכתחילה, האָט מען נאָך געזען לופט־בלאָזן אויפן וואַסער, אָבער שפּעטער האָט דאָס אויפגעהערט. חסידים האָבן זיך געוואונדערט:

— אַזאַ לאַנגע צייט אונטערן וואַסער? הפלא ופלא! די קליינגלויביקע האָבן גענומען ברומען, אָבער ווי אַלע איבעריקע חסידים האָבן זיי אין דעם געזען אַ מופת שבמופתים.

אַזוי ווי זיי שטייען און וואונדערן זיך, איז אַריינגעקומען איינער, וואָס מען האָט אים געהאַלטן פאַר אַן אפיקורס. ער פלעגט זיך אַרומשערן אַ ביסל דאָס בערדל, און געטראָגן אַ ווייס, געפּרעסטן קאַלנער אויפן האַלז. אַז ער האָט דערזען וואָס דאָ טוט זיך, האָט ער לאַנג נישט געטראַכט, קיינעם נישט געפרעגט, און אַ לאָז געטאָן זיך אין וואַסער אַריין. אויף אים קוקנדיק, האָבן אַנדערע אויך גענומען לויפן. ווען מען האָט דעם רבין ז״ל פון וואַסער אַרויסגעצויגן, איז שוין געווען צו שפּעט.

נשמתו יצאה בטהרה, זכותו יגן עלינו!

שוואַרצע וואָלקנס האָבן יענעם פרייטיק געשוועבט איבערן שטעטל. אַ שטורם־ווינט האָט שינדלען פון די דעכער אַראָפּגעריסן, די גאַסן אויסגעקערט, אויפבלאָזנדיק גאַנצע זיילן מיט פּאַפּיר און שטויב, וועלכע האָבן זיך אַרומגעדרייט איבער די גאַסן און אָנגעוואָרפן אַ פחד אויף קינדער. דאָס שטעטל איז געווען איינגעהילט אין טרויער. יידן זיינען אַרומגעגאַנגען מיט פאַרבראָכענע הענט, יעדער האָט זיך געטראַכט, טאָמער האָט ער אַ חלק אין דעם אומגליק, בפרט די וואָס זיינען בייגעווען אין מקוה.

אַזאַ טרויער האָבן יידן איבערגעלעבט נאָר פרייטיק, ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה.

# יחיאל גערטנער / וועגן קאָצקער חסידים

ניו־יאָרק



יחיאל גערטנער

אין קאָצקער שטיבל אין הרוביעשאָוו האָט געדאַוונט דער פאָרגעשריטענער טייל חסידים, וואָס ווערט באַצייכנט מיט די ווערטער: „תורה און סחורה אין געפּוצטע שטיוול". דאָ האָבן געדאַוונט תלמידי־חכמים, דיפּלאָמירטע אינטעליגענץ, גרויסע געשעפטס־לייט, ווי אויך ציוניסטן. שבת און יום־טוב פלעגט מען זיך שטעלן דאַוונען אַרום 11 אַזייגער אינדערפרי. און אויב אַ ייד האָט שבת, צוליב אַ געוויסער סיבה פאַרשפּעטיקט דאַוונען אין שול, בית־מדרש אָדער שטיבל, איז ער געקומען דאַוונען אין קאָצקער שטיבל, ווו ער איז אויפגענומען געוואָרן אַלס ליבער גאַסט.

דאָ האָט מען אים מכבד געווען מיט אן עליה צו דער תורה און נאָכן דאַוונען האָט מען אים מכבד געווען מיט קידוש, בראָנפן און לעקעך. יעדן שבת פלעגט מען נאָכן דאַוונען איינאָרדענען אַ קידוש, דערביי פלעגט דער עולם ריידן דברי־תורה און זינגען חסידישע ניגונים. דער קידוש פלעגט זיך ענדיקן אַרום 2 אַזייגער.

אין די ווינטער־חדשים פלעגט מען לערנען אין קאָצקער שטיבל יעדן אָוונט פון זון־אונטערגאַנג ביז 8 אָוונט. למדנים האָבן געלערנט גמרא, אַנדערע מדרש אָדער עין־יעקב.

קאָצקער חסידים אין הרוביעשאָוו פלעגן פאָרן צום פולאַווער רבין, ר' חיים ישראל מאָרגענשטערן ז"ל, וואָס איז געווען אן אייניקל פון אַלטן קאָצקער רבין, ר' מענדעלע ז"ל.

דער פולאַווער רבי פלעגט יעדן יאָר שיקן קיין הרוביעשאָוו זיינע צוויי פאַרטרויונגס־מענער צו זאַמלען געלט ביי זיינע חסידים: דעם משמש, ר' אהרון סלאוואטיטשער און דעם חזן, ר' יענקעלע פון דוביענקע. ר' אהרון סלאוואטיטשער פלעגט איינשטיין ביי אברהם יוסף קאצהאנדל. קאָצקער חסידים פלעגן יעדן אָוונט קומען צו אברהם יוסף דערציילן חסידישע מעשיות. שבת נאָך מיטאָג פלעגט מען פראַווען שלש־סעודות ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין.

ר' יענקעלע דאַקעגן האָט נישט מסכים געווען איינצושטיין אין אַ פּריוואַטער וווינונג און ער פלעגט זיך אויפהאַלטן אין שטיבל, ווו ער האָט איינגעהזרט מיטן עולם זיינע חסידישע ניגונים.

דער קאָצקער חסיד, ר' משה דוד קאָברינער איז געווען אַ שוחט פון עופות. קאָצקער חסידים האָבן אָבער געוואָלט, אַז ער זאָל אויך שוחטן בהמות, גלייך מיט אַלע שוחטים, אָבער די קצבים האָבן דערויף נישט איינגעשטימט.

צוויי קאָצקער חסידים, בערל שפירא און יצחק צוקער באָרגן אויס אַ געוויסע סומע געלט, מ'קויפט אַ פאָר קעלבלעך, דער קאָברינער שעכט די קעלבלעך און דער פולאַווער רבי דערקלערט, אַז די שחיטה איז כשר. קאָצקער חסידים עסן דאָס פלייש און בערל שפירא שרייבט אַ ספר־תורה. ביים ענדיקן די ספר־תורה, מאַכט דער בעל־שמחה, בערל שפירא, אַ גרויסע סעודה צו וועלכער ס'ווערן איינגעלאַדן די חשובסטע בעלי־בתים פון שטאָט. צו דער סעודה ווערט דערלאַנגט פלייש פון ר' משה דודס שחיטה און אַזוי ווערט ער גלייכגעשטעלט מיט אַנדערע שטאָט־שוחטים.

י"ב סיון איז נפטר געוואָרן דער פולאַווער רבי, ר' חיים ישראל ז"ל. קאָצקער חסידים פאָרן קיין פולאַוו, צו דער לויה, און זיי בלייבן דאָרט איבער שבת. דער נפטר האָט איבערגעלאָזן 4 זין: ר' הערשעלע — דער לוקאַווער רבי, ר' יצחק זעליג — דער סאָקאָלאָווער רבי, ר' משה און ר' יאָסעלע — ביידע אין וואַרשע. די עלטערע חסידים גייען איבער צו ר' משהלען, וואָס וווינט אין וואַרשע. די ייִנגערע חסידים גרופּירן זיך אַרום דעם סאָקאָלאָווער רבין, וואָס אויסער זיין גרויסער לומדות איז ער אויך געווען באַהאַוונט אין וויסנשאַפט. ער פלעגט שרייבן רעצעפּטן פאַר קראַנקע און די אַפּטייקן פלעגן געבן די אָנגעצייכנטע מעדיקאַמענטן.

נאָך דער אנטשטייונג פון דער פוילישער מדינה, איז דער סאָקאָלאָווער רבי צוזאַמען מיטן גערער רבין, ר' אברהם מרדכי אלטער ז"ל, געפאָרן אויף אַ באַזוך קיין ארץ־ישראל. ליידער, האָט די פרייע אויפירונג פון דער יוגנט אין ארץ־ישראל געמאַכט אויף די צוויי רביים נישט קיין גוטן איינדרוק. דאָס איז באַקאַנט געוואָרן צווישן גערער און קאָצקער חסידים און פיל פון זיי האָבן זיך אָפּגעהאַלטן פון עליה און זיינען אומגעקומען פון די נאַצישע רוצחים.

מיין זיידע, ר' יוסף אהרון גערטנער ז"ל, פלעגט הושענא־רבה, נאָכן אָפּזאָגן תהילים, פאַרבעטן דעם גאַנצן עולם פון שטיבל צו זיך אין סוכה. דאָ האָבן זיי געלערנט, געטרונקען לחיים און פאַרביסן לעקאַך ביז ס'האָט אָנגעהויבן טאָגן. דאַן איז מען געגאַנגען זיך טובלען אין טייך און פון דאָרט אין שטיבל צום דאַוונען.

מיין זיידע האָט אויך איינגעפירט ביי זיך אין געוועלב, אַז דער פדיון ביז 10 אַזייגער פרי איז אָפּגעלייגט געוואָרן באַזונדער, אַלס צדקה־פאָנד פאַר חשובע נויטבאַדערפטיקע. אַז ער פלעגט גיין אַלס מוהל אויף אַ ברית ביי אן אָרימען יידן, פלעגט ער מיטנעמען אַ געוויסע סומע געלט אַלס מתן־בסתר.

דאָקטאָר פינסקער, דער שטאָט־דאָקטאָר, פלעגט קומען דאַוונען אין קאָצקער שטיבל יום־כפור און שמחת־תורה. יום־כפור פלעגט מען אים מכבד זיין מיט מפטיר יונה. דאָקטאָר פינסקער האָט געלייענט די הפטרה קלאָר און דייטלעך און ביים ענדיקן פלעגט ער זאָגן אויף רוסיש: „עטא כאראשא!" (דאָס איז גוט געווען).

ס'ברעכט אויס די ערשטע וועלט קריג. הרוביעשאָוו ווערט אָקופּירט און עוואַקואירט. דער קאָצקער חסיד, שמואל זיינוול קאצהאנדעל, וואָס האָט געוווינט אין דאָרף, פאָרט אַריבער מיט זיין פאַמיליע קיין הרוביעשאָוו און קלויבט זיך אַריין אין קאָצקער שטיבל.

ענדלעך נעמט אַ סוף צו דער מלחמה. פוילן ווערט זעלבסטשטענדיק, די יידישע באַפעלקערונג הייבן אָן קומען צו זיך. די בתי־מדרשים און שטיבלעך נעמען ווידער אויף די מתפללים, און אַזוי ווי דאָס קאָצקער שטיבל איז פאַרנומען דורך שמואל זיינוול קאצהאנדעל, גייען קאָצקער דאַוונען אין קליינעם בית־מדרש און מאַכט דאָרט יעדן שבת אַ צווייטן מנין. נאָכדעם, ווי די שטענדיקע מתפללים ענדיקן זייער דאַוונען, הייבן אָן די קאָצקער.

אַזוי האָט עס געדויערט אַ פאָר יאָר. מיטאַמאָל האָט זיך געמאַכט עפּעס אַ מחלוקת צווישן די גבאים פון קליינעם בית־מדרש מיט די קאָצקער חסידים. דאַן גייען די קאָצקער אַריבער דאַוונען אין דער גרויסער שול. זיי שטעלן אויף אַ הילצערן ווענטל אויף א שטיקל פּלאַץ, אַנטקעגן בעלזער שטיבל, און דאַוונען דאָרט. ווינטער האָבן זיי געדאַוונט אין דער ווייבערישער מעריב־שול.

ערב יום־כפור אַזייגער צוויי נאָכמיטיק, זיצן זיך די קאָצקער חסידים אין זייער מקום־תפילה אין דער ווייבערישער שול און טרינקען לחיים. קומט אַריין דער הוסיאַטינער חסיד, ר' מעכל גייערמאַן, און זאָגט, אַזוי ווי ער האָט געזען, אַז אין קאָצקער שטיבל גייט אָפּ דער לעצטער צוג, איז ער געקומען אויך אָפּפאָרן. מ'איז אים מכבד מיט אַ גלעזל משקה. מעכל גייערמאַן זאָגט:

— לחיים, יידן! מ'ענטפערט אים און מ'ווינטש זיך אַ כתיבה וחתימה טובה. אָבער מעכל גייערמאַן איז טאַקע אָפּגעפאָרן מיטן לעצטן צוג. ער איז געשטאָרבן יענעם יאָר.

זאָל מיין באַשיידענע רשימה דינען אַלס דענקמאָל פאַר אַט די אַלע כשרע און טייערע יידן, וואָס זייערע נעמען ווערן אין מיין רשימה דערמאָנט.

# נתן הדס / דער שד ביי שלמה רגל

הרצליה

דאָס איז געשען ווינטער. דער טייך איז געשטאַנען אַ געפרוירענער, ביזן גרונד. קיין פּאלאנקע האָט מען נישט געקענט מאכן. אַ פויגל איז נישט פאַרבייגעפלויגן.

פון איין זייט טייך איז געשטאַנען שלמה גערטלס הויז. דאָרט האָט זיך געפונען דאָס שעכט־שטיבל, וואָס נאָר מיט אַ פּאַפּירל פון דער קהילה, וואָס אויף אים איז געווען אָנגעשריבן: „לשחוט עוף גדול״, האָט מען דאָרט געקענט שעכטן אַ באַפליגלט באַשעפעניש. דאָ האָט מען געקענט זען די אומגליקלעכע, נישט־דערשאָכטענע עופות, וועלכע האָבן אַרומגעטאַנצט מיט פאַרבונדענע פיס, און בעלבאָסטעס יאָגן זיך נאָך זיי. דער ווינט פלעגט דאָרט די פעדערן אַרומיאָגן, גלייך ווי ס'וואָלט געפאַלן אַן אייביקער שניי, זומער און ווינטער.

פון דער צווייטער זייט טייך, וואָס האָט געפירט צו דער גוישער גאַס, האָט זיך געצויגן אַ גרויסער סאד, פון דער זאמאשטשער ביז דער קרילאָווער בריק. טיף אין סאד איז געשטאַנען, איינגעהילט אין בוימער, אַ גרויס, הילצערן הויז, ווו ס'האָט געוווינט דער שטאָט־גביר, שלמה רגל.

איינמאָל, אין אַ פראָסטיקער נאַכט, האָט מען דערהערט אַ קלאַפּעריי אין וואַנט, וואָס איז געשטאַנען מיט דער פּלייצע צום טייך, ווי מען וואָלט אויף איר מיט שטיינער געוואָרפן. אַלץ וואָס איז געהאָנגען אויף יענער וואַנט איז אויף דער ערד געפאַלן.

די בני־בית זיינען אַרויס אויפן גאַס און קיין באַשעפעניש נישט געזען. ס'אריבער אַ שטיקל צייט און ווידער דאָס זעלבע, מען איז נאָכאַמאָל אַרויס זוכן, אָבער דאָס זעלבע, מען זעט נישט קיין פויגל.

אַזוי איז אַריבער די נאַכט און מען איז שוין מער נישט אַרויס זוכן פאַר גרויס פחד. אינדערפרי איז ר' שלמה רגל, בכבודו ובעצמו, אַוועק מעלדן אין דער פּאָליציי. פאַרנאַכט איז אַראָפּגעקומען דער וואַכמייסטער, פּאליטע, און דער זשאַנדאַרם, קאראסון, מיט זיין שווערד און ביקס, וואָס אַן זיין גרויסן, רויטן נאָז האָט מען געזען, אַז ער האָט נישט פיינט דעם ביטערן טראָפּן. פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט זיי באַלד מכבד געווען מיט אַ לחיים. דער וואַכמייסטער האָט אַ באַפעל געגעבן דעם זשאַנדאַרם, אַז ער זאָל כאַפּן דעם שד אַ לעבעדיקן אָדער אַ טויטן און איז אַוועק צו זיך אַהיים שלאָפן.

קאראסון איז אַרויס מאַכן אַ באַזוך אין סאד, כדי מקיים צו זיין דעם באַפעל פון וואַכמייסטער, אַריין צוריק אין שטוב מיט ליידיקע הענט, און זיך גענומען צום פלעשל, וואָס ס'איז געווען צוגעגרייט פאַר אים. ער האָט נאָך נישט רעכט באַוויזן דאָס פלעשל צו עפענען — האָט זיך שוין געהערט דאָס געקלאַפּעריי פון די שדים. אזוי ווי ער איז אַרויס, האָט מען ווידער נישט געהערט דאָס קלאַפּן. ער האָט געזוכט דאָ, דאָרט, אָבער קיין סימן פון אַ לעבעדיקן נפש נישט געפונען. ער איז אַריין צוריק מיט גרויס שרעק אין שטוב און גענומען פאַרטרייבן מיטן פלעשל דעם פחד. ער האָט זיך נישט באַוויזן צו דערוואַרעמען און מען קלאַפּט שוין ווידער, אָבער ער האָט זיך שוין פונעם אָרט נישט גערירט, ביז ער איז טיף איינגעשלאָפן.

ווען די בני־בית האָבן אים אויפגעוועקט, האָט ער זיך נישט געוואָלט רירן פון פּלאַץ און געזאָגט, אַז דעם „טשארט״ וועט ער נישט קענען כאַפּן, און ער איז פון דאָרט אַוועק.

די זאַך איז געוואָרן באַוווסט אין שטעטל. יידן, חסידים, וואָס שרעקן זיך נישט פאַר אַזעלכע זאַכן, און ווייסן וואָס מען דאַרף טאָן, האָבן זיך אַוועקגעלאָזט בייטאָג אין הויז אַריין. קודם־כל האָט מען אַדורכגעקוקט אַלע מזוזות פון די טירן, צו זיי זיינען כשר, און נאָכדעם זיך געזעצט לערנען משניות. אַ טייל האָבן געזאָגט תהילים, אָבער דאָס אַלץ האָט נישט געהאָלפן.

ווען ס'איז טאָג געוואָרן, איז מען אַרויס זוכן אַרום דער שטוב, האָט מען געפונען סימנים פון הינערשע פיס, דאָס האָט געוויזן, אַז מען האָט דאָ צו טאָן מיט שדים.

איין נאַכט איז געקומען שאול אייזן מיט זיין יאגד־ביקס. ער איז געווען אַ גרויסער אפיקורוס און נישט געגלויבט אין דער גאַנצער מעשה. ווען ער איז אָפּגעזעסן אַ שטיקל צייט אין שטוב, האָט זיך אָנגעהויבן דאָס קלאַפּן. ער איז אַרויס, גענומען שיסן מיט דער ביקס. און עס איז שטיל געוואָרן. ווען ער איז נאָר אַריין צוריק אין שטוב, האָט זיך ווידער איבערגעחזרט דאָס זעלבע

ווען ער איז ווידער אַרויס, האָט זיך געהערט אַ שטימע, וואָס האָט אים געוואָרנט, אָנגערופן איםביים נאָמען און געזאָגט, ער זאָל בעסער גיין אַהיים און זיך דאָ נישט מישן. ער האָט געפאָלגט און מער נישט געקומען.

ביי שלמה רגל האָט געאַרבעט אַ דינסט־מיידל. ווער ס'האָט אַ קוק געטאָן אויף איר, איז פאַרכשופט געוואָרן פון איר. מיטאַמאָל דערהאַלט ער אַ בריוו, אַז ווען ער וועט באַפרייען די דינסט, די מכשפה, וועלן שדים מער נישט קלאַפּן ביי אים אין די ווענט.

באין־ברירה האָט ער זי באַפרייט, און פון דאַן אָן האָט מען מער נישט געהערט קלאפּן אין די ווענט, און חסידים האָבן שוין מער דאָרט קיין משניות נישט געלערנט.

## ווער שניידט אָפּ די נעז פון שיך?

משה דער שוסטער האָט געלאָזט די דראַטווע און נאָל אין שטיוול שטעקן, דעם שמוציקן פאַרטעך פון זיך אַראָפּגעוואָרפן און זיך געלאָזט אין גרויסן בית־המדרש מנחה און מעריב דאַוונען.

האַרט ביי דער טיר איז געשטאַנען אַ הילצערנע פאַס מיט וואַסער, וואָס פאַנטעלע דער וואַסער־טרעגער פלעגט פון ערב־שבת צו ערב־שבת אָנפילן שלא על מנת לקבל פרס, אָן אַ גראָשן געלט. דערנעבן איז געהאנגען אַ רונדיקער האַנטעך. ס'האָט אויסגעזען, ווי אַ טראַנסמיסיע. ווער ס'האָט געוואָלט די הענט ווישן, האָט אַ שלעפּ געטאָן, ביז דער נאַסער טייל האָט זיך ווידער באַוויזן, אַזוי, אַז דער האַנטעך איז געווען שטענדיק נאַס, דאָך האָבן יידן זיך געווישט די הענט, אַלץ בעסער ווי גאָרנישט — האָבן זיי געזאָגט.

משה שוסטער האָט די הענט אָן נאַסן האַנטעך אָפּגעווישט, און ביים הייסן אויוון זיך אַוועקגעזעצט.

— אַזאַ פראָסט, ווער קען אים פאַרטראָגן — האָט ער גערעדט צו זיך אַליין. נאָך אים איז אַריינגעקומען וועוועע דער טרעגער, און שיע קוגעל דער שניידער און זיך אַוועקגעזעצט ביים אויוון.

— אַ גאַנצן זומער האָט זיך ביי מיר געטריקנט דאָס האָלץ — דערציילט משה דער שוסטער — און ווען איך נעם אונטערצינדן דעם אויוון, ווערט די שטוב פול מיט רויך, גלייך ווי מען וואָלט דאָס האָלץ נאָר וואָס פון בערעזענעם וואַלד געבראַכט. דער באַטשאַן געפינט זיך יעצט אין די וואַרעמע לענדער, זיין נעסט אויפן קוימען איז שוין נישטאָ, טאָ פונוואַנען קומט דער רויך?

— משה, משה — רופט זיך אָפּ וועוועע דער טרעגער — ווער האָט ביי דיר ערב־פּסח אַלע נעז פון שיך און שטיוול אָפּגעשניטן? ווער פלעכט צעפּלעך די פערד אין די שטאַלן ביינאַכט? און דאָס האָסטו געהערט? דער קרומער לייב איז אָפּגעשטאַנען אַ גאַנצע נאַכט ביי דער קרילאָווער בריק מיט אַ פולער בריקע סחורה און די פערד האָבן זיך נישט גערירט פונעם אָרט, ביז די הענער האָבן אָנגעהייבן קרייען, דאַן האָבן זיי גענומען שפּאַנען גלייך ווי ס'וואָלט גאָרנישט געשען.

נחומטשע שטיוולקרעמערס פאָטער און יענקל טאַנדעטניקס אַ ברודער זיינען געפאָרן צוריק פון לודמירער יריד. אַריבערפאָרנדיק דעם בוג מיטן פּראָם, איז געוואָרן פינצטער, מ'איז געפאָרן אַ גאַנצע נאַכט, און אינדערפרי זעען זיי, אַז זיי שטייען אויפן זעלבן אָרט.

אלי דעמבטשיק דערציילט, אַז ער איז געפאָרן אין כעלמער וואַלד מיט עטלעכע פורן האָלץ. פּלוצלונג איז אויסגעבראָכן אַ שטאַרקע זאַווירוכע, ס'איז שווער געווען זען אַ שפּאַן פאַר די אויגן. די פערד

האָבן זיך אָוועקגעשטעלט, זיך איינגעקשנט, מען גייט נישט ווייטער. ער קוקט זיך אום, זעט ער פון הינטן, אויפן וואָגן, זיצט נישט מער און נישט ווייניקער, ווי הילקע קאפוסטא, וואָס פלעגט אים האַלץ פירן פון וועלדער, און איז שוין דאַן געווען אַ קיילעכדיק יאָר טויט. טאָמער מיינט איר, אַז ער האָט געהאַט אַ טעות, קען איך איין זאָגן, אַז עס איז געווען אַ פולע לבנה־נאַכט און אלי איז נישט קיין פחדן, ער שרעקט זיך נישט פאַר אַזעלכע זאַכן.

וועגן דעם, וואָס ס'האָט געטראָפן ביי משה דעם שוסטער, וועל איך אייך אַליין דערציילן. ס'איז געווען ערב יום־כפור. ווען משהס ווייב האָט די כפרות פון שוחט געבראַכט, האָט זי זיי אָפּגעהאַקט די נעגל פון די פיס, דעם שנאָבל און די אויגן אויסגעשטאָכן, און גלייך די בייכער אויסגעשניטן. אין איין כפרה האָבן זיי געפונען צוויי פופקעס, אין דער צווייטער קיין איינעם נישט און אין דער דריטער האָבן זיי געפונען איין פופעק און אַ שטיקל גלאָז, מיט וועלכן משה פלעגט די קאַנטן פון די ווילן אָפּשאַבן. משה אַליין, בכבודו ובעצמו, איז צום דיין אַוועק פרעגן אַ שאלה.

— צוויי הינער זיינען כשר — האָט רבי משהלע דיין געפּסקנט — נאָר יענע, וואָס מען האָט ביי איר אין פופעק געפונען דאָס גלאָז — איז טריף. משה האָט קאַלט אויפגענומען דעם פסק־דין. דאָס שפּיצל האָט אָפּגעטאָן דער, וואָס מען האָט וועגן אים געוווסט, וואָס זיין נאָמען האָט מען ביינאַכט נישט געטאָרט אַרויסזאָגן.

ערב־פסח. אַ מידער, אַ פאַרשלאָפענער, מ'דאַרף אַרויסענדיקן אַ סך אַרבעט, וואָס מ'האָט באַשטעלט אויף יום־טוב. קלאַפּנדיק די הילצערנע פלעקלעך פילט ער, ווי דאָס קישן, וואָס ס'איז געווען דערמיט פאַרשטאָפּט דאָס צעבראָכענע פענצטער, גליטשט זיך ביסלעכוויז אַרויס, און פלוצלונג האָט זיך אַריינגעשטעקט דורכן לאָך אַ לאַנגע צונג, גרויס ווי דער יידישער גלות. משה האָט לאַנג נישט געקלערט, געכאַפּט דאָס שוסטער־מעסער און מיטן גאַנצן כח אַ שניט געגעבן די צונג.

— דאָס האָסטו פאַר די הינער — האָט ער געזאָגט און איז גלייך אַוועק שלאָפן. אינדערפרי, ווען ער איז צוריקגעקומען פון דאַוונען, האָט ער דערזען אַז אַלע נעזער פון די שיך און שטיוול זיינען אָפּגעשניטן.

## ווער האָט דערשטיקט הערשקע קאַשעמאַכערס אייניקל?

דאָ דערציילט שיע קוגעל אַ פרישע מעשה פון דוד וואָלקאָווניק. די געשיכטע פון דער מעשה איז אַזעלכע:

ערב הושענא־רבה, צוויי ביינאַכט, איז ער אַהיים געגאַנגען פון דער אַרבעט. פאַרבייגייענדיק דעם מאַטשעוווער לערערס הויז, האָט ער געהערט ווי אַ קליין קינד וויינט. ער קוקט אַהין, קוקט אַהער, ער זעט גאָרנישט!

דוד וואָלקאָווניק איז נישט קיין שרעקעוודיקער יינגעלע, אַ ייד אַ גברתן, געדינט אין קייזערלעכן פאלק אין פעטערסבורג, האָט ער פאַרקאַטשעט די פאלעס און זיך געלאָזט גיין אין די טיפע בלאָטעס. צוקומענדיק צום טאל, וואָס פירט צום טייך, באַמערקט ער עפּעס אַ באַשעפעניש.

— ווער איז דאָס? מען ענטפערט נישט, דאַן פרעגט ער:

— קטא טאם? באַקומט ער אַן ענטפער:

— כ'טראָג אַ קינד! ער קוקט זיך גוט אום און זעט אונטערן באַרג אַ מכשפה, מיט לאַנגע האָר, ביז צו די פיס, און טראָגט מיט זיך אַ נאָר וואָס געבוירן קינד. אַז ער האָט געזען מיט וואָס דאָס שמעקט, איז ער אַנטלאָפן מיט אַלע כוחות.

ווען ער איז אין שטוב אַריין, האָט ער געחלשט, אָבער פאַר קיינעם נישט דערציילט די געשיכטע, נישט געוואָלט אָנוואַרפן קיין פחד אויף די בני־בית.

צומאָרגנס, אינדערפרי, האָט מען געפונען ביי הערשקע קאַשעמאַכערס טאָכטער, די קימפעטאָרין, אַ דערשטיקט קינד, טראָץ דעם וואָס עס זיינען געווען אָנגעקלעפּט שיר־המעלות אויף טיר און פענצטער.

ווען דוד וואָלקאָווניק האָט די מעשה, וואָס ס'האָט מיט אים פּאַסירט די נאַכט, דערציילט אין שטיבל, ביים דאַוונען, האָבן שוין יידן פאַרשטאַנען, ווער ס'האָט דערשטיקט דאָס קינד ביי הערשקע קאַשעמאַכערס טאָכטער.

אַזוי האָט מען ביים אויוון מעשיות דערציילט, איינע נאָך דער צווייטער און תמיד געענדיקט מיט אַ מעשיה, וואָס דער סוף האָט זיי געמוטיקט, און געטריבן ס'בלוט אין די אָדערן, נישט מורא צו האָבן ביינאַכט אַדורכגיין די שול־גאַס. און אויב די מתים פון שול וועלן איינעם, אַ פאַרבייגייענדיקן, אַריינרופן אין שול און מכבד זיין מיט אַן „עליה", זאָל ער זיך נישט דערשרעקן, מיט פעסטע טריט אין שול אַריינגיין, דעם טלית, וואָס ליגט צוגעגרייט, איבערן קאָפּ אַראָפּלאָזן, כדי נישט צו זען די מתים, מיט פאַרמאַכטע אויגן מאַכן די ברכות, און נאָכדעם אַרויסגיין אינטערווילעכץ, דאָס הייסט מיטן פנים צו מזרח, און דאַן איז ער זיכער, אַז ס'וועט אים גאָרנישט געשען.

## דער מופת פון ר' טאָדריסל

יעצט הערט זיך צו צו דער לעצטער מעשה.

מיט הונדערטער יאָרן צוריק איז געווען אין שטעטל אַ רבי מיטן נאָמען תאודורוס. פאַר גרויס ליבשאַפט האָט מען אים גערופן ר' טאדריסל. קיין גרויסע מופתים האָט מען פון אים נישט געזען. עס איז אויך געווען, להבדיל אלף הבדלות, אַ גלח, און דאָרט וווּ עס איז דאָ אַ גלח, איז פאַראַן אַ קלויסטער. דער גלח איז געווען אַ רשע מרושע, אַ שונא־ישראל, ווי אַלע גלחים. דער קלויסטער איז געשטאַנען ביים וועג, וווּ יידן פלעגן פירן זייערע מתים אויפן בית־הקברות, נישט ווייט פון קלויסטער־פּלאַץ, וווּ היינט שטייט די רוסישע צערקווע. ווען יידן פלעגן פאַרבייגיין מיט אַ לוויה, פלעגט דער גלח באַפוילן דעם גלאָקן־קלינגער קלינגען מיטן גרויסן, מעשענעם גלאָק.

יידן האָבן געשיקט צו אים שתדלנים, יידן און להבדיל קריסטן, מיט מתנות, ער האָט אָבער דערפון נישט געוואָלט הערן. מען האָט אים פאַרגעלייגט צו צאָלן פאַר יעדער לוויה, אָבער ער האָט זיך געהאַלטן ביי זיינס, משפיל זיין די יידן אין די אויגן פון זיין עדה. וואָס פלעגן יידן טאָן, ווען ער פלעגט אָנהויבן קלינגען? מען פלעגט אָנהויבן לויפן מיט דער מטה. נישט איינמאָל האָט זיך געמאַכט, אַז איינער פון די טרעגער איז געפאַלן און דאָס האָט געבראַכט צו חלול־המת.

אַז טאדרעסל איז געווען אַן ערלעכער ייד, וועגן דעם איז דאָך קיין רייד נישט געווען. עסן פלעגט ער — נאָר די נשמה צו דערהאַלטן, מען האָט זיך געוווּנדערט, אַז ער גייט אויף די פיס. ער איז טאַקע שטענדיק געלעגן אין בעט, איינגעדעקט. מען האָט געשמועסט, אַז ער איז איינער פונם „מנין". אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז ער איז פון די ל"ו צדיקים, אָבער דאָס אַלץ זיינען געווען השערות.

אַ טאָג פאַר זיין פטירה האָט ער גערופן זיינע נאָענטע, און זיי אָנגעזאָגט, אַז דעם שטעקן זאָלן זיי אים מיטגעבן אין דער מטה, און ווען זיי וועלן פאַרבייגיין דעם קלויסטער, זאָלן זיי ביים ערשטן קלונג אַוועקשטעלן די מטה אויף דער ערד, און זיך נישט רירן פונם פּלאַץ.

די צייט פונם רבינס פטירה איז געקומען. נאָכדעם ווי מען האָט זיינס רעכטסגעטאָן, האָט מען דעם שטעקן אויף דער מטה אַוועקגעלייגט. ווען דער גלאָקן־קלינגער האָט גענומען קלינגען, ווי תמיד, האָט מען די מטה גלייך אַוועקגעשטעלט אויף דער ערד. דאָ האָט זיך דער נפטר אויפגעהויבן, גענומען דעם שטעקן אין האַנט און אַוועק גלייך צום קלויסטער. דער גאַנצער עולם איז געבליבן פאַרשטיינערט, זיך נישט גערירט פון אָרט, מען האָט נישט געוווּסט וואָס דאָ קומט פאָר. מיט לאַנגזאַמע טריט, פונקט ווי ביים לעבן, איז ער צום קלויסטער צוגעגאַנגען און דערלאַנגט דריי קלעפּ מיטן שטעקן, די זעלבע קלעפּ, וואָס דער שמש פלעגט פרייטיק אין די קלייטן קלאַפּן. ביים דריטן קלאַפּ איז דער קלויסטער איינגעפאַלן און צוגעדעקט דעם גלח, דעם קלינגער און אַלץ וואָס ס'איז דאָרט געווען. פון אַלעמענס מיילער האָבן זיך אַרויסגעריסן די ווערטער: כן יאבדו כל אויביך, ישראל!

דער צדיק איז צו צוריק צו דער מטה מיטן שטעקן אין האַנט, און זיך אַוועקגעלייגט, גלייך ס'וואָלט גאָרנישט געשען.

דער גלח האָט שוין מער נישט געקלונגען, און יידן האָבן ווייטער געטראָגן זייערע מתים אויפן בית־עולם.

# אברהם פאַקס / אַ געשיכטע מיט אַ בייגל


אברהם פאקס

מיין פאָטער ע״ה האָט מיך אויפגעוועקט פון טיפן שלאָף און איבערגעריסן מיין חלום פון אַ הערלעכן זומער־פרימאָרגן, ווען כ׳האָב אַריבערגעשפרונגען איבערן פלויט פון קאַניאַקס סאַד, אָנגעריסן זיך פולע קעשענעס מיט עפל און באַרן און געהאַלטן אין בויען אַ נעסט פון ציגל. כ׳האָב געכאַפּט צוויי פייגעלעך, אָנגעבונדן שטריקלעך צו זייערע פיסעלעך, זיי פרייגעלאָזן און געהאַפּט נאָכאַמאָל זיי צו כאַפּן. נו, וואָס זאָגט איר צו אַזאַ זיסן חלום?

כ׳האָב אויסגעריבן מיינע פאַרשלאָפענע אויגן, זיך אַרומגעקוקט און דערזען די צייכנס פון אַ צווייער (קאָפּיקע) באַצירן די שויבן פון אונזער פענצטער. איר ווייסט דאָך, אַז אויף א פראָסטיקער שויב האָט מען געקענט אויסקוועטשן אַ קאָפּיקע וויפל מאָל איר האָט נאָר געוואָלט. מיין יונג האַרץ האָט זיך דערפרייט זעענדיק אַזויפיל „געלט" פאַר זיך.

מיין מאַמע האָט מיר נאָך „מודה אני" געגעבן אַ שטיקל פיינקוכן, און דער פאָטער אַ הייסע, געבראָטענע קאַרטאָפל, און מיך אַוועקגעשיקט אין חדר אַריין.

קומענדיק פון חדר אַהיים אויף איבערבייסן, בין איך דערשטוינט געוואָרן געפינענדיק אויפן טיש פרישע שמעקעדיקע געבעקס, זעמל, פלעצלעך און בייגל, און נאָך וואָס פאַראַ בייגל, ברוינע, שמעקעדיקע, א מחיה. עס האָט זיך פשוט נישט געגלויבט אויף אַזאַ גליק.

אַזוי, ווי איך בין נישט געווינט געווען צו אַזאַ לוקסוס, האָב איך אַ פרעג געטאָן דעם טאַטן:

— מה זה? האָט ער מיר דערקלערט, אַז אַזוי ווי מיר האָבן איצט אַ נייעם תלמיד, אַ בעקערס אַ ייִנגל, און אַזוי ווי דער בעקער וויל נישט צאָלן קיין שכר־לימוד מיט געלט, האָט די מאַמע גענומען דאָס געבעקס. דער טאַטע האָט אויך געזאָגט, אַז איה״ש אַלע דאָנערשטיק, ווען דאָס ברויט איז שוין פאַרדאַרט — וועלן מיר האָבן פריש געבעקס.

איך האָב זיך געפילט גליקלעך נישט בלויז דערפאַר, וואָס די בייגל האָבן געהאַט טעם גן־עדן, נאָר אויך דערפאַר, וואָס איך האָב זיך געקענט באַרימען פאַר מיינע חברים מיט די בייגל.

מיין גליק האָט אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג, ווי דאָס ייִנגל האָט געלערנט אין מיין טאַטנס חדר. ווען דאָס ייִנגל איז אָבער אַוועק צו אַן אַנדער מלמד, איז געוואָרן אויס בייגל, אויס גליק. פאַר מיר איז עס געווען אַ שרעקלעכע קאַטאַסטראָפע. עס האָט זיך שטאַרק געבענקט נאָכן בייגל. בעט איך איינמאָל מיין טאַטן אַ קאָפּיקע אויף אַ בייגל. דער טאַטע האָט מיר אַ זאָג געטאָן מיט צער:

— וואָס מיינסטו, קינד מיינס, איך בין אַ סוחר, אַ נגיד? ווו זאָל איך נעמען געלט אויף בייגל? מען דאַרף דאַנקען דעם אויבערשטן, ווען מען האָט אויף ברויט.

מיט אַ געבראָכן האַרץ, אַ צעווייטיקטער בין איך אַוועק אין חדר אָן בייגל. איך בין געגאַנגען דורך דער מאַרק־גאַס, זיך אָפּגעשטעלט אַ ביסל לעבן דעם קרומען נתן דוד צו באַוווּנדערן די אַלע מינים צוקערקעס, מיט וועלכע ער האָט געהאַנדלט. ספּעציעל, האָבן מיך צוגעצויגן די קאַראַמעלקעס, איינגעוויקלטע אין שיינע פּאַפּירעלעך.

— זיכער — האָב איך געטראַכט — מוזן זיי זיין זיס, ווי האָניק, אָבער... נישט פאַר מיר. צוקערקעס זיינען פאַר גבירישע קינדער.

שטייענדיק אַזוי און „עסנדיק" מיט די אויגן די צוקערקעס, דערשפּיר איך אַ ריח פון אייער־בייגל פון חיה טעלצעס בודקע. דער יצר־הרע ציט שוין נישט צו די צוקערקעס, נאָר צו די בייגל. איך שטעק אַריין מיין האַנט אין קעשענע און דערפיל די מעגלעכקייט צו שטילן מיין לוסט. ביי מיר אין קעשענע האָט זיך תמיד געפונען אַ זעקסער (דריי קאָפּיקעס). דאָס איז געווען אַ מטבע אָפּצושפּרעכן אַן עין־הרע, וואָס ס׳האָט אונז געגעבן דער טריסקער מגיד זצ״ל. מיין טאַטע האָט עס מיר געגעבן מיטן תנאי, איך זאָל עס תמיד טראָגן מיט זיך, אויסער שבת. דאָס האָט געזאָלט זיין אַ שמירה קעגן פאַרשיידענע קראַנקהייטן. קיין גרעסערע עבירה, ווי אויסצוגעבן אַ שמירה אויף בייגל און צוקערקעס איז גאָר נישטאָ. אָבער די בייגל ציען, ווי מיט אַ מאַגנעט, וואָס טוט מען?

אַזוי ווי איך טראַכט, יאָ צי נישט, דערזע איך אַ ייִדל מיט אַ שפּיציק בערדל, און פייערדיקע אויגן, ער רופט זיך אָפּ צו מיר:

— אברהמל, זיי נישט קיין נאַר, האָסט געלט, טאָ וואָס וואַרסטו? גיי אַריין אין בודקע, קויף דריי בייגל און האָב הנאה.

איך גיב זיך אַ לאָז צו דער בודקע און כ׳פיל שוין דעם געשמאַקן טעם פון די בייגל. פּלוצלונג דערזע איך פאַר זיך אַ ייִדן, און נאָך וואָס פאַר אַ ייִדן, מיט אַ שטריימל אויפן קאָפּ, מיט אַן אויסגעקעמטער, ווייסער באָרד, לאַנגע פּאות, אַ סאַמעטענע קאַפּאָטע, און די אויגן פול מיט פאָטערלעכער ליבע, וואָס באַזיצן אַ מאַגנעטישע קראַפט. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט, אים געגעבן שלום־עליכם און געפרעגט:

— ווער זייט איר?

— ווער איך בין — דאַרפסטו אַליין זיך אָנשטויסן, איך זאָג דיר, אַז אברהמל אייזיקל דעם מלמדס זון קען נישט און טאָר זיך נישט צוהערן צום יצר־הרע און קויפן בייגל פאַר אַזאַ הייליקן, אָפּגעשפּראָכן זעקסער. ווילסט חס־ושלום מצער זיין דיין טאַטן און פאַרשוועכן דעם אָנדענקען פון דעם טריסקער מגיד?

איך דאַרף אייך נישט זאָגן, איר שטויסט זיך שוין מסתמא אַליין אָן, איך בין גלייך אַוועק אין חדר — אָן בייגל.

**אין יאָר 1578 איז אויסגעבויט געוואָרן אין הרוביעשאָוו די ערשטע שול**

**און אין יאָר 1874 — די צווייטע שול.**

# נתן הדס/ דער אסטילער רבי

הרצליה

יאָגן די פערדלעך אין שליטן געשפּאַנט,
דאָ זיצט דער רבי, חסידים, און דער גבאי ביי זיין רעכטער האַנט.
אַ זון, אַ בן־יחיד, איבערגעלאָזט אָן אכט,
ווער ווייסט, וואָס מיט אים האָט פּאַסירט? — איז דער גבאי פאַרטראַכט.

העי, פערדלעך, וואָס איז דאָס איילעניש
און וואָס איז דאָס געיעג?
צו אַ שטעטעלע הינטערן בערעזענעם ווועלדל,
וואָס זיצט ווייט פונם וועג.

שניידט זיך דער שליטן אין טיפן שניי,
די חסידים האַלב־געפרוירענע, פאַרשלאָפענע,
אָבער ער, „דער אסטילער
הערט פון דער מקשה ללדת, איר קרעכצן, איר געשריי.

בילן גרויסע, שווארצע הינט
הינטערן וועלדל ביים ערשטן הויף,
אנטקעגן אַ שליטן מיט חסידים, און א רבי פון אסטילע,
וואָס וווינט אין הרוביעשאָוו.

שפּרינגען חסידים פון שליטן אראָפּ,
דער רבי, דער גבאי מיטן שטעקן,
ביים שטיבל פונם ערשטן הויף,
פירן זיי א מלחמה מיט דער לילית,
מיטן סיטרא־אחרא אליין.

טירן, פענצטער אָן שיר־המעלותן האָבן דעם רבין מקבל־פּנים געווען,
די קימפּעטאָרין ליגט אַ פאַרחלעשטע.
דער רבי האָט איבער איר פּנים אויפגעבלאָזן, דאָ האָט מען געזען
זיין וווּנדער, ווי זי האָט ארויסגעוואָרפן אַ בן־זכר, לייכט,
אַן ווייטאָגן, ווי א הון אַן איי.

העי! חסידימלעך — האָט דער גבאי אויסגעשריגן,
וואָס מיר פּשיסכע, ווער מיר טשארטקאָוו,
דאָ האָט איר געזען נסים, און מופתים,
פונם אסטילער רבין, וואָס וווינט אין הרוביעשאָוו.

דאָ האָט דער רבי דעם קאָפּ צום גבאי אויסגעדרייט
און אַ זאָג געטאָן: איך זע, מאָטל,
אז דו האָסט דיין סחורה נישט פארקויפט בזול...
איך זע ברוח הקודש, מאָטל,
אַז דו וועסט נאָך איבערוואַקסן מאטי הגדול.

וועגן אסטילערס מופת האָט מען גערעדט,
פון הודו ביז כוש,
יעדן טאָג האָט זיך געמערט די צאָל חסידים,
וואָס האָבן געכאַפּט שיריים פונם רבינס טיש.

— הייליקער רבי, העלף, אויב נישט קיין קדיש, זאָל זיין א טאָכטער,
— בעט אן עקרה מיט אַ פדיון און אַ צעטל אין די הענט.
טענהט אַ קרעטשמער: במדה ובמשקל האָב איך די פויערים אנגעטרונקען
און יעצט האָבן די שכורים די קרעטשמע פארברענט.

— רבי, אַ זון אַ למדן, 21 יאָר אַלט יעצט נעמט אים „פּאָניע" פאַר אַ סאָלדאַט,
ער זיצט און לערנט גמרא־פּוסקים, ביז שפּעט אין דער נאַכט.
— רבי — שרייט א חסיד — 7 טעכטער,
און קיין איינע פון זיי נאָך נישט חתונה געמאַכט.

— מאָטל — זאָגט דער רבי צום גבאי — צו אזא עדה יידן,
מיט פעקלעך צרות, לאו כל רבי זוכה,
קרעכצט דער רבי, ווי קען איך יעדע בקשה דערפילן?
„התחת אלהים אנכי".

— רבונו־של־עולם — טענהט דער אסטילער — שווער צו טראָגן די קרוין,
שווער פאַר מיר די מלוכה.
שלעפּן פערדלעך אַ שליטן מיט חסידים, אַ גבאי, אַ רבין אהיים,
דאָרט וועט דער אסטילער פּראַווען דעם טיש זייער שיין.

# ווען ער וויל גיט ער*

אונזער גאָט אין הימל — בשמים ובארץ.
ווען ער וויל גיט ער, ווען ער וויל טוט ער.
ווען ער וויל גיט ער, און ווען ער וויל טוט ער.
אַך, און ווי און ווינד צו זיי,
אַ גוישן גאָט האָבן זיי.

2

— ידים להם — ולא ימישון!
הענט האָבן זיי און קענען נישט טאַפּן,
אָך, און ווי און ווינד צו זיי,
אַ לאמן גאָט האָבן זיי.
אָבער אלוהינו בשמים, כל אשר חפץ — עושה,
ווען ער וויל גיט ער, ווען ער וויל טוט ער.

3

— אזנים להם — ולא ישמעו!
אויערן האָבן זיי און קענען נישט הערן.
אך, און ווי און ווינד צו זיי, אַ טויבן גאָט האָבן זיי,
אבל אלוהינו בשמים, כל אשר חפץ עשה,
ווען ער וויל גיט ער, ווען ער וויל טוט ער.

4

— פה להם — ולא ידברו!
אַ מויל האָט ער און קען נישט ריידן,
אך, און ווי ווינד צו זיי,
אַ שטומען גאָט האָבן זיי.
ואלוהינו בשמים, כל אשר חפץ עשה.
אָבער אונזער גאָט אין הימל, ווען ער וויל גיט ער,
ווען ער וויל טוט ער.

5

— אף להם — ולא יריחון!
אַ נאָז האָט ער און קען נישט שמעקן,
אך, און ווי און ווינד צו זיי,
אַ פאָנפאטן גאָט האָבן זיי.
ואלוהינו בשמים, כל אשר חפץ עשה,
ווען ער וויל גיט ער,
און וואָס ער וויל טוט ער.

*) געזונגען האָט דאָס ליד: טרייטל מלמד. איבערגעגעבן צום דרוק: נתן הדס.

# דו פרעגסט מיך, מיין פריינד

דו פרעגסט מיך, מיין פריינד,
ווי אלט איך בין היינט,
כ׳וואָלט דיר גערן דערציילט.

נאָר גלייב מיר, מיין פריינד,
אַז איך ווייסט נישט אליין,
ס׳האָט נישט געלוינט דאָס צו ציילן.

דער קאַרגער ציילט געלט,
דער גליקלעכער — טעג.

עס ציילט יעדער, וואָס ליב איז אים און טייער.
מיין לעבן, אָ פריינד, איז אַ לאַנג־וויסטער וועג,
אַזוי ווי פאַראיאָרן, אַזוי הײ־יאָר.

דו פרעגסט מיך, מיין פריינד,
צי כ׳האָב, אמאָל געליבט?
כ׳וואָלט דיר גערן דערציילט.

נאָר גלויב מיר, מיין פריינד,
אַז איך, ווייס נישט אליין,
ס׳האָט נישט געלוינט דאָס צו ציילן.

אָ שוטה ציילט ליבעס, וואָס גייען פאַרביי,
דער קלוגער האָט זיי גאָר נישט אין זינען.
ער נעמט זיי צונויף, און גיט אויף זיי אָ שפּיי,
ווי טייכער, זיי ווערן צעשווומען.

איבערגעגעבן צום דרוק: מ. זקן

# לאַמיר קויפן אַ קאַמפּס־צייטונג

יינגלעך מיט מיידלעך זיצען אויף קלעצער,
און יאדרען קנאַקן זיי,
זיי לייענען נישט קיין צייטונג,
זיי וויסן נישט קיין נייעס,
וואָס טוט דער בורזשוי ארום זיי.

זיי לייענען נישט און וויסן נישט,
ווי הונדערטער, טויזנטער אַרבעטער ווערן פאַרשקלאַפּט.

זיי לייענען נישט און וויסן נישט, ווי הונדערטער טויזנטער
ווערן אין די תפיסות פאַרשפּאַרט.

לאַמיר, חברים, אָפּשפּאָרן אַ פּאָר גילדן,
און קויפן אַ קאַמפּס־יוגנטבלאַט,
כדי מיר זאָלן וויסן, כדי מיר זאָלן פילן,
ווי די אַרבעטער ווערן פאַרשקלאַפּט.

# רחלע איז געלעגן אויפן טויטן־בעט

שלמהלע איז פרייטיק ביי זיין אַרבעט געזעסן.
אַ גוטן זשארקאי מיט בראָנפן האָט ער געגעסן.
יעצט גיי איך צו מיין שיינער,
זי פון דער וועלט אומברענגען.

שלמהלע, שלמהלע, ווו גייסטו אצינד,
גייסט אומברענגען רחלען,
זי איז אזא יונג קינד.

אַך, שוועסטער, איך פרעג נישט ביי דיר.
איך גיי אומברענגען רחלען און
כ׳גיי קיין סיביר.

רחלע איז געגאַנגען צום שפּיגל
זען צו אירע האר ליגן שיין.
איז אריינגעקומען שלמהלע און
געפרעגט: יאָ צו ניין?

וואָס זאָל איך דיר זאָגן,
מיין חתן ביסטו נישט,
ווייל מיינע עלטערן ווילן דיך נישט.

ווי רחלע האָט דאָס לעצטע וואָרט
ארויסגענאסן,
כאַפּט ער אַרויס דעם רעוואָלווער און
זי גלייך דערשאָסן.

ער האָט זי געשאָסן,
מיין האַרץ האָט נישט געקילט.

ארויסגעכאַפּט דעם שוסטער־מעסער
און אין איר האלז אריינגערוקט.

רחלע איז געפאלן פונם טיש ביז דער טיר.
כאַפּט אים, דעם מערדער, וואָס וויל ער פון מיר.
כאַפּט אים דעם מערדער, אך, וויי און ווינד.
ער האָט מיך געקוילט, איך בין נאָך אַזאַ יונג קינד.

שלמהלע איז געלאָפן דורך די הינטער־טירן.
ס׳לויפט שוין די פּאָליציי שלמהלען אַרעסטירן.
מ׳האָט אים אַרעסטירט דעם זעלביקן טאָג.
ביי רחלען אין דער היים איז אַ יאמער און אַ קלאָג.

רחלע איז געלעגן אויפן טויטן־בעט,
איז אריינגעקומען שלמהלע און
צו איר גערעדט.

אוועק, דו מערדער, אַוועק פון איר,
דו האָסט געקוילעט רחלען,
וועסטו גיין קיין סיביר.

מענטשן, מענטשן, ברענגט זיך אָ ראיה
איר האָט געוואָלט גיין צו רחלעס חופּה,
גייט איר צו איר לוויה.

באַמערקונג: דאָס ליד איז געשאַפן געוואָרן נאָך דער טראַגעדיע פון
דעם לאנגן אברהמס טאָכטער. געזאַמלט ביי משה סאל דורך
נתן הדס.

# די האַרציקע ליבע

איך גיי אַרום, אַרום בית־עולם,
קיין בלעטעלע רירט זיך נישט.
אַ געשמאַקן שלאָף — שלאָפט דער עולם,
פון אונזער ליבע ווייסט קיינער נישט.

עס איז שוין דאָ אַ יאָר מיט 6 חדשים,
ווי איך האָב זיך מיט דיר באַקאַנט.

אַך, ווי גליקלעך וואָלט איך געווען,
ווען איך פּאַלוטשע דיין רעכטע האַנט.

דיינע אייגעלעך זיינען שוואַרץ, ווי קאַרשעלעך,
דיינע בעקעלעך זיינען רויזן־בלום,
דיינע ליפּעלעך זיינען האָניק־זיס,
ווען איך פּאַלוטשע פון דיר אַ קוש.

געזאַמלט דורך נתן הדס ביי לוקסענבורג

# דער מלאך־המות

זיצט אַ מיידל ביים שפּיגל און רעדט צו זיך אַליין:
איך בין שיין און מיין פאָטער איז רייך,
עס איז נישטאָ דער מענטש, וואָס זאָל זיין צו מיר גלייך.

קומט אַריין דער אַלטער זיידע
און ער רעדט צו זיך אַליין.
דו ביסט שיין, און דיין פאָטער איז רייך,
דאָ איז דער מענטש, וואָס איז צו דיר גלייך.

זיידע, זיידע, לאָז מיך לעבן
פאַר מיין טאַטע־מאַמע וועגן.
זיי וועלן אָוועקגעבן אַלץ פון שטוב,
ווייל זיי האָבן מיך אמת ליב.

דאָס גוטס פון דער שטוב זאָל דאָ בלייבן שטיין,
נאָך וועמען איך בין געקומען — דער מוז מיט מיר גיין.
איך בין אַ שליח פון גאָט אַליין,
און דו מוזט מיט מיר גיין.

זיידע, זיידע, לאָז מיך לעבן
פאַר מיינע שוועסטער וועגן.

זיי וועלן דיר אָוועקגעבן דאָס קינד פון דער וויג,
ווייל זיי האָבן מיך אמת ליב.

דאָס קינד פון דער וויג זאָל זיך דאָ אויסוויגן,
ווען איך וועל עס באַדאַרפן, וועל איך עס קריגן.
ס׳וועט דיר ניט העלפן קיין געוויין,
קום, לאָמיר גיין.

שיקט מיר אַריין מיין ליבן חתן,
אפשר וועט מיר גרינגער ווערן.

דיין ליבער חתן שטייט שוין לעבן דיר.
און ער פרעגט: טייערע כלה, וואָס איז מיט דיר.

חתן, חתן, נאַ דיר אָפּ דיינע פּרעזענטער,
נעם אַראָפּ דעם רינג פון דער רעכטער האַנט.
דו אַליין דריי מיך איבער מיטן פּנים צו דער וואַנט.

געזאַמלט דורך נתן הדס ביי משה סאַל — פאַנטעלע פון די וואַנעס

# אַ פּורים־ליד

אַלע ווייבער פון דער גאַנצער
וועלט האָבן איין מיינונג,
וויפל דער מאַן גיט זיי געלט,
שרייען זיי: ס׳איז ווייניק.
אַז דער מאַן איז אַ קלוגער יינג,
גיט ער זיך מיט זיי אַן עצה.
ער כאַפּט אַרויס דעם גראָבן שטעקן,
און גיט זיי איבער דער פּלייצע.
יאָ, מיין מאַן, ביסט דאָך גערעכט,
זאָלסט מיר אַזוי לעבן.
אַז דו פאַרדינסט אַ גילדן אַ וואָך,
ווילסטו אים מיר נישט געבן.
אַז דו פאַרדינסט אַ גילדן אַ וואָך,
פרייט זיך מיט דיר די שענק.
דו וואַרפסט אַריין אין גאַרגל,
און דעם ווייב גיסטו אַ קרענק.

געזאַמלט דורך נתן הדס ביי משה סאַל — פאַנטעלע פון די וואַנעס

# עפּעס גלוסט זיך נאָר פריילעכס!

— אַ גוט מאָרגן דיר, הערש דוד,
— אַ גוט יאָר, ברוך,
— כ׳האָב געמיינט האָסט אויספאַרקויפט
דאָס מילכיקס מיט דעם צוואָרעך.

— נישט דאָס מילכיקס, נאָר דעם צוואָרעך,
אויספאַרקויפט אין גאַנצן,
עפּעס גלוסט זיך מיר נאָר פריילעכס,
עפּעס ווילט זיך מיר נאָר טאַנצן.
אוי, יאַטי, טאַטי...

זאָג נאָר, הערש דוד, וואָס מאַכט דיין ווייבל, שרה חיה?
אוי, זי שערט זיך שוין, לויט די מאָדעס נייע.
אויסגעטאָן פון זיך דאָס שייטל, דאָס ייִדישקייט, אינגאַנצן,
עפּעס גלוסט זיך איר נאָר פריילעכס, עפּעס ווילט זיך איר נאָר טאַנצן,
אוי, יאַטי, טאַטי...

כ׳האָב אַ מויד, אַ כשר קעלבל,
און דו אַ זשרעבאַק, אפרים,
לאָמיר עפּענען אַ געוועלבל,
און לאָמיר שרייבן תנאים.

כ׳וועל איר שענקען פון דעם בעכער
דאָס זילבער און גאָלד אינגאַנצן,
איבער בוידעמס, איבער דעכער, זאָלן שדים טאַנצן.
אוי, יאַטי, טאַטי...

# געקויפט דער טאַטע יאַסעלען

געקויפט דער טאַטע יאַסעלען,
שפּאָגל נייע שיך.
ארויפגעכאַפּט האָט זי יאַסעלע,
און אין שול אַנטלאָפן גיך.

ארומגערינגלט יאַסעלען,
קינדער, פון גרויס ביז קליין,
זעט, נאָר זעט, די שיכעלעך,
זעט, ווי שיין און פיין.

שמאַטעדיקע שיכעלעך אויף אירע קליינע פיס,
אַ לאַטע, אויף אַ לאַטקעלע,
און אַ ריסל, אויף אַ ריס.

אַ היים געלאָפן יאַסעלע,
ביי דעם פאָטער בלייבט ער שטיין,
נאַ דיר אָפּ די שיכעלעך
כ׳וויל זיי מער נישט גיין.

פּלוצלונג ווערט יאַסעלע פאַררויטלט און פאַרשעמט,
טרערן אין די אויגעלעך, דאָס הערצעלע פאַרקלעמט.
דאָרטן, אין אַ ווינקעלע, איינינקע אליין,
שטייט די קליינע רחלע, פאַראומערט און פאַרוויינט.

געזען האָב איך ביי רחלען צעריסענע אַ פּאָר.
מיר — פאַר דיין גוט הערצעלע,
מיר — פאַר דיינע יאָר

# נתן הדס / נעמען און צונעמען

הרצליה

ווי אין יעדן שטעטל זיינען אויך ביי אונז געווען ייִדן, וואָס נאָר אַדאַנק זייערע צונעמען האָט מען זיך געקענט דערפרעגן אויף זיי. מיטן ריכטיקן פאַמיליע־נאָמען — האָט מען געקענט אַרומגיין אַ טאָג מיט אַ נאַכט און יענעם נישט געפינען, אפילו דער אייגענער שכן אין זעלבן הויז — האָט פון אים נישט געוווסט.

אויף צונעמען האָט מען זיך אָנגעשטויסן אויף טריט און שריט. צווישן זיי זיינען געווען יוצאי־דופן, וואָס האָבן פשוט געריסן די אויגן. זייערע נעמען האָבן דערציילט וועגן זיי און אויפגעדעקט זייערס אַ שטיק לעבן, ווי אין פסוק שטייט: שמו הולך לפניו. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן איבערגענומען די צונעמען בירושה מיט אַלע אַנדערע שטוב־זאַכן, ווי מעשענע לייכטער און אַלטע מעבל.

פיל האָבן באַקומען אין חדר דעם צונאָמען, און ער איז שפּעטער איבערגעגאַנגען פון דור צו דור. אַ גרויסער טייל האָט באַקומען דעם נאָמען לויט זיינע מעשים, אַנדערע לויטן אויסזען.

ייִדן, וואָס זיינען געקומען פון דער פרעמד, האָט מען זיי גערופן מיטן נאָמען פון שטאָט אָדער דאָרף, פונוואַנען זיי זיינען געקומען.

דאָ גיב איך אַ רשימה פון צונעמען.

יענקל יאַפּאַנטשיק, ווייל ער האָט זיך באַטייליקט אין דעם יאַפּאַנישן קריג. אברהם קוטיקער — האָט געהאַט אַ טונקל אויסזען; יאָסל שאַסטאַק — האָט געהאַט אַ זעקסטן פינגער אויף דער האַנט; יענקל פּאַדקאַווע; חיים רייבער; בנימין קילי — פאַרוואָס? דאַרפט איר אַליין פאַרשטיין; שמחהלע פלאַכטע; משה גורגל; יענקל קאַשטאַן; מטיס יאַיעטשניק — ער האָט געהאַנדלט מיט אייער; משה וורעניק; גרשון גלאָק; אלי דעמטשיק — ער האָט געהאַנדלט מיט דעמבעס; ארקי לאַקש — ער איז געווען אַ לאַנגער, און געהאַנדלט מיט אייער; מייטשעלע האַד, חאַסקל פּעניאַק, יצחק שטשערב, דוד ליפּ, הערשקע קאַשעפּופּעק, רישעלע מיט דער וואָלע, משה פּופּקע, נח יאַנקאָווער, ווייל ער האָט געוווינט אין דאָרף יאַנקעס. הערש בראַדער, ווייל זיין פאָטער שטאַמט פון בראָד. שלמה כבאש, אין חדר אנשטאַט צו זאָגן כבית־שמאי, האָט ער געליינט „כבאש". די קינדער האָבן דאָס אויפגעכאַפּט און אים גערופן שלמה כבאש. ער האָט חתונה געהאַט, קינדער געהאַט און אַלץ נאָך געבליבן ביים צונאָמען. זיין ווייב האָט מען גערופן די כבאשעכע, זיינע קינדער: כבאשס טאָכטער, כבאשס איידעם. אומעטום איז אים נאָכגעגאַנגען דער צונאָמען, אפילו אין קבר אַריין.

— ווער איז געשטאָרבן?

— איר ווייסט נישט? שלמה כבאש!

# הרוביעשאוו גוסטט



הרוביעשאָווער יידן פאַרן טרויעריק־באַרימטן טויטן־מאַרש אין דעצעמבער 1939.
יהודי הרובישוב לפני הצעדה עקובת־הדם בדצמבר 1939.

# על סף הכליון



אַ היטלעריסטישער מערדער שניידט אָפּ די באָרד ביי יעקב יהושע שטיינבוים.
שוטר היטלריסטי מקצץ את זקנו של יעקב יהושע שטיינבוים.

# ● אינהאַלט ● תכן ●

# אברהם אייזען ז״ל / כראָנאָלאָגיע פון חורבן הרוביעשאָוו

פאַר אַ מענטשן, וואָס האָט אַליין נישט בייגעוווינט דעם אומקום פון יידישן ישוב אין הרוביעשאָוו, איז נישט מעגלעך צו געבן אַ גענויע רשימה מיט אַלע פּרטים פון יענע שוידערלעכע געשעענישן.

אפילו די גבית־עדות פון מענטשן, וועלכע האָבן אַליין אַדורכגעמאַכט די טראַגעדיע, שטימען נישט אַ סך מאָל, אין די פּרטים. פּשוט דערפאַר, ווייל די גרויליקע באַדינגונגען פון יענער צייט האָבן נישט דערמעגלעכט, אַז אַ ריי וויכטיקע דאַטעס און פּאַסירונגען זאָלן פאַרקריצט ווערן אין זכרון פון דער שארית־השחיטה.

דאָס לאָזט זיך זאָגן אפילו וועגן אַזעלכע גרויסע שטעט, ווי וואַרשע, ווילנע, לאָדזש, ווו די געטאָס האָבן — צוליב אַ פאַרהעלטניסמעסיק לענגערער עקזיסטענץ — טיילווייז געפירט אַ רעגיסטרירטע כראָניק פון פאַקטן, און די מאַטעריאַלן זאָרגפעלטיק אויסבאַהאַלטן, בפרט נאָך אין קלענערע שטעט, ווי הרוביעשאָוו, ווו די תלינים זענען כסדר געשטאַנען מיטן מעסער ביים האַלדז און אין משך פון אַ קורצער צייט אינגאַנצן אָפּגעווישט די יידישע קהילה.

נישט געקוקט אויף אַלע טעכנישע און פּסיכאָלאָגישע שוועריקייטן, לאָזט זיך דאָך אויפשטעלן אַ בולט בילד פון חורבן. איך וויל דאָ אין אַלגעמיינע שטריכן קאָנסטרואירן דעם אומקום פון הרוביעשאָווער ציבור, שטיצנדיק זיך אויך אויף עטלעכע גבית־עדות, און בעיקר אויף דאַטעס, וועלכע עס האָט מיר אין יאָר 1946 איבערגעגעבן די לעבנגעבליבענע, פ ר ו י ר אָ ז ע ז י ל ב ע ר מ י נ ץ.

## די פאַר־געטאָ־תקופה

אין יולי 1939 בין איך פון ווילנע געקומען קיין הרוביעשאָוו אויף וואַקאַציעס. איך בין דאָרט געווען ביזן אויסברוך פון דער דייטש־פּוילישער מלחמה אין סעפּטעמבער. זיבן טעג נאָך דעם האָבן זיך די דייטשן דערנענטערט צו הרוביעשאָוו. די אָרטיקע פּוילישע עוואַקואַציע־מאַכט האָט באַפוילן, אַז אַלע מיליטער־פליכטיקע זאָלן פאַרלאָזן די שטאָט. צוזאַמען מיט הונדערטער הרוביעשאָווער — יידן און קריסטן — האָב איך זיך געלאָזט אויף מזרח. כ׳בין מיט מיין גרופּע דערגאַנגען ביז הינטער קאָוועל. דאָ האָבן מיר געהערט, אַז די סאָוויעטן האָבן פאַרנומען די מזרח־געביטן פון פּוילן, בתוכם הרוביעשאָוו. מיר האָבן זיך צוריקגעקערט און געפרייט מיט די הרוביעשאָווער יידן, וואָס האָבן געמיינט, אַז זיי זיינען שוין פּטור געוואָרן פון די דייטשן.

לאַנג האָט אָבער די פרייד ניט געדויערט. עס האָט זיך באַלד פאַרשפּרייט די ידיעה, אַז די גרענעץ־ליניע פון סאָוויעטישן מזרח־געביט וועט זיין דער בוג, און אַז הרוביעשאָוו גייט צוריק אַריבער צו די דייטשן.

די טרויעריקע ידיעה האָט די הרוביעשאָווער יידן געטראָפן, ווי אַ דונער. אַלע זיינען געווען אין אַן אויסערגעוויינלעך געדריקטער שטימונג — אַ מין פאָרגעפיל פון דעם גרויסן אומגליק, וואָס דערוואַרט זיי. הונדערטער מענטשן — און איך בתוכם — האָבן זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פון אסטילע. כ׳זאָג הונדערטער מענטשן, ווייל פון וועמען־נישט־איז האָב איך געהערט, אַז עטלעכע טויזנט הרוביעשאָווער יידן זענען דעמאָלט אַוועק פון זייער היים. כ׳גלייב אָבער נישט אין דער פּינקטלעכקייט פון דער ציפער. ביי זייער גאַנצער איבערגעקלערטקייט און פאָרויסזעעוודיקייט האָבן זיך אונדזערע בני־עיר געפילט מיט די אינטימסטע פעדעם פאַרבונדן מיט דער שטאָט. זיי האָבן זיך איינגערעדט אַלע מעגלעכע און נישט־מעגלעכע נסים, אַבי נישט צו נעמען דעם וואַנדער־שטעקן.

און וואָס האָבן זיי זיך דעמאָלט נישט געפּרוווט איינרעדן? אַז דער דייטש וועט אָט־אָט כאַפּן אַ מפּלה; אַז ער וועט דאַרפן האָבן די יידישע אַרבעטס־הענט און וועט זיך ניט פאַרטשעפּן מיט אַ רואיקער, אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג; אַז דער טייוול איז נישט אַזוי שרעקלעך, ווי מען מאָלט אים. די זעלבע איינרעדענישן פון אַלע יידן פון אָקופּירטן פּוילן, וועלכע האָבן נישט געוואָלט אָדער נישט געקענט זיך רירן פון אָרט.

עס איז אומעגלעך איינצושטילן דעם ווייטיק אין האַרצן, ווען מען טראַכט וועגן אָט דער אייביקער, יידישער לייכטגלויביקייט, וואָס האָט אונדז אין אַלע צייטן — און נאָך מער אין לעצטן חורבן — געקאָסט ימים בלוט.

די נאַצישע תלינים? אוודאי. זיי האָבן אכזריותדיק פאַרגאָסן אונזער בלוט. אָבער אפשר נישט ווייניקער אונדזער אייגענער, קינדערישער בטחון — דער לייכטזיניקער בטחון פון אַן אַלט, דערפאַרן, און דאָך אַזוי אומדערפאַרן פאָלק.

אויב מען זאָל אפילו אָננעמען, אַז די ציפער „עטלעכע טויזנט" איז ריכטיק, בלייבט דאָך אַ פאַקט, אַז מאַסן הרוביעשאָווער האָבן זיך גאָר אין גיכן אומגעקערט צוריק אַהיים. זיי האָבן זיך אומגעקערט, ווי נאָר זיי האָבן באַקומען גערוכט, אַז די דייטשן זענען נאָך „צו דערליידן", ווי עס איז טאַקע אין דער ערשטער צייט געווען. זיי האָבן זיך אומגעקערט, ווייל פאַר זייערע אויגן איז געלעגן זייער געבורטס־שטאָט און געווונקען צו זיי, קיין אסטילע, קיין לודמיר און צום גאַנצן גלות „וואָלין":

— קומט צוריק! איר זענט דאָך אַזוי נאָענט צו אונדז! וואָס דאַרפט איר זיך מאַטערן אין דער פרעמד? קען זיין, אַז ווען די גרענעץ־ליניע וואָלט נישט געווען דער אומגליקלעכער, מיט דער האַנט צו דערלאַנגען, נאָענטער בוג, וואָלטן אפשר מאַסן הרוביעשאָווער געווען היינט צווישן די לעבעדיקע. עס וואָלט זיי — די פּליטים — ניט געווען געצויגן אַזוי זיך אומצוקערן, און די אין דער היים־געבליבענע וואָלטן זיך נישט געווען פאַרלאָזט אויף „ווען די צייט וועט קומען" („אַז די צייט וועט, חלילה, קומען — וועלן מיר איינס־און־צוויי זיין אויף יענער זייט גרענעץ").

די צייט איז, ליידער, גאָר גיך געקומען — אַ סך פריער און גאָר אויף אַן אַנדער אופן, ווי אונדזערע בני־עיר האָבן זיך גערעכנט. דריטהאַלבן חדשים נאָכן אַריינגיין אין שטאָט, האָבן די דייטשן גענומען טרייבן הונדערטער יידן פון כעלם, הרוביעשאָוו און אַרומיקע מקומות צום בוג.

מען קען ביז היינטיקן טאָג נישט וויסן גענוי די סיבות, וועלכע האָבן אין יענער צייט באַוויגן די דייטשן אויסצולאָזן זייער גרעסטן כעס צו די עטלעכע שטעט פון לובלינער וואָיעוואָדשאַפט. אין ווילנע האָט מען דעמאָלט געשמועסט, אַז זיי האָבן געוואָלט האָבן דעם גרענעץ־געביט וואָס ווייניקער באַפעלקערט מיט אַ נישט־זיכערן עלעמענט, און אַלס אַזעלכן האָבן זיי, נאַטירלעך, באַטראַכט די יידן. אָבער די גרענעץ־ליניע האָט זיך דאָך געצויגן דורכן גאַנצן מזרח־פּאַס אַזש ביזן באַלטיק? פאַרוואָס זשע איז יענער טרויעריקער גרוש אויסגעפאַלן דווקא אויף די עטלעכע שטעט פון לובלינער פּראָווינץ?



די ערשטע באָמבע אין הרוביעשאָוו איז געפאַלן אויף סאַס הויז.
הפצצה הראשונה בהרובישוב הוטלה על ביתם של משפחת סס.
שטייט: חנה סאַס. זיצן: איציק סאַס, זייער מוטער און הערש.

אפשר איז ריכטיק אַ צווייטער קלאַנג, אַז דאָס זאָל האָבן געווען אַ נקמה און אנשרעק־אַקט מצד די דייטשן צוליב אַ ריי דיווערסיעס אויף יענעם שטח, און וועלכע זיי האָבן קודם־כל חושד געווען די יידן?

ווי ס׳זאָל ניט זיין, אַ פאַקט בלייבט, אַז אונדזערע מקומות האָבן כמעט פריער פון אַנדערע פוילישע געביטן איבערגעלעבט דעם ערשטן, בעסטיאַלישן קלאַפּ פון די נאַצישע רוצחים. זיי האָבן באַפוילן, אַז די דערוואַקסענע מענער־באַפעלקערונג פון הרוביעשאָוו זאָל זיך פאַרזאַמלען אויפן „וויגאָן", לעבן שעכטהויז, ווו מען וועט בלויז קאָנטראָלירן זייערע פּעסער. די פאַרזאַמלטע זענען כהרף־עין אַרומגערינגלט געוואָרן דורך מאָטאָציקלירטע סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיי באַרויבט פון זייערע פּעסער און זיי דערקלערט אַלס „שטאַטלאָזע" בירגער.

גלייך נאָכדעם האָט מען זיי גענומען יאָגן צו דער סאָוויעטישער גרענעץ. דאָס איז געווען אַ ווילדער, סאַדיסטישער און אונמענטשלעכער געיעג. זעט אויס, אַז די דייטשן האָבן דעמאָלט געפּלאַנט, וואָס ווייניקער יידן דערפירן צו דער גרענעץ, דערפירן זיי אויסגעשעפּטע, און אין אַ מצב פון ערב גסיסה. יענע, וועלכע האָבן פיזיש נישט געקענט מיטמאַכן דעם געלויף, זענען אויפן וועג דערשאָסן געוואָרן. אַנדערע זענען דערטרונקען געוואָרן בעת מ׳האָט זיי געהייסן אַריבערשווימען דעם בוג.

וואָס האָבן די יידן פון אונדזער קאַנט געטראַכט נאָך דער ערשטער דערפאַרונג מיט די דייטשן? צו האָבן זיי גענומען באַגרייפן וואָס זיי דערוואַרט פונעם אָקופּאַנט? געצויגן אַלע גייטיקע מוסר השכלס?

## די סטרוקטור פון געטאָ

דער הרוביעשאָווער געטאָ האָט זיך געפונען אין אַן ענגן קוואַרטאַל, אינעם מזרח־טייל פון דער שטאָט, וואָס זיין גרענעץ מיט דער אַרישער זייט האָט זיך געצויגן פונעם אַלטן מאַרק, אָנהייבנדיק פון ראָג סטאַשיצאַגאַס און סטאַרי־רינעק, ביזן ראָג נאַרוטאָוויטש־גאַס און סטאַרי־רינעק. די שטאָט איז אַזוי אַרום איינגעטיילט געוואָרן אין צוויי טיילן: אין אַ יידישן און אין אַן אַרישן. אינעם יידישן טייל זענען די הויפּטגאַסן געווען: סטאַרי־רינעק, וואָיטאָווסטווע, לאַזיענע, יאַטקאָווע א.א. דער אַרישער קוואַרטאַל האָט אַרומגענומען דעם גאַנצן מערב־טייל פון דער שטאָט, די גאַסן: נאָווי־רינעק, 3־טע מאַי־גאַס, נאַרוטאָוויטשאַ, לובעלסקאַ א.א. און די גאַסן סטאַשיצאַ, פּאָדזאַמטשע, פּילסודסקיעגאָ אין דרום־זייט.

דער געטאָ האָט זיך געפונען אינעם סאַמע אָרעמסטן און צום קנאַפּסטן באַבויטן שטאָט־ראַיאָן. ווען מ׳נעמט אין אַכט, אַז אויף דעם געטאָ־שטח האָט פאַר דער מלחמה געוווינט בערך אַ דריטל פון דער יידישער באַפעלקערונג — 3000 מענטשן — קומט ממילא אויס, אַז אין דער געטאָ־צייט איז דער ראַיאָן איבערבאַפעלקערט געוואָרן מיט אַרום 5000 יידן (פאַר דער מלחמה האָט די צאָל יידישע איינוווינער באַטראָפן ביי אַ צען טויזנט מאַן. מען קען אָבער אָננעמען, אַז די צאָל האָט זיך ביז דער געטאָ־תקופה פאַרקלענערט מיט 2000: אַנטלאָפענע און אומגעקומענע).

די 8000 יידן — צונויפגעפּרעסט און צונויפגעדריקט צו עטלעכע משפחות אין איין וווינונג — האָבן באַלד גענומען אויסשטיין רדיפות און גזירות, וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר די געטאָס אין יענער צייט: געלטלאַטעס, פאַרבאָט צו באַזוכן אָן אַ דערלויבעניש דעם אַרישן ראַיאָן, און גיין נאָר אויפן שאָסיי. די שול, בתי־מדרשים און די שטיבלעך האָבן זיך געפונען אויף דער אַרישער זייט. הרוביעשאָווער יידן האָבן דערפאַר געמוזט איינאָרדענען זייערע בתי־תפילות אין תחום פון געטאָ.

די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע סטרוקטור אין געטאָ איז געווען, כמעט, די זעלבע ווי אין אַנדערע שטעט:

א) דער יידנראַט איז געווען דער פאַרמיטלונגס־אָרגאַן און פאָרשטייער פונעם הרוביעשאָווער געטאָ לגבי דער דייטשער מאַכט. ער האָט געדאַרפט אויפפּאַסן אַז אַלע פאַראָרדענונגען זאָלן אויסגעפירט ווערן. ער איז אויך געווען דער ממונה איבער די אַדמיניסטראַטיווע ענינים, ווי די פאַרטיילונג פון די שפּייז־קאַרטעס, מאַגאַזינירונג פון פּראָדוקטן, זאָרג פאַר אַרבעטסהענט, צדקה — און הילפס־אַנשטאַלטן, בית־הקברות, אויפזיכט איבער דער אָרדענונג און ריינקייט אין געטאָ־ראַיאָן.

אינעם יידנראַט זיינען צווישן אַנדערע טעטיק געווען די נאָך פון פאַר־דער־מלחמה אַקטיווע טוער: שמואל בראַנדט, פישל זילבערשטיין, משה שטעכער, שמואל זייד און עזריאל פינקלשטיין. דער יידנראַט אין הרוביעשאָוו איז — פונקט ווי דער רוב יידנראַטן אין פוילן און אין ליטע — פאַרפירט געוואָרן פון די דייטשע ליגנערישע צוזאָגן, אַז דורך אַרויסגעבן די געפאָדערטע צאָל יידן צום טויט, וועט אַ טייל פון געטאָ בלייבן לעבן. די דייטשע תלינים האָבן אויף אַ געשיקטן אופן אויסגענוצט די לייכטגלויביקייט פון די יידישע פאָרשייער און אומגעבראַכט אַלעמען אָן אויסנאַם.

ב) די יידישע פּאָליציי, וועלכע איז געווען אונטערגעוואָרפן דעם יידנראַט, איז געווען זיין אויספיר־אָגאַן. אירע פונקציעס זיינען אַזוי אַרום געווען דאָפּעלע: פון איין זייט האָט זי געדאַרפט טעכניש מיטהעלפן דעם יידנראַט ביים אויספילן די אויפגאַבעס, וואָס זענען אים אָנגעוואָרפן געוואָרן דורך די דייטשן; פון דער צווייטער זייט האָט זי געדאַרפט אויפפּאַסן, אַז די אינעווייניקסטע פאַראָרדענונגען פונעם יידנראַט זאָלן דורך דער באַפעלקערונג אָפּגעהיט און אויסגעפירט ווערן.

ג) אַרבעטס־בריגאַדעס, וועלכע האָבן אויסגעפירט שטאָטישע פונקציעס, און אויך אַרבעטן פאַר דער דייטשער ווערמאַכט.

ד) אינעווייניקסטע וואַרשטאַטן, וואָס האָבן אויף אַ גאָר מינימאַלן אופן געשטילט די באַדערפענישן פון דער געטאָ־באַפעלקערונג און דערמיט, טיילוויז, דערגענצט די בלויזן פון דער איינזייטיקער, ראַכיטישער געטאָ־עקאָנאָמיק.

ה) געהיימע קאָמוניקאַציע מיט קריסטן פונעם אַרישן קוואַרטאַל דורך אויסטוישן זאַכן און חפצים אויף פּראָדוקטן. דער אויסטויש איז געווען דער הויפּט־קוואַל פון שטילן די ביז גאָר איינגעשרומפּענע הצטרכותן פון דער צו הונגער און נויט אויסגעשטעלטער געטאָ־באַפעלקערונג.

די דייטשן האָבן דעם יידישן צבור פאַרמשפּט נישט בלויז צום טויט, נאָר אויך צו גייסטיקער און פיזישער מאַטערניש ביז צום אויספירן דעם טויט־אורטייל. איז דערפאַר דער געהיימער אויסטויש געווען אַ שטיקל רעטונג אין דעם אומדערטרעגלעכן צושטאַנד, נישט געקוקט אויף דער טויט־שרעק און פיין, וואָס האָבן אים באַגלייט. ווייל די דייטשן האָבן אַזאַ קאָמוניקאַציע צווישן יידן און קריסטן פאַרווערט אונטער דער דראָונג פון טויט־שטראָף פאַר ביידע צדדים. די אייגנטלעכע כוונה זייערע ביים איינפירן די געטאָס איז געווען נישט בלויז פאַרלייכטערן די אויסראָטונג פון יידן, נאָר אויך אוממעגלעך מאַכן דעם קאָנטאַקט מיט דער אַרישער סביבה.

דער מצב פון פיין און ליידן, פון טאָג־טעגלעכן איזדיעקוועוען זיך איבערן צעפייניקטן גוף פון דער הרוביעשאָווער עדה, האָט געדויערט ביזן 31־טן מאַי 1942. אין דעם טאָג איז שוין איר גורל געווען אַ געחתמעטער.

## די ליקווידאַציע

די פאַרניכטונגס־עטאַפּן פונעם הרוביעשאָווער, יידישן ציבור שטעלן זיך פאָר אַזוי:

דעם ערשטן יוני 1942 זיינען בערך 3400 יידן אַרויסגענומען געוואָרן פונעם געטאָ און אַוועקגעפירט געוואָרן קיין סאָביבאָר, הינטער וולאָדאַווע, ווו זיי זיינען אומגעקומען אין דער דאָרטיקער קרעמאַטאָריע;

דעם 7־טן יוני 1942 זיינען ביי אַ 2000 יידן אַרויסגעפירט געוואָרן פון געטאָ;

דעם 21־טן נאָוועמבער איז די לעצטע פאַרטיע יידן אַרויסגעשיקט געוואָרן פון געטאָ.

אויפן הרוביעשאָווער בית־עלמין זיינען דערשאָסן געוואָרן:

דעם 1־טן מאַי 1942 — עטלעכע יידן;

דעם 8־טן יוני 1942 — העכער 200 מאַן;

דעם 28־טן אָקטאָבער 1942 — ביי אַ 400 מאַן (דאָס שיסן אויפן הייליקן אָרט איז אָנגעגאַנגען כסדר, יעדן טאָג, ביזן 1־טן פעברואַר 1943).

פון די אַרומיקע שטעטלעך זיינען געפירט געוואָרן צום אומקום קיין סאָביבאָר און מאַידאַנעק דורך הרוביעשאָוו:

דעם 3־טן יוני 1942 — דוביענקע.
דעם 5־טן יוני 1942 — בעלז.
דעם 9־טן יוני 1942 — גראַבאָוויעץ און אוכאַן.

עס פעלן ידיעות וועגן האָראָדלע. אָבער, ווי עס ווייזט אויס, האָט די לעצטע פּאַרטיע יידן — עטלעכע טויזנט — וואָס איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון הרוביעשאָוו דעם 21־טן נאָוועמבער, אַרומגענומען אויך די האָראָדלער יידן און די רעשטלעך פון די אַרומיקע שטעטלעך. עס קען אָבער אויך זיין, אַז די האָראָדלער יידן זיינען אומגעבראַכט געוואָרן לעבן זייער שטעטל. דערפאַר זיינען זיי נישט באַמערקט געוואָרן דורך די הרוביעשאָווער עדי־ראיה.

דערביי דאַרף באַמערקט ווערן, אַז די דאַטע פון דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פונעם הרוביעשאָווער געטאָ (21.11.1942), וואָס עס האָט מיר אויפגעגעבן פרוי זילבערמינץ, שטימט נישט מיט דער דאַטע, וואָס עס איז מיר אויפגעגעבן געוואָרן פון אַ צווייטער קוועלע (20.12.1942). דער אונטערשיד איז אין אַ חודש. פרוי זילבערמינץ האָט מיר אָבער אויך אָנגעגעבן די יידישע דאַטע: 13 טאָג אין חשון. מען מוז דעריבער אָננעמען, אַז דער 21־טער נאָוועמבער איז געווען דער טאָג, ווען הרוביעשאָוו איז געוואָרן יידן־ריין.

די דאָזיקע טאַבעלע באַווייזט אונדז אָבער נאָך אַ זאַך, אַז די אויסראָטונגס־עטאַפּן פון די געטאָס אין הרוביעשאָוו און פּאָוויאַט זענען פאָרגעקומען אינעם צווייטן האַלב־יאָר פון 1942, ד.ה. אין אַ צייט ווען די דייטשן זיינען נאָך געווען אויפן סאַמע הויכפּונקט פון זייערע דערגרייכונגען. ווען מען נעמט אין באַטראַכט, אַז די ליקווידאַציע פון אַזעלכע געטאָס ווי וואַרשע, ווילנע א.א. איז פאָרגעקומען ערשט אין 1943 — ווען דער היטלעריזם האָט זיך אָנגעהויבן קייקלען באַרג אַראָפּ — שטעלט זיך דעמאָלט די פראַגע: פאַרוואָס האָבן די דייטשן אין אַזעלכע שטעט, ווי הרוביעשאָוו זיך צוגעאיילט מיט דער אויסראָטונג? דער ענטפער קען זיין איינער: אַרבעטס־הענט.

דער טויט־אורטייל אויפן יידנטום פון די אָקופּירטע געביטן איז געווען אַ געחתמעטער נאָך פאַרן אָנהייב פון דער סאָוויעטיש־דייטשער מלחמה. ער איז נאָר צייטווייליק אָפּגעלייגט געוואָרן צוליבן דוחק אין אַרבעטס־קרעפטן, וואָס די דייטשן האָבן דעמאָלט געפילט. אין דער מאָס, וואָס זיי האָבן אין דעם אָדער יענעם מקום אויפגעהערט זיך צו נייטיקן אין די יידישע אַרבעטס־הענט, האָבן זיי שטופנווייז זיי ליקווידירט. דערמיט דערקלערט זיך, וואָס אין אַזעלכע שטעטלעך, ווי לאַנדוואַראָווע, היידוציזשאָק, ראָדזישישקי א.א. האָבן זיי די אויסראָטונג אַדורכגעפירט אין די ערשטע חדשים, באַלד נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה.

אין הרוביעשאָוו און אומגעגנט זיינען די יידישע אַרבעטס־הענט פאַרטראָטן געוואָרן דורך פּאָליאַקן און ווייסרוסן ערשט אין מיטן 1942. דער מאָמענט האָט אַנטשיידעט דעם גורל פונעם הרוביעשאָווער געטאָ.

צי זיינען די יידן, וועלכע זיינען אַרויסגעפירט געוואָרן פון הרוביעשאָווער געטאָ, מאָמענטאַל אומגעבראַכט געוואָרן אין די פאַרניכטונגס־לאַגערן? מ׳קען אָננעמען, אַז אויך לגבי די יידן פון הרוביעשאָווער געטאָ האָבן זיך די דייטשן באַנוצט מיטן זעלבן מעטאָד, וועלכן זיי האָבן באַנוצט אין אַנדערע פאַרניכטונגס־לאַגערן: דאָס איז דער סעלעקציע־מעטאָד פון „רעכטס און לינקס". זיי האָבן די אַרבעטס־אומפעיקע, עלטערע לייט און קינדער גלייך אויפן אָרט פאַרניכטעט, דאַקעגן האָבן זיי, צייטווייליק, איבערגעלאָזט די יונגערע, אַרבעטס־פעיקע כוחות.

עס לייגט זיך אויפן געדאַנק, אַז הרוביעשאָווער יונגע מענטשן האָבן נאָך אַ צייט געלעבט אין געגעבענעם לאַגער און אויסגעפילט דאָרט פאַרשיידענע, אינעווייניקסטע אַרבעטן. בפרט נאָך, ווען דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען אין דער בליצייט פון נאַציזם, ווען דער פראָנט האָט זיך גענויטיקט אין אַ ריי מלחמה־אַרטיקלען, וואָס די וואַרשטאַטן און די לאַגערן פלעגן צושטעלן.

וואָס נוגע די אויפן בית־עלמין־דערשאָסענע, הרוביעשאָווער יידן, זאָל דאָ באַמערקט ווערן, אַז אין דער כראָניק פון דער יידישער מאַרטיראָלאָגיע אין דער געטאָ־צייט זיינען פאַראַן וויניק פאַלן, ווען די דייטשע רוצחים זאָלן האָבן אויסגעשאָסן מאסן יידן, אַזוי בפרהסיא ווי אין הרוביעשאָוו, מיטן אויסנאַם, פאַרשטייט זיך, פון די אויפשטאַנדס־ערטער: וואַרשע, ביאַלי־סטאָק, ווילנע — וווּ די דייטשן האָבן געקעמפט מיט די אויפשטענדלער אין די געטאָס.

אַחוץ ליִנטופ (הינטער סווענציאַן), אָטוואָצקער געגנט און נאָך עטלעכע ערטער האָבן די דייטשן ס׳רוב אויסגעפירט זייער מאָרד־אַרבעט פאַרמאַסקירט און פאַרשטעלט פון מענטשנס אויגן: הינטערן שטאָט, אין וועלדער, לאַגערן און קרעמאַטאָריעס. דאָ און דאָרט האָבן זיי אפילו פּרובירט אָפּצווישן די שפּורן פון זייערע רציחות, אַרויסנעמענדיק די קרבנות פון די מאַסן־קברים און פאַרברענענדיק זיי אויף פייער־שייטערס. אין הרוביעשאָוו אָבער האָבן זיי זיך דערוועקט דאָס צו טאָן אין סאַמע שטאָט, פאַר די אויגן פון די אַרומיקע, קריסטלעכע איינוווינער.

ווי די ציפערן באַווייזן, זענען העכער 600 מאַן דערשאָסן געוואָרן אויפן הייליקן אָרט פון דעם 1־טן מאַי ביזן 28־טן אָקטאָבער 1942.

מיר ווייסן נישט די צאָל פון אויפן־אָרט דערשאָסענע נאָך דער ליקווי־דאַציע פון געטאָ. אָבער מען קען זיך משער זיין, אַז דאָס איז געווען אַ היפּשע צאָל יידן, וועלכע האָבן זיך אין די קעלערן, גריבער און אַנדערע מלינות אויסבאַהאַלטן פון די אָפּגייענדיקע טראַנספּאָרטן.

זענען אפשר די עקזעקוציעס אין דער שטאָט גופא פאָרגעקומען לשם טעראָר, כדי אָנצושרעקן און צו באַוועגן די יידן מיטצוגיין אין די באַשטימטע דאַטעס מיט זייערע טראַנספּאָרטן? ווי ס׳זאָל ניט זיין, אַ פאַקט בלייבט, אַז אין דער הרוביעשאָווער סביבה האָבן זיך די דייטשן גאָר קנאַפּ גערעכנט — אָדער נישט דערוואַרט — קיין ווידערווילן מצד די קריסטן צו די אָפענע מאָרד־אַקטן.

## די אַרישע שכנים

צי האָט זיך עמעץ פון אונזערע, אומגליקלעכע בני־עיר געפּרוווט ראַטעווען אויף דער אַרישער זייט פאַר און בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ? צי זענען אַזעלכע רעטונגס־מעגלעכקייטן געווען? צי האָט מען געקענט דערוואַרטן וועלכע־נישט־איז הילף מצד די קריסטלעכע שכנים?

עס איז גרינג זיך אויסצומאָלן, אַז עס זיינען, מסתמא, געווען אַזעלכע צוזאַמענגעבראָכענע יחידים, וועמען דער טויט איז צוליב די אומענטשלעכע באַדינגונגען מער ניחא געווען, ווי דאָס לעבן. אָבער נישט געקוקט אויף דעם גרויליקן מצב האָט דאָך דער קבוץ ביז דער ליקווידאַציע נישט פאַלוירן זיין גלויבן און האָפענונג אַז אַ שנוי קען איינטרעטן אַ ליאַדע מינוט: אַ שנוי אויפן מלחמה־פראָנט, אַ בונט אין דער ווערמאַכט קעגן היטלעריזם, אַן אינטערווענץ פון אויסלאַנד לטובת די געטאָ־יידן. מ׳האָט נישט פאַרלוירן די האָפענונג, ווייל צו לעבן אפילו איין טאָג אונטערן נאַציזם האָבן זיך געפאָדערט ריזיקע כוחות פון איבערמענטשלעכן ווידער־שטאַנד, בפרט נאָך צו לעבן אונטער אַזאַ הערשאַפט גאַנצע דריי יאָר.

די קוואַלן פון בטחון און געדולד, וועלכע האָבן אין יענע בראשית־טעג פון דער מלחמה גענערט דעם הרוביעשאָווער יידישן ציבור און אים נישט געלאָזט נעמען דעם וואַנדער־שטעקן, האָבן נישט אויסגעטריקנט אפילו דעמאָלט, ווען די שוידערלעכע ווירקלעכקייט האָט זיך אין איר



הרוביעשאָווער יידן מיט אָרעמבענדער — צו ווייסן זיי, וואָס זיי דערוואַרט?
החשים כבר יהודי הרובישוב — מה צפוי להם?

גאַנצער העסלעכקייט באַוויזן פאר די אומגליקלעכע. נאָר דערמיט קען מען דערקלערן, ווי אַזוי האָבן עס מענטשן נאָך אַ טאָג פון די ווילדסטע רדיפות און פורענויותן, פון פיזישער אויסגעשעפּטקייט און טויט־שרעק, געקענט זיך לייגן שלאָפן אין געשפּענסטערהאַפטן חושך פון געטאָ, כדי אויף מאָרגן ווידער אויפצושטיין צו אַ נייעם, אויסזיכטסלאָזן טאָג! און נאָר דערמיט ווערט עס באַגרייפלעך, אַז פּרוון צו ראַטעווען זיך אויף דעם אָדער יענעם אופן זענען אָנגעווענדעט געוואָרן נאָר מצד ייִנגערע, נישט געקוקט דערויף וואָס דער גאַנצער אַרום, מחוצן געטאָ, האָט געשראָקן און געליימט מיט זיין תהומיקער פיינדשאַפט, מיט זיין קאַלטקייט און — אין בעסטן פאַל — גלייכגילטיקייט. דאָס אומגליקלעכע הרוביעשאָוו איז געלעגן אין סאַמע מיטן פון אַ קריסטלעכער סביבה, וואָס האָט געברענט מיט שנאה צום יידישן קרבן נישט ווייניקער, ווי די דייטשע אָקופּאַנטן. די גאַנצע לובלינער וואָיעוואָדשאַפט איז געווען איינע פון די פאַוואָריזירטע געביטן פון די הפקרדיקע יונגען פון דער נ. א. ק., וועמענס מאַכטלאָזער פּוילישער פּאַטריאָטיזם האָט זיך ראשית־כל אויסגעדריקט אין דערשטיקן און דערקוילענען דעם געיאָגטן געטאָ־ייד, וואָס איז על־פּי־נס אנטרונען פון דער דייטשער האַק. די וועלדער הינטער לובלין, זאַמאָשטש, הרוביעשאָוו, קראַסניסטאַוו באַהאַלטן אין זיך א סך א סך פון יענע בלוטיקע מיסטעריעס, ווען אַנטלאָפענע פון די געטאָס יידישע יוגנטלעכע — גרייט צו קעמפן און נקמה נעמען פאַר זייער געשענדעטן פאָלק — זיינען דורך יענע פּוילישע אויסוואָרפן ברוטאַל אומגעבראַכט געוואָרן.

זיי שוויגן די דאָזיקע וועלדער! זיי רעדן נישט! אָבער דער שטילער שאָרך פון זייערע באַשאָטנטע טיפענישן דערציילט טיילמאָל פון שוידערלעכע, בעסטיאַלישע רציחות איבער אומשולדיקע יידן, נישט ווייניקער ווי די פאַרלאָשענע קוימענס אין די קרעמאַטאָריעס.

און די ציווילע קריסטלעכע סביבה? האָט זי עפּעס געטאָן פאַר אירע אומגליקלעכע יידישע שכנים? געהאָלפן זיי מיט עפּעס? אויסבאהאלטן די שוץ־זוכנדיקע? אויך דאָ פאַלט, ליידער, דער חשבון אויס ס׳רוב נעגאַטיוו, נישט געקוקט, וואָס די הרוביעשאָווער פּאָליאַקן האָבן דעם ערשטן צוריקגעקומענעם ייד — נאָכן אַריינקומען פון די סאָוויעטן — אויפגענומען מיט יובל, און נישט געקוקט אויף דער באַהעלטעניש, וואָס אייניקע פון זיי האָבן געגעבן עטלעכע יידן. די צאָל באַהעלטענישן איז נול אין פאַרגלייך מיט דעם שוץ, וואָס פּאָליאַקן פון אַנדערע ערטער און אפילו ליטווינער האָבן געגעבן יידן, איינשטעלענדיק דערביי זייער אייגן לעבן. כ׳זאָג „אפילו״, ווייל, כידוע, האָבן ליטווישע ספּעציעלע באַטאַליאָנען געהאָלפן די דייטשן אויספירן מאַסן־עקזעקוציעס איבער יידן. און דאָך האָבן ציווילע ליטווינער אין אַ ריי ליטווישע שטעט אויסבאַהאַלטן און געראַטעוועט שוצלאָזע געטאָמענטשן. דער שבח קען אָבער נישט געזאָגט ווערן אויף די קריסטלעכע שכנים פון די אומגליקלעכע, הרוביעשאָווער יידן.

## זומער 1946

זומער 1946 בין איך אַרויסגעפאָרן פון ווילנע קיין לאָדזש. כ׳בין אַראָפּגעפאָרן קיין הרוביעשאָוו און געטראָפן דאָרט ביי אַ צענדליק לעבנגעבליבענע יידן, וואָס דער רוב פון זיי האָט זיך געראַטעוועט אין ראַטנפאַרבאַנד. אַלע יידישע הייזער זיינען געווען באַווינט דורך קריסטן. די יידישע קראָמען — פאַרנומען דורך פּוילישע הענדלער. קיין שפּור נישט געבליבן פון אמאָליקן, יידישן הרוביעשאָוו, אויסער די מצבות, מיט וועלכע די טראָטואַרן זיינען געווען אויסגעפלאַסטערט. אין שול־געסל איז בלינד און שטאַר, ווי אַ בר־מינן, געשטאַנען דער גרויסער בית־הכנסת און געגליווערט אין פּוסטן חלל מיט זיינע אַרויסגעריסענע פענצטער און צעלעכערטע ווענט. אַלע בתי־מדרשים און חסידים־שטיבלעך, וואָס האָבן אין א האַלב־קרייז אַרומגענומען די שול, זיינען נעלם געוואָרן צוזאַמען מיט זייערע מתפללים. דער בית־עלמין איז געווען אויסגעגלייכט מיט דער ערד. קיין סימן פון קיין בוים, אָדער קוסט, וואָס האָבן אַמאָל באַשאָטנט די קברים.

אַן אַלטע, איינגעפונדעוועטע עדה, וואָס האָט הונדערטער יאָרן מיט בלוט און שוויס געהאָלפן בויען אַ שטאָט, איז אומרחמנותדיק אָפּגעווישט געוואָרן פון דער וועלט. אפילו אירע פון־לאַנג פאַרשטאָרבענע דורות האָט מען נישט פאַרגונען זייער אייביקע רו אין דער ערד.

# לייביש פּראָסט / אין די ערשטע מלחמה־וואָכן

בת־ים

שוין אין די ערשטע טעג נאָך דעם אָנפאַל פון היטלער־דייטשלאַנד איז דער גורל פון פּוילן געווען אַ געחתמטער. די דייטשע אַוויאַציע איז געווען די אַליינהערשערין איבערן פּוילישן הימל, און האָט טאָג־טעגלעך באָמבאַרדירט שטעט און וועגן.

הרוביעשאָוו, וואָס האָט געטיילט דעם גורל פון אַנדערע שטעט, אין פּוילן, איז באָמבאַרדירט און באַשאָסן געוואָרן פון דער לופטן. ס׳זיינען געפאַלן די ערשטע קרבנות: מאָטל שטיינבוים, אָדער ווי מען האָט אים גערופן: מאָטל יעקב שיעס. ער איז געווען דער ערשטער קרבן, וועלכער איז דערשאָסן געוואָרן פון אַ דייטשן עראָפּלאַן, פאָרנדיק מיט זיין דראָשקע איבער דער שטאָט.

די שטאָט איז געווען, ווי אויסגעשטאָרבן. פחד און טויט־שרעק האָט באַהערשט די יידישע באַפעלקערונג. די ווירטשאַפט איז פאַראַליזירט געוואָרן, די געשעפטן זיינען געשלאָסן. בעלי־מלאכות האָבן נישט געאַרבעט, און ס׳האָט געהערשט אַ מאַנגל אין שפּייז.

ערב ראש־השנה איז פאַרשפּרייט געוואָרן די ידיעה, אַז די דייטשע פאַרפאַסטנס געפינען זיך שוין נאָענט פון הרוביעשאָוו. באַלד האָבן זיך טאַקע באַוויזן דייטשע אויסשפּיר־עראָפּלאַנען, ס׳איז אויסגעבראָכן אַ שרעקלעכע פּאַניק, אַ טייל פון דער יוגנט האָט באַשלאָסן צו אַנטלויפן.

מיט אַ רוק־זאַק אויף די פּלייצעס איז מען, נאָכן געזעגענען זיך מיט די עלטערן, אַוועק אויף אומבאַקאַנטע וועגן, אויף וועלכע ס׳האָבן געלויערט סכנות. געגאַנגען איז מען נאָר ביינאַכט, ווייל בייטאָג האָט די דייטשע אוויאַציע געלויערט. ווייט איז נישט אויסגעקומען צו לויפן, דערגרייכנדיק דאָס שטעטל טריסק, איז שוין באַקאַנט געוואָרן, אַז ס׳איז געשלאָסן געוואָרן אַן אָפּמאַך צווישן ראַטן־פאַרבאַנד און דייטשלאַנד וועגן דער צעטיילונג פון פּוילן.

באַלד, ווי די ערשטע סאָוויעטישע מיליטערישע טיילן זיינען אַריבער די גרענעץ, און אָנגעהויבן באַזעצן די שטעט פון דער פּוילישער מערב־אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד, האָבן זיך ספּאָנטאַן אָנגעהויבן שאַפן רעוואָלוציאָנערע קאָמיטעטן, כדי צו האַלטן אָרדענונג אין דער איבערגאַנגס־צייט און צוגרייטן די אויפנאַמע פאַר דער סאָוויעטישער אַרמיי. אין א טייל ערטער זיינען די פּוילישע, מיליטערישע גרופּן צוריק אַריין אין די פאַרלאָזטע שטעט און זיך בלוטיק אָפּגערעכנט מיט די מיטגלידער פון די רעוואָלוציאָנערע קאָמיטעטן.

אין טריסק, ווו ס׳האָט זיך געפונען אַ גרופּע אַנטלאָפענע הרוביעשאָווער, האָט אַ פּוילישע, מיליטערישע אָפּטיילונג טרעפנדיק אין א שטוב די גרופּע הרוביעשאָווער, אַנגענומען זיי פאַר קאָמוניסטן, און באלד זיי צוגעשטעלט צו דער וואַנט צום שיסן. ערשט, ווען ס׳איז זיי געלונגען איבערצוצייגן דעם פּוילישן אָפיציר, אַז זיי זיינען נישט קיין דאָרטיקע, און זיינען אנטלאָפן פון הרוביעשאָוו מיט דער פּוילישער ארמיי, האָט מען זיי צוריק באַפרייט. אויפן צווייטן טאָג זיינען שוין די סאָוויעטישע טיילן אַריין קיין טריסק און אָפּגעריייניקט די געגנט פון די פּוילישע, מיליטערישע אָפּטיילונגען. דער וועג קיין הרוביעשאָוו איז געווען אַ פרייער, און די אַנטלאָפענע האָבן זיך אומגעקערט אין זייערע היימען.

ראש־השנה זיינען די דייטשע מאָטאָריזירטע טיילן אריין אין הרוביעשאָוו.

אַ שטאָט־דעלעגאַציע מיטן שטאָט־פּרעזידענט בראש האָט זיי באַגעגנט מיט ברויט און זאַלץ, אויך אַ טייל יידן איז געקומען באַגריסן די דייטשן מיט אויפהייבן די האַנט. די דייטשן האָבן אויף די באַגריסונגען נישט רעאַגירט, און פאַרגעזעצט זייער מאַרש. זיי האָבן אין זעלבן טאָג באַוויזן צו דערשיסן חיים בדחנס איידעם, וואָס האָט דערזעענדיק די דייטשן — פאַר שרעק — גענומען אַנטלויפן.

נאָכן באַזעצן די שטאָט, האָט אַ טייל דייטשן פון עסטרייכישער אָפּשטאַמונג באַרויקט די איבערגעשראָקענע יידן, אַז ס׳וועט זיי קיין שלעכטס נישט געשען. ליידנדיק פאַרלוסטן ביים בוג, האָבן די דייטשן זיך צוריקגעצויגן קיין הרוביעשאָוו, מיטברענגענדיק מיט זיך פיל פאַרוואונדעטע. ביינאַכט האָבן זיי מיט דער הילף פון פּאָליאַקן אויפגעריסן יידישע געשעפטן און גערויבעוועט די סחורות.

אויפן דריטן טאָג האָבן די דייטשן פאַרלאָזן די שטאָט, לויטן אָפּמאַך מיטן ראַטן־פאַרבאַנד, און אויף זייער אָרט איז אַריין אין שטאָט דאָס פּוילישע מיליטער. די באַפעלקערונג האָט זיי אויפגענומען מיט פרייד און געזען ס׳זאָל זיי גאָרנישט פעלן.

אַ געוויסער פּוילישער מאַיאָר, נישט קענענדיק שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז די פּוילישע מלוכה עקזיסטירט נישט מער, האָט אויף אייגענער האַנט באַשלאָסן צו פירן מלחמה מיטן סאָוויעטישן מיליטער. צונויפזאַמלענדיק מיליטערישע גרופּעס, וואָס האָבן זיך געפונען אַרום הרוביעשאָוו, האָט ער געעפנט אַ פייער אויף די סאָוויעטישע אָפּטיילונגען. נאָך אַ שלאַכט, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אַ גאַנצע נאַכט, בעת וועלכער ס׳זיינען פון ביידע צדדים געפאַלן קרבנות, האָבן די סאָוויעטישע טיילן פאַרנומען די שטאָט.

די יידישע באַפעלקערונג האָט פרייער אָפּגעאָטעמט. אין דער לויה פון די סאָוויעטישע זעלנער האָט אָנטיילגענומען אַ גרויסע צאָל הרוביעשאָווער איינוווינער. ביים אָפענעם קבר האָבן געזעגנט די געפאַלענע, אין נאָמען פון דער אַרבעטערשאַפט אין הרוביעשאָוו, בער שטערן. די רעדנער האָבן אויסגעדריקט די זיכערקייט, אַז יעצט וועט שוין הרוביעשאָוו בלייבן סאָוויעטיש אויף אייביק. נאָך דער לויה האָט אַ טייל געוועזענע, פּאָליטישע אַרעסטירטע זיך געווענדעט צום סאָוויעטישן שטאָט־קאָמענדאַנט וועגן מיטאַרבעט. אויף דער זיצונג, וואָס איז באַלד צושטאַנדגעקומען, איז באַשטימט געוואָרן אַ רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט, כדי אָנצופירן מיט דער שטאָט.

אַלס פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר דער מיליץ איז באַשטימט געוואָרן, משה קאָרענבליט, וואָס איז נאָר וואָס געקומען פון וואַרשע. פון פאַרשיידענע, געזעלשאַפטלעכע גרופּירונגען זיינען געקומען די ווערבירטע אין דער מיליץ: געוועזענע אַרעסטירטע, מיטגלידער פון בונד און אַנדערע פּאַרטייען. צווישן די ווערבירטע האָט זיך געפונען אַ טייל נישט־געוווּנטשענע עלעמענטן, וואָס האָט באַשלאָסן אויסנוצן דעם כאַאָס פון די ערשטע טעג פאַר זיך פּערזענלעך. פון זיי האָבן זיך רעקרוטירט די, וואָס האָבן זיך אײַזדושעקוועט איבער די געפאַנגענע, פּוילישע זעלנער, צונעמענדיק זייערע פּערזענלעכע זאַכן פאַר זיך און אָפּגעטאָן בעת די רעוויזיעס פאַרברעכערישע מעשים. ביז מען האָט זיך געכאַפּט, און זיי פון דער מיליץ אַרויסגעוואָרפן, האָבן זיי שוין באַוויזן גענוג צו פאַרשוואַרצן דאָס פּנים.

די מיליץ האָט אָנגעהויבן איר טעטיקייט מיט אָפּהיטן אָרדענונג און זיכערקייט פון דער שטאָט.

באַלד, אין די ערשטע טעג, האָט מען אָנגעהויבן אַדורכפירן רעוויזיעס ביי פאַרדעכטיקע פּערזאָנען, אַרעסטירט געוועזענע, פּוילישע פּאָליציאַנטן און געהיים־אַגענטן. אין גאַנג פון די אַרעסטן, איז משה קאָרענבליט געקומען אויף אַ זיצונג פון רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט מיט אַ רשימה פון קריסטן און יידן, וועלכע מען דאַרף אַרעסטירן אַלס קעגנער, פאַררופנדיק זיך אויף אַן אינסטרוקציע פון סאָוויעטישן, מיליטערישן שטאָט־קאָמענדאַנט. אָבער די איבעריקע מיטגלידער פון קאָמיטעט, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט מער ישוב־הדעת, האָבן געהאַלטן, אַז ס׳איז נישטאָ קיין שום גרונד די אויסגערעכנטע מענטשן צו אַרעסטירן, אַז מען דאַרף קיין פּאַניק אין שטאָט נישט אַרויסרופן, פאַרקערט די באַפעלקערונג דאַרף זיך פילן זיכער, און זיין איבערצייגט, אַז עס דראָט איר נישט קיין געפאַר מצד דער סאָוויעטישער מאַכט, און ס׳איז געלונגען דעם אומפאַראַנטוואָרטלעכן שריט אויסצומיידן.

יעדן טאָג זיינען אויפגעשווומען פרישע פּראָבלעמען. אַזוי איז דערהאַלטן געוואָרן אַ פאַרטרוילעכע ידיעה, אַז ביי יענקל לערך אין וווינונג געפינען זיך עטלעכע פּריצים פון הרוביעשאָווער געגנט, צווישן זיי דער סעקרעטאַר פון פּוילישן מלוכה־פּרעזידענט. דער פאַקט האָט אויסגעזען פאַרדעכטיקט, אָבער וויסנדיק די לאַגע אין די דערפער, וועלכע זיינען געווען באַווינט דורך אוקראַינער, אַז דאָרט קען זיך קיין פּוילישער פּריץ נישט געפינען, איז געווען גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז די פּריצים זיינען געקומען צו זייער באַקאַנטן ייד, וואָס האָט מיט זיי געהאַנדלט, כדי זיך צו באַהאַלטן. אָבער דער פאַקט, וואָס צווישן זיי האָט זיך געפונען אַזאַ הויכגעשטעלטע פּערזענלעכקייט פון אַלטן רעזשים, האָט געצוווּנגען אָנצונעמען אַ באַשלוס, ווי אַזוי מען דאַרף אין דעם פאַל האַנדלען: פריילאָזן, קען מען שפּעטער האָבן צו טאָן מיט דער סאָוויעטישער מאַכט. אַרעסטירן, דאַרף דאָך זיין אַ גרונד דערצו. ס׳איז דאָך נישט געווען קיין פאַראָרדענונג פון דער סאָוויעטישער מאַכט מ׳זאָל אַרעסטירן אַלע פּריצים, און באַזונדערס וועט דאָס די פּוילישע באַפעלקערונג אָנעמען פאַר אַ ריין, יידיש שטיקל אַרבעט, פאַר וועלכער די הרוביעשאָווער יידן קענען שפּעטער טייער באַצאָלן. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן צו שיקן צוויי מיליציאָנערן, זיי זאָלן לעגיטימירן ווער ס׳זיינען די פּערזאָנען, וואָס האַלטן זיך אויף ביי יענקל לערך. צוריקקומענדיק, האָבן די מיליציאָנערן באַשטעטיקט די דערהאַלטענע ידיעה, אָבער נאָך אין זעלבן טאָג זיינען די פּריצים אַוועק פון שטאָט, און דערמיט איז דער אומאַנגענעמער ענין ליקווידירט געוואָרן.

אינצווישנצייט זיינען געקומען פּריצים פון הרוביעשאָווער געגנט און געבעטן מ׳זאָל זיי דערקלערן, צו זיינען די קאָנפיסקאַציעס אַ פאַראָרדענונג פון דער מאַכט, אָדער סתם אַ נקמה־אַקט מצד די פּויערים. ווער האָט געקענט אויף דער פראַגע ענטפערן? ס׳זיינען געווען טעג פון כאַאָס און קיינער האָט נישט געוווּסט, וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר נישט. אָבער דער אמת איז, אַז אַלע קאָנפיסקאַציעס זיינען פאָרגעקומען אויף אייגענער האַנט. אַזוי איז געווען דער פאַל מיטן רעקווירירן אַ מאַשין מיט געמיזעס, וואָס צוויי לובלינער יידן האָבן געבראַכט קיין הרוביעשאָוו, און זיך אויפגעהאַלטן ביי ישראל שילער. די סאָוויעטישע מאַכט אין הרוביעשאָוו האָט די געמיזעס צוגענומען, ערשט שפּעטער, נאָך אַן אינטערווענץ ביים סאָוויעטישן פּראָקוראָר, האָט מען זיי אַ טייל סחורה צוריקגעגעבן. אָבער צווישן די הרוביעשאָווער זיינען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז מיליציאָנערן, וועלכע האָבן אָנטייל גענומען אין דער קאָנפיסקאַציע, האָבן די סמעטענע אַראָפּגענומען פאַר זיך.

די מיליץ אין הרוביעשאָוו, וועלכע איז געווען אַ הונדערט פּראָצענטיק יידישע, האָט זעט אויס נישט נושא־חן געווען אין די אויגן פון דעם סאָוויעטישן שטאָט־קאָמענדאַנט, און אויף זיין ווונק האָבן אָנגעהויבן קומען אוקראַינער, אַ טייל פון זיי געוועזענע פּאָליטישע אַרעסטירטע, מיטן ציל איבערצונעמען די אָנפירונג פון דער שטאָט אין זייערע הענט. אַ געוויסער אוקראַינער, דארוך, איז באַשטימט געוואָרן אַלס קאָמענדאַנט פון דער מיליץ, אויפן אָרט פון משה קאָרענבליט, וועלכער איז געוואָרן זיין פאַרטרעטער. דער נייער קאָמענדאַנט האָט אָנגעהויבן זיין טעטיקייט מיט צונעמען דאָס געווער ביי די יידישע אַקטיוויסטן, און געגעבן אָנצוהערן, אַז ער וועט יעצט זיין דער בעל־הבית אין שטאָט. וועלנדיק, אַז יעדער זאָל וויסן ווער ער איז, פלעגט ער אָפט פאַראַדירן אויף אַ פערד איבער די גאַסן און דערמיט געצויגן אויפמערקזאַמקייט.

צווישן די יידישע און אוקראַינישע מיטגלידער פון רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט זיינען אָפט פאָרגעקומען מיספאַרשטענדענישן, ס׳איז שוין דערגאַנגען דערצו, אַז מ׳האָט דעם סאָוויעטישן קאָמענדאַנט געגעבן אָנצוהערן, אַז ביי דער אַרבעט שטייען חברים, וואָס האָבן אַמאָל אויסגעדריקט זייער צווייפל אין דער ריכטיקייט פון סטאַלינס מעטאָדן, און דער קאָמענדאַנט האָט שוין געפונען פאַר נויטיק אויף אַ זיצונג פון קאָמיטעט אַרויסצוטרעטן מיט שאַרפע ווערטער קעגן די טראָצקיסטן און סוואָלאָטשעס, וועלכע מען דאַרף אויסראָטן. זיינע ווערטער האָבן דערמאָנט, אַז דער וועג קיין סיביר איז אָפן.

די ווירטשאַפטלעכע אָפּטיילונג פון רעוואָלוציאָנערן קמיטעט איז געשטאַנען פאַר שווערע אויפגאַבן. קודם־כל, זאָרגן פאַר דער אַפּראָוויזאַציע פון דער שטאָט, און נישט דערלאָזן צו קיין פאַרטייערונג פון די פּרייזן.

צו דעם צוועק האָט מען געמוזט האַלטן אַ שטרענגן קאָנטראָל איבער די מילן, וועלכע האָבן באַקומען אַ פאַראָרדענונג צו פאַרקויפן די בעקערייען מעל אויף די אַלטע פרייזן. די מיל־אייגנטימער האָבן זיך צו דער פאַר־אָרדענונג צוגעפּאַסט און אין שטאָט איז קיין מאַנגל אין ברויט נישט געווען.

דאָס זעלבע איז געווען מיט באַהייצונג. די וואַלד־אייגנטימער האָבן פאַרקויפט געהילץ אויף די אַלטע פרייזן. די געשעפטן האָבן באַדאַרפט פאַרקויפן פריי אויף די פריערדיקע פרייזן. פאַר די סוחרים איז די פאַר־אָרדענונג געווען אַ שווערע גזירה, ווייל פאַרקויפן איז געווען לייכט, אָבער צוריקקויפן איז געווען אומעגלעך.

יוסף העכט איין נאָמען פון די סוחרים אין הרוביעשאָוו האָט געבעטן אינפאָרמאַציעס וועגן די אויסזיכטן פון פריוואַטן האַנדל. זיין טענה איז געווען, אַז היינט־מאָרגן ענדיקן זיך די זאַפּאַסן, ווו וועט מען באַקומען אַנדערע סחורה. מען האָט אים אָפּגעפטרט מיט אַ צוזאָג, אַז אַלץ וועט זיך ביסלעכווייז רעגולירן.

ס׳זיינען טאָג־טעגלעך איינגעפלאָסן אנקלאַגעס קעגן פרייזן־העכערונג. אין יעדער פאַל האָט מען אויף אַ שאַרפן אופן רעאַגירט. אַ טייל האָבן אָבער אויסגענוצט די געשאַפענע לאַגע, כדי זיך אָפּצורעכענען מיט זייערע קאָנ־קורענטן און שונאים, און זיינען געקומען מיט מסירות. מען פלעגט זיך צו די מוסרים באַציען מיט אומצוטרוי און נישט נעמען ערנסט זייערע אָנ־קלאַגעס.

ס׳זיינען אויך געווען פאַלן, ווען חברים האָבן מיסגעברויכט דעם צוטרוי, וואָס מ׳האָט זיי געשענקט. אַזוי איז געווען דער פאַל מיט יואל קופער, וועלכער איז געשיקט געוואָרן אין דער צוקראַווניע, כדי צו ברענגען צוקער פאַר דער שטאָט, און דערביי האָט ער זיך נישט ערלעך אויפגעפירט. די אוקראַינער האָבן דעם פאַקט צעלייגט אויף טעלערלעך און אים אויס־גענוצט אַלס געווער קעגן די יידישע חברים.

דער באַשלוס פונם מיליץ־קאָמענדאַנט, דארוך, צו אַרעסטירן שאול אייזן, איז אויך געווען אַן אויסדרוק פון פערזענלעכער שנאה. נאָכדעם ווי שאול אייזן איז צום ערשטן מאָל אַרעסטירט געוואָרן דורך די פויערים, וועלכע האָבן אים געהאַסט אַלס פריץ, און אַלס ייד, און איז דורך די סאָוויעטן באַפרייט געוואָרן, האָט דארוך אויף אייגענער האַנט באַשלאָסן נאָכאַמאָל אים צו אַרעסטירן. ס׳איז אים אָבער נישט געלונגען זיינס אויסצופירן, ווייל מ׳האָט דורך שמואל אלי אייזן אים איבערגעגעבן, אַז ער דאַרף זיך אויפּרוימען.

די קולטור־אָפּטיילונג פון רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צוריק איינצושטעלן די לימודים אין די שולן. צוליב דעם צוועק איז צוזאַמענגערופן געוואָרן אַ זיצונג פון אַלע לערער און פראָ־פעסאָרן, אויף וועלכער ס׳איז רעפערירט געוואָרן די אויפגאַבע פון די לערער אין דער געענדערטער לאַגע, און מען האָט זיי פאָרגעלייגט מיט־צואַרבעטן מיט דער נייער מאַכט. באַזונדערס האָט מען זיך געווענדעט צום פּראָפעסאָר שווידזינסקי, וועלכער איז געווען באַקאַנט אַלס ליי־בעראַל, ער זאָל נעמען אויף זיך די איניציאַטיוו און אָרגאַניזירן דאָס שול־וועזן אין הרוביעשאָוו. שווידזינסקי האָט דערקלערט, אַז ביי דער געשאַפענער לאַגע איז ער נישט די פּאַסיקע פּערזאָן און געבעטן עטלעכע טעג צייט אויף אַן ענטפער. די איבעריקע לערער האָבן קיין אַקטיוון אָנטייל אין דער זיצונג נישט גענומען. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן צו רופן אַ צווייטע זיצונג, וועלכע איז שוין נישט צושטאַנדגעקומען.

די פּוילישע באַפעלקערונג איז געשטאַנען פון דערווייטנס, קיינער האָט זיך נישט געזאָרגט וועגן זייער מיטאַרבעט. די ענדעקישע אַנטיסעמיטן און פּיקעטניקעס האָבן זיך פאַרשטעקט אין די לעכער, נישט וואַגנדיק זיך צו באַווייזן אויף דער גאַס. בכלל, זיינען די פּאָליאַקן געווען דערשלאָגן און צעשראָקן.

אין שטאָט האָט געהערשט אַ מוסטערהאַפטע רו און אָרדענונג, ליידער האָט די לאַגע נישט אָנגעהאַלטן. ווי אַ דונער אין מיטן העלן טאָג, איז געקומען די ידיעה, אַז די סאָוויעטן דאַרפן פאַרלאָזן הרוביעשאָוו און אויף זייער אָרט וועלן קומען די דייטשן. אַ שווערער קלאַפּ איז דאָס געווען פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אין הרוביעשאָוו. אַ טייל רייכע יידן פון שטאָט זיינען געקומען פרעגן, צו זיי וועלן האָבן די מעגלעכקייט אַרויסצופירן זייערע פאַרמעגנס, און אויף וואָס פאַראַ באַדינגונגען?

דער רעוואָלוציאָנער קאָמיטעט האָט אַלעמען פאָרגעלייגט זיך צו עוואַקו־אירן, און מיטנעמען מיט זיך אַלץ וואָס ס׳איז נאָר מעגלעך. בלויז געציילטע האָבן זיך אויף דעם שריט דעצידירט. די מערהייט פאַרמעגלעכע יידן פון הרוביעשאָוו האָבן נישט געקענט באַשליסן איבערצולאָזן זייער איינגעפּונ־דעוועטע בעלהבתישקייט. דאקעגן אַ גרויסער טייל פון דער אָרעמער באַפעלקערונג האָט זיך צו דער עוואַקואַציע געגרייט.

די סאָוויעטישע מאַכט האָט אָנגעהויבן אַרויספירן פון שטאָט, וואָס ס׳האָט זיך נאָר געלאָזט. ביי דער באַן־סטאַציע זיינען תמיד געשטאַנען צוגעגרייט וואַגאָנען אויף צו לאָדן די רעקווירירטע סחורות. ווען לנדיק, אַז אַ טייל פון דעם מעל, וואָס האָט זיך געפונען אין די מילן, זאָל בלייבן פאַר דער שטאָט, האָט דער רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט אָנגעהויבן אַרויסגעבן טאַלאָנען אויף מעל. ווער ס׳האָט זיך געווענדעט, האָט באַקומען א טאַלאָן אויף אַ זעקל מעל. אָבער די מיל־אייגנטימער, ווייסנדיק, אַז די טעג פון דער סאָוויעטישער מאַכט אין שטאָט זיינען געציילטע, האָבן אָנגעהויבן דאָס מעל באַהאַלטן. נישט קוקנדיק אויף דעם, איז אַ גרעסערער קוואַנטום מעל דאָך צעטיילט געוואָרן צווישן דער באַפעלקערונג.

באַזאָרגט זיינען געווען אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט. יוסף לעדערקרעמער האָט געבעטן, מען זאָל אין די יידישע אינסטיטוציעס אויך צונעמען דאָס מעבל, ווייל טאָמער לאָזט מען עס איבער, וועט דאָס שלעכט אויסגעטייטשט ווערן דורך די פּאָלאַקן.

אַ גרויסער טייל פון דער מיליץ האָט פאַרלאָזן די רייען, ס׳איז געבליבן בלויז אַ קליינע צאָל איבערגעגעבענע חברים, וועלכע האָט מיט מסירת־נפש איינגעהאַלטן די אָרדענונג אין שטאָט.

אין די לעצטע טעג האָט שוין אין שטאָט אָנגעהויבן פעלן ברויט. די בעקערייען האָבן אויפגעהערט צו באַקן, יעדערער האָט זיך באַמיט צו באַהאַלטן זיינע זאַפּאַסן אויף די שוואַרצע טעג.

אין הויף פון דער מיליץ איז געווען טעטיק אַ קיך און פיל פון די שטאָטישע איינוווינער, באַזונדערס די פרויען פון די פּוילישע בעאַמטע, זיינען געקומען מיט קעסעלעך בעטן אַ ביסל עסן. סרול מילער האָט אַלעמען געטיילט מיט א ברייטער האַנט.

די עוואַקואַציע האָט זיך אָנגעהויבן. די סאָוויעטישע מאַכט האָט צוגע־שטעלט טראַנספּאָרט־מיטלען און יעדער, ווער ס׳האָט נאָר געוואָלט, האָט געקענט איבערפירן זיינע זאַכן קיין לודמיר אָן שום שוועריקייטן. אין די לעצטע טעג האָבן באַשלאָסן זיך צו עוואַקואירן די גרויסע מאַניפאַקטור־סוחרים: אהרון לערנער, זישע רויטמאַן, משה הויזמאַן, לייבל אָרענשטיין און אַנדערע, באַקומענדיק דערלויבענישן מיט־צופירן זייערע סחורות, מיט א גאַראַנטיע, אַז ס׳בלייבט זייער אייגנטום. זייער פאַרלאָזן הרוביעשאָוו האָט געמאַכט אַ רושם און פיל האָבן נאָכגעטאָן זייער ביישפּיל.

די פּוילישע באַפעלקערונג אין הרוביעשאָוו, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין שאָטן, האָט צוריק אָנגעהויבן אויפהויבן דעם קאָפּ, און נאָך איידער די סאָוויעטן זיינען אַרויס פון דער שטאָט, האָבן זיי צוגעגרייט אַ באַוואָפנטן איבערפאַל אויף דער מיליץ. אַן אָרגאַניזירטע באַנדע פּאָליאַקן האָט געעפנט אַ שיסעריי אויף דער מיליץ פונם דערבייאיקן קלויסטער־פּלאַץ. די קליינע גרופּע מיליציאָנערן האָבן געענטפערט מיט פייער. צום גליק האָט נאָך פונקציאָנירט די טעלעפאָנישע פאַרבינדונג מיטן סאָוויעטישן גאַרניזאָן, וואָס האָט זיך נאָך געפונען אין די קאַשאַרן. אין געציילטע מינוטן זיינען אָנגעפאָרן מאַשינען מיט סאָוויעטישע זעלנער, און דער גאַנצער שטח פון דעם קלויסטער־פּלאַץ איז אַרומגערינגלט געוואָרן. אייניקע אָנפאַלער איז געלונגען צו כאַפּן.

דער באַוואָפנטער אָנפאַל פון דער פּוילישער באַפעלקערונג האָט אָנגע־וואָרפן אַן אימה אויף די הרוביעשאָווער יידן. ער איז געווען אַ גענוגנדיקע וואָרענונג, אַז מען דאַרף זיך ראַטעווען, ווייל מאָרגן וועט שוין זיין צו שפּעט. די גרעסטע מערהייט הרוביעשאָווער, פרומע יידן האָבן זיך אָבער פאַרלאָזט אויף גאָט, און מיט דעם בטחון געבליבן אין שטאָט.

סוכות 1939 האָט די לעצטע גרופּע יידישע מיליציאָנערן, צוזאַמען מיט דער סאָוויעטישער אַרמיי, פאַרלאָזט הרוביעשאָוו. די שטאָט איז אויסגע־לײדיקט געוואָרן פון דער יוגנט, און א קאַשמאַרנע, פינצטערע נאַכט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער געבליבענער עדה הרוביעשאָווער יידן.

# וואָס מיר האָבן געזען און איבערגעלעבט

פון **משה מאָסקאַל** און **אברהם צימערמאַן**
בני־ברק גבעתיים


משה מאָסקאַל


אברהם צימערמאַן

דער טייך בוג, 5 קילאָמעטער פון אונזער שטאָט, איז געווען די דעמאַרקאַציע־ליניע צווישן די דייטשן און די סאָוויעטן אין הערבסט 1939.

לאָמיר דערמאָנען עטלעכע ציפערן וועגן אונזער שטאָט: 16 טויזנט איינוווינער, צווישן זיי — 9 טויזנט יידן; יידישע ראַטמענער, 2 יידישע לאַוניקעס, אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, אַ ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון י. ח. ברענער מיט העכער 7 טויזנט ביכער אין יידיש, עברית און פויליש; אַ ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון י. ל. פרץ מיט 3 טויזנט ביכער, אַ פאָלקסשול פון „שולקולט".

נאָכדעם ווי די סאָוויעטן זיינען אַוועק פון הרוביעשאָוו, איבערלאָזנדיק עס פאַר די דייטשן, זיינען מיט זיי אַוועק אַ טייל פון דער יידישער יוגנט, אַרבעטער און אויך עטלעכע סוחרים־מאַנופאַקטוריסטן, וועלכע די רויט־אַרמייער האָבן געגעבן אויטאָס צום פאָרן פאַרן פרייז פון אַ ביסל מאַנו־פאַקטור.

אין דער איבערגאַנגס־צייט, ווען די סאָוויעטן זיינען אַרויס און די דייטשן האָבן באַדאַרפט אַריין, האָט זיך געשאַפן אַ זעלבסטשוץ פון יידן און דעם בעסטן טייל פּאָליאַקן.

דעם 9־טן אָקטאָבער זיינען די דייטשן אַריין אין שטאָט. דער אָנפירער פון דער מיליץ, דער ענדעק האוולענא, האָט גלייך באַזייטיקט פון דער מיליץ אַלע יידן, מיטן מאָטיוו, אַז אַזוי האָבן באַפוילן די דייטשן. אין אמתן, האָבן נאָך דעמאָלט די דייטשן אים גאָרנישט באַפוילן. די דייטשן האָבן אָנגעהויבן כאַפּן יידן אויף אַרבעט, און פּאָליאַקן, די געמיי־נערע פון זיי, האָבן זיי געהאָלפן אין דער מלאכה.

די גרויסע שול, וועלכע איז געבויט געוואָרן אין יאָר תרל"ג, האָבן די דייטשן פאַרוואַנדלט אין אַ פערד־שטאַל. זיי האָבן אַריינגעשלעפּט אין שול דורכגייענדיקע יידן, געריסן זייערע בערד און געממיתט. יידן האָבן געוואָלט כאָטש אַרויסראַטעווען די ספרי־תורות פון די בתי־מדרשים, האָבן זיי די דייטשן געצוווּנגען צו טרעטן אויף די ספרי־תורות און דער־נאָך זיי צערייסן.

מיר האָבן געוואָלט רעגולירן דאָס כאַפּן אויף אַרבעט, ווייל ס'האָט פּאַראַליזירט ס'גאַנצע לעבן. מיר האָבן אינטערווענירט, און מיט דער הילף פון בורמיסטזש, וועלכער איז גראָד נישט געווען קיין שונא־ישראל, איז אונז געלונגען צו פועלן, אַז דער לאַנדראַט זאָל צושטעלן טעגלעך עטלעכע הונדערט אַרבעטער.

ס'זיינען אָנגעקומען הונדערטער יידן פון לאָדזש און וואַרשע, אויפן וועג צום בוג, כדי אַריבערצוגיין צו די סאָוויעטן. זיי האָבן דערציילט, אַז אין הרוביעשאָוו איז אַ גן־עדן אין פאַרגלייך מיט דעם, וואָס עס טוט זיך ביי זיי. דאָ קריגט מען נאָך כאָטש עסן.

אין עטלעכע וואָכן אַרום איז אָנגעקומען די געסטאַפּאָ. מ'האָט גלייך דערפילט די ענדערונג. זיי האָבן זיך נישט באַנוגנט מיט די צוגעשטעלטע אַרבעטער, זיי האָבן נאָך חוץ דעם אויך געכאַפּט, און אויף אַ צולאָג צע־שלאָגן. זיי האָבן שוין געהאַט אַ רשימה פון די רייכערע יידן אין שטאָט, אַרומגעגאַנגען איבער זייערע וווינונגען, צוגענומען אַלץ, וואָס זיי האָט זיך פאַרגלוסט, און אָפט די אייגנטימער צעשלאָגן.

דערנאָך איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אַ קאָנטריבוציע פון 120.000 זלאָ־טעס און מ'האָט עס באַדאַרפט שאַפן אין אַ גאַנץ קורצן טערמין, און אַזוי ווי מ'האָט נישט באַוויזן צונויפנעמען אַזאַ גרויסע סומע, האָבן זיי אלס שטראָף אַרויפגעלייגט נאָך 80.000 זלאָטעס.

זיי האָבן געמאַכט פאַראַנטוואָרטלעך אַ טייל יידישע פּני אין שטעטל דורך הויז־אַרעסט, און קודם כל, דעם ר׳ב טווערסקי. דער רב איז דעם צווייטן טאָג אַנטלאָפן פון שטאָט, זיך באַהאַלטן אין אַ דאָרף, און פרייטיק פאַרנאַכט, ביים דאַווענען, האָבן אים גוים דערמאָרדעט.

יידן האָבן אָנגעהויבן לויפן איבער די גרענעצן. אַ סך פון זיי האָבן די דייטשן געכאַפּט, צוגענומען ביי זיי אַלץ און מוראדיק צעשלאָגן, טיילמאָל האָבן זיי יאָ געלאָזט אַריבערצוגיין צו די סאָוויעטן. דערנאָך האָב די דייטשן געמאָלדן, אַז די יידן וועלכע ווילן אַריבערגיין צו די סאָוויעטן, דאַרפן זיך רעגיסטרירן אין מאַגיסטראַט און פאַר אַן אָפּצאָל פון 5 זלאָ־טעס וועלן זיי באַקומען אַ באַשטעטיקונג.

ווען אַלע יידן מיט די באַשטעטיקונגען זיינען געקומען אויף דעם אָנגע־וויזענעם אָרט, אין די דערפער הוראדאַק־וועדענקע, ביים בוג, האָט געס־טאַפּאָ זיי אַרומגערינגלט, צוגענומען די בעסערע זאַכן און צעקאַטעוועט.

פרייטיק דעם 1־טן דעצעמבער 1939, זיינען אַרומגעגאַנגען פון שטוב צו שטוב יוסף שער און דוד (שמערלס) שער, געשיקט דורכן מאַגיסטראַט און געמאָלדן:

— מאָרגן, שבת זיבן אינדערפרי, וועט אויפן וויגאַן פאָרקומען אַ רע־גיסטראַציע פון אַלע מענער, אין עלטער פון 15 ביז 60 יאָר. ווער עס וועט נישט קומען, וועט שטרענג באַשטראָפט ווערן.

מ'האָט זיך געעצהט, נישט געוווּסט וואָס דאָס באַדייט, אָבער קיין שרעקלעכעס האָט מען נישט פאָרגעזען. דעריבער זיינען אויך יונגערע פון 15 יאָר אַהינגעלאָפן צו יענעם פלאַץ זען, וואָס עס וועט פאָרקומען, אפשר זיך אויך רעגיסטרירן, וועלן זיי שוין אַזוי אַרום אויך הייסן דערוואַקסענע...

אַז מ'איז אָנגעקומען אויפן פלאַץ, האָט אַרומגעכאַפּט אַ פחד. מ'האָט גלייך דערזען, אַז צוריקגיין וועט מען שוין נישט קענען, מ'איז אַרומגע־רינגלט פון אַ קאָרדאָן ס.ס.־לייט און געסטאַפּאָווצעס. עטלעכע שעה איז מען אָפּגעשטאַנען אויפן פלאַץ. דערנאָך איז אָנגעקומען דער לאַנדראַט, דער בורמיסטזש און דער מאַגיסטראַט־סעקרעטאַר, שומאָוויטש. מ'האָט אויסגעשטעלט די יידן אין צוויי רייען, דער לאַנדראַט האָט גערעדט אויף דייטש און איינער האָט איבערזעצט אויף פויליש:

— אַלע, וועלכע געפינען זיך אויפן פלאַץ, ווערן אונטערגעוואָרפן אַ קריגס־באַפעל. ווער ס'וועט פּרוּוון אַנטלויפן, וועט דערשאָסן ווערן, ווי אַ קריגס־פאַרברעכער. געלט, דאָקומענטן און ווערטזאַכן — מוז מען אָפּ־געבן. יעדער קען איבערלאָזן פאַר זיך 30 זלאָטעס. פאַר נישט אויספירן פּינקטלעך דעם באַפעל, וועט מען דערשאָסן ווערן אָן אַ געריכט!

נאָכדעם זיינען די ס.ס.־לייט און געסטאַפּאָווצעס אַרומגעגאַנגען מיט זעק און צונויפגענומען אַלע ווערט־זאַכן.

דערנאָך איז איבערגעלייענט געוואָרן אַ רשימה פון אַלע וועלכע האָבן זיך באַדאַרפט צושטעלן. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז ס'האָבן זיך צוגע־שטעלט מער ווי אין דער רשימה. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ סעלעקציע. יונגערע פון 15 יאָר און עלטערע פון 60 האָט מען צוגעזאָגט באַלד צו באַפרייען און לאָזן גיין אהיים.

דערוויל האָט מען אָנגעהויבן ברענגען פון אַלע זייטן געכאַפּטע יידן, אָפּגעריסענע, האַלב־טויטע. מיר האָבן נישט געוווסט, ווער זיי זיינען און פונוואַנען זיי קומען. פון דערווייטנס, פון שטאָט, האָבן מיר דערהערט די יללות פון די פרויען און קינדער. ערשט דאַן האָבן מיר גענומען באַ־גרייפן, אַז עפּעס שלעכטס קען דאָ געשען מיט אונז.

דער לאַנדראַט און די ס.ס. האָבן דערוויל געמאַכט פאָטאָגראַפישע אויפנאַמעס, עס זאָל זיי בלייבן אַן אָנדענק. דערנאָך האָט מען אונז גע־הייסן זיך אויסשטעלן צו צוויי אין אַ ריי, אָבער איינער זאָל זיין אָפּגערוקט פון צווייטן, און אונטער דער דראָונג פון טויט פאַרבאָטן צו רעדן.

צווישן 11 און 12 פאַרמיטאָג האָט זיך אָנגעהויבן דער מאַרש. ביי דער זייט זיינען געפאָרן ס.ס. און געהאַלטן מאַשין־געווער אין די הענט.

ס'האָבן מאַרשירט, בערך, אַ צוויי טויזנט הרוביעשאָווער און, בערך, דריי טויזנט אַנדערע יידן. אַ טייל פון אונז האָט באַוויזן זיך צו געזע־גענען מיט די בליקן מיט אונזערע פרויען און קינדער, וועלכע זיינען נישט אַוועק, טראָץ די דראָונגען דערשאָסן צו ווערן.

וווהין טרייבט מען אונז? נישט געקוקט אויף דער טויט־דראָונג זיי־נען מיר געוואָר געוואָרן פון די פרעמדע יידן, אַז זיי זיינען פון כעלם, די „רעגיסטראַציע" איז שוין ביי זיי פאָרגעקומען מיט אַ טאָג פריער, און תיכף נאָכן אַרויסמאַרשירן פון כעלם, ביים וואַלד, האָט די געסטאַפּאָ אַרויסגענומען פון די רייען די פני פון שטאָט, זיי אַריינגעפירט אין וואַלד און דאָרט דערשאָסן. די איבעריקע יידן זיינען געבראַכט געוואָרן קיין הרוביעשאָוו, מ'האָט זיי אַריינגעפּאַקט אין משה וואַרמאַנס שמאַ־טע־סקלאַדעס און זיי דאָרט באַוואַכט אַ גאַנצע נאַכט. מ'האָט זיי געהיטן, אַז ס'זאָל זיך קיינער פון זיי זיך נישט אַרויסכאַפּן און מ'זאָל דערפון נישט געוואָר ווערן אין הרוביעשאָוו פאַר דער צייט.

איז וואָזשע וועט זיין מיט אונז אַלעמען? וווהין פירט מען אונז?

מיר זיינען שוין אָפּגעגאַנגען עטלעכע קילאָמעטער און מיר האָבן נאָך אַלץ געהערט די געוויינען פון אונזערע פרויען. ווי מיר זיינען שפּעטער געוואָר געוואָרן איז אפרים דייטש טאָכטער דערשאָסן געוואָרן, ווען זי האָט פונדערווייטנס געשריען:

— טאַטע!

ביים דאָרף האַלאַטישענעס, 4 קילאָמעטער נאָך הרוביעשאָוו, האָבן מיר דערזעען (כאָטש מ'האָט זיך נישט געטאָרט אומקוקן) ווי ס.ס. האָבן אָפּ־געפירט אַן אַ זייט יידן פון כעלם, וועלכע האָבן שוין מער נישט געקענט גיין. אָפּגייענדיק אַ שטיקל וועג, האָבן מיר דערהערט שיסערייען. די הינ־טערשטע רייען האָבן אונז שפּעטער איבערגעגעבן, אַז די יידן האָט מען האַלב־לעבעדיקע אַריינגעוואָרפן אין אַ גרוב. מ'האָט אונז ספּעציעל גע־טריבן דורך גרויסע בלאָטעס, כדי אונז צו פאַרמאַטערן. די אויסגעשעפּטע האָבן זיי דערשאָסן.

שבת פאַרנאַכט זיינען מיר דערגאַנגען ביז צו דער קאַלאָניע טשעכע־בוזש. דאָרט האָט מען אונז געהאַלטן ביז ס'איז פינצטער געוואָרן. שפּעטער האָבן זיי אונז געטריבן איבער גרויסע בלאָטעס און וואַ־סערן. די ס.ס. האָבן פון צייט צו צייט געוואָרפן פּראָזשעקטאָרן־ליכט, און די פינצטערניש איז דערנאָך געדיכטער געוואָרן.

אַ סך זיינען געפאַלן אין די וואַסער־בלאָטעס און נישט געקענט אַרויס, מ'האָט געהערט הילפסרופן און געשרייען. מ'טאַפּטשעט אין דער פינצ־טער אין די בלאָטעס און מ'זוכט אויסצומיידן די ס.ס. באַגלייטער מיט די רעוואָלווערן, אָבער נישט יעדן געלינגט עס.

נאָכדעם ווי מיר זיינען אַריבער די בלאָטיקע זומפּן, האָבן מיר באַקומען אַ באַפעל אוועקצוזעצן זיך אין מיטן וועג און איבערנעכטיקן.

אַזוי ליגנדיק האָט מען דערוויל צווישן זיך סומירט דעם סך־הכל פון די ערשטע קרבנות: דער דיין, הערשל בלומענצווייג, נפתלי שטערן מיט זיין זון, בעריש פינקלשטיין, שלמה בערגער, יענקל שאַפעל, ישראל מרדכי צו־קערמאַן, לייזער ניסל, נחום וואַלדמאַן, יהושע יאַרצייג, יששכר און משהלע קאָזשוך. מער קיין נעמען האָבן מיר נישט געוווסט. פון די כעלמער זיינען אַ סך מער דערשאָסן געוואָרן, ווייל זיי זיינען געווען מער אויסגעמאַטערט.

ס'האָט געטריפט אַ רעגן און מיר זיינען אַזוי אַ גאַנצע נאַכט געלעגן אין דער בלאָטע. 8 פרי האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אונזער טויטנמאַרש.

מיר האָבן שוין דאַן געזען קאַלוזשעס בלוט פון דערשאָסענע. מ'האָט אויך אַרויסגענומען פון די רייען געזונטע מענטשן, זיי געהייסן זיך לייגן מיטן קאָפּ אַראָפּ און זיי דערשאָסן. ווער ס'האָט נישט גלייך אויסגעפירט דעם באַפעל, האָט באַקומען געשלאָגן מיטן רעוואָלווער איבערן קאָפּ.

אַזוי האָט מען אונז געטריבן דעם צווייטן טאָג, ביז מיר זיינען אָנגעג־קומען צום דאָרף דלאַביטשווו. ס'איז געווען אומגעפער אַרום 2־3 באַטאָג. דאָרט האָט מען אונז צעטיילט אין צוויי גרופּן. דאַן האָבן זיי אונז באַ־פוילן זיך אויסצולייגן אויף דער ערד, מיטן קאָפּ אַראָפּ. מיר זיינען זיכער געווען, אַז איצט דערשיסן זיי אונז אַלעמען. זיי האָבן טאַקע עטלעכע מאָל אויסגעשאָסן, כדי אונז איבערצושרעקן. נאָכדעם האָבן זיי אונז באַפוילן זיך אויפצוהייבן און געהייסן געהאָרכזאַם הערן דעם באַפעל:

— מיר ווערן געטריבן צו דער רוסישער גרענעץ. איין גרופּע דורך סאָקאַל און די צווייטע דורך בעלז.

מ'האָט זיך אויף דער גיך געהאַלטן עצות, מיט וועלכער גרופּע וועט זיין בעסער צו גיין און נענטער, מ'איז געלאָפן פון איין גרופּע צו דער צווייטער, כאָטש דאָס איז געווען פאַרבאָטן.

אונז איז אויסגעקומען צו גיין אין דער גרופּע אויף סאָקאַל. ערשט איצט האָבן זיך אָנגעהויבן די גרוילן.

מ'האָט אונז געטריבן דורך אַ שמאָלער סטעזשקע ביי דער זייט פון וועג, אין וועלכן ס'איז אָפּגעלאָפן וואַסער. נאָר 2 מענטשן האָבן געקענט גיין אין דעם וואַסער־גרוב.

אַזוי גייען מיר ווייטער און זעען כסדר ריטשקעלעך בלוט פון די דער־שאָסענע. אייניקע ליגן מיט די פּנימער אַרויף, מיט פאַרקריצטע ציין און בלוט שלענגלט זיך פון מויל. עס שווידערט צו קוקן, יעדער פילט, אַז אָט קומט שוין אַן זיין ריי דערשאָסן צו ווערן. טאָמער איז נאָך דאָס ווינ־ציק, הערן מיר פון ווייטנס, ווי טייל פויערים שרייען צו אונז:

— טאַק דאַבזשע נאַ וואָס, זשידקווו!

די אונטערטרייבער הייסן אונז פאַרשנעלן דעם טעמפּאָ און רופן כסדר מיט שפּאָט:

— דו ביסט מידע, קאָם היר!

אין דאָרף נאַרינע האָט מען אונז אַריינגעטריבן אין אַ זאַל, וווּ מ'איז געשטאַנען צוגעפּרעסט איינער צום צווייטן. ס'האָבן אונז געהיט אוקראַי־נישע מיליציאַנערן. אַ גאַנצע נאַכט האָבן זיי געשאָסן, כדי אונז צו האַלטן אין שרעק.

אויפן דריטן טאָג, מאָנטיק, האָבן די ס.ס. אונז אַרויסגעטריבן פון זאַל, שלאָגנדיק מיט שטעקנס, דאָך האָבן מיר זיך מחיה געווען מיט דעם ביסל, פרישן לופט, אינדרויסן. מ'האָט אונז באַפוילן זיך אויסצושטעלן צו דריי אין אַ ריי און מ'האָט אונז געגעבן וואַסער צום טרינקען.

דערוויל האָט די ס.ס. ווידער דורכגעפירט אַ סעלעקציע, די יונגערע געשטעלט פריער, דערנאָך די עלטערע. און ווידער האָט זיך אָנגעהויבן דער מאַרש. מ'האָט אונז געפירט אויף אַ שלעכט־ברוקירטן וועג. האָט מען זיך אָפּגעשטעלט, האָט איינער נישט געטאָרט זיך אָנהאַלטן אַן צווייטן, מ'האָט אויך נישט געטאָרט זיך אָנלייגן אויף קיין שטעקן.

באַלד האָבן זיי אונז אָנגעהויבן מוראַדיק צו יאָגן און ווידער האָט זיך באַנייט די שיסעריי. מיר האָבן געהערט ווי די עסעסניקעס פרעגן איי־נער דעם צווייטן:

— קאַמעראַד, וויפיל האָסט דו שאָן געטאָטעט?

דער טעמפּאָ פון גיין איז געשטיגן, די בהלה אויך. מ'האָט שוין פון זיך אַראָפּגעוואָרפן, וואָס מער אָנטועכץ, אויסגעטאָן די שיך, כדי ס'זאָל זיין גרינגער צו לויפן. איצט, ביים מינדסטן וואַקלען זיך, ווערט מען דערשאָסן. פאַטערס לאָזן איבער אין וועג דערשאָסענע זין, און פאַרקערט, אַ ברודער לאָזט ליגן אַ דערשאָסענעם ברודער, אפילו באַוויינען האָט מען נישט באַוויזן.

ווען די עסעסניקעס האָבן אַרויסגענומען פון ריי איטשעלע לע־ווענפּוס, כדי צו דערשיסן אים, איז זיין זון מיטגעלאָפן און זיך גע־בעטן ביי די היטלעריסטן, זיי זאָלן אים דערשיסן אנשטאָט דעם טאַטן. האָבן זיי דערשאָסן ביידע צוזאַמען, דעם טאַטן מיטן זון. דערנאָך האָט דער עסעסניק אַ רוף געטאָן שמואל הערש קופערשטאָק. ער האָט אָנגעהויבן רופן: „שמע ישראל!" און אין מיטן רופן צו גאָט — דערשאָסן געוואָרן. דערנאָך איז געקומען די ריי אויף נח ווערטמאַן. ער האָט

שוין געשטעלט אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד. דערלאַנגט אַ שטויס און אַ פּאַטש דעם ס.ס.־מאַן.

אַרום 2 באַטאָג זיינען מיר אָנגעקומען צום דאָרף נישמאַס, 5 קילאָמעטער פון סאָקאַל. מיר זיינען שוין געווען אַ קליינע אויסגעמאַטערטע גרופּע. מ'האָט אונז געציילט. אַן ס.ס.־אָפיציר איז געקומען אויף אַ פערד און אָפּ־גענומען אַ באַריכט פון דער אָפּגעטועטענער „אַרבעט" און וויפל ס'איז פאַרבליבן. דעם אָפיציר איז די צאָל פאַרבליבענע נישט געפעלן געוואָרן און ער האָט באַפוילן:

— קאַמעראַדן, נאָך דריי יודן צופּיל — האָט מען אַרויסגענומען נאָך דריי יידן, צווישן זיי איז אויך אברהם פּעלער, און מ'האָט זיי דערשאָסן.

דערנאָך האָט דער אָפיציר זיך געווענדעט צו אונז און געזאָגט, אַז מער וועט שוין קיינער נישט דערשאָסן ווערן אויפן וועג. מיר וועלן מוזן אַריבער גיין דעם בוג, דאָס וואַסער איז דאָרט נישט טיף און מיר וועלן זיך מוזן האַלטן אין אָרדענונג.

אָבער טאַקע דער זעלבער אָפיצער האָט דערנאָך ווידער געשאָסן. דער לעצטער פון די דערשאָסענע איז געווען אַ 15־יעריק יינגל, פּנחס טאָקערס אַ זון, בעת ער איז געלאָפן כאַפּן אַ שטיקל ברויט, וואָס דער אָפיצער האָט אים אַ וואָרף געטאָן.

מ'האָט באַפוילן, אַז מיר זאָלן זינגען. זינגענדיק זיינען מיר צוגעקומען צו דער בוג־בריק. די אָפיצערן האָבן אונז דערקלערט, אַז מיר גייען אַריבער די גרענעץ צו די סאָוויעטן. זאָלן מיר, דעריבער, מאַרשירן מיט אויפגע־הויבענע הענט און כסדר רופן:

זאָלן לעבן סטאַלין!

די דייטשן האָבן אויסגעשאָסן אין דער לופטן און מיר זיינען אַרויף אויף דער בריק, מיט אויפגעהויבענע הענט און מיט אויסרופן: זאָל לעבן סטאַלין! מיר האָבן געצאַפּלט פון גליק, — אָט ענדיקט זיך אונזער וועג פון לייד און פּיין.

און אָט זיינען מיר, שוין ענדלעך, אויף יענער זייט, ביי די סאָוויעטן. די זעלנער באַקוקן אונז מיט באַדויער, זיי זעען, ווי מיר זיינען אָפּגעריסן, צעקאַליעטשעט און פאַרמאַטערט. זיי האָבן אונז דערלאַנגט הייסן קיפּיאַ־טאָק. מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט און זיי האָבן אונז געטרייסט, אַז מען וועט אונז באַלד באַפרייען.

פון דער גרופּע וועלכע איז געטריבן געוואָרן אויף בעלז, זיינען א סך דערשאָסן געוואָרן אויפן וועג.

מאָנטיק 2 באַטאָג זענען מיר אָנגעקומען צו דער גרענעץ, ביים טייך סיראַקאַ. מ'האָט אונז אָפּגעהאַלטן ביז פאַרנאַכט, דערנאָך באַפוילן אַריבער־צוגיין דעם טייך. אַלע זענען מיר אַריין אין וואַסער און געלאָפן.

די סאָוויעטישע זעלנער האָבן אָנגעהויבן צו שיסן אין דער לופטן, אָבער אַלע זיינען מיר געלאָפן ווייטער, נישט געקוקט אויף די שיסערייען. דאָס וואַסער האָט שוין דערגרייכט ביזן האַלז און מיר זענען קוים אַריבער אויף דער צווייטער זייט.

די זעלנער האָבן אונז פאַרהאַלטן. מיר זענען געשטאַנען אַדורכגעווייקטע און ציטערנדיקע. מיר האָבן געוואַרט אויף אַ דעציזיע פון דער סאָוויעטי־שער גרענעץ־וואַך. די קעלט איז געווען אַ ביטערע. אונזערע קערפּערס זענען פאַרשטאַרט געוואָרן. מאיר וואַקסמאַן, יענקל אייל און אַנדערע זיינען פאַרפרוירן געוואָרן.

2 ביינאַכט האָט אונז געמאָלדן די סאָוויעטישע וואַך, אַז מיר מוזן צוריק־גיין. און זיי האָבן אונז געפירט צוריק צו דער בריק, צו די עסעסאָווצעס.

די דייטשן האָבן אונז אַריינגעפירט אין עטלעכע ליידיקע שטיבער.

צומאָרגנס זענען געקומען ס.ס.־לייט און אונז באַפוילן ווידער אַריבער־צוגיין דאָס וואַסער צו די רוסן. מיר זענען זיך צעלאָפן. אַ קליינעם טייל האָט זיך איינגעגעבן אַריבערצוגיין אויף דער סאָוויעטישער זייט, און אַ טייל איז אַוועק אהיים.

פון די העכער 5 טויזנט יידן, וועלכע זענען אַרויס אין מאַרש, זענען געבליבן לעבן אַ 700—800 יידן. העכער 4 טויזנט יידן זענען געפאַלן אין יענעם טויטנמאַרש פון כעלם און הרוביעשאָוו.

מיר קענען נישט ענדיקן אונזער גבית־עדות אָן אַ קללה אויף די נאַצישע מערדער און אַ קדיש נאָך די געפאַלענע קדושים.

# מיין טאַטנס לעצטער בריוו


## אליעזר אהרן זאַמער

סאַן־באַסע, קאָסטאַריקאַ


### א

מיין טאַטע, וואָס האָט געקענט מצרף זיין אותיות פון דער תורה,
ווי אַ גאַנץ געוויינלעכע און גאָר פּשוטע זאַך,
האָט זיין לעצטן בריוו געמוזט גאָר שרייבן —
אין דער פּאָגראָמישער, פּוילישער שפּראַך.

### ב

אין זיין פּוילישן בריוו האָט ער תפילהדיק,
אַריינגעפּלאָכטן אַ רמז נאָך אַ רמז,
ווייל דער אַרצי־טייוול, דער פאַרטיליקער,
האָט נישט געלאָזט שרייבן דעם גהינומדיקן אמת.

### ג

מיין טאַטנס לעצטער בריוו איז געווען אַין קרעכצנדיקער „אוי",
דורכגענעצט מיט טרערן — ווי די ערד אין פרימאָרגנטוי.

### ד

מיינע טייערע קינדער,
צוליב דער שוואַכקייט פון מיינע אויגן,
שרייב איך מיט גרייזן אַצינדער.

### ה

לייענט מיין בריוו רויק, מיט שכל,
פון אות אלף ביז מם,
וועט איר פאַרשטיין דעם כפל־כפלים־איכה,
ערב מיין גאַנג אויף קידוש־השם.

### ו

געדענקט איר געוויס אונזער לעצטע תורה,
וואָס איך האָב מיט אייך געלערנט אויפן גאַנעק,
דעמאָלט האָט קיינער פון אונז נישט געוווסט,
אַז ווי אַ קרבן־עולה וועלן מיר געשאָכטן ווערן אין מאַידאַנעק.

### ז

מיין האַרץ ווערט מיר צעשניטן, ערגער ווי מיט אַ שווערד,
ווען איך קוק אויף מיין דריי־יעריקער מיזינקע,
ווייל איך ווייס, אַז דאָס ריינע נפשל,
וועט דערשטיקט ווערן אין טרעבלינקע.

### ח

זייט געזונט, מיינע טייערע קינדער,
איר זאָלט האָבן אַ געטרייסט לעבן,
פון אייער פאָטער חיים נחום,
וואָס איז צו דער עקידה געוואָרן איבערגעגעבן.

### ט

לייענט מיין בריוו רואיק און מיט שכל,
פון אות אלף ביז דעם אות מם;
אונזער לעבן ווערט איבערגעהאַקט אינמיטן,
איך בין יעצט ערב מיין גאַנג אויף קידוש־השם.

# אליהו זילבערבלעך / קיינמאָל וועל איך עס נישט פאַרגעסן

ניו־יאָרק



אליהו זילבערבלעך

ווען דער היטלער־אָקופּאַנט האָט פאַרנומען אונזער שטעטל, האָט דער יידישער קיבוץ אינסטינקטיוו זיך דערפילט נישט זיכער.

דאָס ביסל האָב און גוטס איז אין געציילטע טעג קאָנפיסקירט געוואָרן דורך קאָנטריבוציעס. ספּאָנטאַן איז דאָס געזעלשאַפטלעך לעבן אָפּגעשטאָרבן. דאָס איז געווען דעו ערשטער, צעשמעטערנדיקער קלאַפּ פאַר דער יידישער באַפעלקערונג.

גלייך האָבן אויפגעהערט צו עקזיסטירן אַלע פילאַנטראָפּישע און סאָציאַלע אינסטיטוציעס. כ׳וויל ביי דער געלעגנהייט אָנרופן ביים נאָמען עטלעכע פון זיי: מלביש־ערומים, סומך־נופלים, הכנסת־אורחים און גמילות־חסדים קאַסע.

די גמילות־חסדים קאַסע האָט געהאַט דערפאָלג אדאנק איר וואַכזאַמער און אַקטיווער הילף פאַר דעם האַנטווערקער און קליינהענדלער. די פאַרוואַלטונג פון דער קאַסע האָט געשאַפן געלט־מיטלען מיט דער הילף פון פרויען קאָמיטעט, וואָס האָט דורכגעפירט אַ ווערבירונגס־אַקציע און מיט דער הילף פון הרוביעשאָווער לאנדסלייט אין אַמעריקע, וועלכע האָבן זיך זייער וואַרעם אָפּגערופן. די געשאַפענע לאַגע האָט צעשטערט אַ סך פּלענער, וואָס די פאַרוואַלטונג האָט געוואָלט פאַרווירקלעכן.

פאַר דער ליקווידאַציע פון דער אינסטיטוציע האָט די פאַרוואַלטונג, אין וועלכער איך האָב געהאַט דעם כבוד מיטצואַרבעטן, אָפּגעהאַלטן איר לעצטע זיצונג אין הויז פון פאָרזיצער, שמואל זייד, עליו־השלום. אויסער אים האָבן זיך אין דער פאַרוואַלטונג באַטייליקט: שמואל בוכטרעגער, יענקעלע רויטער, יאָסקע ווייסברויט, יצחק שמעון פייפער און איך, דער לעבנגעבליבענער עדות.

דעם זעלבן טאָג, פרייטיק, 20 טעג אין חודש כסלו, אין יאָר 1939, ווען מיר האָבן מיט ווייטיק באַשלאָסן אָפּצושטעלן אונזער טעטיקייט אויף אן אומבאַשטימטער צייט, זיינען די ווענט פון הרוביעשאָוו פאַרקלעפּט געוואָרן מיט גרויסע פּלאַקאַטן אין וועלכע עס איז געווען געשריבן, אַז מענער פון 16 ביז 60 מוזן זיך מאָרגן, שבת 7 אַזייגער אין דערפרי, מעלדן אויף דעם וויגאָן, לעבן שעכט־הויז. ווער עס וועט זיך נישט מעלדן, וועט דערשאָסן ווערן. דעם טעקסט פון די פּלאַקאַטן האָבן מיר געליינט, ווען מיר האָבן פאַרלאָזן דאָס הויז פון פאָרזיצער. אויסער די גאַסן־מעלדונגען האָט דער הרוביעשאָווער מאַגיסטראַט אַרויסגעשיקט זיינע בעאַמטע אָנזאָגן דעם באַפעל אין אַלע יידישע הייזער.

אין צווישנצייט האָבן די געוועזענע פאָרשטייער און אָנגעזעענע תושבים פון אונזער שטאָט אויסגענוצט אַלע וועגן און מעגלעכקייטן, כדי צו דערוויסן זיך דעם סוד, אָבער אָן דערפאָלג. פאַרשיידענע ווערסיעס זיינען אַרומגעגאַנגען. מען וועט אונז נעמען אויף שווערע אַרבעט קיין דייטשלאַנד, אָדער מען וועט אונז אריבערשיקן צו דער רוסישער גרענעץ.

צומאָרגנס, שבת פרי, ווען טאַטעס מיט קינדער האָבן מאַסנוויַיז געשטראָמט צו דעם אָנגעצייכנטן פּלאַץ, האָט קיינער נישט געהאַט דעם חשד, אז מיר גייען פרייוויליק צו דער שחיטה. אַלע זיינען געווען מונטער.

אָבער פאַלש און נאַיוו איז געווען אונזער אָרט־דענקען וועגן די היטלער־מערדער. אַזוי שנעל, ווי אַלע מענער פון 16 ביז 60 האָבן זיך פאַרזאַמלט אויף דעם פרייען פעלד, זיינען מיר אַריינגעכאַפּט געוואָרן אין אַ קרייז פון געסטאַפּאָ און מיר האָבן זיך שוין נישט געקענט באַוועגן. מען האָט אונז אַוועקגעשטעלט אין צוויי לאַנגע רייען, צוגענומען ביי אונז די פּאַספּאָרטן און געמאַכט אונז פאַר שטאַטלאָזע.

אין דער זעלבער צייט, ווען מיר האָבן שוין געזען און געפילט, אז עס וועט מיט אונז פאָרקומען עפּעס שרעקלעכעס, האָבן מיר אָנגעשטעלט אונזערע אויערן צו די האַרצרייסנדע יללות, וואָס מיר האָבן פּלוצעם דערהערט פון בית־הקברות, וועלכער האָט זיך געגרענעצט מיט דעם פעלד, ווו מיר זיינען אריינגעטריבן געוואָרן. ערשט איצט האָבן מיר פאַרשטאַנען, ווי ערנסט די לאַגע איז, און אונז איז געוואָרן פאַרשטענדלעך פאַרוואָס אונזערע פרויען און מאַמעס זיינען געלאָפן קברים רייסן. זיי האָבן די געפאַר געזען פאַר אונז, ווען זיי האָבן געזען די קליינע צאָל איבערגעבליבענע יידן, וואָס זיינען געטריבן געוואָרן פון כעלם קיין הרוביעשאָוו. מיר האָבן זיך וועגן דעם דערוווּסט, ווען מען האָט די האַלב־טויטע, כעלמער יידן צוגעשטעלט צו אונזערע רייען.

די האַרצרייסנדע קולות פון בית־הקברות זיינען נאָר דערגאַנגען צו אונזערע אויערן, אָבער נישט ווייטער און נישט העכער, און מען האָט דעם גזר־דין נישט געקענט אָפּרופן.

דעם מאָרד־פּלאַן איבער מענער אין כעלם און הרוביעשאָוו האָבן די מערדער דורכגעפירט מיט מער דערפאָלג, ווי זיי האָבן דערוואַרטעט. זיי אַליין האָבן נישט פאָראויסגעזען אַזאַ גרויסע צאָל באַטייליקטע אין בלוטיקן מאַרש.

שבת, 1 אזייגער, האָט מען אונז אַרויסגעפירט פון אונזער געבורט־שטאָט אויפן וועג, לענגויס דער באַן־סטאַציע. אין פראָנט איז געפאָרן אַ פור, אויף וועלכער עס זיינען געלעגן אין אַ גסיסה־צושטאַנד עטלעכע כעלמער יידן. נאָך איידער מיר זיינען צוגעקומען נאָענט צו דער באַן־סטאַציע, האָט מען די פור מיט די כעלמער צוגעפירט צו אַ גרוב, לעבן דער מיל פון געצל און אברהם וואַלדמאַן, און אויף אַ סאַדיסטישן אופן האָט מען די כעלמער יידן אומגעבראַכט.

נאָך דעם שוידערלעכן און ווילדן טאַט האָבן מיר פאַרלוירן אַלע האָפענונגען צו זען אונזערע פאַמיליעס. ווען מיר זיינען צוגעקומען צו די צוויי שייד־וועגן, פון וועלכער איינער איז געווען דער ברוקירטער וועג צו דער באַן־סטאַציע און דער צווייטער אַ בלאָטיקער, פּוילישער וועג צו די ארומיקע דערפלעך, האָבן די מערדער אַוועקגערויבט ביי אונז דעם חלום, אַז מיר גייען צו דער באַן און מיר פאָרן אויף אַרבעט ערגעץ ווו אין דייטשע שטעט.

געציילטע פון אונז, מער געוואַגטע, האָבן געשפּרונגען אין די אויסגעגראָבענע גריבער, וואָס די אָרטיקע פּויערים האָבן צוגעגרייט פאַר די קאַרטאָפל אויף ווינטער, און זיך צייטווייליק געראַטעוועט פון די מערדער. עס וואָלטן אַ סך פון אונז געווען ריזיקירט, אָבער די פּראָזשעקטאָרן מיט וועלכע די רוצחים האָבן באַלויכטן דעם וועג, האָבן געשטערט.

אין דער זעלבער מינוט האָט זיך דערהערט אַ שיסעריי, אודאי אויף די, וואָס זיי האָבן באַמערקט, אַז זיי אַנטלויפן. שפּעטער, ווען מען האָט אונז צוגעפירט צו אַ גרויסער וואַנט פון אַ פּויערישער שטאַל און מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף דער נאַסער, האַלב־געפרוירענער ערד, האָב איך זיך דערוווּסט, אז פון די ערשטע שאָסן איז געפאַלן מיין חבר, ישראל מרדכי צוקערמאַן, עליו־השלום, יעקב אבאָס אַן אייניקל.

ערע זיין אָנדענק!

ווען מיר זיינען נאָך פיל פּיין און ליידן איבערגעקומען די פינצטערע נאַכט אויף דער האַלב־פרירנדיקער בלאָטע, און דערלעבט דעם טאָג, האָבן מיר שוין ווידער געבענקט נאָך דער פאַרגאַנגענער נאַכט. מען האָט אונז אָנגעהויבן טרייבן אין די טיפענישן פון די בלאָטעס און עס האָבן זיך אָנגעהויבן עקזעקוציעס. יעדע מינוט האָט מען אַרויסגענומען אַן אַנדער יידן און אים איבערגעלאָזט מיט אַ קויל אין קאָפּ.

נאָך דעם טאָג, וואָס האָט אַוועקגעריסן הונדערטער אומשולדיקע לעבנס, האָבן די היטלער־רוצחים, זיינענדיק אַליין דערשעפּט פון די בלאָטעס, באַוויליגט אויף אַ באַגרענעצטער צייט זיך אָפּצורוען. אויף אַ פעלד פון אָפּגעשניטענער תבואה האָט מען אונז, נאָענט פאַרן אָנקומען פון דער פינצטערער נאַכט, געהייסן זיך אַוועקלייגן מיטן פּנים צו דער ערד און נאָך עטלעכע מינוט האָט מען אונז צעטיילט אויף צוויי באַזונדערע גרופּעס. אויף

דעם אָרט זיינען געווען צוויי שיד־וועגן, וועלכע האָבן געפירט אין צוויי באַזונדערע וועגן: קיין בעלז און קיין סאקאל.

דער הויפּטמאַן פון די מערדערס האָט זיינע רוצחים באַפוילן זיך צעטיילן אין צוויי גרופּן. איך בין געווען אין דער גרופּע, וואָס מען האָט געפירט קיין סאקאל. ווען מיר האָבן דערלעבט דעם צווייטן איבערפרי, דאָס הייסט מאָנטיק, איבערנעכטנדיק אין דערפל אוריניעוו, ווו מען האָט אונז, ווי הערינג אין אַ פאַס אַריינגעפּאַקט אין קעלער פון דער שול, האָט מען אונז דערלויבט, נאָך צוויי טעג, צו נעמען אַ ביסל וואַסער פון דעם ברונעם, וואָס איז געשטאַנען לעבן קעלער. נאָך דעם פאַרגעניגן האָט זיך דערהערט אַ שאָס און עס איז געפאַלן מענדל לייביש דייטש.

אויפן וועג קיין סאקאל האָט זיך אָנגעהויבן אַ מאַסן־שיסעריי. אויף דעם ברוקירטן וועג האָט זיך געשאַפן אַ געפערלעכער כאַאָס, צוליב דעם וואָס די שיסעריי איז פאָרגעקומען אין די הינטערשטע רייען, האָט מען אָנגעהויבן איבערלויפן אין די פאָדערשטע, וועלנדיק דערמיט זיך ראַטעווען דאָס לעבן. אָבער יעדע עטלעכע מינוט זיינען די פאָדערשטע רייען געוואָרן די לעצטע, צוליבן מאַסן־מאָרד.

מיר זיינען שוין געווען געציילטע קילאָמעטער פון סאקאל, די גרענעץ צווישן די דייטשן און די רוסן. ווען מען האָט אונז אומדערוואַרטעט געהייסן שטיין, האָט דער הויפּטמאַן, וואָס האָט אָנגעפירט מיט די מערדער, דורכגעפירט אַ ציילונג און דאַן האָט ער געמאָלדן אַז נאָך דריי יידן מוזן דערשאָסן ווערן, און די איבעריקע וועלן דורכן בוג אַריבערגיין צום רוס.

מיר אַלע זיינען געווען ביי דער מיינונג, אַז מיט די לעבנגעבליבענע וועט ער פאַרענדיקן אין וואַסער. עס האָט קיינער נישט געחלומט, אַז עס וועט פון אונז בלייבן א זכר. אין דער זעלבער מינוט, ווען מיר האָבן וועגן דעם געטראַכט, האָבן מיר איבערגעלעבט אַ פיינלעך געפיל, ווער וועט זיין פון די דריי, וואָס מוזן נאָך דערשאָסן ווערן. יעדער האָט געטראַכט וועגן זיך. טראָץ דעם, וואָס אַלע זיינען מיר געווען מער טויט ווי לעבעדיק, איז דער דראַנג צום לעבן געווען גרויס און מיר האָבן געגלויבט, אַז אפשר וועט געשען אַ נס און די וואָס וועלן לעבנבלייבן, וועלן באמת אַריבערגיין צו די רוסן.

די מערדער האָבן אונז לאַנג נישט געלאָזט קלערן, זיי האָבן אַרויסגענומען צוויי כעלמער און איין הרוביעשאָווער און דער טראַגישער באַפעל איז אויסגעפירט געוואָרן. נאָך די דריי קרבנות האָט מען אונז נאָך אַמאָל פאַרזיכערט, אַז מער וועט מען אונז נישט שיסן.

מיר האָבן פאַרגעזעצט דעם בלוטיקן מאַרש. מיר האָבן זיך דערנענטערט צו אַ גרענעץ־דאָרף. צו אונזער גרויסער איבעראַשונג האָט מען אונז צוגעפירט צו אַ בריק, ווו עס זיינען געשטאַנען די גרענעץ־וואַכן פון די היטלער־מערדער און די רוסן, די כלומערשטע באַפרייער.

די דייטשע וואַך האָט פאַר אונז פריי געמאַכט דעם וועג און מיט לויבגעזאַנגען פאַר סטאַלינען האָבן אונז די רוצחים פון בלוטיקן מאַרש געהייסן אַריבערלויפן אויף דער צווייטער זייט, צו די רוסן. מיר האָבן געפאָלגט דעם באַפעל און מיט די לעצטע כוחות געלאָפן צו דער העלפט בריק, ווו עס איז געשטאַנען די רוסישע וואַך, נישט גלויבנדיק זיך, אַז מיר זיינען שוין ניצול געוואָרן פון די בלוטיקע מערדער.

די רוסישע גרענעץ־וואַך, וועלכע איז געווען קליין אין צאָל, נישט וויסנדיק וואָס דאָ קומט פאָר, און נישט קענענדיק איינהאַלטן אונזער דרוק, האָט אונז געלאָזט גיין פאָרויס, ביז מיר האָבן דערגרייכט די רוסישע טעריטאָריע.

בליץ שנעל האָט זיך פאַרשפּרייט אין סאקאל די ידיעה וועגן אונז. מאַסנוויז האָבן זיך יידן פון סאקאל געלאָזט גיין צו דעם אָרט, ווו מיר זיינען געשטאַנען און געוואַרט אויפן גורל. מיט קנאהדיקע אויגן האָבן מיר געקוקט אויף זיי פון דערווייטנס. מען האָט זיי צו אונז נישט צוגעלאָזט און מיר האָבן זיך פון דעם אָרט נישט געקענט רירן, צוליב דער פאַרגרעסערטער גרענעץ־וואַך.

אין דעם מאָמענט זיינען אויסגעוואַקסן פאַר אונזערע אויגן עטלעכע הויכראַנגיקע מיליטערלייט און פאַרלאַנגט אן אויפקלערונג, וואָס עס האָט אונז אַהער געבראַכט. עטלעכע יידן, וועלכע האָבן זיך געקענט מיט זיי פאַרשטענדיקן, האָבן זיי איבערגעגעבן אַלע איינצלהייטן פון דעם טרויעריקן וועג, וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט און וויפל קרבנות מיר האָבן אי־

בערגעלאָזט. די מיליטערישע פאָרשטייער האָבן אונז אָנגעזאָגט אַ גוטע בשורה, אַז באַלד וועט מען אונז נעמען אין שטאָט, אין פאַר אונז צוגעגרייטע צימערן, ווו מען וועט אונז אויפנעמען מיט אַ מאָלצייט, און מיר וועלן שוין מער נישט פאַלן פון דייטשע קוילן.

אַ שטראַל פון ליכט האָט זיך פאַר אונזערע אויגן באַוויזן. נייע כוחות און מוט צום לעבן האָט פון אונזערע אויגן אָנגעהויבן אַרויסשיינען, הערצדיק די גוטהאַרציקייט פון די הויכראַנגיקע פאָרשטייער. מיר האָבן אין דעם מאָמענט זיך פאָרגעשטעלט, אַז מיר געפינען זיך פאַר די טויערן פון גן־עדן און מיר זעען פאַר זיך מלאכים אין מענטשלעכן געשטאַלט. מיר האָבן, באמת, מקנא געווען די יידן, וואָס לעבן אין דעם טייל וועלט, ווו די זון שיינט פאַר אַלע גלייך, ווו אַלע האָבן רעכט פריי צו אָטעמען.

דערשעפּט פון די כוחות, האָבן מיר מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דער גליקלעכער מינוט, זיך שוין צו געפינען אין שטאָט. אָבער, ווי איבעראַשט זיינען מיר געוואָרן, ווען נאָך אַ שעה וואַרטן אויף די מיליטערישע פאָרשטייער, וואָס זיינען אַריבערגעפאָרן אויף דער צווייטער זייט אויף אַ קאָנפערענץ מיט די היטלער־מערדער, זיינען זיי צו אונז צוריקגעקומען מיטן באַפעל, אַז מיר מוזן צוריקגיין פון וואַנען מיר זיינען געקומען.

מיר האָבן זיך צו דער ערד געוואָרפן און זיך געבעטן, מיר ווילן שוין מער נישט פאַלן פון די דייטשע מערדער, שיסט אונז דאָ אויפן אָרט, מיר וועלן צום דייטש נישט צוריקגיין. מיר האָבן געמיינט, אַז עס וועט אונז געלונגען דעם באַפעל בטל צו מאַכן. אָבער אין דער צייט, וואָס מיר זיינען געלעגן אויף דער ערד, ווו אגב צוויי יידן זיינען דערדישעט געוואָרן, האָט מען אַרויסגערופן אַ גרעסערע צאָל רוסיש מיליטער און מען האָט אָנגעהויבן איינצעלנע פון אונז אַריבערטראָגן אויף דער דייטשער זייט. זיי האָבן די אַקציע דורכגעפירט בשלמות, נישט איבערלאָזנדיק קיין איינעם פון אונז אויף דער רוסישער טעריטאָריע.

די אַקציע האָט זיך פאַרצויגן ביז שפּעט אין דער נאַכט. די גרעסערע טייל פון אונז האָט מיט דער הילף פון די אָרטיקע פויערים אויף שיפלעך אַריבער דעם בוג אויף דער רוסישער זייט און אָנגעקומען אין סאקאל. דאָס קלענערע רעשטל האָבן די פויערים אַריינגענומען איבערצונעכטיקן און מחיה געווען מיט אַ שטיקל ברויט און הייסע טיי, וואָס מיר האָבן שוין זייט פרייטיק־צונאַכט נישט געזען פאַר אונזערע אויגן.

איך בין אויך געווען פון די געציילטע, וואָס האָבן באַשלאָסן צו טיילן דעם גורל מיט אונזערע פאַמיליעס, און צומאָרגנס, דינסטיק, האָב איך מיט נאָך עטלעכע זיך געלאָזט צוריקגיין אַהיים, נישט זייענדיק זיכער צו מיר וועלן קענען לעבעדיקערהייט אָנקומען צו אונזערע משפחות.

ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צו איינעם פון די דערפלעך, וואָס האָבן אונז אָפּגעטיילט פון שטאָט, האָבן אונז פויערים פאַרהאַלטן און באַוויזן דעם מאַסן־קבר פון אונזערע קדושים, וואָס זיי האָבן לויטן באַפעל פון די מערדער צונויפגעזאַמלט. דער קבר איז נאָך געווען אָפן צוליב דער נאָך נישט־פאַרענדיקטער אַקציע פון אָפּרייניקן די וועגן פון די געפאַלענע יידן. דאָס בילד וועט קיינמאָל נישט פאַרשווינדן פון די אויגן, וואָס האָבן עס געזען. מיר האָבן געזאָגט קדיש און מיט צעבראָכענע הערצער פאַרגעזעצט אונזער בלוטיקן וועג, צוריק אַהיים.

מיטוואָך ביינאַכט, צום ערשטן חנוכה־ליכטל, בין איך אָנגעקומען אין מיין הויז. איך בין נישט אומשטאַנד אויסצודריקן מיין איבערלעבונג דעמאלט, מיט 17 יאָר צוריק, ווען אונזער הויז האָט זיך אָנגעפילט מיט די שכנישע פרויען, וואָס האָבן זייערע מענער און קינדער שוין געהאַט פאַרלוירן אין דעם בלוטיקן מאַרש. איך האָב געמוזט געפינען פאַר זיי אַ דערמוטיקדיקן ענטפער, אַז אַ טייל זיינען אַריבער צו די רוסן און אַ טייל איז אַוועק מיט דער צווייטער גרופּע אויף בעלז, ווי איך האָב שוין אין מיין באַשרייבונג איבערגעגעבן.

די ספּאַזמאַטישע געוויינען פון די פרויען, וואָס זיינען אַליין שפּעטער אומגעקומען דורך די זעלבע רוצחים, הער איך נאָך איצט, ווען איך שרייב דאָס טראַגישע קאַפּיטל פון אונזער שטעטל.

איך האָב אַ בקשה צו די אַלע, וואָס וועלן לייענען דאָס בוך, אַז די אַלע טראַגישע קאַפּיטלעך זאָלן געלייענט ווערן מיט דעם געפיל, ווי ער אַליין וואָלט עס איבערגעלעבט, ווייל נאָר אַזאַ געפיל וועט פאַראייביקן די אכזריות פון די היטלער־עמלקים.

# ראובן כץ / נישט צו באַשרייבן!

ניו־יאָרק



ראובן כץ

ס׳איז ווירקלעך געווען אַ שווערער וועג. דאָס גיין איז מערסטנטייל פאָרגעקומען ביינאַכט. די נאַכט האָט אונז געשיצט פון די אַנטוואָפנטע, פּוילישע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן נישט פאַרגעסן צו שלאָגן און ממיתן יידן.

אין דער שטילקייט פון דער נאַכט זיינען אַלע פּוילישע וועגן געווען אָנגעפילט מיט יידן. ווי געיאָגטע חיות זיינען מיר געלאָפן, ווו די אויגן האָבן געטראָגן.

נאָך אַזעלכע 8 טעג און נעכט לויפן, אַן אויסגעמאַטערטער, און אויסגעשעפּטער, האָב איך אין אַ נעפּלדיקן, קאַלטן, הערבסטיקן פרימאָרגן דערקענט מיין היים־שטאָט, הרוביעשאָוו, דאָרט ווו כ׳בין געבוירן און דערצויגן געוואָרן, אין חדר געגאַנגען, און אין שטיבל געלערנט. כ׳האָב דערקענט דעם כעלמער וועג, אברהם בראנדס מיל, ווו איך פלעג יינגלוויז מיט מיין פאָטער קלמן שמואל, עליו־השלום, אויפמאלן עטלעכע קערצלעך תבואה און עס פאַרקויפן די בעקער, כדי מפרנס צו זיין די משפחה.

ווו נישט ווו האָבן זיך מענער און פרויען באַוויזן אויף די שוועלן פון זייערע הייזער. נישט אויסגעשלאָפענע, מיט אַ באַהאַלטענער אימה אין זייערע אויגן, האָט איינער דעם צווייטן געפרעגט:

— וואָס הערט זיך? ס׳איז שטיל? כ׳האָב דערפילט, אַז ס׳איז דערזעלבער ציטער און שרעק, ווי ביי די יידן אין וואַרשע, לובלין און כעלם.

כ׳האָב געטראָפן הרוביעשאָוו אַ צעטומעלטע. די רוסן ציען זיך צוריק איבערן בוג און די שטאָט וואַרט אויפן אנקום פון די דייטשן. יידן בלייכע, צעטומלטע מיט שרעק אין זייערע אויגן לויפן ארום און פרעגן זיך:

— וואָס טוט מען? לויפן מיט די רוסן אויף נע־ונד, אָדער בלייבן אין די היימען און פאַרלאָזן זיך אויף גאָטס באַראָט.

יינגוואַרג איז געלאָפן, אָבער דער גרעסטער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג איז געבליבן אויפן אָרט. מיט יעדן טאָג איז געוואַקסן די שרעק.

שוין אין די ערשטע טעג פון אריינמאַרש פון דער דייטשער ארמיי האָבן יידן גלייך דערזען די געפאַר, וואָס דראָט זיי. הייזער זיינען אויסגעראַבירט געוואָרן, די געשעפטן און פארמעגנס קאָנפיסקירט, יידן האָבן געמוזט צאָלן דירה־געלט פאר זייערע אייגענע ווױנונגען.

נאָכן באַרויבן האָבן זיך אָנגעהויבן די פארפאלגונגען. יונגע און אַלטע האָט מען געשיקט אויף שווערע ארבעט, טויט־קלעפּ זיינען געווען אַ נאָרמאַלע דעשיינונג און מיר האָבן שוין אָנגעהויבן פילן די געפאַר פון אומקום. פון דער האָפענונג, אַז זיי וועלן אונז ניצן אלס אומזיסטע ארבעטער האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם.

די לאַגע איז געוואָרן האָפענונגסלאָז, ס׳לעבן הפקרדיק. דאָ שיסט מען אַ יידן, יעקב שאפּעל, ביי דער טיר פון זיין געוועלב, דאָ פירט מען אַ גרופּע יידן אין רוסאַלקע און מען שיסט זיי.

די ערשטע, בלוטיקע מאסן־אַקציע האָט זיך אָנגעהויבן אין נאָוועמבער 1939. אין אַ פרייטיק, נאָך ליכט־בענטשן, זיינען יידן אין געהייל געלאָפן דאווענען. מאַמעס האָבן מיט זייערע ציטערדיקע הענט באדעקט די דאַרע, אויסגעבלייכטע פנימער ביים ליכט־צינדן און געוויינט אויף זייער ביטער מזל און נישט געוווסט, וואָס ס׳וואַרט אויף זיי מאָרגן.

אין דער זעלבער צייט איז דודל שמערלס, דער שטאָטישער שמש, לויטן באַפעל פון ראַט, ווי אַ ווינט אַרומגעלאָפן אין אַלע בתי־מדרשים און חסידים־שטיבלעך און אויסגערופן, אַז אַלע יידן פון 15 ביז 65 יאָר זאָלן מאָרגן 8 אזייגער אינדערפרי קומען אויפן וויגאַן, רעגיסטרירן זיך קיין רוסלאַנד.

אַ פינצטערער וואָלקן האָט זיך מיט אַמאָל אַראָפּגעלאָזט איבער די דער־שראָקענע יידן. מיט צעבראָכענע הערצער האָבן יידן מקבלת־שבת געווען. קלמן שמואל עליו־השלום, האָט אין הוסיאטינער שטיבל מיט שברת־הלב און ציטער אריינגעוויינט אין דעם לכה, דודי, לקראת כלה, פני שבת נקבלה.

אַ טויטע שטילקייט האָט געהערשט נאָכן דאווענען. יידן האָבן זיך שטיל געזאָגט: גוט־שבת. שכנים זיינען געלאָפן איינער צום צווייטן זיך פרעגן, וואָס מ׳זאָל מאָרגן טאָן.

— וואָס בלייבט דען צו טאָן, מען מוז דאָך גיין.

פרויען און קינדער האָבן געוויינט אַ גאַנצע נאַכט. די גאַנצע שטאָט איז פארוואנדלט געוואָרן אין אַן עמק־הבכא און געזאָגט תהילים, אנדערע האָבן נאָך געלייגט האָפענונג, אַז מ׳וועט בשלום אריבערגיין די גרענעץ.

קוים האָט מען זיך דערוואַרט אויפן פרימאָרגן. יידן האָבן מיט כונה געדאווענט און מיט טרערן באגלייט געוואָרן פון זייערע היימען.

אַלטע און יונגע, טאַטעס מיט זייערע יינגלעך, ווי יצחקלעך געפירט צו דער עקדה, האָבן זיך געלאָזט צום וויגאַן.

— אויפן וועג צום וויגאָן — דערציילט יאָסעלע שער — איז שוין פאר אונז קלאָר געוואָרן, אז מיר זיינען אריינגענאַרט געוואָרן און אַ גוט פארטראכטער אויסראטונגס־אַקציע. ווען איך מיט מיין פאָטער ישעיהו שער, עליו־השלום, האָבן זיך געאיילט צום פּלאַץ, איז שמואל בראַנד פון ערגעץ ארויס און אין דער שטיל אַ ווונק געגעבן צוריקצוגיין אין שטאָט. ווען יידן האָבן אַנגעהויבן גיין צוריק, איז גלייך אָנגעפאָרן אַ דייטשער אויטאָ מיט זשאנדארמען און באַפוילן גיין פאָראויס. ווער ס׳האָט זיך געוואָלט דערנענטערן צו אונז, האָט געדראָט דערשאָסן צו ווערן. אזוי איז אפרים דייטשס טאָכטער דערשאָסן געוואָרן, ווען זי האָט געפרווט עפּעס דערלאַנגען איר פאָטער.

אויפן פלאַץ האָבן מיר זיך דערוווּסט פון די כעלמער יידן, וואָס זיי האָבן אדורכגעמאַכט אויפן וועג קיין הרוביעשאָוו. פיל פון זיי האָבן די דייטשן אויסגעשאָסן אויפן וועג. ס׳איז אונז גלייך קלאָר געוואָרן, וואָס ס׳דערוואַרט אונז. אַ וועג וואָס קיינער האָט נישט געוווסט וווהין ער פירט.

נישט אומזיסט איז דער מאַרש פון הרוביעשאָווער און כעלמער יידן אַריין אין דער געשיכטע פון דער מארטיראלאגיע פון יידן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, אונטערן נאָמען: דער טויטן־מאַרש.

— ס׳איז ריכטיק געווען אַ טויטער מאַרש — דערציילט יאָסל שער. — אַ קנויל, אַ צונויפגעקלעפּטע, איינגעקארטשעטע, אייסגעקרימטע מאָסע האָט זיך באַוועגט אין די קאַלטע, רעגנדיקע, נאָוועמבער־טעג אויף די פּוילישע, בלאָטיקע וועגן. די דייטשן אויף פערד און וועגענער האָבן מיט אַ סאדיסטיש, רוצחיש פארגעניגן געיאָגט די אויסגעמאטערטע יידן. מיר האָבן פון זיך אראָפּגעוואָרפן אַלע מלבושים, ס׳זאָל לייכטער זיין צום גיין, און ווער ס׳האָט נישט געהאַט קיין כוח, האָט מען אים גלייך דערשאָסן.

פיניע טאַקערס אַ יינגעלע פון 14 יאָר האָט זיך קוים נאָכגעשלעפּט און זיך געקלאמערט מיט זיינע קינדישע הענטלעך ביי זיין פאָטער און געוויינט אויפן קול, די דייטשן האָבן אים געשאָסן. ווי אַ פייגעלע איז ער געפאַלן אין דער בלאָטיקער ערד.

ס׳האָט נישט געפעלט קיין קדושה, גייסטיקע און פיזישע גבורה אין דעם טויטן־מאַרש. פייוויש קצב, אַ בעלזער חסיד מיט אַן הדרת־פּנימדיקער שוואַרצער באָרד, האָט, ביים ארויסשלעפּן אים צום שיסן, מיט ברייט־אויסגעשטארטשעטע אויגן און אויסגעשטרעקטע הענט צום פארוואלקנטן הימל, מיט אַן אומענטשלעכער שטימע אַדורכגעשניטן די לופט מיט זיין געשריי:

— שמע ישראל! דער עכא פון דעם אויסגעשריי האָט זיך ווייט פאנאנ־דערגעטראָגן איבער וועלדער און פעלדער. מיר אַלע זיינען פארציטערט געוואָרן פון זיין געשריי. דער דייטש האָט אַ ווײלע פארלאָרן זיין מאַכט איבער זיך. אַ צווייטער דייטש האָט אים ארויסגעהאָלפן. מיט אויסגע־שטרעקטע הענט צום הימל איז פייוויש געפאַלן צו דער ערד.

נח וועלטמאַן, אַ ייד אַ גבר, אַ ברייט־פּלייציקער, האָט פאַרן שיסן זיך געוואָרפן אויפן דייטש, אנכאפנדיק אים פאַר דער האַנט מיטן רעוואָל־ווער, און זיך געראַנגלט מיט אים. א צווייטער דייטש האָט נחן פון הינטן דערשאָסן. ס׳איז אפשר געווען דער ערשטער סימבאָל פון יידישן ווידער־שטאַנד קעגן די נאַצישע מערדער.

הונגעריקע, דורשטיקע, צונויפגעקלאמערט איינער צום צווייטן זיינען מיר געגאַנגען. ווען עמיצער האָט זיך געוואָרפן טרינקען פון א קאַלוזשע בלאָטיקע וואַסער, איז ער גלייך דער־שאָסן געוואָרן. דודל שמערלס האָט געבעטן טרינקען איז ער גלייך דערשאָסן געוואָרן.

פון א וואָגן, וועלכער איז נאָכגעפאָרן, האָבן די דייטשן פון צייט צו צייט אַרויסגענומען אַ ברויט און עס אויסגעשטרעקט, אָבער ווער ס׳איז אַרויס דאָס נעמען איז שוין מער נישט צוריקגעקומען. מיט אויסגעשטרעקטע הענט אין דער לופטן איז ער פון עטלעכע שאָסן געפאַלן.

ביי דאלאביטשעוו זיינען מיר געלעגן אַ גאַנצע נאַכט אין דער בלאָטיקער ערד, צונויפגעקוועטשט איינער צום צווייטן. פיל פון אונז, זיינען געווען האלב־נאַקעטע, באָרוועסע, צעבלוטיקטע. די קרעכצן און געוויינען זיינען געווען אומבאַשרייבלעך. פון עמעצנס א פארקרימט מויל האָט זיך ארויס־געריסן א יללה.

ס׳איז געווען א לאַנגע, שווערע נאַכט, ווי אַן אייביקייט האָט זי זיך געצויגן.

ס׳האָט די זילבערנע לבנה, ווי פארשעמט זיך באהאלטן. די שוואַרצע, רעגנדיקע וואלקנס האָבן פארדעקט איר ווייס פנים. א קאלטער, דריבנער רעגן האָט געדריבלט איבער אונז. מיר זיינען געלעגן אומבאַוועגלעך, ווי אַ טויטע, גוססדיקע מאַסע, קיינער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט.

פונדערווייטנס האָבן זיך פייערלעך געלאָשן אין קליינע פויערישע פענצ־טערלעך. ס׳האָט אַ קו זיך פאַרצויגן מיט איר הייזעריק מוקן. אַ פויערישער הונט האָט אדורכגעשניטן די לופט מיט זיין אומעטיקן געביל, אויף אַ זייטיק וועגל האָט זיך א פויערישער וואָגן געיאָגט אהיים.

מיט געוויין און תפילות האָבן מיר זיך דערוואַרט אויפן טאָג. עלטערע יידן האָבן געזאָגט שטילערהייט מודה־אַני און ברכות. ס׳האָט זיך אין א ווילע שפּעטער דערהערט די דייטשע, גראָבע, גארגלדיקע שטים:

— אויפשטיין!

אַלע האָבן זיך גלייך אויפגעשטעלט. די צווייטע קאָמאַנדע:

— מארשירן פאָרויס!

די מאַסע מענטשן האָבן זיך מיט א ציטער א וויג געטאָן פאָרויס, נאָכ־שלעפנדיק נאָך זיך מידע פיס. אן אויסגעמיש פון שוועך־באשטיוולטע, טרעגערישע פיס מיט באלעבאטישע, שבתדיקע שיך און קינדערישע פיסלעך מיט שיכעלעך. דאָס אלץ האָט זיך אויסגעמישט אין איינעם אין דעם בלו־טיקן מאַרש. שטאַרקערע האָבן געהאָלפן די שוואַכערע, זיי מיטגעשלעפט, אונטערגעהאַלטן, זיי זאָלן נישט פאַלן. יעדער איינער האָט זיך באַמיט צו זיין אין דער מיטן פון דער מאַסע, נישט צו זיין באַמערקט פון אונזערע באַגלייטער. מיר זיינען געווען הונגעריק און פארחלשט.

ביים וועג האָט אַ פויערטע געפירט אַ קו, טראָגנדיק אין איין האַנט עפּעס איינגעבונדן אין אַ פאַטשיילע. קאָנטיק, כ׳האָב דערשפּירט אז עס איז ברויט. איך בין שנעל ארויסגעלאָפן, ארויסגעכאַפּט ביי איר דאָס פּעקעלע מיט ברויט, כ׳האָב עס צעטיילט ארום מיר און יעדער האָט געשטילט זיין הונגער מיט א ביסן ברויט.

נאָך פיר טעג יאָגן אונז אויף די בלאָטיקע וועגן, אויסגעמישט מיט בלוט פון אונזערע נאָענטע, האָט מען אונז צעטיילט אין צוויי גרופּעס.

— אונזער גרופּע — דערציילט יאָסל שער — איז אריין אין בעלז פארנאַכט. דאָ האָבן אונז די דייטשן געמאָלדן, אז מיר מוזן אדורכגיין דעם טייך, וואָס אויף זיין צווייטער זייט געפינען זיך די רוסן. זיי האָבן אונז געגעבן 10 מינוט צייט דעם פלאַץ צו פארלאָזן.

מיט די לעצטע כוחות האָבן מיר אָנגעהויבן לויפן, מיטשלעפנדיק מיט זיך שוואַכע און קראנקע. ווי געיאָגטע חיות, זיינען מיר געשפּרונגען אין קאַלטן וואַסער. פיל פון אונז זיינען פארציקט געוואָרן פון קאלטן שטראָם. די קולות און געוויינען זיינען געווען הארצרייסנדיק.

די, וואָס זיינען אריבער דאָס וואַסער, זיינען ארומגערינגלט געוואָרן פון דער רוסישער וואַך. זיי האָבן אונז באַפוילן זיך צו לייגן אויף דער ערד. אַזוי זיינען מיר געלעגן א גאנצע נאַכט. פיל האָבן אויסגעהויכט זייער נשמה, אנדערע זיינען פארפרוירן געוואָרן פון ליגן אין די נאַסע קליידער.

אינדערפרי האָבן די רוסן אונץ באפוילן צוריקצוגיין. מיר האָבן נישט געוואָלט. מיר האָבן געוווסט, וואָס אינז דערוואַרט אויף דער דייטשער זייט. אונזער געוויין און געבעט האָבן נישט געהאָלפן, ס׳איז אַ באַפעל פון קאָ־מאַנדיר.

מיט גוואַלד האָבן זיי אונז געיאָגט צוריק דורך דער בריק, ס׳איז געווען אַ שוידערלעך בילד. אַ מאַסע קאַליעטשעטע, אויסגעפרוירענע, טרייסלדיקע שקעלעטן, אין נאַסע מלבושים. מ׳האָט אונז ברוטאל איבערגעוואָרפן אויף דער צווייטער זייט און מיר האָבן זיך קוים דערשלעפּט קיין בעלז.

אין די חורבע, יידישע הייזער האָבן מיר זיך געטריקנט. נאָך עטלעכע טעג רוען האָבן אונז די ארטיקע פויערים געפירט אהיים.

אין די היימען איז געווען דער ריכטיקער תשעה־באב. פון אַלע שטיבער האָט מען געהערט דאָס געוויין פון פרויען און מאַמעס, וואָס זייערע נאָענטע זיינען אהיים נישט געקומען.

אָט אַזוי האָט אונזער שטאָט אריינגעשריבן נאָך א קאַפּיטל אין דער יידי־שער מארטיראלאגיע אונטערן נאָמען: גולי הרוביעשאָוו.

די ליידן פון די געטריבענע פון אונזער צייט האָבן זיך צונויפגעמישט מיט די ליידן פון אַלע געטריבענע און געפייניקטע פון אַלע צייטן, אָנהויבנדיק פון די גולי בבל.

די גביות־עדות פון דעם בלוטיקן מאַרש דאַרפן, ווי א הייליקייט, אָפּגעהיט ווערן און איבערגעגעבן לדור־דורות.

נישט צו באשרייבן איז עס — נאָר צו פארשרייבן.

## טרויעריקע דאַטן פון הרוביעשאָווער מארטיראלאָגיע:

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1 | דעצעמבער | 1939 | — דער טויטן־מאַרש פון הרוביעשאָווער יידן צום בוג. |
| 1 | יוני | 1942 | — זיינען בערך 3400 הרוביעשאָווער יידן אויסגעזידלט און פארניכטעט געוואָרן אין סאביבאר. |
| 7־9 | יוני | 1942 | — זיינען בערך 2000 הרוביעשאָווער יידן אויסגעזידלט געוואָרן און דערמאָרדעט געוואָרן. |
| 28 | אקטאָבער | 1942 | — זיינען בערך 2000 הרוביעשאָווער יידן אויסגעזידלט און פאַרניכטעט געוואָרן אין סאביבאר. |
| | סעפּטעמבער | 1943 | — ווערן ליקווידירט די לעצטע 160 הרוביעשאָווער יידן פון דער אויפראמונגס־קאָמאַנדאָ. |

# יעקב טשעכאָוויטש / ס׳איז שוין צוגעגרייט אַ וואַנע

ניו־יאָרק

„די דזשעלניצע“ — אַזוי האָט געהייסן די יאַטקאָווע גאַס — וועלכע איז באַשטימט געוואָרן פאַרן ביסל ייִדן, וואָס זיינען געבליבן אָפּצו־רייניקן די יידישע הייזער און ס׳ביסל געבליבענע פאַרמעגנס מאַגאַזינירן.

אַז יענקעלע בראַנד האָט מיך דערזעען, גיט ער צו מיר אַ מאַך מיט דער האַנט. ער קלערט מיר אויף, אַז די געסטאַפּאָ האָט דאָ איבערגעלאָזט נאָר 160 יידן צו דער אַרבעט. און ווען זי וועט זיך ענדיקן, וועט מען אונז אַלעמען אויסשיסן. ס׳איז שוין אפילו צוגעגרייט אַ „וואַנע“, דאָס הייסט אַ קבר, אַ ברודער־קבר איז שוין אויסגעגראָבן און צוגעגרייט. און יענקעלע שמייכלט נאָך דערביי, ווען ער זאָגט:

— ס׳וועט אונז גאָרנישט העלפן, איך און דו און מיר אַלע דאָ וועלן מוזן גיין דעם זעלבן גאַנג וואָס אַלע, אין דער „וואַנע“ אַריין.

דאָס לעבן אין דער דזשעלניצע ווערט אַלץ מער אומדערטרעגלעך. דער מערדער קומט אַלעמאָל אַריין אויף דער יאַטקאָווע, זוכט און נישטערט. די געסטאַפּאָ האָט געפילט, אַז מיר העלפן אַרויס פאַרבאַהאַלטענע יידן.

און דערצו האָבן מיר, די פאַרבליבענע, זיך געשעמט. מיר זיינען דאָך שוין נישט געווען פארעכנט פאַר קיין יידן, ווייל פאָרמעל איז שוין הרוביעשאָוו יודענריין. ביי דער באַן, אויפן וואַקזאַל, איז געווען אַרויפגע־קלאַפּט אַ שילדל מיט אַן אויפשריפט: יידן־ריין!

אונזער צייט ענדיקט זיך, אונזער אַרבעט, ענדיקט זיך און אונזער לעבן ענדיקט זיך. מיר זיינען שוין גאָר ווינציק. ס׳זיינען שוין פאָרגעקומען פאַר דער צייט עטלעכע סעלעקציעס, און מ׳האָט זיי אַלע אַוועקגעשיקט קיין מאַידאַנעק.

דעם 31־סטן אויגוסט 1943 האָט זיך אויפגעלעזט דער ארבעטס־לאַגער אויף יאַטקאָווער גאַס. אין דאָזיקן טאָג האָבן זיך מיט אונז געפונען די יידן:

ניוניעק אָרענשטיין מיט זיינע דריי ברידער און איין שוועס־טער, דוד, מאָניעק און פּעלע ראָטענבערג, וועלוויש וויינבערג, אברהם אייזען, אברהם גאָלדמאַן, משה לוצקי, אסתר אויסבראָך, בענטשע פּינק, קלינגהאָפּערס אַ ברודער מיט זיין פרוי און טאָכטער, חיה קויפמאַן, פייוול שמוץ, יאָסקע און נטע שער, מאָטל הורוויץ, אברהם שעטשקעמאַכערס אַ טאָכטער, משה רור מיט זיין פרוי, הערש האָלער, אַ לאָדזשער קאַמאַשניק, נפתלי מייל, אברהמעלע לערער מיט 2 טעכטער, דוד לערער מיטן זון לייבעלע, דבורה פייל, אבראַמעק פינקעלשטיין, ליפּיק אבער־ציגער און זיין שוועסטער אירקע, אברהם גאָלדפארב, אייזיק פינגער מיטן זון מעכל, קלינגהאָפּערס אַ טאָכטער, פעשע זינגער מיט איר שוועסטער שרהלע, פישל ווימער מיט זיין פרוי חיה, יצחק שער מיט זיין פרוי און טאָכטער טעמקע, יאָסל רעכטשאפט מיט זיין פרוי, שמעון גליק מיט זיין פרוי דאבע, מארי קאָרנבליט מיט זיין פרוי און שוואָגער צוקער, און יעקב טשעכאָוויטש.

דאָס איז געווען דאָס פאַרבליבענע רעשטל יידן פון הרוביעשאָוו און פון גאַנצן פּאָוויאַט.

מיר ווערן אַריבערגעשיקט אין אַרבעטס־לאַגער בודזין, נישט ווייט פון קראָשניק.

איך האָב זיך געפרייט, וואָס איך בין פּטור געוואָרן פון דעם אָפענעם, צוגעגרייטן מאַסן־קבר ביי אונז אין שטעטל. אָבער נישט געקענט פאַרגעסן אַז מיר האָבן געמוזט איבערלאָזן אויף גאָטס באַראַט עטלעכע קינדער, וועלכע מיר האָבן אין געהיים אויסבאַהאַלטן.

צווישן די קינדער האָט זיך געפונען גנענדל פינקעלשטיינס אַ קינד און גזשימעק דעם פריזיערס אַ קינד.

דעם 14־טן פעברואַר, בעת אַ שטורעמדיקער ווינטער־נאַכט, האָבן מיר, עטלעכע הרוביעשאָווער, זיך צונויפגערעדט צו אַנטלויפן פון לאַגער.

איינער פון אונז, אַ יונגער בחור, אייזיק הערבסט, האָט זיך אונטערגענומען איבערצוהאַקן די דראָטן. ער האָט דאָס אויסגעפירט און איז מיט זיין ברודער, משה, אַנטלאָפן. מיר האָבן געוואַרט אינדרויסן ביי אַ וואַנט, אויב ס׳וועט אַלץ אדורכגיין גלאַטיק, וועלן מיר איינציקווייז אַנטלויפן. דער וואַכמאַן אויפן טורעם האָט אָבער דאָס גלייך באַמערקט און ס׳איז באַלד געוואָרן אַ שיסעריי. מיר זיינען אַריין צוריק אין די באַראַקן, גלייך ווי ס׳וואָלט גאָרנישט פּאַסירט.

# יחיאל פייער ז״ל / אנשטאַט אַ מצבה

19 יאָר נאָך דעם טרויעריק־באַרימטן טויטן־מאַרש פון כעלמער און הרוביעשאָווער יידן איז נאָך אַלץ די געזעלשאַפטלעכע מיינונג צעטיילט: יאָ אָדער נישט ווידערשטאַנד. ווען מען האָט די יידן פוןביידע שטעט געטריבן צו דער סאָוויעטישער גרענעץ, איז אויפן וועג אינסטינקטיוו געבוירן געוואָרן דער געדאַנק פון ווידערשטאַנד, היות די דייטשן זיינען געווען אין אַ קליינער צאָל, אַ 10—6 מאַן מיטן געלן ימח־שמו בראש.

גלייכצייטיק איז אויפגעשווומען דער פּחד פאַר נקמה. וואָס וועלן די דייטשן נאָך דעם ווידערשטאַנד טאָן מיט די אין דער היים־געבליבענע ווייבער און קינדער. אין דעם געראַנגל פון יאָ אָדער נישט ווידערשטאַנד איז דערווייל פון עולם געוואָרן אַלץ ווייניקער און ווייניקער.

נחן האָט אין דעם ויכוח נישט אנטייל גענומען. געציילטע ווערטער האָט ער אַרויסגעבראָכט דורך די פאַרקריצטע ציין:

— יידן, לאָמיר זיך וואַרפן אויף זיי!!!

אויך נחן איז אַ שאָד געווען זיין לעבן און דאָס לעבן פון זיין פאַ־מיליע, טראָץ דעם, וואָס ער האָט אַלע יאָרן געאַרבעט שווער, כדי צו באַ־שפייזן זיין פאַמיליע. נאָך שטאַרקער איז ביי אים געוואָרן דער דראַנג צו לעבן, ווען ער האָט זיך דערמאַנט, אַז ער האָט נאָך אפילו נישט געפּרוווט פאַרזוכן דעם טעם פון קינדער־נחת. פון געדאַנק אַליין איז אים געוואָרן וואַרעם אין אַלע גלידער.

עס פאַרשווינדט דאָס בילד פון פאַרפייניקטע און פאַרצווייפלטע פּני־מער. אַ שמחה איז יעצט. אַלע זיינען זיך געקומען פרייען, שטערט נישט, נח מאַכט חתונה דאָס ערשטע קינד.

ער איז שוין נישט געלאָפן בעתן מאַרש, נאָר געשוועבט. ער איז אינ־גאַנצן נישט מיד, די פיס הייבן זיך ביי אים, ווי צו אַ מצוה טענצל.

און ווען דער דייטש האָט אויף אים געוואָרפן אַן אויג, און אים באַפוילן אַרויסגיין, בבדי אים צו שיסן, איז עס דאָס אים מאָמענטאַל נישט געווען פאַרשטענדלעך. ער האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ פּאָר פאַרשטאַרטע אויגן.

— פאַרוואָס? איך קען נאָך גיין, איך וויל נאָך לעבן.

און ער האָט באַשלאָסן: איך וועל זיך נישט לייגן.

און ווען דער דייטש מיטן רעוואָלווער אין האַנט האָט אים צום צווייטן מאָל באַפוילן אַרויסגיין, האָט ער אים אָנגעכאַפּט צוזאַמען מיטן רעוואָל־ווער און זיי האָבן זיך ביידע אָנגעהויבן ראַנגלען אויף לעבן און טויט, ביז עס איז אונטערגעקומען אַ צווייטער דייטש און נחן דערשאָסן.

נישט באַשערט געווען נחן צו דערלעבן נחת פון קינדער.

# עדותו של צבי פחטר, איש הרובישוב, בתביעתו של היועץ המשפטי נגד הצורר אדולף אייכמן בירושלים

בפני: כבוד אב בית־הדין, השופט משה לנדוי
כבוד השופט, בנימין הלוי
כבוד השופט, יצחק רוה.

תאריך: ט"ו באייר תשכ"א (1.5.61)

אב בית־הדין: אני פותח את הישיבה העשרים ואחת של המשפט. התביעה ממשיכה.

היועץ המשפטי: אני קורא לעד, צבי פחטר.

העד צבי פחטר: יידיש.

אב בית־הדין: אתה יכול להישבע עברית?

העד צבי פחטר: כן. יש לי בקשה: אם לא אוכל לעמוד, יורשה לי לשבת.

אב בית־הדין: שים את הכיפה על ראשך. תגיד: „אני נשבע באלוהים, כי עדותי במשפט זה תהיה האמת, כל האמת ורק האמת".

העד צבי פחטר: (חוזר אחרי אב בית־הדין): אני נשבע באלוהים, כי עדותי במשפט זה תהיה האמת, כל האמת ורק האמת.

אב בית־הדין: מה שמך המלא?

העד צבי פחטר: פחטר הרש.

אב בית־הדין: בעברית — צבי?

העד צבי פחטר: כן.

אב בית־הדין: איך אתה כותב פחטר?

העד צבי פחטר: פחטר.

אב בית־הדין: תענה למר האוזנר.

ש. ספר על הצעדה מהרובישוב וחלם ב־2 בדצמבר 1939.

ת. ב־1 בדצמבר 1939 הודיע שמש בית־הכנסת דודל שמרל בכל הרחובות והבתים, כי למחרת, ב־2 בדצמבר 1939, בשבת ב־7 בבוקר, על כל הגברים מגיל 15 עד 60 לצאת לוגון, לרחבת מרעה לבהמות.

ש. באיזו עיר זה היה?

ת. בעיר הרובישוב, 50 קילומטרים מחלם ו־120 קילומטרים מלובלין.

ש. יהודים מחלם היו אז בהרובישוב?

ת. אנחנו לא ידענו דבר על כך.

ש. האם הובילו יהודים מחלם להרובישוב?

ת. עמדנו 4 שעות בשבת בבוקר בחוץ, ואז נודע לנו שגם יהודי חלם באו.

ש. אנא, המשך לספר מה קרה בשבת.

ת. בשבת בבוקר נהרו בהמוניהם כל היהודים מגיל 15 עד 60. באו גם ילדים מתחת לגיל 15 וגברים למעלה מגיל 60, מתוך סקרנות.

ש. כמה גברים היו שם?

ת. יותר מאלפיים. כשבאנו, סובבו אותנו, סביב־סביב, בשרשרת כה חזקה, שרק בחזית ראיתי כדבר הזה. כשנפסקה הקהלת האנשים, אמרו לנו לעמוד בחצי גורן. פולקסדויטשה אחד מסטריז'וב, שהיה הדובר, התחיל להשמיע מה עלינו לעשות. הוא התחיל לקרוא ברשימה, ולבדוק, אם האנשים הופיעו. הם נוכחו לדעת, שהופיעו יותר אנשים מאשר חישבו מראש. הודיעו לנו, שאנחנו יוצאים לצעדה ושעלינו למסור כל מה שבידינו: מעות, זהב, כסף, שעונים, ובידינו יותירו 20 זלוטי.

ש. כמה זה היה, 20 זלוטי?

ת. הערך היה: 10 מרקים.

זה נמשך שעות מספר. את הליכתנו ליוו צעקות ותחינות של נשים וילדים, אשר כולם רצו להצטרף אלינו, כי איש לא ידע שזאת צעדת־מוות. הדפו אותם, דחפו אותם, וצעקתם נשמעה במרחק 2—3 קילומטרים. לא היה כל כך קל להדוף את הצעקות הללו. אז הודיעו: כל אשר לא הגיע לגיל 15 — יעזוב את השורה ויחזור לביתו. אחר כך הוסיפו ואמרו: כל מי שגילו למעלה מ־60 שנה — יעזוב את השורה וילך לביתו. אחר כך ביקשו את בעלי־המלאכה: נגרים, סנדלרים, חייטים וכיוצא באלה — לצאת. מחציתם שלחו לביתם ומחציתם הכניסו לשורה.

ש. כשאתה אומר „הם", למי אתה מתכוון? מי עשה זאת?

ת. אלה היו אנשי ס"ס, גסטפו, אנשי מדים שחורים ומדים ירוקים וכהים.

כששלחו את כל האנשים האלה הביתה, הרגיע דבר זה את הרוחות. הצעקות שככו וגם אנחנו נרגענו, כי חשבנו שאין זו באמת אלא צעדה. אחר כך העמידונו בארבע שורות, בזה אחר זה.

העד פחטר: אחרי כן אמרו לשני ולשלישי בכל שורה להתקדם, כך שנותרו הראשון והרביעי. כאשר נותר, אם כן, המרחק הריק הזה בין הראשון והרביעי בכל שורה, הכניסו לשם את אנשי חלם, שהובאו לשם יום לפני־כן. אנשי חלם לא תפסו מקום רב. הם לא היו אז מרובים, סגרו את השורות והיו שורות של ארבעה אנשים.

היועץ המשפטי: בערך, כמה אנשים היו לפי דעתך?

ת. נתנו פקודה לא לדבר, לא להסתובב, לא להסתכל, לא לבוא במגע. מי שיפר את הפקודה — יירה. נתנו פקודה: לצעוד קדימה.

החילונו ללכת. בדרך שהובילונו בה — לא היה כביש. כך הלכנו עד שהגענו לכפר הולוטושינס. ילדה הצליחה לרוץ אחרי השורה ולצעוק כל העת עד שהגענו לאותו כפר: אבא, אבא! ליד הולוטושינס סולקה הילדה. אנו לא ידענו מה קרה לה, שמענו יריה בלבד. בעינינו לא ראינו באותו יום ראשון הריגות. רק מפעם לפעם, נאמר לכל מי שעמד לסדר



דער הרוביעשאָווער, צבי פחטר, דערציילט וועגן טויטן־מאַרש פון הרוביעשאָוו צום רוסישן גרענעץ אין דעצעמבער 1939.

צבי פחטר, איש הרובישוב, מספר לבית־המשפט על צעדת־המוות מהרובישוב לגבול הרוסי בדצמבר 1939.

את בגדיו, שיצא מן השורה, ואחרי כן שמענו מאחורינו קול יריה.

כך צעדנו 12 קילומטר מהרובישוב, כשרגלינו בוססות בבוץ, כי זוהי עונת הגשמים החזקה ביותר. זה היה בחודש דצמבר. אז אמרו לנו: לשבת או לשכב, כי כאן נלון.

כאשר כבר ישבנו על הארץ, באו להתווכח אתנו ולומר לנו, שאנו אשמים במלחמה.

ש. מי זה הם?

ת. אנשי הס"ס. אמרו לנו, שקשה כאן להתווכח, אולי ניכנס לחדר ושם נמשיך בויכוח. לקחו את כל כלי־הקודש, את שני הדיינים, הרשלה רוזנצוויג, ונפתלי רוקח, שני השמשים משה קוז'וק וקוטשער ועוד כמה גברים מגודלי־זקן. מפעם לפעם, שמענו שגם מקבוצות אחרות לקחו אנשים. הערכנו, כי באותו ערב נלקחו כ־200 איש. אנו לא ראינו מה קרה לאנשים האלה, אבל עדיין היתה תקוה בלבנו אולי אין זאת צעדת מוות.

למחרת שוב העמידונו בטורים, אלא בכל שורה היו רק שלושה אנשים.

ש. האם חזרו הרבנים והשמשים?

ת. לא. כשחזרנו לדרך, ראינו לצידי הדרך דם, גוויות לא ראינו. כשהגענו לכפר צ'כוביזש, ראינו בצידי הדרך מכונית שרופה, שנשארה שם מימי הקרבות. עמדנו כ־5 דקות, בשעה שזקן הצעדה, האיש שהוביל אותנו על סוסו, ושניים מעוזריו התיעצו. לאחר התיעצות זו הודיעו לנו, שאסור לנו להביט ימינה, שמאלה או אחורה, אלא אך ורק קדימה. קודם־כל הוציאו שני יהודים, יהודי אחד בעל זקן זהבהב, שמואל הרש קופרשטוק, עוד יהודי מגודל זקן, בנימין רוזנברג והשלישי היה לבנפוס. כשלקחו את לבנפוס, היתה הטרגדיה גדולה. הבן קפץ ואמר: הניחו לאבי, אבוא במקומו. אמרו: בוא, גם אתה. לקחו אותו עם יתר היהודים. בארבעתם ירו בקדקדם והכדור יצא דרך מצחם.

ש. בעצמך ראית זאת?

ת. כן! הניחו יד על אדם והכו בקת הרובה בראשו. היה שם, למשל, איש בשם נוח ורטמן. הניחו יד עליו, רצה להסיר את היד, הכו על כתפו, שיברו לו את היד במכה והכו בקת בראשו ומיד נורה.

היורים התחלפו כל חצי שעה, כי קשה היה להדביק את הצעדה. כל הזמן הריצו אותנו. „פרנזה", כל הזמן האיצו בנו. כך זה נמשך כל היום, עד שהגענו לכפר מלכיב. כל הזמן הם שאלו זה את זה: כמה הספקת להרוג ביריה? האחד אמר: 89, השני: 102, וכך הלאה.

נכנסנו בערב למלכיב, לא לבוץ, כי אם לאולם. אולם האולם היה כה קטן, שלא הספיק לאכסנת כל האנשים. היינו צפופים כך, שלא יכולנו לנוע. אפשר לומר, שכמעט שכבנו אחד על גבי השני. אנשים היו בפרוזדורים ובחדרים, כי לא היה מקום להכניס את כל המון האנשים לאולם.

ש. כמה אנשים היו שם?

ת. אני חושב שיותר מ־2,000 איש. המרחק מראש הטור עד סופו נמשך כקילומטר. אחר־כך התהילה מעין מתיחה. שלחו לנו ידיעה, שכל הרוצה לקנות לחמניה, ישלח שלושה זהובים.

בכיסי היו כ־15 זלוטי. נתתי זאת לאיש הקרוב ביותר לפרוזדור, והוא נתן לנו 5 לחמניות. ב־5 לחמניות אלו התחלקנו, כל אחד קיבל חתיכה קטנה. אבל לא הצלחנו לבלוע, כי ניחר גרוננו מרוב צמא והליכה, פשוט לא יכולנו לבלוע, היינו מקוררים ועייפים.

בבוקר שוב יצאנו לצעדה, היינו הפעם 3 בשורה. הלכנו עד לכפר דולגובישוב. ביום השלישי ירו ללא הרף, כל שעה ירו. הניחו יד על אדם, השכיבו אותו, וירו בו. הלכנו עד הקז הדם, לא היה בנו כוח לצעוד יותר, והשחיטה היתה איומה באותו יום. כשהגענו לכפר דולגו־בישוב, אמרו לנו לשכב על האדמה, והחלו יורים באויר מעלינו, כדי להפחידנו.

לאחר היריות האלה, חילקו אותנו לשתי קבוצות ואמרו לנו, שקבוצה אחת תפנה לסוקאל, והשניה — לבלז.

ש. באיזה קבוצה היית אתה?

ת. אני הייתי בקבוצה שפנתה לעבר סוקאל. כשהגענו למרחק 4 קילומטר מסוקאל, הודיעו, שיפסיקו את היריות. אנו מוסיפים לצעוד...

ש. מי היה זקן הצעדה הזאת?

ת. היו לו מדים ירוקים כהים. נדמה, שהיו לו סימנים שחורים בדש מעילו. זקן הצעדה פנה אל ילד אחד וזרק פת לחם לעברו. הנער התכופף להרים את הלחם — היה זה אחד מילדי פיניה נדך, כבן 15. כאשר התכופף הנער להרים את הלחם, ירה בו זקן הצעדה, אבל לא הרגו ביריתו והורה לאחר לכלות את המלאכה. הוא, כאילו, הצטדק ואמר, שלא הוא אשם, כי הנער קפץ מן השורה. „אילמלא קפץ מן השורה, לא הייתי יורה בו" — אמר. ואז התקדמנו לעיר — אחות של סוקאל, זבוזשה.

היה זה הגבול בין שטח הממשל הכללי לבין ברית־המועצות, לפני הנהר בוג. כשהגענו לפני הנהר, אמרו לנו לשבת ולשיר, כי השמש הנצה, „מי שלא ישב וישיר — יירה!". כשהחשיך, אמרו לנו, שאנו עומדים להתקדם לעבר הגבול ושם ישנו גשר. הגשר מחולק ל־3 חלקים. החלק הראשון שייך לגרמנים, האחרון — לברית־המועצות, האמצעי הוא „שטח הפקר" או „נייטראלי". וכך הורו לנו ללכת: בחלק הראשון של הגשר לאט, בחלק האמצעי — להאיץ צעדינו, בחלק האחרון, להרים ידינו ולצעוק: „יחי סטלין!", אמרו לנו זאת בגרמנית, והסבירו לנו, שזה ישפיע שלא יירו בנו שומרי הגבול.

כאשר הגענו לצד הסובייטי, בלבל הדבר את אנשי ברית־המועצות, כי אסור היה להם להתיר מעבר בגבול הזה. אבל ידינו היו מורמות, ואז שאלו אותנו: מה הענין וביקשו שיצא אדם דובר רוסית ויסביר את הדברים. יצאתי מהשורה והסברתי וסיפרתי על כל הצעדה הזאת. הם אמרו לנו לשכב על האדמה והם ילכו ויחפשו אפשרות לאישפוז בבתי־החולים, כי כולנו היינו פגועים מן הצעדה הזאת ורגלינו פצועות. רגלו של משה מוסקאל היתה נקועה לגמרי וראו את העצם.

אינני רוצה להכנס לפרטי הטרגדיה בצד הסובייטים, כי היא אינה שייכת למשפט זה. אבל החזירונו לשם.

ש. לאן — לשם, לשטח הממשל הכללי בגרמניה?

ת. כן, לגשר הזה, כי הגשר היה בין סוקאל שהיתה שייכת לברית־המועצות, והפרבר זבוז'ה, שהיה שייך לממשל הכללי הגרמני. ובכן לגרמנים, כן, לגרמנים החזירונו. הגרמנים כבר לא התענינו בנו, ואנו נכנסנו לבתים. הכפר הזה היה מלא אנטישמים זואולוגיים, אבל בכל זאת היו כאלה שחשו לעזרתנו ועזרו לנו; נתנו לנו כסף, בגדים, ואוכל, ועזרו לאחרים לעבור את הגבול. אני הייתי בקבוצה של 29 איש שנכנסו לבית־הספר.

ש. אלה היו פולנים?

ת. היו אלה פולנים—אוקראינים, אולי בודדים. אנו, כ־29 איש, נכנסנו לבית־הספר.

ש. מאותם אלפים, שהתחילו בצעדה, כמה הגיעו לגבול?

ת. מעטים, מעטים מאד, אולי כמאה איש. אני כמובן לא יודע מה היה בחלק השני, שהרי התחלקנו לשני חלקים. כאשר נכנסנו לבית־הספר, הבערנו אש בתנור, כדי להתחמם קצת. התחלנו חולצים נעלינו ומסירים בגדינו, כדי להתחמם ולנוח. אבל בשעה 10 בערב שוב הופיעו הגרמנים והאיצו בנו לעבור את הגבול. נגשנו לגשר אחר, ששמש בחלקו למעבר אל המנזר הנוצרי. מחצית הגשר בצד הגרמני היתה עוד שלמה, ואחר כך צריך היה לקפוץ לתוך האגם ולשחות עד לעבר השני. הסובייטים תפסו אותנו באגם ולאחר מאבק של שעה הצלחנו לצאת מהאגם בצד השני, בסוקאל. יהודי סוקאל טיפלו בנו והגישו לנו את כל העזרה האפשרית.

אב בית־הדין: זה היה בצד הרוסי?

ת. זה היה בצד ברית־המועצות.

היועץ המשפטי: אשאל אותך עוד מספר שאלות. מר פחטר רוצה לספר עוד דבר־מה, שהיה לפני הצעדה. אציג לך, איפוא, מספר שאלות. למעשה בקשתו זו של מר פחטר מופנית לבית־המשפט.

אב בית־הדין: אדוני יטפל בזה.

היועץ המשפטי: כן, אמור נא, התוכל לזכור, אשר קרה בעירתך לפני הצעדה. ספר לנו אפיזודות אחדות.

אב בית־הדין: את עיקר העדות הוא גמר?

היועץ המשפטי: הוא נקרא, כדי לספר על מצעד זה, אבל הוא מבקש מאד — ובעצם ביקש כבר ממני ורק מחמת הוראת בית־המשפט לא נעניתי לו — לספר כמה דברים, שארעו בעיירה לפני כן. אם בית־המשפט ירשה, אבקשו לספר.

אב בית־הדין: האם אדוני חושב זאת לחשוב?

היועץ המשפטי: זה עלול להיות חשוב. באמצעותו אעשה, אולי, מה שלא הספקתי לעשות ביום ששי — לזהות מספר תמונות על ההתעללות ביהודים, שארעה באותו זמן. חשבתי לעשות זאת באמצעות עד אחר, אבל מכיוון שהוא כאן, הוא יספר על כך. מותר לעבור לעבר העד ולהראות לו את האלבום?

(לעד) אתה יכול לזכור תמונות מספר 1, 2, 3 ו־4? איפה זה היה?

ת. אצלנו בבית־הכנסת.

ש. מה קרה בבית־הכנסת?

ת. תפסו יהודים מגודלי זקן והתחילו מגלחים אותם בסכינים, לפעמים, אפילו עד זוב דם. אחר כך הכריחו את אותם היהודים לגלח אחרים. מי שלא רצה — היה סופג מכות.

ש. לגלח, כמו כאן, בתמונה 13, עמוד 5?

ת. כן.

ש. כמו על עמוד 6, בתמונה מספר 16, למשל? אם לא, אמור שלא ראית.

ת. כן, בסדר.

ש. עמוד 7 התמונה מימין, ראית?

ת. כן, ראיתי.

ש. את התמונה הזו ראית?

ת. לא ראיתי.

היועץ המשפטי: אגיש את האלבום, רק אבקש להחזירו לי, כי אציג למספר עדים כמה תמונות.

אב בית־הדין: בינתיים הוא ישאר כאן. בבקשה להראות זאת לסנגור לפני שיוגש. אדוני, יציין את התמונות שהעד זיהה.

היועץ המשפטי: האם לעגו ליהודים אלה?

ת. כן.

אב בית־הדין: ספר זה יהיה מוצג ת/199.

היועץ המשפטי: מה עשו, מר פחטר?

ת. יהודים מגודלי זקן סחבו לבית־הכנסת, שם גזזו את זקנם, היכו על ידיהם, והכריחו יהודים לגלח זקן של יהודים אחרים.

ש. האם אתה יכול להגיד על הקונטריבוציות?

ת. כן.

ש. מה?

ת. אם אני מספר על הקונטריבוציות, עלי לספר כיצד נהגו באנשים. ברצוני לספר על ענין המעבר החופשי בין ודינקה להורודינק. בחודש העשירי, הם אמרו, שכל אדם יכול לעבור באופן חופשי לצד ברית־המועצות.

היועץ המשפטי: הוא אמר, שזה היה בחודש העשירי, חודש אוקטובר.

ת. בסוף החודש העשירי של השנה הודיעו, שיכולים לעבור לצד הסוביטים, אם רק ייכנסו למגיסטרטורה, מעין עיריה מקומית, ויקבלו פתק. עבור הפתק ישלמו 5 מרקים או 10 זלוטים. ביום הראשון בשבוע יוכלו לעבור באופן חופשי. רבים, מאות אנשים, הלכו ורכשו את הפתקים האלה וביום הראשון יצאו במאותיהם לכיוון ודינקה. כאשר הגיעו שם, סובבו אותם, היכו בהם, עד זוב דם.

ש. ולקחו אצלם את רכושם?

ת. לקחו את כל מה שהיה בידיהם. לאחר ודינקה הודיעו, שעליהם להרים תרומה של 300 אלף זלוטים במשך שבעה ימים.

היועץ המשפטי: הכוונה — לקנס.

ת. כאשר באו עם הכסף בידיהם, אמרו להם, שאיחרו את המועד בשעתיים. לא היו דברים מעולם. והטילו קנס נוסף של עוד 200 אלף זלוטים. כאשר הודיעו בפעם השניה על הקנס השני, קראו לרב יוחנן טברסקי, גיסו של הרבי מבלז, והודיעו שהוא אחראי אישית לענין. הוא ברח לעבר הכפר סקריצ׳ין, ובערב שבת, הופיעו שני קלגסים וירו בו בשעת התפילה.

היועץ המשפטי: זה הכל, מר פחטר.

אב בית־הדין: ד״ר סרבציוס, לאדוני יש שאלות לעד זה?

ד״ר סרבציוס: אין לי שאלות.

השופט הלוי: אתה אומר שבסוף אוקטובר הודיעו הגרמנים על מעבר חפשי לגבול הרוסי?

ת. כן.

# עדותו של יעקב ביסקוביץ, איש הרובישוב, בתביעתו של היועץ המשפטי נגד הצורר אדולף אייכמן בבית־המשפט המחוזי בירושלים

היועץ המשפטי: אני קורא למר ביסקוביץ.

אב בית־הדין: שים ידך הימנית על התנ״ך וחזור אחרי: „אני נשבע באלוהים, שעדותי במשפט זה תהיה אמת, כל האמת ורק האמת".

העד ביסקוביץ: (חוזר אחרי אב בית־הדין) אני נשבע באלוהים, שעדותי במשפט זה תהיה אמת, כל האמת ורק האמת.

אב בית־הדין: מה שמך המלא?

ת. יעקב ביסקוביץ.

ש. אתה שוטר?

ת. אני שוטר המשרת במטה הארצי של משטרת ישראל. מספרי 8877.

אב בית־הדין: ענה לשאלותיו של מר האוזנר.

היועץ המשפטי: מר ביסקוביץ, בתחילת יוני 1942 נלקחת עם משפחתך מהרובישוב למחנה סוביבור?

ת. נכון.

ש. מה המרחק בין הרובישוב לסוביבור?

ת. המרחק בין הרובישוב לסוביבור הוא בערך 60 ק״מ.

אב בית־הדין: בן כמה היית באותו זמן?

ת. בן חמש עשרה וחצי.

היועץ המשפטי: כמה זמן נמשכה הנסיעה?

ת. יתכן, שטעיתי והמרחק קצת יותר גדול. הנסיעה נמשכת במשך כל הלילה, אבל ההזיקו אותנו גם יום שלם בקרונות. גם עמדנו קצת בדרך. כשהגענו לסוביבור — ולא ידענו עדיין זאת — נסענו הלוך־ושוב עד שהגענו לתוך המחנה.

ש. כאשר הגעתם לשם פגשת מספר אנשי ס״ס. אתה זוכר שמות?

ת. בערך, בעצם לא בערך, רק לא את כולם. פגשתי שם — אחר־כך נודע לי — את תומלה, וגנר, פאול גרוס, גרשוב, הרמן מילר ועוד מספר אנשים.

ש. נשאלתם, אם יש נגרים בין הבאים, נכון.

ת. נכון. במקרה בחרו נגרים מהטרנספורט שלנו.

ש. ואביך ואתה הודעתם, שאתם נגרים?

ת. זה לא היה בדיוק כך. בחרו באבי שהיה נגר. אני, שהייתי ילד, נסחבתי על ידי אבי. מאותו טרנספורט לקחו בערך 12 איש, 3 נגרים, 3 בנאים ועוד מספר אנשים לעבודות אחרות.

ש. מה קרה עם כל האחרים?

ת. הנשים הלכו לצד ימין, הגברים — לצד שמאל. את הנשים ראיתי מובילים מוכות במהירות לכיוון שדה מספר 3. שעתיים יותר מאוחר, קרה אותו דבר עם הגברים.

ש. במה עבדת בסוביבור?

ת. בהתחלה עבדתי יחד עם כולם. היה זה בניית המחנה, גדרות תיל, ועצים שסחבנו בריצה ממרחק 3 ק"מ. היו 80 איש, אשר עבדו, כמעט כולם, בזה. מהטרנספורט שהגיע בחרו 200 איש. את הטרנספורט לקחו ללזרט, זה היה בית־חולים, יער קטנצ'יק ושם הרגו אותם ביריה לתוך הבורות.

ש. זה היה לזרט באמת?

ת. לא, רק קראו לזה לזרט.

השופט הלוי: מה זה היה מחנה מספר 3?

ת. מחנה מספר 3 היה מחנה, שהיו בו רק אנשים מתים. עבדו שם כ־80 איש שנבחרו מהטרנספורט שלנו. עבדו שם 8 חודשים, בערך. שום אדם חי לא היה שם, חוץ מה־80 אשר עבדו.

היועץ המשפטי: שם היו תאי הגאזים?

ת. בדיוק.

השופט הלוי: ומה עשו 80 אלה?

ת. 80 אלה, שנבחרו, הובאו למחנה מספר 3 ועבדו שם בגוויות, שנפלו מתאי הגאזים ושרפו אותם.

היועץ המשפטי: גם אתה עבדת בעבודה זאת איזה זמן?

ת. לא, אני עבדתי במחנה מספר 3.

השופט הלוי: במחנה מספר 3 עבדת?

ת. לא, במחנה מספר 1. שם היה מספר מחנות. זה היה מחנה מעבר, מחנה ביניים. במחנה זה ישבנו והיו שם בעלי־מלאכה, סנדלרים, נגרים, חייטים, צורף־זהב, ספר, מרפאה, הכל בתוך מחנה מספר 1. באגף לפני השער גרו אנשי ס"ס עם האוקראינים. מחנה מספר 2 היה ה"שווינה שטאל", המקום שבו האנשים נכנסו לפני המוות, חצר שהיתה סגורה מארבע צדדים בלוחות בגובה 2 מטר.

אב בית־הדין: מה פירוש המלה "שווינה שטאל"?

ת. שם היה מספר בנינים. למשל, היתה חצר מוקפת ארבע קירות מלוחות של 2 מטר גובה, ובה בנין שבו גידלו חזירים. בצד שני עמד בנין, אשר בו היה הבנק, כאילו, ספרו בו את הרכוש היהודי.

ש. זה היה דיר חזירים ממש?

ת. לא, מספר חזירים גידלו לצוות הס"ס.



יעקב ביסקוביץ, איש הרובישוב, מסביר ליועץ המשפטי את התרשים של מחנה סוביבור.
דער הרוביעשאָווער, יעקב ביסקאָוויטש, שילדערט פאַרן פּראָקוראָר אין אייכמאַן־פּראָצעס דעם פּלאַן פון לאַגער סאָביבאָר.

היועץ המשפטי: מותר לי להגיש לעד, אדוני? אעבור אליו, ברשות בית־המשפט (מראה לעד את תרשים המחנה.)

ש. אתה הכנת את התרשים הזה?

ת. כן.

ש. אולי תתאר לנו עכשיו את התרשים. בפינה העליונה למעלה כתוב: "פסי רכבת לתוך המחנה", מה זה?

ת. אלה פסי הרכבת, שנכנסו לתוך המחנה.

ש. מתחת לכתובת הזאת ישנם בנינים, מה אלה?

ת. אלה בנינים של הס"ס, שמאלה מזה הבנינים של האוקראינים.

ש. מה זה?

ת. זה הקסינו של האוקראינים.

ש. למטה מהגוש הזה, באמצע הגליון, מצד ימין ישנם מספר מבנים?

ת. זה מחנה מס. 1.

ש. וכתבת פה: "מחנה מס. 1"?

ת. נכון.

ש. כאשר אני מתקדם שמאלה ממחנה מס. 1, פה מסומן דבר מגודר, מה זה?

ת. כאן היתה חצר, שהחזיקו בה את כלי־המטבח. היתה שם ערימה גדולה, בגובה של 6 — 5 מטרים וברוחב של 150 מ"ר של כלי מטבח וכל מיני כלים אחרים.

ש. מה הדבר הנמצא במרכז התרשים?

ת. זו החצר, שלפני מספר דקות ספרתי עליה, בה אנשים התפשטו לפני המוות. וכשדברתי בקשר לדיר החזירים — זה הבנין.

ש. כאן זה דיר החזירים?

ת. כן.

ש. תכתוב פה: "דיר חזירים".

ת. (כותב)

ש. מה זה "במת נאומים"?

ת. על במת הנאומים הזאת היה עולה איש ס"ס, הרמן מיכאל, ונואם בפני האנשים, שנכנסו לחצר והתפשטו. הוא אמר להם, שהם עוברים עכשיו למקלחת, שהם ימסרו את כל רכושם ויקבלו קבלות, וכשיחזרו מהמקלחת, יקבלו חזרה את הדברים. כאן, הנקודה האדומה, זו הקופה (?), לפני השדרה שהובילה לתאי הגאזים.

ש. פה סימנת "דרך לתאי הגאזים", ומשני הצדדים גדרות. איזה גדרות אלה?

ת. זו גדר תייל מוסתרת על ידי ענפי ירק, אשר הבאנו אותם ממרחק של מספר קילומטרים, כפי שספרתי לפני כן, כדי להסוות.

ש. כאן, משמאל, מקום שסמנת בתור "מחנה מס. 2", מה זה?

ת. זה היה גג גדול, בגודל הבנין הזה, יתכן שיותר גדול, אשר לשם הביאו את החבילות. כאן ציינתי שני שערים, שעבדו שם 100 איש בחבילות. הם הוציאו את החפצים של האנשים, שהוכנסו לתאי הגאזים, היו צריכים במהירות להיכנס ולקחת את החפצים. וכאן היה מחסן, בו מיינו את הבגדים ועשו חבילות של מעילים, חולצות, ומכנסים ושלחו לגרמניה.

ש. מר ביסקוביץ, מסומנים כאן שני בורות וכתוב "לזרט", זה ה"לזרט" עליו דברת?

ת. זה הלזרט, שבו הרגו זקנים, חולים ואלה שלא היו מסוגלים ללכת, אותם הביאו ברכבת קטנה למקום הזה. האנשים שהגיעו בטרנספורטים ולא יכלו ללכת, הובלו ישר הנה.

ש. משמאל — תאי הגאזים, ולמטה משמאל — "בור האש", מה זה?

ת. כן, זה "בור האש", שבו נשרפו הקרבנות, אשר הביאו מתאי הגאזים. אחרי מספר דקות, נשמע זמזום, הרצפה נפתחה והקרבנות נפלו לתוך תהום והם הועברו לבור האש. המדורה שהיתה בסוביבור נראתה למרחק של 20 קילומטרים.

ש. פה סימנת: מחנה צבא, מהו מחנה צבא זה?

ת. זאת ראיתי אחר־כך. אינני יודע בדיוק, אם היו שם וורמכט או אוקראינים. אני ראיתי שם דרך, העוברת על יד המגדל הגדול, שעמד על יד מחנה מס. 1. היות ועבדתי בתור נגר, "דער קליינער טישלער", יצאתי החוצה, הסתובבתי, בניתי את המחנה, שהיה בקרבת מקום, וראיתי שהכינו מקום לנחיתת מטוס, לקראת ביקורו של הימלר. הייתי

בקרבת המחנה וראיתי מספר צריפים, חיילים ואוקראינים. פה גם נהרג איש ס״ס, שעבר במקום הזה לפני המרד.

ש. על המרד עוד נדבר. פה כתוב „מגדל גבוה״, זה המגדל?

ת. כן.

ש. תרשה לי לתקן כאן שגיאת כתיב קטנה. (מתקן) אני מגיש את התרשים לבית־המשפט.

השופט הלוי: אתה אמרת, שהכינו משהו לביקורו של הימלר, מה זה היה.

ת. הכינו מקום לנחיתת מטוס.

אב בית־הדין: תרשים זה סומן ב־ת/1292.

היועץ המשפטי: אחד מהחברים שהיו אתך, שעבד בשריפת הגופות, הביא לך יום אחד מספר תמונות ידועות.

העד ביסקוביץ: אני רוצה לתקן שגיאה קטנה. הוא שרף את החפצים עם הנירות.

ש. הוא הביא לך תמונות?

ת. נכון.

ש. תמונות של מי?

ת. תמונות של משפחתי. הוא היה בן עירי, ובן גילי, היינו חברים מהבית, והוא הכיר את התמונות, כששרף את הנירות.

ש. יש לך, פה, התמונות?

ת. כן.

ש. תראה אותן, בבקשה, לבית־המשפט.

ת. (מוציא תמונות מכיסו ומוסר לאב בית־הדין).

ש. אלה תמונות בני משפחתך, שאחד האנשים בסוביבור הביא לך מהחפצים שהוא שרף?

ת. כן, כשהוא שרף את הנירות עם החפצים.

ש. את החפצים היו שורפים?

ת. כן.

אב בית־הדין: הוא הכיר אותך ואת משפחתך?

ת. הוא היה בן גילי, עכשיו הוא באיטליה, והיינו חברים מילדותנו.

היועץ המשפטי: אבקש להחזיר לעד את התמונות, אני רק רציתי להראותן לבית־המשפט.

אב בית־הדין: כן.

היועץ המשפטי: זה אחד הזכרונות שנשארו לו.

אב בית־הדין: כן, כמובן.

השופט הלוי: הוא ראה גם את משפחתך או רק את התמונות?

העד ביסקוביץ: הגענו יחד בטרנספורט לסוביבור, היינו באותו גיל, והוא הצליח לברוח. הוא הביא לי את התמונות, כששרף את החפצים, אחרי שנשרפו הורי.

היועץ המשפטי: מה קרה לאביך?

ת. הוא עבד שם מספר חדשים.

ש. אחר כך?

ת. כשהוא חלה, התחלתי לסחוב אותו יום־יום לעבודה. עבדנו בקסינו של האוקראינים, ועבדתי בשבילו. השתדלתי, ככל האפשר. אבל הגיע יום אחד, כשכבר לא יכולתי לסחוב אותו. ובאותו יום באו שני אנשי ס״ס, וגנר ופרנצל, הוציאו אותו מהצריף והובילו אותו ללזרט בלווית מכות וצעקות, וירו בו בפני. אני רציתי לרוץ אחריו, אבל הפועלים שעבדו אתי החזיקו בי.

השופט רווה: מי כתב על התמונות האלה: „18 בסיוון״?

ת. אני כתבתי, במשך הזמן, זה היה היום שבו נהרגו.

היועץ המשפטי: זה היום, שאתה שומר כיום־הזכרון להוריך?

ת. כן.

ש. מה היתה תגובת אנשי הס״ס על הבריחה?

ת. זכור לי גשם שוטף. בצריף היו מיטות, כמו איצטבאות. מלמעלה נכנס גשם. בנאי אחד, שאנחנו עבדנו יחד, שאל אותי אם הוא יכול לבוא אלי ולישון. הוא קבל רשות ממני. באותו יום ירד גשם. באותו יום הוא במקרה עבד בשער, במקום שלא היה צריך לעבור דרך מוקשים. הם ברחו ממני בלילה, ואני נשארתי.

ש. מה עשו הגרמנים אחר־כך?

ת. הם עשו מסדר. היו צריכים להרוג אותי, אבל היה לי מזל, והם ספרו „אחד, שניים — ראוס! אחד, שניים — ראוס!״ והרגו עשרים איש. אני ניצלתי, כי הייתי מספר אחד.

ש. עכשיו, ספר לנו על ההתקוממות בסוביבור, אבל בקצרה.

ת. ההתקוממות החלה בזמן, שהגיעו הטרנספורטים מרוסיה. זה היה כבר אחרי שהרגו את 80 האיש במחנה מס. 3, שחפרו מינהרה ורצו לברוח. אז בחרו 20 איש ממחנה מס. 1, 60 איש בחרו לעבוד מהטרנספורט הרוסי.

ש. מה היה תפקידו של סשה בארגון המרד?

ת. סשה ארגן את המרד, לאחר שלקחו את 20 האיש למחנה מס. 3.

ש. הוא היה קצין?

ת. הוא היה קצין, שבוי־מלחמה.

ש. יהודי?

ת. כן. הוא התחיל לארגן את החברה שהיינו קרובים לו, כ־20 — 25 איש, וערך תוכניות. פחדנו מאד, כיוון שהיה מספר אנשי ס״ס, שהבחין בתנועה החשודה, והם כמעט לקחו אותו ללזרט, להרוג אותו. ביום־הכפורים הורשינו להתפלל בצריף במחנה מס. 1.

בצריף התאספו כל 600 איש שהיינו בסוביבור והתפללנו.

אני רוצה לציין, ששליש היו בנות בגיל רך, 15 — 16, גם ילדים — בגיל 15 — 16, חוץ מבעלי המקצוע שהיו בגילים מבוגרים יותר, והבחורים מרוסיה שהיו אנשי צבא. ראיתי בפינה איזו חוליה מדברת בלחש. אני בתור ילד הבחנתי בזאת, התקרבתי ושמעתי. אחרי יום־יומיים נודע לי על המרד. אני הייתי צריך לברוח שלושה ימים לפני זה.

ש. מה זאת אומרת היית צריך לברוח?

ת. תיכננתי בריחה.

ש. אתה בעצמך תיכננת בריחה?

ת. כן. אבל כשנודע לי על המרד, לא רציתי לקלקל. החלטתי לחכות למרד. את המרד קבעו ל־14 באוקטובר. נדמה לי שזה היה יום חמישי, משעה 3.30 עד האפל, שעה 4 או 4.15, צריך היה להרוג כל גרמני, שאפשר ולברוח.

ש. איפה לקחתם נשק?

ת. נשק לא היה לנו, מלבד מה שגנבו הבנות שעבדו אצל אנשי ס״ס, צחצחו להם נעליים ועשו ספונג׳ה. הם גנבו, ברגעים האחרונים, מספר רימונים, איזה רובה, תת־מקלע ומספר אקדחים והביאו לתוך המחנה. אני, במקרה, הייתי צריך לתקן את השער של המחנה מספר 1. עבדתי עם עוד חבר אחד בשם דוד. 20 איש עמדו מתחת למחסן הכלים. הוצאנו את כל הכלים מהמחסן. לכל בית־מלאכה הכנסנו שני בחורים עם גרזנים. הגרמנים הזמינו חפצי־לוכסוס, כדי לשלוח הביתה. האחראי — לבית המלאכה שלח להודיע לס״ס, שהסחורה כבר מוכנה. נכנס הראשון, אונטרשטורמפירר נוימן, על סוס לבן. הוא נכנס לנגריה בצעקה. היה שם בחור צעיר, תפס את הסוס והכניסו לצריף הישן. נוימן נכנס לתוך הנגריה, ולא יצא ממנה. הוא היה מפקד המחנה. הרגו אותו שם. ראיתי ס״ס אחד נכנס לסנדלריה של האוקראינים. הרגו אותו שם. אחריו נכנס עם אופניים אחד מהאוקראינים. הרגו אותו באותה הסנדלריה.

ש. ועדיין לא הרגישו הגרמנים שיש מרד?

ת. לא. אחד פרנצל הרגיש, לאחר שהרגו את נוימן, והוא הסתובב עם שוט, ובצעקות. בדרך־כלל היה תמיד צועק. הוא הרגיש, אולם פחד להכנס למחנה. כך הרגו 13 גרמנים ומספר אוקראינים, ביחד אולי 18. ראיתי איך שהגיעו אנשים מהיער. הרגו שניים שבאו בעגלה ושמו אותם בעגלה. אותם הרגו בסנדלריה של ס״ס.

ש. את מי הרגו?

ת. את הגרמנים, כמובן.

ש. מה עשו האחרים, בינתיים?

ת. בינתיים חיכו לאות, כדי להתנפל על מחסן הנשק. אני הייתי צריך לתת אות. אבל ברגע האחרון הגיע באואר עם מכונית המשקאות למחנה מספר 2, כדי לחפש עובדים. הוא לא הבחין באיש, כי כולם היו עסוקים בתפקידים. זה היה ממש מספר דקות לפני המרד. הוא הוריד אותי עם דוד למחנה מספר 2, ששם היה הקזינו והקופה. עוד מספר דקות צריך היה לפרוץ המרד. הגענו לשם. הורדנו את הארגז הראשון עם המשקאות לתוך הבנין. ראינו את הקופאי הרמן מיכאל כשהוא סופר את הכסף ולא

יודע שום דבר. אנחנו היינו מוכנים. היה לי סכין, דקרתי בו. היה שם גם דוד. סגרנו אותו עם הדלת של הקופה. רצנו החוצה לסחוב את הארגז השני. בינתיים שמענו: „הורה, המרד התחיל"!

ש. „הורה" — היתה הסיסמה?

ת. כן. המרד התחיל, וכבר נשמעו יריות. דוד ברח לכיוון המרד, למחנה מספר 1. באואר שלף את אקדחו, ירה ורץ אחריו. כך התחיל המרד. כולם התחילו לרוץ ונכנסו למחסן הנשק, החזיקו את העמדה כמה שיכלו ואחרי־כן ברחו.

ש. איך פרצתם את הגדר?

ת. אני כבר לא הייתי יכול לרוץ לכיוון ההוא. הייתי מוכרח לרוץ לכיוון מחנה מספר 3.

ש. מדוע לא יכולת לרוץ לכיוון ההוא?

ת. כי הייתי בטוח שאהרג. היו יותר מדי יריות בכיוון ההוא, משאוכל לרוץ לשם.

ש. איך יצאת משטח סוביבור?

ת. נשארתי על־יד הלזרט, זאת אומרת, בתוך הלזרט, עד אחרי חצות. לאחר שקפצתי מעל לגדר בגובה של שני מטר דרך החצר, בה התפשטו הנשים לפני תא הגאזים, רצתי על־יד שני מחסנים גבוהים, שבניתי אותם בשביל החבילות. נורו אלי מספר יריות מהשומר על המגדל של המחנה מספר 3. היות וכבר החשיך, לא פגע בי כדור. הצלחתי להגיע ללזרט. זה היה יער קטן על־יד מחנה נורד.

ש. אמרת קודם, שבלזרט היו בורות?

אב בית־הדין: הוא אמר, שזאת היתה חורשה.

ת. אם כבוד בית־המשפט יתן לי אפשרות, אסביר כמה מחנות ושמות.

אב בית־הדין: כפי שאני מבין, היו בורות בתוך העצים.

ת. אבל אחרי הלזרט היה מחנה נורד, שבו החזיקו תחמושת. אני שכבתי בתוך הלזרט עד אחרי חצות. גם לא ידעתי איך אצליח לצאת. אולם למזלי, רצתי בודד לכיוון ההוא. אחרי כן באו הרבה אנשי ס"ס עם אוקראינים והתחילו לירות לכיוון שלי. אולם בחשבם, שאף אחד אינו רץ לכיוון הזה, עזבו את המקום. רק בלילה התחלתי לחדור דרך גדרי תיל בידיים, עד שהבחנתי שהדלת פתוחה על־יד המגדל במחנה נורד. שם החזיקו חומר נפץ ותחמושת. היו בונקרים כאלה בתוך האדמה.

היועץ המשפטי: ולבסוף עלה בידך לצאת מגדרי התיל?

ת. כן.

ש. הסתובבת ביערות ופגשת עוד אדם שברח מסוביבור?

ת. כן. אני פגשתי את היהודי הראשון אחרי 4 חודשים בכפר איבנקי. זה היה נחמיה, שהצליח להיכנס למחסן הנשק, לתפוס תת־מקלע ולהחזיק את החזית.

ש. אחרי־כן פגשתם את סאשה?

ת. אחרי־כן פגשנו את סאשה.

ש. והצטרפתם יחד לקבוצת פרטיזנים?

ת. זה יותר מדי בקיצור.

אב בית־הדין: יש הרבה מה לספר. אתה מבין את הכוונה.

ת. אבקש רשות מבית־המשפט לספר איך מצאתי את סאשה ואת נחמיה, או לפחות לגמור איך יצאתי משם.

אב בית־הדין: אצל כל עד זה חלק חשוב מחייו. יש אנשים, שאפילו אינם באים להעיד. צריך להבין את מגבלות המשפט. בכל אופן, אם ברצונך למסור בקיצור, בבקשה.

ת. את נחמיה פגשתי בכפר איבנקי. הוא סיפר לי על המרד בדיוק. הוא רק אמר, שהוא מצטער שהורידו אותנו ממקום התורפה, כי אחרת היה המרד יותר מצליח. באותו רגע היה מסדר של האוקראינים. הרגו את הס"ס, ואת הקצין האחראי. הם עמדו ולא ידעו מה פה מתרחש. נחמיה החזיק את החזית עם תת־מקלע. והנה הגיעו באואר עם פרנצל. התפרצו לתוך מחסן הנשק. הוא תפס רובה עם מאתיים כדורים וברח.

ש. מניין היה נחמיה?

ת. הוא היה מהטרנספורט של הצבא ברוסיה, שבוי־מלחמה.

ש. אחרי־כן שניכם נדדתם ביערות עד שפגשתם את סאשה?

ת. שנינו נדדנו ביערות עד שפגשנו את סאשה.

ש. מה שם המשפחה שלו?

ת. פצ'ורי. פגשתי אותו. היו שלושה. אחד היה חולה ברגליים. הם לבשו בגדים לבנים מבד שמייצרים בידיים. הם טבעו בבוץ אחרי הבריחה. אחרי־כן התאספנו. היינו כבר חמישה, הלכנו ליערות סקרודניצה. שם פגשנו את הפרטיזנים היהודים הראשונים בשם „חיאלס גרופה", זאת היתה קבוצה של יהודים שפעלו.

ש. הם פעלו בפקודתו של יחיאל גרינשפן?

ת. כן.

ש. עסקתם בחבלה במסילות־הברזל, ניתוק קווי־הטלפון, התנפלויות של פגע וברח ביחידות הצבא הגרמני?

ת. כן. על אלה שהיו בכפרים.

ש. אחרי־כן גוייסת לצבא האדום?

ת. אחרי־כן הצטרפתי לפרטיזנים. זה היה על־יד מלוריטו. אלה היו פרטיזנים רוסים שבאו מהמזרח. אחרי־כן, כאשר רוסיה כבר כבשה את המקום, נפגשנו כולנו במקום. היה שם ריכוז הפרטיזנים. כשחזרתי הביתה, לא יכולתי להיות שם, לא מצאתי איש. נסעתי ללובלין ושם התנדבתי לצבא הפולני. הייתי גם בחזית מודלין, יבלונה וגם בוורשה.

אב בית־הדין: ד"ר סרבציוס, היש לאדוני שאלות?

ד"ר סרבציוס: אדוני העד, אמרת, כי הימלר הגיע במטוס לסוביבור? האם בעצמך ראית אותו?

ת. את הימלר ראיתי. היות ואני שמעתי על הימלר, גרינג, והיטלר, אני ראיתי אותו מרחוק. היה לבוש מעיל חום וארוך, משקפיים, כאילו, מקריסטל. ראיתי עוד מספר אנשי ס"ס, כ־8 במספר.

ד"ר סרבציוס: אין בפי עוד שאלות.

השופט הלוי: מי היו האוקראינים שאתה תמיד מזכיר? איזה אוקראינים אתה מזכיר תמיד בעדותך?

ת. אלה היו שבויים רוסים, שעברו לצד הגרמנים. הגרמנים נתנו להם ברירה, או להיות בשבי או לשתף פעולה. הם שמרו על המחנה.

ש. במדים?

ת. במדים שחורים. קיבלו רובה עם 5 או 10 כדורים. הם גם ברחו. נפגשתי עם שני שומרים, ששמרו עלי והרביצו לי הרבה מכות. נפגשתי אתם ביער. הם גם כן ברחו בשעת המרד. שמותיהם היו פבלושה והולוסנה.

ש. הם השתתפו במרד?

ת. הם ברחו בזמן המרד.

אב בית־הדין: תארת את תא־הגאזים מבפנים. אתה, למשל, סיפרת לנו שהרצפה היתה נפתחת והגוויות היו נופלות למטה לתוך קרוניות.

ת. האם ראית זאת בעיניך, או אתה מספר דברים, ששמעת מפי אחרים?

ת. אני מספר פה מחזה מזעזע.

ש. האם היתה לך האפשרות לראות את הדברים האלה מבפנים?

ת. לא היתה לכולם אפשרות, לי במקרה היתה אפשרות. נלקחתי במקרה להוביל קרונית עם חבית כלור. כאשר עברתי בשני המחסנים הגדולים, במחנה מספר 2, הורדתי ודחפתי את הקרונית לכיוון מחנה מספר 3, הייתי צריך להשאיר זאת על יד השער. לא יכולתי להחזיק את המכונית. השער נפתח וסחב אותי פנימה. היות וידעתי שמשם לא אצא חי, התחלתי לרוץ בחזרה במהירות, והצלחתי להגיע למקום העבודה, מבלי שאיש ירגיש זאת. זה היה סוד — אני מציין זאת — גם בפני אנשי המחנה שעבדו אתי. מרחוק ראיתי את הבור ואת התהום ואת הרכבת הקטנה שהובילה את המתים. את תא־הגאזים מבפנים לא ראיתי, ראיתי אותו רק מבחוץ. היה גג בולט מאד, הרצפה נפתחת והגוויות נפלו למטה.

ש. את זאת אתה מבין מתוך אופן המבנה.

ת. לא מתוך אופן המבנה, אני ראיתי זאת מרחוק, גם כשרצתי במהירות, אם כי אחרי 19 שנה, אינני יכול לתאר זאת בדיוק.

ש. אתה כבר מתמצא בדברים אלה. האם אתה ראית את הרצפה נפתחת?

ת. זאת לא ראיתי, רק ראיתי תהום מתחת לתא־הגזים, כשהגוויות היו כבר שם.

אב בית־הדין: תודה, מר בוסקוביץ, גמרת את עדותך. אני יודע שלא סיפרת את הכל. אבל אין ברירה.

ת. היה עוד מקרה מזעזע שראיתי והייתי רוצה לספר על מקרה זה.

אב בית־הדין: אני מצטער מאד. לא רק אלה שבאים הנה רוצים לספר, ואין פשוט אפשרות. תודה רבה ושלום.

# כ׳ווייס נישט ווו ס׳איז דאָס געביין פון מיינע קינדער

ראָזאַ זילבערמינץ / תל־אביב



ראָזאַ זילבערמינץ

די דייטשן זיינען אַריין אין הרוביעשאָוו דעם ערשטן טאָג ראש־השנה, 1939. איך האָב דעמאָלט געוווינט מיט מיינע פיר קינדער אויף פלאַץ וואָלנאָשטשי נומער 1, אין הויז פון מיין שווער און שוויגער.

לויטן אָפּמאַך, האָבן די דייטשן געדאַרפט בלייבן שטיין ביים טייך וויעפּש. ערב יום־כּפּור — האָבן זיי פאַרלאָזט הרוביעשאָוו, כּדי מקיים צו זיין דעם אָפּמאַך. אין די עטלעכע טעג איז די יידן נישט געשען קיין שום שלעכטס. אַז די דייטשן זיינען אַרויס, זיינען אַריינגעקומען די פּאָליאַקן און האָבן אָנגעטאָן די יידן גרויסע צרות, געשלאָגן, געראַבעוועט און געצוווּנגען אָפּן צו האַלטן יום־כּפּור די געשעפטן.

מוצאי יום־כּפּור האָבן מיר געהערט אַ מוראדיקע שיסעריי. נאָך דער שיסעריי איז שטיל געוואָרן און אין שטאָט איז אַריין די רויטע אַרמיי. אָבער זי איז געבליבן נאָר 11 טעג. אַז זיי זיינען אַרויס, זיינען ווידער אַריינגעקומען די דייטשן. און דאָס מאָל האָבן זיי שוין געוויזן, וואָס זיי קענען. די פּאָליאַקן האָבן זיך געפריינט מיט די דייטשן, און זיי געהאָלפן אין זייער אכזריות קעגן די יידן. אין אונזער הויז איז אַריין אַ דייטשע פירמע, גייזער, וואָס האָט געעפנט אַ סקלאַד מיט סחורה. די יידישע איינוווינער פון הויז האָט מען אַרויסגעוואָרפן. מיר האָט מען איבערגעלאָזט איין איינציק צימער.

דעם 15־טן נאָוועמבער 1939 האָבן די דייטשן אויסגעהאַנגען פּלאַקאַטן, אַז ווער ס׳וויל צו די רוסן, קען באַקומען אַ דערלויבעניש פאַר 5 זלאָטעס. טויזנטער יידן האָבן זיך געפּאַקט, מיטגענומען אַלץ, וואָס זיי האָבן נאָר געקענט, און זיך געלאָזט אין וועג אַריין. צוקומענדיק צו דער רוסישער גרענעץ, ביים בוג, האָבן די דייטשן פּלוצעם געגעבן אַ באַפעל:

— צוריק!

אויפן וועג צוריק איז אָנגעקומען געסטאַפּאָ מיט אוקראַינער און מערדעריש געשלאָגן, אויסגעטאָן, ממש נאַקעט און באַרוובט ביזן לעצטן. אָט, אַזוי זיינען הרוביעשאָווער יידן צוריקגעקומען אהיים, מער טויט ווי לעבעדיק, נאַקעט און באָרוועס.

אין 8 טעג אַרום, דעם 1־טן דעצעמבער, פרייטיק פאַרנאַכט, האָט מען מודיע געווען פון מאַגיסטראַט, אַז שבת, פרי, 8 אַזייגער, זאָלן זיך אַלע יידן אין עלטער פון 15 ביז 60 יאָר פאַרזאַמלען אויף דעם „וויגאָן". דאָרט וועט יעדער קענען באַשליסן, צי ער וויל בלייבן דאָ, אָדער צו ער וויל קיין רוסלאַנד.

די זעלבע שפּיל האָבן די דייטשן אויך געמאַכט אין כעלם, נאָר מיט איין טאָג פריער. דעם 2־טן דעצעמבער האָבן זיי געבראַכט די כעלמער יידן אויפן הרוביעשאָווער מאַרק, נאַקעטע, באָרוועסע, צעשלאָגענע און פאַרחלשטע.ביידע גרופּן, די כעלמער און די הרוביעשאָווער האָט מען געטריבן צו דער רוסישער גרענעץ.

אויפן וועג האָבן די דייטשן אויסגעשאָסן אַן ערך 15 הונדערט יידן. די איבעריקע האָט מען געצוווּנגען אַריבערצוגיין די רוסישע גרענעץ, דורכן טייך בוג. דאָס איז געווען דעם 6־טן דעצעמבער. אומגליקלעכע זיינען אין ברענענדיקסטן פראָסט אַריין אין וואַסער. אַ גרויסער טייל איז אומגעקומען אין טייך. די וואָס זיינען אַריבער דעם טייך, זיינען אויף דער רוסישער זייט פאַרהאַלטן געוואָרן, ביז ס׳וועט קומען אַ באַפעל צי מ׳זאָל זיי אַריינלאָזן. נאָך אַ טאָג וואַרטן איז געקומען אַ באַפעל, אַז מ׳זאָל די יידן צוריקשיקן ס׳איז נישט געבליבן קיין אַנדער ברירה, ווי צוריקצוגיין צו די דייטשן.

אין הרוביעשאָוו איז אין דער צייט געשאַפן געוואָרן אַ יודנראַט. ווינטער 1940 האָט מען געבראַכט צו אונז אויף אַרבעט יידן פון לאָדזש און אומגעגנט מיט אָפּגעפרוירענע הענט און פיס. מען האָט די קראַנקע לאַקירט אין פּוילישן שפּיטאָל, אָבער אין אַ געוויסן טאָג האָבן די דייטשן זיי אַרויסגעוואָרפן אויפן גאַס. די געזונטע זיינען איינקוואַרטירט געוואָרן אין יידישע הייזער, ווו זיי האָבן אויך באַקומען עסן, ווייל די דייטשן ווו זיי האָבן געאַרבעט, האָבן זיי קיין עסן נישט געגעבן.

ס׳איז געווען דער באַרימטער ווינטער 1939—1940. די פרעסט זענען געווען שרעקלעכע, נישט צו דערטראָגן. דער יידנראַט האָט דעמאָלט געעפנט אַ שפּיטאָל פאַר די שווער־קראַנקע אין בנין פון בית־יתומים. די יתומים־קינדער האָט מען צעטיילט אין יידישע הייזער.

איך בין געווען מיט צוויי זין און צוויי טעכטער אין עלטער צווישן 17 און 25. ווי ס׳איז אַרויס אַ באַפעל, אַז די יאָרגענג פון 16 ביז 60 יאָר דאַרפן זיך רעגיסטרירן, האָב איך קודם־כּל אַוועקגעשיקט די צוויי זין מיטן יינגערן מיידל. זיי האָבן זיך ביינאַכט אַריבערגעשמוגלט איבערן בוג קיין רוסלאַנד. מער האָב איך זיי שוין קיינמאָל נישט געזען און נישט געהערט. איך בין געבליבן נאָר מיט דער עלטסטער טאָכטער.

פרילינג 1940 האָבן די דייטשן געכאַפּט יינגלעך און מיידלעך און זיי געשיקט אַרבעטן אין דעם דאָרף אַבראָוויצע. אַ חוץ דעם, האָט דער יידנראַט יעדן טאָג צוגעשטעלט אַ גרויסע צאָל יידן צו פאַרשיידענע אַרבעטן.

מוצאי תשעה־באב 1940 האָבן די דייטשן אַרויסגעטריבן פון די הייזער יונגע און אַלטע מענער און זיי פאַרשפּאַרט אין דער גרויסער שול. די אַקציע האָט געדויערט אַ גאַנצע נאַכט. די קולות פון די פרויען און קינדער זיינען דערגאַנגען עד לב השמים.

דעם צווייטן און דריטן טאָג האָט מען אָנגעהויבן ברענגען קיין הרוביעשאָוו יידן פון גאַנצן פּאָוויאַט: פון גראַבאָוויץ, בעלז, און אַנדערע שטעטלעך און אַלעמען פאַרשפּאַרט אין שול.

אין שול האָט מען שוין נישט געקענט זיצן, נאָר שטיין, ענג און געפּרעסט. די באַדערפענישן האָט מען געמאַכט אונטער זיך. אַזוי זיינען יידן דאָרט געווען פאַרשפּאַרט דריי טעג אָן עסן און אָן טרינקען.

ערשט אויפן טאָג, האָט מען לויט דער אינטערווענץ פון יידנראַט, דערלויבט די פרויען ברענגען עסן, און די דייטשן האָבן עס פאַרטיילט. דאַן האָט מען אויך צונויפגענומען יידישע מיידלעך, וועלכע האָבן מיט די הענט גערייניקט די צואה אין דער שול.

אויפן פערטן טאָג האָט מען געהייסן צומאַכן די יידישע און קריסטלעכע געשעפטן. ס׳איז אָנגעקומען אַ גרויסע פאַרשטאַרקונג פון געסטאַפּאָ און מ׳האָט אַלע יידן פון שול אַרויסגעפירט צו דער באַן. באַלד איז צו דער באַן געקומען דער בורמישטש פון הרוביעשאָוו, יאַוואָראָווסקי. ער האָט געלעבט מיט אַ יידישער פרוי און איז געווען אַ יידן־פריינד. ער האָט אַרויסגעראַטעוועט אַ שיין ביסל יידן. אויף זיין פאָדערונג האָט מען אַ צאָל יידן אַוועקגעשיקט אהיים, די איבעריקע האָט מען אַוועקגעשיקט קיין בעלזשעץ, ווו זיי האָבן געדאַרפט גראָבן מאַסן־קברים פאַר יידן.

ביז דעצעמבער 1940 איז די לאַגע נאָך געווען צום דערטראָגן. לויט דעם וואָס ס׳איז געשען שפּעטער, איז עס יעצט געווען אַ גן־עדן. דער יודנראַט האָט יעדן טאָג צוגעשטעלט די געפאָדערטע צאָל יידן. די רייכע האָבן זיך אויסגעקויפט און די וועלכע האָבן קיין געלט נישט געהאַט, האָבן געאַרבעט.

אָנהייב 1941 איז געוואָרן ערגער, און וואָס ווייטער איז דאָס אומגליק גרעסער געוואָרן. קודם, האָט מען פון די יידן אַוועקגענומען זייער האָב און גוטס. מיר האָבן אַוועקגעגעבן אַלע פוטערס פאַר די דייטשע זעלנער אויפן פראָנט. אַז מען האָט ביי אַ יידן געפונען אַ פוטערל פון אַ קליין קינד, האָט מען אים דערפאַר דערשאָסן.

יוני 1942 איז געסטאַפּאָ געקומען אין יודנראַט און איבערגעלאָזט פאַרמאַכטע בריוו פאַר אַלע יודנראַטן פון די אַרומיקע שטעטלעך, וועלכע האָבן

געהערט צו הרוביעשאָוו. זיי האָבן באַפוילן, אַז די בריוו טאָרן נישט געעפנט ווערן ביז זיי וועלן עס דערלויבן.

אין עטלעכע טעג אַרום זיינען די בריוו צעשיקט געוואָרן. זיי האָבן געמאָלדן, אַז לויטן באַפעל, דאַרף הרוביעשאָוו ווערן יודנריין. דעריבער מוז יעדער איינפּאַקן ביז 16 קילאָ און שטיין גרייט איבערגעזידלט צו ווערן קיין פּינסק, צו טריקענען דאָרט די זומפּן. א סך יידן האָבן דערפילט, אַז די אַרבעט אין פּינסק, איז נאָר א דייטשער טריק און האָבן זיך באַהאַלטן. דער רוב אָבער האָט געגלויבט און איז געקומען אויפן באַשטימטן פּלאַץ. 3000 יידן זיינען געפירט געוואָרן קיין סאָביבאָר (לעבן וולאָדאָווע) אין לאַסט־וואַגאָנעס. די פּוילישע קאָנדוקטאָרן, וועלכע האָבן זיך אומגעקערט פון דעם וועג, האָבן דערציילט, אַז אַלע יידן זענען אויסגעסמט געוואָרן אין די וואַגאָנעס און זייערע קערפּערס האָט מען אַריינגעוואָרפן אין די גריבער, וואָס די גויים האָבן שוין געהאַט צוגעגרייט.

שפּעטער האָט דער קרייז־הויפּטמאַן געלאָזט רופן דעם יודנראַט און אים געמאָלדן, אַז ער וועט איבערלאָזן אין הרוביעשאָוו ביז א צוויי טויזנט יידן. די איבעריקע מוזן ווערן אַוועקגעשיקט אין אַנדערע מקומות אויף אַרבעט. די וועלכע וועלן פאַרבלייבן וועלן באַקומען קאַרטן אַלס „נוצלעכע־יידן".

אויך ביי דער צווייטער אַקציע האָבן זיך א סך יידן באַהאַלטן, ווייסנדיק שוין מיט וואָס דאָס אַוועקשיקן אויף אַרבעט שמעקט. די דייטשן האָבן דאַן איבערגעקערט די גאַנצע שטאָט, געזוכט אין אַלע נאָרעס און גריבער, קעלערס און בוידעמער. צו אונזער ווייטיק און גרויסער שאַנד, האָט די יידישע פּאָליציי דאָ געשפּילט אַ זייער טרויעריקע ראָל. קענענדיק בעסער, ווי די דייטשן, אַלע געהיימע באַהעלטענישן, איז זיי געלונגען צו כאַפּן א סך יידן. 180 יידן זענען דעמאָלט צונויפגעבונדן געוואָרן מיט שטעכל־דראָט, אַרויסגעפירט געוואָרן אויפן בית־עולם און דאָרט דערשאָסן געוואָרן.

די צווייטע גרופּע יידן איז אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין בעלזשעץ. אויך די גרופּע איז ביזן לעצטן פאַרסמט געוואָרן.

נאָך דער לעצטער אַקציע, דעם 28־סטן אָקטאָבער 1942, איז הרוביעשאָוו געוואָרן יידנריין. ס'קליינע רעשטל יידן האָט מען פאַרשפּאַרט אין א לאַגער. אָבער אין שטאָט זיינען נאָך, טראָצדעם, געווען א סך יידן, וואָס זיינען געלעגן באַהאַלטן אין גריבער, בונקערס און אין אַנדערע באַהעלטענישן. די דייטשן האָבן באַלוינט פאַר יעדן יידישן קאָפּ מיט 50 זלאָטעס און א קילאָ צוקער. אַ סך שקצים האָבן דעמאָלט געמאַכט גלענצענדע געשעפטן.

נאָך דער דריטער אַקציע בין איך, מיין טאָכטער, און א קרובה געלעגן באַהאַלטן אויף אַ בוידעמל פון אונזער הויז. אויפן ערשטן שטאָק האָט געוווינט אַ פּוילישער שאָפער, ש ו ד ע ם. מיר האָבן דאָרט „געוווינט" 7 טעג און אין דער צייט אויסגעשטאַנען א גיהנום פון שאָפערס ווייב, וועלכע האָט ביי אונז יעדן טאָג געפאָדערט געלט און יעדעס מאָל געדראָט, אַז זי גייט אונז איבערגעבן דער געסטאַפּאָ.

אויפן אַכטן טאָג האָבן מיר זיך פאַרהילט אין טיכלעך און זענען אַוועק. דריי קילאָמעטער פון שטאָט האָט געוווינט אַ באַקאַנטער קריסט. ער האָט אויף אונז רחמנות באַקומען און אונז אַריינגעלאָזט אין א קעלער, וואָס ער האָט געהאַט בשותפות מיט זיינע שכנים. דער קריסט איז געווען א סאָציאַליסט, אַ פּוילישער פּראָפעסאָר און אַזעלכע האָבן די דייטשן געהאַלטן אויפן אויג.

נאָך עטלעכע טעג האָבן מיר געמוזט אַרויס פון קעלער. פאַרן הויז איז געלעגן א סטויג שטרוי, אונטער וועלכן ס'איז געווען אויסגעבויט א בונקער פאַר זיין פּלימעניק, וועלכער האָט זיך א שטיק צייט אויסבאַהאַלטן פאַר די דייטשן. דערנאָך איז ער ערגעץ ווו אַוועק. אַהין האָט אונז דער פּראָפעסאָר אַריינגעלאָזט.

בייטאָג זיינען מיר דאָרט געלעגן און ביינאַכט האָט ער אונז אַריינגעפירט אין קעלער. ער האָט אונז געבראַכט יעדן טאָג האָניק־וואַסער און ברויט.

דאָרט זיינען מיר געווען 7 וואָכן, ביז דעם 15־טן דעצעמבער 1942. לענגער האָט ער אונז נישט געקענט האַלטן, ווייל ער איז אַליין געשטאַנען אונטער א חשד. איינמאָל האָט ער, אפילו, געמוזט אַוועק נעכטיקן אויף עטלעכע טעג.

דעם 17־סטן דעצעמבער ביינאַכט זיינען מיר פאַרהילט אין טיכלעך און שאָלן דערגאַנגען ביז צו אַ מיל פון אַ באַקאַנטער קריסטין. פאַר דער מיל איז פאַרבייגעפאָרן אַ קאָלייקע. די קריסטין האָט פאַר אונז געקויפט בילעטן און מיר זיינען איינגעשטיגן אין דער קאָלייקע. דער ציל איז געווען: סאָקאַל. דאָרט, האָבן מיר געהערט, האָט מען צונויפגעטריבן אַלע רעשטלעך יידן, וואָס זיינען געבליבן נאָך אַלע אַקציעס און די שטאָט א נאָמען געגעבן „יודן־שטאַט". דאָרט, אין דער „יודן־שטאַט" — האָט מען גערעדט — זיינען יידן זיכער.

די קאָלייקע איז געפאָרן ביז ראַווא־רוסקא. דאָרט האָבן מיר געמוזט איבערשטייגן אויף דער נאָרמאַלער באַן, קיין סאָקאַל. אין דער קאָלייקע און אין דער באַן האָבן מיר געהאַט מזל, וואָס מ'האָט אונז נישט אַנדעקט.

אַראָפּגעשטיגן פון דער באַן, זיינען מיר 3 קילאָמעטער פאַר סאָקאַל. מיט גרויס מי און מאַטערניש און אונטער דער גרעסטער געפאַר, זיינען מיר אָנגעקומען קיין סאָקאַל. פאַר דער שטאָט האָבן מיר געטראָפן א יידן, וואָס האָט געהאַט א דערלויבעניש צו גיין אויף דער אַרישער זייט. דערזעענדיק אונז, האָט ער אויסגעשריגן:

— וואָס טוט איר? וואָס קומט איר קיין סאָקאַל? דאָ וועט דאָך מאָרגן פאָרקומען אַן אַקציע!

מיר האָבן אָבער שוין קיין ברירה נישט געהאַט. עטלעכע טעג נישט געגעסן, נישט געטרונקען, שטייענדיק קוים אויף די פיס, איז אונז שוין אַלץ איינס געווען. הערנדיק, אַז סאָקאַל איז א „יודן־שטאָט", ווו יידן לעבן פראַנק און פריי, זענען א סך יידן אהער אַנטלאָפן. א סך הרוביעשאָווער זיינען דאָ געווען. די שטאָט איז געווען באַוואַכט פון יידישע פּאָליציי, וועלכע האָט קיין פרעמדע יידן נישט אַריינגעלאָזט.

אונז איז געלונגען אומבאַמערקט אַדורכצוגיין די וואַך און אַריין אין שטאָט. באַצאָלנדיק א יידישן פּאָליציאַנט א שיינע סומע, איז ער גרייט געווען אונז צו באַהאַלטן. ער האָט אונז אַריינגעפירט אין א פינצטערן בונקער, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט דער קאַנאַליזאַציע. די באַהעלטענישן, וואָס מיר האָבן געהאַט ביז איצינד, זיינען געווען פּאַלאַצן לגבי דעם באַהעלטעניש. דאָ איז געווען אַזוי ענג, אַז איינער איז געלעגן אויפן צווייטן. די לופט געדיכט, דער געשטאַנק האָט געוואָרגן ביז חלשות, פינצטער, ווי אין אַ קבר.

די אַקציע איז נישט פאָרגעקומען אין דעם באַשטימטן טאָג, נאָר מיט צוויי־דריי טעג שפּעטער. נאָך דער אַקציע זיינען מיר אַרויס פון גיהנום.

אינצווישנצייט האָבן מיר געהערט, אַז אין הרוביעשאָוו האָט זיך די לאַגע נאָרמאַליזירט. נאָך אַלע אַקציעס איז דאָרט פאַרבליבן א קליין הייפעלע יידן, וועלכע די דייטשן דאַרפן צו דער אַרבעט. זיי לעבן אין א לאַגער און מ'טשעפּעט זיי נישט מער. דאָ, דאַקעגן, האָט מען זיך געגרייט צו א צווייטער אַקציע.

כ'האָב באַשלאָסן די טאָכטער מיט דער קרובה צו שיקן קיין הרוביעשאָוו. זיי איז געלונגען זיך אַהינצובאַקומען און איך האָב געהערט, אַז זיי אַרבעטן מיט נאָך דריי יידישע קינדער ביי די דייטשן, אויסער דעם לאַגער.

דעם 15־טן אַפּריל 1943 האָבן די מיידלעך באַצאָלט צוויי שקצים 2000 זלאָטעס און זיי געשיקט קיין סאָקאַל מיט אוקראַינישע קליידער און דאָקומענטן, כדי מיך ברענגען צוריק. אויף אַזאַ אופן בין איך ווידער געקומען קיין הרוביעשאָוו.

דעם 8־טן סעפּטעמבער 1943 האָט מען דעם גאַנצן לאַגער אַוועקגעפירט קיין מאַידאַנעק. דאָרט זיינען מיר געווען ביז מאַי 1944.

דעם 22־סטן יולי האָט מען אונז פון מאַידאַנעק געפירט צו פוס קיין אָשוויענטשים. איך האָב דעם מאַרש שוין נישט געקענט מיטמאַכן. כ'בין געבליבן ליגן אויף א פעלד, געוואַרט אַז א דייטשע קויל זאָל מיך באַפרייען פון מיינע צרות. ס'האָט אָבער שוין געהאַלטן ביי נעילה און די דייטשן האָבן מיך אין זינען נישט געהאַט. איך בין געלעגן ממש אויפן פראָנט. האַרמאַטן האָבן געדונערט און עראָפּלאַנען זענען געפלויגן איבער מיין קאָפּ.

דעם 29־סטן יולי האָבן די רוסן מיך באַפרייט. מיין געליבטע טאָכטער און די אַנדערע דריי יידישע קינדער (2 יינגלעך און איין מיידל) — די לעצטע פינף יידן פון הרוביעשאָוו — זיינען דערשאָסן געוואָרן דעם 11־טן נאָוועמבער 1943. איך ווייס אפילו נישט, ווו דאָס געביין פון מיינע קינדער ז"ל געפינט זיך.

איך בין געבליבן איינע אַליין אין דער גרויסער וועלט.

# העניע זילבערמינץ—הובערמאַן / פון יענע טעג און נעכט

יפו



העניע זילבערמינץ

דאַכט זיך, אז טויזנט יאָר זיינען שוין אַריבער זינט דעמאָלט.

שבת אין שטעטל. אַ גוטע, וואַרעמע היים. דער מאַרק, ס׳טייכל, די גרינע לאָנקעס. די יוגנט שטראָמט אין די לאָקאַלן. דיסקוסיעס. הייסע, ליטערארישע משפטים. רעפעראַטן וועגן פּראָדוקטיוויזאַציע, חלוציות, און קיבוצים.

ל״ג־בעומר. די יוגנט מארשירט איבער די גאַסן און פעלדער. שקצים וואַרפן אויף אונז שטיינער. די שמחה איז שוין א ביסל אונטערגעשטערט.

ס׳קומען אָן וואָכעדיקע טעג, פאַראַן שוין ביי אונז א קיבוץ תל־חי, בחורים מיט מיידלעך גייען מיט העק און זעגן אויף די פּלייצעס, האַקן און זעגן האָלץ.

ביי די עלטערן, אין די שטיבער — אַ פרומער לעבנסשטייגער. פאַר שבועות קומט מען פון די שטעטלעך צום יאָרצייט פון טריסקער רבין. די בתי־מדרשים — געפּאַקט, די געסלעך — פול, מ׳זינגט און מ׳טאַנצט.

און אָט איז אָנגעקומען דער בייזער סעפּטעמבער 1939. די דייטשן זענען שוין אין שטעטל. באַלד, ביים אָנהייב, פילט מען נאָך נישט דעם שרעקלעכן אָטעם פון טויט, וואָס זיי זייען, אָבער ס׳דויערט נישט לאַנג און ס׳קומט דער שרעקלעכער „בעלזער גאַנג“.

תחילה האלטן זיך נאָך די יידן סאָלידאַר, די יוגנט קומט זיך נאָך צונויף און מ׳פירט שמועסן. אויס שולן, אויס שקאָלעס. אין די גרויסע שטעט זענען שוין געשאפן געטאָס און מ׳קומט צו אונז פון די גרויסע שטעט. דער הונגער פילט זיך שוין. די אָנגעקומענע אינטעליגענטע יוגנט־לעכע לערנען מיט די קינדער פּויליש, עברית, יידיש, ווייל יידישע קינדער איז פארבאָטן צו גיין אין שול און יידישע עלטערן ווילן דאָך לערנען זייערע קינדער. פ ר י י ד ע  י אַ נ אָ ו ו ע ר ס  זון לייענט ביאַליקס ווערק אין זיין אייגענער איבערזעצונג. י ו ס ף  ק אַ פּ ל אַ ן  קומט פון ווארשע מיט אַ פּאַק אומלעגאַלער ליטעראַטור. עס קומט אים טויטשטראָף נישט נאָר פאַר דער אומלעגאַלער ליטעראַטור, נאָר פאַרן בלויזן פאָרן מיטן צוג, אלס ייד.

די דייטשן הייבן אָן זייער סיסטעמאַטישע, פּלאַנירטע אַקציע. קודם זידלט מען אויס פון די וווינונגען, ווערסט בארויבט, פאַראָרעמט. דערנאָך הייבט מען דיך אָן צו דערנידעריקן — מען טוט דיר אָן לאַטעס און אָרעמבענדער. דערנאָך שאפט מען די ארבעטסלאַגערן, יודנראַט, פּאָליציי. זיי ווילן שאפן דעם איינדרוק, אז פּראָדוקטיווע מענטשן וועלן קענען לעבן. ערשט דערנאָך הייבן זיך אָן די אַקציעס, וועלכע מ׳גיט דעם יודנראַט און דער פּאָליציי אויסצופירן.

ס׳שאַפן זיך צוויי מחנות יידן, מכלומרשט פּריווילעגירטע, וועלכע מ׳וועט לאָזן לעבן, און די צווייטע, וועלכע מ׳וועט ליקווידירן. ס׳שאפט זיך, נישט ווילנדיק, שנאה צווישן יידן און יידן. ס׳פאלט די ווירדע, דעם אויבנאָן פארנעמט דאָס געיעג נאָך לעבן און איבערלעבן!

די דייטשן נוצן אויס אַלע פּסיכאָלאָגישע טריקן. זיי לאָזן א טייל, די רייכע, אויסקויפן זייער לעבן פאַר געלט. ווערט דאָס געיעג נאָך: געלט, געלט, געלט! אזוי נאַרט מען אָפּ איין טייל יידן, ביז עס קומט די גרויסע, די דריטע און לעצטע אַקציע, דעם 26־טן אָקטאָבער — און ס׳ווערט אויס מיט פּריווילעגירטע און נישט־פּריווילעגירטע יידן, אויס יידישע פּאָליציי, אויס יודנראַט — אויס! יודנריין!

אַ סך האָבן זיך ביי יענער אַקציע געסמט, טייל באַמיען זיך נאָך אדורכצוקריגן אויף דער אַרישער זייט, אָבער דער רוב איז רעזיגנירט און זעט, אז ס׳איז נישטאָ קיין רעטונג. אַלע יידן מיט ווייב־און־קינד שטעלן זיך צו אויפן פּלאַץ, און באגלייט דורך הונדערטער געסטאפּאָווצעס און זייערע הינט ווערן זיי געפירט צום לעצטן וועג, צום צוג קיין בעלזשעץ.

דאָך האָבן זיך נאָך אַ סך באַהאַלטן אין צוגעגרייטע קעלערס און בונקערס.

יענעם אָוונט, ווען מ׳האָט געבראַכט די יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך, בין איך אַרויס מיט מיין קוזינע אויף דער אַרישער זייט און געזוכט צוצוגרייטן אַ פּלאַץ פאַר אונז און פאַר מיין מוטער. מיין שוועסטער און ברודער זיינען אַוועק קיין וואָלין און זיינען דאָרטן אומגעקומען.

ווען כ׳בין פיר פארטאָג ארויס פון דער אַרישער זייט, און געוואָלט צוריקגיין אין געטאָ אַרויסנעמען מיין מוטער, איז שוין דער יידישער קווארטאל געווען באשטעלט מיט טויזנטער געסטאפּאָווצעס, אוקראַאינישע און פּוילישע פּאָליציי. קריך איך צוריק ארויף אויפן בוידעם און באַהאַלט זיך. הייסט עס, אז כ׳וועל שוין נישט קענען ראטעווען מיין מוטער און זי וועט אוועק צוזאַמען מיט אַלע אין די גאז־אויוונס?

דאָס הויז אין וועלכן מיר ליגן באַהאַלטן איז באַזעצט פון דער דייטשער פירמע „גייזער“. איך בין דאָרט מיט מיין מומע ר ו י ז ע ל ע, און איר טאָכטער, ש ר ה. דער סטרוזש פון הויז, א פּאָליאַק, ווייסט פון אונז. ער קריגט פון אונז געלט, ביזשוטעריע, און דערנאָך צווינגט ער אונז צו פארלאָזן דעם בוידעם, ווען נישט, גיט ער אונז איבער דער געסטאַפּאָ. מיר זענען באַנאַכט אנטלאָפן אונטער די געשרייען פון די שקצים:

— לאַפּאַטש זשידווו!

דעמאָלס האָבן שוין די דייטשן געצאָלט 10 זלאָטעס פאר א יידישן קאָפּ. מען האָט געהערט שיסערייען און געשרייען פון די שקצים. זיי האָבן געכאפּט יידן און זיי געשלעפּט צו דער געסטאפּאָ. מיר האָבן איצט געפונען אַ מקום־מקלט ביי אַ פּראָפעסאָר פון גימנאַזיע, ל ו צ י א ן  ש ו ו י ד ז י נ ס ק י. ער האָט אונז אויסגעהאַלטן 7 וואָכן זיך, ממש, פאר אונז מוסר־נפש געווען. אונז געהאלטן אין קעלער. דערנאָך אין א סטויג היי, און געקאָכט פאר אונז עסן. אפילו אין זיין אייגענער שטוב האָט קיינער נישט געוווסט וועגן אונז. געטאָן האָט ער דאָס צוליב מיין קוזינע, ש ר ה, זיין שילערין. זי איז געווען די בעסטע שילערין פון פיזיק און מאַטעמאַטיק.

— אַזאַ שילערין — האָט ער געזאָגט — דאַרף אומבאַדינגט לעבן און איבערלעבן. זי וועט נאָך אמאָל ברענגען גרויס נוצן דער מענטשהייט. (זי האָט אָבער נישט לאנג דערנאָך געלעבט). אָבער אויך פון דאָרט האָבן מיר געמוזט אוועק, ווייל אים, אלס פּוילישן אינטעליגענט, האָבן שוין געדראָט רעפּרעסיעס.

פון אים זענען מיר געוואָר געוואָרן, אז אויף יאַטקאָווער גאַס האָט זיך געשאפן א קליינער לאַגער, פון בערך א הונדערט מענטשן. די אויסבאהאלטענע, וואָס ווערן געכאַפּט ווערן יעדן טאָג אַרויסגעפירט אויפן פּאָליגאָן, אָדער אויפן בית עולם, און מ׳דערשיסט זיי. די געסטאפּאָ גייט ארום פון הויז־צו־הויז און געפינט אויס די באהאלטענע. באַזונדערס פארכליניען זיך מיט יידיש בלוט די סאַדיסטן־געסטאַפּאָווצעס: וו א ג נ ע ר, א ל ע ק ס, און ד י א מ א נ ט.

ביינאַכט, אין דער פינצטערניש, שלייכן זיך אדורך געשטאַלטן צו דער יאַטקאָווער גאַס, און בעטן זיך ביי י ו ל ע ק  ב ר א נ ד, דעם יידישן קאָמענדאַנט פון לאַגער, אז ער זאָל זיי אריינעמען און ראַטעווען זייער לעבן. אָבער ווי אַזוי קען עס י ו ל ע ק מאַכן? עס איז דאָ אַ באַפעל צו האַלטן הונדערט יידן, און ער האָט שוין הונדערט צוואַנציק!

מיר בעטן זיך ביי אים ער זאָל אונז אריינעמען, ער טראַכט וועגן א מעגלעכקייט, ווי אַזוי אונז צו פארשטעלן פאר דער געסטאפּאָ בעת דער קאָנטראָל, ער קען אונז נישט אָפּזאָגן און הייסט אונז קומען מאָרגן, ער וועט זען, ער וועט זיך באַמיען. הייסט עס, נאָכאמאָל זיך אדורכשלאָגן אהער, און ווידער קענסטו אין איין מינוט פארלירן ס׳לעבן. אָבער ס׳איז נישטאָ וואָס אָנצווווערן.

און אז מיר האָבן זיך שוין צומאָרגנס דערשלאָגן אַהער, אוועק צו י ו ל ע ק ס צימער, איז אַרויס זיין שוועסטער א פארווײנטע:

— די דייטשן האָבן שוין י ו ל ע ק ן מיט נאָך 50 יידן צוגענומען, זיי אוועקגעפירט, געהייסן מיטנעמען לאָפּאטעס, מכלומרשט, אז זיי גייען צו אַן ארבעט. און מ׳האָט זיי אַלעמען דערשאָסן!

איצט איז שוין דאָ אָרט פאַר אַנדערע 50 יידן. די דייטשן באַשטימען אַ צווייטן קאָמענדאַנט אויף יולעקס אָרט. און אַזוי וועט עס גיין כסדר. ס'האַנדלט זיך אין נאָך איין טאָג לעבן, העכסטנס נאָך איין וואָך. גוט איז אַ וואָך, גוט איז אַ טאָג, נאָך אַ ביסל אָטעמען, זען די וועלט, דעם הימל, די זון.

און זע ווי ס'ענדערט זיך גאָרנישט. די זון שיינט נאָרמאַל, ווי יעדן טאָג, און די גויים לעבן אַזוי נאָרמאַל, ווי יעדן טאָג. זיי שפּאַצירן, לאַכן, און מיר זענען פאַרמשפּט צום טויט.

מיר קריגן זיך צוריק אַרויס פונדאַנען און באַקומען זיך אַריין ערגעץ אין אַ באַהעלטעניש.

איינמאָל ברענגט אונז לוציאַן די ידיעה, אַז סאָקאָל איז נאָך נישט יודנריין, ס'געהערט צו גאַליציע, און דאָרט איז נאָך דאָ אַ געטאָ, ווו יידן באַוועגן זיך און לעבן. אפשר וועט נאָך דויערן אַ שטיקל צייט ביז מ'וועט אומברענגען יענע יידן. קיין צווייטע ברירה איז נישטאָ און מיר באַשליסן גיין קיין סאָקאָל. פאַר דעם, אָבער, דאַרפן מיר זיך נאָכאַמאָל אַריינכאַפּן אין לאַגער אויף יאַטקאָווער גאַס. איך טרעף דאָרט מיינס אַ קוזין, ער איז צווישן די „פרייע יידן", און כ'וואָר ביי אים גוואָר, אַז מיין מוטער לעבט און איז אויסבאַהאַלטן צוזאַמען מיט זיין פרוי, קינדער און קרובים, ביי אים אין דער וווינונג, אויפן בוידעם.

עס איז שוין 8 וואָכן נאָך דער אַקציע. מיין פרייד איז אין לשער.

מיין מאַמע לעבט! איך באַשליס זיך זען מיט איר. ס'איז חנוכה־צייט, די ערד איז באַדעקט מיט שניי, מ'דערקענט יעדן פוסטריט, און דאָך האָב איך זיך דערשלאָגן צו מיין מוטער. ווי זי האָט מיך דערזען, האָט זי מיר גלייך געזאָגט:

— כ'האָב געפילט, אַז דו לעבסט! און דו וועסט שוין איבערלעבן!

איך גראָב איין מיין קאָפּ אין דער מאַמען און ליג אַזוי אַ גאַנצע נאַכט. כ'קען זיך נישט אָפּרייסן:

— מאַמע, וואָס זיצן מיר און וואַרטן אויפן טויט? לאָמיר אַוועק פונדאַנען!

— נו, אָבער וווהין?

די קליינע קינדערלעך וויסן שוין, אַז מ'טאָר נישט וויינען. זיי קוקן אַרויס און זעען, ווי שקצימלעך שפּילן זיך מיט שניי, אָבער זיי טאָרן זיך נישט שפּילן מיט קיין שניי. טרייסט די מאַמע איר קינד:

— ס'וועט קומען אַ צייט, ווען אויך דו וועסט זיך מעגן שפּילן מיט שניי.

ענטפערט דערויף ס'קינד:

— מאַמישי, מיר וועלן סיי ווי נישט איבערלעבן.

אוי, ווי די שוואַרצע „נבואה" איז מקוים געוואָרן!

איך רעד צו מיין מאַמען, אַז זי זאָל פאָרן מיט מיר און מיט שרהן קיין סאָקאָל. די מאַמע ענטפערט נישט. עס איז שווער צו פאַרלאָזן איר שוועסטער מיט די קינדער. ס'קומט פאַרנאַכט, שטופּט מיך מיין מוטער אַרויס:

— גיי און גרייט זיך צו דער רייזע קיין סאָקאָל.

מיין קוזינקע האָט דורך איר לערער, לוציאַן שווידזשינסקי, באַקאַנטשאַפט מיט דער פּוילישער אינטעליגענץ.

זונטיק, די פערטע חנוכה־ליכטל, בין איך אַוועק פון דעם באַהעלטעניש, און שוין אויף צומאָרגנס, מאָנטיק, האָט מען דערשאָסן מיין מאַמען און נאָך זיבן, וועלכע זענען געווען אין יענער באַהעלטעניש.

ביינאַכט, ווען שרה און איר מאַמע זענען אַוועק, צו דער באַן, האָב איך שוין נישט געהאַט וועמען מיטצונעמען. איך בין שוין, לגמרי, גלייכגילטיק צו מיין לעבן. נאָך וואָס?

איך וויל שוין נישט פאָרן זיך ראַטעווען קיין סאָקאָל. כ'וויל זיך אָבער אויך נישט, און קען זיך אויך נישט איבער־געבן אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ. און כ'בין מיטגעפאָרן.

אַליין געקויפט בילעטן, ריזיקירט אויף די גאַנצע הונדערט פּראָצענט, זאָל געשען וואָס עס דאַרף געשען. און אויף צו־להכעיס, איז דער וועג אַדורך בשלום.

אַז מיר זענען אָנגעקומען קיין סאָקאָל, האָבן מיר דאָרט געטראָפן אַ סך הרוביעשאָווער. דאָס איז אַ באַזונדערע פּרשה פון יענעם געטאָ־לעבן, אַקציעס הויבן זיך דאָ אָן, און מען מוז זיך ווידער ראַטעווען. מ'לויפט צוריק קיין הרוביעשאָוו, אין לאַגער אַריין.

דער יידישער קאָמענדאַנט איז שוין דאַן ד"ר אַרענשטיין (ער איז, אגב, געבליבן לעבן). מען נעמט אונז אין לאַגער אַריין, וויל גראָד מיט אַ טאָג פריער האָט מען אַוועקגעשיקט אַ פּאַרטיע קיין מאַידאַנעק (זיי זענען אַלע אומגעקומען), איז שוין ווידער דאָ פּלאַץ. מ'האָט שוין דאַן אין הרוביעשאָוו געהאַט אויסגעשאָסן, כמעט, אַלע אויסבאַהאַלטענע יידן. אַלע הייזער אויסגערייניקט. די יידן אויף יאַטקאָווע גאַס לעבן אונטער שטענדיקער אויפזיכט פון געסטאַפּאָ, אָבער דערווייל גייט מען דאָרט צו דער אַרבעט און דערווייל לעבט מען.

מען קלערט פון גאָרנישט. אָט האָט מען געבראַכט צו פירן אַ טישאָוויצער יינגל. די געסטאַפּאָ האָט אים געכאַפּט, נישט געשאָסן, נאָר געבראַכט אין לאַגער. ער קומט וווינען צו אונז אין צימער, מיט מיין מומען און קוזינקע. ער דערציילט אונז, אַז ער איז געווען אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער ביי טישאָוויעץ, מיט זיינע דריי ברידער. ס'געפינען זיך דאָרט, זאָגט ער, נאָך פיל יידן און גויים, אַלע האָבן געווער. די ברידער זענען נאָך פאַרבליבן אין וואַלד.

מיר קניפּן גיך אָן מיט זיי אַ קאָנטאַקט. זיי שיקן צו אונז שליחים מיט בריוולעך, זיי קומען אויך אַמאָל אַליין און פּלאַנעווען ווי אַזוי אונז אַרויסצונעמען פון לאַגער. מעגלעך, אַז נישט נאָר אונז אַליין, נאָר דעם גאַנצן לאַגער. די פּלענער זענען דרייסטע.

זיי גייען אַוועק און מיר צאַפּלען אין דערוואַרטעניש און האָפענונג, אָבער פּלוצים האָט זיך אַלץ איבערגעריסן. דערנאָך ערשט זיינען מיר געוואָר געוואָרן, אַז די גוישע חברים אין וואַלד האָבן ביי זיי אַרויסגענאַרט דאָס געווער און דערנאָך זיי אַלעמען דערשאָסן. דאָס איז געווען אין סעפּטעמבער 1943.

מ'פירט איבער אונזער לאַגער קיין בודזין. אין הרוביעשאָוו לאָזן זיי נאָר איבער 3 מיידלעך און 2 יינגלעך. צווישן די מיידלעך געפינט זיך מיין קוזינקע, שרה זילבערמינץ. מיר צעשיידן זיך. אין 8—9 חדשים אַרום פירט מען זיי אַלע אַרויס געשמידטע אויפן בית־עולם אין הרוביעשאָוו און מ'דערשיסט זיי.

מיין מומע בלייבט אַליין. מיר מאַכן אַדורך אַ ווייטערדיקן לאַגער־וועג. פון בודזין טראַנספּאָרטירט מען אַ טייל קיין מיעלעץ און אַ טייל קיין מאַידאַנעק. אונז שיקט מען אין מאַי 1944 קיין מאַידאַנעק.

דעם 22־סטן יולי האָט מען אונז פון דאָרטן אַוועקגעפירט קיין אוישוויץ. מ'האָט אונז געטריבן צופוס. באַגלייט מיט קלעפּ פון קאָלבעס.

אוישוויץ, רויכנדיקע קוימענס פון קרעמאַטאָריעס, דער הימל רויט, ווי פאַרגאָסן מיט בלוט. סעלעקציעס און טויט. דעמאָלט איז שוין ביי קיינעם נישט געבליבן דער מינדעסטער ספק, אַז עס וועט נאָך ווער פון אונז אַרויס פונדאַנען.

פונדאַנען שיקט מען טראַנספּאָרטן קיין דייטשלאַנד. מען מאַכט אַדורך הונגער און טיפוס. ס'איז שוין אָנהייב 1945. ס'פאַלט דיר איין אַ מחשבה — אפשר דאָך? מיר, די הרוביעשאָווער, האַלטן זיך צוזאַמען און מ'וואָגט שוין אַמאָל כאַפּן צווישן זיך אַ שמועס:

— און טאָמער, טאַקע, דערלעבן מיר די פרייהייט? וואָס וועט מען טאָן, אַז מ'וועט דאָס דערלעבן?

טעמע שער זאָגט:

— כ'וועל דאַן גאָרנישט מער וועלן, נאָר עסן פון אַ גאַנץ ברויט וויפל כ'וועל וועלן.

און ס'איז געשען דאָס אויסטערלישע. אונזער טראַנספּאָרט פון מאַידאַנעק האָט דערלעבט די פרייהייט. דער צווייטער טראַנספּאָרט, פון מיעלעץ, איז אין די לעצטע טעג פאַר דער באַפרייאונג, כמעט, פאַרניכטעט געוואָרן, מ'האָט זיי געיאָגט אין ים אַריין, אַ גאַנצן טראַנספּאָרט פרויען, צווישן זיי אַ סך הרוביעשאָווער, ווי בלומע סימע בראַנדט, האַנקע אַרנשטיין, יוטע בלאַנדער און אַ סך אַנדערע.

מיר, די לעבן־געבליבענע, איינצלנע פון משפחות, איינזאַמע, צעבראָכענע, און פאַריתומטע מוזן אָנהייבן אויפסניי און ווייטער ציִען די קייט פון יידישן פאָלק.

# אברהם און שיינדל גאָלדפאַרב / עפּעס פון יענע חורבן־טעג

הדר־יוסף



עס איז געווען סוף 1939. אין די חשון־טעג האָט זיך אָנגעהויבן דאָס כאַפּעניש אויף אַרבעט און דאָס שלאָגן מיט גומענע פּאַלקעס. די געכאַפּטע האָט מען געפירט פּוצן דייטשע פערד ביי יענקל שטראָם און אברהם בעקער אויפן הויף. מ׳האָט דאָרט אָפּגעאַרבעט אַ גאַנצן טאָג, נישט־געגעסענע און צעשלאָגענע. קאָמאַנדעוועט האָט נאָך דעמאָלט די זשאַנדאַרמעריע. דערנאָך איז שוין געוואָרן אין שטאָט א לאַנדראַט, און א קאָמענדאַנטור.

עס איז אָנגעקומען יענער, מוראדיקער פרייטיק־פאַרנאַכט אין חודש כסלו. דער געלער יאָסעלע און דודל שמערל זיינען אַרומגעלאָפן איבערן שטאָט און געמאָלדן, אַז אַלע מענער מוזן שבת פרי זין צושטעלן אויפן וויגאָן. עס האָבן זיך פאַרשפּרייט פאַרשיידענע קלאַנגען איינער פון זיי, אז מ׳וועט אַלעמען פירן ביז צום בוג, איבערגעבן צו די רוסן און אויסטוישן אויף פאָלקסדייטשן פון וואָלין.

שבת אינדערפרי ביים שעכטהויז. אויפן זאַמלפּלאַץ שטייען שוין פּוילישע און אוקראַינישע פּאָליציי און דייטשע זשאַנדאַרן. מען נעמט צו ביי אַלעמען: די דאָקומענטן, מעסערלעך און געלט. עס קומט אַראָפּ דער לאַנדראַט מיטן אוקראַינישן בורמישטש מיראָווסקי (ער איז געווען אַן אינזשיניער אין אָבראָוויצער הויף) און עטלעכע פון יודנראַט. מ׳זוכט אויס די האַנטווערקער און מ׳נעמט זיי אַרויס פון די רייען. 90 האַנטווערקער: שניידער, שוסטער, בלעכער און וייגערמאַכער נעמט מען אַרויס.

באַלד האָבן מיר דערזען די געטריבענע יידן פון כעלם, צעשלאָגענע, צעבלוטיקטע, אָן היטלען, אין צעריסענע מלבושים. דאַן האָבן מיר שוין פאַרשטאַנען, אַז דאָ האַנדלט זיך נישט וועגן קיין אויסטויש אויף פאָלקסדייטשן.

פון די כעלמער יידן זיינען מיר געוואָר געוואָרן, אַז זיי זיינען געווען 2 טויזנט און 1200 זיינען שוין אויסגעשאָסן געוואָרן אויפן וועג.

— יידן אַנטלויפט, ראַטעוועט זיך!

אָבער וווהין לויפן? אָט פאַראייניקט מען שוין די כעלמער מיט די הרוביעשאָווער און מ׳פירט אונז אויף אַן אומבאַקאַנטן וועג.

אפרים דייטשס טאָכטער איז נאָכגעלאָפן און געשריגן:

— טאַטע, וואַרף אַוועק דעם מאַנטל! (אין מאַנטל איז געווען איינגענייט געלט און ווערט־חפצים). אַ זשאַנדאַר איז צוגעלאָפן אוןביידן דערשאָסן.

ביים וועג וואָס פירט קיין טשאַמאָף האָבן מיר דערזען זשאַנדאַרן גראָבן אַ גרוב. דאָרט האָבן זיי דערשאָסן 10 כעלמער יידן, וועלכע האָבן ווייטער נישט געקענט גיין. צווישן די דערשאָסענע — די ברידער לעווינשטיין

אויפן וועג הערן מיר, אַז מ׳יאָגט יידן אין די זומפּן אַריין, זיי טרינקען זיך און מיר הערן מוראדיקע געשרייען:

— שמע ישראל! יידן, ראַטעוועט! מיר טרינקען זיך!

די געזונטערע האָבן זיך אָנגעגורט מיט די לעצטע כוחות, זיך אַרויסגעקראָגן פון די זומפּן און ווייטער געגאַנגען. העכער 40 יידן זיינען דערטרונקען געוואָרן ביים אַדורכגיין די זומפּן. צווישן זיי: בעריש פינקלשטיין און זיין איידעם, שלמה בערגער.

אָפּגעגאַנגען עטלעכע קילאָמעטער, האָט מען אונז געהייסן זיך אַוועקזעצן אין בלאָטע. עס איז נאַכט, ס׳טריפט אַ דראָבנער רעגן, מיר טוליען זיך איינער צום צווייטן, אַ קעלט גריזשעט די ביינער. רייבן מיר זיך איינער אָן צווייטנס פּלייצע. האָט ווער געפּרוווט זיך זעצן, האָט ער באַלד באַקומען מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ.

, אין דער גדיכטער טונקלקייט האָט אַ טייל מענטשן דערקראָכן צו אַ גרויסער שאָפּע, פון דאָרט זיך אַריינגעקראָגן אין א גרויסן גרוב און געזוכט אַ וועג צו אַנטלויפן.

מיטאמאָל האָט מען דערהערט אַ געוויש. מען רופט ראָטן דעם ציינדאָקטאָר, אברהמל זעלצערס איידעם. פּיניע טאָקערס יינגעלע איז צוגעגאַנגען צום הויפּט־זשאַנדאַר און פאַר אים געוויינט און געבעטן, אַז ער וויל אהיים, צו זיינע עלטערן. אָנשטאָט אהיים האָט ער געקראָגן קלעפּ מיטן שטעקן.

— דו ביסט דאָך א יודע!

די זשאַנדאַרן זיינען געוואָרן מער ווילד און אָנגעהויבן וואַרפן פּראָזשעקטאָרן, באַמערקט, ווי מענטשן קריכן און גענומען שיסן אין דער לופט. זיינען אַלע צוריקגעקראָכן.

ווי ס׳האָט נאָר אָנגעהויבן טאָגן, האָט מען אונז באַפוילן זיך אויסשטעלן פיר אין אַ ריי און מ׳איז ווידער אַוועק אין וועג.

אין עטלעכע שעה ארום איז אָנגעפאָרן אַ פור און איינער פון די זשאַנדאַרן האָט געוואָרפן שטיקלעך ברויט. ווער עס קען נישט כאַפּן, מוז בעטן אַ שטיקל ברויט ביים צווייטן, און דערווייל הערט מען פון די אונטערשטע רייען א שיסעריי. שפּעטער ווערן מיר געוואָר, אַז דאָס האָט מען געשאָסן די, וועלכע האָבן ביים טייכל געפּרוווט טרינקען א ביסל וואַסער. צווישן די דערשאָסענע זיינען געווען דודל שמערלס, פייוויש קצב און איטשע טאַטעלעס אַ זון. נח ווערטמאַן האָט זיך געוואָרפן אויף א זשאַנדאַר, און אים צעשלאָגן, איז אָנגעלאָפן אַ צווייטער זשאַנדאַר און אריינגעשאָסן אין נחן דריי קוילן. ער האָט דערנאָך געפּאָדערט פון סאָלטיס, אַז ער זאָל די דערשאָסענע באַגראָבן אין איין קבר.

ס׳איז זונטיק באַטאָג. די גויים מיט זייערע ווייבער און קינדער גייען אין קאָשטשאָל און קוקן, ווי מען יאָגט אונז. טייל פון זיי באַדויערן אונז.

פּלוצים האָבן די זשאַנדאַרן זיך אויסגעשטעלט פון ביידע זייטן, עס איז אָנגעקומען אַ לייטענאַנט אויף אַ ווייס פערד און געהייסן אַלעמען זיך אויסלייגן אויף דער לאָנקע. מ׳האָט אונז צעטיילט אין צוויי גרופּן, איינע — קיין בעלז, די צווייטע קיין — סאָקאַל.

אָפּגעגאַנגען אַ צען קילאָמעטער, הייסט מען אונז שטיין בלייבן. די זשאַנדאַרן פרעגן: ווער עס קען דייטש. עטלעכע האָבן זיך אָנגערופן. האָט ער זיי געהייסן צונויפנעמען ביי יעדן וויפל געלט ער האָט. מ׳האָט צונויפגענומען עטלעכע הונדערט זלאָטעס און דאָס צוגעטראָגן דעם הויפּטמאַן. ער האָט אונז געמאָלדן, אַז מיר וועלן נעכטיקן אין וואַרענש.

דאָרט האָט מען אונז געפירט אין שול אריין, ווו די דייטשן האָבן געהאַלטן זייערע פערד. מ׳האָט אונז דאָרט אַריינגעשטופּט אויף כח און מיר האָבן געמוזט ליגן אויף א זייט, אויפשטעלן זיך האָט מען נישט געטאָרט.

אוקראַינער, וועלכע האָבן אונז געהיט האָבן געהאַלטן אַזעלכע רעדעס:

— מיר וואַרטן שוין אויף אייך, זשידקעס, לאַנגע יאָרן, און אָט האָבן מיר זיך ענדלעך דערוואַרט. אייך וועט מען אויסשעכטן, אויסשיסן, און מיר וועלן מיט פאַרגעניגן דערין צוהעלפן. א שאָד וואָס היטלער איז געקומען אַזוי שפּעט. ווען איר וואָלט געווען ביי אונז אין די הענט, וואָלט איר אַלע פון לאַנג שוין געווען דערליידיקט, ביז איינעם!

אַזוי האָט זיך געצויגן יענע נאַכט. אין מיטן נאַכט האָט זיך געטוישט די וואַך און ס׳זיינען געקומען אַנדערע אוקראַינישע פּאָליציאַנטן. און ווידער „רעפּעראַטן" מיט ענלעכע פּזמונות:

— איר לעבט נאָך אַלץ? כמיעלניצקי האָט אייך געוואָלט אומברענגען און נישט געקענט! נישט פאַרענדיקט! פּעטליורא האָט אייך געוואָלט אומברענגען — און נישט געקענט! נישט דערענדיקט! נו, אָבער היטלער וועט אייך שוין אַלעמען אומברענגען! ער קען שוין יאָ און ער וועט אייך אויסענדיקן!

עס האָט אָנגעהויבן טאָגן. ס׳זיינען אַנגעקומען דייטשע זשאנדארן. מ׳האָט אונז געהייסן זיך אויסשטעלן צו פיר אין א ריי. פונדערווייטנס האָבן מיר דערזען עטלעכע מענטשן טראָגן זעק מיט ברויט. זיי האָבן אונז געטיילט ברויט און פּאַפּיראָסן.

מיר גייען קיין בעלז. אַ פּאָר קילאָמעטער פאר בעלז זע איך, ווי פון די אונטערשטע רייען לויפט מען און מען שטופּט זיך צו די פאָדערשטע רייען. מען שיסט. אַ סך פאַלן אין מיטן לויפן. כ׳זע ווי אביש גאָלדמאַן גייט ארויס פון דער ריי, גייט צו צום טויער פון א צעגעלניע און פאלט אוועק. לעבן אים פאלן כעלעמער און הרוביעשאָווער. פון הינטן גייען זיי נאָך זשאנדארן. קאָפּען מיט די פיס און שיסן אריין יעדן איינעם א קויל אין קאָפּ.

פלוצים אַ באַפעל: גיין לאַנגזאַמער. עס קומט אַ לייטענאנט אין באַגלייטונג פון נאָך 6 דייטשן אויף פערד. זיי באפעלן אונז, אז דורך דער שטאָט בעלז זאָלן מיר נישט גיין, נאָר גיך לויפן.

אין בעלז האָט מען אונז פארזאמלט אין הויף פון לאנדראט. דאָרט איז געווען א פלומפּ און מ׳האָט אונז דערלויבט טרינקען וואסער. לעבן מיר איז געשטאַנען מאיר וואקסמאן, זאָגט ער צו מיר:

— גאָלדפארב, איך האָב שוין 25 יאָר נישט געטרונקען קיין וואַסער, ווייל איך לייד אויף אסטמע, אָבער יעצט האָט מיך דאָס ביסל וואַסער געראטעוועט. און איך הוסט שוין נישט מער.

עס איז דאַן געווען חנוכה־צייט, אָט פאלט אַ שניי, אָט פאלט שוין א רעגן. אַן עלטערער אוזשענדניק איז אראָפּגעקומען, אונז באַקוקט, דערזען קליינע קינדער שטייען באָרוועס, האָט ער אָפּגעזוכט עטלעכע ברעטלעך און אונ־טערגעלייגט אונטער זייערע פיסלעך. דערנאָך האָט ער אונז פאָטאָגראַפירט, געקוקט אויף אונז און געוויינט.

עס קומט אָן אַ לייטענאַנט און פרעגט ווידער: ווער פון אונז קען דייטש. טרעטן ארויס פון דער ריי: ניאָניעק שטאָרום, דוד מייזלס און אייניקל. דער לייטענאנט זאָגט זיי, אז יעצט גייט מען אונז אויסטוישן און מיר אַלע וועלן דארפן אריבערגיין אַ וואַסער, נישט טיף, נאָר ביז די קני.

דערנאָך פירט מען אונז ארויס פון הויף און ווידער שלאָגט מען אונז מיט שטעקנס און ביקסן.

און אָט לויפן מיר אין וואסער, טייל לויפן אַזוי, אז איך קען נישט באַ־נעמען, ווי שנעל זיי האָבן דערגרייכט די צווייטע זייט, ווו ס׳זיינען די סאָוויעטן. און מיר הערן פון דאָרט פריידיקע געשרייען:

— הורא! הורראא!

אָבער באַלד נעמען גאָר די רוסן שיסן, מיר וואַרפן זיך אנידער אין וואַסער, שיצן זיך פון די קוילן. מיר רוקן ארויס אויף א רגע דעם קאָפּ פון וואַסער, און דערזעען, אז אויך די דייטשן שיסן אויף אונז. טונקען מיר זיך ווידער ארונטער אין וואַסער און לויפן אויף אַלע פיר. מיטן לעצטן אָטעם דערשלאָגן מיר זיך ענדלעך צום ברעג און לויפן ארויס אויף דער רוסישער זייט.

דער גאַנצער ברעג איז שוין פול מיט אונזערע מענטשן. מ׳דרייט אויס די מלבושים פון וואַסער. ווידער רייבן מיר די פּלייצעס אייבער אן צווייטן און דערפילן א טראָפּן ווארעמקייט אין גוף. א טייל האָבן זיך אוועקגעלייגט, גאָרנישט גערעדט, נישט געריבן זיך די פּלייצעס, די מענטשן זיינען, פשוט אָפּגעשטאָרבן. ליגן מיר אַזוי מידע צווישן די טויטע, עס ווערט שוין טונקל, דערהערט מען קרעכצן:

— ראטעוועט, א טראָפּן וואַסער — דערלאַנגט!

מוז מען זיך אויפהייבן מיט די לעצטע כוחות, גיין העלפן, ראַטעווען די וועלכע גייען אויס און מ׳קען זיי נאָך ראַטעווען. אַ טייל ליגט מיט דורכ־געשאָסענע פיס און הענט פון די דייטשע קוילן. צווישן די דערשאָסענע קדושים: מאיר וואקסמאַן, קיוועלע איינבינדערס איי־דעם.

ווי נאָר מ׳איז עטוואָס געקומען צו זיך, האָבן מיר אויסגעוויילט אַ דעלעגאַציע:

יעקב ניימארק, אהרן ברענער, שמואל־עלי אייזען הערש זילבער, דאַנציגער און נאָך עטלעכע.

מיר זיינען צוגעגאַנגען צום קאָמיסאַר פרעגן, וואָס עס וועט זיין מיט אונז, עס געפינען זיך צווישן אונז טויטע און פארוונדעטע.

— מ׳גיט אונז נישט קיין הילף, וואָס וועט זיין?

דער קאָמיסאַר האָט געענטפערט, אז ער האָט זיך שוין פארשטענדיקט טעלעפאָניש, מ׳דארף וואַרטן. און מיר וואַרטן.

מיר זיינען שוין 4 טעג אין וועג, אָן עסן, און אין אַזאַ פּיין. דערקלערט אונז דער קאָמיסאַר, אז ער האָט שוין גערעדט טעלעפאָניש מיט לעמבערג, אָבער ער באַקומט נישט קיין געהעריקן ענטפער, וועט ער פרווון קלינגען קיין מאָסקווע. און אָט האָבן מיר זיך דערוואַרט און עס קומט אָן אַ פינצ־טערער ענטפער:

— צוריקשיקן צו די דייטשן!

יידן וואַרפן זיך אויף דער ערד מיט געוויינען און געבעטן, דערויף ענט־פערן אונז די רוסן נישט מער ווי:

— דאַוואַי נאַזאַד!

זיי שלאָגן אונז מיט די קאָלבעס. שרייען מיר און בעטן זיי, אז זיי זאָלן אונז בעסער דערשיסן איידער צו די דייטשן. אָבער די רוסן ווילן גאָרנישט ויסן, זיי האָבן נישט געהערט פון קיין שום אויסטויש אויף דייטשן. און זיי שטופּן אונז אַזוי צוריק, ביז דער בריק.

זיי פארלייגן שוין די ברעטער אויף דער בריק און מיר מוזן צוריקגיין, עס העלפט גאָרנישט און מיר פועלן גאָרנישט. אויך די פארוונדעטע האָבן זיי צוריקגעשיקט.

און אָט זיינען מיר שוין צוריק אין בעלז. די זעלבע דייטשע זשאנדארן. די שטאָט איז פוסט. פון די הייזער ארויסגעריסן די פענצטער. מ׳האָט אונז צוגעפירט צו א גרויסן פייער לעבן א גרויס הויז, דאָס איז געווען דעם בעלזער רבינס הויז. מיר האָבן זיך אוועקגעלייגט ווארעמען און טריקענען די גופים און מלבושים. טייל האָבן זיך באַלד געלאָזט לויפן פון דער שטאָט, זיך געוואָלט צוריק דערשלאָגן קיין הרוביעשאָוו, אָבער אויפן וועג האָבן זיי אָנגעטראָפן זשאנדארן און יענע האָבן זיי צוריקגעטריבן קיין בעלז.

מ׳האָט געשמועסט, אז מ׳גייט דאָ שאפן אן ארבעטסלאַגער. אין שטאָט זיינען פארבליבן פון די פריערדיקע איינוווינער א 10—15 פאמיליעס: דער אדוואָקאַט לאַנדוי, א פאמיליע וואָס האָט אַן אלעיארניע און די רעשט זענען געווען קאַליקעס.

מ׳האָט אונז אריינגעטריבן אין די חורבות. פארטאָג האָבן מיר דערזען פוילישע פרויען מיט קריגלעך מילך. זיי זיינען געגאַנגען איבער די חורבות און יעדן פון אונז דערלאַנגט מילך. מיר זענען געוואָר געוואָרן, אז דאָס איז געווען א פרויען־קאָמיטעט פון די מאָבליזירטע מענער, זעלנער וועלכע זענען געווען אין געפאנגענשאפט. דעם קאָמיטעט האָט געגרינדעט דער גלח פון בעלז. די 10 טעג, וועלכע מיר זיינען געווען אין בעלז, האָבן זיי אונז געהאָלפן מיר זאָלן קומען צו זיך און קענען אהיימפאָרן.

ס׳האָבן אונז אויך געהאָלפן די דאָרטיקע דאָקטוירים און דער אַפטייקער. זיי זיינען ארומגעגאַנגען איבער די חורבות און געהאָלפן די פארוונדעטע. דער אפטייקער האָט געבראַכט א גרויסן קעסל מיט מאלינע־סאָק, און די פרויען פון הינטער דער שטאָט האָבן געבראַכט זופּ און מילך. אזעלכע, וואָס האָבן שוין אַליין נישט געקענט עסן, האָבן זיי אָנגעקאָרמעט. די דאָקטוירים האָבן באשטעלט ביים דאָרטיקן קאָוואַל אייזערנע שינעס און לייטערלעך פאר די, וועלכע האָבן געהאט דורכגעשאָסענע פיס און הענט. אויך אין די 10 טעג זיינען געשטאָרבן א סך כעלעמער און הרוביעשאָווער.

יעדן פארטאָג איז אָפּגעפאָרן אַ פור מיט מענטשן אהיים.

ביסלעכווייז האָבן מיר זיך דערשלאָגן צוריק קיין הרוביעשאָוו. איך בין אהיימגעקומען צוזאַמען מיט מיין פארוונדעטן שוואָגער. אין עטלעכע טעג ארום האָב איך זיך געמאָלדן אין יודנראַט און געבעטן, אז מ׳זאָל שאפן אַן אָרט אין שפּיטאָל פאר מיין שוואָגער. דער יודנראט האָט געפועלט ביים הויפּט־דאָקטאָר דאבישעווסקי און מ׳האָט אריינגענומען אין שפּיטאָל אריין עטלעכע פארוונדעטע: מאָטל גרינבערג, און זילפּאָוויטש. מ׳האָט זיי געגיפּסעוועט די צעבראָכענע איברים.

עס האָבן שוין דעמאָלט געהאט עקזיסטירט א יודנראַט, א יידישע פּאָליציי, א סאַניטאַר־קאָמיסיע און אַן ארבעטס־אַמט.

דער יודנראַט איז באשטאַנען פון:

שמואל בראַנד — פּרעזעס; יואל ראַבינאָוויטש — וויצע־פּרעזעס; יאַקל בראַנד, הערש זילבער, שמואל זייד, אייזיק פינגער, משה שטעכער, געצל וואַלדמאַן, ישראל שפּילער, עזריאל פינקלשטיין.

די פּאָליציי: אַנטשל קליינער, איטשע היפּש, יהודה ביטערמאַן, טוביה לאַטערמאַן, מייטשע באַדענשטיין, סענדער ליכט, חיים פריד, יחזקאל דרוקער, שיקע פּישקעל, מאָטל לאַנגער.

סאַניטאַר־קאָמיסיע: אברהם בוכטרעגער, בערקע קאָהן, אהרן נירענבערג, יעקב נירענבערג, הערש דוד גאָלדשטיין, לייזער פּרימער, מענדל ראָזענשטיין.

אַרבעטס־אַמט: שמואל זייד, אייזיק פינגער און ישראל שפּילער.

נאָכן צוריקומען פון מאַרש, בין איך געווען אין שטוב צוזאַמען מיט מאָטל ראַב, אהרן ברענער, בער אַפּעל, די ברידער נירענבערג, און ישראלקע העכט. מאָטל לאַנגער פלעגט קומען יעדן צווייטן טאָג ברענגען נייעס פון יודנראַט און פון דער מלחמה.

אַז מ'האָט אַרויסגעקוקט אויפן מאַרק, האָט מען כמעט קיינעם נישט געזען, א טויטקייט אַרום. ס'האָבן זיך נאָר אַרומגעדרייט פרויען איינגע־הילטע אין שאַלן און געוואַרט טאָמער קומט ווער צוריק פון די מענער, פון בעלז, פון סאָקאַל. זיי האָבן געזוכט זייערע מענער און זייערע זין. מ'האָט מער נישט געזען קיין צוריקגעקומענע מענער.

איך האָב באַקומען אַרבעט ביי דער באַן, לאָדן וואַגאָנעס. אויפזעער איז געווען דער מאַלער זשיק. פּאַרנאַכט האָט ער מיר אויעקגעפירט צום הויפּטמאַן פון דער אָרטס־קאָמאַנדאַ און אים געמאָלדן, אַז איך בין אַ גאָלדשמיד. דער הויפּטמאַן האָט מיר אַרויסגעגעבן אַ פּאַסירשיין דורכצוגיין אינדערפרי די דריטע־מאַי גאַס.

איך בין איבערגעשיקט געוואָרן צום לייטענאַנט זיידעל. ער האָט מיך אַריינגעפירט אין א מאַגאַזין, אַרויסגענומען ברילן צום פאַריכטן, און רעוואָלווערן צו שמירן מיט וואַזעלין. אַ זעלנער האָט מיך פאַרנאַכט נאָך דער אַרבעט אהיימגעפירט און כ'האָב באַקומען אַ ברויט, אַ ביסל צוקער און א שאַכטעלע מאַרמאַלאַד. צוריקגייענדיק האָב איך געזען ווי הערשל פרצס און דושאַטיס הויז, ווו ס'איז געווען די גרויסע אַפּטייק, האָט מען איבערגעבויט פאַרן לאַנדראַט. אַלע יידישע געשעפטן זיינען שוין באַזעצט מיט פאָלקסדייטשן, פּאָליאַקן און אוקראַינער.

עס זיינען דערשינען נייע פאַראָרדענונגען וועגן ווייסע בענדער מיט מגן־דודס. די שול איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פערד־שטאַל. פון בעלזער און ראַדזינער שטיבל האָט מען געמאַכט מאַגאַזינען. קורץ דערנאָך איז געקומען אַ באַפעל, אַז מ'דאַרף זיך אַרויסציען פון די גאַסן: לובעלסקי, ריבנע, דלוגע, פּאַדזאַמטשע, 3־טער מאַי און פּלאַץ־וואָלנאָשטשי אין יידן־געטאָ, אויף די גאַסן: רינעק, פּראָסטע, שעווסקי, יאַטקאָווע און וואַיטאָסטווע און מיטנעמען מיט זיך נאָר צוויי וואַליזעס.

אין יוני 1940 האָט מען ביי יידן צוגענומען די געשעפטן, מילן און פּיעקאַרניעס. די געשעפטן האָט מען איינגעטיילט די פּאָליאַקן, וועלכע זיינען געוואָרן פאָלקס־דויטשן און אוקראַינער, וואָס זיינען געקומען פון גאַליציע. אַלע געשעפטן האָבן דעקאָרירט די ווישטאַוועס. די פּאָליאַקן — מיט היטלערס בילד, און די אוקראַינער — מיט כמיעלניצקיס און היטלערס בילדער.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז אַרויס אַ געזעץ, אַז אַלע יידן, וואָס וווינען נישט ווייט פון די דייטשע ביוראָען, דאַרפן פאַרלאָזן זייערע וווינונגען און גלייך מעלדן וועגן דעם דעם יידישן וווינונגס־אַמט ביים יודנראַט. מיט דעם וווינונגס־אַמט האָט זיך פאַרנומען שמואל זייד, אייזיק פינגער און די יידישע פּאָליציי. אויך די סאַניטאַר־קאָמיטעט האָט זיך באַטייליקט ביים איינאָרדענען די מענטשן, וואָס דאַרפן פאַרלאָזן זייערע וווינונגען, די ערשטע קרבנות, וואָס מ'האָט זיי אַרויסגעוואָרפן פון זייערע וווינונגען זיינען געווען די איינוווינער פון די גאַסן: דלוגאַ, דריטער־מאַי, פּלאַץ וואָלנאָשטשי, שפּיטאַלנע, פּאַדזאַמטשע, און ריבנע.

יעדן טאָג האָבן זיך געמוזט צושטעלן צום אַרבעטס־אַמט 200 ביז 300 אַרבעטער און מ'האָט זיי געשיקט אַרבעטן אין די קאַשאַרן, צו דער באַן, צו גערטנערייי און אין געסטאַפּאָ.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז אַרויס אַ באַפעל, אַז די וואָס האָבן געהאַט געשעפטן פון שניט אָדער לעדער זאָלן זיך זאָפאָרט צושטעלן צום יידנראַט. אַז ס'איז געקומען דער טערמין, האָט מען צוגעגרייט אַ ביסל לעדער און אַ ביסל שניט און דער יודנראַט האָט עס איבערגעגעבן דעם לאַנדראַט. אַ טאָג שפּעטער זיינען אַרויס בעאַמטע פון לאַנדראַט מיט אַ ליסטע פון די שניט־סוחרים: בער אַפּעל, זישע רויטמאַן, אהרן לערנער, אַרנשטיין, גלאַזבערג, פּרץ יאַנטשע און פון לעדער־סוחרים: אהרן אָדער, שוכמאַנאָוויטש און אַנדערע געוועלב־אינהאַבער. אַזוי זיינען זיי אַרומגעגאַנגען אַ פּאָר טעג, געהאַקט קעלערס, צעקלאַפּט ווענט, אויפגעקאָפּעט גריבער און געפונען פאַרשיידענע סחורות.

אין אַ שטיקל צייט אַרום, דערוויסן מיר זיך, אַז דער גענעראַל־גובערנאַטאָר, פראַנק, וועט קומען אויף אַ באַזוך אין באַגלייטונג פון אוקראַינישע געסט. ער איז טאַקע געקומען אויף אַ פּאָר שעה אין הרוביעשאָוו, און איבערגעלאָזט אַ גזרה. איך האָב אָבסערווירט זיין אָנקומען ביי ראַבינאָוויטשן אויפן בוידעם.

ס'איז אַריבער אַ פּאָר טעג און אַ נייע גזרה איז אָנגעקומען. פון לובלין איז אַראָפּגעקומען געסטאַפּאָ און זשאַנדאַמעריע און מען האָט אָנגעהויבן כאַפּן קיין בעלזשעץ. זיי האָבן צונויפגעזאַמלט אַ פּאָר הונדערט מאַן, אונדזערע שטעטישע, ווי אויך פרעמדע און מען האָט זיי אָפּגעפירט מיט רייטער־זשאַנדאַרמעריע צו דער באַן. פרויען זיינען נאָכגעלאָפן זייערע מענער, אָבער די פוס־זשאַנדאַרמעריע האָט זיי צעיאָגט מיט גומי־שטעקנס.

אין אַ פּאָר טעג שפּעטער, דעם 3־טן מערץ 1942, איז געקומען פון בעלזשעץ צולויפן אַ הרוביעשאָווער ייד און איבערגעגעבן דעם פּרעזעס, שמואל בראַנד, אַז מען קען אַרויסראַטעווען צו ביסלעך די יידן פון לאַגער בעלזשעץ. ס'איז געקומען צו מיר הערש זילבער און זאָגט מיר:

— גאָלדפאַרב, מ'רופט דיך אין יודנראַט. איך בין גלייך מיט אים מיט געגאַנגען. איך קום אַריין צום פּרעזעס, זאָגט ער מיר:

— גאָלדפאַרב, מען דאַרף אַרויסראַטעווען אַ ביסל יידן, איך דאַרף אַ גאָלדענעם זייגער. איך האָב דאָס גלייך געבראַכט אין יודנראַט.

דער יודנראַט האָט אונז געהאָלפן ביים צונויפזאַמלען די קדושים. ביי די מענער האָבן מיר אַראָפּגעצויגן די אַנצוגער, ביי די פרויען די קליידלעך און בלוזקעס, אויסגעטאָן די שיך און אויפגעריסן די פּאַדעשוועס. מיר האָבן געזוכט גאָלד, דאָלאַרן און בריליאַנטן.

איך שטיי אַ פּאָר מעטער פון קבר, כ'זע ווי צוויי יודנראַטלער: אברהם בוכטרעגער און שמואל זייד באַזוכן שאול אייזנס זאַכן. מען טוט אים אויס די קליידער און זיינע ברייטע שטיוול. דער געסטאַפּאָ־וויעץ, וואַגנער, גיט אברהם בוכטרעגער אַ מעסער, ער זאָל אויפשניידן די כאָלעוועס און אויפרייסן די פּאַדעשוועס. מיטאַמאָל האָט זיך אָנגעהויבן שיטן דאָלאַרן און גאָלד.

דאָס גאַנצע געלט האָבן מיר צונויפגעזאַמלט אין איין גרויסער פּושקע און די געסטאַפּאָ האָט דאָס צוגענומען. אָבער אַ טייל פון געלט האָט דער יודנראַט פאַרשטעקט, אויסנוצנדיק די געלעגנהייט, ווען די געסטאַפּאָ האָט נישט אכטונג געגעבן. דאָס געלט האָט מען דערנאָך פאַרטיילט צווישן די קינדער, וואָס זיינען געבליבן אָן עלטערן.

נאָכדעם ווי מיר האָבן צונויפגעזאַמלט די קדושים, האָבן מיר גענומען לאָפּאַטעס און פאַרשאָטן דעם קבר. ביים פאַרשיטן האָב איך געזאָגט שטילערהייט קדיש נאָך אונדזערע קדושים.

ס'איז געוואָרן נאַכט און מיר זיינען צוריקגעגאַנגען אין לאַגער, אויפן וויגאַן. צעבראָכענע און פאַרשטיינערטע גייען מיר פאַרביי גוישע הייזלעך, ווו ס'איז ליכטיק, און ווו ס'שמעקט דער ריח פון עסן. מיר קענען נישט איבערדרייען אונדזער צונג פאַר דורשט און מיר האָבן מורא צו בעטן אַ ביסל וואַסער. מיר זעען די יידישע הייזער: צעבראָכענע טירן, אויסגעהאַקטע פענצטער, זיי וויינען מיט אונדז.

מיר זיינען שוין אין לאַגער אויפן וויגאַן. יעדער איינער האָט זיך שוין אָפּגעזוכט זיין אָרט, אוועקגעפאַלן מיד און נישט געשלאָפן, נאָר זיך פאָרגעשטעלט דעם גרויסן משפחה־קבר פון מענער, פרויען און קינדער.

די שחיטה האָט געדויערט 3 טעג. אויפן דריטן טאָג זיינען אראָפּגעקומען אַ פּאָר באַאַמטע פון לאַנדראַט. זיי האָבן באַפוילן איינשטעלן זיך און אָנגעהויבן אריינקוקן יעדן אין די אויגן. די אויסדערוויילטע האָט אַ באאמטער ארויסגעגעבן די רויטע באַפרייונגס־קאַרטע, אויף דריי מאָנאַטן צום לעבן.

מיר זיינען אַרויסגעגאַנגען פון לאַגער. עס איז שוין געווען טונקל און יעדער איז מיט א געוויין אַוועק אין שטוב.

די שטאָט איז טויט, ווי נאָך אַ חורבן. אין שטוב איז פינצטער. 6 נפשות צוגענומען, 3 שוועסטער און 3 שוועסטערס קינדער. בין איך מיטן שוואָגער אנידערגעפאַלן אויף דער ערד נאָך אַ דריי־טאָגעדיקן תענית.

אינדערפרי זיינען שוין אריינגעקומען אַ פּאָר שליחים פון יודנראט, פרעגן ווער עס איז פארבליבן און צו מ׳קען אריינזעצן נאָך אַ משפחה.

דעם צווייטן טאָג, האָט מען געזאָגט, אַז מ׳קען זיך שוין ווייטער באַוועגן, עס וועלן שוין מער קיין אַקציעס נישט פאָרקומען. אָבער אין 8 טעג אַרום האָט זיך אָנגעהויבן די צווייטע אַקציע. אַלע יודנראַטניקעס און פּאָליציי האָבן באַקומען אַ באַפעל צו דערשיינען אין יודנראַט מיט זייערע פרויען און קינדער. דער יודנראַט איז דאַן געווען אין הויז פון מאָטיע שאַפּיראָ, אויף דער יאַטקאָווער גאַס. יידן זיינען אַרומגעלאָפן איינער צום צווייטן:

— וואָס טוט מען? ווו גייט מען? צו אַ גוי, וועט ער דאָך אַרויסגעבן.

איינער האָט נישט געוואָלט זאָגן דעם צווייטן, וווהין ער גייט. איך האָב געזען, ווי מענטשן אויף די דעכער האָבן זיך פאַרבאַהאַלטן אין די קוימענס.

די שחיטה האָט זיך אָנגעהויבן. ווען מען האָט געטראָפן, האָט מען גלייך דערשאָסן. אַלע קדושים האָט מען צוזאַמענגענומען מיט פויערישע פערד און וואָגן, און געבראַכט אויפן בית־הקברות.

איך מיט מיין יינגערער שוועסטער זיינען געווען אויפן רינעק. פון דאָרט האָט מען אונז אָפּגעפירט צו דער באַן, אויפן וועג זיינען אונז נאָכגעגאַנגען דייטשע פילמיסטן און פאָטאָגראַפירט. זיי האָבן אַרויסגענומען אַ גרופּע מענטשן און זיי באַפוילן טאַנצן אין אַ ראָד, און קלאַפּן מיט די הענט. מ׳האָט אַרויסגענומען נ ח ז ע ל נ ע ר ־ ב א ר נ ש ט י י ן מיט זיין פרוי. נ ח האָט אַראָפּגעלאָזן די הויזן און זיין פרוי האָט אים אַרויפגעצויגן די הויזן. דאָס איז געווען איין בילד פאַר זיי. דאָס צווייטע בילד: מען האָט אַרויסגענומען אַ ייד מיט אַ באָרד און אַ צווייטער ייד מיט אַ שערל, האָט אים אָפּגעשניטן אַ העלפט באָרד פון איין באַק.

אַזוי האָט מען אונדז געפירט ביז צום זאַמלפונקט ביים וואָקזאַל. שטייענדיק צווישן די מענטשן, הערט מען, ווי איינער זאָגט צום צווייטן:

— „האָסט זיך נישט געקענט אויסבאַהאַלטן?“

זיי ברענגען אַלץ נייע גרופּעס פון שטאָט. איינער גיט איבער דעם צווייטן, אַז זשאַנדאַרמעריע, געסטאַפּאָ, אוקראַינישע און פוילישע פּאָליציי, זאָנדער־דינסט, פוס־מיליטער און די באַאַמטע פון לאַנד־ראַט: אַ ק ע ר מ אַ ן, ה א ר ט מ אַ ן און אנדערע גייען אַרום מיט העק און האַקן ווענט, דעכער און בונקערס און ברענגען אַלץ נייע גרופּעס יידן פון שטאָט.

אָט, קומט ש ר ה ק נ אָ פּ מיט איר טאָכטער און קינדער און אָט ברענגט מען י ע ק ב ־ ה ע ר ש ק ו ו א ס א ו ו י צ ע ר מיט זיין שוויגער און מ ש ה ר א פּ. מען האָט זיי גלייך אריינגעפירט אין וואַגאָן.

פונדערווייטנס זעט מען, ווי דער אויבער־פירער, ש ט ר ע ל ע ר, פירט אַ גרופּע מיידלעך, וואָס אַרבעטן אין די קאַשארן אונטער זיין שוץ.

עס קומט אַראָפּ דער לאַנדראַט און דער אַרבעטסאמט און מען הייסט זיך אויסשטעלן צו צוויי אין אַ ריי. מען קוקט אין די אויגן און מען איז בודק די ארבעטס־קאַרטע: מי לחיים ומי למות?

די האנדווערקער, וואָס זיינען באַפרייט געוואָרן און די מיידלעך פון די קאַשארן האָט מען אַריבערגעפירט אויף דער צווייטער זייט באַן־סטאַציע. עס קומט אָן דער אָבער־שארפירער, ש ט ר ע ל ע ר, מיט דעם לאַנדראַט מיט אַ ליסטע.

— די מיידלעך זיינען אַרבעטספעיק, צוריק צו זייער אַרבעט אין די קאַשארן!

צו דער גרופּע האנדווערקער איז צוגעקומען דער לאַנדראַט מיטן פאָר־שטייער פון ארבעטס־אַמט:

— איר, אַרבעטס־פעיקע האַנדווערקער, איר גייט אין לאַגער אויף עטלעכע טעג.

באַלד איז אנגעקומען זשאנדארמעריע און אונדז אוועקגעפירט אין לאַגער, ביים פוילישן צמענטאזש.

מיר וואַרטן ביז 1 אזייגער. זשאַנדאַרמעריע מיט באַאַמטע פון לאנדראַט, אָנגעטאָן אין יום־טובדיקע אנצוגער, אין ברוינע העמדער און אפּאסקעס אויף די הענט האָבן ארויסגעפירט די יידן צו דער באַן. די יידן פון לאַגער האָבן זיך ביי אונז געבעטן:

— יידן, אפשר האָט איר עפּעס עסן? ווער ס׳האָט געהאַט ברויט, האָט זיי געגעבן און דערביי האָבן זיי אונז געזאָגט:

— יידן, אייך פירט מען אין אונדזער לאַגער, זעט אַז איר זאָלט אַמשנעל־סטן ברענגען צו קבר־ישראל דאָס ביסל קדושים, וואָס איז פאר הונגער געשטאָרבן, צווישן זיי עטלעכע קינדער.

אַזוי שטייענדיק ביי דעם צמענטאַזש, האָב איך געזען, ווי פּאָליציי פירט מענטשן פון שטאָט, צופוס און אויף פויערישע וועגעלעך, און אלץ צו דער באַן. מיר זעען, ווי דער יודנראַט ברייננגט צו דער באַן וועגעלעך ברויט מיט פלעשער טיי און יעדער פון די באַפרייטע רופט צו זיי:

— ש מ ו א ל ז י י ד, א י י ז י ק פ י נ ג ע ר, זעט ארויסראַטעווען נאָך אַ ביסל מענטשן! עס איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. די וואַגאָנעס זיינען שוין געווען פאַרשלאָסן. און איינס אזייגער איז די באַן אָפּגעפאָרן מיט אונדזערע טייערע יידן פון הרוביעשאָוו.

אונז, די אויסדערווילטע האנדווערקער, האָט מען אריינגעפירט אין לאַגער, אויפן וויגאַן. אַלע, ווי איינער, האָבן מיר אויסגעבראָכן אין אַ ספּאזמאטישן געוויין. בעת דעם גרויסן געוויין זיינען אנגעקומען די געסטאפּאָווצעס: א ו ו נ ע ר און וו א ג נ ע ר מיטן באפעל:

— גלייך, איינשטעלן!

זיי האָבן אויסגעקליבן 20 מאַן און זיי אוועקגעפירט אויפן בית־הקברות, ווו מיר האָבן געפונען אונזערע קדושים. מיט ברעטער און לייטערס האָבן מיר גענומען צונויפזאמלען זייערע קערפּערס.

# יעקב טשעכאָוויטש / און איך בין געבליבן אליין

ניו־יאָרק



יעקב טשעכאָוויטש

דעם ערשטן מאי זיינען מיר נאָך אַן אָפּוועזנהייט פון 8 יאָר, אָנגעקומען קיין הרוביעשאָוו.

פון באַן זיינען מיר אַוועק מיט זייטיקע פעלדער, די וואַרשעווער מורא האָט אונז נאָך אַלץ באַגלייט. אויף דער פאַהעריע האָבן מיר שוין לייכטער אָפּגעאָטעמט. עפּעס האָט מען זיך דערפילט היימיש.ביים אַריינגיין צו מיין שוואָגער, יידל גערטל, האָב איך זיך געזעגנט מיט מיין חבר.

מ׳קען זיך לייכט פאָרשטעלן אונזער פרייד, זייענדיק ווידער צוזאַמען. זלאַטע מיט די קינדער האָבן אויסגעזען גוט, מיין שוואָגער און פאַמיליע — אויך נישט שלעכט. מיין מוטער און שוועסטער האָבן זיך אַ ביסעלע צוגעמוטשעט, אָבער דאָך האָבן זיי אַלע גוט אויסגעזען. ס׳האָט מיר הנאה געטאָן, וואָס ס׳איז מיר געלונגען זיך אַרויסצורייסן פון וואַרשעווער גהינום.

דאָס שטעטל האָט אַנדערש אויסגעזען, ווי ווען כ׳האָב עס פאַרלאָזט אין יאָר 1933. ס׳ערשטע, וואָס ס׳האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן, איז געווען די יידישע פּאָליציי, די אָ־דע־מענער.

ס׳צווייטע, וואָס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן — נישטאָ קיין איין יידיש געשעפט. אַלץ איז באַזעצט דורך קריסטן.

אין לייבל אָרנשטיינס קראָם איז טעטיק אַן ערשטקלאַסיקער, אוקראַינישער רעסטאָראַן; אין האָלצעראָוועס בירשענק — אַ הערלעכער, אוקראַינישער נאַכטלאָקאַל. די גאַנצע געביידע פון די זילבערמינצס איז פאַרנומען דורך אַ גרויסער, דייטשער פירמע, גייזער, וואָס האָט געעפנט אַ גרויס געשעפט אויפן אמעריקאַנער שטייגער. פון עזריאל פינקלשטיינס גאַסטהויז האָט אַן אוקראַינער געמאַכט אַ רעסטאָראַן.

די שטאָט איז געווען די זעלבע און דאָך ווי פאַרענדערט! די אַמאָליקע, יידישע לעבהאַפטקייט איז פאַרשוואונדן. יידן זיינען בלויז אַדורכגעלאָפן די גאַסן. איינציקע גרופּעס יידן פלעגט מען טרעפן אַרום יודנראַט, און ביים אַרבייטסאַמט.

דער יודנראַט איז געווען טעטיק 24 שעה אין מעת־לעת. דער עלטסטער פון דער אינסטיטוציע איז געווען שמואל בראַנד ז״ל. מיט אים האָבן מיטגעאַרבעט זיין ברודער, איטשעלע בראַנד, און זיין זון, יאָקעלע, וועלכער האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל ביים פאַרמיטלען צווישן די דייטשע אינסטאַנצן מיטן יודענראַט. ווי נאָר עפּעס אַ גזירה, אַ נייע פאַראָרדענונג, האָט דאָרט געמוזט זיין יאָקל בראַנד. צוזאַמען מיט יאָקלען האָט אויך געאַרבעט יואל ראַבינאָוויטש.

די אויפגאַבן פון יודנראַט — איז שוין היינט צו טאָג יעדן באַקאַנט. עס איז געווען אַ גוט פאַרויסשטודירטער פּלאַן, ווי אַזוי צו האַלטן אַלע יידן צוזאַמען און זיי האָבן תמיד צו יעדער צייט.

אויפן צווייטן טאָג, נאָך מיין קומען אין שטעטל, האָב איך זיך געמאָלדן אין יודנראַט. מ׳האָט מיך זייער שיין אויפגענומען, געפרעגט צי איך בין א פאַכמאַן.

— כ׳בין אַן ערשט־קלאַסיקער שילדן און דעקאָראַציע־מאַלער.

— גוט וואָס מיר האָבן אייך — האָט זיך אָנגערופן שמואל בראַנד — איר וועט אונז צונוצקומען.

מ׳האָט מיך גלייך אָנגעמאָלדן אין אַרבעטסאַמט.

דער אַרבעטסאַמט האָט געהאַט צוויי אָנפירער, דער אָבער איז געווען אַ כלב שבכלבים, אַ געשולטער נאַצי, שטובער. אַז דער דאָזיקער שטובער האָט נאָר אויף דיר אַ קוק געטאָן, האָבן דיר די הענט און די פיס שוין געציטערט. זיין געהילף איז געווען אַ פּאָליאַק, קאָוואַלסקי, אַן אמתער צורר־יהודים.

יעדעס מאָל, ווען כ׳בין דורכגעגאַנגען די גאַס און געזען וואָס עס איז געוואָרן פון יידישער הערעוואַניע, וואָסער תל מ׳האָט דערפון געמאַכט — האָט מיך פאַרקלעמט ביים האַרץ. אָבער אויך אין דאָזיקן קלעמעניש האָט מען אָנגעהויבן גיך פאַרגעסן, ווייל מ׳האָט אָנגעהויבן פילן אין שטעטל דעם אָנקומענדיקן שטורעם.

ס׳שטעטל איז פאַרפלייצט געוואָרן מיט כל המינים מיליטער־אָפּטיילונגען, דייטשן, אוקראַינער, ליטווינער, און פּאָליאַקן, וואָס האָבן שטאַרק הנאה געהאַט פון היטלערס מעשים.

ס׳שטעטל איז געוואָרן אַ מקום־מקלט פאַר אונזערע ברידער. יידן פון וואַרשעווער געטאָ האָבן אָנגעהויבן קומען. אויך מאיר אדערס ווייב האָב איך דאָ געטראָפן. זי איז געקומען פון וואַרשעווער גהינום אין הרוביעשאָווער „גן־עדן״, מישטיינס געזאָגט.

לאַנג האָט דער „ווילשטאַנד״ נישט אָנגעהאַלטן. מיליטער האָט אַלץ מער אָנגעפילט יעדעס ווינקל און די אָנגעשטרענגטקייט איז געשטיגן.

## ווי אַזוי מ׳האָט מיר געראַטעוועט

דער בלאָטער האָט געפּלאַצט דעם 21־סטן יוני 1941. ס׳איז געווען אַ שיינער, הערלעכער שבת. פאַרטאָג איז אָנגעקומען שווערע אַרטילעריע און טאַנקן. נאָכמיטאָג איז צו מיר אַריינגעקומען א דייטשער סאָלדאַט אָפּנעמען אַ שילדל, וואָס איך האָב געמאָלן פאַר דער קאָמענדאַנטור. דער זעלנער האָט מיר איינגערוימט אַ סוד אין אויער, אַז מאָרגן, זונטיק, וועט זיין גאָר וויכטיקע נייעס.

זיבן אַזייגער פאַרנאַכט האָט געהערשט אין שטאָט עפּעס אַ מוראדיקע שטילקייט. דערנאָך האָט מען געזען נאָר געסטאַפּאָ־לייט. די לופט איז געווען אָנגעפילט מיט פּולווער, מ׳האָט געפילט, אַז אָט־אָט וועט עפּעס אויפרייסן.

מ׳האָט שוין געוווסט, אַז ס׳שטייט אויסגעשטעלט מיליטער ביים בוג, לענג אויס האָראָדאָק. אַ סך זענען אין דער נאַכט נישט געגאַנגען שלאָפן.

מיר האָבן דעמאָלט געוווינט נאָענט פון דער זאַמאָשטשער בריק, ביי מיין שוואָגער, יודל גערטל. פאַרטאָג האָבן מיר דאָך איינגעדרימלט, אָבער אַ מוראדיקע קאַנאָנאַדע האָט אונז אויפגעוועקט.

אינדרויסן האָט זיך אָנגעהויבן רודערן. פינף פאַרטאָג האָבן מיר געזען דעם אַרבעטס־אינספּעקטאָר מיט זיין געהילף אַרומלויפן איבער דער שטאָט, ווי פאַרסמטע מייז און מיט זיי עטלעכע יידן.

איך, מיין שוואָגער, זיינע צוויי זין אברהם און פישל, און יאשע ברענער זענען אַריין אין פּאָדערהויז. פּלוצלונג פאַלט אַריין צו אונז דער אַרבעטס־אינספּעקטאָר און כאַפּט אונז אָן מיט אימפּעט, ווי ער וואָלט זיך שוין געגרייט אונז צו פירן צו דער תליה. זיי האָבן אונז געכאַפּט אויף דער הייסער מינוט, ווי מיר שמועסן פּאָליטיק. זייערע פּנימער זיינען געווען צעיושעט. איך האָב זיך פון זיי אַרויסגעריסן מיט כוח און בין אַנטרונען דורך אַ צווייטער טיר. כ׳האָב געציטערט, טראַכטנדיק, אַז מען וועט מיך האַלטן פאַר אַ דעזערטיר.

מ׳האָט זיי אַלעמען פאַרהאַלטן, ביז מ׳וועט מיך געפינען. כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז שוין מלחמה, און אויב כ׳וועל זיך נישט צושטעלן, וועט מען זיי אַלעמען דערשיסן.

איך ליג פאַרשטעקט אויפן בוידעם. באַלד דערהער איך מיין פרויס קול. זי גייט אַרום און רופט מיך, כ׳זאָל רחמנות האָבן אויף יודלען מיט

Generalgouvernemen
Distrikt Lublin
Der Kreishauptmann in Hrubieszow
Arbeitsamt Zamość
Nebenstelle Hrubieszow

די קינדער און כ׳זאָל זיך צושטעלן. אויב כ׳וועל זיך אַליין צושטעלן, וועל איך אָפּקומען מיט אַ קלייגער שטראָף. איך ליג און טראַכט וואָס צו טאָן. כ׳קען זיך נישט באַשליסן. דורך אַ שפּאַרונע זע איך, ווי מיין שוועגערין, שרה, לויפט אַרום און ברעכט די הענט אין אַ ביטער געוויין. איך הער, אַז ס׳איז געבליבן בלויז נאָך איין שעה צייט, כדי זיך צושטעלן. אַז כ׳האָב דערהערט איר געוויין, בין איך אַרויס פון מיין באַהעלטעניש און אַריין אין בית־הכסא.

דורך דער שפּאַרונע פון טירל זע איך דעם אַרבעטס־אינספּעקטאָר מיט זיין געהילף. איך מאַך זיך רואיק אַרויסגיין פון קלאָזעט, מאַניפּולירנדיק מיט די הויזן, ווי כ׳וואָלט נאָר וואָס פאַרטיק געוואָרן מיט אַ מענטשלעך באַדערפעניש און כ׳גיי זיי אַנטקעגן.

אַז זיי האָבן מיך דערזען, האָט דער אינספּעקטאָר ווילד אויסגעשריען:

— אָט, איז ער דער קריגס־פאַרברעכער, מען מוז אים שיסן, ווי אַ הונט!

זיין געהילף האָט מיך אַ כאַפּ געטאָן ביים קאָלנער און מיך געשטופּט ביז צו דער קאַנצעלאַריע. נאָך גוט וואָס עס איז אַזוי נאָענט, אַנדערש, וואָלט איך, אוודאי, געפאַלן אין וועג פון זיינע קלעפּ. דער אַרבעטסאַמט איז געווען אין אברהם בעקערס הויף. זיי האָבן מיך דערווייל געלאָזט אונטער דער אויפזיכט פון אַן ס.ס.־מאַן. די ביקס איז ביי אים געלעגן אויפן טיש און ער האָט מיר געזאָגט, אַז מיט דער הילף פון דעם קליינעם מאַשינדל וועל איך בקרוב באַפרייט ווערן פון אַלע ערדישע ליידן, און ער וועט מיך איבערשיקן צו משה רבינו.

איך בין אַזוי געווען פאַרמאַטערט, אַז זיינע ווערטער האָבן שוין נישט געמאַכט אויף מיר קיין איינדרוק, עפּעס זיינען ביי מיר אַלע געפילן ערגעץ אַנטרונען געוואָרן, כ׳האָב גאָרנישט געפילט, כ׳בין, זעט אויס, ווי פאַרשטיינערט געוואָרן. איך האָב נאָר געוואָלט זיך געזעגענען מיט מיינע נאָענטע פאַרן טויט.

די טיר פראַלט זיך אויף און די צוויי שדים קומען אַריין און נעמען זיך ערשט צו מיר אויפסניי. דער אינספּעקטאָר שרייט און ריטשעט:

— קאָם היר, פאַרפלוכטער יודע! ווייסטו ניכט דאָס הויטע קריג איסט! דער פּאָליאַק דערלאַנגט מיר מיט זיין פויסט אין די אויגן, אַזוי אַז כ׳בין אַוועקגעפאַלן אין חלשות.

מ׳האָט מיך, אוודאי, אָפּגעמינטערט און אָט, שטיי איך שוין ווידער אויף די פיס. אַצינד האָט מיך גענומען שלאָגן דער אינספּעקטאָר אַליין. ער האָט מיר צעשפּאָלטן ביידע ליפּן, און באַלד האָט זיך פון מיר אַ לאָז געטאָן אַ שטראָם בלוט און באַגאָסן מיך און אים. דעמאָלט האָט ער מיך ערשט צורו געלאָזן און געהייסן אַוועקפירן הינטערן מאַגיסטראַט און דאָרט וואַרטן אויף דער עקזעקוציע.

מען וועט מיך שיסן, אָדער הענגען, ס׳זאָלן דאָס צוזען אַלע יידן.

הינטערן מאַגיסטראַט האָט מען מיך אַריינגעוואָרפן אין אַ קאַמער, ווו ס׳איז שוין געווען פאַרשפּאַרט נאָך אַ ייד, יאָסעלע רעכטשאַפּט, אהרעלע בעדערס זון. ער האָט אויך געוואַרט אויפן טויט. מיר איז אַ ביסל גרינגער געוואָרן, פאָרט אַן אח־לצרה.

אינדרויסן האָבן געזשומעט די דורכפליענדיקע עראָפּלאַנען. אונז האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס זיינען רוסישע עראָפּלאַנען און אָט־אָט וועלן מיר געהאָלפן ווערן, די רוסן וועלן פאַרנעמען ס׳שטעטל.

ס׳איז אָנגעקומען די נאַכט. דאָ איז פריער פינצטער געוואָרן ווי אינדרויסן. פּלוצעם גיט אַ קלאַפּ דער תפיסה־וועכטער אין טיר. כ׳האָב זיך אַ שטעל געגעבן, אַ בורטשע געטאָן, און באַלד האָב איך דערפילט, ווי ס׳לשון איז מיר אָפּגענומען. כ׳האָב אויפגעמאַכט די טיר, און געפונען אַ טעפּל וואַרעמס. כ׳האָב אַ כאַפּ געטאָן ס׳ביסל וואַסער מיט ציקאָריע און דאָס שטיקל ברויט און גענומען עסן.

צומאָרגנס בין איך אויפגעשטאַנען אַן אויסגערוטער. אַלע שלעכטע מחשבות האָבן מיך פאַרלאָזן. ס׳האָט מיך גאָרנישט געקימערט, וואָס איך וואַרט דאָ יעדע מינוט דערשאָסן צו ווערן. באַהערשט האָט מיך איין באַגער: זען זלאַטען מיט די קינדער. זיי זיינען בסך הכל 4 הייזער פון מיר און דאָך אַזוי ווייט.

מ׳האָט אונז אַרויסגעפירט אויף אַ שפּאַציר צוזאַמען מיט אַלע אַרעס־טאַנטן. און ס׳איז ווידער פאַריבער אַ טאָג. ס׳האָט זיך שוין גענומען אַריינגנבענען אַ פונק פון האָפענונג.

אויפן דריטן טאָג האָט מען מיך אַרויסגעלאָזט פון טורמע צוזאַמען מיט יאָסעלע בעדער. נו, די פרייד אינדערהיים — אַ צוריקגעקומענער פון יענער וועלט!

ווי אַזוי איז געשען דער נס?

ווייזט זיך אַרויס, אַז דער פּרעזעס פון יודנראַט, שמואל בראַנד ז״ל, האָט איינגעלייגט וועלטן, אַז מיר ביידע זאָלן אָפּגעראַטעוועט ווערן. ס׳איז אים געלונגען איבערצוקויפן דעם אינספּעקטאָר מיט 35 טויזנט זלאָטעס!

## נייע גזרות

ס׳קומען אָן נייע גזירות קעגן יידן. די היטלעריסטישע נצחונות אויף די פראָנטן זיינען קאָלאָסאַל, נישט נאָר די דייטשן זיינען פון זיי פאַרשיכורט, נאָר אויך די אוקראַינער און אונז בריט, שטעכט און טוט ווי יעדער נצחון.

ווינטער. די אַרבעט ביי די שנייען מאַטערט אויס. דאָס אויסלאָדן און אָנלאָדן די לאַסט־וואַגאָנען, און די אונטערדערנערונג — שעפּט אויס.

חנוכה־צייט איז דערשינען די פאַראָרדענונג, אַז יידן מוזן אָפּגעבן ס׳פוטערוואַרג, אפילו קינדערישע זאַכן.

דער ערשטער פוטער־קרבן איז געווען אַן אוכאַנער ייד. מ׳האָט ביי אים געפונען נישט־אָפּגעגעבענע פוטערס און דעם צווייטן טאָג חנוכה האָט מען אים דערשאָסן אין שטעטל — למען יראו וישמעו. יענעם טאָג האָבן אַלע אויסגערוימט די הייזער פון מינדסטן חשד אויף פוטער און געוואַרט אויף אַ פרישער גזרה.

נישט לאַנג האָבן מיר געדאַרפט וואַרטן. עטלעכע טעג נאָך פּורים 1942 דערזעען מיר, פּלוצלונג, שליטנס אָנגעפּאַקט מיט מענער, פרויען און קינדער ציען קיין הרוביעשאָוו. דער יודנראַט אָרגאַניזירט קיכן און קאָכט פאַר זיי עסן, און דערביי דערוויסן מיר זיך פאָלגענדעס: די יידן זיינען פון מיעלעץ. פּורים האָבן זיי נאָך פאַרבראַכט אין זייערע היימען, זיי האָבן נאָך אפילו געפּראַוועט אַ פּורים־באַל.

צומאָרגנס, שושן־פּורים, האָט מען זיי פאַרטריבן פון די היימען. לויט, ווי מען האָט דעמאָלט געשמועסט, איז דאָס געווען דער ערשטער פאַל אין פּוילן, אַז מען האָט פאַרטריבן יידן פון זייערע היימען.

די מיעלעצער יידן זיינען ביי אונז לאַנג נישט געווען. מ׳האָט שוין פאַר זיי צוגעגרייט אַ לאַגער מיט שטעכיקע דראָטן ביים בוג, אַ דרייסיק קילאָמעטער פון הרוביעשאָוו.

מיר האָבן זיי באַגלייט מיט טרויעריקע געמיטער און ערשט יעצט פאַרשטאַנען, אַז שוואַרצע וואָלקנס רוקן זיך אָן.

אונזער לאַגע איז מיט יעדן טאָג געוואָרן ערגער. די „פּוזשאַנעס" — אוקראַינער אין ס.ס.־מונדירן — האָבן שוין געזאָגט, אַז מיר זאָלן קיין האָניק נישט לעקן.

די דייטשן האָבן אויסגערעכנט, אַז די אוקראַינער ווייסן גענוי ווי צו פּייניקן יידן און אַלץ פון זיי אַוועקרויבן.

די מערדער האָבן געהוליעט, איינגעשפּאַנט אין וואָגן יידן אין טליתים און תפילין, און זיי געטריבן איבער די גאַסן. בקיצור, דער פייער האָט זיך אָנגעהויבן פאַנאַנדערפלאַקערן.

דעם לעצטן שבת, מאַי 1942, איז מיר אויסגעפאַלן צו גרוזעווען וואַגאָנעס ביי דער באַן. איך האָב דעמאָלט געטאָן די אַרבעט, וואָס פאַרן קריג פלעגט עס פאַר מיר טאָן יוזשעק כמאזשינסקי, אָנלאָדן שווערע קלעצער אויף פראַכט־וואַגאָנעס.

ס׳איז מיר געווען אַ ביסל שווערלעך, אָבער מען קען זיך דען העלפן, דאָס איז דאַן געווען דער גורל פון דער שעה.

גאָט האָט געהאָלפן און די שעה פון באַפרייאונג איז געקומען. אַרום 5 נאָכמיטיק בין איך שוין געווען אין דער היים, אָפּגעגעסן דעם שבתדיקן

מאַלציית, מ׳שטיינס געזאָגט, אָבער מיט פיל פרייד, ווייל איך האָב זיך ווידער געזען מיט מיין ליבער פאַמיליע.

## די ערשטע אַקציע

אָבער מיין פרייד איז גאָר שנעל צעשטערט געוואָרן.

אין איין אויגנבליק איז באַקאַנט געוואָרן די וויסטע בשורה, אַז די לאַנדסקאָמענדאַטור האָט געשיקט רופן יאַנקעלע בראַנד און האָט אים איבערגעגעבן 5 פאַרמאַכטע בריוו אַדרעסירט אויף 5 ערטער, ווו יידן זיינען נאָך געווען: אין דוביענקא, אוכאַן, ביאַלאָפאָלע, מאַלאַדיאַטיטש, און נאָך אַן אָרט.

איך האָב באַקומען די ידיעה פון מיין פעטער, שלמה פירשט, עליו־השלום. פאַרשטייט זיך, אַז באַלד בין איך אַוועק אין יידנראַט, אָבער פון דערווייטנס האָב איך שוין געזען, אַז עס איז נישט פריילעך.

איטשע מאָרגנשטערן, עליו־השלום, האָט מיר באַלד פאַרטרויט דעם סוד פון בריוו: דעם 1־טן יוני 1942 מוזן זיך אַלע יידן פון הרוביעשאָוו צונויפזאַמלען אויפן גרינעם מאַרק און פון דאָרט וועט מען זיי אַוועקשיקן אויף אַרבעט. דאָס אַלץ איז געמאַכט געוואָרן אַזוי שנעל, אַז קיינער זאָל זיך נישט אָריענטירן, וואָס דאָ קומט פאָר.

איך האָב נישט לאַנג געטראַכט, גענומען אונזער משפחה און זיך פאַרבאַהאַלטן אין קעלער. חוץ מיר, מיין מוטער, מיין פרוי מיט די צוויי קינדער, זיינען נאָך אין קעלער געווען — פרידע בוכטערגער מיט איר טאָכטער.

מיר האָבן דאָרט איבערגענעכטיקט און גאָט האָט אונז געהאָלפן. אינדערפרי האָט מען שוין געקענט אַרויס פון דער באַהעלטעניש. דער רוצח האָט זיך אָנגעזעטיקט מיט 3 טויזנט קרבנות. מ׳האָט זיי פאַרהאַקט אין פאַרמאַכטע וואַגאָנעס און אַוועקגעשיקט.

ווהין? האָט קיינער נישט געוווסט. ס׳איז נישט געווען קיין שטוב אָן קרבנות. מיר האָבן שוין פאַרשטאַנען, אַז דאָס זיינען נאָר די ערשטע דריי טויזנט קרבנות, און אַז אויך אונז דערוואַרט אומקום.

## די צווייטע אַקציע

אין דריי טעג אַרום פאַרשפרייט זיך אַ קלאַנג, אַז ס׳איז אָנגעקומען אַ בריוו פון איינעם פון די פאַרשיקטע, אַז זיי זענען אַלע בשלום אָנגעקומען אין אוקראַינע און וואַרטן אויף דער אַרבעטס־פאַרטיילונג. לאַנג טראַכטן און נאָכקלערן צי דער בריוו איז אַן אמתער איז נישט געווען, ווייל שוין אין 6 טעג אַרום, אויף דעם 7־טן יוני, איז שוין געווען באַשטימט אַ צווייטע אַקציע. דאָס מאָל דאַרפן זיך שוין צושטעלן אַלע יידן, אָן אויסנאַם פון עלטער און באַרוף.

אַלע מוזן גיין.

כ׳האָב באַשלאָסן, אַז דאָס מאָל וועל איך זיך צושטעלן אַליין און די פאַמיליע וועל איך באַהאַלטן אין דער זעלבער באַהעלטעניש.

יענע נאַכט האָב איך מיר איינגעפּאַקט אַלע מאַלער־מכשירים, און זיך אַוועקגעזעצט איבערוואַרטן די נאַכט, כדי פאַרטאָג זיך צושטעלן.

ס׳איז שטיל. כ׳זיץביים ליכטל און וואַרט אויף דעם באַגינען. ס׳הייבט מיך אָן נאָגן אַ ספק צי איך טו גוט. אפשר חרטה האָבן? אָבער איך קען דאָך מיט מיין צושטעלן אָפּראַטעווען מיין פאַמיליע? אַזוי טראַכטנדיק, בין איך אַנדרימלט געוואָרן.

זעט אויס, אַז ס׳איז געווען אַ גאַנץ פעסטער דרימל, ווייל איך האָב נישט געהערט ווי דער קליינער ניסל פנחס האָט מיך אויפגעוועקט און פאַרחידושט געקוקט אויף מיר, ווי איך בין אַרום אויסגעשטאַט מיט אַלערליי מאלער־כלים. ער פרעגט מיך, צי איך גיי אַליין.

— יאָ, דאַן האָט ער מיך אָנגענומען ביי דער האַנט און מיך אַרויסגעפירט פון הויז.

כ׳האָב פאַרשלאָסן די טיר און אַוועק פון הויז. אין הינטערגרונט פון דער פּראַוואָסלאַווּנער קירכע, אויפן וועג צו שפּעראַלסקעס רעסטאָראַן, האָבן מיר מיטגענומען פרץ שטורם מיט זיין פרוי. כ׳האָב זיי געפרעגט, פאַרוואָס זיי האָבן באַשלאָסן פרייוויליק זיך צושטעלן, זיי זיינען דאָך נישט קיין פאַכלייט. האָט ער מיך אָנגעקוקט:

— מיינסט, יענקל, אַז אַרבעטער זוכט היטלער? אונז — דאַרף ער, און פריער אָדער שפּעטער וועלן מיר אַלע אומקומען, דערפאַר האָב איך באַשלאָסן מער נישט צו ליידן, און אויב דו וועסט בלייבן, ביזטו דאָך פיל יינגער פון אונז, זאָלסט מיין פאַמיליע אַ גערוס איבערגעבן.

און אַזוי האָבן מיר זיך צוגעשטעלט אויף דעם גרינעם מאַרק אין אַ שיינעם, זוניקן פרימאָרגן פון 7־טן יוני 1942.

אויפן זאַמל־פונקט איז מיר שטאַרק קאַלאַמוטנע געוואָרן אויפן האַרצן, דערזעענדיק, ווי מיר זיינען אַרומגערינגלט מיט די אוקראַינישע ס.ס. און אַלע ווילדע גיט אַ קום צו לויפן שיפּער פון דער געסטאַפּאָ, וואָס האָט אויסגעפירט אַלע טויט־אורטיילן. ווען מיר האָבן אים דערזען, זיינען אַלע אונזערע אברים אָפּגעשטאָרבן. כ׳האָב דערפילט דעם טעות, וואָס איך האָב געמאַכט, אָבער ס׳איז פאַרפאַלן.

ער האָט מיט רציחה געגעבן אַ געשריי:

— ווו איז יאַקל בראַנד, וואָרום האָט ער זאָ ווייניק לויטע אויפן פּלאַץ? איך שיס אים גלייך, ווי אַ הונד! און ווו זיינען די אָרדנונגסמענער, די יודן די פאַרפלוכטע?

מיט איין אויגנבליק איז ער צו צו שמואל זייד און האָט אים געפרעגט, אויב דאָס איז דער וועג פון אויספילן באַפעלן פון דער געסטאַפּאָ. ביז 6 אַזייגער מוזן אַלע זיין אויפן פּלאַץ און ער איז אַוועקגעגאַנגען.

באַלד האָט זיך טאַקע שמואל זייד אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט און האָט אַרויסגעשלעפּט פון לעכער און באַהעלטענישן, וועמען ער האָט נאָר געטראָפן. די טרויעריקסטע סצענע איז געווען, ווען מען האָט אַרויס־גענומען פון אַ קעלער־שטוב, דעם אַלטן זילבער, הערש זילבערס פאָטער, זייער אַן אַלטער מאַן, ער איז געבליבן זיצן אונטער אַ טעלעפאָן־סלופּ.

דערווייל זיינען אָנגעקומען די דייטשע פּראָפּאַגאַנדע־לייט מיט פילם־אַפּאַראַטן און מען האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו דעם אַלטן און בלינדן זילבער. מען האָט אים באַפוילן אַראָפּלאָזן די הויזן, אַרויסנעמען די ציצית, אַרומכאַפּן דעם טעלעפאָן־סלופּ, פאַלן כורעים מיט די ציצית אין האַנט און נאָך פאַרשיידענע אָפּלאַכנדיקע פּאָזעס. דערנאָך זיינען זיי אַרומגעלאָפן און געמאַכט פאַרשיידענע פילם־אויפנאַמעס פון אונז אַלעמען, געהייסן אַ יינגל ער זאָל אַרומנעמען אַ מיידל און זיך קושן און אַזוי ווייטער.

דערווייל איז דער גרינער מאַרק אָנגעפילט געוואָרן. די זון האָט געשיינט, מיר זיינען אַזוי געשטאַנען ביז אַרום 8 אַזייגער. אונזערע שכנים, די גוטע פּאָלאַקן, האָבן זיך אויסגעשטעלט אויפן הויכן טראָטואַר לעבן דוד רויטמאַן און געשעפּט נחת. זייערע טריפהנע פּרצופים האָבן געשיינט, ווי די זון, און ווען מען האָט אונז אַלעמען אויסגעשטעלט אין רייען און באַפוילן צו מאַרשירן, האָט דער פילם־אַפּאַראַט ווידער געאַרבעט.

אַן עפּיזאָד געדענק איך. פאַרבייגייענדיק דעם הויכן טראָטואַר, האָב איך אויפגעהויבן מיין פויסט צו דעם גראָבן חזיר־שלעגער, קראַסנאָ־פּאָלסקי און טשוראַשקעוויטש. איך האָב טאַקע געקראָגן אַ זעץ פון אַ אוקראַינער, אָבער איך האָב מיינס געטאָן, נישט טראַכטנדיק, צי ס׳האָט אַ ווערט צו נישט.

9 אַזייגער זיינען מיר שוין געווען ביים פעלד, אויף דער אַנדער זייט פון די רעלסן, אַנטקעגן דעם באַן־וואָקזאַל.

אַ גאַנצער שטאַב מיט הויכע מיליטערלייט איז אָנגעקומען מיטן אַרבעטס־אינספּעקטאָר בראַש.

מען האָט אונז אויסגעשטעלט אין איין ריי און סאָרטירט לחיים ולמות, רעכטס און לינקס. איך בין אַריינגעפאַלן צו די רעכטע. קולות און געוואַלדן האָבן זיך באַלד דערהערט, מען האָט אָפּגעריסן טאַטעס און מאַמעס פון קינדער, צעשיידט פרויען פון מענער און מענער פון פרויען, מען האָט געמאַכט דעם אָנהויב פון דער שוידערלעכער ענדע. די יללות זיינען דערגאַנגען עד לב השמים.

לאַנג האָט די פּראָצעדור נישט געדויערט. אַרום צוועלף אַזייגער האָבן

מיר, 150 מאַן, צוריקמאַרשירט אין שטאָט אַריין. און ווידער זיינען אַוועק אַ 3000 יידן אין פאַרמאַכטע און מיט קאַלך אויסגעשאָטענע וואַגאָנעס.

ווען מיר האָבן זיך צוריקגעקערט פון דער באַן־סטאַציע, האָט מען געפירט אַ גרופּע מענער, פרויען און קינדער, וועלכע מען האָט אַרויס־געשלעפּט פון די באַהעלטענישן. מיט איין וואָרט, דער חורבן האָט זיך אָנגעהויבן אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב.

אונזער גרופּע, וואָס מ׳האָט איבערגעלאָזט לעבן, האָט מען אַוועקגעפירט אויפן וויגאָן, נישט ווייט פון שעכטהויז, און אין אַן אַרומגעצוימטן פּלאַץ מיט אַ פאַרקאַן אַריינגעלאָזט די „פאַרברעכער״.

די שטאָט איז געווען ליידיק פון יידן, אַחוץ די וואָס זיינען געווען פאַרבאַהאַלטן אין די לעכער. דערווייל האָט די יידישע פּאָליציי געבראַכט אַ ידיעה, אַז די געסטאַפּאָ האָט פאַראָרדנט מ׳זאָל יעדן געפונענעם ייד גלייך דערשיסן. ס׳איז גרינג זיך פאָרצושטעלן, וואָס אין אונזערע הערצער האָט זיך דעמאָלט אָפּגעטאָן.

## די שיסעריי אויפן בית־עולם

ווער פון אונז האָט נישט געהאַט קיין באַהאַלטענע? מיטן אָנקומען פון דער נאַכט איז אונז אַלעמען אַ ביסל לייכטער געוואָרן. דער יודנראַט האָט אונז געבראַכט עסן און מידע זיינען מיר אַנטשלאָפן געוואָרן.

אויף מאָרגן, מאָנטיק, האָט די זון זיך ווידער געשטעלט אַ הערלעכע. און ווידער קומען אָן טרויעריקע ידיעות, אַז מען שלעפּט אַרויס יידן פון די באַהעלטענישן. דערווייל קומט אַ דייטש און נעמט אונז צו דער אַרבעט הינטערן דאָרף דיעקאַנאָוו. מיר האָבן דאָרט געאַרבעט ביי קאָפּען קאַנאַלן.

אַרום 1 בייטאָג דערהערן מיר פּלוצים אַ שיסעריי פון דער ריכטונג פון יידישן בית־עולם.

אַ קאַנאָנאַדע פון מאַשין־ביקסן האָט אָנגעהאַלטן אַ 15 מינוט, און ס׳איז שטיל געוואָרן. מיין האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז עס איז נישט פריילעך אין שטעטל. עפּעס קומט דאָרט פאָר שרעקלעכעס. דאָס מאָל איז מיר אַרויף אויפן געדאַנק, אַז דאָס שיסט מען אויס אַלע יידנראַטלער פאַר נישט־קאָאָפּערירן מיט דער מאַכט.

אַרום דריי אַזייגער האָבן מיר ווידער דערהערט אַ שיסעריי פון בית־עולם דעמאָלט זיינען מיר שוין געווען איבערצייגט, אַז דער סוף איז געקומען.

אָפּגעשטעלט דאָס שיסן האָט אַ שטאַרקער שלאַקס־רעגן, וועלכער איז געקומען ווי אַ דערלייזער. מען האָט אונז טאַקע באַלד באַפרייט פון דער אַרבעט, ווייל דער רעגן האָט אומעגלעך געמאַכט די אַרבעט.

מיר זיינען נישט געגאַנגען נאָר געלאָפן צוריק אויפן וויגאָן, כדי צו זיין נענטער און וויסן, ווי גרויס דער בראָך איז.

אין לאַגער האָבן מיר באַקומען די טרויעריקע ידיעה, אַז העכער 300 מאַן האָט מען היינט אויסגעשאָסן און די איבעריקע וואַרטן ביים מאַגיסטראַט, ווייל דער שלאַגס־רעגן האָט איבערגעריסן דאָס שיסן. מ׳האָט די קרבנות צו 5 געבונדן מיט שטעכעדיקע דראָט און אַזוי אַלעמען אויסגעשאָסן.

דינסטיק, נאָך דער אַרבעט, האָט מען אונז פאַרטיילט ספּעציעלע לעבנס־קאַרטן, ווייל מיר זיינען נויטיק צו דער אַרבעט.

דאָס אַרויסגיין דינסטיק פון לאַגער — וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן. אַ פאַרוואָלקנטער, גרויער פאַרנאַכט. מיט מיר איז אויך באַפרייט געוואָרן יעקל טשאַפּ, זיין זון און טאָכטער: נחום און אסתרקע.

איבערגיין די גאַס איז געווען די שווערסטע שטראָף. פּאָלאַקן און אוקראַינער האָבן אויסגעשטעלט אויף אונז די אויגן און געפרעגט פאַרוווּנדערטע:

— לעבסט נאָך?

ביים אַריינגאַנג צו אונז אין הויף האָט מיך מקבל־פּנים געווען אַ קריסטין, וואָס האָט דעמאָלט געוווינט אין איינע פון די דירות. מיר האָבן זי ספּעציעל אַריינגענומען, כדי צו האָבן אַ מיוחס, אַן אוקראַינער. מ׳האָט געמיינט, אפשר וועט דאָס העלפן. כ׳האָב זי געפרעגט, צו זי ווייס עפּעס וועגן מיין משפחה.

— יאָ — זאָגט זי — מען האָט זיי מאָנטיק פאַרן גרויסן שלאַגס־רעגן אַרויסגענומען פונם באַהעלטעניש און אַוועקגעפירט שיסן. אַזוי, אַז איך האָב זיך שוין נישט אויף וועמען צו ריכטן.

כ׳בין אַריין צוריק אין שטוב, וואָס כ׳האָב מיט דריי טעג פריער פאַרשלאָסן. די שטוב איז געווען צעשטערט, אַלץ צעפּלינדערט, צעוואָרפן, ווי נאָך אַ פּאָגראָם. איך בין אַרויס פון שטוב, אַוועקגעזעצט זיך אין דרויסן אונטער אַ בוים און פאַרגליווערט געקוקט אין דער הוילקייט פון הימל.

אסתרקע טשאַפּ איז אַריין אין שטוב און האָט אָנגעהויבן ספּאַזמאַטיש וויינען. זעט אויס, אַז דער שיסער האָט זיך אַרומגעדרייט אין דער יידישער געגנט און האָט דערהערט דאָס גוואַלדעווען פון די צוריק־געקומענע.

פּלוצלונג גיט ער אַ קום אָן. איך גיב זיך אַ ריס פון אָרט און שטעל זיך גלייך אויף. מיך האָט ער געקענט, ווייל איך האָב שטענדיק געאַרבעט אין דער געסטאַפּאָ אַלס מאָלער, און ביי דעם שיסער אַליין האָב איך ערשט מיט צוויי וואָכן צוריק אויסגעמאָלט זיין וווינונג. האָט ער טאַקע מיך יעצט אַ ביסל בעסער באַהאַנדלט און האָט מיך גלייך געפרעגט: צו איך וויין?

— כ׳האָב נישט מער וואָס צו וויינען.

— פאַרוואָס?

— כ׳האָב שוין מער קיינעם נישט, דאַרף איך וויינען?

— דו האָסט רעכט — זאָגט ער צו מיר — גיי גלייך אין צימער אַריין — גיט ער מיר אַ באַפעל מיטן פּיסטאָלעט אין האַנט.

ער לויפט גלייך אַריין צו אסתרקען אין צימער, שלעפּט זי אַרויס ביי די האָר און הייסט איר ווייזן די קאַרטע. ווען זי ווייזט אים די קאַרטע, גיט ער איר אַ וואָרף אויף דער ערד און לייגט איר צו דעם רעוואָלווער צום קאָפּ. כאַפּט זי אים אָן ביים שטיוול און הויבט אים אָן קושן די פיס, גיט ער איר אַ קאָפּ מיטן גאַנצן כח און הייסט איר גלייך פאַרשווינדן, ווייל פאַרן מינדסטן גערויש אויפן הויף, שיסט ער אַלעמען אויס, ווי די הינט.

איך, יעקל טשאַפּ מיט די צוויי קינדער קומען זיך צונויף אין איין שטוב. די נאַכט פאַלט צו און מיר באַוויינען אונזערע טויטע.

אויף מאָרגן גאַנץ פרי, נעמען מיר ראַדניקעס מיט ברעטער און מיר גייען אויפן הייליקן אָרט, אפשר וועלן מיר געפונען אַ שפּור פון אונזערע נאָענטע, און ברענגען זיי צו קבר־ישראל.

אויפן בית־עולם האָב איך דערזען ערשט דעם חורבן. די גאַנצע שחיטה איז נאָך נישט געווען באַהאַלטן און צו 5 אין אַ ריי זיינען זיי געלעגן, ווי שעפּסן אויסגעקוילעטע די עטלעכע הונדערט קדושים, אונזערע פריינד און באַקאַנטע פון דעם ברויזנדיקן שטעטל, הרוביעשאָוו.

אומזיסט האָב איך אַרומגעזוכט צווישן די קדושים מיין פאַמיליע. איך האָב קיינעם נישט געטראָפן, און כ׳האָב זיך שוין געלאָזן גיין צוריק.

פּלוצים קומט אָן שמואל זייד און באַפעלט מיר העלפן מקבר זיין די קרבנות. ער גיט מיר אַ צוואַנג, כדי אויפצודראָטעווען די הענט, וועלכע זיינען געווען געשמידט איינע צו דער צווייטער. די אַרבעט איז געווען שוידערלעך.

דעם ערשטן טויטן, וועלכן כ׳האָב דערזען, איז געווען שיע קיוועלעס, אַ שטובן־מאַלער מיט זיין ווייב און קינדער. דערנאָך איז געלעגן זלאַטע יאָזשעכעס און אַנדערע.

ביז איינס אַזייגער האָבן מיר אויפגערוימט אַלע קדושים און זיינען צוריקגעגאַנגען אין יודנראַט מעלדן, אַז די אַרבעט איז געענדיקט.

## מיין פאַמיליע לעבט

אין יודנראַט איז מיר אַנטקעגנגעקומען אַבראַמעק פינקלשטיין מיט דער גוטער בשורה, אַז מיין פאַמיליע לעבט. זיי זיצן אונטערן מאַגיסטראַט אין געפענגעניש. דער גרויסער שלאַגס־רעגן האָט זיי געראַטעוועט. דעם תליין האָט זיך נישט געוואָלט גיין אין אַזאַ גאָס־רעגן ביז צום בית־עולם, האָט ער דעם טויט־אורטייל אָפּגעלייגט. דער גאָס־רעגן איז געווען דער נס, וואָס האָט מיינע טייערע דערווייל אָפּגעראַטעוועט פון טויט.

3 נאָכמיטיק איז געקומען אַ באַפעל פון געסטאַפּאָ, אַז אַלע געכאַפּטע, וואָס זיינען פאַרשפּאַרט אונטערן מאַגיסטראַט, ווערן אָפּגעפירט אויפן וויגאָן, אין יענעם לאַגער, ווו כ׳בין געוועזן מיט אַ וואָך צוריק. מ׳קען זיך לייכט פאָרשטעלן מיין איבערלעבעניש, ווען כ׳האָב זיי דערזען.

אויסגעמאַטערטע האָבן זיי קוים געפּלאָנטערט מיט די פיס. זלאַטע מיט די קינדער און מיין מוטער האָבן מאַרשירט אין איין שורה. מיין אַלטע באָבע מיט חנה גרינבערג זיינען געזעסן אויף אַ וואָגן, ווייל זיי האָבן נישט געקענט מאַרשירן. מיט זייטיקע געסלעך בין איך דערגאַנגען צום וויגאָן און געוואָלט זען, וואָס דאָרט וועט פאָרקומען. כ׳בין געווען זיכער, אַז מען וועט זיי דאָרט אויסקוילן. כ׳האָב אַרויסגעריסן אַ ברעט פון פּאַרקאַן און כ׳בין אַריין אינעווייניק. כ׳האָב דערזען מיין מאָטעלען זלאַטען מיט משהלען און מיין מאַמען און מיר האָבן זיך ווידער פאַראייניקט.

— ווי אַזוי ראַטעוועט מען זיי אַרויס פון דאַנען?

די עלטערע פרויען און קינדער וועט מען אַוועקפירן קיין סאָביבאָר, צום פאַרניכטן. דאָס האָט מען שוין געוווּסט.

וואָזשע טוט מען?

איך האָב לאַנג נישט געקלערט, גענומען ביידע קינדער און מיט זיי צו צום פּאַרקאַן, ווו כ׳האָב געהאַט אַרויסגעריסן אַ ברעט. ס׳איז מיר געלונגען אַדורכצוגנבענען די גאַסן, גאַנץ פאַהעריע מיט דעם זייטיקן בריקל לעבן קוואַסאָוויצער, און מיט די זייטיקע געסלעך קוים זיך דערשלעפּט אַהיים. איך האָב די קינדער אָפּגעוואַשן, זיי געגעבן עסן, געלייגט שלאָפן און אָנגעזאָגט, אַז זיי זאָלן זיין שטיל, און טאָמער קלאַפּט מען, זאָלן זיי נישט עפענען, ביז כ׳וועל נישט צוריקקומען.

כ׳בין ווידער אַוועק צום וויגאָן, ס׳איז געווען אַזייגער פינף נאָכמיטיק. פונוויטן דערזע איך אַ מחנה לאַסט־אויטאָס, דעם פירער פון אַרבייטסאַמט, וועלכער האָט מיך אַזוי צעשלאָגן און די פירער פון יודנראַט מיט יוקעלע בראַנד בראש. אַז כ׳בין צוגעקומען נענטער, האָב איך דערזען, ווי מ׳נעמט אַרויס מיין זלאַטען און מען שטופּט זי אַרויף אויף אַ לאַסט אויטאָ צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע, וועלכע זענען געווען פאַרמשפּט צום טויט. באַלד דערזע איך, ווי מיין קוזינע, חנהלע פירשט, לויפט צו צום אינספּעקטאָר, בעט פאַר מיין זלאַטען און ווייזט אויף איר מיט די הענט, אַז זי איז אַ יונגע, אַן אַרבעטס־פעיקע. און זי האָט געפּועלט, ס׳האָט געהאָלפן, מ׳האָט זי אַרונטערגענומען פון אויטאָ און אַוועקגעשטעלט ביי אַ צווייטער גרופּע. כ׳האָב זיך שטאַרק דערפרייט.

און אָט דערזע איך אין דער זעלבער מינוט, ווי מ׳פירט אַרויס מיין מאַמען צוזאַמען מיט דער גאַלאַכעס טאָכטער. מיט זיי האָט זיך דער לאַסט־אויטאָ פאַרפּולט.

ער רירט פון אָרט, דער מאָטאָר רוישט, כדי צו פאַרהילכן די קולות. איך באַגלייט מיט מיין פאַרשטומט געוויין און פאַרגליווערטן בליק מיין מאַמען צו איר אומקום.

דער אויטאָ איז גיך אַוועק ווייט, הינטערן צמענטאַזש, אין דער ריכטונג צו זאַמאָשטש.

כ׳האָב געוואַרט אין אַ באַהעלטעניש ביז מ׳וועט אויסקלויבן די געזונטע פרויען. ס׳איז צוגעפאַלן די נאַכט, דעמאָלט האָט יאָקעלע בראַנד באַפוילן די אויסדערוויילטע אַהיימגיין.

בלויז אַ קליינע צאָל פרויען איז דעמאָלט אָפּגעראַטעוועט געוואָרן.

איך בין צו צו זלאַטען, מיר האָבן זיך אַרומגעכאַפּט און צעוויינט. דורכגעשאַרט די גאַסן, אַריין אין שטוב און געטראָפן די קינדער האַסטיק שלאָפן.

## כ׳האָב שוין אויך פאַרלאָרן מיין פעטער

איז שוין די צווייטע אַקציע אויך פאַרענדיקט.

דער רוצח האָט זיך ווידער אָנגעזעטיקט מיט עטלעכע טויזנט יידן.. צומאָרגנס, האָט יעדער זיך אַרומגעקוקט אויף זיין חורבן. פון אונזער פאַמיליע האָט געפעלט מיין מאַמע, די באָבע, חנה־יאכעט גרינבערג און פרידע בוכטרעגער מיט אירע קינדער.



עטלעכע טעג האָבן מיר זיך נישט געוויזן אין גאַס. און דערווייל איז געשען אַ פרישער בראָך אין אונזער פאַמיליע.

מיין מאמעס ברודער, שלמה פירשט, ווערט דערשאָסן צוזאַמען מיט פישל זילבערשטיין, מענדל שטיכס איידעם. דאָס איז געשען דעם 12־טן אָדער דעם 13־טן יוני.

די סיבה: שלמה און פישל האָבן באַשלאָסן עוקר צו זיין פון אונזער שטעטל. זיי האָבן זיך פאַרשטענדיקט מיט אַ פּאָליאַק, אַ מאַכער, וועלכער האָט זיי צוגעזאָגט אַריבערצופירן אין פאַרמאַכטן לאַסטאויטאָ קיין לודמיר. נאָכדעם ווי זיי האָבן אים געגעבן די אָפּגערעדטע סומע, איז דער גוי אַוועק אין געשטאַפּאָ, וועלכע האָט גלייך אַרעסטירט דעם פעטערס טאָכטער, חיהלע פירשט, וועלכע האָט געאַרבעט אין יודנראַט. מ׳האָט זי פאַרנומען אַלס משכון, אַז זי זאָל אויסזאָגן ווו ס׳געפינט זיך איר טאַטע.

אחוץ דעם, האָט דער יודנראַט באַקומען אַ באַפעל אין משך פון צוויי שעה צושטעלן די צוויי יידן, און אויב נישט, ווערן די זאקלאדניקעס גלייך דערשאָסן..

די יידן האָבן זיך גלייך צוגעשטעלט, זיי האָבן דאָך געוואָלט אָפּראַטעווען זייערע קינדער. הינטערן מאַגיסטראַט, האָט מען זיי גלייך, אויפן אָרט, דערשאָסן. די געסטאַפּאָ האָט צוגעשיקט אַ מעלדונג דעם יודנראַט, אַז ער זאָל קומען צונעמען די צוויי דערשאָסענע.

האָב איך שוין באַגראָבן מיין פעטער אויך. אָנגעווווירן נאָך אַ גליד פון דער משפחה. קיין שבעה האָט מען שוין נישט באַדאַרפט זיצן, ווייל מ׳איז נאָך נישט אויסגעזעסן די פריערדיקע שבעה.

## אין קעלער

דעם 15־טן יוני דערשיינט אַ נייע גזירה: אַלע לעבנגעבליבענע הרוביעשאָווער גייען אַריבער אין געטאָ, אין די גאַסן: מיטלאַווע, נאָווירינעק, און אין די געסלעך ביז צום בית־עולם.

אונז קומט אויס צו וווינען דריי פאַמיליעס אין איין צימער, צוזאַמען מיט דער גאַלאַכע, אויף דער מיטלאָווע, הינטערן יודנראַט, וועלכער האָט זיך דעמאָלט אַריבערגעקליבן פון מאַניאַטיטשערס הויז, אין מאַטעס בלאַס הויז.

ס׳הייבט זיך אָן אַ ניי קאַפּיטל ליידן. פריער האָט מען אָפּגערוימט די נישט־נוצלעכע יידן, אַצינד קומט שוין די רייע אויף די נוצלעכע. קאַנטיק, אַז דער תלין איז נאָך נישט זאַט.

יעדן טאָג זעט מען דאָ דעם הויפּטמערדער פון געסטאַפּאָ. ער שמעקט ווי אַ שפּיר־הונט, שטעלט דאָ און דאָרט עמעצן אָפּ און פרעגט:

— פאַרוואָס ביזטו אינדערהיים און נישט ביי דער אַרבעט. דערנאָך איז ער מכבד מיט אַ פּאָר קלעפּ.

איינמאָל, נאָכמיטאָג, דערזע איך ווי ער האָט געכאַפּט מייטשעלעס., פירט אים אַרונטער ביי עליע וויינער הינטער דער שטוב און דערשיסט אים.

אין עטלעכע טעג שפּעטער זע איך, ווי מען פירט שאול אייזן. גויים גייען אים נאָך מיט ווילדע געשרייען, און שפּייען אים אין פּנים. מ׳פירט אים אַרויף אויפן בית־עולם און מ׳דערשיסט אים.

אַזוי האָט דאָס אָנגעהאַלטן טאָג־איין־טאָג־אויס. ביינאַכט זיינען מיר געזעסן אין דער פינצטער. האָט עמעצער פאַרויבערט אַ פּאַפּיראָס און די שומרים האָבן עס דערזען, האָט מען אים גלייך אַרויסגעשלעפּט און אויפן אָרט דערשאָסן.

אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן ביזן 21־סטן אָקטאָבער 1942. פּלוצעם זיינען אָנגעקומען יידן פון די אַרומיקע ישובים, ווי אכאן, ביאַלאָפּאָליע, נעסיבראָוויטש, מאָלאָדיאַטיטש און אַנדערע קלענערע ערטער. מ׳האָט זיי אַלע אַריינגעפירט צו אונז אין געטאָ. יעצט האָבן מיר שוין פאַרשטאַנען, אַז ס׳גרייט זיך שוין ווידער אַ נייע צרה.

כ׳גיי אין יודנראַט געוואָר ווערן. כ׳טרעף דאָרט איטשען, לייביש מאַרגנשטערנס זון. ער גיט מיר איבער די פינצטערע ידיעה, אַז הרוביעשאָוו וועט ווערן יודנריין. ס׳הייבט זיך אָן אַ געלויף און באַהעלטעניש.

דעם 21־סטן ביינאַכט, בין איך מיט דער גאלאכער און איר איניקל אַוועק צו מיין שוואָגער, יודל גערטל.

— וואָס טוט מען און וווהין גייט מען?

די גאלאכער זאָגט, אַז זי האָט ביי זיך עטלעכע גאָלדענע צענערלעך און דאָ, אין קוואסאוויצערס הויז, וווינט אַ פוילישער פּאָליציאַנט, דאַרף מען גלייך מיט אים אונטערהאַנדלען. זי וועט אים אַוועקגעבן דאָס ביסל גאָלד און דערפאַר זאָל ער אונז לאָזן זיך אויסבאַהאַלטן אין זיין קעלער — עד יעבור זעם. פון די פריערדיקע אַקציעס האָבן מיר שוין געוווסט, אַז ווען ס'איז געלונגען זיך אויסצובאַהאַלטן, דער האָט זיך דערוויילגעראַטעוועט. מיר האָבן דאָך נישט געקענט גלייבן, אַז „יודנריין" הייסט — אָן איין ייד!

דער פּאָליציאַנט איז באַשטאַנען אויף דער טראַנזאַקציע. אין קעלער האָבן זיך געפונען:

איך, זלאטע און אונזערע צוויי קינדער; מיין שוואָגער יודל גערטל מיט זיין פרוי שרהלע און דריי זין, די גאלאכע מיט איר איניקל, שלמהלע געווערץ מיט זיין זון, און קוואסאוויצערס אַ זון מיט אַ קוזין פון לעמבערג.

אַלע זיינען מיר געלעגן טויט שטיל. קיינער האָט קיין אויג נישט צוגעמאַכט. און די נאַכט ציט זיך און ציט זיך.

אַז ס'איז ליכטיקער געוואָרן, האָבן מיר דערהערט דעם רעש פון גאַס. דאָס פירט מען, קאַנטיק, אַ גרויסן טראַנספּאָרט יידן, און די ליטווינער, וועלכע מ'האָט ספּעציעל אַראָפּגעבראַכט, טרייבן זיי מיט קאָלבעס. די קולות און געוואלדן — מוראדיקע. די ליטווינער שלאָגן און שיסן יעדן, וואָס בלייבט הינטערשטעליק.

מיר זיצן דערדריקטע און פאַרצווייפלטע. פּלוצעם גיט זיך אַ שטעל אויף שלמהלע געווערצס זון, געזעגנט זיך מיט אונז און זאָגט, אַז ער גייט זיך פאַראייניקן מיט אַלע יידן. ס'העלפט נישט דעם טאַטנס געבעט, אַז מ'טאָר זיך אַליין נישט אונטערגעבן דעם טויט, אַז מ'דאַרף זיך אויסבאַהאַלטן ביז דער לעצטער מעגלעכקייט, אָבער ער שרייט און טענהט, אַז ער וויל ענדיקן זיין לעבן צוזאַמען מיט דער גאַנצער עדה יידן. ער האָט זיך געזעגנט, אַרויס און גלייך פאַרשוווּנדן.

דער געבראַזג פון די צעפראַלטע טירן און פענצטער דערטראָגט זיך צו אונז אין קעלער. דער טומל און געיעג פון די רוצחים האַלט אַזוי אָן ביז עלף אַזייגער.

ס'הייבט אָן צו ווערן שטילער. ס'דאַכט זיך אויס, אַז שוין געענדיקט, נישטאָ מער קיין יידן אין שטעטל, נאָר מיר אַליין זיינען געבליבן אין דעם קעלער.

ווי לאַנג וועלן מיר זיך דאָ קענען אויסבאַהאַלטן? ווי לאַנג וועט אונז וועלן אויסבאַהאַלטן דער פּאָליציאַנט?

אָבער וואָס וועט אונז העלפן דאָס טראַכטן? מיר וועלן שוין זען, וואָס דער טאָג וועט געבוירן. די מערהייט פון אונז איז שוין סיי ווי אַ רעזיגנירטע.

איצט מאַכט יעדער זיין חשבון, יעדער פאַרטיפט זיך אין זיינע יסורים, טראַכטנדיק וועגן די סאַמע נאָענסטע וואָס זיינען שוין אַוועק. וואָס איז מיט מיינע צוויי שוועסטער, וואָס האָבן געוווינט צוזאַמען מיט דער מומען, דעם דערשאָסענעם פעטער שלמהס וויב מיט איר טאָכטער חיהלע פירשט?

מיר זיצן, טראַכטן און לעבן איבער די יסורים. די נאַכט פאַלט צו. פּלוצעם לויפט צו אונז אַריין אַ פאַרסאָפּעטער דער פּאָליציאַנט, ער דערציילט אונז, אַז די געסטאַפּאָ האָט פאַנאַנדערגעקלעפּט פּלאַקאַטן אין שטאָט, אַז קיינער זאָל נישט וואגן צו באַהאַלטן קיין יידן ביי זיך. פון מאָרגן פרי וועט מען גיין פון הויף צו הויף און פון הויז צו הויז, און ביי וועמען מען וועט געפינען אַ יידן, וועט מען אים מיט זיין פאַמיליע און צוזאַמען מיטן געכאַפּטן יידן — פאַרברענען אויף אַ שייטערהויפן.

דער פּאָליציאַנט הייבט זיך אָן ביי אונז צו בעטן רחמים, מ'זאָל רחמנות האָבן אויף זיין משפחה, און דערביי שטופּט ער אונז צוריק ס'גאַנצע גאָלד, וואָס ער האָט ביי אונז באַקומען.

— איר זענט דאָך שוין סיי ווי פאַרמשפּטע, פאַרוואָס זאָלט איר נאָך אומברענגען מיין פאַמיליע? וואָס בין איך שולדיק?

מיר האָבן באַקומען אויף אים רחמנות, ער איז דאָך טאַקע גערעכט, פאַרוואָס זאָלן מיר אים אומברענגען פאַר זיין גוטס?

איך טראַכט נישט לאַנג, נעם זלאטען מיט די צוויי קינדער און מיר גייען שטילערהייט אַוועק. נאָך אונז — אַלע איבעריקע.

## מיר געזעגענען זיך און אַנטלויפן

ביים שוואָגער יודל אין שטוב געזעגענען מיר זיך. שלמהלע געווערץ טוט אָן זיין טלית. יודל טוט דאָס זעלבע. זיי פרעגן מיך, וואָס איך האָב בדעה צו טאָן. איך זאָג זיי אַז איך גיי, און ווער עס וויל, זאָל מיט מיר מיטגיין. כ'האָב באַשלאָסן זיך נישט אונטערצוגעבן און נישט וואַרטן אויפן טויט.

כל־זמן ס'איז נאַכט, איז נאָך צייט עפּעס צו טאָן, מאָרגן וועט שוין זיין צו־שפּעט. צו אונז זיינען צוגעשטאַנען קוואסאוויצערס זון מיט זיין קוזין פון לעמבערג, מיין שוואָגערס קלענסטער זון, יענקעלע, און מיר געזעגענען זיך נאָכאַמאָל.

ס'בילד פון די יידן אָנגעטאָן אין טליתים, וועל איך מיין גאַנץ לעבן נישט פאַרגעסן.

מיט האָבן מיטגענומען אַ פלעשל וואַסער און אַ ברויט. דאָס אַלץ, וואָס מיר האָבן געקענט מיטנעמען.

אינדרויסן האָבן מיר נאָך באַמערקט אַנטלויפנדיקע. פון איינעם האָב איך זיך דערוווסט, אַז ס'איז שוין נישטאָ קיין יודנראַט און ס'זיינען שוין קיין יידן מער נישטאָ. דעם לעצטן יודנראַטניק האָט ער געזען אַנטלויפן מיט זיין פרוי. דאָס איז געווען יחזקאל דרוקער.

איך האָב מער נישט קיין צייט צו הערן, מ'טאָר נישט פאַרלירן קיין איין מינוט. איך האָב באַפוילן מיינע דורכצוגיין דורכן טירל, לעבן אברהמלעלע שטאָקהאַמערס הויז. פון דאָרט פירט אַראָפּ אַ וועגעלע צום טייך, לעבן בית־עולם. מיט זיינען אַריבער דעם טייך בשלום. מיר האָבן געפילט, ווי מיר וואָלטן אַרויס פון אַ פולאַפּקע, זיך אַרויסגעגנבעט פון פאַרשאָלטענעם תחום־המושב.

מיר זיינען געגאַנגען אין דער ריכטונג פון דיעקאַנאָוו, צום נאָנטסטן וואַלד. אויף די פעלדער, וועלכע זיינען שוין געווען צעאַקערט, האָבן מיר זיך אויסגעמישט מיט דער שוואַרצקייט פון דער ערד. שלעכט וואָס די לבנה האָט געשיינט. ס'איז געווען אַ ביסעלע נעפּלדיק, דאָך האָט מען געקענט זען אונזערע סילוועטן. ביים מינדעסטן שאָרך האָבן מיר זיך געוואָרפן אויף דער ערד.

## איבער וועלדער און פעלדער

אַזוי זיינען מיר אָפּגעגאַנגען 5 קילאָמעטער און ס'איז אונז געלונגען. מיר זיצן שוין ביים ראַנד פון דיעקאַנאָווער וואַלד.

כ'האָב געהאַט ס'געפיל, אַז מיר האָבן שוין אויסגעמיטן דעם אומפאַרמיידלעכן טויט, אַז מיר האָבן זיך געראַטעוועט.

מיר האָבן דערפילט, אַז אונזערע קליידער זיינען נאַס, אַז ס'איז אונז ביטער קאַלט. מיר האָבן אַריינגענומען די קינדער אינמיטן, זיך צוגעטוליעט און געפּרוווט כאַפּן אַ דרימל.

כ'בין נישט איינגעשלאָפן, געהאַלטן אָנגעשטעלט די אויערן, כדי אויפצוכאַפּן דעם מינדסטן שאָרך.

ווען ס'האָט שוין אָנגעהויבן גראָען אויף טאָג, האָב איך אַלעמען אויפגעוועקט. די צוויי פּיצלעך האָט געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן, זיי האָבן קוים געקענט אַרויסברענגען אַ וואָרט. זלאטע האָט זיך אויפגעכאַפּט, ווי פון אַ הינער־פלעט. איך נעם דאָס קליינע קינד אויף דער האַנט און מיר גייען אַריין טיפער אין וועלדל.

ס'וועלדל איז נישט געווען קיין געדיכטס, אָבער מיר האָבן אָפּגעזוכט עטלעכע, נידעריקע קוסטעס און זיך אַרונטערגערוקט. ס'האָט אויסגעזען, אַז ס'איז אַ גוט באַהעלטעניש.

דער טאָג האָט זיך געשטעלט אַ כמורנער און קילער. מיר האָבן געציטערט פון קעלט. די צוויי קינדער האָבן אויסגעזען האַלב־טויט. זלאטע קוקט אָן די קינדער און זאָגט, אַז מיר האָבן געמאַכט דעם גרעסטן פע־

לער דערמיט וואָס מיר זיינען אַנטלאָפן, בעסער אומקומען, איידער דאָס צוזען.

פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב געמוזט זיין דער שטאַרקער און איר אויפ־ווייזן, אַז אונזער גורל וויל דווקא, אַז מיר זאָלן בלייבן לעבן. דער בעסטער סימן: מיר האָבן באַוויזן צו אַנטלויפן.

ס'איז אָבער נישט קיין תכלית צו זיצן אין וועלדל, מיין ציל איז דער סטרעליצער וואַלד. כ'האָב גוט געקענט יענע געגנט, כ'האָב דאָרט אַ סך יאָרן געאַרבעט מיט מיין זיידן, מאָטע סטרעליצער. און איך בין דאָך אַ געבוירענער, אַ סטרעליצער. כ'האָב גערעכנט, אַז אין יענע וועלדער, מיט דער הילף פון פויערים און אַמאָליקע שכנים, וועט מיר געלונגען איבערצוהאַלטן.

דערווייל איז אונז געוואָרן אַ ביסל וואַרעמער. מיר גייען פאַמעלעך און פאָרזיכטיק, איינער הינטערן צווייטן, ביז מיר קומען צו צום ראַנד פון וועלדל. דער הימל פאַרוואָלקנט זיך, ס'הייבט אָן רעגענען. ווידער ווערן מיר דורכגענעצט, דורכגעווייקט, ווידער באַפאַלט אונז אַ יאוש. יעדער פון אונז פילט זיך שוין שוואַך און פאַלט פון די כוחות. איך נעם זיך אָבער אָן מיט כוח און מיט מוט און נעם מוטיקן אַלעמען, אַז מ'טאָר זיך נישט אונטערגעבן און אַז מיר וועלן אפשר אויסהאַלטן.

אַ שעה צייט האָט אַזוי גערעגנט און ווידער שיינט אויף די זון, כאָטש זי האַלט שוין ביים פאַרגיין, אָבער פאָרט לייכט זי און פאַרלייכטערט די שטימונג.

מיר זיינען שוין ארויס פון ערשטן וועלדל און אַריין אין צווייטן האלבאָווימער וואלד. דער איז שוין אַ געדיכטער, גרעסערער וואַלד. דאָ האָבן מיר ערשט אַ ביסל פרייער אָפּגעאָטעמט און זיך כסדר געהאַלטן נאָענט צום ראַנד, כדי נישט צו פאַרבלאָנדזשען.

ס'איז שוין ווידער אַ קילע לופט, מיר זעצן זיך אַוועק און נעמען איינ־טיילן יעדן אַ פיצעלע ברויט, כדי צו דערפילן, דערכאַפּן ס'האַרץ. מיר האָבן דאָך נאָר איין ברייטל.

מיר זיינען אַרויס פון וואַלד אויף לאַנקעס און דערנאָך אויף אַ פריש־געאַקערט פעלד און געטאָפּטשעט אין בלאָטעס. מיר מוזן אַדורכקרייצן דאָס פעלד, כדי אָנצוקומען צום סטרעליצער וואַלד. אינמיטן וועג האָט זיך ווידער אַראָפּגעלאָזן אַ שלאַקסרעגן און ס'איז געוואָרן אומעגלעך צו גיין. מיר האָבן זיך אומגעקערט אין וואַלד. ס'רעדט זיך אַזוי: צוריק אַריין אין וואַלד, אַזוי לייכט איז עס נישט אָנגעקומען, די פעלדער זיינען געווען דורכגעווייקט און אַז מ'האָט אַריינגעשטעלט אַ פוס, האָט מען אים נישט געקענט אַרויסציען.

קוואַסאָוויצערס זון מיט זיין קוזין האָבן באַשלאָסן אונז אָי־בערצולאָזן און גיין זוכן זייער אייגענעם וועג צו ראַטעווען זיך. זיי האָבן זיך מיט אונז געזעגנט און זיינען פאַרשוונדן אין דער נאַכט.

## מיר ליידן הונגער און קעלט

זיינען מיר פאַרבליבן בלויז פינף: איך מיט מיין ווייב און 2 קינדער און יענקעלע, מיין שוואָגערס. פון גיין ווייטער — איז דערווייל אָפּגע־רעדט, די פיס דינען נישט. זיינען מיר שוין פאַרבליבן אין וואַלד ביז טאָג. אויף צומאָרגנס האָבן מיר ווידער געפּרוווט גיין, אָבער נישט איבער די פעלדער, נאָר ביים ראַנד פון וואַלד.

ארום האַלבער נאַכט האָט ווידער אויסגעבראָכן אַ שטורמווינד מיט אַ שלאָגסרעגן, און זלאטע איז אַוועקגעפאלן אָן באַוווסטזיין, פאַרחלעשט. די קינדער וויינען פון קעלט, און איך ווייס נישט, וואָס פריער צו טאָן, איינשטילן ס'געוויין פון די קינדער אָדער צו ראַטעווען די פאַרחלשטע. איך דריק איר אויף די שלייפן, רייס איר אויף ס'מויל. אינמיטן דערזע איך אַ פאַרזשאַווערטע קאָנסערוון־פושקע, כאַפּ איך דאָס בלעכל, שעפּ אָן אַ ביסל רעגן־וואַסער פון אַ קאַלוזשע און גיס עס איר אריין אין מויל. ערשט דעמאָלט האָב איך זי דערמונטערט.

דער רעגן גיסט עמערוויז, מיר האָבן זיך ארונטערגערוקט הינטער אַ געדיכטן קשאַק און זיך צוגעטוליעט איינער צום צווייטן. איך האָב קיי־נעם נישט געלאָזט איינשלאָפן, מורא האָבנדיק, אַז צוליב דער שוואַכ־קייט קען מען נאָך איינשלאָפן אויף אייביק.

און אַזוי האָבן מיר קוים דערלעבט דעם טאָג. מיין קלענערער ייִנגעלע איז געלעגן פאַרשטייפט, נישט געקענט רירן מיט די פיסלעך און ער האָט ביטער געוויינט. ס'גרעסער ייִנגעלע האָט גרויס היץ. זלאטע האָט נישט געקענט אַרויסרעדן קיין וואָרט. נאָר איך און מיין שוואָגערס ייִנגל האָבן זיך געקענט באַוועגן.

עס נעמט דערקוטשען דער הונגער. דעם טעם פון ברויט האָבן מיר שוין לאַנג פאַרגעסן, ס'לעצטע פּיצל איז שוין לאַנג געווען פאַרנוצט. וועלן מיר גאָר דאָ אויסגיין פון הונגער?

איך לאָז זיי אַלע זיצן און גיי אַרויס אויפן פעלד, עפּעס זוכן. צום גליק געפין איך עטלעכע קאַרטאָפל. איך כאַפּ די מציאה און לויף שנעל צוריק מיטן געדאַנק, אַז איך וועל מאַכן אַ פייער און אָפּבראָטן די פּאָר קאַרטאָפל און מ'עט זיך דערכאַפּן די נשמות. איך קום צוריק צו מיינע אָרעמע נפשות, זיי זיצן פאַרשמאַכטע, האַלב־טויטע. זיי האָבן זיך דער־פרייט מיט די פּאָר קאַרטאָפל, אָבער מיט וואָס מאַכט מען פייער? מיר האָבן געהאַט שוועבעלעך, אָבער דער רעגן האָט זיי קאַליע געמאַכט. איז מיר איינגעפאַלן אַרויסצושיקן דעם שוואָגערס ייִנגל אין דערבייאיקן דאָרף און ער זאָל בעטן ביי אַ גוי אַ שוועבעלע. ער איז אַוועק און ס'האָט נישט געדויערט לאַנג, ווי ער איז געקומען צו לויפן אָן אָטעם.

די גויים האָבן אים דערקענט און געוואָלט הרגענען, נאָר זיין פלינ־קייט האָט אים געדינט, ער האָט זיך אַרויסגעריסן און אַנטלאָפן.

האָבן מיר געגעסן די קאַרטאָפל רויערהייט..

מיר האָבן זיך פאַררוקט הינטער געדיכטע קשאַקעס און זיך דאָרט אויס־באַהאַלטן דעם טאָג. היינט שיינט שוין יאָ די זון, אָבער נישט פאַר אונז. די צוויי קינדער זיינען האַלב־טויטע. אַ יאוש איז מיך באַפאַלן, כ'האָב אָנגעהויבן צווייפלען צו די סטרעליצער גויים וועלן אונז העלפן.

24־סטער אָקטאָבער. אויך דער טאָג פאַרגייט שוין. די זון גייט אונטער און ס'שיינט אַ שטיקל לבנה. דער הונגער מאַטערט, דער דורשט פּיי־ניקט, די קינדער קענען זיך נישט שטעלן אויף די פיס. זייערע בלייכע פּנימלעך ווערן בלאַסער. איך זיץ אַ דערדריקטער. ס'עלטערע ייִנגעלע קען שוין אפילו נישט דרימלען, די אייגלעך אויסגעלאָשן. ער זאָגט, אַז איך און די מאַמע און יענקעלע זאָלן גיין זוכן עפּעס עסן, און ער מיט משהלען וועלן בלייבן דאָ, הינטערן קשאַק.

איך האָב געהאַלטן, אַז ס'האָט נישט קיין זין דאָ צו זיצן ווייטער. איך נעם דאָס עלטערע ייִנגל אויף דער פּלייצע, זלאַטע נעמט דעם קלענערן און מיר גייען. זלאַטע איז אַלעמאָל געבליבן הינטערשטעליק, זי האָט שוין געפּלאָנטערט מיט די פיס. אויך איך בין אָפּגעשוואַכט פון הונגער, דורש און קעלט, און מיר מוזן זיך אָפטער אָפּשטעלן, רוען.

אין וועג האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף אַ פעלד מיט קאַטשאַנעס, פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ מציאה האָט מען נישט אַדורכגעלאָזט און גלייך זיך אָפּגעכאַפּט ס'האַרץ מיט די קאַטשאַנעס. ווען מיר וואָלטן כאָטש געהאַט אַ ביסל וואַסער צום פאַרטרינקען, וואָלט שוין געווען אַ פיינער מאָלצייט.

נאָך עטלעכע שעה שלעפּן זיך, זיינען מיר אָנגעקומען צו אַ טייכל. מיר האָבן זיך אָנגעטרונקען און מיטגענומען אַ ביסל וואַסער אויפן וועג.

מיר זיינען געווען נאָענט פון דערפל וואָלאַיאָוויטש, אָבער פּלוצים האָט זיך פאַרשפּרייט אַ געדיכטער נעפּל און מיר האָבן שוין מער נישט געזען, וווּ צו גיין. איבערגעוואַרט דעם נעפּל, האָבן מיר דערזען, אַז מיר האָבן פאַרבלאָנדזשעט און איך ווייס נישט, וווּ מיר געפינען זיך איצט און וווּהין מיר זאָלן גיין.

## מיינע טייערע זייטען נישטאָ

כ'האָב פונוויטנס דערזען אַ שטוב, כ'האָב זיי אַלעמען איבערגעלאָזט, אָנגעקלאַפּט אין שטוב און זיך געפרעגט, ווי מ'דאַרף גיין צום דאָרף סטעפּאַנקאָוויץ. כ'האָב אין יענעם דאָרף געהאַט אַמאָל באַקאַנטע פויערים, אפשר וועט מיר געלונגען צו באַקומען עפּעס פון אַ פויער. מ'האָט מיך אינפאָרמירט און איך גיי צוריק ווו כ'האָב געלאָזן זלאַטען מיט די קינדערלעך.

כ'קום צום אָרט, כ'געפין זיי נישט. כ'זוך זיי ארום, זיי זיינען נישטאָ.

כ׳שטיי א פאַרצווייפלטער און טראַכט, וואָס האָט דאָ געקענט פּאַסירן. פלוצים דערפיל איך ווי ס׳גיט מיך א כאַפּ אַ האַנט פארן פלייצע און כ׳דערהער:

— אך, דו ביסט דאָס דער יודע?! וואָס מאַכסטו היר?

איך ענטפער אים, אַז מיין פרוי און קינדער זענען דאָ געשטאַנען און איך זוך זיי. הייסט ער מיר גיין מיט אים, און ער וועט מיר ווייזן, וווּ זיי געפינען זיך. דערווייל הויבט ער מיך אָן שלאָגן. כ׳האָב שוין פאַרשטאַנען וואָס דאָ האָט פּאַסירט און אַז ער פירט מיך צום זעלבן סוף. באַמערקנדיק, אַז ער איז אַן אוקראַינער, און האָט נישט קיין געווער, האָב איך זיך אַ ריס געטאָן פון זיין האַנט, און אָנגעהויבן לויפן.

אָפּגעלאָפן אַ שטיק וועג, האָב איך זיך אוועקגעלייגט איינהערן, אפשר וועל איך עפּעס דערהערן. ס׳איז טויט שטיל, ווי ס׳וואָלט גאָרנישט פּאַסירט. כ׳האָב זיך אויפגעהויבן און גענומען דערנענטערן צום דאָרף וואָלאיאָוויטש.

מיטאַמאָל דערהער איך א געקלימפּעריי פון געווער און דייטשע קולות. ס׳איז פינצטער און איך האָב אין דער פינצטערניש געזען די פליענדיקע קוילן. כ׳האָב געטראַכט: אפשר האָט מען מיינע פאַרשפּארט אין א שטוב, דאָ אין דאָרף, און איך וועל קענען וועמען פון זיי ארויסראַטעווען. כ׳האָב זיך ארומגעדרייט ווי א פויגל ארום זיין נעסט, אָבער אומזיסט, מיינע טייערע נפשות זיינען נישטאָ!

ס׳נעמט שוין גראָען אויף טאָג. עטלעכע גרופּעס אוניפאָרמירטע דייטשן אין באַגלייטונג פון ציווילע גויים. זיי זוכן. איך בין געלעגן הינטער אַ סטאָדאָלע, געזען, ווי זיי נישטערן אויף די פעלדער, זוכן, לאָזן זיך צום וואַלד.

## איך זוך זלאַטען מיט די קינדער

אַזוי ווי איך ליג דאָ, איז אָנגעקומען אַ פויערטע, מיך דערזען, האָט זי געוואָלט אויפהויבן אַ גוואַלד, בין איך צו צו איר און גענומען בעטן זי זאָל שווייגן. איך וויל זי נאָר בלויז פרעגן: צי האָט זי נישט געהערט וועגן א פרוי מיט קינדער, וואָס מ׳זאָל האָבן דאָ די לעצטע נאַכט געכאַפּט. איך זאָג איר ווער איך בין, מ אָ ר ד ק אָ  פ י ר ש ט ט ס אַן איניקל. זי האָט זיך גלייך איבערגעצלמט און טרערן האָבן זיך איר באַוויזן אין די אויגן. יאָ, זי ווייסט, אַז מ׳האָט די נאַכט געכאַפּט אַ פרוי מיט עטלעכע קינדער און מ׳האָט זיי גלייך דערשאָסן.

כ׳האָב נישט געוואָלט גלייבן דער פויערטע און זיך געלאָזט גיין. איך דערזע, אז מ׳יאָגט מיך נאָך, האָב איך זיך ווידער פאַרגנבעט הינטער אַ סטאָדאָלע, איבערגעוואַרט די יאָגערס, און כ׳בין אַוועק אין א פאַרקערטער ריכטונג.

כ׳האָב זיך דערנאָך באַהאַלטן אין אַ גרוב מיט פאַרטריקנטע צווייגלעך און איבערבלייבעכץ פון קאַרטאָפל. איך בין דאָרט אַזוי געלעגן און באַוויינט מיינע טייערע. איך ווייס נישט וואָס ס׳איז ווייטער געשען, צי כ׳האָב געחלשט, צי איינגעשלאָפן, אַ שלאַקסרעגן האָט מיך אויפגעוועקט און ס׳איז שוין ווידער פינצטער.

כ׳האָב ווידער גענומען קרייזן ארום דאָרף, כ׳האָב נאָך אַלץ נישט געקענט גלייבן, אַז איך האָב טאַקע פאַרלוירן ז ל אַ ט ע ן מיט די קינדער, כ׳האָב נישט געקענט שלום מאַכן מיט דעם געדאַנק.

פיר טעג האָב איך געקרייזט אַרום דאָרף, בייטאָג — ווייט פון דאָרף, ביינאַכט — נאָענט, כמעט ביי די הייזער, נאָר דאָס בילן פון די הינט האָט מיר נישט דערמעגלעכט צוגיין נאָענט.

אויף דעם פינפטן טאָג האָב איך שוין געזען, אַז אַלץ איז שוין פאַר מיר געענדיקט, מיין טייערע ז ל אַ ט ע מיט די צוויי, שיינע זין זיינען שוין מער נישטאָ. פאַר זיי האָט זיך שוין דאָס קאַפּיטל יסורים געענדיקט.

וואָסער אויסוועג איז פאַר מיר אַצינד געבליבן? אָדער איך באַשליס זיך צו נעמען ס׳לעבן, אָדער אין די וועלדער, צו די פּאַרטיזאַנער. דער צווייטער געדאַנק האָט איבערגעוואויגן.

אַ הונגעריקער, אַ צעבראָכענער, אין צעריסענע מלבושים, האָב איך זיך



געלאָזט צום וואַלד. דאָרט בין איך נאָך איבערגעזעסן אַ נאַכט און א טאָג.

בייטאָג איז אָנגעפאָרן אַ פויער און גענומען צונויפזאַמלען די אראָפּגעפאַלענע בלעטער. דער פויער האָט מיך געזען, ער האָט אָבער געטאָן ס׳זיינ־ניקע און פון צייט־צו־צייט געוואָרפן אויף מיר אַ בליק פון הינטנאָרום. כ׳האָב זיך נישט גערירט פון אָרט, ביז ער איז נישט אוועקגעפאָרן, כ׳האָב נישט געוואָלט, אז ער זאָל זען אין וועלכער ריכטונג כ׳אַנטלויף.

אַז דער פויער איז אַוועק, האָב איך זיך געלאָזט ביז סטעפּאַנקאָוויטש. דאָרט האָב איך פאַרקערעוועט און געוואָלט גיין קיין מאַניאַטיטש. איך האָב דאָרט געהאַט א גוטן באַקאַנטן קאָלאָניסט, וועלכער איז אַמאָל געווען אין אַמעריקע און צוריקגעקומען מיט א סך געלט. ער פלעגט ביי אונז קויפן האָלץ און איך האָב געגלייבט, אז ער וועט מיר ארויסהעלפן.

ווען איך בין שוין צוגעקומען צו זיינע פענצטער, האָב איך דערהערט פון דאָרטן דייטשע קולות און געזאַנג. כ׳האָב זיך מיט אַלע כוחות דערשלעפּט צום דאָרף מאָניאַטיטש, אריין אויפן צמענטאַזש און זיך אוועקגעלייגט. כ׳בין דאָרט צווישן די קברים אַנטשלאָפן געוואָרן. אויפגעוועקט האָט מיך א שטאַרקע שיסעריי, אין דער ריכטונג פון הרוביעשאָווער ציגעלניע. ווי איך בין שפּעטער געוואָר געוואָרן, האָט מען דאָרט געשאָסן אונזערע ברידער און שוועסטער, די לעצטע געכאַפּטע יידן.

ליגנדיק צווישן די קברים, האָב איך געהערט, ווי דייטשע זשאַנדאַרן זאָגן איינער צום צווייטער:

הויטע ווערט שוין די שטאַט הרוביעשאָוו יודענריין, די לעצטע יידן ווערדן הויטע דערשאָסן.

אַ שטאַרקער ספּאַזם איז מיך באַפאַלן. כ׳האָב זיך אויסגעוויינט און בין געבליבן ליגן א פאַרגליווערטער.

כ׳האָב זיך געזעגנט פון ווייטן מיט די דערשאָסענע יידן פון שטעטל, מיט מיינע נאָנטסטע און טייערע, און כ׳בין אַוועק אין דער ריכטונג פון סטרעליץ.

## גאָט רעכנט זיך אָפּ מיט אַלע זשידעס

בייטאָג האָב איך זיך שוין געפונען נישט ווייט פון דאָרף. דאָרט האָב איך באַקאַנטע פויערים, וועלכע זיינען מיט עטלעכע חדשים צוריק געווען ביי מיר אין געטאָ, און איך האָב זיי מכבד געווען מיט א „לחיים". איך האָב נאָך געהאַט מיט זיך עטלעכע קרויט־בלעטער און מיט זיי געשטילט דעם הונגער. ס׳האָט מיר אָבער דערקוטשעט דער דורשט. אויפן גאַנצן וועג האָב איך נישט געפונען קיין טראָפּן וואַסער, אַפילו נישט קיין קאַלוזשע.

כ׳האָב זיך ענדלעך דערשלעפּט ביזן דאָרף. כ׳האָב זיך צוגעגנבעט צו דער בהמות־שטאַל און געהאָפט אַז ס׳וועט זיך ווער באַווייזן, אויב נישט אַצינד, איז פאַרטאָג, און איך וועל באַקומען הילף.

זעט אויס, אַז איך האָב זיך נאָך אַלץ נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון פון מיין סיטואַציע. ווען די באַקאַנטע פויערטע האָט זיך באַוויזן מיט א לאַמטערן אין דער האַנט און מיך דערזען, האָט זי זיך דערשראָקן, כ׳בין דאָך געווען אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, פאַרוואַקסן, און זי האָט אַרויסגעלאָזט אַ קוויטש. כ׳בין צוריק אַנטלאָפן אין וואַלד. צומאָרגנס האָב איך זיך ווידער פאַרגנבעט צו דער שטאַל און געוואַרט ביז זי וועט גיין מעלקן די קי. אַז זי האָט מיך דערזען, האָב איך איר געזאָגט ווער כ׳בין און אַז כ׳וויל עפּעס עסן און עטלעכע שוועבעלעך.

זי האָט מיך געלאָזט זיצן אין שטאַל, אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל זיך נישט וואַגן אריינגיין אין שטוב. איר מאַן איז היינט געקומען פון הרוביעשאָוו, האָט ער געהערט, אַז אויב מ׳וועט ביי אימעצן כאַפּן אַ ייד, וועט מען אים גלייך שיסן.

איך הייב אָן מיט איר איינצוטענהן, רעדן וועגן אונזער באַקאַנטשאַפט און פריינדשאַפט. כ׳דערמאָן איר ווי שיין כ׳האָב זיי ביידן אויפגענומען, דערצייל וועגן מיין בראָך, אַז מ׳האָט מיין ווייב און קינדער דערשאָסן מיט צוויי טעג צוריק אהערגייענדיק.

ווערט זי גאָר אין כעס:

— וואָס עפּעס אַהערגייענדיק? צו וועמען? ווער האָט דען געשיקט נאָך אייך?

זי הייסט מיך בלייבן זיצן אין שטאַל, זי גייט מיר ברענגען עפּעס עסן.

אז זי איז אריין אין שטוב, בין איך אַרויס פון שטאַל, משום סטראַטעגיע. ס'איז בעסער צו זיין פאָרזיכטיקער. כ'האָב שוין געזען, אז מ'טאָר נישט גלייבן א פריינד — אַ גוי. כ'האָב זיך באַהאַלטן אין א צווייטן אָרט און געוואַרט, אַז זי זאָל ארויסקומען מיטן געקעכץ. זי האָט מיר געבראַכט געקאָכטע קאַרטאָפל באַגאָסן מיט מילך, אַ שטיקל ברויט, און א פּעקל שוועבעלעך. זי האָט מיר אָבער אָנגעזאָגט מ'ער זיך דאָ נישט צו באַווייזן. טאָמער קום איך יאָ אהער, וועט זי רופן איר מאַן — און דעמאָלט ווייסטו דאָך שוין וואָס מיט דיר וועט געשען.

— גאָט רעכנט זיך איצט אָפּ מיט אַלע זשידעס! — האָט זי פאַרענדיקט.

כ'האָב זי אָנגעקוקט און קוים געוואָלט גלייבן, אז דאָס רעדט זי. ווייל דעמאָלט, ווען זי איז געווען ביי מיר, האָט זי גאָר גערעדט וועגן קאָמוניזם און ברידערלעכקייט.

איך האָב זיך פארקערעוועט צום וואַלד, אַרומגעדרייט זיך נישט ווייט פון דאָרף, געוואַרט אפשר וועל איך טרעפן וועמען, וואָס וועט מיר וועלן געבן עפּעס אָנצוטאָן, ווייל אין די נעכט איז שוין געווען קאַלט. אין אַ טאָג אַרום דערזע איך אַ באַקאַנטן פויער, אונזערס אַ געוועזענער שכן. דאָ, אין סטרעליץ, איז בכלל נישט געווען קיין פויער, וואָס זאָל מיך נישט קענען, מיר האָבן דאָך דאָ געוווינט. איך בין צו אים צוגעגאַנגען. ער האָט מיך נישט דערקענט. איך האָב אים געזאָגט ווער איך בין, גיט ער צו מיר אַ מאַך מיט דער האַנט, אז איך זאָל זיך וואָס שנעלער אָפּטראָגן.

כ'בין צוריק אַוועק אין וואַלד. כ'וועל דאָרט געפרוּוון. ביינאַכט בין איך אַרויס פון וואַלד, און זיך אונטערגעגראָבן אונטער אַ סטאָג היי. ס'האָט מיך מחיהדיק געוואַרעמט און איך האָב געטראַכט דאָ אַזוי אָפּצוליגן עטלעכע טעג און זיין אָפּרוען, ביז כ'וועל אַ ביסל קומען צו זיך. אָבער שוין אויפן צווייטן טאָג האָב איך געמוזט פאַרלאָזן דעם אָרט און אַנטלויפן. קינדער האָבן זיך געהאַט פאַרזאַמלט אַרום סטאָג היי, זיך געשפּילט אין באַהעלטעניש און איינער פון זיי האָט זיך אָנגעשטויסן אין מיינע פיס, געמאַכט א גוואַלד און די קינדער האָבן אָנגעהויבן אַנטלויפן.

כ'בין צוריק אנטלאָפן אין וואַלד, אויף אַ בוים.

פון דאָרט האָב איך געקענט זען, ווי מ'זוכט מיך. פינף פויערים זיינען אַרומגעגאַנגען מיט דרענגער, מיך געזוכט, זיך געיאָגט נאָך מיר אין וואַלד און אפילו פאַרביי נישט ווייט פון מיין בוים.

כ'בין אוועק אין א פאַרקערטער ריכטונג, אויפן וועג קיין דוביענקע. כ'האָב דאָרט אויך באַגעגנט א פויער נישט ווייט פון וואַלד. אַז ער האָט מיך דערזען, האָט ער זיך גענומען נאָכיאָגן.

נו, איך זע שוין, אַז מיין גורל איז געחתמעט. איך מוז אומקומען. צו די פּאַרטיזאַנער וועל איך זיך שוין נישט דערשלאָגן. און די קעלטן זיינען שוין שווערע. לויט מיין חשבון דאַרף שוין זיין דער צענטער נאָוועמבער. קעלט און ביטערע רעגנס.

כ'באַשליס צוריקגיין קיין הרוביעשאָוו, וואָס ס'וועט זיין, וועט זיין. קיין כוח צו באַגיין זעלבסטמאָרד האָב איך נישט, ס'פעלט מיר מוט, וועל איך זיך איבערגעבן דער געסטאַפּאָ און כ'וועל גיין דעם וועג פון אַלע יידן.

כ'האָב זיך באַלד אויסגעדרייט אויף צוריק און בין געגאַנגען צוויי מעת־לעת, ביז איך בין אָנגעקומען אין האַלבאָוויצער וועלדל. ס'איז געווען פאַרנאַכט, כ'האָב געהאַט געשוואָלענע פיס און ווייטער נישט געקענט גיין. כ'פיל, אז איך האָב גרויסע היץ, אז איך בין קראַנק. כ'בין איינגעשלאָפן און אַ רעגן האָט מיך אינגאַנצן דורכגעווייקט. כ'האָב זיך דערכאַפּט ס'האַרץ מיטן רעגנוואַסער.

אַזוי בין איך געלעגן דריי טעג און נעכט און געלעקט דאָס וואַסער פון די בלעטלעך אַרום מיר.

אויפן פערטן טאָג באַווייזט זיך א שיינענדיקע זון און ס'זעט אויס, אַז עס גייט צוריק צום לעבן. ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך? די קליידער האָבן זיך שוין אויסגעטריקנט, נאָר דער הונגער פייניקט. שטעלן זיך אויף די פיס קען איך נישט, ס'רינט פון זיי אייטער, און די ווייטיקן זיינען שטאַרקע. כ'האָב נישט געהאַט קיין ברירה און געגעסן גראָז.

## כ'באַגעגן אַן אח לצרה

זיך אויפגעכאַפּט פאַרנאַכט. די זון גייט אונטער און ס'קומט אָן אַ קעלט. כ'האָב זיך צוריק אַרונטערגעשאַרט אונטער די געדיכטע סאָסנעלעך און געלעגן א פאַרשטייפטער. זיך צוגעקוקט צו דעם שיינעם, האַרבסטיקן פאַרנאַכט אין וואַלד. די רויטלעכע בלעטער אויף די דעמבעס זעען אויס, ווי באַצירט מיט גאָלד. יאָ, אַ פרעכטיקער האַרבסטיקער בין־השמשות דאָ אין וואַלד.

און אָט אַזוי ליגנדיק, דערהער איך טריט. כ'לייג צו ס'אויער צו דער ערד און כ'דערהער מענטשן־טריט. זיי דערנענטערן זיך צו מיר. און ווי דערשטוינט בין איך געוואָרן צו זען אַן אַח־לצרה, מאָטעלע מאַנעסעסעס אײדעם, צירל קלינגלס מאַן, קאָפּל. ווען ער איז שוין געווען נאָענט צו מיר, האָב איך אויסגעשריגן זיין נאָמען. ער איז פאַרגליווערט געוואָרן אויפן אָרט און זיך נישט געקענט רירן. איך האָב אים באַרויקט, געזאָגט ווער כ'בין, האָט ער נישט געוואָלט גלייבן. ער האָט געקוקט אויף מיר און נישט געקענט דערקענען. אז ער האָט זיך צוגעזעצט צו מיר, געהאָלפן מיר אויפזעצן און גוט אָנגעקוקט, האָט ער מיך ערשט דערקענט.

מיין ערשטע פראַגע איז געווען:

— ווו האַלסטו זיך אויף?

ער איז געווען ריין, געוואַשן, ראַזירט, די מלבושים און שטיוול גאַנץ. טאָ וואָזשע טוט ער דאָ אין וואַלד? ער באַהאַלט זיך דאָך אוודאי ערגעץ אויס ביי אַ גוי.

יאָ, ער באַהאַלט זיך אויס דאָ נישט ווייט פון וואַלד, ביי זיינס אַ באַקאַנטן קאָלאָניסט, אַ גוי מיט וועלכן ער פלעגט שטענדיק האַנדלען. ער האָט דעם גוי געגעבן אַ סך געלט און צירונג, און דערפאַר לאָזט אים דער גוי אי־בערנעכטיקן און גיט אים עפּעס עסן, אָבער נאָר ביינאַכט, בייטאָג באַהאַלט ער זיך אויס אין וואַלד. ווען ס'ווערט שוין גוט פינצטער, קומט ער צו צום שטאַל און דאָרט איז שוין פאַר אים צוגעגרייט עסן.

ער האָט מיך אַ ביסל דערמונטערט, אפשר וועט ער קענען אויך פאַר מיר אָפּשפּאָרן עפּעס עסן? איך האָב אים דערציילט, אַז איך האָב שוין נישט געגעסן דריי וואָכן, האָט ער מיר צוגעזאָגט צו ברענגען עפּעס. לאַנג זיצן מיט מיר האָט ער נישט געקענט, ווייל ס'איז שוין געווען שטאָק־פינצטער, און ער האָט שוין אויך געוואָלט וואָס שנעלער עפּעס עסן. כ'האָב אים געבעטן מיר איבערלאָזן אַ פּאָר שוועבעלעך, כדי איך זאָל מיר קענען מאַכן אַ קליין פייערל, כאָטש בלויז אָנצוּוואַרעמען די הענט.

ער האָט מיך צוגעשלעפּט צו געדיכטע קוסטעס, נישט ווייט פונעם וואַלד־ראַנד, מיך אַרומגעלייגט מיט אַ סך פאַרדאַרטע צווייגן, כדי צו פאַרשטעלן ס'ליכט פון קליינעם פייערל, וואָס איך האָב אָנגעצונדן. ער האָט זיך מיט מיר געזעגנט, און צוגעזאָגט ברענגען עפּעס עסן.

אַז ער איז אוועקגעגאַנגען, האָב איך מיר ערשט אָפּגעגעבן אַ חשבון, וואָס ס'האָט מיט מיר פּאַסירט פאַר די דריי וואָכן, אַ בענקשאַפט נאָך מיין ליבער זלאַטען און מיינע צוויי קינדערלעך האָט מיר פאַרקלעמט ס'האַרץ. איך האָב איצט פאַרגעסן אָן הונגער, קעלט, נאָר די בענקשאַפט און דער ווייטיק האָבן מיך געפּרעסט און איך האָב זיך צעוויינט.

אַ וויינענדיקער בין איך איינגעשלאָפן. אַז מ'האָט מיך אויפגעוועקט, האָב איך דערזען פאַר זיך קאָפּלען. ס'איז שוין געווען פאַרטאָג. ער וויזט מיר אַ פלעשל מילך מיט א שטיקל ברויט. קען איך אַצינד שילדערן דעם געפיל, וואָס איך האָב איבערגעלעבט ביים אָנקוקן דאָס פלעשל מילך מיטן שטיקל ברויט! אַז איך האָב אָנגעהויבן עסן ס'ברויט און פאַרטרינקען מיטן מילך, האָט זיך מיר אויסגעדאַכט אַז ס'שטייט פאַר מיר אַ מלאַך פון הימל, כדי מיך צו דערהאַלטן ביים לעבן. איך האָב דערנאָך באַקוקט זיינע ריינע, ווייסע הענט, ס'האָט נאָך געשמעקט פון זיי ס'פרישע וואַסער, כ'האָב אים מקנא געווען.

אַצינד איז געווען זיין ריי, און ער האָט מיר גענומען דערציילן זיין גורל. ער האָט אַלעמען פאַרלוירן. זיין פרוי איז אַוועק מיטן צווייטן טראַנספּאָרט.

ער איז אַזוי אָפּגעזעסן מיט מיר ביז אַרום עלף בייטאָג, ס'איז געוואָרן ליכטיקער און וואַרעמער. ער גייט אָנקלויבן א ביסל טרוקענע צווייגלעך, כדי איך זאָל קענען ביינאַכט מאַכן אַ פייערל. ער איז דערנאָך צוריקגעקו־

מען מיט א פאָר פארדארטע צווייגלעך און רויע קאַרטאָפל, וואָס ער האָט געפונען אויפן פעלד. מיר האָבן זיי באַלד אָפּגעבראָטן, אויפגעגעסן און איינגעשלאָפן ביים קליינעם פייערל.

ביינאַכט איז קאָפל אַוועק. ערשט אַצינד האָב איך דערפילט די איינזאַמקייט, אָבער איך האָב שלום געמאַכט מיטן געדאַנק, אז אַזוי איז עס און אַנדערש קען עס נישט זיין. מיטן וויינען אויף מיין גורל, וועל איך גאָרנישט אויפטאָן. כ׳מוז קעמפן פאַר מיין לעבן ביזן לעצטן אָטעמצוג. כ׳מוז דערלעבן נקמה צו נעמען.

## אַ מעשה מיט צוויי שקצים

אינדערפרי האָט מיר מיין פריינד ווידער געבראַכט א פלעשל מילך און אַ שטיקל ברויט. פארשטייט זיך, אז ער האָט דאָס נישט געטאָרט דערציילן דעם פויער, און דאָס עסן האָט ער אָפּגעשפּאָרט פון זיין מויל. אוודאי האָב איך קאָפלען שטאַרק געדאַנקט, און ער איז דערנאָך ווידער אַוועק קלייבן פאר מיר צווייגלעך.

אָבער אָנשטאַט מיט פארדאַרטע צווייגלעך איז ער צוריקגעקומען מיט אַ שגץ, דעם גאַיאָווים זון. יענער איז געקומען אויף אַ ראָוער. קאָפל האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר אים, מיר געזאָגט, אז ער האָט אים אלץ דערציילט וועגן מיר, אים געוויזן מיינע צעבלוטיקטע פיס, און אז איך קען זיך נישט רירן.

דער שגץ האָט אויסגעהערט אונזער געשיכטע. ער האָט שטאַרק רחמנות געהאט אויף אונז, באַזונדערס אויף מיר. ער האָט מיך געפרעגט, צי איך האָב עפּעס געלט. האָב איך אים געוויזן מיין פארמעגן — צוויי נישטיקע זלאָטעס. האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און עס נישט געוואָלט נעמען. ער פרעגט מיך, וואָס איך וויל.

— אַ פאָר שמאַטעס צו פארבינדן די ווונדן אויף די פיס, אַ פאָר טיטוןבלעטער אויף צו פארדרייען א פאַפּיראָסל, און אַ שטיקל ברויט. און איך גיב אים אוועק די 2 זלאָטעס.

ער שטעלט זיך אויף, גייט אַוועק און זאָגט אונז צו זיין דאָ ארום 5 פארנאכט.

איך האָב דערנאָך געהאט טענות צו מיין פריינד, קאָפלען הלמאי ער האָט אים געבראַכט צו מיר. ער האָט דאָך געקענט פון אים פטור ווערן אויף אַן אַנדער אופן. קאָפל האָט מיר געענטפערט, אז ער האָט זיך אַזוי דערשראָקן, ווען יענער האָט אים פלוצים דאָ געטראָפן, אַז ווען יענער האָט אים געפרעגט צי ס׳געפינט זיך דאָ אין וואַלד נאָך עמעצער, האָט ער אים גלייך אויסגעזאָגט דעם אמת.

מילא, די זאַך איז שוין אָפּגעטאָן, און וואָס וועלן העלפן די פארענטפערונגען, אַז אַזוי איז עס געשען. נאָר אַצינד דאַרף מען עפּעס טאָן, ווידער זיך באַנוצן מיט סטראַטעגיע, זיין פאָרזיכטיק מיט אַזעלכע „גוטע״ שקצים אין אַזאַ געמיינער צייט. מוזן מיר פריער פארלאָזן ס׳אָרט, אז ער זאָל אונז דאָ מער נישט טרעפן.

קאָפל איז מיט מיר מסכים און מיר זענען אַוועק אין א צווייטער ריכטונג. דאָרט האָבן מיר זיך באַהאַלטן אונטער געדיכטע קוסטעס, און נישט אַרויסגעלאָזט קיין הויכן אָטעם. ס׳איז געוואָרן נאַכט און דער שגץ איז נישט געקומען. איך בין דערפון צופרידן, ווייל איך האָב שוין לעצטנס נישט קיין צוטרוי צו קיין שום גוי, אַפילו צום בעסטן.

קאָפל האלט, אז מיר דאַרפן זיך צוריקקערן צום פריערדיקן פלאַץ, ווייל דאָס אָרט איז באַקוועם, נישט ווייט פון ברעג וואַלד. נו, האָב איך נישט קיין ברירה, כ׳שטיי צו צו קאָפלען און גיי מיט אים אַוועק אויפן פריערדיקן פלאַץ. און אָט קומט טאַקע אָן דער שגץ. ער האָט מיר געבראַכט אַ ברויט, אַ ביסל טיטון און שמאַטעס צו די פיס.

און פלוצלונג, גיט אַ שפרונג אַרויס פון וואַלד אַ צווייטער שגץ מיט אַ פיסטאָל אין האַנט, ער באַפעלט אונז גלייך זיך אויסצוציען אויף דער ערד. און שרייט אין א צעבראָכענעם דייטש:

— „פארפלוכטע יודען!״

ער באַפעלט אונז זיך אַוועקצולייגן מיטן פנים צו דער ערד און לייגט יעדן פון אונז צו דעם רעוואָלווער צום קאָפּ. ער וויל, אז מ׳זאָל אים אוועקגעבן ס׳געלט און דאָס גאָלד, וואָס מיר האָבן, אויב נישט שיסט ער אונז גלייך אויפן אָרט. זאָג איך אים:

— ווי אַזוי קען איך אוועקגעבן ס׳געלט, אַז כ׳ליג און קען זיך נישט רירן. לאָזט ער מיך גלייך אָפּ און הייסט מיר זיך אויפשטעלן. איך פרוווו זיך אויפהייבן, כ׳פאַל אָבער צוריק. הייסט ער מיך זיך אַוועקזעצן און אנשפאַרן אָן בוים. אַצינד נעמט ער זיך צו קאָפלען, יענעמס אָנטאָן און הלוך זאָגט אים מער צו, ווי מיינס, קיין רייכטום, זעט ער, וועט ער שוין פון מיר נישט האָבן, אָבער פון קאָפלען — אפשר יאָ.

עס איז אויסטערליש: ווען איך בין געלעגן אויף דער ערד און געפילט דעם קאַלטן שטאָל פון דער קוילן־לופע ביים שטערן, האָב איך נישט געהאַט קיין שרעק. אויך אַצינד זיץ איך אַזוי אַנטקעגן שגץ מיטן רעוואָלווער אין האַנט און כ׳פיל נישט קיין שרעק. גלייכגילטיק נעם איך ארויס די פאָטאָגראַפיעס פון מיין אומגעקומענער פאַמיליע און ווייז זיי דעם מערדער, און זאָג אים אין פויליש, אז אָט דאָס איז מיין פאַרמעגן.

ער באַקוקט די בילדער און איך באַמערק אין אים אַ געוויסן מיטגעפיל. ער הייסט קאָפלען זיך אויפהייבן און זיך אַוועקזעצן. ער מאַכט אַ פייערל און ער נעמט שוין מיט אונז שמועסן אויף פויליש. איך פרעג אים, ווער ער איז. ער איז אַ זון פון באָנטשקאָווסקי, פון אנטקעגנאיבער ציגע מינקע אויל, זיי האָבן געוווינט נישט ווייט פון יאנקל שטראָם. ער זאָגט מיר, אַז ער האָט גוט געקענט מיין ווייב, זלאטע, מ׳איז דאָך געווען שכנים. ער איז אונז איצט שוין מכבד מיט פאַפּיראָסן. ער פרעגט מיך אויס, ווי אַזוי כ׳בין דערגאַנגען צו דעם מצב און ווו איך בין געווען אין דער צייט פון קריג. כ׳פרעג אים, ווו ער איז געווען אין צייט פון קריג. זאָגט ער, אז ער איז געווען אין שטעטל, כ׳האָב אים אָנגעהויבן דערציילן מיינע קריגס־איבערלעבענישן. מיט דעם, זעט אויס, האָב איך אים א ביסל פאראינטערעסירט.

ס׳איז שוין געווען גוט טונקל אין וואַלד. ער איז שוין, זעט אויס, געווען אָנגעזעטיקט מיט מיינע קריגס־מעשיות, האָט ער שוין צורו געלאָזט אויך קאָפלען, זיך אויפגעשטעלט און זיך מיט אונז געזעגנט. מיר קענען זיך מאַכן אַ פייערל און דארפן נישט האָבן קיין מורא, דאָ זיינען מיר זיכער. ער זאָגט אונז „אַ גוטע נאַכט״ און פארשווינדט.

דאָס איבערלעבעניש האָט אויף מיר שטאַרק געווירקט, אָבער נאָך מער אויף קאָפלען. ער האָט שוין נישט געוואָלט צוריקגיין צום פויער, נאָר איז אַ פארגליווערטער געזעסן אַ גאַנצע נאַכט מיט מיר.

מיינע פיס זענען ארומגעבונדן מיט שמאַטעס, אַ שטיקל ברויט איז דאָ, אַ ציגאַרעטל אויך. אָבער דער שניי איז גאָר אָן אָנשיקעניש, וועט ער גאָר זיין דער שליח פון טויט? יאָ, דער טויט איז, זעט אויס, פאָרט אומפארמיידלעך פאר אונז. מיר האָבןביידע באַשלאָסן צוריקגיין אין שטעטל און זיך איבערגעבן דער געסטאַפּאָ. אליין באַגיין זעלבסטמאָרד האָב איך נישט געהאט קיין מוט. קאָפל האָט מיר אַפילו געוויזן, אז ער האָט ביי זיך אַ שטריק, אז וויבאַלד ס׳וועט אים ווערן שלעכט, וועט ער זיך אויפהענגען. כ׳האָב אים גאָר פלוצים גענומען אָפּוועגדן פון הענגען זיך. כ׳מאַך אַ פלאַן, אז מיר דאַרפן זיך צוריק דערשלאָגן אין שטאָט, אפשר וועלן מיר דאָרט עפּעס געפינען.

באַגינען, עס איז שוין געווען גענוג אָנגעשנייט, האָבן מיר געמאַכט אַ קליין פייערל, כדי אָנצוואַרעמען די הענט. נאָכן אָנוואַרעמען זיך, האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג אריין.

און אָט שפרינגט פון ערגעץ ווער ארויס מיט א ביקס און שרייט צו אונז —

— האלט! הענדע האָך! —

ער איז געווען אָנגעטאָן ווינטערדיק, אין א הוט מיט לאַפּן איבער די אויערן. דער אויסגעשריי איז געווען אַ נאָכגעמאַכטער, אַ דייטשער. אָבער אַז איך האָב זיך בעסער צו אים צוגעקוקט, האָב איך אין אים גלייך דערקענט דעם זעלבן פארשוין פון נעכטן. קיין סך צייט צו טראַכטן האָבן מיר נישט געהאט, ווייל ער פירט אונז גלייך, צו דער דייטשער זשאנדארמעריע, דאָ, אין אַ נאָענטן דאָרף. איך נעם מיט אים איינטענהן, רוף אים אָן ביים נאָמען:

— פאַניע באַנטשקאָווסקי, יאקושע־טאָ, דו האָסט דאָך אַליין אונז געזאָגט נעכטן ביינאַכט, אז מיר קענען שוין דאָ זיין און קיינער וועט אונז קיין שלעכטס נישט טאָן, און שוין גייסטו אונז פירן צום שיסן? דליאַטשעגאָ? פאַרוואָס?

ער עפנט זיין טריפהנעם פיסק און ענטפערט אויף פויליש, אַז מיט דריי וואָכן צוריק האָבן אים עטלעכע זשידעס אָפּגענאַרט, צוגעזאָגט געלט און גאָלד און זיי האָבן אים נאָר געגעבן א ביסל. צוויי וואָכן צייט האָט ער זיי געהאַלטן און געגעבן עסן, אָבער אַז זיי האָבן אים באדארפט צוצאָלן דעם רעשט, זיינען זיי אינמיטן נאַכט אנטרונען. זעט ער אַצינד איין, אַז אָפּלאָזן צוויי זשידקעס איז אַ גרויס פאַרברעכן. אין א צייט, ווען מען רוימט אַרויס אַלע, וועלכע האָבן פאַרפייניקט יעזוסן, וועט ער עס פילן ווי א „גזשעך", אַ זינד, אויב ער וועט לאָזן צוויי יידן לעבן. ער פילט זיך פאַרפליכטעט צוצוהעלפן אין הייליקן קאַמף קעגן זשידאָסטוואָ.

ער פירט אונז האלב־נאַקעטע, די קעלט בייסט, די ציין קנאַקן, אינמיטן דערינען פאַלט מיר איין עפּעס א געדאַנק און איך בעט אים זיך א ביסל אָפּשטעלן, איך האָב אים עפּעס פאַרצולייגן. מיר שטעלן זיך אָפּ.

— נו, רעד, וואָס האָסטו מיר פאַרצולייגן?

— הער, איך וועל דיר באַצאָלן אין גאָלד אויך פאַר יענע זשידקעס, וואָס האָבן דיר נישט באַצאָלט. חוץ דעם, וואָס איך וועל דיר אויך באַצאָלן אין גאָלד פאַר אונז.

— האָסט דאָך נעכטן ביינאַכט געזאָגט, אַז דו פאַרמאָגסט שוין גאָרנישט, טאָ פונוואַנען האָסטו שוין ווידער גאָלד?

— הער מיך אויס. אז דו גיסט אונז איבער צום שיסן — וואָס באַקומסטו דערפאַר? אַ פונט צוקער און אַ פלעשל בראָנפן פאַר א קאָפּ, וויפל איז דאָס ווערט אין געלט? — 25 זלאָטעס. אָבער אז איך וועל דיר אָנווייזן, ווו דו קענסט צונעמען מיין חברס גאָלדענעם זייגער מיט אַ גאָלדענער קייט — איז שלעכט? דאָס איז שוין א סך מער ווערט ווי 25 זלאָטעס, פראַוודאַ?

ער פאַרטראַכט זיך:

— טי מאָנדרי זשידעק!

קאָפּל איז מוראדיק דערשלאָגן, צוזאמענגעבראָכן, ער קען קיין וואָרט נישט אויסרעדן.

באָנטשקאָווסקי פרעגט אונז אויס אַלע פּרטים, און איך דערצייל אים גענוי, אַז מיין חבר קריגט עסן ביי דעם און דעם, און דערפאַר האָט ער יענעם אַוועקגעגעבן אַ גאָלדן זייגערל מיט אַ קייטל. זאָל ער צוזאַמען מיט מיין חבר אריינגיין צו יענעם פויער, אַ ביקס אין האַנט האָסטו, וועסטו לייכט קענען אָפּנעמען דעם זשידעקס פאַרמעגן. ער דערלויבט אונז שוין צוריק זיך אנטאָן, און ער וועט טאַקע גלייך אהינגיין, אויפן אָנגעוויזענעם אַדרעס. קאָפּלען נעמט ער מיט זיך, מיך לאָזט ער איבער אין וואַלד, ווייל ער ווייסט, אַז איך קען קוים גיין.

איך רוק מיך אַריין טיפער אין וואַלד, כ'פאַרשטעק זיך אונטער קוסטעס, אָבער כ'האַלט זיך דאָך נישט ווייט פון ראַנד, כדי צו אָבסערווירן, וואָס ס'וועט געשען. איך זע פונווייטנס, ווי זיי גייען אַריין צום פויער. ס'דויערט, בערך, אַ פערטל שעה, און קאָפּל לויפט אַרויס אין איין אימפּעט אין דער ריכטונג פון וואַלד. איך צאַפּל פון אומגעדולד.

— וואָס האָט דאָרט געקענט פּאַסירן? ער איז צו צו מיר אַ האַלב־טויטער און דערציילט מיר:

— אַז זיי זיינען אַריין צום פויער, האָט ער אים געהייסן אַוועקגעבן דעם פאַן באָנטשקאָווסקי ס'גאָלדענע זייגערל מיטן קייטל. דער פויער האָט געפּרוווט לייקענען, זיך אנטקעגנשטעלן, האָט אים באָנטשקאָווסקי גענומען שלאָגן מיט דער קאָלבע. דאַן האָט ער שוין אַלץ אַוועקגעגעבן. פאַר כעס האָט דער פויער געוואָרנט, אַז ער לויפט שוין מעלדן די דייטשן, אַז זשידקעס באַהאַלטן זיך אויס אין וואַלד. בעת יענעם גערודער און טומל האָט קאָפּל זיך אַרויסגעריסן און אנטלאָפן.

נישטאָ קיין צייט צו טראַכטן, איך שטרענג אָן אַלע מיינע כוחות, איך פיל נישט מער די יסורים אין מיינע פיס און מיר ביידע נעמען לויפן, וואָס טיפער אין וואַלד אריין.

4 שעה זיינען מיר שוין אַזוי אָפּגעלאָפן, ביז מיר זיינען צוגעקומען צו אַ הויפּט־טראַקט. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָ וועט זיין אַמבעסטן זיך אויסצובאַהאַלטן. ווייל אויב מ'וועט אונז נאָכיאָגן, וועלן זיי זיכער טראַכטן, אז מיר זיינען געלאָפן, וואָס טיפער אין וואַלד. דאָ האָבן מיר זיך באַהאַלטן הינטער נידעריקע ביימעלעך און אָפּגעלעגן אַ גאַנצן טאָג. מיר האָבן אפילו פאַרויכערט ציגאַרעטלעך.

ווען די נאַכט איז שוין צוגעפאַלן, און אונז האָט אדורכגענומען אַ וויסטע קעלט, זיינען מיר אַרויס פון אונזער באַהעלטעניש און זיך געלאָזט גיין אויפן וועג קיין הרוביעשאָוו.

דריי טעג און דריי נעכט האָט געדויערט דער גאַנג. ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צו דער שטאָט, האָבן מיר אַרומגעקרייזט די קאָשאַרן, און איך האָב זיך אריינגעכאַפּט צו מיינס אַן אַמאָליקן עלטסטן, אַ וואַכמייסטער אין מיליטער. דער וואַכמייסטער, טשוואַרנוג, האָט מיך קוים דערקענט. ער האָט מיר גלייך געגעבן אַ שטיקל ברויט און מיר געזאָגט, אַז ס'זיינען נאָך דאָ אין שטעטל אויסבאַהאַלטענע יידן. ער וויל, אַז איך זאָל שוין אַוועק פון אים, ווייל ער האָט מורא צו האַלטן אַ יידן אין שטוב.

קאָפּל האָט געוואַרט אויף מיר אינדרויסן. איך בין צו אים אַרויס און מיר האָבן זיך שנעל אריבערגעכאַפּט די כעלמער בריק. ס'איז געווען נאָך פאַר זיבן. כ'האָב זיך אָפּגעזעגנט מיט קאָפּלען. ער איז אַוועק צו זיך אין שטוב, וואָס איז געווען נישט ווייט פון דער בריק און איך בין אַריין צו מיינס אַ באַקאַנטן שייגעץ, פראַנעק האפּאָנסקי.

איך קלאַפּ אָן אין טיר, ער עפנט, אָבער ער וויל מיך נישט אריינלאָזן. ער דערקענט מיך נישט, זעט אויס. כ'האָב אים אויסגערעכנט עטלעכע סימנים, ערשט דעמאָלט האָט ער אָנגעהויבן גלייבן, אַז דאָס בין איך טאַקע. ער האָט אויף גיך געעפנט די טיר און מיר אריינגעלאָזן.

יעצט שטייט ער לעבן מיר און ציטערט גלייך מיט מיר. ער האָט מיר דערציילט, אַז אויב מען טרעפט אַן אויסבאהאלטענעם יידן, שיסט מען די באַלעבאטים צוזאמען מיטן אויסבאהאלטענעם.

דאָך האָט ער זיך באַהערשט, געמאַכט טיי, און יעדעס מאָל, ווען ער האָט מיך אָנגעקוקט, האָט ער זיך כסדר געהאַלטן אין איין איבערצלמען, ער דערקענט אין מיר אלץ נייע שטריכן, אַז דאָס בין איך טאַקע דערזעלבער.

ער האָט ארויסגענומען אַ פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט און מיך אָפּגעפאָטאָגראַפירט. אויב איך וועל לעבן, זאָל איך האָבן אַן אָנדענק, ווי אַזוי איך האָב אַמאָל אויסגעזען, ווי אַזוי אַ מענטש קען אויסזען. ער האָט אָבער תיכף מורא געקראָגן און דאָס בילד אויפן אָרט פאַרברענט.

ער האָט מיר געגעבן עטלעכע שמאַטעס אַרומצוּוויקלען די פיס, געגעבן אָפּצועסן, דאַן האָט ער מיך ארויסגעפירט אין א קאַמער, פאַרשטופּט אין אַ ווינקל און מיך פאַרדעקט מיט אַלטע שמאַטעס. ער האָט מיר צוגעזאָגט, אז ער וועט זיך גיין זען מיט יענקעלע בראַנד און אים דערציילן וועגן מיר. ער זאָגט, אז יענקעלע בראַנד איז דער אָנפירער פון דעם ביסל לעבנגעבליבענע יידן.

ער האָט זיך טאַקע פאַרשטענדיקט מיט אים, און אויף דער צווייטער נאַכט האָט ער מיך אַרויסגעפירט פון באַהעלטעניש און געפירט דורך הינטער־געסלעך.

ער איז געגאַנגען פאָרויס און איך הינטער אים, צוגעפירט צו דער יאַטקאָווער גאַס און זיך דאָרט מיט מיר געזעגנט. דאָס איז געווען סוף נאָוועמבער 1942.

# א. א. זאַמער / וואָס ס'איז געווען און איז מער נישטאָ

סאַן־כאָסע, קאָסטאַ ריקאַ

ווי אַלע יידישע שטעטלעך אין פוילן, איז הרוביעשאָוו געווען פול מיט תורה און תפילה. האָט אַ הרוביעשאָווער אריבערגעטראָטן די באָזשניטשע גאַס, האָט ער פאַר זיינע אויגן געזען אַלץ, וואָס האָט פאַסירט מיט יידן זינט מעמד הר־סיני.

אויף באָזשניטשע גאַס איז אויפן ערשטן פּלאַץ געשטאַנען די שטאָט־שול, וועלכע איז אויסגעבויט געוואָרן אין יאָר תרל״ב — 1872. מיט גרויסע אותיות האָט פון איר אראָפּגעלויכטן דער פסוק:

„לקח טוב נתתי לכם, תורתי אל תעזובו״.

אנטקעגן דער שטאָט־שול איז געשטאַנען דעם רבס בית־מדרש. שבת נאָכמיטאָג פלעגט דאָרט בענטשע לערנען תורה פאַר אַ פול געפּאַקטן עולם. אַז ער האָט געענדיקט, האָט זיך נישט געוואָלט אוועקגיין, עס האָט זיך געוואָלט אים הערן נאָך און נאָך.

נישט איינמאָל האָט זיך מיר אויסגעדאכט, אַז דאָס זיצט אַזוי משה רבנו בכבודו ובעצמו און לערנט מיט אונז הלכה, וואָס ער האָט נישט באַוויזן אריינצושרייבן אין חומש... און בסך־הכל איז דאָך בענטשי געווען נישט קיין רב און נישט קיין דיין, נאָר אַ פּראָסטער ייד פון אַ גאַנץ יאָר.

מזרחדיק און מערבדיק פון גרויסן בית־מדרש האָט זיך געצויגן אַ גאַנצע קייט מיט חסידים־שטיבלעך — די „פּראָווינצן״ פון מלכות בעלז, קאָצק און גער, קוזמיר און זוואָלין, ווורקע און אמשינאָוו, טריסק, קאָזשעניץ און ליובאַוויטש, סאנדז און באָבאָוו, סאָכאַטשעוו און קאָסאָוו, טשאַרטקאָוו און באָיאַן, דזשיקווו, ראָזוואַדוו און זשארנע, און נאָך אנדערע.

נישט ווייט פון דאָרט איז געווען דער לאָקאַל פון די „פּועלי־אגודת־ישראל״. מיך האָט אהין אריינגעפירט מיין הארציקער חבר, ראובן פּאַבּריקאַנט ז״ל. דאָרט איז געווען דאָס מלכות פון רבי שמשון רפאל הירש ז״ל מיט זיינע בארימטע „19 בריוו וועגן יידנטום״.

אַ ביסל ווייטער האָט זיך געפונען אַ לאָקאַל פול יוגנטלעכע, וועלכע זיינען געווען אָנהענגער פון ד״ר יצחק נחמן שטיינבערג מיט זיינע „פרייע שריפטן״. נאָך ווייטער איז געווען אַ קלוב, וווּ ס'האָבן געהאָנגען די בילדער פון קארל מארקס, פרידריך ענגעלס, ראָזאַ לוקסעמבורג און גוסטאוו לאנדאוער, אַלע דריי מיט בכבודיקע בערד, כאָטש איינער פון זיי איז געווען אַ גוי, דער צווייטער — אַ משומד און דער דריטער, לאנדאוער, אַ ייד, אָבער ווייט פון יידישקייט...

דערנעבן איז געווען דער לאָקאַל פון „בונד״, פון די ציוניסטן, „מזרחי״, און רעוויזיאָניסטן.

איז מען אַריבערגעגאַנגען די זאַמאָשטשער בריק, האָט איר זיך אָנגעשטויסן אויפן לאָקאַל פון די רעכטע פּועלי־ציון מיט די בילדער פון משה העס, נחמן סירקין און בער באָראָכאָוו. דאָרט איז געווען טעטיק אליהו גערטעל. אַהין האָט מיך אַריינגעפירט מיין אומפארגעסלעכער חבר, מענדל מאָסקאל (היינט אין ישראל).

די דאָזיקע פּאַרטייען האָבן זיך שארף באַקעמפט, פּאָלעמיזירט, געזידלט, אָבער אין אמתן זיינען זיי געווען אינסטרומענטן פון איין אָרקעסטער, וועלכער האָט געשפּילט די סימפאָניע — יידיש לעבן.

און אַזוי האָט עס זיך געפירט ביז 1־טן סעפּטעמבער 1939. ביז פון דעם אלעם איז קיין זכר נישט געבליבן.

ב

דעם 2־טן דעצעמבער 1939 האָט דער דייטשער מיליטער־קאָמענדאַנט, גענעראַל עבנער באַפוילן, אַז אַלע הרוביעשאָווער פון 16 ביז 60 יאָר, זאָלן זיך פאַרזאַמלען אויפן קלויסטער־פּלאַץ. מיר האָבן שוין געהאַט געהערט, אַז אין קאָלוש זיינען אויף אַזאַ אופן אויסגעשאָסן געוואָרן אַלע יידן. ס'רוב הרוביעשאָווער האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, נאָר אַ צוויי טויזנט יידן האָבן פונדעסטוועגן זיך יאָ צוגעשטעלט. מ'האָט די פאַרזאמלטע אָנגעהויבן יאָגן

און טרייבן איבער די פעלדער. די וועלכע האָבן נישט באַוויזן אַזוי שנעל צו לויפן, זיינען דערשאָסן געוואָרן. 830 קרבנות זיינען דעמאָלט געפאַלן.

מיין פאָטער חיים נחום ז״ל האָט נאָך די געשעענישן גענומען זיין ווייב ציפורה, זיינע פיר קינדערלעך: טעמעלע, רחלע, חנהלע, איידעלע און איז מיט זיי אַוועק אין דאָרף מאסלאמיטש, וואָס געפינט זיך 15 קילאָמעטער פון הרוביעשאָוו און זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ קאַרטאָפל־קעלער ביי אַ פויער. יענעם פאַרנאַכט איז דער פויער ארויסגעפאָרן מיט זיין וועגעלע פון מאַסלאָמיטש מיט זיין פרוי און קינדער. ער איז געפאָרן אויפן וועג קיין הרוביעשאָוו און איז געווען גרימירט און פארשטעלט אין מיין פאָטערס כאלאטל און היטל, און געטראָגן אַ צוגעקלעבטע באָרד און פאות. עס זאָל הייסן פאַר די ארומיקע, אַז חיים מאסלימעטשער מיט זיינע בני־בית האָבן יענעם בין־השמשות פארלאָזן דאָס דאָרף.

אָפּפאָרנדיק אַ שטיקל וועג, האָט ער אָנגעטאָן זיינע בגדים און דורך אַן אַנדער וועג צוריקגעפאָרן אהיים.

ביז אין מיטן 1941 איז עס געלונגען מיין פאָטער זיך אויסצובאַהאַלטן אין יענעם פייכטן, פינצטערן קארטאָפל־קעלער. דאָרט איז געווען זיין היים און בית־התפילה. נאָכן דאַווענען און לערנען איז ער געזעסן אין קעלער ביי אַ ליכטל און געשריבן אין העפטן. איך ווייס נישט, וואָס ער האָט געשריבן, נאָר איך שטעל מיר פאָר, אַז ער האָט געשריבן פירושים אויף תורה, זכרונות, און ווארשיינלעך אַ צוואה פאַר זיינע קינדער, וואָס וועלן אפשר איבערלעבן די דייטשע רוצחים.

דאָרט, אין פינצטערן בונקער, זיינען אים, מסתמא, אַ סך זאַכן קלאָר געוואָרן, וועלכע ער האָט נישט געקענט פאַרשטיין אין נאָרמאַלע באַדינגונגען. דאָרט, אין יענעם פינצטערן קעלער, איז זיין פעך־שווארצע באָרד געוואָרן שניי־ווייס. אפשר האָט די ווייסע באָרד אויך צוגעהאָלפן באַלייכטן דעם פינצטערן קעלער.

די בני־בית זיינען געזעסן און פאריכט דאָרט אַלטע בגדים, איז וועלכע זיי האָבן זיך באַדאַרפט טוליען. און אפשר, האָט נאָך ווער פון מיינע שוועסטער געלאָזט הערן אַ שטילן ניגון דאָרט אין קעלער, אויף צו דערהאלטן און טרייסטן.

מסתמא, איז אַ פויער געוואָר געוואָרן וועגן דער באַהעלטעניש, און ער האָט באַשלאָסן פאַרדינען אַ פּאָר קילאָ צוקער, אָדער סתם אַ מצווה הרגענען אַ יידן, און ער האָט זיי געמסרט. די געסטאַפּאָ האָט זיי געכאַפּט, ארויסגעפירט קיין הרוביעשאָוו און פארשפּארט אין געטאָ.

אין איינער פון די אַקציעס איז אומגעקומען מיין טאַטע חיים נחום ז״ל, זיין פרוי (מיין שטיף־מאַמע) ציפורה און מיינע פיר שוועסטערלעך: טעמעלע, רחלע, חנהלע און איידעלע, וועלכע איז נאָך קיין קיין גאַנצע דריי יאָר נישט אַלט געווען.

ה׳ יקם דמם!


Nr. 625/1/40
Der - Die Snol
Name
Jankiel
Vorname
geborene
Sohn - Tochter des Szul-Mo...
und der Rajzla geborenen
geboren am 1877 in Hrubieszów
Beruf ... Ausbildung ...
Volkszugehörigkeit Jude
Konfession Jüdisch
ist in Hrubieszów wohnhaft.
Hrubieszów, den ... 1940
Jankel Snol
Eigenhändige Unterschrift

די קענקאַרטע פון יענקל שנאָל, אַרויסגעגעבן דורך דער היטלעריסטישער מאַכט.
תעודת־זהוי של יענקל שנול, שהוצאה על ידי השלטונות ההיטלריסטיים.

# נפתלי מייל / ווי אַזוי כ'האָב זיך געראַטעוועט?

ניו־יאָרק


נפתלי מייל

מיר זיינען געווען פיר ברידער און איין שוועסטער, אַלע חתונה־געהאַטע. דער עלטסטער ברודער, יעקב און זיין פרוי אסתר, דער צווייטער ברודער, קלמן און זיין פרוי — רחל, דער דריטער ברודער, שמעון און זיין פרוי — עלקע. די שוועסטער טשערנע האָט חתונה געהאַט אין וואַרשע מיט פייוול שיינבערג, און איז אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ.

אונזערע עלטערן, קלמן, שמעונס פרוי מיט די צוויי קינדער, קלמנס מיידעלע און איך, זיינען געלעגן באַהאַלטן אין אַ בונקער. איך בין דערנאָך אַנטלאָפן פון בונקער און זיך אויסבאַהאַלטן און אַדאַנק דעם האָב איך זיך געראַטעוועט. אַלע, וועלכע זיינען פאַרבליבן אין בונקער, האָט מען אנדעקט און מ'האָט זיי אויפן אָרט דערשאָסן. דאָס איז געשען דעם 15־טן טאָג אין חודש חשון, יאָר 1942.

איך האָב זיך דעמאָלט אַרומגעבלאָנקעט עטלעכע וואָכן. ביינאַכט האָב איך זיך איינגעשאַפט ברויט און וואַסער. ס'איז אָבער אוממעגלעך ווייטער זיך אַזוי אַרומבלאָנקען און נישט דורכפאַלן.

כ'בין דעמאָלט געוואָר געוואָרן, אַז אויף יאַטקאָווער גאַס געפינען זיך נאָך עטלעכע יידן, וועלכע מ'האָט אַרויסגעלאָזן פון תפיסה, ווייל זיי זיינען פאַכמענער. זיי האָבן מיר געעצהט, אַז איך זאָל זיך ווייטער אויסבאַהאַלטן און נישט זיין ביי זיי. ווען ס'וועט זיין אַ מעגלעכקייט און מ'וועט מיר באַדאַרפן, וועלן זיי מיר צוווויסן טאָן.

די קעלט האָט לאַנג נישט דערלויבט כ'זאָל ביינאַכט ליגן אויף די פעלדער. בין איך ווידער אַוועק צו זיי און זיי האָבן מיר צוגעזאָגט אַריינצונעמען אין וואַרשטאַט, וווּ זיי אַרבעטן ביי די דייטשן. די דייטשן האָבן באַדאַרפט פאַכמענער, און אַזעלכע זיינען שוין דעמאָלט נישט געווען קיין סך. כ'האָב אָנגעהויבן דאָרט אַרבעטן און ס'האָט אַזוי אָנגעהאַלטן אַ יאָר צייט, ביז זומער 1943.

דורך דער צייט האָבן די דייטשן איינמאָל אַרויסגענומען 25 מענער און פרויען, זיי אַרויסגעפירט אויפן בית־עולם און זיי דאָרט דערשאָסן. צווישן זיי איז אויך געווען מיין פרוי, מרים. מיין קינד פון צוויי און אַ האַלב יאָר איז געלעגן אויסבאַהאַלטן מיט נאָך אַ קינד אין אַ שטוב, האָבן די דייטשן זיי אַנדעקט, און פאַר מיינע אויגן דערשאָסן. איך האָב דערנאָך אויסגעגראָבן אַ גרוב און קובר געווען ביידע קינדער. כ'האָב מורא געהאַט זיי צו טראָגן אויפן בית־עולם און דאָרט זיי קובר צו זיין.

עס זיינען געווען צווישן אונז עטלעכע, וועלכע האָבן באַהאַלטן געווער. יידישע מוסרים האָבן דאָס דערטראָגן דער געסטאַפּאָ. איינמאָל איז געקומען דער געסטאַפּאָ־שעף און אונז געזאָגט, אַז ער ווייס, אַז מיר האָבן געווער אין גרייטן אַן אויפשטאַנד. אייגנטלעך, זאָגט ער, דאַרף ער אונז גלייך דערשיסן, נאָר ער וועט זיך דאָסמאָל באַנוגענען מיט איבערשיקן אונז אויף שווערע אַרבעט אין אַ צווייטן פּונקט.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט אונז אַרומגערינגלט די ס.ס. און מ'האָט אונז אַוועקגעפירט אין פאַרמאַכטע וואַגאָנען. די, וועלכע האָבן געפּרוּווט אַנטלויפן, זיינען אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן. מ'האָט אונז אַוועקגעפירט קיין בודזין, אין דאָרטיקן לאַגער.

נאָך עטלעכע טעג, ווען די אָרטיקע האָבן דערזען, אַז מיר זעען נאָך גאַנץ נישקשה אויס אין פאַרגלייך מיט זיי, האָבן זיי. אויס קנאה, אָנגעהויבן הויך צו רעדן, אַז מיר זיינען אַהערגעקומען זיך בונטעווען, און דאָס וועט ברענגען אַן אומגליק אויפן גאַנצן לאַגער.

מ'האָט די רייד, מסתמא, דערטראָגן צום אָרטיקן לאַגער־קאָמענדאַנט. האָט ער צונויפגענומען אַלע הרוביעשאָווער און אונז געגעבן שווערע שטראָף־איבונגען. מיר האָבן באַדאַרפט קריכן אויף די קני און עלנבויגנס, גיך־גיך אין בלאָטע, און די דייטשן האָבן אונז דאַביי אונטערגעשמיסן מיט בייטשן.

ערשט נאָך די איבונגען האָבן מיר געמוזט גיין צו דער אַרבעט אין וואַלד. דאָרט האָבן מיר געבויט באַראַקן און זיי אַרומגעצוימט מיט עלעקטרישע דראָטן. דאָס האָבן מיר צוגעגרייט פאַר אונז דעם נייעם לאַגער.

איין נאַכט זיינען די ס.ס.־לייט געקומען מיטן אויסרייד, אַז די הרוביעשאָווער ווילן אַנטלויפן און זיי האָבן אַ סך פון אונז דערשאָסן.

מיר האָבן דאַן אָנגעהויבן אַרבעטן אין די וואַרשטאַטן פון די מעסער־שמידט־עראָפּלאַנען. אַ האַלב יאָר האָט דאָס געדויערט. דערנאָך האָט מען אונז געשיקט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער קיין מיעלעץ. דאָרט האָבן מיר געהאַט אַ יידישן לאַגער־עלטסטן, וואָס האָט זיך געוואָלט חנפענען צו די דייטשן, און ער איז זיך באַגאַנגען מיט אונז גרויזאַם. אויך אין מיעלעץ האָבן מיר געאַרבעט אין די מעסערשמידט־וואַרשטאַטן.

נאָך עטלעכע חדשים, האָט מען אונז אַריבערגעשיקט קיין וויעליטשקע. דאָרט האָט מען שוין אָפּגעטיילט די מענער פון די פרויען. אין צוויי וואָכן אַרום האָט מען אונז געשיקט קיין פלאַטענבורג אין אַ קאַצעט. דאָרט האָט מען ביי אונז צוגענומען דאָס גאַנצע אַנטועכץ און מיר זיינען אַרומגעגאַנגען נאַקעט, ווי גאָט האָט אונז באַשאַפן. דריי טעג זיינען מיר אַזוי אַרומגעגאַנגען, ביז מ'האָט אונז אויסגעקריצט נומערן אויפן שטערן און אויף דער פּלייצע. אויפן פערטן טאָג האָט מען אונז געגעבן קאַצעט־זאַכן, אַ פּאָר הויזן און אַ רעקל אין פּאַסן און איבערגעשיקט קיין לייפּמערץ, אין טשעכיע.

דאָרט האָבן מיר געטראָפן פּאָליאַקן. זיי האָבן זיך שטאַרק געוווּנדערט, אַז עס זיינען נאָך פאַראַן לעבעדיקע יידן אויף דער וועלט.

זיי האָבן אויסגעטראַכט אויף אונז אַ בלבול, אַז מיר זאָלן האָבן געזאָגט, אַז מיר וועלן נישט טרינקען קיין קאַווע אָן צוקער. ס.ס.־מענער מיט ביקסן האָבן געוואָלט אונז אַלעמען דערפאַר אויפן אָרט דערשיסן. אַ דייטשער ייד האָט אָבער איבערצייגט די ס.ס.־לייט, אַז די פּאָליאַקן האָבן אויף אונז פּשוט אויסגעטראַכט אַ ליגן. דאַן האָט מען אונז אָפּגעטיילט פון די פּאָליאַקן, מיר האָבן נאָר געאַרבעט צוזאַמען, אָבער עסן און שלאָפן — באַזונדער.

אין דעם לאַגער האָבן מיר געאַרבעט ביי פאַרשיידענע אַרבעטן בערך אַ 10 חדשים. פונדאַנען האָט מען אונז אָפּגעשיקט אין דעם טרויעריק־באַרימטן קאַצעט אין עסטרייך, מאַטהאַוזען. דאָרט זיינען מיר געווען 2 טעג און מ'האָט אונז ווידער אַוועקגעשיקט אין אַן אַנדער לאַגער, וווּ מען האָט אונז באַלד געזאָגט, אַז לענגער ווי 6 וואָכן קען דאָ קיינער נישט אויסהאַלטן, ווייל מען שלאָגט און מען פּייניקט אויסערגעוויינלעך.

וואָלט די מלחמה אָנגעהאַלטן נאָך 4 וואָכן, וואָלט שוין קיינער פון אונז נישט געלעבט. גאָט האָט אָבער געהאָלפן, עס איז געשען דער נס און אין צוויי וואָכן אַרום האָט זיך פאַרענדיקט די מלחמה.

די ס.ס.־לייט זיינען פּלוצעם אַנטלאָפן. מיר זיינען געבליבן אָן דייטשן, און נישט געוווּסט וואָס צו טאָן, וווּהין צו לויפן. מיר האָבן שוין אויך נישט געקענט לויפן, מיר זיינען אַלע געווען דערשעפּט און קראַנק, געלעגן און געוואַרט. אין 2 טעג אַרום זיינען אַריין די אַמעריקאַנער. דאָס איז געווען דעם 8־טן מאַי יאָר 1945!

ווי מיר האָבן זיך נאָר אַ ביסל אָפּגערוט און אָנגעגעסן, און די כוחות האָבן זיך ביסלעכווייז צוריקגעקערט, האָבן מיר זיך געלאָזט פאָרן קיין פּוילן, אויפזוכן די רעשטלעך פון אונזערע נאָענטע. אָבער איך האָב שוין קיינעם פון מיינע אייגענע נישט געטראָפן. אפילו מיין ברודער, יעקב, וועלכער איז אַריבער קיין רוסלאַנד, איז אויסגעגאַנגען ערגעץ פון הונגער.

מיר זיינען געווען אַ שטיקל צייט אין לאָדזש, געזוכט, נאָכגעפרעגט, און דערנאָך בין איך געפאָרן קיין הרוביעשאָוו, זען וואָס עס איז געוואָרן פון אונזער שטעטל. כ'האָב דערזען דאָרט דעם חורבן און כ'בין וואָס גיכער אַוועק פון שטעטל. כ'בין אַריבערגעפאָרן קיין דייטשלאַנד אין דער אַמעריקאַנער זאָנע און פון דאָרט קיין ניו־יאָרק.

# נתן גבירץ / החיים והמות ביד הגורל

מענית

**20** שנה עברו מאז קרה האסון הגדול ביותר בתולדות עמנו, מאז פרץ השד השחור והנורא אל עיירות פולין, החריב והשמיד את יהדות־הפאר של ארץ זו, ללא התחשבות באב, באם וברך נולד.

היום, לאחר תקופה כה ארוכה, כשהנך מנסה להזכר ולשחזר בדמיונך את כל אותם המאורעות והזוועות שעברו עלינו, אין להאמין עוד, כי ידיך מסוגלות להעלות את כל זאת על הנייר. אך היות וכולנו נשבענו, כי „הכל יזכר ודבר לא ישכח", ננציח במשותף בספר זה את כל אשר עבר עלינו והוא ישמש תעודה לאלה שלא נותרו בחיים ו„שירתם באמצע נפסקה".

הדברים, אותם אני מעלה על נייר זה, אינם סיפור בלבד. אלה זוועות מלחמת העולם השניה בעיר הרובישוב.

בשנת 1940־41, ואני אז בן 10, התחילו הרדיפות הגדולות נגד יהודי הרובישוב.

ברח' רינק 27, בסימטה צרה ליד השוק, עמד ביתנו הישן. בחזית, מעל לדלת, שלט קטן מפח ועליו חרותות המילים משה גבירץ (בפולנית), על שם סבי ז"ל.

באותו בית, בקומה העליונה, הכריז אבי: ילדים! מאחר והפוגרומים הולכים וגוברים, ואין לדעת מה יהיה מחר, נאלץ אני לוותר על אבהות המשפחה ומציע לכל אחד מכם לעשות הכל, כדי להמלט מגיהנום זה ולנסות להציל את נפשותיכם.

ברטט ובצער חלק אבי שקיות של מעות לכל ילד והלך. הוא הלך למקום, שם הלכו אלפי יהודים ומשם לא שבו עוד.

## במחסה

אכן, מאותה פגישה משפחתית, עברו רק ימים ספורים והתחלנו להתפזר. הגדולים בינינו נסו למצוא מקלט בחלק הארי של פולין ולהסתדר כפולנים, הקטנים נשארו ליד האם.

בביתנו היה מחסה קטן, אשר הוכן עוד בתחילת המאורעות ושם צברנו מזון, מים ומלח על כל צרה שלא תבוא. למחסה הוביל פתח קטן, שרק בזחילה אפשר היה להכנס אליו ומטת עץ הסתירה אותו. שם שכבנו אני, אמי, אחי הצעיר והאח דוד, שנשאר בחיים לימים ארוכים.

יד סופר לא תוכל לתאר את המחסה הזה ואת תנאיו: את הלכלוך והכינים ששרצו בו. אך הבעיה העיקרית היתה: מזון, שכמויותיו פחתו והרעב התחיל להציק.

מדי יום ביומו, פעמיים עד שלוש, נשמעו מהרחוב הצר הכרזותיהם של הגרמנים:

— יהודים, התיצבו!!! יהודים, צאו מן המחבואים ולא יאונה לכם כל רע, נקח אתכם לעבודה!

אבל כל אחד ידע את פירוש דבריהם. לאחר מכן התחילו הסריקות, שבוצעו על ידי הפולנים והגרמנים בכל בית, חדר וחור. לפולנים נתן שכר עמלם. הם שדדו וגזלו מהבתים את הרכוש והגרמנים גילו מחבואים נוספים וירו ביהודים במקום.

זכור לי היטב אותו חפוש, שנעשה בביתנו. במשך חצי יום פרקו מן החדרים את הכל ארונות הבגדים, הכלים, השמיכות והמיטות. בשכבנו במחסה, הרגשנו את צעדי הגרמנים בחדר.

פתאום התחילו להזיז את המיטה, שהסתירה את הכניסה למחסה. לבותינו לא פעמו, רק העיניים רמזו אחד לשני: זה הסוף! עוד מעט וגם אנו נוצא מפה!

ופתאום מפנה, שקט, הם הלכו ואנו נשארנו.

## הסתלקנו מהמחסה

הגרמנים החליטו להקים את הגיטו בעיר. גם אחי דוד התיצב, ובמזל, התקבל לעבודה בגיטו.

מעתה נשארנו שלושה במחבוא, אני, אחי הקטן, ואמי ז"ל. כל ערב היה אחד יוצא מהמחבוא להביא לנו מזון, שקבלנו מאחי בגיטו ולפעמים גם היינו קונים.

ערב אחד יצא אחי הקטן להביא מזון. הוא נתפס על ידי הגרמנים ונהרג. היו אלה ימים של עינויים נפשיים לאמי, והעיקר, שהדבר נודע לה לאחר ימים רבים של צפיה לאהרלה שישוב. אולם הוא לא שב.

יהי זכרו — ברוך!

כך נשארנו אני ואמי לבד. שכבנו ימים רבים עד שהחלטנו להחליף את המחבוא וקבענו אותו במחסן לעצי־הסקה, מתחת למדרגות העלייה לבית.

חדשים רבים שכבנו במחסן קטן זה ואחי דוד היה מביא את המזונות. במחבוא זה אמי נחלשה, ורזתה מיום ליום. היא לא היתה יכולה לקום, היות ולא היה מקום להתישר ומצבה הלך ורע.

קשה מאד לזכור על מה דברנו במשך ימים וחדשים, אך עיסוקה העיקרי של אמי היה שמירה על נקיוני והשמדת אלפי כינים מראשי ומבגדי.

יום אחד החליטה משפחה פולנית להכנס לדור בביתנו ובאותו יום גילה אותנו ה„גוי" ואמר:

— רצוני להודיעכם, כי אני נכנס לגור בבית זה ועד מחר בבוקר אני נותן לכם את השהות להסתלק מפה, ולא, לא תשאר ברירה בידי אלא למסור אתכם לידי הגרמנים.

אמי התעלפה. אני התחננתי בפני הגוי, לבל יגרש אותנו. זה ביתנו, אמי חולה ואינה יכולה ללכת, אבל הגוי לא הוסיף עוד והלך.

ברור, כי לא נשארה ברירה אלא להסתלק ממחבוא זה. באמצע הלילה לקחתי את אמי ובשארית כוחותיה, נשענת על גבי, הלכנו לכוון הגיטו.

## הלילה הגורלי

היה זה לילה קריר, השמים בהירים ומשובצים באלפי כוכבים.

האם ישנם עוד, באמת, כל כך הרבה יהודים, כמספר הכוכבים בשמים ⁉ בהגיענו לגיטו, מצאנו מקום ושם הסתתרנו.

פה בגיטו מצבנו השתפר קצת, היות וזה היה קרוב לאחי דוד, שדאג לנו. במחבוא זה המשכנו לשכב ואיש לא ידע על כך, פרט לאחי.

אוטו וגנר, רב־הטבחים של יהדות הרובישוב, היה מסתובב בגיטו ימים ולילות ועוקב אחרי כל מה שמתרחש בפנים ובחוץ.

לא אזכור בדיוק כמה זמן שכבנו במחבוא זה בגיטו. באחד הלילות, בחצות, ואני ואמי ישנים שנת־ישרים, הרגשנו פתאום ברק עצום של אור, אשר כסה את פנינו. היה זה אור עצום ולא ידענו מאין הוא בא. מאחורי האור לא נראה דבר. לאחר דקות חדות של סנוור, שמעתי קול בגרמנית:

— מי אתם? מה שמכם? מתי באתם לכאן?

לא אני ולא אמי ענינו דבר. הגרמני חזר שוב על אותן שאלות בלווי מלות־גנאי. גם במקרה זה אמי לא הוציאה הגה מפיה ושכבה כמאובנת. אני פחדתי וכולי רעד. לבסוף חזר אלי, לאט־לאט, בטחוני ואמרתי בפולנית:

— לא מבין!

הגרמני וגנר, רב־הטבחים, דחף את הדלת בחוזקה ויצא.

נשארנו. באותו רגע שמעתי אנחה גדולה וכבדה מפי אמי. נגעתי בזרועותיה והן היו קרות. לטפתי את פניה, התרפקתי עליה וצעקתי:

— אמא!!! אמא!!! התאוששי, הוא הלך, נשארנו בחיים, הוא לא ישוב עוד.

אבל אמי לא ענתה, רק נאנחה.

באותו רגע הופיע שוב הגרמני עם בחורה, איני זוכר מי היתה, והוא הורה לה להיות המתורגמנית. הגרמני התחיל שוב לשאול את אותן השאלות בגרמנית והנערה תרגמה אותם לפולנית. לשאלותיו עניתי:

— רק הערב הגענו לכאן מסביבות זמושץ, ואנחנו אינם מכירים פה איש. אני ואמי חולים ולא יכולנו להמשיך, לכן, החלטנו לנוח פה. התחננתי

לפניו שיקבל אותנו לעבודה, אנחנו יכולים לעשות הכל, גם אני וגם אמי. לאחר מכן הוא אמר:

— מחר בבוקר עליכם להתיצב בפני ראש הגיטו. היות ולא יכולנו לברוח, כי זה לא היה ביכולתנו הפיסית, הלכנו למחרת בבוקר לראש הגיטו ונתקבלנו רשמית.

## במחנות העבודה

מאותו הזמן חיינו בגיטו יחד, עד שיום אחד הוחלט על חיסולו והעברת כל היהודים לבית־הסוהר של העיר. משם הועברו כל היהודים במכוניות לקרונות־משא בתחנת הרכבת ומשם אל מחנה־העבודה בודזין.

המחנה בודזין היה המחנה הראשון, בו הרגשנו כפיה ורעב. פה נלקחו מאתנו הבגדים האזרחיים והלבישונו בגדי־אסירים עם פסים. כל אחד הווה לגביהם רק מספר. המחנה היה מגודר בתיל מחושמל וסביבו מגדלי־שמירה של האוקראינים.

מדי יום ביומו, בשעות הבוקר המוקדמות, נאספנו „לאפל" ואחר כך יצאנו לעבודה.

היינו חוזרים מאוחר עייפים, תשושים ורעבים. לאחר מכן הסתדרו תורים ארוכים ליד המטבחים ושם קבלנו את מנת היום: כף מרק, 150 גרם לחם, חתיכת מרגרינה וכף ריבה. זו היתה המנה היומית, אותה חלקנו כדי שתספיק לכל היום. ברור שתזונה לקויה זו גרמה לתשישות־כח ולמחלות.

## כיצד נצלתי

מדי חודש, תמיד ביום שישי, בוצעה בקורת מיוחדת וכל חולה ולא־מוכשר לעבודה העמיסוהו על קרונות לבתי־הגזים. הבעיה המיוחדת בפניה עמדתי: כיצד להראות גדול, למען לא להפסל באחד האפלים. היות והבקורת נערכה תמיד באותו מקום, הבאתי לי אבן גדולה, אשר הנחתיה מתחת לרגלי, והיא אשר שמרה לי אמונים והפכה אותי לגדול וזוכה לענויים.

רבות נתן לי לספר על מחנה זה. כל יום וכל לילה ומאורעותיו. לא היה יום בלי הוצאה להורג בעוון גניבה, נסיון בריחה או חולשה.

הימים הקשים ביותר היו ימי שישי. זכור לי יום שישי אחד. אני ועוד שני חברי בגילי החלטנו לא לצאת לעבודה. היינו עייפים מעבודת פרך במשך השבוע ונשארנו לשכב.

דווקא באותו יום שישי נערך מפקד במחנה. הגרמנים הלכו מצריף לצריף, ממיטה למיטה, וסחבו את כולם החוצה, כמובן, שגם אותנו מצאו והעמידונו למפקד זה.

הפעם הופיע מפקד המחנה בכבודו, בלווי הרופא, על מנת לקבל הסבר על מצבם של החולים. ידעתי, כי המפקד הזה הוא האחרון בשבילי.

בעמדנו בשורות, עבר מפקד המחנה והצביע על כל אדם, שנראה בעיניו תשוש או חולה והרופא שמאחוריו מנסה להסביר את מצבו. אינני זוכר בדיוק איך קרה הדבר, שבכל זאת נשארתי במחנה ולא נשלחתי עם ה„מוזל קומנדו", כפי שהיו מכנים את המשלוחים. אני רק זוכר, שהוא הצביע עלי ואמר: הראוס (החוצה) והוא המשיך ללכת.

אני, כנראה, לא צייתי לו, וזה אשר הציל אותי.

אחרי בודזין עברנו שורה שלמה של מחנות־רכוז וכל מחנה עם בעיותיו הספציפיות.

מחנה ויליצ'קה היה המחנה האחרון, בו עוד ראיתי את אמי. מאז לקחו אותה ולא ידעתי על גורלה. אותו יום, שהפרידונו, היה היום הקשה ביותר בחיי. בקשתי את המות מאשר להשאר ללא אם, כי רק הודות לה היה בי הרצון העז להשאר בחיים. ידעתי שגם היא זקוקה לי. על אף הענויים הקשים, שעברו עלינו, היא היתה אם גאה, הנוסכת בי בטחון ואמונה, כי יום יבוא ואנחנו נשתחרר.

על אף הצער והכאב המשכנו לחיות. מחנות רבים עברנו עד שהגענו לשכויץ על יד דרזדן. במחנה זה היה בית־חרושת לטנקים ומעל לבית־החרושת, בקומה הרביעית, קבעו את מגורינו.

פה חיינו תקופה ארוכה יחסית. במחנה זה לא היו הרבה אסירים והמיוחד בו, שהאסירים היו מארצות רבות. היו שם גרמנים (דויטש־פערבערעכער), צרפתים, רוסים, שודים, אוקראינים, הונגרים ועוד. המשטר חמור ותנאי האסירים קשים, בעיקר מבחינת המזון. האוכל נתן פה בצמצום ומאיכות גרועה, האנשים סבלו מהתנפחויות ומתופעות־לווי אחרות.

באחד הלילות בצעה קבוצת שבויים רוסיים בריחה מן המחנה בעזרת חבלים ארוכים, שקשרו לאדן החלון. למחרת תפסו אותם והרגום. בתור עונש נשלח אלינו מפקד חדש, אשר התיחס אלינו בחומרה וגרם לנו ענויים רבים.

באחד מימי החורף הקשים קמתי בבוקר ממיטתי וחשתי כאבי גרון קשים. במחנה היו שני אחים הונגרים, שהיו רופאים. אני התחבבתי עליהם ביותר. באתי אל האח המבוגר, וסיפרתי לו על מחושי הגרון ועל כך שאיני יכול לבלוע. כמובן, שהרופא בדק אותי וצוה עלי להיות רתוק למיטה במשך כמה ימים. מנסיוני למדתי, כי להיות חולה במחנה, זה דבר מסוכן. לכן, לא הסכמתי לשכיבה והמשכתי לעבוד.

מצבי לא השתפר, אלא הלך ורע. בלילות לא ישנתי ולא היה לי אויר לנשימה. הרגשתי כאילו משהו סותם לי את האויר בגרון.

הלכתי שנית אל הרופא והוא קבע: דיפטרית. הוכנסתי לחדר־החולים, בו שכבו כ־20 איש במחלות שונות. חלק מהם היה נגוע בטיפוס, דיזינטריה, וחלק סבל מהתנפחויות.

שני הרופאים־האחים התרוצצו ימים ולילות בחדר־החולים והגישו עזרה, אך מה אפשר היה לעשות ללא תרופות. כל יום כיסו אדם אחר בשמיכה.

אכן, גם מצבי הלך ורע וראיתי שוב את מלאך המות מרחף מעלי. הרופא נסה בצורות שונות לרפאני, חמם מים ונתן לי לנשום את האדים, אבל הוא ידע, כי במדה ולא ישיג זריקות לא יוכל להצילני. הוא הלך אל הגרמני, הממונה על החולים הגרמניים, ותבע בתוקף את הזריקות; הוא גם קבל אותן, הזריקן לי וכעבור ימים מספר, ירקתי החוצה גוש מוגלה, והבראתי.

הודיתי לרופא הזקן והנחמד.

לא היה איש באותו מחנה שלא חבב את האחים הרופאים. אני זוכר, שהבטיח לבקרני, לאחר גמר המלחמה. אך אסון גדול קרה לשני האחים. בראשונה חלה בטיפוס הצעיר ואחיו נסה להצילו על ידי הזרקה מדמו, אך ללא הועיל. כעבור חודש מת גם האח השני, וכך נסתלקו מאתנו שני אחים, רופאים טובים ואהובים על כל המחנה.

מותם השרה אבל כבד.

## ההפצצה הגדולה

ככל שהתקרבנו לשנת 1945, נעשתה האוירה יותר מתוחה. האחראים למשמרות בבית־החרושת החלו לאט־לאט לגלות, כי סוף המשטר הפשיסטי הולך וקרב. יום־יום, ולילה־לילה התמידו האזעקות בבית־החרושת והאנשים הורדו למקלטים. ככל שההפצצה כבדה, היא נסכה בנו את האמונה והתקוה, כי בסופו של דבר הגרמנים יושמדו.

באחד הלילות בוצעה ההפצצה הגורלית על דרזדן; כל הלילה, עד לפנות בוקר, הופצצה העיר והסביבה הפכה לתמרות עשן. רק בית־החרושת, בו עבדנו, נשאר שלם.

הגרמנים עדיין לא האמינו בכשלונם. הם אספונו והובילונו ברגל לכוון טרזין (טרזנשטאט).

היו אלה ימים קשים. בזמן ההפצצות נפנפנו אל האוירונים בבגדי האסירים שלנו, לבל יפציצונו.

בהגיענו לטרזין היינו תשושים ובשערי המחנה קבלו אותנו יהודים צ'כים, אשר הגישו לנו מזון ומים.

בטרזין גברו המחלות ועשרות אנשים מתו מדי יום ביומו. ידוע לנו, כי הגרמנים תכננו את הפעלת בתי־הגז, אך לא הצליחו. כעבור ארבע חדשי שהייה במחנה, הגיעו הרוסים. זה היה ב־8 למאי 1945.

יום לפני סיום מלחמת העולם השניה שוחררתי מידי הגרמנים־המרצחים.

קוראי היקרים! הבאתי בפניכם תאור קצר על הזוועות והענויים, שפקדוני במשך חמש שנות שהותי במחנות ובגיטאות.

# מאַניע לערעד / דער אומקום פון מיין משפחה

בת־ים


מאַניע לערעד

ס׳איז געווען אין דער צייט, ווען מען האָט הונדערטער אַרויסגעשיקט אויף צוואַנגס־אַרבעט, און זיי האָבן זיך שוין מער נישט צוריקגעקערט.

מיין פאָטער און ברודער האָבן זיך געפונען אין אַ קליין דערפל ביי הרוביעשאָוו, און געהאָפט, אַז ס׳וועט זיי געלינגען צו דערהאַלטן ביים לעבן זיך און די פאַמיליע.

מיין פאָטער האָט גוט געקענט די געגנט, האָט דאָ געהאַט פיל באַקאַנטע, אָבער ער האָט זיך שטאַרק אנטוישט. אַלע באַקאַנטע פויערים האָבן געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זיי זעען אים דאָס ערשטע מאָל, פאַרקלאַפּט פאַר אים די טירן און געהייסן ווייטער גיין.

איין פריינט האָט מיין פאָטער אין דערפל געפונען, אַן אַלטן, איינגעהויקערטן פויער. געווען איז ער אַמאָל אַ פאַרנאַל אין מארגניצער הויף, אָפט פלעגט ער צו אונז אין שטוב אַריינקומען און אויך אין דעם מאָמענט האָט ער זיך פון מיין פאָטער נישט אָפּגעטרייסלט. ער האָט געפונען אַן אַלטע, צעבראָכענע שאָפע און דאָרט פאַרשפּאַרט מיין טאַטן מיטן ברודער. אין אַ צווייטן דערפל האָט ער געפונען אַן ענלעכן פלאַץ פאַר מיין מוטער און שוועסטער.

נאַכט אין נאַכט איז דער אַלטעטשקער צו די שאַפע געקומען, אַרויסגעשלעפּט פון אונטער דער פאָלע אַ פּאָר אָפּגעקאָכטע קאַרטאָפל, אַ שוואַרץ ברויט און אָפט אפילו אַ שטיקל פלייש. איבערגעלאָזט אַ פּאָר וואַרעמע, האַרציקע ווערטער, איז ער שטילערהייט ווייטער געגאַנגען. נאָך מער האָט ער געזאָרגט פאַר מיין קראַנקער מוטער און שוועסטער. דאָס אַלץ האָט ער געטאָן בסוד. ער האָט זיך אפילו געהיט פאַר זיין אייגענער פרוי און קינדער.

איינמאָל, אין אַ שייגער פרילינגס־נאַכט, זיינען מיין טאַטע מיטן ברודער אַרויס פון זייער באַהעלטעניש, אומרויק, ווי שטענדיק. שוין עטלעכע נעכט ווי זייער פריינד איז ביי זיי נישט געווען. וואָס האָט געקענט פּאַסירן? דאָס לעצטע מאָל איז ער געווען שטאַרק צעטראָגן. ער האָט זיי איבערגעגעבן, אַז די געסטאַפּאָ־לייט שיכורן שוין 2 טעג אין פריצישן הויף. זיי מאַכן דאָרט ווילדע אָרגיעס, און ווער ווייסט מיט וואָס דאָס וועט זיך ענדיקן. ער האָט אויך געוואָרנט מיין פאָטער און ברודער זיי זאָלן נישט וואגן אַרויסגיין פון זייער באַהעלטעניש. אָבער ס׳זיינען שוין אַוועק עטלעכע טעג, מען קען שוין מער נישט וואַרטן, מען מוז שטילן דעם שרעקלעכן הונגער, און מען מוז זיך דערוויסן, וואָס ס׳הערט זיך ביי דער קראַנקער פרוי און טאָכטער. נאָך הייַנט מנז מען זיך אַהין דערשלעפּן.

נאָרמאַל אַ צען מינוטן־וועג, אָבער פאַר די וואָס האָבן זיך געמוזט דורכגנבענען צווישן די ביימער, קריכן אויפן בויך, איז דאָס נישט געווען פון די לייכטע זאַכן.

צעבלוטיקטע פון שטעכעדיקע גראָזן, באַדעקטע מיט אַ קאַלטן שווייס, זיינען מיין טאַטע און ברודער צוגעקומען צו דער אלטער שאפע. באַלד זיינען זיי פאַרגליווערט געוואָרן. דאָס פאַרבאָרגענע טירל איז פריי, אָפן, און אינעווייניק — קיין סימן פון אַ לעבעדיקן מענטש. אַ יאָמערלעך געוויין האָט זיך אַרויסגעריסן פון מיין פאָטערס ברוסט, מיין ברודער איז געשטאַנען אין דער זייט, אַ שרעקלעכער ווייטיק האָט אַדורכגענומען אַלע זיינע גלידער.

מיין ברודער האָט גענומען מיין פאָטער ביים אָרעם און זיי האָבן זיך געלאָזט גיין צוריק. אויפן וועג האָבן זיי באַגעגנט זייער פריינד, דעם אַלטעטשקן פויער, וועלכער האָט זיך געווענדעט צו זיי מיט אַ וויי־געשריי:

— אַנטלויפט, ווי אַמשנעלסטן, ווייל מאָרגן וועט זיין צו שפּעט!

מיין ברודער האָט אַריינגעפירט דעם פאָטער אין דער אַלטער שאפע, אָבער קיין טרייסט־וואָרט האָט ער פאַר אים נישט געפונען.

אויך דער אַלטער פויער האָט יענע נאַכט נישט צוגעמאַכט קיין אויג. ער האָט געזען דאָס שרעקלעך בילד, ווי ווילדע חיות האָבן זיך געוואָרפן אויף די צוויי אומשולדיקע קרבנות, אַראָפּגעריסן פון זיי די מלבושים, און געטריבן זיי דורך דעם דאָרף נאַקעטערהייט.

די מאַמע און די 20־יעריקע טאָכטער האָבן זיך צו דער ערד געוואָרפן און זיך נישט געוואָלט רירן פון פלאַץ, אָבער די צעווילדעוועטע געסטאַפּאָ־לייט האָבן זיי מיט גומענע שטעקענס געצוווּנגען גיין.

מיט דער מוטער און טאָכטער האָבן זיי זיך שוין דערליידיקט און וואָס ווייטער? דער פאָטער איז שוין צו שוואַך צו אַנטלויפן, און דער זון וועט אים נישט איבערלאָזן אַליין.

דער אַלטער פויער האָט געזוכט עפּעס אַ וועג, ווי אַזוי צו ראַטעווען זיינע אָרעמע פריינד. דערווייל איז אַוועק די נאַכט. צומאָרגנס איז דער פויער צו דער אַרבעט נישט געגאַנגען. ער האָט די שמוּביקע געזאָגט, אז ער פילט זיך נישט אַמבעסטן און ער האָט באַלד אָנגעהויבן בלאָנדזשען ביי דער שאפע. עפּעס אַ פאָרגעפיל האָט אים געהייסן בלייבן דאָרט אין דער נאָענט. ער האָט געזען די מערדער געפירט פון אַ יונגן כוליגאַן פון שכנותדיקן דאָרף. זיי זיינען אַלע אין שאפע אַריין. חוץ די צוויי יידן, האָבן זיי נאָך אַן האַלבן ברויט געפונען, און אַ פּאָר אָפּגעקאָכטע קאַרטאָפל.

— דאָס איז נישט קיין גוטער סימן, די יידן האָבן דאָ פריינד געהאַט. מען מוז זיך באַלד מיט זיי אָפּרעכענען.

אָבער די געסטאַפּאָ־לייט האָבן דעם נאָמען פון קריסטלעכן יידן־פריינד זיך נישט דערוווּסט, עס האָבן נישט געהאָלפן זייערע ווילדע געשרייען און קלעפּ. דער טאַטע און זון זיינען ביידע שטום געוואָרן.

נאָך דעם זעלבן טאָג האָבן זיי דעם טאַטן מיטן זון צום טויט געפירט. דאָס מאָל האָבן זיי אַלע איינוווינער פון דערפל צונויפגערופן, זאָלן זיי זען, ווי אַזוי דאָס דייטשע רייך רעכנט זיך אָפּ מיט אירע שונאים.

דער אַלטער פויער איז אין אַ זייט, הינטער אַ בוים, געשטאַנען, און מיט אַ האַרציקן בליק דעם טאַטן און זון אין זייער לעצטן וועג באַגלייט. דער פאָטער האָט זיך קוים אויף די פיס געהאַלטן, אָבער דער יונגער בחור האָט מיט אַ וואַרעם בליק אַרומגענומען די אַרומיקע פעלדער, גערטנער און די איינגעבויגענע כאַטקעס. עס איז אים זייער שווער געווען מיט דעם זיך צו שיידן. ער האָט אויך דעם אַלטן פריינד דערזען, און אַ האַרציקן, דאַנקבאַרן שמייכל געשיקט. ווי אַ העלד איז ער צו דעם טויט געגאַנגען, און ווי אַ העלד איז ער אויך געפאַלן פון דער דריטער קויל, וועלכע האָט אים אין האַרצן געטראָפן.

וועגן טראַגישן אומקום פון מיין משפחה האָט מיר דערציילט דער אַלטעטשקער פויער אין יאָר 1947, ווען כ׳האָב באַזוכט הרוביעשאָוו.

איך, די איינציקע, געבליבענע טאָכטער, בעט דאָס פאַראייביקן אין יזכור־בוך פון הרוביעשאָווער לאַנדסלייט.

# „לאָמיר זיין מוטיק ווי לייבן"

## האָט געזאָגט אַ פינף־יעריקער יינגל צו זיין מוטער, ווען די נאַציס האָבן זיי געפירט צו דער שחיטה

א יונגער, יידישער דאָקטאָר, וועלכער האָט עס אַליין בייגעוווינט און האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט פון פוילן, שילדערט די שוידערלעכע סצענע.

— איך בין אַליין געווען אַן עדות פון פאָלגענדער סצענע — האָט איבערגעגעבן דער דאָקטאָר, וועלכער האָט געאַרבעט אין לובלינער געגנט און האָט אויך געהערט צו דער יידישער פאָליציי. דער דאָקטאָר האָט זיך ארויסגעראַטעוועט פון פוילן, און זיין באַריכט איז איצט דורך אַ נייטראַל לאַנד דערהאַלטן געוואָרן אין יידישן וועלט־קאָנגרעס און אין דער רעפּרעזענטאַנץ פון פוילישן יידנטום אין ניו־יאָרק.

איך האָב עס אליין צוגעזען אין הרוביעשאָוו. אלס אַ בעאַמטער פון דער פּאָליציי בין איך געווען געצוווּנגען צו גיין צוזאַמען מיט אַ דייטשן זשאנדארם אלס באַגלייטער פון א גרופּע יידן, וועלכע די נאַציס האָבן דעפּאָרטירט פון דער שטאָט און געשלעפּט צו דער באַן. איך האָב געהערט, ווי אַ 5 אָדער 6־יעריקער, יידישער יינגל האָט באַרואיקט זיין מוטער, וואָס האָט ביטער געוויינט, זאָגנדיק צו איר:

— מאַמע, מיר גייען אויפן טויט, לאָמיר זיין מוטיק ווי לייבן, זאָלן זיי נישט זען, אז מיר האָבן מורא.

דער געראַטעוועטער יידישער דאָקטער האָט געשילדערט די מאַסן־דעפּאָרטאַציע פון די יידן אין הרוביעשאָוו און די נאָענטסטע אַרומיקע שטעטלעך.

— איך האָב אליין איבערגעלעבט די מוראדיקע געשעענישן אין הרוביעשאָוו. די מאַסן־דעפּאָרטאַציע און די רציחות אין הרוביעשאָוו זיינען פאָרגעקומען דעם 1־טן און 2־טן יוני 1942.

דעם 1־טן און 2־טן יוני האָבן זיך אויפן באַפעל פון די נאַציס געדאַרפט מעלדן אין הרוביעשאָוו אַלע יידן פון דער שטאָט און פון די אַרומיקע שטעטלעך: גראַבאָוויעץ, בעלזשעץ, אוכאַניע, האראַדלע, דוביענקא, און סטוזשישאוו. סך־הכל איז די צאָל יידן, וואָס איז אָנגעקומען קיין הרוביעשאָוו פון דער אומגעגנט, באַטראָפן 9,000 מאַן. אין הרוביעשאָוו אַליין האָבן זיך געמאָלדן 7,000. צוזאַמען האָבן די נאַציס צונויפגעטריבן אין הרוביעשאָוו 16,000 יידן, און פון זיי זיינען נאָך דער מאַסן־דעפּאָרטאַציע און רציחות פאַרבליבן 4,000 מאַן. פון דער צאָל זיינען 3,000 געווען פון הרוביעשאָוו. עס האָבן זיך געמוזט מעלדן אַלע, אפילו די יידישע ארבעטער, וואָס האָבן געאַרבעט ביי די דייטשן. די נאַציס האָבן קודם־כל דעפּאָרטירט די קינדער, פרויען און אלטע לייט, וועלכע זיינען פריער אויפגעפאָדערט געוואָרן צו פאַרזאַמלען זיך אין מאַרק.

טעגלעך האָט מען אוועקגעפירט פון שטאָט צו 2,000 פערזאָן, שטענדיק ביינאַכט. אויפן וועג, צו דער באַן, האָבן די נאַציס דערהרגעט מיט רעוואָלווערן די, וועלכע זיינען געגאַנגען לאַנגזאַם, די שוואַכע, קראַנקע און פאַרמאַטערטע. ווער עס האָט נישט געפאָלגט דעם באַפעל אריינצוגיין אין וואַגאָן — איז געפאַלן פון א קויל אויפן אָרט.

די קולות פון די עלטערן, וועלכע האָבן צוגעזען, ווי מען הרגעט זייערע קינדער, וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

נאָכדעם, ווי מען האָט ארויסגעשלעפּט אַ גרופּע יידן אויפן מאַרק, האָט מען איבערגעזוכט זייערע וווינונגען פון קעלער ביזן דאַך. ווען די נאַציס האָבן געפונען יידן, וואָס האָבן זיך אויסבאהאלטן, האָבן זיי די אומגליקלעכע געבונדן די הענט מיט שטעכיקן דראָט. דאָס געוויין פון אַ קינד האָט אָפטמאָל אויפגעדעקט דאָס אָרט, וו מען האָט זיך באהאלטן.

איך האָב געקענט צוויי יידן, וועלכע זיינען 9 טעג געלעגן אין דעם אוהל פון רבין אויפן הרוביעשאָווער בית־עולם, און זיי האָבן זיך געראַטעוועט, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס א פּאָר שריט פון דעם אָרט זיינען אויסגעשאָסן געוואָרן יידן, וועלכע האָבן זיך געהאַט פריער באַהאַלטן אין זייערע הייזער. נאָכן איבערזוכן אַלע הייזער, האָבן די נאַציס ארויסגעשלעפּט פון די באַהעלטענישן ארום 300 יידן און זיי געבראַכט אויפן בית־עולם, געבונדן די הענט מיט שטעכיקע דראָטן, אין גרופּעס צו 5 מאַן. איך בין געווען צוזאַמען מיט זיי, אלס בעאַמטער פון דער פּאָליציי.

די נאַצי־מערדער האָבן אָנגעהויבן כאַפּן די קליינע קינדער פאַר די פיסלעך, און מיט איין בעסטיאַלישן קלאַפּ צעשמעטערט זייערע קעפּלעך אַן דעם טויער פון בית־עולם. די קולות פון די עלטערן, וועלכע האָבן געזען, ווי עס שפּריצן אַרויס די מוחות פון זייערע קינדערלעך, וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

נאָך די קינדער איז געקומען די ריי אויף די מענער. מען האָט זיי געהייסן אויסלייגן זיך אויף דער ערד צו 5 מאַן, אַזוי ווי זיי זיינען געווען געבונדן, מיט די פּנימער צו דער ערד. ווער עס האָט זיך געפּרוווט אנטקעגנשטעלן, איז אכזריותדיק געשלאָגן געוואָרן. דער געסטאַפּאָ־רוצח האָט זיך דאַן אוועקגעשטעלט אויף די קערפּערס פון די אומגליקלעכע און זיין דערשאָסן מיט א מאַשין־ביקס. דערנאָך האָט די צווייטע גרופּע 5 צוזאמענגעבונדענע יידן זיך געמוזט לייגן אויף דער ערשטער, און האָט געהאַט דעם זעלבן שוידערלעכן גורל. ווען דעם נאַצי־תלין איז געוואָרן צו שווער ארויפצוקלעטערן אויף דעם צו הויכן בארג פון די טויטע, האָט ער דער נייער גרופּע קרבנות געהייסן זיך אוועקלייגן אויף א צווייטן אָרט.

די לעצטע זיינען דערהרגעט געוואָרן די פרויען. פאַרוואָס האָט מען נאָך די אומגליקלעכע פרויען געדאַרפט פאַרמשפּטן, אז זיי זאָלן פריער מוזן צוזען די גרויזאַמע רציחות, איידער זיי זיינען אליין אומגעבראַכט געוואָרן?

די דעפּארטירטע יידן פון די שטעטלעך ארום הרוביעשאָוו האָבן די נאַציס פאַרשלעפּט אין טויטן־לאַגער אין סאביבאר, ווייל בעלזשעץ איז דאַן געווען איבערפולט. מיט דער זעלבער אכזריות האָבן די נאַציס דורכגעפירט די דעפּארטאציעס און רציחות אויף יידן אין קראסנאסטאוו, פּיאסקי, איזביצע, טראווניקי, קאמיע, רעיאוויעץ, בילגאראי, יאנאָוו־לובעלסקי, כעלם, זאמאשטש און אנדערע שטעט און שטעטלעך פון לובלינער געגנט.

„אויסטראלישע יידישע נייעס", 3.3.1944.

## אַ ליד פון טרעבלינקע

טרעבלינקער דאָרף,
דאָ הערט מען אַ בלאָקאַדע
און דאָ שטייט מען אין די רייען
נאָך אַ לעפעלע מארמאָלאַדע.

דער זון זוכט זיין מוטער,
ס'איז זויער און ביטער.
דער מאַן זוכט זיין ווייב
און די קינדער האַלטן פעסט
די מוטער ביים קלייד.

די פּאָליציי
זיי האָבן געשריען: שנעלער, גיי,
איר וועט נישט ליידן קיין נויט,
איר באַקומט דאָרט 3 קילאָ ברויט.

קינדער שרייען צו דער מאַמען:
פאַרוואָס לאָזטו מיר איבער אליין,
פאַרוואָס נישט צוזאַמען.

טרעבלינקער דאָרף, פאַר אַלע יידן דאָס גוטע אָרט,
ווער ס'קומט אהין — דער בלייבט שוין דאָרט.
אוי, ווי מיין האַרץ טוט מיך וויי, ווען איך טו
זיך דערמאָנען, ווו ס'זיינען אונזערע פריינד
און ווו ס'זיינען אונזערע טאַטע־מאַמע.

**שיינדל** און **אברהם גאָלדפאַרב**

## יעקב ראָזענבלאַט, אברהם און לייב לערער / די לעצטע טעג

9 טעג אין חודש חשון 1942 איז פאָרגעקומען די דריטע אויסזידלונג פון הרוביעשאָוו. מ'האָט צוזאַמענגענומען אַלע יידן, בתוכם דעם יידן־ראַט און די יידישע פּאָליציי. געציילטע איז געלונגען זיך אויסצובאַהאַלטן, דרייען איז געשען אַ נס באַפרייט צו ווערן: דוד, אברהם און לייביש לערער. זיי האָט באַפרייט דער וויצע־לאַנדראַט פון הרוביעשאָוו, קאַנטאַק.

אויפן צווייטן טאָג האָב איך געזען, אַז פון באַהאַלטן זיך ביי מיכאל דער שוסטער, א גוי א שיכור, פאַר גוטע געלט איז נישט קיין תכלית. אגב, מיטאַמאָל האָט דער גוי באַשלאָסן מיך אַרויסצוטרייבן פון שטוב.

באין ברירה, האָב איך זיך געלאָזט אויף דעם וועג צו דער צעגעלניע. כ'האָב דאָרט געטראָפן אַ פּאָליציאַנט און אים געבעטן, אַז ער זאָל זאָגן דער געסטאַפּאָ, אַז איך האָב זיך פרייוויליק געמאָלדן און, אַז ער האָט מיך נישט געפונען באַהאַלטן.

פון געסטאַפּאָ האָט מען מיך געשיקט צו דער אַרבעט. שפּעטער זיינען באַפרייט געוואָרן, יהושע קאַנער, זלמן געלערנטער און יעקב לערער. יעדן פרימאָרגן האָט מען אונז געפירט באַוואַכט צו דער אַרבעט, און ביינאַכט האָט מען אונז אריינגעפירט הינטערן מאַגיסטראַט, שלאָפן צוזאַמען מיט אַרעסטאַנטן.

ווייטיקלעך איז געווען צו זען, ווי מען האָט געבראַכט אין מאַגיסטראַט אונזערע ברידער, וועלכע מען האָט געפונען באַהאַלטן. אויפן בית־עולם פלעגט מען זיי דערשיסן. צווישן זיי פיל נאָענטע, וועלכע וועלן אייביק בלייבן אין מיין זכרון.

נאָכדעם האָט די פּאָליציי געכאַפּט יענקל בראַנד און ראַבינאָוויטשן מיט זייערע פאַמיליע און זיי געבראַכט אין געסטאַפּאָ, הינטערן מאַגיסטראַט. ווען דער מערדער, עוונער, וואָס איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן דערשיסן טויזנטער יידן, האָט דערזען יענקל בראַנד און ראַבינאָוויטשן האָט ער זיי געפרעגט:

— ווי קומט איר דאָ? איך האָב דאָך אייך פאַרשלאָסן אין וואַגאָן, וואָס איז אַוועק קיין בעלזשעץ, לעבן טאָמאַשאָוו.

זיי האָבן אים דערציילט, אַז זיי האָבן פאַרגעסן דאָס געלט און בריליאַנטן, וואָס איז געבליבן פון יידן־ראַט. נאָכדעם ווי ער האָט צוגענומען זייער פאַרמעגן, האָט דער מערדער זיי געצוווּנגען צוזאַמענברייגען אַלע יידן, וואָס האָבן זיך באַהאַלטן, בערך דריי הונדערט מיט זיבעציק מאַן. מען האָט זיי גלייך אַוועקגעפירט צו די קאַשאַרן, ווו עס האָט געוואַרט אויף זיי אַ גרויסער גרוב און מען האָט זיי דערשאָסן. באַפרייט זיינען נאָר געוואָרן די פאַמיליעס: בראַנד, ראַבינאָוויטש און אָרענשטיין.

קורץ, נאָכדעם, איז לויטן באַפעל פון מערדער עוונער, געשאַפן געוואָרן אַ גרופּע מיטן נומער 1, וועלכע האָט געאַרבעט פאַר דער געסטאַפּאָ. פאַרשטייט זיך אַז יעדער האָט געוואָלט זיין אין דער גרופּע נומער 1.

נאָכדעם האָט אַ צווייטער מערדער, וואַגנער, געשאַפן אַ גרופּע נומער 2. אַ דריטער מערדער, אַלעקס, האָט געשאַפן אַ גרופּע נומער 3.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און מען האָט באַפוילן די גרופּע נומער 2 זיך שטעלן אויף אַ פּלאַץ מיט שטריק און לאָפּעטעס. מען האָט זיי אַוועקגעפירט אויפן בית־עולם און אַלעמען דערשאָסן.

געסטאַפּאָ האָט פאַרזיכערט, אַז מער וועט מען נישט שיסן. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען יענקל בראַנד און ראַבינאָוויטשן דערשאָסן. דאָקטאָר אָרענשטיין האָט דאַן איבערגענומען די אָנפירערשאַפט פון לאַגער.

איין שיינעם פרימאָרגן איז געקומען אַ באַפעל פון לובלינער געסטאַפּאָ, אַז מען זאָל אַ טראַנספּאָרט פון פינף און זיבעציק יידן שיקן קיין מיידאַנעק. דאָרט זיינען זיי אַלע אומגעקומען.

אין דער צייט האָט מען אויסגעגראָבן אַ גרויסן גרוב אויפן בית־עולם און די מערדער האָבן דעם גרוב אַ נאָמען געגעבן „די וואַנע". מיר האָבן געוווּסט, אַז ווען מיר וועלן ענדיקן די אַרבעט אין געסטאַפּאָ, וועט מען אונז אַלעמען אַוועקפירן צו דעם גרוב.

איין שיינעם פרימאָרגן האָט מען אונז געבראַכט אין מאַגיסטראַט, באַזוכט פון קאָפּ ביז די פיס און אַוועקגעפירט קיין בודזין, ביי לובלין. דאָס איז געווען אין סעפּטעמבער 1943.

און אַזוי זיינען מיר לעבן געבליבן, נאָכדעם ווי מיר האָבן געזען דעם טויט פאַר אונזערע אויגן.

## יצחק לאַנדסבערג / געבליבן זיינען מיר צוויי הונדערט

אין געטאָ הרוביעשאָוו זיינען אין יאָר 1941 געווען אומגעפער 16־14 טויזנט יידן. מיר האָבן געאַרבעט ביי דער אייזנבאַן און ביי שטאַנץ־אַרבעטן.

אין יאָר 1942 זיינען פאָרגעקומען דריי אַקציעס. 4 טויזנט הרוביעשאָווער יידן האָט מען געבראַכט קיין סאָביבאָר און דאָרט זיי פאַרברענט. 3 טויזנט זיינען אין צוויי אַקציעס אומגעבראַכט געוואָרן אין בעלזשעץ, ביי לובלין. ענדע 1942 איז דאָס געטאָ אין הרוביעשאָוו ליקווידירט געוואָרן.

נאָך די דריי אַקציעס האָבן זיך רעשטלעך הרוביעשאָווער יידן אַרומגעבלאָנקעט אין דערפער. מיך האָט אָפּגעגליקט און איך בין אַריינגעפאַלן אין אַ גרופּע, וואָס איז לאָקירט געוואָרן אין געטאָ און האָט געאַרבעט פאַר די דייטשן.

אָנהויב 1943 האָט מען אונז געבראַכט קיין מיידאַנעק, ביי לובלין. אין פינף וואָכן אַרום האָט מען אונז אַריבערגעפירט קיין פּלאַשאָוו, ביי קראָקע. דאָרט זיינען מיר געווען א 4־3 טויזנט יידן. פון דאָרט האָט מען אונז דעפּאָרטירט קיין וויעליטשקע און דערנאָך קיין פלאָסענבורג און הערסבורג, אין דייטשלאַנד. 8 הונדערט יידן און 4 טויזנט פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן האָבן מיר געאַרבעט ביי טונעל־אַרבעטן.

אין יאַנואַר 1944 בין איך קראַנק געוואָרן און מ'האָט מיר געבראַכט אין שפּיטאָל אין פלאָסענבורג, ווו מ'האָט מיך מערדערלעך געשלאָגן אנשטאָט צו היילן.

אין אַפּריל 1945 האָט מען אונזער לאַגער עוואַקויִרט. 14 הונדערט מאַן זיינען אומגעקומען בעת דעם שוידערלעכן מאַרש, בעת וועלכן די אַמעריקאַנער האָבן אונז באַפרייט.

געבליבן זיינען מיר צוויי הונדערט.

### טרויעריקע דאַטן:

**15 יוני 1942 — ווערט געשאַפן דער געטאָ אין הרוביעשאָוו.**

**אין די יוני־אַקציעס פון 1942 זיינען אומגעקומען 5500 הרוביעשאָווער יידן.**

# חוה פולמן / לידיעה מהריב שוב - לא האמינו בוארשה

קבוץ לוחמי הגטאות



חוה פולמן

היה זה בתחילת אביב 1942, עוד לפני אותו ה־17 באפריל, יום־הדמים בגיטו ואר־שה. אז כבר הגיעו ידיעות ראשונות על הטבח בסביבות וילנה, אבל בגיטו וארשה חיו עדיין בשקט יחסי. רעב, מות, המתות ומאסרים היו תופעות רגילות, חלק מן החיים השוטפים. על חיסול המוני, מישרפות וכו' — עדיין לא דובר אז בציבור היהודי.

יצאתי עם פרומקה פלוטניצקה מה־גיטו. בימים ההם עדיין זה היה אפשרי, לאחר מתן שוחד לשוטר היהודי, שהיה מתחלק, כמובן, ברוח'ו עם הז'אנדארמים הגרמנים. לא היה צריך אלא להסיר את הסרט ולהתרחק מהשער במהירות האפשרית ולקפוץ לחשמלית.

נסענו להרובישוב. שם היה קיים סניף חזק ומסור. רצינו להיפגש עם החברים ולהכינם לקראת הימים, שינותק הקשר בינינו.

ישבנו ברכבת. התבוננתי בפרומקה. איזה שקט נפלא! אמנם לא נראתה „ארית" ביותר. לבושה יפה, השפתיים צבועות במקצת (הרבה יגענו עד שהסכימה לכך; הצבע שיווה לה מראה יותר „טוב"). ראשונה היתה תמיד לנסיעות, לא שמה לב, שפרצופה עלול לעורר חשד. בטחון עצמי, פנימי — גונן עליה.

התקרבנו לתחנת הרובישוב. השקפנו מבעד לחלון: תנועה בלתי־רגילה. המוני אדם מרוכזים על יד הרציף. לא חשדנו דבר וירדנו: נוסעים יחידים היינו, שירדנו בתחנה.

מי הם אלפי האנשים? — מיד הוברר לנו הכל: יהודים, גברים ונשים, זקנים וטף דחוקים וכבושים בין חבילות, כסתות וצרורות. צעקות, בכי, ומעל לכל — צריחות הגרמנים.

ארבעה גרמנים מגושמים, אדומי־פרצוף, שרוולי כותנותיהם מופשלים, דוהרים על סוסים לאורך הרציף, מצליפים בשוטים שבידיהם בלי הרף, דורסים, שופכים חמתם באמהות המחזיקות עולליהן, והיום — יום שמש בהיר.

הצצתי בפני פרומקה. חיוורת מאד. הבינונו הכל, בלי להוציא הגה. עלינו להשאר, אולי יעלה בידינו להתקשר עם חברינו.

נכנסנו לחדר ההמתנה. אין איש מלבדינו. הפולנים נמנעו אותו יום מלצאת מבתיהם. ביקשתי את פרומקה לשבת, אל תראינה עיניה את הנעשה מעבר לבית. היא ישבה בלי נוע, ומבטה נעוץ בחלל. אני עמדתי ליד החלון, לא יכולתי שלא להביט.

גרמני ענק, שפרצופו פרצוף רוצח, מוביל ארבעה בחורים לבושי קפוטות. רואה אני פניהם, עיניהם התוהות, הנה נותנים להם אתים: והם חופרים בור בריחוק כמה מטרים מהחלון. השוט ממריץ אותם:

מהר, אין פנאי!

לאחר כמה רגעים נורו ארבע יריות, וחוזר ומצליף השוט באלה הסותמים את הבור. הרוצח שב אל הכיכר כדי להמשיך ב„עבודתו".

פתאום נשמעה צעקה איומה של אשה — ויריה. אשה כורעת ותינוק נפל מידיה. עודנו חי. היא רצתה להשליכו מעבר לגדר התיל, למען יישאר בחיים. בן רגע ופרסות סוסים רומסות את הגויה הקטנה.

שקט. האלפים המצטופפים ברציף נאלמו רגע דום. נאחזתי באדן החלון. ראשי סחרחר.

נכנס מישהו לחדר ההמתנה. הצטחקתי אל פרומקה. ברור, עלינו להסתלק מכאן.

אנו הולכות בכיוון לעיר. הדרך מלאה עגלות: נוסעים חולים, ישישים, אלה שאינם יכולים ללכת ברגל ל„מטרה". אנשי המשמר הניצבים עליהם — אוקראינים.

להסתכל רשאיות אנו. רק דבר אחד „פעוט" דורש אותו יום אביבי: פנים צוחקות. הלא אביב בעולם!

סימטאות מוכרות — טבור העיר.

כאן, לא הרחק, גר אהרן פרומר, שבביתו היינו מתכנסים תמיד. בקירבת מקום אין איש. פרומקה נשארת למטה ואני עולה לקומה הראשונה, אכיר כאן כל פינה, והנה הדלת פתוחה לרווחה, על הרצפה פזורים כל מיני חפצים, כלי־מיטה. הדירה ריקה, אין בה נפש חיה.

לאן עתה?

במרכז העיר עוברת קבוצת נערים גויים ואחריהם שני גרמנים, גרזנים בידיהם. הנערים מובילים את הגרמנים להראות להם בית, בו מתחבאים עדיין יהודים.

בעברנו בעיר הריקה אנו מעוררות תשומת־לב. צריך ללכת קדימה בביטחה, כמי שהולך אל מטרתו. אנו הולכות לעבר הכנסיה, קונות סיגליות. פרומקה נשארת, ואני יוצאת העירה, שכן אני בלכתי מסתכנת פחות ממנה. עוד כמה בתים מוכרים, ואף דלתותיהם קרועות לרווחה — ריקים הם מאדם.

בחנות, בשיחות „דרך־אגב", וכאילו מתוך „סקרנות" גרידא, נודע לנו שהנוער היהודי מרוכז מאחורי העיר. אותו יסיעו לחוד, לא עם כל היהודים יחד. הם מיועדים לעבודה.

— „נו, והשאר גברתי — לפסולת". חיוך, אף אני משיבה חיוך.

למקום הריכוז של היהודים הצעירים אי־אפשר להגיע: נתונים הם לפיקוחם של האוקראינים.

— ובכל זאת הייתי רוצה לחזות ב„מחזה". — קולי שקט. דומה, לא אני המדברת, מישהו אחר דובר מגרוני.

— זה מן הנמנע, גברתי, לא תגיעי לשם — היום — לא, אולי מחר.

אני שבה אל פרומקה. נישאר עד מחר. מוכרחות אנו להיפגש עם הנוער.

הולכות אנו דרך הרחובות, שאוכלוסיתם פולנית. כאן שלווה, אביב.

הגענו למלון. יודעות אנו, כי לא רצוי לשהות פה הלילה, אבל אין ברירה. לו אך נגיע בשלום לבוקרו של יום מחר!

אנחנו רושמות את שמותינו בכרטיסי־הרישום. בעלת המלון מצטדקת:

— בזמנים אלה, ובפרט היום, מוכרחה אני לשמור על כל פורמליות. הגבירות הלא יודעות, מחפשים יהודים אפילו אצלנו, הפולנים. לגבירות זה אינו נוגע, כן? — והיא מסתכלת בנו בעינים בולשות.

אני צוחקת בקול רם:

— וכי מה עולה בדעתך, גברתי! סוף סוף נשארות אנו לבדנו.

פרומקה, פרומקה! לוטפת היא, דמומה, את שערותי. לילה. יודעת אני, גם היא איננה ישנה. ליל־אימים ארוך. מה טוב, שאינני מוכרחה לחייך.

האיר השחר. דפיקת־פתע בדלת.

— אין בכך כלום, זו היא רק בדיקה — מרגיעה אותנו התשובה מאחורי הדלת.

אני מכסה את פרומקה היטב בשמיכה עד המצח, פותחת את הדלת. נכנסים שני אזרחים.

— תעודות! לשם מה באתן הנה? בין־רגע נוצר סיפור. באנו לדודה, לכפר, והתעכבנו, כי בדרך לא השגנו קשר. מקשיבים, נימוקי מעוררים פיקפוקים, יש לי רק תעודת־לידה ואישור על גבי הצילום. תעודת־הזהות עדיין אינה מוכנה.

— נבדוק זאת.

הם יצאו, והוראה ניתנה לנו: להתייצב באותו בוקר בתחנת המשטרה. צריך מיד להסתלק, אין להתמהמה אף רגע.

הרכבת יוצאת בשמונה. דרך סימטאות הולכות אנחנו לתחנת הרכבת.

ברציף — קרונות משא. זו היא הרכבת ה„מיוחדת". היא מובילה לבלז'אץ.

לקרונות נכנסים אחרוני היהודים. המגף הגרמני דוחק. על הרציף — חבילות, כרים, עגלות־ילדים, סירים. במרחק מה כמה נערים אורבים לטרף: הם מחכים שהרכבת תזוז, ואז יעטו על השלל.

היתה זו ידיעה ראשונה, בטוחה, שהבאנו לוארשה. ולא האמינו לנו.

(ספר מלחמת הגיטאות)

# ישראל ויס / בימי שואה ונקם

חיפה



ישראל ויס

שלמה ברנד, מבני עירנו, היה מראשי ה־ארגון הלוחם בגיטו וילנה. אני ו א נ ג פנינו אליו והוא שמח להכניס אותנו לארגון. הוא צרף אותנו לחמישיות הלומדות את תורת הל־חימה והשימוש היעיל בנשק. עם הפלוגות הראשונות אנחנו יוצאים ליערות.

לפושטשא רודניצקה הגענו לאחר הליכה של שני לילות. ככל שחדרנו ליער, נעשה היער יותר עבות והביצות מתרבות.

התחילה תקופה של הסתגלות והתארגנות. האנשים עייפים מהסבל בתקופת הגיטו ורעבים מחוסר מזון.

גשמי סתו יורדים בלי־הרף. הקימונו מבנים מברושים ומכלונסאות־עץ וכסינו אותם בענפי עצים ועלים. לא פעם התעוררנו בבוקר ומצאנו את עצמנו בשלוליות מים.

המחלות התרבו ואנשים תמהים ושואלים את עצמם, האם לשם כך באנו, כדי לגווע בג׳ונגל?

היתה זו תקופה קשה. היאוש והאכזבה חדרו למחנה. למאוכזבים ניתנה רשות לעזוב את הבסיס, תוך ימים מספר. לדאבוני, גם י. א נ ג מהרובישוב היה בין המאוכזבים. הוא מזמינני להצטרף אליו והוא מוכן לכסות את ההוצאות. סומך הוא על „נסיונו בחיים". השתדלתי לשכנעו, שלא זו הדרך, והוא מאן להשמע. נפרדנו ולא ידע, שהוא צועד בדרכו האחרונה. חברים שחזרו מסיור שגרתי מסרו לי, שהלשינו עליו ועל חבריו ועקבותיהם

נזכרתי גם ב ל י פ א א י י ז ן מיוצאי עירנו. איש צנוע ונעים־הליכות. עבד בתור מנהל חנות אספקה בגיטו וילנה. בהתחלת אוגוסט 1943, לפני חיסול הגיטו, נשלחו יהודים לעבודה באסטוניה. ל י פ א שנזדמן לרחוב, עקב חופשתו, נצטווה ע"י מפקד המשטרה, סוכן הגיסטפו ד ס ל ר, להוביל יהודי לשער הגיטו. הוא סרב, בטענה שאין זה מתפקידו. כעונש צרפוהו לקבוצת היוצאים והוא נספה במחנות־הרכוז באסטוניה.

בהתקרב החורף, העתקנו את מגורנו לגבעה. מסביב לה ביצות ורק כניסה אחת למחנה מוסתרת היטב. בבונקר החדש, שבנינו על הגבעה, אנחנו מרגישים כמו בבית. האנשים התרגלו לחיים ביערות. לאט־לאט נכנסו סדרי אספקה למסלול. התחלנו בפעולות כלכליות בהיקף ניכר. לא תמיד נותנים האכרים צרכי מזון מתוך רצון. באין ברירה, היינו משאירים להם קבלות על המזון שקבלנו, תוך הבטחה שתמורתו יקבלו אחרי הנצחון.

נחרתה בזכרוני פעולה שמפקדה היה בן־עירנו, ש ל מ ה ב ר נ ד. עם דמדומים יצאנו לדרך בכוח של פלוגה. במשך השבוע האחרון ירד שלג ובוססנו בו עד למתניים. למרות הקשיים והסכנה שיתגלו עקבותינו, הגענו אחרי חצות לכפר „עשיר", סמוך לעיר איישישוק. הצבנו משמרות משני עברי הכפר, שבתיו היו מפוזרים לאורך כמה קילומטרים. שלמה חילק את הלוחמים ונתן הוראות מפורטות. נכנסתי עם חברי ל„חוטור" (בקתה) ראשון. כשהשגיח בנו האיכר, הצטלב באמרו:

— האם ידוע לכם, שנכנסתם ללוע הארי?

הוא צדק במדה רבה. במרחק של קילומטר וחצי התבסס חיל גרמני מוגבר. הוא הוסיף, שעד היום הזה לא העיזו פרטיזנים להגיע לכפרם. למרות עייפותנו עבדנו במרץ רב, כדי לגלות את מחבואי המזון.

ב־5 בבוקר היתה השיירה מוכנה. ש ל מ ה שלח קבוצת חלוץ, כ־20 לוחמים, קדימה ואני עם קבוצה שנייה נשארנו עמו לסיים את „המלאכה" בכפר הסמוך.

כעבור חצי שעה פלחו יריות באויר. התקדמנו כהרף־עין. דהרנו בעגלות חורף להשיג את הקבוצה שהתקדמה והתברר שהם נתקלו במארב. הגרמנים התבצרו בבתים על גבעה, מאחורי חורשה, בעמדות נוחות. כשהתקרבנו, נתכה עלינו אש איומה. לא מצאנו מחסה ותחת חפוי־אש נסוגנו, עד שהגענו ליערות.

הקבוצה השנייה נהלה קרב עקשני עם האויב, שהיה חזק פי כמה ונסוגה, בהשאירה 3 חללים בשדה. ש ל מ ה חזר לאסוף את החיילים ולהביאם למחנה. הוא גם מצליח להביא חלק גדול מהאספקה.

ברם, אין זה מקרה בודד. ש ל מ ה נשלח תמיד לבצע את הפעולות המסוכנות ביותר. הוא מצטיין באומץ לבו ובקור־רוחו ונחשב כאחד המפקדים המוכשרים והנועזים בפושצ׳ה. עם העברת המחנה השני לבסיס חדש, הוא נתמנה כמפקדו הראשי עד לשחרור.

הפעולות הכלכליות לא זכו להערכה בקרב הפרטיזנים. אבל בשבילנו — המחנה היהודי — היא הבעיה חשובה ביותר.

במשך התקופה הקצרה הצטרפו אלינו יהודים, שנמלטו מהשחיטות בעיירות, מגיטאות וממחבואים, לרוב אנשים מבוגרים עם נשים וילדים. מפקדי המטה של הבריגדה, רובם גויים, לא הבינו את מצבנו המיוחד: לאן נשלח את היהודים הנרדפים, שנצלו מגיא־ההריגה? האם נחזירם לזרועות הגיסטפו?

חיי הפרטיזנים היהודים נכנסו למסלולם. התחילו פעולות של רכישת נשק בכפרים, שזוינו על ידי הגרמנים וכן פעולות־עונשין נגד סוכני הנאצים ועוזריהם האכרים. כפר פורעים ידוע, שברשותו היה נשק רב שקבלו מהגרמנים, נשרף על כל החי והרכוש ולא נותר ממנו אלא עפר בלבד.

בינתיים מתקבלות ידיעות על נצחונות הצבא האדום ומגיעות כמויות נשק מהאויר. זוכרני אותו ערב, כשהגיעו האוירונים ובחשכת הליל הגיחו המצנחים הלבנים. הם היו בעיני כסמל לחדוש הקשר עם העולם החיצוני, החפשי.

אם כי בתקופה סוערת זו של רצח ודם לא האמנתי שאשאר בחיים, הרי ברגעים ספורים אלו התעוררה התקוה מחדש. עם המשלוחים, שהכילו גם נשק אנטי־טנקי, גבר היקף המבצעים. טור משורין של גרמנים שעבר בכביש גרודנה — וילנה ניגף לאור היום. החיילים הושמדו ושלל רב נפל לידינו. הנצחון היה גדול, כי קודם לכן ניסו פלוגות הגויים את כוחם וההצלחה לא האירה להם פנים.

הגיע אביב 1944. הרוסים מכינים התקפה גדולה בחזית הצפונית. אנחנו מגבירים את מלחמתנו בעורף. לילה, לילה מתרוקנים הבסיסים, פלוגות יוצאות לפעולות קרביות ומעשה חבלה. רוח חדשה פעמה במחנה. הלוחמים צמאים לקרב ולנקמה ב„עם האדונים".

בהצלחה מיוחדת זוכים הפרטיזנים ומפקדיהם המשתתפים בפעולות מיקוש רכבות. מאות גרמנים וציוד צבאי יקר מושחתים, ללא־רחמים, בדרך לחזית ואינם מגיעים למטרתם. הנאצים נאלצים להגביר את משמרותיהם על דרכי תחבורה ובסיסיהם ולהעביר חיילים משדה הקרבות לעורף.

בינתיים נסוגים הגרמנים וסופגים מהלומות בכל החזיתות. עם הנסיון גבר עוז הרוח, אנו מתקיפים את בסיסי האויב המבוצרים, מפרקים פסי רכבת, מנתקים קשר טלפוני ושמים מארבים בדרכים.

בפעולות ובקרבות אלו נפלו מאות לוחמים יהודים, בנקמם את דם עמם השפוך. יהי זכרם ברוך!

בהתחלת יולי 1944 נתנה פקודה להתכונן לדרך. הלוחמים יוצאים לכוון וילנה ומשתתפים בכיבושה.

ביום השני של הקרבות נשלחתי עם כתת סיור העירה. הגרמנים נסוגו והתבצרו בתחנת הרכבת ואופייני, שכל עוד השגיחו בנו, גבר פחדם וירו עלינו בחמת זעם.

המלחמה נסתיימה ואנחנו נשארנו בחיים, קשה להתרגל לרעיון הזה. בשורות מלוכדות צועדות פלוגות הלוחמים היהודיות ועוברות בסך ברחובותיה הראשיים של וילנה.

בפברואר 1945 אני חוזר להרובישוב. העיר עומדת על תלה. בבתינו יושבים גויים; הם רצחו וגם ירשו. אני עובר ברחובות הריקים ובשוק. דממה. שקט, שקט, של בית־הקברות. בודדים נשארו בחיים, אודים מוצלים מאש.

# לייביש פראָסט / הרוביעשאָווער אין די טוטשינער וועלדער

בת־ים

אַטייל הרוביעשאָווער יידן, וואָס האָבן זיך עוואַקויִרט פון שטאָט אין יאָר 1939 און האָבן אויסגעמיטן די סיבירער פאַרשיקונג, האָבן זיך באַזעצט אין דער געגנט פון לוצק און טוטשין. זיי זיינען געוואָרן אָרטיקע בירגער, אַרויסגענומען סאָוויעטישע פּעסער, און געפירט אַ נאָרמאַל לעבן, גלייך מיט אַלע אָרטיקע יידן, וועלכע האָבן געציילט ביז פינף טויזנט פּערזאָן.

דאָס שטעטל טוטשין האָבן די דייטשן פאַרנומען 2 וואָכן נאָכן מלחמה־אויסברוך. די אָרטיקע יידן, וועלכע האָבן נאָך געהאַט מעגלעכקייטן צו אַנטלויפן, האָט דער פאַרטיי־סעקרעטאַר אָפּגעהאַלטן פון דעם שריט פאַרזיכערנדיק, אַז דער שונא וועט ווערן אָפּגעשלאָגן. ס'האָבן אויך קורסירט קלאַנגען, אַז די סאָוויעטן לאָזן נישט די אַנטלויפנדיקע אַריבערגיין די גרענעץ, אַזוי אַרום זיינען צוזאַמען מיט אַלע יידן געבליבן זיצן אין טוטשין די הרוביעשאָווער: שעפּסל שטיינבוים, פאַמיליע ווייסברויט, הערש ענגעלשטיין, יחזקאל טענער פסח קאַץ, שלום ריכטער, יאָסל לערער, אברהם רייכמאַן און אַנדערע.

באַלד, ווי די דייטשן האָבן באַזעצט די שטאָט, האָבן די אָרטיקע אוקראַאינער דערפילנדיק זיך, אַלס הויפּט בעל־הבתים פון שטאָט, אָרגאַניזירט אַ שוידערלעך פּאָגראָם איבער דער שוצלאָזער יידישער באַפעלקערונג. דערמיט האָבן זיי געוואָלט אונטערשטרייכן, אַז אין זייערע הענט ליגט דער גורל פון דער יידישער באַפעלקערונג.

די ערשטע פּאַרטיע פון הונדערט און פופציק יידן, וועלכע איז כלומרשט גענומען געוואָרן אויף אַרבעט קיין לוצק, איז אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין קיעוו, און נאָכן ענדיקן די אַרבעט, ביי אַ בריק, האָט מען אַלעמען אויפגעהאָנגען. בלויז יונה הייס אַ יינגל פון הרוביעשאָוו איז געלונגען צו אַנטלויפן, און איבערגעבן די ווויסטע בשורה די אָרטיקע יידן.

די יידן אין געטאָ האָבן געליטן הונגער און נויט, און זיינען געצוווּנגען געוואָרן צו שיקן זייערע קינדער פאַר פּאַסטוכער צו די אַרומיקע פויערים.

סוף 1942 האָבן די דייטשן געגעבן אַ באַפעל די אָרטיקע פויערים מער נישט צו האַלטן ביי זיך קיין יידן.

גלייך נאָך יום־כפור האָבן אָפּטיילונגען פון דער אוקראַאינישער פּאָליציי, באַוואָפנט מיט מאַשין־געווער, אַרומגערינגלט דעם געטאָ. גלייכצייטיק האָבן די קינדער, וועלכע זיינען צוריקגעקומען פון די פויערים, איבערגעגעבן, אַז נישט ווייט פון שטאָט ווערן דורך סאָוויעטישע געפאַנגענע געגראָבן גרויסע גריבער. מען האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז די צוויי פאַקטן, האָבן אַ נאָענטן שייכות און די טעג פון דער יידישער באַפעלקערונג זיינען געציילטע.

דער הרוביעשאָווער, שעפּסל שטיינבוים, וועלכער האָט דער ערשטער דערהאַלטן די ידיעה וועגן די צוגעגרייטע גריבער, איז אַוועק צו אַ פאָרשטייער פון יודן־ראַט, און געפאָדערט, מען זאָל זיך נישט לאָזן פירן צו דער שחיטה, ווי שעפּסן. ער האָט פאָרגעלייגט, אַזוי ווי 10 קילאָמעטער פון שטאָט געפינען זיך גרויסע וועלדער, זאָל מען אַדורכרייסן די געטאָ פאַרצוימונגען, און אַוועקגיין אין די וועלדער. כדי צו צעמישן די וואַך און לייכטער מאַכן דאָס אַנטלויפן, זאָל מען אונטערצינדן דעם געטאָ.

עס איז באַשלאָסן געוואָרן וועגן דעם ענין צו רופן ביינאַכט אַ פאַרזאַמלונג אין שול. אומבאַמערקט פאַר דער וואַך, איז מען זיך איינציקווייז צונויפגעקומען אין שול, ווו דער פּלאַן איז באַטראַכט געוואָרן. יעדער האָט זיך אָפּגעגעבן אַ רעכענונג, אַז מיטן אונטערצינדן דעם געטאָ, איז אַלץ פאַרלוירן. קנאַפּע זיינען די שאַנסן אַדורכצורייסן זיך דורכן פייער פון מאַשין־געווער, אָבער אַזוי צו אַזוי, איז מען צום טויט פאַרמשפּט, און אַנווערן איז נישטאָ וואָס.

מ'האָט אָפּגעמאַכט, אַז יעדער זאָל צוגרייטן נאַפט, און ווען די געסטאַפּאָ וועט זיך באַווייזן אין געטאָ, זאָל יעדער אונטערצינדן זיין שטוב, און לאָזן זיך מיט ווייב און קינד לויפן אין דער ריכטונג פון וואַלד.

ווען דער באַשלוס איז באַקאַנט געוואָרן אין געטאָ, האָבן זיך אָנגעהויבן האַרצרייסנדיקע סצענעס. מען האָט זיך געזעגנט מיט ווייב און קינד, און דאָס יאָמערלעך געוויין איז דערגאַנגען ביז צום הימל. יידן האָבן אָפּגעזאָגט וידוי, און זיך געגרייט אויף קדוש־השם.

די געשעענישן האָבן לאַנג נישט געלאָזט אויף זיך וואַרטן, מיטן באַווייזן זיך פון די ערשטע געסטאַפּאָוצעס אין געטאָ, האָט דער געטאָ אָנגעהויבן צו ברענען פון אַלע זייטן. אין גרויס פּאַניק, האָבן טויזנטער יידן מיט ווייבער און קינדער געלאָזט זיך לויפן צום טויער פון געטאָ. פון אַלע זייטן איז דער ברענענדיקער געטאָ באַשאָסן געוואָרן מיט אַ מערדערלעך פייער פון קוילנוואַרפער. טויזנטער יידן זיינען דערשאָסן געוואָרן, נישט באַוויזנדיק אפילו צוצעלויפן צום געטאָ טויער.

שעפּסל שטיינבוים מיט זיין פרוי, האָבן געכאַפּט די קינדער אויף די הענט און געלאָזט זיך לויפן צום טויער. אַן אוקראַאינישן פּאָליציאַנט, וועלכער האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג, האָט ער מיט אַ האַמער צעפּלעטט דעם קאָפּ, און אַדורכהאַקנדיק אַ ברעט, איז ער מיטן פיר־יאָריקן קינד, אַדורך אויף דער צווייטער זייט, נישט באַמערקנדיק, אַז די פרוי מיטן צווייטן קינד, האָבן שוין נישט באַוויזן זיך אַדורכצורייסן.

פון די פינף טויזנט יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אין געטאָ, האָבן קוים 2 טויזנט באַוויזן זיך אַדורכצורייסן אין וואַלד, צווישן זיי עטלעכע הרוביעשאָווער פאַמיליעס. די איבעריקע זיינען געפאַלן אויף קדוש־השם, אין דער געוואַגטער העלדישער אַקציע.

ווי געפּלאָגטע חיות, איז מען געלאָפן אין דער וואַלד־געדיכטעניש, זוכנדיק אַן אָרט, ווו זיך צו פאַרשטעקן. ווען די ערשטע פּאַנישע שרעק איז אַריבער, און מען האָט אָנגעהויבן קומען צו זיך, האָט מען זיך דערמאַנט, אַז מ'איז נאָך דערווייל לעבעדיקע מענטשן, און מ'דאַרף עסן. די ערשטע טעג האָט מען זיך דערנערט מיט וואַלד־יאַגדעס. שפּעטער האָבן די אַרומיקע פויערים אָנגעהויבן צו ברענגען עסנוואַרג און פאַר אַ גוטער מטבע פאַרקויפט.

נאָכן ערשטן איבערפאַל פון אוקראַאינישער פּאָליציי און ס.ס.־לייט איבערן וואַלד, בעת וועלכן, פיל יידן זיינען אומגעקומען, איז מען געוואָרן פאַרזיכטיקער, מען איז נישט אַרויס פון וואַלד־געדיכטעניש, און אָנגעהויבן גרייטן בונקערס.

מיט ציין און נעגל האָבן די אומגליקלעכע יידן אויסגעגראָבן טיפע גריבער. די גריבער זיינען באַדעקט געוואָרן מיט צווייגן, און אַ געדיכטער שיכט בלעטער.

פונקט ווי די חיות, איז מען אַ גאַנצן טאָג געלעגן אין גרוב. ביינאַכט איז מען אַרויס זוכן עסנוואַרג. כדי צוריקצוטרעפן אין בונקער, האָט מען געמוזט מאַכן סימנים אויפן וועג. ווי שאָטנס פלעגט מען זיך פון וואַלד אַוועקרוקן אויף די נאָענטסטע פעלדער, זיך איינשאַפן אַ פּאָר קאַרטאָפל און אַזוי אַרום דערהאַלטן דאָס לעבן. נאָכן אַרומבלאָנקען זיך אַ קורצע צייט אין וואַלד איז שעפּסל שטיינבוים מיטן קינד אַוועק אין דאָרף צו אַ באַקאַנטן פויער. ער האָט אים אַוועקגעגעבן אַלץ וואָס ער האָט נאָך געהאַט, און איינגעבעטן זיך ער זאָל אים דערלויבן אויפצוהאַלטן זיך אויפן סטאַדאָלע־בוידעם.

די אָרגאַניזירטע אָפּטיילונגען פון די אוקראַאינישע נאַציאָנאַליסטן, די אַזוי גערופענע באַנדעראָווצעס, וועלכע האָבן די ערשטע צייט מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן, פלעגן מאַכן אָפטע אָבלאַוועס און מיט דער הילף פון שפּירהינט אויפדעקן די פאַרמאַסקירטע בונקערס. די מערדער פלעגן אַרויסשלעפּן די קרבנות פון די באַהעלטענישן און אַלעמען אויסמאָרדן, אָדער אין פאַל ווען די קרבנות האָבן נישט געוואָלט אַרויס פון בונקער, אים אונטערצינדן, און פאַרברענען די מענטשן לעבעדיקערהייט.

ביי באַזונדערע טראַגישע אומשטענדן זיינען דערשאָסן געוואָרן ביים ענדעקטן בונקער די הרוביעשאָווער: שמואל ווייסברויט, הערש שניידערמאַן און איטשע מענדעס אייניקל. די איבעריקע אין בונקער, הערנדיק די שיסעריי האָבן פאַרשטאַנען, אַז זייער בונקער איז ענדעקט געוואָרן, האָבן גענומען אַרויסלויפן פון בונקער,

אפשר וועט מעגלעך זיין זיך צו ראַטעווען. בעת דער פּאַניק איז ביי דער הרוביעשאָווער מאַליע ווייסברוט צעטראָטן געוואָרן אַ קינד.

די שוידערלעכע וואַלד־רציחות פון די אוקראַינישע בלוט־הינט זיינען געוואָרן אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג, און פון דעם רעשטל יידן, וואָס האָט זיך נאָך אויפגעהאַלטן אין די וועלדער, איז געוואָרן ווייניקער און ווייניקער.

אין יענע טעג איז שוין דאָס אויפהאַלטן זיך ביי אַ פּויער געוואָרן אומעגלעך. די דייטשן האָבן געדראָט מיט דערשיסן יעדן פּויער, ביי וועמען מ׳וועט געפינען אַ יידן. די באַנדעראָווצעס פון זייער זייט האָבן אָנגעווענדעט אַ צווייטע שטראָף. האָבן זיי ביי אַ פּויער געטראָפן אַ יידן, האָט ער אים געמוזט באַגראָבן ביי זיך אין שטוב.

שעפּסל שטיינבוים האָט געמוזט פאַרלאָזן זיין באַהעלטעניש און איז אַוועק מיטן קינד אין אַ צווייטן דאָרף, אפשר וועט ווער אויף זיי רחמנות האָבן. קוים באַוויזן אָנצוקלאַפּן אין דער ערשטער טיר, איז אָנגעקומען דער זון פון פּויער, און געוואָלט אים איבערגעבן אין די הענט פון דער פּאָליציי. נאָך אַ שווערן געראַנגל, איז אים געלונגען בייצוקומען דעם אוקראַינער און אַנטלויפן מיטן קינד. פאַר שרעק איז דעמאָלט דאָס קינד פאַראַליזירט געוואָרן אויף אַ פיסל.

אין זיינע וואַנדערונגען איבער די וועלדער האָט ער דאָס קינד געמוזט טראָגן אין אַ זאַק, אָפּוואַרפנדיק אַלע עצות, וואָס מ׳האָט אים געגעבן, ער זאָל דאָס קינד ערגעץ איבערלאָזן. די פּויערים, דערוויסנדיק זיך, אַז ער איז אַ בלעכער, און קען מאַכן איינריכטונגען צו טרייבן בראָנפן, פלעגן זיך איינשטעלן, און אַריינעמען אים צו זיך, ער זאָל די אַרבעט מאַכן.

איינמאָל, געפינענדיק זיך ביי אַ פּויער אין שטוב, זיינען אַריין 2 באַנדעראָווצעס און אים באַפוילן מיטגיין מיט זיי, ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז שוין דער סוף. דאָס קינד איז דעמאָלט געשלאָפן אויפן בוידעם און ער איז געבליבן ווי פאַרשטיינערט. וואָס טוט מען מיטן קינד? איבערלאָזן, וועט דאָס שטאַרבן מיט אַ לאַנגזאַמען טויט. האָט ער זיי געזאָגט, אַז ער האָט מיט זיך אַ קינד. זיי האָבן אים געהייסן מיטנעמען דאָס קינד. פּויערים, וואָס האָבן אים געזען, געפירט דורך די באַנדעראָווצעס, האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ. אַ שאָד, ס׳וועט נישט זיין קיין בלעכער.

צום גליק, האָבן שוין דעמאָלט, אין יאָר 1943, די באַנדעראָווצעס איבערגעריסן מיט די דייטשן, און האָבן אָנגעהויבן זוכן יידישע פאַכמענער פאַר זייערע באַדערפענישן און דערלויבט פּויערים באַנוצן יידן צו דער אַרבעט. אים האָבן זיי אַריינגעפירט אין אַ סטאָדאָלע מיט בלעך, און דאָרט אים באַפוילן אַרבעטן.

די באַנדעראָווצעס האָבן אין יענע טעג אָנגעהויבן פירן פּאַרטיזאַנער־קאַמפן קעגן די דייטשן. זיי האָבן צעאַקערט די וועגן, וואָס האָבן געפירט אין די דערפער, כדי די דייטשן זאָלן נישט קענען קאָנפיסקירן פּראָדוקטן. אין רעזולטאַט פון די אַקציעס האָבן די דייטשן באָמבאַרדירט די אוקראַינישע דערפער, און פלעגן פאַרברענען די באַפעלקערונג לעבעדיקערהייט אין פאַרמאַכטע סטאָדאָלעס.

נאָך דער מרידה פון די אוקראַינער, האָבן די דייטשן אָנגעהויבן זיך צו חנדלען צו די פוילישע קאָלאָניסטן, און געמאַכט די פּאָלאַקן פאַר זייערע פאַכאָלקעס. די אוקראַינישע נקמה אָן די פּאָליאַקן איז געווען אַ שרעקלעכע.

די באַנדעראָווצעס האָבן דאַן באַפוילן, אַז אַלע יידן זאָלן פאַרלאָזן די וועלדער און זיך באַזעצן אין די הייזער פון די פּאָליאַקן. אַזוי ווי אין יענע געגענטן האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנער, מיט וועלכע די באַנדעראָווצעס האָבן געפירט אַ קאַמף, האָבן זיי געמאָלדן אַז יעדער ייד, וועלכן זיי וועלן טרעפן אין וואַלד, וועט באַטראַכט ווערן פאַר אַ סאָוויעטישן פּאַרטיזאַן און דערשאָסן ווערן. דאָס רעשטל יידן האָט פאַרלאָזט די וועלדער און זיך באַזעצט אין 2 קאָלאָניעס.

ווי ס׳האָט שפּעטער מגלה געווען איינער פון די באַנדעראָווצעס, איז צוגעגרייט געוואָרן אַ טייוולאָנישער פּלאַן. אַזוי ווי די יידן זיינען געווען לעבעדיקע עדות פון דער מיטאַרבעט פון די באַנדעראָווצעס מיט די דייטשן, און זייערע שוידערלעכע פאַרברעכנס, האָבן זיי געוואָלט האָבן די רעשטלעך יידן אויף איין אָרט, כדי ווען ס׳וועט ווערן נויטיק, אַלעמען אומברענגען.

דערווייל האָבן די באַנדעראָווצעס אין אַ געוויסער נאַכט באַפאַלן די קאָלאָניע, וווּ ס׳האָבן זיך געפונען אַלע יידן און מיט העק זיי דערמאָרדעט. איין ייד, וועלכער האָט צופעליק באַקומען אַ לייכטע וווּנד, איז געקומען צו לויפן אַ פאַרבלוטיקטער מיט די לעצטע כוחות אין דער צווייטער קאָלאָניע, וווּ ס׳האָבן זיך געפונען די לעצטע 64 יידן מיטן געשריי:

— יידן, ראַטעוועט זיך!

אין טויט־שרעק האָבן זיך אַלע געלאָזט לויפן אין וואַלד אַריין, און נאָך אין דער זעלבער נאַכט אַוועק צום טייך סלוטש, אפשר וועט זיי געלינגען אַריבערגיין אויף דער צווייטער זייט.

צווישן דער גרופּע האָט זיך געפונען אַ ייד, וועלכער האָט געקענט די געגנט, און האָט געזאָגט, אַז ס׳דאַרף זיין אין דער סביבה אַ בריק. און ווירקלעך האָט מען טאַקע אַ בריק געפונען. זי איז געלעגן נידריק איבערן וואַסער, אַז מ׳האָט זי קוים אָנגעזען. אָבער צוקומענדיק צו דער געגאַרטער בריק, האָט מען פון דער צווייטער זייט געעפנט אַ שיסעריי. ענטוישטע און מיט די לעצטע כוחות איז מען צוריקגעלאָפן אין וואַלד אַריין.

אין משך פון די עטלעכע טעג האָט מען, כמעט, ווי נישט געגעסן און ס׳האָט געדראָט, מ׳זאָל אויסשטאַרבן פון הונגער. און ווירקלעך האָט דער הונגער צוגענומען פיל קרבנות, צווישן זיי די הרוביעשאָווערין, חוה לאה ווייסברויט. מ׳האָט באַשלאָסן, אַז די ווייבער מיט די קינדער בלייבן אין וואַלד, און די מענער זאָלן אַוועק אין די נאָענסטע דערפער באַקומען שפּייז, און אויב מ׳וועט נישט באַקומען מיט גוטן, זאָל מען אָנווענדן כח.

צוקומענדיק נאָענט פון אַ דאָרף, האָט מען באַמערקט צוויי פּויערים. זיי האָבן איבערגעגעבן, אַז אין זייער דאָרף געפינען זיך סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנער.

פון דער ידיעה איז ליכטיק געוואָרן אין די אויגן. מ׳האָט שוין פאַרגעסן וועגן הונגער און מ׳איז גלייך אַוועק אין דאָרף. אָבער אין דאָרף זיינען שוין די פּאַרטיזאַנער נישט געווען. זיי האָבן בלויז געגעבן אַ באַפעל די פּויערים צו באַקן פאַר זיי ברויט, און דעם צווייטן טאָג וועלן זיי קומען דאָס מיטנעמען. אויפן צווייטן טאָג איז די גאַנצע גרופּע אַוועק אין דאָרף, וווּ מ׳האָט געטראָפן די סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנער.

ווער ס׳האָט צוגעזען די באַגעגעניש, האָט געמיינט, אַז די מענטשן זיינען אַראָפּ פון זינען. מ׳האָט געוויינט און געלאַכט און נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן מיט זיך.

דעם 6 יאַנואַר 1944 איז דאָס קליינע גרופּקעלע פון עטלעכע זעכציק יידן, דאָס אָרעמע רעשטל פון די פינף טויזנט יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אין טוטשין בעתן מלחמה־אויסברוך, אַריבער די בריק אויפן צווייטן זייט פון טייך סלוטש, וווּ ס׳האָבן זיך שוין געפונען די פאָרפּאָסטנס פון דער סאָוויעטישער רעגולערער אַרמיי. אין דער גרופּע האָבן זיך געפונען די הרוביעשאָווער: שעפּסל שטיינבוים מיטן קינד, די שוועסטער ווייסברויט און נאָך איניקע.

שעפּסל שטיינבוים, וועלכער האָט איבערגעגעבן וועגן די געשעענישן, געפינט זיך היינט אין ישראל צוזאַמען מיט זיין טאָכטער.

אין דעצעמבער 1939, נאָכן טרויעריק־באַרימטן טויטן־מאַרש, האָט דער דייטשער ראַדיאָ צייניש געמאָלדן: דער אויפשטאַנד־פּרוב פון די יידן אין קרייז כעלם און הרוביעשאָוו איז אונטערדריקט געוואָרן אָן רחמים!

# קאַפּיטאַן לעאָן פּאַרעצקי דערציילט

דער באַוווסטער העלד פון גענעראל באַרס אויפשטאַנד אין וואַרשע, דער קאַפּיטאַן לעאָן פּאַרעצקי, וועלכער איז געוואָרן דעקאָרירט מיט דעם גרעסטן אָרדן, איז נישט קיין אַנדערער ווי לאָלעק פּרץ, דער זון פון הרוביעשאָווער פאָטאָגראַף, הערשל פּרץ.


קאַפּיטאַן לעאָן פּאַרעצקי

אין דער נאַכט, פאַר דער גרויסער און לעצטער אַקציע אין הרוביעשאָוו, בין איך מיט מיין פרוי אַנטלאָפן צוזאַמען מיט מיין מאַמען און מיינע צוויי ברידער פראַנעק און יוזשעק קיין אבראַוויעץ.

מיין מוטער מיט מיינע צוויי ברידער ז״ל זיינען געבליבן אין דאָרף, איך מיט מיין פרוי האָבן דעצידירט, אַז מיר גייען אין וואַלד. מיר זיינען אַרויס פון אבראַוויעץ און דורך געפערלעכע וועגן זיך דערשלאָגן צו אַן אָפּטיילונג פאַרטיזאַנער אין די בילגאָרייער וועלדער. אַזוי האָב איך אָנגעהויבן פירן אַ לעבן אַלס גוי מיטן נאָמען פּאַרעצקי.

איינמאָל זיינען מיר אַרומגערינגלט געוואָרן דורך דייטשע באַנדיטן, און דורך אַ נס זיינען מיר אַרויס פון רינג, און זיך דערשלאָגן קיין וואַרשע. דאָרט האָב איך זיך אָנגעשלאָסן אין דער אונטערגרונד־באַוועגונג פון גענעראַל באַר, וועלנדיק נקמה נעמען אין די באַנדיטן.

מיינע קאַמפס־חברים האָבן מיך געהאַלטן פאַר אַ משוגענעם, אָדער זיי פלעגן זיך שושקען, אַז אפשר בין איך אַ זשיד, ווייל עס איז נישט געווען קיין איין אַקציע, אַז איך זאָל נישט זיין דער ערשטער.

מען וועט אונדז אַלעמען אויסשיסן. איך האָב געכאַפּט דריי אונזערע גראַנאַטן און איינעם אַ דייטשן, זיי צוזאַמענגעבונדן און זיך געגעבן אַ ריס פון דער ערד שרייענדיק: אַלע נאָך מיר! און האָב דאָס בינטל גראַנאַטן געוואָרפן אין טויער. עס האָט זיך דערהערט אַ קראַך און דער טויער האָט זיך איינגעבראָכן.

איך בין מיט אַ גרופּע אַריין אין טויער און האָב געמאַכט אַזאַ טומל, אַז די דייטשן האָבן געמיינט, אַז מיר זיינען אַ גרויסער כח און זיי האָבן אַרויסגעהאַנגען אַ ווייסע שמאַטע. איך האָב אויפגעפאָדערט, אַז אַלע זאָלן אַראָפּגיין אין הויף און אַוועקלייגן דאָס געווער. די דייטשן אַנטקעגנאיבער האָבן אויך איבערגעריסן דאָס שיסן, מורא האָבנדיק, אַז זיי וועלן שיסן אין זייערע אייגענע.

איינציקווייז זיינען די דייטשן אַראָפּ און יעדער איינער האָט דאָס געווער אַוועקגעלייגט. און דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיר — די אַטאַקירער זיינען געווען נישט מער, ווי 30 מאַן און די דייטשן, וועלכע זיינען געשטאַנען ביי די ווענט מיט אויפגעהויבענע הענט, האָבן געציילט 350 מאַן.

איך האָב געמאַכט אַ סעלעקציע: ווערמאַכט — רעכטס, ס.ס. — לינקס. א סך פון זיי האָבן זיך פאַרגעשטעלט פאַר ווערמאַכט, אָבער איינער האָט אַרויסגעגעבן דעם צווייטן.

מיר האָבן זיי אַריינגעפירט אין אַ קעלער און אויפן אָרט אויסגעשאָסן 140 באַנדיטן.

מיר האָבן אויך פאַרכאַפּט אַ גוואַלדיקע צאָל געווער און אַמוניציע. פאַר דעם געלונגענעם שטיקל אַרבעט בין איך באַשאַנקען געוואָרן מיטן גרעסטן אָרדן און געקראָגן די ראַנגע קאַפּיטאַן.

### מיר ליקווידירן די פּאָליצייִ־שול אויף דער טשעפּלע

דאָס איז געשען בעת דעם אויפשטאַנד אין וואַרשע. נאָכן באַזעצן די גזשיבאָווסקע גאַס, האָט מען מיך גערופן אין שטאַב און געזאָגט, אַזוי ווי מיר זיינען אָן אַמוניציע, איז נישטאָ קיין אַנדער אויסוועג ווי צו אַטאַקירן די שול פון דער שוץ־פּאָליציי און ביי זיי דעראָבערן געווער.

אין מיר האָט געברענט דער נקמה־געפיל, האָב איך זיך אויפגעהויבן און געבעטן מען זאָל מיר איבערגעבן דאָס שטיקל אַרבעט. די איבעריקע אָפיצערן האָבן זיך אָן דעם אָנגעכאַפּט, ווייל די אויפגאַבע איז געווען סכנות־פול. דאָס האָט געהייסן, פשוט, גיין דעם טויט אין די הענט אַריין. דערצו האָט מען מיר פאַרזיכערט, אַז די הייזער אויף דער צווייטער זייט גאַס זיינען אין אונזער רשות, אַזוי אַז איך האָב די פלייצע פאַרזיכערט.

מיר האָבן באַשלאָסן די אַטאַק אַדורכפירן 9 אזייגער אינאָוונט, כדי די דייטשן זאָלן נישט זען און נישט וויסן, ווי גרויס איז די צאָל אָנגרייפער. איך בין אַוועק צו מיין אָפּטיילונג, זיך מיט זיי בוראטן און צעטיילט די פונקציעס. אין אונזער רשות זיינען געווען: 50 אויפשטענדלער מיט 10 ביקסן, 6 סטענען, 4 רעוואָלווערן און אַ ביסל גראַנאַטן פון אייגענער פּראָדוקציע. וויפל דייטשן ס׳געפינען זיך אין דער שוץ־פּאָליציי האָבן מיר נישט געוווסט, נאָר אין איין זאַך זיינען מיר געווען זיכער, אז געווער און אַמוניציע געפינט זיך דאָרט אַ סך.

8 אזייגער זיינען מיר פון די גזשיבאָווסקע חורבות אַרויס און זיך אָנגעהויבן רוקן איינציקווייז צו דער שול. מיין פּלאַן איז געווען איבעראַשן די באַנדיטן, אויפרייסן דעם טויער און מיט אַ הורא זיך אַריינכאַפּן אינעווייניק.

ווי מיר זיינען נאָר אַריין אויף דער טשעפּלע גאַס, זיינענדיק זיכער, אַז אונזער חברה האָט באַזעצט די אַנטקעגנדיקע הייזער, האָבן מיר אָנגעהויבן די אַטאַק מיט אַ שטאַרקן הורא. אין דעם מאָמענט האָט זיך אויף אונדז אַ שאָט געטאָן אַ פייער. די דייטשן האָבן באַוויזן צו באַזעצן די אנטקעגנדיקע הייזער. האָבן מיר, הייסט עס, באַקומען פייער פון פאָרנט און פון הינטן.

מען הערט שוין ווייגעשרייען פון אונזערע פאַרוווּנדעטע, און אַנטלויפן קען מען נישט, ווייל אַ העליש גהינום איז אַרום און אַרום. איך זע, אַז

## ווער איז „גיטלא" פון רובישאָוו?

אַמבעסטן מאַסקירט זיך אַ ייד — האָט פראַניאַ אַמאָל געזאָגט — ווען ער רעדט אויס אַלדאָס בייז אויף יידן, ווען ער פרייט זיך מיט זייער פאַרניכטונג און דערציילט וועגן זיי לעכערלעכע מעשיות.

זאָשקא ווידער, האָט דערציילט וועגן א בלאָנדער, יונגער מויד, וואָס האָט אויפן פּראַגער מאַרק פאַרקויפט „טשוכעס" (אַלטע זאַכן) און גערופן:

— קויפט יידישע איבערבלייבעכץ, קויפט, אפשר וועט עמעצן באַגליקן צו געפינען אַן איינגענייטן אוצר!

און עס וואָלט איר, מן הסתם, געלונגען אַזוי איבערצולעבן, ווען נישט אַ הענדלערקע, וועלכע האָט דאָס מיידל דערקענט און אויפן קול אַ פרעג געטאָן:

— גיטלא, אַזש ז הרוביעשאָוואַ פּזשיעכאַלאַש אָשוקאַטש נאַשיך בראַטשי ז וואַרשאַווי? (אַזש פון הרוביעשאָוו ביסטו געקומען אָפּנאַרן אונזערע וואַרשעווער ברידער?)

האָט די הענדלערקע אַ רוף געטאָן צום עולם:

— בראַטשיאַ, אָנאַ זשידוואַ! (ברידער, זי איז אַ יידישקע!)

באַלד איז דאָס בלאָנדע מיידל אַרומגערינגלט געוואָרן פון „אויפכאַפּערס", און כאָטש זי האָט זיך געצלמט, געשוווירן ביי יעזוסן, אַז זי איז אַ פּאָלקע, האָט איר קיינער נישט געגלויבט און מ׳האָט זי אוועקגעפירט אין געסטאַפּאָ.

— פונוואַנען ביסטו זיכער, אַז זי איז אַ יידישקע? — האָב איך געפרעגט ביי זאָשקען.

— מ׳האָט שוין דערקענט, אַפילו אין דעם, וואָס זי האָט די סחורה איבערגעלאָזן אויף דער ערד און נישט געדענקט אָן איר. אָ, אַן אונזעריקע וואָלט קודם־כל צוזאַמענגענומען די טשוכעס, אַז פרעמדע זאָלן זי נישט ירשענען, און זי, די יידישקע, האָט געוואָלט בלויז זיך ראַטעווען.

חיה עלבוים־דאָרעמבוס — „אויף דער אַרישער זייט".

# איגרת־פרידה של מוטל – חבר „פרייהייט"*)

הרובישוב, 3 ביוני 1942

חברים יקרים!

קשה עלי הכתיבה בשעה זו, בה נשפך דמנו כמים, אבל רוצה אני ליטול מכם את ברכת־הפרידה, כי לולא כן, היה הדבר מעיק על לבי, כמו אבן כבדה.

יקירי, בשבת, בשעה ארבע אחרי הצהרים, הובאתי יחד עם משפחתי להרובישוב. תארו לכם את מצבי: הוצאנו מן הכפר, השארנו שם את הכל, שהרי אמרו לנו, כי יומים יימשך הדיפתור. כעת, אנחנו בהרובישוב — גלמודים.

בראשון בשבת, בבוקר, קמה בהלה איומה בעיר: פשטו שמועות, כי תיכף יחסלונו. את יומנו זה לא תוכלו להעלות על דעתכם. אין מלים בפי — כדי לתארו. כל הלילה שלאחריו לא עצמנו עין. חכינו למה שעומד להתרחש.

ביום השני, בבוקר, נודע לנו, כי איש לא יישאר בהרובישוב. כל אנשי העיר מוכרחים ללכת. הפכנו בדעתנו מה לעשות, אך להחלטה לא הגענו. נשמעה דעה, כי יש ללכת יחד עם ההורים. היו אשר תמכו בדעה זו, אבל החלטה לא נתקבלה.

בשני בשבת נשפך דם יהודי ברחובות. אנשים התעלפו, מיררו בבכי, יללו, אבל כל זה היה לשוא, הסערה התחוללה. בו ביום, בשבע בערב, נזדמנתי עם חברינו. דעתי היתה, כי עלינו להסתתר.

— — — ביום שני, בשעה 2,50 בלילה, התחיל מסע־ההשמדה. אנשים ברחו לשדות, התחבאו במרתפים. קולות הבכי עלו עד לב השמים. לי לא היה מקום להתחבא בו, שכבתי יחד עם הורי וחכיתי לבוא המוות.

ניגשו אלינו שוטר יהודי ואיש מן הזונדאר־דינסט. הם לקחונו — אותי ואת הורי, אחיותי ואחי. עם ילקוטינו על כתפינו הגענו אל הכיכר. ורק שם ראינו מה גדולה השריפה.

נשאתי את רגלי לברוח, אחרי ברחו גם הורי ועוד הרבה יהודים.

בשלישי בשבת עשינו את חשבוננו: נוכחנו לדעת כי 2700 יהודים אינם עוד בחיים, ומהם כשליש מחברינו. ידיעות מדוייקות אין לנו עדיין, אבל רבים הם הנעדרים. בכללם מ. פ. היקרה שלנו.

כותב אני ובוכה, ולא אחדל לבכות. הדבר מעיק על מצפוני, דעתי נטרפת עלי. רק נחמה אחת נשארה לי: כי במסע ההשמדה השני יבוא גם תורי. לולא זאת — הייתי שם קץ לחיי. הטובים בינינו, המסורים ביותר, והנאמנים ביותר נסחפו בסערה.

כעת, חברים, חיים אנו בדריכות: בששי בשבוע, בלילה, ילכו כולם, רק כמה מאות צריכות להישאר. אינני יכול להימנע מלכת יחד עם כל העם, ולהסתתר. בזה אני מסיים, כי הנייר כבר רטוב מדמעותי.

לבי כואב עלי, כוחות מרובים כל כך השקענו ועתה לא נשאר דבר. מציק לי עוד הרהור אחד: המעטתי לעשות למען העם.

היו שלום

שלכם מוטל

„ידיעות" מס' 7, 13 ביוני 1942

מעמק הבכא — — — — — — — ——

הרובישוב. במשך כל העת, עד לשניים ביוני, הובאו לעיר כל היהודים, שנעקרו מן הישובים הכפריים ומנקודות העבודה שבסביבה.

לפני חורבנה היו בעיר כעשרת אלפים יהודים. בשלישי בשבת, שניים ביוני, החלו הגרמנים במלאכת ההשמדה שלהם. הם הוציאו, בעזרת המשטרה הפולנית והיהודית, מספר מסויים של יהודים מבתיהם; כמה עשרות מהם רצחו במקום ואת השאר הסיעו בקרונות־משא חתומים בחותמות עופרת „לכיוון בלתי־ידוע".

בראשון בשבת, בשבעה ביוני, בשעה 5,30 בבוקר, בא המשך ההשמדה. את כל היהודים הנשארים הוציאו מבתיהם, העמידום בשורות, ארבעה ארבעה בשורה, והוליכום אל תחנת הרכבת.

כי עיני האוכלוסיה היהודית פקוחות היו והיא הבינה את הצפוי לה, מעידה העובדה, שכל האנשים הלכו בסדר, בלי שום צרורות בידיהם; הם ידעו היטב, כי המוות מצפה להם. מאחורי השורות הובילו בעגלות רתומות לסוסים את החולים והזקנים.

כיון שנפוצו שמועות, כי יהודים רבים מסתתרים, התחילו הגרמנים בסיועה של המשטרה הפולנית, לעקור את הרצפות ולהרוס את כתלי הבתים המיותמים, כדי לגלות את המחבואים האפשריים. ואמנם, נתגלו יהודים רבים בחיפושים אלה. קצתם נרצחו במקום הימצאם ואת השאר כינסו לכיכר מגודרת שבעיר. בסך־הכל נפלו ברחובות כמאתיים קדושים.

בכיכר הסמוכה לתחנת הרכבת מיינו את היהודים. את הילדים הפרידו מעל הוריהם והוליכום לרכבות מיוחדות. בעלי־מלאכה, שעבדו בשעתם במקומות עבודה גרמניים, מוכשרים לעבודה ומומחים במקצועותיהם, כאלפיים איש בערך, ריכזו במגרש נפרד ליד תחנת־הרכבת. את השאר הכניסו לקרונות חתומים והסיעום. חיפוש המסתתרים לא הגיע עוד בשלישי בשבת, בתשעה ביוני, לקיצו. את אלה שגילו היו ממיתים ביריות במקום הימצאם.

על גורלם של אלפיים האנשים, שנשארו לפי שעה בחיים, מהלכות השערות שונות. יש אומרים, כי לאחר שייעשה בהם „נפוי" נוסף (אין הגרמנים רוצים להשאיר בעיר יותר משמונה מאות יהודים), יסודרו במחנה־עבודה סמוך לעיר, או יקבעו להם שני רחובות חסומים בעיר גופא. לפי שעה ניתנה להם „ארכה" לחיות עוד שלושה שבועות והוענקו להם כרטיסי־עבודה. אחר כך עתידים הם לקבל כרטיסים צהובים מסומנים באות „י".

(„ידיעות" מס. 7, 13 ביוני 1942)

*) מתוך „ידיעות", שבועון ביידיש של תנועת „דרור" בגיטו ורשה, שהופיע ממו״ץ עד יולי 1942. עורכיו: יצחק צוקרמן ומרדכי טננבוים־תמרוף. תכנו של עתון זה פורסם ב„ידיעות" של בית לוחמי הגיטאות ע"ש יצחק קצנלסון באפריל 1960 ומשם העתקנו את הקטעים הנוגעים להרובישוב.

בעל המכתב הוא מרדכי (מוטל) ברנשטיין, מוצאו מכפר על יד הרובישוב. הגיע העירה, כדי ללמד תפרות. חבר „פרייהייט" משנת 1936. חדשים אחדים לפני פרוץ המלחמה עבר עם קבוצת חברים לקיבוץ הכשרה בלוצק. בהתחלת המלחמה התחסל הקיבוץ ומוטל היה בין אלה, אשר חזרו להרובישוב. היה בין הפעילים המרכזיים של סניף „פרייהייט" בעיר בימי הכיבוש. עם חיסול הסניף חזר לכפרו. מ. פ. המוזכרת במכתב, היא מרים פרוסט, אף היא מפעילי סניף „פרייהייט" במקום (לפי עדותו של יוסף פרומר).

**בחדשים מאי—יוני 1942 רוכזו בהרובישוב 9000 יהודים מהסביבה, שנשמדו בידי הנאצים.**

**כבוד לזכרם!**

# בלומע קירשענפעלד—וואַסער / ליכט אין דער נאַכט

תל־אביב

אסך ספקות האָבן זיך ביי מיר דערוועקט, צו דאַרף איך שרייבן פּרקים פון מיינע וואַנדערונגען דורך דער נאַצי־נאַכט. כ׳וויל מיט אַלע כוחות עוקר זיין פון מיין נשמה אַלץ, וואָס ס׳איז פאַרבונדן מיט יענעם קאשמאר, און יעצט זאָל איך פון דאָסניי אפפרישן די זכרונות און דאָס אין נאָמען פון אונזער קהילה קדושה, הרוביעשאָוו?

דאָך וועל זיך איך באַמיען דערמאנען געשטאַלטן פון אונזער שטאָט, וואָס זיינען פארוואגלט געוואָרן אין געטאָ־וואַרשע, כדי פון דאָרט אַוועקגיין אין זייער אייביקייט. אויב מיין געמיט וועט מיר צושפּילן, וועל איך וואגן אַרויסברענגען אויך זכרונות פון געלעכטער און טרוים, דאָס לידעלע פון אַ קינד און די געוואַגטקייט פון אמונה.

זאָל מיין טעכטערל, וואָס טראָגט דעם נאָמען נאָך איר שטאָלצער באָבען, לאה קירשענפעלד פון די האָלצערס, קריגן ליב די אַלע, וואָס האָבן געפּארעמט אַ יידישע וועלט אין די הונדערטער שטעט און שטעטלעך אויף דער שוואַרצערד פון לובלינער פליין, ווו הרוביעשאָוו און אירע יידן האָבן געשפּינט די טראַדיציע פון ועד ארבע ארצות. זאָל מיין לאהלע און אייערע משהלעך און שרהלעך זיין שטאָלץ מיט אונזער הרוביעשאָוו און זאָלן זיי וויסן, אז ס׳איז געווען אַ עיר ואם בישראל...

די היטלער־אינוואַזיע אין סעפּטעמבער 1939 האָט מיך געטראָפן אין לאָדזש, ווו כ׳האָב שוין דאָס פערטע יאָר געאַרבעט אין דער „יבנה“־שול (געהערט צו דער שול־נעץ „תרבות“). אין די בהלה־טעג, ווען מענטשן זיינען געלאָפן, ווו די אויגן האָבן זיי געטראָגן, בין איך פאַרבליבן אין לאָדזש. ס׳זיינען אויך פאַרבליבן מיין שוועסטער, דאבע עלבירט מיט איר מאַן, שמואל ז״ל, און איר איינציק טעכטערל, שולמית, וואָס איז פאַרשניטן געוואָרן דורך די דייטשן אין איר ערב־פּרילינג.

לכתחילה האָט זיך געלאָזט פילן אַ באַנייטע פּעדאַגאָגישע טעטיקייט אין אָקופּירטן לאָדזש, אָבער לאַנג האָט עס נישט אָנגעהאַלטן, ווייל די דייטשן האָבן פּלאַנמעסיק אַרעסטירט די יידישע און העברעישע לערער. מיינע פריינד האָבן טאָג־טעגלעך געבראַכט ידיעות וועגן די דורכזיכטיקע כוונות פון די דייטשן אויסצוראָטן די אינטעליגענץ. יעדן טאָג פלעגן נעלם ווערן יידישע און העברעישע לערער. דער אומרו איז שטאַרקער געוואָרן, ווען לאָדזש איז געוואָרן ליצמאנשטאַדט און די מערב־געביטן פון פּוילן זיינען איינגעגלידערט געוואָרן אינם דייטשן רייך. ס׳איז געוואָרן קלאָר, אַז דאָס איינציקע, וואָס עס בלייבט, איז מיטן פּנים צו מזרח, מיט דער אויסרעכנונג אויף ראטן־פאַרבאַנד.

דעם 19־טן דעצעמבער 1939 האָב איך צוזאַמען מיט מיין מאַן זיך דורכגעשמוגלט פון לאָדזש קיין וואַרשע. דער לעצטער קוש דער קליינער שולמיתל, מיינע שוויגער־עלטערן, שוועסטער, שוואָגער, אַ פאַרלוירענע טרער, אַ טרויעריקער בליק אויף אונזער דירה אויף קאַמיענע 16, אַן האַרץ איבערפולט מיט שוידערלעכע פאָרגעפילן, און מיר האָבן זיך געלאָזן גיין צום וואקזאַל אויף נאַרוטאָוויטשא. נישט בלויז דאָס קויפן בילעטן, נאָר אפילו די מינדסטע באַוועגונג האָט געדראָט מיט סכנות און די קלענסטע פון זיי איז געווען ווערן צעקאַטעוועט.

דעם 20־סטן דעצעמבער 1939 האָבן מיר אויסגעטוישט די געלע לאַטע פון לאָדזש אויף אַ ווייס־בלויער, וואָס האָט פאַרפליכטעט די יידן אין וואַרשע. די פּלענער וועגן מזרח זיינען געבליבן אַ חלום. מיר זיינען געבליבן שטעקן אין וואַרשע.

די דירה־ענדערונגען האָבן אָפּגעצייכנט באַזונדערע תקופות פון אונזער וואַרשעווער לעבן. די וווינונג אויף מיאַדאָווע 23 באַצייכנט דעם אָנהויב פון אונזער וואַרשע־עפּאָפּיי. דאַן זיינען מיר נאָך געווען פול מיט בטחון, אַז די גזרות וועלן זיך שנעל ענדיקן.

פון מיאַדאָווע זיינען מיר געוואָרן פאַרטריבן און געפונען אַ מקום־מקלט אויפן פערטן שטאָק, אויף ביעלאַנסקע 15, ביי אַ וווּנדערבאַרער משפּחה, קראַוזע און דאָרטן זיינען מיר געבליבן ביזן שליסן דעם געטאָ, דעם 15־טן נאָוועמבער 1940. אין געטאָ איז אונז אויסגעקומען צו וווינען אויף מוראַנאָווסקע 6.

אין יוני 1942 האָבן מיר געמוזט במשך פון אַן האַלבער שעה זוכן אַ נייעם געצעלט. אויף נאַוואָליפּקי 29 זיינען מיר געבליבן עטלעכע וואָכן און דאַן אויף מילע 54. נאָכן יאַנואַר־אויפשטאַנד האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן אויף שוויענטאָיערסקע 30, אינם בערשטער־שאַפּ, און דאָרט זיך געגרייט צום דראַמאַטישן געראַנגל אויף דער אַרישער זייט.

אין געטאָ וואַרשע האָבן איך געטראָפן פיל הרוביעשאָווער יידן. בעיקר, זיינען עס געווען געבוירענע אין הרוביעשאָוו, אָבער זיי האָבן געלעבט אין פאַרשיידענע שטעט אין פּוילן, פון וועלכע זיי זיינען פאַרוואגלט געוואָרן אינם געטאָ וואַרשע.

רחלע זילבערשטיין־פילאָזאָף האָט דורכגעמאַכט איר וועג צום טויט פון לאָדזש דורך וואַרשע קיין הרוביעשאָוו צוזאַמען מיט איר מאַן און קינד. איר שוועסטער, אסתר, אַ סטודענטין פון וואַרשעווער אוניווערזיטעט, איידער זי איז אַוועק פון וואַרשע קיין הרוביעשאָוו, האָט מיר איבערגעגעבן אַ וווּנדערלעכע פאַסירונג מיט דער משפחה יעבץ, פון די ערשטע טעג פון דער דייטשער אָקופּאַציע.

אין די רייען פון באַרימטן מאַרש האָבן זיך געהונען דעם רב יעבצעס איידעם, יוסף (דער מאַן פון רייזלען) און דעם רבס יונגער זון, דובטשע (דודל). אין מיטן וועג האָט זיך באַוויזן פאַר דובטשען זיין פאַרשטאָרבענער פאָטער, דער רב, האָט אים אָנגענומען פאַרן האַנט און אַרויסגעפירט פון דער מחנה פוסגייער. אַזוי האָט דובטשע שפּעטער דערציילט. יוסף, געיאָגט און געפּלאָגט פון די געסטאַפּאָ־לייט, האָט עס נישט באַמערקט. ווען זיי זיינען אַדורך דעם דאָרף, פון וועלכן ער האָט געשטאַמט, האָבן די פּויערים געפאַלן אויף די קני פאַר די דייטשן און באַפרייט יוספן פון די ווייטערדיקע עינויים. ווי גרויס איז געוועןביידנס פרייד, ווען זיי האָבן זיך געטראָפן אין הרוביעשאָוו, ביידע דורך אַ נס לעבנגעבליבענע!

מאירל אדער, אַ יונגער, באַגאַבטער קינסטלער, באַקאַנט אַלס טאַלענטירטער מאלער, פון אַ בכבודיקער, הרוביעשאָווער משפחה, איז געוואָרן אַ קעלנער אין וואַרשע. כ׳האָב אים געטראָפן אויף אָרלע 6 אין אַ היימישן רעסטאָראַן, ווו ער האָט געאַרבעט. אויך ער איז פאַרשלונגען געוואָרן אינם מעכטיקן שטראָם פון טויט.

לוזער אייזן האָט באַוויזן צו אַנטלויפן פון הרוביעשאָוו אין די שרעקלעכע טעג פון ליקווידאַציע און אומקום און האָט זיך אַריינבאַקומען אין געטאָ וואַרשע. זיינע איבערלעבונגען זיינען געווען ביז גאָר דראַמאַטישע. לאַנגע שעהן האָט ער מיר דערציילט זיינע נסים ביים אַרויסקריגן זיך פונם באַלאַגערטן הרוביעשאָוו, ווו ער האָט געאַרבעט אַלס בוכהאַלטער אין די מאַגאַזינען פון יודנראַט, אָבער דאָס האָט אים לײדער נישט געגעבן קיין שוץ. אַ דאַנק אונזערע געזעלשאַפטלעכע פאַרבינדונגען איז אונז געלונגען אים, דעם געוועזענעם קאָמוניסטישן טוער, איינאָרדענען ביי שוואַרצע אַרבעט אין אַ בעקעריי.

אַן ערך 2 וואָכן האָבן מיר געהאַט פון לוזערן ידיעות. דאַן האָט זיך אַלץ פלוצלונג איבערגעריסן. צוזאַמען מיט דער בעקעריי זיינען פאַרטיליקט געוואָרן אירע באַלעבאַטים און אַרבעטער.

ס׳איז געווען אַ צייט, ווען כ׳בין געווען אַ העברעישע לערערין אין געטאָ וואַרשע. אגב, כ׳בין די איינציקע, העברעישע לערערין פון די פאָלקסשולן, וואָס איז געבליבן לעבן.

וועגן שול־וועזן אין געטאָ, קען מען געפינען ידיעות אינם רינגעלבלום־ארכיוו און אין די פּובליקאַציעס פונם יידישן, היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע. מיינע נאָטיצן זיינען שייך בלויז אין שול, די שול אויף נאַוואָליפּקי 22 און טראָגן דורכאויס אַ פּערזענלעכן כאַראַקטער.

**מיט יראת־הכבוד און ציטער אויף די ליפּן דערמאַן איך דעם ליכטיקן**

אנדענק פונם פעדאַגאָגישן פערסאָנאַל פון דער שול, פון וועלכן נאָר איך האָב אויסגעמיטן דעם טויט! די לייטערין — שושנה מאסטקאוו, די לערער סאניע סטאשעווסקא, פרוי פריד, פרוי וועגגראווער די מוטער פונם אונטערערדישן טוער, יהודה וועגגראווער פון „השומר־הצעיר" און יוסף סקארופע. זיי אַלע קומט מיר אויס מספיד צו זיין.

דעם 8־טן אויגוסט 1942 בין איך מיט שושנה מאסטקאוו געווען אויפן „אומשלאגפלאץ" (דער איבערלאדונגס־פלאץ אויף סטאַווקי־גאס — אַ זייטן־ליניע פונם דאנציגער באַן־קנופ). איך בין געווען פריי פון יעדער אילוזיע; כ'האָב נישט געהאַט דעם מינדסטן ספק וווהין מ'וועט אונז פירן, און וואָס די דייטשן מיינען צו טאָן מיט אונז.

שושנה מאסטקאוו, אַן ענערגישע און קלוגע פרוי, שוין אָפּגערעדט פון אירע פעדאַגאָגישע פעיקייטן, וואָס האָט גוט געקענט דאָס לעבן אין געטאָ, האָט מיך געהאַלטן אין איין באַרויקן, אַז זי האָט מיטגענומען גענוג אָנטאָן פאַר אונז ביידע, און אַז „דאָרט", אין „מזרח", (אַזוי פלעגט די דייטשע קאַמופלאַזשירן דעם טויטן־לאַגער טרעבלינקע) וועלן מיר זיך ביידע האַלטן צוזאַמען און איבערקומען די שווערע צייט. מיינע אויפקלערונגען, אַז „דאָרט אויף מזרח" דאַרף מען שוין גאָרנישט, האָבן זי נישט איבערצייגט. מיט דעם געדאַנק וועגן אַ יידישן ישוב, ערגעץ ווייט אויף מזרח, איז זי אריין אין לאַסט־וואַגאָן צו איר אייגענער לוויה.

איך בין דאַן ניצול געוואָרן, פאַרשטייט זיך, על־פּי־נס, אָבער דערציילן ווי־אַזוי דער שול־אינספעקטאָר, רעמבא, און די קראַנקן־שוועסטער, רעגינע ווייל, און דער פּאָליציי־אָפיצער, לעאָן וואַרטסקי, האָבן געהאַנדלט און וואָס אַלץ זיי האָבן געמוזט מאַכן, כדי מיך אַרויסצוראַטעווען, וואָלט פאַרנומען צופיל אָרט. אָבער איינס וויל איך זאָגן, ווען כ'בין צוריקגעקומען אין אונזער „שאָפּ" אויף גענשע 42, האָבן אַלע אויף מיר געקוקט, ווי כ'וואָלט אויפגעשטאַנען תחית־המתים!

אין מיינע זכרונות וועגן דער שול־ארבעט מישן זיך אויס און פלעכטן זיך צוזאַמען עלעמענטן פון לעבן און טויט. אונזער שול האָט געהאַט צו דערפילן פילפאַכיקע פונקציעס. קודם־כל, האָט זי געטאָן אַלץ, כדי צו דערהאַלטן די קינדער אויף אַ ניוואָ פון וויסן און פון ליבע צום פאָלק. דאַן האָט זי געשאַנקען די יונגע וועזנס אַ ביסל שמייכל און פרייד און אַ פאַרשטעלונג וועגן די גרינינקע בוימעלעך, וואָס זיינען לחלוטין נישט געווען אין געטאָ. וועגן אַ לעפל געקעכץ, האָט מען געמוזט גאָר שטאַרק זאָרגן אינם געטאָ־מדבר. מיטאָגן און אָוונט־ברויטן האָבן געטיילט די לערער, כדי פערזענלעך צו היטן, אַז אַלץ, וואָס איז באַשטימט פאַר די קינדער, זאָל צו זיי אָנקומען.

אונזער שול איז אויך געווען אַ טראַנזיט־פונקט פאַרן רינגעלבלום־ארכיוו. אלס מיטארבעטערין פונם אונטערערדישן געטאָ־ארכיוו, האָב איך אויסגענוצט דעם שול־לאָקאַל פאַר די צוועקן פון ארכיוו.

אונזער שול אויף נאַוואַליפּקי 22 איז געווען געגליכן צו אַ מיליטערישן פאָסטן אין זיין פאַרצווייפלטן געראַנגל פאַר טעג און אפילו שעהן פון לעבן. נאָר געציילטע צווישן אונז האָבן געהאָפט, אַז זיי וועלן דערגיין צום ברעג פון פרייהייט, אָבער קיינער האָט נישט געוואָלט פאַרלירן דעם צלם אלקים אינם טויטן־פאַרמעסט. ווען אָנהויב אויגוסט 1942 איז צו מיר דערגאַנגען די ידיעה, אַז דער יונגער ענטוזיאַסט, מיין חבר, יוסף סקארופא, איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, ווען די געסטאַפּאָ איז אים געקומען נעמען, האָב איך דערין געזען אַ באַווייז פון גבורה און מענטשלעכער ווירדע, וואָס האָט נישט געוואָלט שלום מאַכן מיטן נאַצי־אורטייל.

און אונזערע קינדער? בעת איך שרייב די שורות פילן טרערן אָן מיינע אויגן. עס קומען אויף פון דער פאַרגעסנקייט די ייִנגעלעך און מיידעלעך מיט די גרויסע, צעשראָקענע אויגעלעך און קליינע, איינגעפאַלענע פנימלעך, די קערפּערלעך אויף פיסעלעך, וואָס האָבן זיך קוים געהאַלטן. כ'האָב זיי אַזוי ליב געהאַט, די וואָס זיינען דורכגעגאַנגען דורך דעם קלוב און קיך פון אונזער שול, כדי זוכה צו זיין אַ לעפל געקעכץ און אַ רעפטעלע ברויט מיט קינסטלעכן האָניג אָדער מאַרמעלאַדע. מיינע תלמידים פלעג איך אָפט זען און הערן אין די גאַסן און הויפן, ווו זיי פלעגן זינגען די העברעישע לידלעך, כדי צו קריגן אַ נדבה פאַר זייער קראַנקער און הונגעריקער משפחה.

שטעלט זיך פאַר אַזאַ 4—5 יעריקן מענטשלעך וועזן, און אפשר איז עס געווען עלטער, ווער האָט געקענט שאַצן די יאָרן פון האַלב־טויטע קינדער. אויפן פאַן פון אַ גרויסן הויף, איינגעשלאָסן אין אַ פירעק פון אַ 4־שטאָקיק שטייג, זינגט מיט אַ ציטערדיק שטימעלע: „יום־טוב לנו, חג שמח, ילדים נגילה־נא, לבית־ספרנו בא אורח, המורה סקורופה, ברוך־הבא".

אינם פריילעכן לידעלע איז געווען קאָנצענטרירט דער גאַנצער פיין און ווייטיק פון אַ פאַרהונגערט קינד. ניין! נישט איין קינד, נאָר הונדערטער און טויזנטער, וואָס האָבן אַזוי געגאַרט צום לעבן און געמוזט אויסשפייען די לונגעלעך, כדי צו פאַרדינען אויף נאָך אַ טאָג לעבן.

פאַר מיינע אויגן האָב איך געזען דעם אונטערגאַנג פון אַ פאָלק און פון זיינע קינדער! ס'זיינען געווען פאַלן, ווען מ'פלעגט האַלטן אַ טויט קינד עטלעכע טעג, כדי צו קריגן פון דער שול דעם שפּייז־צוטייל פאַרן פאַרשטאָרבענעם. איך האָב זיי אַלע אַזוי ליב געהאַט, און זיי, די פריצייטיק רייף־געוואָרענע קינדער האָבן אַזוי געלעכצט נאָך אַ ביסל זון און שמייכל, נאָך אַ טרייסט און גלעט איבערן קעפּל! תמיד קומען זיי מיר צו חלום, די זיסע, יידישע קינדערלעך.

כ'האָב גוט געוווסט וואָס פאַר אַ גורל ס'גרייט פאַר אונדז צו דער דייטשער אקופּאַנט. צוזאמען מיט מיין מאַן, הערש, בין איך געווען מיטאַרבעטערין פונם רינגעלבלום־ארכיוו. כ'בין געווען פאַרבינדלערין, אָפּהיטערין פון דאָקומענטן און קאָרעספּאָנדענטין פונם ארכיוו. אין אונדזער וווינונג פלעגט מען זיך תמיד עוסקן מיט קאָנספּיראַציע. מ'פלעגט שרייבן ביולעטינען פאַר דער אונטערערדישער פרעסע, מ'פלעגט רעדאגירן באַריכטן פאַר דער פּוילישער רעגירונג אין לאָנדאָן און פּאַקן מאַטעריאַלן, כדי זיי צו פאַרזיכערן אונטער דער ערד. דער גרעסטער טייל פון זיי איז געוואָרן אָפּגעראַטעוועט, לויט אונדזערע אינסטרוקציעס.

מיר פלעגן זיך טרעפן מיטן אומפארגעסלעכן ד"ר עמנואל רינגעלבלום, מיט די דירעקטאָרן פון „דזאָינט", יצחק גיטערמאַן און דוד גוזיק, מיטן שפּעטערדיקן קאָמענדאַנט פון געטאָ־אויפשטאַנד, מרדכי אנילעוויטש, מיטן צווייטן סעקרעטאר פונם ארכיוו, מאגיסטער אליהו גוטקאווסקי און נאָך און נאָך. מיר איז אויסגעקומען אויפצונעמען גביית־עדות פון יידישן אומקום אין כעלמנא, בעלזשעץ און טרעבלינקע. פאר מיינע אויגן האָט זיך געוועבט דער געדאַנק פון ווידערשטאַנד.

דעם ברענענדיקן געטאָ אין די פסח־טעג 1943 האָב איך געזען, ווען דאָרט האָט זיך געפונען מיין מאַן. נאָך זיין צוריקום האָבן מיר שוין זאַלבעצווייט ממשיך געווען אונדזערע וואנדערונגען איבער די באהעלטענישן פונם אַרישן ווארשע, איבער וועגן און אומוועגן פון דער גענעראַל־גובערניע, ביז מיר זיינען אויסגעלייזט געוואָרן אין דאָרף לענטאוונע ביי יארדאנאָוו (קראָקעווער קרייז) דעם 28־טן יאַנואַר 1945.

ווען מיר זיינען אנגעקומען קיין לובלין, אָנהויב פעברואר, האָבן אונדזערע פריינד דערציילט, אַז מ'האָט אונדז שוין מספיד געווען אין ראַדיאָ און אין פּרעסע, אַ סגולה צו אריכת־ימים.

**געדענק! כ"ט בסיון — דער אנדענקונגס־טאָג נאָך הרוביעשאווער קדושים!**



את המצבות, שהתגוללו בחוצות הרובישוב לאחר השחרור, אספו שרידיה.
די מצבות פון הרוביעשאָווער בית־הקברות, װאָס האָבן זיך געוואלגערט אין די גאַסן, האָבן די געראַטעוועטע רעשטלעך צונויפגעזאַמלט.

# נאכן חורבן

# לאחר השואה



בכ״ב חשון תש״ז (1947) גלו שרידי יהודי הרובישוב מצבה על קבר קדושיהם.
כ״ב חשון תש״ז (1947) האָט די הרוביעשאָווער שארית־הפליטה ענטהילט אַ מצבה אויפן קבר פון די קדושים.

# אינהאַלט • תכן

# כך החל חיסולה של קהילת הרובישוב

אור ליום ה׳, 30 בנובמבר, פקדו השלטונות הנאציים בחלם על כל הגברים היהודים, מבני חמש־עשרה עד ששים שנה, להופיע למחרת, ב־1 בדצמבר, בשעה 8.30 לפני הצהרים, בככר השוק. הופיעו כאלפיים יהודים. הם הותקפו על־ידי משטרת העזרת הנאצית, „המשמר השחור", ועל־ידי פלוגה קטנה של חיילים מזויינים במכונות־יריה. אחר־כך נשא קצין הגיסטאפו לפני היהודים נאום קצר, בו הודיע להם, כי היות והיהודים אשמים במלחמה, והם אויביה בנפש של גרמניה — נידונו יהודי חלם על־ידי השלטונות הנאציים לאבדן זכויותיהם האזרחיות ולגירוש מן העיר.

בשעה שתים־עשרה וחצי נצטוו היהודים, המוקפים אנשי פלוגות הסער הנאציות וחיילים במכוניות־משא או רכובים על אופנוע, לצאת את העיר וללכת בכביש המוביל להרובישוב.

במרחק קילומטרים אחדים מן העיר, סמוך לבית־חולים צבאי הנמצא בתוך חורשה, נצטוותה השיירה לעמוד, והנאצים אמרו לה, כי היות ואחד מאנשיה ניסה לברוח, הרי יוצאו עשרים איש מהם להורג, ובעד כל נסיון מסוג זה יוצאו להורג חמשים. עשרים יהודים מביניהם נבחרו באקראי והובלו הצדה.

השלטונות הנאציים בהרובישוב הוציאו בליל־שבת פקודה ליהודי העיר, בדומה לפקודה שניתנה ליהודי חלם. בשעה תשע וחצי נצטרפו יהודי חלם אליהם.

סבורים, שבסך־הכל נמצאו באותה השיירה 1100 יהודים מחלם ו־850 יהודים מהרובישוב. לפני שנצטוו ללכת, התרו בהם, שאם יחזור מישהו מהם הביתה, יחשב למרגל ויוציאוהו להורג. דרך השדות, היערות והביצות הריצו את היהודים מהרובישוב למייניאני, ציחובוז׳ה ודולביצ׳וב. כל חמש דקות פקדו הנאצים על אלה, שכחותיהם תשו ולא יכלו להמשיך בדרכם, לפרוש הצדה. הללו נורו והומתו בו במקום, וגופותיהם נשארו מוטלות בשדות.

כשהגיעו לדולביצ׳וב, חולקו האנשים ששרדו בחיים לשתי קבוצות: האחת כבת 500 איש, והשניה — כבת 400.

מדולביצ׳וב נצטוותה השיירה הגדולה ללכת בכיוון עיר הגבול, סוקאל, והשיירה הקטנה בת ה־400 — אל עיר הגבול בלז. השיירה האחרונה היתה בת יתר מזל מן הראשונה, כי רק מעטים מאנשיה נרצחו על־ידי הנאצים; לעומת זה נורו והומתו כ־250 מאנשי השיירה הגדולה, לפני הגיעם אל הגשר על נהר בוג, המפריד בין החלק הנאצי לבין החלק הסובייטי של העיר סוקאל. בסך־הכל נשחטו על־ידי הנאצים יותר מ־1300 יהודים מחלם והרובישוב במשך ארבעת ימי ההליכה, תחת שבט נוגשים, לעבר הגבול הסובייטי.

במשך ארבעת ימי ההליכה ניתנה ליהודים רק ככר לחם אחת ליום, שצריך היה לחלקה בין שלושים איש. באופן ממוצע נורה ונרצח על־ידי הנאצים יהודי אחד בכל 10 דקות של ההליכה. מזמן לזמן אפשר היה לשמוע את הנאצים, כשהם מחליפים ביניהם הערות על מספר היהודים שרצחו.

— בעצם ידי „סידרתי" שבעים וששה. נענה השני לעומתו:

— ואני רצחתי רק ששים ושלושה.

בין היהודים הנרצחים נמצאו אבות ובנים ממשפחה אחת. יצחק לוינסון, הפנקסן של הבנק היהודי העממי בהרובישוב, בן 55 — תשו כוחותיו לגמרי, ולא יכול עוד להמשיך בדרכו, לאחר שהתרחקו כדי 15 ק"מ מהרובישוב. כשפקדו עליו הנאצים לשכב, לאות, כי עומדים להוציאו להורג — הציע מנדל, בנו בן ה־22, למות במקומו, אבל הצעתו נדחתה. אז אמר מנדל:

— אם כן, המיתוני יחד עם אבי. על זה ענו אנשי פלוגות הסעד בפשטות:

כך, אתה מתנדב למות? טוב מאוד! והאב והבן נורו ונרצחו כאחד.

סוכנות הידיעות הגרמנית, שהודיעה על הטבח הזה באמצע דצמבר, ניסחה את דבריה בלשון זו:

„הנסיון למרד של יהודי חלם והרובישוב — דוכא ללא רחמים".

מתוך „חזית המלחמה של עם ישראל" לזאב ז׳בוטינסקי.




תעודת־זהוי של פסיה קאופמן, שהוצאה על ידי השלטונות ההיטלריסטיים.
די קענקאַרטע פון פעסיע קאופמאַן, אַרויסגעגעבן דורך דער היטלעריסטישער מאַכט.

# במנסרת העצים בווארבקוביץ

במנסרת העצים בסביבת הרובישוב (בכפר ווארבקוביץ) התקיים מאז 1941 קיבוץ חלוצי של „דרור", שמנה כ־40 חברים ומזכירו משה רובאנציק. חלקם בא הנה מתוך הריכוז החלוצי, אשר ברחוב דזא׳לנה 34 בווארשה, וביניהם גם שאול דובובנו.

באוגוסט 1942, בימי גרוש ההשמדה, נשלחו שמה עוד 30 חברים והוטל עליהם לפתוח, יחד עם קודמיהם, בפעולה פארטיזנית בסביבה. זמן קצר אחרי כן נשלחה קבוצה שלישית, בת 18 לוחמים (שלש הקבוצות מנו בס"ה כ־60 איש) ובכללם ג. גרשוני, פסיה פורמנוביץ, י. כץ, י. נוזיצא, רות שקלאר, דינה לוין, ועוד — והיא נכשלה בשעת ביקורת התעודות בדרך להרובישוב. רק חבר צעיר אחד, מוניאק שטאנגאל, הצליח לחזור לורשה. יתרם נרצחו במקום, פרט לישראל זאלצר, אשר הובל משום מה על ידי הגסטפו לפביאק בוורשה ונרצח שם. כשלונה של הקבוצה הזאת גרם גם להשמדת כל החברים, שהיו מרוכזים במנסרת העצים ליד הרובישוב. (ספר מלחמת הגיטאות)




תעודת־זהוי של וולף לרר, שהוצאה על ידי השלטונות ההיטלריסטיים.
די קענקאַרטע פון וואָלף לערער, אַרויסגעגעבן דורך דער היטלעריסטישער מאַכט.

# מרדכי הורביץ / יעדער שטיין רופט און שרייט!

גבעתיים


מרדכי הורביץ

**א**ויף אַ פּרעסע־קאָנפערענץ, וועלכע איז פאָרגעקומען אין ירושלים דעם 29.10.47 אונטער דעם פאָרזיץ פון דעם דיכטער לייב יפה ז״ל, לכבוד דעם דיכטער יהודה בורלא, מרדכי הורביץ און י. זאַלצבערגער, וועלכע זיינען צוריקגעקומען פון שליחות אין צפון און דרום־אַמעריקע און אין פוילן, האָט אונזער לאַנדסמאַן, מ. הורביץ, איבערגעגעבן איינדרוקן פון זיין באַזוך אין פוילן אין יאָר 1946, ווי אויך זיינע איבערלעבונגען בעת זיין באַזוך אין הרוביעשאָוו. מ. הורביץ האָט אויף דער פּרעסע־קאָנפערענץ געזאָגט צווישן אַנדערע:

אַ געפיל פון יתומקייט באַגלייט יעדן איינעם פון אונז און מ׳קען זיך פון דעם געפיל נישט באַפרייען. יעדער פלאַץ, יעדע גאַס, יעדער שטיין רופט און שרייט און לאָזט נישט פאַרגעסן.

כ׳בין דורכגעפאָרן אַ סך שטעטלעך אין פוילן. קליינע שטעטלעך, וואָס מען דערמאַנט אפילו נישט זייערע נעמען. אַלץ איז געבליבן. ס׳זענען פאַראַן שטעטלעך, ווו אויך דער בית־הכנסת איז געבליבן גאַנץ, נאָר מען האָט אים פאַרוואַנדלט אין אַ וואַרשטאַט אָדער אין אַ קירכע. כ׳בין אָנגעקומען קיין זאמאשץ. אַלץ איז געבליבן גאַנץ, אָבער קיין איין יידן האָב איך דאָרט נישט באַגעגנט.

פון דאָרט בין איך אָנגעקומען אין הרוביעשאָוו. די בתי־מדרשים, די שטיבלעך, טריסקער, שאַטענער און אַנדערע זענען צעשטערט אָדער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין וואַרשטאַטן פון סטאָלעריי און שמידעריי.

די גרויסע שול דינט אַלס פלאַץ פאַר מיסט. איך בין געגאַנגען אויף דעם טראָטואַר — אויפן וועג צו דער אַמאָליקער „תל־חי״ שול — און דער טראָטואַר איז געפלאַסטערט מיט מצבות פון יידן, יידישע אותיות, נעמען פון קרובים, פון מוטער און פאָטער. מען וויל אַנטלויפן פון דער דאָזיקער ווירקלעכקייט, אָבער דער גורל פון די פאַקטן יאָגט דיך נאָך.

אויסער דעם געפיל פון יתומקייט, באַגלייט דיר אויך דער געפיל פון אינוואַלידישקייט. די רעשט יידן אין פוילן זענען אייגנטלעך אינוואַלידן.

כ׳האָב זיך אַליין געפרעגט: וועלכע זענען די כוחות, וואָס דערמעגלעכן די רעשטלעך יידן אויסצוהאַלטן און אָנהייבן פון דאָסניי אַ נייַ לעבן?

נאָר דער גלויבן, די האָפענונג און דער שותפות מיט ארץ־ישראל. יעדער בשורה פון א״י וועקט באַגייסטערונג. יעדער ידיעה וועגן מעפּילים־שיפן, אָדער וועגן אויפשטעלן אַ נייעם ישוב, איז אַ גרויסע שמחה ביי די לעבנגעבליבענע רעשטלעך.

## זלמן שזר און הרוביעשאוו

**ב**עת מיין שליחות אין פוילן, האָב איך זיך געטראָפן מיט זלמן שזר־רובשוב, פאָרזיצער פון הנהלת הסוכנות אין ירושלים.

— חבר רובשוב, צו קענט איר מיין געבורטס־שטעטל, הרוביעשאָוו — פרעג איך אים.

— אַ פראַגע, מיין זיידע איז דאָך אַ געבאָרענער אין הרוביעשאָוו און פונדאַנען שטאַמט מיין פאַמיליע־נאָמען רובאשאָוו, דאָס הייסט: פון הרוביעשאָוו.


דער דאַך פון שול איז צעבראָכן און די פענצטער ארויסגעריסן.

גג בית־הכנסת הרוס, וחלונותיו — קרועים.


די געשענדעטע שול.

בית־הכנסת שחולל.

### די געשיכטע חזרט זיך איבער!

ר׳ שלמה פייביש בר׳ נתן פייטל אין זיין ספר „טיט היון״ דערציילט: „באו הקוזקים לק״ק רובשוב ושם שחטו מאות בעלי־בתים ונהרגו כמעט כולם״. געווען איז עס מיט 300 יאָר צוריק אין די צייטן פון כמיעלניצקיס פאַגראָמען.

# אליהו שנאל / צען יידן זיינען געבליבן אין הרוביעשאוו

**צ**ען יידישע נפשות אין שטעטל. נישטאָ קיין יידן, קיין שולן, קיין שולעס. טויט.

ביינער צעשפּרייט איבער אַלע ווינקלען און שטעגלעך. אויף יעדן טריט און שריט גרוילן אויף זכרונות. און וואָס פאַראַ לעבן ס׳האָט דאָ אַמאָל פולסירט! זאָל מען כאָטש צונויפ־זאַמלען די ביינער און זיי ברענגען צו קבר־ישראל!

ווען מיר האָבן געוואָלט עפּעס געוואָר ווערן ביי אונזערע „גוטע״, „ליבע״ קריסטלעכע שכ־נים פון שטעטל, האָבן זיי פאַר יעדער קליי־ניקייט געפאָדערט באַלוינונג, פאַר ווייזן אונז די מינדסטע זאַך — באַצאָל געלט.

מיר, אַכט יידן, האָבן צונויפגעקליבן די ביי־נער פון אונזערע קדושים. אַ סך זיינען גע־לעגן ביים באַרג, נאָענט פון משה וואר־מאַנס שמאַטעס־סקלאַד. מיר האָבן אַרויפ־געשטעלט אַ קאַסטן מיט ביינער אויף אַ וואָגן און פאַרבייגעפאָרן דעם קלויסטער־פּלאַץ. עס איז געווען תשעה־באב 1946. מיר זיינען נאָכ־געגאַנגען נאָך דער ביינער־לוויה פון אונזערע קדושים, אבלים און פאַרשעמטע.

איינמאָל, ווען מיר זיינען פאַרבייגעפאָרן דעם קלויסטער־פּלאַץ, זיינען גראַד דאָרט געווען פאַרזאַמלט אַ סך פויערים פון די דערפער. ווען זיי האָבן אונז דערזען מיטן וועגעלע ביי־נער — האָבן זיי זיך צעלאַכט. חוזק געמאַכט פון אונזערע קדושים און פון אונז: זיי האָבן זיך גאָרנישט קרעמפּירט. די חרפה און דער כעס איז געווען אַזוי גרויס, אַז ווען ס׳איז דאָ געווען אַ גרוב, וואָלט איך זיך דאָרט אַריינ־געוואָרפן פאַר בושה, ווייטיק און צאָרן!

מיינע ליפּן האָבן דעמאָלט געשעפּטשעט: שפוך חמתך על הגויים!

באַזונדער וויל איך דערמאָנען **עזריאל גייסט, יוסף פריינד** און **רויזעלע זילבערמינץ** פאַר זייער מי ביים ברענ־גען צו קבר ישראל די ביינער פון אונזערע קדושים הי״ד.

**רויזעלע זילבערמינץ** האָט געטאָן מסירת־נפשדיקע אַרבעט ביים איבערוקן דעם פלויט פון בית־החיים. די דייטשן האָבן געהאַט פאַרגרעסערט די גאַס, דורכגעשניטן אַ שטיק בית־החיים און אַוועקגעשטעלט דאָרט געביי־דעס. מיר האָבן איר אַלע דערין געהאָלפן, אָבער זי פאַרדינט אַ באַזונדערע אָנערקענונג.

# אברהם קוואסאוויצער / דיזעלבע שילדן נאָר אנדערע פאמיליעס

רמת־השרון


אברהם קוואסאוויצער

**א**ין 1946 בין איך געקומען קיין הרוביעשאָוו. דיזעלבע שילדן אויף די געשע־פטן, נאָר אַנדערע פאַ־מיליעס. אנשטאָט ב. מיגדאַל — יאַן, און אַזוי ווייטער. אין די געשעפטן — די־זעלבע טישן, דיזעלבע איינריכטונג. נאָר ליי־דער, נישט דיזעלבע פאַרקויפער. אַלץ איז געווען טויט, כאָטש מען האָט געהאַנדלט, געוואַנדלט, דאָך האָט עפּעס געפעלט.

מיר זיינען צופעליק פאַרבייגעגאַנגען אַ וורשט־געשעפט, וואָס האָט געהערט צום קריסט, **קראסנאפאלסקי**. ער האָט אונז אַריינגערופן און אָנגעשניטן וורשט און ברויט. ווען מיר האָבן געענדיקט עסן, האָבן מיר אים געפרעגט, וויפל קומט אים, האָט ער זיך צע־וויינט און געזאָגט:

— כ׳וויל גאָרנישט, וויפל כ׳זאָל נישט געבן יידן, וועט עס נישט ריינוואַשן די שאַנד, וואָס מיין זון האָט אָנגעמאַכט בשעת היטלערס צייטן. ער האָט דערמאָרדעט אומשולדיקע יידן. כ׳האָב אים פאַרבאָטן צו טראָגן מיין פאַמיליע. אויב איר האָט מעגלעכקייט, זאָלט איר זיך אָן אים נוקם זיין.

עס איז כדאי צו דערמאָנען, אַז נישט נאָר אַזאַ **קראסנאפאלסקי**, נאָר אויך אונזע־רע ברידער האָבן אַרויסגעשלעפּט פון קעלער אַ געוויסע צאָל יידן, צווישן זיי אויך מיין מאַ־מען. דאָס האָט מיר דערציילט אַ קריסט.

הרוביעשאָוו איז אין דער צייט שענער גע־וואָרן. מען האָט אויסגעלייגט טראָטואַרן. אָבער ליידער האָבן מיר די טראָטואַרן נישט געקענט באַנוצן, ווייל זיי זיינען געווען געמאַכט פון יידישע מצבות און נאָך מיט די נעמען אַרויף, אַזוי אַז מען איז געגאַנגען און געלייענט.

איך בין געגאַנגען צו ר׳ **יוסף פריינד**, וועלכער איז געלעגן אַלע יאָרן פון היטלערס אָקופּאַציע באַהאַלטן אין אַ קעלער און האָט פאַרשריבן ווען מ׳האָט וועמען דערהרגעט. אין זיין רשימה האָב איך אויך געפונען די דאַטע ווען מ׳האָט מיין טאַטן דערמאָרדעט.

**יוסף פריינד** האָט אונז געוויזן זיינס אַ העמד, אין וועלכער ער איז געלעגן צוויי יאָר אין קעלער. אַז מען האָט דאָס אָנגערירט, איז עס צעקראָכן געוואָרן.


שרידי הרובישוב קוברים עצמות קדושים שנלקטו.
הרוביעשאָווער באערדיקן אויפן הייליקן אָרט געשענדעטע ביינער.


השרידים גלו מצבה, כדי לשוות למקום אופי של בית־קברות.
אַ מצבה איז געשטעלט געוואָרן אויפן הייליקן אָרט, ס׳זאָל דערמאָנען אַ בית־הקברות.

**גרינדערס**

הענאָך גאָלדוואַסער
הענאָך גאָלדוואַסער
דוד באַביס
איזראעל באַביס
ולמן ראטיג
מאָריס שפערלינג
היימאַן שפערלינג
דזשעק מערענשטיין
הענאָך שפערלינג
סעם שעהר
בעריל ראָזסטאָטשער

**עקס פרעזידענטן**

הענאָך גאָלדוואַסער
איזראעל באַביס
היימאַן שפערלינג
מאריס שפערלינג
זלמן ראטיג
אברהם אליהו שניידער

**געזעץ קאָמיטעט**

אברהם אליהו שניידער
טשערמאַן
בעני שאַפּירא, סעקרעטער
הענאָך גאָלדוואַסער
איזראעל באַביס
זלמן ראטיג
מאָריס שפערלינג
היימאַן שפערלינג
הערי גראָה
יעקב מאָרגנשטערן
סעם טעלער

**מעמבערס:**

פינע פיילער
אברהם אַגרעס
דוד באַביס
ישראל באַביס, עקס־פרעז.
הערי בראַנד
שלום נאָטע בודען
דזשאָ ברוידע
דוד בראַנד
סעם בודען, 2
מאַקס בראַנדעל
לייביש בראַסטמען
דזשעק בליי
שלום בליי
איזי בעקער
אהרן בודען
פנחס ביער
דוד ביגמען
דזשעק בלומענפעלד
עליע בעקער
יהודאַ לייב בלאָסער
סעם קאַרדאַנער
סאָלאָמאַן דעק
סעם דרוקער
מוע דענטי
אהרן דאָרף
דזשאָ עדעלשטיין
דזשעק עסקאָוויטש
אברהם פאיער, עקס־פרעז.
ישראל פאַקסמאַן
הערי פעלער
אייביש פאיער
מאָריס פאַיער
דוד קאַנארעק
אברהם באַביס
לואיס בערנשטיין
איזי פעידער
נייטהען פויגל
איזי פאיער
וויל. פיינשטיין, עקס־פר.
דזשעק פויגעל
ירחמיאל פריינד
היימאן פרידקין
לייזער פריינד
יוסף פייער
משה פלינדער, עקס־פרעז.
ה. גאָלדוואַסער, עקס־פרעז.
הערי גראָה, עקס־פרעז.
הערי גארבער
היימאַן גראבער
היימאן גאָלדבערג
מעקס גרינשפאַן
הערי גלאזער
נייטהען גראבער
אבע גלאזער
איזי גאָלדמאַן
איזי גרינבוים
שלמה האממער
לייזער הארוויטש
משה העכט
בענע הייא
דוד הארוויטש
דזשעק האָדיס
דוד יעלאָוויטש
פייוועל קאַטץ
משה קליין
אברהם חיים קאטץ
פיליפ גערטעל
סעם גלאזער
בענע קאָפער
משה קאפף
העררי קערמען
סעם קאַמינסקע
נייטען קאָפער
בענע קאטץ
ישראל קויפמאַן
בענע קאטץ
זינדעל קירזשנער
דזשאָו קירזשנער
שאול קאַם
דזשעק קנופ
דוד קאַמינסקע
היימע קאָוואַלעווסקע
דזשאָ קאַטץ
מאַקס קאָלעכשטיין
עליאַם ליבען
היימען לעהרער
איזע מערענשטיין
דזשעק מאָרגענשטערן
לייזער מערענשטיין
מאַקס מעססער
דזשוליס מערענשטיין
לאה מיגדעל
דוד מיגדעל
העררי מאַנדעל
דזשוליס ניסענבוים
סעם ניסענבוים
וויליאַם נאָדעל
מאַקס אויסטער
סאָלאָמאַן ארענשטיין
העררי פוימפּ
מאָריס פערעלמאַן
איזי מיטצנער
דזשאו פרימער
וויגדער פּאַלטאָראַק
דוד פייען
אברהם פאָכטער
שיע פאָכטער
זלמן רויטיג, עקס־פרעז.
בערעל רויסטאָטשער
היימאַן רויטיג
סעם רוזענבערג
אברהם שאיע ראָבין
מענדעל ראָהד
אהרן רויפף
שמואל ראַטצקע
לואי רויזען
שאיע רויזענצוויג
סעם רויזענבערג
לאה רויזענבערג
סאָלאָמען רויטמאַן
סעם רייך
יצחק שאול שעהר, עקס־פרעז.
אייבי זייף
אהרן סטאַנק
מאָריס שפערלינג, עקס־רעז.
היימאַן שפערלינג, עקס־פרעז.
אייבי ספּאַראַף
דזשעק זייף
אייבי שניידער, עקס־פרעז.
דזשעק שוסטער
בנימין שאַפּירא
הענאָך שפערלינג
סעם שעהר
אייזיק זילבער
אברהם שטערען
דזשאָו שניידער
איזי שפילער
הערש וואָלף סויפער
דזשעק זייף
אברהם שפערלינג
מאַקס שטיין
דאָקטאָר בנימין סטארץ
וויליאַם שפערלינג
מאָריס שטאקהאמער
סעם שניידער
איזי סאַנד
סעם שטערען
קאפעל שעהר
איזי שעהר
איזי שפאיער
מרדכי שטערען
טוביה שפערלינג
לייזער שאמוס
איזי סוימערשיין
היימען שויב
אברהם סטרויסט
נייטען שטערען
היימען סקאלער
מאָריס שטאנק
מאיר שטיכער
בענע סויפער
מאַקס שפערלינג
מאַקס שנויל
סענדער שפערלינג
דזשאָו שניידער, נמ. 2
דזשעק טעפער
סעם טעלער
דוד טעלער
מעכעל טעלער
הערי טאכמאַן
מרדכי טעלער
אייבי טוידעראָוויטש
מאָריס טעלער
טשאַלע טעלער
דוד וואָלף
אברהם ווילדער
מאָריס ווייסברויט
סאָלאָמען וואָלפסאָן
דזשאָו וואַלדמאַן
סעם וויינטרויב
אביש וויין, עקס־פרעז.
מאָריס ווילדער
אברהם וואלפויף
אברהם ווינער
מענדעל וויין
דוד זילבערצווייג
קאַנע זוס




Hrubeshower Yugend Branch 604 W. C.

# מאָטל שייבער / אהרון יואל פאַמיליע־סערקל

מיר שרייבן נישט די געשיכטע וועגן אהרון יואל פאַמיליע־סערקל. דאָס וועלן אַנדערע טאָן. מיר ווילן בלויז פאַרצייכענען עטלעכע שטריכן.

עס איז געווען אין יאָר 1929. שאול ספעקטאָר עליו־השלום, אָדער ווי ער איז געווען באַוווסט אַלס סעם ספעקטאָר, ווי אויך זיין אָנקל, חיים וואָלף גראָבער, זיינענדיק מיטגלידער אין פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס און נישט קענענדיק זיך צופאַסן צו זיי, האָבן באַשלאָסן צו שאַפן אַן אייגענעם סערקל, וואָס איז באַוווסט אונטערן נאָמען: אהרון יואל פאַמיליע־סערקל.

די ערשטע גרינדער זיינען געווען די ברידער ספעקטאָר און זייערע שוואָגערס. שפּעטער זיינען אַריינגענומען געוואָרן איבער 30 פאַמיליעס פון דער משפחה. מיר קענען נישט פאַרבייגיין און נישט אָפּשטעלן זיך אויף עטלעכע, וואָס האָבן געגעבן אונזער סערקל דעם שטאָלץ, דעם חן, האַרץ און וואַרעמקייט. צוויי זיינען געווען, וואָס האָבן גרויס געמאַכט דעם סערקל: שאול ספעקטאָר און דער אָנקל, יוסף וואָלף, זכרונו־לברכה. ער האָט געגעבן דעם סערקל נשמה און וואַרעמקייט.

אַ ייד, אַ תלמיד־חכם, אָרטאָדאָקסיש געשטימט, אָבער מיט אַ מאָדערנעם צוגאַנג. ער האָט געקענט שאַפן אַ חברישע אַטמספער. ער האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט יעדן קרוב און אַלעמען געהאָלפן. חבל על דאבדין ולא משתכחין.

אליעזר האסטיג און אברהם פאכטער זיינען אַלע מאָל גרייט געווען צו העלפן.

ווי קענען מיר פאַרבייגיין און זיך נישט אָפּשטעלן אויף דעם יונגן קרבן, וואָס דער טויט האָט אַזוי פרי אַוועקגעריסן און וואָס איז געווען באַליבט ביי יעדן פון אונז, אַ ברייט האַרץ און אַן אָפענע האַנט, ווען דער סערקל האָט זיך אין אים געניטיקט. איך מיין מיין קוזין, מעקס רעטיג, עליו־השלום.

מיר מאַכן נישט קיין הספדים פאַר אַלע מיטגלידער, ווייל זייער גייסט איז מיט אונז סיי ביי שמחות און חלילה אין טרויער.

עס וואָלט געווען אַן אומרעכט נישט צו דערמאנען אונזער טאַנטע קרוינגאָלד. פיל פאַרזאַמלונגען זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין איר הויז און ווי פלעגט זי שיינען, ווען זי פלעגט זען די סערקל־באַזוכער אין איר הויז.

עס איז אַ שווערער פאַרלוסט פאַרן סערקל זיי צו פאַרלירן, אָבער זיי האָבן איבערגעלאָזט דעם סערקל אין גוטע הענט, און די אַרבעט ווערט פאָרגעזעצט דורך דער פאַמיליע. ווען איר גיט אַ בליק אויף דער טעטיקייט, זעט איר, אַז פאַר דער צייט האָט כמעט יעדער מיטגליד געהאַט אַן אַמת אין סערקל און יעדער מיטינג איז אַ פאַרווילונג, אַ שמחה.

מיר האַלטן זיך אויך נאָנט צו דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט פון פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס, ספּעציעל צו אונזער אַלטער היים, הרוביעשאָוו.

אָפּשאַצן די טעטיקייט פון סערקל אין משך פון זיין עקזיסטענץ איז אומעגלעך אין עטלעכע שורות. מיר האָבן געשטיצט דעם פאַראייניקטן קאמפיין און די הסתדרות.

די איבערגעגעבנהייט און אומערמידלעכע אַרבעט פון אַלע באַאַמטע פון דער פאַמיליע האָבן געבראַכט דערצו, אַז אהרון יואל פאַמיליע־סערקל זאָל אַזוי באַליבט ווערן ביי אַלעמען.

מיר ווינטשן דער גאַנצער משפחה: געזונט און גליק און מיר האָפן, אַז זיי וועלן נאָך לאַנגע יאָר זיין טעטיק אין אונזער סערקל.

**הרוביש**‏**אָוו**‏**ער** לאַנדסלייט און אומגעגענט זיינען אַלע געלאַדן צו דעם

## מעות חיטים באל

**היינט, שבת אָוונט, דעם 3טען מאַי, 1947**

אין סענטראַל פלאַזאַ, 111—2טע עוו., קארנער 7טע סטריט

קומט זיך אַמוזירן אונטער אַ גוטען בענד מוזיק. קומט זיך טרעפען מיט לאַנדסלייט און פריינט. קומט אַפּנעמען אַ גרוס פון דער הרוב'ער אַלטער היים.

ערשטע אריבערגעקומענע לאַנדסלייט פון הרוביעשאָוו וועלען זיכער זיין ביי דעם באַל.

קומט העלפען די, וואָס קומען ארויס אויף אונזער הילף!

פאַראייניגטער הרובישאָווער רעליף—די באַל קאָמיטע.



אויף אַן אזכרה־פאַרזאַמלונג אין ניו־יאָרק געווידמעט די הרוביעשאָווער קדושים. באספת־אזכרה לקדושי הרובישוב.

שטייען: יהושע פאכטער, איטשע שאפעל, יצחק לאנדאָן, בעני קופער, מאקס קנאל, משה מעכל קראקאווער, אנשל שץ, יחזקאל קארן, דוד גיווערץ, אברהם גרובער.

זיצן: משה ספעקטאָר, יהושע זאממער, דוד זילבערבלעך, חיים נח לערער.

# צבי צוויליק / די טעטיקייט פון דער פאַכטער־משפּחה

רעננה

כ'האָב געהאַט דעם זכות צו זיין אַן האַלבער הרוביעשאָווער, גיטלס זון און ר' מרדכי און שרה ברײנע פאַכטערס אן אייניקל.

די פאַכטערס זיינען געווען באַקאַנט אין הרוביעשאָוו אַלס אַ בכבודיקע משפחה. ערלעכע, האַרציקע י. ל. פּרץ־יידן, פאַר גאָט און פאַר לייטן. דאָרט איז געווען מיין צווייטע היים.

צוויי זין: שמואל און אברהם מיט דער שוועסטער עלע האָבן מיט פינף צענדליק יאָר צוריק עמיגרירט קיין אַמעריקע. די שוועסטער, שיינדל, און יאשעלע מיט די משפחות זיינען אומגעקומען אין קבר־אחים.

זיינענדיק אין אַמעריקע האָבן די פאַכטערס געפלעגט די פאַרבינדונגען מיט דעם געבורטס־שטעטל און האָבן גענומען אויף זיך אַ ריי געזעלשאַפטלעכע מצוות. נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן די פאַכטערס אָרגאַניזירט די הרוביעשאָווער עמיגראַנטן אין אַ לאַנדסלייט־קאָמיטעט, וואָס האָט געפירט אַ פאַרצווייגטע טעטיקייט אויף אַ סך געביטן. איינע פון זיי: הילף און שטיצע פאַר באַדערפטיקע אין הרוביעשאָוו.

אין ד'י יאָרן 1915־1920, אין דער צייט פון תוהו־ובוהו, ווען די מאַכט האָט זיך געביטן איבער נאַכט, און די וועגן זיינען געווען כמעט געשלאָסן, איז שמואל פאַכטער, דער פרעזעס פון קאָמיטעט, געשטאַנען אויף דער וואַך און אויסגענוצט יעדן פענצטער, וואָס האָט זיך געעפנט, כדי אַריינצושיקן אין הרוביעשאָוו פּראָדוקטן און געלט פאַר די מלחמה־געליטענע. ער האָט אויך איינגעפירט דעם מנהג פון מעות־חטין אלע ערב־פּסח, ממש ביזן חורבן. אין יאָר 1920 איז אברהם פאַכטער, וואָס איז געווען אַ מיטגליד אין קאָמיטעט, געקומען אין דעם צערואינירטן הרוביעשאָוו, צוזאַמענגענומען די פרויען און קינדער, וואָס זייערע מענער זיינען געווען אין אַמעריקע, האָט זיי געפירט קיין וואַרשע, געמאַכט פּאַפּירן און אַוועקגעשיקט אין אַמעריקע.

אין יאָר 1922 איז אברהם פאַכטער אויסדערוויילט געוואָרן אַלס סעקרעטאַר פון קאָמיטעט.

אין יאָר 1923 האָט אברהם פאַכטער אָרגאַניזירט די הרוביעשאָווער אין אַמעריקע, כדי צו באַקומען אַמעריקאַנער בירגערשאַפט. דאָס האָט זיי עקאָנאָמיש און געזעלשאַפטלעך מער באַזירט. אין יאָר 1928 איז שמואל פאַכטער נפטר געוואָרן. אין דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט איז דאַן אַריין זיין יונגער זון, יהושע (טשאַרלס), פול מיט ענערגיע און אַמביציע, כדי פאָרטצוזעצן די משפחה־טראַדיציע.

אַ נייַ פעלד פון טעטיקייט האָט זיך געשאַפן בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה. אין די ערשטע נאָך־מלחמה־יאָרן זיינען געקומען פון אַלע עקן וועלט הילפס־רופן. די געראַטעוועטע פליטים האָבן געוואַנדערט פון לאַגער צו לאַגער, ווי די שאָטנס, אָפּגעריסענע און צעבראָכענע מענטשן. אויסער די גרויסע סומען געלט, וואָס ס'האָט געפאָדערט, האָט מען באַדאַרפט זיי אַנטקעגנקומען מיט טאַקט און אַ וואַרעם יידיש האַרץ. דער אַלגעמיינער קאָמיטעט מיט אברהם פאַכטער בראש, און דער הילף־קאָמיטעט מיט יהושע, אַלס סעקרעטאַר, האָבן געשלעפּט דעם שווערן וואָגן. אין דער ברויזנדער צייט, האָט אברהם, וואָס איז געווען אַן אייביקער אָפּטימיסט, מיט זיינע קונסט־בריוו יעדן געמונטערט. אין די לעצטע יאָרן האָבן די דאָקטוירים אים פאַרווערט געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, צוליב זיין שוואַכן האַרץ. ער האָט אָבער זייער ווייניק אַכט געלייגט אויף דעם, ווייל אין דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט האָט ער געפונען זיין באַפרידיקונג. אין יאָר 1956 איז ער נפטר געוואָרן.

יהושע (טשאַרלס) פאַכטער, יבדל לחיים, וואָס האָט פאַרלאָזט הרוביעשאָוו אַלס ייִנגל און דאָס רוב יאָרן פאַרבראַכט אין גרויסן אַמעריקע איז אונז נישט פאַרפרעמדט געוואָרן. פאַרקערט, מיט זיין אינטערעס און ענטוזיאַזם שטעקט ער אָן אַנדערע. די ממשותדיקע רעליף־אַרבעט איז נישט נאָר אַ כבוד, נאָר אַ שוואַרצע טאָג־טעגלעכע אַרבעט. מיט זיין ברייטן שמייכל איז ער נושא־חן ביי מענטשן און פאַרמאָגט דעם טאַלאַנט צו זאַמלען אַ דאָלאַר מיט אַ דאָלאַר ביז אַ סומע פון 35 טויזנט דאָלאַר. ער ווייסט אויך ראַציאָנעל און שפּאָרזאַם צו פאַרוואַלטן מיט קהליש געלט.

ס'איז מיר באַוווּסט אַ פאַקט: בעת דעם לעצטן וועלט־קריג, ווען ס'איז געווען שווער צו באַקומען פּראָדוקטן (אויך אין אַמעריקע), האָט יהושע פאַכטער געהאַט אַ סקלאַד פון שפּייז. ער האָט איינגעשפּאַנט זיין פרוי און טעכטער צו דער הייליקער אַרבעט פון פּאַקן פּעקלעך און שיקן ווו ס'איז נאָר געווען אַן אַדרעס פון אַ הרוביעשאָווער.

ווען אין יאָר 1946 האָט אַ „הפועל"־דעלעגאַציע באַזוכט אַמעריקע, האָט יהושע מיטגעשיקט אַ סומע געלט צו צעטיילן פאַר הרוביעשאָווער פליטים אין קפריסין.

די אַרבעט זעצט יהושע פאָר מיט פיל הצלחה.



אויף אַן אזכרה־פאַרזאַמלונג אין ניו־יאָרק געווידמעט די הרוביעשאָווער קדושים.

אזכרה לקדושי הרובישוב בניו־יורק.

# הרוביעשאָווער אין אויסטראַליע

אין יאָר 1926 זיינען געקומען קיין מעלבורן מענדל און עטל קאָרן, די ערשטע פאַמיליע פון הרוביעשאָוו אין אויסטראַליע. מיט צוויי יאָר שפּעטער איז געקומען די פאַמיליע פון יחזקאל און מרים אדער. מענדל און עטל קאָרן האָבן זיך איינגעאָרדנט אַלס שניידער, דאַקעגן די פאַמיליע אדער האָט זיך גענומען צו לאַנדס־אַרבעט.

אין די ערשטע יאָרן האָבן זיי זיך אַ שיין ביסל געמאַטערט. אויך געזעלשאַפטלעך איז מען געווען אָפּגעריסן. דער איינציקער טרעף־פּונקט איז געווען דער דראַמאַטישער קרייז „קדימה". נאָך דעם קריג זיינען געקומען איבער 30 הרוביעשאָווער משפחות. ביים היינטיקן טאָג געפינען זיך אין מעלבורן און סידניי איבער 40 הרוביעשאָווער משפחות.

פאַרגאַנגענעם יאָר האָט די הרוביעשאָווער קאָלאָניע אין אויסטראַליע געליטן אַ גרויסע אבידה מיטן טויט פון עטל קאָרן ז"ל.



אַ גרופּע הרוביעשאָווער אין אויסטראַליע. קבוצת הרובישובאים באוסטרליה.

שטייען: יהושע טעלער, נאשע טעלער, חנה האזענבאל, יעקב האזענבאל, טעמע היפש, איטשע היפש, קען קארן, מרים אדער, יחזקאל אדער. זיצן: אייב האסטיג, חיה האסטיג, פייגעלע שער, עטל קארן, מענדל קארן.

# הרוביעשאָווער אין מעקסיקע



אַ גרופּע הרוביעשאָווער אין מעקסיקע. קבוצת הרובישובאים במקסיקו.

שטייען (פון רעכטס): א. מ. גאָלדהאבער, בן־ציון היינדבליט, אברהם צימעט, ישראל צימעט, הערש צימעט, ד"ר ראטניעווסקי, מאקס צימעט, יואל קאם, יחיאל אייזען, סאלא אייזען, פישל אייזען, יצחק אייזען, גרי אברהם, ו. קליפ, א. מדרש. צווייטע שורה: גאָלדהאבער, היידנבליט, שפרינצע פריינד, טעמע צימעט, רחל קאם, הינדע פירשט, חוה אייזען, אלי פאכטער, מלכה פריינד. דריטע שורה: מאקס היידנבליט, באשע קליפ, סאלא גאָלדפעדער, לאה מדרש.

# שמואל שאפער / אַ בריוו פון פּערו



שמואל שאפער

דעם 16־טן דעצעמבער 1935 בין איך אָפּגעפאָרן פון מיין שטעטעלע הרוביעשאָוו אין אַ לאַנד, וואָס הייסט פּערו. דעם אמת געזאָגט, האָב איך אפילו נישט געוווּסט ווו עס געפינט זיך אַזאַ לאַנד. אַראָפּגענומען האָט מיך מיינס אַ חבר, אליעזר גיווערץ. ער איז געקומען קיין פערו מיט אַ יאָר פאַר מיר און געשטאָרבן אין יאָר 1941.

געקומען בין איך אין לאַנד אָן אַ סענט. האָט מיך מיין חבר פיין באַגעגנט און איינגעלאַדן צו זיך אין שטוב. ער האָט געוווינט אין איין צימער מיט אַ פרוי און אַ קליין קינד. זיין מעבל איז באַשטאַנען פון אַ בעט, אַ טיש און אַ שטול. געשלאָפן זיינען מיר אלע, פיר צוזאַמען, אין איין בעט לאַנגע וואָכן, ביז כ׳האָב אָנגעהויבן צו פאַרדינען.

מיין געשעפט איז באַשטאַנען אין אַרומגיין מיט 2 שווערע וואַליזעס מיט סחורה און קלאַפּן פון טיר צו טיר, דאָס הייסט פּעדלען.

אַזוי האָב איך געליטן מער ווי אַ יאָר און שפּעטער זיך געלאָזט אין דער פּראָווינץ. די פּראָווינץ איז מדבר, ווילדעניש, און הויכע בערג. כ׳האָב געדאַרפט רייטן אויף אייזלען 10—12 שעה אין די בערג. אַזוי האָב איך דורכגעמאַכט ביטערע, בלוטיקע 3 יאָר.

דאָ אין פערו, ד.ה. אין לימאַ, געפינען זיך פון 3 ביז 4 טויזנט יידן און יעדער פון אונז האָט עס אַדורכגעמאַכט.

צו די יידן האָט גענומען אַן ענדע. איצט גייט כמעט אַלעמען גוט. מען האָט נישט קיין זאָרג וועגן פרנסה, יידישע פרויען באַטייליקן זיך אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און יידישע קינדער שטודירן. מיר האָבן יידישע דאָקטוירים און אַדוואָקאַטן. מיט איין וואָרט, עס זאָל אונדז נישט פאַרשטערט ווערן.

אָבער לײדער האָט דאָס גרויסע אומגליק מיך געטראָפן און איך בין געבליבן איינער אַליין פון מיין פאַמיליע.

אָפּפאָרנדיק פון מיין היים, האָב איך געלאָזן עלטערן, שוועסטער, ברידער, שוועגערינס, שוואָגערס און זייערע קינדערלעך, חברים, פעטערס, מומעס, מיט איין וואָרט אַ גרויסע פאַמיליע. און בכלל, אַ שטאָט מיט יידן און פריינט. היינט בלייבט מיר איבער נאָר אָנצושרייבן: ערע זייער אָנדענק!

כ׳דערמאָן מיך אין מיין געסעלע פון באָד־גאַס, ביז די יאַטקע־גאַס. די פּאַנסקאַ אוליצאַ, אונדזערע בחורים און מיידלעך, וואָס פלעגן אַרויסגיין שפּאַצירן אין אָוונט, שבת און יום־טוב. מיר האָבן זיך נישט אָפּגעגעבן קיין רעכנונג, אָדער מיר האָבן עס נישט פאַרשטאַנען, וואָס אונז אומגליקלעכע קרבנות, דערוואַרט.

ערשט היינט, באַטראַכטן מיר עס, זעען און באַוויינען, אָבער דאַן, ווען מיר זיינען געווען פאַראורטיילט מיט געזעצן, דעמאָלט וואָלטן מיר באַדאַרפט פאַרשטיין זייער מיין און אַרויסגיין אין קאַמף קעגן זיי. אפשר וואָלטן מיר נישט געווען פאַרלאָרן אַזוי פיל קרבנות.

כ׳דערמאַן זיך אָן אונדזער אומגליקלעך לעבן אין פאַרשאָלטענעם פוילן. וועלכער ייד האָט נישט געליטן נויט, אָרעמקייט? וועלכער ייד איז נישט אויסגעפרוירן געוואָרן ווינטער מיט זיינע אַכט אָדער צען קינדער, אין זיין קליין שטיבעלע. וועלכן יידן האָט נישט געדרייט דער קאָפּ באַלד זונטיק, אַז ער וועט דאַרפן אויף שבת באַקן אַ ביסל ברויט, און פון יעדן יידישן האַרץ האָט זיך אַרויסגעריסן: גם זו לטובה.

איך זע די פאַרגאַנגענהייט און איך פרעג זיך: האָט דען דער ייד, בכלל, געלעבט אין פוילן?

און דאָך האָט דער פאַרשאָלטענער היטלער געזאָגט, אז דאָס איז נאָך אויך צו פיל און אונדזערע שטעט חרוב געמאַכט, אונדזערע שוועסטער, ברידער און קינדערלעך געשיקט אין גאַז־קאַמערן און זיי באַגראָבן לעבעדיקערהייט.

מיר טאָרן עס נישט פאַרגעסן. מיר מוזן באַיקאָטירן די מערדער, ימח שמם!

עס זאָל קיין זכר פון זייער ערד נישט בלייבן!



הרוביעשאָווער אין ניו־דזשערסי.

הרובישובאים בניו־ג׳רסי.

# הרובישובאים בישראל

— א —

| | |
|---|---|
| אברמנט דוד | רמת־גן, רח׳ החייל 33 |
| אדר דורה | חיפה, קרית־אליעזר 138/8 |
| אדר הירש | תל־אביב, שלומציון המלכה 11 |
| אהרוני דב | תל־אביב, אחד־העם 98 |
| אופלר (שינזינגר) אידה | לוד, רח׳ מ״ד 12 |
| אטלס (רוזמרין) סילביה | מגדיאל, שכון עמידר 15 |
| אידלמן יוסף | בת־ים, שכון עמידר |
| אידלשטיין יעקב | פתח־תקוה, גני־תקוה 55 |
| אידלשטיין צבי | נתניה, שד״ר וייצמן 6 |
| איז (הובר) גיטה | פתח־תקוה, רח׳ היובל 80 |
| איזן (זפרן) מלכה | רמת־גן, מפדה, שכון סלע 11 |
| איזן יצחק | רמת־גן ב׳, מפדה־אזרחי א׳ 11 |
| איזן שאול | רמת־גן ב׳, עמידר 168 |
| איזנברג (פוגל) דבורה | גבעתיים, רח׳ גולומב בית החייל |
| איזנקרנץ מתתיהו | תל־אביב, רח׳ בן נון 36 |
| איכנבוים (קומרובסקי) פרידה | בני־ברק, רח׳ רמז 4 |
| איל מרדכי | בת־ים |
| אינהורן אברהם | תל־אביב, רח׳ בצרון 36 |
| אינהורן אלקנה | גבעתיים, רח׳ הצנחנים 6 |
| אלבורט (קירשנפלד) דורה | רמת־גן |
| אלמוגי יוסף | חיפה, ארלזורוב 34 |
| אלסטר (ניסיל) נכה | רחובות, רח׳ נורדוי 10 |
| אליצור (הולצר) זליג | בת־ים, רח׳ גולומב 7 |
| אלושר יחזקאל | תל־אביב, רח׳ בארי 39 |
| אלמוג (ינובר) חנה | תל־אביב, צהלה, רח׳ הפרסה 31 |
| אמפר שלמה־בר | גבעתיים, רח׳ אפ״ק |
| אנגלסברג חיים ונחמה | פתח־תקוה, רח׳ סלומון 15 |
| אנגלשטיין צבי | כפר שלם, רח׳ נ״א, 13 |
| אנצ׳יק יעקב | תל־אביב, רח׳ שלמה המלך |
| אפרת (פייאר) דבורה | תל־אביב, רח׳ הירקון 258 |
| אפשטיין שושנה ויוסף | ראשון־לציון, רח׳ אהרונוביץ 6 |
| אקרמן יוסף | חיפה, תל־חנן 200 |
| אקרמן מיכאל | חיפה, תל־חנן 250 |
| אקשטיין יעקב | תל־אביב, רח׳ אבן גבירול 187 |
| אריה (דיקלר) חנה | חיפה, שדרות או״ם 52 |
| ארליך יחזקאל | תל־אביב, רח׳ בארי |
| ארפין חיים | תל־אביב, רמת־אביב 82 |
| אשכנזי (זינגר) דבורה | בת־ים, רח׳ בלפור 56 |

— ב —

| | |
|---|---|
| בבצ׳יוק (גרינר) רוזה | יפו, רח׳ 219/6 |
| בודנשטיין יעקב | לוד |
| בודנשטיין (פוקס) רוזה | יפו, רח׳ 60/82 |
| בוכטרגר אברהם | רמת־גן, רח׳ יהלום, בית קריניצי |
| בוכשטב (אוברלנד) מרים | תל־אביב, רח׳ ג׳ורג׳ 18 |
| בוסקוביץ יעקב־יצחק | תל־אביב, זבולון 30 |



| | |
|---|---|
| בורשטין מ. | תל־אביב, שדרות־חן 57 |
| בורנשטין (כץ) ביילה | תל־אביב, רמת־אביב, פטאי 6 |
| בז׳וזה יצחק | בת־ים, עמידר 223 |
| בזם משה | יפו, חסן בק 7006 |
| בזם צבי | תל־אביב, צירלסון 11 |
| ביגלר אליהו | חיפה, שיבת ציון 14 |
| ביגלר יונה | נתניה, שכון ותיקים, רח׳ שפרינצק 45 |
| בידלר (מילר) צ׳רנה | רמלה, שכון עמידר |
| ביזן (ורמן) לאה | עכו, טרומפלדור 17 |
| ביטרמן שמואל | כפר בצרון |
| ביל גולדה | חיפה, רח׳ הגפן 6 |
| ביצ׳מן (קם) פשה | יפו, רח׳ 269/1 |
| בירנבוים (ברט) צפורה | כפר חיים |
| בכר (אלטר) בינה | נשר ע״י חיפה, צריף 142 |
| בלבונק (אוברלנדר) גיטל | תל־אביב, רח׳ הורקנוס 31 |
| בליץ (זפרן) פאולה | רמת־גן ב׳, מפדה אזרחי, ארנון 6 |
| בלכמן יצחק | תל־אביב, אבן גבירול 12 |
| בלנדר אברהם | עפולה־עלית, רסקו 18 ב׳ |
| בלנדר גיטל | תל־אביב, בית אבות, דרך השלום 98 |
| בלנדר (קליינר) מטלה | עפולה עילית, רסקו ב׳/8 |
| בנארי (קנופ) מנדל | תל־אביב, אבן גבירול 188 |
| בן־משה (גייר) שחורה | תל־אביב, קרית־שלום, דרייפוס 4 |
| בקר אריה | הדר־יוסף, שכון עמידר |
| בקר דב | כפר־סבא, רח׳ צ.ה.ל. 10 |
| בקר ראובן | יפו, רח׳ 315/7 |
| ברגר יהושע | חיפה |
| ברגר עזריאל יוסף | כפר הס |
| ברגר (קוגל) לאה | חיפה, בת־גלים, רח׳ צה״ל 8 |
| בר־דוד (קייזמן) בתיה | חיפה, קרית אליעזר 106/9 |
| ברט שמחה | תל־אביב, גבעת עליה, בתי הספר 22 |
| ברנד דוד | תל־אביב, רח׳ מלצ׳ט 25 |
| ברנד רוז׳קה | הרצליה, רח׳ השחר |
| ברנד שלמה | רמת־גן, רח׳ הקשת 39 |
| ברנדיל דוד | קבוץ דפנה |
| ברנהלט יעקב | תל־אביב, שיך מוניס, רח׳ בנימין 20 |
| ברנור (ברנדיל) דוד | קבוץ בני־עטרות, דואר עטרות |
| ברנר אהרן | נתניה, עין התכלת 77 |

— ג —

| | |
|---|---|
| גבירץ יהודה | גבעתיים, רח׳ שדה בוקר 18 |
| גבירץ ישראל | רמלה, שיכון נוה־עובד 69 |
| גדולדיג אברהם | חדרה, גבעת־אולגה ב/191 |
| גדולדיג פנחס | מגדיאל |
| גולדברג (קם) יונה | קבוץ אלונים |
| גולדברג יוסף | כפר־הס |
| גולדברג פנחס | רמת־גן, רח׳ גור אריה 2 |
| גולדברג צבי | נתניה, רח׳ הרצל 47 |

| | |
|---|---|
| גולדברג יצחק | יפו, רח' 17/80 |
| גולדורין (לוקסנבורג) מלכה | רמת־גן, רח' אבא הלל 51 |
| גולדזם (אסיג) דבורה | רמלה, שיכון עממי 6 |
| גולדמן (בכר) דבורה | גבעתיים, רח' שינקין 33 |
| גולדפרב אברהם ושיינדל | תל־אביב, הדר־יוסף, קהילת ורשה 127 |
| גולדשטין ברוך וינטה | נתניה, רח' נורדאו 3 |
| גולדשטין חיים | רמת־גן, רמת עמידר 97 |
| גולדשטין חנה | גבעתיים, המעיין 27 |
| גולדשטין מנדל | גבעתיים, רח' גולומב 3 |
| גור־אריה (פכטר) מרדכי | תל־אביב, שדר' החייל 22 |
| גורביץ (גרבר) שיינדל | משק נגבה, דאר נע אשקלון |
| גורסטמן יעקב | פתח־תקוה, רח' וולפסון 76 |
| גורפינקל ברנרד | באר־שבע, שכונה ב' 85 |
| גייסט יצחק | ניר־דוד, דאר נע גלבוע |
| גייסט סנדר | עפולה, שכון רסקו 19 |
| גייסט צבי | חיפה, רח' יהושע 11 |
| גל יוסף | קרית־חיים, רח' ע"ג 20 |
| גלבר יעקב | בני־ברק, רח' חולדה הנביאה 11 |
| גלזברג אבא | קרית־חיים ב'/5 |
| גלזברג שאול | חיפה, בן־יהודה 31 |
| גלזברג שמעון | חיפה, סמטת השחר 6 |
| גלזר אהרון | יפו, רח' הדרי 4 |
| גלינשפן (קנול) שרה | כפר־קיש |
| גליקסברג חיים | רמת־גן, רח' ברוריה 6 |
| גליקסברג נח | נתניה, רח' גורדון 16 |
| גלעד (גדולדיג) שאול | רמת־גן, רח' הרואה 56 |
| גנדל (צימרמן) פנינה | כפר־סבא, שכון אקרמן |
| גרו פנחס | חיפה, שער מנשה 110/4 |
| גרובר יצחק | גבעתיים, גוש עציון 7 |
| גרובר שמחה | גבעתיים, שכון ותיקים |
| גרומן יעקב | תל־אביב, ק' שלום מס' 406 |
| גרטל אליהו | קבוץ רמת־יוחנן |
| גרטל הינדה | תל־אביב, רח' איבישיץ 6 |
| גרטל חיים | קרית־טבעון, רח' רמז 13 |
| גרטל | תל־אביב, רח' אלכסנדר ינאי 24 |
| גרטל יעקב | תל־אביב, רח' ורמיזה 3 |
| גרטל ישעיהו | בנימינה |
| גרטל נח | גבעתיים, רח' הכנסת 4 |
| גרטל (שטיינפלד) שרה | תל־אביב, שדרות דוד המלך 6 |
| גרינברג חיים | נתניה |
| גרינולד בנימין | תל־אביב, בית הלל 24 |
| גרינולד צבי | יפו, חסן־בק 7007/143 |
| גרינברג שלום | קרית־עמל ע"י חיפה |

— ד —

| | |
|---|---|
| דויטש (הלברשטין) ורדה | תל־אביב, רח' ז'ן זורס 10 |
| דיאמנט יעקב | חולון, רח' חנקין 111 |
| דיאמנט מרדכי | חולון, רסקו 5 דירה 2 |
| דימנטשטין ישראל | רמת־יוחנן |
| דיזה (ורמן) שושנה | מגדל־אשקלון, אפרידר, רח' יוהנסבורג 2 |
| דיקלר יוסף | רמת־גן, רח' חיבת־ציון 33 |
| דיקלר נחמן | חיפה, בר־גיורא 55 |
| דיקלר יוסף | חיפה, שד"ר הנשיא 72 |
| דיקלר צבי | משק עין־שמר |



| | |
|---|---|
| דקה דב | כפר־סבא |
| דרוט (פניק) צילה | נתניה, שכון ותיקים 345 |

— ה —

| | |
|---|---|
| הדס נתן | הרצליה, רח' משה הס |
| הודיס (שלכטר) פיגה | הרצליה, שכ' ויצמן 8, אצל סוקניק |
| הוברמן (זילברמינץ) הניה | בני־ברק, רח' טבריה 32 |
| הוזמן רפאל | תל־אביב |
| הוכמן לייזר | פתח־תקוה, רח' פרנקפורטר 3 |
| הוניגספלד (קלוגר) מרים | חיפה, רח' עובדיה 51 |
| הופמן יהודה | קבוץ שפיים |
| הופמן יהושע | בני־ברק |
| הופמן מייטשה | קבוץ שפיים |
| הורביץ מרדכי | גבעתיים, רח' המלבן 6 |
| הורט (פיינטוך) חביבה | מושב סגולה, ד. נע חוף אשקלון |
| היי אליעזר | תל־אביב, צייטלין 7 |
| היי ברוך | יפו, נוזהא מס' 6 |
| היי יעקב | תל־אביב, כפר שלם א', רח' מ"ד מס' 9 |
| היי שלמה | תל־אביב, שכ' מונטיפיורי 43 |
| הלברשטין יוסף | תל־אביב, דרך חיפה 19 |
| הלברשטין פראדיל | תל־אביב, רח' בן־יהודה 234 |
| הלברשטין צבי | תל־אביב |
| הלוי (פיינגליס) עדה | תל־אביב, שכון צבא הקבע |
| הלפרין צבי | קרית־אונו, ז'בוטינסקי 29 |
| הרטמן (ליכטנשטין) אסתר | תל־אביב, שד"ר ושינגטון 33 |
| הרשקוביץ (ויינר) טובה | תל־אביב, מוסנזון 3 |

— ו —

| | |
|---|---|
| ואסר (קירשנפלד) בלומה | תל־אביב, רח' מקוה ישראל 19 |
| וידבסקי (ברנפאיט) פיגה | עכו, רח' ד 24 |
| ויצר (בכר) אסתר | גבעתיים, רח' דגנים 13 |
| וידלר (מילר) צ'רנה | רמלה, שכון חדש 19 |
| וידרמן (גרטנר) שושנה | גבעתיים, שכון עממי, רח' הפלמ"ח |
| וינברג וולף | הרצליה, רוגובין 13 |
| וינברג (גרטל) מלכה | תל־אביב, שכונת שפירא |
| וינברג (שרויט) פרידה | הרצליה, רח' רוגובין 20, דירה 3 |
| וינדה (ויינברג) צינה | בני־ברק, שכון ז — 14 |
| וינדרבוים דוד | עפולה, רח' הבונה מס' 10 |
| וינטרויב אברהם | תל־אביב, רח' המליץ 18 |
| וישקר הלל | תל־אביב, רח' סוקולוב 241/4 |
| וינר טוביה | חיפה, בר־גיורא 38 |
| וינר יעקב | תל־אביב, רח' דפנה 6 |
| ויס ישראל ואסתר | חיפה, מסדה 38 |
| ויסבורג יוסף | חיפה, רח' אסלט 3 |
| ויסבורג מיכה | חיפה, רח' הגנים 18 |
| ויסמן (שטיין) חנה | חיפה, רח' טאבו 30 |
| ויספוטר (זפרן) סוניה | רמת־גן ב', נוה יהושע 11 |
| ולדמן (דימנשטין) גיטל ושלמה | משק רמת־יוחנן |
| ולדמן דוד | באר־שבע, שכון ב', חז"ל 13 |
| ולדמן מתתיהו | חיפה |
| וילנסקי (רובינשטין) נחמה | גבעתיים, רח' גולומב 21 |
| מלף (ברנהלט) חנה | יפו, רח' 76 מס' 12 |

| | |
|---|---|
| וילפנפלד (פינקלשטין) הלה | תל־מונד |
| וקסמן זוזי | חולון, רח׳ ז׳בוטינסקי 24 |
| וקסמן יהודה | חיפה, רח׳ יל״ג 25 |
| וקסנר (גרינר) שפרה | הרצליה, שכון עמל |
| ורט אברהם | פתח־תקוה, שכון נוה־עוז, רח׳ הזמיר 7 |
| ורט (ורטמן) שמעון | קרית־חיים, רח׳ כ״ז 13 |
| ורטהים פנחס | תל־אביב, רח׳ רש״י |

— ז —

| | |
|---|---|
| ז׳בולצקי (גליקסברג) מניה | הדרה, בית־אליעזר |
| זוסמן דב | פרדס־חנה, שכון נוה ב׳ 36 |
| זוסמן (קרפט) גולדה | תל־אביב, הגבולות 23 |
| זילבר (גולדשטין) הינדה | רמת־גן, רמת־עמידר 97 |
| זילבר מיכאל | יפו, שדרות ירושלים 62 |
| זילברמן (לינדנבוים) בת־שבע | חיפה, רח׳ ההר 17 |
| זיד אברהם | כפר־סבא, רח׳ גאולה 2 |
| זיד יצחק | רמת־גן, גרנדוס 29 |
| זיד נתן | רח׳ דובנוב 23 |
| זידן משה | חולון, חנקין 41 |
| זידן (פליישמן) רבקה | תל־אביב, הקישון 23 |
| זילברפלד (פרסאייזן) דורה | בת־ים, מעברה, צריף 244 ב׳ |
| זילברבלך יחיאל | בת־ים, מעברה, צריף 246 |
| זילברברג פרלה | חדרה, גבעת אולגה |
| זילברמינץ אטל | תל־אביב, רח׳ מזא״ה |
| זילברמינץ רוזה | תל־אביב, בתי אבות, שד׳ המעפילים 28 |
| זילברמן בת־שבע | חיפה, שדו׳ או״ם 17 |
| זילברפץ שמואל | חולון, שיכון עממי |
| זילברשטין אברהם | תל־אביב, נוה־דוד, רח׳ התאנה |
| זילברשטין מרדכי | בת־ים, ניצנה 14 |
| זילברשטין חיים | תל־אביב, שכ׳ נוה־דוד, רח׳ התאנה |
| זידמן ישראל | תל־אביב, רח׳ הגבול 23 |
| זינגר בונם | תל־אביב, אבן גבירול 190 |
| זיסמן ישראל | תל־אביב, רח׳ גבולות 23 |
| זיסמן מרדכי | יפו, שד׳ ירושלים 163 |
| זלצר חיים | רמת־גן, תלפיות 26 |
| זמיר יעקב | תל־אביב, עין־גב 7 |
| זפרן מרדכי | רמת־גן ב׳, מפדה, נוה־ישראל 13 |
| זקן (אלטר) מקס | תל־אביב, רח׳ זכריה |

— ט —

| | |
|---|---|
| טיבי (קנר) ונטקה | מנרה, דאר־נע גליל־העליון |
| טודסקיני (מניקוב) רחל | הרצליה, שכון נוה עמל |
| טיטלבוים (רויטר) בלה | תל־אביב, רח׳ פרישמן 61 |
| טלר (מורגנשטרן) גישה | קרית־חיים, רח׳ נ״ב 40 |
| טננבוים חנה | רמת־גן |
| טננבוים חיים | רמת־גן, רח׳ מודיעין 157 |
| טנר אליהו | יפו, גבעת־עליה, רח׳ מודיעין 234/7 |
| טנר דב | נס־ציונה, שכ׳ מפדה אזרחי מס׳ 88 |
| טפלר שמואל | תל־אביב, רמת־אביב 160 |
| טרום אהרן | ירושלים, רח׳ חיים עוזר 32 |
| טרוסט דוד | בת־ים, רח׳ דניאל 19 |
| טרוך אברהם | קרית־חיים, רח׳ נ״א 21 |



| | |
|---|---|
| טשר אברהם | בת־ים, מעברה צריף 191 |
| טשר (זיד) בילה | בת־ים, מעברה צריף 197 |
| טשר (ורמן) חנה | בת־ים, ר׳ח׳ טרומפלדור 11 |
| טשר ירחמיאל | בת־ים, מעברה צריף 197 |
| טשר מאיר | בת־ים, רח׳ הלפרין 29 |
| טשר מלכה | בת־ים, מעברה צריף 197 |

— י —

| | |
|---|---|
| יודקביץ (שלגר) אידה | יפו, גבעת־עליה 237 |
| יונג משה | כפר־אתא, גבעת אתא צריף 78 |
| ינובר בנימין | תל־אביב, רח׳ צייטלין 29 |
| ינובר ברוך | גבעתיים, רח׳ אפק 6 |
| ינובר צבי | גבעתיים, רח׳ אפק 13 |
| יעקוביץ (ורטמן) צפורה | רמלה, שכון ל״ה 4 |

— כ —

| | |
|---|---|
| כהן גילה | תל־אביב, רח׳ ויתקין 5 |
| כהן (קאהן) זאב | בני־ברק, רח׳ יהודית 9 |
| כהן יעקב ושושנה | תל־אביב, רח׳ בן־יהודה 205 |
| כהן שמואל | גבעתיים, רח׳ מודיעין 224 |
| כהנא ישראל | תל־אביב, שד׳ נורדוי 26. |
| כץ אברהם | בת־ים, מעברה |
| כץ (שטינבאום) חנה | בת־ים, רח׳ הנשיאים 17 |
| כץ יהושע | תל־אביב, קרית־שלום, מייארבר 11 |
| כץ יוחנן | בת־ים, רח׳ הנשיאים 17 |

— ל —

| | |
|---|---|
| להב (ברנר) עדינה | ראשון־לציון |
| ליברמן אלכסנדר | תל־אביב, שכון בצרון א׳, מס׳ 61 |
| לופה (הולצר) הינדה | תל־אביב, רח׳ דיזנגוף 193 |
| לוי (בודן) חנה | תל־אביב, רח׳ ורמיזה 1 |
| לוין (כהן) חנה | חיפה, שדרות או״ם 94 ב׳ |
| לוינפוס חנה | חיפה, גב־ים 184 |
| לוקסנבורג אברהם | הרצליה, נוה־עמל 644 |
| לוקסנבורג יוסף | תל־אביב, רח׳ גור 2 |
| לוקסנבורג מרדכי | הרצליה, נוה־עמל 644 |
| לוקסנבורג רחל | תל־אביב, מעברת אבו־כביר |
| לטרמן (שלכטר) ליובה | רמתיים, שכון מגד |
| לינדנבוים דוד | קבוץ גליל־ים |
| לינק מרדכי | נתניה, שכון רמת־הרצל 8/4 |
| לנדוי (בלושטין) צביה | חולון, רח׳ החייל 10 |
| לסטיגזון (איזן) רבקה | גבעתיים, רח׳ מודיעין 224 |
| לקס משה | משק עין־שמר, בי״ח מלב״ן |
| לרך (אדר) גולדה | רמת־גן, רח׳ חצור 12 |
| לרך ישראל | קרית־עמל, רח׳ קק״ל 5 |
| לרנר (לקס) רחל | ירושלים |
| לרר אברהם | תל־אביב, קרית־שלום, דשבסקי 2 |
| לרר זלמן | חולון, רסקו ב׳ |
| לרר פנחס | גבעתיים, רח׳ ארלוזורוב 3 |

— מ —

| | |
|---|---|
| מאיר פנחס (מער) | רמת־גן, רח׳ פבריגט 34 |
| מגדל (וילדר) פרל | יפו, רח׳ 251 מס׳ 50 |
| מונציג (זינגר) שרה | תל־אביב, רח׳ ארלוזורוב 188 |
| מוסקל משה | בני־ברק, רח׳ אלוף שמחוני 2 |
| מידנס (רוזנברג) יוכבד | תל־אביב, שד׳ המעפילים 30 |
| מיטלפונקט הניה | יפו |
| מיטלפונקט יוסף דוד | תל־אביב |
| מילר יחיאל | תל־אביב, רח׳ הכנסת |
| מילר יצחק | רשל״צ, רח׳ אהרונוביץ 6, אצל אפשטין |
| מינץ שמריהו | תל־אביב, רח׳ דפנה 6 |
| מלרמן (אסיק) שינה | חולון, רח׳ פיירברג 10 |
| מנגל משה | פתח־תקוה, פג״ה |
| מנדל (ציפל) מרים | תל־אביב, רח׳ בצרון 18 |
| מנדלבוים (שטרן) מלכה | פתח־תקוה, פג״ה עירוני, שלמה מילר 22 |
| מסר צבי | רמלה, רח׳ כ״ב 13 |
| מרקוס (אויפר) אסתר | נתניה, רח׳ אפרים 48 |
| מרשלקוביץ (שטין) אפרים | קרית־חיים, רח׳ כ״ז 58 |

— נ —

| | |
|---|---|
| נבון (קלוגר) חיים | ירושלים, קרית־משה |
| נוימן חנן | גני־יהודה, עקרון, מזכרת־בתיה |
| נוימן (ציפל) אסתר | תל־אביב, בצרון בלוק 18 |
| נוסטיגר (זילברמן) לאה | יפו, רח׳ 257 מס׳ 3 |
| ניסל מיכאל | אשקלון, רח׳ 8 מס׳ 29 |
| נוסיל מיכאל | תל־אביב, רח׳ שמעון התרסי 2 |
| נוסינזון (זשרק) צפורה | חיפה, שושנת הכרמל 32 |
| נירנברג הירש | באר־שבע |
| נירנברג שאול | רמת־השרון, שכון מורשה |
| נלבקה (פייל) דובה | רמלה, רח׳ נ״ה 14 |
| נץ חיים | תל־גבורים, שכון סלע, בלוק 13 |

— ס —

| | |
|---|---|
| סאס צבי | חיפה, רח׳ ברזילי 23 |
| סול משה | הרצליה, נוה־עמל 526 |
| סול צבי | חולון |
| סולומון יצחק | תל־אביב, חסן־בק 265/7007ב׳ |
| סופר אברהם | הרצליה |

— ע —

| | |
|---|---|
| עצמון בת־שבע | תל־אביב, רח׳ מוצקין 16 |

— פ —

| | |
|---|---|
| פוגל אברהם ופנינה | גבעתיים, רח׳ חניתה 5 |
| פוגל יעקב | רמת־גן, רח׳ התיכון 118 |
| פוגל צבי | גבעתיים, רח׳ שינקין |
| פוגל משה | רמת־יצחק |
| פוגל שרה | גבעתיים, רח׳ שינקין |
| פוטרמן (הובר) רחל | פתח־תקוה, גני־תקוה 85 |



| | |
|---|---|
| פולק אליהו | חיפה, רח׳ סירקין 24 |
| פולק יוסף | חיפה, רח׳ העצמאות 132 |
| פולק יעקב | חיפה, סמטת הרכבת שפיים |
| פולשטרן תנחום | נתניה, שכון ותיקים 486 |
| פומפ טוביה | עכו, מעברה מזר |
| פומפ (סול) פרידה | בת־ים, שכ׳ עמידר 322 |
| פומרנץ אברהם | קרית־חיים, רח׳ י״ח 46 |
| פוקס רחל | פרדס־חנה, עמידר 26 ב׳ |
| פורפנס (זיסמן) חיה | חדרה, בית־הלוי 191 |
| פיאפש (וייז) חיה | יפו, שכון־עממי בלוק 6 |
| פיטרושקה (כץ) חיה ונתן | תל־אביב, רח׳ שטריקר 13 |
| פייאר קלרה | יפו, רח׳ 195 מס׳ 2 |
| פידר (בוימגרד) שושנה | תל־אביב, רח׳ בארי 7 |
| פייל שלמה | חולון, שכון חדש 382 |
| פינגר מיכאל | כפר חירות |
| פינקלשטין זאב | חדרה, רח׳ הנשיא |
| פיפר אפרים | בני־ברק, רח׳ עקיבא 96 |
| פישר (שילר) לאה | בת־ים, רח׳ השלושה 12 |
| פיפר שרגא וגיטל | יפו, ע״י בי״ח דזנולו |
| פיפר פשה | יפו, רח׳ 153 מס׳ 5 |
| פיפר צבי | יהוד, רח׳ קפלן 33 |
| פכטר יוסף | רמלה |
| פכטר ישראל | תל־אביב, רח׳ פינסקר 4 |
| פכטר מיכאל | רמתיים, שכון מגד נוה־עובד 185 |
| פכטר צבי | תל־אביב, שכ׳ נורדיה 44 |
| פלוט יהושע | קבוץ יגור |
| פלוט מאיר | חיפה, רח׳ פינסקר 22 |
| פלוט צבי | חולון, רח׳ מקוה־ישראל 4 |
| פלדמן רפאל | גבעת השלושה, הקבוץ המאוחד |
| פלקס יוסף | תל־אביב, רח׳ יבנה 7 |
| פלוסקין צפורה | כפר־סבא, רח׳ ביאליק |
| פלקס שמואל | נתניה, שכון הפועלים |
| פלר צבי | גבעת־המורה מס׳ 106 |
| פרדר (ברנהאיט) חיה | קבוץ לוחמי הגיטאות |
| פרומר יוסף | מפרץ חיפה, רח׳ י״ח 15 |
| פרוינד שמואל | כפר־סבא, רח׳ רופין 5 |
| פרוקטצויג (וולדמן) דבורה | בת־ים, שכון עמידר 293 |
| פרוסט לייבוש | תל־אביב, ככר היל 4 |
| פרוסט שמעון | בת־ים, שכ׳ עמידר |
| פריבנר יוסף | פתח־תקוה, רח׳ יפתח 6 |
| פריד מנדל | רמלה, שכ׳ נוה־עובד 7 א׳ |
| פריד (פרינד) רבקה | ירושלים, בית מזמיל שכ׳ מלים 36 |
| פרודה (עסיג) שושנה | גב־ים, רח׳ שופטים 90 |
| פרידמן יצחק | עפולה עלית, רסקו 19 |
| פרידמן משה | בת־ים, שכ׳ עמידר 231 |
| פרידמן (פרוסט) רחל ומשה | חולון, רח׳ סוקולוב 89 |
| פרימן שמואל | רמת־הכובש |
| פרימר משה | בת־ים, שכ׳ עמידר 234 |
| פרינד (בזם) סוניה | כפר־סבא, רח׳ מסקין 41 |
| פרמן (זינגר) שרה | תל־אביב, רח׳ ברנדס 33 |
| פרץ אריה | |

— צ —

| | |
|---|---|
| צדרבוים יחיאל | פתח־תקוה |
| צדרבוים מרדכי | פתח־תקוה, שכון מפ״ם 27 |
| צוקר גרטל | תל־אביב, רח׳ יהושע בן־נון 33 |

| | |
|---|---|
| צוקר (קופרשטין) הינדה | חולון, ג'סי כהן 148 |
| צוקר צירל | ירושלים, בית אבות |
| צוקרמן (קירשנפלד) דורה | רמת־גן, רח' החשמונאים 16 |
| ציגל יהושע | יפו, רח' 196 מס' 17 |
| ציגל (דימנט) שושנה ומשה | רמת־יצחק, רח' עוזיאל 39 |
| צימרמן אברהם | גבעתיים, רח' יצחק שדה 3 |
| צימרמן דוד | גבעתיים, רח' דפנה 31 |
| צימרמן דוד | בני־ברק, רח' הגר"א 10 |
| צימרמן חנה | בת־ים, שכ' עמידר 252 |
| צימרמן יהודה | רמת־גן, קרית־בורוכוב, רח' מנחם 7 |
| צימרמן יצחק | פרדסיה, מחנה א' בלוק 60 |
| צימרמן צבי | כפר מל"ל |
| ציפעל אריה (לייבל) | |
| ציפל שמואל | רעננה, שכון הפועל־המזרחי |

— ק —

| | |
|---|---|
| קוס מרים | רמת־השרון, שכון עממי 628 |
| קוסוביצר אברהם | רמת־השרון, רסקו |
| קוסוביצר קהת | הרצליה, גליל |
| קובלסקי (וייזר) חנה | חיפה, רח' התבור 30 |
| קווה (שליפר) שלום | עפולה עלית, רח' יצחק שדה א'/64 |
| קוטשר יעקב | תל־אביב, רח' עין־יעקב 23 |
| קולטון (רוטפלד) חיה | קרית־ישראל, רח' גוש עציון 56 |
| קופר (הירינג) חיה ויוחנן | תל־אביב, רמת־אביב, שכון עממי 99 |
| קופר יוחנן וחיה | תל־אביב, רח' כפר יונה 19 |
| קופר (ברנר) לאה | חולון, רח' וייצמן 128 |
| קופציוק (שינזינגר) גניה | לוד, רח' מ"ב 15 |
| קופרשטוק דבורה | חולון, שכון ג'סי כהן 148/3 |
| קופרשטוק יעקב | רמת יצחק, שכ' הפרוגרסיבים 10 |
| קופרשטוק ישראל | ראשון־לציון, עליה 27 |
| קיזל חיים | תל־אביב, רח' סוקולוב 22 |
| קיזל צבי | תל־אביב, רח' הרמן שטרוק 20 |
| קיזל שמואל | תל־אביב |
| קירסון (קירשנזון) מרדכי | רמת־גן, חיבת־ציון 43 |
| קירשנר אשר | קרית־ים, שכ' עולים ב' |
| קירשנר וולף | יהוד |
| קירשנר מנדל | כפר אתא, שכ' עמידר 44/2 |
| קורנבליט (וינטרויב) איטה | רמלה, רח' י"ב 5 |
| קלינגל חיים | תל־אביב |
| קלינגל שמואל | רמת־השרון, שכ' מורשה |
| קלוג חיים | יפו, רח' 42 בית 26 |
| קלינר מאיר | ת"א, שיך מוניס, רח' א' 17/2 |
| קלנברג (לרך) מניה | בת־ים, רח' עצמאות 40 |
| קלקס נתן | תל־אביב, רח' אבן גבירול |
| קם שמואל | הרצליה, שכ' הפועלים א' |
| קנדל ג'סי | בית־דגון, רח' קפלן 8 |
| קנול דוד | נתניה, טרומפלדור 7 |
| קצהנדלר (לב) חנה | חיפה, רח' יפו 44 |
| קצהנדלר משה | חיפה, רח' גוש עציון 21 |
| קנר משה | קרית־חיים, רח' ס"ג 35 |
| קרסנר (גרונר) שפרה | הרצליה, רח' סוקולוב 31. |



— ר —

| | |
|---|---|
| ראפ שלום | תל־אביב, רח' מאז"ה 74 |
| ראפ | תל־אביב, (שבזי) אחוה 17 |
| רבינוביץ קופל (אסתרון) | חולון, רח' גולומב 47 |
| רובינשטיין יצחק | חיפה, רח' התשבי 86 |
| רוזמרין פסיה | מגדיאל, שכ' עמידר 15 |
| רוזן אברהם | חדרה, גבעת אולגה 32א' |
| רוזן יחזקאל | יפו, רח' 220 מס' 12 |
| רוזנבלום משה | תל־אביב, רח' דיזנגוף 187 |
| רוזנברג הנס | רמת־גן, רח' חירות 16 |
| רוזנברג יוכבד | תל־אביב, שד' המעפילים 30 |
| רוזנברג לאה | כפר־סבא, רח' פינסקר 6/3 |
| רוזנברג שרה | תל־אביב, רח' שמעון התרסי 41 |
| רול יצחק | הרצליה, נוה־עמל 145 |
| רויטר אביגדור | תל־אביב, רח' דיזנגוף 39 |
| רטיג צבי | מגדיאל |
| ריבר יעקב | תל־אביב, רח' אבן גבירול 188 |
| ריז בת־שבע | חדרה, גבעת אולגה |
| ריס בנימין | בת־ים, שכון עמידר 308/4 |
| ריס יעקב | קרית־גת, שכון ג/207 |
| ריס לייבל | יבנה, חולות 25, דאר רחובות |
| ריס משה | תל־אביב, שכ' מונטיפיורי 16 |
| רפופורט הינדה | תל־אביב, רח' בוקי בן יגלי 14 |
| רפופורט יוסף | כפר־סבא |

— ש —

| | |
|---|---|
| שוכמן ישראל | ירושלים, רח' אוסישקין 20 |
| שולמן (צימרמן) מיה | חיפה, שכון ק' אליעזר 29/3 |
| שועלי שמשון | יפו, גבעת־עליה, רח' 195, מס. 2 |
| שופל טוביה | קרית־גת, ש. עמידר 269/6 |
| שורץ יונה | באר־שבע, שכון ב' 113 |
| שורץ יוסף | גבעתיים, רח' כצנלסון 65 |
| שורץ מלך | תל־אביב, צהלה, רח' הפרסה 15 |
| שורץ שלום | תל־אביב, רמת־החיל, רח' ח', בלוק 1 |
| שורץ רחל | גבעת־עליה, רח' 195, מס. 2 |
| שורץ (ברנגוט) רחל | באר־שבע, שכון ב' 113 |
| שושנה (רוזנפלד) גאולה | משק־אשדוד־יעקב, איחוד |
| שטוקהמר יוסף | תל־אביב, רח' פנקס 19 |
| שטוקהמר ישראל | כפר שלם ב' |
| שטוקמן (גלרנטר) דינה | חיפה, 23 בית־בורובסקי |
| שטורם בנימין | תל־אביב, רח' הירקון |
| שטיך אפרים | תל־אביב, מונטיפיורי 19 |
| שטיך יוסף | תל־אביב, רח' דיזנגוף |
| שטיך מתתיהו | הל־אביב, רח' צייטלין 17 |
| שטיין (רויטר) ויטה | תל־אביב |
| שטינבוים זאב | תל־אביב, רח' אלכסנדר ינאי 16 |
| שטינבוים שבתאי | תל־אביב, רח' לפין 7 |
| שטינבוים ליאון | תל־אביב, רח' יבניאלי 22 |
| שטינברג נתן | גבעתיים, ר' הצנחנים 2 |
| שטינגל צבי | חיפה, שכון עממי תל־עמל, בלוק 8 |
| שטכר (שטורם) מרים | תל־אביב, רח' הירקון 186 |
| שילר ישראל | רמת־גן, רח' מרציה 6 |
| שאונברג (שנול) טובה | תל־אביב, שיך־מוניס |
| שטינגל (שלכטר) רעיה | בית־דגון, רח' רמז 11 |

| | |
|---|---|
| שופמן (אבראמאנט) אסתר | פתח־תקוה, רח׳ מונטיפיורי 38 |
| שיפמן חנה | פרדס־חנה |
| שיף שלמה | גבעת־עליה, רח׳ 195/2 |
| שכטר (פייפר) הינדה | גבעת אולגה, 169 ע״י חדרה |
| שכטר מלך | גבעת אולגה, 149/2 ע״י חדרה |
| שלכטר שרה | תל־אביב, רח׳ הבונים 2 |
| שלכטר גרשון | רמתיים, נוה־ירק 4 |
| (שמס) שמש יצחק | יפו, שכון חסכון, בלוק 14/3 |
| שנול אליהו | תל־אביב |
| שנול לייב | תל־אביב, אבו־כביר 11 |
| שנידמן יחזקאל | עכו, שכון, רח׳ עבודה |
| שפילר יואל | שכון גת־רימון 7/12, ע״י פתח־תקוה |
| שפיר (גל) אסתר | טבעון, רח׳ אמנון־ותמר 53 |
| שר זיגמונד | באר־יעקב |
| שר (מסר) חנה | רמת־גן, רח׳ הרמון 27 |
| שרר (שרויט) איסק | תל־אביב, רח׳ בית אשל 24 |
| שרביט יוסף | גבעת־עדה |

# ווען דאס יידישע הרוביעשאוו האט נאך געלעבט





# ווען דאס יידישע הרוביעשאוו איז שוין מער נישטא



אזכרה־אָונט נאָך הרוביעשאָווער קדושים, תל־אביב — יוני 1960.

# ברוך קאפלינסקי / געבליבן איז נאר דער פנקס הרוביעשאוו

תל־אביב



ברוך קאפלינסקי

כ׳בין אין הרוביעשאָוו קיינמאָל נישט געווען. מיינע אויגן האָבן קיינמאָל נישט געזען אירע גאַסן און אירע געסלעך, אירע שולן און אירע שטיבלעך, אירע בריקן און אירע טייכן, אירע עסקנים און אינסטיטוציעס.

כ׳בין קיינמאָל נישט געווען אין בראדיצער וועלדל, אויפן פּאָברעזשאַנער וועג, אויף דער פּאהעריע אָדער ביי דער שליזשע.

כ׳בין קיינמאָל נישט געגאַנגען שפּאַצירן אויף דער פּאַנסקע און להבדיל אויף דער שול־גאַס.

דאָך, בלעטערנדיק אַזויפיל מאַטעריאַלן, טעקסטן, רשימות און גבית־עדות וועגן הרוביעשאָוו, זע איך דאָס אַלץ מיט מיינע גייסטיקע אויגן: צאַפּלדיק, לעבעדיק און עכט.

## אָט, זע איך די לעצטע הרוביעשאָוו, מיט 40—30 יאָר צוריק

אירע שבת־יום־טובדיקע, געוועזענע, חסידישע יינגעלייט שפּאַצירן אויף דער פּריצישער, פּאַנסקע־גאַס. זיי טראָגן ביכלעך אונטערן אָרעם, קנאַקן דיניקערן און דערביי דיסקוטירן זיי וועגן סאָציאַליזם, ציוניזם, פרייהייט און סאָציאַלער גערעכטיקייט. זאָגן זאָגט מען, אַז זיי זיינען נאָענטע מחותנים מיט די סטרייקערס און לאָזן די סאָציאַלע רעוואָלוציע פון מויל נישט אַרויס.

אָט, שטעלן זיי זיך אָפּ לעבן נתן זיידס בודקע, אָדער לעבן שאול אבעלעס. זיי טרינקען אַ גלאָז סאָדע־וואַסער, פאַרבייסן מיט אַ סליוועטשקע און ברומען צו: הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן, אָדער: תחזקנה, ידי אחינו.

## די יונגאַטשעס לייענען די „הצפירה"

מיט אַ יאָר צוריק זיינען זיי נאָך געזעסן אין אַלקיר פון טריסקער, אָדער הוסיאַטינער שטיבל.

וואָס טוען זיי דאָרט?

דאַכט זיך, אַז זיי חזרן איין אַ חסידישן, נייעם ניגון. לכתחילה, ברומען זיי שטיל, נאָכדעם נאָך שטילער און מיטאַמאָל פאַלן זיי אַריין אין התלהבות געמישט מיט דבקות און צעגיסן זיך פון מתיקות.

אין אַ צייט אַרום וועלן זיי אנשי־שלומנו פאַרטרייבן פון שטיבל. זיי וועלן זיך וואַרפן אויף זיי מיט געבײלטע פויסטן:

— אַרויס, יונגאַטשעס, אַרויס שקצים, אַזאַ נבלה!

וואָס ברויזן דאָ אַזוי גאָטספאָרכטיקע חסידים, וואָס שפּריצן זיי מיט אַזויפיל צאָרן און כעס?

מסתמא, איז צו זיי דערגאַנגען אַ קלאַנג, אַז זיי, די יונגאַטשעס, לייענען די „הצפירה", אָדער קוקן אַריין אין „הזמן", טראָגן זיך אַרום מיט ביכלעך און טענהען חוצפּהדיק, אַז יידישקייט איז געשאַפן געוואָרן פאַר יידן און נישט פאַרקערט.

און אפשר באַשטייט זייער „חטא" אין דעם, וואָס זיי האָבן אויסגעטאָן די יידישע היטעלעך, זיינען וויניקער מאריך בתפילה און מאַכן וויניקער העויות?

אַזאַ חוצפּה, אַזאַ נבלה!

## עוד לא אבדה מיט חסידישער התלהבות

די אַרויסגעטריבענע פון די שטיבלעך כאַפּן זיך אַריין צו חיים פּישערס אין הייזל, אָדער צו די ברענערס אין גאַסטהויז, אָדער אויף דער גורנע אין השומר־הצעיר און צוזאַמען זינגען זיי אין איין כאָר: עוד לא אבדה תקותנו!

מיט דער פריערדיקער, חסידישער התלהבות פון שטיבל גייען זיי ל״ג־בעומר און 1־מאַי אין בראדיצער וועלדל אויף הפלגות, און חלומען וועגן אַ יידישער, סאָציאַליסטישער היים אויף די בערג פון ציון און ירושלים.

דאָס איז איין הרוביעשאָוו. הרוביעשאָוו מיט 40—30 יאָר צוריק.

אָבער ס׳זיינען געווען נאָך הרוביעשאָווס, אַנדערע און נישט וויניקער קעמפערישע.

## הרוביעשאָוו פון „מנין"

אָט, זע איך הרוביעשאָוו פון „מנין" און בעל־שם־טוב, הרוביעשאָוו מיט 200 יאָר צוריק.

צען דאַרע, אויסגעמאָגערטע למדן־וניקעס, הויט אוןביינער און פייערדיקע אויגן. זיי זיצן טעג און נעכט אין גרויסן בית־מדרש, ביים גרויסן טיש, לערנען, פאַסטן און באַשליסן: זאָל שוין זיין די גאולה! משיח זאָל שוין קומען!

און ווער ווייס צי די 10 הרוביעשאָווער מנין־למד־וניקעס וואָלטן נישט געבראַכט די גאולה, ווען עס מישט זיך נישט אַריין ר׳ ישראל שרהס און פּסקנט: לא איכשר דור.

אַזוי האָט מען אַלעמפאַלס דערציילט אין הרוביעשאָוו, אין בית־מדרש, אונטערן אויוון.

## הרוביעשאָוו מיט 500 יאָר צוריק

און אָט איז אַן אַנדער הרוביעשאָוו. הרוביעשאָוו מיט 500 יאָר צוריק.

מיט 40 יאָר צוריק, אין יאָר 1400, איז נאָך הרוביעשאָוו געווען אַ דאָרף. אפשר האָבן שוין אין דאָרף הרוביעשאָוו געוווינט יידן. אָבער זיי האָבן, מסתמא, נישט געהאַט קיין חוש פאַר געשיכטע. דעריבער, זיינען אונזערע ידיעות וועגן זייער לעבן און שאַפן נישטיקע.

## אליהו — דער ערשטער היסטאָרישער ייד אין הרוביעשאָוו

און דערפאַר דערוויסן מיר זיך וועגן ערשטן יידן אין הרוביעשאָוו ערשט אין יאָר 1440. אליהו — הייסט ער. פונוואַנען ער איז געקומען קיין הרוביעשאָוו — ווייסן מיר נישט. וועגן זיין משפּחה, זאָרגן, שמחות און

בויטן — קיין איין וואָרט נישט. און ווען ער פאָרט נישט געשעפטלעך פון הרוביעשאָוו קיין קיעוו, דורך לוצק, קויפן פערד און פעל, וואָלט אים געווים די געשיכטע פאַרשוויגן. אַ קורצע נאָטיץ אין: Akta Grodzkie i Ziemskie האָבן מיר צו פאַרדאַנקען אונזער בלאַסע באַקאַנטשאַפט מיט אליהו פון יאָר 1440.

מעגלעך, אַז דער ייד אליהו פון יאָר 1440 האָט זיך איינגעוואָרצלט אין הרוביעשאָוו און זיינע אור־אור־אייניקלעך לייענען די שורות און ווייסן נישט, אַז אין זייערע אָדערן פליסט ר׳ אליהוס בלוט.

## יצחק סאָקאָלאָוויטש

ר׳ אליהוס אַ בן־דור איז געווען יצחק סאָקאָלאָוויטש. וואָרשיינלעך האָט ער געהאַט אַ גרויסן פאַרמעגן אין הרוביעשאָוו. דער היסטאָריקער, יצחק שיפּער, דערציילט אונז, אַז ער אַרענדירט דעם צאָל אין סאַמבאָר, די זאַלץ־גרובן אין יאַסניצאַ און פאַרזעצט זיינע גיטער מיט צען קנעכט ביי אַ פּוילישן פּריץ.

## מיכאל און יהודה פון הרוביעשאָוו

אומגעפער אין דער צייט, אין די פופציקער יאָרן פון פופצעטן יאָרהונ־דערט, זיינען עולה לגדולה: מיכאל און יהודה פון הרוביעשאָוו, אַ טאַטע מיט אַ זון. ביידע זיינען זיי נישט אַבי ווער: צושטעלער אויפן קעניגלעכן הויף פון קאַזימיר יאַגעלאָנטשיק, וויין־אימפּאָרטערן פון קרים, און לעבן אין הרוביעשאָוו.

מעגלעך, אַז אין יענער צייט האָבן געוווינט אין הרוביעשאָוו אָרעמערע יידן אויך, אָבער וועגן אָרעמעלייט שווייגט די געשיכטע. אַזאַ טבע האָט זי שוין.

## די ברידער יאַסקע און שאַך שאַכנעוויטש

בזכות פון זייער סוחרישער הצלחה איז פּאַראייביקט געוואָרן נאָך אַ פּאָר הרוביעשאָווער יידן: די ברידער יאַסקע און שאַך שאַכנע־וויטש. לויטן פאַרנעם פון זייערע געשעפטן זיינען זיי פון די גרעסטע אַרענדאַרן אין פּוילן אין דער צווייטער העלפט פון 15־טן יאָרהונדערט.

## אַ קערן פון אַ קהילה

דאָס איז אַ קאַרגער בליק אין דער ערשטער, יידישער הרוביעשאָוו מיט 500 יאָר צוריק. זי איז נאָך אָרעם אין צאָל, ווייל אין יאָר 1555 לעבן אין הרוביעשאָוו בסך־הכל 13 יידן אין 4 הייזער. אין 9 יאָר שפּעטער לעבן שוין 40 יידן אין 5 הייזער. זיי בילדן נאָך נישט קיין קהילה, אָבער זיי זיינען שוין אַ קערן פון אַ קהילה.

## די גלייכבאַרעכטיקונג פון יאָר 1578

1578. די שטאָט הרוביעשאָוו איז שוין אַלט 178 יאָר. מיט 138 יאָר צוריק איז דאָרט דערשינען דער ערשטער, היסטאָרישער ייד, ר׳ אליהו.

מיט 14 יאָר צוריק האָבן שוין אין הרוביעשאָוו געלעבט גאַנצע 4 מנינים יידן, און אין יאָר 1578 איז שוין זייער צאָל, מסתמא פיל גרעסער. די פּאָר צענדליק יידן קוקן מיט קנאה אויף די שטאָטישע קריסטן, וועלכע געניסן פון אַלע רעכט און זיי די יידן לעבן פון חסד.

און זיי הייבן אָן זיך משתדל צו זיין צו באַקומען גלייכבאַרעכטיקונג. העלפן, העלפט זיי צו דערביי דער סטאַראָסטע טענטשינסקי.

מעגלעך, אַז ער איז געווען אַן אוהב־ישראל און אפשר איז ער גאָר געווען פאַרבונדן געשעפטלעך מיט יידן.

לויט זיין השתדלות ערטיילט דער קעניג סטעפאַן באַטאָרי די הרוביעשאָווער יידן אין יאָר 1578 פולע גלייכבאַרעכטיקונג.

די גלייכבאַרעכטיקונג האָט אַריינגעבראַכט אַ שטיק רעוואָלוציע אין לעבן פון דעם הייפל הרוביעשאָווער יידן. זיי מעגן שוין אָפיציעל זיך עוסק זיין מיט יעדן מסחר און יעדער מלאכה, פּראָדוצירן און פאַרקויפן משקאות, בויען הייזער און געוועלבן, אויפשטעלן אַ שול און אַ דירה פאַרן רב און חזן, פריי פון מלוכהשע שטייערן. מיט איין וואָרט: פולע גלייכבאַרעכטיקונג.

## טיפּיש־יידישע פּרנסות

און ווידער חזרט זיך איבער די געשיכטע. מיר ווייסן ווייניק וועגן די פריידן און ליידן פון דער קליינער קהילת־קודש הרוביעשאָוו. וואָס האָט שוין ברוך־השם, אַ שול, אַ רב און אַ חזן, אָבער דערפאַר ווייסן מיר עטלעכע פּרטים וועגן זייערע טיפּיש־יידישע געשעפטן.

איין ייד — אברהם — פּראָדוצירט בראָנפן און דערפאַר צאָלט ער דער שטאָט 60 פּוילישע מאַרק אַ יאָר און איז מחויב צושטעלן אַן האַרמאַט אויף צו פאַרפעסטיקן די מויערן פון שטאָט.

צוויי יידן: משה שבתאיביץ און אברהם מאירוביץ אַרענ־דירן די גיטער פון כעלמער בישאָף און זיי האַלטן זיך אין איין פּראָצעסירן מיט אים. אַנדערע יידן אַרענדירן דעם שחיטה־אָפּצאָל, אָדער פאַרנעמען זיך מיט קצבות. אַלץ טיפּיש־יידישע פּרנסות.

## די גרויזאַמע שחיטה אין יאָר 1648

און אַזוי ציט זיך דאָס לעבן און שאַפן פו דער קליינער, יידישער קהילה הרוביעשאָוו יאָרן נאָך יאָרן. אַ דור נאָך אַ דור וועבט זיך איין אין אָרטיקן לעבן מיט זיינע ליכט און שאָטנס, ביז יענעם גרויזאַמען טאָג אין יאָר 1648, ווען באָגדאַן כמיעלניצקיס מערדער האָבן אויסגעקוילעט, כמעט, די גאַנצע, יידישע קהילה אין הרוביעשאָוו.

וואָרשיינלעך, האָבן הרוביעשאָווער יידן אויך אין די פריערדיקע יאָרן נישט געלעקט קיין האָניג. אין די יאָרן 1498, 1500, 1502, 1523, 1526 האָבן זיי אַ שיין ביסל געליטן פון די טאַטאַרן־אָנפאַלן, וועלכע האָבן זיך נישט אויסגעצייכנט מיט קיין ספּעציעלן הומאַניזם, אָבער צו כמיעלניצקעס „אַקציע" איז עס נישט צו פאַרגלייכן.

דער געשיכטע שרייבער ר׳ שמואל פייוויש אין זיין ספר „טיט היון" דערציילט, אַז נאָר אַ קליין הייפל הרוביעשאָווער האָט זיך געראַטע־וועט אין לובלין און זיי האָבן, מסתמא, אין אַ פּאָר יאָר אַרום ווידער־אויפגעבויט די יידישע קהילה הרוביעשאָוו און איר געבראַכט צו אַן אָרגאַניזאַציאָנעלן און קולטורעלן אויפבלי.

אַן עדות די ישיבה אונטער דער הנהלה פון הרב ר׳ יצחק חריף, וועלכע איז דאַן געגרינדעט געוואָרן און די פערזענלעכקייט פון הרב ר׳ חיים הלוי הורביץ, וועלכער זיצט אין יענע יאָרן אויפן הרוביע־שאָווער כסא־הרבנות.

דאָס איז ווידער אַן אַנדער הרוביעשאָוו, נישט ענלעך צו דער פריערדיקער און אודאי נישט צו דער שפּעטערדיקער.

## אויפן שוועל פון 18־טן יאָרהונדערט

18־טער יאָרהונדערט. פאַר הרוביעשאָווער יידן איז עס געווען אַ יאָר־הונדערט פון צרות. אין מיטן דערינען, אין יאָר 1736, אין אַ שיינעם פרימאָרגן, אַ שריפה. און מיטן רויך גייט אַוועק יידיש האָב און גוטס: 27 יידישע הייזער, די שול און דער מרחץ.

אויך די מלחמות, וואָס פּוילן האָט געפירט מיט שוועדן און רוסלאַנד זיינען נישט געווען קיין קלענערע שריפות. זיי זיינען: נויט, עלנט, דחקות

